יצחק קאַצענעלסאָן

# יידישע געטאָ־כּתבֿים

וואַרשע 1940 – 1943

אַרויסגעגעבן לויט אָפּגעראַטעוועטע כּתבֿ־ידן
מיט אַרײַנפֿירן און דערקלערונגען פֿון

יחיאל שיינטוך

בית לוחמי הגיטאות און הוצאת הקיבוץ המאוחד
תשמ״ד – 1984

# הקדמה

38 יאָר נאָך דעם ווי יצחק קאַצענעלסאָנס באַגראָבענע שריפֿטן זײַנען געפֿונען געוואָרן האָבן די אַרויסגעבער און דער רעדאַקטאָר פֿון דער אויסגאַבע זיך פֿאַרמאָסטן צו ברענגען פֿאַרן הײַנטיקן ייִדישן לייענער אַן ערשטע און פֿולע אויסגאַבע פֿון די ייִדישע שריפֿטן וואָס יצחק קאַצענעלסאָן האָט געשאַפֿן אין דער אָקופּירטער וואַרשע און אין וואַרשעווער געטאָ, פֿון דאָס נײַ דעשיפֿרירט לויט די פֿאַרבליבענע כּתבֿ־ידן.

די איצטיקע אויסגאַבע פֿון י. ק׳ס לעצטע כּתבֿים פֿון וואַרשע אַנטהאַלט אַ גרויסע צאָל נײַע דעשיפֿרירטע טעקסטן וואָס זײַנען ביז איצט נישט דערשינען אין דרוק, נישט אין ייִדיש און נישט אין קיין העברעיִשער איבערזעצונג: י. ק׳ס תּנ״ך־איבערזעצונגען אויף ייִדיש און זײַן ״עפּענונג צו אַ תּנ״ך־אָוונט״, זײַן דראַמאַטישער מאָנאָלאָג ״האַנדל״ און די דראַמע ״איובֿ״, ווי אויך פֿראַגמענטן פֿון י. ק׳ס וואַרשעווער כראָניק און אַנדערע שאַפֿונגען, דערשײַנען דאָ צום ערשטן מאָל, און געדרוקט אין אַ כראָנאָלאָגישן סדר. לעצטנס איז די דראַמע ״איובֿ״ אויך דערשינען אין וואַרשע, אויף ייִדיש, געדרוקט אין **בלעטער פֿאַר געשיכטע**, באַנד **XX**, אין יאָר 1981, און צו אונדז דערגאַנגען ערשט סוף 1982. אויך די דראַמע ״על נהרות בבֿל״, און די פֿ ו ל ע טעקסטן פֿון ״דאָס ליד וועגן שלמה זשעליכאָווסקי״ און פֿון דער פּאָעמע ״דאָס ליד וועגן ראַדזינער״, ווי אויך די פּאָעמע ״42 – 14/8 דער טאָג פֿון מײַן גרויסן אומגליק״, זענען פֿון דאָס נײַ דעשיפֿרירט געוואָרן לויט די אָריגינעלע כּתבֿ־ידן. זיי ווערן דאָ געדרוקט מיט וועזנטלעכע צוגאָבן ווי אויך מיט פֿיל אויסבעסערונגען און תּיקונים. דער באַנד פֿון י. ק׳ס ייִדישע שריפֿטן וועט אַזוי אַרום דערמעגלעכן אַ פֿולן אָפּשאַץ פֿון יצחק קאַצענעלסאָנס אָרט אין דער ייִדישער ליטעראַטור בכלל און אין דער ליטעראַטור פֿון דער אומקום־תּקופֿה בפֿרט, אויפֿן סמך פֿון אַלע זײַנע שריפֿטן פֿון וואַרשע און פֿון דעם אַנאַליז פֿון דער אַנטוויקלונג אין זײַן שאַפֿן כראָנאָלאָגיש אויסגעשטעלט.

מיר ווילן האָפֿן אַז אָט די אויסגאַבע פֿון י. ק׳ס שריפֿטן פֿון וואַרשע וועט זײַן אַן ערשטער שריט אין דער ריכטונג פֿון אָפּדרוקן כּסדר די מקורים פֿאַר דער קולטור־געשיכטע פֿון די ייִדן אין געטאָס און לאַגערן. די איצטיקע אויסגאַבע וואָלט נישט געווען מעגלעך אַרויסצוגעבן, אָן דער אָפּגעטאָנענער זאַמל־ און פֿאָרשאַרבעט ביז איצט, אַרום י.ק׳ס שאַפֿן, אין בית לוחמי הגיטאות במשך פֿון איבער דרײַ צענדליק יאָר.

אין דער אויסגאַבע ווערן באַגלייט י.ק׳ס טעקסטן מיט קורצע אַרײַנפֿירן וואָס באַלײַכטן די טעקסטאָלאָגישע און ביבליאָגראַפֿישע פּראָבלעמען בײַ יעדער שאַפֿונג באַזונדער, און באַגרינדן די פּאָזיציע פֿון יעדן טעקסט פֿאַר זיך, אין דעם אַלגעמיינעם כראָנאָלאָגישן סדר.

אין לעצטן טייל פֿון דער אויסגאַבע ווערן געבראַכט קורצע צוהאַנגען צו די אַרײַנפֿירן, ווו עס ווערן באַהאַנדלט פּרטימדיקער אַזוינע טעקסטאָלאָגישע פּראָבלעמען וואָס באַלײַכטן פֿאַרשיידענע סטאַדיעס אין י.ק׳ס שאַפֿונגס־פּראָצעס. אין די צוהאַנגען ווערן אויך געבראַכט אַ ייִדישע איבערזעצונג פֿון י. ק׳ס אַ העברעיִשן טעקסט — דאָס וואָרט געהאַלטן בעת דער לערער־מסיבה אין דער ערשטער סדר־נאַכט פֿון יאָר תּש״ב, ווי אויך אַ גלאָסאַר פֿאַר געקליבענע ווערטער, היסטאָרישע ענינים און נעמען וואָס ווערן דערמאָנט אין י. ק׳ס טעקסטן.

אין אַלגעמיינעם אַרײַנפֿיר בראָש פֿון דער אויסגאַבע ווערט באַהאַנדלט דער היסטאָרישער קאָנטעקסט פֿון י.ק׳ס שאַפֿן אין וואַרשעווער געטאָ, און עס ווערן דערקלערט די פֿאַרבינדונגען צווישן זײַן שאַפֿן און אַנדערע קולטור־געשיכטלעכע אַספּעקטן פֿון ייִדישער שעפֿערישקייט בעתן אומקום.

די איצטיקע אויסגאַבע איז אַן ערשטער שריט אין דער ריכטונג פֿון אַ נײַער און פֿולערער אינטערפּרעטאַציע פֿון יצחק קאַצענעלסאָנס שאַפֿן בעתן אומקום. דער צווייטער שריט וועט זײַן אַ פֿולע אויסגאַבע פֿון יצחק קאַצענעלסאָנס ווערק, געשריבן אין וויטעל (אין די יאָרן 1943 – 1944) (אַרײַנגערעכנט

אַ פֿאַרגלײַך פֿון אַלע זעקס ווערסיעס פֿון זײַן "דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק").

דער גרעסטער טייל טעקסטן דאָ געדרוקט, איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן צוזאַמען מיטן אַרכיוו פֿון דער "דרור"־באַוועגונג אין וואַרשע. אייניקע טעקסטן האָבן זיך אָפּגעהיט אין עמנואל רינגעלבלום־אַרכיוו ("עונג־שבת") וואָס געפֿינט זיך איצט אין ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע. מיר דאַנקען האַרציק דעם ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע פֿאַרן צושיקן קאָפּיעס און פֿאָטאָסטאַטן פֿון י.ק׳ס מאַנוסקריפּטן און שאַפֿונגען פֿאַר דער איצטיקער אויסגאַבע.

אַ גרויסער טייל פֿון י.ק׳ס שריפֿטן פֿון וואַרשע האָט זיך אָפּגעהיט און צו אונדז דערגאַנגען, דאָך זענען גאַנצע שאַפֿונגען און טיילן פֿון שאַפֿונגען פֿאַרלאָרן געגאַנגען. יצחק קאַצענעלסאָנס שריפֿטן, ביזן גרויסן **גירוש** (יולי 1942) זײַנען באַהאַלטן געוואָרן דורך זײַנע פֿרײַנד פֿון דער "דרור"־באַוועגונג אין דרײַ ערטער.

(א) באַגראָבן אין אַ בלעך אויפֿן שטח פֿון קיבוץ־הכשרה פֿון "החלוץ", אין גראָכאָוו, לעבן עסצימער. נאָכן **באַפֿרײַען** וואַרשע אין יאַר 1945, איז די בלעך אַוועקגענומען געוואָרן פֿון איר באַהעלטעניש, דורך **סאָוויעטישע** זעלנער. די כּתבֿים זײַנען, לויט דעם עדות־זאָגן פֿון שומר אין גראָכאָוו, געווען אין אַ זייער **שלעכטן** צושטאַנד.

(ב) באַגראָבן אין הויף פֿון דער געטאָ־פּאָסט (שפּעטער דער זיצפּלאַץ פֿון ייִדנראַט), אויף זאַמענהאָף 19. די כּתבֿים זײַנען באַהאַלטן געוואָרן אין פֿלעשער פֿון י. ק׳ס ברודער, בערל קאַצענעלסאָן. ביז הײַנט האָט מען **דאָרט** נישט געזוכט ווײַל ס׳פֿעלן ידיעות וועגן עקזאַקטן אָרט ווו די כּתבֿים זײַנען באַגראָבן געוואָרן.

(ג) באַגראָבן אין קעלער אויף דזיעלנאַ 34, דעם 20טן יולי 1942 (צווייטע טאָג פֿאַרן גרויסן גירוש) דורך מרדכי טענענבוים־תּמרוף, אין דעם קאָמונע פֿון "דרור" אין וואַרשעווער געטאָ, צוזאַמען מיטן "דרור"־**אַרכיוו**. פֿרילינג 1945 איז די גניזה אָפּגעזוכט געוואָרן, און אין אַפּריל 1947 איז זי איבערגעפֿירט געוואָרן קיין ארץ־ ישׂראל און ווערט ביז הײַנט אָפּגעהיט אין בית לוחמי הגיטאות. דער גרעסטער טייל פֿון די דאָ געדרוקטע טעקסטן שטאַמט פֿון אָט דער גניזה.

אַ טייל פֿון די שאַפֿונגען וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין דער צײַט וואָס צווישן סוף פֿון גרויסן גירוש (12טן סעפּטעמבער 1942) און דעם אָנהייב פֿון ערשטן אויפֿשטאַנד (18טן יאַנואַר 1943), איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם עמנואל רינגעלבלום־אַרכיוו, אויף נאָוואָליפּיע 68. די אָ מאַנוסקריפּטן געפֿינען זיך ביז הײַנט אין ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט, אין וואַרשע.

ביז הײַנט איז נישט באַוווּסט ווו זענען באַהאַלטן געוואָרן י. ק׳ס שאַפֿונגען פֿון דער צײַט וואָס צווישן 18טן **יאַנואַר** 1943 (דער ערשטער אויפֿשטאַנד) און דעם 19 טן אַפּריל 1943 (דער גרויסער אויפֿשטאַנד).

אין פֿאַרבינדונג מיטן כראָנאָלאָגישן סדר פֿון י.ק׳ס ווערק ברענגען מיר דאָ ווײַטער אַ הערה וועגן אַ מיגלעכן טעות. דער מיגלעכער טעות איז ערשט קלאָר געוואָרן לעצטנס, בעת דער באַנד איז שוין געווען אין דרוק, נאָכן דערשײַנען פֿון די ערשטע צוויי בענדער פֿון דער אונטערערדישער פּרעסע אין וואַרשע, אין אַ העברעיִשער איבערזעצונג, רעדאַגירט און דערקלערט פֿון ד״ר יוסף קערמיש מיט דער מיטהילף פֿון ישׂראל **ביאַלאָסטאָצקי**:

אָנהייבנדיק פֿון נחמן בלומענטאַלס ביבליאָגראַפֿישער רשימה (זע: **בלומענטאַל** (1951), און אין די לעצטע צוויי אויסגאַבעס פֿון **כתבים אחרונים** (תשט״ז — 1956, ז׳ 444 און תשכ״ט, ז׳ 364), ביז דער בשותּפֿותדיקער פּובליקאַציע פֿון יד־ושם און ייִוואָ: **ביבליאָגראַפֿיע פֿון אַרטיקלען וועגן חורבן און גבֿורה אין ייִדישער פּעריאָדיק**, ניו־יאָרק 1966, זז׳ 173 — 174, ווי אויך אין אונדזער אויסגאַבע, וואָס שטיצט זיך אויף די אויבן דערמאָנטע ביבליאָגראַפֿיעס — ווערן אָנגעגעבן די זעלבע דאַטעס וועגן די דרײַ שאַפֿונגען: "קאַרמעליצקאַ", "צום 105טן געבורטסטאָג פֿון מנדלי מוכר ספרים", און "ווען דער טײַוול איז גערעכט".

אַנטקעגן זיי אַלע קומט די עדיציע פֿון ד״ר י. קערמיש און שטעלט אויס אַנדערש דעם אינהאַלט פֿון די

נומערן פֿיר און פֿינף פֿון **דרור**, ווו די דרײַ שאַפֿונגען זײַנען דערשינען, און בײַט זייערע דאַטעס.

די סיבה פֿאַרן פלאָנטער מיטן אינהאַלט פֿון אָט די נומערן פֿון **דרור** און מיט די דאַטעס פֿון י.ק׳ס דרײַ שאַפֿונגען שטעקט ווײַזט אויס אין דעם וואָס די אָריגינאַלן פֿון געוויסע נומערן פֿון **דרור** זײַנען דערגאַנגען צו אונדז אין אַ שלעכטן צושטאַנד נאָכן ליגן יאָרן אין דער ערד, אָדער זענען בכלל קיין גאַנצע צו אונדז נישט דערגאַנגען. טייל מאָל איז אוממעגלעך זיך סומך צו זײַן אַפֿילו אויף די אַרכיוו־מאַטעריאַלן, וועלכע זענען אַליין געטאַשט און סאָריטירט געוואָרן עטלעכע מאָל. מיר זענען נוטה אָנצונעמען די ביבליאָגראַפֿישע פרטים פֿון דער קערמיש־עדיציע און מיר האַלטן איצט די אָנגעגעבענע פרטים אין דער יד־ושם ביבליאָגראַפֿיע, אין די **כתבים-אחרונים** און אין בלומענטאַלס רשימה, ווי אויך אין דעם באַנד, פֿאַר אַ טעות.

אין ליכט פֿון די אויבן דערמאָנטע דערקלערונגען, איז דער תּיקון־טעות אַזאַ: ״ווען דער טײַוול איז גערעכט״ איז דערשינען אין ״דרור״, נומ׳ 4, תשרי ת״ש, אין אָקטאָבער 1940, און נישט מיט עטלעכע חדשים שפּעטער, אין יאַנואַר־פֿעברואַר 1941. דערקעגן ״קאַרמעליצקאַ״ און ״צום 105 טן געבורטסטאָג פֿון מנדלי מוכר ספֿרים״, זײַנען דערשינען אין ״דרור״ נומ׳ 5 (9) טבת־שבט תש״א, פֿון יאַנואַר־פֿעברואַר 1941 און נישט מיט עטלעכע חדשים פֿריִער, אין אָקטאָבער 1940.

לסוף וויל איך אויסדריקן מײַן דאַנק די אַלע וועלכע האָבן, מיט זייערע באַמערקונגען און וויסן, געהאָלפֿן בעת דער אַרבעט איבער דער אויסגאַבע. קודם־כּל קומט אַ דאַנק פּראָפֿעסאָר חנא שמערוקן פֿאַר באַקענען מיר אין זײַנע לעקציעס מיט די פּראָבלעמען פֿון אָט דעם פֿאָרשגעביט – די ייִדישע ליטעראַטור געשאַפֿן אין געטאָס און לאַגערן – און פֿאַר זײַנע ווערטפֿולע אָנווײַזונגען צום גלאָסאַר און צו דער ערשטער ווערסיע פֿון מײַן אַלגעמיינעם אַרײַנפֿיר אין דעם באַנד. אַ באַזונדערן גאָר האַרציקן דאַנק צבֿי שנערן, וועלכער האָט מיר פֿאַרלאָפֿן די וועגן, און האָט באַגלייט די אַרבעט מיט אַ חבֿרישער גוטמוטיקער און נוצלעכער קריטיק; האָט געלייענט דעם כּתבֿ־יד און אַרויסגעהאָלפֿן מיט אומצאָליקע אָנווײַזונגען, אויפֿקלערונגען און דאָקומענטן. אָן זײַן עקשנות און דערמוטיקונג וואָלט דער באַנד נישט געקענט דערשײַנען. אַ דאַנק ד״ר חווה טורניאַנסקין פֿאַר די אָנווײַזונגען וועגן באַנוץ און באַטײַט פֿון אויסדרוקן און ווערטער אין י.ק׳ס. וואָקאַבולאַר. אַ דאַנק קומט ד״ר ישעיה טרונקן ז״ל, וועלכער האָט איבערלייענענדיק דעם כּתבֿ־יד, זאָרגפֿול אָנגעוויזן אויף ענינים און שטעלן וואָס פֿאָדערן נאָך אַ מאָל צו ווערן קאָנטראָלירט צי פֿאָרמולירט.

אַ באַזונדער דאַנק קומט דעם ד״ר שמואל און רבֿקה הורבֿיץ ליטעראַטור־פֿאָנד, בײַ דער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפֿט אין ירושלים, פֿאַר דער סובווענץ וואָס דער פֿאָנד האָט באַשטימט פֿאַרן אָפּדרוקן דעם אַלגעמיינעם אַרײַנפֿיר צו דער אויסגאַבע, און דעם ליידי־דייוויס פֿאָנד אין ירושלים פֿאַרן דערמעגלעכן צוצוגרייטן דעם ייִדישן נוסח פֿון אַלגעמיינעם אַרײַנפֿיר, בעת מײַן זײַן אין ייִוואָ (ניו־יאָרק), במשך פֿון לערניאָר 1979/80.

לסוף אַן אויפֿריכטיקן יישר־כּוח צבֿי אײַזנמאַנען, ראובֿן יציבֿן און עזרא להדן פֿאַר איבערלייענען די ערשטע די צווייטע און די דריטע קאָרעקטור. זיי, צוזאַמען מיט אַלע מיטאַרבעטער פֿון בית לוחמי הגיטאות, מײַן טיפֿסטן דאַנק פֿאַר נאָכקומען אַלע מײַנע בקשות און פֿאַר זייער ממשותדיקער הילף.

און אחרון אחרון חבֿיבֿ – אַ דאַנק אלי גלעדן, פֿון הוצאת הקיבוץ המאוחד, פֿאַר זײַן מי אָנצוטאָן אַ צורה דעם אינהאַלט, און פֿאַר זײַן אײַנזען פֿאַרן טיפּאָגראַפֿישן אויסזען פֿון בוך.

יצחק צוקערמאַן ז״ל, איז געווען דער איניציאַטאָר פֿונעם פּלאַן אַרויסצוגעבן יצחק קאַצענעלסאָנס ייִדישע שריפֿטן. במשך פֿון די לעצטע יאָרן האָט ער אַקטיוו באַגלייט די אַרבעט אַרום פּראָיעקט און געווירקט דעצידירנדיק אויף דעם ענדגילטיקן כּאַראַקטער און פֿאַרנעם פֿון דער אויסגאַבע. זאָלן זײַנע און די באַמיִונגען פֿון בית לוחמי הגיטאות וואָס ער האָט געגרינדעט און אָנגעפֿירט, פֿאַרגעדענקט ווערן מיט דאַנקבאַרקייט.

# אינהאַלט

## יצחק קאַצענעלסאָנס ליטעראַרישע שריפֿטן פֿון וואַרשע אין זייער היסטאָרישן קאָנטעקסט – פֿון יחיאל שיינטוך



## יצחק קאַצענעלסאָנס שריפֿטן פֿון וואַרשע

## רשימה פֿון די אילוסטראַציעס און בילדער

# יצחק קאַצענעלסאָנס ליטעראַרישע שריפֿטן פֿון וואַרשע אין זייער היסטאָרישן קאָנטעקסט

## הקדמה

די ייִדישע ליטעראַטור אונטער דער נאַצי־הערשאַפֿט אין מזרח־אייראָפּע, איז אַ ליטעראַטור פֿאַרבונדן מיט אַ היסטאָרישן קאָנטעקסט, סײַ אַן אַלגעמיינעם און סײַ אַ פּערזענלעכן־אויטאָביאָגראַפֿישן. דאָס איז בפֿרט אַזוי אין פֿאַרבינדונג מיט יצחק קאַצענעלסאָנס ווערק געשריבן אין וואַרשעווער געטאָ און אין וויטעל־לאַגער, סײַ וואָס שייך צו דער געשיכטע פֿון די ייִדן אין וואַרשע בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה און סײַ וואָס שייך צו דער ביאָגראַפֿיע פֿון שרײַבער. אין וואַרשעווער געטאָ האָט י.ק. געשריבן דער עיקר ייִדיש, אין וויטעל האָט ער געשריבן מערסטנס העברעיִש. דאָס איז ווײַט נישט קיין צופֿאַל, אַזאַ פֿונקציאָנאַלער באַנוץ מיט זײַנע שרײַבשפּראַכן איז אַ באַווײַז פֿאַר דער עקזיסטענץ פֿון אַ היסטאָרישער דימענסיע אין זײַן שרײַבערישן באַוווסטזײַן, וועלכע ווערט די פֿאָן פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון זײַן פֿאַרצווײַגטן שאַפֿן אין די מלחמה־יאָרן.

יצחק קאַצענעלסאָן, אַ געבוירענער אין יאָר 1886, איז געווען דורכויס אַ צוויי־שפּראַכיקער שרײַבער און אַ פֿאַרדינסטפֿולער אויפֿטוער אויף די געביטן פֿון ייִדישער דערציִונג און אין לאָדזשער געזעלשאַפֿטלעכן און קולטור־לעבן. זײַן ליטעראַרישן וועג אויף העברעיִש און אויף ייִדיש האָט ער אָנגעהויבן נאָך בײַם סאַמע אָנהייב פֿון XX יאָרהונדערט. אין דער צײַט פֿון מלחמה־אויסבראָך איז ער געווען אַרום 53 יאָר און הינטער אים זײַנען געווען 40 יאָר ליטעראַרישע טעטיקייט. נישט ווי אַ סך אַנדערע און וויכטיקע שרײַבער בעתן אומקום, וועלכע זײַנען געווען בעת דער מלחמה אין אָנהייב פֿון זייער ליטעראַרישן וועג און וועמענס גײַסטיקע ביאָגראַפֿיע איז געווען, איבער זייער יונגן עלטער, נאָך רעלאַטיוו קורץ – ווי למשל ישעיהו שפּיגל (געבוירן 1906) און אַבֿרהם סוצקעווער (געבוירן 1913) – האָט יצחק קאַצענעלסאָן זיך באַדאַרפֿט פֿאַרמעסטן מיט אַ גײַסטיקער ייִדישער און ליטעראַרישער ירושה וואָס איז געפֿרווט געוואָרן מיט דער שרעקלעכסטער פֿון אַלע פּרוּוונגען וואָס דאָס ייִדישע פֿאָלק האָט געקענט אין זײַן לאַנגער געשיכטע. דער פֿאַרמעסט איז געלעגן אין יצחק קאַצענעלסאָנס פֿעיִקייט צו דערגיין, אין אָנבליק פֿון גרעסטן ייִדישן חורבן אין אומקום, צו אַ באַזינונג פֿון מענטשלעכע לעבנס אויף דער ערד און זײַן גלײַכצײַטיק מסוגל עס צו פֿאַרמולירן מיט ווערטער. באַקעמפֿן דעם שווײַגן און באַזיגן די אומזאָגבאַרקייט און אייגענע פֿאַרשטומטקייט, דאָס ווערט בעת די אומקום־יאָרן דער אמתער פֿאַרמעסט פֿון אַ שרײַבער, אַ פֿאַרמעסט וואָס ווערט אַלץ שאַרפֿער מיט יעדן פֿאָרשריט וואָס די נאַציש מאַסן־פֿאַרניכטונג מאַכט. אַרום צוויי וואָכן פֿאַרן גרויסן גירוש אין וואַרשע דריקט זיך י.ק. וועגן דעם אויס אַזוי, אין זײַן "דאָס ליד וועגן ראַדזינער":

"אָ הייליקער רבי, שטייסט רויִק און וואַכסט<br>
דו ביסט דאָך ניט רויִק! דו מאַכסט זיך נאַר, מאַכסט<br>
אַזוי ווי וואָלטסט געווען רויִק ביז גאָר<br>
און זיכער... דו ביסט דאָך ניט זיכער, ניט וואָר!<br>
און יונג ביסטו אויך ניט, און שטאַרק שוין ניט אויך

דו הייבסט דײַנע אויגן, די הענט אין דער הויך –
דו גלייבסט נאָך... צו וועמען, זאָג, הייבסטו די הענט?
פֿאַרברעך זיי אין צער און פּאַטש אויף די לענד!
רײַס פֿון פֿאַרצווייפֿלונג די האָר זיך פֿון קאָפּ,
לאָז דײַנע אויגן, די פֿײַכטע אַראָפּ...
אָ, גלייביקער רבי, דו גלייבסט דאָך ניט מער!
ווײַז ניט דעם הימל דײַן זודיקע טרער...
ניט עפֿן פֿאַר אים דײַן צעווייטאָגטן האַרץ –
און ווײַז ניט אַנשטאָט טיף דײַן גלויבן, דײַן שמאַרץ
זײַ מער ניט מתפּלל... אין שווײַגן פֿאַרשטום –
אָ, פֿרומער ראַדזינער, דו ביסט דאָך ניט פֿרום!
דו האָסט אים, דעם אייבערשטן דײַנעם, נאָר ליב,
פֿאַרגיב אין דײַן גוטסקייט, פֿאַרגיב אים פֿאַרגיב!...
ער קוקט זיך צום אומקום פֿון פֿאָלק זײַנעם צו –
און איז אומבאַהאָלפֿן און מאַכטלאָז ווי דו...

[פֿון: דאָס ליד וועגן ראַדזינער, געזאַנג א׳, י״ד]
(אונטערגעשטראָכן – י״ש)

די צײַט־ און אָרט־אומשטאַנדן זײַנען גורם געווען אַז י.ק׳ס ווערק געשריבן אין די מלחמה־יאָרן, זאָלן דערשײַנען אין דרוק ביסלעכווײַז און אין אַ פֿאַרקערטן כראָנאָלאָגישן סדר. מיט דעם אַליין איז באַגאַנגען געוואָרן אַ טאָפּלטע עוולה קעגן י.ק׳ס שאַפֿן. ראשית, דער וועלכער האָט זיך באַקענט מיט זײַנע ווערק, איז איבער דעם פֿאַרפֿירט געוואָרן, אומשולדיקערהייט, צו באַטראַכטן די פֿריִערע ווערק לויט זײַן באַקאַנטשאַפֿט מיט די לעצטע. צווייטנס, דווקא ווײַל טיילן פֿון זײַן שאַפֿן זײַנען אַזוי אַרום אַרויסגענומען געוואָרן פֿונעם היסטאָרישן סדר פֿון זײַן אַנטוויקלונג, איז דערפֿאַר זייער זין געוואָרן געפֿעלשט און זיי זײַנען געבליבן ווייניקער פֿאַרשטענדלעך. אַזוי איז למשל, געשען מיט י.ק׳ס באַוווסטער פּאָעמע ״דאָס ליד פֿון אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק״. די פּאָעמע איז געוואָרן נאָך דער מלחמה י.ק׳ס באַקאַנטסטע שאַפֿונג. זײַן נאָמען איז פֿאַרבונדן הײַנט צו טאָג אין באַוווסטזײַן פֿון דור, דער עיקר מיט אָט דער פּאָעמע וואָס איז געווען איינע פֿון זײַנע לעצטע שאַפֿונגען און די ערשטע וואָס איז געדרוקט געוואָרן נאָך דער מלחמה. עס איז אָבער אַ ספֿק אויב דער הײַנטיקער לייענער וועט איר רעכט אָפּשאַצן און פֿאַרשטיין נישט קענענדיק יצחק קאַצענעלסאָנס אַנדערע ווערק פֿון וואַרשעווער געטאָ און זייער היסטאָרישן קאָנטעקסט, ווי אויך י.ק׳ס העברעיִשע לידער פֿון פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אויך אין דער ערשטער אויסגאַבע פֿון י.ק׳ס לעצטע כּתבֿים זײַנען געדרוקט געוואָרן נאָר די סאַמע לעצטע ווערק זײַנע פֿון וויטעל־לאַגער אין פֿראַנקרײַך, און אין די ווײַטערע אויסגאַבעס זײַנען געדרוקט געוואָרן איבער הויפּט העברעיִשע איבערזעצונגען פֿון אַ טייל פֿון זײַנע ייִדישע שריפֿטן אין וואַרשעווער געטאָ.[1] דרײַ אויסגאַבעס פֿון יצחק קאַצענעלסאָנס לעצטע שריפֿטן זײַנען דערשינען ביז הײַנט, אַרויסגעגעבן פֿון פֿאַרלאַג הקיבוץ המאוחד און בית לוחמי הגיטאות. שוין אינעם צוזאַמענשטעל פֿון די ערשטע צוויי אויסגאַבעס ווערט אָפּגעשפּיגלט אַ ווילן פֿון די אַרויסגעבער צו דערנענטערן י.ק׳ס ייִדישע ליטעראַרישע ירושה צום העברעיִשן לייענער פֿון איין זײַט, און צו פֿאַרעפֿנטלעכן דעם ייִדישן מקור פֿון זײַנע ווערק פֿון דער צווייטער זײַט. די גרויסע צאָל ייִדישע טעקסטן צווינגט אָבער די אַרויסגעבער צו אַ פּשרה צווישןביידע לעגיטימע ווונטשן און

וואָס וויַיטער ווערט אַלץ קלאָרער די באַדערפֿעניש צו צעשיידן די אויסגאַבע פֿון די איבערגעזעצטע ווערק אויף העברעיִש צוזאַמען מיט די אָריגינעלע העברעיִשע טעקסטן פֿון אַן אויסגאַבע מיט י.ק׳ס יִידישע אָריגינעלע טעקסטן. אַזוי אַרום ווערן פֿון איין זײַט געדרוקט אין דער דריטער און לעצטער אויסגאַבע פֿון כתבים אחרונים, תשכ״ט, נאָר די העברעיִשע ווערק צוזאַמען מיט איבערזעצונגען פֿון יִידישע ווערק וואָס זײַנען אַרײַן אין דער צווייטער אויסגאַבע, מיט צוגאָבן. פֿון דער צווייטער זײַט ווערן געדרוקט באַזונדער אין סעפּאַראַטע אויסגאַבעס, איינצלנע יִידישע ווערק פֿון וואַרשעווער געטאָ. אין יאָר 1964 דערשײַנען "דאָס ליד וועגן ראַדזינער" און "דאָס ליד פֿון אויסגעהרגעטן יִידישן פֿאָלק" אין איין באַנד, און אין יאָר 1967 ווערט געדרוקט באַזונדער די דראַמע "על נהרות בבֿל."

נישט געקוקט אויף די ביז אַהעריקע אָנשטרענגונגען אָפּצודרוקן י.ק׳ס ליטעראַרישע ירושה, זײַנען נאָך אַלץ געבליבן אַ סך פֿון זײַנע יִידישע ווערק, דער עיקר פֿון וואַרשעווער געטאָ, נישט געדרוקט. אַנדערע טעקסטן אַפֿילו ווען געדרוקט אין פֿאַרשיידענע ערטער, ווערן געבראַכט אין אַ פֿאַרגרײַזטער פֿאָרם. אין אונדזער אויסגאַבע פֿון י.ק׳ס לעצטע שריפֿטן ווערן פֿאַרעפֿנטלעכט אָן אויסנאַם אַלע טעקסטן פֿון דער וואַרשעווער תּקופֿה אין י.ק׳ס שאַפֿן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, און ווערן פֿון דאָס נײַ דעשיפֿרירט. אַ סך פֿון די טעקסטן ווערן דאָ געדרוקט צום ערשטן מאָל אין יִידישן אָריגינאַל צי בכלל. די סאַמע גרעסטע מערהייט פֿון י.ק׳ס שריפֿטן אין וואַרשע אונטערן נאַצי־רעזשים איז געשאַפֿן געוואָרן אויף יִידיש, ביז איצט איז געווען אָבער אוממעגלעך אָפּצושאַצן אַקוראַט י.ק׳ס אויפֿטו, ווײַל ס׳האָט געפֿעלט דאָס גאַנצע בילד פֿון דער אַנטוויקלונג אין זײַן שאַפֿן בעתן חורבן. עס זײַנען פֿאַראַן אַ פּאָר סיבות וואָס האָבן ביז איצט נישט דערמעגלעכט דאָס אַרויסגעבן אַ פֿולע אויסגאַבע פֿון י.ק׳ס וואַרשעווער שריפֿטן, די צוויי וויכטיקסטע צווישן זיי זײַנען: דער שלעכטער צושטאַנד פֿון אַ טייל אָפּגעראַטעוועטע כּתבֿ־ידן פֿון וואַרשעווער געטאָ[2] און דער פֿאַקט וואָס טייל מאַנוסקריפּטן געפֿינען זיך אין יִידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע ווי אויך בײַ פּריוואַטע פּערזאָנען.[3]

עס איז פֿאַראַן דערפֿאַר אַ פֿאָרבאַדינג פֿאַר יעדן פּרוּוו אָפּצושאַצן י.ק׳ס באַוווּסטע שאַפֿונגען, און דאָס איז – דורכצולערנען פֿריִער זײַנע ווייניקער באַקאַנטע שריפֿטן אין די ראַמען פֿון אַ דורכקוק פֿון דער אַנטוויקלונג אין זײַן גאַנצן ליטעראַרישן שאַפֿן, לויט אַ כראָנאָלאָגישן סדר. דאָס איז אָבער אויך נישט גענוג, י.ק׳ס שאַפֿן דאַרף אויך באַטראַכט ווערן אויפֿן פֿאָן פֿון דער אָקופּירטער וואַרשע און דער געטאָ־תּקופֿה אין ליכט פֿון די היסטאָרישע אומוואַנדלונגען – אָנהייבנדיק פֿון דער אָקופּאַציע פֿון י.ק׳ס שטאָט, לאָדזש, און פֿון וואַרשע אין 1939 ביזן גרויסן אויפֿשטאַנד פֿון דער יִידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע – דעם 19טן אַפּריל 1943. עס דאַרף אויך פֿעסטגעשטעלט ווערן יצחק קאַצענעלסאָנס געזעלשאַפֿטלעכער אָרט אין געטאָ, די געביטן פֿון זײַן טעטיקייט אין די ראַמען פֿון קולטורעלן און געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, ווי אויך דער כאַראַקטער פֿון די קרײַזן אין וועלכע ער איז געווען אַקטיוו. ערשט דאַן, ווען מיר וועלן פֿאַרמאָגן די ביאָגראַפֿיש־היסטאָרישע אינפֿאָרמאַציע, וועט זיך דער ליטעראַרישער אַנאַליז פֿון זײַנע ווערק קענען אָנשפּאַרן אויף דער באַשרײַבונג פֿון דער אינטעראַקציע צווישן דער געטאָ־ווירקלעכקייט און י.ק׳ס רעאַקציע אויף איר.

אונדזער אַלגעמיינער אַרײַנפֿיר צו דעם באַנד פֿון י.ק׳ס וואַרשעווער שריפֿטן וועט זיך דערפֿאַר פֿאַרנעמען מיט אַוועקשטעלן יצחק קאַצענעלסאָנס לעבן און שאַפֿן, אין זייער היסטאָרישן קאָנטעקסט. דער ליטעראַרישער אַנאַליז פֿון די דאָ געבראַכטע ווערק וועט האָפֿנטלעך דערשײַנען אין אַ באַזונדער בוך צוזאַמען מיטן אַנאַליז פֿון י.ק׳ס העברעיִשע און יִידישע שריפֿטן פֿון לאַגער אין וויטעל. אַ באַזונדער באַנד מיט די וויטעל־שריפֿטן ווערט פּלאַנירט געדרוקט צו ווערן ווי אַ צווייטער טייל פֿון אַן ענדגילטיקער אויסגאַבע פֿון י.ק׳ס לעצטע שריפֿטן. אין דעם טייל ווערט געבראַכט צו יעדן ווערק אַ קורצע הקדמה וווּ עס

ווערן דערקלערט פֿאַרשיידענע ביבליאָגראַפֿישע און וועזנטלעכע אַספּעקטן פֿון יעדער שאַפֿונג. בײַם סוף פֿון אונדזער אויסגאַבע קומען אויך אַ ריי צוהאַנגען וואָס באַהאַנדלען לעקסיקאַלישע, טעקסטאָלאָגישע און שפּראַכלעכע אַספּעקטן פֿון טעקסט.

אין פֿאַרגלײַך מיט די געטאָס פֿון ווילנע און פֿון לאָדזש איז די וואַרשעווער געטאָ אַנדערש ווי זיי מכּמה־וכמה בחינות: סײַ פֿון שטאַנדפּונקט פֿון די שטאַפּלען אין פּראָצעס פֿון דער מאַסן־פֿאַרניכטונג וועלכן די דײַטשן האָבן אײַנגעפֿירט פֿון אָנהייב אָן אין פֿאַרשיידענע פֿאָרמען, און סײַ פֿון שטאַנדפּונקט פֿון יִדישער וויסיקייט אין פֿאַרבינדונג מיט דעם. די וואַרשעווער געטאָ געפֿינט זיך היסטאָריש אין אַ צווישן־מצבֿ צווישן ביידע אַנדערע געטאָס. אין יעדע איינע פֿון די דרײַ וויכטיקע און גרעסערע געטאָס האָט געהערשט אַן אַנדער צושטאַנד, אין פֿאַרבינדונג מיט די צוויי אויבן דערמאָנטע בחינות, ווי אַ רעזולטאַט פֿון אַ ריי אָביעקטיווע היסטאָרישע פֿאַקטאָרן וואָס האָבן געווירקט אין לעבן און געוועלטיקט איבערן טויט פֿון די ייִדן.

די לאָדזשער געטאָ, צום בײַשפּיל, איז געווען פֿאַרמאַכט הערמעטיש און פֿאַרריגלט און אין איר האָט געהערשט איין פּערזאָן – דער פּרעזעס מרדכי חיים רומקאָווסקי. אין לאָדזשער געטאָ האָט נישט געבושעוועט דער נאַצי־טעראָר, ווי אין וואַרשע, במשך פֿון די געטאָ־יאָרן ביזן גירוש. די דײַטשישע אָנוועזנהייט איז אין איר געווען אַ מינימאַלע. לאָדזשער ייִדן זײַנען טאַקע געשטאָרבן פֿון קעלט, הונגער און קראַנקייטן  אין געטאָ, אָבער דער כּלל ווי אַזאַ איז געווען פּטור פֿון טאָג־טעגלעכן נאַצישן טעראָר ווי אין וואַרשע. נאָך מער, אין געטאָ אין וואַרשע זײַנען – אָנהייבנדיק פֿון סוף יאָר 1941 – אָנגעקומען אָן אויפֿהער ידיעות וועגן דעם וואָס ס׳געשעט מיט די ייִדן אין אייראָפּע בעת אין לאָדזשער געטאָ איז די איזאָלאַציע פֿון דער אַרומיקער וועלט געווען אויף אַזוי פֿיל אַ גרויסע אַז וועגן נישט קיין באַגלייבטע עדותשאַפֿטן וועגן דעם איז שווער צו גלייבן אַז ביז דער לאָדזשער געטאָ־ליקווידאַציע ממש, אין אויגוסט 1944, האָבן די לאָדזשער ייִדן נישט געוווּסט דעם אמתן באַטײַט פֿון די גירושים פֿון געטאָ – נישט אָנהייב 1942 און נישט אין יאָר 1944 פֿאַר דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע.[4]

ס׳איז אין דעם ענין ספּעציעל אינטערעסאַנט זיך צו באַקענען מיט די שטימונגען אין לאָדזש, ממש פֿאַר דער ליקווידאַציע פֿון געטאָ. יאַסני פֿירט אויס אין זײַן בוך: ״נאָך דעם ווי עס האָבן זיך נישט אײַנגעגעבן די לעצטע פּרוּוון צו באַקומען אַ קאָנטאַקט מיט אונטערערדישע קעמפֿער פֿון מחוצן געטאָ, און עס איז צו נישט געוואָרן יעדע האָפֿענונג צו שטעלן אַ באַוואָפֿנטן ווידערשטאַנד, האָט זיך צווישן די ריכטונגען און אין די פֿאַרטייען גופֿא, אָנגעהויבן אַ דיסקוסיע אַרום די פֿראַגן: לאָזן זיך אַרויספֿירן ׳קיין דײַטשלאַנד אויף אַרבעט׳, אָדער בלײַבן אין געטאָ דורך אויסבאַהאַלטן זיך ווו מע קען, כּדי צו דערוואַרטן די באַפֿרײַונג דורך דער רויטער אַרמיי, וואָס שטייט שוין בײַ וואַרשע. פֿון אַלע זכרונות, גבֿית־עדות און פֿון הילערס טאָגבוך, וואָס דערציילן וועגן די טראַגישע ראַנגלענישן אין לאָדזשער געטאָ אין לעצטן חודש פֿון זײַן עקזיסטענץ – ווערט קלאָר ווי ווײַט עס האָט דעמאָלט דערגרייכט דער דײַטשער קאַמופֿלאַזש. כּמעט קיינער אין געטאָ האָט דעמאָלט ניט געצווייפֿלט, אַז די דײַטשע מאַכט וויל די ייִדן ׳אַרויספֿירן אויף אַרבעט קיין דײַטשלאַנד׳״.[5]

גאָר אַנדערש האָבן זיך אַנטוויקלט די נאַצישע האַנדלונג און די רעאַקציע פֿון די ייִדן אין ווילנע, צוויי יאָר נאָכן אויסברוך פֿון דער מלחמה. אין ווילנער געטאָ איז אַרײַנגעפֿירט געוואָרן די פֿאַזע פֿון מאַסן־פֿאַרניכטונג גלײַך אין די ערשטע חדשים נאָכן אויסברוך פֿון דער מלחמה צווישן רוסלאַנד און דײַטשלאַנד. דאָס וואָס אין מערבֿ־פּוילן און אין וואַרשע איז אָפּגעטאָן געוואָרן מיט די ייִדן במשך פֿון אַ לענגערער צײַט פֿון נאַצי־רדיפֿות און פֿאַראָרדענונגען לענג־אויס פֿאַרשיידענע אין פֿאָרויס דורכגעטראַכטע עטאַפּן,[6] איז אין ווילנע דורכגעפֿירט געוואָרן אין אַ קאָנצענטרירטער פֿאָרם במשך פֿון אַ גאָר קורצער צײַט, אָן שהיות. עס איז דערפֿאַר קיין צופֿאַל נישט וואָס דער ערשטער רוף – נישט צו דערמעגלעכן די דײַטשן פֿירן ייִדן ווי שאָף צו

דער שחיטה – איז אַרויס פֿון ווילנע, אָנהייב יאַנואַר 1942.[7] נאָך דעם איז דער רוף פֿאַרשפּרייט געוואָרן אויפֿן שטח פֿון אָקופּירטן פּוילן דורך ספּעציעלע שליחים. פֿאָנאַר, דער פֿאַרניכטונגס אָרט פֿון די ווילנער ייִדן, איז שוין אין די ערשטע חדשים פֿון דער נאַצישער אָקופּאַציע פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סינאָנים פֿון ייִדן־מאַסן־אויסראָטונג (אויך פֿון נישט־ייִדן). צענדליקער טויזנטער ייִדן זײַנען דערשאָסן געוואָרן אויף פֿאָנאַר באַלד ווי די געטאָ איז אַנטשטאַנען. דערנאָך איז במשך פֿון אַ לענגערער תּקופֿה אָנגעגאַנגען אַ רעלאַטיוו רויִקער פּעריאָד, דער עיקר אין יאָר 1942. אין דער צײַט האָט זיך אין ווילנער געטאָ אַנטוויקלט אַן אינטענסיוו קולטור־לעבן, אין שאָטן פֿון פֿאָנאַר.

פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דער נאַצי־האַנדלונג און די ייִדישע רעאַקציעס אויף איר, געפֿינט זיך וואַרשע אין מיטן, צווישן לאָדזש און ווילנע. אין די שטעט איז אַ געטאָ אויפֿגעשטעלט געוואָרן געציילטע חדשים נאָכן נאַצי־אַריינמאַרש, אין וואַרשע אָבער איז מער ווי איין יאָר אַוועק ביז דער אָקופּאַנט האָט אַ געטאָ אויפֿגעשטעלט. במשך פֿון אַ יאָר צײַט, פֿאַרן געטאָ, זײַנען בהדרגה דורכגעפֿירט געוואָרן די פֿאַרשיידענע עטאַפּן פֿון נאַצישן אויסראָטונג־פּראָצעס: ייִדן זײַנען באַצייכנט געוואָרן מיט אַ ייִדישן סימן, זייער האָב און גוטס איז בײַ זיי צוגענומען געוואָרן און די ייִדישע באַפֿעלקערונג איז קאָנצענטרירט געוואָרן אויפֿן באַשטימטן שטח פֿאַרן געטאָ. נאָך דעם ווי די געטאָ איז פֿאַרמאַכט געוואָרן האָבן די דײַטשן פֿאָרגעזעצט זייערע רדיפֿות און נגישות אין געטאָ גופֿא במשך פֿון די יאָרן 1940, 1941 ביז מערץ 1942, ערבֿ דעם גרויסן גירוש אין זומער 1942. דאָס איז געווען אַ רעלאַטיוו "רויִקע" תּקופֿה אין וועלכער ס׳איז אָנגעגאַנגען אַן אינטענסיוו קולטור־לעבן וואָס האָט נאָך קיין אַנונג נישט געהאַט וועגן מאַסנמאָרד און נאַצישער טאָטאַלער ייִדן־אויסראָטונג. דערפֿאַר איז מעגלעך צו צעטיילן נאָר אין וואַרשע דאָס ייִדישע אינערלעכע לעבן אונטערן נאַצי־רעזשים, אויף צוויי טיילן: די תּקופֿה וואָס פֿאַרן אַרײַנדרינגען פֿון דער איבערצײַגונג וועגן מאַסן־אויסראָטונג אין די הערצער און מוחות פֿון די געטאָ־ייִדן, און די תּקופֿה וואָס נאָכן פֿאַרשטיין און באַנעמען די גרויליקע ממשותדיקייט פֿון די ידיעות וואָס זײַנען דערגאַנגען צו זיי, נאָכן געפּרוּווט וערן אַליין בעתן גרויסן גירוש.

דאָס געאָגראַפֿישע און היסטאָרישע אָרט וואָס וואַרשע האָט פֿאַרנומען אויף דער מאַפּע פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה, דער פֿאַקט וואָס אין דער שטאָט איז געווען קאָנצענטרירט דער גרעסטער ייִדישער קיבוץ צוזאַמען מיט אַרום 150,000 פּליטים, און די פֿאַרבינדונגען פֿון דער חלוצישער אונטערערד־באַוועגונג, פֿון דעם בונד און פֿון אַנדערע ייִדישע אָרגאַניזירטע גרופּן מיט אַנדערע געטאָס און אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס – די זײַנען די פֿאַקטאָרן וואָס דערמעגלעכן צו צעטיילן דאָס לעבן אין געטאָ אויף צוויי תּקופֿות וואָס דעקן זיך נישט דווקא מיט דער פּשוטערער צעטיילונג: פֿאַרן און נאָכן גרויסן גירוש אין וואַרשע. פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דעם ייִדישן באַוווּסטזײַן, איז די לעצטע צעטיילונג אַן אומפּינקטלעכע און מעכאַנישע, ווײַל זי רעכנט זיך נישט מיט די ייִדישע גײַסטיקע רעאַקציעס און אָרגאַניזאַציאָנעלע באַמיִונגען פֿון אַקטיוון ייִדישן ווידערשטאַנד אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים, וועלכע האָבן זיך אַנטוויקלט נאָך מיט מאָנאַטן פֿריִער, פֿאַרן גרויסן גירוש.

די אויבן דערמאָנטע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פֿאַר דער ייִדישער ווירקלעכקייט אין וואַרשע, מיט זייער אַנדערשקייט (אין פֿאַרגלײַך מיט לאָדזש און ווילנע) האָבן געהאַט אַ דעצידירנדיקע השפּעה אויף יצחק קאַצענעלסאָנס שאַפֿונגסוועג. און דאָס, אַ דאַנק דער ענגער פֿאַרבינדונג און מיטאַרבעט צווישן י.ק. און די "דרור־החלוץ" באַוועגונג, איינע פֿון די צענטראַלע יוגנט־ און געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס אין דער וואַרשעווער אונטערגרונט־באַוועגונג, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ ווירקטיקע טרײַבקראַפֿט אין דער ייִדישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. מיט דער הילף פֿון אַ פֿאַרצווײַגטער נעץ פֿון חבֿרים־פֿאַרבינדלערס איז זי

געווען גוט אינפֿאָרמירט וועגן אַלץ וואָס ס׳קומט פֿאָר מיט די ייִדן אין אָקופּירטן פּוילן און האָט די אינפֿאָרמאַציע פֿאַרשפּרייט אין געטאָ דורך דער אונטערערדישער פּרעסע. צווישן די באַוועגונג־פֿאַרבינדלער וואָס פֿלעגן ברענגען ידיעות פֿון מחוץ געטאָ זײַנען אויך געווען יצחק קאַצענעלסאָנס תלמידות.[8] צווישן די פֿאַרשפּרייטער פֿון די ידיעות אין געטאָ דורך דער אונטערערדישער פּרעסע, זײַנען געווען יצחק צוקערמאַן און מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָף פֿון די אָנפֿירער פֿון דרור־החלוץ, פֿון די איניציאַטאָרן פֿון דעם באַוואָפֿנטן אויפֿשטאַנד קעגן די דײַטשן און יצחק קאַצענעלסאָנס נאָענטע פֿרײַנד.[9] י.ק׳ס נאָענטע באַציִונגען מיט די אָנפֿירער פֿון דער "דרור־החלוץ" באַוועגונג און דער אַקטיווער אָנטייל וואָס ער האָט גענומען אין איר אונטערגרונט־אַקטיוויטעטן, האָבן אים באַפֿרײַט פֿון דער לאַסט פֿון אָפּגעזונדערטקייט און פּאַראַליזירטער פֿאַרשטומטקייט וואָס זײַנען בײַ פֿיל מענטשן אין געטאָ געווען געוויינלעכע דערשײַנונגען.

אין דער ייִדישער ליטעראַטור געשאַפֿן אין געטאָס און לאַגערן קען באַוויזן ווערן אַז ס׳איז פֿאַראַן אַ בפֿירושע פֿאַרבינדונג צווישן דער "ידיעה" וועגן די נאַצישע אויסראָטונג־צילן לגבי ייִדן און דער רעאַקציע זייערער אין זייער ליטעראַרישער שאַפֿונג; אַז די "ידיעה" האָט אַ השפּעה אויפֿן כאַראַקטער און אויף דער אַנטוויקלונג פֿון דער ליטעראַטור. דאָס נישט־וויסן צי דאָס יאָ־וויסן אַז ייִדן ווי אַ כּלל זײַנען אָן אויסנאַם פֿאַרמשפּט צום טויט שפּיגלט זיך נאַטירלעך אָפּ אין ליטעראַרישן שאַפֿן. דאָס איז אָבער נישט נאָר אַן ענין פֿון "ידיעה" אַליין, ס׳האָט צו טאָן מיט טיפֿערע שיכטן פֿון דערקענטעניש און באַוווסטזײַן און איז אַ קאָמפּליצירטערע פּראָבלעם ווי באַזיצן בלויז אַן אינפֿאָרמאַציע וועגן מאַסנמאָרדן. די ייִדישע באַוווסטזיניקייט צום אומקום בכלל און די ליטעראַרישע שאַפֿונג בפֿרט קענען נישט דערשאַצט ווערן בלויז ווי אַן איינדײַטיקער אַקט וועמענס ציל איז אויסצופֿורעמען אַ רעאַקציע ווי אַ רעזולטאַט פֿון אַ באַקומענער אינפֿאָרמאַציע וועגן ייִדן־פֿאַרניכטונג. דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ בהדרגהדיקן פּראָצעס אין וועלכן ידיעות דאַרפֿן ערשט פֿאַרוואַנדלט ווערן אין איבערצײַגונגען און דערקענטענישן פֿון אַ מצבֿ וואָס איז אָן פּרעצעדענטן אין דער ייִדישער געשיכטע ביז 1939.

אונדזער געשיכטע וואָס איז פֿאַרזייט מיט גזירות, רדיפֿות און פּאָגראָמען, ווי אויך מאָרד פֿון טויזנטער און אַפֿילו צענדליקער טויזנטער ייִדן, האָט קיין פּרעצעדענט נישט פֿאַר דער נאַצישער אומקום־תּקופֿה. נאָך מער, איר גאַנצער גאַנג האָט נאָר געקענט פֿאַרשטאַרקן די דערוואַרטונגען פֿון כּלל־ישׂראל זיך אַרויסצובאַקומען פֿון די דײַטשע הענט, פֿריִער אָדער שפּעטער. די ייִדישע געשיכטע האָט נאָר געקענט באַפֿעסטיקן די אָפּוואַרט־רעאַקציעס, עד יעבור זעם. דאָס איז טאַקע געווען די הויפּט־רעאַקציע וואָס האָט כאַראַקטעריזירט די אַקטיווע געזעלשאַפֿטלעכע קרײַזן און יוגנטלעכע באַוועגונגען אין וואַרשע, פֿון אָנהייב אָקופּאַציע און במשך פֿון אַ לענגערער צײַט, נישט געקוקט אויף דעם וואָס ס׳האָט זיך דאָ קלאָר געהאַנדלט אין אַ דעראָבערער מיט אַ קלאָרער און קאָנסעקווענטער אידעאָלאָגיע כּלפּי ייִדן וועלכע איז אין מזרח־אייראָפּע באַלד אַקטיוו אויף זיי אָנגעווענדעט געוואָרן, אין ליכט פֿון די ריכטליניעס וואָס זייער פֿירער האָט קלאָר פֿאָרמולירט מיט יאָרן פֿריִער, און אַפֿילו אָנגעווענדעט אין זײַן אייגן לאַנד גלײַך נאָך זײַן קומען צו דער מאַכט.

יצחק קאַצענעלסאָן האָט דאָס אינטויִטיוו אַליין פֿאַרשטאַנען יאָרן לאַנג נאָך פֿאַר דער מלחמה, אין וואַרשע אָבער איז ער אויך מיטגעריסן געוואָרן מיטן אַלגעמיינעם שטראָם וואָס האָט באַשלאָסן אָפּוואַרטן, סומך זײַענדיק זיך דווקא אויף דער ייִדישער געשיכטע. אַ בײַשפּיל פֿאַר אַזאַ מין "סתּירה" מכּלומרשט, צווישן קאַצענעלסאָנס אינטויִטיווע השׂגות און אַ רעאַקציע וואָס שפּאַרט זיך אָן אויפֿן ייִדישן היסטאָרישן נסיון געפֿינען מיר אין איין־און־דעם־זעלבן טעקסט בײַ אים: "זאָלן אונדז די בכּבֿודיקע טויטע פֿון פֿריִער, דעם 1940סטן יאָר מוחל זײַן, מיר וועלן זיי ניט 'פֿראַוועןʼ קיין יאָרצײַט־פֿײַערונגען, מיר וועלן זיי אין די

טעג ניט באַדויערן. טויטע ייִדן איז בעסער פֿאַר יידן לעבעדיקע. זיי, די שוין טויטע, זײַנען געשטאָרבן ווי עס שטאַרבן ייִדן – רויִק, זיכער... אין פֿולן באַוווסטזײַן אַז מיט זייער אַוועקגיין ענדיקט זיך עס ניט... צו זייערע קינדער, צום יונגן דור ייִדן האָט עס ניט... זיי זענען געשטאָרבן רויִק אויף זייערע געלעגערס... און מיר, מיר זײַנען אַלע פֿאַרמישפּטע, יונג און אַלט פֿאַרמישפּט, מיט אונדז ענדיקט זיך עס... שטאַרבן ווי עס שטאַרבן מענטשן – אַך, וואָס פֿאַר אַ גליק! מיר שטאַרבן אָבער ניט, מיר קומען אום... מיר שטייען יעצט אַלע, אונטערן צייכן פֿון אומקומען". מיט די ווערטער דריקט אויס י.ק. בײַם אָנהייב פֿון זײַן חיבור לכּבֿוד דעם יאָרטאָג פֿון ח.נ. ביאַליקס טויט, זומער 1940, זײַן אינטויִטיווע השׂגה. אָבער בײַם סוף פֿון חיבור פֿירט ער אָויס: "ביאַליקס צער־ליד וועט אונדז דערהאַלטן אויף להבא, מיט דער הילף פֿון זײַנע צער־געזאַנגען וועלן מיר בײַשטיין [פֿון מיר אונטערגעשטראָכן – י"ש] די שווערסטע נסיונות אין וועלכע מיר ווערן די טעג אומברחמנותדיק געפּרוּווט."[10]

ביידע שטעלן ווערן פֿאָרמולירט מיט אַ יאָר און אַ האַלבן איידער עס הייבן אָן אָנקומען קיין וואַרשע די ערשטע ידיעות וועגן מאַסן־פֿאַרניכטונגען פֿון ייִדן. י.ק. איז געווען פֿון די ערשטע צו גלייבן און מאַכן די געהעריקע אויספֿירן. די מערהייט געטאָ־ייִדן אָבער האָט נאָך אַ לאַנגע צײַט נישט געביטן די שטעלונג צו די געשעענישן אַפֿילו ווען די גרויל־ידיעות זײַנען שוין געווען גוט באַקאַנט.

דערפֿאַר דאַרף אין פֿאַרבינדונג מיט דער בהדרגהדיקייט פֿון דעם דערקענטעניש־פּראָצעס באַטאָנט ווערן, אַז די בפֿירושע ידיעה וועגן ייִדן־דערמאָרדונגען און אַפֿילו מאַסנווײַז, איז אַליין פֿאַר זיך נישט בכּוח אַרײַנצוברענגען אַ דראַסטישן שינוי אין אַ פֿאַרוואָרצלטן ייִדישן וועלט־באַנעם וואָס שטעקט טיף פֿאַרזעצט באמונה שלמה אין אַ באַגריפֿן־סיסטעם, לויט וועלכן די וועלט ווערט ענדלעך געפֿירט מיט צדק און יושר. אָט די "נאַיִווקייט" איז געווען אַ וועזנטלעכער עלעמענט פֿון דעם ייִדישן מזרח־אייראָפּעיִשן באַוווסטזײַן, וואָס קוואַלט אַרויס פֿון ייִדישן גלויבן אין הקב"ה, דעם בורא־עולם, וואָס אַלע זײַנע וועגן זײַנען רעכט און אמת.[11] מיר דאַרפֿן בכן פֿאַרשטיין אַז די רעאַקציע פֿון ייִדן בעתן חורבן איז נישט דווקא דירעקט אָפּהענגיק פֿון דער אינפֿאָרמאַציע וועגן מאַסן־אויסראָטונג אַליין. דאָ ווענדט זיך עס דער עיקר, ווי געזאָגט, אין אַ בהדרגהדיקן פּראָצעס פֿון אַ וואַקסנדיקער באַוווסטזיניקייט וועגן דעם באַטײַט פֿון דער אינפֿאָרמאַציע וועגן מאַסנמאָרדן פֿון ייִדן און נישט־ייִדן. אָט דער וואַקסנדיקער באַוווסטזײַן האָט געפֿירט צו דער אמתער דערקענטעניש קודם כּל, אויפֿן פֿאָן פֿון צוויי גרונט־פֿאַקטאָרן: (א) אַ ייִדישער טראַדיציאָנעלער וועלטבאַנעם; (ב) דאָס אָרט וואָס וואַרשע האָט פֿאַרנומען בײַ די דײַטשן אין זייערע פּלאַנירטע עטאַפּן פֿאַר דער ענדגילטיקער ייִדישער מאַסן־אויסראָטונג. אָט די ביידע פֿאַקטאָרן האָבן געהאַט אַ דעצידירנדיקע השפּעה אויף דעם אַסימילאַציע־פּראָצעס פֿון דער אינפֿאָרמאַציע וואָס ייִדן האָבן באַקומען, און האָבן דערפֿאַר באַשטימט אין אַ היפּשער מאָס דעם כאַראַקטער פֿון דעם ייִדישן רעאַגירן.

דער מהלך וואָס צווישן דעם זיך־דערוויסן און דעם רעאַגירן אויף דער אינפֿאָרמאַציע – וואָס אילוסטרירט דעם ענין פֿון דער "ידיעה" וועגן די נאַצישע אויסראָטונג צילן ווי אַ בהדרגהדיקער פּראָצעס פֿון אַ זיך אַלץ פֿאַרשטאַרקנדיקן באַוווסטזיין – האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ צענטראַלער טעמע פֿאַר איינעם פֿון די פּרקים אין י.ק׳ס "דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק", וואָס הייסט: "צו שפּעט". דער פּרק הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: "ווי מיר, איך האָב געוווּסט און מײַנע שכנים אויך און יעדער איינער ייִד,/ אַלע מיר פֿון גרויס ביז קליין, פֿון אַלט ביז יונג – מיר האָבן עס געוווּסט,/ און ניט אַרויסגערעדט פֿון מויל עס... שאַ! מיר האָבן זיך פֿאַר זיך אַליין געהיט/ מיר האָבן עס פֿאַרשוויגן אין געדאַנק אין אונדזערן, פֿאַרשטיקט אין אונדזער ברוסט."[12]

ווי אַ באַלערנדער בײַשפּיל פֿאַר דעם ווי אַזוי דאָס באַוווסטזײַן פֿאָרמירט אין באַשטימטע סיטואַציעס די

דערקענטעניש, דאַרף געבראַכט ווערן צו רייד דער טאָגבוך פֿון ח.א. קאַפּלאַן[13] ווו לענג־אויס דעם טעקסט קריסטאַליזירט זיך אַ בהדרגהדיקער פּראָצעס פֿון אַ וואַקסנדיקן באַוווסט ווערן וועגן זײַן און באַטײַט פֿון די ייִדישע מאַסן־הריגות, פֿון אָנהייב קריג אָן. אָט דער ענין פֿאַרנעמט קאַפּלאַנס געדאַנקען־גאַנג במשך פֿון דער גאַנצער תּקופֿה פֿון זײַן שרײַבן. בײַ אים קען מען קלאָר דערבליקן די פֿאַרשיידענע עטאַפּן פֿון אַ גײַסטיקן אָנשטרענג פֿון אַ מענטש וואָס פּלײַסט זיך צו באַנעמען דעם אמת מיטן אייגענעם שכל.[14] אין ח.א. קאַפּלאַנס שרײַבן אויף די אויבן דערמאָנטע זײַטן (זע הערה 14) איז קאָנטיק פֿון אָנהייב אָן אַז ער דערפֿילט אַז דאָ קומט פֿאָר עפּעס וואָס האָט קיין פּרעצעדענט נישט אין דער געשיכטע פֿון ייִדישן פֿאָלק. אָבער אַפֿילו ער, אַ העברעיִשער לערער פֿון תּנ״ך – איז נישט פֿעיִק ביזן חודש מאַי 1942, זיך צו פֿאָרשטעלן, די פּראַקטישע אימפּליקאַציעס פֿון די דײַטשישע מיני פֿאַרפֿאָלגונגען. ווען ער דערגייט סוף סוף צום אמת און איז בכּוח צו פֿאַרבינדן צווישן דאָס וואָס ס׳ווערט אָפּגעטאָן מיט די ייִדן,[15] און היטלערס רייד וועגן אַ סוף מאַכן מיט די ייִדן אויף דער וועלט (וועלכע זײַנען אים געווען גוט באַקאַנט נאָך פֿון פֿאַר דער מלחמה) – איז ער אַלץ נישט מסוגל דעם אמת אַרויסזאָגן אין זײַן אייגענעם נאָמען און גיט אים איבער אין זײַן טאָגבוך דורך עמעצן אַנדערש. קאַפּלאַן גיט אין דעם ענין איבער די מיינונגען צו עפּעס אַ ר׳ הערש, וואָס זאָגט פֿאָרויס דעם מאָרד און אומקום פֿון גאַנצן מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום אין נאַצישע הענט. לויטן אופֿן ווי ח.א. קאַפּלאַן גיט איבער די ווערטער פֿון ר׳ הערש, זעט ער אויס צו זײַן נישט קיין רעאַלע פּערזאָן נאָר אַ ליטעראַרישע געשטאַלט וואָס קאַפּלאַן אַליין האָט צוגעטראַכט, כּדי קענען דערמאָנען אין זײַן טאָגבוך דעם גרויליקן אמת וואָס נאָר צום סוף, פֿאַרן גרויסן גירוש, האָט זײַן האַרץ פֿאַרגעפֿילט.[16] די ציטאַטן פֿון ר׳ הערשס מויל ווערן געבראַכט ביזן גרויסן גירוש, און דערנאָך פֿאַרשווינדט די געשטאַלט לחלוטין פֿון טאָגבוך. ר׳ הערש ווײַזט אויס צו זײַן דער ״אַלטער עגאָ״ פֿון קאַפּלאַנען דעם זעלבסט־באַוווסטזיניקן היסטאָריקער וואָס האָט, לויט ווי ער אַליין באַטאָנט, גענומען אויף זיך צו פֿאַרשרײַבן געשעענע היסטאָרישע פֿאַקטן. די זיכערע דערקענטעניש וועגן שרעקלעכן מעגלעכן היסטאָרישן אמת, אַז דאָ גייט עס אין פֿולשטענדיקער אויסראָטונג פֿון אַלע ייִדן האָט ער פֿאַרן גרויסן גירוש פֿאַרשריבן דערפֿאַר אין זײַן היסטאָרישער כראָניק, נאָר מפּי אַ ליטעראַרישער געשטאַלט. אָט די אינערלעכע ״פּערזענלעכקייט־צעשפּליטערונג״ איז דער בעסטער באַווײַז פֿאַרן לאַנגן וועג וואָס דאָס ייִדישע באַוווסטזײַן האָט אין באַשטימטע פֿאַלן באַדאַרפֿט דורכמאַכן ביז עס איז דערגאַנגען צו אַ פֿולער דערקענטעניש פֿון דעם אַ פּנים זינלאָזסטן און ביטערסטן אמת אין דער געשיכטע פֿון ייִדישן פֿאָלק.

אין דעם אַלגעמיינעם אַרײַנפֿיר, וועט צווישן אַנדערע אויך באַשריבן ווערן י.ק׳ס שאַפֿן אויפֿן פֿאָן פֿון אַן אַנאַליז פֿון דער ״ידיעה״־אַנטוויקלונג בײַ אים, ווי אַ פּראָצעס מיט ליטעראַרישע עטאַפּן וואָס פֿירט צו אַ דערוואַכונג און דערקענטעניש פֿון אמת וועגן ייִדישן אומקום. אָט דער אַספּעקט פֿון י.ק׳ס שעפֿערישן באַוווסטזײַן איז ספּעציעל וויכטיק פֿאַרן דערלערנען פֿון זײַן שאַפֿן, ווײַל אין זײַנע ייִדישע און העברעיִשע ווערק פֿון פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה (און אַפֿילו נאָך פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה), שפּרײַזט אַדורך אַ שטענדיקער אימהדיקער אומרו אויף פֿאַרשיידענע מדרגות. אָט דער פּײַנפֿולער אומרו איז בײַ י.ק. אַן אויסדרוק פֿאַר זײַן צעטרייסלטן ייִדישן טראַדיציאָנעלן וועלטבאַנעם און גלײַכצײַטיק – אַן אָנווײַז אויף זײַנע אומדערמידלעכע זוכענישן נאָך נײַע אינהאַלטן און לעבנס־פֿאָרמען וואָס זאָלן באַזינען און געשטאַלטיקן סײַ די מענטשלעכע און סײַ די ייִדישע עקזיסטענץ. אין דער העברעיִשער און ייִדישער ליטעראַרישער קריטיק וועגן י.ק׳ס שאַפֿן, בעיקר פֿון פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז בדרך־כּלל אָנגענומען אַ צוגאַנג וואָס איז דער היפּוך פֿון דאָס אויבן געזאָגטע. אין צענטער פֿון אָפּשאַץ פֿון זײַן שאַפֿן איז דווקא אַוועקגעשטעלט געוואָרן זײַן זינגעוודיקע שפּילעוודיקייט און ס׳איז באַטאָנט געוואָרן דער

לײַכטער נישט־דאַגהודיקער טאָן פֿון זײַן פּאָעזיע.[17] דאָס נישט באַמערקן די װיכטיקײט פֿון דער עקזיסטענציאַלער פּראָבלעמאַטיק אין זײַן שאַפֿן פֿון פֿאַר דער צװײטער װעלט־מלחמה האָט זיך פֿאַרשטענדלעך אָפּגערופֿן אױפֿן באַנעם פֿון י.ק׳ס שאַפֿן בעת דער צװײטער װעלט־מלחמה. זײַנע װאָגיקע װערק געשריבן אונטערן נאַצי־רעזשים זײַנען אױפֿגענומען געװאָרן כּמעט װי אַ ״מוטאַציע״, װי אַ גײַסטיקער אַרױפֿשפּרונג און אױפֿשטײַג פֿון כּוחות אין אים, װאָס קײנער װאָלט זיך נישט געקענט פֿאָרשטעלן אַז זײ זײַנען פֿאַראַן אין אַ שרײַבער װעמענס ליטעראַרישער אָנהײב האָט לױט דער קריטיק קאַרג װאָס געקענט אָנװײַזן אױף זײַן ליטעראַרישן סוף. אָט די מחיצה צװישן בײדע גרעסערע תּקופֿות פֿון י.ק׳ס שאַפֿן און די מכּלומרשטע אומפֿאַרשטענדלעכקײט פֿון איבערגאַנג צװישן זײ, װעלן מיר װײַטער דאָ פּרוּװן אָפּפֿרעגן, אָפּשטעלנדיק זיך אױף די נאָענטע פֿאַרבינדונגען דװקא װאָס צװישן בײדע גרעסערע תּקופֿות אין זײַן שאַפֿן. מיר װעלן באַװײַזן אַז עס איז פֿאַראַן אַן אינערלעכע קאָנטינויִטעט און אחדותדיקײט אין זײַן גאַנצן שאַפֿן, װעלכע זײַנען אַ רעזולטאַט אי פֿון אַן אינטענסיפֿיקאַציע פֿון באַשטימטע ריכטלינױעס אין זײַן ליטעראַרישן אױפֿטו און אי פֿון אַ טראַנספֿאָרמאַציע אין זײַן פּאָעטיק.

י.ק׳ס ליטעראַרישע טעטיקײט ביז אַ קורצער צײַט פֿאַרן גרױסן גירוש, איז געבױט דער עיקר אַרום אַ קולטור־אָנשטרענג װאָס זײַן ציל איז צו שטאַרקן און מוטיקן דעם ייִד אין געטאָ און אים דערװײַטערן פֿון ייִאוש, דורך מפֿרש זײַן זײַן עקזיסטענציאַלן מצבֿ אין ליכט פֿון דער ייִדישער געשיכטע, און אים טרײסטן מיטן כּוח פֿון תּנ״ך־גײַסט. יצחק קאַצענעלסאָנס שאַפֿן בכלל אין װאַרשע איז ענג פֿאַרבונדן מיט זײַן אונטערערדישער קולטור־טעטיקײט און זײַנע אַנדערע געזעלשאַפֿטלעכע קולטור־אונטערנעמונגען. פֿאַר דעם אַלעמען דינט אים זײַן מיטאַרבעט און סימפּאַטעטישע צוגעהעריקײט צו דער ״דרור״־ און ״החלוץ״־באַװעגונג, װי אַ זיכערער אָנשפּאַר און אַ געזעלשאַפֿטלעכער קאָנטעקסט.

נישט געקוקט אױף די ענגע פֿאַרבינדונגען צװישן י.ק. און די באַװעגונג פֿון ״דרור״ און ״החלוץ״ נאָך אין לאָדזש, אין די 30קער יאָרן, זעט אָבער אױס אַז אין דער אָקופּירטער װאַרשע און אין געטאָ זײַנען צום ערשטן מאָל רײַף געװאָרן די באַדינגונגען פֿאַרן משתּף זײַן י.ק. אין דער באַװעגונג־טעטיקײט, אין אירע פֿאַרשײדענע פֿאָרמען. עס איז אַזױ אַרום פֿאָרגעקומען אַ װיכטיקער שינױ אין י.ק׳ס לעבן װי אַ פּליט פֿון לאָדזש אין װאַרשע: די פֿאַרבינדונג מיט די חלוצים האָט אים דערלױבט זיך אַרױסצורײַסן פֿון די טיפֿענישן פֿון זײַן עלנטקײט און אַנטװיקלען אַ געפֿיל פֿון פֿאַקטישער צוגעהעריקײט צו אַ באַשטימטן כּלל – אַן ענין װאָס איז בײַ אים פֿון שטענדיק אָן געװען אין צענטער פֿון זײַן אײגענער עקזיסטענציאַלער פּראָבלעמאַטיק. אין זײַנע לידער פֿון פֿאַר 1939 איז שטאַרק קאָנטיק די אײנזאַמקײט װי אַן איבערלעבונגס־יסוד װאָס איז פֿון דעצידירנדער װיכטיקײט פֿאַר זײַן װעלטבאַנעם. אָט די ענגע פֿאַרבינדונג מיט אַ חלוצישן כּלל װעמענס אידענטיטעט איז געבױט אױף אַ באַשטימטער רעפּרעזענטאַציע פֿון דער צוקונפֿט, איז געװאָרן אַ קװאַל פֿאַרן אױפֿשטײַג פֿון באַנײַטע שאַפֿערישע כּוחות בײַ קאַצענעלסאָנען. זײַן שאַפֿן האָט זיך פֿון דאַן אַנטװיקלט אױפֿן פֿאָן פֿון אַ טראַגישער קאָמבינאַציע פֿון שװערע לעבנס־באַדינגונגען פֿאַר ייִדן אונטערן נאַצי־רעזשים מיט אַ פֿאַקטישן אױפֿקום פֿון אַ פּובליקום צו װעלכן ער האָט זיך געקענט װענדן און אױף אים משפּיע זײַן דורך זײַנע ליטעראַרישע שאַפֿונגען. די קאָמבינאַציע פֿון אַ היסטאָרישער סיטואַציע מיט גײַסטיקע באַדערפֿענישן פֿון אַ פּאָטענציאַלן פּובליקום שאַפֿט אַ װעזנטלעכן שינױ פֿאַר י.ק׳ס ליטעראַרישער אַקטיװיטעט. װי אַן אילוסטראַציע פֿאַר די ענלעכקײטן און פֿאַרשײדנקײטן צװישן בײדע תּקופֿות אין י.ק׳ס עקזיסטענציאַלן מצבֿ װי אַ שרײַבער, קען דינען אַ פֿאַרגלײַך צװישן צװײ לידטעקסטן געשריבן מיט אַ מהלך פֿון 40 יאָר צװישן זײ. די בשותּפֿותדיקע גרונטטענער אין בײדע לידער שפּיגלען אָפּ אַ פּערמאַנענטן גרונטמאָטיװ אין זײַן גאַנצן שאַפֿן.

"אלגיה" – תרס"ד
[דמדומים, חלק שני, ע' 24־25]

1. למה הנני לבדד פה, כה בדד עם יגוני,
האמנם אחד אני – ואחד הוא אסוני?
הרק לי היתה תקוה שלא באה,
אם רק לי נראה החלום ודאה?
האם רק שמשי נלקה, אם רק זיוי,
אם רק אביבי כלה, רק אביבי?
וגוש הענן – רק על כוכבי כיסה.
האם רק ככב־לבי היה לו למשסה?

לא, לא יחיד הנני בין כל רבי חלד:
מלאכי־מות מלוים את כל אשר יולד;
ברדת תקוה לעולם – לא האחד צדה,
וכאשר אבדה תקווה לרבים הן אבדה!
את חלום־הזהב לא לב אחד חלם,
ולא לב אחד עזב ויעלם.
הצר, שהרע לי, גם אחי הן לא חמל,
יחד עם זר ורדי שושן אחי קמל...
בין כוכבים רבים כוכב־לבי עמד –
ואם עלה עב בשחקים לא רק אותו חמד...

2. איזה מרה שחורה שרויה על העולם –
לא יחיד הנני, יש־יש אבלים רבים,
אך למה זה, הוי למה הם מתחבאים
ובוכים בכי חרישי, ולמה נחבא קולם?

ערב חרף בא ודפק בחדר הבודד –
ערב חרף, ערב חרף, מה לי תביא?
עצב חדש, מכאוב חדש בעד לבבי –
האין לך ניצוץ תקוה, שביב מעודד?

נגשתי דם לחלון: ענן אפור שכב
על השחקים, שלג לבן צח
כתכריך גדול על הארץ נח,
ועצב אִלֵם על השלג רחף...

"דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן
יידישן פֿאָלק" – 1944
[פרק י"ג "מיט חלוצים", זז' 93־94]

..."כ'האָב פֿרײַנט געהאַט דאָ נאָענטע –
איך האָב זיי קיינעם שוין ניט מער!/
כ'האָב אין געאײַל אַרײַנגעריסן זיך
אין געטאָ
און רײַס אַרויס פֿון דאָרט זיך אין געאײַל/

כ'האָב פֿרײַנט געהאַט דאָ, נאָנטע, שרײַבער
יידישע און מוזיקער און מאָלער – נישטאָ
זיי קיינעם שוין,/ מען האָט זיי אַלע
אויסגעהרגעט, הלל צייטלינען – מען
האָט אין טלית אים, צום אומשלאַק אים
פֿאַרשלעפּט,/ און אויפֿן אומשלאַק אים
דערשאָסן, ישראל שטערן, גילבערט –
בריליאַנטן גרויסע אין אונדזער קרוין – /
וואַרשאַווסקיס! דאַווידאָוויטשעס! זשאַק
לעוויס! און אָסטשעגאַס – אָ קרוינען
שטאָלץ אויף יידישע אויף קעפּ!

און אין אַ וואָך אַרום – און כ'גנבֿע
זיך אַרײַן אין געטאָ ווידער... איך
האָב דאָרטן צוקערמאַנען, יאָ!/ יצחק צוקערמאַנען
האָב איך, צבֿיהן האָב איך –
די שענסטע און די בעסטע אויף דער
ערד!/ חלוצים! יאָ! ווער זאָגט: מיר
האָבן אַלץ אויף דר'ערד פֿאַרלוירן שוין?
חלוצים זענען דאָ!/ ס'איז דאָ אַן אינהאַלט
נאָך, אַן אָנהאַלט... איך וויין ניט, ניין, די אויגן
זענען מיר נאָר קוים
פֿאַרטרערט...

לא אחד הנני – יש־יש אבלים רבים –
אך איפה הם? כל אחד בזויתו
קובל על גורלו וחונק שם את בכיתו,
איפה המה? איה הם מתחבאים?

לויט י.ק׳ס אייגענע דערקלערונגען וועגן זײַן פּאָעזיע, קען זי אין אַלגעמיין כאַראַקטעריזירט ווערן ווי אַן אויסדרוק פֿאַר אַן עיקר אין פּאָעטס לעבן וואָס קען נישט באַגרײַפֿט ווערן. אין דער העברעיִשער הקדמה צו זײַנע דרײַ בענד העברעיִשע לידער, פֿון יאָר תרצ״ז, פֿאָרמולירט ער עס צווישן אַנדערע, אַזוי: ״דאָס לידער־בוך פֿון אַ מענטש איז נישט זײַנער קיין בוך זכרונות , וואָס ברענגט דער עיקר פֿאַקטישע געשעענישן און טאָג־טעגלעכע געשעענישן ממש... אין אַ בוך לידער איז עס אַנדערש, ווײַל קיין שטייגער איז אין אים נישט פֿאַראַן און וואָלט אַזוינס אין אים געווען בנמצא, וואָלט בעסער געווען עס צו פֿאַרווישן, ווײַל ניט דאָ איז דאָס אָרט... עס איז קיין אָרט נישט פֿאַראַן פֿאַרן שטייגער לעבן פֿון אַ שרײַבער אין זײַן לידער־בוך אלא נאָר פֿאַר עפּעס וואָס איז העכער פֿאַר דעם... עפּעס אַן עיקר וואָס ווערט נישט באַגרײַפֿט... [און] דערפֿאַר איז נישט פֿאַראַן קיין מאוחר און קיין מוקדם אין לידער... מײַנע אַלע לידער, ווען זיי קומען [זיך צונויף] צוזאַמען, זענען, ווי עס שײַנט, נישט מער ווי איין איינציק ליד, און עס איז נישט קיין מוז צו באַשטימען און פֿאַרצייכענען זייער דאַטע ווען געשריבן געוואָרן, ווײַל דאָס זאָגט גאָרנישט.״ [18] (פֿון מיר אונטערגעשטראָכן די ווערטער – י״ש, אַ חוץ דאָס וואָרט: אַנדערש).

דער בשותּפֿותדיקער מאָטיוו אין ביידע לידער איז די איינזאַמקייט, אין יאָר תרס״ד איז עס אָבער די איינזאַמקייט פֿון אַן אַכצן יעריקן יונגן בחור וועמענס אָרט אין געזעלשאַפֿטלעכן און קולטור־געוועב בײַ ייִדן איז נאָך נישט באַשטימט. אין יאָר 1944 ווערט באַשריבן די איינזאַמקייט פֿון יאָר 1942, נאָכן גרויסן גירוש פֿון די וואַרשעווער ייִדן קיין טרעבלינקע. דאָס איז אָבער נישט קיין אַבסאָלוטע איינזאַמקייט. זײַנע פֿרײַנד, די חלוצים, זענען פֿאַראַן, און דעריבער איז אויך פֿאַראַן אַן אינהאַלט און אַ (גײַסטיקער) אָנשפּאַר. דער גרונט־עלעמענט פֿאַר ביידע לידער, וועלכער שפּיגלט זיך אין זיי אָפּ איז – די בענקשאַפֿט נאָך אַ בשותּפֿותדיקער מענטשלעכערווירקלעכקייט וואָס זאָל אַרויסוואַקסן פֿון אַ פֿאַרמעסטן זיך צוזאַמען מיטן גורל פֿון דער געמיינזאַמער עקזיסטענץ. אַזאַ איז טאַקע דער עקזיסטענציאַלער מצבֿ אין וועלכן י.ק. האָט געלעבט און געשאַפֿן אין וואַרשעווער געטאָ.

יצחק קאַצענעלסאָנס ליטעראַרישער אויפֿטו אין וואַרשע און דער באַטײַט פֿון זײַנע ווערק, אין פֿאַרבינדונג מיט זײַן גאַנצן שאַפֿן און אויפֿן פּאָן פֿון ייִדישן לעבן אונטער דער נאַצי־הערשאַפֿט, האָבן ביז הײַנט נישט באַקומען די געהעריקע אויפֿמערקזאַמקייט וואָס זיי פֿאַרדינען. זײַנע ווערק אין וואַרשע און זייערע ווערטן זענען סיסטעמאַטיש נישט באַטראַכט געוואָרן און עס איז אויך נישט אָפּגעשאַצט געוואָרן ווי געהעריק דער פֿאַקט וואָס זײַנע ווערק בעת דער מלחמה זײַנען מער ווי אַ ריין אינדיווידועלער רעאַגירן, ווײַל זײַנע ליטעראַרישע ווערק זענען ענג פֿאַרבונדן מיט אַ געזעלשאַפֿטלעכן, אידעיִשן און סאָציאַלן קאָנטעקסט. עס איז דערפֿאַר אַ מוז, פֿאַר יעדן ערנסטן קריטישן דורכקוק און ליטעראַרישן אָפּשאַץ פֿון י.ק׳ס שאַפֿן בעתן אומקום, עס נישט נאָר צו באַטראַכטן ווי אַן אויסדרוק פֿון אַ פּערזענלעכן קוק און באַזינונג פֿון חורבן, נאָר אויך, און אפֿשר איבער הויפּט ווי אַן אינטעגראַלער טייל פֿון ייִדישער גײַסטיקער דויערהאַפֿטיקייט, כאַראַקטעריסטיש פֿאַר די אַקטיווע געזעלשאַפֿטלעכע קרײַזן און באַוועגונגען וועלכע האָבן אין אָנהייב

געשאַפֿן דעם קולטור־אידעיִשן אונטערגרונט און שפּעטער (אפֿשר צו שפּעט – לויט זייערע אייגענע ווערטער) דעם באַוואָפֿנטן אונטערגרונט.

בלויז אַ קאָמבינאַציע פֿון אַ פּאָדראָבנעם איבערבליק איבער דער כראָניק פֿון י.ק׳ס לעבן מיט אַן עקזאַמען פֿון דער כראָנאָלאָגישער סכעמע און דער אַקטיוויטעט פֿון דער יִדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין וואַרשעווער געטאָ, אין אַלע אירע פֿאָרמען (דער עיקר פֿון דרור־החלוץ) – קען אונדז דערמעגלעכן צו אַנטפּלעקן די היסטאָרישע דימענסיע אין וועלכער י.ק׳ס שאַפֿן האָט זיך אַנטוויקלט.



יצחק קאַצענעלסאָן אין וואַרשעווער געטאָ

# די כראָנאָלאָגיע פֿון יצחק קאַצענעלסאָנס שאַפֿן
# און די כראָנאָלאָגיע פֿון ייִדישן לעבן

נאָך פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט זיך י.ק. געשלאָגן מיט דער דעה וועגן ענין אָנגעבן דאַטעס אויף זײַנע ווערק. דאַן דריקט ער אויס אַן אַמביוואַלענטן צוגאַנג צו דער נויטווענדיקייט אָנצוגעבן אַ דאַטע (בלויז דאָס יאָר). פֿון איין זײַט דערקלערט ער פּרטימדיק פֿאַר וואָס האָבן דאַטעס קיין שום וויכטיקייט נישט ווען ס'האַנדלט זיך וועגן לידער בכלל און זײַנע לידער בפֿרט; פֿון דער צווייטער זײַט אָבער זאָגט ער צו זיך אַליין און זײַנע לייענערס אין יאָר תרצ״ח, אַז אויף להבא וועט ער זיך סטאַרען פּינקטלעכער אָנצוגעבן דאַטעס אויף יעדן ליד.[19] ס'איז אָן צווייפֿל פֿאַראַן אַ פֿאַרבינדונג צווישן י.ק'ס באַשלוס וועגן אָנגעבן דאַטעס (דאָס יאָר נאָר) און זײַן געפֿיל אַז די צײַטן זײַנען נישט קיין געוויינטלעכע צײַטן, נישט פֿאַרן יחיד און נישט פֿאַרן כלל. דערפֿאַר זאָגט ער וועגן דעם ווײַטער, אין דער הקדמה צו זײַנע דערשינענע לידער, אין תרצ״ח: ״כ'האָב זיך טאַקע וועגן דעם דערמאָנט [אָנצוגעבן דאַטעס] אַ ביסל צו שפּעט, ס'איז שוין כמעט נישט כּדאַי... אָט [האַלטן] מיר, איך און די אין מײַן עלטער אין ד ע ר נ ע נ ט ע ר ן זיך צום גרענעץ, נישט פֿון צו פֿיל יאָרן, זיי זײַנען קיין סך נישט געווען און זאָלן זיך אַזוינע נישט מערן, ווײַל שלעכטע זײַנען זיי געווען, און די וואָס זײַנען געווען זײַנען נישט ווי די איצטיקע וואָס מיר לעבן זיי איבער איצט, אין דעם הײַנטיקן טאָג, אין אָט דער שעה״ [י.ק. ציטירט דאָרט ווײַטער פֿון אַ ליד זײַנעם, געשריבן אין יאָר תרס״ג, מיטן נאָמען: ״הזיה״]: ״אַן אורח פֿון אֹפל בין איך געקומען און צום אֹפל פֿירט מײַן וועג,/ ס'איז מיר צוגעזאָגט געוואָרן דאָ אַ טאָג פֿון ליכט, אומזיסט איז צוגעזאָגט געוואָרן מיר – / ווײַל מיטן זונאויפֿגאַנג וועט מען פֿון מיר אַראָפּנעמען דעם קאָפּ״.[20]

ס'איז נישט צו צווייפֿלען, אַז דער ענין דאַטעס פֿאַר זיך און די איבערבײַטן אין י.ק'ס שטעלונג און פּראַקטיק אויף דעם געביט, שפּיגלען אָפּ אַ וויכטיקן אַספּעקט אין דער דימענסיע פֿון זײַן היסטאָרישן באַוווסטזײַן: די פֿאַרבינדונג צווישן זײַן שאַפֿן און די באַדינגונגען פֿון דער ווירקלעכקייט אין וועלכער ער שאַפֿט. ווי י.ק. אַליין דערציילט, איז ער זיך פֿאַר דער מלחמה נישט שטענדיק נוהג געווען צו פֿאַרשרײַבן אַ דאַטע בײַם אָנשרײַבן אַ ליד ווײַל לויט אים זײַנען זײַנע לידער נישט פֿאַרבונדן דירעקט מיט קיין רעאַגירן אויף אַ באַשטימטער געשעעניש צי אַ געגעבענער ווירקלעכקייט. סוף דרײַסיקער יאָרן האָט ער זײַן מיינונג געביטן און האָט באַשלאָסן פּרינציפּיעל אַז ער דאַרף אָנגעבן דאַטעס. דאָס זאָגט עדות וועגן אַ וואַקסנדיקן געפֿיל בײַם שרײַבער, אַ פּראָדוקט פֿון דער צײַט, אַז ער וועט זיך שוין לאַנג מער נישט קענען אָפּהאַלטן פֿון אַ ליטעראַרישן רעאַגירן וואָס זאָל זײַן צוגעבונדן צום היסטאָרישן קאָנטעקסט. אַ פֿאַקט בלײַבט עס, אַז אין וואַרשע האָט י.ק. זיך מער ניט באַנוגנט מיטן אָנגעבן בלויז פֿון יאָר, ווען געשאַפֿן, נאָר אויף יעדן ווערק כמעט ווו אַ דאַטע איז אָנגעגעבן געוואָרן, האָט ער דײַטלעך אָנגעוויזן דעם טאָג, דעם חודש און דאָס יאָר.

פֿון אַרום 45 ווערק, וועלכע מיר ווייסן אַז י.ק. האָט געשריבן אין וואַרשע, איז בערך אַ פֿערטל צו אונדז נישט דערגאַנגען. פֿון אַ פּאָר און דרײַסיק ווערק וואָס זײַנען צו אונדז יאָ דערגאַנגען – זײַנען דאַטעס פֿאַרצייכנט געוואָרן אויף עלף פֿון זיי, מערסטנס – פֿולע דאַטעס. אויב מיר רעכענען צו צו זיי זיבן שאַפֿונגען וואָס זײַנען געדרוקט געווען אין דער אונטערערדישער פּרעסע און זייערע דאַטעס קענען דערפֿאַר ממילא גאַנץ גענוי באַשטימט ווערן – איז מעגלעך פֿעסט צו שטעלן, אַז פֿאַר איבער פֿופֿציק פּראָצענט פֿון י.ק'ס שריפֿטן האָבן מיר גענוגנדיקע כראָנאָלאָגישע פּרטים. מיר ברענגען דאָ ווײַטער די פֿולע כראָנאָלאָגישע רשימה פֿון י.ק'ס שריפֿטן אין וואַרשע, אַרײַנגערעכנט אויך שאַפֿונגען וואָס זײַנען נישט פֿאַראַן אָבער וועגן

וועלכע עס ווערט איבערגעגעבן אין פֿאַרשיידענע מקורים. די דאַטעס פֿון יענע שריפֿטן ווו זיי ווערן נישט אָנגעגעבן, זײַנען מיר משער צי לויטן אינהאַלט צי לויט פֿאַרשיידענע עדותשאַפֿטן. בײַם סוף פֿון דער רשימה ווערן געבראַכט באַזונדער יענע ווערק וועמענס דאַטעס מיר האָבן בשום אופֿן נישט געקענט משער זײַן אויפֿן סמך פֿון באַגלייבטע עדות צי פֿאַקטן.[21]

| | | |
|---|---|---|
| 1. | אויף וועגן פֿון אַמאָל | [ערשטע העלפֿט פֿון 1940] |
| 2. | פֿאָלקסמאָטיוו פֿון יאָר 1940 | געדרוקט – תמוז ת״ש |
| 3. | ״על השחיטה״ (איבערזעצונג) | געדרוקט – תמוז ת״ש |
| 4. | צו ביאַליקס הײַיעריקן יאָרצײַט | געדרוקט – תמוז ת״ש |
| 5. | יזכור (חלק א) | [אלול ת״ש] |
| 6. | קאַרמעליצקאַ | געדרוקט – תשרי תש״א |
| 7. | צום 105־טן געבורטסטאָג פֿון ממו״ס | געדרוקט – תשרי תש״א |
| 8. | עפֿענונג צו אַ תּנ״ך־אָוונט | 26 נאָוועמבער 1940 |
| 9. | <אַ געגראַמטער סיום צו אַ תּנ״ך־אָוונט> | [26 נאָוועמבער 1940] |
| 10. | איבערזעצונגען פֿון תּנ״ך אויף ייִדיש | [תש״א־1940/41] |
| 11. | יעקבֿ און עשׂו | [תש״א־1940/41] |
| 12. | צווישן ליכט און מענטשן | [תש״א־1940/41] |
| 13. | קינדער אין גאַס | [ווינטער תש״א] |
| 14. | ווען דער טײַיול איז גערעכט | געדרוקט – טבת/שבט תש״א |
| 15. | על נהרות בבֿל | [שבט/אדר תש״א) |
| 16. | אַרום ירושלים | [שבט/אדר תש״א] |
| 17. | שלח־מנות | [אדר תש״א] |
| 18. | שיר לפורים (העברעיִש) | [אדר תש״א] |
| 19. | האַנדל | [ערשטע העלפֿט פֿון 1941] |
| 20. | די כראָניק פֿון הערשעלעס טויט | 1 מאי 1941, געדרוקט אייר־סיון תש״א |
| 21. | ״יאַ מאַם לידלעך״ | געדרוקט אייר־סיון תש״א |
| 22. | דער באַל | 1 מאַי 1941 |
| 23. | לידער פֿון הונגער | 28/29 מאַי 1941 |
| 24. | איובֿ | [22 יוני] 1941 |
| 25. | <ווידמונגען פֿון דער דראַמע ״איובֿ״, פֿאַר פֿרײַנד> | [תמוז תש״א] |
| 26. | יזכּור (חלק ב ) | [אלול תש״א] |
| 27. | מיך ציט אין גאַס | [אלול תש״א – תשרי תש״ב] |
| 28. | <וואַרשעווער כראָניק> | 3־4 פֿעברואַר 1942 |
| 29. | לידער פֿון קעלט | 10 פֿעברואַר 1942 |
| 30. | שפֿוך חמתך | [פֿעברואַר־מערץ 1942] |
| 31. | <עפֿענונג צו אַ לערער־מסיבה> | א׳ לפסח תש״ב |
| 32. | ווײ דיר | 31 מאַי [1942] |
| 33. | דאָס ליד וועגן שלמה זשעליכאָווסקי | [נאָך דעם 9־טן יוני 1942] |
| 34. | דער ייִד האָט געלאַכט | [סוף יוני – אָנפֿאַנג יולי 1942] |

[35.]דאָס ליד וועגן ראַדזינער — 10 יולי 1942

36. 42 – 14/8 דער טאָג פֿון מײַן גרויסן אומגליק — 8־9 אָקטאָבער 1942

37. דאָס ליד וועגן ראַדזינער — 15.XI.1942 – 6־7.I.1943

38. לאבאן ויצחק (העברעיִש) — [יאַנואַר 1943]

39. [וועגן די יאַנואַר־קאַמפּן] (העברעיִש) — [יאַנואַר צי פֿעברואַר 1943]

אָן וועלכער עס איז דאַטע:

40. משפחה־לידער (צו דעם ציקל לידער געהערן אויך: ״לידער פֿון הונגער״ און ״לידער פֿון קעלט״)
41. אַ באַאַרבעטונג פֿאַרן טעאַטער פֿון פּראָלאָג אין י.ל. פּרצעס ״דרײַ מתּנות״
42. הוי בני השממון (העברעיִש)
43. ⟨אַ ליד וועגן טויט פֿון זײַן פֿרוי און זײַנע זין⟩ (העברעיִש)
44. דער פּאַראַד אין קיזעליטש
45. מאָמענטן

פֿון דער כראָנאָלאָגישער רשימה קען מען אַרויסלערנען אייניקע אַלגעמיינע פֿאַקטן וועגן יצחק קאַצענעלסאָנס שריפֿטן אין וואַרשע: (1) וועגן די פֿאַרשיידענע ליטעראַרישע זשאַנערן אין זײַן שאַפֿן; (2) זײַן רעלאַטיוו גרויסע איבערזעצערישע טעטיקייט; (3) די פֿיל־מיניקע טעמאַטיק אין זײַנע ווערק; (4) וועגן דעם אָרט וואָס י.ק׳ס שאַפֿונגען פֿון פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה פֿאַרנעמען אין זײַן וואַרשעווער ליטעראַרישער טעטיקייט, צוזאַמען מיט טראַדיציאָנעלע טעקסטן און טעמאַטיק; (5) די פֿאַרשיידענע תּקופֿות אין זײַן שאַפֿן און די סטאַדיעס פֿון זײַן ליטעראַרישער אַנטוויקלונג.

די פֿאַרשיידענע ליטעראַרישע זשאַנערן – יצחק קאַצענעלסאָן האָט אין וואַרשע געשריבן דראַמעס און פֿאַרפֿאַסט פֿאָרשטעלונגען פֿאַר קינדער און יוגנטלעכע, וועלכע זײַנען פֿאָרגעשטעלט געוואָרן פֿאַרן פּובליקום. ער האָט געשריבן פּאָעמעס, זיך באַנוצט מיט דער פֿאָרם פֿון דראַמאַטישן מאָנאָלאָג און געשריבן לידער וועגן דער טאָג־טעגלעכערווירקלעכקייט, ווי אויך צאָרן־לידער, הימנען און כראָניקאַלישע רשימות, לירישע לידער און קריטישע אַרטיקלען וועגן ליטעראַטור. ער האָט איבערגעזעצט ליטעראַטור פֿון העברעיִש אויף ייִדיש, האָט געשריבן רעפֿעראַטן און איבערגעזעצט פּרקים פֿון תּנ״ך אויף ייִדיש, און זיך אויך פֿאַרנומען אַליין מיט פֿאָרלייענען זײַנע שאַפֿונגען פֿאַר פֿרײַנד און פֿאַר אַ גרעסערן פּובליקום. אָט די פֿילזײַטיקייט זאָגט עדות אַז זײַן ווענדן זיך צו פֿאַרשיידענע ליטעראַרישע זשאַנערן איז פֿאַרבונדן, נישט נאָר מיט זוכן פּאַסיקע אויסדרוק־פֿאָרמען, נאָר אויך – און אפֿשר בעיקר – מיטן ווילן צו דערגיין מיט זײַנע ווערק צו אַ פֿאַרשיידן־מיניקן פּובליקום, פֿון קליינע קינדער און ביז יעדן איינעם פֿון די געטאָ־אײַנוווינער. די אַרײַנגעטאָנקייט פֿון יצחק קאַצענעלסאָנס ליטעראַרישער טעטיקייט אין דער עפֿנטלעכער קולטור־אַקטיוויטעט צווישן ייִדן אין געטאָ צוזאַמען מיטן אונטערערדישן אַספּעקט פֿון זײַן ליטעראַרישן שאַפֿן, זײַנען אפֿשר די דערקלערונג פֿאַר דער זשאַנערישער פֿילזײַטיקייט אין זײַן שאַפֿן. עס איז אָבער לײַכט קלאָר פֿעסט צו שטעלן אַז מיט אייניקע זשאַנערן האָט זיך י.ק. ספּעציעל פֿאַרנומען אין זײַנע וואַרשעווער שריפֿטן, ווי אויך מיט אַ ריי אַקטיוויטעטן וואָס זײַנען מיט די זשאַנערן פֿאַרבונדן: פֿון איין זײַט האָט ער געשריבן

דראַמעס (און זיי אויך איבערזעצט פֿון זײַנע העברעיִשע שריפֿטן פֿון פֿאַר דער מלחמה), און פֿון דער צווייטער זײַט האָט ער געשריבן לידער און פּאָעמעס. אין פֿאַרבינדונג מיט די שריפֿטן, האָט ער זיך ענערגיש באַשעפֿטיקט אויך מיטן ברענגען די שאַפֿונגען צום פּובליקום, סײַ ווי דער רעזשיסאָר פֿון די פֿאָרשטעלונגען און סײַ ווי דער פֿאָרלעזער פֿון זײַנע לידער און אויך דראַמעס. מע קען דערפֿאַר זאָגן אַז י.ק. האָט אין וואַרשע נישט נאָר געשריבן, נאָר אויך איבערגעלעבט זײַנע שאַפֿונגען – אָנטיילנעמענדיק צוזאַמען מיט זײַן פּובליקום און בעת די צוגרייטונגען אין דעם אויפֿפֿיר פֿון זײַנע ווערק – ווי אַן אינטעגראַלער טייל פֿון דער שאַפֿונג אַליין. וועגן דעם זאָגט עדות, למשל, חווה ראַבאַן (פֿאָלמאַן), וועלכע איז געווען איינע פֿון די פֿאָרשטעלערינס אין געטאָ: "יצחק קאַצענעלסאָן איז געווען מײַן לערער אין שולע... מיר זײַנען געווען גימנאַזיע־תּלמידים (פֿון דער אונטערערדישער גימנאַזיע פֿון "דרור") און מיר זײַנען געווען אַקטיוו אין דער באַוועגונג. דאָס אַלץ איז געווען צוזאַמען... איך בין נישט דערצויגן געוואָרן אין דער העברעיִשער שפּראַך, אָבער [מײַן] ליבע און טיפֿע באַציִונג צום תּנ"ך, דאָס איז פֿון יצחק קאַצענעלסאָנען. ער האָט געוווּסט ווי אַזוי צו באַגײַסטערן, און ער – ווי זאָל איך זאָגן – ער האָט אויסגעשפּילט דעם תּנ"ך. דאָס זענען געווען נישט קיין געוויינטלעכע איבערלעבונגען... מיט די זעלבע תּלמידים, אין עלטער פֿון 15, 16, 17 יאָר... זײַנען אייניקע פֿון זיי געוואָרן אויך אַקטיאָרן אין דראַמאַטישן קרײַז וואָס ער האָט געגרינדעט... איך בין געווען... יעקבֿ [=אין דער פֿאָרשטעלונג "יעקבֿ און עשׂו"]. די איבערלעבונג איז געווען בעת די צוגרייטונגען'...[22]. אין וואַרשע, אין די מלחמה־יאָרן, אַ סך מער ווי ווען עס איז פֿריִער איז די פֿאַרבונדנקייט פֿון י.ק. מיטן פּובליקום זייער פֿאַרשטאַרקט געוואָרן. פֿאַר י.ק. איז זײַן שאַפֿן געוואָרן אין וואַרשע אַ לעבנס־פֿאָרם. צום ערשטן מאָל אפֿשר אין יאָרן, האָט ער דערפֿילט אַז זײַן קולטור־ליטעראַרישע טעטיקייט איז אַ וואָגיקער בײַשטײַער פֿאַר די וואָס אַרום אים און האָט אַ זין אין זייער לעבנס־באַנעם. דאָס איז פֿאַר י.ק. געווען אַ ווערזנטלעכער איבערבײַט אין זײַן גאַנצער לעבנס־דערפֿאַרונג ביז דער צווייטער וועלט מלחמה. וועגן דעם זאָגן עדות י.ק'ס אייגענע ווערטער אין אַ געשפּרעך מיט ז. גלעד, אין לעצטן טאָג פּסח תרצ"ט (1939): "אַ חלום האָב איך געהאַט... און כ'בין נישט זוכה געווען ער זאָל מקויים ווערן... געחלומט האָב איך אַ חלום און אָט מײַנע ביכער לידער דערשײַנען געדרוקט אין ארץ־ישׂראל, און אין יעדן שטוב פּאַלאַטקע און צריף אין גליל און אין יהודה, אין ירושלים און אין עין־חרוד, וועל איך געפֿינען מײַנע ביכער אין די הענט פֿון דער שטײַגנדיקער יוגנט... און ביז הײַנט בין איך צו דעם נישט זוכה געווען. אָט ליגן זיי מײַנע לידער־ביכער, צו הויפֿנס אין מײַן שרײַבצימער, און נישטאָ ווער עס זאָל זיי אויסלייזן... וויפֿל שלאָפֿלאָזע נעכט, וויפֿל שטורעמפֿולע טעג, עגבערט אין אונדז דאָס ליד. אַ שווערער עול איז דאָס ליד, אַ שווערער און אַ באַלאַסטנדיקער. דער ניגון קען באַרוישן אונדזער האַרץ, ברומען אין אונדזערע טיפֿענישן, וואָיען, זיך רײַסן פֿון אונדז אַרויס. אָבער נאָר ווען מיר ברענגען אים צווישן מענטשן, צו די וואָס דערוואַרטן אים – נאָר דאַן וועט ער דערלייזט ווערן [פֿון מיר אונטערגעשטראָכן – י"ש]. און ווען געקומען איז דער טאָג, האָב איך געוואָלט צונויפֿקלייבן די קלאַנגען פֿון מײַן גײַסט כּדי זיי זאָלן דערפֿילן געבאָטן – און אָט ליגן זיי אין אַ קופּע ווי אַלט־צעפֿליקטע בלעטער... [י.ק. רעדט דאָ וועגן דער דרײַ בענדיקער אויסגאַבע פֿון זײַנע העברעיִשע לידער – זע: שירים, תרצ"ח] דו פֿאַרשטייסט? עס דאַכט זיך מיר צו מאָל, אָט זע איך דעם לידער־וואָגן דורכרײַטן און פֿאַרשווינדן פֿאַר מײַנע אויגן, און איך אַליין בלײַב פֿאַרשטומט און צעווייטאָגט אין מײַן צימער, מיט מײַנע פֿאַרשעמטע ביכער לידער. און דאַן, ווי פֿון זיך אַליין, גייט אויף און צעשפּילט זיך אין אים [אין צימער] אַ אומעטיקער פּסוק וואָס כ'האָב אַ מאָל פֿאַרפֿאַסט, און נאָגט, און נאָגט: "מכל חמודות היו לי– / רק לבי, לבי נשאר לי" ["פֿון אַלע שיינקייטן וואָס כ'האָב פֿאַרמאָגט – / נאָר מײַן האַרץ, מײַן האַרץ נאָר איז מיר פֿאַרבליבן"]. דאָס זײַנען מאָמענטן פֿון אָנמאַכט. איצט איז נאַכט און דו האָסט מיך ריידעוודיק

געמאַכט, און כ׳האָב אויף אַ קול אויסגעזאָגט דאָס וואָס דאָס האַרץ דעם מויל אַנטפּלעקט ניט [פֿון מיר אונטערגעשטראָכן – י״ש] זאָלסטו מיך נישט באַטראַכטן פֿאַר קיין צוריקגעצויגענעם און פֿאַרביטערטן. ניין, און ווידער ניין, מײַן פֿרײַנד. אויב אַזוי וועסטו מיך אָפּשאַצן – האָסטו מיך נישט פֿאַרשטאַנען. אַ זון פֿון דעם פֿאָלק בין איך און אין צווישן מײַן פֿאָלק זיץ איך און קיין מאָל וועט אַ זון פֿון פֿאָלק בײַ זיך נישט געפֿאַלן; אַז ס׳וועט מיר זייער שלעכט, איז אײַל איך זיך אַרויסצוגיין פֿון מײַן שטוב אין גאַס אַרײַן, זיך אויסמישן מיט מײַנע ברידער ייִדן, וועלכע ווערן צעטראָגן ווי אַ שטרוי אין ווינט בײַ די אַרײַנגענג פֿון זייערע קראָמען – און די שכינה שײַנט, אין יענעם זעלבן מאָמענט, אויף זייערע פֿאַרדאַרטע פּנימער, די פֿאַרמעטענע... און טאָמער ס׳איז אַלץ נאָך נישט אויסצוהאַלטן, ווען כ׳פֿיל אַז ס׳איז שוין מער קיין אויסוועג נישט פֿאַראַן – קער איך זיך געשווינד אום צו אָט דער גאַס און צו דעם אָ הויז, דאָס קיבוץ־הויז [=דער קיבוץ־הכשרה פֿון "דרור" און "החלוץ" אין לאָדזש] און איך ווער דערוואַרעמט, אַ קורצע ווײַלע אין ליכטשײַן פֿון די חלוצים מײַנע און איך אָטעם אײַן פֿולע לונגען מיט ארץ־ישׂראל־לופֿט – און ס׳ווערט מיר גרינגער. דאַן ווייס איך אַז ס׳וועט נאָך קומען די אויסלייזונג, סײַ פֿאַר מיר סײַ פֿאַר מײַנע לידער. אַז בת־השיר איז נישט פֿאַרבײַ, אין ארץ־ישׂראל וועט זי ווידער טאָן זינגען".[23]

אָט דער צובונד, וואָס איז פֿון שטענדיק אָן געווען קאַצענעלסאָנען אַזוי טײַער, איז זיכער געווען איינער פֿון די פֿאַקטאָרן וואָס האָבן געווירקט אויף זײַן גאַנצער ליטעראַרישער און קולטור־טעטיקייט אין יענע באַדינגונגען פֿון צײַט און אָרט.

די פֿאַרשיידענע תּקופֿות אין זײַן שאַפֿן – אַ באַוויײַז פֿאַרן אויבן געזאָגטן זײַנען די באַזונדערע צײַטאָפּשניטן אין דער ראַם פֿון וועלכע עס בײַט זיך דער כאַראַקטער און די אינטענסיווקייט פֿון י.ק׳ס שאַפֿן, ווי עס לאָזט זיך באַמערקן אין דער כראָנאָלאָגישער רשימה פֿון זײַנע שריפֿטן: ביז ענדע 1941 איז פֿאַראַן אין זיי אַ בולטע טענדענץ צו באַשרײַבן דאָס לעבן און צו געשטאַלטיקן דעם לעבנס־געפֿיל פֿון זײַן אַרום אין וואַרשעווער געטאָ. דאָס דריקט זיך אויס אין פֿאַקט וואָס די מערהייט פֿון זײַנע בעלעטריסטישע אָריגינעלע שאַפֿונגען פֿון דער צײַט, זײַנען לידער וואָס באַשרײַבן סיטואַציעס, שטימונגען און בילדער פֿון טאָג־טעגלעכן לעבן. אויך אַלע פֿאָרשטעלונגען און ליטעראַרישע טעקסטן צום פֿאָרשטעלן וואָס זײַנען געשריבן צי איבערגעזעצט פֿון אים – ווערן געשריבן, איבערגעזעצט, און פֿאָרגעשטעלט צי פֿאָרגעלייענט, דווקא אין יענער צײַט.

פֿון אָנהייב 1942 קומט פֿאַר אַן איינדײַטיקער איבערבײַט אין כאַראַקטער און אין דער אינטענסיווקייט פֿון זײַן שאַפֿן. במשך פֿון לעצטן יאָר אין וואַרשעווער געטאָ, שרײַבט י.ק. זײַנע אָריגינעלסטע און וויכטיקסטע ווערק אין וואַרשע – דאָס זײַנען זײַנע צאָרן־ און לויב־לידער און זײַנע גרויסע פּאָעמעס. מער ווי וואָס עס איז פֿאַר אַ באַשרײַבונג פֿון אַווירקלעכקייט, געפֿינען מיר אין די ווערק, פֿון איין זײַט – אַ פּרוּוו אויסצודריקן זײַן שׂנאה צו די דײַטשן, און פֿון דער צווייטער זײַט – אַן אויסדרוק פֿאַר דער ייִדישער דערהייבונג, לויט ווי ער האָט זי דערזען אויפֿן פּאָן פֿון אַ ווירקלעכקייט ווו עס הערשט מאַסן־אויסראָטונג פֿון ייִדן. אין דעם לעצטן פּעריאָד פֿון י.ק׳ס זײַן אין וואַרשע, איז קאָנטיק אַ קינסטלערישע און דענקערישע אינטענסיפֿיקאַציע אין זײַן שאַפֿן.

אין צײַטאָפּשניט פֿון כּמעט אַ יאָר, צווישן פֿעברואַר 1942 און אָנהייב יאַנואַר 1943 ווערן געשאַפֿן די וויכטיקסטע פּאָעטישע שאַפֿונגען זײַנע, פֿון דער וואַרשעווער תּקופֿה. דאָס זײַנען די חדשים ווען ער, צוזאַמען מיט אַלע געטאָ־אײַנוווינער, לעבט איבער די אַלץ וואַקסנדיקע זיכערקייט וועגן מאָרדטויט וואָס דערוואַרט מיליאָנען ייִדן אין גאַנץ מזרח־אייראָפּע, אויפֿן סמך פֿון די זיכערע ידיעות וועגן סיסטעמאַטישער

מאַסן־פֿאַרניכטונג פֿון ייִדישע קהילות אין אַלע אָקופּירטע נאַצישע געביטן. אין דער תּקופֿה פֿון זײַן לעבן שטײַגט דווקא י.ק׳ס ליטעראַרישע שאַפֿערישקייט. אין דער זעלבער צײַט איז י.ק. מער מקפּיד בײַם אָנגעבן די דאַטעס פֿון זײַנע געשאַפֿענע ווערק, מער ווי אין פֿריִערדיקע צײַטן – ווי עס לאָזט זיך פֿאַרגלײַכן אין דער אויבן געדרוקטער כראָנאָלאָגישער רשימה.

דאָ שטייען מיר טאַקע פֿאַר אַ באַזונדערער דערשײַנונג אין דער געשיכטע פֿון ייִדישער ליטעראַרישער שאַפֿערישקייט אונטערן נאַצי־רעזשים אין מזרח־אייראָפּע בכלל, און בײַ יצחק קאַצענעלסאָנען בפֿרט. די דערשײַנונג באַשטייט אין אַ פּראָצעס פֿון פֿאַרשטאַרקטער ליטעראַרישער רעאַגירונג וואָס מער דער שרײַבער קומט אַרײַן אין אַן אַלץ דירעקטערער און פּערזענלעכערער קאָנפֿראָנטאַציע מיטן טויט. ווי אַ באַווײַז פֿאַר דער וויכטיקייט פֿון אָט דער דערשײַנונג נאָך אין וואַרשע בײַ י.ק., קען דינען זײַן לעצטער שאַפֿונגס־פּעריאָד אין וויטעל. אין דעם לאַגער האָט י.ק. געלעבט, אַ פֿאַראורטיילטער צום טויט, במשך פֿון אַ יאָר צווישן מאַי 1943 און אַפּריל 1944. דאָרט האָט ער אויך געשאַפֿן אייניקע פֿון זײַנע וויכטיקסטע ווערק, די גרעסטע אין פֿאַרנעם און די שטאַרקסטע אין אויסדרוק: נישט ווייניקער ווי 6 וואַריאַנטן פֿון זײַן באַקאַנטער ייִדישער פּאָעמע ״דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק״ און דעם דערשיטערנדיקן ״פּנקס ויטל״ אין העברעיִש – אַ ליטעראַרישער דאָקומענט, פֿון די וויכטיקסטע ווערק זײַנע, וועלכער צייכנט זיך אויס מיט אַזאַ טיפֿן אַנאַליז און עקספּרעסיוון כּוח וואָס זײַנען אַ זעלטנקייט אין אונדזערע ביידע ליטעראַטורן בעתן חורבן און אויך נאָך אים. אַזאַ איז דער אָפּשאַץ פֿון אהרן צייטלין וועגן י.ק׳ס שאַפֿן, וועלכער ווײַזט אָן אויפֿן ״פּנקס ויטל״ מיט אַ באַזונדערן טראָפּ, און זאָגט: ״...רייַן עקזיסטענציאַליסטיש איז דער ייִד פֿון דער חורבן־צײַט בײַ אים גרעסער. ייִדישער ווי די ייִדן פֿון אַלע דורות פֿריִער. דאָס זעט מען באַזונדערס פֿון זײַן וויטעל־פּנקס, וואָס פֿאַרדינט אַ גאַר באַזונדערע אויפֿמערקזאַמקייט... קאַצענעלסאָנס וויזיע פֿון אַ פֿאָלק, וואָס ווערט אויסגעהרגעט דווקא צוליב זײַן אַנדערשקייט און העכערקייט, ווערט דאָ איבערגעגעבן דעם לייענער מיט סוגעסטיווער מאַכט. דער רושם איז, אַז דאָס איז לאַוו־דווקא אידעאַליזאַציע, וואָס קומט פֿון ווייטיק און רחמים, וואָרעם דער זעלבער קאַצענעלסאָן וואַרפֿט צאָרנדיק אַרויס פֿון ייִדישן כּלל דעם ערבֿ־רבֿ, די ייִדישע געטאָ־פּאָליציאַנטן... און די אַלע ענלעכע צו זיי״ [פֿון מיר אונטערגעשטראָכן – י״ש].[24]

פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דער עקזיסטענציאַלער פֿילאָזאָפֿיע און פּסיכאָלאָגיע, קען אַנטוויקלט ווערן אַן איבערצײַגנדער און אינטערעסאַנטער הסבר פֿאַר דער פֿאַרבינדונג צווישן – קאָנפֿראָנטאַציע מיטן טויט און גײַסטיקע קינסטלערישע דערהייבונג, אין זין וואָס מיר געפֿינען אין י.ק׳ס שאַפֿן בכלל, און אין זײַנע וואַרשעווער געטאָ־שריפֿטן בפֿרט.[25] דער אַספּעקט פֿון מענטשלעכער שאַפֿערישקייט ווערט באַהאַנדלט אין אַן אַרבעט וועגן דער ״וויטאַליטעט פֿון טויט״. דאָרט דערמאָנט דער מחבר פּעטער קעסטענבאַום, נישט איין מאָל, די ליטעראַטור – ווי אַ מקור פֿאַרן בעסער פֿאַרשטיין פֿון פֿאַרשיידענע סוגיות בײַם אָפּשאַצן די וואָג און וויכטיקייט פֿון מענטשנס גײַסטיקער אינערלעכער וועלט. אין דער ליטעראַטור זעט קעסטענבאַום אַרויס איינעם פֿון די רײַכסטע אויסדרוקן פֿאַר אָט דער קאָנפֿראָנטאַציע צווישן מענטשנס באַוווסטזײַן און דעם פֿאַקט פֿון אומפֿאַרמײַדלעכן טויט. אין זײַן בוך, ציטירט דער מחבר אומצייליקע מאָל, ציטאַטן פֿון ליטעראַרישע טעקסטן, וואָס דינען אים ווי ערשט ראַנגיקע מקורים פֿאַר זײַנע פֿאָרשונגען. פֿאַר אַ בײַשפּיל פֿון זײַן צוגאַנג צו קונסט בכלל, און ס׳פֿאַרשטייט זיך – צו ליטעראַטור בפֿרט ווי אַ באַשרײַבונג פֿון מענטשנס רעאַקציע אין אָנבליק פֿון נישט־ווערן, צי נישט־זײַן און פֿון דעם שאַפֿערישן כּוח פֿון ייִאוש און באַדרענגעניש פּנים־אל־פּנים מיטן טויט ברענגען מיר דאָ אַ ציטאַט פֿון זײַן בוך:

"The fact that I cannot think of the nonexistence of the ego is a phenomenological reality, not a semantic trick. Necessary existence is an irrevocable datum of experience: it is part of the intrinsic structure of appearance, or an empirical given on which all theories of man must be grounded. The paradox of the adumbration of nothingness and the correlative intimations of necessary existence seems to be profoundly encapsulated in the experience of anxiety. Ultimate anxiety, total despair, dread that transcends understanding is at the same time a recognition that being does not perish in the jaws of angst. Total despair is at the same time a total presence before absolute nothingness: it is an experience; in fact, it is the nadir of all experiences; it is the ne plus ultra of the experience of nothingness. But total despair is still a state of consciousness. Consciousness does not cease, nothingness does not appear—it cannot appear—even in total despair. Total despair thus leads to the insight that consciousness per se cannot be conceived or felt as n o t being. This fact refers not only to the intellectualized or conceptual insight mentioned earlier; it is also an experience with one's total being...

There is no greater empty feeling than the feeling of total emptiness—yet it is still a feeling, still a state of consciousness. Anxiety thus leads to the affective, that is, euphoric and elevating—rather than purely conceptual—realization of the ego's necessary being. Under these conditions, Descarte's cogito now becomes "I despair totally therefore I exist necessarily"...

In a parallel way, we can say that on the emotional level, anxiety takes the place of the method of doubt. Anxiety about the brittleness of the world—anxiety that renders all feeling uncertain—leads to the intuition that even the most dismall world is constituted by the ultimate ego—pole that I—am. Thus, ultimate despair provides ultimate security.

The effective reality of this paradox is illustrated in artistic creation, which frequently emerges triumphant out of the depths of despair". (p. 30-31)

אַן אויסערלעכן קאָנקרעטן סימן פֿאַר י.ק׳ס פֿאַרשטאַרקטער ליטעראַרישער רעאַקציע, דווקא ערבֿ דעם גרויסן גירוש קיין טרעבלינקע און נאָך אים, קען לײַכט באַמערקט ווערן באַטראַכטנדיק די רשימה פֿון זײַנע שריפֿטן. דאָרט איז קאָנטיק אַן אויפֿשטײַג אין דער צאָל פֿון י.ק׳ס אָריגינעלע ווערק אין זײַן לעצטן יאָר אין וואַרשעווער געטאָ, נאָך דעם ווי מיר באַזײַטיקן און רעכענען נישט אַרײַן זײַנע תּנ״ך־איבערזעצונגען און די איבערזעצונגען אויף ייִדיש פֿון זײַנע העברעיִשע פֿאַר־מלחמהדיקע שריפֿטן. אויך ווערט שטאַרק קאָנטיק די וואַקסנדע צאָל שאַפֿונגען וואָס פֿאַרנעמען זיך אַלץ מער און בפֿירושדיק מיט דער קעגנוואַרטיקער פּראָבלעמאַטישער ווירקלעכקייט, אויף אַ דירעקטן אופֿן.

אָט די ריכטונג, אין דער אַנטוויקלונג פֿון י.ק׳ס שאַפֿן פֿרעגט אָפּ קאַטעגאָריש יענע פֿאַראַלגעמיינערטע איינדײַטיקע באַהויפּטונגען וואָס דעפֿינירן די רעאַקציעס פֿון ייִדן אונטערן נאַצי־רעזשים ווי זיי וואָלטן

געווען אויסשליסלעך כאַראַקטעריזירט פֿון פּאַראַליזירונג און גײַסטיקער אונטערגיביקייט. די אַלץ וואַקסנדע אינטענסיוויטעט אין י.ק׳ס ווערק, בעת מער ייִדן ווערן פֿאַרפֿאָלגט און דערמאָרדעט, איז אַן אויסדרוק פֿאַר אַ טאָטאַלן אַקטיוון גײַסטיקן ווידערשטאַנד. אַ ווידערשטאַנד פֿון זעלבן סאָרט וואָס האָט באַוויזן די ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשעווער געטאָ אַרויסצוטרעטן מיט אַ פֿון פֿריִער פֿאַרלאָרענעם באַוואָפֿנטן קאַמף כּדי צו באַשטימען אין דער געשיכטע פֿון ייִדן אַ קלאָרן פֿאַקט – אַז דאָס ייִדישע פֿאָלק האָט זיך נישט אונטערגעגעבן אָן קאַמף. יצחק קאַצענעלסאָנס פֿאַרשטאַרקטע ליטעראַרישע רעאַקציע איז בשום אופֿן נישט קיין ייִאוש־רעאַקציע און נישט קיין באַווײַז פֿאַר גײַסטיקער אינערלעכער צעפֿאַלונג, נאָר דווקא גאַנץ פֿאַרקערט – זײַנע שריפֿטן אין לעצטן געטאָ־יאָר זײַנען אַ סימבאָלישע טווּנג פֿון אַנטשלאָסענעם ווידערשטאַנד אין אַ מצבֿ אין וועלכן יעדע אַנדערע עפֿעקטיווע רעאַקציע איז בלאָקירט.

קענעט בערק [Burke], דער אַמעריקאַנער וויכטיקער ליטעראַטור־פֿאָרשער, האָט אַרײַנגעפֿירט אין וואָקאַבולאַר פֿון דער ליטעראַטור־טעאָריע דעם באַגריף "סימבאָלישע טווּנג" [="Symbolic Action"] וואָס דריקט אויס דעם באַנעם אַז שרײַבן פּאָעזיע איז אַנדערש אין די באַנוצטע מיטלען ווי אַ פֿאַקטיש דורכגעפֿירטער אַקט, און דאָך – אַז פּאָעזיע איז אָבער אַ פּאַראַלעלע טווּנג צו פֿאַקטישער אַקציע און אַז אין אַ באַשטימטן זין איז זי מבֿשר דעם אַקט – אַזוי ווי איין אָפּגעטאָענער אַקט איז מבֿשר דעם קומענדיקן אַקט נאָך אים (ווען ער אַליין איז אַ טייל פֿון אַ באַשטימטן אַקציע־מוסטער).[26] נאָך מער, אין די פֿוסטריט פֿון בערקס צוגאַנג צו ליטעראַטור קען מען טענהן, אַז נישט די ליטעראַטור איז צו מאָל אַן אָפּשפּיגלונג פֿון דערווירקלעכקייט, נאָר די ווירקלעכקייט איז אויך צו מאָל די אָפּשפּיגלונג פֿון דער ליטעראַטור. ווײַל נאָך דעם ווי בערק שטעלט זיך באַזונדערס אָפּ אין זײַנע טעאָרעטישע שריפֿטן אויף דער מאָראַלער מאָטיווירונג, ווי די ערשטיקע שטויסקראַפֿט וואָס באַוועגט מענטשן און אַקטיווירט זיי, קלײַבט ער אויס די פּאָעזיע (=ליטעראַטור אין ברייטערן זין) ס׳הייסט – די סימבאָלישע טווּנג – ווי דער פּראָטאָטיפּ פֿאַר דער ערשטיקער מאָטיווירונג אין מענטשנס אַרײַנלעבן זיך. אין אַ בוך וועגן בערקס צוגאַנג צו ליטעראַטור האָט וויליאַם ריקערט פֿאָרמולירט בערקס באַנעם מיט די ווערטער:

"The building of a self is compared to the writing of a poem; the finding of the true self is compared 'to the writing of a great poem', for 'the poem is a sudden f u s i o n, a falling together of many things formerly apart'. 'All action', Burke says, 'is poetic', for 'all acts are "synthetic", each being a new way of putting things together, quite as each line of a drama is'. 'Life itself', Burke says, 'is a poem in the sense that, in the course of living, we gradually erect a structure of relationships about us in conformity with our interests'. Burke believes, in other words, that poetic symbolic action expresses and embodies the essence of the drama of human relations and that through an intensive study of the nature and function of poetry the moral-ethical part of man denied or ignored by the scientific orientation can be rediscovered and re-affirmed."[27]

אין דעם זין באַטראַכטן מיר יצחק קאַצענעלסאָנס שאַפֿונגען אין זײַן לעצטן יאָר געטאָ, ווי אַ סימבאָלישע טווּנג וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר אַן אַנטשלאָסענעם גײַסטיקן ווידערשטאַנד. לויט דאָס געזאָגטע ביז איצט קען מען ברייט צעטיילן י.ק׳ס שאַפֿן אין וואַרשע, אויף צוויי אַלגעמיינע עיקר־חלקים: (א) בערך פֿון אָנהייב

ת״ש ביז ראש־השנה תש״ב; (ב) פֿון פסח תש״ב און ביז פסח תש״ג. צו דער פֿאַרטיילונג דאַרף מען צוגעבן אַ צווישן־פּרק פֿון פֿינף חדשים אין וועלכע עס איז אונדז נישט באַוווּסט צי ער האָט וואָס געשריבן, אַ חוץ אין חודש פֿעברואַר 1942 ווען ער האָט געשריבן זײַנע ״לידער פֿון קעלט״ און פֿאַרשריבן אַ טאָג־כראָניק פֿון וועלכער עס זײַנען צו אונדז דערגאַנגען נאָר געציילטע זײַטלעך.

דער אונטערשייד צווישןביידע עיקר־פּעריאָדן אין קאָרפּוס פֿון זײַנע וואַרשעווער שריפֿטן, איז אַ מהותדיקער. י.ק׳ס ליטעראַרישער רעאַגירן אין דעם ערשטן פּעריאָד איז כאַראַקטעריזירט נישט אַזוי מיט שאַפֿונגען און טעטיקייטן וואָס זאָלן זײַן דירעקט געווענדט קעגן די דײַטשן. דער צײַט־אָפּשניט איז בעסער כאַראַקטעריזירט מיט די אָנשטרענגונגען לטובֿת דעם ייִדישן אויסדויער, וואָס זײַנען דער עיקר־קאָמפּאָנענט פֿון י.ק׳ס שאַפֿן און קולטור־אַרבעט דאַן. אויב עס זײַנען יאָ פֿאַראַן אין זײַנע שריפֿטן פֿון יענער צײַט קריטישע אַקטיווע שטעלונגען און אַנטקעגנשטעלן, זײַנען זיי געווענדט מיט זייער גאַנצער שאַרפֿקייט כּלפּי־פּנים, קעגן די געטאָ־פּרנסים און קעגן די סאָציאַלע ווידעראַנאַנדן און אומגערעכטיקייטן וואָס הערשן אין געטאָ.

די צווייטע תּקופֿה איז כאַראַקטעריזירט מיט דירעקטע ליטעראַרישע רעאַגירונגען, געווענדט קעגן די נאַצי־דײַטשן. אין דעם צווייטן פּעריאָד פֿון זײַן שאַפֿן פֿאַרוואַנדלט זיך י.ק. אין אַ ״קעמפֿנדן״ שרײַבער וואָס פֿאַרפֿאַסט אַ קללה אויפֿן דײַטשן פֿאָלק, פֿון איין זײַט, און ווערט דער פּאָעט פֿון ייִדישער גײַסטיקער גבֿורה, פֿון דער צווייטער זײַט. אייגנטלעך איז י.ק׳ס שאַפֿן במשך פֿון די ערשטע צוויי און אַ האַלב יאָר מלחמה אַ דירעקטער המשך, אין אַ געוויסן זין, פֿון זײַנע פֿאַר־מלחמה־ווערק (זע ווײַטער). דערפֿאַר דאַרף די פֿראַגע וועגן די פֿאַרבינדונגען צי אַנדערשקייטן אין י.ק׳ס שאַפֿן פֿון פֿאַר און בעת דער מלחמה, נישט פֿאָרמולירט ווערן אין טערמינען פֿון אַ נישט־פֿאָרגעזעענעם פּלוצעמדיקן אומדערוואַרטן איבערבײַט בײַם שרײַבער צווישן צוויי אָפּגעפֿרעמדטע תּקופֿות, מישטיינס געזאָגט, – ווי דאָס פּראָבלעם ווערט אַרויסגערוקט אין דער ליטעראַרישער קריטיק וועגן י.ק׳ס שאַפֿן אין אַלגעמיין. די פֿראַגע דאַרף נאָך מער פֿאַרשאַרפֿט ווערן, און עס דאַרף געפֿרעגט ווערן אַ פֿראַגע וועגן אומבײַט וואָס איז פֿאָרגעקומען אין זײַן שאַפֿן אין געטאָ דער עיקר – פֿון אָנהייב אַפּריל 1942.

דער אָרט פֿון י.ק׳ס שאַפֿונגען פֿון פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה און די טראַדיציאָנעלע מקורים, אין זײַנע וואַרשעווער שריפֿטן – לויט דער כראָנאָלאָגישער רשימה ווערט קלאָר אַז אַ העלפֿט פֿון די דראַמאַטישע ווערק, די מאַטעריאַלן און פֿאָרשטעלונגען, פֿאַר די קינסטלערישע אָוונטן איז איבערגענומען געוואָרן פֿון גרייטן – גלײַך פֿון י.ק׳ס העברעיִשע ווערק פֿון פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה און פֿון תּנ״ך, מיטן צוגאָב פֿון אַ פֿאַרצווײַגטער איבערזעצערישער אַרבעט אין וועלכער י.ק. האָט אַרײַנגעלייגט פֿיל כּוחות און גרויסע מי. אויב אַזאַ מין אויסנוצן פֿון זײַנע שריפֿטן פֿון פֿאַר דער מלחמה, אין געטאָ דווקא – דאַרף אַ דערקלערונג, מוז אויך נישט ווייניקער דערקלערט ווערן פֿאַר וואָס האָט זיך י.ק. אַזוי שטאַרק באַמיט איבערצוזעצן פּרקים פֿון תּנ׳ך אין דער צײַט ווען יהואשס גלענצנדע איבערזעצונג איז זיכער אים געווען צו דער האַנט. אין דער צײַט אָבער וואָס יהואשס איבערזעצונג האָט פֿאַר אַ ציל טרײַ צו בלײַבן דעם טעקסט מיט דער הילף פֿון דער טײַטש־טראַדיציע, זוכט י.ק׳ס איבערזעצונג טרײַ צו בלײַבן דעם טעקסט מיט דער הילף פֿון זײַן אייגענער פּאָעטיק.[28] אַ מעגלעכער ענטפֿער אויףביידע אויבן דערמאָנטע פֿראַגן איז פֿאַרבונדן מיט י.ק׳ס זוכן, (בעת דער ערשטער לענגערער תּקופֿה אין דער געשיכטע פֿון די וואַרשעווער געטאָ־ייִדן און אין זײַן אייגענעם שאַפֿן) מעגלעכקייטן צו באַאַרבעטן ליטעראַטור ווי אַ מאַטעריאַל אויסניצבאַר אין פֿאָרשטעלונגען און קינסטלערישע אויפֿטריטן פֿאַרן פּובליקום, און ווי אַן

ענטפֿער צו די באַדערפֿענישן פֿון פּובליקום לויט ווי ער האָט זיך זיי פֿאָרגעשטעלט. ער פֿאַרבײַט דערפֿאַר יהואשס פֿאָרם פֿון אַ פּסוקים־איבערזעצונג אויף אַן איבערזעצונג אין לידפֿאָרם, בלײַבנדיק טרײַ דער פּסוקים־פֿאַרטיילונג. אויפֿן פֿאָן פֿון די אָנשטרענגונגען אָנצוהאַלטן אַ וואָס רעגולערערע קולטור־טעטיקייט עד יעבור זעם (ס׳הייסט ביז די מלחמה וועט זיך ענדיקן מיט היטלערס מפּלה) און איבער דער באַגרענעצטער וויסיקייט וועגן דאָס וואָס קען פֿאָרקומען מיט ייִדן – דאַרף י.ק׳ס ליטעראַרישע און קולטור־טעטיקייט פֿאַרשטיין ווערן – אין אָט דער ערשטער תּקופֿה, ביז אַן ערך ראש־השנה תש״ב. אין דעם ליכט דאַרפֿן אויך אָפּגעשאַצט ווערן זײַנע תּנ״ך־איבערזעצונגען, די איבערזעצונגען אויף ייִדיש פֿון זײַנע אייגענע פֿאַר־מלחמהדיקע שריפֿטן און דאָס אָנשרײַבן עטלעכע דראַמעס, פֿאָרשטעלונגען און לידער וועגן געטאָ־לעבן, טיילווײַז וועגן קינדער־לעבן און פֿאַר קינדער.

עס ווײַזט אויס אַז אין דער ערשטער תּקופֿה, האָט י.ק. זיך אָפּגעגעבן – מער ווי מיט אויסצודריקן זײַנע אייגענע געפֿילן און וועלט־באַנעם – דווקא מיטן שרײַבן פֿאַר די קולטור־דערציִערישע באַדערפֿענישן פֿון די וואָס אַרום אים, און דאָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויך אין זײַנע וויכטיקסטע שאַפֿונגען פֿון יענער צײַט. ער האָט אַזוי אַרום מיט דעם פֿאָרגעזעצט, אין אַ געוויסן זין, זײַן ליטעראַרישע קולטור־טעטיקייט פֿון פֿאַר דער מלחמה. אַפֿילו אין די דראַמעס אויף ייִדיש: ”על נהרות בבֿל“ און ”איובֿ“ (פֿון זײַנע וויכטיקסטע און שפּעטערע ווערק אין יענער ערשטער תּקופֿה) אין וועלכע ער פּרוּווט זיך פֿאַרמעסטן אויף אַן אַלגעמיינעם אופֿן מיט א י י נ י ק ע פֿון די אַספּעקטן אין דער נײַ־געשאַפֿענער ווירקלעכקייט – איז נאָך אַלץ נישט פֿאַראַן די דימענסיע פֿון אַ רעאַגירן דורך אַ דירעקטן פֿאַרמעסטן זיך מיטן מצבֿ אין אַלגעמיין, אַפֿילו ווען דאָרט ווערן שוין זייער בולט אַרויסגעבראַכט און טיף באַנומען די געפֿילן פֿון פּערזענלעכן אומגליק און אינערלעכע געדאַנקען־קאָנפֿליקטן, אין קאָנטעקסט פֿון אַ באַשרײַבונג וואָס באַלײַכט דעם ייִדישן לעבנס־געפֿיל אין היסטאָרישע צײַטן פֿון נאַציאָנאַלן חורבן. אויך אין די וויכטיקע ווערק איז נאָך אַלץ בולט, דער טעאַטער־שפּיל־עלעמענט און דער געדאַנקען־גאַנג פֿון אַ רעזשיסאָר וואָס שרײַבט פֿאַר סצענישע באַדערפֿענישן. זיי דערגאַנצן טאַקע אויף אַ ווונדערבאַרן אופֿן דעם געדאַנקלעכן אינהאַלט, אָבער פֿאַרפּיקסירן אים בלויז אין דער מדרגה פֿון אַ פֿילזײַטיקער ווירקלעכקייט־באַשרײַבונג, און פֿון אַ קאָנקרעטיזירן פֿון לעבנס־פּרינציפּן אין ייִדישן קיום, וואָס דאַרפֿן געשטאַרקט ווערן אין שווערע צײַטן, ווי למשל – דאָס פֿאַריאָען דאָס לעבן און פֿאַרניינען זעלבסטמאָרד ווי אַ דרך, אָדער די פֿעסטע אמונה אין קבּ״ה אויך ווען ס׳איז שוין נאָך אַלעמען, ווי בײַ איובֿ הקדמון. אַזוי זײַנען אַרײַנגעפֿלאָכטן געוואָרן אין דער דראַמע ”איובֿ“ גאַנצע קאַפּיטלען פֿון ספר איוב אין אַ ייִדישער איבערזעצונג, און אין דער דראַמע ”על נהרות בבֿל“ זײַנען אַרײַנגעפֿלאָכטן געוואָרן גאַנצע פּרקים פֿון ספר יחזקאל. זיי אַלע דאַרפֿן עס פֿאַרשטאַרקן די גרונט־טענדענצן אין די ווערק, און עס איז – אין די דראַמעס – אויך אָפּגעגעבן געוואָרן אַ סך אָרט און מי כּדי צו אַנטוויקלען די דראַמאַטישע שפּאַנונג אויף דער בינע, צוזאַמען מיט אַנדערע טעאַטער־עפֿעקטן.

אָט די עקספּרעסיווע טענדענצן אין י.ק׳ס שאַפֿן זײַנען אויך פֿאַראַן אין אַלע אַנדערע פֿאָרשטעלונגען פֿון דער תּקופֿה, וועלכע זײַנען צוגעגרייט געוואָרן אונטערשטרײַכנדיק אין זיי מערער דעם אַספּעקט פֿון גײַסטיקער באַפֿרידיקונג אין דער מדרגה פֿון דערציִערישער עמאָטיווקייט, ווי דעם אַספּעקט פֿון זעלבסט אַרויסזאָגן זיך און פֿולער רעאַקציע. מע קען דערפֿאַר רעזומירן זאָגנדיק אַז אין אָט דער ברייטער ערשטער תּקופֿה שטייט אין צענטער פֿון י.ק׳ס שאַפֿן, דער פּובליקום און זײַנע באַדערפֿענישן. י.ק. שאַפֿט פֿאַר אים און זאָגט זיך נאָך אַלץ ווייניק אַרויס אין נאָמען פֿון דעם פּובליקום און אין נאָמען פֿון זיך אַליין וויזאַווי דער קעגנוואַרט.

איבערזעצונגען — די אויבן דערמאָנטע טענדענצן ווערן נאָך קלאָרער ווען מיר באַטראַכטן די רעלאַטיוו גרויסע צאָל איבערזעצונגען געמאַכט פֿון י.ק. אין יענער תּקופֿה, אָנהייבנדיק פֿון ח.נ. ביאַליקס "על השחיטה", און ווײַטער פֿאַררעכענענדיק די פּאָעטישע און ביז גאָר פֿינקטלעכע איבערזעצונגען פֿון די נבֿיאים, נאָך נעמענדיק אין אַכט די געניויע איבערזעצונגען פֿון זײַנע אייגענע העברעיִשע פֿאַר־מלחמה ווערק, און פֿאַרענדיקנדיק מיט יענע תּנ״ך־איבערזעצונגען וואָס זײַנען אַרײַנגעפֿלאָכטן געוואָרן אין זײַנע אייגענע אָריגינאַלע שאַפֿונגען. אָט דער באַנוצן זיך מיט שוין פֿאַרטיקע ליטעראַרישע טעקסטן איז אַ באַווײַז פֿאַר דעם אַז אין דעם ערשטן פּעריאָד האָט י.ק. נאָך נישט באַטראַכט די געשעענישן ווי וועזנטלעך אַנדערש פֿון דעם וואָס איז געשען מיט די ייִדן אין אַנדערע צײַטן. נישט געקוקט אויף דעם וואָס אין די דראַמען און פֿאָרשטעלונגען פֿון דעם פּעריאָד שרײַבט י.ק. וועגן פֿראַגן פֿון טויט און לעבן און וועגן גײַסטיקע מדרגות און קאַמף פֿאַר אייגנאַרטיקייט, מוז מען אָבער זאָגן אַז זײַן אינטויִטיווע פֿאַר־מלחמהדיקע דערקענטעניש וועגן גורל וואָס דערוואַרט ייִדן פֿון דײַטשע הענט בפֿרט און מצד דער וועלט בכּלל, וועלכע האָט אַ סך פֿריִער פֿאָרגעזען דאָס וואָס שפּעטער איז געשען — אָט דער פֿאָרגעפֿיל, די דע־קענטעניש איז ווי עס ווײַזט אויס נישט געוואָרן אין דער ערשטער צײַט פֿון זײַן שאַפֿן קיין אינטעגראַלער טײל פֿון זײַן באַוווסטזײַן. אויך י.ק., צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע ייִדן האָט זיך דאַן נאָך נישט געקענט באַפֿרײַען פֿון היסטאָרישע פֿאַרגלײַכן און פֿון דעם היסטאָריש־באַדינגטן געדאַנקען־גאַנג. יצחק קאַצענעלסאָנס השגות בעת דעם ערשטן פּעריאָד אין זײַן שאַפֿן, וועגן זײַן אויפֿגאַבע ווי אַ שרײַבער, געפֿינען מיר אין זײַן אַרטיקל צו ח.נ. ביאַליקס אָנדענק און אין זײַן ליטעראַטור־קריטישן אַרטיקל וועגן מענדעלע מוכר ספֿרימס שאַפֿן. פֿון די צוויי אַרבעטן, וועלכע זײַנען געדרוקט געוואָרן אין דער אונטערערדישער פּרעסע אין וואַרשע, איז קלאָר אַז י.ק. האָט זיך דאַן נישט געפֿילט מחויבֿ אַרויסצוטרעטן מיט זײַן אייגענער רעאַגירונג צו די נאַצישע רדיפֿות פֿון 1939־1940, אפֿשר ווײַל ער האָט זיי באַטראַכט ווי אַ קולמינירונג פֿון געשעענישן ענלעכע צו די שוין באַקאַנטע פּאַסירונגען אין דער ייִדישער געשיכטע פֿון דער מאָדערנער צײַט, במשך פֿון די לעצטע זעכציק יאָר פֿון ייִדישע לײַדן, ביז זײַן צײַט. דערפֿאַר אפֿשר זײַנען י.ק׳ס עיקר־השגות וועגן דער פֿונקציע וואָס די ליטעראַטור און זײַן אייגענער שאַפֿן דאַרפֿן דערפֿילן — צו זײַן אַן אָנשפּאַר און אַ טרייסט, אַ כּוח וואָס זאָל דערמוטיקן די געפֿאַלענע געמיטער מיט דער הילף פֿון אירע דערגרייכונגען ביז דאַן. די ליטעראַטור, ווי אַזאַ, ווערט נאָך דאַן נישט אַרויסגעפֿאָדערט בײַ אים זיך צו פֿאַרמעסטן אויף אַ באַנײַטן אָנשטרענג צו מפֿרש זײַן און געשטאַלטיקן די ווירקלעכקייט. אַזאַ פֿאַרפֿליכטונג און באַדערפֿעניש ווערט ערשט אַקטועל און מעגלעך בײַ אים, מיט באַנײַטן אייפֿער, ערשט אין צווייטן, ברייטן פּעריאָד פֿון זײַן שאַפֿן.

די פֿאַרשיידן־מיניקע טעמאַטיק. — דער אויבן דערמאָנטער באַנעם קומט צום אויסדרוק אין דער ערשטער תּקופֿה מיט י.ק׳ס פֿיל־מיניקער טעמאַטיק און איר פֿילפֿאַכיקן כאַראַקטער: באַשרײַבונגען פֿון דער געטאָ־ווירקלעכקייט; די גײַסטיקע ווידעראַנאַנדן צווישן יעקבֿ און עשׂו; ייִדישע יום־טובֿים — חנוכּה און פּורים; געטאָ־טיפּן; די תּנ״ך וועלט און הקב״ה אין איר צענטער מיט זײַן באַציִונג צום פֿאָלק ישׂראל; היטלער מיט זײַנע פּלענער פֿון וועלט־הערשאַפֿט; די גײַסטיקע מדרגה און די פּראָבלעמאַטיק פֿון דור חלוצים אין א״י, לידער און פּאָעמעס וועגן די נאַצי־קרבנות אאַז״וו. אָט די ברייטע גאַמע פֿון ליטעראַרישע טעמעס אין י.ק׳ס ערשטן ברייטערן שאַפֿונגס־פּעריאָד זאָגט עדות וועגן אַ היפּשער צעשפּליטערונג פֿון י.ק׳ס שאַפֿערישער ענערגיע. דאָס קען נאָר דערקלערט ווערן אין ליכט פֿון דעם אָרט וואָס דאָס ליטעראַרישע שאַפֿן פֿאַרנעמט בײַ אים, אין באַציִונג צו דעם וואָס דער שרײַבער וויל דערגרייכן מיט זײַן שרײַבן בײַ אַנדערע — און נישט אין ליכט פֿון דעם וואָס דער שרײַבער אַליין וויל אויסדריקן. דאָס ווערט נאָך בולטער ווען מיר

פֿאַרגלײַכן די פֿיל־מיניקייט פֿון דער טעמאַטיק אין ערשטן פּעריאָד מיט דער פֿיל באַשרענקטערער, צילגעווענדטער און צילבאַוווסטער טעמאַטיק פֿון צווייטן גרעסערן פּעריאָד אין זײַן שאַפֿן. מיר טרעפֿן אין דער ערשטער גרעסערער תּקופֿה: קורצע לידער לכּבֿוד פּורים צוזאַמען מיט אַ סעריע לידער וועגן הונגער און קעלט, און שפּילעוודיקע תּנ״ך־פֿאַרשטעלונגען, צוזאַמען מיט שאַרף־קריטישע לידער אויף סאָציאַלע טעמעס, ווי אויך היסטאָרישע תּנ״ך־דראַמעס פֿון ווײַטע אַפֿילו ווען באַקאַנטע צײַטן, באַשריבן אין ליכט סײַ פֿון דעם נאַציאָנאַלן ייִדישן היסטאָרישן חורבן און סײַ דעם פּערזענלעכן, מיט געשטאַלטן, פֿון גײַסטיקע פֿאַרצײַטיקע העלדן. און צו די אַלע – אויך אַ ליד קעגן היטלער און קינדער־פֿאַרשטעלונגען. באַטראַכטנדיק אָט די פֿילזײַטיקייט אין דער טעמאַטיק פֿון ערשטן גרעסערן פּעריאָד, דערפֿילט מען, אין פֿאַרגלײַך מיט דער טעמאַטיק פֿון צווייטן פּעריאָד, אַז אין י.ק׳ס שאַפֿן איז פֿאָרגעקומען אַ גײַסטיקע גרונטיקע אומוואַנדלונג צוזאַמען מיט אַ ווײַט גרייכנדיקער טראַנספֿאָרמאַציע אין דער טעמאַטיק: פֿון איין זײַט טרעפֿן מיר אין דער כראָנאָלאָגישער רשימה אין צווייטן גרעסערן פּעריאָד, אַ לירישע פּאָעמע ווו י.ק. באַווײנט דעם טויט פֿון זײַן פֿרוי און צוויי פֿון זײַנע זין, צוזאַמען מיט פּײַן־ און צאָרן־לידער וועגן דער פֿאַרניכטונג פֿון ייִדישן פֿאָלק; און פֿון דער צווייטער זײַט טרעפֿן מיר באַשרײַבונגען פֿון גײַסט־גיבורים וועלכע פֿאַרנײנען דעם טויט צו וועלכן זיי ווערן געפֿירט און זאָגן עדות מיט זייערע טוּונגען וועגן דער עקסיזטענץ פֿון אַן עיקר אויף וועלכן דער טויט האָט קיין שליטה נישט, צוזאַמען מיט באַשרײַבונגען פֿון באַוואָפֿנטע קעמפֿער וועמענס קאַמף ווערט געפֿירט, נישט לעבנס צו ראַטעווען נאָר מיטן צוועק צו באַשײַנען און דערהייבן דעם ייִד אויפֿן וועג צום טויט.

אָט די ריכטונגען אין י.ק׳ס שאַפֿן קענען קלאָר אַרויסגעזען ווערן פֿון דער אויבן געבראַכטער כראָנאָלאָגישער רשימה. דעם היסטאָרישן קאָנטעקסט פֿאַר אָט דער אַנטוויקלונג אין י.ק׳ס.שאַפֿן, וועלן מיר ווײַטער באַהאַנדלען פּרטימדיקער אין די קומענדיקע טיילן פֿון דעם אַרײַנפֿיר. דורכן קוקווינקל פֿון דער געשיכטע פֿון וואַרשעווער געטאָ און פֿון דער דרור־החלוץ־באַוועגונג אין איר, קען מען אָנווײַזן אויף אַכט עיקר־תּקופֿות אין לעבן פֿון די וואַרשעווער ייִדן, אין וועלכע ס׳האָבן זיך קריסטאַליזירט די נאַצישע דערדריקונגס־שיטות און אויסראָטונגס־פֿאָרמען, און די עטאַפּן אין ייִדישן ווידערשטאַנד פֿון וועלכן י.ק׳ס שאַפֿן איז אַ באַשטייטייל. און דאָס איז די כראָנאָלאָגישע פֿאַרטיילונג:

(א) פֿון מלחמה־אויסברוך ביז מאַי 1940

(ב) פֿון מאַי/יוני ביז דעם אויפֿקום פֿון געטאָ, דעם 15טן נאָוועמבער 1940

(ג) פֿון 15טן נאָוועמבער ביזן אויסברוך פֿון דער דײַטש־רוסישער מלחמה, דעם 22טן יוני 1941

(ד) פֿון דער צווייטער העלפֿט פֿון יאָר 1941 ביזן 18טן אַפּריל 1942

(ה) פֿון 18טן אַפּריל 1942 ביזן אָנהייב פֿון גרויסן גירוש, דעם 22טן יולי 1942

(ו) די צײַט פֿון גרויסן גירוש, פֿון 22טן יולי ביזן 12טן סעפּטעמבער 1942

(ז) פֿון 13טן סעפּטעמבער 1942 ביזן 17טן יאַנואַר 1943

(ח) פֿון 18טן יאַנואַר 1943 ביזן אָנהייב פֿון גרויסן אויפֿשטאַנד – 19טן און 20טן אַפּריל 1943.

די פֿאַרבינדונגען צווישן דער כראָנאָלאָגישער פֿאַרטיילונג און די אַנטוויקלונג פֿון יצחק קאַצענעלסאָנס שאַפֿן, ווערן באַהאַנדלט אין די ווײַטערדיקע טיילן פֿון דעם אַרײַנפֿיר אין וועלכן מיר וועלן זיך אויך באַציִען צו די היסטאָרישע געשעענישן לויט וועלכע מיר באַשטימען די כראָנאָלאָגישע פֿאַרטיילונג.

## יצחק קאַצענעלסאָנס קולטור־אַרבעט און ליטעראַרישע שאַפֿונג

יצחק קאַצענעלסאָן איז אָנגעקומען אין וואַרשע, ווי עס זעט אויס, צווישן 14טן און 19טן נאָוועמבער 1939 פֿון זײַן וווינשטאָט לאָדזש, נאָכן אויסבאַהאַלטן זיך דאָרט צוויי און אַ האַלב מאָנאַטן זײַענדיק פֿאַרפֿאָלגט פֿון דער געסטאַפּאָ. אין "דאָס ליד פֿון אויסגעהרגעטן יידישן פֿאָלק" זאָגט ער וועגן זיך דאָן: "כ'האָב אין די ערשטע טעג פֿון זייער זיך אַרײַנרײַסן אין שטאָט שוין נישט געגעכטיקט אין מײַן הויז" (דאָרט, ז' 84). י.ק. בלײַבט אפֿשר אין לאָדזש ביזן 17טן נאָוועמבער לכל־הפּחות, גלײַך אָבער נאָכן פֿאַרעפֿנטלעכן די גזירה וועגן אַ יידישן שאַנדצייכן אין לאָדזש האָט ער געמוזט אַנטלויפֿן פֿון שטאָט.[29] שוין בעתן ערשטן עטאַפּ פֿון נאַצישן אויסראָטונגס־פּלאַן פֿאַר יידן איז די יידישע אינטעליגענץ געווען בראש אין דער רשימה פֿון די געזוכטע, צוזאַמען מיט די געזעלשאַפֿטלעכע און פּאַרטיי־אַקטיוויסטן. יצחק קאַצענעלסאָן האָט אייגנטלעך געהערט צו אַלע דרײַ קאַטעגאָריעס, זײַענדיק אי אַ שרײַבער און אי אַ נאָענטער מענטש צו די סאָציאַליסטיש־ציוניסטישע קרײַזן, ווי אויך אַ צענטראַלע פֿיגור אין לאָדזשער קולטור־לעבן. די דײַטשן זײַנען באַלד נאָך זייער פֿאַרנעמען לאָדזש, דעם אַכטן סעפּטעמבער 1939, אַרומגעגאַנגען מיט פֿון פֿאָרויס צוגעגרייטע רשימות און געזוכט די מענטשן פֿון שטוב צו שטוב. צווישן זיי זײַנען געזוכט געוואָרן אויך שרײַבער און זשורנאַליסטן.[30] אויף וויפֿל דאָס איבערבלײַבן אין לאָדזש איז פֿאַר י.ק. געווען אַ רעאַלע סכּנה קען מען אַרויסדרינגען פֿון פֿאַקט וואָס אַפֿילו מיט אַ יאָר שפּעטער – ענדע 1940 – זוכט נאָך אַלץ די געסטאַפּאָ אין לאָדזש יצחק קאַצענעלסאָנען. אין אַ ספּעציעלן בריוו פֿון ביבאָוון, דער הויפּטמעדער פֿון יידן אין לאָדזש און דער האַר אויף זייער לעבן און פֿאַרמעגן, שרײַבט ער צו מרדכי חיים רומקאָווסקין ער זאָל אים באַלד מודיע זײַן וווּ געפֿינט זיך יצחק קאַצענעלסאָן, וועלכער האָט געוווינט אויף דער גאַס זאַוואַדזקע, נומ' 13.[31] לויט אַלע פֿאַראַנענע מקורים קומט אַרויס אַז נתן עק האָט זיך געטראָפֿן מיט י.ק. אין וואַרשע, אַ צוויי דרײַ טעג נאָך דעם ווי י.ק. איז געקומען קיין וואַרשע, און אויב דאָס איז טאַקע געשען דעם 19טן נאָוועמבער 1939 ווי עק דערציילט, איז אָנצונעמען אַז י.ק. האָט פֿאַרלאָזן לאָדזש דעם 16טן צי דעם 17טן נאָוועמבער.[32]

וועגן דער ערשטער העלפֿט פֿון ערשטן יאָר וואָס י.ק. איז געווען אין וואַרשע, ווייסן מיר זייער ווייניק. לויט דער כראָנאָלאָגישער רשימה פֿון זײַנע איבערגעבליבענע צי באַקאַנטע שריפֿטן, ווי אויך לויט אייניקע עדותשאַפֿטן – איז כּמעט ווי זיכער אַז י.ק. האָט אין יענער צײַט גאָרניט געשריבן, בעת ער איז געווען אין גאַנצן אַרײַנגעטאָן אין פֿאַרצווייפֿלונג און אָנמאַכטיקייט. י.ק. איז קיין וואַרשע אַנטלאָפֿן אַליין, איבערלאָזנדיק אין לאָדזש זײַן ווײַב מיט דרײַ זין. געמיינט האָט ער אין יענער צײַט אַז די דײַטשן לויערן בלויז אויף זײַן לעבן. וועגן דעם שרײַבט ער אין "פּנקס ויטל": "פֿאַרלאָרענע זענען מיר דעמאָלט אַלע געווען אין וואַרשע, איך וואָס כ'בין אַנטלאָפֿן פֿון לאָדזש נאָך מער ווי אַלע, ווײַל כ'האָב נישט געוווּסט וואָס צו טאָן, מײַן משפּחה איז געבליבן אין לאָדזש ווײַל ס'באַדראָט זיי נישט קיין סכּנה (אַזוי האָבן מיר געגלייבט!)" (פּנקס ויטל, ז' 160). אַ פּאָר וואָכן נאָך זײַן אַנטלויפֿן פֿון לאָדזש האָט זיך י.ק. דערוווּסט אַז זײַן פֿרוי מיט זײַנע דרײַ זין זײַנען פֿאַרטריבן געוואָרן אויף אַן אומבאַוווּסטן אָרט. נאָך טעג און נעכט פֿון אומזיכערקייט און שלאָפֿלאָזיקייט האָט ער זיך דערוווּסט אַז פֿאַרטריבן זײַנען זיי געוואָרן קיין קראָקע.[33] וועגן קאַצענעלסאָנס צעבראָכנקייט אין יענער צײַט דערציילט יוסף קאָרניאַנסקי, י.ק.'ס אַן אַלטער באַקאַנטער, אַז ווען ער איז סוף 1939 געקומען אין דזשוינט־בנין האָט ער דאָרט געטראָפֿן י.ק. וואַרטנדיק אַז איינער פֿון די דזשוינט־דירעקטאָרן זאָל אים אויפֿנעמען. קאָרניאַנסקי באַטאָנט אַז ער האָט אים כּמעט ווי ניט דערקענט, זײַן אינערלעכע צעבראָכנקייט איז אים געלעגן אויפֿן פּנים.[34]

נאָך דעם ווי זײַן משפּחה איז אָנגעקומען קיין וואַרשע, אין יאַנואַר 1940, האָט י.ק. באַשלאָסן אַלץ צו טאָן כּדי אַוועקצופֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל. צווישן סוף 1939 און אַפּריל 1940 האָבן די דײַטשן דערמעגלעכט דעם אַרויספֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל. אַ פּאָר טויזנט ייִדן האָבן אוספּיִעט אַרויסצופֿאָרן פֿון פּוילן קיין טריעסט און פֿון דאָרטן – ווײַטער. צווישן די קאַנדידאַטן עולה צו זײַן קיין ארץ־ישׂראל, פֿון די ציוניסטישע אינסטיטוציעס, איז געווען אויך יצחק קאַצענעלסאָן. זײַן נאָמען איז געשטאַנען אויף איינעם פֿון די ערשטע ערטער אין די רשימות וואָס זײַנען אָנגעקומען קיין וואַרשע פֿון טריעסט. אַלץ איז שוין געווען גרייט צו דער נסיעה, אַפֿילו דער באַגאַזש פֿון דער משפּחה קאַצענעלסאָן איז שוין אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין ארץ־ישׂראל. פּלוצעם איז אים איבערגעגעבן געוואָרן, אין אַפּריל 1940, אַז ס׳איז מער קיין מעגלעכקייט ניט פֿאַראַן אַוועקצופֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל, און אַז די גרויסע סומעס געלט וואָס ער האָט באַצאָלט – זײַנען פֿאַר אים אויך פֿאַרלאָרן.[35] י.ק.׳ס דערשלאָגנקייט איז געווען אַזוי גרויס אַז אין זײַן פֿאַרצווייפֿלונג האָט ער פֿאַרפֿירט אַ סכסוך מיט אליעזר ל. בלאָך, דער איינציקער פֿון די דרײַ ציוניסטישע כּלל־טוער וועלכע האָבן זיך פֿאַרנומען מיט זײַנע עמיגראַציע פּאַפּירן, וואָס איז געבליבן אין וואַרשע. י.ק. האָט אים באַשולדיקט, ווי עס ווײַזט אויס אָן רעכט, אין דורכפֿאַל פֿון זײַן עליה.[36] די פּאָזיטיווע און נישט געוויינלעכע געשטאַלט פֿון אַ כּלל־טוער, וואָס באַקומט זיך פֿון די פֿאַרשיידענע מקורים וועגן א.ל. בלאָך באַטאָנט נאָך בולטער י.ק.׳ס פֿאַרצווייפֿלונג און פֿרוסטרירונג; י.ק. האָט נישט געקענט אײַנהאַלטן אין זיך זײַן צער און צאָרן און האָט ביי אים געפֿאָדערט צוריק זײַן געלט.[37] י.ק.׳ס פֿאַרביטערטקייט איז נאָך מער פֿאַרשטאַרקט געוואָרן דורכן פֿאַקט וואָס די רײַזע־אַגענטן האָבן זיך פֿריִער באַשעפֿטיקט מיטן אָפּפֿאָר פֿון די וואָס האָבן פּריוואַט באַצאָלט אַ העכערע סומע, און י.ק. האָט געטענהט, נישט אָן רעכט, אַז ווען ער וואָלט זיך געווען געווענדט פּערזענלעך צו אַ רײַזע־אַגענטור און דירעקט באַצאָלט, איידער איבערגעבן זײַן ענין אין די הענט פֿון כּלל־טוער, וואָלט ער שוין געהאַט אַוועקגעפֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל, גלייך ווי עס האָבן עס טאַקע געטאָן אַנדערע ייִדן.[38] לויט ווי נתן עק באַשטעטיקט האָט אָט דער ענין איבערגעלאָזט בײַ י.ק. אַ שטענדיקן ווונדיקן זכרון וואָס האָט זיך פֿון אים נישט אָפּגעטאָן און באַשווערט זײַן געמיט. נתן עק, וועלכער האָט צוזאַמען מיט י.ק. איבערגעלעבט שווערע צײַטן אין וואַרשעווער געטאָ און אויך אין וויטעל לאַגער, זאָגט נאָך מער: "ביז לעצטן מאָמענט פֿון זײַן לעבן האָט ער פֿאַרגעדענקט די ביטערע אַנטוישונג".[39]

עס זעט אויס אַז די ערשטע תּקופֿה פֿון י.ק.׳ס לעבן אין וואַרשע, איז קיין לײַכטע נישט געווען, איבער דער צעשיידונג צווישן אים און זײַן משפּחה צו ערשט, דערנאָך איבער זײַנע עליה־פּלענער וואָס זײַנען צו נישט געמאַכט געוואָרן, און די געשפּאַנטע באַציִונגען צווישן אים און פֿאַרשיידענע סעקטאָרן אין דער ייִדישער געזעלשאַפֿטלעכקייט. פֿאַר י.ק. וואָס איז סוף סוף געווען אַ פֿרעמדער אין וואַרשע און אַהין אָנגעקומען אָן זײַן פֿאַרמעגן וואָס איז פֿאַרכאַפּט געוואָרן און אָן זײַן משפּחה, איז אָט די ערשטע תּקופֿה צוזאַמען מיט די אויבן דערמאָנטע באַשווערנדיקע פֿאַקטאָרן, געווען אַ ביז גאָר ביטערע. איבער הויפּט פֿאַר אים – זײַענדיק ווי ער איז געווען אַקטיוו געשטימט לטובֿת געזעלשאַפֿטלעכער קולטור־אַרבעט, אַפֿילו אונטערן נאַצי־רעזשים בעת די ערשטע וואָכן אין דער אָקופּירטער לאָדזש. נישט געקוקט אויף זײַן שווערן מצבֿ אין לאָדזש גלײַך נאָך דעם ווי זי איז געוואָרן אָקופּירט, האָט זיך י.ק. נישט איזאָלירט און אַקטיוו גענומען אָן אָנטייל אין דער געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט פֿאַרן ייִדישן חינוך אין לאָדזש אונטער דער דײַטשער אָקופּאַציע. נישט ווי אין וואַרשע, האָבן די דײַטשן אין לאָדזש דערמעגלעכט ייִדן זאָלן עפֿענען ייִדישע שולן, פֿון אָנהייב אָן – לכל הפּחות פֿון פֿאָרמעלן שטאַנדפּונקט. בעת דער צווייטער העלפֿט פֿון אָקטאָבער 1939 האָט מ.ח. רומקאָווסקי באַשטימט אַ קאָמיסיע פֿאַרן ייִדישן חינוך, און יצחק קאַצענעלסאָן איז געווען צווישן אירע מיטגלידער.[40] די קאָמיסיע איז באַשטאַנען פֿון דערציִער און מיטגלידער פֿון ערשטן בײַראַט, דער ערשטער

יידנראַט וואָס האָט עקזיסטירט בלויז איין חודש. די נאָמינירונג פֿון די בײַראַט־מיטגלידער איז צעשיקט געוואָרן דעם 16 אָקטאָבער 1939, און די קאָמיסיע פֿאַר יידישן חינוך איז צונויפֿגערופֿן געוואָרן דעם 18טן אָקטאָבער. נאָכן 11טן נאָוועמבער, מיטן אַרעסט און דערמאָרדונג פֿון כמעט אַלע בײַראַט־מיטגלידער, האָט די געסטאַפּאָ אָפּגעריכט שטוב־וויזיטן בײַ אַלע יידישע כּלל־טוער. דאַן האָט זיך די קאָמיסיע פֿאַר יידישן חינוך צעפֿאַלן און אירע מיטגלידער האָבן אָנגעהויבן צו אַנטלויפֿן פֿון לאָדזש. קאַצענעלסאָן, ווי געזאָגט, איז געווען איינער פֿון זיי.[41] דער נאַצי־טעראָר וואָס האָט זיך דאַן צעבושעוועט איז געווען דירעקט געצילט אין געזעלשאַפֿטלעכן סעקטאָר ווו קאַצענעלסאָן האָט זיך געפֿונען, און נאָך פֿריִער איז ער אָנגעווענדעט געוואָרן צום סאַמע האַרץ פֿון די ליטעראַרישע און קולטור־קרײַזן. דעם ערשטן נאָוועמבער 1939 האָבן די דײַטשן באַפֿאַלן דעם קאַפֿע "אַסטאָריאַ", איינער פֿון די באַוווּסטסטע צונויפֿטרעף־פּונקטן אין לאָדזש, ווו שרײַבער, קינסטלער און עסקנים פֿלעגן זיך טרעפֿן אויף אַ נישט־פֿאָרמאַלן אופֿן, במשך יאָרן. צווישן זיי פֿלעגט אויך זײַן י.ק. מיט זײַן קרײַז.[42] די בנינים פֿון די יידישע גימנאַזיעס זײַנען קאָנפֿיסקירט געוואָרן און פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין געסטאַפּאָ־ביוראָען און פֿײַניקונגס ערטער. אויך יצחק קאַצענעלסאָנס גימנאַזיע און דער גאַנצער בנין, מיט די אָנפֿאַנג־שול־קלאַסן און קינדערגאָרטן־צימערן זײַנען קאָנפֿיסקירט געוואָרן.[43] י. קאַצענעלסאָנס גימנאַזיע איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאַזאַרמע, זײַן האָב־און־גוטס איז צערויבט געוואָרן, דער ספּאָרט־זאַל וואָס אין הויף פֿון דער גימנאַזיע איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ זאַמלפּונקט פֿאַר געכאַפּטע יידן אין שטאָט, דאָרט האָט מען זיי געפּײַניקט און פֿון דאָרט זײַנען זיי צעשיקט געוואָרן אויף צוואַנגאַרבעט.[44]

י.ק'ס אויסזיכטן צו געפֿינען אַרבעט צי אַן אָנשפּאַר אין דער ערשטער וואַרשעווער תּקופֿה, במשך פֿון דעם ערשטן האַלבן יאָר, זײַנען זיכער נישט געווען פֿון די בעסטע. ער אַליין האָט אָפֿיציעל נישט געהערט צו קיין שום פּאָליטישער ריכטונג, און זײַענדיק פּראָפֿעסיאָנעל פֿאַרבונדן מיטן סעקטאָר פֿון יידישן פּריוואַטן חינוך האָט ער אין וואַרשע זיך אָנגעטראָפֿן, פֿון איין זײַט, אויף אַ שווערער קאָנקורענץ צווישן פּריוואַטע שולן, און פֿון דער צווייטער זײַט אויף אַ שווערן מצבֿ אין יידישן חינוך אין אַלגעמיין, נאָך דעם ווי די דײַטשן האָבן פֿאַרווערט צו עפֿענען די שולן, ווי אויך יעדע פּריוואַטע דערציִונג אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש. אין דער צײַט האָט י.ק. געלעבט אין אָרעמקייט, און געמוזט פֿאַרקויפֿן זײַנע פּערזענלעכע חפֿצים.[45]

יידישע אַרבעטסלאָזע לערער אין וואַרשע האָבן צו מאָל געפֿונען עפּעס אַן אויסוועג כּדי זיך אָפּצוראַטעווען פֿון הונגער, אָרגאַניזירנדיק "קאָמפּלעטן", קליינע גרופּעס תּלמידים וואָס פֿלעגן קומען אויף אַ פּאָר שעה צום לערער אַהיים זיך לערנען.[46] די ערשטע צײַט פֿון זײַן לעבן אין דער אָקופּירטער וואַרשע, במשך פֿון דעם ווינטער 1939, איז י.ק. געווען ווײַזט אויס, פֿון די אַרבעטסלאָזע לערער און געליטן פֿון קעלט און הונגער. אָט די תּקופֿה מיט אירע איבערלעבענישן ווערט מן הסתם דער הינטערגרונט פֿאַר י.ק'ס אויטאָביאָגראַפֿישע "לידער פֿון הונגער" און "לידער פֿון קעלט". די לידער זײַנען טאַקע געשריבן געוואָרן ערשט מיט אַ יאָר, און צוויי שפּעטער (אין מאַי 1941 און פֿעברואַר 1942), אָבער זיי שטיצן זיך, אויך אויף יענע שווערע איבערלעבונגען.

במשך פֿון דעם ווינטער פֿון יאָר 1940/1939 זײַנען די הויפּט באַדינגונגען פֿאַר י.ק'ס עלנטן לעבן אין וואַרשע געווען: גײַסטיקע פֿאַרקלעמעניש, קעלט, הונגער און אַרבעטסלאָזיקייט אין אַ צײַט פֿון צעשטערונג און פֿאַרבאָט פֿון יידישן חינוך.[47] פֿון יענער צײַט זײַנען קיין שריפֿטן פֿון י.ק. נישט געבליבן און עס איז זייער מעגלעך אַז ער האָט דאַן טאַקע גאָרניט געשריבן, חוץ אפֿשר די 16 שורות פֿון ליד "אויף וועגן פֿון אַמאָל", וואָס איז אָן אַ דאַטע. מיר זײַנען זיך אָבער משער אַז עס שטאַמט פֿון יענער תּקופֿה.

פֿון חודש מאַי 1940 לערך, איז פֿאָרגעקומען אַ גרונטיקע ענדערונג אין י.ק'ס לעבן און אויך אין דער

געשיכטע פֿון דער חלוצישער וואַרשע – מיטן אָנפֿאַנג פֿון דער רעאָרגאַניזאַציע פֿון דער דרור־החלוץ־באַוועגונג און זייער קיבוץ אויף דזיעלנאַ 34. במשך מאַי־יוני 1940 האָט זיך י.ק. באַפֿרייַט פֿון דער אָנמאַכטיקייט און גייַסטיקער פּאַראַליזירונג וואָס האָט אים באַפֿאַלן, נאָך דעם ווי ער איז צוגעשטאַנען צו דער דערציִערישער און קולטור־טעטיקייט פֿון דער באַוועגונג. יצחק צוקערמאַן דערציילט וועגן דעם: ״באַלד ווי די צעשטערטע אָפּצווייַגן פֿון ׳דרור׳ זייַנען צוריק אויפֿגעשטעלט געוואָרן, איז די באַוועגונג אַרויס מיט אַן איניציאַטיוו צו פֿאַרזאַמלען קאָנספּיראַטיוו אַ פּאָר צענדליק פֿון אירע אַקטיווע חבֿרים אין דער פּראָווינץ און אין וואַרשע, אויף אַ זעקס־וואָכיקן סעמינאַר. כּלל־טוער וואָס זייַנען פֿאַרבעטן געוואָרן צוצוהעלפֿן האָבן זיך אָפּגעזאָגט אויס מורא פֿאַר דער סכּנה וואָס איז מיט דעם געווען פֿאַרבונדן. זיי האָבן געוואָלט איבערוואַרטן ביז ס׳וועט רויִקער ווערן. יצחק קאַצענעלסאָן אָבער איז גלייַך צוגעטראָטן צו דער אַרבעט״.[48] די סיבה פֿאַר דער פֿאַרשפּעטיקונג בייַם צוריק אויפֿשטעלן די נאָענטע באַציִונגען צווישן י.ק. און די דרור־החלוץ־באַוועגונג, מיט וועלכער ער איז געווען באַפֿרייַנדעט במשך פֿון די לעצטע צען יאָר, איז געווען פֿאַרבונדן מיטן מלחמה־אויסברוך און מיט דער השפּעה פֿון קריג אויף דער גאַנצער באַוועגונג. די פֿאַרשיידענע אָפּצווייַגן פֿון דער באַוועגונג אין לאָדזש און וואַרשע האָבן אָפּגעשטעלט זייער טעטיקייט, די מיטגלידער זייַנען זיך צעגאַנגען. דאָס רובֿ אין קיבוץ־הכשרה אויפֿן נאָמען פֿון בער באָראָכאָוו אין לאָדזש מיט וועמען י.ק. איז געווען פֿאַרבונדן דורך פֿרייַנדשאַפֿט און אויך אידעיִש, איז מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטראָם פּליטים און געוואַנדערט אין די הונדערטער אויף די וועגן קיין וואַרשע, באַלד אין די ערשטע וואָכן פֿון דער מלחמה. אויך די אָנפֿירערשאַפֿט פֿון דער החלוץ־צענטראַלע איז צעשפּרייט און צעזייט געווען איבער פּוילן און אַ היפּשע פּאָר חדשים זייַנען אַריבער ביז אין וואַרשע איז צוריק אויפֿגעשטעלט געוואָרן אַן אָנפֿירונג.[49] לויט ווי צבֿיה לובעטקין דערציילט אין אירע זכרונות, איז זי אָנגעקומען קיין וואַרשע ערשט אָנהייב יאַנואַר 1940, דירעקט פֿון דער ערשטער דרור־קאָנפֿערענץ וואָס איז פֿאָרגעקומען קאָנספּיראַטיוו אין רוסיש־באַוועלטיקטן לעמבערג. אויף דער קאָנפֿערענץ זייַנען באַשטימט געוואָרן דאַן צוויי גרונטליניעס פֿאַר דער ווייַטערדיקער טעטיקייט אין נאַצי־אָקופּירטן פּוילן: זוכן וועגן קיין ארץ־ישׂראל און באַנייַען די עקזיסטענץ פֿון דער יוגנט־באַוועגונג. באמת האָבן די דרור־חברים אין וואַרשע, זיך פֿאַרנומען במשך פֿון די ערשטע מאָנאַטן פֿון יאָר 1940 מיט סאָציאַלער הילף און מיט אינערלעכער רעאָרגאַניזאַציע. וועגן דער סיסטעמאַטישער אַרבעט מיט יוגנט אין די אָפּצווייַגן פֿון דער באַוועגונג איז נאָך צו קיין רייד נישט געקומען אין יענער צייַט. מיט דעם האָט זיך די באַוועגונג ערשט אַקטיוו פֿאַרנומען נאָך דעם ווי יצחק צוקערמאַן און טובֿיה באָזשיקאָווסקי זייַנען אָנגעקומען קיין וואַרשע מיט אַ פּאָר מאָנאַטן שפּעטער.[50]

אין דער געשיכטע פֿון דער דרור־החלוץ־באַוועגונג בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, זייַנען די חדשים סעפּטעמבער 1939 – אַפּריל 1940 איין לאַנגער פּעריאָד פֿון אינפֿאָרמאַציע־זוכענישן וועגן די באַוועגונג־חבֿרים כּדי פֿון דאָס ניַי צו אָרגאַניזירן די אָפּגעשטעלטע טעטיקייט און די צעשטערטע ראַמען. במשך פֿון דער צייַט האָט י.ק. פֿאַרלאָרן דעם קאָנטאַקט מיט דער באַוועגונג, וואָס איז באַנייַט געוואָרן ערשט ווען יצחק צוקערמאַן איז אין חודש אַפּריל 1940 געקומען קיין וואַרשע און נאָך דעם ווי די באַוועגונג אין אַלגעמיין איז אַרייַן אין צווייטן עטאַפּ פֿון איר אַנטוויקלונג בעת דער מלחמה – בייַם אָרגאַניזירן די יוגנט און באַנייַען די הכשרות. במשך פֿון די מאָנאַטן מאַי־נאָוועמבער (ביזן אויפֿקום פֿון געטאָ) דערגייט אָט די אַקטיוויטעט צו איר העכסטן פּונקט, גלייַכצייַטיק אויף פֿאַרשיידענע און צאָלרייַכע קולטורעלע און אָרגאַניזאַציאָנעלע געביטן.[51] נאָך דעם ווי די פֿאַרשיידענע צענטערס פֿון דרור זייַנען צוריק אויפֿגעשטעלט געוואָרן, האָט דער פּלאַנירטער צענטראַלער אונטערערדישער סעמינאַר אין וואַרשע, ווו ס׳האָבן זיך באַטייליקט דרור־מיטגלידער פֿון פֿאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך, זיך געשטעלט פֿאַר אַ ציל צוצוגרייטן גרופּעס יונגע

מדריכים וואָס זאָלן אויף זייערע ערטער ווײַטער פֿאָרזעצן מיט דער דערציִערישער אַרבעט צווישן יוגנט. אַ קורצע צײַט שפּעטער, אין חודש יוני, איז באַשלאָסן געוואָרן אויף אַ באַראַטונג פֿון דער צענטראַלע פֿון החלוץ, צו גרינדן בײַ דער יוגנט־באַוועגונג דרור אַן אונטערערדישע העברעיִש־יִדישע גימנאַזיע. אין אויגוסט 1940 האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די קלאַסן. אויך דאָס מאָל האָט זיך די באַוועגונג געווענדט צו י.ק. און אים פֿאַרגעלייגט לערנען העברעיִש און תּנ״ך, און ער האָט דעם פֿאָרשלאָג אָנגענומען.

יצחק קאַצענעלסאָן האָט אַקטיוו אָנטייל גענומען ווי אַ לעקטאָר אין אַלע דרײַ סעמינאַרן פֿון דרור, ווי אויך אין אַנדערע קורסן פֿון דער באַוועגונג. דער ערשטער סעמינאַר מיטן אָנטייל פֿון 45 יוגנטלעכע פֿון 23 שטעט אין דער גענעראַל־גובערניע, איז פֿאָרגעקומען במשך יוני־יולי 1940. אַ צוויי־וואָכן קורס פֿאַר אינסטרוקטאָרינס אין די קינדער־ווינקלען פֿון דער יִדישער סאָציאַלער אַליינהילף, איז פֿאָרגעקומען אין אויגוסט 1940 מיט דער באַטייליקונג פֿון 25 אָנטייל־נעמערינס. דער צווייטער צענטראַלער סעמינאַר, האָט געדויערט אַ מאָנאַט צײַט מיט 32 אָנטייל־נעמערס. ער איז פֿאָרגעקומען אין יאַנואַר 1941. דער דריטער צענטראַלער סעמינאַר, מיט 42 אָנטייל־נעמער פֿון 8 שטעט, איז געווען אין דעצעמבער 1941 – יאַנואַר 1942.

די גימנאַזיע פֿון דרור, אין וועלכער י.ק. איז געווען אַ לערער, האָט עקזיסטירט במשך פֿון צוויי לערניאָר: 1941/1940 און 1942/1941. כּמעט אַלע תּלמידים זײַנען געווען אָרגאַניזירט אין תּלמידים־גרופּעס מיטן נאָמען ״במעלה״, און אין אַלע דרײַ סעמינאַרן פֿון דער באַוועגונג ווי אויך אין קורס פֿאַר די אינסטרוקטאָרינס פֿאַר דערציִונג אין די קינדער־ווינקלען – האָבן אָנטייל גענומען אויך חבֿרים פֿון ״במעלה״. די אַביטוריענטן פֿון ״במעלה״ זײַנען געווען דער הויפּטקערן פֿון אַקטיוו אין דער דרור־באַוועגונג אין וואַרשע.[52] וועגן יצחק קאַצענעלסאָנס כּוח צו דערוועקן ענטוזיאַזם אויף זײַנע תּנ״ך־לעקציעס בײַ זײַנע תּלמידים געפֿינען זיך פֿיל אַרויסזאָגונגען אין זכרונות וועגן דער תּקופֿה וואָס צווישןביידע וועלט־מלחמות, ווי אויך אין וואַרשעווער געטאָ.[53] דאָס צוריקקערן זיך צו דער אַרבעט מיט תּלמידים און יוגנט דערוועקט אויך בײַ י.ק. אַ נײַע שאַפֿערישע ענערגיע. אין דער זעלבער צײַט הייבט ער אָן דרוקן זײַנע נײַ־געשריבענע ווערק אין דער אונטערערדישער פּרעסע פֿון ״דרור״. פֿינף פֿון זײַנע ערשטע שאַפֿונגען זײַנען געדרוקט געוואָרן אין חודש תּמוז ת״ש [יולי 1940] און אין תשרי תש״א [אָקטאָבער 1940], נאָך פֿאַרן אײַנשטעלן די געטאָ אין וואַרשע. אין אָט דער צווייטער תּקופֿה פֿון זײַן לעבן און שאַפֿן אין וואַרשע זײַנען כּמעט אַלע אָנגעשריבענע ווערק זײַנע געדרוקט געוואָרן אין צײַטשריפֿט ״דרור״, דער אונטערערדישער צענטראַלער אָרגאַן פֿון דער דרור־באַוועגונג.

דער צײַט־פּעריאָד מאַי־נאָוועמבער 1940 האָט געבראַכט צו אַ וויכטיקער ווענדונג אין י.ק׳ס לעבן און שאַפֿן, אַפֿילו אין פֿאַרגלײַך מיט דער תּקופֿה פֿון ערבֿ דער צווייטער וועלט־מלחמה. די פֿילפֿאַכיקע טעטיקייט וואָס י.ק. האָט דאַן אַנטוויקלט, האָט ווי עס זעט אויס פֿאַרנומען זײַן גאַנצע צײַט און ענערגיע. אין דער תּקופֿה איז ער, ווי עס ווײַזט אויס, געווען טעטיק נאָר אין די אַקטיוויטעט־ראַמען פֿון דרור־החלוץ. ווי שוין אויבן אָנגעוויזן, זײַנען געווען פּערזענלעכע און געזעלשאַפֿטלעכע סיבות (זע הערות נומ׳ 35, 39) וועלכע האָבן צוזאַמען געקענט פֿירן צו י.ק׳ס איזאָלאַציע און דערווײַטערונג פֿון צענטראַלע געזעלשאַפֿטלעכע און דערציִונגס־ראַמען אין וואַרשע. צו די דאַרף מען צורעכענען אַ דריטן מעגלעכן מקור פֿאַר שפּאַנונגען צווישן י.ק. און צענטראַלע פּערזענלעכקייטן אין דער יִדישער געזעלשאַפֿטלעכקייט. וועגן דעם גיט יוסף קאַרניאַנסקי אַן אָנצוהערעניש נישט דערמאָנענדיק קיין בפֿירושע פּרטים. עס קען זײַן אַז זײַנע רייד זײַנען פֿאַרבונדן מיטן דזשוינט און/אָדער די יִדישע סאָציאַלע אַליינהילף, ער שרײַבט: ״די דרײַסטקייט פֿון אונדזער באַוועגונג אין אירע טעטיקייטן האָט אים דערמוטיקט (יצחק קאַצענעלסאָנען), זי איז געווען פֿאַר

אים אַ קוואַל פֿון טרייסט, און ער איז פֿון זיך אַליין אַלץ מער צוגעצויגן געוואָרן צו אונדזער אַרבעט. מיר האָבן אָנגעפֿאַנגען צו זען אין אים אַן אַנדער י.ק. וואָס איז געלײַטערט געוואָרן אין שמעלצטאָפּ פֿון לאחר־ייִאוש, ער איז דערמונטערט געוואָרן בײַ אונדז, דער־עיקר נאָך דעם ווי ער איז ביטער אַנטוישט געוואָרן פֿון אַ באַגעגעניש מיט באַשטימטע פּערזאָנען וואָס זענען דאַן. דערהויבן געוואָרן צו אַ געזעלשאַפֿטלעכער מדרגה וואָס איז זיכער נישט געווען פּאַסיק פֿאַר זייער [אָרעמען] גײַסטיקן און מאָראַלישן באַגאַזש״.[54]

אין דער ערשטער תּקופֿה פֿון י.ק.ס צוזאַמענאַרבעט מיט דער דרור־החלוץ־באַוועגונג האָט זיך אַנטוויקלט צווישן זיי אַ מין קעגנזײַטיקע השפּעה וועלכע האָט אָן קיין שום ספֿק געווירקט אויף דער אינטענסיווקייט און כאַראַקטער פֿון זײַן שאַפֿונג. לויט פֿאַרשיידענע קוואַלן, האָט י.ק. אַליין באַשטעטיקט די דערמוטיקנדיקע און פֿרוכטבאַרע ווירקונג וואָס אָט די פֿאַרבינדונג האָט געהאַט אויף אים. די חבֿרים פֿון דער באַוועגונג, פֿון זייער זײַט, האָבן זיך באַצויגן צו אים מיט פֿרײַנדשאַפֿט און אָפּשײַ און זײַנען אים געווען דאַנקבאַר פֿאַר זײַן ענערגישער און פֿאַרצווײַגטער טעטיקייט אין דער באַוועגונג.[55] דאָס אַלץ איז ריכטיק, נישט נאָר פֿאַר דער ערשטער צײַט פֿון י.ק.ס לעבן און שאַפֿן אין וואַרשע. יצחק צוקערמאַנס ווערטער וועגן דעם אַז ״י.ק. איז געווען דער פֿרוכטבאַרסטער און ענערגישסטער פֿון אַלע שרײַבער און פּאָעטן אין וואַרשעווער געטאָ״ (כתבים אחרונים, תשכ״ט, ז׳ 358) זײַנען ריכטיק פֿאַר י.ק.ס גאַנצער וואַרשעווער תּקופֿה. עס דאַרף אָבער דערמאָנט ווערן דער פֿאַקט אַז פֿון שטאַנדפּונקט פֿון י.ק.ס שאַפֿערישער פּילפּאַכיקייט, האָט ער, אין די זיבן מאָנאַטן פֿון דער דריטער תּקופֿה אין דער וואַרשעווער נאַצישער אָקופּאַציע־געשיכטע (פֿון 15טן נאָוועמבער 1940 ביז 22טן יוני 1941), איבערגעזעצט און געשריבן העכער 15 ווערק – די זעלבע צאָל ווערק וואָס ער האָט שפּעטער געשריבן במשך פֿון כּמעט צוויי יאָר ביז די געטאָ איז צעשטערט געוואָרן.

די דריטע תּקופֿה איז די פֿרוכטבאַרסטע אין י.ק.ס שאַפֿן און טעטיקייט פֿאַר און אין די ראַמען פֿון דער דרור־החלוץ־באַוועגונג. י.ק. האָט געגרינדעט און אָנגעפֿירט מיט אַ ייִדישער דראַמאַטישער סטודיע, ער האָט אינסטרויִרט יוגנטלעכע ווי אַזוי דערציִען פֿאַרלאָזענע קינדער, און קינדער אין בתּי־יתומים. ער איז אויך געזעלשאַפֿטלעך טעטיק און ריכט אָפּ באַזוכן בײַ אַרבעט־ און הכשרה־גרופּן פֿון החלוץ מחוץ וואַרשע, אין טשערניאַקאָוו און גראָכאָוו – ווי אַ מיטגליד פֿון אַ געזעלשאַפֿטלעכער קאָמיסיע.[56] אין יענער צײַט גלײַך נאָכן פֿאַרמאַכן די געטאָ אין וואַרשע און ביז דעם אויסברוך פֿון דער דײַטש־רוסישער מלחמה זעצט פֿאָר י.ק. מיט זײַן דערציִערישער אַרבעט אויף די סעמינאַרן פֿון דער באַוועגונג און אין דער אונטערערדישער גימנאַזיע. דרוקנדיק ווײַטער זײַנע ווערק אין דער צײַטשריפֿט ״דרור״ וואָס איז געווען אַ טייל פֿון דער ייִדישער אומלעגאַלער פּרעסע אין וואַרשע. דאַן שרײַבט ער אויך אייניקע פֿון זײַנע וויכטיקסטע לידער מיט אַ סאָציאַלן אינהאַלט און וועגן טאָג־טעגלעכן לעבן אין געטאָ: ״די כראָניק פֿון הערשעלעס טויט״, ״דער באַל״ און ״לידער פֿון הונגער״.

דער כאַראַקטער פֿון י.ק.ס שריפֿטן, ווי זײַן דערציִערישע און קולטור־טעטיקייט, ווערן באַשטימט אין דער דריטער תּקופֿה איבער הויפּט דורך די באַדערפֿענישן פֿון דער דראַמאַטישער סטודיע, וועלכע האָט אונטער זײַן אָנפֿירונג געשטעלט פֿאָרשטעלונגען, צוגעגרייט דראַמעס צום שפּילן, און געבראַכט פֿאַרן פּובליקום קאַפּיטלען פֿון תּנ״ך אויף אַ קינסטלערישן אופֿן. זייער ווייניק איז באַקאַנט און גאָר ווייניק איז געשריבן געוואָרן וועגן דער דראַמאַטישער סטודיע, דער הויפּטשטריך וואָס ווערט אָבער באַטאָנט אין די פֿאַרשיידענע קוואַלן איז אַז אויפֿגעטראָטן האָט זי פֿאַר געפּאַקטע זאַלן פֿון הונדערטער, און ס׳איז אויך פֿאַראַן ווער עס דערמאָנט אַ פּובליקום פֿון טויזנטער. לויט די באַדינגונגען אין געטאָ איז דערפֿאַר קיין שום צווייפֿל נישט פֿאַראַן אַז די אויפֿטריטן פֿון דער דראַמאַטישער סטודיע האָבן באַדאַרפֿט זײַן צאָלרײַכע. דערמאָנט ווערן

אָבער בלויז אַרום צוואַנציק אַזוינע אויפֿטריטן מיט מאַטעריאַלן גענומען פֿון תּנ״ך אָדער אויף תּנ״כישע טעמעס, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסן דערפֿאָלג.[57]

די טעאַטער־פֿאָרשטעלונגען זײַנען אויפֿגעפֿירט געוואָרן אויף דזיעלנאַ 34, דער צענטראַלער אָפּצווײַג פֿון דער דרור־החלוץ־באַוועגונג וואָס איז געווען אויך טעטיק אויף אַנדערע געזעלשאַפֿטלעכע געביטן אונטערן פֿאָרשטעל פֿון אַ געזעלשאַפֿטלעכער קיך וואָס האָט טאַקע אויך אַרויסגעהאָלפֿן די הונגעריקע אין געטאָ.[58] געקומען אויף די פֿאָרשטעלונגען איז אַ גרויסע צאָל מענטשן וואָס איז נישט געווען פֿאַרבונדן דווקא מיט דער באַוועגונג. אָט די קאָמבינאַציע, פֿון אַ טעטיקייט אין די ראַמען פֿון דרור־החלוץ אָבער אין דער זעלבער צײַט אויך פֿאַר דעם ברייטן פּובליקום פֿון די געטאָ־אײַנוווינער, האָט דערמעגלעכקט י. קאַצענעלסאָנען צו קומען אין אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיט אַ גרויסן פּובליקום פֿאַר וועלכן ער האָט געהאַט אַ געלעגנהייט פֿאָרצושטעלן ווערטן פֿון דער ייִדישער קולטור־טראַדיציע צוזאַמען מיט סצענעס, דראַמעס און אײנאַקטערס וואָס האָבן געהאָלפֿן פֿאַרגעסן אויף אַ ווײַלע די גראָע דראָענדע טאָג־טעגלעכקייט.

דער ציל פֿון דער דראַמאַטישער סטודיע מיט אירע אויפֿפֿירונגען, וואָס האָבן ווי עס זעט אויס אָנגעפֿאַנגען נאָך דעם ווי די געטאָ איז אַנטשטאַנען – איז געווען קודם־כּל צו דערמעגלעכן די באַגעגעניש מיט אַ ברייטן פּובליקום, לויט ווי עס זאָגט עדות דער נוסח פֿון דער ווענדונג צו די צוהערער אין י.ק׳ס ״עפֿענונג צו אַ תּנ״ך־אָוונט״. אויך אויפֿן געביט פֿון קולטור, אַזוי ווי אויפֿן געביט פֿון סאָציאַלער הילף, האָט די דרור־החלוץ באַוועגונג גלײַך ווי אַנדערע יוגנט־באַוועגונגען אין יענער צייט, גענומען אויף זיך צו דערפֿילן פֿונקציעס וואָס זײַנען נישט געווען זייערע פֿאַר דער מלחמה.[59] די פּראָגראַמירטע פֿאָרלעזונגען פֿון תּנ״ך און די דראַמאַטישע פֿאָרשטעלונגען אויף תּנ״כישע טעמעס זײַנען געווען געווענדט נישט דווקא צו אַ פּובליקום פֿון יודעי־ספֿר, פֿאַרקערט, י.ק׳ס ציל איז געווען צו דערגיין צו יענע ברייטע שיכטן פֿון ייִדיש־ריידער וואָס זײַנען געווען דווקא דערווײַטערט פֿון דער ליטעראַרישער טראַדיציע און וועלט־באַנעם וואָס ס׳האָט מיט זיך פֿאַרגעשטעלט דער ספֿר־הספֿרים. אָט די ריכטונג זײַנע ווערט באַלד קאָנטיק אין סטיל פֿון דער געגראַמטער עפֿענונג צום ערשטן תּנ״ך־אָוונט. דער סיום אירער איז אַ גוטער בײַשפּיל פֿאַר אָט דער טענדענץ און פֿאַר י.ק׳ס באַנעם פֿונעם מהות פֿון ליטעראַרישן שאַפֿן בכלל: ״קומט אומגלייביקע איר ייִדן, קומט און ווערט/ בײַם תּנ״ך, בײַ אײַערן דאָ גלייביקן!/ גלייבט: די וואָס שאַפֿן אייביקייט אויף דער ערד – / זענען אויף דער ערד דאָ אייביק״.

במשך פֿון אַלע מלחמה־יאָרן האָט זיך י.ק. פֿאַרנומען מיט דער פֿראַגע וועגן אייביקן ווערט פֿון דער ליטעראַטור־שאַפֿונג. אין דעם האָט ער געגלייבט מיט זײַן גאַנצן וועזן, אָט דער אייביקייט־ווערט איז פֿאַר אים געווען די העכסטע באַזײַנונג פֿון ליטעראַרישן שאַפֿן און אין דעם ליכט דאַרף פֿאַרשטאַנען ווערן דאָס אויבן ציטירטע וואָרט ״גלייביק״, וואָס ווערט פֿון אים געגראַמט מיט ״אייביק״. אַנטקעגן דער היסטאָרישערווירקלעכקייט פֿון זײַן צײַט, וואָס האָט געטריבן צו גײַסטיקער פֿאַרדאַרבונג און אומקום, שטעלט י.ק. אַוועק פֿאַר זײַן פּובליקום – פֿון אָנהייב געטאָ־צײַט – אַן אַנדער ווירקלעכקייט: די אייביקע עקזיסטענץ פֿון דער ליטעראַרישער שאַפֿונג, פֿון דעם תּנ״ך – דער נאַציאָנאַלער פֿאַרמעגן וואָס האָט אין זיך דעם כּוח ענדלעך בײַצוקומען די היסטאָרישע ווירקלעכקייט. אין אָט דעם גלויבן זעט י.ק. אין יענער ערשטער געטאָ־צײַט דעם קוואַל פֿון טרייסט פֿאַר אים און פֿאַר זײַן פּובליקום: ״און אַ פֿאַראייביקטע אַ לייד/ איז פֿריידי!/ אַ פֿאַראייביקטע אַ פּײַן – / איז שיין״.[60] די פּראָבלעמאַטיק פֿון אייביקייטס־ווערט פֿון ליטעראַרישע שאַפֿונגען ווערט צום ערשטן מאָל באַהאַנדלט אין י.ק׳ס שריפֿטן אין וואַרשע, אין זײַן אַרטיקל וועגן ח.נ. ביאַליקן: ״צו ביאַליקס הײַעריקן יאָרצײַט״ (יולי 1940) ווי אויך אין קריטישן אַרטיקל וועגן מענדעלע מוכר ספֿרים. דאָ ווערט אָט דער ענין, דער צענטער פֿון דער גאַנצער ליטעראַרישער אָפּהאַנדלונג. אין וויטעל קערט זיך אום י.ק. און באַהאַנדלט די פֿראַגע צום לעצטן מאָל אין ״דאָס ליד פֿון אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק״, פּרק ט״ו, סימן י׳.

## די געשיכטע פֿון דער ליטעראַרישער ווענדונג אין יצחק קאַצענעלסאָנס שאַפֿן

דאָס ערשטע יאָר פֿון י.ק׳ס ליטעראַרישן שאַפֿן אין וואַרשע, מאַי 1940 – יוני 1941, איז געווען אפֿשר דאָס אינטענסיווסטע אין זײַן מיטאַרבעט מיט דער דרור־החלוץ־באַוועגונג. אין אַ געוויסן זין איז דאָ געווען אַ המשך אין זײַן שאַפֿן, אין די פֿאָרמען און אין אינהאַלט, גלײַך ווי אַ המשך איז געווען אויך אין דער טעטיקייט פֿון דער יוגנט־ און חלוצים־באַוועגונג נאָך פֿון פֿאַר דער מלחמה. און דאָך איז די דראַמע "איובֿ", וואָס איז דערשינען סוף יוני 1941, געווען דער הויכפּונקט פֿון אַ יאָר ליטעראַרישער טעטיקייט וואָס האָט מיט זיך, פֿאָרגעשטעלט אַ ווענדונג אין י.ק׳ס שאַפֿן כאָטש פֿון צוויי שטאַנדפּונקטן: אַ כּמעט פֿולער אַריבערגאַנג אין זײַן שאַפֿן, פֿון העברעיִש צו בלויז ייִדיש און אַן אַלץ וואַקסנדע צאָל שאַפֿונגען. אין פֿאַרגלײַך מיטן פּעריאָד וואָס צווישן ביידע וועלט־מלחמות, איז דאָ טאַקע פֿאָרגעקומען אַן ענדערונג אין צאָל און זין פֿון די שאַפֿונגען, עס איז אָבער נאָך צו פֿרי צו באַמערקן אין זיי בולטע פֿאָרם־ צי אינהאַלט־ענדערונגען.

צווישן יולי 1941 ביז מערץ 1942 קומט פֿאָר אַ פּלוצימדיקע ירידה סײַ אין דער צאָל שאַפֿונגען און סײַ אין זייער פֿאַרנעם. פֿון איין זײַט קען מען באַמערקן אַ באַשטימטע פּאָלאַריזאַציע אין זײַן שאַפֿן: פֿון זיבן שאַפֿונגען געשריבן אין יענער צײַט, געהערט די אָנגענומענע דאַטע פֿון צוויי פֿון זיי צום אָנהייב פֿון דעם צײַט־פּעריאָד. די דאַטעס פֿון פֿיר פֿון זיי געהערן צום סוף פֿון דעם נײַן־מאָנאַטיקן צײַטאָפּשניט. פֿון דער צווייטער זײַט קען מען באַמערקן אַז עס פֿעלט אַ גראַוויטיר־צענטער פֿאַר זײַן שאַפֿן אין אָט דער תּקופֿה. די טעמאַטישע און פֿאָרם־וואַרײִרונג איז אַ צו גרויסע אין פֿאַרגלײַך מיט דער רעלאַטיוו קליינער צאָל שאַפֿונגען. אייגנטלעך איז מעגלעך צו קלאַסיפֿיצירן די געשריבענע אין יולי־אָקטאָבער 1941 – צוזאַמען מיט די שריפֿטן פֿון דער דריטער תּקופֿה אין י.ק׳ס שאַפֿן אין איין גרופּע (צוליב זייער ענלעכער פֿאָרם און אינהאַלט) און די געשריבענע אין פֿעברואַר־מערץ 1942 – צוזאַמען מיט די שריפֿטן פֿון דער פֿינפֿטער תּקופֿה, אין אַ צווייטער גרופּע, און אַזוי אַרום מבֿטל זײַן די פֿערטע תּקופֿה אין אונדזער פּעריאָדיזאַציע. פֿאָרט אָבער באַשטימען מיר די תּקופֿה פֿון סוף יוני 1941 און ביז דעם 18טן אַפּריל 1942, ווי אַ פּעריאָד פֿאַר זיך, צוליב צוויי סיבות: (א) די דײַטש־סאָוויעטישע מלחמה, וועלכע האָט געבראַכט מיט זיך דעם אָנהייב פֿון דער מאַסן־אויסראָטונג פֿון ייִדן אין מזרח־אייראָפּע, האָט אויך אַרײַנגעפֿירט קאָנטיקע ענדערונגען אין טאָג־טעגלעכן געטאָ־לעבן און אין די געמיטער פֿון זײַנע אײַנוווינער, אויסגעדריקט דער עיקר אין אַ געשפּאַנטן אָפּוואַרטן די געשעענישן אין דער צוקונפֿט און אין אינטענסיווע באַמיִונגען צונויפֿצוקלײַבן אינפֿאָרמאַציע וועגן דעם וואָס קומט פֿאָר אין די אָקופּירטע געביטן.[61] (ב) דווקא דאָס אויספֿעלן פֿון אַ צענטראַלן שווערפּונקט און די קאָנטיק פֿאַרמינערטע צאָל שאַפֿונגען, דערמעגלעכן די השערה אַז די שריפֿטן פֿון אָט דער פֿערטער תּקופֿה און זייער כאַראַקטער שפּיגלען טאַקע אָפּ די צײַט־אומשטאַנדן פֿון איין זײַט, און די וואַקלענישן פֿאַר אַ וועזנטלעכער ווענדונג אין י.ק׳ס ליטעראַרישן שאַפֿן וואָס קומט צו שטאַנד אַ ביסל שפּעטער, פֿון דער צווייטער זײַט.

די פֿערטע תּקופֿה איז דערפֿאַר אַ צווישן־תּקופֿה אין זײַן שאַפֿן. במשך פֿון די נײַן־צען מאָנאַטן מאַכט דורך די געטאָ אַן אינערלעכע עמאָציאָנעלע גוואַלדיקע איבערקערעניש. אין דער דרור־החלוץ־באַוועגונג וויל מען אָרגאַניזירן ווידערשטאַנד־גרופּן, באַלד בײַם אָנהייב פֿון דער דײַטש־רוסישער מלחמה, אויס אַ חשש פֿאַר אָרגאַניזירטע פּאָגראָמען אויף ייִדן אין פּוילן בעתן דאַן פֿאָרגעזעענעם אָנמאַרש פֿון די רוסן. פֿאַקטיש אָבער ווערט די דערציִערישע און קולטור־טעטיקייט אַלץ ווײַטער געפֿירט נאָך אין נאָוועמבער און דעצעמבער 1941.[62] שמועות וועגן די מאַסנמאָרדן אין מזרח וועגן וועלכע מע הייבט זיך אָן דערוויסן באַלד נאָך דער

דײַטשער אינוואַזיע (זומער 1941) און די ערשטע זיכערע ידיעות וועגן זיי וועלכע דערגרייכן קיין וואַרשע סוף 1941, צוזאַמען מיטן אַלץ וואַקסנדיקן שטראָם ידיעות וועגן דער ליקווידאַציע פֿון גאַנצע קהילות און די ידיעה וועגן דעם טויט־לאַגער כעלמנאָ אין מערבֿ, וואָס דערגרייכן אָנהייב 1942 – דאָס אַלץ לאָזט נישט צו רו די געטאָ־אײַנוווינער. דער עיקר וואַקסט די איבערצײַגונג אין די אונטערגרונט־קרײַזן אַז די פֿאַזע פֿון קולטור־אַרבעט איז געענדיקט. די געדאַנקען וועגן ייִדישער באַוואָפֿנטער זעלבשוץ, וואָס האָבן זיך אויפֿגעוועקט בײַם אָנהייב פֿון דער דײַטש־סאָוויעטישער מלחמה, ווערן ביסלעכווײַז קריסטאַליזירט אין אַ באַשלוס אויפֿצושטעלן אַ ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע וואָס זאָל אַוועקשטעלן די רעאַקציע פֿון ייִדן צו די נאַצי־מערדער אין אַ בכּבֿודיקן היסטאָרישן ליכט, אַפֿילו ווען זי אַליין איז נישט בכּוח עפּעס צו ענדערן אין די רעזולטאַטן פֿון דײַטשן טאָטאַלן קאַמף קעגן ייִדן.[63] דעריבער, ווען אַפֿילו די דערציִערישע טעטיקייט אין דער גימנאַזיע פֿון דרור גייט ווײַטער אָן אויך אין לערניאָר 1942/1941 און די דראַמאַטישע סטודיע זעצט נאָך פֿאָר אירע אַקטיוויטעטן, מערקט זיך דאָך – פֿון אָנהייב תש״ב – אַ קלאָרע טענדענץ צו טראַנספֿאָרמירן די אָנגענומענע אַקטיוויטעט־מוסטערן: ערשטנס (אָקטאָבער 1941), אַ זאָרג וועגן די פֿאָרמען וואָס דער קאַמף קעגן די דײַטשן דאַרף אָננעמען אין דער צוקונפֿט, און שפּעטער (אָנהייב 1942), די ערשטע באַמיִונגען פֿאַר דער אָרגאַניזירונג פֿון אַ באַוואָפֿנטן ייִדישן קאַמפּס־כּוח אין גאַנץ פּוילן.

אָט די בהדרגהדיקע ענדערונגען זײַנען געווען אַ רעזולטאַט פֿון אַ טיפֿער גײַסטיקער איבערקערעניש וועלכע ווערט מעכטיק באַשריבן פֿון יצחק קאַצענעלסאָנס צוויי פֿרײַנד, פֿון די אָנפֿירער און אַקטיוויסטן אין דרור־החלוץ, יצחק צוקערמאַן און מרדכי טענענבוים.[64] צוקערמאַן שרײַבט צווישן אַנדערע, אַז: ״פֿון האַרבסט 1941 אָן, האָט נאָך אַלץ די קיך אויף דזיעלנאַ 34 פֿאַרטיילט מיטאָגן טאָג־אײַן טאָג־אויס, פֿאַר הונדערטער מענטשן. הונדערטער קינדער האָבן [דאַן] נאָך אַלץ באַקומען צו אָוונטברויט – ברויט מיט אײַנגעמאַכטס. זיי האָבן [נאָך אַלץ] געלערנט העברעיִשע לידער, און געשפּילט טעאַטער, און אַרויסגעטראָטן פֿאַרן וואַרשעווער עולם אין קינדערכאָר. אויך די גימנאַזיע האָט זיך פֿאַרגרעסערט... מיר, די עלטערע חבֿרים האָבן געפֿילט אַז די פֿליגל פֿון טויט צעשפּרייטן זיך אין אַלץ און אויף אַלץ... און די רייד אָן ממשותדיקע מעשׂים, אַפֿילו ווען ריכטיק, האָבן אָנגעהויבן קלינגען ווי פּוסטע מליצות. מיר האָבן אָנגעפֿאַנגען צו פֿאַרלירן דעם רעספּעקט צו זיך אַליין״.[65] אָט די ווערטער דערמעגלעכן אַן אַרײַנבליק אין די דעמאָלטדיקע שטימונגען און השׂגות וואָס זײַנען געווען אַן אַלגעמיינע דערשײַנונג און האָבן מן־הסתּם אויך טיילווײַז כאַראַקטעריזירט י. ק׳ס לעבנס־געפֿיל און געדאַנקען־גאַנג. י.ק. באַציט זיך בפֿירוש, אין אַ שפּעטערדיקער תּקופֿה אין זײַן שאַפֿן, צו יענער צײַט. פֿון דעם באַנוץ וואָס ער מאַכט פֿון לשון־רבים אין זײַן דערמאָנונג, ווערט קלאָר אַז זײַן אייגענער באַוווּסטזײַן איז דאַן געווען געשטאַלטיקט ווי דער קאָלעקטיווער באַוווּסטזײַן פֿון דער גאַנצער אונטערגרונט־באַוועגונג, ער שרײַבט: ״נאָך אָנהייב יאָר תש״ב זענען צו אונדז דערגאַנגען נישט נאָר שמועות, נאָר עדי־ראיה האָבן אונדז געבראַכט ידיעות... חלוצים... די אמתע טרעגער פֿון דעם עול, דעם עול פֿון זייער גרויסער באַליידיקונג און זייער כּבֿוד... אויך אין ווילנע האָבן די דײַטשן זיך באַנוצט מיט ייִדישע פּאָליציאַנטן, אָט די פּאָליציאַנטן האָבן אין זייער מערהייט געזוכט זייערע ברידער אין אַלע באַהעלטענישן, זיי אויסגעפֿונען, געזוכט ווײַטער און אָבער, און צו וויסן געגעבן די דײַטשן... ווען נישט חלוצים און שומרים וואָלטן עס אונדז דערציילט, אָט די יוגנטלעכע אונדזערע פֿון די ווייניקע און טרײַע, די העלדן און טרעגער פֿון גײַסט אונדזערע, די איינציקע... ווען נישט פֿון מויל פֿון די רעכטע וואָלטן מיר געהערט די אַלע פֿאַקטן...״.[66]

דער צווייטער פֿרײַנד פֿון י.ק., מרדכי טענענבוים, וואָס איז אין אויגוסט 1943 געוואָרן דער אָנפֿירער פֿון באַוואָפֿנטן אויפֿשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ – האָט נאָך זײַן קומען קיין וואַרשע אין מערץ 1942

פֿאַרנומען אַ צענטראַלן אָרט אין דער אָנפֿירונג פֿון דער באַוועגונג דרור־החלוץ בעת די דעצידירנדע אַכט מאָנאַטן אין דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער באַוואָפֿנטער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. אויך טענענבוים באַשרײַבט די גײַסטיקע איבערקערעניש וואָס האָט געפֿירט צום אַ־בערגאַנג פֿון קולטור־אַרבעט, ווי אַן אויסדרוק פֿון אַקטיוון ווידערשטאַנד, צום באַוואָפֿנטן קאַמף. אין אַ בריוו צום וועד־הפועל פֿון דער הסתּדרות און דעם סעקרעטאַריאַט פֿון הקיבוץ המאוחד, שרײַבט ער – נאָך דעם ווי ער רעזומירט די טעטיקייט פֿון זײַן באַוועגונג אויף די פֿאַרנומענע שטחים דורך די סאָוויעטן: „מיר האָבן אַריבערגעפֿירט דעם אַקטיוו פֿון דער באַוועגונג [נאָך דער דײַטשער אָקופּאַציע פֿון פּוילן – פֿון ווילנע] קיין ביאַליסטאָק... און פֿון דאַנען איז אויפֿגעקומען די צענטראַלע פֿאַר ליטע, פּאָלעסיע, וואָלין און מזרח־גאַליציע..., אין אָט דער טעריטאָריע איז געטאָן געוואָרן, מער ווייניקער, די זעלבע אַרבעט ווי אין דער [גענעראַל] גובערני:. פֿאַרזאַמלונגען, סעמינאַרן, אָרגאַניזירונג פֿון אָפּצווײַגן און הכשרה, דערציִערישע אַרבעט מיט קינדער, קולטור־אינסטיטוציעס אד״גל. ווען מיר האָבן זיך נאָך צוויי יאָר, צוריק געטראָפֿן מיט די חבֿרים אין וואַרשע, האָבן מיר געקענט באַשטעטיקן צו אונדזער גרויסער שטוינונג און פֿרייד, אַז במשך פֿון אָט דער גאַנצער צײַט, נישט זײַענדיק בכלל אין קאָנטאַקט איינער מיטן אַנדערן, האָבן זיך געשטיצט דער סאָוויעטישער צענטער און דער דײַטשער צענטער [פֿון דער באַוועגונג] אויף די זעלבע פּרינציפּיעלע שטעלונגען, און אונדזערע באַשלוסן אין ווילנע און אין לוואָוו (לעמבערג) זענען געווען כּמעט אידענטיש פֿאָרמולירט; הכּלל: פֿאַר די אין וואַרשע [און פֿאַר אונדז], אין דער פּראַקטישער אַרבעט אונטער דער היטלער־בײַטש, זענען געשטאַנען די זעלבע פּראָבלעמען, די זעלבע שוועריקייטן און די זעלבע לייזונגען. עס זײַנען געווען די וועלכע האָבן געזען אין דער ווילנער „אַקציע“, און נאָך דעם – אין דער ליקווידאַציע פֿון ייִדישע יישובֿים אין ליטע און אין דער טיילווײַזער ליקווידאַציע פֿון ייִדישע ווײַסרוסישע קהילות, אַ דײַטשן נקמה־נעמען אין די ייִדן פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד – אַ נקמה־נעמען אין די בויער פֿון סאָוויעטישן רעזשים און זייערע מיטהעלפֿער... אין דער [גענעראַל־]גובערניע איז נאָך געווען שטיל. אָבער באַלד נאָך דעם ווי די ערשטע כוואַליע [מאַסנמאָרדן] איז אַריבער און שמועות האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען וועגן נײַע באַגרענעצונגען און גזירות אויף די ייִדן אין מערבֿ – האָבן מיר פֿאַרשטאַנען: ווילנע איז דער אָנפֿאַנג. נאָך איר וועלן קומען אַלע אַנדערע ייִדישע יישובֿים. עס איז אַנטשטאַנען דער ווידערשטאַנד־געדאַנק... מיר האָבן געוווּסט: קיין מעגלעכקייט פֿאַר זעלבסטשוץ איז נישטאָ. דער כּוח וואָס האָט אײַנגענומען אייראָפּע און האָט חרובֿ געמאַכט גאַנצע מדינות, וועט אונדז זיכער לײַכט באַזיגן, [אונדז] אַ הויפֿן יוגנטלעכע. עס איז אין דעם געווען אַן אַקט פֿון ייִאוש, פֿון אַנטשלאָסנקייט. מיר האָבן געשטרעבט נאָר צו איין זאַך: אונדזער לעבן וואָס טײַערער צו פֿאַרקויפֿן. מיר האָבן אָנגעפֿאַנגען אין ווילנע די צוגרייטונגען זיך צו פֿאַרטיידיקן. נאָך די פֿילצאָליקע „אַקציעס“, אַז מיר האָבן אַ ביסל אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און זיך פֿאַרזאַמלט, נישט מורא האָבנדיק פֿאַר אַ נײַעם טראַנספּאָרט – האָבן מיר פּראָקלאַמירט די לאָזונג: ׳לאָמיר נישט גיין ווי שאָף צו דער שחיטה׳. פֿון דעמאָלט איז אונדזער לעבן געווען אַ צוגרייטן זיך צום טויט“.[67]

ווי געזאָגט, האָבן די שליחים פֿון דער באַוועגונג געבראַכט קיין וואַרשע די ערשטע גרויליקע ידיעות, נאָך אין האַרבסט 1941, און ווען טענענבוים איז אָנגעקומען קיין וואַרשע האָט ער שוין געטראָפֿן אין דער באַוועגונג אַן אָנפֿירערשאַפֿט וואָס האָט שוין געהאַט אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין דער אייגענער ריכטונג – פֿון אָרגאַניזירן אַ באַוואָפֿנטן ווידערשטאַנד.[68] יצחק קאַצענעלסאָן, ווי געזאָגט, האָט געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו באַקענען פֿון דער נאָענט מיט די ידיעות וועגן די נאַצישע לעצטע שריט קעגן ייִדן, גלײַך נאָכן אויסברוך פֿון דער דײַטש־רוסישער מלחמה. זײַענדיק נאָענט באַפֿרײַנדעט מיט דער אָנפֿירונג פֿון דער דרור־החלוץ באַוועגונג און אַן אַקטיווער מיטאַרבעטער אין איר – איז ער זיכער געווען צווישן די ערשטע שרײַבער, אויב

נישט דער ערשטער, זיך צו באַקענען מיט דער איבערראַשנדער אינפֿאָרמאַציע פֿון די באַגלויבטע חלוצישע קוואַלן. לויט ווי יצחק צוקערמאַן דערציילט, איז י.ק. געווען, אָנהייב 1942, פֿון די איינצלנע און די ערשטע פֿולשטענדיק צו גלויבן אין די גרויל־ידיעות וואָס זײַנען אָנגעקומען קיין וואַרשע וועגן מאָרד פֿון מאַסן ייִדן; ער שרײַבט וועגן י.ק.: "ער האָט געגלייבט דאָס וואָס מיר האָבן אים דערציילט, אין יעדער איובֿ־בשׂורה וואָס מען האָט אונדז אָנגעזאָגט, און ער האָט געוווּסט אַז דאָס גורל פֿון פּוילישן ייִדנטום איז געחתמעט".[69]

מע קען אַזוי אַרום רעזומירן און זאָגן אַז ס'איז פֿאַראַן אַן ענגע פֿאַרבינדונג צווישן דעם וואָס י.ק. האָט געוווּסט אין דער פֿערטער תּקופֿה און דעם פּראָצעס פֿון דערוויסן זיך און באַוווּסטזיניק ווערן וועגן באַטײַט פֿון דער נאַצישער באַהאַנדלונג פֿון ייִדן, אַזוי ווי ער האָט זיך אַנטוויקלט אין דער אונטערגרונט־באַוועגונג און דער עיקר אין דער אָנפֿירערשאַפֿט פֿון דרור־החלוץ. מיט דעם ווערן אָבער ווײַט נישט אויסגעשעפּט די גורמים וועלכע האָבן באַשטימט און באַאײַנפֿלוסט י.ק'ס גרייטקייט און פֿעיִקייט צו באַנעמען און פֿאַרשטיין גלײַך בײַם אָנהייב דעם פֿולן באַטײַט פֿון נאַצישן אויסראָטונגס־פּלאַן, וועלכער איז געוואָרן אָפּעראַטיוו בעת דער דײַטשער אינוואַזיע פֿון די מזרח־געביטן.[70] איינער פֿון די אַספּעקטן אין י.ק'ס שאַפֿן וואָס איז כּמעט אין גאַנצן דורכגעלאָזט געוואָרן בעת יעדן פּרוּוו צו פֿאַרשטיין די פֿאָרגעקומענע ווענדונג אין זײַן שאַפֿונג, אָנפֿאַנגענדיק פֿון דער פֿינפֿטער תּקופֿה און ווײַטער, איז דער דיאַלעקטישער כאַראַקטער פֿון זײַן שאַפֿן פֿון פֿאַר דער מלחמה מיטן אויסדרוק פֿון זײַנע ראַנגלענישן און פֿון דער עקזיסטענציאַלער פּראָבלעמאַטיק וואָס אין אים.

כּדי בעסער צו באַשרײַבן די געשיכטע פֿון דער ווענדונג אין י.ק'ס שאַפֿן, אויפֿן פֿאָן פֿון וויסיקייט־פּראָצעס וועגן אמתן באַטײַט פֿון ייִדישן אומקום אין נאַצישע הענט און אין סאָציאַלן געטאָ־קאָנטעקסט, ווי אויבן דערמאָנט – דאַרף מען אָנפֿאַנגען אָנווײַזנדיק אויף אַלע יענע אַספּעקטן פֿון זײַן פֿאַרמלחמהדיקן שאַפֿן וואָס העלפֿן קלאָר צו מאַכן פֿאַר וואָס י.ק., אין קעגנזאַץ אפֿשר צו אָנגענומענע דעות, איז שוין טאַקע גײַסטיק גרייט געווען אין געטאָ, צו נעמען אויף זיך דעם עול פֿן ווערן דער פּאָעט פֿון אַן אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק.[71]

נישט דאָ איז דער אָרט אויסצופֿירלעך צו באַהאַנדלען י.ק'ס שאַפֿונגען צווישן ביידע וועלט־מלחמות און נאָך פֿריִער, כּדי צו כאַראַקטעריזירן זײַן קינסטלערישע רעאַקציע צו די רדיפֿות פֿון ייִדן אין XX יאָרהונדערט ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה. מיר וועלן אָבער אָנווײַזן ווײַטער אויף אַ פּאָר צענטראַלע אַספּעקטן, פֿון דעם שטאַנדפּונקט, אין זײַנע פֿאַרמלחמהדיקע ווערק – וועלכע באַלײַכטן און באַווײַזן אויף וויפֿל י.ק. איז יאָ גרייט געווען צו באַנעמען און פֿאַרשטיין דעם מיין פֿון דער נאַצישער ענדגילטיקער לייזונג פֿון דער ייִדנפֿראַגע. עס איז קלאָר אַז דאָס געשעענע בעת דער מלחמה־צײַט איז לחלוטין נישט געווען עפּעס אַן אומדערוואַרטע און ווילד נײַע געשעעניש פֿאַר אים. אין יצחק קאַצענעלסאָנס פֿאַרמלחמהדיקע שריפֿטן, קען מען געפֿינען אין פֿאַרשיידענע צײַטן אַזוינע יסודות אין זײַן ליטעראַרישן וועלטבאַנעם, וואָס אַנטפּלעקן דווקא אין אים די פֿעיִקייט צו נעמען אויף זיך דעם טאָפּלטן עול פֿון אַ דירעקטער קאָנפֿראָנטאַציע מיטן טויט (ווי אַ שטענדיקער איבערלעבונגס־עלעמענט) סײַ אין דער אינדיווידואַלער ווי אין דער ייִדיש־קיבוצישער עקזיסטענץ. מען קען זאָגן אַז פֿון מיטן דרײַסיקער יאָרן אַנטוויקלט זיך אין י.ק'ס שאַפֿן אַן עקזאַקטע אינטויִטיווע דערקענטעניש וואָס שאַצט ריכטיק אָפּ און זעט פֿאָרויס דעם גורל פֿון ייִדן אין אייראָפּע בכלל און אין פּוילן בפֿרט.

שוין אין זײַנע שריפֿטן פֿון פֿאַר דער מלחמה געפֿינען מיר דירעקטע רעאַגירונגען צו רדיפֿות אויף ייִדן, וועלכע ווערן באַנומען אין אַ ברייטן היסטאָרישן קאָנטעקסט, און ממילא געפֿינען מיר אויך דערמאָנונגען פֿון דעם וואָס וועט געשען, לויט ווי ער האָט פֿאָרגעפֿילט און פֿאָרויסגעזען. דאָס געפֿינען מיר נישט נאָר אין זײַן

פּאָעזיע, נאָר אויך אין זײַן פּובליציסטיק. און נאָך מער, יצחק קאַצענעלסאָן האָט זיך אויך געפֿלײַסט צו דערקלערן, קלאָר און שאַרף, די דיאַלעקטיק וואָס אונטערליגט זײַנע ליטעראַרישע געשטאַלטונגען פֿון אייגענע רעאַגירונגען צו רדיפֿות און פּאָגראָמען אויף ייִדן אין זײַן דור, פֿון קישיניעוו און ביז פּשיטיק, גראָדנע, מינסק מאַזאָוויעצק און ווײַטער – ביזן אָנהייב פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה. דאָס טוט ער, אין יאָר 1937, ווײַל ער פֿילט אַז צווישן זײַנע לייענער און קריטיקער הערשט אַ באַשטימטע מיספֿאַרשטענדעניש אין פֿאַרבינדונג מיטן אמתן כאַראַקטער פֿון זײַן שאַפֿן אין שווערע צײַטן פֿאַר ייִדן.[72] יצחק קאַצענעלסאָן האָט זיך שוין פֿאַרמאָסטן צו געשטאַלטיקן אין לידפֿאָרם דעם אַלגעמיינעם זין פֿון ייִדן־רדיפֿות נאָך פֿאַר דער מלחמה, אין יאָר תרצ״ז אין זײַן העברעיִשן ליד ״ידעתי״:[73]

״ידעתי, אתם!
אתם הברוכים,
בני הטיפוחים,
אתם הנחנים,
אתם עם הסגולה!
ואנחנו, אנו –
לנו בשת הפנים
ויון המצולה,
אוי לנו...

ידעתי, אתם!
אתם הסֹלת,
אתם הבחירים,
אתם הכבירים,
ולכם היכלת...
ואנחנו, אנחנו,
אנחנו הפסלת,
מכנו, שוחחנו
בתחומי מפֹלת –
אוי לנו!

ידעתי, לכם!
לכם הירושה,
לכם הנחלה
והסאה הגדושה...
ולנו הבושה,
לנו הכאב,
לנו המחלה
ושברון הלב –
אוי לנו

ידעתי, אתם!
אתם השליטים,
אתם הדינים,
לכם השוטים,
לכם הברקנים!
אתם הממיטים
ומרימי העול,
ויוזמי המזימה,
ואומרי האמן...
לכם צד הימין,
ולנו השמאל...
השאול,
גל החול,
הכלימה,
הדמעה –
אוי לנו!

ידעתי, לכם!
לכם הצדקה,
לכם החזקה...
ולנו, לנו –
לנו מועקה,
אוי לנו...

ידעתי, לכם!
לכם הכֹּח,
לכם הרשות,
הרשות לרצֹח,
לרצֹח, לשמֹח...

ולנו, לנו,
לנו למות,
לנו לסלח –
אוי לנו.

ידעתי, אתם!
אתם החורים.
אתם הגיבורים
ובעלי האון,
לכם ההודיה,
לכם השבח!
ואנחנו הצֹאן,
הצֹאן לטבח –
אוי לנו...

דאָס ליד איז געשריבן געוואָרן אונטערן שטאַרקן אײַנדרוק פֿון די פּאָגראָמען אין פּוילן, אין די יאָרן 1935־1937, אין וועלכע ס'זײַנען דערהרגעט געוואָרן הונדערטער ייִדן אין צענדליקער פֿאַרשיידענע ערטער, און עס זײַנען אויסגעפֿירט געוואָרן דרײַ מערדערישע אָנפֿאַלן אויף ייִדן אין דרײַ גרעסערע שטעט: גראָדנע, פּשיטיק און מינסק־מאַזאָוויעצק, ווו עס זײַנען געפֿאַלן קרבנות און פֿיל זײַנען געוואָרן פֿאַרוווּנדעט.[74] אין אויבן ציטירטן ליד איז מער פֿאַראַן ווי בלויז אַ ספּעציפֿיש רעאַגירן צו די געשעענישן בעת די פּאָגראָמען אין פּוילן פֿון יענער צײַט. אויב מיר באַטראַכטן דעם נאָמען פֿון ליד, באַמערקן מיר באַלד אַז ער דריקט אויס אַ סך מער ווי בלויז אַ ספּאָנטאַנע רעאַקציע, ווײַל דער ווערב "ידעתי" איז פֿאָרמולירט אין דער פֿאַרגאַנגענער צײַט: איך האָב געוווּסט. אָבער נישט נאָר דאָס – עס איז אויך פֿאַראַן אַן ענגע פֿאַרבינדונג צווישן טיטל פֿון ליד מיט זײַנע אימפּליקאַציעס און דער גאַנצער לידסטרוקטור. דאָס וואָרט "ידעתי" איז נישט נאָר אַ טיטל, דאָס איז אַ שליסלוואָרט וואָס חזרט זיך איבער ווידער און אָבער בײַם אָנפֿאַנג פֿון יעדער איינער פֿון די זיבן סטראָפֿעס פֿון ליד. דורך דעם ווערט באַטאָנט אַ רעאַגירן וואָס איז דווקא נישט ספּאָנטאַן און ערשטיק, גאָר פֿאַרקערט – עס ווערט באַטאָנט אַ וויסיקייט־מצבֿ וואָס איז געווען שוין לאַנג פֿאַר די געשעענישן וואָס זײַנען מעגלעכע גורמים פֿון ליד, אָבער נישט זײַן סיבה. ווײַל די מאָרדן און אָנפֿאַלן אויף יחידים און בעת פּאָגראָמען וואָס ווערן אָנגעוווּנקען אין ליד, ווערן פֿאַרשטאַנען – לויטן טיטל, און לויטן אָנפֿאַנג פֿון יעדער סטראָפֿע – נאָר ווי באַשטעטיקונגען פֿאַר אַ וויסן וואָס איז נאָך פֿון פֿריִער פֿאַראַן טיף אײַנגעקריצט בײַם פּאָעט אין האַרצן.

דאָס וויסן וואָס די געשעענישן פֿון 1935־1937 קומען און באַשטעטיקן, איז פֿאַרבונדן קודם כּל, מיטן צעטיילן פֿון דער מענטשהייט צווישן "אתם" און "אנחנו" – "איר" און "מיר" – אַ צעטיילונג וואָס איז אַליין אויך אַ סטרוקטור־עלעמענט וואָס חזרט זיך איבער אין יעדער סטראָפֿע און בויט, פֿאַקטיש, די פֿאָרמעלע ראַם פֿון ליד. דער "אנחנו", דאָס זײַנען די ייִדן פֿאַרשטענדלעך, וועגן דעם "אתם" רעדט נישט דער פּאָעט בפֿירוש און ס'איז נישט מעגלעך צו באַשטימען לויטן טעקסט פֿון ליד אַליין וועמען אייגנטלעך האָט ער אין זינען. צי מיינט ער די מענטשהייט, צי מיינט ער דאָס פּוילישע פֿאָלק, צי גאָר נאָר די פּאָגראָמשטשיקעס און זייערע מיטהעלפֿער? אונדז קען אָבער אַרויסהעלפֿן בײַם אידענטיפֿיצירן דעם "אתם", דאָס וואָס י.ק. דערמאָנט אין זײַן הקדמה פֿון יאָר תרצ"ז. דאָרט איז פֿאַראַן אַ צעטיילונג צווישן ישׂראל און זײַנע פֿאַרפֿאָלגער אין אַ ביז גאָר ענלעכן קאָנטעקסט, ווי אין ליד. ער שרײַבט: "מײַן גאָט האָט מיך טאַקע געטראָפֿן, אין אָט דער שווערער שעה, בײַ מײַנע שלעכטע מעשׂים, בעת מעשׂה־זינגען... טאַקע, עס איז נישט פֿאַראַן קיין אומפֿילבאַרערער און פֿאַרגרעבטערער פֿון בעל־השיר! דער קב"ה וועט מיך נאָך פֿרעגן: וואָס איז מיט דיר די גדולה? מײַנע זין ווערן דערטרונקען אין ים און דו זאָגסט שירה? הלוואי זאָל ער מיך פֿרעגן! נאָר אומזיסט, נישט פֿרעגן וועט מיך מײַן גאָט... ער פֿרעגט זיך נאָך... וועגן די מצרים, וועגן די רודפֿים, ווען זיי ווערן דערטרונקען אין ים, די פֿאַרפֿאָלגטע האָט ער נישט ליב, צו די באַליידיקטע און נישט באַליידיקנדיקע ווענדט ער זיך ניט. ווי מיר וואָלטן זײַנע זין ניט געווען... שטאַרבן זינגענדיק האָבן מיר ליב. מיר האָבן ליב צו גיין צום טויט, ס'הייסט, געפֿירט ווערן צום עשאַפֿאָט און זינגען... אויך ווען מען שטעלט אונדז אַוועק צום וואַנט, זײַנען מיר געוווינט זיך צוצוהערן צו דעם געזאַנג און צו דער תּפֿילה. אָט דאָס רגילות איז שוין בײַ אונדז אַ נאַטורזאַך, מיר זינגען און ווערן פֿאַרברענט אין בלוט און פֿײַער און וואָלקנס רויך. מיר זינגען און ברענען פֿון שטענדיק אָן און ביזן מיטל־עלטער פֿון יאָר 1937".[75]

דאָס שטיין "צום וואַנט" פֿאַרוואַנדלט זיך אין אַ סימבאָל אין י.ק.'ס שאַפֿן, אַ סימבאָל וואָס דריקט אויס סײַ דעם עקזיסטענציאַלן מעמד פֿון פּאָעטישן "איך" און סײַ פֿון גאַנצן ייִדישן כּלל. אין די דרײַסיקער יאָרן און אין געטאָ דערשײַנט אין זײַנע לידער ווידער און אָבער דער מאָטיוו פֿון שטיין צום וואַנט, און אָט דער

סימבאָל, וועלכער באַשרײַבט צו ערשט ווי עס דאַכט זיך אַ פּערזענלעכן מצבֿ ווערט צו ענד אַן אויסדרוק פֿאַרן מצבֿ פֿון כּלל. דאָס שטייט צום וואַנט, צי פֿאַר אַ וואַנט, אין זײַנע געטאָ־שריפֿטן – ווערט געזוי און זאָרגפֿול אַנטוויקלט, קינסטלעריש און וויזועל דראַמאַטיזירט אויף דער בינע, בבחינת אַ רעאַליזאַציע פֿון אַ מעטאַפֿאָר וואָס גייט אַרום אין י.ק׳ס שריפֿטן פֿון די דרײַסיקער יאָרן אָן: אין אָריגינעלן כּתבֿ־יד פֿון ״על נהרות בבֿל״ צייכנט אָן י.ק. מיט זײַן אייגענער האַנט די טויערן פֿון בבֿל אין דער פֿאָרם פֿון אַ מויער וואָס צעשיידט צווישן די גולים און בבֿל [76] און אין דער סצענישער באַמערקונג ווערט דאָרט געזאָגט: ״די פֿאַרמאַכטע טויערן פֿון בבֿל פֿאַרנעמען אַ גרויסן טייל פֿונעם מיט פֿון הינטערגרונט״. די מחיצות ווערן פֿאָרגעזעצט אין דער צייכענונג לינקס צו און רעכטס פֿון די טויערן ווי אַ מין באַריער וואָס פּילט אָן די האָריזאָנט־ליניע פֿון צושויער. עס ווערט אַזוי אַרום געשאַפֿן אויף דער סצענע פֿון דריטן אַקט אַ מין געפֿיל פֿון בלאָקירטער פֿאַרשפּאַרטקייט מיט דער הילף פֿון אַ מין מויער וואָס צעשיידט די גולים פֿון אַלץ וואָס איז אויף דער צווייטער זײַט.[77] דער אַלטער קוליה, אַ געשטאַלט אין דער דראַמע, באַצײַענדיק זיך צום גאַנצן סיסטעם טויערן מיט מחיצות אין ביידע זײַטן – פֿרעגט: ״פֿאַר וואָס האָט מען אַוועקגעשטעלט אונדז פֿאַר אַ בלינדער וואַנט?״

די פֿאָרגעשיכטע פֿון דעם סימבאָל, געפֿינען מיר צו ערשט אין אַ ליד פֿון יאָר תר״ץ, מיטן נאָמען ״אלי קיר״[78] אין וועלכן עס קומט צום אויסדרוק אַ געפֿיל פֿון געפֿינען זיך אין אַ בלינד געסל, בײַם סוף פֿון וועג, אין אַ מצבֿ וואָס דערמעגלעכט מער נישט צו האָבן קיין פּאָזיטיוו צוקונפֿט־בילד. דאָס לעבן פֿאַרלירט אין אַזאַ מצבֿ יעדן באַטײַט, און דער איינציקער שריט וואָס בלײַבט צו טאָן איז צעשמעטערן דעם קאָפּ אָן וואַנט, ווײַל די ברירה בלײַבט: אָדער פּאַסיוו אָננעמען דעם פֿאַקט פֿון דער עקזיסטענץ פֿון אַ וואַנט און די ענד פֿון דעם וועג, אָדער זיך וואַרפֿן אויף דער וואַנט מיט לײַב און לעבן ווײַל מען וויל נישט שלום מאַכן מיטן פֿאַקט, און אויס אַ ייִאושדיקן פּרווו די וואַנט גובֿר צו זײַן מיט לײדיקע הענט. דער פּאָעטישער ״איך״, איז אין דעם ליד אַ גייער וואָס וויל גלייבן אַז עס ציט זיך נאָך אַ וועג פֿאַר אים, ווײַל לויט זײַן געפֿיל האָט ער ערשט נאָר אַ האַלבן וועג דורכגעמאַכט, און פֿאָרט שטייט ער פֿאַר אַ וואַנט. י.ק. פֿאָרמולירט עס אַזוי:

״לא אֲרֻכָה עוד דרכי. היא היתה, רק היתה אֲרֻכָה.
הנה הקיר!
את, כבי נא, כבי את אש האבוקה –

כבי האש ועוד אאמין: לדרך אין קצה,
ואם כי עברתי החצי –
הנה הקיר!

כבי האש טרם עוד כשלה הברך,
השליכי מיד האבוקה, –
היתה אֲרֻכָה הדרך –
היא הולכה ותמה, –
היתה רבבות פרסה ארוכה,
ונותרה רק אמה.

הנה הקיר!
כבי האש ומעטה לילה לי צוי,
השקיני מיינך, עורריני לשיר –
שכור־יין ושר – אנכי את רגלַי אֲשַׁוֶה,
ואנפץ את ראשי לקיר.״

בלײַבט צו דערגײן װעגן װעג װאָס איז פֿאַרשטעלט געװאָרן מיט דער װאַנט, װאָס פֿאַר אַ װעג איז עס? אָן צװײפֿל, די קאָנטינוִיִטעט און ריכטונג װאָס אָט דער װעג סימבאָליזירט איז פֿון אײן זײַט, דאָס נאָכאַנאַנדיקע לעבן פֿון פּאָעטישן "איך", דער װעג איז אָבער אױך פֿאַרבונדן מיטן אָרט צו װעלכן ער שטרעבט צו דערגײן. עס איז קײן ספֿק נישט אַז דער פּאָעטישער "איך" װײס װוּהין ער װיל דערגײן, װײַל אין ליד װערט געזאָגט אַז ער איז שױן אַ האַלבן װעג אַדורך. ס'הײסט, אַז אַ פֿאַרבינדונג איז פֿאַראַן צװישן װעג און דעם צוקונפֿט־בילד פֿון פּאָעטישן "איך". און װידער, די װאַנט, װאָס שטעלט זי מיט זיך פֿאָר?

בײַ דעם סוף פֿון ליד איז די װאַנט פֿאַרבונדן מיט טױט, אױך אין דער הקדמה פֿון תרצ"ז צו זײַנע דרײַ בענד העברעיִשע לידער איז די װאַנט פֿאַרבונדן מיט טױט. די װאַנט איז נישט קײן צײַטװײַליקער מכשול נאָר דער אַבסאָלוטער סוף. אױך אין "על נהרות בבֿל" לױט די רײד פֿון קוליה, איז עס אַזױ: "דער טױער דאָ, אין װעלכן כ'דאַרף אַרײַן – / און ניט אַרױס שױן מער.../ איך װעל ניט אָנזען מער די פֿרײַע/ װעלט, יהודהס לאַנד..." (דאָרט, ז' 71). די צוקונפֿט װאָס איז פֿאַרשניטן געװאָרן איז דאָרט "יהודהס לאַנד" װאָס װערט אין קוליהס װערטער אַ סינאָנים פֿון "די פֿרײַע װעלט". אין "על נהרות בבֿל" צעשײדט טאַקע דער מױער צװישן לעבן און טױט: זאָגט דאָרט שראצר, דער װעכטער בײַ די טױערן: "העי, עפֿנט אױף זיך, טױערן פֿון בבֿל! עפֿן זיך, אָ, תּהום!" און י. קאַצענעלסאָן גיט דאָרט צו אין אַ סצעניִשער אָנװײַזונג: "די טױערן עפֿענען זיך פֿון בײדע זײַטן ברײט אױף, עס אַנטפּלעקט זיך פֿאַר אַלעמען אַ פֿינצטערער תּהום" – און גלײַך נאָך דעם פֿאַרענדיקט זיך די דראַמע מיט דעם נבֿיא יחזקאלס װיזיע פֿון די טרוקענע בײנער (זע דאָרט, ז' 133).

דאָס װאָס געפֿינט זיך פֿאַר דער װאַנט, דאָס איז דאָס לעבן װאָס זײַן מהות איז – אַ שטענדיק גײן צו עפּעס, און דאָס װאָס הינטער דער װאַנט, איז דער טױט. דאָס איז אױך ריכטיק פֿאַרן ליד "אלי קיר" פֿון יאָר תר"ץ. אַפֿילו װען דאָס ליד קען געלײענט װערן װי אַן אױסדרוק בלױז פֿון פּערזענלעכער באַדרענגעניש, װי אַ רעזולטאַט פֿון צײַטפֿאַרלױף און פּראָצעס פֿון עלטערן זיך[79] און אַפֿילו אױך װי אַ רעזולטאַט פֿון אַ גײַסטיקן איבערברוך פֿון אַ מענטש אין זײַנע מיטעלע יאָר (ער איז דאַן געװען אַרום 44 יאָר אַלט) װאָס ריכט אָפּ זײַן חשבון־הנפֿש[80] – טאָרן מיר נישט פֿאַרזען צװײ װיכטיקע פֿאַקטן: (א) אַז דאָס געפֿיל פֿון אַ בלינד געסל און אומזין אין לעבן, קענען מיר געפֿינען אױך אין פֿאַרשײדענע אַנדערע שאַפֿונגען געשריבן פֿון י.ק. אין זײַנע צװאַנציקער יאָרן, נאָך בײַם אָנהײב פֿון יאָרהונדערט; (ב) ס'איז נישט פֿאַראַן קײן אײנדײַטיקע צעטײלונג אין י.ק'ס שאַפֿן, צװישן דעם פּערזענלעכן און ייִדישן אַלגעמײנעם אַספּעקט. פֿאָרשטעלונגען און סימבאָלן װאָס דריקן אױס בײַ י.ק. כּלומרשט בלױז אַ פּערזענלעכן מצבֿ, װערן אױך פֿאַרװאַנדלט נישט אײן מאָל אין אַ אױסדרוק פֿאַרן מצבֿ פֿון כּלל־ישׂראל אין גלות. אַזױ אַרום קען מען אין דעם זין פֿאַרגלײַכן צװישן פֿאַרשײדענע לידער װאָס י.ק. האָט געשריבן בײַם אָנפֿאַנג פֿון יאָרהונדערט, אין װעלכע עס געפֿינען זיך אײנער לעבן צװײטן אָבער באַזונדער און גלײַכצײַטיק – דער פּערזענלעכער אַספּעקט און דער אַלגעמײנער. צוזאַמען מיט לידער װי "פּחדים" (תרס"ג), און "שממון" (תרס"ג), שרײַבט ער אַ פּאָעמע װעגן קישעניעװער און האָמעלער פּאָגראָם, מיטן נאָמען "הפרעות התחילו; מזמור של יום" (תרס"ד),[81] װי אױך דאָס ליד "אלגיה" (תרס"ד).[82]

די אײנציִיטיקע עקזיסטענץ פֿון אַלגעמײנעם און פּערזענלעכן אַספּעקט אין באַזונדערע לידער, אַפֿילו װען דאָס איז אַ פֿילזאָגנדיקער פֿאַקט איז עס נאָך אַלץ נישט קײן באַװײַז פֿאַר אַ באמת אינטעגראַציִע כאַראַקטער פֿון זײַן שאַפֿן. עס פֿעלט דאָ נאָך אַלץ דער פֿאַרקניפּפּונקט אין אײן און דעם זעלבן ליד. דערפֿאַר קענען מיר זיך נישט באַנוגענען, אין פֿאַרבינדונג מיט אַזאַ װיכטיקן אַנטשײדנדיקן סימבאָל אין יצחק קאַצענעלסאָנס שאַפֿן װי ס'איז די באַשרײַבונג פֿונעם שטײן "צום װאַנט", בלױז מיט אָנװײַזן אױף זײַן עקזיסטענץ אין פֿאַרשײדענע שאַפֿונגען און באַלד מאַכן אױספֿירן, װי עס טוט אַבֿרהם לעװינסאָן, װעגן

נבֿיאישן כאַראַקטער און די כּלל־ייִדישע באַדײַטונג פֿון ליד "אלי קיר", געשריבן אין יאָר תר"ץ.[83] לעווינסאָן שטעלט פֿאָר די פֿאַרבינדונג צווישן דער הקדמה פֿון יאָר תרצ"ז מיטן ליד פֿון תר"ץ, אין ענין שטיין "צום וואַנט" – ווי אַ פּשוטע זעלבסט־פֿאַרשטענדלעכע פֿאַרבינדונג, איבערלאָזנדיק אַזוי אַרום אַ קשיא אָן אַ תּירוץ, ווײַל אין ליד רעדט דער פּאָעטישער "איך" אין אייגענעם נאָמען בלויז, בשעת אין דער הקדמה פֿון תרצ"ז רעדט י.ק. אין נאָמען פֿון גאַנצן פֿאָלק; פֿרעגט זיך אַ פֿראַגע: צי זײַנען מיר באַרעכטיקט צו זען אין ליד "אלי קיר" אימפּליקאַציעס וואָס גרייכן ווײַטער ווי בלויז דער קרײַז פֿון איבערלעבונגען פֿון פּאָעטישן "איך"?

אַ טיילווײַזן ענטפֿער צו דער פֿראַגע געפֿינען מיר בײַם סוף פֿון דער הקדמה פֿון תרצ"ז, אין פּאָעטס אַלגעמיינע ווערטער וועגן פּאָעזיע בכלל און וועגן זײַן פּאָעזיע בפֿרט. אייגנטלעך טענהט דאָרט י.ק. אַז דער פּאָעט זינגט אַרויס זײַן ליד זוכנדיק שטענדיק אַן אָפּקלאַנג פֿון זײַנע ווערטער בײַ זײַנע מיטצײַטלער, ווי ער זאָגט עס: "דברי שירה קטנים של אדם, ששרם לכאורה לצורך עצמו, אם יצרם מתוך חבלי לידה, אם נקנו ביסורים, הרי הם כדברי בשורה בשביל העולם כולו...".[84] וויכטיקער פֿאַר די אַלגעמיינע ווערטער, איז אָבער די מעגלעכקייט צו דערווײַזן אַז אין י.ק׳ס פּאָעזיע גופֿא געפֿינען מיר שוין די באַשרײַבונג פֿון שטיין "צום וואַנט", גלייכצייטיק, אין אַ פּערזענלעכן און אין אַן אַלגעמיין־ייִדישן קאָנטעקסט. איידער מיר אַנאַליזירן אָבער אָט די דערשײַנונג בײַ י.ק., ענטפֿערנדיק אַזוי אַרום אויף דער קשיא, וועלן מיר באַטראַכטן אין קורצן דעם כאַראַקטער פֿון דער צוקונפֿט־דימענסיע אין זײַן פּאָעזיע, וועלכע האָט אויך אַ שײַכות צום ענין שטיין "צום וואַנט".

די איינציקע און צענטראַלע צוקונפֿט־פֿאָרשטעלונג אין י.ק׳ס לעבן און שאַפֿן, איז דער נאַציאָנאַלער אויפֿלעב פֿון ייִדישן פֿאָלק און די וויזיע פֿון ארץ־ישׂראל וואָס באַנײַט איר יוגנט, פּונקט אַזוי ווי פֿאַרצײַטנס. י.ק׳ס ווירקלעכע פֿאַרבינדונג מיטן קולטור־אָנשטרענג אויפֿצולעבן די העברעיִשע שפּראַך, דורך אײַנשטעלן אַ דערציִונגס־סיסטעם אויף אַלע גראַדן, פֿון קינדער־גאָרטן ביזן מיטלשול, און זײַנע העברעיִשע שריפֿטן – זאָגן עדות אויף וויפֿל י.ק. האָט זיך פֿאַרבונדן פֿון אָנהייב אָן פֿון זײַן קולטור־טעטיקייט מיט אַ וויזיע פֿון אַ צוקונפֿטיקער לעבעדיקער העברעיִשער קולטור. דאָס איז געווען אַ פֿאַרבינדונג אויך אַן אַנימיש־פּערזענלעכע. נאָך אַזוי פֿרי ווי אין 1908, אין זײַן פֿאָרשטעלונג "בחורים", וואָס פֿאַרנעמט זיך מיט אַ באַשרײַבונג פֿון אַ פּראָסטער פּראָזאַישער גײַסטלאָזער ווירקלעכקייט, אין וועלכער י.ק. באַשרײַבט קריטיש – דער עיקר, אין ליכט פֿון קאָמעדיע, די ייִדישע יוגנט אין זײַן צײַט אין דער לאָדזשער ייִדישער געזעלשאַפֿט – קען מען דאָרט געפֿינען אַ כּמעט אומבאַמערקבאַרע פֿאָרשטעלונג פֿון אַ מעגלעכער גאָר אַנדערער גײַסטיקער פּאָעטישער ווירקלעכקייט פֿון אַ לעבן פֿול מיט באַטײַט, אַ ממשותדיקע אויסגעטרוימטע אַלטערנאַטיוו וואָס איז מעגלעך ב ל ו י ז אין דער צוקונפֿט און נישט אין גלות נאָר אין דער זיך באַנײַענדיקער ארץ־ישׂראל.[85] די צענטראַלע טעמע פֿון דער קאָמעדיע איז אַ צוזאַמענטרעף פֿון יונגע פּראָווינצער ייִדן וואָס זײַנען געקומען זוכן זייער צוקונפֿט דווקא קיין לאָדזש. די אַקציע קומט פֿאָר אין אַ צימער ווו אייניקע פֿון זיי וווינען צוזאַמען, אויפֿן פֿאָן פֿון אומבאַוווּסטע ייִדישע ווילע־יונגען וואָס זײַנען פֿאַרנומען מיט ריידעכצן וועגן ענינים וואָס צווישן מאַן און פֿרוי. אָט דער צענטער אין דער פֿאָרשטעלונג האָט אָבער אַ ליטעראַריש געפֿורעמטע ראַם בײַם אָנפֿאַנג און בײַם סוף פֿון דער פֿאָרשטעלונג. אין דער ראַם ווערן באַהאַנדלט, אַזוי ווי צופֿעליקערווײַז, ענינים וואָס שטייען אין שפּיץ פֿון דער נאַציאָנאַלער ארץ־ישׂראל־וויזיע. נישט געקוקט אויף דעם וואָס די ראַם מערקט זיך נישט אָן, מחמת דער עיקר ווערן געפֿורעמט אין דער פֿאָרשטעלונג פֿאַרשיידענע ליבעס־אַפֿערן און לײַכטע געשעענישן באַפֿעפֿערט מיט אַ זאַפֿטיקן לעז (פּויליש צי רוסיש) וואָס איז פֿאַרפֿלאָכטן אין דער ייִדישער שפּראַך פֿון די אָנטיילנעמער, איז אָבער צו מערקן אַז דער

אינהאַלט פֿון דער ראַם באַציט זיך צו אַ געזעלשאַפֿטלעך פּאָזיטיווערער פּראָגראַם וואָס אונטערליגט דעם קריטיקירן קאָמיש די חסרונות פֿון דער יונגער לאַדזשער ווילגייערישערווירקלעכקייט. עס נעמען אָנטייל אין טעאַטער־שפּיל, צוויי העברעיִשע לערער, אַ פּריקאַזשטשיק, אַ רײַזנדער אַגענט, אַ סקלאַדניק פֿון אַ גרויס געשעפֿט, אַ פֿאַבריקאַנט און אַ צווייטער פּריקאַזשטשיק. אָט דער סאָציאָלאָגישער צוזאַמענשטעל: פֿון איין זײַט פּראַקטישע מסחר־מענטשן, און לערער פֿון דער צווייטער זײַט, איז פּאַראַלעל צו דער טעקסט־סטרוקטור: די צענטראַלע פּאַסירונג פֿון איין זייט און די ליטעראַריש געפֿורעמטע ראַם פֿון דער צווייטער זײַט. אין דער צענטראַלער פּאַסירונג נעמען אַלע אַן אָנטייל, אין דער ראַם – נאָר ביידע העברעיִשע לערער.

בעסקין, איינער פֿון די לערער, פֿאַנגט אָן דאָס טעאַטער־שפּיל מיט די ווערטער: "בעסקין – (גייט אַרום הין און צוריק איבערן צימער. נאָך יעדן טראָט שרײַען די שיך אונטער. כאַפּט זיך פּלוצלונג פֿאַרן קאָפּ, רעדט פֿאַר זיך, מיט וווּנדער). גוואַלד, גוואַלד, גוואַלד!... צי זיי ווייסן ניט, צי זיי מאַכן זיך ניט וויסן!?... בעסקין – (בלײַבט שטיין פֿאַרטראַכט, מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. שיסט אויס מיט אַ געלעכטער) כאַ־כאַ־כאַ! פּאַלעסטינע – נישט מער ווי אַ טראַדיציע!" – דאַן רופֿט זיך אָן הימעלשטיין, דער פּריקאַזשטשיק, וועלכער פּרוּווט די גאַנצע צײַט אַנטשלאָפֿן צו ווערן אויף זײַן געלעגער: "הימעלשטיין – (אויפֿהייבנדיק דעם קאָפּ פֿון קישן) אפֿשר וועט איר פֿאַרמאַכן דאָס מויל, איר, ארץ־ישׂראל־יידר?"

אַזוי הייבט זיך אָן די פֿאָרשטעלונג וואָס פֿאַרנעמט זיך באַלד אויף גאָר אַנדערע וועגן וואָס האָבן קיין שײַכות נישט מיטן לערער בעסקינס מחשבֿות. ער און זײַנע געדאַנקען ווערן נישט במשך דער אַנטוויקלונג פֿון טעאַטער־שפּיל אויף דער בינע, און אָט דער גאַנצער אַרײַנפֿיר בלײַבט ווי הענגען אין דער לופֿטן. בלויז די ענד־סצענע באַזינט ענדלעך דעם טעקסט פֿון דער אַרײַנפֿיר־סצענע. בעתן סיום פֿון דער פֿאָרשטעלונג, צום סוף, קומט פֿאָר אַ געשפּרעך צווישן ביידע לערער, אַרום ענין ארץ־ישׂראל:

בעסקין: איז די גאַנצע שרעק דײַנע פֿאַר די אַראַבער, זיי זאָלן אונדז ניט פֿאַרטרײַבן – ?

עפּשטיין: (פֿלעגמאַטיש, קאַלט). דאָס און נאָך וואָס...

בעסקין: די אַראַבער אָבער זענען בײַ דיר דאָס וויכטיקסטע – זעסטו פֿאַר אַלעמען אין דער וועלט האָב איך מורא, – פֿאַרן אַראַבער – ניט!

עפּשטיין: (קאַלט). איך – יאָ. (גיסט זיך אָן אַ גלאָז קאַלטן טיי, טרינקט עס מיט גרויסע זופּן אויס).

בעסקין: דו רעדסט פֿון דײַן אייגענע פּערזאָן?

עפּשטיין: אַזוי ווי איך, אַזוי זענען מיר אַלע –

בעסקין: פֿלעגמאַ, פֿלעגמאַ! פֿאַרגאַרטלסט זיך מיט דאָס גאַנצע פֿאָלק. אין דער צײַט ווען דו שטייסט אַליין!

עפּשטיין: יאָ, איך שטיי אַליין...

בעסקין: נו?

עפּשטיין: מיר שטייען אַלע אַליין, אַ גאַנצער וואַלד איינציקעביימער.

בעסקין: אַ וואַלד זאָגסטו?

עפּשטיין: אַ וואַנדער־וואַלד ניט קיין אײַנגעפֿלאַנצטער...

בעסקין: (טרויעריק) לייקן אָבער ניט אָפּ דעם פּאַלעסטינע־שמערץ...

עפּשטיין: איך לייקן אים ניט אָפּ...

בעסקין: דו זאָגסט דאָך אָבער אַז ער איז גאָרנישט –

עפּשטיין: נו יאָ ער איז גאָרנישט!... (פּויזע).

בעסקין: (גייט צו צום אָפֿענעם פֿענסטער, קוקט אַרויס). זעסט – זיי זענען קיינער ניטאָ... צעגאַנגען זיך.

עפשטיין: אַ זאָרג האָסטו.

בעסקין: אָבער אַ זאָרג!... הער נאָר, האָסט געלעזן דעם ארץ־ישׂראלדיקן "העומר"?

עפשטיין: כ'האָב אים געלעזן.

בעסקין: נו, האָסט ניט באַמערקט דאָרט די דערציילונגען און בילדער? עפּעס אַ מין מאָדנע הײַטערקייט איז אויף זיי אויסגעגאָסן... אַ נײַער דור פֿון ציונס טעכטער וואַקסט דאָרט יעצט צווישן יהודהס בערג... פֿריילעכע, זינגענדיקע...

עפשטיין: ס'איז ניט וואָר.

בעסקין: וואָס הייסט ניט וואָר?

עפשטיין: ניטאָ דאָרט, ניט קיין מיידלעך ניט קיין בחורים... דאָ זענען זיי!... אָט דער פֿרומאַק דאָ – (ווײַזט אויף דאָס בעטל) פּריוועס, – ער איז אויך אַוועק מיט זיי... ווען ער וועט צוריקקומען, וועט ער דיר מער פֿאַרציילן ווי די "העומרס" מיט אַלע זייערע שרײַבער...

בעסקין: דאָ זענען זיי?? ניין, ניין – הונדערט מאָל ניין! דאָ בין איך קיין בחור ניט, און אין פּאַלעסטינע ווען דאָרט זאָל זײַן אַ מאַסקנבאַל קום איך אויף אים דער ערשטער!..." (דאָרט, זז' 25־26).

פֿון אַן עקזיסטענציאַלן שטאַנדפּונקט פֿאַרענדיקט זיך דער געשפּרעך, מיט בעסקינס אַ בפּירושער דערקלערונג אַז אין גלות שטייט זײַן לעבן פֿאַר אַ בלינד געסל בעת דאָס צוקונפֿט־בילד אין וועמענס ליכט ער האָט געלעבט די גאַנצע יאָרן איז גאָר די אויפֿלעבונג פֿון אַ ייִדיש לעבן אין ארץ־ישׂראל. בעסקינס דערווידער און זײַן נישט אָנטייל נעמען אין די באַלן און הולאַנקעס פֿון ייִנגלעך און מיידלעך – וואָס ווערן באַטאָנט לענג־אויס דער פֿאָרשטעלונג – קוואַלן נישט אַרויס פֿון אַ מיזאַנטראָפּיזם אָדער פֿון אַ פּסלען יעדע נאָכגיביקייט פֿאַר חיי־שעה. זײַנע באַוואָרענישן און דאָס אָפּזונדערן זיך פֿון דער יונגער לאָדזשער געזעלשאַפֿט קוואַלן בײַ אים אַרויס, דווקא פֿון אַ טיפֿער איבערצײַגונג אַז זײַן לעבן און דאָס לעבן פֿון זײַנע מיטמענטשן זײַנען פּעלערהאַפֿטיק, כּל־זמן זיי לעבן זיך נישט אויס אין ארץ־ישׂראל. נאָר אויפֿן סמך פֿון אַזאַ וועלטבאַנעם קענען פֿאַרשטאַנען ווערן בעסקינס ווערטער בעתן אַרײַנפֿיר־טייל ביים אָנהייב, ווי אויך די פֿונקציע פֿון דער גאַנצער ערנסטער ראַמסצענע אין אַ לײַכטער שפּילעוודיקער קאָמעדיע ווו די צענטראַלע פֿיגורן און פּאַסירונגען האָבן מיט גײַסטיקע אינטערעסן ווייניק וואָס צו טאָן. בעסקין דריקט אין דער פֿאָרשטעלונג זיכער אויס דעם יונגן י.ק׳ס טיפֿע איבערצײַגונג, בײַם אָנפֿאַנג פֿון זײַן ליטעראַרישן וועג, אַז דער אויפֿלעב פֿון געפֿילן, וואָס זאָל זײַן טרײַ דעם לעבן פֿון אַ ייִדישער צוקונפֿט, איז מעגלעך נאָר אין ארץ־ישׂראל. דאָס איז די פֿאַרבינדונג צווישן דער ראַם און די צענטראַלע פּאַסירונג, אין "בחורים". די צענטראַלע טעמע איז – דאָס בלינדע געסל פֿון אַ דור, אויסגעדריקט דורך דער באַנאַלער אַטמאָספֿער פֿון פּערזענלעכע קליינלעכע אינטערעסן, אין וועלכער עס זינקט די "עקאָנאָמישע" שיכט וועמענס רעפּרעזענטאַנטן געפֿינען זיך כּמעט די גאַנצע צײַט פֿון דער פּאַסירונג אין אַ צימער (אויף דער בינע), בעת דאָס צוקונפֿט־בילד ווײַטער – אַרײַנגעפּאַסט אין אַ פּערזענלעכער און נאַציאָנאַלער פּערספּעקטיוו צו גלײַך – באַשטייט אין דעם חלום פֿון אַן ארץ־ישׂראל־אויפֿבוי.[86] פֿון אַ ריין עקזיסטענציאַלן שטאַנדפּונקט, שטעלן אַרויס בעסקינס לעצטע ווערטער, דעם י.ק. פֿון 1908 – אין ליכט פֿון דעם שפּעטערדיקן קאַצענעלסאָן. אַזוי אַרום ווערט אויך די קאָמעדיע "בחורים" אַן אינטעגראַלער טייל פֿון צענטראַלן קאָרפּוס אין זײַן שאַפֿן, אין צענטער פֿון וועלכן די פּראָבלעמען פֿון ייִדישן קיום פֿאַרנעמען אַ ביז גאָר וויכטיקן אָרט.

אָט דער פֿאַרקניפּפּונקט צווישן אַ פּערזענלעכן לעבנס־געפֿיל און די אַלגעמיינע פּראָבלעמאַטיק פֿון אַ צוקונפֿט פֿאַרן גאַנצן פֿאָלק, וואָס מיר האָבן געפֿונען אין "בחורים", געשריבן אין עלטער פֿון 22 יאָר, דערשײַנט ווידער, אויפֿן פּאַן פֿון אַ באַשרײַבונג פֿון אַ שטײַן צום וואַנט, אין איינעם פֿון י.ק׳ס

העברעיִשע לידער פֿון אַנטוישונג אין ציון, וועלכע זײַנען געשריבן געוואָרן נאָךביידע באַזוכן זײַנע אין ארץ־ישׂראל, אין די יאָרן 1925/24 און 1934/33. אין אָט די לידער באַטאָנט דער יסוד פֿון אַנטוישונג (אַ רעזולטאַט פֿון אַ קאָנפֿראָנטאַציע צווישן אַ חלום און די וואָר), דעם פֿאַקט אַז אין דער גײַסטיקער ביאָגראַפֿיע פֿון פּאָעט אַנטוויקלט זיך זײַן לעבן העט ווײַט פֿון פוילן און שוועבט אין אַ רוים פֿון טויזנטער יאָרן געשיכטע. דער יסוד פֿון אַנטוישונג שטעקט אין דעם וואָס יענער חלום פֿאַר אַ צוקונפֿטיקן באַנײַטן ייִדישן לעבן אין ארץ־ישׂראל, אַנטפּלעקט זיך פֿאַר י.ק. בעת זײַן וויזיט אין ירושלים אין יענע יאָרן – ווי אַן אוממעגלעכקייט, אין ליכט פֿון דעם וואָס זײַנע אויגן זעען. די טיפֿענישן פֿון דער אַנטוישונג זײַנען ווי די הייכן פֿון דעם חלום:

״אגדה אבדה לי. האמנתי – זאת אגדה,
אך אגדה היא ירושלים. והנה באתי,
עליתי וראיתי במו עיני ומצאתי
את העיר בהרים – ואבדה לי, אבדה...

ורגע ראשון היה לבשתי בו חרדה,
רגע היה ועל מקומי עמדתי וקפאתי –
למה זה את רגלי למקום זה נשאתי?
מה נורא הוא! הוי, למה לא נחרשת שדה?

ניתן ממש לי במקום חלום יקרות:
שמים היו לי ושמש בם מבהיקה –
ועתה עפר וחרבות עיר עתיקה.

העפר הוא תחוח והאבנים קרות,
כעפרות כל העולם וכאבני כל המקומות
ממש לי – ותם, הוי, תם חלום החלומות!״ [87]
(אין דער לעצטער שורה – פֿון מיר אונטערגעשטראָכן געוואָרן, י.ש.)

״דער חלום פֿון אַלע חלומות״, דער מהות פֿון צוקונפֿט־בילד, ירושלים הבנויה – האָט אויפֿגעהערט צו זײַן. ס'איז צעשטערט געוואָרן י.ק.'ס אינערלעכע גלײַכגעוויכט צווישן דעם געוווּנטשענעם און דעם פֿאַראַנענעם. דאָס פֿאַראַנענע איז מבֿטל יעדן זין פֿאַר יעדן ווונטש. עפּעס איז געוואָרן פֿאַרדרייט און אַ מכשול איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויפֿן טרוימוועג פֿון פּאָעטישן איך וואָס זוכט כּסדר, זיך און זײַן פֿאַקטישן עקזיסטענציאַלן מצבֿ איבערצושטײַגן.

אין ליד ״פּעמונים״, געשריבן צווישן די יאָרן תרפּ״ה־תרצ״ז, גייט דער פּאָעט אַרײַן אין דער ארץ־ישׂראל פֿון די צוואַנציקער און דרײַסיקער יאָרן פֿון זײַן צײַט, מיט זײַן אויסגעחלומטער ירושלים און מיטן תּנ״ך אין האַנט, ער גייט אַרײַן אין די טויערן פֿון ירושלים, זײַן שטאָט, מיט אַ טויזנט־יעריקן איבערגעלעבטן עבֿר וואָס איז פֿאַר אים דאָס ווינקלשטיין פֿאַר זײַן צוקונפֿט־בילד, שוין יאָרן. ער גייט אָבער פֿון דאָרט אַרויס מיט גאָר

אַן אַנדערן חלום – ס׳האָט זיך אים געחלומט: אַ געמשפּטער צוויי מאָל צום טויט: איין מאָל – דורך שׂיסן, און ער שטייט צום וואַנט; דאָס צווייטע מאָל – דורך פּאָגראָמשטשיקעס וואָס באַלאַגערן זײַן הויז. די "וואַנט" חזרט זיך איבער אויך אין ליד "פּעמונים", און דאָרט איז זי אַ סימבאָל, גלײַכצײַטיק, פֿאַר אַ לעבן אָן אַן אויסוועג, סײַ אַ פּערזענלעכן און סײַ אַ נאַציאָנאַלן, דאָס איז די ענד פֿון וועג. פֿון דעם פֿאַקט וואָס י.ק. באַצייכנט אין דער דאַטע פֿון ליד, אַז געשריבן האָט ער עס במשך פֿון אַ 12 יאָר, פֿון זײַן ערשטן באַזוך ביז די פּאָגראָמען אויף ייִדן אין פּוילן (אַרײַנגערעכנט די צײַט פֿון זײַן צווייטן באַזוך) – לערנען מיר אַרויס: (א) וועגן דער וויכטיקייט און צענטראַלקייט פֿון ליד ווי אַן אויסדרוק פֿאַר י.ק׳ס סאָרט ייִדישן באַוווסטזײַן צווישן ביידע וועלט־מלחמות, (ב) וועגן דער ענגער פֿאַרבינדונג וואָס ער פֿילט, און לעבט איבער, צווישן זײַן האַלב חרובֿער ייִדישער ירושלים פֿון צווישן ביידע וועלט־מלחמות און דעם טרויעריקן מצבֿ פֿון ייִדן אין גלות פּוילן. דאָס זײַנען די ווערטער פֿון ליד:[88]

א. סובבתי כל היום בחוצות ירושלים, מכיון
שנכנסתי בה עם התנ״ך מתחת לבית השחי,
כאדם הסובב עם קטלוג בבית הנכֹאת –
שלאו כל אדם מבין,
ולאו כל אדם מיטיב ראות
בירושלים זאת...
אם אתקשה־בה, בעיר הסגֻלות שבה אחסה –
אפתח ספר ואחזה,
אפתח את התנ״ך הנעוץ אצלי לבין בית השחי,
ואראה ואָנכח ואבינה:
הנה היא ירושלים, הנה!
ככתוב בתנ״ך:
אקרא ואביט חליפות ואצהל ואגעה בבכי...
אך לשוא! לשוא, כתתי רגלי, הלכתי
שח
מדחי אלי דחי,
מטֻמאה אל טֻמאה;
לשוא פתחתי
הספר –
שכֹּה עליו נסתמכתי –
לא היתה בה בירולשים מירושלים מאומה,
לא כלום מבירת היהודים.
נשרפה עד תֹּם! דעכו, כבו האודים,
סָעַר האפר,
נמחקו חורבות שוממות ובתי העיר ההרוסים,
רמני תנ״כי, רמני!
לא אמר לי כלום לכתחילה על מגרש הרוסים
וכנסיותיהם תריסר,
ותריסר היכלי הקיסר
הגרמני –
מנזרים זרים מוזרים, מרהיבי עינים,
בנוים לתפארת,
נוססים במרומי קרת
בלב ירושלים...
לא ראיתי בעירך, דוד,
אֲשר פֹּה ראיתי אני –
קראתי מר לדף תהילים...
כֹּה אעמֹד בפתחה כעני,
ולבי בי תועה בקרב
והומה כחלילים,
מכל אשר אביט ואראה...

חפצתי החבא –
מהרתי, נמלטתי אל אהלי,
נבלעתי כצל בו, כצל בחיק צללים
עם ערב...

כבד יגונים שכבתי נרדמתי
וחלמתי, חלום רע חלמתי!...

ב. חלמתי חלום רע בירושלים והקיצותי
לחלום עוד רע ממנו:
שאגו עלי,

פערו עלי את פיהם אלפי פעמונים
לבלֹעַ אותי חי,
הם הממו והלמו על משכבי אותי –

לו ברד אבנים כבד עלי נתך – ואשאנו!
חרמונים משרשם נעקרו, לו עלי נפלו,
ואשא את סבלם,
אך איכה אשא שאגות אלה על גבעותי?
חלמתי חלום רע והקיצותי –
לחלום עוד רע ממנו.

הוי, קולות פעמונים על גבעות ירושלם!
נבובי קולות, לא קולות, אלא הד. –
עמומים אתם, סתומים ואִיֻמים,
דחופים אתם בוקעים ומבֹהלים
לבשר רע, להכריז אֵיד – – –

הוי, פעמונים,
כאבן נופל בדילכם על לבבי,
ומעיק, מעיק, מעיק... על משכבי
נדהם, עודי מוטל ואין אונים,
ומוצא אין ואין הצלה,
וקולות הפעמונים טרם עוד יחדלו.

ג. הוי, פעמונים,
קול ענות שמעתי כבר בזירה –
ידים נחתו בי,
ידי המונים,
בתרועת צחוק ממאירה
נהדפתי אלי קרקס,
ואשמע שאגת ארי
ואחי תחתיו פרכס.
שסו כלבים בי,
החרו עזי נפש בי לא אחת,
ואנכי כפות,
ושכני אחי, על ידי עומד ושר בנחת
ובנעם קול "מה־יפית"...
הייתי בין האנשים שהעמדו אל קיר של חומה,
ואשמע קול היריות מן הרובים.
בתרועות צחוק הוללות הקיפו ביתי אויבים,
ושלחו אש בו, ואני מעל, בקומה.
שמעתי מחי גרזן על מפרקת איש יהודי
ואני בין הנדונים –

כל זאת שמעתי ונשאתי בחיי נודי,
ואשא זאת גם הלאה, –
אך איכה, איכה אשא קול הפעמֹונים
על גבעות ירושלם?

דרײַ טײלן זײַנען פֿאַראַן אין ליד: אין דעם ערשטן טײל ווערט באַשריבן אַ חלום וואָס איז געוואָרן אויס בעת דער באַגעגעניש מיט דער ווירקלעכקייט. ירושלים איז ניט די ייִדישע הויפּטשטאָט, אין איר געוועלטיקט דער קריסטנטום און עס רוט אין איר דער אַש פֿון פֿרעמדע פֿעלקער. די וואָרע באַגעגעניש צווישן פּאָעט־טרוימער און דעם אָרט ווו דאָס צוקונפֿט־בילד דאַרף ווערן רעאַליטעט, כּדי זײַן לעבן זאָל באַזינט ווערן – אָט די באַגעגעניש שטרײַכט אונטער דאָס אוממעגלעכע פֿאַר אים וואָס אין זײַן צוקונפֿט־חלום. דערפֿאַר שווימט אַרויף פֿון דאָס נײַ, אין צווייטן טײל, דער בלינדער אויסגאַנג און דער אומקום – וועלכע ווערן דאָס הויפּטגעפֿיל פֿון זײַן גאַנצן וועזן: "ומוצא אין ואין הצלה". אין דריטן טײל וויקלט פֿאַנאַנדער י.ק. די וויזיע פֿון דער געשיכטע פֿון זײַן פֿאָלק אַרײַנוועבנדיק זיך ווי אַ פּרט אין דעם אַלגעמײנעם בילד, לויט די תּקופֿות: ווי איינער פֿון די ייִדן וואָס טיטוס האָט פֿאַרטריבן קיין רוים און איז אומגעקומען צווישן די ציין פֿון די לייבן אין רוימישן צירק; ווי איינער פֿון יענע וועלכע זײַנען דערשאָסן געוואָרן שטייענדיק בײַ'ם וואַנט פֿון אַ מויער; ווי איינער פֿון די פּאָגראָם־קרבנות. צוויי מאָל באַטאָנט י.ק., אין צווייטן און אין דריטן טײל, נישט די פֿיזישע נאָר די אינערלעכע צעפֿאַלנקייט פֿון זײַן וועלט, אין וועמענס צענטער עס געפֿינט זיך אַ צוקונפֿט־

בילד וואָס איז צעשטערט געוואָרן בעת אַן אוממיטלבאַרער קאָנפֿראָנטאַציע מיט דערווירקלעכקייט: "איכה אשא שאגות אלה על גבעותי?", "איכה, איכה אשא קול הפעמונים על גבעות ירושלים?". ער איז גענוג שטאַרק צו פֿאַרטראָגן נישט נאָר פֿיזישע יסורים נאָר אויך דעם זכרון פֿון זײַן פֿאַרפֿאָלגטן פֿאָלק אויסער ארץ־ישׂראל און ירושלים; דאָס וואָס ער קען בשום אופֿן נישט דערלײַדן און אויסשטיין איז: ירושלים זאָל עקזיסטירן אויף דער ערד גלײַך ווי קיין ייִדן וואָלטן אין איר ניט געווען, ווײַל ירושלים איז די הויפּטשטאָט פֿון אַלע ייִדן אויך נאָכן חורבן, ווײַל ירושלים איז די ערשטע און די לעצטע האָפֿענונג פֿאַרן קיום פֿון ייִדן און פֿאַר זײַן אייגענער ייִדישער עקזיסטענץ, ווי איינער אין זײַן פֿאָלק.

אָט יענער חלום וועגן אַ פֿולן ייִדישן לעבן אין ארץ־ישׂראל וואָס קען ווערן רעאַליזירט אין דער צוקונפֿט, אַ חלום וואָס באַווײַזט זיך שוין אין זײַן שאַפֿן בײַם אָנהייב פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אין זײַן קאָמעדיע "בחורים" (פֿון 1908) באַקומט אויך אַ תּיקון אין די לידער פֿול מיט שׂמחה און לעבנס־לוסטיקייט, וועגן ארץ־ישׂראל, וועלכע ער האָט געשריבן נאָך איידער ער האָט זיך מיטן לאַנד פּערזענלעך באַקאַנט, ווי למשל דאָס ליד "מה יפים הלילות" (תּרס"ו) און נאָך אַנדערע. אָט די לידער זײַנען טיילווײַז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן מיט דער צײַט אין פֿאָלקסלידער וועמענס מחבר איז געבליבן אומבאַקאַנט. דער עיקר האָט י.ק. געשטאַלטיקט זײַן חלום וועגן ארץ־ישׂראל אין יענע לידער, געשריבן צווישן די יאָרן תּר"ע־תּרפּ"ב, וועלכע זײַנען אַרײַנגענומען געוואָרן צוזאַמען ווי אַ טייל פֿון זײַן העברעיִשער פֿאָרשטעלונג "הנביא", ווערנדיק אַזוי אַרום בפֿירוש אַוועקגעשטעלט אין אַן ארץ־ישׂראלדיקן קאָנטעקסט.[89] י.ק׳ס בפֿירושע ווענדונג צו תּנ"ך־מאָטיוון אין איניקע פֿון די לידער, ווי אויך דאָס משיך זײַן אַנדערע, פֿון צווישן די לידער אין וועלכע עס איז נישט פֿאַראַן קיין בפֿירושע ווענדונג צום תּנ"ך־קאָנטעקסט – דאָס איז אויך פֿאַרבונדן מיט יענער דימענסיע אין י.ק׳ס רעפּרעזענטאַציע פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט וואָס איז אַן אינטעגראַלער חלק פֿון זײַן צוקונפֿט־בילד. דאָס אויפֿבויען די דראַמאַטישע דיכטונג "הנביא" אויף אַזאַ דרך פֿאַרענטפֿערט נישט בלויז אַ באַדערפֿעניש פֿאַר אַזוינע טעקסטן דווקא, "הנביא" פֿאַרוואַנדלט זיך אויך אין אַ מקום־מיקלט פֿאַר אַלץ וואָס איז חיותדיק בײַ י.ק., ווײַל ער פֿאַרפֿלעכט זײַנע לידער אין אַ ליטעראַרישן געוועב וואָס געשטאַלטיקט דאָס לעבן אין תּנ"כישן ארץ־ישׂראל, באַשרײַבנדיק אַ צײַט וואָס איז עבֿר, אָבער אויך אַ געגאַרטע צוקונפֿט.[90]

אין ליד "פעמונים", קוואַלט אַרויס די פֿאַרצווייפֿלונג – נישט פֿון אַ גורל פֿון פֿאָלק אין אַלע דורות (און פֿון זײַן אייגענעם גורל) פֿאַרמישפּט צו זײַן אויף פֿיזישן טויט – נאָר פֿון סימבאָלישן באַטײַט פֿון די גלעקער וואָס געפֿינען זיך אין די קלויסטערס, קאָנוווענטן און פּאַלאַצן אויף ארץ־ישׂראל־ערד אין ירושלים. אָט די גלעקער, מיט זייער בלויזער עקזיסטענץ און מיט זייער באַוועלטיקן דעם חוש־הראיה און דאָס געהער פֿאַרניינען בײַם פּאָעט אַזוי אַרום יעדע מעגלעכקייט צו דערשפּירן אויף ישׂראל־לאַנד און איבערלעבן אויפֿן סאַמע אָרט, די צוקונפֿט זײַנע, אין וועלכער עס ליגן פֿאַרוויקלט האָפֿענונגען פֿאַר אַ באַנײַטן ייִדישן לעבן און אַ פֿאַרווירקלעכונג פֿון ייִדישע אייביקע ווערטן אין דער אייביקער שטאָט פֿאַר ייִדן. זײַן אוממיטלבאַרער געפֿיל אין ירושלים איז, אַז אויך די אייביקע ייִדישע שטאָט ווערט וואָס מער באַוועלטיקט פֿון קריסטנטום און אַז גויים האָבן איר באַזעצט. דאָס דרינגען מיר אַרויס פֿון דער לעצטער סטראָפֿע פֿון ליד און דאָס איז אייגנטלעך דער זין פֿון גאַנצן ליד. די באַדראָונג איז דאָ דערפֿאַר נישט קיין פֿיזישע, נאָר אַ דירעקטער אָנגרײַף אויפֿן צוקונפֿט־חלום פֿון אַ פֿאָלק, אַ חלום וואָס אויך ער ווערט צו ביסלעך צוגערויבט בײַ אים.[91]

די וויכטיקייט פֿון דעם ליד און פֿון די אַנדערע העברעיִשע לידער וואָס מיר האָבן אויבן דערמאָנט, אין טעקסט און אין די הערות, ליגט אין דעם וואָס זיי זאָגן עדות קלאָר און איינדײַטיק – אַז פֿון די אָנהייבן פֿון זײַן שאַפֿן און ביזן אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט זיך דער פּאָעט אויסגעלעבט און געשאַפֿן אין ליכט פֿון אַ וויזיע, אַן אָפּגעטאָנענער פֿון דער פֿאַקטישער רעאַליטעט פֿון זײַן לעבן אין פּוילן און

פֿאַרבונדן מיט אַזאַ מין עבֿר־עתיד אין וועלכן ער האָט געגלייבט און צו וועלכן ער האָט זיך גײַסטיק געגרייט זײַן גאַנץ לעבן. נאָר פֿון דעם קוקווינקל איז מעגלעך צו דערקלערן די טיפֿע אַנטוישונג־געפֿילן וואָס זײַנען פֿאַראַן אין אייניקע פֿון די אויבן דערמאָנטע לידער.

אינעם אַריבערפֿירן דעם שווערפּונקט אין זײַן שאַפֿן, פֿון אַ דירעקטער באַציִונג צו די לעבנס־באַדינגונגען אין דער איצטיקייט, אויף אַ ווײַטערער פּערספּעקטיוו וואָס איז טיפֿער אין צײַט און העכער אין גײַסט – איז פֿאַראַן אָן קיין שום ספֿק אַן אָנווונק פֿון אַ וויתּור אויף אַ דירעקטן פֿאַרמעסט מיט דערווירקלעכקייט. און טאַקע אַזוי, אַ בײַטעם פֿון אַן אַנטלויפֿן איז פֿאַראַן אין י.ק׳ס שריפֿטן ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה, און דער מיין איז נישט אים אָפּשאַצן לגנאי דערפֿאַר – ווײַל ער ווייס וואָס ער טוט, בבחינת דער וואָס אַנטלויפֿט פֿון אַ מיסיע וואָס איז אויף אים אַרויפֿגעלייגט געוואָרן, ווײַל ער ווייסט ווי שרעקלעך זי איז. אין דעם שטעקט אַ מין טראַגישער קאַמף צווישן אַ ליבע צום לעבן אין זײַן פּשוטער דערהויבענער נאַטירלעכער פּראַכט און זײַן פֿאַרפֿליכטונג צום גורל פֿון זײַן פֿאָלק, אַ גורל אַ שרעקלעכער, אין גאַנצן אַן איבערגעגעבענער אין די הענט פֿון שׂר־המוות. ביז גאָר באַלערנדיק זײַנען י.ק׳ס רייד, אין דער הקדמה צו זײַנע דרײַ בענד ווו ער אַנאַליזירט אָט דעם קאָנפֿליקט וואָס האָט – לויט זײַנע אייגענע ווערטער – באַשטעמפּלט זײַן גאַנצן שאַפֿן. די ווײַטערדיקע ווערטער וואָס מיר וועלן דאָ טיילווײַז ציטירן, דאַרפֿן פֿאַרשטאַנען ווערן אין אַלגעמיינעם קאָנטעקסט פֿון זײַן שאַפֿן ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה. אַ שאַפֿן וואָס איינע פֿון זײַנע כאַראַקטעריסטיקעס איז – וואָס אין זײַן טעמאַטיק זײַנען נישט פֿאַראַן צו פֿיל לידער און/אָדער דירעקטע פֿאַררופֿן אויף די רדיפֿות פֿון גויים אויף ייִדן, צי רייד וועגן דעם ייִדישן מצבֿ און זײַנע לײַדן אין שווערע צײַטן. און ווען זײַנען שווערע צײַטן נישט געווען אין זײַן דור? וועגן אָט דעם כּמו בלויז אין זײַן שאַפֿן, זאָגט י.ק. אַליין, נאָך פֿאַר דער מלחמה:

„מע וועט מיך נישט פֿרעגן, נישט מײַן פֿאָלק און נישט מײַן גאָט, וועגן די בענדער לידער וואָס איך גיב אַרויס אין אָט דער עת־צרה פֿאַר ייִדן... מיר אַליין איז נישט ניחא, זייער נישט – און דאָך... קען איך זיך נישט אײַנהאַלטן און איך זינג!... [און] טאַקע ס׳ווערט אונדז צו מאָל נמאס די הייליקע מלאכה צו ראַטעווען ווי גאָט און מיר אַנטלויפֿן פֿון דעם ווי מענטשן. אַנטלויפֿנדיק פֿון אָט דער מיסיע – איז אונדז שוין קיין נפֿקא־מינה נישט וווהין וועלן אונדזערע פֿיס פֿירן – קיין תּרשיש צי אין די ים־טיפֿענישן? ווי עס זאָל נישט זײַן – אשרינו!... ווייל איז דעם וואָס אַנטלויפֿט!... אויב איך קום איצט מיט מײַן פּעקל לידער, וועט מײַן חטא נישט גרעסער זײַן... מײַן זינד טו איך דערמאָנען: צו מאָל באַווילִיק איך אַליין אַנטשלאָפֿן צו ווערן אין גיהנום פֿון אונדזער לעבן, און בעת איך דרימל, געשעט... איך אַנערקען עס, אַפֿילו ווען פֿאַר אַ סך וועט עס זײַן אַ וווּנדער, ווען איך מאַך צו די אויגן, געשעט אַז איך זע אַ גוטן חלום. אַזוי אַרום קום איך צו די כּוחות, טרייסל זיך אָפּ שטיי אויף און זינג... די פּאָעזיע, אָט איז זי! אַ פֿאַרזעצונג פֿון חלום איז עס, וואָס כ׳האָב דערזען ווען מײַנע אויגן זײַנען פֿאַרמאַכט געווען... ווײַל טאַקע אויך איך בין איינער פֿון דער עדה, פֿון די וואָס זײַנען ערבֿ איינער פֿאַרן צווייטן, איין גורל האָבן מיר, דערפֿאַר מעג איך, ס׳איז מיר דערלויבט אײַנצודרימלען, זיך אויפֿוועקן אין אַ בהלה און אין אַ טויט־גרויל אַרײַן, זיי ביידע מבטל זײַן – און זינגען, זינגען, זינגען... ס׳הייסט חלומען אויף דער וואַך. נישט קיין לידער האָב איך דאָ געגעבן, נאָר חלום־פֿראַגמענטן אין גראַמען, כ׳האָב זיי פֿרײַ געלאָזט בעת מײַן אַנטלויפֿן... בעת כ׳בין אַנטלאָפֿן פֿון דער ווירקלעכקייט, די ווירקלעכקייט פֿון אונדזער לעבן.“

"איך אַנטלויף, פֿונעם טאָג ווען מײַנע אויגן האָבן זיך אָן עפּן געטאָן צו זען – אַנטלויף איך, און מײַנע אויגן האָבן זיך געעפֿנט – ווי זיי וואָלטן זײַן די פֿון אָדם הראשון, ס'הייסט ווען איך בין אין גן־עדן נאָך געווען, איך האָב אָבער דאַן נאָך נישט געהאַט געגעסן פֿון עץ־הדעת, כ'בין נאָך אַ קינד געווען... זײַענדיק אין קאַרעליץ, מײַן געבוירן שטעטל, אין ליטע. איך האָב נאָך קוים געהאַט זיך אויסגעלערנט צו שטיין אויף די אייגענע פֿיס בין איך [שוין] אַנטלאָפֿן פֿאַר אַ גוי וואָס האָט אויף מיר אַ האַק אויפֿגעהויבן מיך צו צעשמעטערן."

"פֿון יענעם טאָג אָן האַלט איך אין [איין] אַנטלויפֿן... שוין צענדליקער יאָרן אַז איך אַנטלויף, אַז איך פֿאַרשפּאַר די אויערן פֿאַר שלעכטע ווינטן וואָס בלאָזן אין זיי... אשריכם וואָס כ'האָב פֿון דעם אַלץ קיין פּאָטראַוועס נישט געמאַכט. געזונגען האָב איך וועגן דיביימער און די שטיינער, [וועגן אַלץ] און וועגן זאַכן סתּם אַזוי אָבער נישט וועגן יענע אַלע שרעקלעכקייטן און גרוילן, וואָס פֿלעגן פֿאַרקומען פֿאַר מײַנע אויגן, וואָס פֿלעגן אויף מיר פּלוצים אָנפֿאַלן. געהאַט האָבן זיי אַ כּוח צו דערשלאָגן און פֿאַרטעמפּן אין מיר מײַנע חושים, די וואָכע און שטענדיק גאַרנדיקע נאָך פֿרייד... ווײַל נישט באַוווּסטזיניק האָב איך דאָס אַלץ פֿאַרשוויגן אין רובֿ פֿון מײַנע לידער, כּדי אין מיר דעם גײַסט נאָך מער נישט צו דערשלאָגן, די מערהייט פֿון מײַנע לידער זײַנען געווען אַ מין אַנטלויפֿן, אַ מין זוכן אַ רעטונג און אָן אָנכאַפּן זיך פֿאַר די מזבח־ווינקלען. נאָך יעדן האַק־שוווּנג פֿלעג איך באַטראַכטן און נישטערן אין מיר דורך שרײַבן סתּם אַ ליד טאָמער לעבּ איך נאָך, איך פֿלעג אָנטאַפּן מײַנע רמ"ח אבֿרים צי זיי זײַנען דאָ און פֿילן, יעדן מאָל נאָך דעם ווי אַ שטיין איז אויף מיר געפֿאַלן, האָב איך אויסגערופֿן: ווער פֿון אונדז, איך צי דער שטיין, האָט זיך קוים געראַטעוועט, ווער פֿון אונדז איז ניזוק געוואָרן, אויב מײַן שאַרבן איז נישט צעשמעטערט, איז זיכער אַז דער שטיין איז צעריבן געוואָרן אויף שטויב, און איבער דעם חשש פֿלעג איך בודק זײַן אין מײַן מוח צי דענקט ער, אין זײַט לעבן האַרץ צי קלאַפּט עס אין מיר, איך פֿלעג אויך פּרוּוון לאַכן, טאָמער האָב איך פֿאַרגעסן חלילה, און אין דער זעלבער צײַט – זײַנען אַרויס אָט די טאַנצנדיקע קעלבעלעך, דאָס זײַנען די טיילן פֿון לידי! צו וואָס איז עס געגליכן? צו אַ מענטש וואָס איז געבראַכט געוואָרן צעווישן די ענגענישן און קיין אויסוועג האָט ער נישט געהאַט, בלויז די ברירה: זיך אָנטאָן אַ מעשׂה צי הייבן זײַן קול און זינגען... און אויסגעקליבן האָט ער דאָס ליד, דאָס לעבן" (הקדמת תרצ"ז, זז' XXIV-XXII).

די אונטערשטע שורה פֿון דאָס ביז אַהער געזאָגטע וועגן צובונד צווישן דעם כּלל און דעם יחיד אין י.ק׳ס שאַפֿן ביזן חורבן, איז אַז פֿון שטענדיק אָן קען י.ק׳ס שאַפֿן באַטראַכט ווערן – לויט זײַנע אייגענע ווערטער – ווי אַ דיאַלעקטישע דערשײַנונג וואָס קומט צו שטאַנד אַלס רעזולטאַט פֿון דעם עקזיסטענציאַלן מצבֿ אין וועלכן עס געפֿינען זיך, גלײַכצײַטיק, דער פּאָעט און דאָס פֿאָלק זײַנס. י.ק׳ס פּאָעזיע איז דערפֿאַר מער ווי בלויז אַ זינגען פֿון אַ יחיד, און אָט דער פֿאַקט איז אַ וואָגיקער צוגאָב־עלעמענט פֿאַר יעדער אינטערפּרעטאַציע פֿון זײַן שאַפֿן וואָס ריכטעוועט זיך אַליין אַוועק פֿון דער היסטאָרישער ווירקלעכקייט פֿון זײַן צײַט, צו אַ מעטאַהיסטאָרישן געשיכטלעכן קאָנטעקסט אין וועלכן ער וויל ווי אַ ייִד לעבן. דעם גײַסטיקן כּוח און די אינספּיראַציע פֿאַר דעם, האָט ער געשעפּט סײַ פֿון די ווײַטענישן אין דער תּנ"כישער פֿאַרגאַנגענהײַט ווען דאָס פֿאָלק האָט אין זײַן לאַנד געלעבט און סײַ פֿון אַ צוקונפֿט־בילד וואָס איז בהכרח פֿאַרבונדן און געקניפּט מיטן זעלבן לאַנד און מיט דער זעלבער פֿאַרגאַנגענהייט. עס איז אין דעם פֿאַראַן אַ

מין ווידערשפעניקן קעגן דער גלות־ווירקלעכקײַט און גלײַכצײַטיק אַ שטרעבן צו אַ סאָציאַלער איבערקערעניש, געגליכן צו דער אָריענטאַציע פֿון די חלוצישע יוגנט־באַוועגונגען וועלכע האָבן נישט נאָר געוואָלט פֿאַרלאָזן דעם גלות נאָר גלײַכצײַטיק אויפֿבויען אַן אַנדער געזעלשאַפֿט, אַ בעסערע, אין ארץ־ישׂראל.

די דערקענטעניש אַז ארץ־ישׂראל איז דער איינציקער אָפּענער וועג פֿאַרן יונגן דור פּוילישע ייִדן, ס׳הייסט פֿאַרן פּוילישן ייִדנטום אין דער צוקונפֿט, איז געוואָקסן אַלץ שטאַרקער מיטן גאַנג פֿון די יאָרן בײַ י.ק. און אויף אייניקע פֿון די עטאַפּן האָבן מיר זיך שוין אויבן אָפּגעשטעלט. אַ קאָנקרעטער אויסדרוק פֿאַר איר זײַנען די באַציִונגען צווישן י.ק. און דעם קיבוץ־הכשרה אויפֿן נאָמען פֿון באָראָכאָוו אין דער ״החלוץ״־באַוועגונג – וואָס זײַנען אײַנגעשטעלט געוואָרן אָנהייב די דרײַסיקער יאָרן. אין יאָר 1936 איז י.ק. אַרויס עפֿנטלעך מיט אַ פֿאַרטיידיקונג פֿון די חלוצים און האָט אָפּגעדרוקט אַ פּאָלעמישן אַרטיקל לויבנדיק די חלוצים און זייערע אונטערנעמונגען אין פּוילן. פֿאַר אים זײַנען זיי געווען די רעאַליזירער פֿון צוקונפֿט־בילד אין וועמענס ליכט ער האָט דערצויגן ווי אַ לערער און געשריבן זײַנע ווערק. אַן אָפֿענער בריוו איז דאַן געדרוקט געוואָרן אין דער טאָגצײַטונג הײַנט, ווו י.ק. פּאָלעמיזירט מיט דער טענדענץ וואָס האָט זיך געלאָזט פֿילן אין דער ייִדישער געזעלשאַפֿטלעכקייט אין דער צווייטער העלפֿט פֿון די דרײַסיקער יאָרן, אַ טייל פֿון וועלכער האָט קריטיקירט דאָס אויפֿהאַלטן חלוצים אין הכשרות במשך פֿון יאָרן נאָך דעם ווי די טויערן פֿון ארץ־ישׂראל זײַנען פֿאַרמאַכט געוואָרן פֿאַר אַ ייִדישער עמיגראַציע. געטענהט האָט מען דאַן פֿאַרשיידענע טענות קעגן די לעבנס־באַדינגונגען פֿון די חלוצים אין די הכשרות דערמאָנענדיק די יאָרן וואָס ווערן פֿאַרלוירן דורך די יוגנטלעכע וועלכע זיצן דאָרטן אָפּ אָן קיין שום תּכלית, אד״גל. אין די טענות איז געווען קאָנטיק אַן אָנשטרענג מכשיל צו זיין און צו נישט צו מאַכן די חלוצים־אונטערנעמונג, אַנשטאָט קומען זיי צו הילף בעת אַן אמתר עת־צרה. י.ק׳ס אָפּענער בריוו איז אַן ענטפֿער צו אַ סעריע אַרטיקלען פֿון ב. יאושזאָן קעגן דער הכשרה־דערשײַנונג.[92] צווישן אַנדערע זאַכן, זאָגט דאָרט י.ק.:

״מע מוז נישט זײַן קיין ספּעץ אין תּורת־מאַרקס און באָראָכאָוו, און זיך דווקא פֿאַרטיפֿן אין די קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען וואָס באַאומרויִקן די הערצער און די געדאַנקען פֿון אונדזער בעסטער יוגנט, כּדי צו געפֿינען אין אָט די הײַנטיקע דערווידערדיקע צײַטן אַ געוויסע נחמה אין דער חלוצים־מחנה. אין אָט די טעג פֿון אָרעמקייט און אָפּגעלאָזנקייט, אין אָט די תּוהו־טעג פֿון ליגנט און דעזערטירונג – שלאָגט אַרויס דאָס ליכט פֿון יענע יונגע ענטוזיאַסטישע נחשונים, לויטערע ווי קריסטאַל, וועלכע גלייבן אין אַ בעסערער צוקונפֿט און גייען זי אַנטקעגן מיט מוט און מסירות־נפֿש... זיי זוכן זיך אָפּראַטעווען פֿון אויסגיין. די שטוב גייט אויס, ס׳איז שוין מער נישטאָ אויף וואָס צו האָפֿן. קיין שום אויסזיכט איז נישט פֿאַראַן ווײַטער צו עקזיסטירן. טאַטע־מאַמע האָבן זיך טיילווײַז צי אין גאַנצן מיאש געווען, בעת בײַ די קינדער גליט דאָס פֿונק פֿון נצח־ישׂראל. זיי וועלן אויפֿטאָן ווונדער... משה רבינו, וואָס האָט די בני־ישׂראל אויסגעוואָרצלט פֿון פֿלייש־ און פֿיש־טאָפּ, האָט זיי פֿאַרהאַלטן פֿערציק יאָר אין אַ קיבוץ־מדבר, און צום סוף האָט ער זיי קיין סערטיפֿיקאַטן קײַן ארץ־ישׂראל נישט געגעבן. מן הסתם, וואָלט ער זיי יאָ געגעבן, נאָר אים אַליין, ״נישט אויף אונדז געזאָגט״, האָבן זיי אויסגעפֿעלט אַפֿילו פֿאַר זיך אַליין... צי גלויבט איר, פֿרײַנד יאושזאָן, אַז די בני־ישׂראל האָבן באַדאַרפֿט צוריקגיין ״אַהיים״, קיין מצרים? איך וויל אַפֿילו נישט פֿאָרשטעלן זיך אַז איר קענט אַזוי טראַכטן... אַז מען באַקומט אַ תּורה, אַ תּורה וועגן אַ נײַ לעבן, האַלט

מען זיך מיט איר... קיין וועג צוריק קײַן מצרים איז מער נישט פֿאַראַן. אַ תּורה, איז סוף סוף בילכער פֿאַר אַ סערטיפֿיקאַט. אַ תּורה וואָס מען פֿאַראייגנט – גיט כּוח, שטויסט, דערוועקט צום קאַמף, צום גערעכטן קאַמף פֿאַר ארץ־ישׂראל... טאָמער וועט איר זאָגן, גענוג איז מיט איין יאָר הכשרה, איז פֿון מײַן זײַט אויך אַ האַלב יאָר און אַפֿילו ווייניקער אויך גענוג, ווען ס'איז פֿאַראַן אַ פֿרײַע אימיגראַציע, צי ווען מיר וואָלטן געהאַט גענוג סערטיפֿיקאַטן... פֿאַרן לאַנד איז, ווי געזאָגט, גענוג אַ הכשרה פֿון אַ האַלבן יאָר און אַפֿילו נאָך ווייניקער, אָבער אָן דעם לאַנד – זענען אַפֿילו דרײַ־פֿיר־פֿינף יאָר אויך צו ווייניק! פֿון קיבוץ־הכשרה איז קיין וועג אויף צוריק ניט פֿאַראַן, וווּהין זאָלן זיי זיך ווענדן?... אין פּשיטיק איז נישטאָ וואָס צו טאָן, ווי אויך נישט בײַ טשענסטעכאָוו, אין אָזאַרקעוו, צי אין וואַרשע. אויך אין לאָדזש און אין לובלין איז נישט פֿאַראַן וואָס צו טאָן... דאָס ליבסטע אָרט פֿאַר ייִדיש און העברעיִש, פֿאַרן ייִדישן בוך – איז אין קיבוץ־הכשרה, דאָרט טאַקע צערטלט מען אונדזער ביסל קולטור־אוצרות... דער קיבוץ שאַפֿט פֿאַר זײַנע חבֿרים, אין מיטן דעם דלות, אַ מעגלעכקייט הנאה צו האָבן פֿון אַ רײַכן גײַסטיקן לעבן. אין קלענסטן און אָרעמסטן קיבוץ לערנט מען, מע קלערט אויף, מע לייענט, מע זינגט און טאַנצט... איך בין קיין דאָקטער נישט, אָבער איך ווייס זייער גוט אַז פֿרייד און גײַסטיקער גענוס שטאַרקן אונדז פֿיזיש..."

אַ קיצור, אין דער פֿערטער תּקופֿה פֿון י.ק.'ס שאַפֿן אין וואַרשעווער געטאָ – וואָס איז אַן איבערגײ־תּקופֿה סײַ אין זײַן שאַפֿן און סײַ אין דער געשיכטע פֿון געטאָ און אין דער אַקטיוויטעט פֿון חלוצישן אונטערגרונט – קומט פֿאַר אַ ירידה אין דער אינטענסיווקייט און אין דער צאָל פֿון י.ק.'ס שאַפֿונגען. דאָס איז אַ מין צײַט פֿון אַ צוריקהאַלט, ס'ווײַזט אויס – איבער דעם וואָס י.ק. זוכט דאַן נײַע אויסדרוק־וועגן און פּאַסיקע פֿאָרמען פֿאַר זײַן באַנעם און רעאַגירן אויף אַ טרויעריקער זיך בײַטנדיקער אַלץ גרויליקערער רעאַליטעט. אָט דער פּראָצעס דאַרף באַטראַכט און אָפּגעשאַצט ווערן אויפֿן פֿאָן פֿון די כאַראַקטער־שטריכן אין זײַן שאַפֿן און אין זײַן וועלט־באַנעם אין די יאָרן פֿאַר דער מלחמה, לויט ווי מיר האָבן אין קורצן געפּרוּווט אויבן באַשרײַבן. פֿון דעם שטאַנדפּונקט טאַקע, זײַנען פֿאַקטיש די דרײַ ערשטע תּקופֿות פֿון זײַן שאַפֿן אין וואַרשע און זײַן טעטיקייט אין דרור־החלוץ, אַ המשך פֿון זײַן שאַפֿן און טעטיקייט פֿון פֿאַר דער מלחמה. אויך די פֿערטע תּקופֿה, זײַענדיק – ווי געזאָגט – אַן איבערגײ־תּקופֿה, אַנטהאַלט פֿון איין זײַט עלעמענטן פֿון קאָנטינויִטעט און איז פֿון דער צווייטער זײַט אַ קערפּונקט אין זײַן שאַפֿן, אויף וויפֿל זי אַנטהאַלט אַן אָנזאָג פֿאַר זײַן ווײַטערדיקן שאַפֿערישן וועג.

אין דער פֿערטער תּקופֿה זעצט פֿאָר י.ק. און באַשרײַבט די געטאָ־ווירקלעכקייט ("לידער פֿון קעלט", "מיך ציט אין גאַס", און דער צווייטער טייל פֿון דער פּאָעמע "יזכּור"), עס זײַנען אין איר אָבער אויך פֿאַראַן ענדערונגען פֿון דער פֿאָרם בײַם געשטאַלטיקן זײַן ליטעראַרישע רעאַקציע: צוזאַמען מיט די פֿראַגמענטן פֿון כראָניקאַלישע רשימות שרײַבט י.ק. צום סוף פֿון דער תּקופֿה, צום ערשטן מאָל, אַ צאָרנליד – "שפֿוך חמתך", וווּ ער רעאַגירט אויף אַ געענדערטער ווירקלעכקייט פֿון ייִדישער מאַסן־פֿאַרניכטונג, וואָס ווערט אַלץ קלאָרער באַנומען. י.ק.'ס לעצט געשריבן ווערק פֿון דער תּקופֿה, איז אַ רעדע אויף אַ צוזאַמענקום פֿון העברעיִשע לערער אין געטאָ בעת דער ערשטער סדר־נאַכט. פֿאַרגלײַכנדיק די מאָס וויסיקײַט וועגן דעם וואָס ייִדן דאַרפֿן דערוואַרטן אין דער נאָענטער צוקונפֿט, אין דער רעדע און אין י.ק.'ס אַרטיקל וועגן ביאַליקן, אַ צוויי יאָר פֿריִער – קען מען באַגרײַפֿן וואָס פֿאַר אַ מין איבערבײַט ס'איז פֿאָרגעקומען דאַן אין ייִדישן געטאָ־באַוווּסטזײַן בכלל און בײַ י.ק. בפֿרט אין פֿאַרבינדונג מיטן גורל וואָס דערוואַרט די וואַרשעווער

געטאָ־ייִדן. אויך פֿון אַזאַ פֿאַרגלײַך ווערט קלאָר דער איבערגײ־כאַראַקטער פֿון דער פֿערטער תּקופֿה, אין וועלכער עס ווערט באַטאָנט בײַ י.ק. דער באַוווּסטזיניקער צוגרייטן זיך צו אַ מעגלעכן טויט אָבער נאָך נישט צו קיין זיכערן. דער אַדרעס פֿאַר דער טרייסט גייט אַריבער פֿון זײַנע צוהערער[93] צום איבערבלײַבס פֿון פֿאָלק אין זײַן צעשפּרייטקייט וואָס וועט ווײַטער עקזיסטירן אויסער דער אָקופּירטער אייראָפּע,[94] אויך נאָך דער מעגלעכער אויסראָטונג פֿון די ייִדן אין אייראָפּע. און דער עיקר – י.ק. טוט אויך טרייסטן די וואָס וועלן אין וואַרשע (אפֿשר) גיין צום טויט אויפֿן זעלבן וועג ווי זייערע ווילנער ברידער. "אונדזער טויט", וועגן וועלכן ער רעדט פֿאַר די העברעיִשע לערער, ווערט פֿאַרוואַנדלט בײַ אים אין אַ קוואַל פֿון פֿאַרשטאַרקונג און וויטאַליטעט פֿאַר די תּפֿוצות־ישׂראל אויסער אייראָפּע, אַ קוואַל וואָס איז לויט אים טראַגיש רײַכער און אַ סך ווירקזאַמער ווי די אייגענע ווײַטערדיקע פֿיזישע עקזיסטענץ פֿון ייִדישן קיבוץ אין אייראָפּע.

אין זײַן רעדע פֿאַר די העברעיִשע לערער אָנהייב אַפּריל 1942, דריקט זיך אויס י.ק. אין בפֿירושע היסטאָרישע קאַטעגאָריעס, מאַכנדיק דעם אויספֿיר אַז די אויפֿגאַבע פֿון די וואָס גרייטן זיך צום טויט איז צו פֿאַרזאָגן דאָס לעבן פֿאַרן ייִדישן איבערבלײַבס ווו נישט ווו. פֿון דאַן אָן האָבן זיך בײַ י.ק. איבערגעביטן די פּראָפּאָרציעס אין לעבן פֿון פֿאָלק און אין זײַן אייגענער וועלט, און אויך די פֿונקציעס פֿון זײַן ליטעראַרישן שאַפֿן האָבן זיך געביטן. פֿון אָט יענער שליחות פֿון וועלכער ער איז באַוווּסטזיניק אַנטלאָפֿן אין משך פֿון זײַן גאַנץ לעבן, איז שוין מער קיין מעגלעכקײַט ניט געווען צו אַנטלויפֿן. שטייענדיק פּנים־אל־פּנים מיטן טויט פֿון זײַן פֿאָלק און פֿון זײַן אייגענעם טויט, איז אַן איבערקערעניש פֿאָרגעקומען אין זײַן געדאַנקען־געפֿילן־וועלט – פֿאַר אים איז געקומען דאַן די צײַט צו רעדן וועגן טויט אין נאָמען און צוליב אַ ווײַטערדיקן לעבן, און אויפֿהערן צו זינגען וועגן לעבן בשעת זײַן שטענדיקן אַנטלויפֿן פֿון טויט.[95] אין חודש אַפּריל 1942, איז בײַ י.ק. פֿאָרגעקומען די אַנטשיידנדיקע גײַסטיקע טראַנספֿאָרמאַציע. זי איז פֿאָרגעקומען ווי אַ רעזולטאַט פֿון דעם אָנפֿאַנג פֿון דער ליקווידאַציע פֿון ייִדן אין דער גענעראַל־גובערניע בכלל און פֿון סימנים פֿאַר אַ רעאַלער סכּנה פֿאַר ייִדן אין וואַרשע, בפֿרט. די גרענעץ־דאַטע וואָס צעטיילט די פֿערטע פֿון דער פֿינפֿטער תּקופֿה, איז די בלוטיקע נאַכט אין וואַרשעווער געטאָ, פֿון 17טן אויפֿן 18טן אַפּריל 1942, ווען עס זײַנען צום ערשטן מאָל סיסטעמאַטיש דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דײַטשן אַרום פֿופֿציק פּערזאָן אין איין נאַכט. דער 18טער אַפּריל ווערט אַ קערפּונקט אויפֿן וועג פֿון דעם פּאָליטישן אונטערגרונט אין וואַרשעווער געטאָ, און נאָך דער דאַטע איז פֿאָרגעקומען אויך אַ טראַנספֿאָרמאַציע אין כאַראַקטער פֿון דער אונטערערדישער פּרעסע אין וועלכער ס'האָבן זיך ביז דאַן געדרוקט אויך י.ק'ס ווערק.[96] זײַענדיק די דאַטע דער אָנהייבפּונקט פֿון אַ פֿאַרשטאַרקטער טעראָר־כוואַליע אין געטאָ וואָס האָט זיך געצויגן ביזן גרויסן גירוש, האָבן די נאָענטע קרײַזן צום ייִדישן אונטערגרונט איר אויך פֿאַרבונדן מיט די גירושים וואָס האָבן אָנגעפֿאַנגען אין דער גענעראַל־גובערניע. דערפֿאַר איז פֿאַרשטאַנען געוואָרן דאַן אַז די בלוטיקע נאַכט איז אַ הקדמה צו אַ ברייטן פּלאַן פֿאַר אַ גירוש פֿון די וואַרשעווער ייִדן.[97]

באַשרײַבנדיק אָט די אַפּריל־טעג, דערציילט י.ק. אין "פּינקס ויטל":

> "די פּסח־טעג פֿון יאָר תש"ב זײַנען פֿאַר אונדז, די וואַרשעווער ייִדן, געווען שרעקלעכע. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די נעכט פֿון דערהרגענען איינצלנע, די נעכט זײַנען די טעג מקנא געווען. יעדע נאַכט האָבן די חיהשע ס.ס. אָנגעקלאַפּט אין ייִדישע הײַזער. זיי זײַנען פֿון שטיל־פֿאָרנדיקן אויטאָ אַרויס, מע האָט אים אָבער געהערט אויף אַלע שטאָקן פֿון מויער, ער האָט אויפֿגעוועקט פֿון טיפֿסטן שלאָף, און אַלע אײַנוווינער אויפֿן הויף זײַנען געוואָרן צעטראָגן: ווער פֿון אונדז וועט פֿאַרשלעפּט און דערשאָסן ווערן אויף די טרעפּ, אין הויף, אין דרויסן?... די פּסח־טעג פֿון יאָר תש"ב! לובלין!... לובלין איז צעשטערט, אויסגעגאַנגען,

געענדיקט. מע האָט אין איר דערהרגעט פֿון קינד ביז גרויס, פֿון אַ פֿרוי ביז אַן עופֿהלע, מוטערס מיט קינדער אין זייער בויך. די קלאַנגען זײַנען צו אונדז דערגאַנגען דורכן טעלעפֿאָן, לויפֿערס זײַנען צעשיקט געוואָרן, יידישע, מיידלעך יידישע מיט גוייִשע פּאַפּירן, אָנצוזאָגן – ווי אונדז, אַלץ האָבן מיר געוווּסט! אַלע פּרטים האָבן מיר געוווּסט, די "גויים" האָבן זיי געבראַכט..." (ז' 163).[98]

## דער איבערבײַט אין יצחק קאַצענעלסאָנס שאַפֿן פּנים־אל־פּנים מיטן טויט

נאָכן 18טן אַפּריל 1942 איז ערנסט געשטערט געוואָרן די ביז דאַן אָנגייענדיקע טעטיקייט אין דער חלוצישער קאָמונע אויף דזיעלנע 34, גלײַך נאָך דעם ווי די דײַטשן האָבן אין יענער נאַכט אַרומגעזוכט יצחק צוקערמאַנען און צבֿיה לובעטקינען צוזאַמען מיט אַנדערע מיטגלידער פֿון דער באַוועגונג. נאָך יענער נאַכט איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן, אַנשטאָט די פֿרײַערדיקע פּעריאָדישע אויסגאַבעס "דרור" און "וואָלנאָשטש" (פּויליש) וועלכע האָבן געמוזט אויפֿהערן צו דערשײַנען, אַ וואָכנבלאַט מיטן נאָמען "ידיעות" וואָס האָט געדרוקט קורצע ידיעות וועגן אומקום. דער ציל איז געווען צו דעמאַסקירן די דײַטשן און צעשמעטערן יעדן טראָפּן צוטרוי פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג צו זייערע הבטחות.[99] מרדכי טענענבוים, וועלכער איז געקומען קיין וואַרשע אין מערץ 1942, איז געוואָרן אַ מיטגליד פֿון דער רעדאַקציע פֿון אינפֿאָרמאַטיוון וואָכנבלאַט "ידיעות". איינע פֿון זײַנע אויפֿגאַבעס איז געווען זיך צו טרעפֿן מיט די פֿאַרבינדלער וואָס פֿלעגן קומען פֿון אַלע עקן אין דער גענעראַל־גובערניע, צונויפֿקלײַבן די אינפֿאָרמאַציעס וועגן ייִדן און דײַטשע פֿאַרפֿאָלגונגען, און זיי פֿאַרעפֿנטלעכן אין "ידיעות".[100] לויט יצחק צוקערמאַנען, פֿלעגט די אונטערערדישע פּרעסע איבערדרוקן די אינפֿאָרמאַציע וואָס פֿלעגט דאָרט פֿאַרעפֿנטלעכט ווערן. עס איז אין יענער תּקופֿה אויך געווען אַ מין אינפֿאָרמאַציע־אויסטויש צווישן "עונג־שבת", דער אונטערערדישער אַרכיוו געגרינדעט פֿון עמנואל רינגעלבלומען און די רעדאַקציע־מיטגלידער פֿון "ידיעות", דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון אליהו גוטקאָווסקי, וועלכער איז אין געטאָ געווען אַ לערער פֿון היסטאָריע אין דער אונטערערדישער גימנאַזיע פֿון "דרור" און גלײַכצײַטיק געווען אויך אַן אַקטיווער מיטאַרבעטער פֿון "עונג שבת". ווי עס דערציילט יצחק צוקערמאַן (אין אַ מינדלעכן געשפּרעך), זײַנען אייניקע פֿון יצחק קאַצענעלסאָנס שאַפֿונגען דערגאַנגען צום "עונג־שבת"־אַרכיוו אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פֿון גוטקאָווסקין. דאָס זײַנען די שאַפֿונגען וועלכע געפֿינען זיך ביז הײַנט צו טאָג אין ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע. יצחק צוקערמאַן באַשטעטיקט אויך אַז די מערהייט לייט־אַרטיקלען אין "ידיעות", ווי אויך די אָפּטיילונג "דפים מן הלוח" וואָס פֿאַרנעמט זיך מיט באַצייכענען היסטאָרישע דאַטעס און געשעענישן וועלכע האָבן אַ דערציִערישן ווערט אָדער אַנטהאַלטן אַ רמז פֿאַר דער שטאָלצער האַלטונג פֿון ייִדן במשך פֿון דורות – אָט די סעקציע האָט געשריבן און רעדאַגירט מרדכי טענענבוים.

אין דער תּקופֿה האָט די אונטערערדישע אַקטיוויטעט אויפֿצושטעלן אַ ייִדישע קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע אָנגענומען קאָנקרעטערע און אַנטשלאָסענערע פֿאָרמען און די פּריאָריטעטן פֿון דער "דרור"־ און "החלוץ"־אָנפֿירונג האָבן זיך געביטן. צוזאַמען מיטן אָפּשטעלן די דערשײַנונג פֿון די צײַטשריפֿטן פֿון יאָר 1941/40 און דער פּובליקאַציע פֿון אינפֿאָרמאַטיוון וואָכנשריפֿט "ידיעות" אויף זייער אָרט, זײַנען אָפּגעשטעלט געוואָרן נאָך פֿריִער, ווי עס זעט אויס, די אויפֿטריטן פֿון דער דראַמאַטישער סטודיע און, במשך פֿון דער צײַט, אויך די קולטור־אַרבעט. אַ טייל פֿון דער אונטערערדישער פֿירערשאַפֿט איז געצוווּנגען צו בײַטן די וווינונגען, עס ווערט אַלץ שווערער זיך צו טרעפֿן אין גרעסערע גרופּעס, יצחק קאַצענעלסאָן מוז זיך טרעפֿן מיט זײַנע חבֿרים בסוד.[101]

פֿון דער פֿינפֿטער תּקופֿה (פֿון 18טן אַפּריל ביזן 22טן יולי 1942) זײַנען צו אונדז דערגאַנגען פֿיר ווערק פֿון י.ק. איין שאַפֿונג פֿון זיי, "דער ייִד האָט געלאַכט", באַשרײַבט די גרויליקעווירקלעכקייט פֿון יענער תּקופֿה אין געטאָ, ווען מאָרד און אכזריותדיקע באַהאַנדלונג פֿון ייִדן איז געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכקייט. די אַנדערע דרײַ ווערק זײַנען פֿון די וויכטיקסטע וואָס י.ק. האָט געשריבן אין וואַרשע. די ערשטע שאַפֿונג, "וויי דיר", איז אַ קללה געשריבן אין אַ נבֿיאישן נוסח.[102] דאָס איז אַ ליד וואָס י.ק. האָט פֿאָרגעלייענט ווידער און אָבער

פֿאַר זײַנע באַקאַנטע און פֿרײַנד. ער פֿלעגט דעם טעקסט טראָגן מיט זיך במשך מאָנאַטן, אויך אין די וואָכן פֿון גרויסן גירוש. די אַנדערע צוויי לידער זײַנען: דאָס ליד וועגן שלמה זשעליכאָווסקי און די פּאָעמע וועגן רבי פֿון ראַדזין וועלכע ער האָט אָנגעהויבן שרײַבן נאָך פֿאַרן גרויסן גירוש (ווי עס באַווײַזט די דאַטע בײַם סוף פֿון דער סטראָפֿע ט״ו אין כתבֿ־יד). די לידער פֿון דער פֿינפֿטער תּקופֿה זײַנען אַלע, פֿון איין זײַט, י.ק׳ס אַן אויסדרוק פֿאַר זײַן צאָרן און שנאה צום דײַטשן פֿאָלק, און פֿון דער צווייטער זײַט געהערן זיי צו זײַנע וויכטיקסטע פּאָעטישע דערגרייכונגען בײַם אויסדריקן און אַנאַליזירן דעם מהות פֿון ייִדישן רעאַגירן צו די דײַטשע מאַסן־אויסראָטונגען.

דער אופֿן ווי י.ק. באַניצט זיך מיט היסטאָרישע פֿאַקטן, דער צובונד פֿון דער פּאָעטישער שאַפֿונג צו דערווירקלעכקײַט אין געטאָ, און די פֿאָרם ווי עס ווערט געשטאַלטיקט זײַן היסטאָרישער באַוווסטזײַן און זײַנע גרעאַנקלעכע השׂגות – דאָס זײַנען די צענטראַלע אַספּעקטן וואָס דאַרפֿן אַנאַליזירט ווערן אין זײַן שאַפֿן בעת דער פֿינפֿטער תּקופֿה, כּדי צו פֿאַרשטיין וואָס איז י.ק׳ס רעאַקציע פּנים־אל־פּנים מיטן זיכערן טױט. אין אָט דער פֿינפֿטער תּקופֿה פֿון זײַן לעבן און שאַפֿן אין וואַרשעווער געטאָ דאַרף זײַן רעאַקציע צו די געשעענישן פֿון זײַן צײַט, אָפּגעשאַצט ווערן ווי אַ רעאַגירן אין דער דריטער בחינה פֿון אינטענסיוויקייט, אין די ראַמען פֿון אַ זיך אַנטוויקלענדיקן וויסיקייט־פּראָצעס – וואָס איז פֿאַרבונדן מיט דער אַסימילאַציע פֿון דער פֿולער ידיעה וועגן דעם וואָס געשעט אייגנטלעך מיט די ייִדן אין אייראָפּע: יצחק קאַצענעלסאָנס שאַפֿן געהערט זיך שוין מער נישט אָן בלויז מיט אַן עקשנותדיקן גײַסטיקן אויסדויער, און מיט קולטור־אַרבעט, בבחינת דער וואָס וואַרט אָפּ – עד יעבור זעם. זײַן שאַפֿן הערט אויף צו זײַן אויך אַ מין צוגרייטונג צו אַ מעגלעכן טויט (ווי אין דער פֿערטער תּקופֿה), נאָר עס פֿאַרוואַנדלט זיך אין אַ דירעקטער קאָנפֿראָנטאַציע צווישן פּאָעט און דעם זיכערן טויט, פֿון אַ גאַנצן כּלל, פֿון וועלכער ס׳איז קיין אַנטלויפֿן נישט מעגלעך מער. אין דער תּקופֿה איז דער אַרויספֿאָדער אַ דירעקטער, דאָס שרײַבן מוז ווערן די דערפֿילונג פֿון אַ מיסיע, און י.ק. אַנטלויפֿט שוין נישט מער, ער שרײַבט.

די גײַסטיקע כּוחות וואָס ווערן אַקטיוו אָנגעווענדט בײַ י.ק., סײַ אין דער טאָג־טעגלעכער קולטור־אַרבעט און סײַ אין זײַן שאַפֿן, קומען צום אויסדרוק – ווי מיר האָבן באַוויזן – אין פֿאַרשיידענע מינים שאַפֿונגען און טעטיקייטן, אין יעדער תּקופֿה באַזונדער. אָט די פֿאַרשיידנאַרטיקייט קוואַלט אַרויס פֿון שרײַבערס באַדערפֿעניש צו רעאַגירן אַנדערש אין סיטואַציעס וואָס דערוועקן אין אים דרײַ פֿאַרשיידענע מדרגות פֿון וויסיקייט וועגן דער ממשותדיקייט פֿון טויט פֿאַר ייִדן (אים אַליין אַרײַנגערעכנט), אין הסכּם מיט דרײַ פֿאַרשיידענע ידיעה־סטאַדיעס וועגן אמתן באַטײַט פֿון אומקום. נאָך דער פֿערטער תּקופֿה אין וועלכער עס קומט פֿאָר, אין אַלגעמיין, אַ ירידה אין כּמות און אינטענסיווקייט פֿון י.ק׳ס שאַפֿן, זײַנען מיר עדות – אין דער פֿינפֿטער תּקופֿה – ווי עס ווערן אויפֿגעריכן אין זײַן שאַפֿן פֿריִערדיקע קינסטלערישע אָפּגרענעצונגען און גײַסטיקע אָפּהאַלטן. דאַן דערהייבט זיך י.ק. איבער זײַנע אייגענע פֿריִערדיקע דערגרייכונגען און שעפּט אַרויס פֿון די פֿאַרבאָרגענישן פֿון זײַן אינערלעכקייט אײַנדרוקספֿולע פּאָעטישע ווערק וועמענס טעמעס און פֿאָרמולירונגען ער האָט פֿאַרבאָרגן און זיך געסטאַרעט במשך פֿון לאַנגע יאָרן נישט אַרויסצוברענגען פֿאַר דער עפֿנטלעכקייט אין זײַן שאַפֿן, ווי ער אַליין זאָגט פֿינף יאָר פֿריִער: ״ווײַל איז אײַך וואָס כ׳האָב פֿון דעם אַלץ קיין פּאָטראַוועס נישט געמאַכט״ (זע דעם העברעיִשן טעקסט, אין: הקדמת תרצ״ז, ז׳ XXXIII).

עס ווײַזט אויס אַז במשך לאַנגע יאָרן פֿון זײַן לעבן פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט י.ק. אַלץ אָפּגעלייגט דעם ענדגילטיקן אַרויסענדיקן פֿון דעם בנין פֿון זײַן וועלטבאַנעם, אין נאָמען פֿון אַ צוקונפֿט־בילד לויט וועלכן ער האָט געהאָפֿט צו אָרגאַניזירן זײַן אייגענעם לעבן, זײַענדיק די רעאַליזאַציע פֿון אַזאַ חלום פֿאַרבונדן מיטן אַריבערפֿירן פֿיזיש זיך אַליין און זײַנע נאָענטע קיין ארץ־ישׂראל. פֿון גײַסטיקן שטאַנדפּונקט

איז די קאָנסאָלידאַציע פֿון זײַן קוק אויף דער ייִדישער צוקונפֿטיקער עקזיסטענץ, געוועז פֿאַרבונדן מיט אַן איבערבײַט פֿון זײַן לאַדזשער סאָציאַלער און קולטור־סבֿיבֿה אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות אין ארץ־ישׂראל. אין אַ געוויסן זין האָט ער געלעבט אין לאָדזש אין אַ מין גײַסטיקן חלל: פֿון איין ווירקלעכקייט האָט ער געשטרעבט זי צו דערווײַטערן וואָס מער – דאָס איז די אויסזיכטלאָזע ווירקלעכקייט פֿון פּוילישן ייִדנטום פֿאַר אַ צוקונפֿטיקן פֿולן ייִדישן לעבן, און צו דער אַנדערער ווירקלעכקייט – צו ארץ־ישׂראל – איז ער בפֿועל־ממש נאָך אַלץ נישט דערגאַנגען.

דאָס שטיין אַליין פֿאַרן אָנבליק פֿון זיכערן טויט, האָט געצוווּנגען י.ק. זיך צו אַנטשליסן און מכריע זײַן מיט איין מאָל וועגן זײַן באַציִונג צו (און פֿאָרמולירונג פֿון) אַלע יענע נישט געצײַטיקטע פּונקטן אין זײַן וועלט־באַנעם, וועלכע האָבן פֿון אים געפֿאָדערט באַשייד; צווישן זיי האָבן געדאַרפֿט פֿאַרענטפֿערט ווערן פֿראַגן וועגן זין פֿון לעבן בכלל און וועגן דער באַזינונג פֿון אַ לעבן פּנים־אל־פּנים מיטן טויט, בפֿרט.[103] דאָן דערהייבט זיך זײַן שאַפֿן און ער שטײַגט אַריבער זיך אַליין. זײַן שרײַבן הערט אויף צו זײַן אַ טייל פֿון אַן אַלגעמיינעם אָנשטרענג פֿאַר ייִדישן אויסדרוק, האָפֿנדיק אויף אַן אַנדערער צוקונפֿט, זײַן שאַפֿן פֿאַרוואַנדלט זיך אין אַ שטאָלצן און קעמפֿערישן אָפּענטפֿער.

פֿון איין זײַט, ווערן די דײַטשן פֿאַרשאָלטן ביי י.ק. מיט אַ פֿײַערדיקן נבֿיאישן צאָרן, ווײַל זיי זײַנען עס די צעשטערער פֿון בונד צווישן גאָט און דער גאַנצער מענטשהייט, ווײַל זיי ברענגען אַראָפּ צוריק אויף דער וועלט קין־ און דור־המבול־ווירקלעכקייטן. דער פֿאַרגלײַך צווישן דײַטשן פֿאָלק און קין ווערט דערמאָנט אין ליד "ווײ דיר". דער פֿאַרגלײַך ווערט געבויט אין ליד סײַ אויף די בפֿירושע ווערטער פֿון מחבר און סײַ אויף בשותּפֿותדיקע עלעמענטן פֿאַר דער קין־געשטאַלט וועלכע ווערן דערמאָנט אין דער אגדה־ליטעראַטור און אין ליד. י.ק. שרײַבט אין דער סטראָפֿע נומ׳ 24 פֿון ליד: "איר לויפֿט, אַ מחנה קינס, אַ ווילדע רוצחים־האָרדע", ער באַשרײַבט אויך די דײַטשע כיטרע פּחדנות אין די סטראָפֿעס נומ׳ 25, 27. די באַשרײַבונגען, צוזאַמען מיטן ענין פֿון טרינקען אומשולדיק בלוט וואָס זיי טרינקען (זע סטראָפֿעס 28, 29), זײַנען כאַראַקטער־שטריכן און אויפֿפֿירונגען וואָס ווערן דערמאָנט אויך אין קאָנטעקסט פֿון די לעגענדאַרישע אגדה־טעקסטן אין פֿאַרבינדונג מיט קינען.[104] אין דעם צוריקברענגען די קין־ווירקלעכקייט צוריק אויף דער וועלט שטעקט נישט נאָר אַן אַטענטאַט קעגן אַן אומשולדיק פֿאָלק, אָן קיין שום סיבה און אויס אַ דראַנג צו פּראַקטיצירן די קונסט פֿון שלעכטס טאָן אַליין, נאָר פֿאַראַן איז אין דעם אויך אַשענדלעכער אַטענטאַט אויף דער גאַנצער מענטשהייט. אין תּנ״ך ווערט אויך די באַציִונג צו גאָט מיט דער גאַנצער מענטשהייט באַשריבן ווי אַ הייליקער בונד. גאָט זאָגט צו נֹחן מקיים צו זײַן דעם בונד מיט אים נאָכן מבול, ווײַל ער איז אַ צדיק אין זײַן דור, און פֿון זייער זײַט פֿאַרפֿליכטן זיך די מענטשנקינדער, די בני נֹח, אָפּצוהיטן גאָטס מצוות און אים דינען, זע אין ספֿר בראשית, פּרק ו׳, 18 און פֿאַרגלײַך, דאָרט, פּרק ט׳, 8 און ווײַטער. דערפֿאַר מיינט דאָס צוריקברענגען קינען אויף דער וועלט דורך די דײַטשן, אַ צעשטערונג פֿון וועלט־אָרדענונג, ווײַל לויט ווי ס׳ווערט באַשריבן אין תּנ״ך האָט דער בורא־עולם אײַנגעשטעלט נאָכן מבול אַ באַציִונג מיטן מענטש, געבויט אויף קעגנזײַטיקייט. זײַנען געקומען די דײַטשן און זיי באַדראָען צו נישט צו מאַכן דעם נײַעם סדר־העולם און פֿאַרשווענכן דעם בונד.

דערפֿאַר פֿאַרשילט י.ק. די רוצחים, נישט נאָר אין נאָמען פֿון גאָט נאָר אויך אין נאָמען פֿון מענטש, און האָבנדיק אין אַכט, אפֿשר, די אגדה וואָס דערציילט אַז "אויך קין איז געווען פֿון די וואָס זײַנען אומגעקומען בעתן מבול",[105] באַשרײַבט י.ק. די וועלט וואָס וועט זיך אײַנשטעלן נאָכן פֿאַרשווינדן פֿון דעם מאָדערנעם קין (דאָס דײַטשע פֿאָלק), ווי זי וואָלט געווען אַ באַנײַונג פֿון ערדפֿלאַך נאָכן מבול.[106] די קללה איז געווענדעט צום גאַנצן דײַטשן פֿאָלק אין ווענען ער זעט נישט נאָר אַ צעשטערער פֿון בונד צווישן בורא־עולם

און דער מענטשהייט, נאָר אויך און אפֿשר בעיקר – אַ באַדראָער פֿון בונד וואָס צווישן גאָט און דעם פֿאָלק ישׂראל. אָט דעם קוק אויף די מערדער, צוזאַמען מיט זײַן ענטפֿער דעם באַדראָער, פֿאָרמולירט י.ק. אין דער סטראָפֿע נומ׳ 5 פֿון ליד "וויי דיר", מיט די ווערטער: "ווייס, ווייס: עס שטאַרבן ייִדן ניט, דערהרגעטע אומזיסט/ און ס׳ווערט אַ פֿאָלק ניט אומגעבראַכט אָן אַ פֿאַרוואָס.../ ווייס, מערדערפֿאָלק. מען קען ירושלימס ניט פֿאַרוויסטן – /שיס! שיס אין האַרץ מיר אויס... עס איז דײַן לעצטער שאָס!"

גלײַך ווי הקב"ה האָט פֿאַרמשפּט די בני־דור־המבול אַנטרונען צו ווערן פֿון איבערן ערדפֿלאַך, אַזוי ענלעך ענדיקט י.ק. זײַן קללה־ליד מיט די ווערטער: "הערט און זאָל אַ שטורעם ווילד אײַך באַלד אויף שטויב צערײַבן/ פֿאַרטראָגן אין מדבריות אײַך מיט ווײַב און קינד – / עס זאָל ניט קיין געדעכעניש פֿון אײַך פֿאַרבלײַבן!/ אָ חלום בייז, ווער אָפּגעמעקט, פֿאַר[ווי אין ווינט!]". פֿון דער צווייטער זײַט, באַשרײַבט י.ק. אין דער פֿינפֿטער תּקופֿה די ייִדישע גבֿורה וועלכע ער שיידט אָפּ פֿון דער גבֿורה ווי זי ווערט פֿאַרשטאַנען בײַ אַנדערע פֿעלקער, לויבנדיק און דערהייבנדיק איר ווי אַ גבֿורה מיט אַ באַזונדערקייט וואָס טיילט איר אָפּ פֿון דער גבֿורה פֿון דעם וואָס הייבט זײַן שווערד צו טויטן און ווערט געהרגעט.

יצחק קאַצענעלסאָן דענקט און שרײַבט וועגן ייִדישער גבֿורה אין אַ נדערע קאַטעגאָריעס פֿון די מיט וועלכע מיר זײַנען צוגעוווינט צו באַשרײַבן די נאַצי־קרבנות בעת מיר באַנוצן זיך מיט אויסדרוקן ווי "יום השואה והגבורה", צי אַנדערע, וואָס באַטאָנען אויסשליסלעך אַ פֿאַרבינדונג צווישן באַוואָפֿנטן אויפֿשטאַנד קעגן די דײַטשן און גבֿורה. פֿאַר י.ק. האָט ייִדישע גבֿורה גאָרנישט וואָס צו טאָן מיט פֿאַרשיידענע מדרגות פֿון געוואַגטקייט בעתן קאַמף, ווי עס איז אָנגענומען בײַ די אומות־העולם. פֿאַר אים איז ייִדישע גבֿורה אַן אַנדער מהות. אָט דער ענין ווערט ברייט באַהאַנדלט אין זײַנע לידער "דאָס ליד וועגן שלמה זשעליכאָווסקי" און "דאָס ליד וועגן ראַדזינער". דאָ האָט זיך דער בשותּפֿותדיקער וועג צעשיידט, בעת אין דער "דרור"־ און "החלוץ"־באַוועגונג גרייט מען זיך צו שטעלן אַ באַוואָפֿנטן ווידערשטאַנד, שרײַבט י.ק. דאָס ליד וועגן שלמה זשעליכאָווסקי וואָס איז צום טויט געגאַנגען מיט גבֿורה, זינגענדיק און טאַנצנדיק.

אין דער פֿינפֿטער תּקופֿה איז אין געטאָ אויפֿגעשטאַנען דער אַנטי־פֿאַשיסטישער בלאָק, צו וועלכן ס׳זײַנען צוגעשטאַנען אויך פֿאָרשטייער פֿון "דרור" און "החלוץ" (יצחק צוקערמאַן און מרדכי טענענבוים). במשך פֿון אַפּריל/מאַי 1942 ווערט שוין די אונטערערדישע פּאָליטישע קערפּערשאַפֿט אַקטיוו אין געטאָ, און צווישן די איניציאַטאָרן און אַקטיווסטע מיטגלידער געפֿינען זיך פֿון אָנהייב אָן חבֿרים פֿון דער דרור־החלוץ־באַוועגונג.[107] דווקא אין אַ צײַט ווען דער חלוצישער אונטערגרונט האָט געשטעלט זײַנע ערשטע טריט כּדי צו אָרגאַניזירן אַ באַוואָפֿנטן אויפֿשטאַנד, ווען קיין געווער איז נישט געווען און דער אידעאַל איז געווען בכּבֿודיק שטאַרבן אָבער נישט איידער די דײַטשן וועלן טײַער באַצאָלן פֿאַר דער מאַסן־פֿאַרניכטונג פֿון ייִדן, אין אַ צײַט ווען מער ווי קיין מאָל איז יעדער דערמוטיקונגס־וואָרט און גײַסטיקע שטיצע געווען נייטיק כּדי דערמוטיקן און אויפֿוועקן דעם מלחמה־גײַסט און דעם גלויבן פֿון די קעמפֿער אין כּוח פֿון געווער און אין העכסטן זין און ווערט פֿון אַ טויט מיט געווער אין האַנט – דווקא דאַן קומט יצחק קאַצענעלסאָן און שרײַבט אַ לויבגעזאַנג פֿאַר שלמה זשעליכאָווסקין, וואָס האָט מיט דער קעמפֿערישער גבֿורה פֿון דעם חלוצישן אונטערגרונט גאָרנישט געהאַט צו טאָן. עס איז דאָ געווען אַ בולטער און אומדערוואַרטער אָפּווײַך פֿון טאָן און פֿון דער גײַסטיקער שטעלונג אין ליד "וויי דיר" וואָס איז געשריבן געוואָרן מיט אַ קורצער צײַט פֿריִער. אָט די טענדעץ פֿאַרשטאַרקט זיך נאָך מער אין די ערשטע פּרקים פֿון ליד וועגן רבי פֿון ראַדזין, וועלכע זײַנען אויך געשריבן געוואָרן פֿאַרן גרויסן גירוש. נאָך דעם ווי י.ק. פֿאַרשילט דעם גאַנצן דײַטשן פֿאָלק ביזן סוף פֿון די דורות, רופֿט ער נישט אין זײַנע שפּעטערדיקע ווערק זיך אַנטקעגנצושטעלן די דײַטשן און פֿאָדערט נישט קיין נקמה פֿאַרן טויט פֿון זײַנע ברידער, אַנשטאָט דעם שרײַבט ער אַ לויבגעזאַנג צו די וואָס גייען צום טויט

פֿריילעכע און טאַנצנדיקע, ווי אין ליד וועגן שלמה זשעליכאָווסקי, צי צו דעם וואָס איז מקיים די מצוות פֿון פּדיון־שבֿויים און ברענגען טויטע ייִדן צו קבֿר־ישׂראל.

באַשרײַבנדיק צום ערשטן מאָל דעם פֿאַרמעסט פֿון ייִדישן מענטש מיטן טויט אין דײַטשע הענט, האָט י.ק. באַדאַרפֿט אויסקלײַבן – דורך וועלכער פֿון די ביידע האַנדלונגען צו פֿאָרשטעלן דעם מהות פֿון ייִדישער גבֿורה. יצחק קאַצענעלסאָן האָט אויסגעקליבן שרײַבן וועגן קידוש־השם, דעם טראַדיציאָנעלן אײַנשטעל. אונדזער השערה איז, אַז י.ק. האָט באַוווסטזיניק אויסגעקליבן דעם וועג אין זײַן ליטעראַרישן שאַפֿן. היסטאָריש באַטראַכט, האָט ער דאָך געהאַט אַן אַנדער מעגלעכקייט ווי אַזוי און וועגן וואָס צו שרייבן, ער האָט געקענט רופֿן צום באַוואָפֿנטן ווידערשטאַנד ווי א. סוצקעווער האָט עס געטאָן, למשל אין זײַן ליד ״אַ נעם טאָן דאָס אײַזן״. יצחק קאַצענעלסאָן האָט געלעבט טאָג־טעגלעך מיט די צוגרייטונגען צו אַ צוקונפֿטיקן באַוואָפֿנטן קאַמף, ער איז געווען נאָענט צו די פֿירער פֿון אונטערגרונט וועלכע זײַנען שפּעטער געוואָרן די גרינדער פֿון דער ייִדישער קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע, און דאָך האָט ער פֿאָרט נישט געגעבן קיין אויסדרוק אין זײַן שאַפֿן פֿון דער פֿינפֿטער תּקופֿה, פֿאַר אָט דער נײַערווירקלעכקייט. נאָך מער – ער האָט וועגן דעם נישט געשריבן אַפֿילו שפּעטער, אין דער זעקסטער צי אין דער זיבעטער. עס זעט אויס, אַז נישט איבער מאַנגל אין אינפֿאָרמאַציע און אויס אומוויסן האָט ער אַזוי געהאַנדלט, נאָר דווקא צוליב אַן אַלגעמיינעם קוק און קלאָרער טענדענץ אַרויסצוהייבן דאָס וואָס פֿון זײַן שטאַנדפּונקט איז אייגנאַרטיק און דויערהאַפֿט אין ייִדישער גבֿורה: שרײַבנדיק פֿאַרן גרויסן גירוש וועגן רבי פֿון ראַדזין, האָט י.ק. נישט דערמאָנט דעם רבים היסטאָרישן רוף אַרויסצוגיין אין וואַלד און זיך אַנטקעגנשטעלן מיט געווער. פֿאָרזעצנדיק דאָס שרײַבן פֿון דער פּאָעמע, נאָכן גירוש, דערמאָנט ער עס בלויז מיט אַ רמז: ״ער וואָלט דאָך געצויגן אַ שווערד פֿון איר שייד,/ אין באַהעלטעניש דאָ, און דערוואַרט זיי ער וואָלט/ באַצאָלט די רשעים, די דײַטשן באַצאָלט״[108] (פֿון מיר אונטערגעשטראָכן – י״ש).

דער ייִדישער קעמפֿערישער אונטערגרונט האָט אין יענער צײַט דערפֿילט אַז י.ק. ריכט זײַן שאַפֿן אויף אַ וועג וואָס דריקט אויס אַ ווירקלעכקייט וועלכע איז, אין יענער צייט, געשטאַנען אין אַ באַשטימטער סתּירה צו זייערע גרונט־אַספּיראַציעס. מיר באַמערקן עס אין די זכרונות וועגן דרור־החלוץ אין יענער צײַט, געשריבענע נאָך דער מלחמה: ״זיין ליד שלמה זשעליכאָווסקי... אויפֿן גרונט פֿון דער געשעעניש האָט ער אָנגעשריבן זײַן באַלאַדע. מיר האָבן מיט אים דיסקוטירט. אונדז האָט זיך געדאַכט אַז ער פּריידיקט מער פֿאַר קידוש־השם ווי פֿאַר אַן אויפֿשטאַנד״.[109] אָט די ״מחלוקות״ איז געווען מן־הסתּם מער אַ רעזולטאַט פֿון די צײַט־אומשטאַנדן, ווי פֿון פּאַקטישע חילוקי־דעות צווישן ביידע צדדים; אויך די ״החלוץ״־מיטגלידער האָבן קלאָר געזען אַז דער טויט מיט געווער אין האַנט איז אַ מעגלעכקייט וואָס וועט אין דער צוקונפֿט זײַן די פּריווילעגיע פֿון ווייניקע.

אָט די כּמו־מחלוקת דאַרף אָפּגעשאַצט ווערן אין קאָנטעקסט פֿון די גאָר נאָענטע באַציִונגען צווישן י.ק. און דער אונטערגרונט־באַוועגונג אין איר דרור־החלוץ־אָפּצווײַג. אין דרור־החלוץ איז י.ק. באַטראַכט געווען ווי אַ שרײַבער וואָס דריקט אויס אויף דעם דערהויבנסטן און קרעפֿטיקסטן אופֿן די יסורים און דעם אויסדויער פֿון גאַנצן פֿאָלק אונטער דער נאַצי־הערשאַפֿט. פֿון דער צווייטער זײַט האָט די באַוועגונג נאַטירלעך געשטרעבט צו זען אין אים אויך דעם שרײַבער וואָס וועט אין זײַן שאַפֿן ברענגען צום אויסדרוק איר שטרעבונג איבערצולאָזן אין דער געשיכטע אַן אייגנאַרטיקן אויפֿטו, פֿאַר די קומענדיקע דורות, לויט די אָנגענומענע קריטעריעס פֿון גבֿורה בײַ די פֿעלקער וואָס זי האָט פֿאַראייגנט – ווי אַ רעזולטאַט פֿון דעם סעקולאַריזירטן וועלטבאַנעם פֿון אירע מיטגלידער – און נישט דווקא לויט טראַדיציאָנעלע ייִדישע קריטעריעס. דאָ, אין עצם פֿאַקט פֿון דער פֿאָרגעקומענער דיסקוסיע, און ס׳איז נישט וויכטיק איר גענויער

אינהאַלט, איז בולט געקומען צום אויסדרוק דער אונטערשייד צווישן די גײַסטיקע און סעקולאַרע־רעוואָלוציאָנערע יסודות פֿון דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע וואָס אַנטהאַלט פֿאַרשטענדלעך עלעמענטן וואָס זײַנען פֿרעמד דעם ייִדישן טראַדיציאָנעלן וועלט באַנעם, און די יסודות פֿון דעם הלכה־ייִדנטום וועלכע געשטאַלטיקן דאָס ייִדישע לעבן (און טויט) אין ספֿירות פֿון קדושה.

אַ קורצע צײַט פֿאַרן גרויסן גירוש האָבן מיטגלידער פֿון "דרור" און "החלוץ" געגרייט צום דרוקן אַן אויסגאַבע פֿון יצחק קאַצענעלסאָנס "צאָרן לידער", ווי זיי האָבן זיי גערופֿן. אין דער אויסגאַבע האָבן באַדאַרפֿט אַרײַן צווישן אַנדערע, ווי עס זעט אויס, אויך די לידער "דער ייִד האָט געלאַכט", "ווײ דיר", "דאָס ליד וועגן שלמה זשעליכאָווסקי". די כּתבֿ־ידן פֿון די לידער זײַנען געפֿונען געוואָרן נאָך דער מלחמה צווישן די דאָקומענטן פֿון דרור־החלוץ־אַרכיוו וואָס מרדכי טענענבוים האָט באַגראָבן דעם 20טן יולי 1942. וועגן זיי דערציילט מ. טענענבוים: "ס'האָבן זיך פֿאַרענדיקט די צוגרייטונגען אַרויסצוגעבן זײַנע 'צאָרן לידער' – אַלץ אויף ייִדיש, וועגן טעמעס פֿון געטאָ און דער עוואַקואַציע – 'עיר ההריגה' איז אַן אידיליע אַנטקעגן 'דער ייִד וואָס האָט געלאַכט', 'די קללה', 'שלמה זשעליכאָווסקי' – מיר האָבן נישט אוספּיִעט".[110] די ווערטער זײַנען געשריבן געוואָרן אין טענענבוימס אַ בריוו פֿון אַפּריל 1943 צום ועד הפועל פֿון דער הסתדרות און דעם סעקרעטאַריאַט פֿון הקיבוץ המאוחד. אין זײַן טאָגבוך, אין אַ רשימה געשריבן דעם 16טן פֿעברואַר 1943, שרײַבט מ. טענענבוים וועגן יצחק קאַצענעלסאָנען אין אַן ענלעכן טאָן: "און וואָס איז מיט יצחק קאַצענעלסאָנען? צי וועלן דערגיין די לידער וואָס ער האָט געשריבן בעת דער מלחמה – צער־ און צאָרנלידער – צו די מאָרגנדיקע ייִדן? ביאַליקס 'עיר ההרגה' איז ווי אַן אידיליע אַנטקעגן זײַן 'קללה', 'דער ייִד וואָס האָט געלאַכט', 'שלמה זשעליכאָווסקי'. בײַם אויסדריקן אונדזערע געפֿילן – האָט ער אַלעמען איבערגעשטיגן, אַלעמען. אַ נײַער קאַצענעלסאָן – אַ ייִדישער, ייִדיש – איז אונדז געבוירן געוואָרן אין די געטאָ־יאָרן. צי וועלן זײַנע לידער דערגיין, צי וועט איבערבלײַבן אונדזער לעצטער זיפֿץ?"[111] אַ דריטן מאָל שרײַבט מרדכי טענענבוים מיט באַגײַסטערטע ווערטער וועגן יצחק קאַצענעלסאָנען, אין אַ בריוו צו זײַן שוועסטער פֿון חודש פֿעברואַר 1943[112]: "נאָך איינער איז נסתּלק געוואָרן. ווען כאָטש ער וואָלט לעבעדיק געווען פֿאַר אונדזערע אויגן! יצחק קאַצענעלסאָן. האָסט זיכער געהערט וועגן אים. נישט וויכטיק וואָס ער איז פֿאַר דער מלחמה געווען און ווי אַזוי ער האָט דאַן געשריבן. אין יענער צײַט בין איך מיט אים נישט געווען פֿאַראינטערעסירט. אָבער דער פֿון וואַרשעווער געטאָ, וועלכער האָט צוזאַמען מיט אונדז, אין שותּפֿות געשאַפֿן, געשאָלטן, גערופֿן צו נקמה – אונדזער ברודער איז ער געווען. ער האָט געשריבן נאָר ייִדיש. אַלץ וואָס מיר האָבן געטראַכט, געפֿילט, געחלומט. ער איז אויסגעוואַקסן און זיך דערהויבן ביז די הימל־הייכקייטן – העכער פֿון ביאַליקן. ער האָט בעסער פֿאַר אים געשאָלטן, נבֿיאות געזאָגט שלימותדיקער, מער פֿון אים געהאַסט. מיר פֿלעגן אים צושטעלן ברעקלעך פֿון אונדזער בראָך, און ער האָט זיי דערהויבן ביזן הימל, אים פֿאַראייביקט. צוזאַמען האָבן מיר געשאַפֿן. מיט יעדן גראַם זײַנעם האָבן מיר זיך געפֿרייט – אַ בשותּפֿותדיקער אויפֿטו איז עס געווען. איצט איז ער שוין נישטאָ מער. זײַן משפּחה איז נאָך פֿריִער צוגענומען געוואָרן. זײַנע לידער האָב איך באַגראָבן אין וואַרשע – ווער ווייס, צי דו וועסט אַ מאָל זיי קענען לייענען".[113]

דרײַ עיקר־פּונקטן קען מען באַצייכענען אין מרדכי טענענבוימס ווערטער וועגן יצחק קאַצענעלסאָנען. אָט די פּונקטן, וואָס מיר וועלן ווײַטער אויסרעכענען, דערווײַזן פֿון שטאַנדפּונקט פֿון י.ק'ס לייענער און צוהערער דעם אַרגומענט, אַז די ענדערונג און די ווענדונג אין יצחק קאַצענעלסאָנס שאַפֿן איז פֿאָרגעקומען נישט אין דער ערשטער צײַט פֿון זײַן שאַפֿן אין וואַרשע, נאָר במשך פֿון דער פֿינפֿטער תּקופֿה: (א) דער ערשטער פּונקט אין מ. טענענבוימס אָפּשאַצונג איז זײַן אַנערקענונג אַז י.ק. שרײַבט אַנדערש ווי פֿאַר דער

מלחמה און אַז זײַנע געטאָ־שרײַבער רופֿן בײַ טענענבוימען אַרויס אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג, אין דער צײַט ווען ער בלײַבט גלײַכגילטיק צו י.ק.ס שאַפֿן ביז דער מלחמה.[114] (ב) דער צווייטער פּונקט, דער אינטערעסאַנטסטער – איז מ. טענענבוימס פּרעפֿערענץ און באַציִונג צו אייניקע פֿון י.ק.ס וואַרשעווער געטאָ־שרײַבער: פֿון צווישן אַלע זײַנע ווערק געשאַפֿן אין וואַרשע פֿון 1940 אָן לויבט מ. טענענבוים אין הימל אַרײַן דווקא י.ק.ס לידער פֿון דער פֿינצטער תּקופֿה. פֿאַר מ. טענענבוימען – דער אַנדערער, דער געענדערטער יצחק קאַצענעלסאָן, איז י.ק. דער מחבר פֿון לידער וואָס זײַנען אָנגעשריבן געוואָרן נאָך פּסח 1942, אין געטאָ.[115] (ג) דער דריטער פּונקט, וואָס האָט אַ באַזונדערע היסטאָרישע וויכטיקייט פֿאַר י.ק.ס שאַפֿן, באַשטייט אין מ. טענענבוימס אַנערקענונג פֿון י.ק. ווי דער וואָרטזאָגער פֿון אַ כּלל, און זײַן אָפּשאַצונג פֿון י.ק.ס נײַע יִדישע ווערק ווי אַ באַשטײַטייל פֿון דער טעטיקייט, און די דערגרייכונגען פֿון דער חלוצישער אונטערגרונט־באַוועגונג.

מיט אַלעמען, איז קאַצענעלסאָנס וועג בעת דער פֿינצטער תּקופֿה בײַם באַשרײַבן און געשטאַלטיקן יִדישע גבֿורה – געווען אַן אייגענער וועג: מער ווי ער האָט אויסגעדריקט אין דער תּקופֿה די שטימונגען און דעם גײַסטיקן וועלטבאַנעם פֿון יענע קרײַזן וועלכע זײַנען שפּעטער געוואָרן די אַקטיווע עלעמענטן אין דער יִדישער קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע צווישן וועמענס טרײַע אָנהענגער י.ק. אַליין איז אויך געווען, האָט ער געשאַפֿן ווערק מיט אַ כּלל־יִדישן כאַראַקטער. אין אָט דער פֿינצטער תּקופֿה מער ווי ווען עס איז אַנדערש בעת זײַן פֿריערדיקן שאַפֿן אין וואַרשע, האָט יצחק קאַצענעלסאָן אויפֿגעהערט צו זײַן בלויז אַ וואַרשעווער געטאָ־שרײַבער, און איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אינעם דיכטער פֿון יִדישן פֿאָלק. נישט שלמה זשעליכאָווסקי און נישט דער רבי פֿון ראַדזין זײַנען בעת דער מלחמה־צײַט געווען אײַנוווינער פֿון וואַרשע, און די ידיעה וועגן זייער טראַגישן טויט און שטאָלצער האַלטונג האָט געדינט נאָר פֿאַרן פֿאָן אויף וועלכן י.ק. האָט געשטאַלטיקט זײַן כּוללדיקן פּאָעטישן שאַפֿן.

די ברייטע כּלל־טוערישע אינטערעסן און פֿאַרבינדונגען פֿון י.ק. אין וואַרשע, מחוץ די ראַמען פֿון "דרור" און "החלוץ", האָבן י.ק.ס טעטיקייט און שאַפֿן אָפּגעשטעלט אויף אַ ברייטער געזעלשאַפֿטלעכער באַזע און האָבן געהאַט אַ פֿילפֿאַכיקע ווירקונג אויף זײַנע ווערק און טעטיקײַטן. מיר וועלן דאָ ווײַטער רעזומירן דאָס ביסל אינפֿאָרמאַציע וואָס מיר פֿאַרמאָגן ווען י.ק. אין דעם קאָנטעקסט, און מיר וועלן זיך אָפּשטעלן אויף די געזעלשאַפֿטלעכע אַספּעקטן פֿון זײַן ליטעראַרישן שאַפֿן ביזן גרויסן גירוש, אין יולי־סעפּטעמבער 1942.

## די געזעלשאַפֿטלעכע אַספּעקטן פֿון יצחק קאַצענעלסאָנס ליטעראַרישער טעטיקייט

מיטן אָנהייב פֿון גרויסן גירוש פֿון וואַרשעווער געטאָ האָט זיך פֿאַרענדיקט אַ רעלאַטיוו לאַנגע תּקופֿה פֿון טאָג־טעגלעכן ייִדישן לעבן אין וואַרשעווער געטאָ. ערשט דאַן האָט יעדער איינער אָנגעהויבן פֿילן אַז ער ווערט דירעקט באַדראָט דערמאָרדעט צו ווערן אָדער אַוועקגעשיקט צו ווערן אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. אַז גירוש מיינט פֿאַרניכטונג, איז ערשט דאַן ביסלעכווײַז קלאָר געוואָרן. אין י.ק׳ס שאַפֿן בעתן גירוש איז געקומען צו אַ שטילשטאַנד. אויף וויפֿל ס׳איז באַוווּסט האָט ער גאָרנישט געשריבן אין יענע זיבן וואָכן. די מאַסן־אַרויסשיקונג פֿון וואַרשע פֿון הונדערטער טויזנטער ייִדן האָט געבראַכט מיט זיך פֿאַרטאַמלעניש, פֿאַראַליזירונג און אַ ברוטאַלן באַווײַז פֿאַר דער אינטויִטיווער ידיעה וואָס קומט צום אויסדרוק אין זײַן שאַפֿן, פֿון פּסח תש״ב אָן.

נישט געקוקט אויף דער קאַרגער אינפֿאָרמאַציע וואָס מיר פֿאַרמאָגן וועגן י.ק׳ס לעבן און שאַפֿן אין וואַרשע, און נישט געקוקט אויף דער נאָך קאַרגערער אינפֿאָרמאַציע וואָס איז פֿאַראַן וועגן זײַן געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט אין געטאָ, וועלן מיר דאָ ווײַטער פּרווון געבן אַן איבערבליק וועגן דעם וואָס ווערט דערמאָנט אין פֿאַרשיידענע מקורים, דער עיקר וועגן אופֿן ווי י.ק׳ס ווערק האָבן עקזיסטירט און געווירקט אין געטאָ.

כּל־זמן די קאָמונע פֿון ״דרור״, אויף דזשעלנאַ 34, האָט עקזיסטירט – פֿלעגט י.ק. פֿאָרלייענען דאָרט פֿאַר זײַנע פֿרײַנד יעדע שאַפֿונג וואָס ער האָט דאַן אָנגעשריבן.[116] נישט נאָר דאָרט האָט י.ק. פֿאָרגעלייענט זײַנע ווערק, אַ סך האָט ער אויך אין אַנדערע און פֿאַרשיידענע קרײַזן פֿאָרגעלייענט אויך פֿאַר ייִדישע און העברעיִשע לערער.[117] וועגן דער פּאָעמע ״יזכּור״ וואָס איז פֿאַרלאָרן געגאַנגען, און וועגן שטאַרקן רושם וואָס זי האָט געמאַכט, זאָגן עדות עמנואל רינגעלבלומס ווערטער אין זײַן טאָגבוך, און דער פֿאַקט וואָס די פּאָעמע ווערט פֿון אים דערמאָנט דאָרט אין דרײַ פֿאַרשיידענע ערטער.[118] לויטן באַנוצטן סטיל אין י.ק׳ס אַרטיקל וועגן ח.נ. ביאַליקן דאַרף מען זיך משער זײַן אַז איידער ער איז געוואָרן געדרוקט אין ״דרור״ איז ער מן־הסתּם געווען אַ רעדע, געהאַלטן פֿאַר אַ גרויסן פּובליקום. ווי שוין דערמאָנט, ווערט גערעדט אין די זכרונות פֿון צבֿיה לובעטקין און יצחק צוקערמאַן וועגן אַ גרויסן פּובליקום וואָס פֿלעגט קומען אויף י.ק׳ס תּנ״ך־אָוונטן און פֿאָרשטעלונגען. אויך לויטן סטיל פֿון דער עפֿענונג צום ערשטן תּנ״ך־אָוונט, איז קלאָר אַז י.ק. ווענדט זיך דירעקט צום קאָלעקטיוו פֿון די געטאָ־אײַנוווינער, אין זייער אָנוועזנהייט.[119] די דראַמע ״על נהרות בבֿל״ האָט י.ק. פֿאָרגעלייענט ״פֿאַר אַ געוויילטן פּובליקום״ אין בנין פֿון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע ״גורדוניה״, אויף נאַלעווקעס 23.[120] די דראַמע ״איובֿ״ איז פֿון י.ק. פֿאָרגעלייענט געוואָרן אין פֿאַרשיידענע געטאָ־קרײַזן: פֿאַר געזעלשאַפֿטלעכע טוער אין געטאָ און פֿאַר שרײַבער, אויף דזשעלנאַ 34, און צוזאַמען מיט ״על נהרות בבֿל״ – פֿאַר אײַנוווינער פֿון געטאָ אין דער ראַם פֿון הויז־קאָמיטעטן, ווי אויך פֿאַר אַ גרויסן ספּעציעל אײַנגעלאַדענעם עולם, אין דער קיך אויף לעשנאָ 29 – דער עולם איז באַשטאַנען פֿון שרײַבער, זשורנאַליסטן, כּלל־טוער. די קיך האָט געהערט צו די לינקע פּועלי־ציון.[121] יעדן אָוונט פֿלעגט יצחק קאַצענעלסאָן פֿאָרלייענען די דראַמע ״איובֿ״ פֿאַר אַן אַנדער קרײַז אין געטאָ.

אַ גרויסער טייל פֿון י.ק׳ס ווערק איז פֿון אים פֿאָרגעלייענט געוואָרן אין געטאָ, מיר האָבן בלויז זייערע אַלגעמיינע עדותשאַפֿטן וועגן דעם, וועלכע באַטאָנען שטענדיק דעם שטאַרקן אײַנדרוק אויף די צוהערער, מיר האָבן אָבער קיין פּרטימדיקע באַשרײַבונג וועגן דעם נישט געפֿונען. נאָר וועגן דער דראַמע ״איובֿ״ זײַנען פֿאַראַן מער פּרטים, וועלכע באַפֿעסטיקן נאָך מער די אַלגעמיינע אײַנדרוקן. צבֿיה לובעטקין באַשרײַבט אַזוי די פֿאָרלעזונגען: ״דאָס דערשײַנען פֿון [דער דראַמע] ״איובֿ״ האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ

געשעעניש אין יידישן וואַרשעווער לעבן. דאָס זײַנען געווען אימפּאָזאַנטע אָוונטן אין געטאָ, ווען י.ק. האָט פֿאָרגעלייענט פֿון זײַן שאַפֿונג... ער האָט אָנגעהויבן אויף דזיעלנאַ און נאָך דעם פֿלעגט ער פֿאָרלייענען אין פֿאַרשיידענע אַנדערע קרײַזן, פֿאַר שרײַבער און קינסטלער. יעדער דער וואָס האָט געהערט ווי י.ק. לייענט פֿאָר זײַן דראַמע "איובֿ" איז באַווירקט געוואָרן, און אַזוי האָט זיך דער גײַסט פֿון יידן אין געטאָ דערהויבן. אָט, נישט געקוקט אויף אַלעמען, האָט דער נאַציזם נישט באַוויזן אײַנצוברעכן דעם גײַסט בײַ יידן".[122]

יצחק קאַצענעלסאָן האָט זיך אַ סך אָפּגעגעבן מיטן שרײַבן פֿאַר די קינדער אין געטאָ און האָט זיך אַקטיוו מיט זיי פֿאַראינטערעסירט. ער פֿלעגט רעגולער און אָפֿט באַזוכן די בתּי־יתומים פֿון קאָרטשאַקן און דאָמבראָווסקין. אין געטאָ האָט ער טאַקע אָנגעשריבן אַ באַזונדערע קינדער־ליטעראַטור מיט ווערק פֿאַר קינדער און וועגן קינדער. אָט די ליטעראַטור איז פֿאַרבונדן מיט די צײַט־געשעענישן, צו אונדז אָבער זײַנען אייניקע שאַפֿונגען, ווי למשל, דאָס ליד "קינדער אין גאַס" און די פֿאָרשטעלונג "מיך ציט אין גאַס" – נישט דערגאַנגען. וועגן דער פֿאָרשטעלונג "מיך ציט אין גאַס", וואָס איז פֿאָרגעשטעלט געוואָרן פֿון קינדער, זײַנען אונדז אייניקע פּרטים יאָ באַקאַנט. יצחק קאַצענעלסאָנס איבערגעגעבנקייט צו די קינדער האָט געהאַט שטאַרקע אָפּקלאַנגען אין דער מעמואַרן־ליטעראַטור וועגן אים. יצחק צוקערמאַן באַשרײַבט י.ק׳ס ליבע צו די קינדער און זײַן טעטיקייט צווישן זיי אין געטאָ, ביזן גרויסן גירוש, זאָגנדיק צווישן אַנדערע זאַכן וועגן אים: "און נישט נאָר פּאָעזיע אַליין האָט ער ליב געהאַט. אויך קינדער האָט ער ליב געהאַט... אין די יאָרן פֿון הונגער און טיפֿוס האָט ער געפֿונען ווי אַזוי צו רעדן מיט קינדער, מיט די יתומים... אַז ער פֿלעגט זיך נישט ווײַזן אין דער קאָמונע בײַ אונדז [אויף דזיעלנאַ 34] – האָב איך געוווּסט אַז ער געפֿינט זיך אין די בתּי־יתומים.[123] צוויי צענטערס האָט ער געהאַט, און צווישן זיי האָט ער זיך געפֿונען און זיך באַוויזן, געשעפּט פֿון זייער מקור, און פֿון דאַנען – זײַן כּוח, זײַן פּאָעזיע און זײַן אויסדויער: קינדער און חלוצים. ער האָט גערעדט מיטן לשון פֿון זיי בײדע און דערלאַנגט מתּנות אונדז און זיי. ער איז געווען אַן אמת־פּאָעט. אויך די קינדער האָט ער דאַן נישט דערלאַנגט בלומענטוי און הימלבלוי. און אויב אַ מאָל וועלן פֿלעשער אָפּגעפֿונען ווערן אין הויף אויף דזיעלנע, אין וועלכע אַלטע בלעטער מיט קינדער־לידער געפֿינען זיך, וועט איר דאַן וויסן: אַן אמת־פּאָעט איז געווען י.ק. ער האָט דערציילט ווי אַ דערוואַקסענער פֿאַר קינדער דעם אמת, האָט באַשריבן די יסורים... איך דערמאָן זיך וועגן זײַן גרויסער דראַמע: "מיך ציט אין גאַס", אַ פֿאָרשטעלונג פֿון קינדער־לעבן אין פֿינף אַקטן מיט אַן עפּילאָג און פּראָלאָג. די פֿאָרשטעלונג פֿאַנגט זיך אָן און פֿאַרענדיקט זיך מיט אַ קינדער־כאָר, און זײַן אינהאַלט איז פֿול מיט בילדער פֿון הונגער און יסורים. נאָך דעם ווי ער האָט די דראַמע פֿאַר אונדז פֿאָרגעלייענט, האָבן מיר אײַנגעלאַדן אויף דזיעלנע די בעסטע פּעדאַגאָגן און לערער, יאַנוש קאָרטשאַקן און סטעפֿאַ ווילטשינסקאַן און די כּלל־טוער פֿון די יידישע שולן – זיי זאָלן הערן פֿאָרלייענען די דראַמע. און יצחק קאַצענעלסאָן האָט אָרגאַניזירט אַ קאָמפּאַניע קינדער אין דאָמבראָווסקיס בית־יתומים, וועלכע האָט אויפֿגעטראָטן און פֿאָרגעשטעלט די פֿאָרשטעלונג ["מיך ציט אין גאַס"].[124]

יצחק קאַצענעלסאָן אַליין האָט אַ סך גערעדט וועגן אָט דער פֿאָרשטעלונג און וועגן די אָפּקלאַנגען וואָס זי האָט געהאַט צווישן די קינדער. נתן עק האָט אויף אַזוי פֿיל זיך באַאײַנדרוקט פֿון י.ק׳ס עמאָציאָנעלער צוגעבונדנקייט צו אָט דער פֿאָרשטעלונג, נאָך דעם ווי י.ק. האָט אים אין וויטעל דערציילט פּרטי־פּרטים וועגן דער טעאַטראַלער אויפֿפֿירונג – אַז אין זײַנע זכרונות ציטירט ער וועגן דעם י.ק׳ס ווערטער, אין געענדזן־פֿיסלעך: "ווי גרויס איז די געשעעניש געווען בײַ די קינדער, ווי טיף זענען זיי געווען פֿאַראינטערעסירט און ווי פֿריילעך זיי זענען געווען; ווי וווּנדערלעך באַגאַבט איז געווען יענער ייִנגל וואָס האָט געשפּילט די הויפּטראָלע".[125] דער כּתבֿ־יד פֿון דער פֿאָרשטעלונג איז פֿאַרלאָרן געגאַנגען בעתן גרויסן גירוש, גלײַך בײַם אָנהייב – ווען די קינדער פֿון די בתּי־יתומים זײַנען פֿאַרטריבן געוואָרן קיין טרעבלינקע. יצחק קאַצענעלסאָן

איז, גלײַך נאָכן דערוויסן זיך וועגן גירוש פֿון די יתומים, אַוועק אויף טוואַרדאַ 7 און צווישן די צעוואָרפֿענע חפֿצים און פּאַפּירן האָט ער דאָרט געפֿונען אַ טייל פֿון כּתבֿ־יד זײַנעם. אין דעם טייל פֿון אַרכיוו וואָס איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן און געפֿינט זיך אין בית לוחמי הגיטאות, איז ער אָבער נישטאָ. פּרטים וועגן אינהאַלט פֿון דער פֿאָרשטעלונג גיט איבער י.ק. אַליין אין זײַן פּאָעמע "דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן יִידישן פֿאָלק", ז' 89 (זע ווײַטער אין קורצן אַרײַנפֿיר צו "מיך ציט אין גאַס", נומ' 27). לויט דער באַשרײַבונג דאָרט קען מען זיך משער זײַן אַז די פֿאָרשטעלונג איז געווען אין יאָר 1942. דאָס איז ריכטיק, אויב מיר נעמען אין באַטראַכט אַז נישט געקוקט אויף דעם וואָס אין "דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן יִידישן פֿאָלק" שרײַבט ער אין יאָר 1943 וועגן דער פֿאָרשטעלונג, איז די באַשרײַבונג דאָרט פֿאַקטיש געמאַכט ווי ער וואָלט וועגן דעם שרײַבן און טראַכטן – אין יאָר 1942 בעת זײַן באַזוך אין דאָמבראָווסקיס בית־יתומים. מע דאַרף עס אַזוי פֿאַרשטיין אויב מע באַטראַכט דעם אופֿן ווי ער באַצייכנט אין אויבן דערמאָנטן טעקסט די דאַטע ווען דער פּאָעט הערשעלע איז געשטאָרבן: "הערשעלע איז אויסגעגאַנגען פֿאַר אַ יאָרן נאָך פֿון הונגער". הערשעלע איז געשטאָרבן אין מיטן יאָר 1941[126] איז דערפֿאַר קלאָר אַז י.ק. באַשרײַבט די פֿאָרשטעלונג "מיך ציט אין גאַס" אין "דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן יִידישן פֿאָלק" לויט ווי ער האָט געדענקט און געפֿילט אין מיטן 1942 בעתן גירוש, ריידנדיק דאָרט וועגן הערשעלעס יִינגעלע דעם יתום. דערפֿאַר מעגן מיר אָננעמען אַז די פֿאָרשטעלונג איז געווען נישט פֿריִער ווי אין יאָר 1942 און אַפֿילו אפֿשר האָרט פֿאַרן גרויסן גירוש.

עס האָט זיך יאָ אָפּגעהיט אַן אַנדער טעקסט פֿון אַ פֿאָרשטעלונג אין דאָמבראָווסקיס בית־יתומים, אַ דראַמאַטישער מאָנאָלאָג מיט נאָמען "האַנדל" וואָס איז פֿאַרבליבן אין אַ האַלב צעשעדיקטן און פֿאַרמעקטן כּתבֿ־יד וועלכער געפֿינט זיך אין יצחק קאַצענעלסאָנס אַרכיוו אין בית לוחמי־הגיטאות (זע ווײַטער אין קורצן אַרײַנפֿיר צו "האַנדל", נומ' 19). אויך וועגן דעם שײַכות צווישן די טעקסטן פֿוןביידע פֿאָרשטעלונגען, זע דאָרט און ווייטער אין קורצן אַרײַנפֿיר צו "מיך ציט אין גאַס", און פֿאַרגלײַך מיט: "דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן יִידישן פֿאָלק", ז' 88: אין דער לעצטער שורה דאָרט ציטירט י.ק. אין געענדזן־פֿיסלעך די ווערטער פֿון האַנדלאַרזש אויף דער פֿאָרשטעלונג פֿון מאָנאָלאָג "האַנדל", דער נוסח איז אָבער אַ ביסל אַנדערש:

דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן יִידישן פֿאָלק
"אין זאַק אין מײַנעם יִידן! די לאַטעס
און די שמאַטעס און וואָס צעריסן
איז און ברודיק איז איז –
איך קויף"

האַנדל
"קומט אַראָפּ איך קויף
איך קויף, איך בין געקומען קויפֿן
וואָס נאָר איר האָט!
וואָס האָט איר?
אַלטוואַרג מיין איך, אַלטס,
לאַטעס
שמאַטעס!
אָניצעס און טראַנטעס –
מיט די ווערים, מיט די וואַנצן
אַלץ!"

דער גרונטמאָטיוו – אַ הענדלער פֿון גוניצטע זאַכן וואָס דערשײַנט אין אַ וואַרשעווער הויף, הייבט אויף זײַן קאָפּ און זײַן קול צו די פֿענצטער און לאָזט וויסן אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים וועגן זײַן עובֿדה אין אַ לאַנגן מאָנאָלאָג, און די געשטאַלט פֿון אַ האַנדלאַרזש – ווי אויך דער קאָנטעקסט – זײַנען אַלע דרײַ אַ באַשטייטייל פֿון דער וואַרשעווער טאָג־טעגלעכקייט פֿון פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. יצחק קאַצענעלסאָן אַליין האָט אַזאַ געשטאַלט באַשריבן אין אַ ליד, אין יאָר תרס״ב, מיט אַ 40 יאָר פֿריִער.[127] אין דעם ליד געפֿינען זיך שוין אַלע גלאַוונע אינהאַלט־קאָמפּאָנענטן פֿון דער געשטאַלט און פֿון דעם קאָנטעקסט פֿון מאָנאָלאָג ״האַנדל״.[128] די קינסטלערישע מעגלעכקייטן פֿאַר אַ ליטעראַרישער סצענישער געשטאַלטיקונג פֿון דער האַנדלאַרזש־געשטאַלט, האָט בײַ י.ק. אויפֿגעוועקט סײַ זכרונות און סײַ אַ וויזואַלע־דראַמאַטישע זעונג, און אַזוי איז געבאָרן געוואָרן אַ צווייטער גלגול פֿון לירישן ליד וואָס איז מגולגל געוואָרן אין אַ דראַמאַטיזאַציע פֿון דער הויפּטגעשטאַלט, און דווקא פֿאַר קינדער. מן־הסתם ווײַל אין דער פֿאָרשטעלונג איז פּלאַסטיש און עמאָציאָנאַל געקומען צום אויסדרוק די טאָג־טעגלעכע גרויקייט פֿון געטאָ־לעבן וואָס איז געפֿילט געוואָרן און באַקאַנט געווען פֿאַר אַלעמען. די טעמאַטיק פֿון מאָנאָלאָג איז געווען אייגנטלעך נאָענט אַלע געטאָ־אײַנוווינער, ווײַל איינער פֿון די פֿאַרשפּרייטע אופֿנים זיך אויפֿצוהאַלטן אויף דער געטאָפּלאַך במשך פֿון די מלחמה־יאָרן איז פֿאַר אַ סך געווען דורך אויספֿאַרקויפֿן די שטובזאַכן מכּל־המינים־שהוא.[129]

נאָך אין דער צײַט ווען אין דער אָקופּירטער וואַרשע איז קיין געטאָ נישט געווען, האָט י.ק. אָנטייל גענומען אין די קינסטלערישע אָוונטן וואָס זײַנען אָרגאַניזירט געוואָרן אין דער קינדער־קיך אויף גענשע 12. דאָרט פֿלעגט ער האַלטן רעפֿעראַטן און אויך לערנען לידער מיט די קינדער און זיי דערמוטיקן. דאָס האָט ער געטאָן אין די ראַמען פֿון דער ״דרור״־טעטיקייט. ״דרור״ האָט אָרגאַניזירט און אַכטונג געגעבן אויף קינדער אין דער קיך, און טאָג־טעגלעך אָרגאַניזירט פֿאַר זיי לימודים, אין די נאָכמיטאָג־שעהען. אַלע פֿרײַטיק איז אַהין געקומען י.ק., ער פֿלעגט דערציילן מעשׂיות און פֿלעגט זינגען מיט די קינדער. שוין דעמאָלט, בײַם אָנהייב פֿון דער דרור־החלוץ־טעטיקייט איז י.ק. געווען מיט איר פֿאַרבונדן און זיך אַקטיוו באַטייליקט אין אונטערנעמונגען פֿאַר דערוואַקסענע און קינדער.[130] צום לעצטן מאָל איז קאַצענעלסאָן געווען אין דער געזעלשאַפֿט פֿון קינדער, ווי עס זעט אויס, דעם שבת וואָס פֿאַרן גרויסן גירוש – דעם 18טן יולי 1942 – בעת ער איז געווען אָנוועזנד אין יאַנוש קאָרטשאַקס בית־יתומים אויף אַ פֿאָרשטעלונג. פֿיר טעג שפּעטער, דעם 22טן יולי 1942, האָט זיך אָנגעפֿאַנגען דער גירוש. די קינדער פֿון בית־יתומים זײַנען געווען צווישן די ערשטע פֿאַרטריבענע.[131]

נאָך אַ געביט פֿון געזעלשאַפֿטלעכן און קולטור־לעבן אין געטאָ, וווּ י.ק. איז געווען אַקטיוו במשך פֿון דער אָקופּאַציע־תּקופֿה ביזן גירוש, זײַנען די קולטור־אונטערנעמונגען פֿון ״תּקומה״, די העברעיִשע קולטור־געזעלשאַפֿט אין געטאָ וואָס איז געגרינדעט און געפֿירט געוואָרן פֿון אַ גרופּע ציוניסטישע קולטור־טוער.[132] יצחק קאַצענעלסאָן האָט אָנטייל גענומען אין פֿאַרזאַמלונגען אָרגאַניזירטע פֿון ״תּקומה״, און האָט געהאַלטן אַ רעדע בעת אַן אסיפֿה געווידמעט יהודה הלויס אָנדענק. דאָס איז געווען די ערשטע עפֿנטלעכע פֿײַערונג אָרגאַניזירט פֿון ״תּקומה״ אין געטאָ. י.ק. האָט אויך גערעדט אויף אַן אַקאַדעמיע געווידמעט הרצלס און ביאַליקס אָנדענק, כ׳ בתמוז תש״א (1941). עס איז אויך מעגלעך אַז י.ק. האָט זיך נאָך באַטייליקט אין אַ פּאָר אַנדערע פֿײַערונגען, געווידמעט י.ל. פּרצן און ח.נ. ביאַליקן.[133] י.ק. האָט אויך אָנגעפֿירט מיט אַ דראַמאַטישער העברעיִשער סטודיע אין ״תּקומה״. די טעאַטער־גרופּע האָט געזאָלט פֿאָרשטעלן י.ק.׳ס אַ באַאַרבעטונג פֿון י.ל. פּרצעס ״דרײַ מתּנות״. די אַדאַפּטאַציע איז געווען די איינציקע גרעסערע העברעיִשע ליטעראַרישע שאַפֿונג וואָס י.ק. האָט אָנגעשריבן אין וואַרשעווער געטאָ.

אין יאָר 1942 האָט זיך נתן עק געווענדט צו י.ק. אין נאָמען פֿון ״תּקומה״, מיט אַ בקשה – צוצוגרייטן י.ל.

פּרצעס געשיכטע פֿאַרן טעאַטער. י.ק. האָט אָנגענומען דעם פֿאָרשלאָג און ער האָט אָנגעשריבן אַ באַאַרבעטן נוסח פֿון פּראָלאָג, וואָס איז געווען למעשה אַ ווערק פֿאַר זיך אַליין, גאַנץ אַנדערש פֿון אָריגינאַלן פּראָלאָג. די מיטגלידער פֿון דער העברעיִשער סטודיע האָבן געמאַכט אָנצאָליקע רעפּעטיציעס. צווישן די אַקטיאָרן זײַנען געווען יוגנטלעכע פֿון פֿאַרשיידענע יוגנט־באַוועגונגען. די פֿאָרשטעלונג איז אָבער נישט פֿאָרגעקומען איבער די פֿאַרערגערטע לעבנס־באַדינגונגען אין געטאָ אין דער פֿאַר־גירוש־תּקופֿה.[134]

ווען אינהאַלט פֿון דער פֿאָרשטעלונג, אייגנטלעך אַן איינאַקטער – דערציילט נתן עק, אין זײַנע דערמאָנטע זכרונות, אַז אויסנוצנדיק נאָר דעם פּראָלאָג פֿון פּרצעס "דרײַ מתּנות" האָט י.ק. באַשריבן דעם מהלך פֿון משפּט פֿאַרן בית־דין של מעלה. ער האָט אַרויפֿגעבראַכט אויף דער סצענע שפּאָגל נײַע געשטאַלטן (צו די שוין פֿאַראַנענע בײַ פּרצן). צווישן זיי – עדות – מענער און פֿרויען – וועלכע דערציילן פֿאַרן בית־דין וועגן לעבן און פֿירונג פֿון געמשפּטן, וועגן בר־מינַנס גוטע און שלעכטע מעשׂים. דער גיבור אין י.ק.'ס איינאַקטער איז אַ טראַגישע געשטאַלט וואָס דערהייבט זיך צו גרויסע הייכן און קײַקלט זיך אַראָפּ ביז טיפֿסטע אָפּגרונטן. עס ווערט דאָ פֿאָרגעשטעלט אַ קאָמפּליצירט קרענקלעך לעבן אָנגעזאַפּט מיט עראָטיק, אַ מין לעבנס־ווירקלעכקייט ווי ס'ווערט באַשריבן אין י.ק.'ס "אמנון" צי אין "חניבעל". נתן עק גיט צו, אַז דער איינאַקטער איז געווען אַ געגראַמטער, און ווי עס ווײַזט זיך אים אויס – געשריבן אין יאַמבן.[135] יצחק קאַצענעלסאָן האָט זיך געזאָלט אויך באַטייליקן און צוהעלפֿן דורכצופֿירן נאָך אַן אונטערנעמונג פֿון "תּקומה" וואָס האָט זיך אונטערגענומען אָפּצודרוקן אין געטאָ אַ ליטעראַרישן העברעיִשן זאַמלבוך. אין זאַמלבוך האָבן זיך געזאָלט באַטייליקן אַלע העברעיִשע שרײַבער אין וואַרשעווער געטאָ. עס איז אויך געווען פּלאַנירט דאָרט אָפּצודרוקן העברעיִשע איבערזעצונגען פֿון ליטעראַרישע שאַפֿונגען פֿון נישט־העברעיִשע שרײַבער. דער זאַמלבוך איז ניט דערשינען, אויך דאָס מאָל צוליב דעם פֿאַרערגערטן מצבֿ אין געטאָ, פֿאַרן גרויסן גירוש.[136]

יצחק קאַצענעלסאָנס נאָמען איז פֿאַרבונדן אויך מיט ייִק"אָר [=ייִדישע קולטור־אָרגאַניזאַציע], די אונטערערדישע ייִדישע קולטור־געזעלשאַפֿט וואָס איז געווען אַ צענטראַלער קולטור־פֿאַקטאָר אין ייִדישן געטאָ־לעבן. מיט ייִק"אָר זײַנען געווען פֿאַרבונדן און טעטיק אייניקע פֿון די וויכטיקסטע ייִדישע שרײַבער אין וואַרשעווער געטאָ.[137] אין וואַרשעווער געטאָ, אַזוי ווי פֿאַר דער מלחמה, איז ווײַטער אָנגעגאַנגען די צעצווייטקייט צווישן ייִדיש און העברעיִש, סײַ געדאַנקלעך און סײַ אָרגאַניזאַציאָנעל. די צוויי קולטור־געזעלשאַפֿטן, "תּקומה" און "ייִק'אָר" האָבן געפֿירט זייער אַקטיוויטעט, יעדע איינע אויף איין שפּראַך, "תּקומה" אויף העברעיִש און "ייִק"אָר" אויף ייִדיש. יצחק קאַצענעלסאָן איז דער איינציקער שרײַבער אין וואַרשעווער געטאָ וועמענס נאָמען איז פֿאַרבונדן מיט ביידע געזעלשאַפֿטן. אַ סימן פֿאַר י.ק.'ס פֿאַרבינדונג מיט ייִדישער קולטור־אַרבעט אין געטאָ, ווי עס ווײַזט אויס אין די ראַמען פֿון ייִק"אָר, איז פֿאַראַן אין אַן איבערגעבליבענעם היסטאָרישן דאָקומענט וועגן דער קולטור־געשיכטע פֿון ייִדן אין וואַרשעווער געטאָ. יצחק קאַצענעלסאָנס נאָמען געפֿינט זיך צוזאַמען מיט די נעמען פֿון ייִק"אָר־אַקטיוויסטן און אַנדערע ייִדישע שרײַבער, ווי יוסף סמאָליאַזש, י. קירמאַן, ז. סקאַלאָוו, יהודה פֿעלד, ישׂראל שטערן, ש. גילבערט, י. לערער און נאָך, אין אַן אײַנלאַדונגס־בריוו אויף אַ בשותּפֿותדיקן אויפֿטריט פֿון די בעסטע ייִדישע שרײַבער אין געטאָ אין די ראַמען פֿון אַ מוזיקאַליש־ליטעראַרישן אָוונט, דאַטירט דעם 9טן פֿעברואַר 1941. דער אָוונט האָט געזאָלט פֿאָרקומען דעם 15טן פֿעברואַר 1941 אין זאַל פֿון "טאָז", די הילף־געזעלשאַפֿט פֿאַר מעדיצינישער שטיצע און פֿאַרטיידיקונג פֿון פֿרוי און קינד, אויף גענשע 43. דער בריוו איז אונטערגעשריבן: "די אָרגאַניזיר־קאָמיסיע". פֿון זײַן נוסח און אונטערשריפֿט איז נישט קלאָר ווער זײַנען עס די איניציאַטאָרן פֿון אַזאַ אונטערנעמונג, וועלכע האָבן אָרגאַניזירט ווי סע שטייט אין בריוו: "אַ שעה פֿאַרן ייִדישן שרײַבער

און ייִדישן קינסטלער״. מיר ברענגען דאָ דעם טעקסט פֿון אָריגינאַלן ייִדישן דאָקומענט אין אַ מאָדערניזירטן ייִדישן אויסלייג[138]:

## אַ שעה פֿאַרן ייִדישן שרײַבער און ייִדישן קינסטלער
### (אַן אייגנאַרטיקער און אָריגינעלער קאָנצערט)

חשובֿער פֿרײַנד!

מיר האָבן דעם כּבֿוד אײַך צו פֿאַרבעטן אויף אַ שעה פֿון ייִדישער מוזיק און ליטעראַטור (פּאָעזיע, נאָוועלע און עסיי). דעם נאָענטן שבת, דעם 15טן פֿעברואַר 1941, צוויי אַ זייגער מיטאָגצײַט, אין לאָקאַל פֿון "טאָז", גענשע 43.

דער קאָנצערט וועט זײַן אָריגינעל אויך דערמיט, וואָס איר וועט הערן ייִדישע מוזיק, פֿידל, פּיאַנאָ, געזאַנג, רעציטאַציע, באַלעט־טאַנץ, פּאָעזיע, נאָוועלע, עסיי – און איר וועט נישט ווערן איבערגעלאָדן מיט דער פֿילזײַטיקייט פֿון דער דאָזיקער אַרויסטרעטונג.

דרײַ מינוט צײַט פֿאַר יעדער שאַפֿונג! צוגעגרייט מיט געשמאַק, עסטעטיש, מיט אַ מאָס און טאַקט, כּדי נישט צו באַשווערן דאָס געמיט אין דער איצטיקער צײַט און אויך כּדי צו געבן אַ מעגלעכקייט אָפּצורײַסן זיך פֿון דעם אַרום און אַריבערצופֿירן די צוהערער אין אַ געמיטלעכער, היימישער אַטמאָספֿערע און שטימונג.

ווען איר וועט נאָך נעמען אין באַטראַכט, אַז מיט אײַער אָנטייל אין דער דאָזיקער קינסטלערישער אימפּרעזע וועט איר געבן אַ מעגלעכקייט דעם ייִדישן שרײַבער און קינסטלער צו פֿאַרדינען אויף אַ ווירדיקן און בכּבֿודיקן אופֿן, וועט איר געוויס באַוויליקן צו קומען און צו באַטייליקן זיך אין דער דאָזיקער אָריגינעלער אַרויסטרעטונג.

אין פּראָגראַם איז פֿאָרויסגעזען:

ייִדישע מוזיק

פֿידל עוואַ קאָזשי (ראָג) – אַבסאָלווענטין פֿון קאָנסערוואַטאָריום.

פּיאַנאָ מינאַ (מאַסלאַנסקאַ) – אַבסאָלווענטין פֿון קאָנסערוואַטאָריום.

באַלעט־טאַנץ שולאַ קאַמינסקאַ – אַבסאָלווענטין פֿון פּרושיצקאַס באַלעט.

געזאַנג אַרויסטריט פֿון ייִדישן פֿאָלקסזינגער הערשעלע שטערן.

ייִדישע ליטעראַטור

רעציטאַציע – לײַכטע און אייגנאַרטיקע ייִדישע פּאָעזיע און ליטעראַטור – רעציטירט דורכן אַרטיסט ז. שקלאַר.

פּאָעזיע – ש. גילבערט, (פּ.) ווײַלאַנד, י. לערער, יצחק קאַצענעלנסאָן.

נאָוועלע – יוסף סמאָלאַזש, י. קירמאַן, ז. סקאַלאָוו, יהודה פֿעלד.

עסיי – ישראל שטערן, י. בערנשטיין, נ. שטערנבערג, רחל אויערבאַך.

פֿאָרוואָרט – ד"ר יצחק לייפּונער.

דער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט

וואַרשע, דעם 9 פֿעברואַר 1941

דער דאָזיקער בריוו דינט אַנשטאָט אַן אײַנטריט־בילעט.
אויסצוטוישן בײַ דער קאַסע אין טאָג פֿון קאָנצערט.

פֿון דער אַנגעגעבענער הערה אין קלאַמערן, וועגן דעם אַז דער קאָנצערט איז אַ יחיד־במינו און אַן אָריגינעלער, לערנען מיר אַז דאָ ווערט גערעדט וועגן אַן ערשטער נישט געוויינלעכער איניציאַטיוו וואָס האָט אין קולטור־לעבן פֿון געטאָ ביז דאַן, נישט געהאַט איר גלײַכן. פֿון אָנגעגעבענעם אָרט פֿאַרן מוזיק־ און וואָרט־קאָנצערט, פֿון דער רשימה פֿון די אָנטייל־נעמער, און פֿון נאָמען פֿון איינציקן רעדנער, אַ בכּבֿודיקער באַקאַנטער דאָקטער אין דעם קרײַז פֿון ייִדישע שרײַבער, לערנען מיר אַרויס – אַז דער קאָנצערט איז אַן ערשטער פּרווו אין ייִדישן קולטור־לעבן אין געטאָ אויפֿצושטעלן אַ ברייטן קולטור־פֿראָנט פֿון שרײַבער און קינסטלער מיט פֿאַרשיידענע אידעאָלאָגישע און גײַסטיקע אָריענטאַציעס. ווי עס שטייט געשריבן אין דער אײַנלאַדונג, איז איינע פֿון די וויכטיקע צילן פֿון קאָנצערט – אַרויסצוהעלפֿן נויט־באַדערפֿטיקע שרײַבער און קינסטלער.[139]

וועגן דער אידענטיטעט פֿון די אָרגאַניזאַטאָרן, זײַנען מיר זיך משער אַז דער אָרט פֿאַרן צוזאַמענטרעף – "טאָז" – ווײַזט אָן אויף דעם אַז דאָ האַנדלט זיך עס אין אַן אָנשטרענג צו שטאַרקן די קולטור־אַרבעט אויף ייִדיש אין יענע גרופּירונג, וואָס מען האָט אין געטאָ באַצייכנט ווי די זעלבשטהילף, און אַז אין דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע איז געווען איינע פֿון אירע דרײַ צענטראַלע אָרגאַניזאַציעס. און עס האַנדלט זיך וועגן אַ צוזאַמענטרעף אין וועמענס צענטער עס שטייט די ייִדישע ליטעראַטור און אירע געטאָ־שרײַבער. איז עס אַ סבֿרה טאַקע אַז דער איניציאַטאָר פֿון מוזיק־ און וואָרט־קאָנצערט איז ייִק"אָר, די ייִדישע קולטור־אָרגאַניזאַציע בראש מיטן אַקטיוויסט פֿאַר ייִדישער קולטור אין געטאָ – מנחם לינדער. איבערהויפּט דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן, אַז דער חודש פֿעברואַר 1941 איז אַ דאַטע פֿון דעצידירנדיקער וויכטיקייט פֿאַר ייִק"אָר. נאָך דעם ווי ייִק"אָר, מיט מנחם לינדערן בראש, האָט במשך פֿון אירע ערשטע צוויי מאָנאַטן עקזיסטענץ פֿונקציאָנירט ווי אַ קאָמיסיע פֿאַר דער פֿאַרשפּרייטונג פֿון דער ייִדישער שפּראַך אין געטאָ, האָט די ייִדישע קולטור־אָרגאַניזאַציע אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אַ פֿאַרצווײַגטע טעטיקייט ווי אַ געזעלשאַפֿט פֿאַר ייִדישער קולטור, אַקוראַט אין חודש פֿעברואַר 1941.[140]

עס איז נישט באַוווּסט צי דער מוזיק־ און וואָרט־קאָנצערט איז ענדלעך פֿאָרגעקומען דעם 15 פֿעברואַר 1941. קיין ידיעות זײַנען וועגן דעם נישט פֿאַראַן. נאָך מער, ס'איז אַ ספֿק צי דער קאָנצערט איז ווען עס איז פֿאָרגעקומען. אין עמנואל רינגעלבלומס רשימות ווערט ער ניט דערמאָנט. ס'איז אָבער שווער פֿאָרצושטעלן זיך אַז אַזאַ געשעעניש ווען זי וואָלט געהאַט געווען אין געטאָ, זאָל בײַ אים אין גאַנצן נישט דערמאָנט ווערן. לויט רחל אויערבאַכן, וועלכע האָט געזאָלט נעמען אַן אָנטייל אין דעם קאָנצערט מיט אַן עסיי – איז זי אויף אַזאַ קאָנצערט נישט אויפֿגעטראָטן. זי דערמאָנט אים אויך נישט אין איר בוך "וואַרשעווער צוואות" וואָס איז געווידמעט די אומגעקומענע שרײַבער און דער ליטעראַטור פֿון וואַרשעווער געטאָ.[141]

אויף יעדן פֿאַל, אַפֿילו ווען דער קאָנצערט איז טאַקע נישט פֿאָרגעקומען, קען מען אָפּלערנען פֿון געדאַנק אַליין און פֿון דער שפּראַך און סטיל פֿון דער אײַנלאַדונג, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן ווי עס זעט אויס, מיט די באַקאַנטע טענדענצן פֿון ייִק"אָר און דעם סטיל פֿון מנחם לינדער: פֿון איין זײַט, דערלײַכטערן דעם געפֿיל פֿון דערשלאָגנקייט דורך אַרויספֿירן די געטאָ־מענטשן צו דער וועלט פֿון קונסט און ליטעראַטור און פֿון דער צווייטער זײַט, פּרוּוון אַרויסהעלפֿן נויט־באַדערפֿטיקע שרײַבער און קינסטלער. אייניקע פֿון די שרײַבער וועמענס נעמען ווערן דערמאָנט ווי אָנטייל־נעמער אין דעם פּראָגראַם פֿון קאָנצערט, האָבן אין יענער צײַט ביטער געליטן פֿון הונגער, אייניקע זײַנען געשטאָרבן אַ קורצע צײַט שפּעטער. דאָס זײַנען געווען צווישן אַנדערע: שלמה גילבערט, פּ. ווײַלאַנד, ישׂראל שטערן, נ. שטערנבערג, הערשעלע שטערן.[142] ס'איז דערפֿאַר נישט אויסגעשלאָסן אַז יצחק קאַצענעלסאָן האָט מיט זײַן אָנטייל נעמען אין אַזאַ קאָנצערט נישט נאָר געמיינט צו פֿאַרשפּרייטן ייִדישע קולטור אין געטאָ, נאָר טאַקע טאָן עפּעס כּדי אַרויסצוהעלפֿן די הונגעריקע

נויט־באַדערפֿטיקע שרײַבער. ער אַליין האָט אין יענער צײַט נישט געליטן אַזוי שווער ווי זײַנע קאָלעגן, זײַן פֿרוי האָט געאַרבעט אין אַ קינדער־קיך און ער אַליין איז געווען אַ לערער אין פּריוואַטע היימען, למשל בײַ גוזשיקן, איינער פֿון די דזשוינט־דירעקטאָרן.[143]

מיט דער צײַט איז ייִק״אָרס טעטיקייט געוועזן געבויט נישט אַזוי פֿיל אויף דער אָרגאַניזירונג פֿון גרויסע פֿאַרזאַמלונגען מיט אַ גרויסן פּובליקום, נאָר דער עיקר אויף אַרבעט אין שוין עקזיסטירנדיקע געזעלשאַפֿטלעכע ראַמען – דורכן אַרײַנדרינגען, מיט דער הילף פֿון דער ייִדישער סאָציאַלער אַליינהילף, אין אַלע געביטן און קעמערלעך פֿון ייִדישן געטאָ־לעבן – אין הויז־קאָמיטעטן, אין די קיכן, יוגנט־גרופּן אד״גל. יצחק קאַצענעלסאָן איז אין די אַלע געביטן שוין ממילא געווען טעטיק, אין די ראַמען פֿון דער דרור־החלוץ־טעטיקייט און דורך אַנדערע אויבן דערמאָנטע מינים אונטערנעמונגען. מיטן אָנקומענדיקן גירוש האָט אויך צו דעם אַלעמען גענומען אַ סוף.

## פֿון דער גירוש־צײַט ביזן גרויסן אויפֿשטאַנד

אין דער זעקסטער תּקופֿה פֿון זײַן לעבן און שאַפֿן אין געטאָ – פֿון 22טן יולי ביזן 12טן סעפּטעמבער 1942 – אין דער צײַט פֿון גירוש, האָט י.ק. טאַקע גאָרניט געשריבן. דאָס איז אָבער די צײַט וואָס האָט איבערגעלאָזט צום שטאַרקסטן איר שטעמפּל אין זײַן ווײַטערדיקן לעבן און שאַפֿן. יצחק קאַצענעלסאָנס שאַפֿן נאָכן גירוש, פֿאַרוואַנדלט זיך אין אַ קינסטלערישן רעאַגירן צו דער מאַכטלאָזיקייט און אומבאַהאָלפֿנקייט פֿון הונדערטער טויזנטער ייִדן אין וואַרשע במשך פֿון די שווערע מאָנאַטן פֿאַרן גירוש און בעת זיי זײַנען טאָג־טעגלעך פֿאַרשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע. שוין פֿאַרן גירוש, און אַוודאי בעתן גירוש, זײַנען דער פּערזענלעכער גורל פֿון י.ק. און דער גורל פֿון ייִדישן פֿאָלק געוואָרן איינס אין זײַן שאַפֿן. ער האָט זיך אידענטיפֿיצירט מיט די הונדערטער טויזנטער דערמאָרדעטע וואַרשעווער ייִדן און די מיליאָנען פֿאַרניכטעטע אין גאַנץ מזרח־אייראָפּע, ביז ער האָט געהאַט דעם געפֿיל אַז ער וועט אַ לענגערע צײַט נישט קענען ווײַטער לעבן מיט דער זיכערקייט פֿון זײַן פֿאָלקס טויט און דעם וויסן וועגן מאָרד פֿון זײַן משפּחה.

יצחק קאַצענעלסאָן האָט איבערגעלעבט די זיבן וואָכן פֿון גירוש אין יולי, אויגוסט און סעפּטעמבער באַטראַכטנדיק זיך נאָך פֿון אַ סך פֿריִער, ווי אַ לעבעדיקער וואָס איז טויט; נאָך פֿאַרן גירוש איז ער אַרומגעגאַנגען, ווי ער אַליין דערציילט, פֿאַרהילט אין טרויער נאָך די געטויטע, – אין אַ טרויער ביזן סוף פֿון זײַנע יאָרן – ווי ער אַליין דריקט זיך אויס.[144] פֿון די גירוש־טעג איז ער אַרויס אַן אַנדער מענטש, אַ מענטש אויפֿן שוועל פֿון משוגעת – אַ טויטער וואָס לעבט. אויב דעם טויט פֿון מענטשן אין געטאָ, פֿון קעלט, קראַנקהייטן און הונגער, האָט י.ק. איבערגעלעבט ווי "אַ טויט פֿון אַנדערע מענטשן" געפֿינענדיק אין זיך גענוג כּוח צו טרויערן נאָך זייער טויט, האָט ער אָבער – בעת זײַן פֿרוי און צוויי פֿון זײַנע זין זײַנען פֿאַרטריבן געוואָרן צום טויט צוזאַמען מיט נאָך 250,000 ייִדן, דערפֿילט אין זייער אומקום זײַן אייגענעם טויט. דער טרויער זײַנער נאָך די געשטאָרבענע אין געטאָ, פֿון פֿאַרן גירוש, וואָס באַטאָנט אויף אַ פּאַראַדאָקסאַלן אופֿן דעם יסוד פֿון לעביקייט וואָס האָט נאָך אין אים געשלאָגן דאַן פֿאַרן גירוש, אָט דער טרויער האָט אָפּגעטראָטן אין זײַן האַרץ דעם אָרט פֿאַר אַ געפֿיל פֿון צעפֿאַלונג פֿון יעדן זין פֿאַרן לעבן. אין זײַנע פֿוסטריט קומט די פֿאַרשטומעניש און י.ק. שרײַבט מער נישט, במשך פֿון אַ לענגערער תּקופֿה.

פֿון 11טן יולי און ביזן 8טן אָקטאָבער 1942 האָט י.ק., ווי עס זעט אויס, גאָרניט געשריבן. אָנהייב אָקטאָבער 1942 שרײַבט ער אַ לירישע פּאָעמע וועגן טויט פֿון זײַן פֿרוי און זײַנע צוויי זין: "דער טאָג פֿון מײַן גרויסן אומגליק", און ערשט אין מיטן נאָוועמבער 1942 – פֿיר מאָנאַטן נאָך דעם ווי ער האָט אָנגעהויבן שרײַבן "דאָס ליד וועגן ראַדזינער" – זעצט ער פֿאָר און פֿאַרענדיקט שרײַבן די פּאָעמע וועלכע ער האָט אָנגעהויבן אַ קורצע צײַט פֿאַרן גירוש. אין דעם טיטל פֿון דער פּאָעמע וועגן זײַן ווײַב און זײַנע צוויי זין, געפֿינען מיר אַן עדותשאַפֿט פֿאַרן געפֿיל פֿון צעפֿאַלונג פֿון יעדן זין פֿאַרן לעבן: דער פּירוש פֿון וואָרט "אומגליק", אין דעם טיטל פֿון דער פּאָעמע, איז נישט פֿאַרבונדן מיט אַ זין פֿון צער און טרויער איבערן טויט פֿון זײַן ווײַב און קינדער, דער ריכטיקער טײַטש פֿון וואָרט איז פֿאַרבונדן מיטן ווילן אויסצודריקן אַז זײַן אייגן לעבן בלײַבן נאָכן טויט פֿון זײַן משפּחה – דאָס איז דער אומגליק. דאָס דערקלערט אַזוי י.ק. אַליין אין "דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק", זאָגנדיק: "מײַן חנהן האָט מען צוגענומען אין איינעם מיט אונדזערע צוויי זין!/ מײַן חנה ווייס, מיט איר צוזאַמען האָט מען זיי פֿאַרשלעפּט – / זי ווייס נאָר ניט ווו צבֿי איז זי ווייס פֿון מיר ניט ווו איך בין./ זי ווייס ניט פֿון מײַן אומגליק, זי ווייס ניט אַז איך לעב..." (דאָרט, ז' 61).

אין הינטערגרונט פֿון דער פֿאַרשטומעניש געפֿינט זיך, אין די טיפֿעניש פֿון י.ק׳ס איבערלעבונגען בעתן

גירוש, דער מילאַ־טאָג – דער פֿינפֿטער אויפֿן זעקסטן סעפּטעמבער 1942 – דער ערשטער טאָג מיט וועלכן ס'האָט זיך אָנגעפֿאַנגען די לעצטע וואָך פֿון אָרגאַניזירטן גרויסן גירוש. אין דער וואָך האָבן די איבערגעבליבענע ייִדן אין וואַרשע זיך געמוזט צושטעלן צו אַ סעלעקציע, אויך י.ק. און זײַן זון צווישן זיי. די סעלעקציע האָט דורכגעפֿירט די געסטאַפּאָ צוזאַמען מיט די בעלי־בתּים פֿון די וואַרשטאַטן, 47,791 ייִדן זײַנען פֿאַרשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע און 3,047 זײַנען דערשאָסן געוואָרן אין די גאַסן.[145] דעם 14טן אויגוסט 1942 זײַנען י.ק׳ס פֿרוי און צוויי זין פֿאַרטריבן געוואָרן פֿון וואַרשע.[146]

אין ״פּנקס ויטל״ באַשרײַבט י.ק. מיט דער גרעסטער קלאָרקייט דעם שינוי וואָס איז אין אים פֿאָרגעקומען בעת זײַן אוממיטלבאַרער טרעפֿונג מיטן טויט, פֿאַר און נאָך די וואָכן פֿון גרויסן גירוש. זײַנע ווערטער וואַרפֿן אַרויף אַ שטאַרקע ליכט אויף דער טיפֿער דערשיטערונג וועלכע האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין דעם גײַסטיקן קאָנטעקסט פֿון וועלכן עס וואַקסט אַרויס אַלץ וואָס י.ק. האָט געשריבן נאָכן גירוש. ער שרײַבט: ״ביזן אָנקומען פֿון די ערשטע בלאָקאַדע־טעג [ווען] די אײַנוווינער פֿון די געטאָ־הײַזער זײַנען געוואָרן באַלאַגערט – האָב איך געגלייבט: אָט דער טרויער [נאָך די געשטאָרבענע] וועט מיך באַגלייטן ביזן קבֿר. און אָט זײַנען געקומען די טעג פֿון באַלאַגערונג און פֿאַרכאַפּן צום טויט פֿון די נידעריקסטע פֿון די פֿעלקער. יאָ, עס זײַנען אָנגעקומען די טעג ווען מײַן גאַנץ פֿאָלק ווערט געפֿירט צו דער הריגה. און נאָך אַ תּקופֿה פֿון צוויי מאָנאַטן באַלאַגערונג צו ערשט, איז ער אָנגעקומען, דער פֿינפֿטער טאָג אין חודש סעפּטעמבער, דער מילאַ־טאָג, ער איז אָנגעקומען און ס'איז נישט געוואָרן, דער טרויער איז נישט געוואָרן! און דער גאָרנישט, יענער גאָרנישט, יענער הבֿל־הבֿלים פֿאַר וועלכן כ'האָב זיך געשראָקן האָט אויף מיר געשוועבט, געשוועבט אויף מיר... עס האָט אויף מיר געשוועבט אַ הבֿל־הבֿלים אָן אַן אָנהייב און אָן אַן ענד...״ (דאָרט, זז׳ 198־199).

עס דאַרף אָנגעוויזן ווערן אַז ״פּנקס ויטל״ איז נישט קיין געוויינלעכער דאָקומענט, אין אַ סך הינזיכטן. דאָס איז נישט קיין טאָגבוך, דאָס זײַנען נישט קיין זכרונות – דאָס איז אַן אָנשטרענג פֿון מחבר, פֿון דאָס נײַ אויפֿצולעבן דאָס וואָס ער האָט אין געטאָ איבערגעלעבט. דער פּרווו זיך צו באַציִען, אַ יאָר שפּעטער, צו אָט דער פֿאַרגאַנגענהייט ווי זי וואָלט געווען אַ קעגנוואַרט און ווי זי וואָלט אַקוראַט געשטאַנען פֿאַר די אויגן בעתן שרײַבן – דאָס איז איינער פֿון די סטיליסטישע יסודות פֿון ״פּנקס ויטל״; פֿון דאַנען קוואַלט אַרויס אויך זײַן גרויסער היסטאָרישער ווערט: דאָס וואָס אין דער זעקסטער תּקופֿה איז פֿאַרשוויגן געוואָרן, ווערט אויפֿגעלעבט טיילווײַז, אין ״פּנקס ויטל״. יצחק קאַצענעלסאָן רעדט דאָ וועגן דער נאָענטער פֿאַרגאַנגענהייט ווי זי וואָלט נאָך געווען אַן איצטיקייט, דערפֿאַר האָט דער וויטעל־פּנקס אַ באַזונדערע וויכטיקייט בײַם באַטראַכטן י.ק׳ס געפֿילן און געדאַנקען אין וואַרשעווער געטאָ אויך בעתן גירוש. ס'איז קיין ספֿק נישט אַז דער סטיל בײַם שרײַבן דעם וויטעל־פּנקס איז אַ רעזולטאַט פֿון אַ גײַסטיקער באַדערפֿעניש איבערצוגעבן פּינקטלעך, אויף וויפֿל ס'איז מעגלעך, די איבערלעבונגען אין יענער צײַט, בעת זייער ווערן.

בעתן גרויסן גירוש האָט י.ק., ווי אַלע ייִדן אין וואַרשע, געלעבט אין אַ פּערמאַנענטער סכּנה. ווען דער גירוש האָט זיך אָנגעפֿאַנגען האָבן זײַנע ״החלוץ״־פֿרײַנד גלײַך געשאַפֿן פֿאַר אים פֿאַלשע אַרבעטס־דאָקומענטן, אַלס אַן אַרבעטער אין שאָפּ פֿון דײַטשן פֿאַבריקאַנט האַלמאַן. מיט אַ צײַט שפּעטער איז אים געלונגען אָנגענומען צו ווערן ווי אַן אַרבעטער בײַם דײַטשן פֿאַבריקאַנט פֿריץ שולץ. אַ וואָך נאָכן אָנפֿאַנג פֿון גירוש, דעם 30טן יולי/1טן אויגוסט, זײַנען פֿאַרטריבן געוואָרן די ייִדן פֿון די גאַסן נאָוואָליפּיע, נאָוואָליפּקי און שׂכנישע גאַסן,[147] י.ק. האָט געמוזט פֿאַרלאָזן זײַן דירה און איז ווי אַן אַרבעטער אַריבער וווינען אין די וווינונגען פֿון שולצעס שאָפּ מיט אַלע אַנדערע אַרבעטער, אויף נאָוואָליפּיע 80.[148]

אין יענע ערשטע גירוש־טעג, ווען יעדער איינער איז געווען פֿאַרטאָן מיטן אייגענעם גורל און דעם גורל

פֿון די נאָענטסטע, האָט יצחק קאַצענעלסאָן אינטערוועניִרט בײַם ממלא־מקום פֿון טשערניאַקאָוון, לטובֿת זײַנע קאָלעגן שרײַבער, לערער און קינסטלער – זוכנדיק צו פֿאַרזיכערן זיי זאָלן פֿון וואַרשע נישט פֿאַרטריבן ווערן. אויף ווי פֿיל עס האָט געשטעקט אין דעם אַ דראַנג צו ראַטעווען חבֿרים און באַקאַנטע, מער ווי וועלכע עס איז אַנדערע אויסרעכענונגען, זאָגט עדות דאָס וואָס י.ק. אַליין דערציילט וועגן דעם אין פּנקס ויטל: "...איך מיטן זשורנאַליסט כילינאָוויטש, דאַכט זיך, צי מיט גאַוווזען איינעם פֿון די "הײַנט"־רעדאַקטאָרן, האָבן מיר געוואָלט רעדן מיט וויעליקאָווסקין, טשערניאַקאָווס געהילף אין דער קהילה, וועגן די שרײַבער און זשורנאַליסטן, די לערער, די מאָלער און די ייִדישע מוזיקער, זיי פֿאַרהיטן פֿון בייז, ברענגען זיי צו אַ זיכערן אָרט... וויעליקאָווסקי האָט געענטפֿערט... נאָר פֿאַר צוויי דריי שרײַבער פֿון [גרויס] ווערט, האָט ער מיר געזאָגט, קענען מיר טאָן [עפּעס]... מיר האָבן אים פֿאַרלאָזן מיט אַ קאַלטן זײַ־געזונט... ס'הייסט: דרײַ פֿון אונדז, נאָר צוויי, דרײַ... מיר זאָלן אים געבן אַ ליסטע, וועמען קלײַבן מיר אויס צום לעבן... און די אַנדערע, די אַנדערע – צום טויט זאָלן זיי אָפּגעטיילט ווערן..." (דאָרט, ז' 181).

דער מילאַ־טאָג און דאָס וואָס איז געשען אין יענער לעצטער גירוש־וואָך, דאָס איז די גרענעץ ביז צו וועלכער עס דערגייט י.ק'ס ליטעראַרישע רעאַקציע. ווײַטער, האָט י.ק. נישט באַוויזן צו פֿיל צו באַשרײַבן און צו דעם דירעקט זיך צו באַציִען אין זײַן ווײַטערדיקן שאַפֿן – אַפֿילו ווען דאָס איז די גאַנצע צײַט געבליבן זײַן ציל, וועלכן ער האָט זיך אַלץ געפּלײַסט צו דערגרייכן. אין אַלע זײַנע שריפֿטן פֿון וואַרשעווער געטאָ, נאָכן גירוש, באַרירט ער נישט די מילאַ־טעג, און אַפֿילו אין זײַנע שריפֿטן פֿון וויטעל אין די יאָרן 1943־1944 באַשרײַבט ער כּמעט ווי נישט די געשעענישן פֿון וועלכע ער איז געווען אַ דירעקטער עדות. דער וויטעל פּנקס ענדיקט זיך, כראָנאָלאָגיש, מיט די געשעענישן ערבֿ דעם מילאַ־טאָג, און אין "דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק" מײַדט י.ק. כּמעט אין גאַנצן אויס אַ צו דירעקטע באַשרײַבונג פֿון ־עם וואָס ער האָט דאַן צוגעזען. דער פּרק "די מילאַ־גאַס" פֿאַרענדיקט זיך מיט די ווערטער: "איך האָב געזען – אָ, לאָזט מיך, פֿרעגט מיך נישט, ניט פֿרעגט מיך – וואָס? ניט ווען? ניט פֿרעגט מיך ווו?/ איך האָב באַשווירן אײַך: ניט פֿאָרשן גאָרנישט און נישט הערן קיין מאָל פֿון די מילאַ־גאַס".[149]

פֿון אַלץ וואָס י.ק. דערציילט און שרײַבט אין "פּנקס ויטל" וועגן זײַנע וואַרשעווער געטאָ־יאָרן, ווערט מער פֿאַר אַלץ באַשריבן דער פֿערטער סעפּטעמבער ערבֿ דעם מילאַ־טאָג.[150] די אומגעוויינלעכע גרויסע צאָל פּרטים וועגן די געשעענישן פֿון דעם טאָג, וועמענס גלײַכן מיר געפֿינען מער נישט אין אַלע אַנדערע טיילן פֿון "פּנקס ויטל", האָט אַ גרויסע וויכטיקייט פֿאַר זיך ווײַל דאָרט ווערט ברייט דערציילט וועגן איין טאָג אין י.ק'ס לעבן אין וואַרשעווער געטאָ. עס דאַכט זיך אָבער אַז די סיבה צוליב וועלכער י.ק. איז אַרויס דאָ פֿון די אָנגענומענע ראַמען פֿון זײַנע באַשרײַבונגען אין אַלע אַנדערע טיילן פֿון פּנקס, האָט ווייניקער וואָס צו טאָן מיט דער וויכטיקייט פֿון די געשעענישן במשך פֿון 4טן סעפּטעמבער און מער דווקא מיטן פֿאַקט וואָס דער מילאַ־טאָג איז פֿאַר אים געבליבן ביזן לעצטן טאָג פֿון זײַן לעבן – אַן אומבאַשרײַבלעכע געשעעניש, אַ באַריערע פֿון פֿאַרשטומעניש וואָס איז גלײַכצײַטיק אויך די גרענעץ צווישן קלאָרקייט און משוגעת. וועגן דעם רעדט י.ק. בפֿירושע ווערטער, דעם 20טן אויגוסט 1943: "...מיר זענען אין אַ פֿרימאָרגן געפֿירט געוואָרן אויף מילאַ... אויפֿן ראָג מילאַ־זאַמענהאָף האָט מען אונדז צעשיידט. די צום טויט און יענע, נאָך אַ פּאָר טעג צי וואָכן צום לעבן... דאָס וואָס איך האָב געזען אין דעם מילאַ־טאָג וועל איך נישט דערציילן... איך האָב מורא אַז כ'וועל משוגע ווערן. דאָס וואָס כ'האָב געזען האָב איך אין מיר נאָך אַ מאָל נישט אַרויסגערופֿן שוין באַלד אַ יאָר צײַט. דאָס איז דאָך טיף פֿאַרגראָבן אין האַרצן, פֿאַרבאָרגן פֿון מײַנע אייגענע אויגן, דאָס איז [דאָרט] באַגראָבן צוזאַמען מיט מײַן שגעון. איך וועל עס [ניט] צוריק אַרויפֿברענגען. טאָמער וועק איך אויף דעם בינטל וואָס איז טיף אין מיר באַגראָבן וועט אויך דער משוגעת זיך אויפֿלויפֿן, ער וועט מײַן מוח

פֿאַרטונקלען און דערשלאָגן מײַן האַרץ..."[151] די שטומעניש בעת עס קומט צו באַשרײַבן די מילאַ־געשעענישן, דערמאָנט דאָרט י.ק. אַ פּאָר מאָל, למשל – אין אַ געשפּרעך פֿון זײַן פֿאַנטאַזיע מיט זײַן דערמאָרדעטער פֿרוי און זײַנע צוויי פֿאַרשלעפּטע זין צום טויט, זאָגט ער: "איך וועל אײַך דערציילן די גרוילן פֿון פֿינפֿטן סעפּטעמבער שנת תש"ב, אויף דער מילאַ גאַס... די מילאַ גאַס! מילאַ – ווו עס זענען צו הויפֿנס, צונויפֿגעפּרעסט געוואָרן די רעשטלעך פֿון די וואַרשעווער ייִדן, איבער הונדערט טויזנט... איך וועל אײַך דערציילן וועגן דער מילאַ גאַס, און אויב איך וועל אײַך ניט דערציילן אַפֿילו קיין פּיצל שמץ נישט פֿון אָט דער מילאַ גאַס [וועט עס זײַן] נישט ווײַל כ'האָב נישט געוואָלט, נאָר ווײַל כ'האָב נישט געקענט" (דאָרט, ז' 195).

אונדזער השערה איז, אַז די אויסדרוק־קראַפֿט און דער כּוח פֿון י.ק.'ס ווייגעשריי אין זײַנע שריפֿטן פֿון נאָכן 12טן סעפּטעמבער 1942, וואָרצלט דווקא אין זײַנע פּערזענלעכע איבערלעבונגען און גרויזעמע גרוילן אין דער לעצטער גירוש־וואָך. אין זײַנע שריפֿטן רעאַגירט ער אָבער דירעקט נישט. דעם וויטעל־פּנקס פֿאַרענדיקט ער שרײַבן דעם 16טן סעפּטעמבער 1943, זעקס און אַ האַלב מאָנאַטן איידער ער איז דערמאָרדעט געוואָרן – מיט די ווערטער: "און איך אָבער האָב דאָ, נישט דעם אָנהייב פֿון אונדזער סוף געוואָלט דערציילן, נאָר דעם סוף פֿון אָנהייב (די ענד פֿון בלוטיקן זומער פֿון יאָר 1942, וועגן פֿאַרשניטענעם לעבן פֿון פֿיר הונדערט טויזנט ייִדן, פֿיר הונדערט טויזנט וואַרשעווער ייִדן וואָס זענען ביזן לעצטן פֿאַרטיליקט געוואָרן ביזן סוף פֿון יענעם זומער, כ'האָב געוואָלט דערציילן וועגן מילאַ־טאָג, ווײ מיר!" (דאָרט, ז' 204). לויט די ווערטער, איז דער גאַנצער וויטעל־פּנקס מאָטיווירט פֿון דעם דראַנג צו באַשרײַבן די מילאַ־טעג. יצחק קאַצענעלסאָן איז אָבער צו דעם נישט דערגאַנגען, נישט אין "פּנקס ויטל" און אויך כּמעט נישט אין "דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק" וואָס איז געשריבן געוואָרן שפּעטער.

יצחק קאַצענעלסאָנס אַרויסזאָגן וועגן מילאַ־טאָג און דאָס אָרט וואָס די באַשרײַבונג פֿון דער לעצטער גירוש־וואָך פֿאַרנעמט אין "פּנקס ויטל" און אין "דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק", זײַנען אַ באַווײַז אַז דער אויסלאָז פֿון אַ דירעקטער און פֿולער רעאַקציע צום מילאַ־טאָג – איז אַ פֿאַרטיידיקונגס־מיטל וואָס דערמעגלעכט אים איבערצולאָזן אומגעריררט אין די טיפֿענישן פֿון זײַן נשמה צעעפֿנטע אָפּגרונטן וועלכע זײַנען אויפֿגעקומען אין אים בעת ער, צוזאַמען מיט זײַן זון צבֿי און דאָס רעשטל וואַרשעווער געטאָ־ייִדן – זײַנען אַוועקגעשטעלט געוואָרן במשך פֿון אַ וואָך אויג אויף אויג מיט אַ טויט, אַן אויסגעטראַכטן דורך די דײַטשן. די טויט־עינויים דורך וועלכע זיי זײַנען דאַן אַדורך זײַנען פֿאַר זיי מן־הסתּם געווען אַ סך שווערער פֿון טויט אַליין, ווײַל זײַענדיק אַלע צוזאַמען אין איין און דעם זעלבן מצבֿ האָט יעדער איינער איבערגעלעבט טאָג־טעגלעך זײַן אייגענעם טויט בשעת אַנדערע זײַנען געוואָרן דערמאָרדעט, צי פֿאַרשיקט קיין טרעבלינקע. יצחק קאַצענעלסאָנס מורא פֿאַרן משוגעת איז פּאַראַדאָקסאַל אַ סימן מובהק פֿאַר זײַן קלאָרקייט. זײַן אָפּהאַלטן זיך פֿון אַ ברייטערער באַשרײַבונג פֿון די טעג אויף מילאַ פֿאַרוואַנדלט זיך אַזוי אַרום פֿאַר אים אין אַ רעטונג. אין דעם ליכט קען די שטומעניש און די פֿאַרשטומטקייט אין זײַן שאַפֿן באַטראַכט ווערן ווי אַ נויטיקע סטאַדיע בעת זײַן אויפֿבויען אַ קלאָרע באַזינטע רעאַקציע אין זײַנע לעצטע וואַרשעווער ווערק, צו אַווירקלעכקייט וואָס איז אַליין נישט צו באַזינען.

דער סוגעסטיווער כּוח פֿון י.ק.'ס ווייגעשריי און זײַן אַבסאָרבירנדער אינטערעס ווײַטער און אָבער צו באַשרײַבן ייִדישע גײַסטיקע גבֿורה, במשך פֿון לעצטן יאָר זײַנעם אין וואַרשע און אין וויטעל – זײַנען נישט אַנדערש ווי אַ פּרוּוו פֿון דאָס נײַ צו פֿאָרמולירן און צוריק אויפֿשטעלן פֿון צווישן די חורבֿות פֿון זײַן צעשטערטער געדאַנקען־ און געפֿילן־וועלט, אַ זין און אַ ברייטערן באַטײַט פֿאַרן צוועקלאָזן טויט פֿון זײַן פֿאָלק, נישט געקוקט אויף דעם חורבן און אויס אַן אָנשטרענג צו באַגרײַפֿן אַ מעגלעכקייט פֿון אַן

עקזיסטירנדיקער צוקונפֿט פֿאַר ייִדן און ייִדישקייט אויף וווּטער.[152] נאָר אַזוי האָט י.ק. גערעטעוועט זײַן באַדראָטן גײַסטיקן גלײַכגעוויכט: אַנשטאָט צו באַריידן און באַשרײַבן די פּרטים פֿון איבערגעלעבטן גרויל, און נישט געקוקט אויף דעם, האָט ער אין זײַנע ווערק געשטאַלטיקט אַן אינטעלעקטועלן גוואַלדיקן אָנשטרענג צו באַזינגען דאָס כּלומרשט זינלאָזע.[153] יצחק קאַצענעלסאָן האָט מיט מוט זיך פֿאַרמאָסטן אינערלעך מיטן פֿאַקט פֿון זײַן פֿאָלקס פֿאַרניכטונג, שטעלנדיק זיך אַנטשלאָסן אַנטקעגן דעם פּלאַנירטן מאַסנמאָרד – מיטן כּוח פֿון זײַן ליד, מיט דער האָפֿענונג אַז אָט דער כּוח פֿון פּאָעזיע, פֿון שאַפֿערישקייט און פֿון גײַסטיקן אויסדויער וועט פֿאַר דער צוקונפֿט בלײַבן ווי אַ שטענדיקער אָפּפֿרעג פֿאַרן נאַצישן אָרגאַניזירטן פּרווו אָפּצווישן יעדן זכר פֿון ייִדן און ייִדישקייט. י.ק׳ס שאַפֿן פֿון די לעצטע צוויי יאָר אין זײַן לעבן זאָגט עדות וועגן דעם אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים. אַן אַנאַליז פֿון י.ק׳ס ליטעראַרישע דערגרייכונגען אין דער צײַט, און פֿון היסטאָרישן באַטײַט פֿון זײַנע לעצטע כּתבים געשאַפֿן צווישן 1942 און 1944, איז עס בכּוח צו באַווײַזן.

ווי געזאָגט, זייער ווייניק איז באַוווּסט וועגן י.ק׳ס לעבן בעתן גירוש. די פֿאַלשע אַרבעטס־פּאַפּירן זײַנען פֿאַר אים צוגעגרייט געוואָרן פֿון זײַנע ״החלוץ״־פֿרײַנד, ווײַל מיטן אָנפֿאַנג פֿון גירוש איז י.ק׳ס לעבן און דער גורל פֿון זײַן גאַנצער משפּחה געוואָרן ביז גאָר אומזיכער – י.ק. איז ביז דאַן נישט געווען באַשעפֿטיקט אין קיין שום וואַרשטאַט אין געטאָ. זײַענדיק שפּעטער שוין אַ לעגאַלער אַרבעטער בײַם דײַטשן פֿאַבריקאַנט פֿריץ שולץ, האָט י.ק. פֿאָרגעזעצט דאָרט צו אַרבעטן אויך נאָכן 12טן סעפּטעמבער 1942, צווישן ערשטן גירוש און דעם צווייטן (אין יאַנואַר 1943).[154]

וועגן די ערשטע גירוש־טעג באַשרײַבט י.ק. אין אַלגעמיין די אָנגעלאָדענע וועגענער מיט קינדער און דערוואַקסענע – אין ״דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק״; דאָרט דערציילט ער וואָס זײַנע אויגן האָבן געזען, ער היט זיך אָבער צו פֿיל נישט צו דערמאָנען קיין פּרטים.[155] פּרטים דערציילט, למשל, יצחק צוקערמאַן וואָס האָט גראָד די זעלבע בילדער געזען, אין איין צײַט מיט יצחק קאַצענעלסאָנען בעתן אָנפֿאַנג פֿון גירוש: ״כ׳האָב געאײַלט צו י.ק. ... אויף דער נאָוואָליפּקי גאַס האָט זיך פֿאַר מיר אַנטפּלעקט אַ שרעקלעך בילד: אין אַ וואָגן מיט אײַנגעשפּאַנטע פֿערד פֿירט מען אַרײַן ייִדן כּדי זיי צו ברענגען קיין טרעבלינקע. אָט איז אַ יונגע פֿרוי, אויף איר האַנט אַן עופֿעלע, און די נאַציס שלאָגן זי, שלעפּן זי פֿאַר די האָר, און זי רירט זיך נישט, קעמפֿט ווי אַ לייביכע. נאָר איין פּאָליציאַנט האָט זיך געגעבן אַן עצה, ער האָט באַפֿוילן אָפּלאָזן די פֿרוי, ער האָט פּלוצים אַ כאַפּ געטאָן דאָס קינד פֿון אירע הענט און אים אַרײַנגעפֿירט אין וואָגן. באַלד איז די פֿרוי נאָכגעלאָפֿן איר קינד אין וואָגן אַרײַן – צום טויט. פֿאַרטאָמלט פֿון דעם געזעענעם בין איך אַרײַן צו יצחק קאַצענעלסאָנען אין הויז און ער שטייט מיט אַ ביטער געוויין און רופֿט אויס צו זײַן פֿרוי: ׳מע דאַרף מער נישט וואַרטן, מע טאָר נישט לעבן, לאָמיר גיין אין גאַס מיטן גאַנצן פֿאָלק!׳ כ׳האָב אים געמונטערט, און ער האָט זיך געטוליעט צו מיר ווי אַ קליין קינד. כ׳האָב אים געלאָזט אַ וויינענדיקן. שפּעטער האָב איך געפֿונען אַן אָפּקלאַנג פֿון דעם וואָס מיר האָבן ביידע געזען אויפֿן גאַס, אין זײַן ׳דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק׳.״[156]

במשך פֿון דעם חודש אויגוסט האָט זיך י.ק. געפֿונען אויפֿן שטח פֿון שולצעס שאָפּ, אין גאַנצן אָפּגעזונדערט פֿון זײַנע פֿרײַנד פֿון דרור־החלוץ וועלכע האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן אין דער צענטראַלער געטאָ.[157]

בעת די פֿיר חדשים פֿון דער זיבעטער תּקופֿה, צווישן 13טן סעפּטעמבער 1942 ביזן 17טן יאַנואַר 1943, איז פֿאַר י.ק. געוואָרן אַלץ שווערער די צעשיידונג, ער שטעלט זיך אײַן אַ פּאָר מאָל און גייט אַריבער אין צענטראַלן געטאָ זיך צו זען מיט זײַנע פֿרײַנד.[158] פֿון איין זײַט איז זײַן לעבן (און זײַן זונס) געווען נישט

זיכער און נאָר אַרבעטנדיק פֿאַר די דײַטשן האָט ער געקענט כּלומרשט זיך פֿאַרזיכערן צוזאַמען מיט זײַן זון – אויף אַ קורצער צײַט; פֿון דער צווייטער זײַט האָט זיך י.ק. געוואָלט – אין דער תּקופֿה פֿון נאָכן גירוש – אָפּגעבן בלויז מיט שרײַבן, די אַרבעט אָבער האָט בײַ אים צוגענומען די גרעסטע צײַט און די בעסטע כּוחות.[159] במשך פֿון די פֿיר מאָנאַטן האָט י.ק. ווײַטער געאַרבעט בײַ שולצן,[160] דאָס איז די צײַט ווען וויכטיקע ענדערונגען קומען פֿאָר אין אָרט און פֿונקציעס וואָס די יידישע קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע פֿאַרנעמט אין געטאָ – סײַ אין פֿאַרבינדונג מיט איר צאָל חבֿרים וואָס וואַקסט און סײַ פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכער באַזע פֿאַר אירע אַקטיוויטעטן און זייער לעגיטימאַציע. אויך בנוגע דער הילף וואָס די אָרגאַניזאַציע באַקומט אין געטאָ, און אויסער אים.[161] די עיקרדיקע קאָנצענטריר־פּונקטן פֿון די קעמפֿער אין געטאָ זײַנען געווען אין צענטראַלן געטאָ; דאָרט איז אויך געווען דער צענטער פֿון "דרור", אויף דער זאַמענהאָף גאַס. יצחק קאַצענעלסאָן האָט זיך געפֿונען אין דער צײַט אין "פּראָדוקטיוון" געטאָ, אָפּגעזונדערט פֿון זיי. אַזוי ווי אין דער תּקופֿה פֿון גירוש, אַזוי אויך נאָך אים, פֿלעגט י.ק. זיך פֿאַרגנבֿענען דורך די פֿאַרבאָטענע גאַסן, צו מאָל אָן אַ דערלויבעניש און קומען צו זײַנע פֿרײַנד פֿון דרור־החלוץ, אויף זאַמענהאָף 56, וואָס האָט פֿאַרביטן דזיעלנאַ 34 – דעם אָרט פֿון דער דרור־החלוץ קאָמונע פֿאַרן גירוש.[162] אין דעם כּמעט האַלבן יאָר וואָס צווישן סוף יולי 1942 ביזן מיטן יאַנואַר 1943 האָט י.ק. זיך וויייניק געזען מיט זײַנע פֿרײַנד פֿון דרור־החלוץ, אָבער דווקא אין דעצידירנדיקן מאָמעט אין דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע, בעתן ערשטן אויפֿשטאַנד – דעם 18טן יאַנואַר 1943 און ווײַטער – האָט ער זיך געפֿונען אין סאַמע צענטער פֿון די געשעענישן. ווי אַ דירעקטער עדות פֿון באַוואָפֿנטן קאַמף מיט די דײַטשן.

דעם 17טן יאַנואַר איז י.ק. געקומען צו יצחק צוקערמאַנען און צבֿיה לובעטקינען, און האָט זיי דערציילט וועגן אַ גרויסער פּאָעמע וואָס ער האָט אָנגעשריבן, ווי עס ווײַזט אויס – "דאָס ליד וועגן ראַדזינער" – און ער האָט דעקלערט אַז ער וויל זיך אָפּגעבן אויף ווײַטער נאָר מיט שרײַבן, אַז ער וויל פֿאַרלאָזן דעם שאָפּ און ענדגילטיק אַריבערגיין אין צענטראַלן געטאָ צו זײַנע פֿרײַנד פֿון דרור־החלוץ.[163] אין יענע טעג ווערט י.ק. דער באַזינגער פֿון אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק. זײַענדיק איינער פֿון די וואָס קענען יאָ צי נישט דערשאָסן ווערן אין גאַס, און קענען יאָ צי נישט פֿאַרשיקט ווערן קיין טרעבלינקע, צײַטיקט אין אים אַ געפֿיל און אַ דערקענטעניש אַז זײַן לעבן געהערט נישט אים, נאָר זײַן פֿאָלק, אין אַ צײַט ווען די דײַטשן פּלאַנירן און פֿירן דורך די פֿאַרניכטונג פֿון אַלע ייִדן אין אייראָפּע. שטייענדיק פֿאַר אַ זיכערן טויט האָט ער געוואָלט נאָר שרײַבן. די סיבה וואָס האָט אים באַוווגן זיך צו ווענדן מיט אַזאַ ווונטש דווקא דעם 17טן יאַנואַר 1943 צו זײַנע פֿרײַנד, איז פֿאַרבונדן מיט דער אונטערערדישער אַקטיוויטעט פֿון זײַן זון צבֿי, אַ מיטגליד פֿון דער ייִדישער קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע, וועלכער איז מיט אַ טאָג פֿריִער אַרעסטירט געוואָרן בעת ער האָט אין שליחות פֿון דער ייִדישער קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע דורכגעפֿירט אַ באַוואָפֿנטן אָנפֿאַל אויף איינעם פֿון די ייִדישע שומרים בײַ שולצן, בײַ וועמען י.ק. האָט געאַרבעט. מיט גרויסע שוועריקייטן איז י.ק.'ס זון באַפֿרײַט געוואָרן, און י.ק. האָט געזוכט אַ וועג ווי צו דערווײַטערן זײַן זון פֿון אַ זיכערער סכּנה. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן יענעם אָוונט, אַז י.ק. וועט פֿאַרלאָזן דעם שאָפּ און וועט מיט זײַן זון אַריבער אין צענטראַלן געטאָ, אין אַ צימער וואָס וועט פֿאַר זיי צוגעגרייט ווערן אויף זאַמענהאָף 56־58.[164]

אַ טאָג שפּעטער, דעם 18טן יאַנואַר, האָבן די דײַטשן אָנגעפֿאַנגען צום צווייטן מאָל – צוצוגרייטן דעם גירוש פֿון די פֿאַרבליבענע ייִדן אין וואַרשע. באַלד האָבן אייניקע קאַמפֿס־גרופּעס פֿון דער ייִדישער קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע געשטעלט אַ באַוואָפֿנטן ווידערשטאַנד, און די גרופּע קעמפֿער אויף זאַמענהאָף 58 – צווישן זיי. דורכן פֿענצטער וואָס האָט אַרויסגעקוקט צו דער גאַס אויף סטאַווקע האָט י.ק. געזען דעם

אומשלאַגפּלאַץ ווו ייִדן זײַנען אַרײַנגעפּירט געוואָרן זומער 1942 אין די באַנען קיין טרעבלינקע. אויך דאָס מאָל איז דאָס אָרט פֿול געוואָרן מיט ייִדן, די גאַס אויף זאַמענהאָף איז אַרומגערינגלט געוואָרן פֿון די דײַטשן און די קאַמפּס־גרופּע מיט וועלכער י.ק. איז דאַן געווען אויף זאַמענהאָף, האָט זיך צוגעגרייט שטעלן אַ ווידערשטאַנד. אין יענע אָנגעשטרענגטע רגעס פֿון דערוואַרטונג האָט י.ק. געהאַלטן אַ דערמוטיקנדיקע רעדע פֿאַר די צוקונפֿטיקע קעמפֿער. וועגן די ווערטער וואָס י.ק. האָט געזאָגט זײַנען פֿאַראַן אייניקע ווערסיעס פֿון די וואָס האָבן די ווערטער געהערט. צבֿיה לובעטקין גיט איבער י.ק׳ס ווערטער, אין געענדזן־פֿיסלעך: ״לאָמיר זײַן גליקלעך וואָס מיר גרייטן זיך צו טרעפֿן דעם שׂונא מיט געווער אין האַנט, גרייט צו שטאַרבן, אונדזער באַוואָפֿנטער קאַמף וועט זײַן אַ קוואַל פֿון יניקה פֿאַר די קומענדיקע דורות. לאָמיר נעמען ווי אַ בײַשפּיל אונדזערע ברידער אין ארץ־ישׂראל, – זיי האָבן אין אַ מאָמענט פֿון סכּנה זיך נישט געשראָקן, זיך אַנטקעגנגעשטעלט ווייניקע קעגן אַ סך, און מיט זייער טויט האָבן זיי דערצויגן דורות ייִדן. די דײַטשן האָבן דערהרגעט מיליאָנען ייִדן, אָבער זיי וועלן אונדז נישט באַזיגן, – דאָס ייִדישע פֿאָלק וועט אַוודאי לעבן. מיר וועלן עס נישט דערלעבן, אָבער זייער אָפּקומעניש וועלן זיי האָבן. נאָך אונדזער טויט וועלן אונדזערע מעשׂים בלײַבן אויף אייביק״.[165]

יצחק צוקערמאַן גיט אויך איבער, אין געענדזן־פֿיסלעך, זײַן נוסח פֿון י.ק׳ס ווערטער: ״ניין, ניין, ס׳איז קיין מאָל נישט שפּעט! אַ לעצטער ייִד – ווען ער הרגעט אַ רוצח – לייזט ער אויס זײַן פֿאָלק! אויך אַ געהרגעטן פֿאָלק קען מען נאָך ראַטעווען – ראַטעוועט!״.[166] אויף אַן אַנדער אָרט באַשרײַבט יצחק צוקערמאַן י.ק׳ס רייד, און זאָגט: ״ער האָט גערעדט וועגן זיך, וועגן זײַנע פֿרייד, אַ ייִדישער שרײַבער, צווישן חלוצים, און אויב מיר וועלן פֿאַלן – אין קאַמף וועלן מיר פֿאַלן, און ווייל איז אים וואָס ער איז צו דעם זוכה געווען, וואָס ער און זײַן זון קענען קעמפֿן צוזאַמען מיט אונדז. געבענטשט איז יעדע האַנט וואָס וועט הרגענען אַ דײַטש, וואָס וועט נקמה נעמען פֿאַר ייִדיש בלוט. ער האָט גערעדט, און אַ שמייכל איז געווען אויף זײַנע ליפּן, דער זעלבער שמייכל וואָס כ׳פֿלעג שטענדיק זען בײַ אים...״[167]

ווען דער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן האָט יצחק קאַצענעלסאָן געזען זײַנע חבֿרים ווי זיי דערשיסן דײַטשן און ער האָט געהערט און געזען אַנדערע אַנטלויפֿנדיקע דײַטשן. אַ קורצע צײַט פֿאַר דער שיסערײַ האָט זיך י. צוקערמאַן געבעטן בײַ י.ק. ער זאָל זיך באַהאַלטן, קאַצענעלסאָן אָבער האָט דאָס נישט געטאָן און אַפֿילו געבעטן געווער. צוזאַמען מיט די קעמפֿער האָט ער זיך טאַקטיש צוריקגעצויגן פֿון זאַמענהאָף 58 אויף מוראַנאָוו 44; אויפֿן וועג איז דער קאַמף פֿאָרגעזעצט געוואָרן און די גאַנצע צײַט האָט זיך י.ק. געפֿונען מיט די אויפֿשטענדלער.[168] גלײַך ווי י.ק. האָט זיך אידענטיפֿיצירט פֿון אָנהייב אָן מיטן חלוצישן אונטערגרונט און האָט אַקטיוו אָנטייל גענומען אין זײַן אַרבעט אין דער צײַט פֿון פֿאַרן גרויסן גירוש, אַזוי האָט י.ק. זיך אויך איצט אידענטיפֿיצירט מיט דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע און מיט אַלע אירע האַנדלונגען, אַרײַנגערעכנט די נקמה־אַקטן און עקזעקוציעס וואָס זײַנען פֿון איר דורכגעפֿירט געוואָרן בעת דער תּקופֿה פֿון נאָכן גרויסן גירוש; י.ק. באַרעכטיקט אויך, אין יענער צײַט, די שיטות מיט וועלכע די ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט זיך באַנוצט כּדי קריגן געלט אײַנצוהאַנדלען געווער. אין דעם זין האַנדלט י.ק. אַנדערש ווי אַ טייל פֿון דער ייִדישער געזעלשאַפֿטלעכקייט אין געטאָ, וואָס קריטיקירט געוויסע מעשׂים פֿון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.[169] אין די טעג פֿון ערשטן אויפֿשטאַנד (פֿון 18טן ביזן 22טן יאַנואַר 1943) האָבן זיך די פֿאַרבינדונגען צווישן י.ק. און דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פֿאַרשטאַרקט. איין וואָך נאָכן אָנהייב פֿון ערשטן אויפֿשטאַנד, אַרום דער 25טן יאַנואַר 1943 קערט זיך י.ק. אום צו דער אַרבעט[170] און אויך די קעמפֿער־גרופּע פֿון ״דרור״ מיט יצחק צוקערמאַנען בראש גייט אַריבער אויפֿן שטח פֿון די שאָפּן פֿון טעבענס און שולץ.[171] פֿון דאַן אָן טרעפֿט זיך י.ק. אָפֿט מיט זײַנע פֿרײַנד, דאָרט געפֿינט זיך אויך אַ גרופּע

כלל־טוער מיט וועלכע י.ק. געפֿינט זיך צוזאַמען בעת די לעצטע געטאָ־טעג פֿאַרן גרויסן אויפֿשטאַנד. לויט ווי עס דערציילט לייזער לעווין, האָט י.ק. געזען אין דער ייִדישער קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע די רעאַליזאַציע פֿון ייִדישער גבֿורה וואָס איז מכפּר אויף דער שאַנד פֿון דערנידעריקונג און דערדריקונג, וועלכע זײַנען כּלומרשט געבליבן נישט אָפּגעענטפֿערט.[172] אין אַ באַשטימטן מאָמענט, ס'ווערט נישט אָנגעגעבן פֿון אים ווען, דערציילט לעווין אַז י.ק. און זײַן זון האָבן פֿאַרלאָזט דעם שאָפּ מורא האָבנדיק אַז די שאָפּן וועלן זיך פֿאַרוואַנדלען אין פֿאַסטקעס, וועלכע די דײַטשן וועלן אויסניצן כּדי צו געפֿינען ייִדן בעת מעגלעכע באַנײַטע גירושים.

פֿרעגט זיך אַ פֿראַגע – אין ליכט פֿון דער דעפֿיניציע פֿאַר ייִדישער גבֿורה אין "דאָס ליד וועגן שלמה זשעליכאָווסקי" און אין "דאָס ליד וועגן ראַדזינער", וועלכע איז אַנדערש ווײַל מהותדיק אין סתּירה צו דער גבֿורה פֿון מלחמה־קעמפֿער – ווי אַזוי אַרום איז י.ק. מישב די בײדע היפּוכדיקע צוגאַנגען זײַנע צו גבֿורה, אין זײַנע ליטעראַרישע שאַפֿונגען. אויף וויפֿל ס'איז באַקאַנט האָט י.ק. נישט אויפֿגעהויבן אין זײַנע ווערק די פֿאָן פֿון אויפֿשטאַנד, נישט פֿאַר אים און נישט נאָך אים. ער האָט טאַקע געשריבן צוויי לידער, אין דער אַכטער תּקופֿה – איין ליד וועגן די העלדישע מעשׂים פֿון אַבֿרהם לייב לייבאָוויטש (לאַבאַן), דעם קאָמענדאַנט פֿון דער ייִדישער קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע אין קראָקע, און יצחק צוקערמאַן – אַ ליד וועגן אַטענטאַט קעגן די דײַטשן וואָס זיי האָבן צוגעגרייט דעם 24 דעצעמבער 1942, ווען דעם ערשטן האָט מען געכאַפּט און דער צווייטער איז פֿאַרוווּנדעט געוואָרן;[173] און נאָך אַ ליד האָט י.ק. געשריבן וועגן דעם יאַנואַר אויפֿשטאַנד אין וואַרשע אין וועלכן ער האָט זיך באַטייליקט. די בײדע לידער זײַנען צו אונדז נישט דערגאַנגען און מיר ווייסן נישט גענוי וואָס איז אין זיי פֿאַראַן, עס זעט אויס אָבער אַז לויט ווי י.ק. שרײַבט אין אַנדערע ערטער וועגן די צוויי מינים גבֿורה, קענען מיר באַשטימען אַז פֿיזישע (צי מלחמה)־גבֿורה וואָס איז פֿאַרבונדן מיט טויטן אַנדערע מענטשן, און אַפֿילו די גבֿורה פֿון די קעמפֿער אין דער ייִדישער קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע וועלכע האָבן מלחמה געהאַלטן מיטן גרעסטן שׂונא פֿון ייִדישן פֿאָלק אין אַלע צײַטן, אַזאַ גבֿורה איז נישט זוכה געווען אין י.ק'ס שריפֿטן צו דער אָווירונג, צו דער געדאַנקלעכער טיפֿקייט און ליטעראַרישער געשטאַלטיקונג – מיט וועלכע עס האָט יאָ זוכה געווען באַהאַנדלט צו ווערן די ייִדישע גבֿורה פֿון ראַדזינער רבין און פֿון שלמה זשעליכאָווסקין. קען מען אפֿשר טענהן, אַז דאָס זײַנען שאַפֿונגען פֿון פֿאַרן יאַנואַר־אויפֿשטאַנד, צי קען דאָס זעלבע געזאָגט ווערן וועגן זײַנע ווערק נאָך אים?

אין "פּנקס ויטל" דערגייט נישט י.ק., כראָנאָלאָגיש, צו שרײַבן וועגן יאַנואַר־אויפֿשטאַנד, און אין "דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק" געפֿינען מיר דאָך – זײַט בײַ זײַט צוזאַמען מיט אַן אידענטיפֿיצירונג מיטן אויפֿשטאַנד אַליין און אַ טאָטאַלער אײַנשטימיקייט מיט אַלץ וואָס די ייִדישע קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע האָט געטאָן פֿאַר אירע לעגיטימע צוועקן, אויך אַ טאָן וואָס איז אין סתּירה מיט דעם סימפּאַטיזירן זײַנעם. דער קוואַל פֿאַר דער סתּירה שטעקט אין י.ק'ס באַגריף פֿון דער תּוכיקער אַנדערשקייט וואָס איז פֿאַראַן צווישן ייִדישן פֿאָלק און אַלע אַנדערע פֿעלקער, ווי ער זאָגט אַליין:

דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק, י"ד. "די ענד", ז' 96:

"זיי האָבן ניט געוווּסט, זיך ניט געריכט – 'די יודען שיסן!' איך האָב געהערט
דעם אויסוווּרפֿס עקלדיקע שטים
איידער נאָך די אומריינע נשמה ז'אים אַרויס, ס'איז ניט געווען קיין אויסרוף,
נאָר אַ בייז ווונדער – ס'טײַטש?!

אַ שטוינען וויסט און אויסטערליש און אומגעריכט אַזוי: ׳די יודען שיסן!׳ אָ,
ניִשט אַליין פֿון אים,
ס׳איז אַ רוף געווען פֿון אַ מערדער־פֿאָלק, פֿון אַכציק מיליאָן: זיי אויך!
די ייִדן מאַכנ׳ס אויך ווי מיר, ווי יעדער דײַטש.

ב. ווײ אונדז! מיר קענען, יאָ, מיר קענען זיך אַנטקעגן שטעלן אויך און איַיך דער־
הרגענען, מיר אויך! מיר אויך!
מיר קענען אָבער דאָס וואָס איר האָט קיין מאָל נישט געקענט און וועט ניט קענען
קיין מאָל אויף דער ערד –
ניט הרגענען אַ צווייטן! ניט אויסראָטן אַ פֿאָלק ווייל ער איז ווערלאָז, וואָס
הייבט אומזיסט די אויגן אין דער הויך.
איר קענט ניט: ניט דערהרגענען, איר זינדיקע פֿון דער נאַטור, איר מוזט׳ס,
אייביקע איר פֿאָכער מיט דער שווערד.

ג. איך קען אייך גוט און איז מיין וואָרט ניט שטאַרק ווי ס׳וואָרט פֿון מײַנע
אָבֿות, די נבֿיאים, איך האָב אַדורכגעדרונגען אײַך ווי זיי!
אָנהייב יול, בעת זיי האָבן אָנגעהויבן אונדז אַרויספֿירן צום טויט פֿון וואַרשע,
האָט מען באַראַטן זיך, איך, ווען איך בין
אויף יענער זיצונג – איך וואָלט געווען מיט די חלוצים, איך וואָלט מיט זיי דאַן
אויפֿגעהויבן אַ געשריי –
תּמות נפֿשי! יאָ... זיי הרגענען אויס אונדז אַלע, ווי אין ליטע, אין אוקראַינע,
וואָליניען און לובלין!

ד. ס׳וואָלט ניט געהאָלפֿן, כ׳ווייס... ניט ווײַל מיר האָבן ניט געהאַט ניט קיינער,
ניט קיין סימן פֿון געווער –
אַ האַק איז אויך פֿון אײַזן, און קוילן גראָבן זיך ניט טיפֿער אײַן אין לײַב
ווי נעגל שאַרף,
נאָר ייִדן אין אַמעריקע, אין א״י, זיי וואָלטן ווײַט און טרויעריק אויף אונדז
נאָך אודז געלאָזט אַ טרער
און שטיל, און אפֿשר ניט גאָר שטיל אַ זאָג געטאָן: אַך, ווען מען שטעלט זיך
ניט אַנטקעגן! מען האָט עס ניט באַדאַרפֿט...

ה. ניין, ניט באַדאַרפֿט! ווײ מיר, איך בין פֿאַר נײַיאָר נאָך געזעסן שטום, מיט
ייִדן נאָך, מיט לייטערס פֿון אַ שאָפּ,
און ייִדן פוילישׂ־ריידנדיקע האָבן אויסגעדריקט גרויס זייער צאָרן און זייער
ווייטאָק קליין – :
׳אַזאַ אַ פֿאָלק! וואָס האָט געלאָזן זיך ווי קעלבער אויסשעכטן, אַזאַ אַ פֿאָלק!׳

און האָבן בייז געשאָקלט מיטן קאָפּ...
ווײ, ווײ, דאָס פֿאָלק וואָס מוז געהרגעט ווערן, אויסגעהרגעט ווערן אויף
דער ערד און איז ניט יוצא נאָך פֿאַר זיך אַליין!

דער סתּירותדיקער טאָן געפֿינט זיך אין אויבן ציטירטן טעקסט, אין דער פֿאָרם ווי עס ווערט געבראַכט די שורה נומ׳ 5 (סטראָפֿע ב׳) ווּ דער עיקר איז די באַשטעטיקונג אַז ייִדן זײַנען בכּוח צו שטעלן אַ באַוואָפֿנטן ווידערשטאַנד, אויפֿן פֿאָן פֿון אַ באַשרײַבונג ווי דער אויפֿשטאַנד פֿאַנגט זיך אָן; די שורה הייבט זיך אָבער אָן מיט אַ ווייגעשריי: "ווײ אונדז!". אַן אַנדער אויסדרוק פֿאַר דער סתּירותדיקייט אין טאָן געפֿינען מיר אין דער אַמביוואַלענטער באַציִונג צום אַקט אַליין פֿון באַוואָפֿנטן ווידערשטאַנד, וועלכע זעט זיך אַרויס בײַם פֿאַרגלײַכן פֿאַרשיידענע קאָנטעקסטן אין ליד, ווּ י.ק. דריקט אויס זײַן באַציִונג צום קאַמף מיט געווער אין דער האַנט; פֿאַרגלײַך – אין פּרק י״ג לויבט י.ק. אָן קיין שום באַוואָרעניש דעם יאַנואַר־אויפֿשטאַנד, און רימט אים (זע סטראָפֿע י״ב) בעת זײַן רעדע פֿאַר די חלוצים. אין פּרק י״ד, סטראָפֿע ב׳, ווען ער ווענדט זיך צו די רוצחים, אין שורה נומ׳ 6, פֿאַנגט ער אָן מיט דער באַוואָרעניש: "מיר קענען אָבער" אאַז״וו.

גלײַך ווי זײַן באַציִונג צום באַוואָפֿנטן אויפֿשטאַנד איז געווענדט אין קאָנטעקסט, אַזוי אויך זעט אויס אין י.ק׳ס אויגן די מעגלעכע רעאַקציע צום אויפֿשטאַנד, אין אַ היסטאָרישער פּערספּעקטיוו: ווען מיר וואָלטן געשטעלט אַ באַוואָפֿנטן ווידערשטאַנד בײַם אָנהייב פֿון גירוש, (און ער אַליין איז בדיעבֿד מיט דעם אײַנשטימיק) – טענהט ער: "ס׳וואָלט ניט געהאָלפֿן", ווײַל דעמאָלט וואָלטן די ייִדן אויסער אייראָפּע געזען אין אויפֿשטאַנד די סיבה פֿון מאַסנמאָרד, און נאָך דעם ווי מיר האָבן עס דאַן נישט געטאָן – קומען די אַסימילירטע ייִדן פֿון צווישן די געטאָ־ייִדן און שעצן גרינג די געפֿירטע ייִדן צום טויט. די און יענע פֿאַרשטייען נישט די ייִדישע רעאַקציע, ווײַל פֿון אײן זײַט – נישט דער אויפשטאַנד און נישט די כּלומרשטע פּחדנות זײַנען געווען דער פֿאַקטאָר וואָס האָט געבראַכט צווישן אַנדערע, צום דורכפֿירן די פֿאַרניכטונג, און פֿון דער צווייטער זײַט איז טאַקע דער אויפֿשטאַנד פֿאַר י.ק., בבחינת אַ "יוצא זײַן" – נישט קיין העכערער ווערט; ווי מיר דרינגען אַרויס פֿון זײַנע ווערטער: "דאָס פֿאָלק וואָס... איז ניט יוצא נאָך פֿאַר זיך אַליין!" (וועגן די מעגלעכע מיינונגען פֿון די ווערטער – זע ווײַטער).

דאָ, אין פּרק י״ד מוז ער צוריקגיין צום צענטראַלן מאָטיוו פֿון זײַנע לעצטע שריפֿטן אין וואַרשע – די גײַסטיקע גבֿורה פֿון די וואָס ווערן דערהרגעט, ווי דאָס ייִדישע פֿאָלק איז געוואָרן דערהרגעט (זע סטראָפֿע ב׳). אין די אויבן ציטירטע שורות, נומ׳ 7־9, ווערט פֿון דאָס נײַ דערמאָנט דער עקזיסטענציאַלער מצבֿ פֿון אַ שלמה זשעליכאָווסקין און פֿון אַ ראַדזינער רבין – אונטערשטרײַכנדיק די קעגנגעזעצטע געשטאַלטן פֿון דעם וואָס פֿאָכעט מיט דער שווערד און דעם וואָס הייבט די אויגן אין דער הייך. דאָס איז דער תּמצית פֿון דער דעפֿיניציע פֿאַר דער דיפֿערענץ צווישן ייִדישער גבֿורה און די גבֿורה פֿון די פֿעלקער, אין זײַנע שריפֿטן פֿון וואַרשע און אין וויטעל. די ייִדן טוען תּפֿילה שטענדיק און אין אַלע אומשטאַנדן, די פֿעלקער פֿאָכען מיט דער שווערד שטענדיק און אין אַלע אומשטאַנדן. דאָס זײַנען די צוויי עקזיסטענציאַלע גרונטסיטואַציעס. דערפֿאַר, קען די לעצטע אויבן ציטירטע שורה אין פֿראַגמענט פֿון דער פּאָעמע "דאָס ליד פֿון אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק", פֿאַרשטאַנען ווערן אויף צוויי מעגלעכע אופֿנים: (א) ווי אויבן געזאָגט – אַז דער אויפֿשטאַנד איז אין דער בחינה פֿון אַ יוצא זײַן, נישט קיין פֿאַרווירקלעכונג פֿון אַ העכערן ווערט; (ב) אַז דאָס יוצא זײַן, ווי אַ יוצא זײַן קעגן זיך אַליין, איז פֿאַרבונדן מיט אַ שטאַרבן ווי אַ רעאַליזאַציע פֿון אייגענעם מהות, און דווקא נישט גײענדיק אין די וועגן פֿון דעם רוצח וואָס הרגעט. די אָ צווייטע אינטערפּרעטאַציע איז מעגלעך, אויפֿן פֿאָן פֿון י.ק׳ס קוק אויפֿן גורל פֿון ייִדן אין זײַנע ווערק – אַ קוק וואָס ווערט בײַ אים אָפֿט דערמאָנט,

אויך פֿאַר דער מלחמה – אַז דאָס ייִדישע פֿאָלק איז דאָס פֿאָלק וואָס דאַרף ווערן דערהרגעט בהכרח: 'דאָס פֿאָלק וואָס מוז געהרגעט ווערן".[174] די צווייטע אינטערפּרעטאַציע האָט אין זינען אַ טויט – תּפֿילה טוענדיק – ווי שלמה זשעליכאָווסקיס טויט, ווי דעם ראַדזינערס טויט, נישט טויטנדיק ווי זייער רוצח, מיט געווער; נישט ווײַל י.ק. זשאַלעוועט דעם רוצח זײַן לעבן נאָר ווײַל ער גאַרט צו אַנטפּלעקן דעם דרך וואָס זײַן קרבן האָט דורכגעמאַכט בעתן לעבן און שטאַרבן לויט זײַן ייִדישן מהות.

אין דער אַכטער תּקופֿה, צווישן ביידע אויפֿשטאַנדן, איז יעדער שריט וואָס ייִדן האָבן געטאָן, ווי אַ רעאַקציע אויף די דײַטשישע פֿאָדערונגען, געווען אַ פֿראַגע פֿון לעבן און טויט, און זיי האָבן עס שוין גרײַלעך געוווּסט. פֿון איין זײַט, מערט זיך אין דער צווייטער העלפֿט פֿון יאַנואַר 1943 דאָס באַזאָרגן זיך מיט באַהעלטענישן, און פֿון דער צווייטער זײַט, זײַנען פֿאַראַן ייִדן וואָס לאָזן זיך פֿאַרפֿירן פֿון די דײַטשישע צוזאָגן אַריבערצופֿירן ייִדן אין אַרבעטס־לאַגערן מחוץ וואַרשע, אין פּאָניאַטאָוו און טראַווניקי. ייִדן זײַנען דאַן געשטאַנען פֿאַר אַ שווערער ברירה, ווי אויסצוקלײַבן כּדי ראַטעווען זייער לעבן, אָדער לכל־הפּחות פֿאַרשטאַרקן זייערע אויסזיכטן ווײַטער צו לעבן. באַזונדערש זײַנען פֿאַר דער רעאַלער ברירה געשטאַנען די אַרבעטער פֿון די שאָפּן טעבענס און שולץ, ווו יצחק קאַצענעלסאָן האָט געאַרבעט.[175] י.ק׳ס שטעלונג אין דעם ענין און די שטימונגען פֿון יענער צײַט אין געטאָ נאָך דעם ווי די ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין גלאַוונעם טאָנגעבער און פֿאַקטישן הערשער אין געטאָ, ווערן באַשריבן פֿון י.ק., מיט די ווערטער:

> "טרעפֿט אַ דײַטש דיך – גיי! גיי דרייסט דײַן וועג, נישט לויף – / ער איז דיך חושד אַז דו האָסט געווער און ער מײַדט דיך אויס... וואָס נאָך? וואָס ווילסטו טײַערער מײַן פֿרײַנד דען נאָך?// דו ווילסט דאָס זעלבע דאָך ווי איך... איך וויל עס זאָל אַ שלאַק מיך טרעפֿן, אַנידערלייגן מיך, כאָטש שוין – און אויס!/ די שאָפּן טראָגן זיך אין אַרבעטס־לאַגערן אַריבער מיטן לעצטן הײַפֿל ייִדן אין לובלינער קאַנט – / איך וועל אַהין ניט פֿאָרן... ניין! ניטאָ פֿאַר מיר קיין בונקער דאָ און צו דיר, אַריער, קען איך ניט אַרויס/ ס׳קריגן עטלעכע פֿון קרובֿים אויסלאַנד־פּעסער, יאָ... וואָלט ערגעץ־ווּ זיך עמעצער אָן מיר דערמאָנט..."[176]

וועגן דער אמתער כּוונה פֿון די דײַטשן בײַם פֿאָרלייגן ייִדן אַריבערגעפֿירט צו ווערן אין די לובלינער אַרבעטס־לאַגערן, איז י.ק׳ס שטעלונג געווען ענלעך צו דער שטעלונג פֿון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע און פֿון רובֿ געטאָ־אײַנוווינער אין יענער צײַט וועלכע האָט ענדלעך געבראַכט צום גרויסן אויפֿשטאַנד פֿון 19טן אַפּריל 1943 – ער האָט זיי נישט געגלייבט. דער קאַמף פֿון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע קעגן די דײַטשישע מאַכינאַציעס אין געטאָ האָט געפֿאָדערט אויסצומײַדן ווי ווײַט מעגלעך די עוואַקואַציע פֿון די שאָפּן כּדי אַריבערפֿירן די אַרבעטער אין די לאַגערן פֿון לובלינער געגנט, ווי אויך אָפּהאַלטן דאָס אַרויסנעמען פֿון די מאַשינען און רוישטאָפֿן פֿון געטאָ. לויט ווי יצחק צוקערמאַן זאָגט עדות האָט מען אין דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע גוט פֿאַרשטאַנען די דײַטשישע כּוונות, אַפֿילו ווען "אויפֿן אָרט פֿון דער געסטאַפּאָ איז אַרײַנגעקומען אין געטאָ דער בכּבֿודיקער דײַטש, דער פֿאַבריקאַנט טעבענס, און [ווען] אויפֿן אָרט פֿון פּאָליציאַנט איז געקומען דער בירגער..." די אָנפֿירער פֿון דער אָרגאַניזאַציע האָבן פֿאַרשטאַנען אַז אין די לאַגערן פֿון פּאָניאַטאָוו און טראַווניקי קענען ייִדן נאָר דערוואַרטן צו לעבן נאָך אַ פּאָר מאָנאַטן, ענדלעך אָבער זײַנען זיי אויך דאָרט פֿאַראורטיילט צום טויט.[177] אין אַזאַ מצבֿ, ווען קיין צוטרוי צו די שאָפּ־בעלי־בתּים און זייערע צוזאָגן איז שוין מער נישט געווען בנמצא, האָט י.ק. דערפֿילט אַז ער דאַרף דעם שאָפּ

פֿאַרלאָזן. אין יענער צײַט אָבער האָבן זיך זײַנע פֿרײַנד פֿון דער חלוצישער באַוועגונג נישט פֿאַרנומען אַקטיוו מיט ראַטעווען און באַהאַלטן מענטשן, און יצחק קאַצענעלסאָן איז געבליבן אומזיכער מיט זײַן און זײַן זונס צוקונפֿט. ווי עס ווײַזט אויס פֿאַרלאָזט ער דעם שאָפּ און גייט אַריבער אויפֿן אָרט ווו עס האָבן זיך געפֿונען די ביז דאַן געראַטעוועטע כּלל־טוער, אויף לעשנאָ 36. דאָרט געפֿינט ער זיך בעתן אויסברוך פֿון גרויסן ווידערשטאַנד. אין יענער צײַט, מאָנטיק, ערבֿ פּסח – דעם 19טן אַפּריל 1943, האָבן זיך די ייִדישע ביז דאַן געראַטעוועטע כּלל־טוער פֿאַרזאַמלט אין הויז בײַ לייזער לעווינען, און יצחק קאַצענעלסאָן צווישן זיי.[178] וועגן יענע טעג דערמאָנט י.ק. אייניקע מאָמענטן, אין "דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק", דערציילנדיק וועגן זיך און וועגן די לעצטע געטאָ־טעג זײַנע: אין די לעצטע געטאָ מאָנאַטן און בעיקר – ווי עס זעט אויס – אין די לעצטע וואָכן, וואַרטנדיק מיט שפּאַנונג אויף דעם אומפֿאַרמײַדלעכן ווידערשטאַנד און זײַנע פֿאַרגעזעענע רעזולטאַטן, זײַענדיק אָן וועלכן עס איז "זיכערן" אָרט ווו זיך צו באַהאַלטן און אָן קיין שום אַנדער אַלטערנאַטיוו אויסוועג, פֿילט י.ק. אַז עס דערנענטערט זיך זײַן סוף און ער בעט אויף זיך דעם טויט:

"איך בין פֿאַר אַלע מײַנע שוין געשטאָרבן... הלוואי וואָלט איך געשטאָרבן, איך אָבער וועל ניט שטאַרבן, ניין, מען וועט/ מיך הרגענען... איך בין שוין ניט אויף נאָוואָליפּיע. זי ליקווידירט זיך, כ׳וואָלגער אויף דער לעש זיך שוין זײַט טעג,/ בײַ אַ באַקאַנטן זיצט אַ יונגערמאַן בלאַס און דערציילט: ער קומט פֿון וועג יעצט, ער איז אַדורכגעגאַנגען שטעט/ און שטעטלעך אין קרוין־פּוילן, ער האָט קיין ייִד שוין דאָרטן ניט געזען, ניט באַגעגנט קיינעם אויף אַ וועג.// דאָס איז געווען צוויי טעג פֿאַר פּסח. און ערבֿ פּסח פֿרי איז געווען שוין אויס מיט לעש, און אויף דער לעש/ האָב איך אין מײַן באַהעלטעניש געהערט קאַנאָנען טאָג און נאַכט, בײַנאַכט האָב איך געזען עס ברענט – / דער געטאָ ברענט, ער ברענט אויף זײַנע מויערן און זײַנע לעצטע ייִדן, ס׳פֿײַער העשט און העשט,/ דער הימל איז געווען באַלויכטן און אויב ס׳איז דאָ דאָרט ווער, האָט צוגעקוקט זיך און געזען די ענד". (דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק, ז׳ 98).

אָנהייב אַפּריל 1943 גייט יצחק צוקערמאַן אַריבער אויף דער אַרישער זײַט כּדי דאָרט אָנצופֿירן מיט די קאָנטאַקטן פֿון דער ייִדישער קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע מיטן פּוילישן אונטערגרונט. יצחק קאַצענעלסאָן מוז דאַן באַשליסן, צי אָננעמען דעם פֿאָרשלאָג פֿון זײַנע פֿרײַנד אין דער דרור־החלוץ־באַוועגונג אים העלפֿן זיך צו באַהאַלטן אויף דער אַרישער זײַט, אָדער פּרוּוון באַקומען אַן אויסלענדישן פּאַספּאָרט פֿון אַ נישט־פּוילישן בירגער כּדי זיך צו ראַטעווען. געזאָלט האָט ער פֿאָלגן זײַנע פֿרײַנד אין דער באַוועגונג, אַלע צוגרייטונגען זײַנען פֿאַר אים שוין געמאַכט געוואָרן אַ פּאָר טעג פֿאַרן אויפֿשטאַנד, אין דער לעצטער מינוט אָבער האָט ער באַשלאָסן פּרוּוון אַן אַנדער אויסוועג: ער גייט אַריבער אין אַ באַהעלטעניש אויף דער אַרישער זײַט, צוזאַמען מיט דוד דניאל גוזשיקן; פֿון דאָרט דערקאַזשעט ער דאָקומענטן פֿון אַ בירגער פֿון האָנדוראַס און דעם 22סטן מאַי 1943 קומט ער אָן קיין וויטעל.

אָט דער לעצטער פּרק אין יצחק קאַצענעלסאָנס געטאָ־לעבן איז נישט גענוג קלאָר. לויט ווי מ. בעגנער דערציילט האָט מען צוגעגרייט, אין אַפּריל 1943, אַ באַהעלטעניש אין אַ קעלער אויף דער אַרישער זײַט, ווו יעדע באַוועגונג זאָל אַריבערפֿירן צוויי מיטגלידער, יצחק קאַצענעלסאָן און זײַן זון האָבן באַדאַרפֿט אַהין אַריבער, אַפֿילו זײַנע ביכער זײַנען שוין אַהין אַריבערגעפֿירט געוואָרן – ער איז אָבער ניט געקומען.[179] יצחק

קאַצענעלסאָן האָט באַדאַרפֿט אָנקומען לויטן פּלאַן, אויף אָגראָדאָוואַ 29, אויף דער אַרישער זײַט באַלד נאָכן 15טן אַפּריל. לויט מ. בעגנער, איז אַ גרופּע קעמפֿער דאָ אַרויס פֿון געטאָ – נאָך דעם ווי זי איז דעם 29טן אַפּריל אַדורך די קאַנאַליזאַציע־רערן פֿון דער לעשנאָ גאַס נומ׳ 56, אין געטאָ.[180] ווי עס ווײַזט אויס האָבן די דײַטשע באַלאַגערונג פֿון געטאָ, און דער אויסברוך פֿון אויפֿשטאַנד, צעשטערט י.ק׳ס פּלענער אין דער ריכטונג און ער איז געווען געצוווּנגען צו זוכן אַן אַנדער אויסוועג. לויט ווי לייזער לעווין דערציילט, האָט איינער פֿון די ייִדישע אויפֿזעער אין דער טעבענס־פֿאַבריק, וועלכער האָט דאַן נאָך געקענט פֿרײַ אַרומגיין, אַריבערגעפֿירט י.ק. מיט זײַן זון אין אַ פֿאַרמאַכטער פֿור ווו מע פֿלעגט פֿירן ברויט – אויף פּראָסטאַ (אין דער דרום־זײַט, אין קליינעם געטאָ) ווו ייִדן זײַנען נאָך נישט דירעקט באַדראָט געוואָרן. פֿון דאָרטן איז ער אַריבער אויף דער אַרישער זײַט.[181] דער ציל איז געווען, ווי עס ווײַזט אויס, צו באַקומען אויסלענדישע דאָקומענטן כּדי איבערגעשיקט ווערן מחוץ פּוילן, אין די ראַמען פֿון אַ געפּלאַנטן אינטערנאַציאָנאַלן אויסטויש פֿון געפֿאַנגענע. צווישן די וואָס האָבן זיך פֿאַרנומען מיט דעם נאָך אין געטאָ, זײַנען געווען י.ק׳ס באַקאַנטע, און נאָך איידער ער איז אַרויס פֿון געטאָ האָט ער שוין וועגן אַזאַ מעגלעכקייט געוווּסט.[182]

יצחק קאַצענעלסאָנען איז געווען באַשערט צו לעבן נאָך איין יאָר, פֿון ענדע מאַי 1943 ביז ענדע אַפּריל 1944 אין וויטעל לאַגער, איידער ער איז פֿאַרשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ. אין וויטעל האָט ער באַנײַט זײַן ליטעראַרישע טעטיקייט און אָנגעשריבן איינציקע פֿון זײַנע וויכטיקסטע שאַפֿונגען: "פּנקס ויטל" און "דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק", צוזאַמען מיט העברעיִשע דראַמעס און לידער. אין אונדזער אַרײַנפֿיר האָבן מיר זיך באַגרענעצט צום היסטאָרישן קאָנטעקסט פֿון י.ק׳ס שאַפֿן אין די ראַמען פֿון זײַנע כּתבֿים אין וואַרשע. זײַן ליטעראַרישע ירושה פֿאַרדינט אָבער אַ ברייטן ליטעראַרישן אַנאַליז פֿון אַלע זײַנע כּתבֿים בעתן אומקום. אַזאַ פֿאָרשאַרבעט האָבן מיר צוגעגרייט און זי וועט געדרוקט ווערן אין אַ באַזונדער בוך וואָס וועט באַהאַנדלען יעדע איינע פֿון י.ק׳ס גרעסערע ווערק באַזונדער אין די ראַמען פֿון די הויפּטריכטונגען אין זײַן שאַפֿן בעתן אומקום: די פֿאַרשטומטקייט אין דעם ערשטן עטאַפּ פֿון זײַן שאַפֿן און זײַן ווענדונג צו תּנ"כישע מקורים, י.ק׳ס רעאַקציע צו דער געטאָ־ווירקלעכקייט אין די ראַמען פֿון זײַנע דראַמעס מיט תּנ"כישע טעמעס, די דעפֿיניציע פֿון ייִדישער גבֿורה אין זײַנע פּאָעטישע שאַפֿונגען און דער פֿוללדיקער ייִדישער חשבון אין זײַנע לעצטע כּתבֿים פֿון וויטעל.

יחיאל שיינטוך

# הערות

(1) די ערשטע אויסגאַבע פֿון כתבים אחרונים, תש״ז, אַנטהאַלט דעם ייִדישן טעקסט פֿון ״דאָס ליד פֿונעם **אויסגעהרגעטן** ייִדישן פֿאָלק״, די העברעיִשע דראַמעס ״חניבעל״ און ״במצבאה הראשית״ און דעם ״פנקס ויטל״ געשריבן אין העברעיִש. די אַלע ווערק זײַנען געשריבן געוואָרן אין וויטעל. אין דער צווייטער אויסגאַבע פֿון כתבים אחרונים, תשט״ז, זײַנען צוגעקומען ״דאָס ליד וועגן ראַדזינער״ אין ייִדישן אָריגינאַל און אין אַ העברעיִשער איבערזעצונג, אַ העברעיִשע איבערזעצונג פֿון ״דאָס ליד פֿון אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק״, און אַן אָפּקלײַב פֿון י.ק׳ס ייִדישע שריפֿטן אין וואַרשעווער געטאָ איבערגעזעצט אויף העברעיִש.

(2) דאָס דעשיפֿרירן די געשעדיקטע, האַלב צעפֿוילטע כּתבֿ־ידן איז געווען ביז די לעצטע יאָרן, אַן אוממעגלעכע אַרבעט. אַ דאַנק די אַנטוויקלטע שיטות אין ישׂראל, פֿאַר רעסטאַווראַציע און קאָנסערוואַציע פֿון כּתבֿ־ידן, פֿאַר די לעצטע יאָרן, איז מעגלעך געוואָרן זיך צורירן צו זיי. עס קומט אַ דאַנק פֿאַר זייער הילף דער לייטערין און די מיטאַרבעטער פֿון אָפּטייל פֿאַר רעסטאַווראַציע און קאָנסערוואַציע פֿון מאַנוסקריפּטן בײַ דער נאַציאָנאַלער און אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק אין ירושלים.

(3) אַ דאַנק די אומדערמידלעכע אָנשטרענגונגען וואָס בית לוחמי הגיטאות האָט געמאַכט במשך פֿון אַ לענגערער תּקופֿה, פֿון די 50ער יאָרן אָן, געפֿינען זיך איצט אין רשות פֿון יצחק קאַצענעלסאָן־אַרכיוו אין בית לוחמי־הגיטאות קאָפּיעס פֿון דעם רובֿ פֿון י.ק׳ס ווערק וואָס דער ייִדישער היסטאָרישער אינסטיטוט אין וואַרשע פֿאַרמאָגט אין אָריגינאַל. ס׳רובֿ כתבֿ־ידן און געדרוקטע שאַפֿונגען פֿון יצחק קאַצענעלסאָנען אין דער וואַרשעווער אונטערגרונט־פּרעסע אין געטאָ ווערן אָפּגעהיט אין אַרכיוו פֿון בית לוחמי־הגיטאות. פּרטים וועגן גורל פֿון די אָפּגעראַטעוועטע ווי אויך וועגן די פֿאַלוירן געגאַנגענע כּתבֿ־ידן זע אין: כתבים אחרונים, תשכ״ט, ז׳ 363; ווי אויך אין: בשדמות גרוכוב, ז׳ז 356־357. איך באַדאַנק דעם דירעקטאָר פֿון בית לוחמי הגיטאות, צבֿי שנער, פֿאַר זײַן וואַרעמער באַציִונג און שטענדיקער הילף בײַם פֿלאַנירן, אָרגאַניזירן און דורכפֿירן די אַרבעט פֿון אַרויסגעבן י.ק׳ס לעצטע ייִדישע כּתבֿים.

(4) פֿאַרגלײַך למשל עדותשאַפֿטן וואָס באַווײַזן עס, זע לויט: יאסני, II, ז׳ 94, 382, 412, 418.

(5) דאָרט, ז׳ 423.

(6) ווי עס באַווײַזט ר. הילבערג אין זײַן בוך: *Hilberg, Raul. The Destruction of the European Jews.* New York, Franklin Watts, 1973.

(7) דער רוף צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד איז אָנגעשריבן געוואָרן פֿון אבא קאָוונערן און איז פֿאַרגעלייענט געוואָרן דעם ערשטן יאַנואַר 1942 אין ווילנער געטאָ, אויף ייִדיש און אויף העברעיִש. זע דעם ייִדישן טעקסט אין: דוואָרזשעצקי (1948), ז׳ 343. דער אָריגינאַל געפֿינט זיך אין אַרכיוו פֿון ״מורשת״. דעם העברעיִשן נוסח זע אין: קורצ׳אק, ר. ז׳ נ״ח.

(8) צווישן די פֿאַרבינדלער איז געווען חווה פֿאָלמאַן הײַנט – חווה ראַבאַן, לעבט אין קיבוץ לוחמי הגיטאות, אין ישׂראל. זי איז געווען י.ק׳ס אַ תּלמידה אין דער אונטערערדישער גימנאַזיע פֿון ״דרור״ אין געטאָ און האָט אָנטייל גענומען אין פֿאַרשטעלונגען וואָס י.ק. האָט אינסצעניזירט אין געטאָ. אויף אַ צוזאַמענטרעף אין בית לוחמי הגיטאות מיט תּלמידים און לערער פֿון ייִדיש־אָפּטייל בײַם העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים, דעם 24טן מערץ 1976, האָט חווה ראַבאַן דערציילט וועגן איר טעטיקייט ווי אַ פֿאַרבינדלערין, וועגן איר אַריבערפֿירן ידיעות, געוווער און אונטערערדישע פּרעסע פֿון איין שטאָט אין דער צווייטער און וועגן די ידיעות וואָס זי האָט צוריקגעבראַכט קיין וואַרשע וועגן דער ליקווידאַציע פֿון די ייִדן אין הרוביעשאָוו, פֿון וועלכער זי איז געווען אַליין אַן עדות צוזאַמען מיט פּרומקאַ פּלאָטניצקאַ אין דעם טאָג ווען דאָס איז פֿאָרגעקומען. צווישן אַנדערע מיסיעס איז זי אויך געשיקט געוואָרן אויפֿן וועג קיין

טרעבלינקע כּדי זיך צו דערוויסן וואָס דאָרט געשעט מיט די ייִדן. ווען זי איז צוריקגעקומען און דערציילט דעם אמת האָבן אירע עלטערן איר נישט געגלייבט. יצחק קאַצענעלסאָן אָבער האָט איר גלײַך געגלייבט. ברייטער וועגן דעם און וועגן אירע פֿאַרבינדונגען מיט יצחק קאַצענעלסאָנען אין וואַרשעווער געטאָ זע אין: תבע״פּ־רבן (פּולמן), זז׳ 15-22; זע אויך: פּנקס ויטל, זז׳ 183-184.

(9) וועגן דעם פֿונקציאָנירן פֿון דער אינפֿאָרמאַציע־נעץ מיט דער הילף פֿון פֿאַרבינדלער (דער עיקר פֿאַרבינדלערינס), און דעם פֿאַרשפּרייטן די ידיעות אין געטאָ, ווי אויך וועגן די נאָענטע באַציִונגען צווישן טענענבוים און צוקערמאַן מיט יצחק קאַצענעלסאָנען, זע די אינטערעסאַנטע ווערטער אין: טננבוים, ז׳ 84, 120, 144; זע אויך אין יצחק צוקערמאַנס אַרײַנפֿיר, דאָרט, זז׳ 5-17.

(10) פֿאַרגלײַך די העברעיִשע איבערזעצונג, אין: כתבים אחרונים, תשכ״ט, ז׳ 133, דעם פֿולן ייִדישן טעקסט זע ווײַטער, נומ׳ 4 זז׳ 125 – 130.

(11) אָט וועגן דעם שטעלט זיך יצחק קאַצענעלסאָן בפֿירוש אָפּ, אַ פּאָר מאָל, אין זײַן פּנקס ויטל. דעם תּמצית פֿון זײַן געדאַנקען־גאַנג וועגן ייִדישער "אומפֿעיִקייט" גלײַך צו באַנעמען דעם נאַצי־באַרבאַריזם, גיבן מיר דאָ ווײַטער מיט זײַנע אייגענע ווערטער (אין אונדזער ייִדישער איבערזעצונג): "ווייל איז אונדז וואָס מיר האָבן נישט געגלייבט [אין דעם מאַסנמאָרד ווי אַ מעגלעכקייט]... צוליב דעם צלם־אלהים וואָס אין אונדז – האָבן מיר נישט געגלייבט... אָט דאָס אומפֿלייט – קען נישט באַשריבן ווערן און קען נישט געמאָלט זײַן, בײַ אַנדערע ווי בײַ די אין וועמענס האַרץ עס איז פֿאַראַן אַ שמץ פֿון דעם אומפֿלייט". זע דעם גאַנצן טעקסט, דאָרט, ז׳ 158, 159, 164 און פֿאַרגלײַך דאָס וואָס י.ק. דערציילט וועגן רוצח בראַנד אין וואַרשעווער געטאָ און דעם ייִדישן שערער, דאָרט, ז׳ 181.

(12) דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק, זז׳ 75-76, און זע דאָרט ווײַטער דעם גאַנצן פּרק. לויטן אינהאַלט פֿון דעם טעקסט, וואָס איז געשריבן געוואָרן ענדע יאָר 1943 אין וויטעל, איז קלאָר אַז צום ענין "ידיעה" באַציט זיך י.ק. אויך אין צײַט־קאָנטעקסט פֿון פֿאַר דער מלחמה.

(13) זע: ח.א. קפּלן, מגילת יסורין; יומן גיטו ורשה – 1 בספטמבר 1939 – 4 באוגוסט 1942. (תל־אביב), עם עובד ויד־ושם, (תשכ״ו).

(14) די באַטרעפֿיקע ערטער זע ווײַטער, דאָרט, לויט די אָנגעוויזענע זײַטן (אין קלאַמערן גיבן מיר אַ מאָל צו צווישן געגנדזן־פּיסלעך, קאַפּלאַנס העברעיִשע פֿאָרמולירונגען וועלכע באַלײַכטן קאָנקרעט די עטאַפּן פֿון גאַנצן פּראָצעס): זז׳ 51, 63-65, 67 ("מיתת גירוש"), 73, 78, 87, 95 ("יחידים יאבדו הקיבוץ יחיה"), 97-98, 111, 139, 173, 175, 205, 213, 218, 219, 232, 243, 261 (דאָ קומט אַ גרויסע הפֿסקה אין קאַפּלאַנס כּסדרדיקע דערמאָנונגען וועגן פֿאַרניכטונג פֿון ייִדן. די הפֿסקה שטימט מיט דער "נאָרמאַליזאַציע" פֿון ייִדישן געטאָ־לעבן וואָס הייבט זיך אָן פֿון זומער 1940), 361 (די געטאָ ווי אַן עטאַפּ פֿון אָפּשוואַכונג און דעגענעראַציע פֿאַר די ייִדן), 365, 366, 374, 395 ("יחידים יאבדו... ומי יהיה היחיד"?), 407 ("על אף הרוצח חיה נחיה"), 433 ("אין מן הנמנע שיזרקו בנו מלמעלה פצצות להמיתנו"), 438 (אָנהייב 1941: "אין מן הנמנע שלא תגזר גזרת גירוש אף על ורשה היהודית"), 451, 455, 484, 494.

(15) ס׳איז זייער מעגלעך אַז ח.א. קאַפּלאַן האָט געשעפּט טיילווײַז זײַן אינפֿאָרמאַציע פֿון דער אונטערערדישער ייִדישער וואַרשעווער פּרעסע. זע למשל דאָס וואָס ער שרײַבט אויף זײַט 507 מיט דער דאַטע דאָרט, און פֿאַרגלײַך די דאַטע ווען עס איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין אונטערערדישן וואַרשעווער "ידיעות" נומ׳ 5, וועגן דעם מאָרד פֿון ראַדזינער רבי.

(16) זע די רייד פֿון ר׳ הערש אין: קפּלן, ז׳ 505, 508, 512, 513, 527, 530, 534.

(17) די און ענלעכע אָנגענומענע השׂגות פֿון דער ייִדישער און העברעיִשער ליטעראַטור־קריטיק האָט שוין דב סדן אָפּגעפֿרעגט מיט אַ 20 יאָר צוריק אין זײַן אַרבעט "דמדומים ומעבר להם: על יצחק קצנלסון", זע: סדן (תשכ"ג), זז' 58־45. זע אויך: שיינטוך (1978) זז' 113־123.

(18) דעם העברעיִשן מקור זע אין ערשטן באַנד פֿון שירים, תרצ"ח, ז' XX.

(19) זע דאָרט, ווײַטער און אויף זײַט XXI.

(20) דאָרט, ז' XXI.

(21) עס זײַנען פֿאַראַן אין דרוק פֿיר ביבליאָגראַפֿישע הויפּט־רשימות פֿון י.ק'ס שריפֿטן אין וואַרשע. אין דער כראָנאָלאָגישער רשימה וואָס מיר ברענגען ווײַטער, האָבן אונדז אויך די רשימות אַרויסגעהאָלפֿן. דער עיקר אָבער, איז אונדזער רשימה באַזירט אויף אַ דורכקוק פֿון די כּתבֿ־ידן אין יצחק קאַצענעלסאָן־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות. די פֿיר רשימות זײַנען:

(א) יצחק צ[וקרמן], "עזבונו (של י.ק.) בגיטו ורשה", מבפנים, כרך י"א, חוברת ד', מאי 1946, עמ' 656 (20 איינסן).

(ב) נ[חמן] ב[לומנטל], "כתבי־יד של יצחק קצנלסון הנמצאים בגנזי בית קצנלסון", דפים לחקר השואה והמרד, כרך א', אפריל 1951, עמ' 185־186 (38 איינסן).

(ג) "מורשתו הספרותית של י.ק. מתקופת השואה", ידיעות בית לוחמי הגיטאות, מס' 4, ינואר 1954, עמ' 13־15 (30 איינסן).

(ד) "יצירות יצחק קצנלסון ת"ש־תש"ד", כתבים אחרונים. די צווייטע אויסגאַבע, פֿון יאָר תשט"ז־1956, זײַטן 444־445 (41 איינסן). מיר פֿאַרשרײַבן נישט דאָ די לעצטע, די דריטע אויסגאַבע, פֿון יאָר תשכ"ט־1969 ווײַל עס זײַנען אין איר דורכגעלאָזן געוואָרן, צוליב טעכנישע סיבות, די פּאָזיציעס 32 ביז 37 אין דער ביבליאָגראַפֿישער רשימה; זע דאָרט, זז' 364־365.

(22) זע: תבע"פ – רבן (פולמן), ז' 16, און ווײַטער. דאָ ברענגען מיר אַ ייִדישע איבערזעצונג פֿון אָריגינעלן העברעיִשן טעקסט.

(23) צום ערשטען מאָל זײַנען יצחק קאַצענעלסאָנס ווערטער, לויט ווי ז. גלעד גיט זיי איבער, געדרוקט געוואָרן אין אַן איינמאָליקער אויסגאַבע, אין עין־חרוד, מיטן נאָמען מחיינו, נאָוועמבער 1943. דעם פֿולן טעקסט האָט ז. גלעד אָפּגעדרוקט שפּעטער אויך אין זײַן בוך, זע: גלעד, זז' 19־21. דער העברעיִשער טעקסט ווערט דאָ איבערגעזעצט.

(24) זע: צייטלין, א. (1963), ז' 9. דאָס וואָס א. צייטלין זאָגט וועגן "פנקס ויטל", וואָס איז געשריבן געוואָרן זומער 1943, צום יאָרצײַט פֿון די דערמאָרדעטע הונדערטער טויזנטער ייִדן פֿון וואַרשעווער געטאָ אין טרעבלינקע און בעת ייִדן זײַנען מאַסנווײַז געפּירט געוואָרן צום טויט, קען דערוויזן ווערן דורך אַן אַנאַליז פֿון "פנקס ויטל" אַליין, אין קאָנטעקסט פֿון י.ק'ס גאַנצן שאַפֿן. וועגן "פנקס ויטל" זע: שיינטוך (1979).

(25) אין דער עקזיסטענציאַליסטישער פֿענאָמענאָלאָגיע פֿאַרנעמען אַ צענטראַלן אָרט די באַטראַכטונגען וועגן דער קאָנפֿראָנטאַציע פֿון מענטש מיטן טויט. דער מענטשלעכער מצבֿ ווערט דאָרט באַשריבן ווי איינער פֿון די שליסל־סיטואַציעס מיט דער הילף פֿון וועלכע עס קען בעסער פֿאַרשטאַנען ווערן די גײַסטיקע אַנטוויקלונג פֿון מענטש, פֿאַרגלײַך:

*Peter Koestenbaum. The Vitality of Death; Essays in Existential Psychology and Philosophy.* (Westport) 1971.

(26) פֿאַרגלײַך די פּאָזיציע "Symbolic Action" אין פּרעמינגער, ז' 836.

(27) די אויבן ציטירטע ווערטער, מיט בערקס אייגענע מראה־מקומות, זע אין: ריקערט, זז' 48־49. בערקס באַנעם

איז אייגנטלעך פֿאָרמולירט אין ענלעכע באַגריפֿן ווי מיר געפֿינען עס אין דעם פֿענאָמענאָלאָגישן־עקזיסטענציאַליסטישן צוגאַנג צו ליטעראַטור, וועלכער באַטראַכט זי פֿאַר איינער פֿון די צענטראַלע דערשײַנונגען פֿון מענטשלעכער גײַסטיקער טעטיקייט: ליטעראַטור גיט אָנצוהערעניש אויפֿן מענטשנס באַנעם פֿון דערווירקלעכקייט. דערפֿאַר ווערט דער מעמד פֿון דער ליטעראַטור, לויט אַזאַ צוגאַנג, הויכגעשטעלט און באַטראַכט פֿאַר אַ פֿאַסיקן וויסנשאַפֿטלעכן פֿאָרשונגס־געביט פֿון אַזעלעכע באַלערנדע אינטויִציעס און באַשרײַבונגען וואָס זאָגן עדות וועגן דער ווירקלעכקייט אין וועלכער ער לעבט – ווײַל יעדע ווירקלעכקייט (אַזוי טענהט דער פֿענאָמענאָלאָגישער עקזיסטענציאַליזם) איז אַ גײַסטיקע קאָנסטרוקציע. **זע:** קעסטענבאַום, צום בײַשפּיל – ז׳ 170, זז׳ 273־275.

(28) וועגן די נײַע איבערזעצונגען פֿון תּנ״ך־קאַפּיטלען, זאָגט יצחק צוקערמאַן: ער איז נישט געווען צופֿרידן מיט דער ווערטפּולער יהואש־איבערזעצונג, און ער האָט איבערגעזעצט לויט זײַן אײַנזען...׳, זע: צוקערמאַן, מבפנים, י״ג, ז׳ 32.

(29) דעם 14טן נאָוועמבער 1939 האָט איבלהער, דער פּרעזידענט פֿון דער קאַלישער רעגענץ, צו וועמען די פֿאַרנומענע שטאָט לאָדזש האָט אַדמיניסטראַטיוו געהערט, פֿאַרעפֿנטלעכט אַ דעקרעט וועגן דער פֿליכט פֿאַר ייִדן צו טראָגן שאַנד־אָרעמבענדער. דער דאָקומענט איז אָפּגעדרוקט בײַ טרונק, י. – לאָדזש, ז׳ 10; ער ווערט דערמאָנט בײַ יאַסני, I, ז׳ 157. אויך דעם 11טן דעצעמבער האָט איבלהער אונטערגעשריבן אַן ענלעכן דעקרעט וועגן אַ ייִדישן שאַנדצייכן, אָבער דאָס מאָל מיט אַ מגן־דוד; ווי מיר וועלן אָבער ווײַטער זען איז שוין דאַן י.ק. נישט געווען אין לאָדזש. י.ק. דערמאָנט וועגן ערשטן דעקרעט אין זײַן ״דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק״, ז׳ 86: ״נייסט די שאַנדבענדער פֿאַר ביידן אונדז...״, ער דערמאָנט אויך אַז אין יענע טעג האָט זײַן פֿרוי זיך אײַנגעבעטן בײַ אים ער זאָל אַוועקפֿאָרן קיין וואַרשע (דאָרט). לויט ווי נתן עק דערציילט, קען זייער זײַן אַז י.ק. איז אין וואַרשע שוין געווען דעם 19טן נאָוועמבער 1939, ער דערציילט: ״ווען ס׳איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן די גזירה אַז טויט־שטראָף דערוואַרט יעדן ייִד וואָס וועט אין זײַן אייגענער היים נישט איבערשלאָפֿן די נאַכט ווי אויך יעדן ייִד וואָס וועט אַזאַ ״פּושע״ לאָזן איבערנעכטיקן בײַ זיך, האָב איך פֿאַרלאָזן לאָדזש און כ׳בין אַוועק קיין וואַרשע. דאָס איז געשען דעם 19טן נאָוועמבער 1939. קומענדיק קיין וואַרשע האָב איך דאָרט געפֿונען פֿיל באַקאַנטע לאָדזשער און צווישן זיי אויך יצחק קאַצענעלסאָנען״, זע: עק (תש״ך), ז׳ 194 און פֿאַרגלײַך ז׳ 195. די גזירה וועגן וועלכער נתן עק רעדט איז געווען אַ באַשטאַנדטייל פֿון איבלהערס דעקרעט פֿון 14טן נאָוועמבער, און זי האָט קאַצענעלסאָנען ביז גאָר באַשווערט דאָס בלײַבן אין לאָדזש (פֿאַרגלײַך: יאַסני, I, דאָרט).

(30) **זע די** ...ית־עדותן וועגן די פֿאַרפֿאָלגונגען פֿון דער אינטעליגענץ און כּלל־טוער, אין יאַסני, I, זז׳ 91־94.

(31) **זע** דעם ביאָגראַפֿישן אַרטיקל, אונטערגעשריבן פֿון: אוו. [= א.וו.יאַסני] ״ביאָגראַפֿישע נאָטיצן פֿון יצחק קאַצענעלסאָן״, פֿאָלקסצײַטונג (וואַרשע), יולי 22, 1948, ז׳ 13. אויך דער מחבר פֿון דעם אַרטיקל באַשטעטיקט אַז י.ק. איז אַנטלאָפֿן קיין וואַרשע אין נאָוועמבער 1939. י.ק. אַליין, דערמאָנענדיק יענע טעג, זאָגט: ״צו די צוויי מאָנאַטן אין לאָדזש וועל איך מיך נאָך צוריקקערן״ (פּנקס ויטל, ז׳ 160).

(32) י.ק. דערציילט אין ״פּנקס ויטל״ אַז: ״נאָך דעם ווי איך בין אָפּגעווען צוויי דרײַ טעג אין וואַרשע, בין איך צופֿעליק געווען אין ׳דזשוינט׳״ (דאָרט). נתן עק שרײַבט ״אויף דער לעשנאָ גאַס נומ׳ 13 האָט זיך דאַן געפֿונען דער ביוראָ פֿון פֿאַראייניקטן קאָמיטעט פֿון די אינסטיטוציעס פֿאַר סאָציאַלער אַליינהילף, וואָס ווערט אונטערשטיצט פֿון ׳דזשוינט׳... דאָ האָב איך געטראָפֿן י. קאַצענעלסאָנען״. זיי ביידע, עק און קאַצענעלסאָן רעדן וועגן זעלבן אָרט, אָן צווייפֿל (פֿאַרגלײַך בײַ ח.א. קפּלן: ״צעוווייטאָקטע און פֿאַרשמאַכטע, הונגעריקע און דערדריקטע באַלאַגערן זיי מאַסנווײַז דעם אַרײַנגאַנג פֿון דזשוינט (לעשנאָ 13)״ (קפּלן, ז׳ 88).

(33) זע: פּנקס ויטל, ז׳ 161. דאָס וואָס י.ק. דערציילט וועגן זײַן משפּחה באַציט זיך צו זײַנע איבערלעבונגען אין חודש דעצעמבער 1939 ווען קיין וואַרשע זײַנען דערגאַנגען האַלב קלאָרע ידיעות וועגן גורל פֿון זײַן משפּחה. פֿאַרגלײַך

די ידיעה וואָס ע. רינגעלבלום פֿאַרשרײַבט דעם 15טן דעצעמבער 1939: "פֿון לאָדזש טרויעריקע גרוסן: פֿאַרהאַפֿטעט אַלע ייִד[ישע] אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים און לערער. קאַצ[ענעלסאָ]נען, פֿרוי און 3 קינדער אינטערנירט..." (רינגעלבלום, I, ז' 39).

(34) זע: קורניאַנסקי, ז' 639. וועגן י.ק׳ס איבערלעבונגען פֿון אָנהייב מלחמה און ביז מאַי־יוני 1940, וועגן די טעטיקייט פֿון דרור־החלוץ איז באַניַיט געוואָרן, האָט יצחק צוקערמאַן רעזומירט אין ערשטן חלק פֿון זײַן אַרטיקל וועגן י.ק. "אין וואַרשעווער געטאָ און אין לאַגער וויטעל", כתבים אחרונים, תשכ"ט, ז' 358, פֿאַרענדיקנדיק: "זײַער דערשלאָגן איז דער פּאָעט געווען אין יענער צײַט... צו מאָל פֿלעגט ער זיך אַוועקשלעפּן דורך שרעקנדיקע גאַסן, ביז צו צדקה־אַנשטאַלטן, כּדי צו דערהאַלטן בײַם לעבן זײַן משפּחה [וואָס איז קיין וואַרשע דערגאַנגען צו אים ערשט אין יאַנואַר 1940]. קיין אויסדרוק פֿאַר דאָס וואָס ער האָט געזען און פֿאַרשטוינטערהייט געפֿילט האָט ער [אין יענער צײַט] נישט געפֿונען. די קוואַלן פֿון זײַן שאַפֿן זײַנען פֿאַרשטאָפּט געוואָרן. ער האָט זיך איצט [=דאַן] באַקענט מיט גרויע טעג פֿון געליימטקייט און פֿאַרשטומטקייט. במשך פֿון דרײַ פֿערטל יאָר, פֿון אָנהייב מלחמה אָן ביז יוני 1940, האָט ער גאָרניט געשריבן". עס זײַנען פֿאַראַן אויך מקורים וואָס באַטאָנען אַז נאָך פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט י.ק. אויפֿגעהערט כּמעט אין גאַנצן צו שרײַבן, זע: לוין, ל., ז' 647.

(35) די צוגרייטונגען פֿאַרן אַרויספֿאָר פֿון די קאַצענעלסאָנס האָבן געמאַכט דרײַ ציוניסטישע כּלל־טוער. דער דורכפֿאַל פֿון זייערע אָנשטרענגונגען בײַם סאַמע שוועל פֿון דער ענדגילטיקער רעאַליזאַציע פֿון י.ק׳ס פּלענער, עולה צו זײַן קיין ארץ־ישׂראל, אַן אַלטער חלום בײַ אים, האָט אים פֿאַרביטערט זײַנע טעג און אַרויסגערופֿן בײַ אים פּערזענלעכע באַשולדיקונגען קעגן באַשטימטע פּערזאָנען. פֿולע פּרטים וועגן דער גאַנצער פּרשה זע בײַ נתן עק, וואָס איז אַליין געווען איינער פֿון די קאַנדידאַטן פֿאַר עליה און נישט געקענט אַרויספֿאָרן: עק (תש"ך), זז' 196־197; פֿאַרגלײַך אויך בײַ לוין, ל., ז' 646. וועגן ווי אַזוי די משפּחה האָט זיך צוריק פֿאַראייניקט און ווען, זע: אַוו., ז' 13; און אויך דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק, ז' 86.

(36) אליעזר ליפּע בלאָך איז געווען איינע פֿון די באַקאַנטסטע געשטאַלטן אין געזעלשאַפֿטלעכן וואַרשעווער ייִדישן לעבן אין געטאָ און אויך אין דער ייִדישער אונטערגרונט־באַוועגונג. ער איז געווען טעטיק אויך אין די העברעיִשע קולטור־קרײַזן, אין דער העברעיִשער קולטור־געזעלשאַפֿט "תּקומה", ווי אויך איינער פֿון די אָנטייל־נעמער אין די זיצונגען פֿון דער פֿאַרוואַלטונג בײַם עמנואל רינגעלבלום־אַרכיוו, דער באַוווּסטער אונטערערדישער אַרכיוו פֿון וואַרשעווער געטאָ. אין פּוילן איז א.ל. בלאָך געווען פֿון די אָנפֿירער פֿון די אַלגעמיינע ציוניסטן, און דירעקטאָר פֿון צענטראַלן קרן־קיימת־ביוראָ. בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע האָט ער געהאַלטן פֿאָרלעזונגען אויף אונטערערדישע סעמינאַרן פֿון די חלוצישע באַוועגונגען. זע וועגן דעם אין וואַרשעווער טאָגבוך פֿון אַבֿרהם לעווין (לוין, א., ז' 110), און בעיקר זע די דערקלערונג פֿון צבֿי שנר, דעם רעדאַקטאָר פֿון טאָגבוך, אויף זז' 211־212, דאָרט. ביאָגראַפֿישע פּרטים וועגן א.ל. בלאָך זע בײַ: ניישטאַט, זז' 268־269.

(37) עפּעס וועגן דער פֿילבאַרער פּראָבלעמאַטיק, די פֿאַרביטערונג און די פֿאַרשטערונג, וואָס זײַנען געווען אַ באַשטאַנדטייל פֿון דער איבערלעבונג פֿון יענע וועלכע האָבן זיך אַקטיוו פֿאַראינטערעסירט מיט די קאָנקרעטע מעגלעכקייטן צו פֿאַרלאָזן פּוילן, ווערט באַשריבן זייער שאַרף בײַ ח.א. קאַפּלאַן, זע: קפּלן, זז' 189־191, 211־212.

(38) "קומט אויס אַז די עליה־קאָמיסיע 'האָט אים אַראָפּגעפֿירט פֿון ריכטיקן וועג'", עק (תש"ך), ז' 197. דאָס זײַנען י.ק׳ס ווערטער, ציטירט פֿון נתן עק.

(39) יצחק קאַצענעלסאָנס געמיט איז אין געטאָ באַשווערט געווען, נישט נאָר מיט דעם זכּרון פֿון זײַן דורכגעפֿאַלענער עליה, אָנהייב 1940, נאָר אויך מיט אַ פֿאַרשלעפּטן סכסוך, נאָך פֿון די דרײַסיקער יאָרן. ווי נתן עק דערציילט, זײַענדיק אַלײַן פֿאַרמישט אין אים, איז אָנהייב יענע יאָרן אויסגעבראָכן אַ קאָנפֿליקט צווישן י.ק. און פֿאַרשיידענע דערציִונגס־

פֿאַקטאָרן אין העברעיִשן לאָדזשער חינוך און אין וואַרשע. אויך אָט דער סכסוך האָט ווײַטער זיך געלאָזט פֿילן אין קאַצענעלסאָנס באַציִונגען מיט געוויסע גרופּעס... זע: עק (תש״ך), זז׳ 197, 192־193. אויך וועגן דעם שרײַבט ער דאָרט: ״נאָך אין וואַרשעווער געטאָ און אַפֿילו אין וויטעל לאַגער האָבן מיר זיך [ביידע] געהיט נישט פֿאַרפֿלאָנטערט צו ווערן אין אַלטן סכסוך״.

(40) זע: יאַסני, I, ז׳ 116, און פֿאַרגלײַך ז׳ 115 דאָרט. זע אויך: אַוו., ז׳ 13.

(41) זע: יאַסני, I, ז׳ 115, 128, 153.

(42) דאָרט, זז׳ 119־123. וועגן צענטראַלן אָרט וואָס דער קאַפּע ״אַסטאָריאַ״ האָט פֿאַרנומען אין קולטורעלן און ליטעראַרישן לעבן פֿון דער לאָדזשער אינטעליגענץ, זע בײַ: גאָלדקאָרן, ז׳ 36.

(43) זע: יאַסני, I, ז׳ 111.

(44) פֿאַרגלײַך מרים נוביץ׳, ״עם יצחק קצנלסון במחנה ויטאל״, ידיעות בית לוחמי הגיטאות, נומ׳ 5־6, אַפּריל 1954, ז׳ 8.

(45) זע: הערה נומ׳ 34 און בײַ מרים נאָוויטש, לויטן מקור אויבן פֿאַרצייכנט אין הערה נומ׳ 44. זע אויך: אַוו., ז׳ 13.

(46) זע וואָס ח.א. קאַפּלאַן שרײַבט וועגן די ״קאָמפּלעטן״, דעם 14טן דעצעמבער 1939, אין: קפלן, ז׳ 113, און אויף זז׳ 155־156.

(47) וועגן מצבֿ פֿון יידישן חינוך אין וואַרשע בעתן מלחמה־אויסברוך, זע: נשמית, ז׳ 98־100.

(48) זע יצחק צוקערמאַנס ווערטער אין כתבים אחרונים, תשכ״ט, ז׳ 358.

(49) די געשיכטע פֿון קיבוץ־הכשרה אויפֿן נאָמען פֿון בער באָראָכאָוו אין לאָדזש און די באַנײַטע טעטיקייט אין וואַרשע בעת דער מלחמה, זײַנען ברייט באַשריבן געוואָרן אין בוך: ספורו של קיבוץ־הכשרה; הקיבוץ ע״ש ברוכוב בלודז׳ ובנותיה. (תל־אביב) תש״ל. דער לעצטער סעקרעטאַר פֿון באָראָכאָוו־קיבוץ אין לאָדזש, יוסף קאָרניאַנסקי, באַשרײַבט דאָרט די געשעענישן פֿון אויסברוך פֿון דער מלחמה און ווײַטער (זע: זז׳ 347־350).

(50) זע: לובטקין, ז׳ 446, 452.

(51) דאָרט, זז׳ 460־462, פֿאַרגלײַך די פֿאַרצווײַגטע אַקטיוויטעטן פֿון דער באַוועגונג און זייער צאָל, פֿון ענדע 1939 ביז זומער 1942, אין: ״אינערלעכע קאָרעספּאָנדענץ״, מאַי 1942 נומ׳ 4, אַן אינערלעכער ביולעטין פֿון ״דרור״ וואָס איז פֿאַרטיילט געוואָרן צווישן די אַקטיווע חבֿרים אין דער פּראָווינץ דורך פֿאַרבינדלער, פֿאַרשטעלטע פֿאַר גויים. איז פֿון דאָס נײַ אָפּגעדרוקט געוואָרן נאָך דער מלחמה אין אַ העברעיִשער איבערזעצונג, אין: דפים לחקר השואה והמרד, מאסף ראשון, ינואר־אפריל 1951, זז׳ 149־150. מיר ציטירן ווײַטער פֿון דעם לעצטן אָפּדרוק.

(52) זע: אינערלעכע קאָרעספּאָנדענץ, זז׳ 155־156, ווי אויך די הערות נומ׳ 23, 24, דאָרט. וועגן טיפֿן אײַנדרוק וואָס י.ק׳ס לעקציעס האָבן געמאַכט בעת די סעמינאַרן, זע: קורניאַנסקי, ז׳ 640 (אויך געדרוקט אין: סיפורו של קיבוץ־הכשרה, ז׳ 324). אַ גענויע באַשרײַבונג פֿון ״דרור״־חינוך און אַן אָפּשאַץ פֿון י.ק׳ס צושטײַער, זע אין: לובטקין, זז׳ 464־466.

(53) זע צום בײַשפּיל: תבע״פ־רבן (פולמן), ז׳ 16; לייזער לעווין דערציילט איבער זײַן טאָכטערס אײַנדרוקן וועגן י.ק. ווי אַ לערער, אין: מבפנים, באַנד י״א, העפֿט ד׳, מאַי 1946, זז׳ 646־647; יעל סאַק, ״הגמנסיה שלנו״ [אין געטאָ],

ספר דרור, זז׳ 404־406; זע אויך: יונת סנד, ״עם יצחק קצנלסון״, מבפנים, כרך מ״א, סתיו תש״מ [1979], גל׳ 3־4, זז׳ 317־319.

(54) קורניאַנסקי, ז׳ 639. די לעצטע פּאָר אויבן ציטירטע שורות זײַנען פֿון מיר אונטערגעשטראָכן געוואָרן — י״ש.

(55) זע: לוין, ל., ז׳ 647; לובטקין, ז׳ 463; צוקרמן — מבפנים, י״ג, ז׳ 30 — און פֿאַרגלײַך: כתבים אחרונים, תשכ״ט, ז׳ 358; קורניאַנסקי, זז׳ 639־640. יצחק קאַצענעלסאָן אַליין שרײַבט וועגן דעם באַטײַט פֿון זײַן פֿאַרבינדונג מיט דרור־החלוץ, אין דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן יידישן פֿאָלק (דאָרט, ז׳ 94).

(56) וועגן דעם זע אין: בשדמות גרוכוב, זז׳ 354־355, 356־357. זע אויך: אינערלעכע קאָרעספּאָנדענץ, ז׳ 150; קורניאַנסקי, זז׳ 640־641. אַ ברייטע באַשרײַבונג וועגן קאַצענעלסאָנס וויזיט, זע אין: בעגנער, זז׳ 86־87. לויטן קאָנטעקסט דאָרט איז קלאָר אַז דער באַזוך אין טשערניאַקאָוו איז פֿאָרגעקומען נאָכן פֿאַרמאַכן די געטאָ אין וואַרשע.

(57) זע: ניישטט, ז׳ 218. זע אויך: תבע״פ — רבן (פולמן), ז׳ 17; לובטקין, זז׳ 466־467. וועגן די באַדינגונגען אין וואַרשעווער געטאָ פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון אַ יידישן קולטור־לעבן להבדיל פֿון פֿאַרווײַלונג סתּם, זע: טורקאָוו (1948), זז׳ 195־255, דאָרט ווערט דערקלערט די וויכטיקע ראָל פֿון די הויז־קאָמיטעטן און די געזעלשאַפֿטלעכע קיכן בײַם דערהאַלטן דאָס יידישע קולטור־לעבן אין געטאָ. זע אויך: אויערבאַך (1974), זז׳ 65־66.

(58) זע: לובטקין, ז׳ 452, 455; גוטמן (תשל״ה), זז׳ 57־59, 184.

(59) זע: גוטמן (תשל״ה), זז׳ 180־184. דאָרט באַהאַנדלט ברייט דער מחבר די ענדערונגען וואָס זײַנען פֿאָרגעקומען איבער הויפּט בײַ די ציוניסטיש־חלוצישע באַוועגונגען, וועלכע זײַנען פֿאַר דער מלחמה נישט געווען טעטיק אין יידישן אינערלעכן לעבן אין פּוילן. זע דאָרט אויך אַ קורצן איבערבליק איבער דער רעאָרגאַניזאַציע פֿון דרור־החלוץ גלײַך נאָכן מלחמה־אויסברוך.

(60) זע בײַם סוף פֿון ״עפֿענונג צו אַ תנ״ך־אָוונט״.

(61) זע: גוטמן (תשל״ה), זז׳ 209־211. די ערשטע גרויסע גרויל־איבערראַשונג, ווי אַ רעזולטאַט פֿון ידיעות וועגן מאַסנמאָרדן פֿון ייִדן, קומט פֿאָר אין דער חלוצישער באַוועגונג נאָך דעם ווי די ערשטע שליחים קומען אָן קיין וואַרשע אין אָקטאָבער 1941. פֿון דאַן האָט יעדע נײַע אינפֿאָרמאַציע און יעדע דירעקטע עדותשאַפֿט, וואָס איז דערגאַנגען במשך פֿון דעצעמבער 1941 און יאַנואַר 1942, געשטאַרקט דעם פּראָצעס וואָס האָט ענדלעך דערפֿירט צו אַ בהדרגהדיקן אָבער פּערמאַנענטן אומבייט אין די שורות פֿון די יוגנט־באַוועגונגען און פּאָליטישע ריכטונגען, ביז עס איז צום סוף אַנטשטאַנען זומער 1942 אַ ייִדישע באַוואָפֿנטע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. אַ גענויע באַשרײַבונג פֿון דעם גאַנצן פּראָצעס, זע בײַ: גוטמן תשל״ה, פרק ה׳ — ״טרם ההגליה הגדולה״ — זז׳ 209־254.

(62) זע: גוטמן (תשל״ה), זז׳ 224־225.

(63) דאָס קומען פֿון מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָף קיין וואַרשע — מערץ 1942 (איינע פֿון די הויפּטגעשטאַלטן אין דער דרור־החלוץ באַוועגונג), ווי אויך דאָס שליחות פֿון די ווילנער חבֿרים פֿון דער דאָרטיקער פֿאַראייניקטער פּאַרטיזאַנען אָרגאַניזאַציע (פּ.פּ.אָ), וועמענס ציל איז געווען צו פֿאַרשפּרייטן אין וואַרשע און אין אַנדערע געטאָס דעם רוף צו באַוואָפֿנטן אויפֿשטאַנד אין ליכט פֿון די מאַסנמאָרדן, און וועלכע זײַנען קיין וואַרשע נישט דערגאַנגען ווײַל זיי זײַנען אויפֿן וועג אַרעסטירט געוואָרן — די געשעענישן זײַנען אַ סימן פֿאַר די איבערגעביטענע שטעלונגען אין דרור־החלוץ און אין אַנדערע באַוועגונגען, וועלכע האָבן ראַדיקאַל געענדערט זייער צוגאַנג און באַנעם נאָך פֿאַר דער גרויל־

נאָכט פֿון 17טן אויפֿן 18טן אַפּריל, ווען ס׳איז קלאָר געוואָרן אַז די דײַטשן האָבן באַשלאָסן דירעקט צו אַטאַקירן דעם ייִדישן אונטערגרונט און זײַנע שטיצער. זע: צוקרמן – דפים מן הדליקה, ז׳ 5; גוטמן (תשל״ה), ז׳ 221.

(64) זע די באַשרײַבונג פֿון דעם אינערלעכן איבערבײַט אין דער טעטיקייט און די השׂגות וועגן אומקום אין דער דרור־החלוץ־באַוועגונג, אין: מרדכי טננבוים. דפים מן הדלקה; פרקי יומן, מכתבים ורשימות... (תל־אביב), הקיבוץ המאוחד, תש״ח – (1947).

(65) זע דעם העברעיִשן טעקסט, אין צוקרמן – דפים מן הדליקה, תש״ח, זז׳ 7־8.

(66) דעם פֿולן טעקסט אויף העברעיִש, זע אין פנקס ויטל, ז׳ 176. אָט די ווערטער זײַנען געשריבן געוואָרן דעם 20סטן אויגוסט 1943. דאָרט ווערט באַשריבן דער סאָרט ידיעות וואָס זײַנען אָנגעקומען צו דער אונטערגרונט־באַוועגונג, וועגן די רציחות פֿון צענדליקער טויזנטער ייִדן אין פּאָנאַר לעבן ווילנע און וועגן דער ערשטער תּקופֿה פֿון אויסראָטונג אין ווילנער געטאָ בעת די לעצטע מאָנאַטן פֿון יאָר 1941.

(67) זע: טננבוים, זז׳ 124־126. אָט די ווערטער טענענבוימס, וועלכע זײַנען געשריבן געוואָרן בעתן גרויסן אויפֿשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ ווען ער אַליין איז שוין געווען אין ביאַליסטאָקער געטאָ צוגרייטנדיק דעם דאָרטיקן אויפֿשטאַנד, שפּיגלען טרײַ אָפּ די אַנטוויקלונג אין אונטערערדישן דרור־החלוץ נאָכן אויסברוך פֿון דער דײַטש־סאָוויעטישער מלחמה, אין דער צווייטער העלפֿט פֿון יאָר 1941. מיט אָט דער פֿון אים אויבן דערמאָנטער גרייטקייט שטאָלץ צו גיין דעם זיכערן טויט אַנטקעגן מיט געווער אין האַנט, איז מרדכי טענענבוים געקומען אין וואַרשעווער געטאָ, אין מערץ 1942.

(68) זע: גוטמן (תשל״ה), זז׳ 236־237. זע אויך: צוקרמן – דפים מן הדלקה, ז׳ 6.

(69) זע: צוקרמן – מבפנים, י״ג, ז׳ 36. פֿאַרגלײַך אויך אויבן הערה נומ׳ 8.

(70) וועגן דער פֿאַרבינדונג צווישן דעם אויסברוך פֿון דער מלחמה אין מזרח – זומער 1941 – און די רעאַליזאַציע פֿון דער ״ענדגילטיקער לייזונג פֿון ייִדן־פּראָבלעם״ דורך אַ דירעקטן מאַסנמאָרד פֿון די ייִדן זע: מארטין ברושאט, ״היטלר וראשית ׳הפתרון הסופי׳״, יד־ושם; קובץ מחקרים, כרך י״ג, ירושלים תש״מ (1979), זז׳ 61 – 98 (דער עיקר, זײַטן 75 – 79).

(71) איין בײַשפּיל פֿון אַ סך פֿאַר דער אָנגענומענער מיינונג אַז יצחק קאַצענעלסאָן איז אַ ״לײַכטער צעיאַכמערטער״ לירישער פּאָעט מיט אַ ״שפּילעוודיקן קאַפּריזנעם״ צוגאַנג צום לעבן, זע אין לערנבוך פֿון חיים תורן און מרדכי רובינזון, ספרותנו החדשה, באַנד איינס, ירושלים, אחיאסף, תש״ד – וואָס שפּיגלט אָפּ, ווי דער שטייגער איז פֿון לערנביכער, פֿאַרשפּרייטע מיינונגען וואָס זײַנען אָנגענומען ווי ריכטיק, ברשות־הרבים. זע אויך די פֿאָרמולירונג פֿון ד. שמעונוביץ וועגן י.ק. דעם ״שפּילקינד פֿון דער נײַער העברעיִשער פּאָעזיע״, און דאָס וואָס ווערט מיט דעם געמיינט, אין זײַן אַרײַנפֿיר צו: כתבים אחרונים, תש״ז, ז׳ א. און פֿאַרגלײַך: צייטלין, א., (1963), ז׳ 7, ווי אויך די אַרײַנפֿיר־ווערטער אין: עק (1964), זז׳ 25־26. דער עיקר זע דעם אַרטיקל פֿון גיטל מייזיל וועגן יצחק קאַצענעלסאָנען, אין ייִדישע קולטור (ניו־יאָרק), מערץ 1946, העפֿט 3, זז׳ 34־37. דאָרט ווערט קלאָר אַרויסגעהויבן די דיספּראָפּאָרץ צווישן דער אָנגענומענער דעה וועגן יצחק קאַצענעלסאָנס פּאָעזיע און איר הויפּטשטריך וואָס וואָרצלט פֿון אירע אָנהייבן אָן אין צער פֿון מענטשלעכן און ייִדישן קיום.

(72) דער צענטראַלער דאָקומענט פֿאַר דעם ענין, איז די הקדמה צו זײַנע דרײַ בענדער לידער – שירים, תרצ״ח, זז׳ XI-XXXII, אָפּגעדרוקט אויך אין: שירים, תשל״ה. אין דער הקדמה מאַכט י.ק. אַ דין־וחשבון וועגן זיך ווי אַ פּאָעט. לויטן אינהאַלט זייערן, ווערן די רייד אָנגעווענדט מתּרץ צו זײַן אייניקע קושיות און טענות וואָס קריטיקער און לייענער

האָבן געהאַט צו אים במשך פֿון יאָרן, טאַקע וועגן ענין: רעאַקציע פֿון אַ שרײַבער צו היסטאָרישע געשעענישן אין דער געשיכטע פֿון רדיפֿות אויף ייִדן. עס איז אָבער אויך קלאָר אַז י.ק. פֿאַרענטפֿערט זיך דאָ פֿאַר קיינעם נישט, נאָר ברענגט פֿאַרן לייענער אַן אייגנאַרטיקן וידוי פֿון אַ שרײַבער וואָס באַשטייט אויף זײַנס – צו זײַן ער אַליין, ווײַל ער וויל נישט און ער קען אַנדערש נישט זײַן (פֿאַרגלײַך דאָרט, זז׳ XXIX-XXX).

(73) געווען געדרוקט אין שירים, תרצ״ח, ערשטער באַנד, זז׳ 55־58, און אויך שפּעטער דערשינען אין שירים, תשל״ה, זז׳ 284־287.

(74) זע: לעשצינסקי (1951). די טיילן פֿון דעם בוך זײַנען געשריבן געוואָרן אונטערן אוממיטלבאַרן רושם פֿון די געשעענישן. דערפֿאַר שפּיגלען זיך אין אים אָפּ די אַטמאָספֿער און די דירעקטע רעאַקציע פֿון שרײַבער אין יענער צײַט, אין דער ייִדישער פּרעסע.

(75) זע: שירים, תרצ״ח, זז׳ XXI-XXII. אַלע אונטערגעשטראָכענע ווערטער זײַנען י. קאַצענעלסאָנס.

(76) זע די צייכענונג אין כּתבֿ־יד בײַם אָנפֿאַנג פֿון דעם דריטן אַקט, זע דאָ ווײַטער די פֿאַקסימיליע אויף זײַט 295.

(77) אין דרוק איז די צייכענונג נישט געבראַכט געוואָרן, ס׳איז נאָר אָפּגעהיט געוואָרן די סצענישע אָנווײַזונג פֿון לינקס און פֿון רעכטס: ״באַריערעס רעכטס״ און ״באַריערעס לינקס״, פֿאַרגלײַך: על נהרות בבל, ז׳ 66.

(78) געדרוקט אין שירים, תרצ״ח, צווייטער באַנד, זז׳ 156־157, און אויך אין שירים, תשל״ה, זז׳ 260־261.

(79) זע: קעסטענבאַום, זז׳ 16־17.

(80) דער טויט, ווי אַן אַקטיווירנדיקער ווירקנדיקער פֿאַקטאָר אין מענטשנס לעבן, איז נישט פֿאַרבונדן דווקא מיטן פֿיזישן טויט פֿון קערפּער. אויך אַ סימבאָלישער טויט, אין זין פֿון אַ פּערזענלעכן וועלטבאַנעם וואָס צעפֿאַלט זיך נאָך דעם ווי ער איז מיפּול און זאָרגהאַפּטיק אויפֿגעבויט געוואָרן, אויך אַזאַ טויט איז בכּוח צו צעטרייסלען דעם באַוווסטזײַן און אים פֿײַנלעך באַאומרויִקן, זע בײַ: קעסטענבאַום, ז׳ 14.

(81) מיט דעם נאָמען איז די פּאָעמע געדרוקט געוואָרן אין: דמדומים, ערשטער טייל, ורשה תר״ע (1910), זז׳ 99־122. אין שירים, תרצ״ח, באַנד III, זז׳ 247־281 – איז דער נאָמען פֿון דער פּאָעמע איבערגעביטן געוואָרן אויף ״הֲוָי (מזמורי יום־יום)״. עס זײַנען אויך געמאַכט געוואָרן טעקסטואַלע ענדערונגען, וועלכע צוזאַמען מיט דער ענדערונג אין נאָמען שפּיגלען אָפּ אויך אַן ענדערונג בײַ י.ק. בײַם אָפּשאַצן דעם באַטײַט פֿון פּאָגראָמען אויף ייִדן: דאָס צײַטווײַליקע איז געוואָרן אַ שטענדיקע דערשײַנונג, די געשעעניש איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לעבנס־ווירקלעכקייט – דאָס וואָס איין מאָל איז געשען, איז געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכקייט. די פּאָעמע איז צום ערשטן מאָל געדרוקט געוואָרן, אין דער העברעיִשער פּרעסע, נאָכן פּאָגראָם אין קישיניעוו – זע: ״הפרעות התחילו (מזמורים של יום)״, הזמן, שנה ראשונה, כרך שלישי (חוברות ז־ט) יולי־ספטמבר 1905.

(82) געווען געדרוקט אין: דמדומים, צווייטער טייל, זז׳ 24־25. איז נישט אַרײַנגענומען געוואָרן אין: שירים, תרצ״ח. פֿאַרגלײַך דאָרט דאָס ליד ״בלימה״, אין דריטן באַנד, זז׳ 30־35. דאָס ליד ״אלגיה״ איז אויך נישט געדרוקט אין: שירים, תשל״ה. זע דעם טעקסט פֿון ליד, וואָס מיר דרוקן אויבן אויף זײַטן 20 – 21.

(83) אבֿרהם לעווינסאָן האָט אַזאַ אויספֿיר געמאַכט אין אַן אַרטיקל וועגן יצחק קאַצענעלסאָנען אין: הפועל הצעיר, יאָר ל״ט, העפֿט 36, 25.5.1946, זז׳ 8־9. געדרוקט שפּעטער אין זײַן בוך: כתבי אברהם לוינסון, תל־אביב, תשט״ז־(תשי״ט), זז׳ 202־203. דאָרט שרײַבט ער: ״יצחק [קצנלסון] צחק במכאוביו. ובמכאוביו נתעלה רוחו ונתחדדה ראייתו לחזות מחזות־אחרית, מחזות ההיאבקות של ישראל עלי אדמות. עוד בשנת 1930 הוא שר שירו ״אלי קיר״... ובהקדמתו

משנת 1938 [ס'דאַרף זײַן: 1937!] הוא כותב: 'גם בשעה שאנו עומדים אל הקיר...' וגו'." (ז' 203).

(84) זע: הקדמת תרצ"ז, ז' XXXII; שירים, תשל"ה, ז' 38. און זע דאָרט ווײַטער ביזן סוף.

(85) זע: יצחק קאצענעלזאהן, בחורים; קאמעדיע... ווארשא 1908. געשריבן אויף ייִדיש און שפּעטער איבערגעזעצט פֿון מחבר אויף העבֿרעיִש. אין העבֿרעיִש דערשינען אין יאָר תרע"א.

(86) אין זײַנע לעצטע אויבן ציטירטע ווערטער, באַטאָנט בעסקין דעם מוז פֿון אַן איבערבײַט, אויפֿן סמך פֿון זײַן סוביעקטיוון געפֿיל אַז: "דאָ בין איך קיין בחור נישט". מיט די ווערטער פֿאַרבינדט י.ק. אין "בד' ־ים", בעסקינס באַזינונג פֿון זײַן אייגענעם לעבן, צוזאַמען מיט דער פּיאָנערישער אונטערנעמונג פֿון נאַציאָנאַלן אויפֿלעבן אין ארץ־ישׂראל, קאָנטראַסטירנדיק אַזוי אַרום איין מין בחורים מיט אַ צווייטן. אין טיטל "בחורים" ווערן בײדע מינים פֿאַראייניקט אין איין פֿאַרשטעלונג. אַז דאָס איז נישט קיין איינמאָליקער צוגאַנג צו אַזאַ עקזיסטענציאַלער פּראָבלעמאַטיק קענען מיר זען, פֿאַרגלײַכנדיק אַנדערע לידער מיט אַן ענלעכער באַציִונג צו דעם ענין – זע למשל דאָס ליד "נשף חשק" (תרפ"ד), שירים, תרצ"ח, באַנד דרײַ, זז' 224־226 און פֿאַרגלײַך דאָס ליד, מיט די לידער אויף אַן ארץ־ישׂראלדיקער טעמאַטיק, וועלכע ווערן דערמאָנט אין הערה נומ' 89.

(87) דער נאָמען פֿון ליד איז: "אבדה". געשריבן געוואָרן אין יאָר תרפ"ה בעת י.ק'ס ערשטן וויזיט אין ארץ־ישׂראל. זע: שירים, תשל"ה, ז' 233. פֿאַרגלײַך מיטן ליד "על הריסות", דאָרט, ז' 234.

(88) דאָס ליד "פעמונים" איז געדרוקט אין: שירים, תרצ"ח, זז' 128־133; שירים, תשל"ה, זז' 235־240.

(89) זע: יצחק קצנלסון, הנביא; חזיון בשלוש מערכות, (לודז' תרפ"ב). אויף זײַט 4, דאָרט, איז אָנגעגעבן די דאַטע: תר"ע תמוז־תרע"ז אב. עס איז אָנגענומען צו באַטראַכטן די דאַטע ווי יענע תּקופֿה אין וועלכער י.ק. האָט דעם טעאַטער־שפּיל אָנגעשריבן. אַפֿילו ווען דאָס איז טאַקע אַזוי, איז עס אָבער נישט גענוג פּינקטלעך, ווײַל מע דאַרף נישט באַטראַכטן די פֿאָרשטעלונג "הנביא" ווי אַ שאַפֿונג וואָס איז אַנטשטאַנען ווי איין גאַנצע טעקסט־נאָכאַנאַנדיקייט. ווי עס זעט אויס איז דער טעקסט פֿון "הנביא" אויפֿגעבויט געוואָרן, דער עיקר, אויף טעקסטן וואָס זײַנען שוין געווען פֿאַרטיקע, און וועלכע זײַנען נישט געשריבן געוואָרן ספּעציעל פֿאַר דער פֿאָרשטעלונג, נאָר דווקא אין פֿאַרשיידענע צײַטן און אָן קיין שום פֿאַרבינדונג מיט אַ פּלאַן פֿון "הנביא". מיר געפֿינען דאָרט טאַקע אַרום 10 לידער און לידער־קראַנצן וואָס זײַנען אָנגעשריבן געוואָרן צווישן די יאָרן תר"ע־תרע"ו, און וועלכע זײַנען אַרײַנגעפּאַסט געוואָרן ערשט שפּעטער אין טעקסט פֿון דער פֿאָרשטעלונג. ווי אַ בײַשפּיל ברענגען מיר ווײַטער אָנווײַזונגען וועגן אָט די לידער – זייער אָרט אין דעם טעקסט פֿון "הנביא" און ווו געדרוקט באַזונדער:

| נאָמען פֿון ליד (דאַטע) | שירים, תרצ"ח | הנביא, תרפ"ב |
|---|---|---|
| 1. בשדה שונם, (תר"ע) | כרך שני, ע' 63־74 | ע' 21־31 |
| 2. מטה, (תר"ע) | כרך שני, ע' 29־30 | ע' 35־36 |
| 3. נופל וגלוי עיניים, (תרע"א) | כרך שני, ע' 213־215 | ע' 54־56 |
| 4. יריבים, (תרע"א) | כרך שני, ע' 158־164 | ע' 70־75 |
| 5. פזמון, (תרע"ג) | כרך ראשון, ע' 70 | ע' 43 |
| 6. טהרה, (תרע"ג) | כרך שלישי, ע' 143־147 | ע' 90־94 |
| 7. אשר, (תרע"ה) | כרך שני, ע' 130־134 | ע' 170־171, |

| | | |
|---|---|---|
| | | ,173־172 |
| | | 175־174 |
| 8. חפצי־בה, (תרע״ו) | כרך שלישי, ע׳ 229־237 | ע׳ 182־189 |
| 9. מנגינה, (תרע״ו) | כרך שלישי, ע׳ 184־188 | ע׳ 201־205 |
| 10. עם הכינור, (תרע״ו) | כרך שלישי, ע׳ 219־223 | ע׳ 206־211 |

(90) דעם פֿראַגמענטאַרן כאַראַקטער פֿון דער פֿאָרשטעלונג האָט שוין באַהאַנדלט גרשון שקד, ער זאָגט: ״פֿון סטרוקטוראַלן שטאַנדפּונקט איז ״הנביא״ אַ פֿראַגמענטאַריש טעאַטער־שפּיל. זײַנע סצענישע פֿאַרבינדונגען זײַנען צופֿעליקע. די סעקווענץ פֿון געשעענישן איז נישט באַשטימט פֿון קיין דראַמאַטישער לאָגיק אין דער אַקציע, נאָר פֿון אַ פּילזײַטיקער באַלייכטונג פֿון אַ דראַמאַטישן מצבֿ דורך לירישע רעפֿלעקטיווע מפֿרשים״ – דעם העברעיִשן טעקסט זע אין: שקד, ז׳ 160. איינע פֿון די סיבות פֿאַר אָט דער פֿראַגמענטאַרישקייט זעט אויס צו זײַן די פֿאָרגעשיכטע פֿון די טעקסטן פֿון אָט דער דראַמע וועלכע איז נישט געשריבן געוואָרן ווי איין גאַנצער טעקסט נאָר איז צונויפֿגעשטעלט געוואָרן ווי אַ מאָזאַיִק וואָס ווערט באַזינט דורכן בשותּפֿותדיקן טראַדיציאָנעלן־תּנ״כישן קאָנטעקסט פֿאַר די געשעענישן.

(91) וועגן סימבאָלישן באַטײַט פֿון די גלעקער בײַ י.ק., זע אין זײַן אַרטיקל ״זיך געביטן מיט די יוצרות״, הײַנט, 17.7.36.

(92) דער אָפֿענער בריוו איז צו ערשט אָפּגעדרוקט געוואָרן אין הײַנט, נומ׳ 31, פֿון 5טן פֿעברואַר 1936. אַ פֿאַרקירצטער נוסח איז געדרוקט געוואָרן אין דער בראָשור: דער אויפֿטו פֿון יונגן דור, וואַרשע 1936. דער אָביעקטיווער מצבֿ פֿון די חלוצים אין יענער צײַט איז באמת געווען אַ שווערער צוליב דעם וואָס קיין ארץ־ישׂראל האָט מען זיי נישט אַרײַנגעלאָזט און פֿאַר זייער צוקונפֿט איז פּוילן שוין מער קיין אויסוועג נישט געווען; זע די סטאַטיסטישע פֿאַקטן, לויט: שנר (תש״ל), ז׳ 359. דאָרט ווערט צווישן אַנדערע אָנגעגעבן אַז 40% פֿון די חלוצים זײַנען אָפּגעווען צווישן 5 ביז 6 יאָר אין קיבוץ־הכשרה באָראָכאָוו אין לאָדזש, איידער ס׳איז זיי דערמעגלעכט געוואָרן עולה צו זײַן קיין ארץ־ישׂראל; 26% זײַנען דאָרט אָפּגעווען צווישן 3 ביז 4 יאָר. צו דער געשיכטע פֿון אָט דער דיסקוסיע, ווי צו דער דערשײַנונג פֿון חלוצים בכלל, דאַרף דערמאָנט ווערן אַז אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז אָט די תּקופֿה באַשריבן געוואָרן אין אַ ראָמאַן, געשריבן פֿון איינעם פֿון די החלוץ־אַקטיוויסטן. דאָרט ווערט פֿאָרגעשטעלט דער קאַמף פֿון אָט דער יוגנט אָנצוקומען קיין ארץ־ישׂראל, אויפֿן פּאָן פֿון דער באַציִונג צו זיי מצד דער ייִדישער געזעלשאַפֿט, זע: מרדכי האַלטער, מיר גרייטן זיך; ראָמאַן פֿון הכשרה־לעבן, וואַרשע 1937.

(93) זע ווײַטער דעם טעקסט פֿון: ״צו ביאַליקס הײַיעריקן יאָרצײַט״, אַ פּנים אָנגעשריבן געוואָרן ענדע יולי 1940. פֿאַרגלײַך דער עיקר דעם סוף פֿון אַרטיקל.

(94) זע ווײַטער און פֿאַרגלײַך דעם טעקסט פֿון: ״<עפֿענונג צו אַ לערער־מסיבה אין דער ערשטער סדר־נאַכט פֿון יאָר תש״ב>״. אין צוהאַנג ברענגען מיר אַ ייִדישע איבערזעצונג פֿון העברעיִשן מקור.

(95) איינע פֿון די צענטראַלע טענות אין קעסטענבאַומס בוך איז – אַז די רעאַקציע פּנים־אל־פּנים מיטן טויט איז פֿאַרבונדן מיט אַ גאַנצן אינערלעכן פּראָצעס, זע: קעסטענבאַום, ז׳ 18, 26. מיר ברענגען ווײַטער אַ ציטאַט פֿון זײַן בוך ווו ער באַשרײַבט דעם פּראָצעס, פֿאָרלייגנדיק אַ רעאַגיר־סכעמע. אָט די רעאַגיר־סכעמע אין אָנבליק פֿון טויט, באַלײַכט אייניקע כאַראַקטעריסטישע שטריכן אין יצחק קאַצענעלסאָנס שאַפֿן אין אַלגעמיין און בפֿרט בעת דער מלחמה־צײַט:

“Paradoxically, the most vitalizing fact of life is the utter inevitability of death... In general, our response to death follows four clearly delineated stages. First, we repress the thought of our own death by projecting it onto external realities *(theater, novels, newspapers, etc.). Also we flirt with death*—in war or daring acts—to prove that death cannot assail us.

Second, when we recognize the reality of the "death of myself", we experience anxiety. In fact, death, as symbol of my finitude, may well be the source of all authentic, i.e. ontological anxiety. Third, after the anxiety of death has been faced, the anticipation of death leads to courage, integrity, and individuality. Finally, by opposing, contradicting, and fighting death, man feels his existence and achieves some of his greatest glories—in art, religion, and self-assertion... In accepting death, he will neutralize an otherwise completely demoralizing and paralyzing fear"

(96) וועגן באַטײַט פֿון 18טן אַפּריל און דער אַנטוויקלונג פֿון דער אונטערערדישער פּרעסע אין וואַרשעווער געטאָ, זע די בענדער פֿון דער אונטערערדישער פּרעסע: עתונות־המחתרת היהודית בווארשה, מיט אַן אַרײַנפֿיר און דערקלערונגען פֿון ד״ר יוסף קערמיש, וואָס הויבן אָן דערשײַנען אין דרוק, אַרויסגעגעבן פֿון יד־ושם, אין ירושלים. דערווײַל זײַנען דערשינען די ערשטע צוויי בענדער. זע: קערמיש (1980).

(97) פֿאַרגלײַך דעם קאַפּיטל־פּאַראַגראַף ״משמעותו של ׳ליל הדמים׳ – 18 באפריל 1942״, אין: גוטמן, (תשל״ה), זז׳ 248־254.

(98) נישט געקוקט אויף דעם וואָס י.ק. דערציילט וועגן געשעענישן וואָס זײַנען פֿאָרגעקומען מיט אַ יאָר פֿריִער, איז קלאָר אַז ער פֿלײַסט זיך איבערצוגעבן דאָס וואָס איז טאַקע געווען באַקאַנט אין יענע נאָך פּסח־טעג בעת די געשעענישן. דעם 17טן מערץ האָט זיך די אַקציע אין לובלינער געטאָ אָנגעהויבן, און ביזן 21 אַפּריל 1942 זײַנען ס׳רובֿ ייִדן פֿאַרטריבן געוואָרן אין טויט־לאַגערן – זע: דאָס בוך פֿון לובלין; זכרונות, גבית־עדות און מאַטעריאַלן איבערן לעבן, קאַמף און מאַרטירערטום פֿון לובלינער ייִדישן ייִשוב. פּאַריז תשי״ג־1952, זז׳ 396־400; זע אויך: קרקובסקי (תשל״ג), ז׳ 523. דאָס ערשטע ליד פֿון דער פֿינפֿטער תּקופֿה האָט י.ק. געענדיקט שרײַבן דעם 31סטן מאַי 1942, אין דעם ליד: ״וויי דיר״, ווערט צום ערשטן מאָל פֿון אים דערמאָנט חורבן לובלין.

(99) פּרטים וועגן דער השפּעה פֿון דער בלוטיקער נאַכט פֿון 17/18 אַפּריל 1942, אויפֿן אָרגאַניזירטן קולטור־ווידערשטאַנד און אָרגאַניזירונג פֿון ייִדישן אונטערגרונט, זע אין: צוקרמן – דפים מן הדליקה, ז׳ 5, 8, 9.

(100) זע דאָרט, ז׳ 10.

(101) זע בײַ יצחק צוקערמאַנען, אין: כתבים אחרונים, תשכ״ט, ז׳ 359. דעם באַוווּסטזײַן וועגן אומקום, וואָס איז שוין דאַן געווען אַ פֿאַקטאָר וואָס האָט באַאײַנפֿלוסט דאָס שרײַבן, באַשרײַבט ח.א. קאַפּלאַן מיט דער הילף פֿון אַ ליטעראַרישער פֿיגור – זע די ווערטער פֿון ר׳ הערש, אין: קפלן, זז׳ 505־543.

(102) אין פֿאַרבינדונג מיטן טיטל פֿון ליד, זע צום בײַשפּיל אין ספֿר במדבר, פּרק כ״א, פּסוק 29: ״אוי לך מואב אבדת עם כמוש...״ און אין ספר ירמיה ווו דער פּסוק ווערט איבערגעחזרט אין אַן אַ ביסל געענדערטן נוסח, אין פּרק מ״ח, פּסוק 46: ״אוי לך מואב אבד עם כמוש...״ – יהואש זעצט איבער, אין ספר במדבר: ״וויי צו דיר״, און אין ספר ירמיה: ״וויי דיר״. דער עיקר אָבער, פֿאַרגלײַך דעם אויסדרוק פֿון פֿאַרביטערניש אין דער יהואש־איבערזעצונג פֿון פּסוק: ״אוי־אוי לך, נאום אדני ה׳״ (ספֿר יחזקאל פּרק ט״ז, פּסוק 23) – ״וויי וויי דיר״.

(103) פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דער טעאָריע פֿון מענטש, אין דער עקזיסטענציאַליסטישער לערע, ווערט באַטאָנט די וויכטיקע פֿונקציע פֿון אַ באַדרענגעניש אין אָנבליק פֿון טויט, פֿאַרן אויפֿבוי פֿון אַ וועלט־באַנעם וואָס דערמעגלעכט דעם מענטש צו אַנטדעקן אַ זין פֿאַר זײַן לעבן, זע ווײַטער ווי אַזוי פּעטער קעסטענבאַום דערקלערט עס:

"Fundamental to the existencialist theory of man is the view that the world as it appears to us is our own creation, and we must assume responsibility for it... We subdue the disordered shapelessness into a world by choosing one out of an infinity of possible structures. This is called "Constitution"... The nature of man, the meaning of human existence, the

provenance and destiny of man, the essence and definition of man—all these are not found or discovered; they are invented. The supreme and most difficult creative act in world-constitution is the creation of ourselves... Anxiety is therefore a clue that we in fact experience life as empty, bored, pointless, and meaningless, although we may at the same time be terrified to admit it... This insight—that there can be no such thing as nothing, that each individual is a consciousness that can not even imagine the nonbeing of that very same consciousness—is the rockbottom foundation for all ultimate security... It is thus only through total anxiety that man can achieve total security. And total security means permanent recognition of the reality, fulness, and concretion of existence... Anxiety is really anxiety about death, since death is our most dramatic limit, our sharpest reminder of man's finitude. The pressence of death leads to anxiety, but it also leads to courage, strength, integrity, and makes clear what our genuine values really are". (The Vitality of Death, p. 120, 121, 126, 127, 128.)

(104) זע אין "אגדות היהודים" בײַ לוי גינצבורגן, לויט: גינצבורג, ז' 70, 72.

(105) "אף קין ממתי המבול היה", גינצבורג, דאָרט, ז' 112.

(106) זע אין ליד ""ווײ דיר", די סטראָפֿעס נומ' 29, 30, 31, 34 און פֿאַרגלײַך די באַשרײַבונג דאָרטן פֿון הימל בעתן מבול מיט דער לעגענדאַרער באַשרײַבונג בײַ: גינצבורג, דאָרט, ז' 107.

(107) פֿאַרגלײַך: גוטמן, תשל"ה, זז' 230־244. זע אויך: צוקרמן – דפים מן הדליקה, ז' 11־12. נישט געקוקט אויף דעם וואָס די "ייִדישע קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע" איז ערשט אַנטשטאַנען דעם 28טן יולי 1942, אַ וואָך נאָך דעם ווי דער גרויסער גירוש האָט זיך אָנגעהויבן, און נישט געקוקט אויף דעם וואָס דער אַנטי־פֿאַשיסטישער בלאָק האָט געהאַט אויסצושטיין אַנטוישונגען און דורכפֿאַלן, און האָט אויפֿגעהערט צו דערפֿילן זײַנע אויפֿגאַבן נאָך אין יוני 1942 ווען צענטראַלע חבֿרים זײַנע זײַנען אַרעסטירט און דערמאָרדעט געוואָרן – דאָך האָבן זײַן אַנטשטייונג און די קורצע תּקופֿה פֿון זײַן עקזיסטענץ באַצייכנט אַ קערפּונקט אין כאַראַקטער פֿון דעם חלוצישן אונטערגרונט, אַרויספֿאָדערנדיק אָרגאַניזאַציאָנעלע סטאַנדאַרטן, העלפֿנדיק אַזוי אַרום איבערבויען דעם כאַראַקטער פֿון חלוצישן אונטערגרונט. יצחק קאַצענעלסאָן האָט אין זײַן שאַפֿן נישט באַגלייט די ווייען פֿון אַנטשטייענדן באַוואָפֿנטן קאַמפֿס־כּוח, אַזוי ווי ער האָט יאָ געטאָן אין די פֿריִערדיקע תּקופֿות פֿון זײַן צוזאַמענאַרבעט מיט דרור־החלוץ.

(108) זע: דאָס ליד וועגן ראַדזינער, ז' 21; אין אונדזער אויסגאַבע זע ווײַטער, ז' 675.

(109) זע דעם העברעיִשן טעקסט אין: צוקרמן – מבפנים, י"ג, ז' 36. דאָרטן ווערט צוגעגעבן גלײַך נאָך דעם, אין העברעיִשן טעקסט: "פֿון צווישן די תּנ"ך־געשטאַלטן האָט ער נישט ליב געהאַט שמשונען, ער האָט אין אים געזען די פֿאַרקערפּערונג בלויז פֿון פֿיזישן כּוח, און ער ווידער איז געווען גענייגט צו גבֿורה פֿון גוף וואָס טראָגט מיט זיך מיט גײַסטיקע גבֿורה".

(110) זע: טננבוים, ז' 120. "די קללה", דאָס איז דאָס ליד "ווײ דיר" (זע ווײַטער אין אַרײַנפֿיר צום ליד).

(111) דאָרט, ז' 84.

(112) זע: טננבוים, ז' 138. דאָרט ווערט פֿאַרצייכנט די דאַטע פֿון בריוו: סוף יוני 1943. דאָס איז אַ טעות. לויטן אָריגינאַלן פּוילישן כּתבֿ־יד איז די דאַטע: פֿעברואַר 1943. דער בריוו איז אַזוי אַרום געשריבן געוואָרן אַ קורצע צײַט נאָכן יאַנואַר־אויפֿשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, ווען צווישן וואַרשע און ביאַליסטאָק איז קיין קאָמוניקאַציע נישט געווען, און טענענבוים האָט געמיינט אַז זײַנע פֿרײַנד פֿון "דרור" און "החלוץ" זײַנען אומגעקומען. אין די פֿאַרשריבענע בלעטער פֿון טאָגבוך, אין יענער צײַט, איז קאָנטיק דער ייִאוש ביז צו אַ ווילן פֿאַר זעלבסטמאָרד, זע דאָרט, זז' 64־65. איך דאַנק פֿרוי בראָניאַ קליבאַנסקי, פֿון יד־ושם, פֿאַר דער באַמערקונג וועגן דער ריכטיקער דאַטע פֿון בריוו.

(113) דאָרט, ז׳ 144.

(114) מרדכי טענענבוימס באַציִונג צו י.ק׳ס פֿאַר־מלחמהדיקן שאַפֿן שפּיגלט אָפּ נישט נאָר זײַן אייגענע באַציִונג נאָר אפֿשר אויך די אַלגעמיינע שטעלונג צו י.ק. אין די קרײַזן פֿון "דרור" און "החלוץ", מחוץ דער שטאָט לאָדזש ווו י.ק. האָט געוווינט און איז געווען טעטיק. אין די לאָדזשער חלוצישע קרײַזן איז אָבער אויך פֿאַר דער מלחמה, די באַציִונג געווען אַן אַנדערע, אַ פּאָזיטיווערע, זע למשל: האַלטער – מבפנים, י״א; ספּורו של קיבוץ־הכשרה, ז׳ 43, 47, 49, 52־53, 85, 93, 114, 142, 144, 163, 182, 189, 204, 217, 219, 244, 251.

(115) עס איז טאַקע אמת אַז די פֿינפֿטע תּקופֿה אין י.ק׳ס שאַפֿן דעקט זיך מיט דער ערשטער צײַט פֿון מ. טענענבוימס ווײלן אין וואַרשע. מיר דאַרפֿן אָבער אָננעמען אַז אין יענעם בוך וואָס דרור־החלוץ האָט צוגעגרייט צום דרוק מיט י.ק׳ס לידער, זײַנען אויך געווען לידער פֿון פֿריִערדיקע תּקופֿות, און טענענבוים, וועלכער איז געווען צווישן די רעדאַקטאָרן האָט זײַנע ווערק מן־הסתּם זיכער גוט געקענט. ער רעכנט אויס די לידער וואָס וועלן אַרײַן אין דער זאַמלונג, וועגן טעמעס פֿון "געטאָ און עוואַקואַציע", ער דערמאָנט אויך "צער־לידער" און נישט נאָר "צאָרן־לידער". די "צער־לידער" זײַנען זיכער נישט יענע לידער וועגן וועלכע ער רעדט אין זײַן טאָגבוך און אין זײַנע אַנדערע כּתבֿים, פֿון וועלכע מיר האָבן אויבן ציטירט.

(116) זע: לוין, ל., ז׳ 647; קורניאַנסקי, ז׳ 640; צוקרמן, תשכ״ט, ז׳ 358.

(117) זע: צוקרמן, תשכ״ט, דאָרט; צוקרמן – מבפנים, י״ג, ז׳ 32.

(118) אין אַ פֿאַרצייכענונג פֿון 14טן דעצעמבער 1940, און אין אַ פֿאַרצייכענונג פֿון 31טן דעצעמבער 1940 – 5טן יאַנואַר 1941. אין דער לעצטער ווערט בפֿירוש דערמאָנט:"דאָס ליד 'יזכּור' מאַכט אַ שטאַרקן אײַנדרוק...". אין אַ פֿאַרצייכענונג פֿון 26טן דעצעמבער 1941 ווערט דערמאָנט דער צווייטער חלק פֿון דער פּאָעמע – זע: רינגעלבלום, I, ז׳ 198, זז׳ 209־210, 323־324.

(119) אין פֿאַרבינדונג מיט אונדזער השערה אַז דער אַרטיקל וועגן ח.נ. ביאַליקן איז טאַקע פֿריִער געווען אַ רעדע, זע י.ק׳ס באַנוץ ווײַטער און אָבער פֿון דער ערשטער פּערזאָן אין מערצאָל: "מיר", "אונדז" – ווי אַ רעטאָריש מיטל וואָס שאַפֿט אַ שותּפֿות און אַ נאָענטקייט צווישן אַ פּובליקום און אַ רעדנער. אין פֿאַרבינדונג מיט דעם זע אויך דעם זיך איבערחזרנדיקן באַנוץ פֿון דער צווייטער פּערזאָן אין מערצאָל: "איר", "אײַך", אויפֿן שטייגער פֿון אַ ווענדונג פֿון רעדנער צום פּובליקום. עס דאַרף אויך באַמערקט ווערן די דערמאָנונג וועגן אַ פֿאַרזאַמלען זיך בעת אַ דערמאָנונגס אַקט צו אַ יאָרצײַט פֿון אַ נאָענטן נפֿטר.

(120) זע: עק (תש״ך), ז׳ 201. דער מחבר איז געווען אויפֿן אָרט בעת דער פֿאָרלעזונג.

(121) וועגן דער דראַמע "איובֿ", זע: לוין, ל., ז׳ 647. דער מחבר גיט דאָרט צו: "די דראַמע האָט איבערגעלאָזט אַ דערשיטערנדיקן רושם. זי איז געדרוקט פֿון קיבוץ, מיר דאַכט זיך אַז אין 150 עקזעמפּלאַרן". אָט די צענדליקער קאָפּיעס זײַנען מן־הסתּם פֿאַרשפּרייט געוואָרן אין געטאָ; זע אויך אין קורצן אַרײַנפֿיר צו "איובֿ", נומ׳ 24, און נומ׳ 25. זע אויך: עק (תש״ך), ז׳ 201; אויערבאַך, ז׳ 68.

(122) זע: ספר דרור, ז׳ 463. אַ פּרטימדיקע עדותשאַפֿט וועגן אַזאַ פֿאָרלעזונג פֿון דער דראַמע "איובֿ", זע אין קורצן אַרײַנפֿיר צו "איובֿ", נומ׳ 24.

(123) וועגן י.ק׳ס צובונד צו די יתומים־אַנשטאַלטן סוף ווינטער 1942, זע דעם פּרק "די ערשטע" אין י.ק׳ס "דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן יידישן פֿאָלק", זז׳ 72־74.

(124) זע: צוקרמן – מבפנים, י״ג, ז״ז 31־32. לויט: עק (תש״ך), ז׳ 201, איז די פֿאַרשטעלונג געווען אין יאַנוש קאָרטשאַקס בית־יתומים. דאָס איז אָבער אַ טעות, זע ביַי צוקערמאַנען וועלכער דערמאָנט אַ צווייטן מאָל דעם אָרט פֿון דער פֿאַרשטעלונג אָנגעבנדיק דעם אַדרעס פֿון בית־יתומים אויף ״טוואַרדאַ 7״, כתבים אחרונים, תשכ״ט, ז׳ 359; און דער עיקר זע י.ק׳ס עדות אַליין, אין ״דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק״, פּרק י״א, זז׳ 88־89. קאָרטשאַקס בית־יתומים איז געווען אויף שיענאַ 18 (זע: טורקאָוו (1948), זז׳ 108־109).

(125) עק (תש״ך), ז׳ 201.

(126) זע: צוקרמן – מבפנים, י״ג, ז׳ 33.

(127) זע דאָס ליד ״יום סגריר״, דמדומים, ערשטער טייל, זז׳ 24־25. אין דעם ליד האָט די געשטאַלט פֿון האַנדלאַרזש אַ צענטראַלע ראָלע אין דער קאָמפּאָזיציע פֿון ליד. אָט די געשטאַלט און איר קאָנטעקסט האָבן זיך איַינגעקריצט אין זיַין זכרון אין דער עלטער פֿון 16 יאָר, פֿון יענער צײַט אין תרס״ב, ווען ער איז געווען אין וואַרשע אויף זיַין וועג קיין ליטע (פֿאַרגליַיך י.ק׳ס אויטאָביאָגראַפֿישן בריוו פֿון יאָר 1926, וואָס געפֿינט אין י.ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות).

(128) די געשטאַלט פֿון האַנדלאַרזש און דער עיקר, דער אויסרוף: ״האַנדל״ וואָס כאַראַקטעריזירט איר, ווערן אין זכרונות וועגן וואַרשע דערמאָנט, ווי כאַראַקטער־שטריכן פֿאַרן בילד פֿון דער ייִדישער וואַרשע. זע למשל, ז. סעגאַלאָוויטש, טלאָמאַצקע 13; פֿון פֿאַרברענטן נעכטן, בוענאָס איַירעס 1946, זז׳ 38־39.

(129) פֿאַרגליַיך ביַי: טננבוים, ז׳ 113. צווישן אַנדערע זאַכן ווערט דאָרט דערציילט אַז די פֿאַרקויפֿטע סחורה פֿלעגט אַדורך 20 פּאָר הענט ביז זי איז דערגאַנגען, דורך די שמוגלאַרעס, צום גוי. וועגן דער ייִדישער געטאָ־עקאָנאָמיק און דעם ווערט פֿון געניצטע בגדים אין דער טויש־עקאָנאָמיע וואָס צווישן געטאָ און די נישט־ייִדישע סבֿיבֿה, ווי אַ פּרנסה־מקור, זע ביַי: גוטמן (תשל״ה), ז׳ 31.

(130) זע: בעגנער, ז׳ 86. צווישן אַנדערע זאַכן זאָגט זי דאָרט: ״ס׳איז ניט געווען אין געטאָ קיין קינד, קיין יוגנטלעכער און קיין דערוואַקסענער, וואָס האָט ניט געקענט יצחק קאַצענעלסאָנען״.

(131) זע: צוקרמן – מבפנים, י״ג, ז׳ 36. דאָרט איז די דאַטע בטעות אָנגעגעבן ווי ״אַ שבת אין יוני 1942״. פֿאַרגליַיך דאָס וואָס עס דערציילט י.ק. אין פנקס ויטל, ז׳ 179, און זע ביַי: צוקרמן, דאָרט, ווו עס ווערט געזאָגט אַז דאָס איז געשען פֿיר טעג פֿאַרן גירוש. דער גירוש איז געווען מיטוואָך, ערבֿ תשעה־באָבֿ ת״ש.

(132) זע: זיַידמאַן, ז׳ 140.

(133) זע: עק (תש״ך), זז׳ 200־201.

(134) דאָרט. פּרטים וועגן די אָנטייל־נעמער, זע דאָרט. אָט די טעאַטער־טעטיקייט האָט י.ק. אָנגעפֿירט אין דער קיך אויף גענשע 14, געציילטע חדשים פֿאַרן גירוש, זע: אויערבאַך (1974), ז׳ 69. די דראַמאַטישע סטודיע האָט זיך געשאַפֿן אין 1942, און די רעפּעטיציעס האָבן זיך אָפּגעשטעלט איבערן גירוש, זע: *Ruta Sakowska, Ludzie z Dzielnicy Zamknietej*, Warszawa 1975, s. 235.

(135) זע: עק (תש״ך), זז׳ 200־201.

(136) פּרטים וועגן דעם, זע דאָרט, זז׳ 203־204.

(137) וועגן ייִק״אָר און איר טעטיקייט, זע: טורקאָוו (1948), זז׳ 247־255. צווישן די ייִדישע שרײַבער וועלכע

זײַנען געווען אַקטיוו אין די ראַמען פֿון ייִק״אָר, ווערן דערמאָנט: יהושע פּערלע, י. קירמאַן, ישׂראל שטערן, **שלמה** **גילבערט**, יחיאל לערער.

(138) דער מקור געפֿינט זיך אין רינגעלבלום־אַרכיוו, אין ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט, אין וואַרשע. דער דאָ געבראַכטער טעקסט איז לויט אַ פֿאָטאָקאָפּיע פֿון דאָקומענט, וואָס געפֿינט זיך אין יד־ושם, נומ׳ PH/10a־1־1.

(139) דער וויכטיקער היסטאָרישער דאָקומענט פֿאַר דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין וואַרשעווער געטאָ, איז פֿאַרגרײַזט געדרוקט געוואָרן אין: מאַרק (1954), זז׳ 61־63, פֿאַרגלײַך. בער מאַרק איז דאָרט זיכער ווען ער באַשטימט אַז דער אָרגאַניזאַטאָר פֿון קאָנצערט איז געווען יהודה פֿעלד, דער עיקר ווײַל ער איז געווען באַשעפֿטיקט אין "טאָז". עס איז אמת אַז זײַענדיק אַן אַדמיניסטראַטאָר אין "טאָז" האָט יהודה פֿעלד טאַקע אַרויסגעהאָלפֿן ייִדישע שרײַבער (זע: אויערבאַך (1974), ז׳ 316. ב. מאַרק נעמט אָבער נישט אין באַטראַכט אַ פּאָר אַנדערע פֿאַקטן: (א) אויפֿן אײַנלאַדונגס־בריוו שרײַבט אונטער אַ קאָמיטעט און נישט איין מענטש, (ב) די גצזעלשאַפֿטלעכע צוגעהעריקייט פֿון "טאָז", (ג) דער סטיל פֿון בריוו. וועגן דעם זע ווײַטער. עס איז אַ סבֿרה אַז ב. מאַרק האָט אַרויסגעשטעלט יהודה פֿעלדן אַלס דעם אָרגאַניזאַטאָר פֿון קאָנצערט, ווײַל ער איז געווען אי פֿאַרבונדן מיטן רינגעלבלום־אַרכיוו און אי אַ **טעטיקער** קאָמוניסט אין אונטערגרונט.

(140) וועגן דער ייִק״אָר־אַקטיוויטעט זע בײַ: טרונק (1962), זז׳ 190־191. וועגן מנחם לינדערן, דער מאַן וואָס הינטער די קוליסן פֿון דער ייִק״אָר־אַקטיוויטעט, זע בײַ: רינגעלבלום, II, זז׳ 164־168. וועגן קולטור־לעבן אין וואַרשעווער געטאָ, די געשטאַלט פֿון מנחם לינדער, און די טעטיקייט פֿון ייִק״אָר, זע: אויערבאַך (1974), זז׳ 241־251.

(141) אין אַ רעקאָרדירטן געשפּרעך מיט רחל אויערבאַכן, – פֿאָרגעקומען דעם 10טן יאַנואַר 1973, האָט זי אויף אַן אָנפֿרעג וועגן דאָקומענט "אַ שעה פֿאַרן ייִדישן שרײַבער און ייִדישן קינסטלער", געענטפֿערט: "...איך בין אויף דעם קאָנצערט נישט געווען... און איך בין נישט זיכער צי דער קאָנצערט איז פֿאָרגעקומען... לויט דעם וואָס עס איז דאָרט פֿאַראַן אַ גאַנצע אַגיטאַציע צו קומען און זען, טראַכט איך דערפֿאַר אַז דאָס איז איינע פֿון מנחם לינדערס ערשטע אויפֿטוען... די אַלע וואָס דערשײַנען דאָ – קען איך, איך דענק נישט אַז אַלע האָבן אין דעם אָנטייל גענומען און איך האָב נישט אָנטייל גענומען... איך זע אין דעם די ערשטע אונטערנעמונג פֿון לינדערן", זע: תבע״פ – אויערבאַך, זז׳ 30־31.

(142) אין ע. רינגעלבלומס נאָטיץ פֿון 27סטן פֿעברואַר 1941, אַ דרײַ וואָכן נאָך דער דאַטע פֿון דער אײַנלאַדונג אויפֿן קאָנצערט, ווערט דערציילט וועגן ש. גילבערט: "אַ ייִדישער שרײַבער (גילבערט) קומט אַרײַן אין אַ ביוראָ – זײַן איינציקע בקשה 20 מינוט זיך אָנוואַרעמען" (רינגעלבלום, I, ז׳ 219). גילבערט האָט אין געטאָ געליטן נויט און הונגער און דאָך האָט ער ווײַטער פֿיל געשריבן און איז געווען טעטיק אין ייִק״אָר (רינגעלבלום (1959), ז׳ 6). דעם זעלבן טאָג, דעם 27סטן פֿעברואַר 1941, שרײַבט פּ. ווייזלאַנד וועגן זיך אין אַ בריוו, מיט אַ בקשה נאָך שטיצע: "...מײַן לײַב – בלויז ביינער און הויט, ס׳פֿלייש האָט עס אין גאַנצן פֿאַרלאָרן... מיין איך אַז כ׳בין שוין אָנגערירט פֿון טויט" (לעקסיקאָן, דריטער באַנד, ז׳ 346) – דער מקור געפֿינט זיך אין צווייטן טייל פֿון רינגעלבלום־אַרכיוו, נומ׳ 142; איז צום ערשטן מאָל געדרוקט געוואָרן בײַ: מאַרק (1954), זז׳ 52־53. הערשעלע שטערן, דער ברודער פֿון ישׂראל שטערן, וועלכער האָט געזאָלט אָנטייל נעמען אין קאָנצערט ווי אַ פֿאָלקסזינגער, איז געשטאָרבן פֿון אַ קראַנקהייט פֿרילינג 1941. זײַן ברודער, ישׂראל שטערן האָט געליטן הונגער און נויט במשך פֿון דער גאַנצער געטאָ־תּקופֿה. זײַנע פֿרײַנד, די שרײַבער, האָבן אים געראַטעוועט אַ יאָר שפּעטער פֿון אַ הונגער־טויט (זע: רינגעלבלום, דאָרט, ז׳ 8; אויערבאַך (1974), זז׳ 227־228; 314־323). אויך נ. שטערנבערג האָט געלעבט אין געטאָ אויפֿן שוועל פֿון ייִאוש און האָט געליטן כראָניש פֿון הונגער (לויט: רינגעלבלום, דאָרט, ז׳ 10).

(143) **זע: עק** (תש״ך), ז׳ 200. **וועגן טויט פֿון זײַנע קאָלעגן שרײַבערס דערמאָנט י.ק. אין: פנקס ויטל, ז׳ 198.**

(144) זע י.ק׳ס רייד וועגן דעם אין: פנקס ויטל, ז׳ 198 – ווו עס ווערט איבערגעחזרט דער פֿאַרגלײַך צווישן זיך און אַ לעבעדיקן וואָס איז טויט.

(145) זע: צוקרמן – תשכ״ט, ז׳ 359.

(146) גענויע ידיעות וועגן אופֿן ווי י.ק׳ס משפּחה איז אומגעקומען, זײַנען גאָר ניט באַוווּסט. אָט דער ענין האָט י.ק. **נישט געלאָזט רוען ביזן סוף פֿון זײַן לעבן.** אין ״פנקס ויטל״ קומט עס בולט צום אויסדרוק לענג־אויס דעם גאַנצן חיבור. **וועגן אופֿן ווי אַזוי י.ק׳ס משפּחה איז פֿאַרטריבן געוואָרן און וועגן זײַן רעאַגירן צו דעם בשעת־מעשׂה זײַנען פֿאַראַן קעגנזאַצלעכע באַשרײַבונגען,** זע: י. צוקרמן – מבפנים, י״ג, ז׳ 37; עק (תש״ך), ז׳ 206; לוין, א., ז׳ 103, **106.** לויט אַלע מקורים איז אָבער קלאָר אַז דאָס איז געשען פּלוצעם און אומדערוואַרט, ווײַל לויטן ״געזעץ״ זײַנען י.ק׳ס **פֿרוי** און זין געווען נאָך, מכּלומרשט, זיכערער מיטן לעבן ווי אַנדערע – ווי משפּחה־מיטגלידער פֿון אַן אַרבעטנדיקן **געטאָ־מענטש.** די אָפֿיציעלע דײַטשע פֿאַראָרדענונג וואָס האָט בטל געמאַכט די אַנערקענונג פֿון אַזאַ סטאַטוס איז ערשט **פֿאַרעפֿנטלעכט** געוואָרן דעם 16טן אויגוסט, ס׳הייסט צוויי טעג שפּעטער, זע: צוקרמן – תשכ״ט, ז׳ 359, **און פֿאַרגלײַך:** פנקס ויטל, ז׳ 171.

(147) יצחק קאַצענעלסאָנס משפּחה האָט אין געטאָ געווינט אויף נאָוואָליפּקי 30, זע: עק (תש״ך), ז׳ 199; **פנקס ויטל,** ז׳ 167.

(148) זע: צוקרמן – תשכ״ט, ז׳ 359; צוקרמן – מבפנים, י״ג, ז׳ 36־37; פנקס ויטל, ז׳ 171.

(149) זע: דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן יידישן פֿאָלק, זז׳ 90־92.

(150) זע וואָס י.ק. שרײַבט אין פנקס ויטל, דעם 16טן סעפּטעמבער 1943, וועגן מילאַ־טאָג, דאָרט, ז׳ 199. לויט דעם קומט אויס אַז יצחק קאַצענעלסאָן רופֿט ״מילאַ־טאָג״, דעם 5טן סעפּטעמבער 1942, אין דער צײַט ווען היסטאָרישע מקורים דערמאָנען דעם 6טן סעפּטעמבער ווי דער טאָג ווען דער לעצטער עטאַפּ פֿון גרויסן גירוש האָט זיך אָנגעהויבן. כּדי אויפֿצוקלערן די כּלומרשטיקע ״סתירה״ זע בײַ: ניישטט, ז׳ 67 – לויט ווי געראַטעוועטע יידן דערציילן און לויט ווי י.ק. אַליין באַשטעטיקט האָט זיך די קאָנצענטרירונג פֿון יידן אָנגעפֿאַנגען מוצאי־שבת, דעם 5טן סעפּטעמבער שפּעט בײַ נאַכט.

(151) זע: פנקס ויטל, ז׳ 180. ענלעכע ווערטער חזרט איבער י.ק. דאָרט, אין אַ פּאָר ערטער – זע ווײַטער.

(152) דער פֿאַרמעסט צו פֿאָרמולירן דעם זין און באַטײַט פֿון אומקום אין ליכט פֿון דער צוקונפֿט, געפֿינען מיר שוין ווי אַ פּראָבלעמאַטיק וואָס ווערט באַהאַנדלט פֿון דער יידישער אינטעליגענץ אין געטאָ אין יענע חדשים וואָס צווישן איין גירוש און דעם צווייטן. שוין דאַן איז יצחק קאַצענעלסאָן געווען צווישן די וואָס האָבן זיך מיט דער פֿראַגע פֿאַרנומען. זע אַ באַשרײַבונג פֿון אַ נישט־פֿאָרמעלן צונויפֿקום אין אַרכיוו פֿון יידנראַט, דעם 6טן דעצעמבער 1942, אין וועלכן עס האָבן אָנטייל גענומען, צווישן אַנדערע, ד״ר יצחק שיפּער, ד״ר עמנואל רינגעלבלום, מאַוריצי אָזשעך, יצחק קאַצענעלסאָן, מ. טשודנער, יהושע פּערלע, יצחק גוטערמאַן און נאָך, זע לויט: זײַדמאַן, זז׳ 170־174.

(153) באַשרײַבונגען פֿון עדות וועגן זייערע איבערלעבונגען בעת די מילאַ־טעג, זע בײַ: יצחק קאַצענעלסאָן, **פנקס ויטל,** זז׳ 195־204; אברהם לוין, פנקסו של מורה מיהודיה, זז׳ 119־121; יאָנאַס טורקאָוו, **אַזוי איז עס געווען,** זז׳ 384־402; הלנה שרשבסקה, הפרק האחרון, זז׳ 13־67; מלך ניישטט, חורבן ומרד של יהודי ורשה, זז׳ 67־69; הלל זײַדמאַן, טאָג־בוך פֿון וואַרשעווער געטאָ, זז׳ 98־117.

(154) זע: צוקרמן – תשכ"ט, ז' 359. און אויך צוקרמן – מבפנים, י"ג, ז' 366־367.

(155) זע דעם פּרק ג': "אָ ווייטאָגן איר מיַינע", אין דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק, זז' 63־65.

(156) זע: צוקרמן – מבפנים, י"ג, דאָרט.

(157) ווען דער גירוש האָט זיך אָנגעהויבן האָבן די דיַיטשן צעטיילט פֿאַקטיש די געטאָ אויף דריַי טיילן, מיט איזאָליר־שטחים צווישן זיי (די אויסגעליידיקטע גאַסן ווו ס'איז געווען פֿאַרבאָטן וויַיטער צו וווינען, אָדער דורכגיין אָן אַ דערלויבעניש). די געטאָ איז אַזוי אַרום צעטיילט געוואָרן אויף דריַי אַרבעטס־לאַגערן: (א) דער שטח פֿון דער צענטראַלער געטאָ, אין צפֿון, (ב) דער שטח פֿון די וואַרשטאַטן פֿון טעבענס, שולץ, שילינג און אַנדערע, אין צענטער, (ג) און די קליינע געטאָ, אין דרום.

(158) זע: פנקס ויטל, זז' 167־168, 199. י.ק. גייט אַריבער אין צענטראַלן געטאָ דורך די פֿאַרבאָטענע אויסגעליידיקטע גאַסן, בעת דער צווייטער העלפֿט פֿון חודש אויגוסט, און צום צווייטן מאָל – דעם פֿערטן סעפּטעמבער 1942.

(159) נישט אַלץ וואָס י.ק. האָט געשריבן במשך פֿון דער זיבעטער תּקופֿה איז צו אונדז דערגאַנגען. ביַים אָנהייב פֿון דעם פֿיר מאָנאַטיקן ציַיט־אָפּשניט האָט ער אָנגעשריבן "דער טאָג פֿון מיַין גרויסן אומגליק" און צום סוף פֿון דעם פּעריאָד – האָט ער פֿאַרענדיקט זיַין פּאָעמע "דאָס ליד וועגן ראַדזינער". ווי עס וויַיזט אויס האָט ער אין דער זיבעטער תּקופֿה אָנגעשריבן אויך אַנדערע לידער וואָס זיַינען נישט באַקאַנט, זע די זכרונות אין: פֿרידמאַן, ק., ז' 123.

(160) אַזוי דאַרף מען פֿאַרשטיין דאָס איבערגעגעבענע ביַי: צוקרמן – תשכ"ט, ז' 359, און פֿאַרגליַיך אויך די זכרונות ביַי: פֿרידמאַן, ק., ז' 123. פֿון די איבערגעגעבענע פֿאַקטן אין הלל זיַידמאַנס טאָגבוך, אין אַ נאָטיץ וואָס טראָגט די דאַטע 9.10.1942, דאַרף מען גאָר פֿאַרשטיין אַז י.ק. האָט אין דער ציַיט געאַרבעט אין אַ וואַרשטאַט פֿאַר סטאָלעריַי ביַי שילינגען. זע: זיַידמאַן, זז' 146־147. צום באַדויערן איז אוממעגלעך אָנצונעמען אינפֿאָרמאַציעס געבראַכט פֿון זיַידמאַנען אין זיַין בוך, אָן רעזערוואַציעס, וויַיל ס'איז נישט זיכער צי דער טאָגבוך איז טאַקע געשריבן געוואָרן אין די ציַיטן אויף וועלכע זיַינע אָנגעגעבענע דאַטעס וויַיזן אָן (פֿאַרגליַיך דעם עקסטרעם קריטישן אַרטיקל וועגן זיַידמאַנס טאָגבוך ביַי: וואַסער, זז' 186־197). זיַידמאַנס בוך ברענגט אויך גרויסע אומפּינקטלעכקייטן אין פֿאַרבינדונג מיט יצחק קאַצענעלסאָנען. דאָך אָבער אין דעם פּרט וועגן י.ק'ס אַרבעט ביַי שילינגען, ווערט דער פֿאַקט דערמאָנט אויך ביַי יאָנאַס טורקאָוון, ער דערציילט: "ביַי 'שילינגען' אין שאָפּ האָבן אַ געוויסע ציַיט געאַרבעט און געוווינט יצחק קאַצענעלסאָן, מ. טשודנער..." (טורקאָוו (1948), ז' 433). זע אַ באַשריַיבונג פֿון אַ ליטעראַרישער דיסקוסיע צווישן י.ק. און מ. טשודנער אין יענעם שאָפּ, ביַי: זיַידמאַן, דאָרט. דער טאָן פֿון גרינגשאַצונג וואָס באַגלייט די באַשריַיבונג רופֿט אַרויס שטוינונג. זיַידמאַן דערציילט וועגן י.ק'ס אַ בקשה פֿון יענער ציַיט צו באַהאַלטן דעם כּתבֿ־יד פֿון "על נהרות בבֿל" אין ייִדנראַט־אַרכיוו; זיַיענדיק דער דירעקטאָר פֿון אַרכיוו דערוועקט זיַידמאַנס אינפֿאָרמאַציע אַ געוויסן אינטערעס, זי רופֿט אָבער אויך אַרויס אַ פֿראַגע־צייכן וויַיל דער כּתבֿ־יד איז באַגראָבן געוואָרן מיטן אַרכיוו פֿון דרור־החלוץ צוויי טעג פֿאַרן גרויסן גירוש. אויב ס'איז געווען אַן אַנדער קאָפּיע פֿון "על נהרות בבֿל" ווייסן מיר נישט, אויף יעדן פֿאַל, זיַידמאַנס ווערטער וועגן דער בקשה און זיַינע אייגענע מעשׂים זיַינען זייער נישט קלאָר און ס'איז פֿון זיי נישט צו דערגיין צי ער האָט יאָ צי נישט עפּעס געטאָן, ער שריַיבט נאָר: "איך בין מסכּים, דאָס וועט געשען". אויף אַן אַנדער אָרט קומט אויס לויט זיַידמאַנען אַז ער האָט געהערט ווי י.ק. האָט פֿאָרגעלייענט "חניבעל" און "במפקדה הראשית" (יצחק קאַצענעלסאָנס צוויי העברעיִשע דראַמעס געשריבן אין וויטעל) בעת אויפֿטריטן אין געטאָ, זע דאָרט, ז' 140 – דאָס איז פֿאַרשטענדלעך אוממעגלעך. לויט זיַידמאַנען האָט זיך טאַקע אויפֿגעהיט אין אַרכיוו פֿון ייִדנראַט יצחק קאַצענעלסאָנס טעקסט פֿון "על נהרות בבֿל". וועגן דעם דערציילט ער אין זיַינער אַ נאָטיץ פֿון 7טן יאַנואַר 1943,

באַשרײַבנדיק ווי ער און הרב הובערבאַנד האָבן געמאַכט צוגרייטונגען צו באַשטאַטן די ליטעראַטור שאַפֿונגען וואָס האָבן זיך שוין געפֿונען אין ייִדנראַט־אַרכיוו, און זיי באַגראָבן אין דער ערד. דאָס איז אוממעגלעך, ווײַל הרב הובערבאַנד צוזאַמען מיט זײַן פֿרוי איז פֿאַרשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע דעם 18טן אויגוסט 1942, לויט ווי עס דערציילן: עמנואל רינגעלבלום, אַבֿרהם לעווין און נאָך (זע: רינגעלבלום, II, זז' 58־59; בלעטער פֿאַר געשיכטע, באַנד IV, העפֿט 4, 1951, ז' 94; לוין, א. ז' 107). וועגן דעם האָט זיך שוין דעליקאַט אָפּגערופֿן הערש וואַסער, אין זײַן אויבן דערמאָנטן אַרטיקל.

(161) פּרטים וועגן דער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, זע אין: גוטמן (תשל״ה), זז' 361־377, 384־389. וועגן די דורכגעפֿירטע אַקציעס פֿון דער אָרגאַניזאַציע און אירע האַנדלונגען אין יענער תּקופֿה, זע, דאָרט, זז' 389, 397א'.

(162) וועגן דעם דערציילט י.ק. אין ״דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק״, דאָרט; ז' 93. פֿאַרגלײַך צוקרמן – תשכ״ט, ז' 359; לוין, ל. ז' 647.

(163) זע: צוקרמן – תשכ״ט, ז' 359, און פֿאַרגלײַך: ספר דרור, ז' 481.

(164) זע: צוקרמן – תשכ״ט, דאָרט.

(165) זע: ספר דרור, ז' 482.

(166) צוקרמן – תשכ״ט, ז' 359.

(167) צוקרמן – מבפנים, י״ג, ז' 37. פֿאַרגלײַך דאָס וואָס לייזער לעווין גיט איבער וועגן י.ק׳ס ווערטער פֿאַר די קעמפֿער, לוין, ל. ז' 648.

(168) אַ גענויע באַשרײַבונג פֿון קאַמף און וועגן י.ק׳ס האַלטונג זע בײַ: צוקרמן – תשכ״ט, זז' 359־360; לוין, ל., דאָרט; ספר דרור, זז' 481־485. אין ״דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק״, פּרקים י״ג; י״ד – סטראָפֿעס ט'־ט״ו; באַשרײַבט י.ק. די געשעענישן. זע אויך בײַ: בעגנער, ז' 87 – דאָרט ווערט פּרטימדיק דערציילט ווי אַזוי, אויף מאָרגן, דעם 19טן יאַנואַר, זײַנען די וואָס האָבן קיין געוועהר נישט געהאַט אַוועק אין אַ באַהעלטעניש אויף מילאַ 61, און י.ק. מיט זיי. פֿאַרגלײַך די סטראָפֿע ח' אין פּרק י״ד פֿון ״דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק״, דאָרט, ז' 97.

(169) וועגן די האַנדלונגען און שיטות פֿון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע זע בײַ: גוטמן (תשל״ה), זז' 389־395, און זע למשל, פּרק אָפּאַטשינסקיס שטעלונג, דאָרט, 393. וועגן שינוי וואָס איז פֿאָרגעקומען אין דער געזעלשאַפֿטלעכער שטעלונג צו דער אָרגאַניזאַציע, נאָכן יאַנואַר־אויפֿשטאַנד, זע דאָרט, זז' 409־414. וועגן די שיטות ווי צו קריגן געוועהר דורך אויפֿגעצוווּנגענע געלט־בײַשטײַערן אין געטאָ, זע, זז' 440־441. און פֿאַרגלײַך יצחק קאַצענעלסאָנס שטעלונג אין יענער צײַט, ווי ער אַליין זאָגט עדות אין זײַן: דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק, ענדע סטראָפֿעס י' און י״א, אין פּרק י״ד, אויף זײַט 97.

(170) זע דאָרט, סטראָפֿע ט' פֿון פּרק י״ד. זע וועגן י.ק. און זײַן אַרבעט בײַ באַרשטן־פֿאַבריקאַציע, בײַ: בעגנער, ז' 87.

(171) נאָך דער רעאָרגאַניזאַציע פֿון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, סוף יאַנואַר 1943, געפֿינט זיך דער שטח פֿון די שאָפּן פֿון טעבענס און שולץ אונטער דער קאָמאַנדע פֿון יצחק צוקערמאַנען, זע: גוטמן (תשל״ה), ז' 435.

(172) זע: לוין, ל., ז' 648. דאָרט ווערט באַשריבן י.ק׳ס צובונד צו די קעמפֿער פֿון ״דרור״ און ״החלוץ״ און ווי הויך ער האָט אָפּגעשאַצט זייער ציל און זייערע מעשׂים.

(173) וועגן די געשעעניִשן אין קראָקע, זע: ניישטט, ז' 348; ספר דרור, זז' 420־422. בעתן יאַנואַר־אויפֿשטאַנד איז יצחק צוקערמאַן געווען אין מיטן זײַן קאָנוואַלעסענץ פֿון אַ קויל אין פֿוס בעתן אַטענטאַט אין קראָקע, און בעתן באַוואָפֿנטן קאַמף אויף זאַמענהאָף אין יאַנואַר, מיט וועלכן ער האָט אָנגעפֿירט, און בעת דעם צוריקציִען זיך – איז ער טאַקע אָפּגעשוואַכט געוואָרן, זע: בעגנער, ז' 87, און פֿאַרגלײַך בײַ י.ק. אין: דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן יידישן פֿאָלק, ז' 94, סטראָפֿעס י'־י"א.

(174) זע די אויבן ציטירטע שורה, נומ' 20, און פֿאַרגלײַך דאָס ליד "ידעתי" פֿון יאָר תרצ"ז, אויבן אויף ז' 46.

(175) וועגן די שינויים אין דער דײַטשישער טאַקטיק כּדי אַרויסצובאַקומען די יידן פֿון געטאָ, נאָכן יאַנואַר־אויפֿשטאַנד אין 1943, און זייער ווירקונג אויף דער שטעלונג פֿון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע צו די דײַטשע פֿאַרשלאָגן, און אויפֿן צושטאַנד פֿון יידן אין געטאָ בכלל, זע: גוטמן (תשל"ה), ז"ז 428־455. צווישן אַנדערע ענינים דערקלערט דאָרט ישׂראל גוטמאַן אַז פֿאַר די מיטגלידער פֿון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז די שטרעבונג צו קעמפֿן און שטעלן אַ מוטיקן ווידערשטאַנד געוואָרן, אין יענער צײַט, אַ ציל פֿאַר זיך און אַן אַבסאָלוטער באַפֿעל. דערפֿאַר האָבן זיי נישט צוגעגרייט קיין בונקערס פֿאַר זיך אין געטאָ, און האָבן זיך נישט געזאָרגט וועגן ווי אַזוי זיך צוריקציִען נאָכן שלאַכט. גוטמאַן ציטירט מרדכי אַנילעוויטשעס ווערטער, אַז "דער קאַמף אַליין איז בבחינת אַ לעצטער לעבנס־ווונטש", זע, דאָרט, ז' 437.

(176) דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן יידישן פֿאָלק, פּרק י"ד, סטראָפֿעס י"ב־י"ג, ז' 98.

(177) זע: גוטמן (תשל"ה), ז' 442.

(178) זע: לוין, ל., ז' 648 – דאָרט באַשרײַבט לייזער לעווין יצחק קאַצענעלסאָנס דערנענטערונג צו די כּלל־טוער און זייער קרײַז אין יענער צײַט. אַ פּרטימדיקע באַשרײַבונג וועגן יענער פֿאַרזאַמלונג בעתן אויסברוך פֿון אויפֿשטאַנד, זע אויך אין: ספר דרור, ז' 415.

(179) מ. בעגנער דערציילט אויך אַז: "דעם 15טן אַפּריל האָב איך אים [יצחק קאַצענעלסאָנען] געזען אין יוחנן מאָרגנשטערנס הויז (אויף לעשנאָ 41). לייזער לעווין מיט גוטקאָווסקין זײַנען אויך דעמאָלט דאָרט געווען. איך בין געקומען אַריבערפֿירן אויף דער אַרישער זײַט אַ טייל פֿון יצחק צוקערמאַנס זאַכן און ביכער וואָס האָבן געהערט צו יצחק קאַצענעלסאָנען, וואָס האָט באַדאַרפֿט קומען צו אונדז אין אייניקע טעג אַרום... אָבער זײַט דעמאָלט האָב איך אים מער ניט געזען", זע: בעגנער, ז' 87.

(180) זע די מאַפּע און די הערות בײַ: ניישטט.

(181) זע: לוין, ל., ז' 649; זע אויך בײַ: צוקרמן, תשכ"ט, ז' 360. יצחק צוקערמאַן גיט דאָרטן צו אַז "איינער פֿון די פֿרײַנד האָט אים צוגעגרייט אַ פּראָוויזאָרישן אָרט בײַ אַ פּוילישן סטרוזש, און פֿון דאָרטן איז ער אַריבער צום בונקער וואָס איז אויפֿגעבויט געוואָרן מיט קהלשע געלט – אונטער דער אָראַנזשעריע פֿון אַ פּוילישן גערטנער, אויף דער גראָיעצקאַ גאַס. לויט י.ק'ס "פּנקס ויטל" איז די געשיכטע פֿון זײַן אַרויסקריגן זיך פֿון געטאָ, אַ ביסל אַנדערש, ער דערציילט: "...שיינבערג וועלכער האָט געראַטעוועט מײַן זון און מיך, אויך מיך, אַוועקזעצנדיק אונדז אין אַ וואָגן דעם לעצטן טאָג פֿון וואַרשעווער יידנטום און איז מיט אונדז אַרויס דורכן טויער. פֿאַרן הויז אויף לעשנאָ 72, האָט ער אונדז אַדורכגעפֿירט און געבראַכט אַלס אַרבעטער אין אַ פֿאַבריק אין אַ גוייִשן קוואַרטיר, און פֿון דאָרטן זענען מיר אָנגעקומען אין אַן אונטערערדישער הייל, אַ באַהעלטעניש וואָס ס'האָט אונדז צוגעגרייט מײַן פֿרײַנד גוזשיק", דאָרט, זײַט 180. גוזשיק איז בעת דער מלחמה געווען אַ הייסער אָנהענגער און שטיצער פֿון דער חלוצישער אונטערערדישער באַוועגונג – פֿאַרגלײַך דאָרט, ז' 190.

(182) זע: צוקרמן, תשכ״ט, זז׳ 361־360; עק (תשי״ז), זז׳ 111־93 (און דער עיקר, זז׳ 101־100). אַ גרונטאַרבעט וועגן דער פּרשה האָט געשריבן יאָנאַס טורקאָוו, דער סוף פֿון אילוזיעס, פֿון פֿאַקט אין מינכען ביז צו די גאַזקאַמערן אין אוישוויץ. תל־אביב, המנורה 1972־תשל״ב. אין בוך ווערן דערמאָנט פֿיל פּרטים וועגן יצחק קאַצענעלסאָנען.



יצחק קאַצענעלסאָן און זײַן זון צבֿי, אין וואַרשעווער געטאָ

# באַנוצטע דעשיפֿריר־סימנים

[ ] רעסטאַווּרירטער טעקסט לויטן כּתבֿ־יד

{ } דעם מחברס אַ שפּעטערער צוגאָב צום כּתבֿ־יד

< > אין די אַרײַנפֿירן און טיטלען פֿון שאַפֿונגען אַ צוגאָב פֿון רעדאַקטאָר
אין יצחק קאַצענעלסאָנס שריפֿטן אַ פֿאַרמעקט אָדער אַ פֿאַרפֿעלט וואָרט

בײַ ווערטער וואָס מיר קענען נישט איבערלייענען ווערט איבערגעלאָזן אַ ליידיק אָרט צווישן צוויי דעשיפֿריר־סימנים, אַפֿילו ווען מע קען זיך משער זײַן דעם אינהאַלט

## אַרײַנפֿיר 1

אַ פֿראַגמענט פֿון אַ ניט־פֿאַרענדיקטן כּתבֿ־יד. אַ ליד אָן אַ דאַטע, געשריבן לויט אונדזער השערה, פֿאַרן סוף פֿון דער ערשטער העלפֿט פֿון יאָר 1940. ווערט דאָ געדרוקט צום ערשטן מאָל. אין בלומענטאַלס רשימה איז דער פֿראַגמענט פֿאַרשריבן אויפֿן אָרט נומ׳ 14. דער טעקסט איז שטאַרק צעשעדיקט און טיילווײַז אומליינעוודיק. מיר דרוקן דאָס ליד בראש פֿון דער אויסגאַבע ווײַל עס זעט אויס, לויטן טייל וואָס לאָזט זיך דעשיפֿרירן, אַז די שטימונג וואָס הערשט אין טעקסט איז פֿאַרבונדן מיט אַ געפֿילן־גאַנג פֿון נאָך איידער ער האָט אָנגעהויבן שרײַבן אויף ייִדיש אין דער אײַנגעןומענער וואַרשע, אין מאַי/יוני 1940. נאָך דעם ווי יצחק קאַצענעלסאָן איז געוואָרן שאַפֿעריש געשטימט איז שווער זיך פֿאָרצושטעלן ער זאָל האָבן אָנגעשריבן אַ ליד ווי ״אויף וועגן פֿון אַמאָל״. אין דעם ליד איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין צענטער (אויף וויפֿל ס׳איז צו פֿאַרשטיין פֿון די דעשיפֿרירטע ליינעוודיקע חלקים) אַ דיסאָציאַציע צווישן אַ ניגון אָן ווערטער און די עקזיסטענץ פֿון דעם מענטש – זײַן זינגער, מחמת די שטומעניש וואָס באַוועלטיקט דעם פּאָעט און קוואַלט אַרויס פֿון זײַן הויפּטגעפֿיל, וועגן דעם אַז אין דער געגעבענערווירקלעכקייט פֿון זײַן לעבן איז קיין אָרט נישט פֿאַראַן פֿאַר לידער מיט ניגונים פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט וואָס רײַסן זיך פֿון אים אַרויס, ווײַל זיי שטימען נישט מיט זײַנע געפֿילן און נישט מיט זײַן פֿעיִקייט זיי צוריק פֿון דאָס נײַ צו פֿאַראייגענען.

דאָס געפֿיל פֿון דאָפּלטער שטומעניש וואָס אין ליד: סײַ מחמת דעם אויספּעלן פֿון ווערטער שוין־פֿאַראַנענע און סײַ מחמת דעם נישט קענען אויסזינגען אַפֿילו דעם ניגון זייערן מיטן אייגענעם קול – איז די ערשטע עדותשאַפֿט פֿאַר דעם קאַמף וואָס קומט פֿאָר בײַ יצחק קאַצענעלסאָנען איבער זײַן בת־שירה, אין דער אָקופּירטער וואַרשע אונטערן נאַצי־רעזשים. נאָך דעם ווי דער קאַמף איז אַנטשיידט געוואָרן, און יצחק קאַצענעלסאָן האָט געפֿונען סײַ ווערטער און סײַ ניגונים פֿאַר זײַן שאַפֿערישן דראַנג, אָנהייבנדיק פֿון דער צווייטער העלפֿט פֿון יאָר 1940, איז אומוואַרשײַנלעך אָנצונעמען די מעגלעכקייט אַז ער זאָל האָבן אָנגעשריבן ״אויף וועגן פֿון אַמאָל״ אין אַ שפּעטערדיקער תּקופֿה פֿון זײַן שאַפֿן.

דער אָריגינעלער כּתבֿ־יד געפֿינט זיך אין יצחק קאַצענעלסאָן־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות, רעגיסטרירט מיטן נומ׳ KII/1028.

## [אויף וועגן] פֿון אַמאָל

[ רײַסט אַ] לידל זיך אַרויס אָן ווערטער,
[אַ ניגון גאָר אָן אַ]לטער רײַסט אַרויס זיך פֿון אַ מענטשן –
[ און]קומט צוריק אויף אַלטע אַלטע ערטער,
[אויף] ערטער, ווּ מען איז אַ מאָל געווען שוין...
נישט זינג, נישט זינג די לידער פֿון אַמאָל
די ווערטער האָסטו דאָך שוין לאַנג פֿאַרגעסן...

[פֿאַרגעס] דעם ניגון און דו זינגסט און נישט ווי מיט דײַן קול,
[נישט דאָ געדאַכט ] איז אַ מת אין דיר פֿאַרזעסן...
[ ט] גיי אויף אַלטע אַלטע וועגן
[ וועלכע] האָסט אַ מאָל באַטראָטן,
[ באַוו]אַקסענע מיט גראָז, און אָפּגעלעגן —
[ ] שטום אַרום פֿון דיר אַ שאָטן...
[ שאָטנס אום] אויף אָפּגעלעגענע וועגן
[ פֿאַרלאָזן זיי באַ]געגנט מען זיי דאָרט;
[ זיי ... די שאָטנס קענסטו פֿרעגן] —
[ דערמאָנען וואָרט]

אַ ליד געשריבן נישט שפּעטער ווי תּמוז ת״ש (ביזן פֿערטן אויגוסט 1940). דער כּתבֿ־יד איז צו אונדז נישט דערגאַנגען, עס האָט זיך אָבער אָפּגעהיט דער געדרוקטער מקור פֿון ליד וואָס איז דערשינען אין דער אונטערערדישער פּרעסע פֿון דער ״דרור״־באַוועגונג אין דער אָקופּירטער וואַרשע. אין בלומענטאַלס רשימה איז דאָס ליד פֿאַרשריבן אויפֿן אָרט נומ׳ 4. אין דער אויסגאַבע דרוקן מיר דאָס ליד אויפֿן צווייטן אָרט, דאָס איז אָבער יצחק קאַצענעלסאָנס ערשטע שאַפֿונג מיט אַ באַשטימטער דאַטע, די פֿריסטע וואָס איז אונדז באַקאַנט פֿון צווישן זײַנע לעצטע כּתבֿים.

דאָס ליד איז צום ערשטן מאָל אָפּגעדרוקט געוואָרן אין: ד ר ו ר, תּמוז ת״ש, נומ׳ 3, זז׳ 8 – 10, צוזאַמען מיט נאָטן פֿאַרפֿאַסט פֿון גלאַדשטיין (לויט: צ ו ק ר מ ן – מ ב פ נ י ם, י״ג, ז׳ 33). צווישן די קאָמפּאָזיטאָרן וואָס האָבן אָנגעשריבן מוזיק צו יצחק קאַצענעלסאָנס לידער בעתן אומקום דערמאָנט דער פּאָעט אַליין, גלאַדשטיינס נאָמען (זע: פ נ ק ס ו י ט ל, ז׳ 180) אָבער נישט זײַן פּרט־נאָמען. אין דעם טייל פֿון די דערקלערונגען צו יצחק קאַצענעלסאָנס לעצטע כּתבֿים, ווערט דער קאָמפּאָזיטאָר אידענטיפֿיצירט ווי ישׂראל גלאַדשטיין (זע: כּ ת ב י ם ־ א ח ר ו נ י ם, תשכ״ט, ז׳ 367). ישׂראל גלאַדשטיין (1893 – 1944) האָט פֿאַרפֿאַסט נאָך אין די צוואַנציקער יאָרן, מוזיק צו פֿיל פֿון יצחק קאַצענעלסאָנס שאַפֿונגען, ווי למשל צו דער זאַמלונג לידער פֿון יצחק קאַצענעלסאָן און משה בראָדערזאָן, ״געזאַנג און שפּיל״, וואַרשע 1920, און צו קאַצענעלסאָנס דראַמאַטישער פּאָעמע ״פֿאַטימאַ״, לאָדזש תר״פּ. מלך נײַשטאַט איז זיך טועה בײַם אידענטיפֿיצירן דעם קאָמפּאָזיטאָר ווי יעקבֿ גלאַדשטיין, וועלכער איז געווען פֿאַר דער מלחמה אַ לערער פֿון געזאַנג אין דער גימנאַזיע ״יהודיה״ אין וואַרשע און אַ כאָרן־דיריגענט. אין וואַרשעווער געטאָ האָט ער אָרגאַניזירט קינדער־כאָרן אין די פּליטים־פּונקטן (פֿאַרגלײַך: נ י י ש ט ט, זז׳ 290 – 291).

נאָך דער מלחמה איז דאָס ליד מיט די נאָטן געדרוקט געוואָרן אין: ד פ י ם ל ח ק ר ה ש ו א ה ו ה מ ר ד, א, אַפּריל 1951, זז׳ 9 – 12 באַגלייט מיט אַ העברעיִשער איבערזעצונג פֿון מ. ז. וואָלפֿאָווסקי (דאָרט, זז׳ 13 – 14).

אין דער אָקופּירטער וואַרשע און אין געטאָ פֿלעגט י.ק. לייענען זײַנע אָנגעשריבענע לידער, פֿאַר די חברים פֿון דער ״דרור״־באַוועגונג. לויט פֿאַרשיידענע עדות זײַנען זיי פֿאַרגעדענקט געוואָרן פֿון אַ סך, בעיקר די לידער מיט מעלאָדיעס ווי ״פֿאָלקסמאָטיוו פֿון יאָר 1940״ (פֿאַרגלײַך: ק ו ר נ י א נ ס ק י, ז׳ 640). דער געדרוקטער טעקסט פֿונעם ליד, אין ד ר ו ר, געפֿינט זיך (מיט די נאָטן) אין י.ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות און טראָגט דעם רעגיסטראַציע־נומער KII/1602.

אַ שפּעטערער פֿאַרברייטערטער נוסח פֿון ליד, וואָס י.ק. האָט אָנגעשריבן אין יאָר 1943 אין וויטעל, האָט זיך אָפּגעראַטעוועט בכּתבֿ־יד, און געפֿינט זיך אויך אין י.ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות, רעגיסטרירט מיטן נומ׳ KIII/1010.

אין ליד ווערט באַשריבן דאָס כאַפּן ייִדן אין גאַס צו צוואַנגאַרבעט טאָג־טעגלעך. איידער ס׳זענען נאָך דערשינען די ערשטע רעגולאַציעס פֿון גענעראַל־גובערנאַטאָר פֿראַנק וועגן צוואַנגאַרבעט פֿאַר ייִדן (26.10.1939), און איידער ס׳איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן די פֿאַראָרדענונג די רעגולאַציעס דורכצופֿירן אין נאָמען פֿון אָבערגרופּנפֿירער פֿרידריך קריגער, דער ראש פֿון דער פּאָליציי און עס.עס (12.12.1939) – האָט מען ייִדן געכאַפּט אין די גאַסן אויף פֿיזישער אַרבעט, אין פֿאַרשיידענע ערטער, ווו זיי האָבן נישט נאָר

באַדאַרפֿט אַרבעטן נאָר דער עיקר אויסשטיין די ספּעציעלע פֿיזישע און גײַסטיקע עינויים וועלכע זענען זאָרגפֿול אײַנגעאָרדנט געוואָרן פֿאַר זיי פֿון זייערע דײַטשע אויפֿזעער. אויך נאָך דעם ווי דער יידנראַט אין וואַרשע האָט אויף זיך גענומען די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט צוצושטעלן טאָג־טעגלעך אַ באַשטימטע צאָל אַרבעטער כּדי אַזוי אַרום מאַכן אַ סוף צו דער גאַסן־כאַפּעריַי אויף צוואַנגאַרבעט (אין דער צווייטער העלפֿט אָקטאָבער 1939 – זע: צ׳רניאקוב, זז׳ 16 – 17) איז די כאַפּעריַי נישט אָפּגעשטעלט געוואָרן. (פֿאַרגלײַך: כתבים אחרונים, תשכ״ט, ז׳ 367; גוטמן, תשל״ז, זז׳ 39 – 41).

## פֿאָלקסמאָטיוו פֿון יאָר 1940

אַרויס איז געגאַנגען אַ ייִד אויף דער גאַס –
אָ. זאָגט, גוטע מענטשן,
פֿאַר וואָס זײַנען שטיינער און זעמדעלעך נאַס
אויפֿן וועג צו אָקענטשע?

אַרויס איז אַ ייִד און אַ צווייטער פֿון שטוב,
אַרויס אין די גאַסן–
פֿאַר וואָס איז דער וועג הייס פֿאַרגאָסן מיט בלוט,
דער וועג צו דינאַסי?

אַ ייִד איז אַרויס אין דער פֿרי פֿון זײַן צעלט
און שוין מער ניט געקומען.
ס׳איז ווינטער געווען, אַ שניי און אַ קעלט,
און הײַנט איז שוין זומער.

ניט געטונקען אין זאַלץ און געזאַלצן דאָס ברויט,
אין טרערן דער ביסן –
צי לעבט ער דער טאַטע? צי איז ער גאָר טויט?
ווער קען עס גאָר וויסן?

מען האָט מיך געכאַפּט הײַנט, פֿאַרשלעפּט אין דעם סיים,
מען האָט מיך געממיתט –
דערצייל נאָר ניט קיינעם דערפֿון אין דער היים,
מען ווייסט וואָס דער סיים איז...

שקצימלעך ווילדעווען ... מ׳שלאָגט און מען רויבט –
צוויי דײַטשן באַשיר׳מען ...
אַ פֿאָטאָ כאַפּט אויף עס, דער ייִד און די שויב –
ס׳וועט זײַן אין דעם "שטירמער".

טאָג־טעגלעך אַן אומגליק – אַ צײַטונג, וואָס דאָרשט
נאָך ייִדישע בלוטן:
דער יודע! דער יודע! דערגאַנגען, דערפֿאָרשט –
די יודן! די יודן!

אָ ווייַן ניט! אַ שאָטן שלײַך שטום דורך דער שטאָט,
דאָס פּנים אַ מאַסקע –
אַ האַרץ צי אַ שטיין? און פֿרעג ניט בײַ גאָט,
אויפֿן האַנט די אָפּאַסקע.

## אַרײַנפֿיר 3

אַ ייִדישע איבערזעצונג פֿון חיים נחמן ביאַליקס ליד. געווען געדרוקט צום ערשטן מאָל בראש פֿון דעם תמוז־נומער פֿון ד ר ו ר, ת״ש, נומ׳ 3, זז׳ 1־2 לכּבֿוד כ׳־כ״א בתמוז די דערמאָנונג־דאַטע לזכר הערצלס און ביאַליקס טויט. אין קלאַמערן ווערט דאָרט אָנגעגעבן: ״איבערזעצט צום ערשטן מאָל אין ייִדיש״, עס איז אָבער אַ טעות. נאָך אין יאָר 1935 האָט י. י. שוואַרץ דאָס ליד איבערגעזעצט און אָפּגעדרוקט אין זײַן אויסגאַבע: חיים נחמן ביאַליק, לידער און פּאָעמען. מעקסיקע [1935], ז׳ 144. אין שוואַרצס איבערזעצונג הייסט דאָס ליד: ״הימלען...״. אַ פֿאַרגלײַך צווישן בײדע איבערזעצונגען דערווײַזט אויף וויפֿל עס זײַנען משפּיע די פֿאַרשיידענע פֿונקציעס וואָס דער העברעיִשער מקור דערפֿילט בײַ יעדן איבערזעצער, אויפֿן טעקסט פֿון זײַן איבערזעצונג. אַ גענויער פֿאַרגלײַך צווישן זיי איז אַן ענין פֿאַר זיך, מחוץ די ראַמען פֿון דעם קורצן אַרײַנפֿיר, מיר וועלן דאָ אָבער ברענגען – אויפֿן סמך פֿון די ערשטע פֿינף שורות אַ פּאָר בײַשפּילן וואָס אילוסטרירן דעם דיפֿערענצירטן ווידערקול פֿון ביאַליקס ליד אין צוויי פֿאַרשיידענע היסטאָרישע און ליטעראַרישע קאָנטעקסטן:

ח. נ. ביאַליק

1. שמים, בקשו רחמים עלי!
2. אם־יש בכם אֵל ולאל בכם נתיב –
3. ו א נ י לא מצאתיו –
4. התפללו אתם עלי!
5. א נ י – לבי מֵת ואין עוֹד תפילה בִשפתי,

י. י. שוואַרץ

1. הימלען, שטעלט אײַן זיך פֿאַר מיר!
2. אויב גאָט איז פֿאַראַנען אין אײַערע טיפֿן –
3. נאָר איך האָב אומזיסט אים גערופֿן –
4. טוט איר, הימלען, תּפֿילה פֿאַר מיר!
5. מײַן האַרץ איז שוין טויט, און פֿאַרשטומט איז מײַן תּפֿילה,

י. קאַצענעלסאָן

1. איר הימלען, בעט איר פֿאַר מיר, איר!
2. איז אַ גאָט אין אײַך דאָ, איז אַ וועג אויך אַהין דאָ?
3. כ׳קען דעם וועג ניט געפֿינען –
4. טוט איר פֿאַר מיר תּפֿילה, איר, איר!
5. איך – טויט איז מײַן האַרץ אין מיר, מײַנע לעפֿצן פֿאַרוויאַנעט.

לויט די פּאָר שורות איז קלאָר אַז דער אָפּקלאַנג פֿון ביאַליקס ליד בייַ יעדן איינעם פֿון די איבערזעצער האָט אַ באַזונדערע רעזאָנאַנץ־באַזע: בייַ י. י. שוואַרצן שפּיגלען אָפּ די אָפּווייַכן פֿון אַ סטריקטער ווערטערלעכער עקוויוואַלענטער איבערזעצונג, אַ פֿרייַען צוגאַנג צום עצם איבערפֿיר פֿון אינהאַלט אויף ייִדיש. בייַ אים ווענדן איבער די ריטמישע פֿאָדערונגען פֿון זייַן ייִדישן טעקסט צוזאַמען מיט די באַדערפֿענישן פֿון גראַמענבוי (זע למשל, אויבן, די שורות נומ׳ 2־3). בייַ יצחק קאַצענעלסאָנען האָבן די אָפּווייַכן פֿון דער סטריקטער עקוויוואַלענטער איבערזעצונג, אַן עמאָציאָנעלן כאַראַקטער, און קוואַלן אַרויס פֿון אַ טיפֿערן אָפּקלאַנג, אַרויסגערופֿן פֿון ביאַליקס אָריגינעלן טעקסט אין דער צייַט פֿון אומקום. בייַ אים ווענדן איבער די אַנימישע פֿאָדערונגען פֿון דעם היסטאָרישן מצבֿ צוזאַמען מיט די פּאָעטישע אויסדרוק־באַדערפֿענישן פֿון י. ק. אויפֿן פֿאָן פֿון זייַן פּאָעטיק פֿון פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, און בעת דער ערשטער תּקופֿה פֿון זייַן שאַפֿן אין וואַרשע בעת דער מלחמה (זע למשל יצחק קאַצענעלסאָנס אייגענע באַטאָנטע ווענדונג צו די הימלען אין זייַן איבערזעצונג פֿון די אויבן דערמאָנטע שורות נומ׳ 1, 4). די עקזיסטענציעלע אַקטועלקייט פֿון ביאַליקס ליד שפּיגלט זיך אָפּ כּמעט אין יעדער איינער פֿון די פֿינף ציטירטע שורות פֿון י.ק׳ס איבערזעצונג: אין דער שורה נומ׳ 2 – פֿאַרוואַנדלט י. ק. ח. נ. ביאַליקס תּנאַי־זאַץ "אויב ס׳איז פֿאַראַן אין אייַך אַ גאָט", אין אַ דירעקטער פֿראַגע: "איז אַ גאָט אין אייַך דאָ, איז אַ וועג אויך אַהין דאָ?"; אין דער שורה נומ׳ 3 – פֿאַרבייַט י. ק. ח. נ. ביאַליקס באַנוץ פֿון ווערב אין דער פֿאַרגאַנגענער צייַט: "ואני לא מצאתיו", אויף דעם ווערב אין דער איצטיקייט: "כ׳קען דעם וועג ניט געפֿינען". אויך די אינטערפּרעטאַציע פֿון אינהאַלט איז פֿאַרשיידן און באַלערנדיק, ווי למשל בייַם פֿאַרשטיין די דריטע שורה: "ואני לא מצאתיו", וואָס באַציט זיך לויט י. י. שוואַרץ צו גאָטס קיום, און לויט י. ק. – צו דעם וועג צו אים (זע שורה נומ׳ 2 פֿון ליד).

עס איז קיין צופֿאַל נישט מן־הסתּם, וואָס דווקא זומער 1940 דרוקט י. ק. אַ ייִדישע איבערזעצונג פֿון "על השחיטה". סוף מייַ זייַנען אין די לאָדזשער פּליטים־קרייזן פֿון וואַרשע אָנגעקומען ידיעות וועגן מאָרד פֿון קינדער אין לאָדזשער געטאָ, וועלכע האָבן אַרויסגערופֿן באַלד די אַסאָציאַציע מיט ביאַליקס ליד. דאַן איז אויך דאָס ליד פֿאַרשטאַנען געוואָרן אַנדערש און בעסער, אַפֿילו דורך קענערס פֿון ביאַליקס פּאָעזיע דערמעגלעכנדיק אַזוי אַרום אַן אַנטשפּאַנונג פֿון געפֿילן, פֿאַר וועלכע ס׳איז שווער געווען צו געפֿינען אַ ווערטלעכן אויסדרוק אין דער אָקופּירטער וואַרשע (פֿאַרגלייַך: ל ו י ן, א., ז׳ 51; זע ווייַטער י.ק׳ס ווערטער וועגן ח. נ. ביאַליקס פּאָעזיע אין שווערע צייַטן, נומ׳ 4).

י. ק׳ס איבערזעצונג דרוקן מיר דאָ צום ערשטן מאָל נאָך דער מלחמה. קיין אונטערשריפֿט פֿון איבערזעצער איז אין געדרוקטן טעקסט אין "דרור" נישט פֿאַראַן; אין בלומענטאַלס רשימה איז זי פֿאַרשריבן ווי נומ׳ 5, און אין דער רשימה פֿון כּתבים אחרונים, תּשכ"ט – נומ׳ 2, אויפֿן סמך פֿון יצחק צוקערמאַנס אינפֿאָרמאַציע (זע זייַן ערשטע טענטאַטיווע ביבליאָגראַפֿישע רשימה, אין י. ק.־אַרכיוו, נומ׳ KV/1177). דער כּתבֿ־יד האָט זיך נישט פֿאַרהיט. אין י. ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות געפֿינט זיך דער אָפּגעדרוקטער טעקסט אין אונטערערדישן "דרור", רעגיסטרירט מיטן נומ׳ KII/1610.

## על השחיטה

(איבערזעצט צום ערשטן מאָל אין ייִדיש)*

איר הימלען, בעט איר פֿאַר מיר, איר!
איז אַ גאָט אין אײַך דאָ, איז אַ וועג אויך אַהין דאָ?
כ׳קען דעם וועג ניט געפֿינען —
טוט איר פֿאַר מיר תּפֿילה, איר, איר!
איך — טויט איז מײַן האַרץ אין מיר, מײַנע לעפֿצן פֿאַרוויאַנעט.
ניטאָ מער קיין כּוח, קיין האָפֿ׳נונג ניטאָ מער —
ביז וואַנען, אָ זאָגט מיר, ביז וואַנען?

העי, הענקער! מײַן האַלדז דאָ — כאַפּ אָן
ווי אַ הונט פֿאַרן קאַרק מיך, דײַן האַנט הויב אויף מערדער,
אַ שאַפֿאָט איז די ערד מיר —
און די קלענסטע — די קלענסטע אין צאָל!
מײַן בלוט פֿרײַ, שפּאַלט שײַטלען, זאָל שפּריצן שוין איין מאָל
בלוט פֿון יונג און פֿון אַלט אויף דײַן העמד דיר —
און ניט אָפּגעמעקט ווערן שוין קיין מאָל.

און איז גערעכטיקייט דאָ — גלײַך דערשײַן!
וועט אָבער זי ווער אויף דער וועלט דאָ פֿאַרקינדן
נאָך מײַן פֿאַרשווינדן —
פֿאַרשאָלטן פֿון אַלץ זאָל זי זײַן!
אין אייביקער רשעות פֿוילט הימלען ניט־גוטע,
אויך איר, רוצחים, ווײַטער לעבט אויס זיך אין רויב,
וואַשט ריין זיך אין אײַערע בלוטן.

און זאָגט ווער: „זײַ זיך נוקם"! פֿאַרשילט!
די נקמה פֿאַר בלוט פֿון געהרגעטע קינדער
וועט דער טײַוול אַליין ניט דערפֿינדן —
דאָס בלוט ברויזט אין אָפּגרונטן ווילד!
זאָל עס עגבערן פֿינצטער אין אָפּגרונטן הוילע
אײַנעסן זיך אין דער פֿינצטערניש טיף,
אין וועלט פֿונדאַמענטן אין הוילע.

* זע אויבן, אין קורצן אַרײַנפֿיר.

דער אַרטיקל איז געווען געדרוקט אין דרור, תמוז ת״ש נומ׳ 3, ז׳ 2 – 6. דער כּתבֿ־יד אַליין האָט זיך נישט אָפּגעהיט.

דער יִידישער מקור איז נאָך דער מלחמה געדרוקט געוואָרן צום ערשטן מאָל אין זאַמלבוך צוזאַמען, תּל־אָביבֿ 1974, ז׳ 485 – 491. ער איז מן הסתּם אָנגעשריבן געוואָרן אַרום 27־טן יולי 1940 – כ״א בתמוז, צו דעם זעקסטן יאָרצײַט נאָך ביאַליקס טויט. דער אַרטיקל איז אונטערגעשריבן פֿון: א. ל. שטאַטער, יצחק קאַצענעלסאָנס אַ קאָנספּיראַטיווער פּסעוודאָנים. צוליב דעם אונטערגרונט־כאַראַקטער פֿון דער נײַעט־לעגאַלער פּרעסע אין וואַרשעווער געטאָ, איז געווען אײַנגעפֿירט נישט אָנצוגעבן די נעמען פֿון מחברים. אָדער בכלל זיך נישט אונטערצושרײַבן אויף די געדרוקטע אַרטיקלען (אַזוי האָט געהאַנדלט דער בונד), אָדער אונטערשרײַבן זיך מיט אַן אויסגעטראַכטן נאָמען. יצחק קאַצענעלסאָן האָט אַ סך געדרוקט אין דער אונטערערדישער פּרעסע פֿון ״דרור״ און זיך אונטערגעשריבן מיט פֿאַרשיידענע אויסגעטראַכטע נעמען; א. ל. שטאַטער איז איינער פֿון זיי. דאָס איז אַ פֿאַרקירצונג פֿון: ״אַ ליצמאַנשטאַטער״, ס׳הייסט אַ תּושבֿ פֿון דער שטאָט ליצמאַנשטאַט, דער אָפּיציעלער דײַטשער נאָמען פֿאַר לאָדזש, קאַצענעלסאָנס ווינשטאָט. דער געדרוקטער טעקסט אין ״דרור״, געפֿינט זיך אין י. ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות, רעגיסטרירט מיט נומ׳ KII/1611.

אין דעם ערשטן אַרטיקל, וואָס י. ק. האָט געשריבן אונטער דער נאַצישער הערשאַפֿט, קומען צום אויסדרוק סײַ אַ באַגרינדעטער אָפּשאַץ פֿון ח. נ. ביאַליקס פּאָעזיע און איר פֿילזאָגעוודיקייט אין די צײַטן פֿון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע, און סײַ – דאָס צום ערשטן מאָל – קאַצענעלסאָנס השגות און באַנעם וועגן זײַן באַטײַט פֿון די געשעענישן און דעם גורל וואָס דערוואַרט יידן פֿון היטלערס הענט.

אין קאַצענעלסאָנס דאַמאָלסטדיקן טעקסט איז צו דערזען צוויי קעגנזאַצלעכע ריכטונגען – פֿון איין זײַט, אַ שאַרפֿע איבערצײַגונג אַז דער טויט פֿון יידן איז ווירקלעכע פֿאַרניכטונג פֿון כּלל, פֿריִער צי שפּעטער, און פֿון דער צווייטער זײַט, אַ פֿעסטע האָפֿענונג און אַ שטאַרקן גלויבן אַז יידן ווי אַ כּלל וועלן דערלעבן בעסערע צײַטן.

א. ל. שטאַטער

## צו ביאַליקס הײַיעריקן יאָרצײַט

הײַנט, דווקא הײַנט, אין דעם יאָר דווקא, אין דעם פֿינצטערסטן יאָר פֿון אונדזער עטלעכע־טויזנט יעריקן לעבן, אין יאָר ת״ש, דאָס גרויזאַמסטע און מוראדיקסטע אין אונדזער מאַרטירער געשיכטע דאָ אויף דער ערד, דאַרפֿן מיר פֿײַערן דעם יאָרצײַט פֿון ביאַליקן.

ביאַליקס יאָרצײַט זאָל אונדז אין אונדזער גרויסער דערשלאָגנקייט און אומבאַהאָלפֿנקייט זײַן אַ טרייסט!

יאָ, יידן פֿרייען זיך ניט אין אַ יאָרצײַט־טאָג, יידן צינדן אין זייערע היימען ליכט אָן לזכר זייערע

נאָענטע אַוועקגעגאַנגענע, ייִדן זיצן אַ שעה אין אַזאַ טרויערטאָג, פֿאַרזונקען אין שטילן אומעט, מען קומט זיך שטום און אין ערפֿורכט, אין אַזאַ טאָג אָפּט צוזאַמען, מען דערמאָנט די געבענטשטע טעג פֿון דעם אַוועקגעגאַנגענעם לעבן, אויב זיי זײַנען געווען טעג פֿון מעשׂים־טובֿים, פֿון ליבע צו מענטשן... "ער האָט ניט געלעבט פֿאַר זיך אַליין, ער האָט געלעבט פֿאַר אַנדערע. תנצב"ה!"

זאָלן אונדז די בכּבֿודיקע טויטע פֿון פֿריִער, דעם 1940[טן] יאָר מוחל זײַן, מיר וועלן זיי ניט "פֿראַוועז" קיין יאָרצײַט־פֿײַערונגען, מיר וועלן זיי אין די טעג ניט באַדויערן. טויטע ייִדן איז בעסער פֿאַר ייִדן לעבעדיקע. זיי, די שוין טויטע, זײַנען געשטאָרבן ווי עס שטאַרבן ייִדן – רויִק, זיכער... אין פּולן באַוווסטזײַן אַז מיט זייער אַוועקגיין ענדיקט זיך עס ניט ... צו זייערע קינדער, צום יונגן דור ייִדן האָט עס ניט ... זיי זײַנען געשטאָרבן רויִק אויף זייער געלעגער ... און מיר, מיר זײַנען אַלע פֿאַרמישפּטע, יונג און אַלט פֿאַרמישפּט, מיט אונדז ענדיקט זיך עס ... ניטאָ, ניט קיין איין ייִד אַ ניט־רעגיסטרירטער, קיין איין [ – ] אָן אַן אָפּאַסקע, יעדערער איז אויפֿן אויג, צי אין די געטאָס, צי אין די געטאָס פֿאַרוואַנדלטע אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן, צי די אַרויסגעטריבענע אין די צענדליקער־טויזנטער פֿון הויפּטשטעט, שטעט און שטעטלעך, ווו מען לעבט שוין איבער אַ יאָרטויזנט. ניין, מיר פֿראַוועז ניט אין טעג פֿון מוראדיקן אונטערגאַנג יאָרצײַטן פֿאַר געשטאָרבענע ייִדן. געשטאָרבענע ייִדן זײַנען גליקלעך וואָס זיי זײַנען געשטאָרבן. שטאַרבן ווי עס שטאַרבן מענטשן – אַך, וואָס פֿאַר אַ גליק! מיר שטאַרבן אָבער ניט, מיר קומען אום ... מיר שטייען יעצט אַלע, אונטערן צייכן פֿון אומקומען.

ניט אַזוי די "אַרבעט", ווי דאָס געשלעפּט ווערן צו דער אַרבעט, ניט אַזוי די ביטערע גזרה אויף אונדזער קאָפּ, ווי דאָס אויסשרײַען זי, די גזרה, ניט אַזוי דאָס פֿערטל קילאָ ברויט יעדן צווייטן טאָג ווייניקער פֿאַר יעדן פֿון אונדז, ווי דאָס באַצייכענען דאָס! ניט אַזוי די אַלע פּײַנען ווי דאָס אויסגעשטעלט צו זײַן אויף די אַלע פּײַנען! ניין, מיר וועלן ניט אָנצינדן די טעג קיין ליכט פֿאַר אונדזערע נאָענטע טויטע, מיר וועלן ניט פֿאַרלאָזן אונדזערע האַלב אָפּגעצוימטע טרויעריקע גאַסן און אַרויסכאַפּן זיך צו די פֿריַיע, ליכטיקע בית־עולמס, ווו אונדזערע טויטע ליגן.

ביאַליקס יאָרצײַט פֿײַערן מיר הײַנט, ניט צוליב ביאַליקן גופֿא, נאָר לטובֿת אונדז. מיר כאַפּן זיך אין דעם יאָרצייט אָן ווי אין מזבח־ווינקלען, מיר ראַטעווען זיך ... לאָמיר פֿײַערן, פֿײַערן אין די מוראדיקע טעג אונדזערע דעם יאָרצײַט פֿון דעם "צער און צאָרן" ביאַליק, דעם דיכטער פֿון אונדזער טיפֿן צער און גרויסן עלנט ...

עלנט טאַקע און ניט צאָרן, ווי דער ייִדישסטער פֿון אַלע דיכטער רופֿט אָן דעם שטאַרקסטן, אייביקסטן טייל פֿון זײַן לידערבוך, די צער־ און צאָרן־לידער! מיר וועלן אָבער הײַנט אין אונדזער צעבראָכנקייט, אין אונדזער קלאָגעדיקסטן, פֿאַרצווייפֿלטסטן צושטאַנד, אין אונדזער שרעקלעכסטן חורבן־יאָר, פֿונעם צאָרן פֿון ביאַליקן ניט ריידן, הגם דער צאָרן איז גאָר געוואָנדן צו זיך אַליין, צו ייִדן. ער הייבט פֿאַר כּעס די קולאַקעס צום אייגענעם קאָפּ, צו די אייגענע שלייפֿן, ער שלאָגט זיך על־חטא: חטאתי! דאָס איז דער כּעס אויף זיך, דער כּעס וואָס ברעכט אין אונדז אויס אויף אונדז

אַליין, אויף די זינד אונדזערע, די ג[רו]יסע קעגן זיך, די גרעסטע [ז]ינד אונדזערע, וואָס מיר זינדיקן, איז די זינד קעגן זיך, די אייגענע גרינגשעצונג, דאָס אָוועקקוקן פֿון דער אייגענער נויט, דאָס איז דער צאָרן־אויסברוך אין אונדז פֿאַרן שענדלעכן אַנטלויפֿן פֿון זיך...

אַנשטאָט אויסברעכן אין אַ ביאַליק[י]שן צאָרן־געשריי וועלן מיר הייאָר שטיל אַ קרעכץ טאָן... און ניט מער, הייאָר, הייאָר וועלן מיר אויף די צאָרן־לידער ביאַליקס זיך ניט אָפּשטעלן, הגם זיי זיינען דער שטאַרקסטער דער מעכטיקסטער אויסדרוק אין זיין שאַפֿן. מיר דערמאָנען הייאָר דעם צער אַליין, דעם צער פֿון ביאַליקס ליד, וואָס איז אַגבֿ גרויס און צוגעפּאַסט צום צער אונדזערן פֿון הייאָר...

מיר וועלן זיך אויך היינט ניט וואַרעמען ביי זיינע הערלעכע ליכט לידער, ניט דערקוויקן זיך מיט זיינע פֿאָלקסגעזאַנגען, דאָס פֿולע העלקייט פֿון זיין ליכטליד פֿאַרבלענדט, פֿאַרפּלייצט. בשנת הת"ש, ס'הייסט אין יאָר 1940 פֿאַרזשמורעט אַ ייִד די אויגן פֿאַר דער דאָזיקער ליכט, מען איז אויף אַזוי פֿיל ניט דרייסט נהנה צו זיין אין דער שעת־חרום פֿון דעם פֿולן זונליכט אין ביאַליק[י]שן ליד... ס'איז אַ ביסל אַ מורא אַריינקוקן אין דעם דאָזיקן ליד, מען קען זיך נאָך פֿאַרכלינען פֿון דער שפֿע ... און דערנאָך – אויפֿהייבן די אויגן פֿון ליכטיקן בוך צום פֿינצטערן הימל.

ניין, ניט ביאַליקס ליכטלידער און ניט זיינע פֿאָלקסגעזאַנגען דאַרפֿן היינט דערמאָנט און אונטערגעשטראָכן ווערן ... אַ קנאַפּע טרייסט! מיר וועלן זיך אין אונדזער טרויער אַוועקזעצן אַזוי נידעריק אויף בענקלעך, עס מוז ניט דווקא זיין אין שול וואָס פֿאַרמאַכט איז, ניט אין בית־מדרש וואָס פֿאַרברענט איז, מיר וועלן עס טאָן יעדערער אין זיין אומעטיקער פֿאַראומערטער היים, ביאַליקס ספֿר אויף די קני, און אַריינקוקן אין לידער פֿון צער אונדזערן און פֿון וויסטן עלנט און ... געטרייסט ווערן!

אָ, מיר קענען זיי ניט, די וועגן פֿון טרייסט ... די וועגן פֿון וואַנען זי קומט. זיצנדיק אַזוי איבערגעבויגן אויף ביאַליקס לידער פֿון צער, איז אין אונדז אַ טרייסט אַריינגעהויכט געוואָרן! אָ ניין, ניט די נידעריקע הילצערנע בענקלעך האָבן זיך עס אַ הייבֿ געטאָן, דאָס האָט איר די עלנטסטע, די אַם מיינסטן באַליידיקטע זיך דערהויבן, די דערהייבונג איז געווען אַן אינערלעכע, איר האָט דערזען דעם טיפֿן צער אייערן, וואָס ברענט אין אייך, אין תּהום פֿון אייער זעל – אויף אייערע קני! איר האָט אים דערזען אין ביאַליקס אויפֿגעבלעטערטן לידערבוך. איר האָט דערזען אָט דעם, וואָס ליגט שווער געזונקען ווי אַ שטיין אין אייער געמיט, וואָס ברענט און בראָט אייך, וואָס שטיקט און דריקט אייך, פֿאַרצערט אייך דעם צער וועלכן איר קענט ניט אויסגיסן, פֿאַר וועלכן איר געפֿינט קיין אויסדרוק און קיין אויסוועג ניט – דעם צער אייערן דעם באַהאַלטענעם, האָט איר אומגעריכט דערזען – און איר האָט אָפּגעאָטעמט, באַפֿרייט זיך פֿון אַ שווערער משׂא, אויסגעלייזט געוואָרן. ניין, ניט ביאַליק, דאָס זייט איר געקומען אַ דאַנק זיין ליד צום אויסדרוק, אַרויסגעזאָגט זיך און פֿריי אָפּגעאָטעמט, איר! איר! מיט ביאַליקס כּוח!

האַלטן עפּעס אין זיך איז מער לאַסט ווי האָבן עס אויף פּלייצעס. אַ טיפֿער געפֿיל פֿון וועלכן מיר

באַפֿרײַען זיך איז בעסער אי פֿאַר אונדז אי פֿאַר דעם געפֿיל וואָס האָט אין אונדז געװירן און געקאָרטשעט זיך אין ענגשאַפֿט. זײַענדיק באַגראָבן אין אונדז שטאַרבט עס אָפּ מיט אונדז אין איינעם, רײַסט עס זיך פֿון אונדז אַרויס לעבט עס אייביק, ווערט עס פֿאַראייביקט.

ביאַליק האָט אונדזער צער געזען, אַרויסבאַקומען אים און אים פֿאַראייביקט. אַ דאַנק ביאַליקן איז דאָס טיפֿסטע אין אונדז פֿאַראייביקט געוואָרן און אונדז איז, אַ דאַנק אים לײַכטער געוואָרן...

— — — — — — — — — — — — —

עס איז אַוועק ביאַליק, שוין זעקס יאָר ווי ער איז אַוועק. ער האָט אונדז אָבער ניט איבערגעלאָזט אַזוי ... אויף גאָטס באַראָט, ווי עס לאָזן אונדז איבער קינסטלער, סתּם קינסטלער, הגם גרויסע, רײַכע —

עס זײַנען דאָ רײַכטימער מיט וועלכע מען קען זיך ניט העלפֿן אין אַ גרויסער אָרעמקייט, אין דער אָרעמקייט פֿון ניט דערקענען זיך, ניט דערגרונטעווען זיך, פֿון ניט געפֿינען דעם אמתן אויסדרוק פֿאַר אויסטערלישע לײַדן וואָס האָבן צו זיך קיין גלײַכן ניט.

ניט האָמער, ניט בײַראָן, ניט געטע ווען אַזעלכע זאָלן האָבן געוועזן זײַן בײַ ייִדן — וואָלטן זיי אונדז ניט פֿאַרביטן די תּהילים־זינגער. די זינגער פֿון תּהילים עפֿענען אונדזערע פֿאַרשלאָסענע הערצער, מאַכן לויז אונדזער געליימטע צונג אין פֿאַרמאַכטן מויל. ווער? ווער רעדט זיך אַראָפּ פֿון האַרצן, מיר צי זיי?

די תּהילים־זינגער זײַנען ווי הייליקע דיבוקים וואָס האָבן זיך אַרײַנגעקליבן אין אונדזער נפֿש און רופֿן פֿון דאָרט, ווי פֿון אַ מן־המיצר אַרויס, ווי יונה הנבֿיא דורך די אינגעווייד פֿונעם פֿיש.

ביאַליק — דער המשך, די פֿאָרזעצונג, דאָס ווײַטערדיקע רינגעלע אין דער "גאָלדענער קייט" פֿון די תּהילים־זינגער. ביאַליק, דער זינגער פֿון אונדזער טיפֿן צער, דער הייליקער דיבוק וואָס איז פֿון אונדז אַרויס און איז אין אונדז אַרײַן.

אָ, מיר זײַנען געוווינט אַרויסלאָזן טײַבעלעך אַזעלכע, אָנזאָגער פֿון ישועות פֿאַר גאָר דער וועלט, הויך פֿליִענדיקע, פֿון אונדזער נידעריקן אונטערדאַך (דער נוסח ביאַליק: אָדלערלעך פֿון צווישן אונדזערע פֿעלדזנשפּאַלטן) מיר לאָזן זיי אַרויס, זיי פֿליִען אָבער אַוועק פֿון אונדז הויך, הויך ... נײַן, ווײַט, פֿליִען זיי אַוועק, ווײַט פֿון אונדז ... ביאַליק איז פֿון אונדז אַרויס און איז אין אונדז אַרײַן, ווי אַ הייליקער דיבוק וואַרעמט ער זיך אין בלוט פֿון אונדזער האַרצן, אין אָטעמהויך פֿון אונדזער זעל...

דער הייליקער דיבוק! אַ הייליקער און אַ דיבוק... דער אמתער תּרתּי־דסתרי! אַ דיבוק — דער סימבאָל פֿונעם אומהיימלעכן, פֿון פֿרעמדן, פֿון ווילד פֿרעמדן ... דאָס ווילד פֿרעמדע וואָס קלײַבט זיך אין אונדז אַרײַן און רעדט פֿון אונדז אַרויס, רעדט אַרויס ווי ניט מיט אונדזער קול און אַזעלכעס וואָס קלעפּט זיך ניט, וואָס פּאַסט זיך ניט ... אָ, מיר ייִדן, מיר קינדער פֿון ייִדישן פֿאָלק

זײַנען געוווּנט צו דיבוקים, מיר געניזוקטע, מען קומט אין אונדז אַרײַן ווי אין אָפּענע טירן, מען הוליעט, מען קאָמאַנדעוועט פֿראַנק און פֿרײַ אין אונדז אַרום, מיר טרײַבן זיי ניט אַרויס, מיר האָבן זיך אַזוי ווי אײַנגעלעבט מיט זיי ... ווען דיבוקים פֿאַרלאָזן אונדז איז אונדז אַ שאָד, און ווען זיי קומען צו אונדז ווידער, די ניט־גוטע – זאָגן מיר זיי: "ווילקאָמען!".

דיבוקים! ביז האַרט פֿאַרן קריג האָבן זיי אין אונדז אַרומגעבראָיעט... דערפֿאַר זעען מיר אין קריג אַזוי אויס, דערפֿאַר זײַנען מיר אַזוי מוטלאָז, אַזוי עלנט און אַזוי וויסט, אַזוי פֿיזיש און מאָראַליש צעבראָכן, דערפֿאַר זײַנען מיר אַזוי פֿאַרמאַטערט, אַטראָפֿירט אין אונדזערע ייִדישע אומפֿאַרגלײַכלעכע פּײַנען. מיר הערן זיי אויף צו פֿילן! דאָס ערגסטע: עס הערט אויף וויי צו טאָן... דאָס ווילדפֿלייש וואַקסט, וואַקסט ...

ניין, תּהילים איז קנאַפּ פֿאַר אונדז, תּהילים אַליין איז ניט גענוג, מיטן תּהילים איז אונדזער צער ניט אויסגעשעפּט... די פֿעלקער אפֿשר, קענען זיך מיט אונדזער תּהילים באַנוגענען, זיי אפֿשר, קענען, נאָכן הונדערט און פופֿציקסטן קאַפּיטל שטעלן אַ פּונקט, אַ זאָג טאָן: עד כּאן! גענוג! גענוג געבעטן, עמך, אָבער, עמך ישׂראל, ייִדן זײַנען גרויסע "געברויכער" ייִדן דאַרפֿן דעם המשך. דאָס לעבן טוט זיי אָפּ אַלץ פֿרישע "שפּיצלעך", עס שפּילט מיט זיי אָפּ חתונקעס נײַע, וועלכע דער תּהילים האָט ניט פֿאָרויסגעזען און גיט אויף דעם קיין ענטפֿער ניט ... באַדאַרף מען אַ המשך, אַ ווײַטערדיקע סעריע תּהילים־קאַפּיטעלעך, אַ קאַפּיטל וועגן דעם צער אונדזערן פֿון 1940, אויף וועלכן דער "נעים זמירות" ווינקט ניט אָן, געפֿינט ניט, צום דאָזיקן צער, קיין טרייסט ... פֿאַר גויים זײַנען דודס תּפֿילות מער ווי גענוג, איבער און איבער, זייער זאָרג שעפּט זיך מיט זיי אויס, מיר נייטיקן זיך אין ביאַליקן, מיר גייען אין אונדזערע לײַדן אונטער זײַנע צער־גע[זאַנגען] ווײַטער, מיר מאַכן מיט אים ווײַטער דעם מאַרטירער־וועג – יחי ביאַליק! אין אונדז, מיין איד! זאָל ער לעבן אין אונדז ביאַליק, דער וואָס זוכט אויס און געפֿינט דעם אמתן, דעם פּאַסיקסטן אויסדרוק פֿאַר אונדזערע איבערמענטשלעכע שנת־הת"ש־פּײַנען, און אַ דאַנק וועמען עס ווערט אונדז לײַכטער, לײַכטער אויף דער נשמה, אַ דאַנק וועמען מיר ווערן געטרייסט, מיר דאָס פֿאָלק אין וועלכן עס האָבן זיך אַרײַנגעקליבן [ ] עס זיצן עד היום ... דיבוקים! אומעטיקע טאַקע, מיט אומעטיקע פּנימער ... פּני[מער] פֿון דיבוקים לאָזן זיך פֿאָרשטעלן, לאָזן זיך, אַז מען מאַכט צו די אויגן, זען. דער צער זייערער וואָס קוקט זיי אַראָפּ פֿון פּנים, דער צער פֿון פֿרעמדע וואָס שרײַט פֿון אונדז אַרויס, איז לגבי אונדז – ניט עכט, לגמרי דורך אונדז ניט [איבער]געלעבטער צער ... וויי אונדז! די קויל וואָס עס טרעפֿט אונדז – פֿילן מיר ניט, און די וואָס פֿאַלט דערנעבן – פּלעפֿט אונדז כּלומרשט!

כּלומרשט ... כּלומרשט ... וואָלט אונדז דעם פֿרעמדנס אומגליק געפּלעפֿט אויף אַן אמת, וואָלט מען געקענט מיט דער אויסטערלישקייט מאַכן שלום ... איז עס אָבער כּלומרשט! ווײַל אַ קויל וואָס טרעפֿט זיך אין האַרצן, טאָמער רופֿט עס זיך אין אונדז <ניט אָפּ> – איז עס אַ שלעכטער סימן, איז עס אַ סימן אַז מיר זײַנען טויט ... און טויטע קענען אַ צווייטן אין זײַן אומגליק ניט העלפֿן! וויי

אונדז ... אונדזערע טויטע, וואָס לעבן פּלומרשט, בייגן זיך אַראָפּ, בייגן זיך אויף רעכטס און לינקס, כּדי אויפֿהייבן געפֿאַלענע ...

ווי אונדז: אינעווייניק אין אונדז זיצט אַ חבֿרה דיבוקים און פֿון דרויסן ווילדעוועט אַשמדאַי, ווי... מיר געפּײַניקטע, מיר געפּרוּווטע פֿון ניט־גוטע אין געשטאַלט פֿון גוטע, פֿון דיבוקים, פֿון אַנשיקענישן – ווײַל אָבער אונדז וואָס אין אונדז זיצט איינער, אַ הייליקער, אַ הייליקער דיבוק, געהייליקט אין אונדזער צער, פֿאַר וועלכן ער געפֿינט דעם ריכטיקן נאָמען, וועלכן ער שטעמפּלט געטרײַ מיטן צייכן פֿון אמת –

יאָ, יאָ, ווײַל מיר האָבן זיך אין די פּלאָנטערנישן פֿון אונדזער לעבן, צו זיי, צו דיבוקים, צוגעוווינט, באַצייכענען מיר אויך איינעם פֿון אונדזערע דערלייזער, פֿון די ווינציקע גואלים פֿון גײַסט, אַלס אַ דיבוק –

דער הייליקער דיבוק ביאַליק וואָס איז אין אונדז אַרײַן! אַ הייליקער אַזאַ אין קעגנזאַץ צו אַ פֿרעמדן ... פֿאַרקערט! צום אומגליק טרײַבן מיר אָפֿט מאָל דאָס וואָס עס איז הייליק! אַ הייליקער צווישן דיבוקים איז אָבער דער וואָס טרייסט, וואָס דערהייבט, דער וועלכער דערלייזט, וואָס איז מציל.

דער צער ביאַליקס איז אונדזערער, דער יעצטיקער צער. דער צער פֿון יאָר 1940, ער דערהייבט אונדז אָבער, דערמונטערט אונדז... אַנשטאָט רעזיגנירן, אונטערגעבן זיך אין דעפּרעסיע און געפֿאַלנקייט דעם בלוטיקסטן, בלוטדאָרשטיקסטן, אוממענטשלעכסטן און אָן־אַ־פֿאַרוואָס־שׂונא – דערפֿילן מיר צו די אויסוווּרפֿן פֿון דער מענטשלעכער נאַטור – עקל, עקל, ניט מער ווי עקל!

דער צער אונדזערער, וואָס ביאַליק שפּיגלט אָפּ, איז ווי אַ ים אין וועלכן מען ווערט ניט דערטרונקען, מיר וואַרפֿן זיך אין די פֿאַליעס פֿון דאָזיקן ים, דערפֿרישן זיך דאָרט, רייניקן זיך, קומען צו כּוחות און בויען, און שאַפֿן –

ביאַליקס פֿאַרצווייפֿלונגס־געשריי איז געווען דער קרעפֿטיקסטער שטויס צו דער באַוווּסטזיניקסטער אויפֿלעבונגס־באַוועגונג פֿון אונדזער בעסטער יוגנט אויף גאָר דער וועלט און צו דעם אויפֿבוי־ווערק אין ארץ־ישׂראל דורך פֿיזישער און גײַסטיקער אַרבעט אין שטאָט און אויף לאַנד, אויף יסודות פֿון גלײַכהייט, פֿרײַהייט און גערעכטיקייט.

ביאַליקס צער־ליד וועט אונדז דערהאַלטן אויף להבא, מיט דער הילף פֿון זײַנע צער־געזאַנגען וועלן מיר בײַשטיין די שווערסטע נסיונות אין וועלכע מיר ווערן די טעג אומבארחמנותדיק געפּרוּווט.

# „יזכּור" <ערשטער טייל>

אַ פּאָעמע אין צוויי טיילן, געשריבן מיט אַ הפֿסקה פֿון אַ יאָר צײַט. דער ערשטער טייל איז געשריבן געוואָרן, לויט ווי מען איז זיך משער, אלול ת״ש – צווישן פֿערטן סעפּטעמבער און צווייטן אָקטאָבער 1940 (זע: כּתבֿים אחרונים, תשכ״ט, ז׳ 364). אין וואַרשעווער געטאָ איז די פּאָעמע געלייענט געוואָרן – ראש השנה תּש״א – דעם דריטן צי פֿערטן אָקטאָבער, פֿאַר די חבֿרים פֿון דער „דרור־החלוץ"־באַוועגונג און פֿאַר גרופּעס פֿון דער שטודירנדיקער יוגנט (זע: צוקרמן – מבפנים, י״ג, ז׳ 31; זע אויך: קורניאַנסקי, ז׳ 640). די פּאָעמע איז פֿאַרלאָרן געגאַנגען און איר אינהאַלט איז אונדז כּמעט ווי אומבאַקאַנט. אַ דאַנק דעם שטאַרקן רושם וואָס די פֿאָרלייענונגען פֿון דער פּאָעמע האָבן איבערגעלאָזט אין געטאָ, זײַנען געבליבן אייניקע אָפּרופֿן אויף איר, פֿאַרשריבענע אין וואַרשעווער טאָגביכער, בײַ שמואל ווינטערן (זע: מאַרק (1954), ז׳ 64) און בײַ עמנואל רינגעלבלומען.

עמנואל רינגעלבלום פֿאַרשרײַבט דעם 14טן דעצעמבער 1940: „אָנגעשריבן גרויסע פּאָעמע ׳יזכּור׳, ווו עס ווערט אָנגעזאַמלט די איבערלעבונגען אין פּוילן"; דעם 31טן דעצעמבער 1940 פֿאַרשרײַבט רינגעלבלום אויך פּרטים פֿון אינהאַלט: „דאָס ליד ׳יזכּור׳ מאַכט אַ שטאַרקן אײַנדרוק, הגם קינסטלעריש נישט געהויבן. דער דיכטער פֿאָדערט נקמה פֿאַר די צרות, [אנקות] ואנחות, ער פֿאַרציילט וועגן דער כאַפּעניש, דעם טויטשרעק אין גאַס, די אַרבעט־לאַגערן (פּיאַוועקעס, וואָס זויגן די אין בלאָטע אַרבעטנדיקע, אין זומפּן), פֿון וועלכע מען קומט נישט צוריק. די מעשׂים־תּעתּועים פֿון די קהלניקעס, וואָס זענען טייל מאָל ערגער פֿאַר יענע. דער צער פֿון קינדער אָן שולן און דערציִונג. די הריגות פֿון קדושים, דאָס קינד, וואָס איז דערהרגעט געוואָרן צוליב זײַן שיינקייט. (כּתבֿים פֿון געטאָ, I, ז׳ 198; זז׳ 209 – 210).

פֿון די געבראַכטע עדותשאַפֿטן און פֿון נאָמען פֿון דער פּאָעמע איז קלאָר אַז עס האַנדלט זיך וועגן אַ ווערק וועמענס ציל איז געווען צו באַשרײַבן די געשאַפֿענע נײַע ווירקלעכקייט אונטער דער נאַצי־הערשאַפֿט און אויסרעכענען די קרבנות אירע: אַ ׳יזכּור׳ פֿאַר די „וואָס זענען דערהרגעט געוואָרן אויף די וועגן און פֿאַר די וואָס ווערן טאָג־טעגלעך דערהרגעט אין גאַנץ פּוילן... אַ מאָדערנער ׳קדיש׳." (זע: צוקרמן – מבפנים, י״ג, דאָרט). יצחק קאַצענעלסאָן האָט אין דער פּאָעמע „יזכּור" געמאַכט דעם ערשטן סך־הכּל פֿון ייִדישן חשבון, בײַם סוף פֿון ערשטן יאָר זינט דעם אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה. פֿון דעם שטאַנדפּונקט דאַרף די ייִדישע פּאָעמע באַטראַכט ווערן ווי דער ליטעראַרישער פֿאָרגייער פֿון יצחק קאַצענעלסאָנס העברעיִשן פּנקס ויטל, דער ערשטער אַלגעמיינער ייִדישער חשבון, וואָס ער האָט פֿאַרפֿאַסט זומער 1943, בײַם סוף פֿון פֿערטן יאָר אונטערן נאַצי־רעזשים, אין מזרח־פֿראַנקרײַך אין אַ אינטערנירונג־לאַגער, אין וויטעל. וועגן דעם צווייטן טייל פֿון דער פּאָעמע, זע ווײַטער, נומ׳ 26.

דאָס ליד איז געווען געדרוקט אין דער אונטערגרונט־אויסגאַבע דרור, תּשרי תּש״א – צווישן דריטן אָקטאָבער און ערשטן נאָוועמבער 1940 – נומ׳ 4, ז׳ 3. דאָס ליד איז אונטערגעשריבן: ל. שטאַטער – ס׳הייסט, ליצמאַנשטאַטער – איינער פֿון די פּסעוודאָנימען וואָס יצחק קאַצענעלסאָן האָט באַנוצט, ווי אַ מיטאַרבעטער פֿון דער אונטערגרונט־פּרעסע אין וואַרשעווער געטאָ (פֿאַרגלײַך אויבן, אין אַרײַנפֿיר צו נומ׳ 4). דער ייִדישער געדרוקטער מקור ווערט דאָ צום ערשטן מאָל איבערגעדרוקט נאָך דער מלחמה. דער כּתבֿ־יד אַליין איז צו אונדז נישט דערגאַנגען. אין בלומענטאַלס רשימה איז דאָס ליד פֿאַרשריבן אויפֿן אָרט נומ׳ 16. דער געדרוקטער טעקסט אין ״דרור״ געפֿינט זיך אין י.ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות, און איז דאָרט רעגיסטרירט מיטן נומ׳ KII/1598.

נאָך איידער ס׳איז געווען אַ געטאָ אין דער אָקופּירטער וואַרשע, איז די קאַרמעליצקע גאַס געוואָרן דער אָרט ווו דער נאַצישער טעראָר לשם טעראָר האָט פֿרײַ, און במשך דעם גאַנצן טאָג, געבושעוועט.

ווער עס באַטראַכט די מאַפּע פֿון וואַרשעווער געטאָ ביז דעם גרויסן גירוש (יולי 1942), באַמערקט גלײַך – אַז דער געטאָ־מויער וואָס באַשטימט די גרענעצן פֿון געטאָ, האָט צוויי פֿונקציעס: (א) אָפּזונדערן די ייִדן פֿון די ניט־ייִדן, און איבערהויפּט (ב) איזאָלירן וואָס מער איין חלק אין געטאָ פֿון צווייטן, כּדי פֿראַגמענטירן און פֿאַרמערן די ווינאינדזלען אין געטאָ גופֿא. צווישן דרום און צפֿון, צווישן איין בלאָק גאַסן און דעם צווייטן. אַלע דורכגענג פֿון דרום צום צפֿון, זײַנען פֿאַרמויערט געוואָרן, אַחוץ צוויי: אין דרום־טייל, דורך אַ צווישטאָקיקער הילצערנער בריק וואָס האָט זיך געצויגן פֿון איין זײַט כלאָדנע גאַס ביז דער צווייטער, לענג־אויס דער אײַזן גאַס (זשעלאַזנע). אין צפֿון־טייל, דורך דער קאַרמעליצקע גאַס, די איין און איינציקע גאַס וואָס איז געבליבן אָפֿן אין איר צפֿון־און איר דרום־זײַט – נאָך דעם ווי מען האָט ספּעציעל פֿאַרמויערט די נאָוואָליפּיע און די לעשנאָ גאַס בײַ זייער פֿאַרקער מיט דער אײַזן גאַס אין מערבֿ און מיט דער פּשעיאַזד גאַס אין מזרח.

די קאַרמעליצקע גאַס איז געוואָרן אַ פֿײַניקונג־אָרט, נאָך פֿאַר דער געטאָ־תּקופֿה, ווײַל דאָס פֿאַרמויערן די פֿאַרקער־פּונקטן אין דער ייִדישער וואַרשע האָט זיך אָנגעהויבן שוין אין מערץ 1940, און סוף מײַ 1940 איז די קאַרמעליצקע גאַס פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם איינציקן ענגן דורכגאַנג פֿון דער לעשנאָ גאַס ביז צו דער נאָוואָליפּיע גאַס. זײַענדיק דער איינציקער פֿאַרקערפּונקט פֿון צענדליקער טויזנטער ייִדן, טאָג־טעגלעך, אין האַרץ פֿון געטאָ – האָבן עס די דײַטשן אויסגענוצט כּדי אומגעריכט צו צעשלאָגן, פֿאַרווונדיקן און צעשיסן ייִדישע פֿוסגייער.

די קאַרמעליצקע גאַס איז געוואָרן במשך פֿון דער צווייטער העלפֿט פֿון יאָר 1940, אַן אָפּשפּיגלונג בזעיר־אַנפּין נאָך פֿאַר דער געטאָ־תּקופֿה, פֿון גורל וואָס האָט דערוואַרט ייִדן אונטער דער נאַצישער הערשאַפֿט אין די יאָרן פֿון אומקום (זע, וועגן דער אַנטוויקלונג פֿון פֿאַרמויערן די געטאָ, כּלפּי־חוץ און כּלפּי־פּנים, בהדרגה: **עמנואל** רינגעלבלום, כּתבֿים פֿון געטאָ, I, ז׳ 108, 122, 128, 131, 144, 164 – אין זײַנע רשימות במשך די חדשים מערץ – אָקטאָבער 1940).

במשך דער געטאָ־תּקופֿה איז די רציחה אויף דער קאַרמעליצקע גאַס געוואָרן וואָס מער, אַ טאָג־טעגלעכע דערשײַנונג. גרופּעס דײַטשן פֿלעגן ספּעציעל קומען פֿון אויסערן געטאָ כּדי אָנצופֿאַלן אויף זייערע ייִדישע קרבנות. וועגן דעם דערציילט אַ באַגלויבטער עד־ראיה, ח. א. קאַפּלאַן, אין זײַן טאָגבוך וואָס איז געשריבן

געוואָרן בעת פֿאַר זײַנע אויגן האָבן זיך אָפּגעשפּילט ייִדישע טראַגעדיעס טאָג־אויס טאָג־איַין אונטער זײַן פֿענצטער, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פֿון זײַן דירה אויף דער קאַרמעליצקע גאַס (זע: קפלן, זז׳ 415 – 416; 420 – 421; 439 – 440; 550).

קורץ פֿאַר דער גרויסער אויסזידלונג קיין טרעבלינקע במשך פֿון דעם זומער פֿון יאָר 1942, איז די גאַס קאַרמעליצקע געוואָרן אַ בפֿירושער אויסראָטונג־צענטער פֿאַר די דײַטשן. וועגן דעם דערציילט יצחק קאַצענעלסאָן אַליין, אין אַ רשימה געשריבן דעם זיבעטן אויגוסט 1943 אין וויטעל: ״אַ פּאָר וואָכן איידער מיר זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן צום טויט מיט דער ערשטער ׳באַן׳... האָט מען אונדז אָנגעהויבן הרגענען טאָג־איַין טאָג־אויס אין די גאַסן פֿון שטאָט... פּלוצלינג און אין מיטן העלן טאָג, בעת מיר האַלטן זיך ענג צונויפֿגעפּרעסט אין דער קאַרמעליצקע גאַס, וואָס דאָס איז די ענגע איינציקע גאַס דורך וועלכער דער גאַנצער המון פֿון אונדזער פֿאָלק איז אַדורך פֿון איין וווינאָרט אין געטאָ צום צווייטן – און אָט פֿאָרט גיך אַדורך אַ לאַסט־אויטאָ און רוצחים קוקן פֿון אים אַרויס און שיסן אויף די דורכגייער, און ביז מע אײַלט זיך צו די טויערן פֿאַלן אַ צען מענטשן. דאָס זײַנען דערהרגעטע, שווער פֿאַרוווּנדיקטע. צו מאָל ווערט אַן אײַזערנער שטעקן אויסגעשטרעקט פֿון וואָגן אַרויס און ער טוט אַ זעץ אין שאַרבן און נאַקן פֿון אומשולדיקע ייִדישע דורכגייער. איך בין אַדורך די קאַרמעליצקע גאַס, אָט דעם שמאָלן רער פֿאַרן שטראָם וואַרשעווער ייִדן, אַן איינציקע רער פֿאַר אַ כּמעט האַלבן מיליאָן ייִדן, ווײַל מען האָט צו אונדז אַלע מאָל פֿאַרטריבן די על־פּי נס לעבן געבליבענע ייִדן פֿון די קליינע שטעטלעך. אַדורכגייענדיק די אָ קאַרמעליצקע גאַס איז מיר אַנטקעגן געקומען אַ ייִד מיט אַן איידעלן פּנים און אויף זײַן קאָפּ אַ שטרויענע הוט. ער איז אַדורך לעבן מיר, נאָך אַזאַ רגע האָב איך אַ שאָס דערהערט הינטער מיר. איך האָב מײַן פּנים אויסגעדרייט אויף צוריק און זיך אָפּגעקערט פֿון וועג. צוויי רוצחים... קומען מיר אַנטקעגן... ווי זיי זײַנען דורכגעגאַנגען האָב איך געהערט פֿון די וואָס זענען געגאַנגען נאָך זיי: אַ ייִדישער דאָקטער איז נאָר וואָס דערשאָסן געוואָרן... דער מיטן שטרויענעם הוט. ווי אַזוי אַרום? איינער פֿון די צוויי מנווולים האָט אים מיטן פּוס געקאָפּעט נאָך דעם ווי ער איז לעבן זיי אַדורך, דער דאָקטער האָט פֿאַרוווּנדערט זיך אומגעקוקט אויף צוריק, אין דער רגע האָט דער נידערטרעכטיקער רוצח זײַן ביקס אַרויסגעצויגן און אים דערהרגעט... אַ פֿליִער פֿון זייערע האָט דערהרגעט אַ ייִד אין גאַס. דער פֿליִער האָט איינעם פֿון די ייִדן געגנייט אויפֿצוהייבן אַ פֿוס אויפֿן בויך פֿון דעם מת, רייכערן אַ ציגאַרעט און שמייכלען, שמייכלען די גאַנצע צײַט ביז ער וועט אים פֿאָטאָגראַפֿירן... ער האָט אים פֿאָטאָגראַפֿירט, אפֿשר כּדי אים צו געבן אין איינער פֿון דעם רוצח שטרײַכערס בלעטער, ער האָט אים פֿאָטאָגראַפֿירט און פֿאַרטריבן פֿון לעבן דעם הרוג, מיט אַ רוט וואָס אין זײַן האַנט, ווײַל דער מענטש האָט זיך נישט צוגעאײַלט אַוועקצוגיין און ווײַל ער האָט נישט אויפֿגעהערט צו לאַכן. ער האָט אים פֿאַרטריבן, אָבער דעֶס געלעכטער האָט זיך נישט אָפּגעטאָן פֿון ייִדנס פּנים ... אַ משוגענער און משוגע־מאַכנדיקער געלעכטער.״ (פּנקס ויטל, זז׳ 162 – 163). אויך די געשעעניש האָט זיך פֿאַרלאָפֿן טאַקע אויף דער קאַרמעליצקע גאַס. וועגן דעם קאָנקרעטן פֿאַל מיטן דײַטשן פֿליִער און זײַנע מעשׂים אויף דער קאַרמעליצקע גאַס, זע ווײַטער ביי קאַצענעלסאָנען, נומ׳ 34: ״דער ייִד האָט געלאַכט״, און אין אונדזער אַרײַנפֿיר דאָרט.

# קאַרמעליצקאַ

מען האָט אַרומגעצוימט מיט מויערן אין מיטן שטאָט אונדז,
מען האָט אונדז אַלט און יונג, אונדז אַלעמען פֿאַרמאַכט;
מיר גייען שאָטענעס אין גאַס אום, אַ שאָטן לעם אַ שאָטן,
אויף קאַרמעליצקאַ איז קיין טאָג ניטאָ, נאָר נאַכט.

די קאַרמעליצקאַ גאַס איז ניט קיין גאַס, ס'איז אַן אַרטעריע,
ס'רינט יִדיש וואַרעם בלוט דאָרט און קאַלט זײַן שווייס —
דו ווײַז אַ קונץ און לויף אַדורך זי גיך, דו זײַ אַ בריה
און ווייס וואָס דיר געשעט פֿון נאָוואָליפּקי ביז די לעש ... גיי ווייס!

די קאַרמעליצקאַ, אוי, זי איז דאָך ענג און שמאָל —
אויף קאַרמעליצקאַ גייט מען ניט, מען לויפֿט אַדורך איר;
אין מיטן אין געלאַף גיט ווער אַ שטורך דיר מיט אַ מאָל:
״אין הויף אַרײַן״... דאָס האָט אַ ייִד געגעבן מיר אַ שטורכע.

די הויפֿן ווערן פֿול, פֿאַרפֿולט ... די קאַרמעליצקאַ פּוסט —
פּוסט ניט פּוסט — ניט אַלע זײַנען זיך צעלאָפֿן.
זעקס מיט אָפּאַסקעס זײַנען — מיר האָבנ'ס ניט געוווּסט
אין מיטן טאָג אויף קאַרמעליצקע כאָדניק אײַנגעשלאָפֿן.

ל. שטאַטער

אַ קריטישער אַרטיקל וועגן דעם קלאַסיקער אין אונדזערע ביידע ליטעראַטורן; אַנטהאַלט צוויי פּרקים: (א) "אייביקייט און ליבע", (ב) "קאַבצאַנסק". אַ דריטער פּרק, וואָס האָט געזאָלט זײַן דער מיטעלער, איז נישט געדרוקט געוואָרן צוזאַמען מיט די אַנדערע צוויי פּרקים איבער מאַנגל אין אָרט, און איז פֿאַרלאָרן געגאַנגען (זע: כתבים אחרונים, תשכ"ט, ז' 372). די איבערגעבליבענע צוויי פּרקים ווערן דאָ איבערגעדרוקט צום ערשטן מאָל אין ייִדישן אָריגינאַל, נאָך דער מלחמה. אין דער אָקופּירטער וואַרשע זײַנען זיי געווען געדרוקט אין אונטערערדישן דרור, תשרי תש"א – צווישן דריטן אָקטאָבער און ערשטן נאָוועמבער 1940 – , נומ' 4, זז' 17 – 22. אין בלומענטאַלס רשימה – פֿאַרשריבן אויפֿן אָרט נומ' 15. דער אַרטיקל איז אונטערגעשריבן מיטן נאָמען: יחיאל דאַווידזאָן. יחיאל איז יצחק קאַצענעלסאָנס צווייטער פּרט־נאָמען; אים האָט מען אַ נאָמען געגעבן נאָכן זיידן פֿון זײַן מאַמעס צד, דעם קאַרעליצער רבֿ ר' יצחק יחיאל דאַווידזאָן.

דאָס איז קאַצענעלסאָנס לעצטע שאַפֿונג, וועלכע איז אונדז באַקאַנט פֿון דער תּקופֿה וואָס פֿאַרן אײַנפֿירן דעם געטאָ אין וואַרשע.

יצחק קאַצענעלסאָנס שריפֿטן, געשריבן במשך פֿון דעם יאָר 1940 אין דער אָקופּירטער וואַרשע פֿאַרן געטאָ, זײַנען כּמעט אַלע געווען געדרוקט אין אונטערערדישן "דרור". זײַן שאַפֿן פֿון יענער תּקופֿה האָט אַזוי אַרום געהאַט, להלכה, אַ רעלאַטיוו גרויסע צאָל לייענערס, אויב מיר נעמען אין אַכט אַז לויט פֿאַרשיידענע אָפּשאַצן איז יעדער נומער פֿון די אונטערערדישע פּובליקאַציעס איבערגעלייענט געוואָרן פֿון אַן ערך 17 – 20 מענטשן און דער טיראַזש פֿון די פֿאַרשפּרייטסטע אויסגאַבעס איז דערגאַנגען צו אַ פּאָר הונדערט (זע: קרמיש (1980), ז' לב). דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון דער ניט־לעגאַלער פּרעסע האָט זיך אַזוי אַרום געשאַפֿן אַ לעבעדיקער קאָנטאַקט צווישן פּאָעט און זײַן פּובליקום, דער עיקר בעת די חדשים אויגוסט – אָקטאָבער 1940, ערבֿ דעם אײַנפֿירן פֿון געטאָ, אָבער אויך שפּעטער במשך פֿון דעם יאָר 1941, ווי מיר וועלן ווײַטער זען.

אַחוץ די וויכטיקע מיינונגען וואָס קאַצענעלסאָן זאָגט אַרויס וועגן שלום יעקבֿ אַבראַמאָוויטשעס שאַפֿן, דינען אונדז זײַנע ווערטער ווי אַ וויכטיקער מקור פֿאַר אַ דערקענטעניש פֿון זײַן אייגענער פּאָעטיק און ליטעראַרישן אַני־מאמין, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין זײַנע געטאָ־ און לאַגער־שאַפֿונגען. זיי קען מען רעזומירן בקיצור מיט דער הילף פֿון קאַצענעלסאָנס תּשובֿה צו דער פּראָבלעמאַטיק פֿון ליטעראַטור און איר פֿאַרבלײַביקייט לדורות, וועלכע י.ק. שטעלט אַוועק אין צענטער פֿון זײַן אָפּשאַץ פֿון אַבראַמאָוויטשעס ליטעראַרישער ירושה. אין י. ק'ס פּאָעטיק ווערט זייער באַטאָנט דער קאַטאַרטישער יסוד וואָס אין יעדן ליטעראַרישן ווערק. נישט נאָר אין זײַן השפּעה אויפֿן לייענער נאָר אויך, און בעיקר פֿון שאַפֿערס שטאַנדפּונקט אַליין, וועלכער פֿורעמט זײַן ווערק קודם כּל אויפֿן יסוד פֿון אַ באַפֿרײַען זיך פֿון דער באַדריקנדיקער גײַסטיקער איבערלעבונג. ער שטויסט בפֿירוש אָפּ אַבראַמאָוויטשעס גאַנג אין דער ליטעראַטור, וואָס איז אין גרונט גענומען אַ קלאַסישער גאַנג, וואָס באַטאָנט די ליטעראַרישע פֿאָרם נישט ווייניקער און אָפֿט מאָל אַפֿילו מערער, ווי איר אונטערליגנדיקע איבערלעבונג.

פֿון דעם שאַרפֿן ניגוד צווישן קלאַסיציסטישער און קאַטאַרטישער ליטעראַרישער פֿורעמונג לערנען מיר אַרויס יצחק קאַצענעלסאָנס אייגענע באַוווסטזיניקע ליטעראַרישע שטעלונג און פּראַקטיק. אין זײַן אַרטיקל וועגן ש"י אַבראַמאָוויטשן הייבט י. ק. אַרויס דעם קעגנזאַץ וואָס צווישן שרײַבן ליטעראַטור־ווערק אויס

קינסטלערישער איבערגעגעבנקייט צו די פֿורעמונג־פּראָבלעמען פֿון דער רעאַקציע צו אַווירקלעכקייט, וואָס איז שוין לאַנג נישט בנמצא, און צווישן שאַפֿן ליטעראַטור־ווערק אויפֿן יסוד פֿון אַ דירעקטער שריפֿטלעכער רעאַקציע מתּוך גײַסטיקע עקזיסטענציאַלע ענגעגנישן פֿאַרוואָרצלט אין דעם **דאָ** און אין דעם **איצט**.

אין דעם הקשר פֿון אַ פֿאַרבינדונג אין צײַט, צווישן רעאַליטעט און די רעאַקציע צו איר, צווייפֿלט י. ק. אין דעם אייביקן ווערט פֿון ש"י אַבראַמאָוויטשעס ליטעראַרישן וועג און זעט דווקא אין צווייטן וועג, דעם אמתן אויסזיכט פֿאַר ליטעראַרישער פֿאַראייביקונג.

דער אָריגינאַלער כּתבֿ־יד איז צו אונדז נישט דערגאַנגען. דער געדרוקטער טעקסט אין "דרור", געפֿינט זיך אין י. ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות רעגיסטרירט מיטן נומ' KII/1036.

# צום הונדערט פֿינפֿטן געבורטסטאָג
# פֿון מענדעלע מוכר ספֿרים

## א. אייביקייט און ליבע

מענדעלען האָט זיך זייער נישט געוואָלט שטאַרבן. צו זײַן פֿינף און זיבעציק יאָריקן יובילעום איז ער אייגנטלעך, אַלט געווען איבער די אַכציק, און אַז עמעצער, אַ נאָענטער האָט אים, אויפֿהייבנדיק אַ גלאָז ווײַן, געווונטשן משה־רבנוס יאָרן, איז דער "זיידע", ניט אויף צו כּלומרשט, אויף אים געוואָרן ברוגז, ער האָט דעם כּעס זײַנעם בפֿירוש אַרויסגעוויזן. אַנטלאָפֿן אין אַ ווײַטן צימער. — "הערט אַ מעשׂה: נעמט אַ מענטש און שעלט מיר צו הונדערט און צוואַנציק יאָר... איך וויל מערער!"

מיר שמייכלען הערנדיק אים, דעם פֿאַרלויף פֿון דעם אינצידענט, און ניט נאָר מיר, נאָר אויך די וואָס האָבן עס בײַגעווווינט, האָבן אַוודאי אַ שמייכל געטאָן. זיי מיינען, אַז דער זיידע מאַכט אַן אָנשטעל ... ער מאַכט עס ערנסט, ער מיינט עס אָבער ניט ערנסט ... וואָרן ער, דער אמתער פּיקח, ווייסט דאָך יאָ, אַז מען מוז ... מען מוז עס מיטמאַכן, צי פֿריִער צי אַ ביסל שפּעטער ... און אַז — וואָס זאָלן מיר לייקענען, אַז הונדערט און צוואַנציק יאָר איז אַ שטיקל גוזמא, אַ מליצה...

אין דער אמתן אָבער זײַנען אונדזערע שמייכלען יעצט, און זייערע דאָרט, אויף דער שׂמחה אין אָדעס, אַ טעות!

מערער! דער זיידע וויל מיט אַן אמת מערער ... ער איז אַוועק, פֿאַרשפּאַרט זיך אויף אַ צײַט אין **לעצטן** חדר, אײַנגעעקשנט זיך: ער וויל מערער!

מערער! אַ סך פֿון אונדז, פֿון אַוועקגייער אַהין פֿון וואַנען מען קומט ניט מער צוריק, ווילן **מערער**, מען וויל ניט שטאַרבן, מען ווײַזט עס אָבער בולט ניט אַרויס, מען שעמט זיך קלאָר אַזוי **אַרן**[וויסזאָגן עס,] האָבן טענות אויף דער קליינער פּאָרציע ... מיר באַשיידענערע, מיר זאָגן עס ניט **בפֿירוש**, מיר באַקלאָגן זיך ניט, מיר זײַנען דיסקרעטער ... מענדעלע איז אָבער ניט געווען קיין **שעמעוודיקער**, ער רעדט עס אַרויס שאַרף, מיט זײַן חיתּוך־הדיבור. ער האָט געהאַט אַ טבֿע בייזערן

זיך, האָט ער אויף דער עוולה וואָס אים קען געשען – שטאַרבן צו הונדערט און צוואַנציק יאָר, רעאַגירט מיט אַ בייזער ... ווען ער וואָלט געהאַט אַ נאַטור צו געוואַלדעווען, וואָלט ער געשריִען: געוואַלד, איך וויל לעבן ... מער!

נאָר מענדעלע זאָגט אויך ניט אַרויס דעם באַהאַלטענעם ווונטש זײַנעם ... טיף אין האַרצן אין זײַנעם, ווינטשט ער זיך לעבן – אייביק!

מער – איז אויך ניט גענוג, מער און נאָך מער – איז אויך קנאַפּ ... איך וויל לעבן אייביק, אָט דאָס!

מענדעלע וויל די אייביקייט...

אַ סך פֿון אונדז, פֿון זײַנע טרײַע לעזער גלויבן אַז ער האָט זי ... ער אָבער אַליין, אָט דער גרויסער מענדעלע איז אומרויִק, אים באַפֿאַלט אַ פּחד וואָס אָנבאַלאַנגט דער אָ אייביקייט ... עפּעס איז ער ניט אין גאַנצן זיכער מיט איר...

ביאַליק אין זײַנע זכרונות וועגן מענדעלען דערציילט אַז עטלעכע יאָר נאָכן דערמאָנטן יובילעום, נאָך אַ לאַנגן קראַנק זײַן, נאָך דעם ווי דער ריז האָט זיך פֿולשטענדיק אײַנגעבראָכן, – אַז אַ ריז ברעכט זיך אײַן איז ער נאָך קלעגלעכער, נאָך טרויעריקער, – פֿונדעסטוועגן חלומט ער נאָך: אָנהייבן פֿון דאָס נײַ...

אַ קנאַפּער נײַנציקער און וויל אָנהייבן פֿון דאָס נײַ.

אָ, ער קען דעם הערלעכן און מוראדיקן וווּנדער באַווײַזן אי אין זײַן לעבן און אי אין זײַן שאַפֿן – אָנהייבן פֿון דאָס נײַ!

שוין אין די הויכע מיטעלע יאָרן ברעכט ער אָפּ מיט זײַן אופֿן שרײַבן, מיט זײַן קונסט, און נעמט זיך אויף נײַע וועגן, ער הייבט אָן פֿון דאָס נײַ, בײַט דעם סטיל זײַנעם, דעם כאַראַקטער און דעם גאַנצן אַרט פֿון זײַן ליטעראַרישן באַנעמען. דער בײַט איז אים געלונגען, ס'איז ניט געווען קיין בײַט, אַ וווּנדער איז עס געשען. נאָר ווי גרויס דער וווּנדער זאָל ניט זײַן, ווי דערהויבן ער איז – דערשרעקט ער אונדז... מענדעלע איז שטאַרק, אַ שטאַרקע נאַטור, ווי נעמט עס אַ מענטש און מאַכט אַ מחק פֿון זײַנע פֿערציק־פֿופֿציק יאָר גײַסטיקער אַרבעט? דער וווּנדער אָבער איז געשען... פֿאַר וואָס זאָל עס אָבער ניט געשען... אַך! ווען דער קרובֿ נײַנציקער וואָלט פֿיזיש ניט געבראָכן געוואָרן – וואַלט אפֿשר די גרויסע אומוואַנדלונג געקומען נאָך אַ מאָל, אַ דריטן מאָל... גלויבט! גלויבט! ווײַל טאָמער גלויבט איר ניט, פֿאַרלירט איר חלילה, עפּעס וואָס פֿון דער ערשטער אומוואַנדלונג זײַנער.

ער אָבער, מענדעלע אַליין, איז, ווי עס ווײַזט אויס, צײַטנווײַז אַרײַנגעפֿאַלן אין ספֿקות... די אומוואַנדלונג טאַקע, פֿײַן, פֿײַן... צו אייביקייט אָבער פֿעלט נאָך, פֿעלט עפּעס וואָס...

אייביקייט! אויב ער האָט זײַן אייביקייט ניט אַלע מאָל געפֿילט, געבענקט נאָך אייביקייט האָט ער שטענדיק, און וואָס עלטער, וואָס נענטער ער איז צוגעקומען צו דער גרענעץ, אַלץ קראַפֿטהאַפֿטער

האָט ער זיך געקלאַמערט אָן די ווינקלען פֿון דעם אייביקייטס־מזבח, זײַן גרויסן שרײַבטיש, אין אָדעס.

ווער עס איז ניט געווען אין אָדעס און האָט ניט געזען דעם מאַיעסטעטישן אַלטן, בײַ זײַן שרײַבטיש, טיף, אין גרויסן זאַל און אַרבעטנדיק, אומדערמידלעך אַרבעטנדיק... ער האָט אפֿשר ניט געאַרבעט ווײַל עס האָט אים, אויף זײַן לשון גערעדט, "געדרופּעט", געאַרט, געברענט אין די עצמות... ניין, ער האָט געאַרבעט פֿאַר דער אייביקייט!

ער, דער גרויסער חכם האָט בעת־מעשׂה פֿאַרגעסן דעם כּלל וואָס אַזאַ חכם דאַרף עס געדענקען: דווקא דאָס וואָס עס "רופּעט" אונדז, אַז מיר ברענגען עס אויף דער ליכטיקער וועלט, האָט שאַנסן צו בלײַבן אייביק. ער האָט אָבער אין גיכן געזעגנט נאָך איר, ניט דערלאָזן [אַן] עיקר... די אַרבעט זײַנע, ווי אינטענסיוו, ווי נוצלעך, ווי אויסערגעוויינלעך זי איז געווען, איז ניט געווען קיין באַפֿרײַען זיך פֿון דעם וואָס "רופּעט" אַממיינסטן, פֿון דעם וואָס האָט אין אים געברויזט, ער האָט זיך ניט "ענטלאַסטעט", ער האָט זיך אַרײַנגעזוצט אין אַ שיפֿל און געוואַרט, גערודערט, געשטרודעלט מיט אַלטע און שטאַרקע הענט צום אייביקייטס־וואַסער...

אויפֿן דאָזיקן וועג האָט ער קנאַפּ וואָס געשאַפֿן נײַעס, ער האָט איבערזעצט, איבערגעטראָגן זײַנע ייִדישע ווערק אין אַ וווּנדערבאַרן העברעיִש... דער נײַער סטיל זײַנער איז עס וואָס האָט געצויגן אונדזער אַלעמענס אויפֿמערקזאַמקייט, מען האָט נאָך אויף אַזאַ העברעיִש ניט געשריבן... דער ערשטער!

די ווערק האָבן באַקומען [אַן] עליה ... דאָס זײַנען אָבער ניט געווען מענדעלעס נײַע ווערק, זיי זײַנען געוואָרן גאַנצער, רײַכער, קערנדיקער ... אָבער ווערק וואָס האָבן אַ מאָל אין אים געברויזט! זיי געהערן צום אַלטן חשבון. אַפֿילו אין די אָריגינעלע ווערק וואָס ער האָט צווישן איין איבערזעצונג און דער אַנדערער געשאַפֿן, בײַ זייער ווונדערלעכקייט און פֿולקומקייט, מאַכן זיי דעם אײַנדרוק ווי זיי וואָלטן געוואָרן פֿון אים באַאַרבעט ... און אין די נײַע כּתובֿים זײַנע דאָמינירט דער גלענצנדער סטיל איבער אַלץ. מענדעלע האָט אַזוי לאַנג באַהערשט דעם סטיל, ביז דער סטיל האָט לסוף באַהערשט דעם מײַסטער, מענדעלען. דאָס האָט אויך פּאַסירט מיט ביאַליקן אין ביאַליקס פּראָזע.

מענדעלע אָבער, וואָס טראַכט וועגן דעם מענדעלע? ווער ווייסט וואָס אין מענדעלעס האַרצן טוט זיך ... בנוגע דעם אייביקייטס־דויער פֿון זײַן קונסט זאָגט ער זיך ניט אַרויס ... עס לאָזט זיך אַנאַלאָגיש פֿאַרגלייכן מיט זײַן געשריי צום לעבן ... צי מאַכט ער עס ווי יענע מאַמע: זי שרײַט אויף דער טאָכטער און מיינט די שנור ... ער שרײַט: איך וויל לעבן! און מיינען מיינט ער: מײַן ווערק! דאָס איבערבלײַבן פֿון מײַן ווערק, דאָס וועלן מער ווי הונדערט און צוואַנציק יאָר איז ניט מער ווי אַ פֿאָרוואַנט, ער וויל פֿאַר זײַן שאַפֿן אייביקייט! אָבער ניין! דאָס לעבן אויך ... ער מיינט זיי ביידן, דאָס לעבן טאַקע אויך!

מענדעלעס לעבן איז רײַך, רײַכער נאָך אין באַגעבנקייטן און אַוואַנטורלעכקייטן ווי זײַן שאַפֿן,

אויב ניט רײַכער, מיסטעריעזער איז עס געוויס דאָס לעבן פֿון דעם קאַפּולער עילוייִשן יונגנמאַנטשיק. אַ גרויסער לערנער, אַן איידעלער, מיט דער גאַנצער אצילות פֿון אַ בעסערן ישיבֿה־מאַן, רײַסט ער פּלוצלינג איבער מיט דעם דאָזיקן לעבן און פֿאַרשווינדט מיט אַ קאָמפּאַניע אָרעמע־לײַט, מיט בלינדע, מיט לאָמע, מיט וויסטע קאַליקעס, וואַנדערט מיט זיי פֿון שטעטל צו שטעטל ... דער אָ אַוועקגאַנג מיט די בעטלער איז עד היום אַ סוד, ניט ער, ניט זײַנע ווערק דעקן ניט אויף דאָס געהיימ[ע]ניש, ניט אַפֿילו זײַן "פֿישקע דער קרומער" ... חידה היא ותהי לחידה!

ער ברעכט אָבער אָפּ אויך מיט זיי! ווערט פֿאַרוואָרפֿן אויף לאַנגע יאָרן אין וואָלין... די יאָרן זײַנען אין זשיטאָמיר, די זשיטאָמירער ראַבינער־שול און דער אָרום־איר, דערנאָך אָדעס ... דער אָפּפֿאַל פֿון זײַן זון ... מענדעלע – אָפּט צו גאַסט בײַ זײַן געשמדטן זון אין פּעטערסבורג, אַלץ האַלב געהערטע זאַכן ... ניט גאָר קלאָרע. נײַן, דאָס לעבן מענדעלעס האָט מיט אונדז ניט צו טאָן ... אונדז געהערט זײַן שאַפֿן, די צווייטע זײַט פֿון דער ווערטפּולער מטבע, דער גלאַנציקערער טייל פֿון דעם בריליאַנט, לאָמיר דאָס ווערק, דאָס מענדעלעשע היטן, לערנען זי, פֿאַרשפּרייטן ... צי וועלן מיר זי פֿאַרהיטן פֿאַר דער אייביקייט? אפֿשר, עס זײַנען בײַ מענדעלען אין די ביכער דאָ שיינקייטן וואָס פֿאַרוועלקן ניט, הערלעכקייטן פֿון דויער, ער איז אַ גרויסער קינסטלער, אַ קאַלטער ... ניט אַלע מאָל איז עס אַ פֿעלער.

ער איז אַ קאַלטער קינסטלער, ער מאַכט זיי די ווונדער מער מיט זײַן קונסט, מיט זײַן מײַסטערשאַפֿט, מיט קאָפּ און וויייניקער מיטן האַרץ, דעריבער זײַנען זיי קאַלט, עכט און ריין ווי אַ קוואַל און קאַלט. ס'איז ניט שלום־עליכמס הומאָר, ס'איז סאַטירע, ס'איז סטיל און אויסגעהאַלטנקייט ... ליבע – וויייניק. וואָלט ניט אויסגעמאַכט. ניט אַלע קינסטלער דאַרפֿן זיך אונדז דערקלערן אין ליבע! זײַ פֿרײַ און אמתדיק אין דײַן שאַפֿן. שאַף וואָס דײַן האַרץ גלוסט. אונדזער בית־קיבול איז קיין עין־הרע ניט, גענוג גרויס, ער וועט עס אַרײַננעמען אין זײַן אוצר, אויפֿעסן עס און פֿאַרדייען, מען שפּײַזט זיך אויף גאָטס וועלט ניט נאָר מיט ליבע...

צום אומגליק אָבער וואָס די טעמאַטיק מענדעלעס אין דעם רובֿ פֿון זײַנע ווערק נויטיקט זיך אין אַ קאַפּיטשקע ליבע...

די טעמאַטיק, דער תּוך פֿון מענדעלעס שאַפֿן, די ווערק פֿון הויכער מאָלערישקייט, ווען זיי זאָלן באַהויכט זײַן, ווען זיי וואָלטן געאָטעמט מיט ליבע, וואָלט זי ניט נאָר געוואַרעמט אונדז אין אונדזער געפֿרוירנקייט, זי וואָלט דערגאַנצט דאָס ווערק, דעם אמתן תּיקון אים געגעבן, געשאָנקען אים אייביקייט, נאָך וועלכער דער גרויסער קינסטלער איז אויסגעגאַנגען.

## ב. קאַבצאַנסק

הונדערט פֿינף יאָר וואָלט אים געוואָרן, מענדעלען און עס איז דאָ אַ ריכטיקער יש־אומרים אַז קנאַפּע הונדערט צען יאָר! נאָר, ווי זאָגט מענדעלע: "ניט דאָס בין איך אויסן"... מאה שנים בײַ מענדעלען, איז כּיום אחד ... הונדערט יאָר קומען לגבי אים ניט אין באַטראַכט.

הלוואַי! הלוואַי זאָל ער זיך בײַ אונדז עלטערן און עלטערן!

דער הלוואַי האָט זיך בײַ מיר אַרויסגעכאַפּט פֿון זיך אַליין, איך האָב זיך ניט געריכט, איך האָב אים אַרויסגעזאָגט און געבליבן אַ ווײַלע שטאָקן ... וואָס הייסט: הלוואַי? איז דען בײַ מיר אַ ספֿק? ס'הייסט, איך ווינטש מיר אַ זאַך אין וועלכער איך בין ניט אין גאַנצן זיכער אַז עס וועט געשען, ס'איז הייסט עס אַ תּפֿילה ... ס'איז אַ ענין אויף וועלכן מען דאַרף מתפּלל זײַן ... וועקן בײַם רבונו־של־עולם רחמים פֿאַרן גרויסן, אמת גרויסן קינסטלער און פֿאַר אונדז, דער עיקר פֿאַר אונדז, הגם אונדז לײַכט אַרויס פֿון טיפֿן חושך אין וועלכן מען האָט אונדז יעצט פֿאַרזונקען, אַ נײַ לעבן אין ארץ־ישׂראל און גאָר דער וועלט. אַן אָנזאָג פֿון בעסערע טעג פֿאַרן ייִדישן געפּײַניקטן פֿאָלק, ווייט אין דער פֿאַרסמטער לופֿט פֿון אונדזערע ענגשאַפֿטן... און דאָך – וועט עס זײַן אַן אומגליק אין אונדזער גליק ווען מיר פֿאַרגעסן מענדעלעס קאַבצאַנסק, ס'הייסט אונדזער קאַבצאַנסק... מיר זענען אַלע קאַבצאַנסקער, פֿון קאַבצאַנסק, ניטאָ זיך מיט וואָס צו שעמען. קאַבצאַנסק האָט קיינעם ניט באַגנבֿעט, קאַבצאַנסק האָט געפֿירט איר אייגנאַרטיק לעבן... קיינעם ניט נאָכגעמאַכט, ניט נאָכגעקרימט, ייִדן האָבן זיך אין קאַבצאַנסק אויסגעלעבט אין ייִדישקייט, ייִדיש, אַן אָרעם לעבן טאַקע, אָבער אַן אייגנס, אָרעם זײַן איז ניט קיין שאַנד, ניטאָ זיך מיט וואָס צו שעמען, און ער, דער מײַסטער, מענדעלע, האָט איר פֿאַרשאָנקען, דער קאַבצאַנסק דאָס אייביקע לעבן! ס'הייסט: הלוואַי... עס איז געוווּנטשן! ווײַל קאַבצאַנסק איז אַן עטאַפּ, אַן עטאַפּ אין ייִדישן לעבן! דער "ויחנו, ויסעו..." אין ייִדישן אייביקייטס־וועג איז אַ גרויסער ענין, בײַ די ביטערסטע קוואַלן אין מדבר דאַרף מען זיך אַ מאָל אָפּשטעלן מער און לײַטערן זיך דאָרט אין פּײַן, מער ווי אין דעם אָאַזיס, פֿאַר די מענדעלעך איז דאָרט דאָ מער אַרבעט, ער דעקט דאָרט מער אויף, ער געשטאַלטיקט דאָרט מער... קאַבצאַנסק איז אַ שם־דבֿר! אַ קאָמפּליצירטע זאַך, אַ פֿאַרוויקלטע הלכה! קאַבצאַנסק איז מער ווי גושן וואָס אין מצרים, און מער ווי דאָס אַמאָליקע ארץ־ישׂראל, קאַבצאַנסק איז גושן און ארץ־ישׂראל צוזאַמען, אַ פּועל־יוצא פֿון ביידן, אַ געמיש פֿון ביידן זיי... פֿון קאַבצאַנסק איז אַרויסגעוואַקסן, וואַקסט אַרויס דער בעסטער ייִד, דער מיטן אמתן הדרת־פּנים, מיטן פֿולן ייִדישן [ווען]! איז קאַבצאַנסק אַזוי אָרעם? אָ ניין, ניין, קאַבצאַנסק האָט אַ בית־מדרש מיט אַ [רובע] און אַ בית־עלמין אַ ייִדישן, און ביידע זיי, אי דער בית־מדרש, אי דער בית־עלמין – אָנגעפּראָפּט מיט שיינע ייִדן. שיינע טאַקע, שיינע! [עיי]ן: מעדעלעס ווערק, ווו ער מאָלט זיי אַלעמען אָפּ ... אַז מענדעלע מאָלט שיינע ייִדן – זײַנען זיי שיין, אויף מענדעלען מעג מען זיך פֿאַרלאָזן! ער מאַכט מיט אייגענע ייִדן קיין מחזקות ניט ... ער גיט זיי אונדז, די קאַבצאַנסקער, אָט ווי זיי זענען, ער פֿאַרשענערט זיי ניט.

קאַבצאַנסק איז אָנגעפּראָפּט מיט לערנער, מיט בעלי־עגלות, מיט בעלי־טאַקסעס טאַקע אויך און כנגד זה – מיט אָרעמע־לײַט, מיט אַ סך אָרעמע־לײַט ווי אין הויף פֿון בית־המקדש מיט כּהנים און לוויים... עס ווימלט דאָרט אין קאַבצאַנסק פֿון אָרעמע־לייט, עס קאָכט דאָרט דאָס ייִדישע לעבן, דער ייִדישער לעבנסאַרט... אַ, קאַבצאַנסק איז גאָר ניט אַזוי שטאַרק קאַבצאַנסק, לא כשמה

כן היא... קאַבצאַנסק דאַרף ניט פֿאַרגעסן ווערן, פֿאַרגעסן ווערט דאָס וואָס הערט אויף! קאַבצאַנסק האָט ניט אויפֿגעהערט, קאַבצאַנסק האָט זיך פֿאַרוואַנדלט, זי האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַן ארץ־ישׂראל העובדת, אין ייִדישע פּריַיהייטס־באַוועגונגען, אַלע מיטן הויך פֿון דער גרויסער ייִדישער פֿאַרגאַנגענהייט וואָס האָט אין קאַבצאַנסק ניט אויסגעוועבט.

מענדעלע דער גרויסער מאָלער פֿון קאַבצאַנסק –

אַך, ווען דער געהויבענער קינסטלער וואָלט ניט פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון דער השׂכּלה, צוזאַמען מיט דער מיטלמעסיקייט, מיט דער מיטלמעסיקער, קאַריקאַטוריסטישער, דאַמאָלסטדיקער אינטעליגענץ, – וואָלט ער וויַיניקער געקריצט מיט די ציין און מיט דער פֿעדער אויף דעם ייִדישן חושך און אָרעמקייט, איין ביסעלע וואָרעמקייט, האַרציקייט צו קאַבצאַנסק וואָלט ער אי זיך אי קאַבצאַנסק פֿאַראייביקט, ווי פֿאַ[ראייביקט] עס האָבן די נבֿיאים דעם זינדיקן פֿאָלק ישׂראל און מיט זיי אויך זיך...

די השׂכּלה האָט פֿאַרכאַפּט, זי האָט פֿאַרכאַפּט אויך די קליגסטע, די באַגאַבטסטע, זי האָט געהאַט אַ רייך אויך אַן אויסערלעכן, ס׳איז געווען אַ רימון, אַ גראַנאַט־עפּל מיט אַ שיינער קליפּה, אַ שאָלעכץ ניט אַוועקצוּוואַרפֿן... די דאָזיקע "בת־השמים" האָט פֿאַרשלעפּט אַ סך פֿון אונדזער בעסטער יוגנט אויף גויִישע וועגן פֿון דער ערד, ווו זיי זיַינען אויב ניט אין גאַנצן, געבליבן דאָרט האַלב... יענע האָבן קנאַפּ וואָס געוווּנען און מיר פֿאַרלוירן. אַ סך זיַינען, נעבעך, מיט אונדז, ס׳הייסט, צווישן אונדז, פֿאַרבליבן, אַזוי ווי בעל־כּרחן, גענייט... געניַיטע ליבע... איז ענלעכער צו שנאה ווי צו ליבע... זיי האָבן געזאָגט אונדז מוסר, געשטראָפֿט, אָנגעוויזן פֿעלערן, געזוכט זיי, געניִשטערט... און ניט געזען די מעלות.

פֿעלערן זיַינען געווען, און גרויסע פֿעלערן, דער עיקר אָבער זיַינען די מעלות. מעלות פֿון אַ פֿאָלק, אויב ער האָט זיי, זיצן זיי אין אים טיפֿער ווי די חסרונות... דערצו נאָך טאָרן ניט מענטשן וואָס האָבן ניט גענוג ליב, וואָס זיַינען ניט באַלאָדן מיט גרויסער ליבע צו זייער פֿאָלק, שטראָפֿן אים און אָנוויַיזן אים זיַינע פֿעלערן... אַ טאַטע מעג אַלץ, אַפֿילו אַ קלאַפּ טאָן, אַ טאַטע ווייס זיַין קינד קיין עוולה ניט טאָן, די ליבע זיַינע צו אים, מיט וועלכער ער איז דורכגעזאַפּט – דערלויבט עס אים, לייגט אויף אים אַרויף דעם חובֿ. אַ קינסטלער – מעג ער זיַין ווי גרויס – טאָר עס ניט.

שאַף, שריַיב, מאָל – נאָר שטראָפֿן ניט! אָן דער געהעריקער ליבע ביסטו צו דעם ניט באַרופֿן!

מענדעלעס קריצן מיט די ציין אויף די ייִדישע חסרונות, אַפֿילו אמתע, האָט וויַיניק געמיינזאַמעס מיטן שטראָפֿן פֿונעם אַמאָליקן מוכיח. דער נבֿיא האָט געשטראָפֿט, וויַיל ער איז צום זינדיקן נאָענט צוגעגאַנגען, ניט כּדי צו באַטראַכטן אים און אויפֿכאַפּן באַהאַלטענע שטריכן פֿון אים און אויפֿמאָלן זיי, דער נבֿיא איז צוגעגאַנגען נאָענט, נאָענט, דאָרט ווו מען הערט אויף צו זען און שטאַרקער פֿילן, דער נבֿיא איז צוגעגאַנגען נאָענט, ער האָט זיך אין זיי אַריַינגעקליבן, באַזעצט זיך דאָרט, אין בלוט אין זייערן, אין זייערע אינגעווייד ווי יונה אין די אינגעווייד פֿון פֿיש... און געמאַכט דאָרט אַ... פּאָגראָם. קיין איינער פֿון די צוררי־ישׂראל האָבן אונדז אַזוי מוראדיק ניט פּאָגראָמירט ווי די

נביאים און – עס איז אונדז געוועזן צו געזונט.

דער משכּיל, דווקא דערפֿאַר, ווײַל ער האָט זיך, אין זײַן אייגענער שוואַכקייט, פֿון אונדז דערווײַטערט, האָט ער זײַן "אָפּטריניקייט", כּמעט אונטער זײַן באַוווסטזײַן, געוואָלט באַרעכטיקן מיט אונדזערע פֿעלערן...

אָ ניין, ניט פֿאַרבעסערן איז געווען די כּוונה, נאָר די אייגענע באַרעכטיקונג פֿאַרן דערווײַטערן זיך פֿון... קאַבצאַנסק. ס'איז אַ מין מינדערווערטיקייטס־געפֿיל. בײַ משומדים איז דער מינדערווערטיקייטס־געפֿיל דערגאַנגען ביז שנאה, ביז מיאוסער שנאה, ביז משוגעת, ביז עלילת־דם, ביז טאָרקוועמאַדען...

איך רעד ניט מער דערפֿון, איך טאָר עס ניט, ס'איז אַ חילול־הקודש דערמאָנען די אויסוווּרפֿן פֿון דער נאַטור און שרײַבן וועגן איינעם פֿון אונדזערע גרעסטע, געהויבנסטע קינסטלער, וועגן מענדעלען.

ער איז אָבער געכאַפּט געוואָרן פֿון דער השׂכּלה, אַ שפּליטער פֿון דעם יצר־הרע האָט אים געטראָפֿן און האָט, ניט אים ניט אונדז, קיין טובֿה ניט געטאָן.

אָ ניין, דער משׂכּיל וואָס האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אין מענדעלען האָט אים [קיין] טובֿה ניט געטאָן, ער האָט אים אַ קאַפּיטשקע פֿאַרשטעלט דעם וועג צו דער אייביקייט, ער האָט דעם קינסטלער פֿאַרנומען מיט "דבֿרים־של־מה־בכך", מיט "שהי־פּהי", מיט קטנות... ער האָט אים ווי אַלעקסאַנדער מוקדון דיאָגענעסן פֿאַרשטעלט די ליכטיקע שײַן...

ליגן אין פֿעסל איז נאָך ניט דאָס ערגסטע... מיר ליגן, נעבעך, שטאַרק אין פֿעסל, די עפֿענונג אָבער צו דער זון טאָר ניט ווערן פֿאַרשטעלט... מעג עס זײַן אַריסטאָטעלעס אַ תּלמיד, אַ קעניג אַ משׂכּיל – הייסט מען אים אָפּטרעטן אין אַ זײַט...

ער איז צו גרויס מענדעלע, מען זאָל עס וועגן אים ניט זאָגן צו זײַן הונדערט פֿינפֿטן געבורטס־טאָג... די אוירעאָלע מיט וועלכער מען פֿאַרוויקלט אַרום דעם קאָפּ פֿון אַ הייליקן – ווען זי איז צו ליכטיק, נעמט זי אַוועק די ליכטיקייט פֿונעם צדיקס פּנים, זי שטעלט אים אין שאָטן, פֿאַרטושט דאָס ליכט וואָס קוועלט פֿון זײַן אינערלעכקייט, וואָס עס איז אַ סך ווײַכטיקער.

מיר האָבן אַ סך מאָל ניט קיין מעגלעכקייט צוקומען צום גאון דורך די וועגן פֿון זײַן גאונות, די הויכע וועגן פֿון קונסט פֿאַרלירן זיך אין ליכטיקייטן אומדערגרייכבאַרע, מען קען זיי ניט אָנטאַפּן אַזוי געגוי און דערקלערן עס זיך בלשון בני־אָדם, כאַפּן מיר זיך אָן, אין אונדזער גרויסן דורשט און פֿאַרלאַנג, דערפֿאָרשן אים, דעם קינסטלער, אין זײַנע מענטשלעכע שוואַכקייטן, וועלכע ער "אונטערליגט" ווי מיר אַלע, שטערבלעכע... זאָלן זיי זײַן געבענטשט די אָ "שוואַכקייטן" פֿונעם גרויסן קינסטלער. זיי מאַכן פֿרײַ, ווײַזן אונדז דעם וועג צו אים. אַ דאַנק זיי קומען מיר צו, צו די גרויסע אמתן זײַנע... און אויב די יוסף־דילה־רינהס פֿירן אונדז ניט אַרײַן אין די טויערן פֿון דער אייביקייט – זיי דערנענטערן אונדז אָבער צו זיי און מיר דערזעען, דערזעען דאָס ליכט פֿון ווײַטן... מיר דערזעען!

יחיאל דאַווידזאָן

# אַריַינפּיר 8

דער ערשטער געגראַמטער פּאָעטישער אַריַינפּיר צו די תּנ"ך־אויפֿטרעטונגען, (זע אין טעקסט דעם אָנפֿאַנג), ווערט דאָ צום ערשטן מאָל געדרוקט פֿון כּתבֿ־יד. די אָנגעגעבענע דאַטע אויפֿן כּתבֿ־יד איז: 26/XI/1940 <כ"ה חשון תש"א>, ס'הייסט עלף טעג נאָך דעם ווי די געטאָ איז פֿאַרשלאָסן געוואָרן – דעם 15טן נאָוועמבער 1940. דאָס ליד איז רעגיסטרירט אין בלומענטאַלס רשימה אויפֿן צווייטן אָרט נומ׳ 2 א׳.

פֿון די לידער־שורות פֿילט מען גאָר בולט אַרויס דעם מוראַדיקן איַינדרוק פֿון דער נײַער געטאָ־ווירקלעכקייט און איר שווערן איַינפֿלוס אויפֿן געמיט. עס זיַינען געווען, ווי עס וויַיזט אויס, נאָך אַזוינע אַריַינפֿירן, ביַים אָנהייב פֿון יעדער תּנ"ך־פֿאָרלעזונג צי תּנ"ך־פֿאָרשטעלונג (זע וויַיטער, ז׳ 159 – צום קאַפּיטל מ"ח). די איז אָבער די ערשטע און כּוללדיקסטע פּאָעטישע הקדמה ביַים אָנפֿאַנג פֿון די תּנ"ך־אויפֿטריטן. זייער כאַראַקטער איז געווען דער עיקר דראַמאַטיש. יצחק קאַצענעלסאָן האָט צוגעגרייט קליינע פֿאָרשטעלונגען אויף תּנ"כישע טעמעס, וועלכע זיַינען אויפֿגעפֿירט געוואָרן פֿאַר אַ ברייטן פּובליקום, דורך דער יידישער דראַמאַטישער סטודיע וואָס י. ק. האָט געגרינדעט און מיט איר אָנגעפֿירט אין געטאָ. די חבֿרים פֿון דער סטודיע זיַינען געווען די יונגע ייִנגלעך און מיידלעך – חבֿרים פֿון דער "דרור"־באַוועגונג (וועגן דער דראַמאַטישער סטודיע זע אין אונדזער אַלגעמיינער הקדמה, אויבן זז׳ 40 – 41).

בעת דער ערשטער פֿאָרשטעלונג האָט מען דעקלאַמירט דעם טעקסט וואָס מיר ברענגען דאָ וויַיטער, ווי אַן אַריַינפֿיר צו די דראַמאַטישע אויפֿטריטן אויף תּנ"כישע טעמעס. די פֿאָרשטעלונגען פֿלעגן פֿאָרקומען, צווישן אַנדערע, אין דער קיך אויף לעשנאָ 14 (זע: עק, תש"ך, ז׳ 201) און אין דעם בנין פֿון דער קאָמונע פֿון "דרור" אויף דזיעלנע 34. אַזוינע פֿאָרשטעלונגען זיַינען באַזוכט געוואָרן פֿון אַ גאָר גרויסער צאָל צושויער און האָבן געהאַט דערפֿאָלג (זע: לובטקין זז׳ 463, 466 – 467; תבע"פ – רבן (פולמן), ז׳ 17).

דער אָריגינאַלער כּתבֿ־יד געפֿינט זיך אין י. ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות, און איז דאָרט רעגיסטרירט מיטן נומ׳ KII//1031.

דאָס ליד וואָס מיר דרוקן וויַיטער איז געווען נאָר אַ טייל, אַן עיקר־טייל פֿון דער ראַם פֿאַרן גאַנצן פּראָגראַם פֿון די דראַמאַטישע אויפֿטריטן אויפֿן ערשטן תּנ"ך־אָוונט. עס איז אויך געווען אַ צווייטער טייל פֿאַר דער ראַם, דאָס איז דער ספּעציעלער פּאָעטישער סיום פֿון תּנ"ך־אָוונט, פֿון וועלכן ס'איז צו אונדז דערגאַנגען אַ האַלב צעשעדיקטער טעקסט (זע וויַיטער, נומ׳ 9).

דער פּאָעטיש געהויבענער טעקסט וואָס מיר דרוקן דאָ, באַטאָנט די קעגנזיַיטיקע השפּעה וואָס צווישן דעם עם־הספֿר און דעם ספֿר־הספֿרים. אין דעם הימען צום תּנ"ך, איז י.ק. מפֿרש דעם באַגריף פֿון "עם־הספֿר" אויף אַן אָריגינעלן אופֿן, ער זאָגט: "דער תּנ"ך – /ער איז דער טאַטע איַיערער און איַיער קינד/איַיער עבֿר און די צוקונפֿט איַי'רע איז ער" (זע: וויַיטער, ז׳ 147). דער באַנעם פֿון דעם זין וואָס שטעקט אין דער קולטור־דערשיַינונג וואָס הייסט תּנ"ך, ווערט פֿאָרמולירט אין די אויבן ציטירטע ווערטער פֿון אַ טאָפּלטן שטאַנדפּונקט: זיַיט ביַי זיַיט מיטן פֿאַקט וואָס דער תּנ"ך איז די גיַיסטיקע פּרוכט פֿון פֿאָלקס אייגן־באַוווּסטזיַין, איז דער ספֿר־הספֿרים, קודם־כּל, זיַין געבוירער. דערפֿאַר איז דאָס פֿאָלק די גיַיסטיקע פּרוכט פֿון תּנ"ך.

י. ק. איז מקדים דעם תּנ"כס פּאָטערשאַפֿט כּדי צו באַטאָנען אויף וויפֿל דער תּנ"ך איז דער אמתער פֿורעמער פֿון פֿאָלק. און וויכטיק איז צו באַטאָנען אַז י. ק. הייבט דאָ אַרויס די גוואַלדיקע השפּעה פֿון דער

תּנ״ך־ליטעראַטור אויף דערווירקלעכקייט, און נישט דאָס פּאַרקערטע. פֿון דאַנען קוואַלט אַרויס די באַדערפֿעניש און דער רוף צום אונטערדריקטן ייִד אין י. ק׳ס ליד וועגן תּנ״ך – זיך צו ווענדן אין אַן עת־צרה צום בוך וואָס האָט פֿון אים אַ ייִד געמאַכט, כּדי זיך אַליין צו דערקענען, דערבליקן דעם אייגענעם ווערט, און אַזוי אַרום ווערן געטרייסט.

## עפֿענונג צו אַ תּנ״ך־אָוונט

תּנ״ך!
דער ערשטער אָוונט פֿון תּנ״ך –
געדענקט די דאַטע!
איר זענט געקומען מידע, מאַטע,
מיט אַ טרער אין אויג און מיט אַ ווײ אין האַרצן –
מען קען, הפּנים, ניט פֿון זיי אַנטלויפֿן...
ווּהין איר קומט – קומען מיט, מיט אײַך, די שמאַרצן!

הײַנט, נאָענטע מײַנע, ברידער, שוועסטער טײַ׳רע,
הײַנט וועט איר זיי פֿאַרקויפֿן,
הײַנט אויף דעם אָוונט פֿון [תּנ״]ך –
תּנ״ך!

ס׳איז אונדזער אַלטע פֿעסטונג!
צווישן אַלע פֿעסטונגען די שטאַרקסטע און די גרעסטע!
קוקט זיך צו, הערט צו זיך און דערקענט:
דעם תּנ״ך,
די פֿעסטונג!
דער הימל איז איר דאַך –
די פֿיר עקן וועלט – די ווענט,
די ערד איז איר יסוד –
און כאָטש מען זעט אים ניט, איר האַרן,
דעם הערשער אירן –
אין יעדן ווינקל דאָרט, אין יעדער שפּאַרע
וועט איר דערפֿילן און דערשפּירן –
גאָט!

תּנ״ך!
דער ערשטער אָוונט פֿון תּנ״ך!
קומט ברידער עלנטע, קומט עלנטע איר שוועסטער
מיר וועלן זיך אַ שעה באַהאַלטן
אין דעם אַלטן, אַלטן
אונדזער שלאָס, אין פֿעסטונג,
אין דעם תּנ״ך —
דער דונער שטאַרק און שאַרף דער בליץ — זײַן שפּראַך,
די בערג — פֿאַרגליווערטע געשרייען זײַנע — פֿעלדזן האַרטע...
דער גערויש פֿון ווינטן זײַן געזאַנג,
און די זון, די ליכטיקע זײַן הויפּטגעדאַנק,
זײַן לייטמאָטיוו,
די לבֿנה העל — זײַן ליד זײַן צאַרטע
[און] די שטערן גאָלדענע — די גראַמען,
די אידייען זײַנע ברייט און פֿול און טיף —
זײַנע אַלע ימען!

דער תּנ״ך!
אַלץ איינס אין וועלכע שפּראַך,
צי ייִדיש, צי העברעיִש —
ר׳איז אונדזערער אין תּוך גענומען, ר׳איז אונדזערער אידעיִש.
צי דער תּנ״ך איז פֿולקום צי פֿאַרגרײַזט —
אונדזער רעדט פֿון אים אַרויס, דער גײַסט!
צי ער איז שלעכט צי גוט —
ס׳איז אונדזער מאַרך אין אים און אונדזער בלוט —
תּנ״ך!
וואָס איז אַזוינס תּנ״ך?

אַן איבערערדישער אויף דר׳ערד, אַ וווּנדערלעכער שלאָס
אַ ליכטיקייט וואָס אָן אַן ענד,
לײַדן אָן אַ מאָס
און פּײַן אַ סך, אַ סך...
קומט, עלנטע, קומט ייִדן און דערקענט,

דאָס אייביקע, דאָס ליכט, די מענטשלעכע די פּיַין —
און רופֿט צו זיך, כאָטש איַינגעהאַלטן, אויס:
מיַינע! מיַינע! מיַין!
די גרויסע ליכטיקייט און די ליַידן גרויס —
מיַינע, מיַינע, מיַין!
דער ווייטאָג און די שיַין!

תּנ״ך!
איר ז[ענט] געקומען אויף אַן אָוונט פֿון תּנ״ך,
צעטראָגענע,
דערשלאָגענע,
מיט פֿינצטערע געמיטער —
עס איז איַיך ביטער, ביטער...
ער ווייסט עס גוט!
ער ווייסט עס דער תּנ״ך, ער ווייסט —
עס איז דאָך איַיער גיַיסט וואָס ווײ״ט אין אים,
עס ברויזט אין אים דאָס בלוט פֿון איַיער בלוט,
די שטים וואָס דונערט דאָרט איז איַיער שטים —
זיַיט געטרייסט!

קומט, קומט פֿאַרביטערטע,
פֿאַרבלאָנדזשעטע, פֿאַרלוירענע
אויף אַלע וועגן פֿון דער וועלט,
קומט, קומט פֿאַרציטערטע,
פֿאַרפֿרוירענע פֿון קעלט,
קומט מיט די קוואַלן איַיערע,
קומט טיַיערע,
קומט צו צו איַיער קוואַל —
צו זיַינע וואַסערן ווי וויַין,
צו דעם תּנ״ך!

לא ינום ולא יישן — ער איז שטענדיק וואַך,
ער זעט, ער הערט זיך צו און וו[ייס]ט פֿון אַלץ,

וואַרפֿט די ווייטאָגן די אַלע אײַערע אַהין אַרײַן,
שפּײַט אויס אַהין די גרינע אײַערע די גאַל,
פֿון אײַערע יסורים ווערט ער מערער זיס!
ווי עס איז
אלישעס ביט׳רער קוואַל געוואָרן זיס פֿון זאַלץ
וואָס אלישע האָט אין אים געשאָטן —
קומט —
עס פֿאַלט אויף דעם תּנ״ך אַ ליכט פֿון אײַער שאָטן!

דער תּנ״ך —
ער איז דער טאַטע אײַערער און אײַער קינד
אײַער עבֿר און די צוקונפֿט אײַ׳רע איז ער
ניין ניט אַוועק איז ס׳וואָרט פֿון נבֿיא מיטן ווינט!
און ניט פֿאַרשטומען נאָך
וועט אין אים דער געניוס אײַערער ווי ביז הער!

דער תּנ״ך —
דאָס בוך פֿון יידן אייביקע און פֿון אייביק לעבן!
אײַער איז דאָס לעבן און אײַערע די יידן!
אַלץ וואָס ער פֿאַרמאָגט —
איר האָט אים׳ס געגעבן!
די יידן און די פֿריידן!
איר האָט אין אים געטאָגט,
און אויך אין אים גענעכטיקט!
די אומפֿאַרשטענדלעכע יסורים אײַערע,
און די שאַנד די אומבאַרעכטיקטע און שמאַך [—]
ווען זיי באַהעפֿטן זיך מיט אַ קאַפּיטעלע תּנ״ך —
ווערן זיי פֿאַרשטענדלעך און באַרעכטיקט!
קומט יידן טײַערע
גיסט צוזאַמען מיט די אַלטע די פֿרישע אײַערע —
די טרערן,
די נײַע אײַערע די קלאָג,
די פּײַן פֿון לעצטן טאָג —

זיי וועלן אין תּנ״ך ניט אויסגערונען ווערן!
זיי בלײַבן אייביק!
[און אַ פֿאַראייביקטע אַ לייד
איז פֿרייד [!]
אַ פֿאַראייביקטע אַ פּײַן –
איז שײַן!

קומט אומגלייביקע איר ייִדן, קומט און ווערט
בײַם תּנ״ך, בײַ אײַערן דאָ גלייביק!
גלייבט: די וואָס שאַפֿן אייביקייטן אויף דער ערד –
זענען אויף דער ערד דאָ אייביק!

וואַרשאַ
26/XI/1940

## <אַ געגראַמטער סיום צו אַ תּנ״ך־אָוונט>

פֿון די תּנ״ך־אָוונטן אין געטאָ איז צו אונדז קיין גאַנצער פּראָגראַם נישט דערגאַנגען. געבליבן זײַנען בלויז פֿראַגמענטאַרע ידיעות און אייניקע טעקסטן, אַ טייל פֿון זיי – בלויז פֿראַגמענטן. די פּאָר לידער־שורות אָן אַ קעפּל, וואָס מיר דרוקן דאָ צום ערשטן מאָל, געהערן משמעות נישט צום פּראָגראַם פֿון ערשטן תּנ״ך־אָוונט, נאָר צו אַ שפּעטערדיקן. דער טעקסט איז געשריבן אויף אַ באַזונדער זײַטל פֿון אַן אַנדער, אַן אַ סך קלענערן פֿאָרמאַט – אין פֿאַרגלײַך מיט די זײַטלעך פֿון כּתבֿ־יד פֿון "אַן עפֿענונג צו אַ תּנ״ך־אָוונט". אין בלומענטאַלס רשימה איז דער סיום רעגיסטרירט ווי אַ טייל פֿון ערשטן תּנ״ך־אָוונט, אויפֿן צווייטן אָרט, נומ׳ 2 ב׳, אין דער רשימה פֿון כּתבים אחרונים, תשכ״ט, ז׳ 364 ווערט אָבער אַנדערש פֿאַרשריבן – דאָרט ווערט אָנגעגעבן ווי אַ השערה אַן אַנדער דאַטע: כּסלו תּש״א <דעצעמבער 1940>.

עס איז מעגלעך אַז דער געגראַמטער סיום געהערט דווקא צו אַן אַנדער תּנ״ך־אָוונט, אַ שפּעטערדיקן, און איז נישט קיין באַשטייטייל פֿון דער ראַם פֿאַרן ערשטן תּנ״ך־אָוונט. סײַ דער באַזונדערער פֿאָרמאַט, וואָס איז גאָר ענלעך נאָר צו דער געגראַמטער הקדמה פֿאַר דער פֿאָרלעזונג פֿון פּרק מ״ח אין ספֿר ישעיהו (זע ווײַטער, ז׳ 159 און די פֿאַקסימיליע אויף ז׳ 189), און סײַ דער פֿאַקט וואָס אין דעם געגראַמטן סיום ווערט דערמאָנט נאָר אַז דאָס איז דער סיום פֿון אַ תּנ״ך־אָוונט און נישט פֿון ערשטן תּנ״ך־אָוונט, ווי ער ווערט אָנגערופֿן בפֿירוש אין טעקסט פֿון דער עפֿענונג – נישט איין מאָל – כּדי צו באַטאָנען די געהויבענע פֿײַערלעכקייט און ערשטמאָליקייט פֿון קולטור־צוזאַמענקום אין די נײַ־געשאַפֿענע געטאָ־אומשטאַנדן, דאָס אַלץ פֿאַרשטאַרקט אונדזער השערה וואָס שפּאַרט זיך אויך אָן אויף די צוויי פֿאַרשיידענע דאַטעס וועלכע ווערן אָנגעגעבן אין דער רשימה פֿון כּתבים אחרונים, תשכ״ט, ווי אויבן דערמאָנט.

פֿון דעם געגראַמטן סיום דערוויסן מיר זיך אַז די תּנ״ך־אָוונטן האָבן צו מאָל, און אפֿשר שטענדיק, געהאַט נאָך אַ טייל וואָס איז באַשטאַנען אין קינסטלערישע פֿאָרלעזונגען פֿון תּנ״ך־פּרקים אויף יידיש איבערגעזעצט פֿון די נבֿיאים, צוגעגרייט פֿון יצחק קאַצענעלסאָנען (זע ווײַטער, נומ׳ 10). די איבערגעזעצטע פּרקים, אין לידער־שורות, זײַנען געבראַכט געוואָרן פֿאַרן פּובליקום ווי קינסטלערישע נומערן פֿאַר זיך און ווי אַ טייל פֿון אַ רעציטאַציעס־פּראָגראַם (זע ווײַטער דעם צושריפֿט: "רעציט. א״ בראש פֿון דער איבערזעצונג פֿון פּרק מ״ח פֿון ספֿר ישעיה, אויף ז׳ 160).

דער כּתבֿ־יד געפֿינט זיך אין י.ק־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות און איז דאָרט רעגיסטרירט מיטן נומער KII/1031.

פֿיניס! געענדיקט איז דער אָוונט פֿון תּנ״ך
אונדזער יום־טובֿ איז צו ענד!
ס׳הילכט עפּעס וואָס נאָך אָפּ אין זאַל פֿון נבֿיאס שפּראַך
עס אָטעמט וואָס פֿון דעם נאָך צווישן אָט די ווענט
[אַוועק איז דער] יום־טובֿ אונדזערער און יעצט?
פֿרעגט  [קיין] שאלה ניט, ניט שטעלט קיין פֿראַגע
[מיר וועלן      מיט אַ] ליד געזעגענען זיך צולעצט
[מיר וועלן      טאַקע] עבֿר [חגא]!

## אַרײַנפֿיר 10

### <תּנ"ך־איבערזעצונגען>

(א) ישעיה, מ"ב, מ"ז, מ"ח, מ"ט, נ';

(ב) ירמיה, ל"א (ביז און אַרײַנגערעכנט דעם פּסוק 19);

(ג) יחזקאל, ל"ד, 16 – 26;

(ד) הושע, א', ב', י"ג;

(ה) איוב, ג' (פֿון פּסוק 3 און ווײַטער).

הערות: צו (א) – פֿאַרן טעקסט פֿון ישעיה, קאַפּיטל מ"ח, געפֿינען זיך צוויי זײַטלעך מיט אַ קעפּל: "צום קאַפּיטל מ"ח". דאָס איז אַ געגראַמטע הקדמה, אייגנטלעך, צום אינהאַלט פֿון די קאַפּיטלען מ' – נ' און ווײַטער (פֿון ישעיה דעם צווייטן); אַ טייל פֿון צווישן זיי ווערן דאָ איבערגעזעצט.

צו (ג) – דער פּרק ל"ד פֿון ספֿר יחזקאל איז למעשׂה איבערגעזעצט געוואָרן אין גאַנצן (צוזאַמען מיטן בינטל כּתבֿ־ידן פֿון די תּנ"ך־איבערזעצונגען, זײַנען צו אונדז דערגאַנגען נאָר די פּסוקים פֿון ט"ז און ווײַטער, דער פּסוק כ"ה פֿעלט. דער גאַנצער פּרק ל"ד, איבערגעזעצט אויף ייִדיש, און אויך אַנדערע טיילן פֿון ספֿר יחזקאל, ווערן געבראַכט אין די רייד פֿון נבֿיא יחזקאל, אין יצחק קאַצענעלסאָנס דראַמע: "על נהרות בבֿל".

צו (ה) – די איבערזעצונג פֿון איובֿ, פּרק ג', און אַ סך אַנדערע פּרקים, ווערן געבראַכט אין יצחק קאַצענעלסאָנס אומבאַקאַנטער דראַמע: "איובֿ", דער עיקר אין דריטן טייל.

די תּנ"ך־איבערזעצונגען ווערן דאָ געדרוקט צום ערשטן מאָל, פֿון אָריגינעלן ניט־פֿולקומען כּתבֿ־יד וואָס איז צו אונדז דערגאַנגען אין דער פֿאָרם פֿון אַ באַזונדערן העפֿט מיט אַ פּאָר צענדליק זײַטן, אָן אַ שער־בלאַט. קיין דאַטעס זײַנען אויף די איבערזעצונגען נישט פֿאַראַן, ס'איז אויך נישט פֿאַראַן קיין לויפֿיקע נומעראַציע פֿון די זײַטן אין העפֿט. אין בלומענטאַלס רשימה איז דער כּתבֿ־יד רעגיסטרירט אויפֿן דריטן אָרט, אָן אַ דאַטע. אין דער רשימה פֿון כּתבים אחרונים, תשכ"ט, זענען די תּנ"ך־איבערזעצונגען רעגיסטרירט אויף די ערטער 11 – 15. לויט דער השערה דאָרט, ווערט אָנגעגעבן די דאַטע: כּסלו – טבת תּש"א <דעצעמבער 1940 – יאַנואַר 1941>. דאָס איז בעת דער ערשטער תּקופֿה נאָכן פֿאַרשליסן דעם געטאָ אין וואַרשע, ווען יצחק קאַצענעלסאָן האָט אָנגעפֿאַנגען צו אָרגאַניזירן די תּנ"ך־אָוונטן (זע אויבן, אין אַרײַנפֿיר צו נומ' 8).

מען דאַרף אָננעמען אַז דאָס אַרײַנפֿלעכטן גאַנצע פּרקים פֿון די תּנ"ך־איבערזעצונגען אין די גרעסערע טעקסטן פֿון די תּנ"כישע דראַמעס, איז אַ שפּעטערער פּראָצעס. אַזוי אַרום זײַנען אייניקע פֿון די תּנ"ך־איבערזעצונגען פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם קערן אַרום וועלכן י.ק. האָט אָנגעשריבן די צוויי גרעסערע דראַמעס "איובֿ" און "על נהרות בבֿל", אין וועלכע עס ווערן געבראַכט חלקים פֿון די אויבן דערמאָנטע תּנ"ך־איבערזעצונגען ווי אויך אַ סך אַנדערע פּרקים וואָס זײַנען נישט פֿאַראַן אין אונדזער כּתבֿ־יד.

אַזאַ איז געווען בעיקר, ווי עס ווײַזט אויס, די אַנטוויקלונג פֿון דער דראַמע "איובֿ". דאָס דערלערנען מיר, אויפֿן סמך פֿון אַ העפֿט־זײַטל פֿון זעלבן מין ווי די אויף וועלכע דער קאַפּיטל ג' פֿון ספֿר "איובֿ", איז דאָ איבערגעזעצט געוואָרן. דאָרט שטייט געשריבן אין צענטער פֿון בלעטל, מיט י.ק׳ס האַנטשריפֿט: "קאַפּיטלען פֿון תּנ"ך", און אונטערן טיטל רעכטס, שטייט: "איובֿ ג',". דאָס איז געווען מן־הסתּם דער ערשטער אָריגינעלער טיטל, און אַפֿילו אפֿשר י. ק׳ס ערשטער פּרוּוו איבערצוזעצן קאַפּיטלען פֿון תּנ"ך והאָ־ראָיה – די

קאָמע בײַ ״איובֿ ג׳,״. אויף דעם בלעטל איז אָבער פֿאַראַן נאָך אַן אויפֿשריפֿט, אַ שפּעטערע, אין דעם אײבערשטן לינקן ווינקל און האַלב פֿאַרמעקט – ס׳הייסט אַ שפּעטערער צוגאָב וואָס י.ק. אַליין האָט עס נאָך דעם אויסגעשטראָכן: [״II טער אַקט״]. קאַפּיטל ג׳ פֿון ספֿר איובֿ איז לבסוף געבראַכט געוואָרן אין דריטן אַקט פֿון דער דראַמע. ס׳הייסט אַז דער איבערזעצטער פּרק ג׳ איז שוין געווען גרייט, פֿאַרן שרײַבן די דראַמע. דאָס לערנען מיר אויך אַרויס פֿון די געציילטע טעקסטאָלאָגישע שינויים וואָס מיר האָבן אויסגעפֿונען נאָך אַ פֿאַרגלײַך צווישן דעם איבערגעזעצטן פּרק ג׳ פֿאַר די תּנ״ך־אָוונטן און דער דראַמאַטישער ווערסיע אין דער דראַמע ״איובֿ״ (זע די רשימה פֿון די שינויים צווישן ביידע טעקסטן, אין טעקסטאָלאָגישן צוהאַנג).

מיר ווייסן נישט צי די איבערגעזעצטע פּרקים פֿון תּנ״ך וואָס זענען צו אונדז דערגאַנגען, זענען עס אַלע טעקסטן וואָס י.ק. האָט צוגעגרייט פֿאַר די תּנ״ך־אָוונטן, ס׳איז אָבער קיין ספֿק נישט אַז זײַן איבערזעצערישע טעטיקייט פֿון תּנ״ך־טעקסטן איז געווען אַ סך אַ ברייטערע. וועגן דעם זאָגן עדות די איבעריקע איבערגעזעצטע תּנ״ך־טעקסטן וואָס מיר טרעפֿן אין זײַנע שפּעטערע אויבן דערמאָנטע שאַפֿונגען, ווי למשל די פּסוקים 1 – 16 און 28 – 30 פֿון פּרק ל״ד אין ספֿר יחזקאל וואָס פֿעלן אין טעקסט פֿון די תּנ״ך־איבערזעצונגען און ווערן יאָ געבראַכט אין ״על נהרות בבֿל״.

דער זין פֿון אָפּקלײַב בײַם איבערזעצן תּנ״כישע טעקסטן אין דער בראשית־תּקופֿה פֿון געטאָ אין וואַרשע איז ענג פֿאַרבונדן מיט דער הנחה אַז די איצטיקייט, אין וועלכער דאָס לעבן איז פֿאַר ייִדן לויטערע יסורים, ווערט באַזינט ערשט אין ליכט פֿון דער צוקונפֿט־פֿאַרשטעלונג פֿון די נבֿיאים. פֿאַר די נבֿיאים זענען די יסורים פֿון דעם הײַנט, אַ דערלײַטערונג פֿאַרן ייִדישן מענטש אין דער צוקונפֿט. דער תּנ״ך, ווי אַ מקור פֿון נחמה און באַזינונג פֿאַרן שווערן ייִדישן קיום, איז דאָ דער גראַוויטאַציע־צענטער פֿאַרן גאַנצן אָפּקלײַב.

פֿון ספֿר ישעיה האָט י.ק. איבערגעזעצט צום מערסטן. אַלע די איבערגעזעצטע פּרקים געהערן אָבער צו די נבֿואות פֿון ישעיהו דעם צווייטן, דער בן־דור פֿון די גולי־בבֿל און די שבֿי־ציון. ער איז עס פֿון די גאולה־נבֿיאים אין די צײַטן פֿון די גולי־יהודה אין בבֿל; ער האָט אָנגעזאָגט די זיך דערנעענטערנדיקע מפּלה פֿון בבֿל און די אָנקומענדיקע אויסלייזונג פֿונעם פֿאָלק וועלכער האָט אַ מיסיע צו דערפֿילן אויף דער וועלט. די פּרקים מ״ב, מ״ז, מ״ח, באַציִען זיך היסטאָריש צו די לעצטע יאָרן פֿאַר בבֿלס מפּלה, ווען די חיילות פֿון כּורשן האָבן זיך שוין געהאַט אַרײַנגעריסן אין אירע גרענעצן. דאָס אָרט פֿון די נבֿואות איז בבֿל. די צײַט פֿון די נבֿואות אין די קאַפּיטלען מ״ט, נ׳, איז באַלד נאָך בבֿלס מפּלה און בײַם אָנהייב פֿונעם ערשטן צוריקקער פֿון בבֿל. אין זייער צענטער שטייען די גוטע נײַעס וועגן דעם וואָס וועט אין גיכן געשען: קיבוץ־גליות און ציונס פֿאָליטישער אויפֿלעב. דאָס כאַראַקטעריסטישסטע פֿאַרן צווייטן טייל פֿון ספֿר ישעיה איז דער באַגריף: ״עבד ה׳״ (זע דאָרט, פּרקים מ״ב, 1 – 9; מ״ט, 1 – 6 און ווײַטער; נ׳, 4 – 9 און ווײַטער) און זײַן פֿונקציע בעת דער גאולה פֿון פֿאָלק ישׂראל און דער גײַסטיקער אויסלייזונג פֿון דער וועלט.

דער כּתבֿ־יד געפֿינט זיך אין י.ק־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאאות און איז דאָרט רעגיסטרירט מיטן נומ׳ KII/1032.

ישעיה מ״ב

א) ס׳איז דאָך מײַן קנעכט –
איך וועל אים שטיצן!
מײַן אויסדערוויילטער –

מײַן געװוּנטשענער!
איך האָב אויף אים מײַן גײַסט געלאָזן רוען,
ער וועט גערעכטיקייט באַשטימען פֿאַר די פֿעלקער.

ב) ער וועט ניט שרײַען,
ניט אויפֿהייבן זײַן קול,
ניט לאָזן הערן אים אין דרויסן.

ג) ער וועט ניט, אַ דערשלאָגענע אַ שילף,
ניט ב[רע]כן,
און [פֿלאַקס] וואָס טליִעט –
ער וועט עס ניט פֿאַרלעשן,
ער וועט אַרויסלאָזן גערעכטיקייט,
אַליין, צוליב דעם אמת.

ד) ער וועט ניט ווערן שוואַך,
ניט צעבראָכן ווערן –
ביז אײַנפֿירן ער וועט
גערעכטיקייט אין לאַנד!
און ס׳וועלן אינדזלען
אויף זײַן תּורה האָפֿן.

<ה> <דער פסוק איז נישט איבערגעזעצט געוואָרן>

ו) איך גאָט האָב מיט גערעכטיקייט גערופֿן דיך,
געשטיצט און אָפּגעהיט דיך,
דיך צום בונד געמאַכט, צום פֿאָלקסבונד,
אַ ליכטיקייט פֿאַר פֿעלקער!

ז) אויגן אויפֿצ[ו]עפֿענען בלינדע,
אַ געבונדענעם אַרויסנעמען פֿון תּפֿיסה,
און פֿון געפֿענקעניש די אַלע וואָס זיצן אין דער פֿינצטער.

ח) איך בין גאָט! דער נאָמען מײַנער איז עס!
כ׳וועל ניט אַוועקגעבן אַן אַנדערן מײַן כּבֿוד,
און ניט מײַן לויב די געטשן.

ט) זע, זע – געקומען זענען זיי די ערשטיקייטן אַלע,
און נײַיִקייטן – איך זאָג אַצינד זיי אָן!
איידער נאָך זיי וואַקסן אויס וועל איך אײַך ס׳לאָזן הערן!

י) זינגט, זינגט צו גאָט אַ נײַ געזאַנג,
זײַן לויבגעזאַנג פֿון ענד פֿון גאָר דער ערד,
זיי אַלע וואָס זיי לאָזן זיך אין ים אַרײַן אין פֿולן,
די אינדזלען אַלע און זייערע באַווינער.

י״א) דער מדבר גאַנץ מיט זײַנע שטעט, אָאַזן,
דער אײַנוווינער פֿון קדר – זיי זאָלן אַלע הייבן זייער שטים,
זאָלן זינגען זיי, אַלע די וואָס זיצן אין די פֿעלדזן,
זיי זאָלן אויפֿשרײַען פֿון אויף די שפּיצן בערג.

י״ב) זיי זאָלן כּבֿוד אָפּגעבן, זיי אַלע גאָט,
און זײַן לויב דערציילן אויף די אינדזלען.

י״ג) גאָט וועט באַווײַזן ווי אַ העלד זיך,
ווי אַ מלחמה־מאַן וועט ער דערוועקן קנאה,
ליאַר׳מען וועט ער און אויפֿשרײַען גאָר מעכטיק,
ער וועט אויף זײַנע פֿײַנט זיך שטאַרקן!

י״ד) איך האָב פֿון שטענדיק אָן געשוויגן,
געבליבן שטיל,
כ׳האָב אײַנגעהאַלטן זיך...
כ׳וועל אויפֿצישן ווי אַ געבוירערן יעצט שטאַרק,
כ׳וועל אויסאָט׳מען און אויך אַן אָטעם טאָן צוזאַמען –

ט״ו) כ׳וועל חרובֿ מאַכן בערג און היגלען,

און די גרעזער זייערע פֿאַרטריק׳נען,
איך וועל פֿון טײַכן מאַכן אינדזלען
און כ׳טריקן זומפּן אויס...

ט״ז) און איך וועל בלינדע ווײַט אין וועגן פֿירן,
וועלכע נאָך זיי האָבן ניט געקענט,
און אויף שטעגן נײַ וואָס ניט געוווּסט זיי האָבן,
וועל איך זיי לאָזן טרעטן,
איך וועל פֿון פֿינצטערניש זיי קעגן איבער
מאַכן ליכט,
און קרומקייטן צו גלײַכקייט.
דאָס אַלץ — איך האָב׳ס געטאָן
און לאָז ניט אָפּ עס!

י״ז) זיי טרעטן צ׳ריק, פֿאַרשעמען זיך פֿון שאַנד,
אַלע די וואָס האָבן אָנפֿאַרטרויט דעם געשניצטן געטש זיך,
אַלע די וואָס רופֿן צום געגאָסן בילד: איר געטער אונדזערע!

י״ח) איר טויבע הערט, הערט אײַן זיך,
און בלינדע איר — קוקט, קוקט און זעט:

י״ט) ווער איז נאָך אַזוי בלינד ווי נאָר מײַן קנעכט?
און טויב אַזוי ווי מײַן שליח וואָס איך שיק —
ווער איז נאָך אַזוי בלינד ווי דער פֿולקומענער[,]
און בלינד אַזוי נאָך ווי גאָטס קנעכט?

כ) דו, וואָס דו זעסט אַ סך און היטסט ניט אָפּ,
אָפֿן זײַנע אויערן און הערט ניט —

כ״א) עס איז געפֿעלן אים אַזוי, דעם אייבערשטן, זײַן גערעכטיקייט צוליב,
אַזוי אָ וויל ער די תּורה זײַנע גרויסן און שטאַרקן זי.

כ״ב) און ער, אַ פֿאָלק וואָס איז באַרויבט און איז געפּלינדערט,

פֿאַרבלאָזענע אין לעכער זיי, זיי אַלע! געוואָרפֿענע אין תּפֿיסות,
געוואָרן זענען זיי צו רויב, און ס'ראַטעוועט זיי קיינער,
צו פּלינדערונג – און קיינער זאָגט ניט, ניין, גיב אָפּ!

כ"ג) אָ ווער פֿון איַיך, ווער וועט זיַין אויער צולייגן צו דעם?
פֿאַרנעמען עס, און הערט זיך איַין וואָס קומען דאַרף?

כ"ד) ווער האָט עס הפֿקר יעקבֿ'ן געמאַכט, צו פּלינדערונג אים?
און צו פּלינדערער ישׂראלן?
דאָס איז דאָך גאָט, פֿאַר וועלכן מיר האָבן זיך פֿאַרזינדיקט,
און ניט געוואָלט אין זיַינע וועגן גיין?
און צו דער תּורה זיַינער ניט צוגעהערט זיך, ניין.

כ"ה) ער האָט זיַין גרימצאָרן אויסגעגאָסן שטאַרק אויף אים,
און שרעקענישן פֿון מלחמה.
און ס'האָט אַדורכגעברענט אים, אים אַרום –
און ער האָט'ס ניט געוווסט...
און ס'האָט צעפֿלאַקערט זיך אין אים –
און ניט ער נעמט זיך עס צום האַרצן.

### ישעיה מ"ז*

א) לאָז אַראָפּ זיך
און זעץ אין שט[ויב] זיך,
אָ יונגפֿרוי, טאָכטער בבֿלס, דו!
זיץ אויף דר'ערד...
ניטאָ קיין שטול אָ [טאָכטער] כּשׂדימס,
דו וועסט שוין מערער ניט –
מען וועט דיך מער ניט רופֿן:
די איידעלע! די צאַרטע!

* דער טעקסט איז פֿאַרשריבן כּסדר און נישט שורהווײַז, עס זײַנען אָבער פֿאַראַן סימנים פֿאַר יעדער שורה באַזונדער. ס'איז מעגלעך אַז י.ק. האָט אַזוי געהאַנדלט איבער מאַנגל אין אָרט. מיט דער איבערזעצונג פֿון ישעיה מ"ז פֿאַנגט זיך אָן דער טעקסט פֿון די תּנ"ך־איבערזעצונגען.

ב) דעם מילשטיין נעם און מאָל דעם מעל
דעק אויף די פֿלעכטן דײַנע, אויף דײַן קאָפּ,
אַנטהיל דײַן שלעפּ, אַנטבלויז דײַן היפֿט,
שפּרײַז איבער טײַכן.

ג) זאָל ווערן אויפֿגעדעקט דײַן שאַנד,
די חרפּה דײַנע זאָל געזען ווערן אויך...
נקמה נעמען וועל איך
און וועל קיין מענטש ניט צערן.

ד) ס'איז דער דערלייזער אונדזערער, גאָט פֿון צבֿאות איז דער נאָמען זײַנער,
[דער הייליקער ישׂראלס!

ה) זיץ פֿאַרשטומט
און אין פֿינצטערניש [פֿאַרגיי]
אָ טאָכטער כּשׂדימס,
דו וועסט שוין מערער ניט—,
מען וועט דיך מער ניט רופֿן: די האַרינטע
פֿון קיניגרײַכן!

ו) כ'האָב אויף מײַן פֿאָלק געצערנט,
איך האָב פֿאַראומרייניקט מײַן נחלה,
איך האָב אין האַנט אין דײַנער אַוועקגעגעבן זיי—
האָסט איבער זיי זיך ניט דערבאַרעמט,
דו האָסט באַשווערט דײַן יאָך אויף אַלט—

ז) דו האָסט געזאָגט:
אייביק אַזוי וועל איך אַ האַרינטע שוין זײַן!
ביז ניט גענומען האָסטו זיך דאָס אַלץ צום האַרצן.
האָסט ניט קיין טראַכט געטאָן פֿון סוף פֿון אירן.

ח) הער אויס עס יעצט, אָ איידעלע,
דו, וואָס דו זיצסט יעצט זיכער,

דו, וואָס דו זאָגסט אין האַרצן זיך: איך איך!
און אויסער מיך ניטאָ מער קיינער...
איך בלײַב ניט קיין אלמנה מער,
און וועל אויך פֿון קיין קינדער־אומקום שוין ניט וויסן.

ט) זיי טרעפֿן ביידע דיך,
זיי ביידע קומען מיט איין מאָל אויף דיר,
אין אַ טאָג אין אַ נײַעם,
קינדער־אָפּשטאַרב און אלמנהשאַפֿט
קומען איבער דיר צוזאַמען [,]
צוליב דײַן אומגעהײַערן כּישוף וואָס דו האָסט געטריבן
און צוליב די צויבערשפּרוכן דײַנע אָן אַ מאָס...

י) דו האָסט געזיכערט זיך מיט אַל דאָס בייז. דו האָסט *
דו האָסט געזאָגט: עס זעט מיך קיינער!
פֿאַרפֿירט האָט דיך דײַן חכמה און דײַן קענען
דערבײַ האָסטו געטראַכט אין האַרץ אין דײַנעם:
נאָר איך און מער ניט קיינער!

י״א) און ס׳קומט אויף דיר אַן אומגליק
און וועסט ניט וויסן זײַן באַשייד אַפֿילו,
און ס׳באַפֿאַלט אַ וויסטע בייז דיר
און וועסט ניט קענען קיין מאָל מכפּר זײַן איר,
און אַ בראָך, אַ בראָך וועט פּלוצלינג אויף דיר קומען
און ווייסט אַפֿילו ניט פֿון ווו.

י״ב) בלײַב ווײַטער דו, בײַ דײַנע צויבערשפּרוכן
און בײַ דײַן כּישוף־מאַכערײַ,
מיט וואָס דו האָסט געמאַטערט זיך פֿון דײַנע קינדער־יאָרן אָן [.]
אפֿשר וועסטו קענען העלפֿן זיך,
אפֿשר וועסטו ווערן גאָר געשטאַרקט.

* ביז דאַנען איז דער טעקסט געשריבן כּסדר. פֿון דאַנען – שורהווײַז.

י״ג) ביסט אָבער מיד געוואָרן
פֿונעם צופֿיל יישובֿן זיך דײַנעם!
אַדרבא,
זאָלן זיי צוזאַמענקומען זיך נאָר אַלע,
און זאָלן זיי דיר העלפֿן, די הימל־זעער
וואָס קוקן אויף די שטערן,
די אָנזאָגער צו יעדער נײַ־לבֿנה
פֿון דעם וואָס ס׳דאַרף דיר טרעפֿן.

י״ד) געגליכן זענען זיי צו שטרוי,
דאָס פֿײַער האָט פֿאַרברענט זיי,
זיי וועלן זיך אַליין פֿון פֿלאַם ניט ראַטעווען,
ניטאָ קיין קויל ניט אַ צעגליטע אויף צו דערוואַרעמען זיך,
קיין פֿײַער ניט כּדי אַוועקצוזעצן זיך אַנטקעגן אים.

ט״ו) דאָס אָ טאַקע קומט אויף דיר פֿאַר אַל דײַן מי –
די הענדלער אַלע דײַנע,
פֿון דײַנע קינדער־יאָרן אָן –
אַוועקגעבלאָנדזשעט האָבן אַלע זיי,
יעדערער אין זײַן זײַט –
ניטאָ ווער ס׳זאָל דיך העלפֿן.

## צום קאַפּיטל מ״ח

דער נבֿיא פֿון קאַפּיטל מם ביז נאָ[כ]ן נון
האָט ליב אַ גוי,
ער האָט ליב דעם פּ[ערס]ער כּורש
און –
האָט פֿאַר אים שטאַרק מורא...
ער האָט ליב אים – ווײַל ער איז אַ העלד
און ראַטעוועט די שוואַכע פֿעלקער אויף דער וועלט.
ר׳האָט אָבער מורא אַז זײַענדיק צופֿרידן

ווען ייִדן
זען אין אים
דעם אלהים...
וועלן מיינען אַז דער גרויסער גוי
איז אדֹנָי!...
דעריבער דונערט ער, [ישעיה, אין        ]
אויפֿן גאַנצן קול
נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל:
געדענקט [אין] גאָט!
ער וויל באַווײַזן [            ]
גאָט!
די וועלטן אַלע און [                ]
דער ניט געזעענער [,  דער        ]!
ישעיה! ישעיה ווי[דער!]
[      קאַ]פּיטל דער באַוווסטער,
[        ] מם־חית!
[        ] קיין נפֿקא־מינה, ברידער:
[מם־חי]ת! מם־טית!
[איטלע]כער קאַפּיטל איז אַ מוסטער
פֿון גאָטס וואָרט,
איז אַ נס!
האָרכט!

רעציט. א

## ישעיה מ״ח

א) איר זאָלט עס הערן, איר, דאָס הויז יעקבֿס
די וואָס רופֿן מיטן נאָמען זיך ישׂראל
און די וואָס זענען פֿון יהודהס אינגעווייד אַרויס
די וואָס שווערן זיך בײַם נאָמען גאָטס,
און דערמאָנען אים דעם גאָט ישׂראלס,
ניט מיט וואָרהאַפֿטיקייט און ניט מיט רעכט.

ב) נאָר ווײַל זיי ווערן פֿון דער שטאָט
דער הייליקער גערופֿן –
און שטיצן טאַקע זיך אויף גאָט, אויף ישׂראלס,
דער גאָט פֿון צבֿאות איז ער!

ג) די פּאַסירונגען די ערשטע –
האָב איך פֿאָרויסגעזאָגט פֿון לאַנג שוין,
איך האָב׳ס פֿון מויל אַרויסגעלאָזט,
געלאָזט עס הערן...
כ׳האָב צוגעריכט עס פּלוצלינג
און ס׳איז פֿאַרלאָפֿן זיך!

ד) ווײַל איך האָב גוט געוווּסט אַז דו ביסט האַרט,
און אַן אָדער אַן אײַזערנער דײַן נאַקן!
און דער שטערן דײַנער – [קופּער] –

ה) האָב איך דערפֿאַר פֿאַרקינדיקט [פֿריִער דיר]...
נאָך איידער ס׳האָט פֿאַרלאָפֿן זיך –
האָב איך געלאָזט דיך הערן!
ווײַל טאָמער זאָגסטו:
מײַן געטש האָט עס געשאַפֿן!
מײַן שטיינבילד, מײַן געגאָסן בילד [האָט עס באַפֿוילן.]

ו) דו האָסט׳ס געהערט –
יעצט קוק צו אַלעם דעם זיך צו –
און – זאָגט אַליין, זײַט מודה:
איך האָב געלאָזט פֿון יעצט דיך הערן נײַסן,
און פֿאַרבאָרגענישן,
און פֿון וועלכע דו האָסט קיין מאָל ניט געוווּסט.

ז) זיי זענען יעצט, ערשט יעצט אַנטשטאַנען[,]
און ניט פֿון לאַנג און ניט פֿון נעכטן –
האָסט׳ס ניט געהערט –

ווײַל טאָמער זאָגסטו – "יאָ!
איך האָב'ס געוווּסט!"

ח) אָ ניין, האָסט גאָר נישט ניט געהערט,
און ווייסט ניט, ווייסט ניט גאָרנישט!
פֿון לאַנג שוין, פֿון לאַנג אָן
איז ניט דײַן אויער אָפֿן...
איך האָב געוווּסט, געוווּסט: דו וועסט פֿאַר[ראַטן!]
אַ פֿאַרברעכער פֿון געבוירן ביסטו!

ט) צוליב דעם נאָמען מײַנעם וועל איך געדולדיק זײַן[.]
מײַן לויב צוליב –
האַלט איך אײַן מײַן צאָרן קעגן דיר –
דיך ניט פֿאַרטיליקן...

י) זע, זע,
איך האָב געלײַטערט דיך און ניט אין זילבער,
און אויסגעפּרוּווט אין קעסל דיך פֿון פּײַן.

י"א) אַליין פֿאַר מיר, פֿאַר מיר וועל איך עס טאָן,
ווײַל ווי אַזוי קען איך פֿאַרשוועכן אים?
ניין, כ'וועל דעם כּבֿוד מײַנעם אַן אַנדערן ניט שענקען!

י"ב) הער צו מיך, יעקבֿ,
און דו ישׂראל, באַרופֿענער: איך בין'ס!
איך דער ערשטער,
און אויך דער לעצטער – איך!

י"ג) ס'איז אויך מײַן האַנט
וואָס האָט געלייגט דעם גרונט פֿון [גאָר] דער ערד
און מײַן רעכטע איז [עס]
וואָס האָט דעם הימל אויסגעטראָגן[,]
איך גיב אַ רוף זיי אַלע

און אַלע שטעלן זיי זיך אויף צוזאַמען.

י"ד) קלײַבט אַלע זיך צונויף און הערט:
ווער פֿון אַלע זיי האָט'ס פֿאָרויסגעזאָגט?
עס האָט דער אייביקער אים ליב,
וואָס אים געפֿעלן וועט – וועט ער אין בבֿל טאָן,
און זײַן אָרעם שטאַרק אין כּשׂדים.

ט"ו) איך, איך האָב עס גערעדט,
גערופֿן אים, געבראַכט אים –
און ס'איז דער וועג געלונגען אים.

ט"ז) קומט נענטער צו מיר צו, און הערט [עס אויס]:
כ'האָב באַלד אין אָנהייב, ניט אין געהיים [געזאָגט עס],
גלײַך פֿון דער צײַט פֿון יענער פֿון איר ווערן –
דאָרט בין איך דאָ!
און יעצט – דאָס האָט מיך גאָט דער האַר געשיקט,
און פֿון זײַן גײַסט.

י"ז) אַזוי זאָגט גאָט, דער דערלייזער דײַנער,
דער הייליקער ישׂראלס:
איך בין דײַן גאָט, דער האַר,
איך לערן, לערן דיך, דיר צום נוצן,
איך פֿיר דיך אין דעם וועג
אין וועלכן דו זאָלסט גיין!

י"ח) אַך, ווען דו וואָלסט פֿאַרנומען
די געבאָטן מײַנע –
ס'וואָלט ווי עס שטראָמט אַ טײַך
געשטראָמט דײַן שלום,
און דײַן גערעכטיקייט ווי ד'וועלן פֿונעם ים.

י"ט) דײַן זאָמען וואָלט געווען זײַן ווי זאַמד,

און די שפּראָצן פֿון די אינגעווייד פֿון דײַנע
ווי קערנדלעך –
ניט פֿאַרשניטן, ניט אויסגעראָטן
וואָלט דער נאָמען זײַנער דאַן געוואָרן
קעגן איבער מיר.

כ) אַרויס׳ט! אַרויס׳ט פֿון בבֿל!
אַנטלויפֿט פֿון כּשׂדים מיט [קולות] פֿון געזאַנג,
דערציילט עס, לאָזט עס הערן[,]
טראָגט אַרויס עס אין דער [גאָר]ער וועלט;
זאָגט: אויסגעלייזט האָט גאָט
זײַן יעקבֿן זײַן קנעכט.

כ״א) ניט געדאָרשט, אָ ניין, האָבן זיי
אין וויסטענישן – דורך וועלכע ר׳האָט געפֿירט זיי.
ער האָט פֿאַר זיי געלאָזט פֿון פֿעלדזן טריפֿן [וואַס]ער
ער האָט דעם פֿעלדז געשפּאָלטן
און ס׳וואַסער איז גערונען.

כ״ב) ״ניטאָ קיין שלום, ניין!
זאָגט גאָט, פֿאַר די רשעים!״

## ישעיה מ״ט

א) איר אינדזלען, הערט מיך אויס,
און פֿעלקער, איר, פֿאַרנעמט פֿון ווײַטן מיך:
פֿון מוטערלײַב האָט גאָט באַרופֿן מיך,
פֿון מײַן מאַמעס טראַכט –
האָט ער דעם נאָמען מײַנעם שוין דערמאָנט.

ב) ווי אַ שאַרפֿע שווערד
האָט ער מײַן מויל געמאַכט[,]

ער האָט באַהאַלטן מיך אין שאָטן פֿון זײַן האַנט,
ער האָט געמאַכט מיך צו אַ [ש]אַרף געשפּיצטן פֿײַל
און האָט אין פֿײַלנטאַש אין זײַנעם מיך באַהאַלטן.

ג) ער האָט געזאָגט מיר:
דו ביסט מײַן קנעכט, ישׂראל דו, מיט וועלכן איך [שטאָלציר]

ד) און איך? איך האָב געזאָגט שוין:
"אומזיסט האָב איך געמאַטערט זיך,
אומזיסט־אומנישט האָב איך די [כּוחות] מײַנע [אָנגעוואָרן]
אמת אָבער איז: דער משפּט מײַנער
איז בײַ גאָט נאָך אין דער האַנט,
און מײַנע מעשׂים אויך, בײַ אים, בײַ גאָט דעם [האַר].

ה) און איצט, זאָגט גאָט,
דער וואָס געשאַפֿן האָט אין מוטערלײַב מיך
זיך צום קנעכט,
איך זאָל באַקערן יעקבֿן צו אים,
און ישׂראלן צו אים, צו אים פֿאַרזאַמלען
און וועל דערמיט געאַכפּערט אין די אויגן וערן גאָטס[,]
און מײַן גאָט געוואָרן איז מײַן קראַפֿט!

ו) ער האָט געזאָגט:
צו קנאַפּ, צו קנאַפּ דו זאָלסט אַ קנעכט נאָר זײַן מיר,
כּדי אויפֿ[צו]ריכטן די שבֿטים יעקבֿס,
און די געהיטע פֿון ישׂראל ברענגען זיי אַהיים –
איך האָב באַשטימט צום ליכט דיר פֿאַר די פֿעלקער
זאָלסט מײַן ישועה זײַן אויף גאָר דער ערד.

ז) אַזוי זאָגט גאָט דער אויסדערלייזער פֿון ישׂראל[ ]
זײַן הייליקער[;]
צו דעם פֿאַרמיאוסטן פֿון יעדן,
צו דעם וואָס איז פֿאַראומווירדיקט פֿון אַלע.

צום קנעכט וואָס פֿון געוועלטיקער:
עס וועלן קעניגן דערזען און וועלן אויפֿשטיין,
האַרן – און וועלן בוקן זיך...
צוליב גאָט וואָס טרײַ איז,
דער הייליקער ישׂראלס וואָס האָט דיך אויסדערוויילט!

ח) אַזוי זאָגט גאָט:
אין שעהן פֿון באַוויליקונג האָב איך געענטפֿערט דיר[ ]
און אין אַ ישועה־טאָג האָב איך דיך געהאָלפֿן,
איך וועל פֿאַרהיטן דיך,
איך מאַך צום פֿאָלקסבונד דיך,
אויפֿצוריכטן ס׳לאַנד,
אײַנצוטיילן וויסט געוואָרענע נחלאות.

ט) אַזוי צו זאָגן צו געבונדענע: גייט אַרויס!
צו די וואָס אין דער פֿינצטער: ווערט אַנטפּלעקט[!]
זיי וועלן פּאַשען זיך אויף אַלע וועגן,
און אויף אַלע הייכקייטן איז זייער פּאַשע.

י) זיי וועלן הונגעריק ניט זײַן,
און ניט זײַן דאָרשטיק –
עס וועט די היץ די גרויסע און די זון
ניט שלאָגן זיי.
דער דערבאַרעמדיקער זייערער וועט מיט זיי זײַן,
און וועט זיי איבער וואַסערקוואַלן פֿירן[.]

י״א) כ׳וועל אַלע מײַנע בערג פֿאַרוואַנדלען אין אַ וועג
און מײַנע שטעגן אויסגעטראָטענע וועלן זיך דערהייבן.

י״ב) אָט אַלע די – זיי וועלן אָנקומען פֿון ווײַט,
און די דאָ, די – פֿון צפֿון און פֿון מערבֿ־זײַט,
און די דאָרט אַזש פֿון לאַנד, פֿון כינע.

י״ג) זינגט הימלען, זינגט! און פֿריי דיך, פֿריי דיך ערד!
ברעכט פֿריילעך בערגער אויס אין אַ געזאַנג!
ווײַל געטרייסט האָט גאָט זײַן פֿאָלק
און זײַנע אָרעמע וועט ער דערבאַר׳מען.

י״ד) און ציון האָט געהאַט געזאָגט שוין:
״פֿאַרלאָזן מיך האָט גאָט,
מײַן האַר האָט מיך פֿאַרגעסן שוין!״

ט״ו) צי וועט אַ פֿרוי פֿאַרגעסן איר קליין קינד?
ניט צו דערבאַרעמען איר זון וואָס פֿון איר טראַכט?
אויך די! פֿאַרגעסן וועלן אויכעט די,
איך אָבער וועל דיך ניט פֿאַרגעסן.

ט״ז) איך האָב דאָך אויסגעקריצט דיך
אויף מײַנע הענטפֿלאַכן די ביידע,
דײַנע מויערן – איך זע פֿאַר מיר זיי שטענדיק!

י״ז) זיי אײַלן שוין צו דיר, די קינדער דײַנע
די צעשטערער און פֿאַרוויסטער דײַנע –
אַרויסגיין וועלן אַלע זיי פֿון דיר!

י״ח) הויב אײַף די אויגן דײַנע ווײַט אַרום און זע[:]
זיי האָבן זיך צונויפֿגעזאַמלט אַלע –
צו דיר! צו דיר!
איך שווער בײַם לעבן מײַנעם – רופֿט אויס גאָט:
דו וועסט מיט אַלע זיי זיך אויספּוצן ווי מיט אַ צירונג[ ]
און ווי אַ כּלה זיך אַרומבינדן מיט זיי.

י״ט) דען די רויִנען דײַנע זענען עס,
און דײַנע די פֿאַרוויסטונגען,
און דײַן לאַנד צעשטערט –
יע אבער. זע:

ביסט ענג געוואָרן, ענג, פֿון אײַנוווינער אַ סך,
און דערווײַטערט האָבן זיך די פֿאַר[ד]אַ[רב]ער דײַנע [ – ]

כ) די קינדער, די פֿאַרלוירענע [שוין] דײַנע,
זיי וועלן אין די אויערן דיר זאָגן נאָך:
ס'איז ענג דאָס אָרט מיר[!]
רוק אָפּ זיך און כ'וועל באַזעצן זיך.

כ"א) וועסט אין דײַן האַרצן זיך אַליין דאַן זאָגן:
ווער האָט זיי אַלע מיר געבוירן?
און איך – אַך, קינדערלאָז בין איך און איינזאַם,
פֿאַרטריבן און פֿאַרשטויסן –
און די אַלע דאָ ווער האָט דערצויגן זיי.
איך בין פֿאַרבליבן איינער דאָ אַליין,
די אַלע דאָ – ווו זענען זיי געוועזן דען?

כ"ב) אַזוי האָט גאָט דער האַר געזאָגט:
כ'וועל אויפֿהייבן מײַן האַנט צו פֿעלקער,
און צו נאַציאָנען הייבן הויך מײַן פֿאָן,
זיי וועלן דײַנע זין דיר אין די אָרעמס ברענגען,
און אויף די אַקסלען
וועלן זיי געטראָגן ווערן דײַנע טעכטער!

כ"ג) ס'וועלן קעניגן די דערציִער דײַנע זײַן,
און זיי'רע האַרינטעס דיר זייגערינס.
זיי וועלן צופֿאַלן פֿאַר דיר מיטן פּנים צו דער ערד,
און אָפּלעקן דעם שטויב פֿון דײַנע פֿיס,
און דו וועסט וויסן זײַן אַז איך בין גאָט [דער האַר]
וואָס ניט אַנטוישן וועלן זיך אין מיר
די פֿאַרהאָפֿער מײַנע.

כ"ד) קען אָפּגענומען ווערן פֿון אַ העלד זײַן רויב?
און דער פֿאַנג פֿון אַ גערעכטן – צי קען אַנטרינען?

כ״ה) דען אַזוי האָט גאָט געזאָגט:
אויך דער פֿאַנג קען אָפּגענומען ווערן פֿון אַ העלד,
און דעם אכזרס רויב קען ראַטעווען זיך אויך.
מיטן קריגער דײַנעם וועל איך אַליין זיך קריגן,
און דײַנע זין איך איינער וועל זיי העלפֿן.

כ״ו) כ׳וועל געבן עסן, די באַדריקער דײַנע,
זייער אייגן לײַב,
[און] שכורן דאָס בלוט דאָס אייגענע ווי זאַפֿט.
[און] אַלץ וואָס לעבט וועט וויסן –
[אַז] איך בין גאָט, דײַן העלפֿער
[און] דער דערלייזער דײַנער,
[דער שטאַר]קער יעקבֿס!

ישעיה נ

א) אַזוי האָט גאָט געזאָגט:
וואָס איז עס פֿאַר אַ גט אַזאַ
צו אײַער מאַמען וואָס כ׳האָב פֿאַרטריבן זי?
צי ווער פֿון מײַנע מאָנער איז׳ס
וואָס כ׳זאָל דאָך האָבן אײַך פֿאַרקויפֿט אים?
איר זענט דאָך צוליב אײַ׳רע זינד
פֿאַרקויפֿט געוואָרן,
און די פֿאַרברעכן אײַערע צוליב –
איז אַוועקגעשיקט געוואָרן אײַער מוטער.

ב) פֿאַר וואָס בין איך געקומען און ניטאָ, ניט קיינער?
איך האָב גערופֿן – און ניט קיינער ענטפֿערט.
צי דען איז קורץ אַזוי מײַן האַנט –
ניט קענען עמעצן באַפֿרײַען?
צי האָב איך ניט קיין כּוח
ראַטעווען אויך ווען?

מיט מײַן געשריי מאַך איך אַ ים אַ גאַנצן טרוקן,
כ׳פֿאַרוואַנדל טײַכן אין אַ מדבר
עס ווערן זייערע פֿיש פֿאַרשטונקען זיי אָן וואַסער
און שטאַרבן אויס פֿאַר דאָרשט.

ג) כ׳באַקלייד מיט פֿינצטערניש די הימלען
און כ׳מאַך דעם צודעק זייערן אַ זאַק.

ד) גאָט דער האַר האָט מיר אַ צונג געגעבן
אַ ווילקענעוודיקע
כּדי אַ מידן קענען טרייסטן מיט אַ וואָרט,
ער וועקט יעדן אינדערפֿרי מיך,
יעדן אינדערפֿרי
טוט ער וועקן מיר דאָס אויער
איך זאָל זיך צוהערן ווי ווילגעלערנטע.

ה) גאָט דער האַר — ער האָט אַן אויער מיר געעפֿנט
און איך — אָ ניט געווידערשפּעניקט האָב איך,
ניין, ניט צוריקגעטראָטן.

ו) איך האָב מײַן קערפּער פּרײַגעגעבן שלעגער,
און מײַנע באַקן — צופּער,
איך האָב מײַן פּנים פֿון פֿאַרשעמונג און שפּײַען
ניט באַהאַלטן.

ז) און גאָט דער האַר ער וועט מיר העלפֿן
איך האָב דעריבער ניט פֿאַרשעמט זיך,
איך האָב דערפֿאַר געמאַכט מײַן פּנים ווי [פֿון שטיין]
איך האָב געוווּסט: איך וועל פֿאַרשעמט ניט ווערן!

ח) מײַן פֿאַרטיידיקער איז נאָנט —
ווער וועט צום קריג מיט מיר זיך שטעלן?
אָט שטעלן מיר זיך צו באַזאַמען —

ווער איז ער, מײַן בעל־דבֿר?
צו מיר קום, נענטער!

ט) מיר העלפֿט דאָך גאָט דער האַר –
ווער איז ער, דער, וואָס וועט מיך מאַכן שולדיק
אַלע זיי – זיי וועלן ווי אַ מלבוש וועלקן,
עס וועט זיי אויפֿעסן די מאָל.

י) ווער גאָטספֿאָרכטיק פֿון אײַך איז –
דער וועט די שטים פֿאַרנעמען פֿון זײַן קנעכט
וואָס האָט געוואַנדלט אין דער טונקל,
און ניט געהאַט פֿאַר זיך קיין שײַן,
ער וועט אין נאָמען פֿון זײַן גאָט זײַן זיכער,
און אויף זײַן האַר זיך שטיצן.

י״א) דאָך אַלע איר – איר ברענט אַ פֿײַער,
מיט פֿונקען שיט איר!
גייט, גייט אין פֿלאַקער פֿונעם פֿײַער אײַערן
און פֿון די פֿונקען וואָס איר האָט אָנגעצונדן!...
פֿון מיר, פֿון מיר איז׳ס אײַך געקומען,
איר וועט אין עלנט אַזוי בלײַבן ליגן!

## ירמיה ל״א

א) אַזוי האָט גאָט געזאָגט:
עס איז געפֿעלן מיר דאָס פֿאָלק,
דאָס נאָכגעבליבענע פֿון שווערד...
גיי! גיי אים באַרויִקן, ישׂראלן!

ב) פֿון ווײַטן נאָך
האָט באַוויזן זיך מיר גאָט, –
מיט אַן אייביקער אַ ליבע האָב איך דיך ליב באַקומען!

דעריבער האָב איך צוגעצויגן דיך מיט מײַן גענאָד.

ג) כ׳וועל אויפֿבויען דיר נאָך,
און דו וועסט אויפֿגעבויט אויך ווערן,
דו יונגפֿרוי, דו ישׂראל!
וועסט אָנהענגען אויף דיר אַ צירונג
די פּויקן דײַנע,
און וועסט אין טאַנץ אין פֿריילעכן אַרויס.

ד) וועסט ווײַנגערטנער נאָך פֿלאַנצן אין די בערג פֿון שומרון
ווי ס׳האָבן פֿלאַנצער זיי געפֿלאַנצט און זיי פֿאַרצערט [זיי]!

ה) דען ס׳איז אַ טאָג פֿאַראַנען:
און ס׳האָבן וועכטער אויף דעם באַרג אפֿרימס אויסגערופֿן:
שטייט אויף, מיר וועלן אויפֿשטײַגן קיין ציון,
צו אונדזער האַר, צו גאָט.

ו) ווײַל אַזוי האָט גאָט געזאָגט:
זינגט פֿרייד צו יעקבֿן!
און פֿרייט זיך אין דער שפּיץ פֿון פֿעלקער!
לאָז הערן!
אַכפּערט אים און זאָגט:
ה[על]ף גאָט דײַן פֿאָלק, דײַן איבערבלײַב ישׂראלס!

ז) אָט ברענג איך זיי פֿון צפֿון־לאַנד,
איך וועל זיי אויפֿזאַמלען פֿון די [ענד]ן אַלע פֿון דער ערד,
צווישן זיי אַ בלינדער און אַ לאָמער
אַ שוואַנגערע און אַ קימפּעטאָרן —
זיי צוזאַמען —
אַ מחנה גרויס,
זיי וועלן אַלע זיך אומקערן אַהער.

ח) זיי וועלן קומען מיט אַ ג׳וויין,

און מיט תּחנונים װעל איך זײ פֿירן,
כ'װעל פֿירן זײ איבער טײַכן װאַסער,
אין גלײַכן װעג,
זײ װעלן ניט אין אים געשטרויכלט װערן,
װײַל איך – איך בין אַ פֿאָטער צו ישׂראלן געװען,
און אפֿרים איז מײַן ערשטלינג!

ט) הערט פֿעלקער, הערט גאָטס װאָרט,
און דערציילט'ס אין לענדער פֿון גאָר װײַט,
און זאָגט:
דער צעטרײַבער פֿון ישׂראל, װעט צונויף אים קלײַבן!
און ר'װעט אים היטן װי אַ פּאַסטעך זײַנע שאָף.

י) װײַל אויסגעלייזט האָט יעקבֿן [אים] גאָט,
און האָט באַפֿרײַט אים פֿון אַ שטאַרקערן פֿון אים.

י"א) זײ װעלן קומען און זינגען דאָרט אויף ציונס הייך
זײ װעלן ציִען זיך צו אַל דאָס גוטס פֿון גאָט געגעבן,
צום קאָרן, װײַן און אייל און צו די שאָף און רינדער,
און זייער זעל װעט זײַן געזע[ט]יקט װי אַ גאָרטן;
און זײ װעלן מערער שוין [ניט לײַדן].

י"ב) [דעמאָלט] ערשט װעט דערפֿ[רייען] זיך
די יונגפֿרוי אינעם טאַנץ,
און בחורים און זקנים – אַלע זײ צוזאַמען.
און כ'װעל דעם טרויער זייערן
פֿאַרװאַנדלען אין אַ פֿרייד,
און איך װעל טרייסטן זײ,
און דערפֿרייען זײ אין זייער טרויער.

י"ג) און זעטיקן װעל איך די זעל פֿון כּהנים מיט פֿעטיקיי[ט]
און מײַן פֿאָלק װעט זאַט װערן פֿון אַל מײַן גוטס –
זאָגט גאָט!

י״ד) אַזוי האָט גאָט געזאָגט:
עס הערט אין רָמָה זיך אַ קול,
אַ געוויין,
רחל וויינט אויף אירע זין,
זי לאָזט זיך גאָר ניט טרייסטן,
אויף די זין אויף אירע, וואָס זענען ניט געוואָרן.

[ט״ו)] אַזוי האָט גאָט געזאָגט:
אָ, ווייגער אים, דײַן קול פֿון וויינען,
און דײַן אויג פֿון טרערן,
ס׳איז אַ באַלוינונג דאָ פֿאַר דײַן טאָן, זאָגט גאָט —
זיי וועלן צוריקקומען פֿון שׂונאס לאַנד.

[ט״ז)] און ס׳איז אַ האָפֿענונג דאָ פֿאַר דײַן ענד,
זאָגט גאָט —
און זיי וועלן אומקערן זיך צו זיך אַהיים.

[י״ז)] איך האָב געהערט, געהערט —
אפֿרים טרייסלט זיך:
דו האָסט געשטראָפֿט מיך און כ׳בין געשטראָפֿט געוואָרן!
ווי אַ קאַלב אַ ניט געלערנטס —
לאָז אומקערן זיך מיך — און איך קער זיך אום —
ווײַל דו, דו ביסט מײַן גאָט, דער האַר.

[י״ח)] ווײַל באַלד בײַם אומקערן זיך — האָב איך באַדויערט,
און באַלד נאָך מײַן דערוויסן זיך
האָב איך געשלאָגן אויף דער היפֿט —
איך האָב געשעמט זיך און פֿאַרשעמט געוואָרן,
ווײַל כ׳האָב אויף זיך גענומען מײַן יוגנטשאַנד.

[י״ט)] איז מיר אפֿרים דען אַ זון אַזאַ אַ טײַערער?
צי אַ קינד געצערטלט?
אַז ווען איך רייד פֿון אים

דערמאָן איך אים און ס'ברומט צו אים
פֿון מײַנע אינגעווייד אַרויס —
כ'וועל אים דערבאַרעמען — זאָגט גאָט!

[יחזקאל ל"ד, ט"ז — כ"ו]

— — — — — — — — — — — — — — — *

[טז)] כ'וועל אַלע זיי באַוויליקן —
די פֿעטע און די שטאַרקע גאָר — וועל איך פֿאַרטיליקן
און זיי פֿאַרפֿאַלן —
איך פֿיטער מיט גערעכטיקייט זיי אַלע!

י"ז) און איר איר מײַנע שאָף — אי דאַר, אי קוואַר —
[אַ ש]רעק!
אַזוי זאָגט גאָט דער האַר:
איך טו אַ[ר]אָפּ יעצט נידערן
און משפּט צווישן לאַם און לאַם
[ ] צו די ווידערן
[ ן] בעק...

[י"ח)] [א]יז ווייניק אײַך — איר קלײַבט זיך פֿאַשע־פֿעלדער אויס
[וואָ]ס בעסער און וואָס פֿעטער;
[ ] די איבעריקע פֿאַשע־ערטער וואָס איר ניצט ניט אויס
[צעט]רעט איר...
אי[ר] טרינקט דאָך יעדע וואַסער־טיפֿעניש אויס זיס —
די איבעריקע נעמט איר און פֿאַרבלאָטיקט מיט די פֿיס.

י"ט) און ס'פֿיטערט זיך מײַן שאָף מיט וואָס איר האָט צעטראָטן,
און פֿאַרטרינקט פֿון אײַערע די פֿיס — די בלאָטע.

כ) דערפֿאַר —
אַזוי זאָגט צו אײַך, דער האַר:

* דעם טעקסט פֿון די איבערגעזעצטע פּסוקים 1 — 16 זע ווײַטער אויף זײַטן 321 — 324.

אָט וועל איך נעמען אײַך אין צאַם,
און איך וועל משפּטן יעצונד דאָ
צווישן לעמער –
אַ לאַם גאָר אַ געזונטע,
און אַ מאָגערע אַ לאַם...

כ"א) ווײַל איר גרויסט זיך,
און שטופּט זיך מיט אַ זײַט און מיט אַן אַקסל,
און מיט הערנער אויסגעוואַקסן –
שטויסט איר!
די אָפּגעשוואַכטע,
די פֿאַרשמאַכטע
שטויסט איר!
ביז איר האָט זיי, אַלע זיי צעוואָרפֿן
אַרויסגעוואָרפֿן
דרויסן.

כ"ב) איך וועל מײַן שאָף דערבּער ה[עלפֿן]
העלפֿן פֿון די וועלף זיי,
מען וועט שוין מער ניט פּלינדערן [זיי]
איך וועל עס משפּטן צווישן לאַ[ם און לאַם]

כ"ג) כ'באַשטים פֿאַר זיי איין פּאַסטעך, אויף [ ]
ער וועט זיי פֿיטערן מיט רעכט –
מײַן דוידן, מײַן קנעכט,
ער וועט אַ פּאַסטעך פֿאַר זיי זײַן!

כ"ד) און איך – איך גאָט,
כ'בין זייער גאָט אין כּבֿוד,
און זייער פֿירשט – מײַן קנעכט, מײַן דויד,
איך האָב'ס געזאָגט, איך גאָט!

* – – – – – – – – – – – – – – – –

כ״ו) און כ׳מאַך זיי אין מײַן באַרג אַ בענטשונג
פֿאַר די מענטשן
און אין זײַן צײַט לאָז פֿאַלן איך דעם רעגן–
עס וועט אַ רעגן זײַן פֿון זעגן.

## הושע א

[א)] גאָטס וואָרט וואָס איז געוועזן
צו הושען דעם זון פֿון בארי,
אין די צײַטן פֿון עֻזיָה, יותם, אָחָז
יחזקיה– די קעניגן פֿון יהודה
און אין די צײַטן פֿון ירבעם
דעם זון פֿון יואש,
דעם קעניג פֿון ישׂראֵל.

ב) אין אָנהייב האָט גאָט גערעדט
צו הושען,
און ער האָט אַזוי געזאָגט צו הושען:
גיי, נעם דיר
אַ פֿרוי אַ הור, און הורנקינדער האָב,
ווײַל אויסגעלאַסן ווערן וועט די ערד
און [אָפּגע]טאָן פֿון גאָט.

[ג)] און [ע]ר איז אַוועק, און האָט גענומען
דער גומר, די טאָכטער פֿון דבלָיִם,
און זי איז טראָגעדיק געוואָרן
און אים אַ זון געבוירן.

* ס׳פֿעלט דער פסוק כ״ה. די איבערגעזעצטע פסוקים 28 – 30 זע ווײַטער אויף זײַטן 324 – 325.

[ד)] און גאָט האָט אים געזאָגט:
[רוף אָן דעם] נאָמען זײַנעם: יזרעאל,
[ווײַל גאָר] ניט לאַנג נאָך –
און כ׳וועל דערמאַנען
דאָס בלוט פֿון יזרעאל דעם [הויז פֿון יהוא]
און איך וועל אומברענגען [דאָס קיניגרײַך]
פֿון הויז ישׂראלס.

ה) און ס׳וועט זײַן אין יענ[עם טאָג:]
און כ׳וועל צעברעכן דעם פֿײַלן־בויגן
אין טאָל פֿון יזרעאל.

ו) און זי איז טראָגעדיק געוואָרן ווײד[ער,]
און זי האָט געבוירן אַ טאָכטער,
און ער האָט אים געזאָגט:
רוף אָן דעם נאָמען אירן: לאֹ־רֻחָמָה,
״די ניט דערבאַר׳מדיקע״ –
ווײַל כ׳וועל ניט מער,
כ׳דערבאַרעם ניט דאָס הויז ישׂראלס,
כ׳זאָל טאָן פֿאַרטראָגן זיי.

ז) און דאָס הויז [יהודהס]
וועל איך דערבאַרעמען,
און כ׳וועל מיט גאָט [ ]
זיי העלפֿן,
און כ׳וועל ניט העלפֿן
מיט שווערד און מיט מ[ ]
מיט פֿערד און רײַטער [ .]

[ח)] און זי האָט אַנטוויינט דער לאֹ־רחמה,
ניט דערבאַר׳מ[די]קער,
און [זי] איז טראָגעדיק געוואָרן
און האָט אַ זון געבוירן.

[ט)]	און ער האָט געזאָגט:
רוף אָן זײַן נאָמען: לאָ־עַמי –
ניט מײַן פֿאָלק,
ווײַל איר זענט ניט מײַן פֿאָלק,
און איך – איך וועל ניט אײַער זײַן!

## הושע ב

א)	און זײַן וועט די צאָל פֿון ישׂראלס [קינדער
וווי זאַמד פֿון ים וואָס וועט
ניט געמאָסטן ווערן און ניט געציילט,
און זײַן וועט, וואָס
אַנשטאָט עס זאָל געזאָגט ווערן צו זיי:
"ר'זענט ניט מײַן פֿאָלק!"
וועט צו זיי געזאָגט ווערן:
"קינדער פֿון אַ לעבעדיקן גאָט!"

ב)	און ס'וועלן
צונויפֿגעקליבן ווערן די קינדער פֿון יהודה
און די קינדער פֿון ישׂראל –
אַלע זיי צוזאַמען
און זיי וועלן איבער זיך אַ הויפּט אַרויפֿטאָן
און וועלן אויפֿשטײַגן זיי אַלע פֿון דעם לאַנד,
ווײַל גרויס איז, גרוי[ס דער] טאָג פֿון י[שׂראל.]

ג)	זאָגט,
צו אײַערע ברידער [זאָגט:] מײַן [פֿאָלק]
און צו דער שוועסטער אײַער[ער זאָגט: דערבאַר'מדיקע]

ד)	קריגט זיך!
קריגט מיט אײַער מאַמע [זיך,
ווײַל זי איז ניט מײַן ווײַב,

און איך – כ׳בין ניט איר מאַן
און זאָל זי פֿון זיך אָפּטאָן אירע הורעריַיען
און די אויסגעלאַסנקייטן אירע
פֿון צווישן אירע בריסט.

ה) וויַיל כ׳טו איר אויס אַ נאַקעטע,
און כ׳שטעל איר אויס
ווי אין טאָג פֿון איר געבוירן.
און כ׳מאַך איר ווי אַ מדבר,
און טו מיט איר ווי מיט אַ לאַנד אַ וויסטע,
און כ׳וועל אין דאָרשט איר טויטן.

ו) און אירע זין –
כ׳וועל ניט דערבאַרעמען זיי
וויַיל זיי זענען הורן־קינדער אַלע זיי.

ז) וויַיל געהורט האָט זייער מוטער,
פֿאַרשעמט האָט די וואָס האָט געטראָגן זיי,
וויַיל געזאָגט האָט זי:
איך וועל נאָך די געליבטע מיַינע גיין,
די וואָס גיבן מיר מיַין ברויט,
מיַין וואַסער און מיַין וואָל און אויך מיַין פֿלאַקס
מיַין אייל און די געטראַנקען מיַינע.

[ח)] [דערפֿאַר] טאַקע פֿאַרצוים איך
מיט [צ]וויַיגן שטעכעדיקע דיר דיַין וועג,
[און פֿאַרשטעל] דעם פּאַרקאַן אירן
[און זי וועט די] וועגן אירע ניט געפֿינען.

[ט)] [און] זי וועט נאָכיאָגן זיי
[די] געליבטע אירע
און זי וועט זיי ניט דערגרייכן
און זי וועט אַרום זיי זוכן

און ניט געפֿינען זיי,
זי וועט דאַן זאָגן:
אָט גיי איך און איך קער זיך או[ם]
צום מאַן צו מײַנעם, צו דעם ערשטן...
ווײַל בעסער איז געווען אַ מאָל מיר איי[דער הײַנט.]

י) און זי —
אַך ניט געוווּסט האָט זי
אַז דאָס האָב איך געגעבן איר דעם קאָרן,
און דעם ווײַן און בוימאייל
און זילבער האָב איך איר געמערט, און גאָר
זיי האָבן פֿאַרן בעל עס געמאַכט.

י״א) דעריבער קער איך אום זיך
און נעם אָפּ מײַן קאָרן אין זײַן צײַט
און מײַן ווײַן צום באַשטימטן טאָג,
און כ׳נעם צו מײַן וואָל
און אויך מײַן פֿלאַקס
וואָס דאַרף פֿאַרדעקן איר די שאַנד.

י״ב) יעצט וועל איך אויפֿדעקן איר שאַנד
פֿאַר די אויגן פֿון די געליבטע אירע,
און קיינער ניט וועט [ראַט]עווען זי [פֿון מײַן האַנט.]

י״ג) און כ׳וועל צעשטערן איר די [פֿ נען,]
איר יום־טובֿ, דעם ראש־[חודש אירן.]
און איר שבת און אַלע [יום־]טובֿ־טעג.

י״ד) און כ׳וועל פֿאַרוויסטן [די טרויבנביימער אירע]
און איר פֿײַגנבוים
וואָס זי געזאָגט האָט:
״ס׳איז אַ הורנלוין מיר,
וואָס די געליבטע מײַנע האָבן מיר געגעבן...״

איך וועל פֿאַרוואַנדלען ווילד זיי אין אַ וואַלד
ס'וועט אויפֿעסן די פֿעלד־חיה זיי גאַנץ.

ט"ו) און כ'וועל דערמאָנען איר די טעג פֿון די בעל[־געטער]
פֿאַר וועלכע ז'האָט געברויכערט,
זיך אויסגעפּוצט אין אירע אוירינגלעך,
און איז אַוועק נאָך די געליבטע אירע
און מיך האָט זי פֿאַרגעסן גאָר — זאָגט גאָט...

ט"ז) דערפֿאַר אָ, וועל איך איבעררעדן זי,
כ'וועל זי אַוועקפֿירן אין מדבר,
און ריידן איר צום האַרצן...

י"ז) און כ'וועל פֿון דאָרט איר געבן
אירע ווייַנגערטנער,
און [דעם] אומגליקסטאָל
[וועל איך] פֿאַרוואַנדלען אין אַ האָפֿ'נונגס אָפֿן טיר
[און זי] וועט ווינען דאָרט וו'אין אירע יוגנטסטעג,
[ווי אין דעם] טאָ[ג] פֿון איר אַרויסגיין פֿון מצרים.

[י"ח)] און [ס']וועט זייַן אין יענעם טאָג — זאָגט גאָט:
[וועסטו רופֿ]ן מיך: מייַן מאַן!
[און וועסט ניט רו]פֿן מיך: מייַן בעל! מייַן באַמאַנער!

[י"ט)] און איך וועל אָפּטאָן
די נעמען פֿון די בעָלים־געצן
פֿון איר מויל,
און זיי וועלן מיטן נאָמען זייערן
ניט דערמאָנט שוין ווערן מער.

כ) און כ'וועל אַ בונד פֿאַר זייערט וועגן שליסן
מיט דער פֿעלד־חיה און מיט די פֿייגל אונ[טערן הימל]
און מיט די ווער[ע]ם וואָס אויף דר'ערד.

און פֿײלן־בויגן, שווערד און קריג
וועל איך אין לאַנד צעברעכן
און אין זיכערקייט זיי רוען לאָזן.

כ״א) און כ׳וועל פֿאַרקנסן דיך אויף שטענדיק שוין.
און כ׳וועל פֿאַרקנסן
מיט גערעכטיקייט, מיט רעכט דיך,
מיט חסד און מיט רחמים.

<כ״ב>און כ׳וועל פֿאַרקנסן דיך מיט גלויבן
און וועסט דערקענען [גאָט].

[כ״ג)] און עס וועט זײַן [אין טאָג] אין יענעם,
וועל איך באַענטפֿ[ערן, זאָגט גאָט]
וועל איך באַענט[פֿערן די הימלען]
און זיי, זיי וו[עלן באַענטפֿערן דער ערד]

כ״ד) און די ערד –
זי וועט באַענטפֿערן [דעם קאָרן]
און דעם ווײַן,[ בוימאייל]
און זיי – זיי וועלן באַענטפֿ[ער]ן [יזרעאל]

כ״ה) און כ׳וועל פֿאַרזייען זי אין דר׳ערד,
און כ׳וועל דערבאַרעמען דער ניט דערבאַר׳מדיקער,
און כ׳וועל זאָגן אויך צו ניט־מײַן־פֿאָלק:
דו ביסט מײַן פֿאָלק!
און ער וועט זאָגן מיר: מײַן גאָט!

הושע י״ג

א) כל זמן אפֿרים האָט מיט אַ ציטערן גערעדט
האָט געוועלטיקט אויף ישׂראל,

ווי נאָר ער האָט פֿאַרשולדיקט מיטן בעל זיך –
איז ער געשטאָרבן.

ב) און יעצט – יעצט טוען זינדיקן זיי מער,
זיי האָבן אַ געגאָסן בילד געמאַכט פֿון זייער [זילבער]
און האָלצבילדער – לויט זייער שׂכל –
קינסטלער־אַרבעט בלויז!
צו זיי זאָגן זיי:
מענטשן־שלאַכטער און קעלבער קושן זיי!

ג) דעריבער וועלן זיי ווי אַ פֿרימאָרגן־וואָלקן זײַן,
און ווי דער טוי וואָס פֿאַלט באַגינען ווערט ניט,
ווי פלעווועס צעבלאָזן פֿון אַ שײַער
און ווי אַ רויך פֿון קוימען.

ד) און איך – איך בין דײַן גאָט פֿון לאַנד מצרים,
און דו קענסט קיין גאָט ניט אַחוץ [מ]יר!
און קיין העלפֿער אויסער מיר איז ניט פֿאַראַנען.

ה) איך האָב אין מדבר דיך געקענט,
אין לאַנד פֿון טריקענישן...

ו) ווי נאָר געוועזן זענען זיי אויף זייער פּאַשע
האָבן זיי זיך זאַט געגעסן,
ווי נאָר זיי האָבן דאָרט געזעטיקט זיך
איז הויך געוואָרן זייער האַרץ –
דעריבער האָבן זיי אָן מיר פֿאַרגעסן.

ז) און כ׳וועל ווי אַ לייב זיי זײַן
און ווי אַ טיגער אויף אַ וועג זיי אויסקוקן.

ח) כ׳וועל ווי אַ בער, באַרויבט פֿון זײַנע קינדער
באַגעג׳נען זיי,

און רײַס דעם שלאָס פֿון זייער האַרצן אויף
און איך פֿאַרצער זיי<,> דאָרט
ווי אַ לייב אַ יונגער, די חיה אויפֿן פֿעלד צעשפּאַלט זיי.

ט) דײַן פֿאַרדאָרבנקייט, ישׂראל, איז עס,
דײַן זיך אַנטקעגנשטעלן מיר, דײַן הילף!

י) יאָ, כ׳וועל דײַן קעניג זײַן, וואָס האָט געדאַרפֿט דיך העל[פֿן]
אין אַלע דײַנע שטעט און דײַנע שופֿטים,
וואָס דו, דו האָסט פֿאַרלאַנגט:
״אָ, גיב אַ קעניג מיר און פֿירשטן!״

י״א) איך וועל אַ קעניג דיר, אין צאָרן מײַנעם, געבן!
און כ׳נעם אין צאָרן אים, אין מײַנעם, אָפּ!

י״ב) אײַנגעוויקלט איז די זינד אפֿרימס,
באַהאַלטן זײַן פֿאַרברעכן.

י״ג) עס באַפֿאַלן אים די ווייען נאָך פֿון אַ געווינערין
און ער, אַ זון אָ, איז ניט קלוג,
בעת ער וועט ניט בײַשטיין קענען
דעם שווערגעבורט פֿון קינדער.

י״ד) איך זאָל זיי אויסלייזן פֿון אומקום!
פֿון טויט זאָל איך באַפֿרײַען זיי!
יאָ, יאָ, כ׳וועל טאַקע זײַן דײַן טויט,
כ׳וועל דײַן פֿאַרדאַרבן זײַן
אַוועק מיר, פֿון די אויגן מיר רחמנות...

ט״ו) דען צווישן ברידער וועט ווערן ער פֿאַרווילדט,
עס קומט אַ מאָרגנווינט,
אַ ווינט פֿון גאָט, ער שטײַגט פֿון מדבר אויף[,]
און טרוקן ווערן וועט זײַן קוואַל,

און אויסגעטריקנט גאָר זײַן וואַסער־טיף[...]
ער וועט דעם אוצר אויספּלינד[ער]ן פֿון אַלע גלוסטיקייטן.

<איובֿ ג>

ג) זאָל גיין דער טאָג פֿאַרלוירן
אין וועלכן כ׳בין געבוירן
און די נאַכט וואָס האָט באַפֿוילן דאַן:
ווער שוואַנגער מיט אַ מאַן!

ד) דער טאָג, דער יעניקער זאָל פֿינצטער זײַן,
זאָל גאָט ניט מאָנען אים,
ניט קאָנען אים,
ניט פֿאַלן זאָל אויף אים די שײַן.

ה) פֿינצטערניש און נאַכטשאָטן און שרעקן –
זײַנע, זאָלן זײַן זיי, די דערלייזער!
עס זאָל אַ וואָלקן פֿינצטער אים פֿאַרדעקן
און אָנוואַרפֿן אַ פּחד ווי אין היצן פֿון אַ טאָג אַ בייזן[.]

ו) [יע]נע נאַכט – צו אַל די שוואַרצע יאָר איר!
ניט געהערן
ניט צוגערעכנט זאָל זי ווערן
צו טעג צוו קלאָרע
צו טעג פֿון אַ גאַנץ יאָר... אָ יענע נאַכט
וואָס ניטאָ שוין
ניט קומען זאָל זי אין באַטראַכט,
אין צאָל פֿון די חדשים.

ז) פֿאַראיינזאַמט זײַן זאָל יענע נאַכט און באַנג,
זאָל ניט אַרײַנבאַקומען זיך אין איר געזאַנג,

ח) זאָלן שילטן איר די טאָג־פֿאַרשילטער פֿול מיט שרעקן,
די וואָס דאַרפֿן דעם לִוְיָתָן וועקן.

ט) פֿינצטער זאָלן ווערן
אירע אָוונט־שטערן,
און זאָל זי אויסקוקן די שײַן –
זי זאָל ניט זײַן!
זי זאָל ניט זען ווי געעפֿנט ס׳ווערן
די ווימפּער פֿונעם מאָרגן־שטערן.

י) ווײַל ר׳[האָ]ט [די] טירן די ניט פֿאַרמאַכט
פֿון מײַן מוט[ערס] טראַכט,
ער וואָלט דערמיט פֿיל זאָרגן
פֿון די אויגן מיר פֿאַרבאָרגן...

י״א) פֿאַר וואָס [זאָל איך ניט האָבן] גלײַך פֿון מוטערלײַב געשטאָרבן?
פֿון מאַמעס [ב]ויך אַרויס און שוין אַ קרבן.

י״ב) צו וואָס האָבן קניִען זיך צו מיר געבויגן
און צו וואָס די ברוסט וואָס איך האָב דאַן געזויגן?

י״ג) כ׳וואָלט יעצט געלעגן רויִק און באַרוט,
און ס׳וואָלט געווען מיר גוט.

י״ד) מיט מלכים און מיט וועלט־חכמים וואָלט איך זיך געפֿינען,
וואָס בויען, בויען אויס פֿאַר זיך רויִנען.

ט״ו) צי גאָר מיט האַרן וואָס האָבן גאָלד באַזעסן
וואָס פֿילן אָן מיט זילבער זיי׳רע שלעסער.

ט״ז) צי גאָר וו׳אַן עופּעלע באַהאַלטן
וואָלט איך ניט אויסגעהאַלטן,
כ׳וואָלט ווי קליינוואַרג זײַן –

וואָס זעען ניט די שײַן!

י״ז) דאָרט האָבן אויפֿגעהערט זיך ערגערן די זינדער –
די מידע און די מאַטע רוען דאָרט ניט מינדער[.]

י״ח) זיי ליגן דאָרט באַרוט, פֿאַרשלאָסן, אָן צוריקקער...
און הערן ניט קיין קול פֿון אַ באַדריקער.

י״ט) אי קליין אי גרויס – די זעלבע רעכט,
און פֿרײַ פֿון בעל־הבית פֿון זײַנעם איז דער קנעכט.

כ) וואָס דאַרף ער ליכט דעם אומגליקלעכן געבן?
און די פֿאַרביטערטע – וואָס טויג זיי לעבן?

כ״א) אָ די וואָס קוקן אויס דעם טויט, דעם קאַלטן,
וואָס זוכן אום אים ווי מען זוכט אַן אוצר טיף באַהאַלטן.

כ״ב) אָט די וואָס פֿרייען זיך,
די וואָס ס׳פֿאַרגייען זיי
פֿאַר פֿרייד די זינען
אַ קבֿר צו געפֿינען...

כ״ג) דער מענטש אין פֿלוג –
אָ נישט גענוג
וואָס זײַן וועג איז אים פֿאַרשטעלט
האָט נאָך גאָט פֿאַרצוימט פֿאַר אים זײַן וועלט.

כ״ד) איידער נאָך איך טראָג מײַן ברויט מײַן ביסן
צו, צו מײַנע לעפֿצן
הערן זיך די קרעכצן מײַנע, און מײַנע זיפֿצן
קומען –
און גיסן און צעגיסן
ווי וואַסער זיך די ווייגעשרייען מײַנע און מײַן ברומען[.]

כ״ה) דער פחד פֿאַר וועלכן כ׳האָב געציטערט ווי אַ בלאַט
איז מיר פֿאָרויסגעלאָפֿן
און די שרעק פֿאַר וועלכער כ׳האָב מורא שטאַרק געהאַט
האָט מיך געטראָפֿן.

כ״ו) כ׳בין רויִק ניט געווען, ניט שטיל געווען,
ניט פֿון קיין רו געוווסט –
און ס׳איז געשען –
געקומען, **אַך געקומען גרויס איז דער פֿאַרדרוס!**



געגראַמטע הקדמה צו דער פֿאָרלעזונג פֿון פרק מ״ח אין ספר ישעיה

# אַרײַנפֿיר 11

אַ דראַמאַטיש בילד אויף דער תּנ״כישער טעמע, אין פֿערזן. איז געווען פֿאָרגעשטעלט פֿון ייִדישן דראַמאַטישן קרײַז פֿון דער ״דרור״־באַוועגונג אין געטאָ. דער ייִדישער מקור ווערט דאָ געדרוקט צום ערשטן מאָל, לויטן אָפּגעראַטעוועטן כּתבֿ־יד. דער ייִדישער טעקסט איז אַ גענויע איבערזעצונג, מיט גאָר ווייניק און אומוויכטיקע ענדערונגען, פֿון דעם העברעיִשן אָריגינאַל ״יעקב ועשו״ – וואָס י.ק. האָט געשריבן פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה און אָפּגעדרוקט אין העברעיִשן יוגנט־זשורנאַל ״עולמי״ אונטער דער רעדאַקציע פֿון שמואל ראָזנהעק און אלחנן אינדעלמאַן (זע: עולמי (ורשה), שנה ג׳, א׳ אייר תרצ״ח (2.5.1938), 16 (45), זז׳ 237־238; ט״ז אייר תרצ״ח (17.5.1938), 17 (46), זז׳ 253־254). אין העברעיִשן טעקסט זײַנען קיין פֿערזן נישט פֿאַראַן. אין בלומענטאַלס רשימה – רעגיסטרירט אויפֿן אָרט נומ׳ 8. די גענויע דאַטע ווען די איבערזעצונג איז געמאַכט געוואָרן, איז אומבאַקאַנט. די אַרויסזאָגן וועגן דער דאַטע זײַנען פֿאַרשיידן און פֿול מיט סתּירות:לויטן הקשר בײַ צוקרמן – מבפנים, י״ג, ז׳ 32, איז ״יעקבֿ און עשׂו״ פֿאָרגעשטעלט געוואָרן, נאָך איידער י.ק. האָט אַקטיוו אָנטייל גענומען אין דער אונטערערדישער ״דרור״־פּרעסע, ס׳הייסט – זומער 1940. לויטן הקשר בײַ לובטקין, ז׳ 463, האָט ״יעקבֿ און עשׂו״ געקענט געשריבן ווערן ביז סוף 1941. אין זײַן רשימה, שרײַבט בלומענטאַל: ״[1940?]״. אין דער רשימה פֿון כּתבים אחרונים, תשכ״ט, איז אָנגעגעבן ווי אַ השערה: ״כּסלו תש״א״ <דעצעמבער 1940>, דאָרט, נומ׳ 9, ס׳הייסט: נאָך פֿאַר די תּנ״ך־איבערזעצונגען צי אין איין צײַט מיט זיי. לויט דער עדותשאַפֿט פֿון חוה (פֿאָלמאַן) ראַבאַן, וועלכע לעבט איצט אין קיבוץ לוחמי הגיטאות און האָט אין געטאָ געשפּילט די יעקבֿ־ראָלע בעת דער פֿאָרשטעלונג, איז די פֿאָרשטעלונג פֿאָרגעקומען אין דער ערשטער צײַט נאָך דעם ווי דער געטאָ איז פֿאַרמאַכט געוואָרן, ס׳הייסט: אַרום ווינטער 1940/41.

די ייִדישע דראַמאַטישע סטודיע מיט וועלכער י.ק. האָט אָנגעפֿירט, איז באַשטאַנען פֿון זײַנע תּלמידים אין דער אונטערערדישער גימנאַזיע פֿון ״דרור״ און פֿון די געהיימע סעמינאַרן, אין עלטער פֿון 15 ביז 17 יאָר (זע: תבע״פ – פולמן, זז׳ 16־17; צוקרמן – מבפנים, י״ג, ז׳ 32). די סטודיע איז געווען אַקטיוו, נאָכן שליסן פֿונעם געטאָ, און לכל־הפּחות במשך פֿון דער ערשטער העלפֿט פֿון יאָר 1941, ווי אַ באַשטייטייל פֿון די תּנ״ך־אָוונטן.

דאָס באַניצן זיך מיט שוין געשאַפֿענע ווערק פֿון פֿאַר דער מלחמה, איבערלאָזנדיק דעם טעקסט ווי ער איז – כּמעט אין גאַנצן ניט־געענדערט, איז פֿאַרשטענדלעך פֿאַרבונדן בײַ יצחק קאַצענעלסאָנען, נישט אַזוי מיט דער באַדערפֿעניש קינסטלעריש אַליין זיך אַרויסצוזאָגן וועגן די געשעענישן, ווי מיט רעפּערטואַר־באַדערפֿענישן פֿאַר די פֿאָרשטעלונגען פֿונעם דראַמאַטישן קרײַז. די צײַט און מי וואָס י.ק. האָט אַרײַנגעלייגט בײַם איבערזעצן און אָנשרײַבן ווערק פֿאַרן רעפּערטואַר גופֿא, און בײַם אינסצעניזירן און פֿאָרשטעלן די דראַמאַטישע בילדער און סצענקעס, דאַרפֿן פֿאַררעכנט ווערן צו דער פֿאַרצווײַגטער דערציִערישער אַקטיוויטעט מיט וועלכער י.ק. איז אָנגעגאַנגען אין די ראַמען פֿון דרור־החלוץ, במשך דער ערשטער געטאָ־תּקופֿה. אָט די אַקטיוויטעט איז למעשׂה געווען אַ המשך פֿון ענלעכע אויפֿטוען, מיט וועלכע י.ק. האָט אָנגעפֿירט און סטימולירט פֿאַר דער מלחמה.

די ליטעראַריש־קינסטלערישע אַקטיוויטעט פֿון דער ערשטער געטאָ־תּקופֿה, אין די ראַמען פֿון די

תנ״ך־אָוונטן און דראַמאַטישע פֿאָרשטעלונגען פֿון זײַן טעאַטער־סטודיע, איז אַ שטאַפּל אין י.ק׳ס שאַפֿן, וואָס שפּיגלט אָפּ צו גלײַך דעם אַלגעמײנעם באַנעם פֿון די יוגנט־באַוועגונגען, במשך דעם ערשטן געטאָ־יאָר, וועגן דער נויטווענדיקייט צו פֿאַרהאַלטן זיך אָרגאַניזירט און צו דערציִען זײערע חבֿרים, כּדי מיט ווירדע בײַ צו קומען די שווערע מלחמה־צײַט נישט פֿאַרלירנדיק דעם צלם מענטש און זײַנע אידעאַלן. דאָס דראַמאַטישע בילד ״יעקבֿ און עשׂו״, אַ פֿאָרשטעלונג פֿול מיט הומאָר, וואָס האָט חוזק געמאַכט פֿון עשׂוס ״עשׂודיקייט״, איז געווען פֿאַר דעם צוועק צוגעפּאַסט ביז גאָר. וועגן אַנדערע פֿאָרשטעלונגען פֿון דעם מין, זע למשל ווײַטער: נומ׳ 12, 16, 17, 19, 27.

דער כּתבֿ־יד געפֿינט זיך אין י.ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות און איז דאָרט רעגיסטרירט מיטן נומ׳ KII/1006. די געציילטע שינויים צווישן העברעיִשן אָריגינאַל און דער ייִדישער איבערזעצונג, ווערן אָנגעוויזן אין טעקסטאָלאָגישן צוהאַנג.

## יעקבֿ און עשׂו

יעקבֿ אין זײַן געצעלט. עס ברענט אַ פֿײַער[.]
יעקבֿ מישט בײַם פֿײַער אין אַ טאָפּ
יעקבֿ (מישנדיק מיטן לעפֿל [ ]
פֿענצטער רעכטס)

[גיב] דער [ ]
עסן פֿלייש [ ]

— — — — — — — — — — — — — *

אָ גאָט, מײַן גאָט!
דאָס האָב איך געבעטן דיך,
אין מוטערלײַב געבעטן: גאָט
דער ערשטער, איך! איך וויל —
די מאַמע זאָל געבוירן מיך דעם ערשטן!
איך וויל דער ערשטער אויף דער וועלט
דערזען דײַן ליכט [ ]
איך וויל די הימלען דײַנע, גאָט,

* דאָ, איז אַ האַלבע זײַטל אוממעגלעך איבערצולייענען.

איך וויל זיי אָנקוקן דער ערשטער!
אָ ניין, איך גאַר דײַן עוֹד ניט,
ניט אירע אוצרות אַלע,
נאָר דײַנע הימלען גאַר איך,
די ליכטיקע, די הימלען דײַנע, גאָט!
האָט ער — (אויפֿגערעגט צום פֿענצטער)
וואָס איז דאָרט אין דער מאַמעס טראַכט
מיר בײַ דער זײַט געזעסן —
אויפֿגעשפּרונגען און אַ שטויס געטאָן מיך! —
(פֿאַרביטערט)
ווען כ׳האָב געדאַרפֿט דערזען די וועלט —
האָט זײַן ווילדע האַנט געגעבן מיר אַ שטויס —
יאָ, יאָ...
וואָס באַטרעפֿט אין כּוח
בין איך אַ שטאַרקערער — יאָ...יאָ...
איך האָב אים אָפּוואַרפֿן פֿון מיר געקענט,
איך אָבער האָב געוואָלט פֿאַרמײַדן אַ געשלעג,
אַ געקריגערײַ דאָרט, אין דער מאַמעס טראַכט,
אויף דעם געבוירשטיין,
בײַם געבוירן צווייען...
איך האָב אַ ווײַלע אײַנגעהאַלטן זיך,
אַ ווײַלע נאָר — און האָב פֿאַרשפּעטיקט!
כ׳האָב באַוויזן נאָר אַ כאַפּ טאָן אים בײַם פּוס,
און גאַנץ אומזיסט...
אַך, ווי עס טוט מיר באַנג,
ווי טוט אָ, די פֿאַרשפּעטיקונג מיר באַנג,
וואָס כ׳בין אַ ווײַלע נאָר נאָך אים געבוירן,
וואָס כ׳האָב דערזען דאָס ליכט אַ ווײַל,
אַ ווײַל נאָך אים!
כ׳וויל בעסער מיט אַ יאָר אַ גאַנצס אַפֿריִער שטאַרבן,
און מיט אַ ווײַלע פֿריִער אָנקוקן דאָס ליכט,
אַרײַן אין לעבן פֿריִער, אין בראשית־לעבן...
מײַנע, מײַנע איז די בכורה! (מישט דעם טאָפּ לינדזן)

עשׂו (קומט אַרײַן מיד און צעבראָכן פֿון פֿעלד, פֿאַלט אויפֿן בענקל לינקס)
אוף – אוף! ווי מיד איך בין!

יעקבֿ רו אויס זיך!

עשׂו איך בין טויט־מיד!

יעקבֿ לייג צו זיך אויב דו ווילסט.

עשׂו אוף־אוף – אַך, מיד!

יעקבֿ וואָס קען איך טאָן דיר, זאָג?

עשׂו איך – קוים ווער איך שוואַך –
איז דאָ איין זאַך
וואָס קען די מידקייט מאַכן מיר פֿאַרגעסן:
עסן!
אַ שטיקל בשׂר, אַ ביסל דם –
האַם! האַם!

יעקבֿ זאָג ניט: איך בין מיד!
זאָג: כ׳האָב אַן אַפּעטיט!

עשׂו אי מיד, אי אַפּעטיט...

יעקבֿ וואָס איז מיט דיר הײַנט, עשׂו?
דאָס ערשטע מאָל הײַנט,
קומסטו מיט ליידיקע מיט הענט
פֿון פֿעלד!

עשׂו און מיט אַ ליידיקן איך מאָגן...

יעקבֿ וואָס איז עס הײַנט מיט דיר?

עשׂו אַ שלעכטער טאָג בײַ מיר!
איך האָב געיאָגט אַ הירש –
פֿון באַגינען אָן!
די פֿײַלן מײַנע – זיי האָבן ניט געטראָפֿן אים,
אים ניט דערגרייכט,
ער איז געשפּרונגען הויך איבער שפּיצן בערג,
איבער אָפּגרונטן –
ער לויפֿט, און איך – נאָך אים, נאָך אים –
און גאָרנישט!
דאָס איז געווען אַ הירש!
אַך! אַך!

ווי האָב איך אים געוואָלט אַ נעם טאָן
פֿאַר די געצווייַגטע הערנער,
אַ נעם טאָן און אַ קוק טאָן טיף אין זייַנע אויגן אים,
די אויגן מיט דער גרויסער שרעק וואָס דאָרט אין פֿולן...
די שרעק וואָס פֿאַרן טויט [ ]
אַך די שרעק וואָס פֿאַרן טויט – ווען זי באַפֿאַלט דיך –
דאָס גיט מיר כּוח!
אַ לייב ווען ר׳גיט זיך אונטער מיר,
אַ לייב געפֿאַנגען – אַך, ווי קומט ער צו אַ[ן] אינד אין פֿעלד,
צו אַ שטומע[ר] אינד!
אַ[ן] אינד און אַ[ן] אַנגסט אַ שטומע אין די אויגן!
כ׳האָב אַ לעבעדיק באַשעפֿעניש דערשראָקן:
שרעק אין אויגן אויפֿגעריסענע דערוואַרעמט מיך, רעגט אויף מיך!
כ׳האָב ליב אַ בהמהלע וואָס אַנגסטיקט זיך,
איך עס איר אויף ניט גיך,
איך שפּיל מיט איר זיך... (שמחה)
אַך ווען איך ווייס געגוי
אַז איך כאַפּ איר ווידער –
לאָז אָפּ איך איר אַ ווייַל, און נאָך אַ ווייַל...
צי האָסטו אים געפֿילט דעם פֿאַרגעניגן:
אָפּלאָזן און כאַפּן ווידער – ?
לאָז אָפּ און כאַפּ אויף ס׳נייַ, לאָז אָפּ און כאַפּ זי ווידער!

יעקבֿ (פֿאַרכטלעך)
עשׂו!

עשׂו אַך, ווי האָב איכ׳ס געוואָלט –
אַ נעם טאָן אים דעם הירש
פֿאַר זייַנע הערנער ביידע:
אַ נעם טאָן און אַ ריס אויף צווייען אים,
און זאָל דאָס בלוט אויף מיר אַ שפּריץ טאָן,
פֿון דאַנען און פֿון דאָרט,
דאָס וואַר׳מע בלוט!
איין הייסער טראָפּן טרעפֿט אין מויל מיר,
מיר אין מויל –

איך האָב׳ס געוואָלט!

יעקבֿ (מיט עקל)

עשׂו!

עשׂו וויי מיר! מיט אַ געמיט דערשלאָגן,

און מיט אַ בויך געשוואָלן

פֿון הונג׳ריק זײַן —

בין איך אַהיים געקומען יעצט...(אין זײַט פֿון קאַמין)

וואָס האָסטו דאָרט אין טאָפּ?

פֿלייש?

יעקבֿ ניין, ניט.

עשׂו בלוט?

יעקבֿ אָ, ניין.

עשׂו פֿיש?

יעקבֿ ניין, ניט קיין לעבעדיק באַשעפֿעניש

עשׂו אַ לעבעדיק באַשעפֿעניש —

קוים ליגט עס אָפּגעקאָכט אין טאָפּ

איז עס ניט מער לעבעדיק, ניט מער!

יעקבֿ אַזוי אויך מענטשן־פֿרעסער:

פֿאַרצערנדיק אַ מענטשן

זאָגן זיי: ניט קיין לעבעדיק באַשעפֿעניש

האָבן מיר פֿאַרצערט!

איידער נאָך מיר האָבן אים פֿאַרצערט

האָבן מיר אים טויט געשלאָגן.

עשׂו דאָס זענען ווערטער ענלעכע צו אונדזער פֿאָטערס —

איך היט ניט אָפּ זיי —

ניט זאָג אים, יעקבֿ, אויס...

יעקבֿ מיר דוכט: נאָך אין דער מאַמעס אינגעווייד

האָב איך געלערנט זיי, די ווערטער: ניט דערהרגע!

זיי ליגן מיר אין בלוט!

עשׂו נאַ...נאַ... דער מאַמעס אינגעווייד —

איך בין געווען דאָרטן אויך!

מיט דיר צוזאַמען...מיר האָבן ביידע זיך

אין די זעלבע אינגעווייד געוואָרפֿן,

און איך האָב ניט געלערנט גאָרנישט
פֿון דעם אַלעם...
אַך, ווען דו ביסט מיר ניט קיין ברודער –
אַך, ווען דו ביסט אַ הירש –
ווען דו ביסט אַ הירש – וואָלט איך אַזוי צעריסן דיך (לאָזט
זיך אויף אים מיט די אויפֿגעהויבענע הענט)
און וואָלט דיך אויפֿגעגעסן!
כ׳בין מיד און... הונגעריק –
אָ זעטיק אָן פֿון דאָזיקן, פֿון רויטן – רויטן מיך!

יעקבֿ איך גיב אַוועק דיר אַלץ וואָס אין טאָפּ, אין מײַנעם.

עשׂו גיב!

יעקבֿ דו קער מיר אום וואָס ד׳האָסט
מיט כּוח צוגענומען מיר...

עשׂו וואָס זאָל איך צ׳ריקגעבן דיר דען?

יעקבֿ אַ חובֿ... אַ חובֿ נאָך פֿון דער מאַמעס טראַכט!

עשׂו אַ שיכּור קומט צום אָרט צו – ווו ער האָט געבראָכן.
און דו – דו צו מײַן בכורה.

יעקבֿ (אויפֿגעבראַכט)
דײַן בכורה!

עשׂו יאָ, מײַנע!
אויב וויל איך האָב זי גאָר – נישט אַזוי שטאַרק געוואָלט
שטויסנדיק דיך דאַן
אויפֿן שוועל פֿון ווערן... (לעבן)
איך האָב אויס ליבע צו געשלעגערײַ
אַ שטויס געטאָן דיך דאַן –
כ׳האָב ליב גאָר שטאַרק, כ׳האָב ליב געשלעגערײַ...

יעקבֿ דו – אַ געשלעג און איך – האָב ס׳לעבן ליב.
ליבע צו געשלעג און ליבע צו דעם לעבן –
וועלכע, זאָג, פֿוןביידע זיי, איז מער?
פֿאַרקויף דײַן בכורה מיר!

עשׂו מײַן בכורה וואָס איך האָב אין קריג גענומען?...
קריג!
איך האָב אים ליב, דעם קריג!

עס איז דער טויט און אויך דאָס לעבן איז ער...
איך – ווען איך טויט מײַן פֿײַנד –
קומט מיר אַ לעבן צו!

יעקבֿ: ווײ דיר!... דו האָסט באַרויבט אַ לעבן –
און ס'איז ניט צוגעקומען דיר, ניט גאָרנישט!
אַליין נאָר גאָט – ער קען באַפֿוילן דיר דאָס לעבן!
(אויפֿגעוואַכט)
פֿאַרקויף דײַן בכורה מיר!

עשׂו: ווי קען איך זי פֿאַרקויפֿן?
מיר קערן זיך צו אונדזער מאַמעס טראַכט ניט אום!
און די בכורה, אָ, נאָך וועלכער דו גײַסט אויס –
צי קען מען אָננעמען זי מיט דער האַנט?
כ'פֿאַרקויף מײַן שווערד דיר דאָ פֿאַר דײַן געקעכטס!

יעקבֿ: איך שטיץ זיך אויף אַ שווערד ניט!

עשׂו: מײַן פֿײַלן־בויגן נעם!

יעקבֿ: אויך ניט דײַן פֿײַלן־בויגן דאַרף איך.

עשׂו: איז וואָס פֿאַרלאַנגסטו, זאָג?!

יעקבֿ: די בכורה!

עשׂו: ווי זאָל איך זי פֿאַרקויפֿן דיר?
גיי יאָג דעם ווינט אין פֿעלד!

יעקבֿ: איך יאָג!

עשׂו: די שטראַלן פֿון דער זון וואָס פאַלן דיר פֿון הימל –
באַהאַלט זיי, אויב דו קענסט, בײַ דיר אין האַרצן!

יעקבֿ: איך באַהאַלט זיי!

עשׂו: האָסט אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף זיך –
שטרעק אויס די האַנט און כאַפּ דעם חלום אָן,
וואָס דיר האָט זיך געחלומט.

יעקבֿ: איך כאַפּ אים!

עשׂו: וואָס טויג דיר דען דאָס אַלץ?

יעקבֿ: מיט דעם אַלעם לעב איך – :
חלום, ווינט, און שטראַלן פֿון דער זון...
פֿאַרקויף דײַן בכורה מיר!

עשׂו: ווי זאָל איך זי דיר פֿאַרקויפֿן?

**יעקבֿ** שטעל דעם הימל און די ערד פֿאַר עדות:
יעקבֿ איז דער בכור!
**עשׂו** איך שטעל.
**יעקבֿ** שווער צו!
**עשׂו** איך שווער.
**יעקבֿ** דו שווערסט – און גיסט קיין טראַכט ניט...
באַדענק צום ערשטן זיך און נאָך דעם שווער!
**עשׂו** אָט וועל איך זיך באַדענקען.
איך באַטראַכט אַזוי זיך און איך פֿרעג:
וואָס דאַרף איך זי, די בכורה?
זי איז ווי ווינט, אַ חלום!
אַ חלום נאָר,
און שטראַלן וויַיטע פֿון דער זון –
דערהויבן הויך...
זיי האָבן קיין ממשות ניט, זיי זענען ווי נישטאָ...
דעריבער וועלן זיי אין אַלע אייביקייטן זיין!
און איך?...
כ׳בין אין מיַין זיַין דאָך דאָ!
מיַין גורל אָבער – יאָ...
איך גיי דאָך שטאַרבן!
וואָס טויג די בכורה מיר?
כ׳פֿאַרקויף זי דיר!
איך האָב זי דיר פֿאַרקויפֿט!
אַהער! אַהער דעם טאָפּ,
און וואָס אין אים פֿאַראַן איז (נעמט פֿון [אים דעם] טאָפּ)
**יעקבֿ** נעם אויך דעם קאָכלעפֿל!
**עשׂו** דעם לעפֿל? וואָס טויג דער לעפֿל מיר?
ניט פֿאַר אים האָב איך געקויפֿט ס׳געקעכטס!
און כאָטש זי עסט גאַנץ קנאַפּ –
נאָר עפּעס וואָס קלעפּט צו צום לעפֿל זיך...
וואָס טויג דער לעפֿל מיר?
וואָס טויג מיר דער פֿאַרמיטלער?
דער מעקלער, דער?

זאָל גאָרניט, גאָרניט זײַן
צעווישן טאָפּ און מיר!
איך ניט דער לעפֿל!
מיר געהערט ס׳געקעכטס!
אַליין נאָר מיר פֿון טעפּלס מויל אין מיינעם! (קערט
דאָס טעפּל צום מויל, פֿרעסט פֿון טאָפּ, ווענדט זיך
אַ מאָמענט אין יעקבֿס זײַט)
האָניק! האָניק זיס!
האָסט ניט אַרײַנגעלייגט אין טאָפּ קיין פֿלייש
און ווי עס וואָלט דאָרט פֿלייש געוועזן אויך!
ניטאָ קיין בלוט דאָ און ווי עס וואָלט דאָ זײַן!
וואָס שווײַגסטו, יעקבֿ?

יעקבֿ (פֿאַרחלומט)
איך שווײַג ניט, ברודער,
איך אויך, איך אויך —
איך זיץ בײַ אַ געדעקטן טיש!

עשׂו אײַ גוט! אײַ גוט!
און איך האָב מורא אַלץ געהאַט:
אָט האָסטו באַלד חרטה אויף דעם בײַט דעם גאַנצן,
נעמסט אָפּ פֿון מיר דעם טאָפּ — (שרײַט)
ניין, ניין! איך גיב ניט אָפּ דיר!
ניט קיין זופּ, קיין לעק ניט, ניט קיין טראָפּן!

יעקבֿ צי זעסטו מיך ניט ברודער?
צי זיץ איך ניט פֿאַר אַ געדעקטן טיש?

עשׂו ווו זענען דײַנע שפּײַזן?

יעקבֿ איך שלינג אײַן ווינטן...
זיי ווייען אין מיר טיף,
ווינטן נײַע, רעדעוודיקע, פֿרישע —
איך זע אַ חלום אויך, אַ חלום אויף דער וואָר,
און די זון, די זון — זי שיקט מיר
טויזנטער, צען טויזנטער פֿון שטראַלן —
די מאכלים מײַנע!

עשׂו אַ גוטן אַפּעטיט דיר ברודערקע דו מײַן! (עסט)

או־וואַ! או־וואַ!

אַ געקעכטס האָסטו געקאָכט, שוין איין מאָל!

אַ געקעכטס אַן אויסנאַם, דו מעגסט מיט אים זיך גרויסן!

יעצט זאָג מיר: טאָמער טרײַפֿט

און איך וועל הונגעריק זײַן ווידער –

און איך וועל ווידער זיך באַוויַיזן אין דײַן צעלט –

וואָס פֿאַרקויף איך דאַמאָלט[ט] דיר?

**יעקבֿ** דו פֿאַרקויפֿסט מיר גאָרנישט.

איך וועל מײַן טאָפּ מיט לינדזן געבן דיר

גאַנץ אומזיסט.

**עשׂו** ווי הײַנט!

**יעקבֿ** ווי הײַנט?

הײַנט האָסטו מיר פֿאַרקויפֿט דײַן בכורה

**עשׂו** מײַן בכורה? יאָ... אַ ווינט!...

**יעקבֿ** אַ ווינט! אַ ווינט!

דער ווינט איז ... אייבּיק! אייביק!

האָסט גוט באַצאָלט מיר...

**עשׂו** ווויל דיר! (עסט פֿון טאָפּ)

נאָר זאָג מיר, זאָג: ווען איך בין הונגעריק ווידער –

וואָס פֿאַרקויף איך ווידער, ברודער, דיר?

**יעקבֿ** גאָר נישט!

זאָל קומען ווער עס וויל

און זאַט זיך בײַ מיר, עסן!

**עשׂו** (לאַכט)

פֿאַר וואָס זשע האָסטו דײַנע שפּײַזן

אומזיסט מיר ניט געגעבן הײַנט?

פֿאַר וואָס האָסטו די בכורה מײַנע

אָפּגעקויפֿט פֿאַר זיך?

**יעקבֿ** ווײַל באַלד אין אָנהייב האָט די בכורה דײַנע

אָנגעהערט צו מיר:

אבֿרהם, יצחק, יעקבֿ –

איין פּסוק גאַנץ!

צוליב דער גאַנצקייט – אָ!

אבֿרהם, יצחק, יעקבֿ – איך יעקבֿ, איך!

עשׂו (באַלעקט זיך, פֿאַרענדיקט דאָס עסן)

זיס! זיסער נאָך פֿון האָניק!
האָסט ניט אַרײַנגעלייגט אין טאָפּ קיין פֿלייש –
און ווי ס׳וואָלט פֿלייש געווען דאָרט!
אָ ברודער, יעקבֿ,
דו ביסט ניט נאָר דעם פֿאָטערס טרײַער תּלמיד,
ביסט רבֿקהס אַ תּלמיד אויך,
קענסט קאָכן פּונקט ווי זי,
קענסט די באַטעמטסטע מאַכן מאכלים,
אַ סוחר, אָבער, ביסטו גאָר אַ שלעכטער!
גיב אַ קוק,
זע, זע, און זאָג אַליין:
דו האָסט אַוועקגעגעבן אַ ממשותדיקע זאַך –
אַ טאָפּ מיט לינדזן מיר
און אײַנגעקויפֿט אַ ווינט (לאַכט)
כאָ־כאָ־כאָ! (גייט לאַכנדיק אַרויס)

יעקבֿ (דאָס פּנים זײַנער לאַכט, דער קאָפּ הויך, ציט זיך עטלעכע טריט אין דער ווענדונג צו דעם אַרויסגעגאַנגענעם עשׂו, קערט אום זיך צוריק מיט אַן אויסדרוק פֿון אַ העכערן עקסטאַז אויפֿן פּנים, דורכגעדרונגען פֿון איידלסטן געפֿיל, מיטן געזיכט צום צושויער)

איך האָב דערזען אַ ליכט!
מיר איז אַ ליכט יעצט אומגעקערט געוואָרן
אַ ליכט פֿון לאַנג שוין...
אַ ליכט וואָס כ׳האָב געהאַט פֿאַרשפּעטיקט
האָב איך דערזען יעצט!
איך בין דער בכור,
איך, די אַקס,
אויף מיר! אויף מיר באַוועגן זאָלסטו זיך
גאָטס וועלט!

פֿאָרהאַנג

דער טעקסט פֿון איינאַקטער ווערט דאָ געדרוקט צום ערשטן מאָל לויטן כּתב־יד. וועגן דער דאַטע, ווען געשריבן און צי פֿאָרגעשטעלט, זײַנען קיין ידיעות נישט פֿאַראַן. צוליב דער טעמע דאַרף זײַן די דאַטע, פֿון פֿאַרפֿאַסן און/אָדער פֿאָרשטעלן, אפֿשר ווינטער 1940, צי ווינטער 1941. די השערה איז אין דער רשימה פֿון כתבים אחרונים, תשכ״ט, ז׳ 364, אַז געשריבן האָט י.ק. די חנוכּה־פֿאַנטאַזיִע – חנוכּה תּש״א, כ״ה בכּסלו <דעצעמבער 25 פֿון יאָר 1940>. די צווייטע דאַטע: ווינטער 1941 איז אָבער אויך מעגלעך, ווײַל י.ק׳ס אַקטיוויטעט אויפֿן געביט פֿון טעאַטער־פֿאָרשטעלונגען איז פֿאָרגעזעצט געוואָרן, ווי עס זעט אויס, אַפֿילו אין אָנהייב יאָר 1942. די קאָנקרעטע ידיעות אָבער וועגן די פֿאָרשטעלונגען, זײַנען נישט גענוג כּדי מיר זאָלן קענען באַשטימען גענוי ווען און אויב ״צווישן ליכט און מענטשן״ איז געשריבן און פֿאָרגעשטעלט געוואָרן. מיר ווייסן אָבער אַז צו דער ייִדישער סטודיע האָט י.ק. אויך געגרינדעט אַ העברעיִשע סטודיע (זע אויבן, אין אַלגעמיינעם אַרײַנפֿיר) און דאָרט אַ סך געאַרבעט אויף זײַנער אַן אינסצעניזאַציע אויף העברעיִש פֿון י.ל. פּרצעס ״דרײַ מתּנות״, אַן ערך ביז אַפּריל 1942 (זע: עק (תּש״ך), ז׳ 202; און לויט נתן עקס אַ בריוו צו מיר פֿון 27טן אויגוסט 1978). ענלעכע קליינע איינאַקטערס לכּבֿוד חנוכּה, צוגעפּאַסט פֿאַר קינדער און יוגנט, האָט י.ק. געשריבן פֿאַר דער מלחמה אויך, זע למשל, ״נס חנוכּה״, אין העברעיִש – געדרוקט אין עולמי (ורשה), שנה ד׳, ט׳ כּסלו תּרצ״ט, 8 (56), זז׳ 114 – 120.

לויט דער רעקאָרדירטער עדותשאַפֿט פֿון חוה (פֿאָלמאַן) ראַבאַן, איינע פֿון י.ק׳ס תּלמידות, איז די דראַמאַטישע סטודיע פֿון ״דרור״ אויפֿגעטראָטן אויף די תּנ״ך־אָוונטן, סײַ מיט קינסטלערישע דעקלאַמאַציעס פֿון תּנ״ך־קאַפּיטלען און סײַ מיט פֿאָרשטעלונגען אויף היסטאָרישע און אויף תּנ״ך־טעמעס (זע דעם רעקאָרדירטן אינטערוויו מיט חוה (פֿאָלמאַן) ראַבאַן, פֿון זומער 1978; געפֿינט זיך אין אַרכיוו־אָפּטייל פֿאַר מינדלעכער דאָקומענטאַציע, פֿון בית לוחמי הגיטאות). עס זײַנען באַקאַנט אַ פּאָר צענדליק אַזוינע אויפֿטריטן אין געטאָ, וועלכע זײַנען אַדורך מיט גרויס דערפֿאָלג (זע: נײַשטאַט, ז׳ 218, הערה נומ׳ 217).

אויף די תּנ״ך־אָוונטן האָט מען נישט נאָר דעקלאַמירט און פֿאָרגעשטעלט אויף היסטאָרישע און תּנ״ך־טעמעס. יצחק קאַצענעלסאָן האָט אויך אַרײַנגעפֿירט אין די צוזאַמענטרעפֿן, שירה־בציבור און טענץ, און באַקאַנטע לידער זײַנע און פֿון אַנדערע, האָט ער ספּעציעל אינסצעניזירט פֿאַר אַזעלכע אָוונטן, ווי למשל זײַן באַקאַנט ליד ״יפים הלילות בכנען״ (תרס״ו) און זײַן טאַנצליד ״יהודים רוקדים״ (תרפ״ד) וואָס איז פֿאַר דער מלחמה געזונגען געוואָרן פֿון גאַנצן קיבוץ־הכשרה על שם באָראָכאָוו אין לאָדזש (זע: תּבע״פ – פּולמן, ז׳ 16. דאָרט ווערט דאָס צווייטע ליד אָנגערופֿן: ״שירו אחים״, דאָס איז משמעות אַ טעות – פֿאַרגלײַך: יצחק קצנלסון, שירים, תשל״ה, ז׳ 222).

דער נאָמען: תּנ״ך־אָוונט איז פֿאַרבליבן, אָבער דער צוזאַמענשטעל פֿון פּראָגראַם איז געווען אַ פֿאַרשיידן־מיניקער. עס איז דערפֿאַר זייער מעגלעך אַז די חנוכּה־פֿאַנטאַזיע ״צווישן ליכט און מענטשן״ איז אויך געווען אַ טייל אין זייער פּראָגראַם.

דער כּתב־יד געפֿינט זיך אין י.ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות, רעגיסטרירט מיטן נומ׳ KII/1005. דער טעקסט וואָס מיר דרוקן דאָ איז דעשיפֿרירט געוואָרן לויטן צעשעדיקטן און פֿאַרמעקטן כּתב־יד און מיט דער הילף פֿון אַלטע פֿאָטאָקאָפּיעס זײַנע, אין וועלכע ס׳האָבן זיך פֿאַרהיט טיילן פֿון טעקסט וואָס אין כּתב־יד זײַנען פֿאַרמעקט געוואָרן במשך פֿון די יאָרן.

# [צווישן] ליכט און מענטשן
## [אַ] חנוכּה־פֿאַנטאַזיע אין איין אַקט

[אָנטיילנע]מער:

אַ ליכט

אַ חנוכּה־ליכט

דָני
צוויי ברידער, ייִנגלעך.
אורי

דני און אורי זיצן איבער בויגנס פּאַפּיר און טראַכטן [אַרײַן] פֿאַרן שרײַבן. הינטער זיי שטייט אַ ליכט אין זייער [ , ] אַן אָנגעצונדענע.

[דני] (הייבט זיך אומגעדולדיק אויף פֿון שטול, גיט אַ וואָרף [די בלײַ] אויפֿן בויגן פּאַפּיר)

[פּעך?

[אורי] וואָס פּעך?

[דני] כ׳האָב הײַנט אַ פּעך!

און גרויס איז מײַן] פֿאַרדראָס...

[אורי] זאָג וואָס? זאָג וואָס?

דני גיי, פֿרעג מײַן רבין!

ער האָט מיר אויפֿגעגעבן

געהייסן אָנשרײַבן אַ ליד מיר

[דעם יום־טובֿ חנוכּה געווידמע]ט!

[ ]

ס׳מעג זײַן אַ גרעסערס,

ס׳מעג זײַן אַ קלייניקעס,

ס׳מעג ערגער זײַן, עס מעג זײַן [בעסער]

אַ ליד!

כ׳בין אויפֿגערעגט, כ׳בין [אַזש ]

אַ ליד! ווי קום איך צו אַ [ליד?]

אורי נאָר דו אַליין

האָסט עס באַקומען?

דני ניין, ניין,

די גאַנצע קלאַס...

מיר אַלע, אַלע
צוזאַמען מיר גענומען —
באַקומענדיק די טעמע
איז אונדז אַ שרעק באַפֿאַלן,
אַ טרעמע,
אַ פּאַניקע —
אַ ליד! מיר, מיר!
אַ ליד אויף חנוכּה,
אַ שיר!
**אורי** פּרוביר!
**דני** פּרוביר —
ס'איז לײַכט צו זאָגן [מיר]!
צי לאַכסטו גאָר, ר[ע]דס[ט] גאַליק, גאַל[יק]...
וואָס מיינסטו וואָס? איך בין ניט ביאַליק!
אַ ליד איז בייגעוו[דיק] וו'אַ שלאַנג,
וואָס טריפֿט מיט האָניק אַנשטאָט [סם]
אַ ליד האָט [דאָך] אַן איידעלן [געדאַנק,]
אַ קלינגענד[יקן] גראַם,
פֿאַרשטייסט [דו ניט]?
אַ ליד!
אַ גראַם און אַ געדאַנק —
ס'הייסט ביידע זיי,
ווי קינדער פֿרײַ און פֿראַנק,
ווי קינדער צוויי
[א]ין מאַמעס שויס...
איך אָבער, רוי, און ניט גענייט
ווען איך שרײַב אַ ליד,
טאָמער כאַפּ איך דעם געדאַנק שוין אויף
גיט דער גראַם פֿון מיר אַ דריי זיך שטיל אַרויס!
האָב איך שוין דעם גראַם... זע! דער געדאַנק אַנטלויפֿט!
ווי ס'וואָלט אים ווער אַוועקגעבלאָזן...
**אורי** מיינסט, מיר איז בעסער?
איך ווייס ניט וועמעס צרה עס איז גרעסער?

דו אַ ליד און איך דאַרף שרײַבן פּראָזע...
דער נס פֿון חנוכּה באַשרײַבן מיט אַ טעם
אַפֿילו אָן אַ גראַם –
איז אויך ניט פֿון די גרינגע זאַכן...
איך ווייס ניט ווי איך וועל עס מאַכן!
וואָס זאָל איך טאָן?
ווען איך באַשרײַב פֿון אָנהייב אָן
וועגן אונדזערע מלחמות מיט די גריכן –
וועל איך ווײַט, צו ווײַט פֿאַרקריכן,
און וועל׳ס ניט ענדיקן אין אַ מעת־לעת!
איך רעכן אָנהייבן פֿון נס,
איך דערצייל
דעם נס פֿון קריגעלע פֿון איינציקן מיט אייל,
איין קריגעלע, איין איין,
וואָס איז געבליבן [ר]יין
פֿון קריגעלעך אַ סך וואָס דער שׂונא האָט פֿאַרשוועכט,
און אויפֿגעשײַנט אין בית־המקדש גרויס,
געלויכטן אין גאָטס הויז
אַכט גאַנצע נעכט!
דני שרײַב! שרײַב!
אורי ס׳איז לײַכט צו זאָגן: שרײַב!
צו איינעם וואָס ער קאָן...
איך ווייס ניט וואָס איך האָב צו טאָן...
הער וואָס איך זאָג:
אַ נס מיט ליכט טרעפֿט ניט יעדן טאָג,
דו מעגסט עס וויסן...
כ׳ווייס נאָר פֿון דרײַ אַזעלכע נסים:
גאָטס ערשטער "יְהִי אוֹר!" אויף גאָר דער וועלט!
גאָטס רוף – און ס׳איז געוואָרן העל!
דער צווייטער: יהושע וואָס האָט אָפּגעשטעלט
די זון די ליכטיקע אויפֿן הימלס שוועל...
ער האָט באַפֿוילן: שֶׁמֶש בְּגִבְעוֹן דֹּם!
און זי איז געבליבן הענגען

אינעם הימלס רוים.
און דער נס, דער דריטער מיטן [קריגל]
אויף ציונס היגל...
איין קריגל בוימל ניט פֿאַרשוועכט!

דני  וואָס אייגנטלעך הייסט בוימל ניט פֿאַרשוועכט?
אַלע בוימלען זענען גלײַך,
יעדער בוימאייל –
צי פֿאַרשוועכט
צי ניט פֿאַרשוועכט –
ער לײַכט!

אורי  יאָ! יאָ!
ס'איז אָבער דאָ
אַ ליכט וואָס עכט איז און אַ ליכט וואָס איז ניט עכט!...
אויף ניט עכטע ליכטער טאָר מען דאָך ניט בענטשן,
ניט מײַן ליכט! ניט מײַן פֿײַער!
בוימלען זענען ווי די מענטשן –
ס'איז דאָ אַ מענטש אַ פֿרײַער און אַ מענטש אַ קנעכט!

דני  דערציילסט דאָך אַזוי שיין און פֿײַן
פֿון ליכט און שײַן –
נעם שרײַב עס אויף [וואָס       ט]

אורי  איך בין ניט אויף אַזוי פֿיל דרייסט –
עס הייסט,
איך האָב ניט אויף אַזוי [פֿיל     ה]עזה..
פֿאַר מיר איז פּראָזע
ווי פֿאַר דיר אַ ליד...

דני  איך בין שוין מיד
פֿון טראַכטן און פֿון קלערן
איך האָב'ס גענוג!

אורי  פֿון זיך אַליין [וועט] קיין ליד [ניט ווערן]...

דני  און אויך ניט קיין דערציילונג!

אורי  איז מילא!

דני  איך וועל דיר זאָגן אָפֿן:
כ'וואָלט וועלן זיך אַ שפּיל טאָן אָדער שלאָפֿן... (נעמט אַרויס פֿון טאַש אַ פֿאַרמאַכטע האַנט)

[קוק] אויף מײַן האַנט, קוק, קוק!
[און] טרעף אויב דו ביסט קלוג – :
וואָס האָב איך דאָ?
אורי איך הייב ניט אָן צו וויסן...
דני טראַכט אַ ביסל!
טראַכט!
אורי כ׳קען אָפּטראַכטן אַ שעה,
אַ גאַנצן טאָג, אַ נאַכט,
יאָ, אַ מעת־לעת –
און װעל ניט טרעפֿן...
דני איך עפֿן אויף די האַנט!
אורי ניין, ניין, ניט עפֿן,
עס איז אַ שאַנד
ניט טרעפֿן... (האַלט אים צו די האַנט)
[לאָז]... לאָז...
[זאָג] דעם ערשטן אות!
דני אַ טית[,]
אורי ([טראַכט])
אַ [טית]... אַ טית...
[איך] זע׳ס:
[אַ] טית – אַ טײַוול!
[דני] [דו] האָסט געטראָפֿן –
[ווי עס] וואָלט די האַנט געוועזן בײַ מיר אָפֿן –
[אַ] טײַוול טאַקע... כ׳האָב [אָבער] נאָך וואָס דאָ,
[עפּעס] שענערס,
קלענערס
און פֿון דעם טײַוול בעסער –
ס׳הייבט אויך זיך מיט אַ טית אָן!...
אורי אַ טית... אַ טית... אַ טײַבל!
דני דו האָסט געטראָפֿן –
ווי עס וואָלט די האַנט געוועזן [בײַ מיר אָפֿן!
אַ טײַוול און אַ טײַבל!
זע נאָר! (מאַכט אויף די האַנט)

אורי — אַ טרענדערל, אַ טרענדער!

דני — ער פֿליט ווי אַ טײַוול שנעל,
אוּן ווי אַ טײַבעלע העל־העל! (לאָזט דעם טרענדער לויפֿן איבערן טישל)

דריי זיך, דריידל,
דריי זיך, טרענדער,
איבער שטעט און
איבער לענדער!

דריי זיך, דריי זיך,
גיכער, גיכער,
ווי אַ ווינט און
ווי אַ וויכער...

דריי זיך, דריי זיך[,]
אויף איין פֿיסל,
דריי זיך גלײַך
און קרום אַ ביסל...

איבער בערגלעך,
איבער גריבער –
זעסט אַ [טײַכ]ל –
שפּרינג אַריב[ע]ר!

טרעפֿסט אַ [צוים – ברעך]
מיט דײַן [בלײַ] – אים...
זעסט אַ גזלן
פֿלי פֿאַרבײַ אים...

ר׳זעט אַ ייִד אין
יעדן דריידל –
און ער ציט די
שווערד פֿון שיידל...

קומסט קיין ציון –
פֿאַל אַנידער,
בלײַב אין ציון,
קום ניט ווידער!

ווי כ׳האָב פֿליגל
וואָלט איך פֿליִען
גלײַך מיט דיר אַ־
הין קיין ציון...

ווינען דאָרט הייסט
זײַן אין הימל –
[פֿ]אַלסט גאָר, ליגסט גאָר,
[כ]אַ[פּסט] אַ דרימל?

[איך] בין דאָך ווי
[ער געלאָפֿן – ]
[מעג איך אויך זיך]
[ל]ייגן [ש]לאָ[פֿ]ן...

(לייגט דעם קאָפּ אויפֿן ברעג טי[ש] און [של]אָפֿט אײַן)

[אורי] אײַנג[עש]לאָפֿן
ביידע, ביידע –
אי מײַן חבֿר,
אי זײַן דריידל...

[ווועל איך] אויך [דאָ]
[ ] ניט [וואַכן]
אויף אַ ווײַל אַן
אויג פֿאַרמאַכן... (ער לייגט אַוועק דעם קאָפּ אויפֿ[ן] צווייטן ברעג טיש און [שלאָפֿט אײַן]

די ליכט (פֿון ווינקל רעכטס, קומט עטל[עכ]ע טריט [צו]

דער אַוואַנסצענע)

וויי, וויי... וואָס וועל איך טאָן אַ[צינדער]
אײַנגעשלאָפֿן זענען מיר די קינדער,

און האָבן גאַנץ אָן מיר פֿאַרגעסן
ווי כ׳וואָלט ניט דאָ געווען...
זיי האָבן מיך ניט אויסגעלאָשן!
איך קאָסט אַפֿילו נאָר אַ גראָשן,
אַ גראָשן נאָר איז טאַקע ניט קיין סך,
עס פֿאַלט אַ גראָשן אָבער אויך ניט סתם אַראָפּ פֿון [דאַך]
אין די טאַשן פֿון אַ פּוסט־און־פּאַס –
עס וואַלגערן זיך גראָשנס ניט אין [גאַס]
אַך! אַך!
ווי גוט וואָלט עס געווען, ווי וויל,
ווען עס וואָלט אַ ליכט געהאַט אַ מויל!
אַך! אַך!
ווי גוט וואָלט עס געווען און שיין
ווען איך קען און לעש [מיך] אויס [אַליין]
נאָך דעם ווי קינדער [שלאָפֿן איַין]...
ווי גוט וואָלט עס געווען און פֿיַין
ווען כ׳צינד אַליין [זיך] אָן און ק[ע]ן [פֿ]אַרלעשן [זי]ך...
ס׳איז [מיר] אַ [שאָד מיַין שיַין]...
כ׳האָב ליב פֿאַר[ש]פּרייטן [ליכט]
נאָר מיר פֿאַ[רד]ריסט
ווען איך ליַיכט אומזיסט
פֿאַר מענטשן בעת זיי שלאָפֿן...
איך האָב ליב ווען אויגן זענען אָפֿן!
וו[ע]ן [אי]ך פֿאַרליַיכט די אויגן פֿון
[אַ] מענטשלעכן געזיכט –
[בי]ן איך ניט קיין ליכט!
איך בין אַ זון!
אַ זון! אַ זון!
איר לאַכט נאָר ניט דערפֿון!
ניט קוקט מיך אָן אַזוי ... כ׳בין קליין וו׳אַ טרער,
כ׳בין אָבער מער,
יאָ, מערער פֿאַר דער זון!
ליַיכטן – ליַיכט זי – אַזאַ יאָר אויף מיר!

זי לײַכט נישקשה...
כ׳בין אָבער טײַערער פֿון איר...
זי לײַכט אומזיסט, און איך – איך קאָסט אַ גראָשן!

אַ קול (פֿון דרויסן, לינקס)
עפֿן! איך קום אַ גאַסט אַהער!

די ליכט
ווער איז דאָרט, ווער!

דאָס קול
[עפֿן] אויף דײַן טיר
[און גיב] אַ קוק אויף מיר,
[קוק] אָן [מי]ך
[און דערקאָן] מיך!

[די ליכט
[קום] אַרײַן! (דערקענט נאָך אַ ליכט, טרעט אַ ביסל צוריק)
[אַ] שײַן!
[ווער ביסטו]?

חנו[כּה־ליכ]ט ([קוקט זיך אַרום])
[ ] איך –
[ ]

[די ליכט
אַ [שײַן] אַן איידעלע, אַ זיסע –
[ווער ביסטו]? [ ]

חנוכּה־ליכט
איך בין... איך בין... אי[ך ב]ין
פֿון דעם זעלבן מין
וואָס דו!
ניט ווײַך...
איך טו
וואָס דו –
איך לײַכט!
איך בין אַ חנוכּה־ליכט.

די ליכט
אַ חנוכּה־ליכט?
איך האָב געהערט, געהערט
דײַן נאָמען דאָ אויף דר׳ערד –
כ׳האָב, אָבער, ניט געזען נאָך דײַן ג[עזיכט,]
זײַ געגריסט!

חנוכּה־ליכט
און דו?
דו, דו – ווער ביסט?

די ליכט — איך?
אַך לאָז צו רו...
ניט פֿרעג זיך נאָך אויף קליינלעכע
געמיינלעכע...

חנוכּה־ליכט — דו ביסט אַזוי צעבראָכן [ – ]

די ליכט — איך בין אַ ליכט אַ פּ[ש]וטע, אַ ל[יכ]ט [ ] און
אַ געוויינלעכע...

חנוכּה־ליכט — ניט פֿאַל ביַי זיך [אַראָפּ]
הייב אויף ווי איך [דעם קאָפּ]
ווי איך זיַי היַיטער...

די ליכט — הייבסט אויף דעם קאָפּ [ ]
ביסט שיין, דו האָסט [ ]

חנוכּה־ליכט — ווי איך אַ[ז]וי אויך [דו – מיר זענען ]
ליכט – [ ]
אַלע שטערן [ ]:

די ליכט — דו [ ]

חנוכּה־ליכט — [ ]

די ליכט — [ ]
[ ]

חנוכּה־ליכט — איך האָב געלויכטן אויף אַ באַרג...

די ליכט — דיַין פֿלאַם איז קלאָר און שטאַרק,
זי ליַיכט אומעטום!

חנוכּה־ליכט — כ׳בין קלאָר – מיך האָט אַ כּהן פֿרום
אין בית־המקדש אָנגעצונדן.

די ליכט — (פֿאַלט צו, צו די פֿיס פֿון חנוכּה־ליכט, אַנטציקט)
אין בית־המקדש אָנגעצונדן.

חנוכּה־ליכט — ניט בוק צו מיר זיך, שוועסטער!
ניטאָ צעווישן ליכט ניט קלענער און ניט גרעסער...
ליכט זענען איינע מיט דער אַנדערער געבונדן,
מיר קענען ליב און פֿריַינדלעך אָן זיך קוקן –
מיר דאַרפֿן אָבער איינע צו דער צווייטער זיך ניט בוקן...

די ליכט — ביסט קלוג... ביסט זייער קלוג,
מיַין פֿריַינד!

אָ, ניט דײַן ליכט, אין פּלוג,
דאָס איז די חכמה דײַנע וואָס זי שײַנט!

**חנוכּה־ליכט** דער כּהן מיט דעם גטעלעכן געזיכט
וואָס האָט מיך אָנגעצונדן הײַנט
מיט יאָרן טויזנטער צוריק
וואָס האָט געטאָן מיך בענטשן
האָט מיר געלערנט די תּורה, די געזונטע,
די תּורה ווי אַ גליק:
ניט בוק זיך ליכט צו ליכט,
און בוקט זיך מענטשן ניט צו מענטשן!

**די ליכט** [ריכ]טיק!
[ ]ט נאָר לײַכטן, מען קען אויך ריידן ליכטיק!
[ווי] רופֿט מען אים דעם כּהן אונדזער ברודער?

**[חנוכּה־ליכט]** יהודה!

**[די ליכט]** יהודה? וועלכער? וועלכער?
[עס זענען דאָ] אַ סך מיט נעמען, מיט אַזעלכע,
[איך קען] אַ סך יהודהס, איך קען אַ סך זיי –

**[חנוכּה־ליכט]** [יהודה]! יאָ, המכּבי!

**[די ליכט]** ווי? המכּבי? וואָס זאָל עס הייסן?

**[חנוכּה־ליכט]** [דו ווייסט ניט דאָס] וואָס אַלע, אַלע
ווײ[ס]ן –
[ ]
[ ]
[ ]
[ ]

[ ] ...איך] האָב געהערט, געהערט,
ער איז געווען, יאָ, איינער אין דער וועלט,
אַ העלד!

**חנוכּה־ליכט** יאָ ער!

**די ליכט** ער איז געווען אַ קריגער!

**חנוכּה־ליכט** ער! ער!

**די ליכט** ער איז געווען אַ זיגער!
אויף דער ערד!...

חנוכה־ליכט יאָ, ער!
די ליכט ער איז אַרויס אַנטקעגן גריכן מיט אַ [שווערד]
חנוכה־ליכט ער! ער!
די ליכט (כאַפּט זיך)
וואַרט נאָר, וואַרט אַ ווײַלע –
דער דאָזיקער יהודה – ער האָט אַזוי פֿיל [מעלות]...
פֿאַר וואָס האָסטו דערמאָנט דעם כהן בלויז?
חנוכה־ליכט ער איז אַ העלד געוועזן גרויס,
פֿאַר גוטע – גוט, פֿאַר שלעכט – אַ בייזער,
אַ קריגער און אַ זיגער אַ דערלייזער,
דער כהן אָבער איז אין אים פֿון אַלע גרעסער,
פֿון אַלע בעסער,
ווען ניט דער כהן – וואָלט איך ניט געשײַנט [ ]
די ליכט וואָס קומט אַרויס – דו שײַנסט מײַן פֿרײַנ[ד]
אויף דנין און אורין
און זיי, זיי שלאָפֿן גאָר!
אָט וועק איך זיי, זיי עפֿ׳נען זייר׳ע אויגן [קלאָר]
חנוכה־ליכט ניט וועק זיי אויף
זיי וועלן נאָך באַווײַזן אין פֿאַ[רלויף]
פֿון טעג, וואָס איך [וועל] בײַ זיי זײַן [ , ]
מיך אָנקוקן [, זיך] פֿריי[ען] מיט מײַ[ן שײַ]ן...
וועק זיי ניט, ניט וועק –
איך בין אַ[ה]ער [גע]קומ[ען] אויף אַ[כט,]
אַכט גאַנצ[ע] טעג!
די ליכט איך וו[על זיי אויפֿוועקן איך וועל]
אַרויס [ ]
אַכט טעג [ ]
אַכט [ ]
איך [וועק זיי אויף ]
חנוכה־ליכט ניט וו[עק זיי,] ניי[ן!]
זיי כאַפּן אויף זיך באַלד אַליין...
די ליכט און ביז זיי כאַפּן אויף זיך פֿון זייער חלום זיס
פֿאַרטאַכלעווען אומזיסט מיר אונדזער שײַן?

חנוכה־ליכט אָ, גאָט! (צו דער ליכט)
עס זאָל דיר נאָר קיין שאָד
ניט זײַן
אויף אונדזער שײַן!
עס זענען דאָ אַזעלכע
וועלכע
כראָפּ׳ן
אין מיטן העלן טאָג –
צי ווײס די זון, דעריבער, זאָג
זיך אַראָפּקײַקלען אין מיטן טאָג פֿון הימל?
די ליכט איך בין געוווינט פֿון אייביק אָן
אַז מענטשן זאָלן פֿאַר מײַן ליכט וואָס טאָן...
חנוכה־ליכט זיי וועלן טאָן... זיי האָבן צײַט גענוג
אויף צו ווערן קלוג,
אויף צו האַלטן זיי׳רע אויגן אָפֿן –
זאָלן זיי געזונטערהייט נאָך שלאָפֿן!
און ביז זיי רײַסן אויף די אויגן –
וועלן מיר וואָס אויפֿטאָן דאָ,
אַיאָ?
מיר קענען אויף צו עפּעס וואָס נאָך טויגן!
די ליכט צו וואָס?
חנוכה־ליכט צו דעם! צו דאָס!
אַ נפֿקא־מינה וואָס...
מיר קענען טאָן וואָס גוטס,
ה[ע]לפֿן וועמען, ברענגען נוץ,
מענטשן וואָס ווייסן ניט ווו אויס – ווו אײַן –
[וועלן] מיר אַ וואָרף טאָן [העל] אַ שײַן;
[פֿאַר]בלאָנדזשעטע וואָס פֿרעגן;
ווו?
[וואָס זוכן] רו [– ]
עלנטע, פֿאַרזונקען באַנג
און טיף, טיף אין אַ טרויערן
ת־ארצוו־יפֿלט[ע] וואָס פֿרעגן[: ] וועו? ווי לאַנג?

ווי לאַנג וועט עס געדויערן?
ווײַל יונג פֿאַרשמאַכטן מיר מיט ווײַב און קינד
אין מויערן
אַרומגעצוימטע בלינד –
מיר פֿירן זיי אַרויס אויף ברייטע [ש]ליאַכן,
אויף ברייטע, ברייטע וועגן...
מיר קענען אומגליקלעכע – גליקלעך מאַכן[,]
באַרויִקן צעטראָגענע,
טרייסטן און דערפֿרייען טיף דער[ש]לאָג[ע]נע [ ]
אי פֿרייד, אי טרייסט –
וואָס הייסט?
מיר זענען
ליכטער!
מיר קענען
ניכטערע פֿאַרשיכּורן און שיכּורע מאַכן [ניכטער,]
און געבן פֿרייד און ברענגען טרייסט,
וואָס הייסט?
מיר קענען אַלץ באַווײַזן!
מיר זענען שטאַרקער נאָך פֿון אײַזן,
מיר זענען ליכטער!

די ליכט
וואָס אומשטיינס געזאָגט
פֿאַרמאָגט
און קאָן
אַ ליכט פֿאַר עמעצן וואָס טאָן?

חנוכּה־ליכט
א סך!
ניטאָ קיין זאַך
וואָס פֿאַר אַ ליכט זאָל זײַן צו שווער...

די ליכט
קענסט אָפּווישן אַ טרער?

חנוכּה־ליכט
צו וואָס איר אָפּווישן, אָ זאָל זי זײַן[!]
איך וואַרף אין טרער אַרײַן
בשעת איך וויל
מײַן שײַן –
און ס׳איז

אַ הערלעכע אַ שפּיל!
אַ שפּיל אי ביטער און אי זיס,
געלעכטער און געוויין –
וואָס קען דען מער זײַן שיין?
וואָס קען דען מער זײַן גוט?
די ליכט קענסט אָפּווישן אַ טראָפּן בלוט?
חנוכּה־ליכט צו וואָס אים אָפּווי[שן]? צו וואָס?
לאָז דעם טראָפּן בלוט... [לאָז,] לאָז,
לאָז אי[ם] קאָכן
אין אַ לײַב [צעבראָכן]
און אין אַ זעל צעריסן...
מען טאָר ניט אָפּווישן אַ טראָפּן בלוט
ווי מען טאָר אים ניט פֿאַרגיסן!...
דו קענסט דאָס איינע נאָר:
דו קענסט אַ טראָפּן בלוט מיט ליכט באַגיסן
ק[לאָר]...
אַ טראָפּן ליכט צו בלוט אַ טראָפּן צוגעקלעפּט
איז ווי זיי וואָלטןביידע אויפֿגעלעבט!...
איינער האָט דעם אַנדערן דערגאַנצט,
ביידע זיי, האָבן אַנטקעגן זיך געטאַנצט,
ליכט באַלײַכט און היילט,
ליכט דערציילט
ווי אויף אַ קול,
פֿריילעכע גאָר זאַכן פֿון אַמאָל...
ליכט דעקט אויף די שמאַרצן
פֿון אַ טראָפּן בלוט אין האַרצן,
ליכט זאָגט אויס
אַן אמת גרויס
וועגן בלוט אַ טראָפּן – געלעגן
אויף די וועגן
וואָס הערט ניט אויף צו קאָכן און צו יוירן,
עס דאַרף אַ טראָפּן בלוט ניט גיין פֿאַרלוירן!
ליכט שמײַסט,

ליכט שמײַסט ווי מיט אַ רוט
דעם שלעכטן גײַסט
וואָס האָט פֿאַרגאָסן בלוט...
[ס׳בר]ענט
[ווי] פֿײַערגלוט,
מאַכט לעכער
אין [די] הענט
פֿון אַ פֿאַרברעכער
וואָס האָט פֿאַרגאָסן בלוט;
ליכט רײַסט
און בײַסט
[ליכט טרעפֿט ווי] שאַרף אַ קויל געשאָסן
[דעם שלעכטן] גײַסט
[וואָס האָט אַ טר]אָפּן בלוט פֿאַרגאָסן...
[ ]
[ ]
[ ]
[ ]...
בלוט אַ טראָפּן –
[ ] וויש ניט אָפּ אים!
[ ]רייד ניט הויך, ניט אַזוי אָפֿן, [די ליכט
די קינדער [ד]אָ – גוט וואָס זיי שלאָפֿן...
וואָ[ס דאַרפֿן] קינדער וויסן
פֿון בלוט [פֿאַרג]יסונג?
פֿון אַל דאָס שלעכטס?
[ביסט ניט גערעכט]. חנוכה־ליכט
קינדער [דאַרפֿן וויסן] פֿונעם [שלעכ]טן אויף דער ערד
[ ]
[קינדער פּונקט ווי גרויסע] האָבן שׂכל,
[האָבן אין די אויגן] קלאָר אַ שמייכל
[קינדער האָבן פּונ]קט ווי גרויסע, מוט,
קינדער פֿאַלן זיך אין פֿרײַנדשאַפֿט אויפֿן האַלדז –
קינדער מעגן וויסן אַלץ! (באַט[ראַכ]ט [די ש]לאָפֿנדיקע [קינדער])

| | |
|---|---|
| | ווער זענען זיי? |
| די ליכט | ברידער צוויי... |
| חנוכּה־ליכט | ניין, דרײַ! |
| | זע, זע, דאָס דריידעלע פֿון [בלײַ] |
| | זיי האָבן אַלע דאָ אין דרײַען |
| | אַרומגעבריַיעט, |
| | אַרומגעפֿלאַמערט – |
| | און האָבן זיך פֿאַרמאַטערט, |
| | צוגעשפּאַרט זיך אויף אַ ווײַלע נאָר... |
| די ליכט | געמאַטערט האָבן זיי זיך אויף די בויגענער [.] |
| | דני האָט באַדאַרפֿט שרײַבן דאָ אַ שיר, |
| | און אורי פּראָזע גאָר! |
| | זיי האָבנ׳ס ניט געקאָנט...וויי, וויי! |
| | זיי האָבנ׳ס טיף אין האַרץ, אין זייערן געהאַט |
| | און ניט באַוויזן אויפֿשרײַבן עס אויפֿן בלאַט... |
| חנוכּה־ליכט | קום, העלפֿן זיי! |
| | אָט וועלן מיר פֿאַרקאַשערן די הענט, די ווײַסע – |
| | וואָס ניט? |
| | און כ׳שרײַב אים אויף אַ ליד, |
| | און דו, דו שרײַב אים אויף אַ מעשׂה – |
| | און זאָלן זיי ויסן וואָס און ווער מיר זענען |
| | און וואָס ליכטער ק[ענע]ן! |
|ביידע ליכט | (גענענען צו צו דנין און [אורין], די חנוכּה־ליכט שרײַבט רעכטער האַנט, [די ליכט] – מיט אוריס איבער די פּאַפּיר בויגנ[ס].) |
| דני און אורי | (הייבן זיך אָן אויפֿצוכאַפּן) |
| ביידע ליכט | (טרעטן אָפּ[ ]) |
| דני / אורי | (טשוכען זיך ל[אַנ]ג פֿון זייער [ש]לאָף [ ] אָן און [זעען זיך ניט] לכתּחילה) |
| דני | (קומט צום באַוו[סטזײַן]) |
| | וואָס [ איך בין געשלאָפֿן]!... |
| | און [ ]? |
| | ניין, [ ] |

]                    ]...
און [                          ]
האָ]ב                          ]
]                              ]
]                    ]...
[צו וואָס האָב] איך געדאַרפֿט זיך איַילן?
[עס האָבן] אויפֿגעוואַכט אין שלאָף מיר אַלע מיַינע גלידער,
[מיַין         ] און מיַין האַרץ –
[איך האָב  ד]ערפֿילט אין שלאָף אַ גרויסן תּענוג,
[און אַ גרעס]ערער אַ שמאַרץ
[האָט מיך] אין שלאָף געפּיַיניקט –
[אין שלאָף] האָב איך געשריבן לידער!
[אין שלאָף] בין איך דאָך זעעווּדיק געווען!
**אין שלאָף האָב איך געזען.**
[של]אָפֿנדיק האָב איך דאָך אַלץ געקענט,
האָב איך געהאַט טאַלענט,
גאָטס פֿיַיער האָט אין מיר געברענט...
און אָט –
האָב איך זיך אויפֿגעכאַפּט, אָ גאָט
און איך בין בלינד!
אַלץ וואָס געוועזן איז – פֿאַרשווּנדט!
גאָטס פֿיַיער האָט פֿאַרלאָשן זיך אין מיר געשווינד,
און קיין שורה פֿון אַ ליד איז ניט געבליבן,
קיין אות פֿון דעם וואָס איך האָב אָנגעשריבן –
אַלץ איז אַוועק ווי שוים –
[עס] איז געווען אַ טרוים!
אורי אַ טרוים! אַ טרוים! איך אויך...
פֿאַר מיר איז אויך געווען דער שלאָף אַ היילונג –
איך האָב אין חלום אויפֿגעשריבן אַ דערציילונג,
און יעצט איז אַלץ פֿאַרשווּנדן ווי אַ רויך...
[דני] דו אויך?! דו אויך?!
[אורי] יאָ, איך –
[דני] וואַרט, וואַרט[,]  איך וועל פֿאַרמאַכן אויף אַ וויַיל

די אויגן,
און דערמאָנענען זיך אַלץ וואָס איך האָב אין שלאָף
אויפֿגעשריבן אויף אַ] בויגן –
[אויב ניט אַלץ, איז] כאָטש אַ פֿערז, אַ צײַל...

[אורי] [איך אויך פֿאַרמאַך],

ביידע (פֿאַרמאַכן די אויגן, לייגנדיק אויף אַ ווײַלע די קעפּ אויף די אָרעמס, הייבן מיט אַ מאָל אויף די קעפּ, כאַפּן די פֿעדער־האַלטערס צו די בויגנס פּאַפּיר)

דני (פֿאַרוווּנדערט)
האַ!

אורי האַ! האַ!

דני איז'ס אַ גליק צי איז אַ שפּאַס אַזאַ?

אורי אַ גליק און אויך אַ שפּאַס.

דני בײַ מיר איז נאָך דער בויגן נאַס!

אורי אויך מײַנער... פֿריש פֿאַרשריבן!
מיט אותעלעך ווי פּערעלעך געקליבן
דאָס גאַנצע בלאַט!

דני זע נאָר, זע נאָר:
מײַנער, דער כּתבֿ־יד!
זע, זע נאָר:
די אותעלעך ניט קלענער
און ניט גרעסער –
זע, זע, אַ שיר!

אורי זע, אויך בײַ מיר,
אויך דער כּתבֿ־יד איז מײַנער,
ניט ערגער און ניט בעסער,
ניט מיאוסער, ניט פֿײַנער –
איך גלויב עס קוים!

דני פֿון וואַנען און פֿון ווו
האָט זיך מײַן ליד גענומען?
איך קוק אַרום, אַרום זיך –
עס איז דאָך נאָר געווען אַ טרוים!

אורי דו!
דו מײַן ליבער,

דו האָסט עס דורכגעלעבט און אויפֿגעשריבן,

דני — יאָ, איך!

איך האָב עס אויפֿשרײַבן געקאָנט[,]

איך האָב זיך יעצט דערמאָנט[.]

נעם, נעם מײַן בויגן גיך —

מײַן ליד וואָס קליין איז [ניט]

מײַן ליד וואָס גרויס — ([גיט אים] דעם בויגן)

הער, הער מיך אויס:

אורי — (נעמט דעם בויגן [פּאַפּי]ר, [קוקט אין אים] אַרײַן)

דני — ([זאָגט פֿון] אויסווייניק, פֿײַערלעך)

[חנוכּה]! אָ הערלעך, גרויס געזאַנג!

[אַ פֿרײַ]הייטסליד,

[געזונגעע]ן פֿון אַ ייִד

[שוין] לאַ[נ]ג, שוין יאָרן לאַנג!

חנוכּה... דאָס ליד איז אַלט,

און אייביק נײַ!

הערט, הערט ווי פֿרײַ

דער עכאָ זײַנער שאַלט...

חנוכּה — הערט, הערט: דער גריך

איז אויך דאָ... הערט:

זײַנע איז די שווערד,

און אונדזערע דאָס ליכט!

אורי — (אַנטציקט)

דו! דו!

דײַן שיר!

דאָס וואָס אין האַרץ בײַ דיר —

איז אויפֿגעשריבן דאָ אויף דעם פּאַפּיר!

דני — יעצט ווײַז דײַן בויגן מיר — (ער נעמט פֿון אורין דעם בויגן)

עס איז געוויס אין דײַן זכּרון דאָ געבליבן

פֿון דעם וואָס דו האָסט דאָ געשריבן...

אורי — [   ] יאָ!

דני — זאָג, זאָג פֿון אויסווייניק און איך וועל קוקן דאָ...

זאָג אַ פּאָר שורות נאָר, אַ קליינעם טייל —

דערצייל!

אורי (דערציילט)

די צײַטן וואָס די גריכן האָבן באַהערשט די וועלט מיט זייער קונסט זענען ניט פֿאַרגאַנגען, זיי זענען אייביק! זייער קונסט באַהערשט אונדז עד היום. די געשיכטע וואָס איך דערצייל דאָ האָט פּאַסירט אין די [צײַטן] ווען די גריכן האָבן באַהערשט פֿרעמדע [לענדע]ר און [פֿעל]קער ניט מיט זייער קונסט נאָר מיט זייער שווערד, [איז אופֿגעשטאַנען אין] לאַנד יהודה אַ העלד, אַ טרײַער זון [פֿון זײַן] פֿאָלק, יהודה המכּבי, ער האָט די גריכן ניט [פֿאַרטריבן] פֿון זייער אייגן לאַנד, עס וואָלט קיין גבֿו[רה ניט געווען,] ער האָט זיי אַרויסגעטריבן פֿון ייִדי[ש]ן לאַנד, וועלכן זיי האָבן פֿאַרג[ ] [ ע]רגסטן זין, וו[ײַל] זיי האָבן געוואָלט פֿאַרקנעכטן [... מכּבים] שווערד אי[ז] געווען אַזוי שאַרף ווי די גרי[כישע, ער האָט זיך] אופֿגעהויבן אין נאָמען פֿון [גערעכטיקייט ] פֿרײַהייט –

דני גענוג! גענוג!

ס'איז דײַן!

דײַן די קרוג,

און דײַן, ס'איז דײַן דער ווײַן!

כ'האָב אויסגעהערט די ערשטע שורות נאָר

און ס'איז פֿאַר מיר שוין קלאָר –

ס'איז דײַן! דײַן שרײַבן ברודער,

דײַן געפֿיל,

דײַן סטיל!

אורי דאָס הייסט אַ חלום! אַ חלום און אַ גוטער!

דני ניין, ס'איז קיין חלום ניט, ס'איז וואָר!

איך וואָלט שווערן!

אורי (געהיימ'נישפֿול)

וואָר, יאָ וואָר –

נאָר – (געהיימ'נישפֿול)

ס'האָט דאָ געהאָלפֿן ווער אונדז!

דני ווער! (קוקט זיך אַרום)

חנוכּה-ליכט מירביידע, איך און ער.. (ווײַזט אויף דער ליכט)

דני (קוקט זיך אַרום)

ווער?

אורי (ווײַזט אויף די צוויי ליכט, וואָס אין הינט[ערגרונט])

זע, זע, ווי העל,
ווי ליכטיק ס׳אי דאָרט!
ווי ס׳וואָלט אַ זון אַראָפּגענידערט
אויף אונדזער שוו[ע]ל[,]
ווי ס׳וואָלט [דאָרט טאָגן!]

**דני** דו זעסט אַ שײַן?
און איך, איך [האָב] געהערט אַ קול –
עס מו[ז] אַ נישט [געזעענער דאָ זײַן!]
איך וויל אים הערן, הערן נאָך אַ [מאָל.]
ווער?
ווער האָט געוואַגט [זאָגן,]
[ ] געהאַט די העזה
[זאָגן אַז] ער האָט געהאָלפֿן מיר, זאָג גיך!

**חנוכּה־ליכט** איך!
איך! אַ ליכט,
האָב געהאָלפֿן שרײַבן דיר ס׳געדיכט,
און ער, ער האָט געהאָלפֿן שרײַבן אים די פּראָזע...

**[אורי]** איר?

**[ביידע ליכט]** מיר!

**אורי** ליכטער!
איר, איר... איך וואָלט געשוואָרן –
איר!
מיר זענען אײַנגעשלאָפֿן אָרעם
און אויפֿגעכאַפּט זיך רײַך...

**די ליכט** מיר העלפֿן ניט נאָר אײַך,
מיר העלפֿן אַלע דיכטער!

**דני** ווי האָט איר עס געקענט?
ווי האָט איר עס געמאַכט?

**חנוכּה־ליכט** מיר האָבן אָפּגעשריבן מיט אײַ׳ער הענט
וואָס איר האָט
טיף אין האַרץ געחלומט און געטראַכט...
מיר ביידע –
מיר הערן דאָך חלומות און געדאַנקען –

ווי זיי וואָלטןריידן.

[דני] איר זענט ווי גאָט, ווי גאָט!

אָ, זײַט געבענטשט!

[די ליכט] ניין, ניט ווי גאָט, מיר זענען ווי דער מענטש,

מענטשן גייען אויס און מיר, מיר צאַנקען...

חנוכּה־ליכט מיר זענען ווי דער מענטש – מיר לעשן אויס זיך

און צינדן ווידער גרויס זיך!

[דני] רעדסט וווּנדערלעך אַזוי,

[לײַכטסט ווי דער] טאָג!

[דײַן ליכט פֿאַלט פֿריש ווי טוי] –

[ווער ביסטו, זאָג?]

ווער? ווער?

חנוכּה־ליכט אַ חנוכּה־ליכט,

ניט מער.

דני מען דאַרף ניט מער.

אַ ליכט זײַן־איז אַ [ ]

אַ חנוכּה־ליכט איז [ ]

זײַ געגריסט! (צו[דער ליכט])

און דו זאָג, ווער דו ביסט [ ]

ווער? ווער?

שײַנסט ווי דײַן פֿרײַנד, ווי [ ]

אַזוי אויך קלאָר...

די ליכט איך בין אַ ליכט פֿון אַ גאַנץ יאָר

כ'האָב דיר די פּראָזע אָנ[געשריבן נאָר – ]

אורי אָ, ליכט מײַן טײַערע, אָ [ליכט פֿאַרערטע]

ס'איז ניט קיין פּראָזע [ ]

חנוכּה־ליכט } אײַערע [ ]

די ליכט } אײַער דער [ ]

דני }

(דערלאַ[נגען [ ]

אורי }

אַ [דאַנק!]

## קינדער אין גאַס

אַ ליד אויף ייִדיש וועגן קליינע קינדער, וועמענס שטענדיקער אָרט איז די גאַס; געשריבן, ווי עס זעט אויס – ווינטער תש״א – אָנהייב יאָר 1941. דער טעקסט איז פֿאַרלוירן געגאַנגען. מיר ווייסן וועגן ליד נאָר דאָס – אַז עס איז אַ באַלאַדע וועגן הונגער, ווו ס׳ווערט דערציילט וועגן ברידערלעך און שוועסטערלעך – קינדער וואָס זיצן בײַם ראַנד פֿון טראָטואַר און בעטלען נדבֿות.

דער נאָמען פֿון ליד, די דאַטע ווען מער־ווייניקער געשריבן – ווינטער תש״א – און דער אינהאַלט, ווערן דערמאָנט נאָר בײַ יצחק צוקערמאַנען (זע: צוקרמן – מבפנים, י״ג, ז׳ 32). אין דער רשימה פֿון כתבים אחרונים, תשכ״ט, ווערט אָנגעגעבן די השערה דײַטלעכער: ״שבט תש״א״ <יאַנואַר/פֿעברואַר 1941>.

אין בלומענטאַלס רשימה, ווערט פֿאַרשריבן אַ ביסל אַנדערש דער נאָמען פֿון ליד: ״קינדער פֿון גאַס״ (דאָרט, ז׳ 188). לויטן קורצן אינהאַלט וואָס יצחק צוקערמאַן דערמאָנט איז אָנגעמלעכער דער נאָמען ״קינדער אין גאַס״, ווײַל ס׳האַנדלט זיך נישט וועגן גאַסנקינדער, נאָר וועגן דעם גורל פֿון קליינע קינדער אין פֿאַרבינדונג מיט וועלכע די גאַס ווערט דער הקשר פֿאַר דער גאַנצער באַשרײַבונג. וועגן אַ גאַסנקינד בײַ יצחק קאַצענעלסאָנען, זע ווײַטער, נומ׳ 27; און וועגן דער גאַס, נישט ווי דער ״ווינאַרט״ פֿון געטאָ־מענטש, נאָר ווי דער אָרט ווו דערוואַקסענע און קינדער גייען אויס פֿון הונגער מאַסנווײַז, ווי אַן אָרט ווו מענטשן קלײַבן בעסער אויס צו שטאַרבן איידער אין זייער אייגן אויסגעליידיקט הויז, זע ווײַטער בײַ יצחק קאַצענעלסאָנען דאָס ליד: ״קום אין גאַס״ פֿון ציקל ״לידער פֿון הונגער״, נומ׳ 23.

יצחק קאַצענעלסאָנס שאַפֿן אין וואַרשע בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, פּונקט ווי פֿאַר דער מלחמה, איז ענג פֿאַרבונדן מיט קינדער, סײַ ווי העלדן פֿון זײַנע ליטעראַרישע שאַפֿונגען און סײַ ווי לעבעדיקע צילן פֿאַר זײַן דערציִערישער אַרבעט, ווי אויך מיט אַ קאָמבינאַציע פֿון ביידע ריכטונגען – ווען קינדער ווערן בײַ אים אי די העלדן און אי די אַקטיאָרן פֿון זײַנע יוגנט־ און קינדער־פֿאָרשטעלונגען (זע אויבן, אין אַלגעמיינעם אַרײַנפֿיר זײַטן 71 – 73).

דאָס ליד ״קינדער אין גאַס״, ווי ס׳איז צו פֿאַרשטיין פֿון נאָמען און פֿון דער קורצער באַשרײַבונג וועגן דעם אינהאַלט, איז נישט געווען פֿאַרבונדן מיט אַ פּאָר באַשטימטע קינדער און זייערע געטאָ־לײַדן, נאָר מיטן גורל פֿון געטאָ־קינדער בכלל, וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט אויף די גאַסן און אויסגעגאַנגען פֿון הונגער.

# אַרײַנפֿיר 14

דאָס ליד איז געווען געדרוקט אין דער אונטערערדישער פּרעסע פֿון וואַרשעווער געטאָ, אין: דרור, טבת־שבט תש״א <יאַנואַר־פֿעברואַר 1941>, נומ׳ 5 (9), זז׳ 3 – 4. דאָס איז אויך די פֿאַרשריבענע דאַטע אין בלומענטאַלס רשימה, נומ׳ 17 און אין דער רשימה פֿון כתבים אחרונים, תשכ״ט, נומ׳ 16, לויטן געדרוקטן מקור. נאָך דער מלחמה איז דאָס ליד געדרוקט געוואָרן צוויי מאָל אין: די גאָלדענע קייט, 1950, נומ׳ 6, זז׳ 187 – 189; 1957, נומ׳ 27, זז׳ 240 – 242. **אַנדערש** איז ביידע מאָל דאָרט **אַזוי** פֿאַרשריבן געוואָרן די דאַטע: ״דרור, תשרי תש״א, נומ׳ 4״. דאָס ליד איז אונטערגעשריבן: א. ל. <אַ ליצמאַנשטאַטער>. דאָס איז איינער פֿון יצחק קאַצענעלסאָנס געהיימע פּסעוודאָנימען (זע אויבן,ז׳ 125). דער כּתבֿ־יד איז פֿאַרלוירן.

אין דעם ליד ווערט פֿאָרמולירט, צום ערשטן מאָל אין יצחק קאַצענעלסאָנס שאַפֿן אונטערן נאַצי־רעזשים, זײַן היסטאָריאָזאָפֿישער קוק אויפֿן מיין און זין פֿון ייִדישן אומקום – נאָך איידער ס׳איז געווען גענוי געווען באַקאַנט מיט וואָס היטלערס אָנגריף אויפֿן ייִדישן פֿאָלק וועט זיך ענדיקן. ביז ענדע יאָר 1940 איז די מלחמה נאָך אַלץ געבליבן אין די ראַמען פֿון אייראָפּע און די האָפֿענונגען אויף אַ וועלט־מלחמה, וואָס זאָל ברענגען אַ סוף צו היטלערס רעזשים, זײַנען צערונען (זע למשל בײַ קפּלן, ז׳ 258; אויף זײַט 259 שרײַבט ער, דעם 14טן יוני 1940: ״אין לקוות למלחמה כל־עולמית״). אָנהייב 1941 איז שוין אָבער געוואָרן קלאָר אַז סע האַלט בײַ אַ וועלט־מלחמה, און אַז עס האַנדלט זיך שוין נישט בלויז וועגן אַן אינערלעכן אייראָפּעיִשן סכסוך. אַז די מלחמה איז פֿאַקטיש טאַקע אַ וועלט־מלחמה, ווערט באַשטעטיקט למשל, אין דער אונטערערדישער פּרעסע פֿון בונד, ערשט ענדע יאָר 1941 – נאָך דעם יאַפּאַנישן אָנגריף אויף אַמעריקע (זע: ביולעטין, 20טער דעצעמבער 1941, ז׳ 1 – אין: קרמיש (1980)).

יצחק קאַצענעלסאָנס ליד באַלײַכט אָט דעם מעגלעכן צוקונפֿטיקן וועלט־שטרײַט און באַשטראַלט אים מיט זײַן חלום־וויזיע און אגדהשן אַשמדאַי־מאָטיוו, וועלכן ער אַליין זעט בחוש ווי ער ווערט פֿאַרקערפּערט פֿאַר זײַנע אויגן.

אין ליכט פֿון דער מעגלעכער נײַער פּערספּעקטיוו – אין די ראַמען פֿון אַן אָנקומענדיקער טאָטאַלער וועלט־מלחמה, ווערט אויך אַנדערש פֿאַרשטאַנען דער ייִדישער גורל, וואָס ווערט צעטרייסלט איבערן גערעַנגל נישט נאָר צווישן לענדער, נאָר בעיקר – צווישן וועלטבאַנעמען. אין דעם ליד געפֿינען מיר צום ערשטן מאָל, סײַ דעם קערן פֿון אַן עיקר־מאָטיוו אין שפּעטערדיקן פּנקס ויטל (היטלער – בלויז ווי אַ שליח פֿון דער קריסטלעכער מערבֿדיקער ציוויליזאַציע – זע: כתבים אחרונים, תשכ״ט, ז׳ 157 – 158, 168 – 169, 170), און סײַ דעם קערן פֿון אַפּאָקאַליפּטישן באַנעם וועגן היטלערס ראָלע בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה כּלפּי דעם ייִדישן פֿאָלק, אין זײַן גאָר לעצט ווערק ״במצבאה הראשית״ וווּ היטלער ווערט אידענטיפֿיצירט ווי אַרמילוס, די אגדהשע געשטאַלט וואָס איז פֿאַרבונדן מיטן אחרית־הימים, מיט משיחן און מיט דער אָנקומענדיקער גאולה (זע: כתבים אחרונים, תשכ״ט, ז׳ 291).

אין אָריגינאַלן מאַנוסקריפּט איז דער נאָמען היטלער נישט דערמאָנט געוואָרן בײַם סוף פֿון דער צווייטער שורה פֿון ליד, נישט געקוקט אויף דעם וואָס דאָרט האָט דאָס וואָרט אויסגעפֿעלט, סײַ ווי אַ גראַם צום סוף פֿון דער פֿערטער שורה און סײַ ווי אַ באַשטייטייל פֿון אינהאַלט. אויך אין ״דרור״ איז דאָס ליד געווען געדרוקט אָן דעם וואָרט: היטלער. נאָך דער מלחמה אָבער איז דאָס וואָרט צוגעגעבן געוואָרן אין די פֿאַרשיידענע אָפּדרוקן פֿון ליד (פֿאַרגלײַך: אין די גאָלדענע קייט, ביידע מאָל – זע אויבן די פֿולע פּרטים,

און אין דער העברעיִשער איבערזעצונג פֿון ליד, אין כתבים אחרונים, תשכ״ט, ז׳ 20). יצחק קאַצענעלסאָנס אָפּגעהיטקייט איז געווען פֿאַרבונדן מיט אַ סכּנה־געפֿיל ביַים שריַיבן און מיטן פֿאַקט וואָס דער כּתבֿ־יד אַליין האָט זיך געפֿונען ביַי אים אין שטוב, און ער האָט זיך געהיט פֿאַר פּלוצימדיקע רעוויזיעס וואָס זיַינען נישט געווען זעלטן אין געטאָ. ווי יצחק צוקערמאַן גיט איבער, האָט יצחק קאַצענעלסאָן יאָ געוואָלט אַז ביַים דרוקן דאָס ליד אין דער אונטערערדישער פּרעסע זאָל דער בלויז פֿאַרפֿולט ווערן. נאָר איבער אַן אומדערוואַרטן פֿאַרזען איז דאָס וואָרט היטלער נישט געדרוקט געוואָרן. נאָכן אָפּדרוקן האָט דער אויסלאָז קאַצענעלסאָנען שטאַרק פֿאַדראָסן (זע: צוקרמן – מבפנים, י״ג, ז׳ 33).

אין י.ק.־אַרכיוו, אין בית לוחמי הגיטאות, האָט זיך פֿאַרהיט אַן אָפּדרוק פֿונעם ליד, ווו דאָס וואָרט ״היטלער״ איז צוגעגעבן געוואָרט בכּתבֿ־יד. דער אָפּדרוק איז רעגיסטרירט מיטן נומ׳ KII/1178.

## ווען דער טיַיוול איז גערעכט...

מיר האָט געחלומט זיך דער ערגסטער פֿון דער וועלט,
עס האָט זיך מיר געחלומט [היטלער]
״איך דאַרף דיַין לעבן ניט, דיַין בלוט ניט, ניט דיַין געלט,
ביסט נאָר אַ מיטל מיר, דער אויסגעפּרוּווטער פֿון אַלע מיַינע מיטלען.

״כ׳הייב אויף דיר – שטויב אַ וואָלקן, מיט מיַינע גראָבע טריט –
און אַלץ פֿאַרמאַכט די אויגן און דעם מויל צופֿרידן,
יאָ דו, דו ביסט דער שטויב מיט וועלכן איך פֿאַרשיט
די אויגן פֿון דער וועלט״: ער מיינט נאָר ייִדן! ייִדן!

ער מיינט די ייִדן נאָר... איז מילא – מאַ!... ס׳איז אַ געיעג
אויף ייִדן גאָר... איַי די מיליאָנען זעלנער? די באַוואָפֿ׳נונג?
איז עט... ״איך האָב מיט איַיער אומגליק פֿאַרטויבט אין זיי די שרעק,
פֿאַריאָגט דעם מינדסטן צווייפֿל, און איַינגעוויגט מיט האָפֿ׳נונג...״

ער מיינט די ייִדן נאָר, ער מיינט נאר זיי, נאָר זיי,
ער מיינט די אָרעמסטע פֿון אַלע, און די באַליידיקסטע צו שענדן,
״אַזוי, אַזוי, כ׳האָב טאַקע איסגעקליבן דיך, כּדי
די אויגן איר, דער וועלט, דער נאַרישער פֿאַרבלענדן.

״איך מיין ניט דיך, ווען כ׳הרגע דיך, ווען כ׳ציל
די פֿיַיל אין דיר, ווען כ׳צי מיַין מעסער לאַנג דיך שעכטן,

איך מיין ניט דיך, ניט דיך, איך מיין די וועלט, איך וויל
די וועלט די גאַנצע, די נאַרישע – פֿאַרקנעכטן...

"נאַריש איז די וועלט און שלעכט איז זי... אָ, שלעכט ביז גאָר,
נאָר דאָס וואָס ס'ליגט דיר אויפֿן לונג ברענגט זי אויפֿן צונג ניט,
זי זאָגט דאָס זעלבע דיר וואָס איך, זי אָבער זאָגט ניט קלאָר,
זי פֿאָנפֿעט... זי האָט עפּעס וואָס געזאָגט און מער פֿאַרשלונגען.

"ניט איך האָב פֿײַנט דיך, עס האָט די וועלט דיך פֿײַנט!
איך האָב זי מיט מײַן 'הוראַ אויף די ייִדן' צוגעטראָפֿן –
ווי אַ יעזויִט זײַן פֿאָלק – אַמאָל, ווי אַ מלוכה־מאַן זיי הײַנט,
דאָס וואָס געהיים באַהאַלטן האָט די וועלט – איז בײַ מיר אָפֿן.

"איך זאָג אים פֿרײַ אַרויס, אָט דעם געהיימסטן זייערן, דעם ווונטש,
איך ווייס שוין איין מאָל כ'ווייס מיט וואָס מען קאָן זיי נעמען!
פֿאַר זיי! פֿאַר זיי האָב איך געמישט דעם הייסן פּונטש:
פֿאַרביטערן דעם לעבן שטענדיק אײַך, פֿאַרשעמען אײַך, פֿאַרשעמען...

["] איך האָב געמישט דעם פּונטש, געמישט אים הייס און שטאַרק,
דערלאַנגט זיי דעם געטראַנק: זויפֿט, זאָרגלאָזע, און שיכּורט !
כ'האָב כּלומרשט, ייִדן, אײַך – געבראָכן לענד און קאַרק –
אָ ניין, ניט איר, ניט איר גאָר זענט בײַ מיר דער עיקר!

"דער עיקר איז די וועלט... איר – נאָר אַ פּרווו, מיט אײַך –
מיט אײַער אומגליק וויל איך גאַנץ די וועלט פֿאַריאָכן,
די וועלט וויל אײַער אומגליק, אָרעם ווילן עס און רײַך –
די וועלט! עס וויל די וועלט אײַך זען צעשלאָגן און צעבראָכן.

איך קען זי! אָ, איך קען זי גוט... זי איז שוין מיד
אַ ברודער אײַערן, אַ ייִד ווי איר – צו דינען;
צוליב אָט דער ליבע צום געקרײַציקטן, דעם ייִד –
טראָגט מען אויף דעם לעבעדיקן ייִד אַ שׂינאה.

„איך דין דעם ייִד פֿון גליל ניט, ניט איך, ניט מײַנע לײַט,
צי דאַרף איך דען אַן איבעריקן מאָל עס אײַך דערציילן?
און האָב איך זיך פֿון ליבע צו אַ ייִד באַפֿרײַט –
האָב איך זיך באַפֿרײַט פֿון האַס צו אים במילא...

„ניט מער... איך האָב אַ מיין! זעט, ווי די וועלט באַדאַנקט
מײַן יעדע בייז וואָס כ'טו מיט אײַך אויף דר'ערד – דאָ –
דאָס וואָס איך טו מיט אײַך איז דאָס וואָס זי פֿאַרלאַנגט,
ניט איך, ניט איך – די וועלט! די וועלט זי איז דײַן מערדער.

„אַ שפּיל אַזאַ פֿאַר גאָר דער וועלט, וואָס נאַריש איז און בלינד –
אַ שפּיל אָן ריזיקאָ... כ'האָב אײַנגעשטעלט אין קאָן נאָר אײַך, אײַך טאַקע!
אַ שוואַכע קאָרט, אַן אויסגערעכנטע מיט וועלכער מען געווינט...
איך האָב מיט אײַך פֿאַרטשאַקעט אים, מײַן וויזאַווי פֿאַרטשאַקעט...

[„] די שפּיל איז מיר געלונגען... דאָס האָב איך אײַך, נאָר אײַך,
אײַך ייִדן נאָר אַרויפֿגעלאָזן אַלע אויף דער סצענע –
איך האָב אויף איר געפּײַניקט אָרעם, געהאַט אין זינען: רײַך –
כ'האָב געטײַט אויף די גאָר און געמיינט גאָר יענע...

„מיט אײַער קאָכיק בלוט האָב איך באַשמירט די ראָד,
געדרייט די קאַרוסעל, און אויסגעשטעלט די בינע –
יעצט קומט און גאַפּט און שטוינט: געהאָלפֿן האָט מיר גאָט,
מײַן גאָט, מײַן שטאַרקער גאָט: די וועלט איז אַ רויִנע!"

מיר האָט געחלומט זיך... נײן ניט געחלומט, כ'האָב
וואַכערהייט געהערט אים, אים אָנגעקוקט, געזען אים –
כ'האָב צוגעמאַכט די אויגן, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ –
אָט איז ער, אַשמדאַי... און אָט דאָס וואַרשע דאָ, דער גיהנום.

א.ל.

יצחק קאַצענעלסאָנס ערשטע ביבלישע דראַמע, געשריבן לויט אַלע דעות – אין וואַרשעווער געטאָ, אין יאָר 1941. אויפֿן כּתבֿ־יד זײַנען קיין דאַטעס נישט פֿאַראַן. לויט דער השערה אין דער רשימה פֿון כתבים אחרונים, תשכ״ט, ווערט אָנגעגעבן אַ גענויערע דאַטע: שבט־אדר תש״א <11 טער יאַנואַר – 20טער מערץ 1941>.

אין זײַן ״טאָג־בוך פֿון וואַרשעווער געטאָ״ פֿאַרשרײַבט הלל זײַדמאַן אַן אַנדער דאַטע: תשרי תש״ב <22טער סעפּטעמבער – 12טער אָקטאָבער 1941> (זע: זײַדמאַן, ז׳ 213). די דאַטע איז נישט אָננעמלעך: (א) איבער די פֿיל סתּירות וואָס מע געפֿינט בײַ זײַדמאַנען בכלל, (פֿאַרגלײַך: הערש וואַסער, בלעטער פֿאַר געשיכטע, באַנד I, יאַנואַר־מערץ 1948, העפֿט 1, ז׳ 186 – 197); (ב) ווי אויך איבער די סתּירות וואָס מיר געפֿינען בײַ אים בנוגע י. קאַצענעלסאָנס ״על נהרות בבֿל״. ער דערציילט אַז י.ק. האָט די דראַמע פֿאָרגעלייענט אויף אַן אָוונט וועגן העברעיִשער ליטעראַטור [!]; אויך דערציילט ער אַז י.ק. האָט דעם 9 טן אָקטאָבער 1942, נאָכן גרויסן גירוש, געזוכט אָפּראַטעווען די דראַמע באַגראָבנדיק עס אין קעלער פֿון קהילה־אַרכיוו (זע דאָרט, ז׳ 147), ווען למעשׂה איז שוין די דראַמע לאַנג געווען באַגראָבן צוזאַמען מיט אַנדערע כּתבֿים זײַנע פֿון פֿאַרן גרויסן גירוש אויף איין אָרט מיטן אַרכיוו פֿון ״דרור״, אין קעלער פֿון הויז אויף דזשעלנאַ 34 (זע: כתבים אחרונים, תשכ״ט, ז׳ 363).

לויטן הויפּטמאָטיוו פֿון דער דראַמע – די שווערע גײַסטיקע לאַגע פֿון די פּליטים וואָס זײַנען פֿאַרטריבן געוואָרן פֿון זייערע הײַזער און ווינעטער, אין פֿאַרגלײַך מיט די פֿאַרצײַטיקע גולים בעתן גלות־יהויכין און דעם צווייטן חורבן – קען מען אָננעמען, אַז דווקא אָנהייב 1941 איז די מעגלעכע צײַט ווען די דראַמע איז געשריבן געוואָרן, אָדער די צײַט צו וועלכער זי באַציט זיך.

די דראַמע איז אָפּגעדרוקט געוואָרן נאָך דער מלחמה אין בוכפֿאָרם אין יאָר תשכ״ז – 1967, אַרויסגעגעבן פֿון ״די גאָלדענע קייט״ און בית לוחמי הגיטאות. פֿריִער געווען געדרוקט אין: די גאָלדענע קייט, 1966, נומ׳ 55, 56. דער טעקסט פֿון דער דראַמע איז געווען אָנגעשריבן מלכתחילה פֿאַר דער בינע, ווי סצענישער מאַטעריאַל פֿאַרן רעפּערטואַר פֿון ייִדישן דראַמקרײַז: זע די גרויסע צאָל סצענישע אָנווײַזונגען, ווי אויך די גראַפֿישע פֿאַרצייכענונגען וועגן אויסזען פֿון דער בינע – אין כּתבֿ־יד – בײַם אָנהייב פֿון ערשטן און דריטן אַקט. אין כּתבֿ־יד ווערט דער אויסזען פֿון דער בינע נישט נאָר געשילדערט נאָר אויך גראַפֿיש אָנגעצייכנט (זע פֿאַקסימיליעס אויף ז׳ 295); סצענעס ווערן אויך כאַראַקטעריסטיש גראַפֿיש געפֿורעמט (זע: על נהרות בבֿל, ז׳ 22, און ווײַטער דאָ, ז׳ 234, 249). די אַלע עלעמענטן, צוזאַמען מיט די פֿיל רעפּליקעס לענג־אויס אַלע פֿיר אַקטן, פֿירן אַרײַן אַ גרויסע מאָס טעאַטער־חן. אַ כאַראַקטעריסטישער הויפּטשטריך פֿון אַזאַ פֿאָרשטעלונג ווערט די רײַכע באַוועגונג אויף דער סצענע, און צוזאַמען מיטן זינפֿולן טעקסט שאַפֿט זיך אַזוי אַרום אַ שלמותדיק טעאַטער־ווערק.

די דראַמע איז צום סוף נישט פֿאָרגעשטעלט געוואָרן, (זע אין אַרײַנפֿיר צו על נהרות בבֿל) הגם עס זײַנען געמאַכט געוואָרן פֿאַר דעם צוגרייטונגען (זע: די גאָלדענע קייט, 1966, נומ׳ 55, ז׳ 5. זע אויך אין יצחק צוקערמאַנס ערשטן דין־וחשבון וועגן יצחק קאַצענעלסאָנס שאַפֿן: י.ק.־אַרכיוו, בית לוחמי הגיטאות KV/1177). די דראַמע איז אָבער יאָ פֿאָרגעלייענט געוואָרן בײַ פֿאַרשיידענע געלעגנהייטן, פֿון דיכטער אַליין: אין דער קאָמונע פֿון ״דרור״ – אויף דזשעלנאַ 34 – פֿאַר אַ גרופּע חבֿרים און פֿרײַנד: און פֿאַר די

חבֿרים פֿון דער יוגנט־באַוועגונג "גורדוניה", אין זייער הויז אויף נאַלעווקי 23 (זע: אין אַרײַנפֿיר צו על נהרות בבֿל, און בײַ: עק, (תש"ך), ז' 201. זע אויך ווײַטער, אין אונדזער אַרײַנפֿיר צו "איובֿ", נומ' 24).

דער כּתבֿ־יד פֿון דער דראַמע אַנטהאַלט איבער 150 האַלב־פֿאַרפֿוילטע זײַטן, וועלכע זײַנען געווען דער יסוד פֿאַר דער אויסגאַבע פֿון "די גאָלדענע קייט" און בית לוחמי הגיטאות. פֿאַר אונדזער איצטיקער אויסגאַבע איז דער כּתבֿ־יד פֿון דאָס נײַ דעשיפֿרירט געוואָרן. עס זײַנען אַזוי אַרום דעשיפֿרירט געוואָרן נאָך אַ היפּשע צאָל שטעלן וועלכע זײַנען דורכגעלאָזן צי פֿאַרגרײַזט געוואָרן אין די צוויי פֿריִערדיקע אויסגאַבעס, איבערן שלעכטן צושטאַנד פֿון כּתבֿ־יד וואָס האָט זיכער באַשווערט דעם פּינקטלעכן איבערשרײַב פֿון מקור. באַזונדערס איז קאָרעגירט געוואָרן די פּונקטואַציע וועלכע איז נישט גענוג אָפּגעהיט געוואָרן און עס זײַנען אַרײַנגעבראַכט געוואָרן אַ סך תּיקונים אין דעם טעקסט, לויטן מקור אין כּתבֿ־היד.

נישט געקוקט אויף דעם וואָס "על נהרות בבֿל" איז אַ היסטאָרישע דראַמע און וואָס דער מחבר בויט זי אויפֿן סמך פֿון אַ באַלעבן פֿון דער אַטמאָספֿער, די טיפֿן און דער פּראָבלעמאַטיק פֿון גלות־בבֿל און חורבן־בית־המקדש, פֿורעמט ער אָבער אויס דעם אינהאַלט אַזוי אַז עס באַקומט זיך אַ פּאַראַלעל צווישן יענער ווײַטער תּקופֿה און די פּראָבלעמען, די טיפֿן און דער אַטמאָספֿער פֿון גלות־פּוילן און חורבן־אייראָפּע. דאָס פּראָבלעם פֿון זעלבסטמאָרד, די טראַומע געטאָ און דאָס לעבן אין געטאָ, ווי אויך אַנדערע אַקטועלע פּראָבלעמען וואָס זײַנען פֿאַרבונדן מיט דער נאַצי־תּקופֿה – זײַנען אַקטועלע אָנצוהערעניש וואָס לאָזן זיך בולט פֿילן אויך ווען אַפֿילו די טעמע איז אַ היסטאָריש־ביבלישע.

אויפֿן פֿאָן פֿון די בשותּפֿותדיקע פּראָבלעמען ווערן|אַרויסגעבראַכט אין "על נהרות בבֿל" די צוויי אייביקע הויפּטעמעס, וועלכע ווערן אַוועקגעשטעלט אין צענטער פֿון דער דראַמאַטישער האַנדלונג: (א) דער מהות פֿון צוזאַמענבונד צווישן פֿאָלק און זײַן לאַנד, (ב) די קוואַליטעט און סאָרט לעבן פֿון פֿאָלקס ייִדיש־זײַן אויף זײַן לאַנד. כּדי אויפֿקלערן בעסער די דאַטע ווען צום פֿריסטן איז די דראַמע מעגלעך געשריבן געוואָרן, דאַרף מען באַטראַכטן דעם אַרויסגערופֿענעם פּאַראַלעל צווישן "פּליטים" און "גולים", דורכן ליד "בײַ די טײַכן פֿון בבֿל" וואָס עפֿנט די האַנדלונג פֿון דער דראַמע:

שוין אין יאָר 1941 זײַנען געווען מאַסן גירושים פֿון ייִדן פֿון די שטעטלעך וואָס אין מערבֿ־מאַזאָוויע. עס ווערט אויסגערעכנט אַז שוין דאַן זײַנען געווען אין וואַרשעווער געטאָ: 130.000 פּליטים (זע: קרקובסקי (תשל"ג), ז' 527). דער נאָמען "גולים" האָט באַצייכנט די פּליטים אין יענער צײַט מכּוח דער דירעקטער אַסאָציאַציע וואָס זי האָט דערוועקט מיט דער היסטאָרישער תּקופֿה פֿון גלות־בבֿל, נישט נאָר בײַ יצחק קאַצענעלסאָנען. מיר געפֿינען זי אין די טאָגביכער פֿון יענער צײַט, ווײַטער און אָבער דערמאָנט. ח.א. קאַפּלאַן שרײַבט אַזוי אין זײַן טאָגבוך, דעם 31טן יאַנואַר 1941: "דער וואָס האָט נישט געזען הײַנט, נעכטן און אייערנעכטן, די גולים פֿון פּרושקאָוו, וולאָכי, קאַרטשעוו און פֿון אַלע אַנדערע שטעטלעך אַרום וואַרשע ווי זיי קומען אַרײַן צעווייטאָגטע אויסגעמאַטערטע, הונגעריקע און דאָרשטיקע, פֿאַרגליווערט פֿון קעלט און געפּײַניקט פֿון וועג אין וואַרשעווער געטאָ – דער האָט אין זײַן לעבן קיין גלות נישט געזען. געוויינט האָבן דווקא די וועלכע האָבן זיי געטראָפֿן אויפֿן וועג און זײַנען אַליין נאָך פֿיזיש און גײַסטיק נישט אָנגערירט געוואָרן; די גולים אַליין האָבן בכלל נישט געוויינט איבער זייער אַנטמוטיקונג און אומגעדולד. וואָס פֿאַר אַ תּהומיקע רעזיגנאַציע איז זיי דורכגעדרונגען, און דערשעפּט זייערע געפֿילן, פֿאַרטעמפּט זייער פֿילבאַרקייט און פֿאַרחושכט די פֿונקען פֿון האָפֿענונג וואָס טליִען בײַ יעדן לעבעדיקן נפֿש אין די אויגן... הײַנט זײַנען אַרײַן אין וואַרשעווער געטאָ דרײַ טויזנט נײַע גולים" (זע: קפּלן, ז' 434 – פֿון מיר אונטערגעשטראָכן). וועגן די פּליטים וואָס ער רופֿט אָן גולים, שרײַבט דער מחבר ווידער און אָבער אין זײַן טאָגבוך (זע: זז' 449 – 455, 458 – 459, 462 – 463, 473 – 474) און ער חזרט איבער נאָך אַנאַנד די

ווערטער: "ווער ס'האָט ניט געזען די גולים אין זייער צער, דער האָט קיין גלות אין זײַן לעבן נישט געזען..... ווו איז דער מקונן וואָס זאָל באַוויינען אונדזער בראָך [דער אומגליק פֿון די גולים] גרויס ווי דער ים?" (דאָרט, ז' 451). אין זײַן טאָגבוך דערמאָנט אויך קאַפּלאַן דעם פּאַראַלעל צווישן די ייִדן אין גלות און דער וויזיע פֿון די טרוקענע ביינער אין ספר יחזקאל (דאָרט, ז' 434), מיט וועלכער יצחק קאַצענעלסאָן פֿאַרענדיקט זײַן דראַמע "על נהרות בבֿל" אין אַ סיום פֿול מיט האָפֿענונג אין דער צוקונפֿט.

אויך אין אַבֿרהם לעווינס טאָגבוך ווערט די געטאָ־תּקופֿה פֿאַרגליכן מיט די פֿאַרצײַטיקע תּקופֿות פֿון אשור און בבֿל, ווײַל סײַ דאַן און סײַ בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן זיך שׂונאים פֿאַרמאָסטן אויסצוּוואָרצלען גאַנצע פֿעלקער פֿון זייערע היימען און זיי אַוועקשלײַדערן אויף ווײַטע מקומות (זע: לוין, ז' 41). וועגן אונטערשייד פֿון "פּליטים" ביז "גולים", וואָס דערמעגלעכט דעם אויפֿשטײַג פֿון היסטאָרישע אַסאָציאַציעס אין ייִדישן באַוווסטזײַן, דערמאָנט ע. רינגעלבלום: ".... די פּליטים און גולים (אַ נײַ וואָרט אָנגעווענדט דורך ח' לינדער אַלס קעגנזאַץ צום וואָרט פּליטים. די גולים זײַנען בהכרח געבראַכט געוואָרן קיין וואַרשע און נישט געקומען פֿרײַוויליק ווי די פּליטים....)" (זע: רינגעלבלום, II, ז' 165).

דער כּתבֿ־יד פֿון "על נהרות בבֿל" געפֿינט זיך אין י.ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות, רעגיסטרירט מיטן נומ' KII/1020 און KII/1021.

# על נהרות בבֿל
# ביבלישע פֿ[אָ]לקס־טראַגעדיע
# אין פֿיר אַקטן

## ערשטער אַקט

די אָנטייל־נעמער פֿון ערש[טן אַקט]

קוֹלָיָה — דער פֿאָטער פֿון אַ [י]רו[שלימ]ער מ[שפּ]חה [ ] אַ זקן.

אַבֿיגיל, חמוטל, חולדה, שֶׁבְנָא — קוליהס קינדער

צפֿניה — אַ יונגער ייִד פֿון ירושלים

עמיהוד, חלקיה — ירושלימער אײַנוווינער, באַוואַכן [דעם] ברעג פֿון טײַך ["]פּרת"

נעמה
שלומית
יִדישע פֿרויען פֿון אַ צוויי[טע]ר גרופּע גולים.

שמעיה הנחלמי

רעכטס און לינקס פֿון צושויער

קוליה

חמוטל

שבֿנא

צפֿניה

אבֿיגיל

[עמ]יהוד

חולדה

חלקיה

שבֿנא (נאָך איד[ע]ר דער [פֿאָרה]אַנג איז אויפֿגעגאַנגען, שפּילט ער אויף זײַן האַרפֿע דעם אָנ[הייב
נה]רות בבֿל־מעלאָדיע)

[אַלע] (זינגען טרויעריק)

ג[עי]אָ[גטע], געפּלאָגטע,
די הערצער געבראָכן –
מיר זענען צו בבֿלס
[טײַכ]ן דערקראָכן...

פֿאַרשעמטע[,] צעקלעמטע,
מיט טרויער־ג[עז]אַנגען –
מיר זענען צו בבֿלס
טײַכן דערגאַנגען...

געלאָזן אַ מאַמען,
אַן עלנטע, וויסטע,
אָ, מאַמעניו ציון,
וווּ ביסטו? וווּ ביסטו?

צי זעסטו דעם ווייטאָג,

דעם צער, דעם שטומען?
מיר זענען צו בבֿלס
טײַכן געקומען...

אָ, טײַכן פֿון בבֿל!
אָ, מעכטיקע טײַכן!
צי האָט אונדזער אומגליק,
צי האָט ער זײַן גלײַכן?

נעמט וואַסערן מיט אונדז!
מיר שווימען צוזאַמען –
פֿאַרטראָגט אונדזער וויטאָג
מיט אײַך אין די ימ[ע]ן!

**איינער** (אין העלן, ווּעלכער א[יז] ג[עשט]אַ[נען] די גאַ[נ]צע [ ]
איבער דעם אַלטן קוליה, [ ]
מיטן פנים צום טײַך – ער [שפּ]רינ[גט פלו]צלי[ם] אַרײַן [אי]ן [וואַסער] און פֿאַרשווינדט)

**קוליה** (גיט אַ טיפֿן קרעכץ)
אָ, גאָט!

**אַבֿיגיל** (פֿאַרברעכט די הענט, לאָזט שווער אַראָפּ [דעם קאָפּ])

**חמוטל** (פֿון דער צווייטער זײַט)
שוין... שוין...

**שבֿנא** (פֿון אַנטקעגן )
אַוועק

**צפֿניה** (פֿון אַנטקעגן שבֿנאן)
און גאָרניט, גאָרניט...
ניט געענדערט האָט זיך אויף אַ האָר ניט!

**אַבֿיגיל** אָ, שרעק!

**חמוטל** שוין... שוין...

**קוליה** איז דאָס דער לוין?

**[עמיהוד]** (קומט האַסטיק פֿון לינקס, נאָך אים עטלעכע גולים, [צווישן זיי] אַ פֿרעמדער.)
פֿון דאַנען! יאָ... פֿון צווישן אײַך –

**[צפֿניה]** נו, יאָ...

[עמיהוד]  פֿון דאַנען איז געשפּרונגען ווער אין טײַך!

[צפֿניה]  יאָ, יאָ... פֿון דאָ!

[שט]ייסט אויף דער וואַך, עמיהוד, וואַכסט?

ביסט אויפֿגעבראַכט,

און דערבײַ גאַנץ הײַטער...

און בײַ אײַך [ד]אָרט – זאָג, דאָרט ווײַטער,

בײַם ווײַ[ט]  [  קן] ברעג –

פֿון וואַ[  ] ביסט געקומען

האָט [קיינער] ניט דאָס לעבן זיך גענומען?

איז קיינער מיטן וואַסער ניט אַוועק?

עמיהוד  ניט פֿרעג...

אָ פֿינצטערע, אָ וויסטע טעג!

[שבֿנא]  אָ גלות־וועג!

ווי ס'וואָלט אַ ווינט, און נישט פֿון דרויסן,

[געוויינט] אין אונדז, אונדז אין די וואַסערן געשטויסן!

צפֿניה  ווי זאַמדן אויפֿן ברעג אין טײַך געבלאָזן –

עמיהוד  מען דאַרף עס ניט דערלאָזן!

חלקיה  (קומט, שנעל געלאָפֿן, פֿון רעכטס, מיט אים קומען אויך עטלעכע גולים)

(ווײַזט אויפֿן שטיין בײַ קוליהן)

פֿון דאַנען, יאָ, פֿון דאַנען –

דאָ איז אַ מענטש געשטאַנען!

אַבֿיגיל  יאָ, געשטאַנען.

חלקיה  איר האָט געזען אים!

חמוטל  געזען... געזען...

אַבֿיגיל  דער עלנטער... דער בלאַסער...

חלקיה  ווער איז ער? זאָגט, ווער קען –

ווער קען אים?

ווער פֿון אײַך?

צפֿניה  פֿרעג דעם וואַסער!

חלקיה  ער איז אַרײַנגעפֿאַלן אין דעם טײַך!

אַבֿיגיל  ניט אמת פֿרײַנד,

ניט געפֿאַלן איז ער, נאָר געשפּרונגען

די זון – זי האָט געשײַנט,

און מיר געזונגען –
און ער האָט זיך אין טײַך געוואָרפֿן.
עמיהוד ס׳האָט ווער פֿאַרהאַלטן [אים] באַדאַרפֿן!
חלקיה ניט לאָזן אים געזאָלט!
צפֿניה מיר האָבן ניט געוואָלט!
עמיהוד דו ביסט אַ ייִד?
צפֿניה ווי דו!
עמיהוד ניין, ניט!
און טאָמער יאָ – טאָ הער:
עס זאָלן ניט אַזעלכענע ווי דו
געבוירן ווערן מער!
דו האָסט געקענט אַ מענטש פֿון טויט פֿאַרהיטן –
און ניט פֿאַרהיט!
צפֿניה לאָז צו רו!
ער האָט געליטן...
עמיהוד הערט, הערט: ״ער האָט געליטן!״
און דו? דו לײַדסט ניט? ניין?
עס לײַדן אַלע ייִדן! אַלע, אַלע ייִדן,
פֿון גרויס ביז קליין!
צי אַלע מיר, מיר דאַרפֿן
אין טײַך אַרײַן זיך וואַרפֿן?
צפֿניה יאָ, אַלע... וויי אונדז, וויי!
עמיהוד הערט, הערט!
צפֿניה בעסער בבֿלס טײַכן, איידער בבֿלס ערד!
חלקיה איך שטיי
און ה[ע]ר און שווײַג –
ווײַל איב׳ריק זענען רייד – :
מיר האָבן אים פֿון טײַך אַרויסגעצויגן!
דאָס פֿייגעלע האָט שוין געהאַט אַוועקגעפֿלויגן...
מיר האָבן, אָבער, אים אין מיטן שוועבן
איבערג׳האַקט די פֿליגל,
און אַרײַנגעזעצט אין שטײַג,
אויף שלאָס און ריגל –

אויף בבֿלס ערד צו לעבן...
יעצט ווײסט איר שוין, איב׳ריק זענען רייד!

צפֿניה — אַ קנאַפּע פֿרייד...

חלקיה — װער איז ער, װער?
צי קען אים װער פֿון אײַך?
כ׳האָב מורא פֿאַר זײַן צווייטן שפּרונג,
אין טײַך —
אַ שאָד... ער איז נאָך אַזוי יונג —
אָט פֿירט מען אים אַהער!

אַבֿיגיל — (פֿאַרברעכט די הענט, דעם אַנטקעגן געפֿירטן)
שמעיה!

קוליה — ניט װײַן, ניט יאָמער!

נעמה, שלומית — (פֿירן אַרײַן פֿון רעכטס אַ בלאַסן יונגנמאַן)

נעמה — ר׳איז אײַערער... יאָ, אײַער!

שמעיה — (דער אַרײַנגעפֿירטער יונג[ערמאַן, אין] אַ העלן מאַנטל.

דער נחלמער — אָפּן איבערן קלייד, די לאָק[ן נאַס,] ס׳קאַפּעט נאָך פֿון זיי)

אַלע — (אויסער דעם אַלטן)
שמעיה! שמעיה!

צפֿניה — דער נחלמער!

עמיהוד, חלקיה, שלומית, נעמה — (טרעטן אָפּ, צעזעצן זיך אין די זײַטן אויף [די שטיינער])

קוליה — נחלמער!

שמעיה — יאָ...איך —

קוליה — צו גיך...
דו מאַכסט עס יונגערמאַן, אַ ביסעלע צו גיך.

שמעיה — (שטיל, געבראָכן)
איך...איך...

קוליה — (קוקט אים שטום אָן)
די לאָקן דײַנע נאַס,
דאָס פּנים בלאַס, ווי בלאַס...

דער בליק אַזאַ... אַ קאַלטער –
וואָס שטייסטו שטום אַזוי און בלייך?
שמעיה איך שוויַיג ניט, אַלטער...
קוליה איך ווייס, איך ווייס... דו שילטסט!
שמעיה (הייבט אויף דעם קאָפּ, קוקט אים פֿאַרוווּנדערט אָן)
קוליה ניט [שי]לט קיין ייִדן!
שמעיה (קוקט צו אים פֿאַרבליפֿט, גיט אַ טראָט נענטער)
ייִדן!
זיי האָבן מיך אַרויסגעשלעפּט פֿון טײַך!
קוליה נאָר ווי דו וו[ייסט] דאָס אַלץ, און ווי דו פֿילסט –
שוין צײַט...
איך בין שוין אַלט –
וואָס טונקעלער עס ווערט פֿאַר מיר די שײַן –
אַלץ העלער קוק איך אין די הערצער אײַך אַרײַן...
עס איז דיר קאַלט,
דו ציטערסט ווי אַ בלאַט,
קום, זעץ דיך, שטיי ניט ווײַט –
ניט שילט קיין ייִדן!
שמעיה ייִדן!
זיי האָבן מיך אַרויסגעשלעפּט פֿון פרת!
עמיהוד זײַ צופֿרידן,
וואָס [נ]אָר די האָר און קליידער זענען דיר פֿאַרנעצט!
שמעיה (לויפֿט צו אים צו)
דו אפֿשר, דו?
דו האָסט געראַטעוועט מיך יעצט? ([הייבט די בײדע] הענט קעגן אים)
דו זײַ פֿאַרשאָלטן!
עמיהוד ניט איך, ניט איך!
כ׳וואָלט אָבער ווען ראַטעווען אַ מענטשן,
כ׳וואָלט אים –
און זאָל ער שילטן מיך!
גיי זוך אים אויף, דײַן רעטער, און [בענטש אים.]
חלקיה ר׳וועט בענטשן אים, עמיהוד,
אויב ניט פֿריִער

ווער ער
אים באַדאַנקען שפּעטער...

שמעיה (קוקט זיך אַרום, בלײַבט, דעם בליק [אויף] חלקיהן)
ווו איז ער, ווו?
וואָס קען מיך גוט אַזוי,
אַזוי גענוי?... (צו חלקיהן)
דו אפשר? דו?
דו ביסט מײַן "רעטער"?

חלקיה הלוואי וואָלט איכ'ס געווען!
כ'האָב נאָר געזען,
ווי איינער איז נאָך דיר אין טײַך אַרײַן,
דיך פֿאַר די האָר גענומען[,]
און צום ברעג, צום הויכן צוגעשוווּמען –

שמעיה פֿאַרשאָלטן זאָל ער זײַן!
ער האָט פֿון וואַסער מיך אַרויסגעצויגן!
...פֿאַרלאָשן האָט זיך שוין געהאַט די שײַן,
די זון, די העלע
אין מײַנע אויגן,
עס האָבן מיך שוין טויטגעקושט די וועלן,
דער שטראָם האָט מיך פֿאַרגראָבן שוין אין קאַלטן שויס,
און ס'איז פֿון אומגליק מײַנעם, מיט אַ מאָל, ווי פֿון מײַן גליק –
געוואָרן אויס,
אַן ענד!
איך בין פֿון [ב]בֿל ווײַטער שוין געווען ווי כ'בין
פֿון ירושלים...
ערשט – אַ ייִד! אַ ייִד מיט שטאַרקע עשׂו־הענט
שלעפּט מיך אַרויס
צוריק! צוריק! צוריק!
ווו אַהין?
כ'וועל שרײַען! שרײַען! שרײַען!
ווּהין?
ווו האָט ער עס געבראַכט מיך דער שלעכטער מאַן?
אין בבֿל ווידער!

צוויי מאָל –
אָ שלעכטער, שלעכטער מאַן!
פֿאַר וואָס קומט מיר צוויי מאָל
פֿאַרשלעפּט צו ווערן דאָ אַהער אין טאָל,
אין טאָל פֿון יאָמער?
אָ זאָגט[]צי איז אַן אומגליק נאָך אַזאַ פֿאַראַן?
... איך בין פֿון נחלם! אַ נחלמער –
אָ נחלם! נחלם! פֿאַרחלומטע דו מײַן!
אָ נחלם, ניט בײַ דיר האָב איך דערזען [די שײַן!]
ניין, ניט בײַ דיר געשטאַנ[ע]ן איז מײַן וויגל...
ביסט ווי אַ רויק צעשווומען,
צעגאַנגען ווי אַ שוים,
ווי נאָר איך בין אַרויף אויף ציונס היגל!
אָ, היגלען פֿרומע,
היגלען ליכטיקע ירושלימס!
אָ, בערג וואָס טוקן זיך אין אייגענע אין [הימלען פֿרײַע]
אָ, ציון, מאַמע!
מאַמע מײַנע, האַרציקע געטרײַע [ ]
אָ, זאָגט מיר צו... [כ׳בעט אַלעמען אָ ]

חלקיה: וואָס? וואָס?

שמעיה: איך וויל אין טײַך! (רײַסט זיך [צום פּרת])

חלקיה: (נעמט אים פֿעסט אָן פֿאַרן [לינקן ]
ניין, ניין, צוריק!
ווער העלפֿט מיר, ווער?

שמעיה: אָ לאָז!

עמיהוד: (לויפֿט צו צו אים פֿון רעכטס)
אַ שטריק!
גיט גיך אַ שטריק אַהער!

חלקיה: בינד אים טאַקע, בינד!

אַלע: (כאַפּן זיך אויף פֿון די ערטער)

אַבֿיגיל: פֿאַר וועלכע זינד?
לאָזט אָפּ...לאָזט גיכער אָפּ אים!

חלקיה }
עמיהוד } (טרעטן אָפּ, דער רעכטס, דער לינקס)

אַבֿיגיל (קומט האַרט צו צו אים, נעמט שמעיהן פֿאַרביידע הענט, קוקט אים
א ווײַלע שטום אין די אויגן)
מיר איז אַ קאַלטער טראָפּן
פֿון דײַנע האָר געפֿאַלן אויף מײַן שטערן –

שמעיה (הייבט די ווײַסע פּאָלע פֿון זײַן קלייד צו איר געזיכט)

אַבֿיגיל וויש ניט אָפּ –
לאָז דעם טראָפּן וואַסער אויף מײַן קאָפּ –
איך האָב עס גערן...
באַלד וועלן שעמערירן טראָפּנס אויף מיר מערער...
קום, מיר וועלן ביידע אין טײַך אַרײַן זיך וואַרפֿן –

[שמעיה] (מיט אַ ווענדונג צו חלקיהן און עמיהודן, אין ביידע זײַטן)
ניטע...ניטע –

[אַבֿיגיל] ניט געשפּרונגען ברידער נאָר פֿון הויט –
מען דאַרף אַ מאָל אַ מענטשן פֿון לעבן אויך פֿאַרהיטן,
ווי מען דאַרף פֿאַרהיטן אים פֿון טויט. (צו שמעיהן)
קום!

[שמעיה] (קוקט זי פֿאַרלוירן אָן)
דו, דו... אָ ניין!
איך האָב געוואָלט... אַליין!

אַבֿיגיל (קוים באַליידיקט)
"אַליין!" "אַליין!" – קוק אָן אים –
ווי גרויס ער איז בײַ זיך, ווי שטאָלץ!
ווי ר׳וואָלט בלויז האַרץ געווען און איך בלויז פּנים!
ווי [ר׳]וואָלט פֿון פֿלייש און בלוט געווען –
און איך פֿון האָלץ...
ווי ער וואָלט אַלץ געדענקט און איך פֿאַרגעסן!
כ׳בין פּונקט ווי דו!
איך בין אַ טאָכטער פֿון מײַן פֿאָלק ווי דו אַ זון!
ווי דו, אַ קינד ירושלימס...
ווי דו! ווי דו! ווי דו
פֿאַרשלעפּט געוואָרן דאָ, אַהער צו,

צו די טײַכן בבֿלס... ווו ווילסטו גיין?
דו גייסט דאָך שטאַרבן! דו גייסט דאָך זיך באַפֿרײַען!
גייסט ווערן אויסגעלייזט...
גייסט קילן אין די טײַכן בבֿלס דײַנע שמ[ערצן]
אָט, נאָך וואָס דו גייסט!
דו קענסט דעם שפּאָט
פֿון מענטשן און פֿון גאָט
ניט מער דערטראָגן,
דו ווייסט ניט ווו אַהינצוטאָן די [שאַנד]
דו ווילסט אין פּרת באַגראָבן זיי מי[ט דיר באַנאַנד,]
אין זײַנע טיפֿע וועלן...
ווילסט באַפֿרײַען זיך פֿון גרויסן עלנט,
וואָס האָט דיך גאַנץ דערשלאָגן...
באַפֿרײַען זיך פֿון בענקשאַפֿט צו דער מאַמען...
גיי, גיי...ס׳וועט קיינער דיך ניט אָפּהאַלטן, אָ, ניין!
גיי טאַקע, גיי, נאָר ניט גיי אַליין,
איך וויל זיך וואַרפֿן גלײַך
מיט דיר אין טײַך,
איך קען באַווײַזן פּונקט ווי דו [דעם] קונץ:
איך גיי מיט דיר –, איין וועל פּאַר ביידן אונדז!
מיר באַפֿרײַעןביידע זיך צוזאַמען –
קום!

[שמעיה] אַליין... אַליין!
דו אויך?
אָ, בלום,
אַראָפּגעריסענע פֿון בלומענשטרויך,
פֿון ציון –
דו דאַרפֿסט נאָך בליִען!

אַבֿיגיל איך גיי מיט דיר!

שמעיה דו אויך? דו אויך? ווײ מיר!
אָ, יונגע דו און צאַרטע –
אַזוי יונג ווי דו און אַזוי צאַרט!
מיר איז אַ [שאָד] –

וואַרט! וואַ[רט!]

אויף זײַן גענאָד... (מיט אַ האַנט צום הימל)

אַבֿיגיל ווילסט וואַרטן?

שמעיה איך ניט — (פֿאַרוואַרפֿט פֿאַרצווייפֿלט דעם קאָפּ)

איך בין שוין מיד,

און [שלעכט] איז מיר, אַך שלעכט —

[אַבֿיגיל] מיר איז ניט בעסער...

שמעיה (שרײַט)

מײַן פּײַן איז גרעסער!

אַלע (כאַפּן זיך אויף פֿון די ערטער, אויפֿרעגונג און געמורמל)

"גרעסער! גרעסער!"

שמעיה (ווי ער וואָלט וועלן כאַפּן צוריק, פֿאַרשרײַט דעם פֿריִערדיקן אויסרוף)

יאָ, גרויס דער צער!

צפֿניה קוקט אָן דעם האַר,

און אונדז קוקט אָן: די קנעכט!

זײַן פּײַן איז "גרעסער"...

שלומית "גרעסער" —

אַלע מיר, מיר שטאַמען

פֿון איין שטאַם — יהודה!

נעמה ביסט אונדזער ברודער —

מיר זענען אַלע קינדער פֿון איין מאַמען!

קוליה ביסט ניט גערעכט, מײַן קינד, ניין, ניט גערעכט...

דו ענטפֿער מיר — אַ ייִד אַ פּראָסטן,

איך וועל דיך פֿרעגן:

"דײַן פּײַן איז גרעסער" — צי האָסטו אונד[ז געמאָסטן]?

חמוטל • (קומט, ווי אַרײַנגעריסן זיך אין פֿאָדערגרונט מיט )

ברידער! שוועסטער!

איך ווייס שוין וועמעס פּײַן עס איז דער גרעסטער!

ס׳איז אונדזער יעדן איינעמס פּײַן...

אויך מײַנער איז ער... ניטאָ קיין גרעסערער[, ניטאָ]

שיקט מיך צום טײַך...

קומט אַלע מיר, אָרעם קומט און רײַך

מיט קינד און קייט אין שויס...

איך מיט מײַן ייִנגעלע מיר וואַרפֿןביידע
זיך אין טײַך אַרײַן,
אין ברייטן!
נישקשה –
די טײַכן בבֿלס זענען ברייט און גרויס,
ס׳וועט זײַן אַן אָרט
דאָרט
אי פֿאַר אַ מאַמען מיט אַ קינד אין שויס געלעגן,
אי פֿאַר דעם גרויסן שמאַרץ
[ ] איר אין האַרץ –
די טײַכן בבֿלס – זיי וועלן ניט אַרויסגיין פֿון די ברעגן...
אָט איז מײַן קינד – אַ שטיקל טויג, צו וואָס?
צו וואָס זאָל עס געדײַען? צו וואָס זאָל׳ס יוירן?
איך האָב אומזיסט, אומזיסט
אין גלות־וועג, אין מדבר־זאַמדן, וויסט,
אָן וואַסער און אָן גראָז –
מײַן זון געבוירן.
זײַן טאַטע האָט אויף אים זיך ניט דערוואַרט...
אויף ירושלימס מויער [ ]
[האָט זײַן] קאָפּ געלייגט,
[און מיט] זײַן בלוט די שטיינער אירע אויסגעווייקט
[ ...]
[זײַן טאַטע שט ]
[ ]
[ ]
[ ]
[ ]
איך האָב פֿאַרוויקלט אים, איר זאָלט ניט זען אים...
ניט קוקט זיך אין די אויגן זײַנע אײַן –
אין די אויגן זײַנע זאָלט איר זיך ניט שפּיגלען!
איר וועט זיך נאָך דערמאָנען אָן דער שײַן
וואָס פֿאַלט פֿרימאָרגן אויף ירושלימס היגלען...
אין זײַן שטערן קענט איר נאָך דעם הימל אונדזערן דערקענען...

אָ קינד, מײַן קינד, (רעדט צום עופֿעלע)
פֿאַר וועלכע זינד
איז דײַן קישן – שפּאָט
און דײַן צודעק – שאַנד?
אָ קינד, מײַן קינד!
דו וועסט ניט וואַקסן גרויס שוין אין יהודהס בערג!
בלײַבסט קליין, אויף אייביק קליין!
עס וואַקסט אַ ייִד ניט גרויס אין בבֿל־לאַנד!
אין בבֿל איז אַ ייִד אַ צווערג און בלײַבט אַ צווערג... (צו שמעיהן)
דו האָסט קיין קינדער ניט –

שמעיה איך [האָב] ניט, ניין...
איך האָב אַ זון אין בבֿל, גרויס און שיין –
גרויס ווי אַ בוים און ווי דער טאָג שיין;
געבוירן אין יהודה און אין בבֿל אויסגעוואָ[קסן,]
ער האָט אין בבֿל זיך צעבליט...
מען האָט פֿאַרטריבן מיך מיט יהויכין;
עזריה איז געווען
אַן עופֿעלע, אַ קינד אין וואָכן,
ווען ס'איז דאָס אומגליק גרויס מיט אונדז געשען...
און יעצט – איך האָב אים ניט!
ר'איז מער אַ כּשׂדי ווי אַ ייִד...
ס'איז ווייניק, שוועסטער, פֿון יהודה שטאַמען,
מען דאַרף אין יהודה זײַן!
איך האָב אַ זון אין בבֿל און ער איז ניט מײַן –
ער איז דאָרט בײַ זײַן מאַמען...
איך האָב אים לאַנג אַזוי
גאָר לאַנג שוין ניט [געזען]...

אַבֿיגיל דו ביסט אין בבֿל איין מאָל שוין געווען?

שמעיה (פֿאַרברעכט די הענט)
אוי... אוי...

אַבֿיגיל דו האָסט אַ פֿרוי?

שמעיה זי איז פֿון מיר אַוועק –

אַבֿיגיל (פֿאַרוווּנדערט)

אַוועק? פֿון דיר?

שמעיה    אָ פֿרעג מיך ניט, ניט פֿרעג –
קלאַפּ ניט אָן אין אַ פֿאַרשלאָסענער אַ טיר...
איך האָב קיין ווײַב ניט און קיין קינדער ניט!

חמוטל    דו האָסט קיין קינדער ניט? (הייבט דאָס קינד אויף)
און איך – איך האָב!
הלוואַי וואָלט איך ניט האָבן...
איך וועל אין בבֿלס טײַכן [אים באַגראָבן]!
איך וויל אים ניט! דו הערסט? איך וויל אים ניט!
איך וויל ווי דו, אַ ייִדן!
דו שיק צום טײַך אונדז אָפּ... ([זעצט זיך אויף אַ שטיין, קוקט צום טײַך])

עמיהוד    (גייט איר אומרויִק נאָך, היט איר טראָט)

חולדה    (קומט צו, צו שמעיהן)
ניט איר! אָ ניט מײַן שוועסטער מיטן קינד
נאָך אין די וויקלען,
נאָר מיך, מיך דאַרפֿט איר שיקן,
מיך, מיך, געפֿלויגן ווי אַ ווינט
צו די וואַסערן אַהין...
מיך, ניט קיינעם,
איר האָט געהערט דאָך אַלע פֿון גדליהו בן־אחיקם?
איר האָט געקענט אַוודאי אַזאַ איינעם?
ער איז געווען מײַן חתן...
אַ גרויסער [אַז]אַ מאַן
איז הײַנט אין ירושלים ניט פֿאַראַן.
אַ שאָד נאָר וואָס געמאַכט אים גרויס
האָט נבֿוכדנאצר...
איך האָב געלאָזן אים, געלאָזן,
ניט געוואָלט אין הויז,
אין שיינעם זיך באַזעצן,
ער האָט בײַ מיר געבעטן זיך: אָ בלײַב!
און האָט דערבײַ
מיט טרערן הייס געגאָסן –
איך האָב געלאָזן אים, געלאָזן...

איך הער נאָך יעצט, נאָך יעצט זײַן שטים:
[וואָס ב]עט זיך, בעט זיך:
בלײַב!
און זײַ מײַן ווײַב —
כ׳בין ניט געבליבן.
איך בין אַוועק מיט אים, מיט אים (ווײַזט אויף קוליהן) —
מיט מײַן פֿאָטער,
מיט אײַך,
מיט אַלע די וואָס מען האָט פֿאַרטריבן
אין אַן אַנדער לאַנד, אויף אַן אַנדער ערד...
יעצט הערט: (שרײַט פֿאַר פֿאַרצווייפֿלונג)
איך האָב חרטה!
איך וויל אַהיים!
איך וויל גדליהו ניט, ניט בן־אחיקם!
מיך וועט באַגליקן
אַן אַלטעטשקער, אַ טויבער און אַ בלינדער
אין אַ שטיבעלע פֿון ליים —
אים, אים וועל איך געבוירן קינדער,
דעם אַלטעטשקנס און מײַנע —
אַבי אַהיים! אַהיים!
אָ, היים, מײַן חרובֿע, פֿאַרוויסטע און צעשטערטע[,]
אָ, היים באַשערטע...
אָ, זון אין בבֿלס הימל — זאָג מיר, [זאָג...]
צי גייסטו אויף אין ציון נאָך, צי ווערט [דאָרט] טאָג?
צי טוסטו אויך אויף אירע חורבֿות שײַנען?
זי האָט אין חלום זיך מיר הײַנט באַוויזן —
אַ ליגן!
געפֿאַלן איז יהודה!
ניין, ניט געפֿאַלן איז זי... (שרײַט)
יהודה ברענט! (צו שמעיהן)
ניט קוק אַהין צו, ברודער —
ניטאָ איר דאָרטן שוין, נישטאָ שוין —
יהודה וואָס אין מערבֿ — האָט [זיך שוין] פֿאַרלאָשן...

יהודה ברענט! (קלאַפּט זיך אויף דער ברוסט)
זעט, זעט:
[זי ברענט אויף] אירע שטעט,
אויף אירע [מויערן] און ווענט –
זי ברענט –
דערקענט,
די פֿלאַמען אירע העשן, העשן...
און רײַסן זיך בײַ מיר פֿון האַרצן,
זיי העשן, העשן –
אָ מעסט ניט ברודער, מעסט ניט קיינעמס שמאַרצן!
אויב טרינקען זיך – וועל איך זיך, איך!
פֿאַרלאָשן האָט יהודה אויף די בערג זיך אַזוי גיך,
[זאָל זי זיך] בײַ מיר אין האַרצן אויך פֿאַרלעשן!

צפֿניה [אַלע מיר...] אַלע!

אַלע (שטעלן [זיך] אין דער ברייט פֿון דער סצענע)

שמעיה [אָ גאָט געֶרעכ]טער!

צפֿניה אין טײַך אַרײַן, מיר אַלע!
יאָ, אַלע... טאַטעס! מאַמעס! זין און טעכטער!
[אַ חתן מיט אַ]כלה –
[אַלע!]

אַלע (דרייען זיך מיט אָ מאָל אום, בלײַבן אַ ווײַלע שטיין ווי איין פּלייצע צום צושויער און לויפֿן אַלע ווי איין מאַן צו ביז צו די שטיינגעזעסן בײַם טײַך)

שמעיה (אין פֿאָדערגרונט, שרײַט אויס אין שרעק)
שטייט! שטייט! בלײַבט אַלע שטיין!

אַלע (שטעלן זיך אָפּ)

שמעיה איך וויל אַליין, אַליין –

אַלע (הייבן די רעכטע פֿיס אויף די שטיינער)

שמעיה ניין! ניין!

אַלע (לאָזן אַראָפּ די רעכטע פֿיס אויף דער ערד צוריק)

שמעיה איך בין צעשראָקן נאָך – צו נאָנט צום טײַך!
אָ מיר זאָל זײַן, זאָל מיר נאָר זײַן פֿאַר אײַך!
איך זע נאָר פּלייצעס – פּלייצעס זענען שטום...
דרייט זיך אום!

אַלע (דרייען זיך אום)

שמעיה עס איז קוים ליכטיקער געוואָרן מיר, קוים־קוים –
צו ווײַט אַ ביסעלע, צו ווײַט צעווישן אונדז דער רוים...
ניט רעדט פֿון טויט! ניט רעדט פֿון שטאַרבן מער –
אָ, קומט אַהער!

אַלע (קומען אַ טראָט נענטער)

שמעיה ווי גוט, ווי גוט... מיט יעדן אײַער טראָט
ווערט בעסער, בעסער מיר, אָ, גאָט!
אַך, ווען איין ווײַלע נאָך – וואָלט געווען צו [שפעט],
טרעט נענטער, טרעט.

אַלע (טרעטן צו אים צו נענטער)

שמעיה ווי גוט... ווי גוט... ווי גוט... די [שרעק]
איז אָבער מיר אין גאַנצן ניט אַוועק –
ווי קען אַ פֿאָלק... עס לאָזט נאָך אַלץ מיך [ניט צו רו – ]
אָ, שווערט מיר צו!

קוליה וואָס שווערן דיר?

שמעיה שווערט מיר:
איר וועט ניט אָנטאָן מערער אײַער גאָט די שאַנד...
ייִדן לייגן ניט אויף זיך אַליין אַ האַנט,
גאָט הייסט אײַך לעבן – [לעבט]! אָ, שווערט מיר צו!

קוליה שווער דו!

שמעיה איך אַלטעטשקער, איך בין [ ] איינער נאָר...
ס'איז דאָך אַן אונטערשייד צעווישן איינעם און אַ סך!

קוליה די זעלבע זאַך!
אַנדערש ניט קיין האָר –
איינער ווי מיר אַל' –
אָ, נעם זיך ניט אַרויס פֿון כּלל!

שמעיה (לאָזט אַראָפּ דעם אָפּגעווענדטן קאָפּ אין דער זײַט פֿון צושויער,
פֿאַרשטעלנדיק זיך מיט ביידע הענט דאָס פּנים)

קוליה (קוקט אים מיטליידיק אָן)
צו שטאַרק...
איך האָב אַרויסגעזאָגט צו שטאַרק דאָס וואָרט –
איך האָב עס ניט געטאָרט...

עס צוקן דיר די אַקסלען און דער קאַרק –
עס טוט דיר ווײ...
פֿאַרגיב די ווערטער מײַנע מיר, פֿאַרגיב מיר זײ...
ביסט נאָענט געוואָרן מיר און ליב, אָ, ליב –
פֿאַרגיב!

שמעיה (דרייט צום אַלטן אום דעם קאָפּ, קוקט אים דאַנקבאַר אָן און שווײַגט)

קוליה דו שווײַגסט... דו שווײַגסט נאָך אַלץ...
ווילסט זאָגן וואָס, עס שטערן
דיר די [טרערן] –
זײ קאַפּען פֿון די אויגן דיר און שטייען דיר אין האַלדז...
אָ,[ ]די גרייס פֿון דײַנע שמאַרצן,
[ווי גרויס און טיף] עס עקבערט דײַן געפֿיל...
דו וואַקסט אונדז טאַקע איבער מיט דײַן האַרצן!

שמעיה ([ ] די הענט)
[איך]?
ניט מאַך מײַן פֿעלער, אַלטינקער, ניט מאַך,
[ ]אויף מײַן אײַליקער און ווייטיקדיקער שפּראַך.

קוליה יאָ... איינע נאָר איז אונדזער אַלעמענס די פּײַן...
נאָר האַרץ, אָ, ליבער מענטש –
האַרץ איז בײַ דיר אַ סך, אַ סך...
זײַ רויִק, רויִק... אַך, ווען דו קענסט נאָר רויִק זײַן!
שטיין שטיל אַזוי... שטיי שטיל,
אָ ליבער מענטש...

שמעיה איך שטיי ניט שטיל!

קוליה איך ווייס, איך ווייס, דו בענטשסט

שמעיה (קוקט אים פֿאַרוווּנדערט אָן)
פֿון וואַנען, אָ –

קוליה יאָ, יאָ...
בענטש ייִדן... בענטש זײ, בענטש!

שמעיה יאָ!

קוליה זײ האָבן דיך געראַטעוועט... לויף, לויף
און בענטש זײ, בענטש, באַצאָל
דו מיט אַ ברכה זײ און אויף

אַ קול!

**שמעיה** ניט זיי! איר, איר אָ פֿרײַנד,
איר אַלע דאָ, איר האָט גערֹאַטעוועט מיך הײַ[נט,]
איך שווער אײַך צו, כ'וועל אײַך אַ שבֿועה [געבן.]

**קוליה** שווער! שווער!

**שמעיה** איך בלײַב בײַם לעבן...

**אַלע** (כאַפּן זיך אויף, אויף זייערע ערטער, גרויסע[        )]

**קוליה** יעצט הער:
איך בין שוין אַלט,
דאָס אומגליק האָט געטראָפֿן מיך שוין אויף דער עלטער...
עס וואָלט געווען אַ גלײַכע זאַך
ווען איך פֿאַרמאַך
די אויגן מײַנע שוין – און [דאָך]
איך וועל פֿון לעבן ניט אַוועק מיט גוואַלד...
דאָס לעבן
[וואָס] געוואָרן איז געגעבן
אונדז פֿון גאָט –
צי אויף טעג אויף קורצע, צי אויף לאַנג –
איז ניט קיין געשאַנק,
נאָר אַ געבאָט:
לעבן!
אין פֿריידן
צי אין ליידן –
לעבן!
אין פֿאַרגעניגן
צי באַשפּיגן –
לעבן!
בײַ זיך אין ווילטאָג און פֿרײַ מיט אַלע רעכט,
צי אין דער פֿרעמד פֿאַרקנעכט –
לעבן! לעבן!
זײַן פֿרײַ, אין אייגן לאַנד,
צי בײַ דעם פֿײַנד אין שאַנד –
לעבן! לעבן!

מיט גאָטס [גענ]אָד,

[ ]

[ ]

דו לעב!

[ ]

[דאָס לעבן פֿאַר] אַ ייִד איז אַ געבאָט!

[שמעיה איך לעב, איך] בלײַב בײַם לעבן – אַך...

קוליה האָסט געשווירן –

דו [האָסט] געשווירן שוואַך...

צי האָב איך עס געהערט מיט מײַנע אַלטע אױ׳רן?

צי האָסטו אונדז געזאָגט עס מיט אַ האַלבן מויל –

אײנס ווייס איך, ווייס איך – האָסט געשווירן

מיט אַ שווער געמיט...

כ׳האָב מורא, מורא,

עס גייט מיר דורך אַ גרויל:

קענסט ווידער, גאָט באַהיט,

אין דײַן גרויסער נויט –

ווי ניט קיין ייִד,

זיך וואַרפֿן אין די אָרעמס פֿון דעם טויט.

שמעיה אָ ניין, ניט מער –

אַלע שווער!

שמעיה ניט מער... ניט מער...

אַלע שווער אונדז, שווער!

שמעיה ניט מער...

קוליה און ווען דער שׂונא ווילד –

עפֿנט ברייט אַ מויל אויף אונדז און שילט,

און שפּײַט? –

שמעיה (ווי געצוווּנגען)

איך לעב... איך לעב און – לייד.

קוליה און ווען דער שׂונא [שלעכט,

אַ שד,

רעדט צו אונדז ווי [ס׳רעדט

אַ האַר צום קנעכט –

ער וועט אונדז זאָגן:
טאַנצט! בשעת מיר [קלאָגן]...
ער וועט אונדז צווינגען:
זינגען!
ער וועט אונדז שלאָגן,
און וועט באַפֿעלן:
פֿרייען זיך און קוועלן,
[בעת] מיר טרויערן...
אַזוי וועט אים געפֿעלן!

שמעיה (פֿאַרצווייפֿלט)
איך לעב... איך האָב געשווירן.

[קוליה] און ווען דער פֿײַנד – געמיין
רויבט אונדז די קינדער קליין,
רײַסט די צינגער זיי אַרויס פֿון מויל,
און שטעקט זיי צינגער אַנדערע אין מויל אַרײַן?

שמעיה אָ גרויל!
אָ פּײַן!
איך לעב...

קוליה און אַז דער שׂונא שלעכט און אומפֿאַרשעמט –
ער נעמט
און רײַסט די קינדער אונדזערע אַרויס
פֿון דעם פֿאָטערס אָרעם, פֿון דער מאַמעס שויס,
[פֿאַרבײַט די] הערצער זיי אַזוי ווי העמדער –
רײַסט [די] אייגענע אַרויס זיי און זעצט אַרײַן דאָרט פֿרעמדע?
פֿרעמד [קלאַפּנדיק] און פֿרעמד גערויטלט? –

שמעיה [ ] ווען ער טייט זיי!
[אויב ניט [דאָס] אייגענע האַרץ איז אַזוי ווי אָן אים...
[אַ האַרץ אַ פֿרעמדס] איז ערגער ווי אַ פֿרעמדער פּנים,
[יידן זײַן אָן] הערצער – שוין בעסער זײַן אָן קעפּ!
[בעסער ווען] זיי ווערן ניט געבוירן –
[בעסער ווען] די מאַמע וואָלט זיי ניט געהאַט... (ציט אויס די הענט צום טײַך –)
אָ, [וואַסערן] פֿון פּרת!

אַלע דו האָסט געשווירן!

שמעיה (פֿאַרצווייפֿלט גיט נאָך)

איך לעב! איך לעב! (ער קומט צו מיט געבראָכענע טריט לינקס און זעצט זיך

דער לעצטער בײַם [ברעג])

אַלע (בלײַבן טרויעריק זיצן אויף זייערע ערטער, די [קעפּ] אַראָפּגעהאָנגען)

צפֿניה (שטייט הויך איבערן אַלטן קוליה, מיטן [פּלייצע צום צושויער]).

שבֿנא (הייבט אָן שפּילן אויף זײַן האַרפֿע)

אַלע (זינגען שטיל, אײַנגעהאַלטן)

געיאָגטע, געפּלאָגטע,
די הערצער געבראָכן,
מיר זענען צו בבֿלס
טײַכן דערקראָכן...

פֿאַרשעמטע, צעקלעמטע
מיט טרויער־געזאַנגען —
מיר זענען צו בבֿלס
טײַכן דערגאַנגען...

געלאָזן אַ מאַמען
אַן עלנטע, וויסטע —
אָ מאַמעניו ציון
ווּ ביסטו? ווּ ביסטו?

צי זעסטו דעם ווייטאָג
דעם צער, דעם שטומען[?]
מיר זענען צו בבֿלס
טײַכן געקומען...

אָ, טײַכן פֿון בבֿל
אָ מעכטיקע טײַכן —
צי האָט אונדזער אומגליק,
צי האָט ער זײַן גלײַכן?

נעמט וואַסערן מיט אונדז,
מיר שווימען צוזאַמען –
פֿאַרטראָגט אונדזער וויטאָג
מיט איַיך אין די ימען!

צפֿניה (פֿאַלט פֿון דער הייך אין וואַסער)
קוליה (גיט טיף אַ קרעכץ)
אבֿיגיל (פֿאַרברעכט מיט די הענט)
המוטל שוין...שוין...

דער פֿאָרהאַנג פֿאַלט לאַנגזאַם

## צווייטער אַקט

די אָנטייל־נעמער פֿון צווייטן אַקט

| | |
|---|---|
| אַבְטַלְיָה | פֿון די בני־לוויים וואָס האָבן געזונגען אין בית־המקדש. |
| שבֿנא | קוליהס יינגסטער זון. |
| קוליה | פֿון די זקני ירושלים. |
| שמעיה | פֿון נחלם |
| אַבֿיגיל | קוליהס טאָכטער |
| נבֿוזראַדן | <דער פֿרעמדער> |
| איינער | פֿון די גולים |
| חולדה | קוליהס טאָכטער |
| אַ ניַי־אָנגעקו־מענער | פֿון מצפּה. |

די סצענע ווי אין סוף פֿון ערשטן אַקט.

אַבֿטליה (אַ יונגער לוי, קומט פֿון לינקס מיט אַ האַרפֿע, קוקט זיך אַרום, ציילט די ניט־פֿאַרנומענע ערטער)
איינער!
און איינער נאָך!
און ווידער איינער – (קוקט זיך אום פֿון ווו ער איז געקומען)
קומט!
עס זיַינען פֿריַיע דאָ נאָך שטיינער,

נאָך אַ סך! (צום אַלטן קוליה)

עס האָבן שטיינער אויסגעפּעלט אין וויסטע. –

קומט פּלייצעס אײַנגעבויגענע, קומט מידע פּיס!

עטלעכע (יִדן, פּרויען, קינדער – קומען אַרײַן, צעשפּרייטן זיך בײַ, און אַרום די זיצנדיקע)

אַבֿטליה זיצט! זיצט!

און פֿרעגט זיך איינער ניט דעם צווייטן: ווער דו ביסט?

ווער ביסטו?

מיר וויסן שוין ווער יעדער איז,

פֿון וואַנען יעדער קומט –

עס איז אויף יעדנס פּנים אויסגעקריצט...

זיצט!

זיצט און שטומט...

שבֿנא (כאַפּט זיך אויף פֿון אָרט, מיט גרויס ערפֿאַרכט.)

אַבֿטליה! דו – דאָ?!

אַבֿטליה (פֿאַרוווּנדערט)

דו ביסט מײַן ברודער –

הגם איך קען דיך ניט,

הגם די מאַמע מײַנע האָט דיך ניט געהאַט –

דו אויך ביסט מיד

און מאַט,

דו גייסט ווי איך אין גלות, ווי איך אַ ייִד,

דו האָסט ווי איך אַ האַרף –

שבֿנא (פֿאַרשעמט)

מײַן האַרף! מײַן האַרף!

איך וועל צעברעכן זי, אַרײַנוואַרפֿן אין פּרת...

אַבֿטליה צעברעך זי ניט, ניט וואַרף

זי אין דעם טײַך –

שבֿנא אי זי, אי זיך...

ווער בין איך דען, איך, איך,

אין פֿאַרגלײַך

מיט דיר, אַבֿטליה?

אָ, בן־לוויים,

מעכטיקער דו זינגער

אין גאָטס היכל!
דײַן ליד שטײַגט איבער יעדן שׂכל,
איז העכער ווי דאָס וואָרט פֿון די נבֿיאים...
שבֿנא דאַרף
בעת אַבֿטליה קומט — ניט ווערן... (צו אַלעמען)
באַהאַלט מיך און צעברעכט מײַן האַרף!

אַבֿטליה
אָ גאָט—
צי איז עס לויב צי שפּאָט?
איך האָב געגלייבט:
מײַן ליד דערהייבט,
מײַן ליד איז ווי דער טאָג!
דערקוויקט —
ערשט ניט...
איך גלייב ניט מערער אין מײַן ליד!
מײַן ליד ווי נאַכט —
דערשלאָגט,
מײַן ליד האָט דיך דערדריקט,
האָט דיך פֿאַרטויבט,
דײַן רו געגרויבט,
דיך אומעטיק געמאַכט —
איך בין וו'אַ בין:
ס'איז ניט מײַן האָניק זיס,
עס איז
מײַן ביס! מײַן ביס
וואָס טרעפֿט דעם מענטש... (פֿאַרדראָסיק)
איך...אַ שטעכעדיקע בין! (ווענדט זיך צו אים פּלוצלינג)
דו ביסט אַ ייִד?

שבֿנא
איך בין!
איך בין אַ ייִד,
און דו — דו אַ לווי, ביסט געבענטשט...

אַבֿטליה
מענטש!
צי האָסטו ניט ווי איך
געפֿרייט אין ציון זיך?

און ניט, ווי איך אין מדבר־זאַמד געליטן?
[אַהער]!
דײַן האַרף אַהער,
גיך! גיך!
נעם מײַנע, נעם, און איך
נעם דײַנע — (בײַט זיך מיט אים)
מיר האָבן מיט די האַרפֿן זיך געביטן,
דײַנע איז ניט ווייניקער און מײַנע, מײַנע —
איז ניט מער...
אַזוי די הערצער אונדזערע — איין האַרץ,
דאָס גוטע דאָרט און אויך דאָס שלעכטע —
איין פֿרייד געווען דאָרט נעכטן,
און הײַנט איין שמאַרץ...
מיר זענען ניט באַקאַנט,
מיר זענען אָבער מערער ווי באַקאַנטע —
מיר זענען קינדער פֿון איין לאַנד,
מיר זענען ברידער — יאָ!
איין דאָס אומגליק דאָ,
און איין די שאַנדע...
ווי רופֿט מען דיך?

שבֿנא (לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ, שווײַגט)

אַבֿטליה כ'האָב אין די אויגן דיר אַרײַנגעדרונגען —
עס ליגט אַ האַרץ פֿאַר מיר אין גאַנצן אָפֿן:
דאָס טיפֿסטע דאָס באַהאַלטנסטע אין דיר
האָט, ווי אַ ליד
צעזונגען זיך אין מיר,
זיך צעזונגען
און זיך אין מיר צעגליט —
כ'וואָלט אין יעדן ווינקל פֿון דײַן זעל אַרײַנגעטראָפֿן,
זיי האָבן אַלע זיך פֿאַר מיר [געעפֿנט]
קלאָר,
דער נאָמען דײַנער נאָר—
איך קען דעם נאָמען דײַנעם נאָר ניט טרעפֿן!

וי רופֿט מען דיך?

**שבֿנא** שבֿנא.

**אַבֿטליה** שבֿנא... שבֿנא – בן? –

**שבֿנא** (ווײַזט אָן אויפֿן אַלטן קוליה)

דער פֿאָטער מײַנער, דער –

דער אַלטעטשקער, דער טרײַער...

**אַבֿטליה** ער! איך האָב אין בית־המקדש אים געזען! (דערמאָנט זיך)

קוליה!

**שבֿנא** יאָ קוליה.

**שמעיה** (שפּרינגט אויף פֿון אָרט)

קוליה!

וי אומפֿאַרהאָפֿט,

וי ווונדערלעך דער גורל טרעפֿט אונדז אָפּט,

איך גיי מיט אײַך צוזאַמען.

האַנט בײַ האַנט דאָ

וואָכן שוין! שוין וואָכן

וי מיר וואַנדערן צעוויטאָגט און צעבראָכן

דורך טעג ווי פֿלאַמען...

טעג –

אין ברענענדיקע זאַמדן,

זיך געשלעפּט, געשלעפּט!

ניט געשטאָרבן, ניט געלעבט!

דורך וויסטע נעכט אין וויסטע, ניט געשלאָפֿן,

און ניט געוווּסט מיט וועם איך מאַך דעם וועג.

קוליה! דו! דו האָסט אַ זון אין בבֿל?

**קוליה** (אומצופֿרידן)

יאָ, אין בבֿל... אַ קנאַפּער נחת –

**שמעיה** אַחאָבֿ!

**קוליה** אַחאָבֿ, יאָ... מײַן בכור!

**שמעיה** אַ נבֿיא!

**קוליה** וואָס רעדט ניט וואָר!

און ערגער נאָך זײַן טאָן...

ניט דערמאָן אים מיר, אָ ניט דערמאָן –

עך איז געפֿאַלן טיף...

ירמיהו כ״ט – פס׳ כ״א — קענסט ירמיהוס בריוו?

פֿאַרשאָלטן איז פֿון גאָט ער –

**אַבֿיגיל** פֿאָטער!

**קוליה** (צו שמעיהן)

דו קענסט מײַן זון?

**שמעיה** איך קען אים...

**קוליה** דו האָסט געזען אים –

ווו?

ווו האָסטו אים דערקענט, דעם פֿאַלשן נבֿיא?

**שמעיה** אין בבֿל.

**אַבֿיגיל** (שפּרינגט אויף פֿון אָרט)

אין בבֿל? דו!

**שמעיה** יאָ, איך... איך בין אין בבֿל שוין געווען...

דעריבער איז מיר שווער אַזוי דער גאַנג –

אי שווער, אי באַנג...

דער זעלבער קייטנקלאַנג,

די זעלבע זאַמדנהייס,

און דערנאָך... איך ווייס –

איך בין אין בבֿל שוין געווען!...

**אַבֿיגיל** ווען? ווען?

**שמעיה** איך בין דאָ, אין די זאַמדן איין מאָל שוין געגאַנגען.

**קוליה** ביסט אַזוי יונג –

און צוויי מאָל שוין אין גלות!

**שמעיה** נבֿוכדנאצר האָט אַ ייִנגערן מיך נאָך געפֿאַנגען...

כ׳בין אים געפֿעלן!

ער האָט פֿאַרטריבן מיטן קעניג מיך, מיט יהויכין.

**קוליה** און מיט מײַן זון! מײַן זון... דו קענסט מײַן זון?

**שמעיה** ער איז געווען מײַן שכן.

**קוליה** ווי רופֿט מען דיך, דײַן נאָמען? (דערמאָנט זיך)

שמעיה, יאָ... הייסט שמעיה!

דו זאָג מיר פֿון דאָס נײַ אים...

**שמעיה** (שטיל)

שמעיה –

**קוליה** שמעיה... ביסט טאַקע יענער!

ווי האָב איך עס פֿאַרגעסן?

ביסט אין בבֿל שוין געווען –

ביסט יענער! יענער!

אָ, טרויעריקסטער ייִד פֿון אַלע צײַטן,

אָ גרויסער אָבֿל!

ביסט יענער, יענער –

ביסט שיין געווען אין בבֿל,

ביסט שיין געווען פֿון ווײַטן –

פֿון נאָנטן ביסטו שענער!

דײַן שטומער צער און דײַן שטילער יאָמער –

און טיף דײַן טרויערן,

יאָ, שמעיה... דער נחלמער!

שמעיה... דו! יעצט האָב איך, צום באַדויערן,

ניט קיין טעות –

דו ביסט דער שמעיה וואָס אין בריוו אין ירמיהוס...

ברוך בן־נריה איז בײַ מיר געווען,

ער האָט מיר אים געלעזן...

אָ, חלום שווער וואָס וואָר איז! חלום שווערער!

ער האָט דעם בריוו געלעזן מיר און דערציילט מיר מערער...

ער שילט אײַך ביידן, ירמיה... איך, אין מײַן ווייטיק־גרויס,

האָב אויך פֿאַרבראָכן מײַנע הענט:

אָ, גאָט!

הלוואי וואָלסטו, דו שמעיה, דו, אַנשטאָט

מײַן אַחאָבֿן אַרויס

פֿון מײַנע לענד,

כ'וויל אַ געשענדטן זון און ניט אַ זון וואָס שענדט!

זײַ מוחל, שמעיה, מיר בײַם ראַנד פֿון לעבן!... (פֿאַלט אים שווער צו די פֿיס)

**שמעיה** (דערשלאָגן, הייבט אים שווער אויף, זעצט אים אויף אַ שטיין בײַ

דער זײַט, פֿאַלט צו צום שטיין דערנעבן, בלײַבט דערשלאָגן אויף אים זיצן.)

**אַבֿיגיל** (קוקט פֿאַרוווּנדערט אויפֿן פֿאָטער און שמעיהן)

וואָס קומט דאָ פֿאָר? (צום פֿאָטער)

צי האָסטו גאָר
פֿאַר אים פֿאַרזינדיקט זיך?

קוליה נישט איך... ניט איך...
מײַן קינד!
פֿאַל אויך, בעט אויך
בײַ אים פֿאַרגעבונג...
בעט הויך
פֿאַר אַחאָבֿס, פֿאַר דײַן ברודערס זינד...
ער האָט פֿאַרפֿירט זײַן ווײַב!
האָסט ניט געזען וואָס ירמיהו שרײַבט –
ער שרײַבט דאָרט קלאָר: (באַדעקט מיט די הענט דעם קאָפּ)

אַבֿיגיל וואָס קומט דאָ פֿאָר? (צעשטרויט, בלײַבט זיצן נעבן פֿאָטער)

אַבֿטליה (קלאַפּט שטאַרק אָן אויף די סטרונעס פֿון זײַן האַרף)
נעם, שבֿנא, אויך דײַן האַרף ווי איך, קלאַפּ אָן די [סטרונעס]
און מיר געפֿינען דעם באַשייד פֿון אַלץ, מיר האָבן אים געפֿונען.
גיך טונק מיט מיר זיך אָפּ אין ליכט פֿון אייג׳נע זונען –
גיך־גיך! ווײַל זיי צערינען... זיי זענען שוין צערונען!
אָט וועלן מיר זינגען און צעזינגען זיך, זינג מיט!
די וועלט איז אויפֿגעגאַנגען, אויסגעגאַנגען, זיך צעגאַנגען אין אַ [ליד.]

זינג, זינג... געזאַנג!
עס איז דיר באַנג,
אַיאָ? עס איז דיר שוו[ע]ר?
זינג! זינג!
און ס׳ווערט דיר גרינג –
זינג! זינג!
און ס׳ווערט דיר שווער...
זינג מער –
און ס׳ווערט דיר ווידער לײַכט!

זינג, זינג – געזאַנג!
ניט זאָג מיר דײַן פֿאַרלאַנג –

ניט זאָג אים, זינג!
געזאַנג – ס'איז פֿול דײַן זעל –
גיס אויס!
פֿון זעל אין קעל –
אַ טײַך!
עס גיסט זיך פֿון די ברעגן שוין אַרויס,
יעצט זענען דיר די אויגן פֿײַכט,
די אויגן קלאָר,
און לײַכט איז דיר געוואָרן, לײַכט!
זינג, זינג!
געזאַנג איז חלום און איז וואָר,
עס איז אַ חלום אין אַ וואַכן,
אַ וויינען אין אַ לאַכן,
זינג, זינג – געזאַנג!
איז וועלן און פֿאַרציכטן –
זינג – שלעפֿער אײַן מיך,
מיט שאָטנס און מיט שײַן מיך...
זינג – רײַס מיך אויף פֿון שלאָף
זינג, זינג – דערצייל געשיכטן,
אָן ווערטער – ליכטער נאָר, נאָר ליכטער!
זינג – זינגען איז דער אָנהייב און דער סוף
פֿון מענטשלעכן געדאַנק –
געזאַנג!
זינג שבֿנא, זינג דער ערשטער, דו דאַרפֿסט נאָר וועלן –
זינג, זינג, דו האָסט מײַן האַרף... הייב אָן און ענדיק – סלה!

**שבֿנא** (קלאַפּט אָן די סטרונעס פֿון זײַן האַרף און זינגט):

תהלים קל״א

א) שיר המעלות לדוד –
אָט וועל איך זינגען איצט דאָס אויפֿשטײַגליד אויף שטיגן!
אַ געזאַנג צו דודן געזונגען מיט זײַן ניגון.

גאָט! ניט געגרויסט זיך האָט מײַן האַרץ אין פֿולן אין זײַן גלויבן –
און הויך האָב איך די אויגן מײַנע ניט געהויבן...

ניט געגאַנגען בין איך קיין מאָל ניט אין גרויסן –
און וואָס צו וווּנדערלעך פֿון מיר איז – בין איך נישט אויסן...

ב) צי האָב איך ניט וו׳אַ קינד אין מאַמעס שויס זיך פֿאַרגעשטעלט מײַן זעלע?
מײַן זעל – וו׳אַ קינד אַנטווײנט אין מיר, וו׳אַ קינד געפֿעלן –

ג) האָף, האָף ישׂראל, דו, צו גאָט האָף גלייביק!
דו האָף פֿון יעצט און ווײַטער – און אַזוי אויף אייביק...

אַבֿטליה זעסט, ס׳איז דיר געלונגען!
דו האָסט דאָס האַרץ, דאָס פֿולע אויסגעגאָסן,
דו האָסט געזונגען
ווי איינער פֿון בני אָסף...

שבֿנא איך האָב דאָס אויפֿשטײַגליד געזונגען אויף די שטיגן
דאָס ליד וואָס פֿאַר דער היכל־טיר... וואָס בײַ דער טיר!

אַבֿטליה עס הערן פֿאַר דער טיר דיך ייִדן מערערע!
אַלע עולי־רגל, וואָס קענען ניט אַרײַן אין דבֿיר,
זענען דײַנע הערער!
אַלע עולי־רגל –
זיי שטייען אויפֿן הויף פֿון הר־הבית, זיי ליגן –
אויף די שטיגן,
זיי האָבן זיך צעלייגט אויף אַלע וועגן
וואָס פֿירן צו גאָטס הויז –
אַ סך! אַ סך!
אַ מחנה גרויס!
מיט ווײַב און קינד,
און מיט די שעפּסעלעך און מיט די ציגן,
ירושלים גאַנץ איז זייער שויס,
דער הימל זייער דאַך –
אַ ווינט,
אַ ווינטעלע פֿון הייליקסטן פֿון היגל,
טראָגט צו די ווערטער זיי, טראָגט צו דעם ניגון
ווײַט ווײַט און ווײַטער נאָך,

צו די געקומענע פֿון דן און פֿון באר־שבֿע...
אָ, ווינטעלע געבענטשט, דערפֿריי, דערהײַטער זיי,
נאָר ניט פֿאַרוויג זיי,
נאָר ניט פֿאַרשלעפֿער!
זיי ליגן, ליגן
און הערן צו די שיר־המעלותן זיך צו,
צו די אויפֿשטײַגלידער אויף די שטיגן –
זיי הערן, הערן – און ווייסן ניט פֿון וווּ:
צי קומט דאָס ליד פֿון הימל העל?
צי קומט עס פֿון דער שוועל
פֿון בית־המקדש?
איך האָב אויפֿגענומען שטענדיק ווי אַ גליק עס,
זינגען בײַ דער טיר –
פֿריי זיך, פֿריי זיך, שבֿנא, ס׳איז דיר געלונגען!

שבֿנא איך האָב דאָך בײַ דער טיר פֿון היכל ניט געזונגען –
איך האָב געזונגען נאָר דאָס ליד וואָס בײַ דער טיר...
אַ דאַנק דײַן האַרף וואָס איז מיר
אָפּגעגעבן יעצט געוואָרן דאָ פֿון דיר...
דו האָסט מײַן האַרף – , זי ציטערט, זע, אין דײַנע הענט.
ווי זי וואָלט דיך געקענט...
אָ זינג אויף איר
די לידער דײַנע וואָס אין דבֿיר...
זינג לאַבֿטליה שיר,
שיר־מזמור!

אַבֿטליה (קלאַפּט אָן די סטרונעס פֿון דער האַרף)
הערט אַלע, הערט:
עס רעדט דאָך ניט די ערד,
און די הימלען – הערט אײַן זיך, צי זיי ריידן?
זיי ריידן ניט,
זיי זינגען אַ געזאַנג,
זיי זינגען באַנג –
אָט וועל איך אויך צעזינגען זיך אין פֿריידן!
צי האָט איר ווען געזען ווי ס׳הייבט אָן צו טאָגן

אויף ציון?
איך וועל עס אײַך ניט זאָגן,
איך וועל׳ס באַזינגען,
באַזינגען איז מיר גרינגער...
איך וו[ע]ל׳ס באַזינגען אין די גאַסן, אויף די מערק:
פֿריִער הייבן אָן די שפּיצן מיזרח־בערג
די העכערע, די ווײַטערע
צו גליִען,
דערנאָך ערשט פֿאַלט פֿון אויבן
אַ שטראַל אַן ערשטער, אַ געלײַטערטער
אויף ציון –
און ס׳ווערט אין ציון ליכטיק – ס׳איז געשען!
און בלינדע הייבן אָן צו זען,
און ס׳הערן טויבע,
און [אומ]גלייביקע – זיי הייבן אָן צו גלייבן,
שטומע זענען רעדעוודיק געוואָרן,
און אָרעמע ווערן רײַך,
און רײַכע אָרעם –
אָרעם – וויי געשריִען,
אָרעם אין פֿאַרגלײַך
מיט דער ליכטיקייט די קלאָרע,
וואָס פֿאַלט אויף ציון.

אַלע: מיט דער ליכטיקייט וואָס פֿאַלט אויף ציון!

אַבֿטליה: (קלאַפּט שטאַרקער אָן אויף די סטרונעס פֿון זײַן האַרף)

צי ווייסט איר ווי ס׳וואַקסט אויף די מאָרגנרויט אויף ציון,
אויף ירושלים־היגלען?
צי האָט איר ווען געזען אַן אָדלער קומט צו פֿליִען[]
מיט אויסגעשפּרייטע פֿליגלען?
ניט ענלעך, ניין, ניט גאָר ניט!

צי ווייסט איר, זאָגט, ווי דער פֿרימאָרגן עפֿנט אויף די ווימפּער
אויף ציון, אויף דער מאַמען?
איר האָט געהערט ווי ס׳ברעכן דונערן אויס מיט אַ געקלימפּער,

און בליצן – פֿלאַמען?
ניט ענלעך, ניט אַ האָר ניט!

ווייסט איר ווי אַזוי ס׳האָט אויפֿג[עהעלט] אויף ציון דער [ב]אַגינ[ע]ן!
אַ ליכט פֿון טויזנט זונען?
איר האָט געזען אַן אינד מיט אויגן אָפֿן־ברייט, וואָס וויל אַ קוואַל געפֿינען –
און געפֿונען!
ציון, קוואַל, דו קלאָרער!

צי ווייסט איר ווי ס׳וואַכט אויף דער מאָרגן פֿון זײַן דרימלען,
און עפֿנט אויף, הייבט אויפֿן ציון־באַרג די וויִעס?
אָ, ניט די זון... ס׳האָט גאָט [פֿ]אַרלאָזן זײַנע הימלען
און איז אַראָפּ אויף ציון –
אָ אמתע, אָ וואָרע!

אַלע — אָ אמתע, אָ וואָרע!

דער פֿרעמדער — (רײַסט זיך פֿון צווישן עולם אַרײַן אין מיטן סצענע)
ווער גייט? אָ ווער פֿון אײַך?
ווער שלײַכט
מיט מיר יעצט גלײַך
אויף וועגן קרומע, שטילערהייט?
ווער גייט מיט מיר געהיים
צוריק אַהיים?
קיין יהודה!
ווער? ווער? הייב אויף די הענט!

קוליה — יהודה ברענט!
זי ברענט, זי איז פֿאַרברענט!
אירע קינדער מיד געיאָגט אין גלות... (צום פֿרעמדן)
ווער ביסטו, וואָס דיך ציט
אַזוי קיין יהודה?

דער פֿרעמדער — כ׳בין ניט קיין ייִד,
ניט אײַערער אַ ברודער –
איך וויל עס ווערן!

איך וויל צו אײַך געהערן...

**אַלע** (אַ שטילער געמורמל גייט אַלע אַדורך)

**דער פֿרעמדער** איר קענט מיר'ס ניט פֿאַרווערן,
איר קענט עס קיינער ניט, ניט קיינער מיר'ס פֿאַרביטן! (צו אַבֿטליהן)
דו! דו! דײַן ציון־ליד,
און יעדער ווײַטאָגדיקער, אײַטערדיקער ייִד –
איר האָט מײַן האַרץ מיר אומגעביטן,
אין שמאַרצן גרויסע און אין תּענוג!
אָ הייליקער דו זינגער!
אָ ייִדן! פֿאָלק פֿון גאָט געאַכפּערט און געפּריזן,
און אַזוי געפּײַניקט...
איר האָט דאָס שווערסטע שוין באַוויזן,
באַווײַזט יעצט עפּעס גרינגערס:
איר האָט מײַן האַרץ געענדערט, ענדערט מיר דאָס פּנים –
מען זאָל מיך ניט דערקאָנען...

**שמעיה** בלײַב בײַ דײַן האַרצן, פֿרײַנד,
ווי אויך בײַ דײַן געזיכט –
יעדעס האַרץ – הגם פֿאַרשידן – שײַנט,
פֿון י[ע]דן פּנים פֿאַלט אַן אַנדער ליכט...
בלײַב וואָס דו ביסט!

**דער פֿרעמדער** איך בין אַ גוי.

**שמעיה** אַ גוי?
טאָ זײַ געגריסט!
בלײַב וואָס דו ביסט –
דער הימל איז דאָך בלוי,
און אונדזער ערד איז שוואַרץ –
בלײַב [בײַ] דײַן האַרץ,
און בײַ דײַן פּנים בלײַב!

**דער פֿרעמדער** אָ ניט פֿאַרטרײַב מיך, שמעיה, ניט פֿאַרטרײַב!
שמעיה!
איך האָב געזוכט
בעת ווען
דו ביסט אין פּרת געשפּרונגען –

און אַרויס פֿון בבֿלס וואַסערן אַ נײַער,
אַ באַפֿרײַער –
שמעיה! (ווײַזט אויף אַבֿטליהן)
און ער – ער האָט געזונגען,
און ס'האָט געגאָסן זיך פֿון ליד
דאָס ליכט פֿון זיבן טאָג –
אָ, ניט פֿאַריאָג, מיך, שמעיה, ניט פֿאַריאָג!

שמעיה
גאָט באַהיט!
כ'האָב מערער ליב דעם אמתן דעם גוי,
ווי דעם גוי וואָס ווערט אַ ייִד,
כ־האָב ליב אַ גוי אַ גוייִשן נאָך מער
ווי אַ גוי אַ גר –

דער פֿרעמדער
אָ זאָג עס ניט!
ניט רייד, ניט רייד אַזוי... (מיט בענקשאַפֿט)
איך וויל פֿון הימלבלוי!
איך וויל פֿון שָרון־גרין!
פֿון ציון־שײַן!
איך וויל אין ציון זײַן!
מיך ציט
אַהין... אַהין...

שמעיה
אָ, טו עס ניט!
דער הימלבלוי איז איבער אונדז און אײַך
ניט גלײַך...
און גוט וואָס ר'איז ניט גלײַך!
זײַן ענלעך – איז זײַן אָרעם, זײַן אַנדערש – איז זײַן רײַך!
דער הימלבלוי – דאָ טיפֿער! און דאָרטן איז ער קלערער...
דאָ קוים פֿאַרוואָלקנט און דאָרט פֿאַרוואָלקנט מערער...
דאָס שוואַרצע אין העל־בלויען איז אַ מאָל נאָך שענער,
און קליין־געוועקסיקע זענען דאָך ניט קלענער...
און זאָג איך ציון –
זאָגט דער אַשורער: נינוה! און דער מצרי: מוֹף!
ניט לויף צום ציון־גרין, ניט לויף, ניט לויף...
מיט אייגענע פֿאַרבלײַען און ניט מיט פֿרעמדע בלײַען!

דאָס פֿרעמדע גרין איז דאָך ניט גרין, ס׳איז שימל!
ניט בײַט דײַן ערד און ניט פֿאַרטויש דײַן הימל...
אָ, טו עס ניט!
אַ גוי, אַ ייִד –
זאָג יעדער זיך: איך בין דאָך וואָס איך בין!

דער פֿרעמדער
פֿאַרגינסט מיר ניט? – פֿאַרגין!
פֿאַרגין דאָס ליכט מיר פֿון דײַן גאָט,
פֿאַרגין זײַן אמת מיר, פֿאַרגין מיר זײַן גענאָד!
צי ווערט דען צוליב מיר זײַן ליכט פֿאַר דיר געמינערט?
זײַן ליכט איז אָן אַ מאָס!
עס פֿאַלט דאָך אָן אַ חשבון אויף דעם גראָז,
אויף גראָזן גרינע –
מעגסט עס מיר פֿאַרגינען!

שמעיה
דו האָסט מיך ניט פֿאַרשטאַנען –
דאָס ליכט, פֿון וועלכן דו האָסט יעצט גערעדט,
וואָס טוט פֿון הימל פֿליסן –
וואַרעמט אַלעמען דאָ אונדז און גלעט,
טוט אַלעמען באַשײַנען
און באַגיסן,
טוט אַלעמען געהערן –
ס׳איז דײַנע און ס׳איז מײַנע –
דו דאַרפֿסט ניט אַנדערש ווערן
כּדי פֿון אָט די ליכטיקייטן גאָטס געניסן –
דו האָסט מיך ניט פֿאַרשטאַנען!
ניט [ז]אָג [מיר] וו[ער] דו ביסט, איך דאַרפֿ׳ס ניט וויסן!
ניט [זאָג] פֿון ווו דו קומסט... אָ זאָג מיר ניט פֿון וואַנען –
[מע]גסט זײַן אַ כּשׂדי, מעגסט זײַן פֿון די בני־אשור –
ביסט פֿאַר דעם ליכט, דעם אייביקן,
ווי איך אַ ייִד, ווי אַלע גלייביקע,
געכּשרט...

דער פֿרעמדער
איך האָב דיך ניט פֿאַרשטאַנען – איך, דער גוי...
דו פֿ[אַר]שטייסט מיך אָבער אויך ניט גאַנץ גענוי –
צי פֿאַרהאַנדל איך מײַן נפֿש אויף אַ מאַרק דאָ?

צי לאָז איך שוואַכע און גיי אַוועק צו שטאַרקע?
צי לאָז איך אָרעמע און גיי אַוועק צו רײַכע?
איך וויל... צו גאָט! ער איז בײַ אײַך, בײַ אײַך דאָ!
צו גאָט! צו גאָט! וואָס איז דער גאָט פֿון אַלע!
איך וויל צו אײַך, צו אײַך —
און ווײַל איר זענט געפֿאַלן
און פֿאַרלאָרן,
ווײַל איר זענט צעבראָכן;
איך וויל אַוועק פֿון רײַך
צו אָרעם,
פֿון אַ פֿאָלק אַ שטאַרקן צו אַ שוואַכן...

אַבֿטליה הערט! הערט!
ער זינגט ווי מיר אויף דר'ערד...
ער זינגט דאָך תּהלים!
און קלאָר אַזוי און שאַרף —
נאַ, נעם מײַן האַרף
און זינג, זינג אויס געפֿילן
העכער פֿונעם שׂכל...
הערט, הערט:
ער זינגט ווי מיר אויף דר'ערד! (ווענדט זיך צום פֿרעמדן)
דו ביסט
געוויס
געווען אין הייליקן, אין אונדזער היכל?

דער פֿרעמדער געווען... (ער לאָזט אַראָפּ שווער דעם קאָפּ)

אַבֿטליה דו האָסט דאָרט וואָס געזען?
געהערט?

דער פֿרעמדער (מיט אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ)
געזען, געהערט — (הייבט אויף דעם קאָפּ)
דאָס האָב איך דעם היכל אײַערן צעשטערט,
איך בין נבֿוזראַדן — (קורצע, שטומע פּויזע)

אַלע (אין אַ ווײַלע אַרום, הייבן זיך אין שרעק פֿון די ערטער, טרעטן פֿאַר בייז וווּנדער צ'ריק)]

נבֿוזראַדן איר האָט זיך ניט גערעכט אַוודאי!
איר האָט געגעבן אַלע

אַ וואַקל זיך אויף צ׳ריק!
איר וואָלט אַנטלאָפֿן פֿון מיר אַלע –
איך אויך, איך וויל פֿון זיך אַנטלויפֿן אויך!
אײַער אומגליק רופֿט מיך, רופֿט – [ווי] גרויס אַ גליק –
איר האָט דערהייבן מיך אין אײַער פאַלן
הויך,
איך גיי, איך גיי דעם וועג קיין ציון צ׳ריק –
ווער מאַכט אים מיט?

אַלע (שווײַגן)

נבֿוזראַדן אָ שרעקט זיך ניט פֿאַר מיר!
אויב ניט קיין ייִד,
כ׳בין אײַער ווײַטער קרובֿ –
ווער גייט קיין ציון, זאָגט?

קוליה ציון! זי איז דאָך חרובֿ –
די שטיינער אירע בריִען...

נבֿוזראַדן אונטן בריט זי און אויבן, אויבן טאָגט!

אַבֿטליה הערט! הערט!

נבֿוזראַדן ווער גייט! ווער גייט מיט מיר קיין יהודה?

קוליה יהודה איז פֿאַרוואָרלאָזט, פֿאַרברענט שוין ברודער...

נבֿוזראַדן יהודה די פֿאַרוואָרלאָזטע, יהודה די פֿאַרברענטע –
זי איז מיר נאָנט געוואָרן, נענטער...
אַ לאַנד פֿאַרוויסטיקט, פונקט ווי אַ מענטש אין זײַנע שמאַרצן –
רעדט מער צום האַרצן.

אַבֿטליה הערט! הערט!
ער זינגט ווי מיר אויף דר׳ערד!

נבֿוזראַדן איך בין נבֿוזראַדן –
ניט קיין זינגער!
אַ באַצווינגער –
איך בין צו אײַך געקומען אַ באַצווינגער,
מיט האַס, מיט צאָרן –
און בין באַצוווּנגען דאָרט בײַ אײַך געוואָרן
פֿון אײַער גרויסן וויי...
איך גיי –

דורך געהיימע וועגן הייב אָן איך יעצט זיך שלײַכן,
דורך וועגן, אומוועגן ניט גלײַכע
און ניט גראַדע –
צום וועג צום גלײַכן
און צום גראַדן –
איך בין נבֿוזראַדן!
פֿאַרשטויסט מיך ניט –
אָ נעמט אַרײַן מיך יעצט אין אײַער מיט,
אָ נעמט אַרײַן דעם וואָלף אין אײַער סטאַדע –
כ׳וויל זײַן אַ שעפּס!
נעמט אַרײַן דעם בלוטפֿאַרגיסער אײַערן און דעם צעשטערער[,]
דעם תּלין וואָס האָט אײַך געקעפּט,
נעמט אַרײַן מיך יעצט אין אײַער מיט!
דער וואָס פֿאַרפֿאָלגט דעם ייִד
פֿאַרפֿאָלגט מיך מערער –
איך בין נבֿוזראַדן!
מען זוכט אויף יעדן באַרג מיך, אין יעדער פֿעלדזנשפּאַלט,
און אין מדבריות אַוודאי,
אין יעדער הייל –
מען פֿרעגט דעם מרדך[1]  מען פֿרעגט דעם בֵל[2]:
ווו? ווו?
מען זוכט אויף גאָר דער וועלט,
מען פֿרעגט בײַ יונג און אַלט,
בײַ קליין, בײַ גרויס,
מען זוכט אין יעדן צעלט,
אין יעדן הויז:
ווו? ווו?
ווו איז נבֿוזראַדן?
מען שפּירט מיך נאָך ווי הינט, מען שנאַפּט
אויף אַלע וועגן, אויף אַלע פּלעצער –
עס טויבט,

2,1. באַבילאָנישע הויפּטגעטער <באַמערקונג פֿון מחבר>

עס הייבט
זײַן פֿויסט
נבֿוכדנאצר:
ער פֿרעגט בײַ געטער און אין יעדער תּפֿלה:
ווו?
ער ווייסט ניט פֿון קיין רו –
ווי וואָלט ער מיך געכאַפּט!

קוליה (אַ דערשראָקענער, וויל אים אַרײַננעמען און באַהאַלטן צווישן די גולים)
באַהאַלט זיך טיף דאָ, טיף דאָ...

נבֿוזראַדן (בלײַבט אין זײַן אויפֿרעגונג אין דער מיט פֿון דער בינע)
איך קום פֿון רִבְלָה,[3]
דאָרט האָב איך אים געזען אין זײַן גאַנצער שפֿלות,
בײַ זײַן גרעסטער עוולה...
געהעצט... ניין ניט געהעצט! נאָר אַליין דער העצער
איז׳ס געווען
ער אַליין, דער קעניג נבֿוכדנאצר – (כאַפּט זיך צוריק)
ניט ער! ניין, ניט דער בבֿלי!
צדקיהו! וואָס איז געשטאַנען אונטערטעניק –
ער איז געווען דער קעניג!
נבֿוכדנאצר האָט די האָריקע די הענט
אויף זײַן ברוסט פֿאַרפֿלאָכטן,
און פֿאַר די אויגן פֿון אַ פֿאָטער
האָט ער
געהייסן קינדער שעכטן –
און מען האָט געשאָכטן...
דערנאָך האָט ער דעם פֿאָטער די אויגן אויסגעברענט –

אַלע אָ, גאָט גערעכטער!

נבֿוזראַדן דערנאָך! דערנאָך! פֿאַר וואָס ניט פֿריִער?
אָ גאָט פֿון ציון!
גאָט וואָס אין הימל און אויף דר׳ערד –
דו ענטפֿער מיר דאָ יעצט:

3. די שטאָט וווּ נבֿוכדנאצר האָט געמשפּט דעם קעניג פֿון יהודה, צדקיהו... <באַמערקונג פֿון מחבר>

פֿאַר וואָס האָט ער עס ניט געמאַכט פֿאַרקערט?
פֿאַר וואָס האָט ער דעם פֿאָטער פֿריִער
די אויגן ניט אַרויסגעזועצט?
געמאַכט אים בלינד,
און שפּעטער זיי, די קינדער ניט געשאָכטן?
קינד נאָך קינד...
איר האָט געזען שוין רויטן, רויטן גראָז?

אַלע (מיט אַ ווייגעשריי צו גאָט)
פֿאַר וואָס? אָ גאָט, פֿאַר וואָס?

נבֿוזראַדן אָ אויגן צדקיהוס, אויגן אויסגעשטאָכן –
לויפֿט ניט נאָך מיר!
זאָל יאָגן מיך נבֿוכדנאצר,
זאָל יאָגן מיך זייַן בֵּל, זייַן מרדך, זייַנע וויסטע געצן –
נאָר ניט די אויגן דייַנע, אָ, קעניג ציונס! (צו אַלע אַרום)
פֿאַרמאַכט די אויגן אייַ׳רע שוואַרץ,
די אויגן אייַערע וואָס בלאָ איז –
איר האָט די אויגן צדקיהוס!
אויגן אויסגעשטאָכענע וואָס גליִען!
אויגן! אויגן – ווי אַ צעבלוטיקטע אַ האַרץ,
אויגן וועלכע בריִען,
אויגן צדקיהוס –
אָ, פּייַן!
פֿאַרמאַכטס! פֿאַרמאַכטס!

אַלע אָ, צדקיהו!

נבֿוזראַדן אָ, קעניג פֿון יהודה –
איך וויל דייַן ברודער זייַן!
כ׳בין אייַער ברודער!
ייִדן!
קייַקלט צו אַ שטיין דאָ אין דער מיטן –
איך וועל זיך זעצן –
און גאָלט מיר אָפּ די באָרד!
און זאָל נבֿוכדנאצר
מיר קוקן גלייַך אין מייַן געזיכט –

און ניט דערקאָנען מיך;
און קוקט ער מיר אַרײַן
אין האַרץ אין מײַן —
דערקענט ער ניט אַוודאי!
ווו איז נבֿוזראַדן?
רײַסט אויס די באָרד, די בבֿלשע פֿון פּנים מיר,
מיר פֿון געזיכט —
ווי כ'האָב דעם בבֿלער מיר פֿון האַרץ אַרויסגעריסן!
ס'איז אויפֿגעגאַנגען מיר יעצט, גרויס אַ ליכט,
אַ גרויסע ליבע,
איר האָט אין האַרצן זיך צו מיר אַרײַנגעקליבן,
און האָב אײַך ווייניקער אויף מײַן געוויסן...

**שבֿנא** (קײַקלט אים צו אַ שטײן אין מיטן דער בינע)

**נבֿוזראַדן** (זעצט זיך אויף אים מיטן פּלייצע צום צושויער)

**שמעיה** (מיט א גאָלמעסער אַנטקעגן אים און קעגן איבער דעם צושויער)
איך גאָל דיר אָפּ,
דעם קינבאַק און דעם קאָפּ —
ווי אַ ייִד אין טיפֿן אין זײַן טרויער...
אין טעג אין אומעטיקע, טריבע,
אין טעג פֿון צער, פֿון אומגליק און באַדויער...
די פּאות לאָזט אַ ייִד זיך איבער —

**נבֿוזראַדן** לאָז זיי איבער! (שפּרינגט אויף פֿון אָרט, דרייט זיך אום מי[טן]
פּנים צום צושויער: דאָס פּנים און דער קאָפּ אָפּגעגאָלט, ניט צו דערקאָנען)

**שמעיה** איך האָב דיך אָפּגעגאָלט!

**נבֿוזראַדן** (דאַנקבאַר)

**שמעיה** דו האָסט'ס געוואָלט!

**נבֿוזראַדן** שמעיה!
דו האָסט אַ באָרד פֿון דרויסן מיר אַראָפּגעשניטן,
און טיף פֿאַרפֿלאַנצט אין מיר אַ ייִדן!

**שמעיה** דו האָסט'ס געוואָלט —
איך האָב דיר אָפּגעגאָלט...נישמער ווי אָפּגעגאָלט —

**נבֿוזראַדן** דו האָסט מיך יעצט געבוירן ווי ס'געבוירט אַ פֿרוי!

**שמעיה** ניט רייד אַזוי!

דו ביסט נאָך ניט אויס גוי,
און ווײַט נאָך ניט קיין ייִד –

נבֿוזראַדן: איך בין! איך בין! אָ, שמעיה –

שמעיה: ביסט ניט גערעכט...

נבֿוזראַדן: איך בין אויס קנעכט,
איך שטיי פֿאַר דיר אַ פֿרײַער –
אַ ייִד!

אַבֿטליה: הערט! הערט:
ער זינגט אַ לידי!

נבֿוזראַדן: איך גיי – (כאַפּט אַראָפּ פֿון זיך די שווערד)
וואָס מאַך איך מיט מײַן שווערד?
און מיט מײַן שפּיז? ווו לאָז איך זיי?
נעמט׳ס ווער פֿון אײַך!

שמעיה: ווער באַדאַרפֿ׳ס?
דו וואַרפֿ׳ס
אין טײַך,
באַגראָב׳ס אין דר׳ערד.
יעקבֿ האָט געקויפֿט פֿון עשׂו די בכורה –
די ערשטע ליכטיקע מינוט פֿון פֿריִער זײַן געבוירן!
ז׳האָט ניט געהאַט פֿאַר עשׂו קיין ווערט –
ניט געקויפֿט האָט אָבער יעקבֿ עשׂוס שווערד...

נבֿוזראַדן: (קוקט אָן די שווערד)
ס׳איז מיר אַ שאָד...

שמעיה: אָט...אָט...
ס׳איז אַ שאָד אַזוי
די שווערד – דיר!

נבֿוזראַדן: יאָ! יאָ!
איך בין אַ גוי,
אַ מערדער! (ציט זײַן שווערד פֿון שייד און שווינגט זי אין דער לופֿט)
נבֿוזראַדן! איך! איך בין עס דער
וואָס האָט זײַן שווערד געשווונגען
איבער קעפּ אין גאַסן פֿון ירושלים,
און אָפּגעהאַקט, געהאַקט ווי אין אַ טויג,

געהאַקט וואָס מערער זיי, וואָס מער,
מיטן שרײַ אין מויל און מיט דער טרער
אין אויג...
איך בין וו׳אַ פֿײַער
אין בית־המקדש אײַערן אַרײַנגעדרונגען,
און כּהנים געטייט
פֿאַר דעם מזבח,
זיי זענען שווײַגנדיקע, שטומע
בײַ דער עבֿודה אומגעקומען
און געשטאָרבן,
און זייער בלוט האָט אויסגעמישט זיך מיטן בלוט פֿון קרבן:
די זעלבע רויט,
דער זעלבער ריח —
איך בין צום אָרון־קודש צוגעשפּרונגען,
און האָב לוויים זינגענדיקע אויסגעקוילעט —
געקוילעטע זיי האָבן זיך געוואָרפֿן און געזונגען...
גרויליק, אַיאָ, גרויליק?

אַלע — גרויליק!.. (אַ סך פֿון די גולים הייבן די פֿויסטן קעגן אים, געמורמל)

שמעיה — שווײַג! שווײַג!
דו ביסט ניט, ניין, בײַ די געדאַנקען דײַנע קלאָר!
דו לײַגסט!

נבֿוזראַדן — ס׳איז וואָר! ס׳איז וואָר!

אַלע — (אַרום צעמורמלען זיך העכער)

שמעיה — מיר גלייבן דיר ניט, ניין! (בעט זיך בײַ אַלעמען)
אָ, גלייבט אים ניט!
עס וועט ניט גלייבן אים אַ ייִד!
ניטאָ צעווישן אונדז אַ ייִד וואָס זאָל אים
גלייבן...
עס איז אַ בייזער חלום!
אַ חלום גאָר!

נבֿוזראַדן — ס׳איז וואָר! ס׳איז וואָר!

אַלע — (הייבן אין צאָרן זייערע פֿויסטן)

שמעיה — איר זאָלט די הענט אויף אים ניט הייבן!

**איינער** ס׳איז וואָר!

**שמעיה** אָ גלייבט ניט, גלייבט ניט,
און הייבט ניט,
אין אײַער גרים
די פֿויסטן אײַ׳רע קעגן אים...
אָ, גלייבט ניט וואָס ער זאָגט,
ניט גלייבט אים, ניט קיין האָר —
ער וואָלט׳ס ניט אויסגעזאָגט, ווען ער וואָלט געטאָן עס...
און אויב ס׳איז וואָר —
איז אויף אים אַ גרעסערער רחמנות...

**נבֿוזראַדן** איר האָט די הענט אויף מיר געהויבן —
שלאָגט!
איך בין אַ רויבער,
איך האָב די קינדער אײַ׳רע, ניט דערטראָגן
אין זייער מאַמעס בויך דערשלאָגן!
שלאָגט מיך, שלאָגט!
איך האָב דעם לעצטן טאָג
פֿון אַלטע לײַט פֿאַרלאָשן.

**שמעיה** (פֿאַרצווייפֿלט, האַלט ניט אויס)
רשע!

**נבֿוזראַדן** (לאַכט ביטער)
איר זעט:
געפּלאַצט האָט זײַן געדולד...
ער גלייבט שוין, יאָ... גלייבט אין מײַן שולד
איר אויך!
און האָט ניט קיין רחמנות — שלאָגט!
איך האָב געברענט
די שיינע אײַערע די שטעט,
אַוועקגעשיקט די הײַזער אײַערע מיט רויך...
ניט הייבט אויף מיר די הענט —
הענט בלאַס און אָפּגעצערט,
זייער קלאַפּ — ער איז
ווי דער ביס

דער שוואַכער פֿון אַ פֿליג...
נעמט מײַן שווערד!
נעמט מײַן שווערד און שעכט!
מײַן שפּיז –
נעמט אים און דערשטעכט!
איך וויל פֿון כּשׂדים נאָר באַהאַלטן מײַנע טריט,
פֿון ייִדן ניט!
הערט אַלע,
הערט:
אויב ניט מיט ייִדן לעבן – איך וויל פֿון ייִדן פֿאַלן!

קוליה
זאָלסט לעבן, לעב!
איך גלייב:
דו האָסט די בעסטע אונדזערע געראַבט,
האָסט אָפּגעהאַקט בײַ אונדז די בעסטע קעפּ,
פֿאַרברענט די שענסטע אונדזערע די שטאָט,
דאָס הייליקסטע, דאָס הויז –
דו ביסט ניט שולדיק אָבער אין אונדזער אומגליק גרויס –
דו ביסט געשיקט פֿון גאָט!...

נבֿוזראַדן
(ווי פֿאַרשטיינערט אַ ווײַל. וואַכט אויף)
פֿון גאָט! פֿון גאָט!
אָ, גיב מיר, גיב דײַן האַנט!
ווער ביסטו אַלטעטשקער, דו זעסט מיר אויס באַקאַנט,
צי דיך? צי גאָר אַזאַ ווי דו, האָב איך געזען?
ניין, ניין... ס'איז ירמיה געווען!
ער, ער! אַ ליכטיקער ווי דו און ווי דער טאָג –
ער אויך! ער האָט עס מיר געזאָגט:
"גאָט! גאָט!"
מיך האָט
געשיקט גאָר גאָט!
איך האָב די ווערטער זײַנע דאַן
ניט גוט פֿאַרשטאַן,
זיי האָבן אָפּגעקלונגען מיר אי פֿרעמד, אי דרייסט –
ניט איך!

ניט איך בין עס געווען דער אַכזר, ניט מײַן ווילן,
ניט איך!
איך בין געווען אַ מיטל צו עמעצנס אַן אַנדערנס גאָר צילן!
עס איז מיר עמעצער, אַן אַנדערער פֿאָראויסגעלאָפֿן...
ניט איך!
דאָס וואָרט פֿון אײַער נבֿיאס מויל –
עס האָט מיך דאַן געטראָפֿן
ווי אַ קויל:
ניט איך!
כ׳בין נאָר געווען אַ ווערקצײַג פֿאַר דעם גרויסן גרויל...
אָ, ירמיה, ביסט אומדערשראָקן דרייסט! – – –
יעצט הער איך עס פֿון מויל פֿון דײַנעם, ווי אַ טרייסט:
איך בין געשיקט פֿון גאָט!
פֿון אים געשיקט און יעצט קער איך צו אים זיך אום,
צו אײַך –
דער וועג צו גאָט – ער איז צוגלײַך
דער וועג צו אײַך!
מיך ציט אַהין, אַהין...
צו אײַער ערד געוואַלטיק,
צו אײַער ערד, אויף אײַער ערד צו לעבן!
די ערד וואָס האָט געקנאָטן אײַך און אײַך געשטאַלטיקט –
וועט אויך איר גײַסט אין מיר אַרײַן איצט געבן...
מיך ציט אַהין –
אַ, איך געפֿין,
איך וועל געפֿינען
דאָרטן רו...
אָ, נעמט מיך צו!

קוליה: צעברעך דײַן שווערד!

נבֿוזראַדן: (באַטראַכט זײַן שווערד)
אַ שאָד –

שמעיה: אָט, אָט...

נבֿוזראַדן: די שווערד, די שווערד –
איר האָט דאָך אַלע דאָ געהערט:

איך בין געווען צו אײַך געשיקט פֿון גאָט...
אי איך, און אי מײַן שווערד —
מײַן שווערד איז אויך פֿון גאָט! (פֿאָכעט מיט דער שווערד)
יאָ, יאָ, פֿון גאָט...
איך בין אַ גוי:
איך האָב אַרײַנגעריסן זיך אי שלעכט, אי רוי,
אין הייליקסטן, אין אײַער צעלט,
מיט אַן אַנטבלויזטער שווערד,
און מאַך מיט איר אַ וואַרע זיך, אַ וואַרע
אין בלוט אַ טײַך —
איר האָט שוין עפּעס וואָס דערפֿון פֿאַרנומען?
דעם עיקר אָבער הערט:
איך דערצייל דעם עיקר אײַך —
איך בין צום נבֿיא צוגעקומען —
...כ׳קום צו צו זכריהן —
איר האָט אין בית־המקדש אים דערהרגעט!
כ׳בין אויפֿגעבראַכט געוואָרן,
עס האָט אין מיר דער צאָרן
פֿריש זיך, פֿריש צעברענט... (מיט שאַרפֿן שפּאָט)
איר קענט! איר קענט!
איר קענט דעם קונץ...
עס ווערט בײַ אײַך געמאַכט פּונקט ווי בײַ אונדז!
איר האָט אין בית־המקדש דעם נבֿיא אײַערן געטויט!
עס קריכט די חיה ווילד אויך אײַך אַרויס פֿון הויט...
עס יוירט אין בלוט אין אײַערן דער זעלבער סם —
עס האָט אַ קינאה הייס צעברענט אין מיר זיך גרויס,
איר אויך? כ׳האָב זען געוואָלט אין אײַך אַ לאַם
וואָס ציט דעם האַלדז צום מעסער אויס...
איך האָב געוואָלט אַ לאַם —
און האָב דערזען אַ לייב־יהודה, אַ גור־אַריה,
און גרויזאַמער ווי גוייִם,
אי איר, אי זכריה!
דער נבֿיא אײַערער, דער אַכזר נאָכן טויט!

איך האָב דאָס ערשטע מאָל אין לעבן זיך פֿאַר אײַך דערשראָקן,
אַן ערשטער ציטער איז אַדורך מײַן הויט,
און אין דער שרעק וואָס איז אין בית־המקדש מיך באַפֿאַלן
האָט איר מיך אָנגעהויבן לאָקן...
אָ זאָגט מיר, ייִדן, זאָגט,
וואָס שרעקט מיך אָפּ אין אײַך? וואָס שרעקט מיך און וואָס לאָקט?
צי איז׳ס דער נבֿיא אײַערער, דער טויטער וועלכער שטאַרבט ניט?
דער נבֿיא אײַערער און איר, איר אַלע!
איר אַלע דאַרבט ניט! (קוקט זיך גוט אײַן אין די גולים)
מיר דאַכט: איך האָב אײַך אַלע שוין געקעפּט!
און איר – איר לעבט!
איר זכריהן, און איך אײַך –
איך אויך, איך האָב אומזיסט געהרגעט אײַך אין ציון –
איר לעבט!
כ׳האָב ווידער זיך דערשראָקן און איך ווײַך, איך ווײַך –
איר לעבט! איר לעבט!
נבֿיאים! (מיט שרעק און מיט אַן אומבאַוווּסטע[ר] פֿרייד)
איר זענט אַזוי דאָך אַנדערש!
אַזוי אַנדערש פֿון די גויִים...
איר הרגעט אַנדערש,
און דאָס דערהרגעט ווערן –
איז אַן אַנדערער...
נבֿיאים און אַ רויבער־באַנדע,
געוואָקסן פֿון איין קערן...
איר זענט אַזוי דאָך אַנדערש פֿון די גויִים!
פֿאַר וואָס האָט איר געהרגעט אים, רשעים?
פֿאַר וואָס האָט איר אין היכל אים דערשטאָכן?
און ער, דער נבֿיא אײַערער, פֿאַר וואָס איז ער אַזוי ניט גוט?
פֿאַר וואָס איז אײַך דער נבֿיא עס ניט מוחל
נאָכן טויט?
זײַן בלוט וואָס זודיק איז, זײַן בלוט וואָס שאַרלאַך־רויט –
פֿאַר וואָס אָ, קאָכט זײַן בלוט?
און הערט ניט אויף צו קאָכן!

אַלע — זכריה!

נבֿוזראַדן — (צעשרײַט זיך)

ניט איך! ניט איך!
ניט מײַנע פֿריִערדיקע געטער —
ס׳איז אײַער גאָט, און שפּעטער —
אײַער נבֿיא, וואָס האָבן אײַך, דורך מיר פֿאַרניכטט
און אומגעבראַכט.
איך בין געשטאַנען פֿאַרן טויטן נבֿיא און געטראַכט:
פֿאַר וואָס ביסטו ניט טויט?
וואָס קאָכן עס אַזוי די בלוטן דײַנע רויט?
און ווילסט זיך ניט באַרויִקן?
דו ווילסט זיך מיטן אומגליק ציונס ניט באַגנוגן...
ביסט גרויזאַמער און אַרגער
פֿון די וואָס האָבן דיך געהרגעט!
אָ זכריה! זכריה! ווילסט נוקם זײַן זיך דווקא?
איך שטיי וו׳אַ הונט
בײַ דײַן טײַכל בלוט דעם קאָכיקן און האַווקע,
איך שטיי אַ שאָטן —
דו ליגסט פֿאַר מיר אַ לעבעדיקע ווונד —
ניט גיב, אָ נבֿיא שאַרף אין האַנט מיר יעצט, אַ מעסער —
איך האָב דאָך דײַנע ליבסטע אומגעבראַכט!
די שענסטע דײַנע אויסגעראָטן
אָ העץ מיך ניט, ניט העץ!
איך בין געשטאַנען פֿאַרן טויטן נבֿיא און געטראַכט:
אָ ווער? וועמעס
אַכזריות איז גרעסער?
דעם פֿאָלקס צי זײַן פּראָפֿעטס?
איך האָב געטראַכט און זיך דערטראַכט:
דאָס פֿאָלק איז ניט גערעכט!
איז שלעכט!
אמת איז דער נבֿיא און זײַן כּעס איז אמת...

אַלע — אמת! אמת!

נבֿוזראַדן — און כ׳האָב מײַן שווערד געגעבן הויך אַ הויב — (צו קוליהן).

ווי רופֿט מען דיך, אָ אַלטעטשקע און גראָע
טויב?

קוליה קוליה.

נבֿחראַדן דו ביסט פֿון ציון, זאָג?
ווּ ביסטו עס געווען אין יענעם טאָג,
ווען כ׳האָב געהייסן קינדער קליינע שעכטן
איבער זכריהס בלוט,
זכריהס בלוט צו שטילן?
זײַן ווילן איז׳ס געווען, זײַן ווילן!

אַלע גאָט גערעכטער!

נבֿוזראַדן דו ביסט פֿון ציון... דו דאַרפֿסט דעם טאָג געדענקען גוט!
פֿאַר וואָס האָסטו ניט אָפּגעהאַלטן מיך?

קוליה איך האָב באַהאַלטן זיך...

נבֿוזראַדן באַהאַלטן זיך... דיך האָט געגליקט!
איך האָב דאָך נאָך באַהאַלטענע געשיקט,
באַהאַלטענע פֿון קעלערס און פֿון הוילן
געהייסן קוילן —
איך האָב מיט אײַער בלוט זײַן בלוט, געשטילט,
געקילט,
ניט טאַקע באַלד, ניט גלײַך —
נאָר כ׳האָב געשטילט!
איך האָב אַזוי פֿאַרשטאַן...
איך האָב דעם נבֿיא אײַערן צום ערשט דערפֿילט,
און דאַן —
דאַן אײַך!
קוליה! איך,
איך האָב געקוילעט דיך! (ווײַזט אויף גולים רעכטס און לינקס)
אי דיך! אי דיך!
איך האָב אין בית־המקדש אײַך פֿאַרשלעפּט,
אײַך זכריהס, אַלע אײַך —
און אײַך געקעפּט!
איר אָבער לעבט! איר לעבט? (טרעט אָפּ אין שרעק)
כ׳האָב ווידער זיך דערשראָקן און איך ווײַך, איך ווײַך

אַ פֿאַרשטאַרטער,
אַ צעטומלטער פֿון אײַך,
און אַ געפּלעפּטער –
איך װײַך – כּדי אַ שפּרונג טאָן צו אײַך האַרטער,
און זיך מיט אײַך באַהעפֿטן! (ער ברעכט זײַן שװערד)
עס איז מיר ניט קיין שאָד!
אַ שװערד איז פֿאַר די געטער – ניט פֿאַר גאָט,
און ניט פֿאַר אײַך! (װאַרפֿט די צעבראָכענע שטיקער אַװעק)

איינער (פֿון די גולים באַהאַלט די צעבראָכענע שװערד אין זאַמד)

נבֿחראַדן באַהאַלט, באַהאַלט מײַן שװערד,
דעם קאַלטן אײַזן,
אין דער ערד, דער קאַלטער...
מײַן שװערד דער סימבאָל פֿון צעשטערן –
באַהאַלט אים, ברודער,
איך גיי זיך אויך באַהאַלטן...
איך װעל באַהאַלטנדיקערהייט דאָרט אויפֿגעבױט נײַ װערן
אין דער חרובֿער יהודה,
אונטער אירע הימלען קלאָר...
כ׳װעל זײַן װי איר אַ ייִד!
און װעל איכ׳ס ניט באַװײַזן –
װעט באַװײַזן עס מײַן קינד:
מײַן קומענדיקער דור –
ער שאָקלט אָפּ פֿון זיך די זינד...

קוליה אַזוי...אַזוי...

נבֿוזראַדן איך בין געװען אַ שלעכטער גוי –
װעל׳ך זײַן אַ ייִד אַ שלעכטער!
נאָר װאָס אַ דור – װאָס עכטער...
אַלץ גערעכטער!
אָפּגעהיטער, יאָ, מער אָפּגעהיט –

קוליה אַזוי...אַזוי...

נבֿוזראַדן װער גייט מיט מיר יעצט מיט? (צו שמעיהן)
דו האָסט אַ זון אין בבֿל? איך האָב צװיי!
ניין, ניט מײַן זאָמען!

די פֿרוי וואָס האָט געבוירן זיי —
איך האָב פֿאַרגעסן שוין איר נאָמען...
פֿאַרגעסן, יאָ... און מערער נאָך —
איך האָב פֿאַרגעסן אַלץ!
אָפּגעטרייסלט ווי אַ לאַסט פֿון האַלדז,
אַראָפּגעוואָרפֿן שווער אַ יאָך —
כ׳האָב זיך באַפֿרײַט, כ׳בין פֿרײַ!
איך הייב אַ לעבן אָן אויף ס׳נײַ...
ווער? ווער וויל
צוזאַמען מיטן גוי
דעם וועג אַהיים יעצט מאַכן אין דער שטיל?
און גיכער גיך!

חולדה — איך! איך! (קומט צו אים צו)

נבֿוזראַדן — דו, דו?... אַ פֿרוי?

חולדה — כ׳וויל אויך, מיט דיר באַנאַנד,
מיט דיר אין ציון־לאַנד!

נבֿוזראַדן — אין ציון־לאַנד... אין לאַנד!

חולדה — און אין געצעלט,
אין אַ באַזונדערער אַ היים —
מיט דיר! מיט דיר געהיים,
מיט דיר פֿאַרשטעלט!
צוזאַמען וועלן מיר זיך היטן
אויף די וועגן...
מיר וועלן קיינעם דאָך ניט דאַרפֿן פֿרעגן
ווו?
אי איך, אי דו —
מיר זענען ביידע גייער דאָך געניטע,
און וועלן ארץ־ישׂראל שוין געפֿינען...
דעם וועג צו אונדזער מאַמען!
מיר וועלן קוקן אַ געפֿאַר גלײַך אין אויגן —
און זי צערינט, זי וועט צערינען!
זי איז אַוועקגעפֿלויגן!
מיר וועלן פֿרייען זיך צוזאַמען,

מיט געפֿאָרן גרויסע – אויסגעמיטן...
מיר וועלן גיין מיט אויפֿגעהויבענע, מיט שטאָלצע קעפּ,
און פּלוצלינג גיב איך פֿאַרן אַרבל דיך אַ שלעפּ –
און מיר גייען שוין אין דריי'ן געבויגן,
ווי אַלטינקע, ווי אַלטע...
מיר וועלן זיך באַהאַלטן,
מיר וועלן אָט'מען הייס און שטיל אין פֿעלדזנשפּאַלטן,
און פּלוצלינג וועלן מיר זיך פֿריילעכע באַווייזן פֿון די לעכער –
און זינגען הויך און שטייַגן העכער...
נעם מיך מיט!

נבֿוזראַדן (געפֿאַלן בײַ זיך)
איך בין אַ גוי געוועזן...

חולדה ביסט יעצט אַ ייִד!

נבֿוזראַדן איך וויל עס זייַן...

חולדה און ווילסטו נאָר – דיר גיט זיכ'ס איין!

נבֿוזראַדן איך בין געוועזן שלעכט –

חולדה וועסט ווערן גוט –
ביסט עכט!

נבֿוזראַדן קוליה! ווו ביסטו (דערזעט אים)
זאָג אַלטעטשקער, זאָג דו – (וויַיזט אויף חולדהן)
דייַן ביין, דייַן בלוט...

קוליה מייַן טאָכטער טוט –
און איך – איך שאָקל צו...

חולדה איך וויל אַהיים, איך בענק –

נבֿוזראַדן דו בענקסט...

חולדה מיט דיר אַהיים, מיט דיר –

נבֿוזראַדן מיט מיר!
ווייס, איך בין שטרענג,
און מייַן האַרץ איז האַרט
און ווי פֿאַרשפּאַרט...

חולדה עס איז ניט ענג!
ניט קאַרג!

נבֿוזראַדן ווייס, ווייס:

כ׳בין אָפֿט מאָל בייז —

**חולדה** ביסט שטאַרק
און צאַרט דײַן זעל!

**נבֿוזראַדן** מײַן פֿעל
איז אָבער האַרט,
מײַן עשׂו־הויט —
רויט־רויט...

**חולדה** ביסט ווײַס,
ביסט יעקבֿ־ווײַס —
דײַן שטאַרקער גײַסט!
איך האָב אים ליב —

**נבֿוזראַדן** האָסט ליב!
גיב די האַנט מיר, גיב!
און קום און זײַ מײַן ווײַב —
ביסט שיין — אי דײַן נשמה, אי דײַן לײַב,
דאָס בעסטע דײַן —
איז דײַן באַוווסט זיך זײַן!
דו גייסט ניט נאָך מיר ווי אַ בלינדע:
ווייסט ווער איך בין!

**חולדה** איך האָב דיך ליב —
דײַן האַרטע, צאַרטע זעל!

**נבֿוזראַדן** אָ, גיב דײַן האַנט מיר, גיב!
דו וועסט מיר האָבן קינדער, —
וועסט מיר געבוירן זין —

**חולדה** איך וועל!

**נבֿוזראַדן** (פֿאַלט ווידער אַרײַן אין אַ צווייפֿל)
דו וועסט! דו וועסט!
אָ, פֿרוי,
ווי קענסטו עס?
וויסנדיק גענוי
ווי ס׳האָט דער כּשׂדי זיך פֿאַר אײַך פֿאַרשולדיקט...

**חולדה** האָסט אויסגעקויפֿט די שולד!

**נבֿוזראַדן** איך וועל! איך וועל!

אָ פֿרוי –
דער הימל מײַנער איז נאָך גרוי –
ער דאַרף ערשט ווערן העל
און אויסגעשטערנט...

חולדה — ער וועט ווערן!

נבֿוזראַדן — דערווײַלע פֿיל איך זיך נאָך שולדיק! שולדיק!
ווי רופֿט מען דיך, זאָג, זאָג?

חולדה — חולדה.

נבֿוזראַדן — קום, חולדה, קום,
זײַ אַ ווײַב מיר און זײַ מיר, זײַ אַ טאָכטער...
ביסט יונג –, אָ מאָרגן־שטערן
אין הימל אויפֿגעלאָכטן!
נײַ אויפֿגעגאַנגענער פֿאַרטאָג!
קום! (ער קוקט זיך צו צו די גולים)

חולדה — דו קוקסט אַרום זיך –, וואָס קוקסטו זיך אַרום?

נבֿוזראַדן — אָט איז אַבֿטליה און אָט איז שמעיה –
שמעיה! (ווײַזט אויף זיי)
אַזעלכע זאָלסטו מיר געבוירן!
זינגענדיקע, פֿרײַע –
אַזעלכע גייען ניט פֿאַרלוירן!
שמעיה און אַבֿטליון!

אַ נײַ אָנגעקומענער — (קומט אײַליק אָן פֿון לינקס, שרײַט פֿאַרצווייפֿלט אויס)
גדליה!
געפֿאַלן איז גדליה
פֿון אַ פֿאַרברעכערישער האַנט!

אַלע — (דערשראָקן, טיף גערירט)
גדליה!

שמעיה — אָ שאַנד...

נבֿוזראַדן — גדליה –, דער פֿאַראַנטוואָרטלעכער מאַן
דאָרט, יעצט אָ!
גדליה – דער פֿון אַלעמען געליבטער און גערימטער,
דער געשעצטע[ר]

דאָס האָב איך באַשטימט אים,
דעם דאָזיקן, דעם העלד,
אויף דער הויכער שטעל —
מײַן ערשטע און די לעצטע
גוטע טאַט אין יהודה...
אַ שאָד...

קוליה — אָ, גאָט!

שמעיה — גדליה! ברודער... (צו דעם געקומענעם)
ווער האָט דאָס שלעכטס געטאָן?
ווער איז ער און פֿון וואַנען?

געקומענער — ישמעאל בן־נתניה.

אַלע — זײַ פֿאַרשאָלטן!

דער געקומענער — ישמעאל! דער אײנציקער, דער ייִחוס זײַנער גרויס:
ער איז פֿון קעניגלעכן הויז...
ער! ער צוזאַמען
מיט בַעֲליסן דעם ק[עני]ג בני־עמון;
בעליס האָט באַצאָלט אי[ם,]
און ישמעאל האָט עס אָפּגעטאָן —
ער האָט אים טויטגעשלאָגן...

אַלע — זײַ פֿאַרשאָלטן!

שמעיה — געדענקט דעם טאָג!
געדענקט דעם דאָזיקן, דעם טאָג אים,
געדענקט אים אַלע —
אַ גרויסער ייִד איז אין מ צ פּ ה אונדז געפֿאַלן...
אַ פֿאַסטעך טרײַ איז אומגעקומען —
און אויף די בערג יהודהס
בלאָנקעט אַ צעוואָרפֿענע אַרומעט
די עלנטע, די סטאַדע שאָף,
אַ שיפֿעלע אין מיטן ים און אָן אַ רודער...
אַזוי ווי איר געדענקט דעם טאָג
פֿון יאָמער און פֿון קלאָג,
**דעם טאָג פֿון תשעה־באָבֿ,**
ווען ס׳איז דאָס הייליקסטע אַוועק מיט רויך —

אַזוי געדענקט דעם טאָג פֿון גדליהן אויך...
ניט פֿאַרווישט,
ניט אויסגעמישט
זאָל ווערן אונדזער פֿרישע פּלאָג
מיט די פֿון נעכטן...
און שילט ניט, אָ, ניט שילט דעם שלעכטן —
געד[ע]נקט דעם גוטן,
וואָס האָט געלעבט פֿאַר אונדז, געטאָן פֿאַר אונדז יעצט בלוטן...
שילט ניט! אָ ניט שילט יעצט דעם פֿאַרהאַסטן —
וואָס האָט דעם שענסטן אונדזערן, דעם בעסטן אומגעבראַכט...
מיר וועלן שטום באַוויינען אונדזער גרויסן קרבן —
מיר וועלן פֿאַסטן...
ער איז פֿאַר אונדז געשטאָרבן!
דער טאָג זאָל פֿינצטער זײַן ווי נאַכט,
אַרומנעמען זאָל אונדז אַ שרעק,
און אונדזער אָנטאָן — זעק.
ניט געזונגען ווערן זאָל אין טאָג אין דעם און ניט געלאַכט —
דײַן האַרף, [דײַן] האַרף אַבֿטליה!
אויך [שבנא, דו] די האַרפֿן אײַערע [פֿאַרשטעקט]
עס זאָל אַ פֿאַסטטאָג זײַן, אַ צום־גדליה.

אַלע (זעצן זיך מיט אַראָפּגע[לאָזענע] קעפּ אויף די שטיינער)

חולדה (פֿאַלט אין טיפֿן צער צו, צו נבוזראַדאַנען)

אָ האַלט מיך, איך פֿאַל אום...

נבֿוזראַדן (נאָך אַ קורצן שטילשווײַגן, גלעטנדיק איר לײַכט דעם קאָפּ)

קום! קום!... (צו די גולים)
איך וואָלט געזעסן שבֿעה גלײַך
מיט אײַך...
נבֿוכדנאצר, אָבער, האָט מיך שטאַרק אין זינען,
נבֿוכדנאצר ווייסט ניט פֿון קיין מנוחה —
ער קען מיך זוכן,
און קען מיך נאָך געפֿינען...
קום! (גייט מיט איר לאַנגזאַם אָפּ לינקס)

פֿאָרהאַנג פֿאַלט לאַנגזאַם.

די אָנטייל־נעמער אין דריטן אַקט

| | |
|---|---|
| ערשטער ייִד | |
| צווייטער ייִד | |
| דריטער ייִד | פֿון די גולים בײַ די טויערן פֿון בבֿל. |
| פֿערטער ייִד | |
| פֿינפֿטער ייִד | |
| זעקסטער ייִד | |
| שראצר | דער הויפּטוועכטער בײַם טויער "קוף" |
| קוליה | |
| אַבֿיגיל | |
| שמעיה הנחלמי | |
| יחזקאל הנבֿיא | |
| דער פּליט | |
| אַבֿטליה | |
| שבֿנא | |
| אַחאָב בן קוליה | (מיט זײַן געליבטער און געפֿאָלג) |
| גולים | ייִדן פֿון בבֿל |

## שער

## די טויערן ק פֿון בבֿל

באַריערס
רעכטס

באַריערס
לינקס פֿון צושויער

די פֿאַרמאַכטע טויערן פֿון בבֿל פֿאַרנעמען אַ גרויסן טייל פֿונעם מיט פֿון הינטערגרונט. לינקס פֿון די בבֿל־טויערן ביז צום ווינקל פֿון דער אַוואַנסצענע פֿיר באַריערן ווי אַן אַמפֿיטעאַטער באַלאַגערט מיט ייִדישע משפּחות: פֿרויען, מענער, אַלטע לײַט, קינדער מיט פּעקלעך. די לעבעדיקע נפֿשות מישן זיך אויס מיט די געמאָלטע ייִדן־טיפּן וואָס אויף דעקאָראַציעס. די גאַנצע אַוואַנסצענע איז בײַם אויפֿהויבן פֿון פֿאָרהאַנג ליידיק.

רעכטס און לינקס פֿון צושויער.

ערשטער ייִד (פֿון העכסטער באַריערע לינקס)

עפּנט אויף די טויערן!
ווי לאַנג?
ווי לאַנג וועט׳ס נאָך געדויערן
דער גלות־גאַנג?
מיר קענען שוין ניט רירן מיט קיין אבֿר!

צווייטער ייִד (פֿון רעכטס, פֿון דער שמעלערער באַריערע)

זאָג אונדז, ווען? אָ גאָט!
זאָג ווען!
ווען עפֿנט זיך פֿאַר אונדז דער קבֿר?
ווען ווערט געעפֿנט שוין די פֿײַנדלעכע, די שטאָט?
ווען שפּאַלטן זיך די שטיינערנע די ווענט?

דריטער ייִד (פֿון לינקס)

ברעכט אויף די טויערן,
די דיקע בבֿל־מויערן!
ברעכט אויף, ברעכט אויף דעם קערקער!
מיר ווילן דאָרט אַרײַן,
דאָרט זײַן —
דער מדבר איז דאָך ערגער...
טאָמער שטייט דאָרט ווער, טאָמער היט ווער —
דערשלאָגט אים!
מיר קענען שוין דעם מדבר
ניט דערטראָגן!

פֿערטער ייִד (פֿון רעכטס)

זאָל נעמען שוין אַ סוף —
ברעכט אויף!
ברעכט דעם טויער אויף!

פֿינפֿטער ייִד (לינקס)

מיר זענען מיד...
פֿערציק יאָר וועט פֿון מצרים גיין אַ ייִד
קיין כּנען!
אַלע בני־ישׂראל ווי איין מאַן!
ארויס פֿון קנעכטשאַפֿט און ווײַט אַוועק צום פֿרײַ־זײַן.

דאָס קען אַ פֿאָלק באַווײַזן!
וואָס ביסטו בבֿל אונדז, ווער ביסטו?
זאָג,
מיר זאָלן שלעפֿן, צוליב דיר זיך, אין דער וויסטע
אַן איבעריקן טאָג!

**אַ זעקסטער ייִד** (רעכטס)

מיר זענען מיד —
עפֿן, בבֿל אויף, דעם אײַזערנעם, דעם טויער,
לאָז אין די גאַסן אונדז אַרײַן, אין ענגע —
ווײַ אונדז, ניטאָ אַ טרויער נאָך אַזאַ ווי אונדזער טרויער:
מיר בעטן זיך אין אַ געפֿענקעניש...

**שראַצר** (דער הויפּטוועכטער בײַ די טויערן פֿון בבֿל. ער קומט פֿון ברייטן וועג, פֿון רעכטס, בלײַבט שטיין אין מיטן פֿון דער לינקער סצענע, מיט פּלייצע צום צושויער, הייבט הויך דעם קאָפּ, קוקט אַרויס צו די באַריערעס, לינקס און רעכטס)

איר קאָנט שרײַען ייִדן, אָ, איר קאָנט!
איר שרײַט...
שרײַט ניט און ניט רופֿט!
די קולות אײַערע פֿאַרפֿליִען ווײַט,
און ווערן ניט דערהערט פֿון נאָנט...
איר רופֿט, איר רופֿט —
און די ווערטער אײַערע צעשווימען אין דער לופֿט!
קלאַפּן אָפּ זיך אין אַ קאַלטער מויער,
פֿאַלן צו, צו אַ פֿאַרשטאָפּטן אויער —

**ערשטער ייִד** עפֿן אויף דעם טויער!

**צווייטער ייִד** עפֿן אויף אים, דעם פֿאַרשפּאַרטן!

**שראַצר** איר מוזט נאָך וואַרטן —

**דריטער ייִד** רשע!

מיר ווערן שוין געטריבן פֿון חדשים...
מיר וואַרטן דאָ בײַם גלות־טויער באַלד אַ וואָך —

**שראַצר** באַלד אַ וואָך איז ניט קיין וואָך —
וואַרט, וואַרט,
עס דאַרפֿן קומען נאָך —
נאָך קופּן...

דער טויער קוף איז פֿאַר אַ ייִד
וואָס זײַן נאָמען הייבט זיך מיט אַ קוף אָן –
אומזיסט איַי'ר שרײַען, אומזיסט אײַ'ר רופֿן,
איך עפֿן אויף די טויערן איין מאָל נאָר אין וואָך!

פֿערטער ייִד
ס'איז שוין אַ וואָך!

שראצר
נאָך ניט...
עס איז נאָך העל,
עס שימערירט די זון נאָך און זי פֿונקלט,
איר וועט אַרײַן אין בבֿל ווען ס'וועט ווערן טונקל –
אַזוי איז דער באַפֿעל!

פֿינפֿטער ייִד
ר'זענט שלעכט אָן אַ "פֿאַרוואָס?"
און אָן שום סיבה האַרט!
איר לאָזט
אין פֿינצטערנישן אונדז אַרײַן,
אַ פֿאָלק אַ גאַנצן אין אַ פֿינצטערער אַ צעל,
און איר וואַרט, איר וואַרט –
ביז אויסגעלאָשן ווערן וועט די שײַן...
ביז פֿינצטער ווערט די וועלט...

שראצר
אַזוי איז דער באַפֿעל!

זעקסטער ייִד
מיר זעען דאָך ניט ווי צו גיין?

שראצר
דאָס איז דער מיין!

ערשטער ייִד
מיר פֿאַלן פֿון די פֿיס!

שראצר
דאָס איז, דאָס איז
דער מיין!

צווייטער ייִד
מיר טאַפּן בלינדע מיט די הענט,
מיר קלעטערן אויף שטיין און ביין,
אויף גלאַטע ווענט...
מיר ווילן גיין צוזאַמען –
און גיין אַליין...
אַ קינד פֿאַרלירט זײַן מאַמען,
אַ מאַמען גייט פֿאַרלוירן איר קליין קינד –
זי זוכט עס, זוכט עס אום מיט אַ געוויין...

שראצר
דאָס איז דער מיין!

איר זאָלט פֿאַרלירן זיך אין גרעסלעך ענג,
אין הינטערגאַסן שמאָל,
איר ריכט זיך אויף אַ באַרג און פֿאַלט אין טאָל!
און טויב פֿון דעם גערויש, און בלינד
פֿון דעם געווימל –
ניט איר זעט די ערד
אין דעם געדרענג,
און ניט איר זעט דעם הימל,
איר ווייסט ניט ווו די ברייט איז, ווו די לענג
פֿון גאַס,
ווו אויס, ווו איַין...
פֿאַר אונדז אַ שפּאַס
פֿאַר איַיך אַ פּיַין!
אַ נאָנטער האָט זיך אָפּגעריסן פֿון דיר וויַיט,
און אַ וויַיטער גייט דיר ביַי דער זיַיט,
דו רופֿסט אַ נאָנטן וואָס איז וויַיט צו שטיל –
ער הערט ניט און ער ווייסט ניט וואָס דו ווילסט...
און צו אַ וויַיטן איינעם, ניט באַקאַנט
וואָס גייט דיר ביַי דער האַנט
שריַיסטו אויף אַ קול –
און גרויס אין צאָל –
צונויפֿגעטריבענע אין איינעם זאָלט איר איינזאַם זיַין!
און גרויס אין צאָל, אָ, גרויס –
שטויסט אָן זיך איינס אין אַנדערן,
אין דעם ניט־נייטיקן און ויסטן וואַנדערן,
און שילט זיך, שילט פֿונאַנדער זיך
נאָך יעדן שטויס...
יאָ, יאָ, איר קענט ניט גיין!
ניט גיין, ניט בליַיבן שטיין
אין גאַס –
איר וועט די געסלעך מאַכן פֿול,
און איינער אויף דעם צווייטן ווערן זאָל אין כּעס,
ניט זען, און זען ניט וועלן

דעם צווייטנס עלנט,
דעם צווייטנס פּײַן,
ניט זען, ניט הערן...
איינער זאָל דעם צווייטן זײַן
אַ שטערונג!
אי[ר זאָל]ט די געסלעך מאַכן פֿול
און ווערן
אין דעם צוזאַמענזײַן און אין דער איינזאַמקייט אַזש דול!
און הונגעריקע זאָלט איר וואָיען
צווישן זאַטע גויים —
אויסגעהוילטע־הויל און אויפֿגעבלאָזענער אַ ווינט —

דריטער ייִד
פֿאַר וועלכע זינד?
ניט גענוג פֿאַרטריבן ווערן פֿון אַ היים אַ טרײַע[ר,]
וואָס איז אַוועק איצט מיטן פֿײַער,
און אַרײַנגעטריבן ווערן אין אַ קערקער —
צאַפּט איר נאָך אומזיסטן אונדזער בלוט?

שראצר
אין בבֿל איז ניט גוט!
עס לעבט די פֿעלקער בבֿלס זיך ניט גוט —
וויל מען ווײַזן זיי, אַז אײַך איז ערגער...

פֿערטער ייִד
אומפֿאַרשעמט!
ניט גענוג פֿאַרטריבן ווערן אין דער פֿרעמד,
ניט גענוג אַ פֿרײַען פֿאָלק אין קנעכט פֿאַרוואַנדלען,
ווילט איר נאָך מיט אונדזער אומגליק האַנדלען?
אײַער האַנדל־מי״ס מיט פֿעלקער קלענערע האָט ווײַט פֿאַרשֶמט —
דאָס רישעות אײַערע טרעפֿט שווערער אונדז, אָ, שווער!
ניט גענוג אײַך דאָס באַרויבן אונדז און שענדן —
ר׳ווילט אומגליקלעכע מיט אומגליקלעכערע מער
פֿאַרבלענדן —
אָ אומפֿאַרשעמט!

שראצר
איר זענט גערעכט! גערעכט!

פֿינפֿטער ייִד
גיסט אונדז גערעכט —
און טוסט, און טוסט דאָס שלעכטס,

דו מאַכ[ס]ט פֿון אונדז אַ תּל –

שראצר אַזוי איז דער באַפֿעל!

זעקסטער ייד גיסט אונדז געדעכט –
און שעכטסט, און שעכטסט,
און שינדסט, שינדסט אונדזער פֿעל –

שראצר אַזוי איז דער באַפֿעל!

קוליה (געפֿירט פֿון שמעיה און אַבֿיגילן, נאָך זיי שבֿנא און אַבֿטליה מיט די
האַרפֿן, זיי קומען פֿון לינקס דורך דעם שמאָלן אײַנגאַנג אין פֿאָדערגרונט)
בלײַבט אַלע, בלײַבט יעצט שטיין!
לאָזט מיך דאָ איבער,
איר אַלע, איר
קענט ווײַטער גיין...
איר דאַרפֿט ניט, ליבע,
צוליב מיר
דאָ אָפּשטעלן זיך מער...

אַבֿגיל אָך, אָך...
מיר פֿירן דיך און דאָך –
עס איז דער גאַנג
דיר שווער...

קוליה יאָ, שווער –
אי שווער, אי באַנג...
געפֿירט ווערן איז שווערער ווי צו פֿירן!

שמעיה מיר פֿירן דיך ניט, מיר פֿאַרפֿירן...
ווער עס פֿירט קיין בבֿל – דער פֿאַרפֿירט –
פֿאַרפֿאַלן!
מיר פֿירער און פֿאַרפֿירטע אַלע...

קוליה (קוקט לאַנג אָן דעם טויער)
„בבֿל קוף"! – דאָס זאָל מײַן טויער זײַן!
מײַן טיר!
דאָ, דאָ, אַהער...
קוף – קוליה!
דער טויער דאָ, אין וועלכן כ׳דאַרף אַרײַן –
און ניט אַרויס שוין מער...

איך וועל ניט אָנזען מער די פֿרײַע
וועלט,
יהודהס לאַנד...
שמעיה,
פֿאַר וואָס האָט מען אַוועקגעשטעלט אונדז פֿאַר אַ בלינדער וואַנט?
פֿאַר וואָס האָט מען די טויערן פֿאַרמאַכט?

שמעיה (קוקט אָן דעם טויער און שטוינט)
די טויערן, די אַלע זענען נײַע...
ערשט געמאַכט,
ערשט אויפֿגעשטעלט...
אויסגעהאַקט ערשט הײַנט דאָ!
זיי זענען ניט געווען בעת מײַן זײַן־דאָ —
ווי קומען זיי אַהער?
דער וועג וואָס פֿירט קיין בבֿל איז דאָך — דער! (ווײַזט אויף רעכטס)
קומט! קומט אַלע איר!
וואָס שטייט איר אַלע דאָ בײַ אַ פֿאַרמאַכטער טיר?
אויב אין אַ גיהנום —
איז בעסער אין אַן אָפֿענעם צו ברענען,
איידער וואַרטן און איידער מען באַווייליקט
אַרײַן דיך לאָזן דאָרט — ווו מען ווערט פֿאַרטיליקט...

ערשטער ייִד
מיר וואַרטן דאָ שוין טעג!

שמעיה
קומט אַלע, קומט, דאָ איז [דער] וועג!
דער ערגסטער וועג,
דער ביטערסטער —
מיר גייט אַ ציטער דורך,
עס ווערט מיר הייס און קאַלט —
און דאָך! (פֿאַרצווייפֿלט)
איך בין פֿון שטיין און אײַזן:
איך דאַרף דעם וועג אין בבֿל אײַך באַווײַזן...
קומט, גייט מיר נאָך...

די גולים (אַ באַוועגונג צווישן זיי אויף די באַריערן)

שראַצר (דערשײַנט פֿון רעכטס, מיט אַן אַנטבלויזטער שווערד)
ווו אַהין? האַלט! האַלט!

שמעיה שראצר!

אַלטער וועכטער בבֿלס, בעל־מצר!

זאָג אויס:

איז׳ס ניט דער וועג קיין בבֿל? זאָג!

צוריק מיט יאָרן,

אין אַ פֿינצטערן טאָג,

און אין אַ ן אומגליקלעכער שעה —

ביך איך דאָ

אַרײַנגעשלעפּט געוואָרן

אין איר שויס

מיט גוואַלד! מיט גוואַלד!

און מיט דײַן הילף בין, פֿאַר אַ יאָרן, איך פֿון דאָ אַרויס...

שראצר האַלט! (קוקט אים פֿאַרדעכטיק אָן, דערקענט אים)

שטיי! שטיי!

שווײַג... דו! דו ביסט עס, שמעיה!

גיי!

דער וועג, דער אַלטער איז פֿאַר — פֿרײַע!

דו ביסט אַ פֿרײַער,

דו ביסט אין בבֿל שוין געווען!

דאָס זענען טויערן אויפֿגעשטעלטע נײַע,

פֿאַר קנעכט,

זיי ווערן אויפֿגעעפֿנט אין די נעכט...

פֿאַר קנעכט

אַרײַנגעיאָגט קיין בבֿל — זאָל בבֿל זיי ניט זען...

([מאַכט] אים פֿרײַ דעם וועג — )

דו אַליין —

גיי ווו דו ווילסט... קענסט גיין!

אי דו, ווי אויך דער אַלטעטשקער, דײַן פֿאָטער מן־הסתּם,

די ברידער דײַנע ביידע, זי אויך, דײַן כּלה —

איך לאָז אײַך דורך צוזאַם...

שמעיה ניין, ניין!

מיר וועלן גיין מיט אַלע...

מיר וועלן זיך מיט אונדזער רעכט —

און מיט בבֿלס גוט־זײַן
ניט באַנוצן —
מיר גייען מיט די "קנעכט".
מיר וועלן אין אַ שפּעטער אָוונט־שעה, אַ שאַרע
צוזאַמען מיר, מיט ווייטאָגן און פּײַנען אָנגעלאָדן,
אין דער נאַכט אַרײַן קיין בבֿל...

שראצר (רופֿט אויס, קוקנדיק רעכטס)
מאַכט אַ וואַרע!
דער נבֿיא אײַערער, דער נבֿיא!

אַלע (לינקס, אויף דער סצענע רוקן זיך צוריק טיפֿער, שרומפּן זיך אײַן אין זייערע ווינקלען)

יחזקאל (קומט אַרײַן אײַליק, כּמעט ווי ער לויפֿט אַרײַן, ווי ער אַנטלויפֿט פֿון דער עדה ייִדן פֿון בבֿל וואָס קומט אים נאָך)

ייִדן פֿון בבֿל (קומען אים נאָך)

דער פּליט פֿון יהודה (צווישן יחזקאלן און דער נײַ אָנגעקומענער עדה, מיט אַש אויפֿן קאָפּ, אַ זאַק אויף די פּלייצעס)
אָ, גאָט!
די שטאָט! די שטאָט!
אַ שרעק!

יחזקאל
אַוועקט! אַוועקט!
איר זאָלט ניט ווערן!
נעמט מיט מיט אײַך דעם פּליט,
נעמט, נעמט אים מיט —
ר'איז אײַך געפֿאָלן,
מיר ניט...
ניט ער און ניט זײַן שרײַען,
ניט זײַן קלאָגן:
"די שטאָט! די שטאָט!
ירושלים
איז געשלאָגן!"

דער פּליט
אָ, גאָט!
די הייליקע די שטאָט,
צעשטערט!

יחזקאל
איך האָב'ס געהערט! געהערט!
איך וויל'ס ניט הערן!

און איר ניט קלאָגט... וואָס קלאָגט איר?
איר גייט מיר נאָך פֿאַרצאָגטע,
איר גייט מיר נאָך באַקומערטע,
פֿאַראומערטע,
זאָגט, וואָס איז אײַך אַ שאָד?

ייִדן פֿון בבֿל — אָ הייליקע — די שטאָט!
יחזקאל — "די שטאָט! די שטאָט!"
עס איז אַ שאָד די שטאָט אײַך —
איך ענטפֿער אײַך ניט ניין!
עס ענטפֿערט גאָט אײַך,
גאָט זאָגט צו מיר: בן־אדם,
די חרובֿע ירושלים איז אַ שאָד זיי...
ווערטער! ווערטער!

יחז. ל״ג — כ״ד — אָט זאָגן זיי, די אײַנוווינער פֿון חרובֿע, פֿון ערטער,
אויף ישׂראל־ערד, זיי דרשענ! דרשענ:
"איינער איז געווען אַבֿרהם, ער האָט דאָס לאַנד געירשנט
און מיר — מיר זענען מער!
אונדז געגעבן איז די ערד!"

כ״ה) דערפֿאַר
זאָגט גאָט צו זיי, דער האַר:
א[יר] עסט די לאַם אויף מיטן בלוט,
איר טוט
די אויגן איי׳רע הייבן אויף
צו געצן הויך
און ר׳טוט די ערד מיט מענטשנבלוט באַפֿאַרבן —
און ר׳ווילט דאָס לאַנד, איר, אַרבן?

כ״ו) איר שטיצט אויף אײַער שווערד זיך,
מערדער!
איר טוט אָפּ יעדע גרויל
און איטלעכעס פֿאַרדאַרבן

און יעדער פֿון אײַך פֿאַראומרייניקט זײַן חבֿרס פּרוי –
און ר׳ווילט דאָס לאַנד, איר, אַרבן?

כ״ז) דו זאָלסט אַזוי זיי זאָגן,
אַזוי זאָגט גאָט דער הער:
הערט! הערט!
אויב ניט דערשלאָגן,
ניט פֿאַלן
וועלן פֿון דער שווערד
די אַלע
וואָס זענען דאָרט אין וויסטעניש געזעסן?
זיי וועלן פֿון דער חיה אויפֿן פֿעלד
דאָרט ווערן אויפֿגעגעסן!
די אַלע וואָס געפֿינען אַ באַהעלט
אין היילן, אין פֿאַרמויערונגען פֿעסט –
זיי וועלן שטאַרבן פֿון דער פעסט!

כ״ח) און איך פֿאַרוויסט דאָס לאַנד און איך צעשטער,
און מאַך זי וויסט! יאָ, כ׳האָב זי וויסט געמאַכט!
און ס׳איז צעשטערט,
ס׳האָט אויפֿגעהערט
איר שטאָלצע מאַכט,
איר פּרײַ־זײַן –
וויסט די בערג ישׂראלס און פֿאַרלאָזן,
ס׳גייט קיינער ניט פֿאַרבײַ זיי,
ס׳קומט קיינער ניט אַהין...
אַ ווינט!
ווי ס׳וואָלט אַ ווינט דאָרט אַלץ אַוועקגעבלאָזן.

דער פליט (צום ברייטן וועג)
קומט! קומט אַהער...
קומט נאָך, קומט מערער נאָך, קומט מער!
קומט טרײַע שאָף –
דער פאַסטעך שטראָפֿט!

יידן פֿון בבֿל — שטראָף! שטראָף!
לאָז הערן אונדז דײַן שטראָף.
דער פּליט — הערט! הערט! דער נבֿיא רעדט.
יידן פֿון בבֿל — אָ רעד!
אײנער אַ ייד — ער רעדט ניט, ניין, ער גלעט!
יידן פֿון בבֿל — אָ רעד!
אַ צווייטער ייד — דײַן וואָרט ווי פֿון אַ האַק
געפֿאַלן — איז געשמאַק!
דײַן קללה האַרט —
איז צאַרט,
אָ, שטראָף אונדז נאָך!
יחזקאל — אָך! אָך!
איך קען אײַך דאָך!
איר רײַבט פֿאַר נחת זיך די הענט,

ל) איר שאַרט זיך אַרום מיר בײַ אַלע ווענט —
און אין די אײַנגענג פֿון די הײַזער שטום,
רופֿט איר איין דעם אַנדערן: קום! קום!
און הערט גאָטס ווערטער גרויס,
וואָס רײַסט פֿון מויל פֿון נבֿיאס זיך אַרויס...

ל״א) איר טוט טאָן קומען אַלע איר
צו מיר
ווי קינדער טרײַע,
איר הערט זיך אײַן —
פֿײַן! פֿײַן!
און זענט די ווערטער מײַנע ניט מקיים!
און אײַער ריידן מיט אַ ברען —
אָך אײַער צונג, אין מויל —
ווי ליבלעך און ווי ווויל!
נאָר אײַער האַרץ אין אײַך איז גײַציק ווי געוועזן...

ל״ב) אַזוי איך אויך — ניין, ניט קיין נבֿיא וואָר,

איך בין אַ ליבעליד אײַך גאָר!
און מײַן קול – שײן זינגענדיק,
שײן קלינגענדיק,
אַ מילדער
וואָס קען גאָר גוט פֿאַר אײַך אַ זינג טאָן און אַ שפּיל טאָן.
איר הערט זיך צו די ווערטער מײַנע צו
מיט פֿאַרגעניגן,
מײַנע ווערטער וואָס דאַרפֿן רויבן אײַער רו –
טוען אײַך פֿאַרוויגן...
איר הערט זיך צו די פֿלאַמיקע, די ווערטער מײַנע צו
און איר וואַרעמט זיך בײַ זייער פֿײַער,
איר הערט זיך צו די ווערטער מײַנע צו –
און זענט זיי [ני]ט מקיים!
איר [כאַ]פּט מײַ[ן] קל]לה ווי אַ באַלזאַם אויף,
און הייבט די אויגן הויך צו מיר אַרויף –
איר ווילט הערן נאָך!

ל״ג) אָך, אָך!
דאָס אומגליק קומט, עס קומט דער טאָג פֿון שרעק –
אַוועקט! אַוועקט! (באַפֿאַלט זיי מיט אויפֿגהויבענע פֿויסטן)

יידן פֿון בבֿל
מיטן פּליט
יחזקאל.

(פֿאַרשווינדן צוריק מיטן ברייטן וועג)

(דרייט זיך ווידער אום פֿון ברייטן וועג, מיט די אויסגעשטרעקטע פֿויסטן, ער דערזעט די גולים, די הענט פֿאַלן אים פֿאַרצווייפֿלט אַראָפּ, ער דערנענטערט זיך צו זיי גיך־גיך, בלײַבט אין מיטן סצ[ענ]ע שטיין, קוקט אָ[ן] די גולים, דרייט זיך אום, קוקט אָן שראצרן... ווענדט אָפּ [דאָס] געזיכט, לאָזט שווער אַראָפּ [דעם] קאָפּ)
בן־אָדם!
גיי אַרויס, די גולים מײַנע, יעצט אַנטקעגן
אויף אַלע וועגן,
און זאָג זיי, זאָג, בן־אָדם –
אַזוי זאָגט גאָט דער האַר:
מיר זאָל זײַן, אָ, מיר זאָל זײַן פֿאַר אײַער שאָדן,
מיר זאָל זײַן פֿאַר אײַער צער!
גיי קוק זיי אָן!

צי קענסטו עפּעס אַנדערש טאָן?
נאָר קוקן, קוקן –
קוק אָן דעם עלנט,
קוק אָן דעם שמאַרץ,
דאָס יתמות!
און פֿאַרחתמ׳עס
אין דײַן אויג,
און אין דײַן זעלע,
זאַפּ׳ס אײַן אין האַרץ,
בייג, בייג, דײַן רוקן בייג –
לאָד אָן עס אַלץ דיר אויף דעם רוקן –
און טראָג׳ס אַ זאַק,
גיי, גיי
און זײַ צעווישן זיי,
און עס זיך מיט פֿאַרצווייפֿלונג אָן און שרעק,
שטעק אַרויס, די צונג פֿון מויל פֿון דײַנעם, שטעק,
און לעק זיי, לעק[,]
אַ טרער אַראָפּ פֿון באַק,
און געשווירן פֿון געשוואָלענע פֿון פֿיס –
און זאָל׳ס דיר שמעקן זיס...
נעם אַרום אַ קרעציקן, בייג אײַן דײַן קאָפּ –
קוש אויס אים יעדע ווונד
די פֿ[אַר]עלטערטע און אויך די לעצטע אים,
די יעצטיקע,
און נאַר אים אָפּ,
זאָג אים: ביסט געזונט!
דערצייל וואָס ניט געשטויגן
ניט געפֿלויגן
אים, דערצייל
אַ מעשׂה זיי: ביסט אויסגעהיילט!
נאַר אָפּ! נאַר אָפּ...
נעם, בן־בוזי,
נעם יעדן אומגליק צו זיי

מיט אַ ליגן נעם עס,
אַ ליגן איז אַ מאָל דער גרעסטער אמת –
נעם עס...

(ער בלײַבט אַ װײַלע שטאַר שטיין, מיטן פּנים צו די גולים. רײַסט זיך פּלוצלינג אַרויף אויף די באַריערעס, קלעטערט גיך־גיך, שפּרינגט דאָ, וואַרפֿט זיך דאָרט, נעמט אַרום העלדזער פֿון גולים[,] גראָבט אײַן, מאָמענטנווײַז דעם קאָפּ אויף הערצער. קוקט אַ סכן אין די אויגן, בייגט זיך עלאַסטיש צו אַ נידעריקער באַריערע, די פּיס אויבן און דער קאָפּ מיטן האַלדז אויסגעשטרעקט צו אַ פֿאַראומערטן ייִד, שלענגלט זיך באַלד העכער, פֿאַרשוו[ינד]ט טיף צווישן זײַנע גולים, באַווײַזט זיך פֿון ערגעץ אַנדערש, [קלעטערט] גיך־גיך אַראָפּ)

**אַבֿטליה** (שטייענדיק ווי אַלע די גאַנצע צײַט פֿאַרבליפֿט צוהערנדיק זיך און צוקוקנדיק זיך צו יחזקאלן)
יחזקאל! וואַ!

**שבֿנא** וואַ! וואַ!

**קוליה** האַ? (שטעלט אָן די אויערן)

**שמעיה** יאָ ער, בן־בוזי.

**קולות** יחזקאל! יחזקאל!

**קוליה** ווּ ז׳ער? ווּ ז׳ער?

**יחזקאל** (קײַקלט זיך אַראָפּ פֿון דער לעצטער באַריערע, בלײַבט שטיין, זײַן בליק פֿאַלט אויף אַבֿטליהן, לויפֿט צו אים צו, כאַפּט אים אָן פֿאַר זײַן האַנט, רײַסט אים אַוועק אין צענטער פֿון דער סצענע, קוקט אים, שטייענדיק מיט דער פּלייצע צום צושויער, אין די אויגן, לייגט אים דעם קאָפּ אויף זײַן אַקסל, לאָזט זיך אַראָפּ אים צוּ די פּיס, דאָס פּנים אײַנגעגראָבן טיף, כאַפּט זיך אָן קניִענדיק אין אַבֿטליהם אָרעם, באַשמעקט אים די קליידער, נעמט אים די האַרף פֿון האַנט, באַשמעקט די האַרף. ער פֿאַלט פּלוצלונג מיטן פּנים צום צושויער און בלײַבט אַ לענגערן מאָמענט אַזוי ליגן ווי אַ בערגל געהויקערט, הייבט אויף דעם קאָפּ, קוקט אַ ווײַלע ווײַט־ווײַט)
איך האָב געוואָרפֿן זיך אין בלאָטע,
און בין אין הימל!
אין הויף פֿון בית־המקדש, אין דבֿיר אַרײַנגעטראָטן.
אין היכל גאָטס... באַקאַנטע פּנימער,
באַקאַנטע שטימען...
אָ, איך דערקען זיי דאָך!
כ׳האָב אַלע זיי דערבליקט
זאָג, מענטשנקינד. צי איז עס וואָר?
צי איז׳ס אַ חלום גאָר?
באַלד כאַפּ איך אויף זיך און פֿאַרגעס!
איך זע׳ס איך זע׳ס
דאָס גרויסע גליק!

איך האָב דערבליקט עס!
איך בין אין בית־המקדש
וואָס אויפֿן ציון –
איך הער דאָרט זינגען די לוויִם,
איך קוק זיך אײַן אין זייערע געזיכטער –
איך זע אויך דיך דאָרט –

קולות (פֿון רעכטס און לינקס)
אַבֿטליה! אַבֿטליה!

יחזקאל (הייבט זיך אויף פֿון דר׳ערד)
כ׳האָב נעכטן נאָך געוווּסט, נאָך האַלבער נאַכט:
הײַנט וועסטו קומען!
בעסערע פֿון דיר האָט מען אומגעבראַכט,
בעסערע אַ סך
זענען אומגעקומען,
עס זענען ערגערע אַ סך פֿון דיר געבליבן –
מען האָט ניט אויסגעקליבן!
אַ גוטן צי אַ שלעכטן –
די ערגסטע אײַערע – זיי זענען דאָך
די בעסטע אויף דער וועלט!
איך האָב אין מיטן נאַכט זיך פֿאָרגעשטעלט
אַזוי דיך –
נעכטן!
יעצט זע איך דיך דאָ ווידער!
נעם אָן מײַן האַנט – איך ציטער,
זע, זע, – איך שוידער... (קוקט זיך געהיימענישפֿול אין אים אײַן)
טל – טוי, ווי טוי פֿון גאָט פֿאַל, טַליה!
אַבֿטליה!

קולות
אַבֿטליה! אַבֿטליה!

יחזקאל
דו ביסט געווען אַ לווי און וועסט עס בלײַבן –
מען מעג פֿאַרטרײַבן דיך, מען מעג פֿאַרטרײַבן –
דו ביסט אַ זינגער!
דו האָסט אַ האַרץ אין שפּיץ פֿון יעדן פֿינגער,
הערצער צען וואָס גליִען –

קלאַפּ אָן די סטרונעס
באַגיס מיט בלוט און זון זיי –
און ס׳ווערט אין בבֿל ציון (מיט די הענט אויפֿן קאָפּ)
איך בין געווען אַ כּהן־צדק –
יעצט בין איכ׳ס ניש׳...
מען האָט פֿאַרטריבן מיך, און ליידיק
איז מײַן טיש...
מײַן מזבח האָט פֿאַרגעסן שוין אַ פֿונק,
די אַש אויף אים און ס׳קטורת – אָפּגעווישט,
עס הייבט זיך ניט קיין רו[יכ]ל...
און דו – דו ביסט אַ לווי יונג,
דײַן ליד איז פֿריש –
מיט ביידע אײַך האָט דאָ פֿאַרשמעקט דער היכל!
זינג אַבֿטליה מיר, אָ זינג מיר יעצט אָ!
דאָס ליד
דאָס לעצטע –
ירושלימס לעצטע ליד אויף דר׳ערד –
האָב איך נאָך ניט געהערט...
וואַרט, זינג נאָך ניט –
דו זעסט: איך האָב זיך אָפּגעקערט,
איך האָב די אויגן צוגעמאַכט –
איך טאָר אויף דיר בשעת דו זינגסט ניט קוקן
איך קען דיך נאָך פֿאַרצוקן,
איך קען...
איך קען דיך נאָך פֿאַרצערן!
איך וויל בעתן זינגען דיך ניט זען,
איך וויל דיך הערן –
זינג!

**אַבֿטליה** דו הייסט –
דו הייסט, בן־בוזי,
און אַז דו הייסט – הייסט גאָט מיר... כ׳ווייס!
און איך וועל מוזן...
כאָטש עס איז ניט גרינג...

עס איז מיר שווער —

עס שטייט אַ גוי דאָ אויפֿן וועג — (ווײַזט אויף שראצרן)

ער האָט די פֿרייד געראַבט אונדז, זאָל ער ניט זען די טרער...

יחזקאל (צו שראצרן)

אַוועק!

שראצר איך וואָלט ניט וועלן פֿאָלגן דיר, בן־בוזי,

איך מוז עס אָבער, כ׳מוז עס...

ס׳איז אַ באַפֿעל פֿון נבֿוכדנאצרן אַליין:

אויף דײַן יאָ ניט ענטפֿערן מיט ניין

און אויף דײַן ניין ניט יאָ —

דו הייסט מיר גיין

פֿון דאָ —

איך וועל! איך וועל!

ס׳איז אַ באַפֿעל! (שראצר פֿאַרשווינדט רעכטס)

אַבֿטליה (קלאַפּט טרויעריק אָן די סטרונעס פֿון זײַן האַרף)

שפּיל אויס מײַן האַרף, שפּיל אויס און ניט פֿאַרבאָרג

דאָס אומגליק גרויס און גרויס די זאָרג —

דער נבֿיא האָט באַפֿוילן!

ניט פֿאַרהוילן

האָסטו קיין מאָל דײַנע פֿריידן,

ניט דײַנע גרויסע גליקן — (ווײַזט אויף די גולים)

אָט שטייען זיי, די לעבעדיקע עדות...

דו זאָלסט ניט דײַנע ליידן

יעצט אין זיך דערשטיקן,

ניט פֿאַרהוילן!

זינג שרעקן אויס, זינג גרוילן! (קלאַפּט אומעטיק אָן די סטרונעס פֿון זײַן האַרף)

שוואַרץ אַ שלייער אויפֿן קאָפּ —

איז די נאַכט אויף ירושלים שטום אַראָפּ,

אַ פֿינצטערע, אַ שטומע נאַכט!

צי איז ירושלים דאָ נאָך? צי איז זי אומגעבראַכט?

ירושלימס וועכטער — צי שלאָפֿט ער? צי ער וואַכט[?]

זאָג, וועכטער, עפּעס וואָס, זאָג אויס,

זאָג עפּעס וואָס אונדז פֿון דער נאַכט אַרויס...

זאָג עפּעס וואָס אונדז, זאָג —
איך שטיי... איך וואַ[רט]
„— ווײ! ווײ!
ס׳וועט ווערן טאָג!״
און ס׳איז געוואָרן טאָג,
און ס׳אומגליק גרויס,
און גרויס, אַך גרויס די קלאָג
און האַרט
האָט אויפֿגעדעקט ס׳געזיכט —
פֿון הימל האָט אַ שפּאַר געטאָן דאָס ליכט...
און אַז ס׳איז געוואָרן טאָג
און כ׳בין פֿון מײַן באַהעלטעניש אַרויס —
האָט נאָך דער רויך
פֿון בית־המקדש זיך געטראָגן הויך,
און אײַנגעגעסן זיך אין הימל טיפֿער,
און אויפֿן ציון־באַרג ניט אויפֿגעהערט צו שטיקן,
דאָס בלוט אין גאַסן האָט נאָך ניט פֿאַרגליווערט,
די טרער ניט אויסגעטריקנט,
דער שׂונא האָט געיאָגט —
עס איז געוואָרן טאָג!

יחזקאל (ברעכט די הענט, פֿאַרוואַרפֿט פֿאַרצווייפֿלט דעם קאָפּ אויף רעכטס און לינקס)
נאָך! נאָך! זינג נאָך —
דאָס ליד פֿון חורבן און פֿון גרויסן בראָך!

אַבֿטליה עס איז געוואָרן טאָג
דער טאָג פֿון מיזרח־זײַט האָט אָנגערוקט זיך —
צו וואָס? צו וועמען?
כ׳האָב אָנגעקוקט ירושלים — און האָב ירושלים ניט געזען,
ירושלים איז געלעגן אַ פֿאַרצוקטע...
עס האָבן אין די גאַסן זיך געהרגעטע געוואַלגערט,
יונגע, אַלטע,
עס האָט געשוועבט אַ שטומע שרעק,
וואָס שרעקלעכער עס איז: עס האָט זיך ניט געהערט קיין קלאָג...
עס איז געוואָרן טאָג!

צו וואָס? צו ווען?
כ׳האָב אָנגעקוקט ירושלים און האָב ירושלים ניט דערקענט,
כ׳האָב ניט דערקענט זי —
ירושלים איז געלעגן אַ פֿאַרלענדטע —
און פֿרויען צאַרט
מיט קינדער אויף די אָרעמס און אין בויך געשענדטע,
דערשטיקטע שוין און שוין פֿאַרשטאַרט,
און מאַנכע האַלטן נאָך אין גוס׳ן,
און פֿענצטער אויפֿגעריסענע פֿון הײַזער האַלב פֿאַרברענטע
און טירן אָפֿן —
און משוגעים זענען דאָרט אַרײַן,
און זענען באַלד מיט קוויטשערײַען גרויסע
פֿון דאָרט אַרויסגעלאָפֿן —
ס׳איז אינעווייניק שרעקלעכער ווי דרויסן
משוגעים ווילן דאָרט ניט זײַן...
זיי לויפֿן אַרויס, זיי לויפֿן אַרײַן —
משוגעים קענען זיך קיין אָרט געפֿינען
און גייען נאָך אַ מאָל אַראָפּ פֿון זינען...

יחזקאל
זינג נאָך! זינג נאָך!
כ׳וויל הערן נאָך!
אָך, אָך
עס איז מיר אַלץ נאָך קנאַפּ...
(ער רײַסט אַבֿטליהס האַנט און לייגט זי אים זיך אויפֿן האַרצן).
טאַפּ, טאַפּ —
ס׳איז נאָך אַן אָרט פֿאַראַן דאָ ווי דו זעסט
פֿאַר אַ געשוויר —
אָך! אָך!
עס פּיפּסן דאָרט די ווייטאָגן אין מיר
ווי פֿייגעלעך אין נעסט —
נאָך! נאָך!

אַבֿטליה
געוואָרן ז׳טאָג —
און איך — אַ שטיין...
ווער וויינט?

ווער קלאָגט?
ניט איך, אָ ניין...
כאָטש איך באַדאַרף,
איך דאַרף אַ טרער,
אַ טרער און מער...
איך ווייס ניט, ניין — (ער לאָזט אַרונטער די הענט)
עס וויינט די האַרף
פֿון זיך אַליין...
זעט אַלע, זעט:
ניט מײַן געוויין,
ניט מײַן געבעט —
עס וויינט די האַרף
פֿון זיך אַליין...

ס'איז טאָג געוואָרן,
אָ, הימלען קלאָרע,
אויפֿגעפּראַלטע.
אָ זאָגט, צי האָט איר
מיט אײַער גאָט איר
ווען געזען שוין
מענטשן
אויף דער ערד פֿאַרשטיינערט?
און שטיינער קאַלטע
וויינען?

יחזקאל
נאָך! נאָך!
דו האָסט געמאַכט אַ לאָך —
אין האַרצן מיר אַ לאָך —
זינג נאָך!

אַבֿטליה
ניט וויין, מײַן פֿאָלק,
פֿון גאָט פֿאַרפֿאָלגט,
פֿון שׂונא ווילד געיאָגט
ניט קלאָג, ניט קלאָג!
פֿון בייזן שׂונאס שפּאָט

און פֿון זײַן פֿלאַם געברענט,
געברענט, געשענדט — (צו אַלעמען אַרום)
אָ, ניט פֿאַרברעכט די הענט,
ניט ווײנט, אָ, ניט פֿאַרדעקט
דאָס פּנים אײַער בלאַס,
זאָלן ווײנען שטײנער אויפֿן גאַס
און זאַמדן אויפֿן וועג.

יחזקאל — זינג נאָך! זינג נאָך!
איך האָב פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפֿן גרויס אַ יאָך —
גאָטס וואָרט און זײַן געדאַנק,
און כ׳האָב אַ יאָך אַ גרעסערן, אַ שווערערן אַ סך
אויף זיך אַרויפֿגענומען — דײַן געזאַנג,
דײַן טרויערליד...
איך האָב באַפֿרײַט פֿון גאָט זיך גרויס און שטאַרק,
און האָב אַ לאַסט אַ שווערערע אַרויפֿגענומען אויף מײַן קאַרק —
אַן אומגליקלעכן ייִד!
זינג נאָך —

אַבֿטליה — ...אָ ווײנט ניט, ווײנט ניט, קײנער!
וו׳איר וואָלט ניט זען, ניט הערן —
זאָלן שטײנער ווײנען
אויף ירושלימס גאַסן,
זאָל דער ירדן ווײנען,
זאָל ער גיסן טרערן
אַנשטאָט וואַסער...
זאָל דער חרמון־הויך ניט קענען
דאָס אַלץ אַריבערטראָגן —
און זאָל קלאָגן!
אַלע בערג יהודהס, ווו זײ זענען
זאָלן זיך פֿאַרגײן
אין אַ געוויין...
דער שרון־טאָל
זאָל אויפֿהײבן אַ קול
פֿון יאָמער,

דער שית און דער שמיר
אויף פֿעלדער וויסטע!
זאָלן זיי, די פֿאַלשע
די נבֿיאים גיסן
טרערן ביטערע, ווי גאַל שוין,
אַנשטאָט ווערטער זיסע
און ניט וואָרע...
יהודהס גרויסע האַרן
וואָס אונדזער צרה
האָט קיין מאָל ניט געטאָן זיי אַרן,
וואָס האָבן קיין מאָל אונדזער ווייטאָג ניט גע[ש]פּירט –
זאָלן זיי צוזאַמען מיט די שטיינער
וויינען!
זאָלן פֿאַסטעכער און פּיטערער
מיט טרערן וויינען ביטערע,
אַלע די וואָס האָבן אונדז פֿאַרפֿירט
אין וועגן וויסט...

דו אָבער, פֿאָלק דו מײַן,
וווּ נאָר דו ביסט –
דו האַלט זיך אײַן...
דו גיס ניט אויס
דײַן אומגליק גרויס,
דײַן אומגליק שווער
אין אַ זודיקער אַ טרער...
ניט פֿאַרקויף די פּײַן,
דײַן גרויסן שמאַרץ
פֿון חורבֿ זײַן,
פֿון זײַן פֿאַרוואָגלט –
אין אַ קלאָגליד...

זאָל זײַן דײַן האַרץ
ווי דײַן געשטאַלט – אַ שטיין!

אַ פֿעלדזונשטיין!
זעט — זעט:
ניט מײַן געבעט,
ניט מײַן געוויין —
עס וויינט מײַן האַרף, מײַן האַרף —
זעט, זעט —
פֿון זיך אַליין... (די האַרף שפּילט נאָך עטלעכע אַקאָרדן פֿון זיך אַליין, לענגערע פּויזע)

יחזקאל (פֿאַלט מיט דער גאַנצער לאַסט פֿון זײַן קערפּער אויף הינטן)

אַבֿטליה, שבֿנא (כאַפּן אים אונטער, לאָזן אים פֿאָרזיכטיק אַראָפּ)

יחזקאל (דער קערפּער ציטערט אים גאַנץ, דאָס געזיכט עפּעס אויפֿגעהויבן קעגן איבער דעם צושויער)

ערשטער ייִד די פֿאַליקע! ער האָט די פֿאַליקע!

די גולים (פֿון רעכטס און לינקס)
אָ! אָ!

צווייטער ייִד ס'איז ניט די פֿאַליקע!

די גולים ס'איז יאָ! ס'איז יאָ!

שמעיה ס'איז טאַקע יאָ!
נאָר ניט בײַ אַלעמען
איז זי אַן עגאַליקע...

אַבֿטליה ער ציטערט גאַנץ, ער ציטערט!

קוליה ער איז פֿאַרביטערט —
ער האָט דעם צער, ניט אויסגעהאַלטן, גרויס...

שמעיה ניין, ער איז שטאַרק, שטאַרקער ווי מיר אַלע,
ער האַלט עס אויס!

קוליה ער איז געפֿאַלן...

שבֿנא ר'איז אײַנגעשלאָפֿן —

אַבֿטליה די אויגן זענען דאָך אים אָפֿן...

שמעיה זיי קוקן אין אַן אַנדער וועלט
וואָס איז פֿון אונדז פֿאַרשטעלט...
פֿאַלנדיק אַראָפּ — דערהייבט ער זיך הויך־הויך
צו גאָט —
און כאַפּט ער אויף זיך — ברענגט ער עפּעס וואָס פֿון דאָרט,
פֿון אויבן,

אַ ווונק, אַ וואָרט
אונדז אויך...
איך קען אים גוט –
ער האָט
מיט יעדן פֿאַל מיט זײַנעם מיך דערהייבן,
געקילט מיר אין די אָדערן דאָס בלוט
און דערבײַ אין מיר אַ פֿײַער
אָנגעצונדן,
ער היילט אונדז ווונדן,
און מאַכט אונדז ווונדן נײַע,
ער האָט... (מיט אויפֿגעריסענע אויגן אויף יחזק[אלן])]

יחזקאל (זעצט זיך אויף, קוקט שטאַר אין צושויער־זאַל)

שמעיה אָט, אָט –
ער הייבט זיך פֿון דער ערד!
ער הייבט זיך פֿון זײַן פֿאַלן –
שטעלט אויף זיך אַלע, אַלע,
שטייט אויף און הערט!

אַלע (בײַ די גולים און צווישן די וואָס אויף דער סצענע אַן אויפֿרעגונג, אַ באַוועגונג, וואָס ווערט בײַם ערשטן וואָרט פֿונעם נבֿיא פּאַראַליזירט)

יחזקאל (הייבט זיך אויף, שטעלט זיך אויף די פֿיס הויך, געוואָנדן לינקס, צו ארץ־ישראל).

יחזקאל [ל״ד] א) און ס'איז צו מיר געווען גאָטס וואָרט:

ב) גיי, זאָג פֿאָרויס,
זאָג, מענטשנקינד, נבֿיאות זאָג זיי דאָרט,
די פֿיטערער ישׂראלס – זאָג זיי אויס!
זאָלסט זאָגן זיי, די פֿיטערער:
אַזוי זאָגט גאָט דער האַר – אָך! אָך!
אָ, פֿיטערער ישׂראלס, ביטערע,
זיך אַליין האָט איר געפֿיטערט דאָך...
אָ, שטראָף!
עס ווערן פֿאַסטעכער געפֿיטערט פֿון די שאָף.

וואָס פֿעט איז – עסט איר אויף אין פֿריידן,

מיט דעם וואָלנס טוט איר זיך באַקליידן –
די גאָר געזונטע שלאַכט איר,
מאַ[כט] איר
אַ גיכן סוף –
איר פּיטערט ניט די שאָף!

ד) ניט געשטאַרקט האָט איר די לאַם די שוואַכערע פֿון לאַנג שוין,
און ניט געהיילט די קראַנקע,
די צעבראָכענע – איר האָט די וווּנדן
אירע ניט פֿאַרבונדן,
און די פֿאַרשטויסענע האָט איר ניט צוריקגעבראַכט
און די פֿאַרלוירענע – איר זוכט זי שוין ניט מער!
ווי פֿעסט איר האַלט זיי,
איר האָט באַהערשט מיט גוואַלד זיי,
און מיט אַרבעט שווער...

ה) זיי האָבן, אָן אַ פּאַסטעך אַלע,
פֿונאַנדער זיך געשפּרייט
ווי שטויב,
און געוואָרן רויב
פֿאַר יעדער חיה, וואָס איז זיי אויפֿן פֿעלד באַפֿאַלן
און פֿונאַנדער זיי געשפּרייט.

ו) מײַן שאָף – זיי בלאָנדזשען אום אין בערג,
און אויף די קערק
פֿון היגלען הויכע,
מײַן שאָף – אָ, אומגליק, אָ אַ בראָך –
אויף גאָר דער ערד צעזייט,
צעשפּרייט
און גייען, ווי אַ רויך אויס –
און קיינער פֿאָרשט ניט, קיינער פֿרעגט ניט [נאָך.]

ז) דעריבער, פּיטערער, ווו איר געפֿינט זיך דאָרט[]

הערט, הערט גאָטס וואָרט!

ח) אַזוי וואָר ווי איך לעב – זאָגט גאָט דער האַר,
אויב ניט דערפֿאַר
וואָס מײַן שאָף, מײַן אָרעמע, געוואָרן איז צעפּלינדערט,
אויפֿגעגעסן גאָר אויף גאָר דער וועלט,
פֿון חיות־רעות ווילד אין פֿעלד –
און ס׳איז קיין פּאַסטעך ניט געווען וואָס האָט געהינדערט...
מײַנע פּאַסטעכער דאָס רובֿ
פֿאַרשיכּורטע פֿון ווילטאָג, פֿאַרזונקענע אין שלאָף –
זיי האָבן איבער
מײַנע שעפֿעלעך די ליבע
ניט געציטערט –
זיי האָבן זיך אַליין געפֿיטערט –
ז[יי] האָבן ניט געפֿיטערט מײַנע שאָף!

ט) דעריבער, פֿיטערער, ווו איר געפֿינט זיך דאָרט,
הערט הערט גאָטס וואָרט:

י) אַזוי געזאָגט האָט גאָט:
אָט נ[ע]ם איך צו די פּאַסטעכער זיך, אָט!
איך גיי
און פֿאָדער מײַנע שעפֿעלעך פֿון זיי,
זיי וועלן שוין ניט פֿיטערן זיך מיין,
ניט פֿיטערן זיך מערער זיך אַליין...
כ׳וועל ראַטעווען מײַן שאָף זיי פֿון די ציין!
זיי וועלן ניט פֿאַרצערן
זיי שוין מערער...

יא) ווײַל אַזוי, אַזוי געזאָגט מיר האָט
מײַן האַר, מײַן גאָט:
אָט בין איך, אָט,
איך גיי –

כ׳וועל זוכן מײַנע שאָף און וועל באַזוכן זיי...

יב) ווי ס׳פֿאַרהיט אַ הירט זײַן האָרד,
בעת ער שטייט אין מיטן,
אויף זײַן שטעקן אָנגעשפּאַרט,
צווישן זײַנע שעפֿעלעך צעזייטע
און צעשפּרייטע
אויף דער ערד —
אַזוי וועל איך פֿאַרהיטן זיי, פֿאַרהיטן,
זיי באַגינסטיקן
און ראַטעווען זיי, מײַנע שעפֿעלעך געפּלאָגטע —
פֿון אַלע ערטער ווו מען האָט פֿאַריאָגט זיי
אין אַ טאָג, אין אַ פֿאַרוואָלקנטן און אין אַ פֿינצטערן...

יג) און כ׳וועל אַרויסנעמען פֿון פֿעלקער זיי [פֿון] פֿרעמדע,
און פֿון ווײַטע לענדער זיי צוזאַמענגעמען
אויף זייער ערד זיי ברענגען ווי אַ מאָל,
און כ׳וועל זיי פֿיטערן אויף די בערג ישׂראלס
איבער טײַכן
און אין ווינערטער אין רײַכע.

טו) און איך אַליין, איך פֿיטער
די שעפֿעלעך די קליינע וואָס איך גאַר,
אַליין, אַליין לאָז איך זיי הויערן, לייג זיי אַנידער —
זאָגט גאָט דער האַר.

טז) די פֿאַרלוירענע די לאַם — איך זוך זי און דערבליק [זי]
און די פֿאַרשטויסענע — איך ברענג צוריק זי,
און היילן וועל איך די צעבראָכענע פֿון לאַנג שוין
און שטאַרקן, שטאַרקן זי די קראַנקע...

כ״ח) זיי וועלן ניט מער זײַן אַ רויב פֿאַר גויִים אַלע,
און די ווילד פֿון לאַנד וועט ניט פֿאַרצוקן זיי, און ניט באַפֿאַלן

און זיכער זענען זיי אין זייער היים, דער שיינער —
און סע שרעקט זיי קיינער.

אין כ׳וועל אַ פֿלאַנצונג זיי באַשטימען כ"ט)
זיך צו באַרימען!
זיי וועלן ניט פֿאַר הונגער אויסגיין מער,
און אויף דער ערד ניט מער פֿאַרוועלקן,
און וועלן מער אויף זיך ניט טראָגן שווער
די באַליידיקונג פֿון פֿעלקער...

זיי וועלן וויסן זײַן אַז איך, איך גאָט — [ל)]
איך בין מיט זיי וו׳אַ מאָל!
און זיי — די קינדער פֿון מײַן פֿאָלק, מײַן הויז ישׂראל!
אַזוי זאָגט גאָט!

אַבֿטליה
מײַן האַרף! (הייבט אויף זײַן האַרף, באַטראַכט זי)
שטוינען זאָלט איר און זאָלט קוקן:
זי איז געווען רויט געפֿאַרבט —
יעצט איז זי בלאַס!
מײַן אויג געווען איז טרוקן —
יעצט איז עס נאַס!
מײַנע האָר געווען זענען שוואַרץ —
זיי זענען גרוי...
מײַן הימל וואָס געווען איז בלוי —
האָט זיך פֿאַרוואָלקנט...
מײַן האַרף — ווי אויך מײַן האַרץ —
זיי ווילן מיך ניט פֿאָלגן —
זיי זינגען ניט!
ביידע זיי געווען זענען רויט געפֿאַרבט,
אין ביידע — זיי געווימערט
און געגלימערט
האָט הייס אַ ליד —
יעצט שטאַרבט עס אָפּ אין זיי, יעצט גייט עס אויס און שטאַרבט...
איך בין אַ זינגער!

איך זינג, איך זינג נאָר –
דער נבֿיא – זעט...
איך האָב נאָר געזונגען,
עפּעס וואָס נאָר אָנגעוווּנקען,
דער נבֿיא האָט גערעדט!

אָ, נבֿיא, דו – דאָ –
דו האָסט פֿון דאַנען אין יהודה
מער געזען ווי איך – דאָרט...
איך האָב געזען געזיכטער –
דו – די זעל,
עס הייבט בײַ מיר זיך אָן פֿון קעל –
און כ׳קום צום אויער צו –
און דו – ?
דו מאַכסט אַ תּל,
און דו באַלעבסט!
און רעדסטו פֿון אַ שעפּס –
און מען פֿילט דעם מענטש!
זײַ געבענטשט!
קוליה די פֿיטערער – אָ, שאַנד!
זיי האָבן עס געבראַכט אונדז צו דעם שטאַנד...
זיי האָבן פֿול געמאַכט דאָס גאַנצע לאַנד
און אויסגעזויגן ס׳בלוט פֿון מײַנע ברידער –
אין יעדן טאָל, אין יעדן אינדערנידער,
אויף יעדן בערגל הויך...
יחזקאל זיי זענען דאָ אין בבֿל אויך! (דרייט זיך מיט אַ מאָל אום אויף רעכטס)
אָט קומט ער אָן,
דער האָן,
דער האָפֿערדיקער מיט זײַן הון,
מיט הינער און מיט הענער –
די פּנימער – זיי לײַכטן ווי די זון!
קוקט, קוקט, צי האָט שוין אַזאַ פֿריילעכקייט געזען ווער?
ווײ מיר! איך קוק זיי אָן און לאַך –

איך לאַך... אָ, שאַנד און שפּאָט!
ער רעדט אין נאָמען גאָטס – און ס׳איז ניט גאָט,
און ניט זײַן שפּראַך
פֿון פֿרײדן אויסגעטראַכט,
פֿון פֿאַרלאַנגען גאָטס – און ס׳איז ניט זײַן פֿאַרלאַנג,
ניט זײַן געדאַנק!
עס פֿאַלט קיין וואָרט קיין שלעכטס פֿון זײַנע רייד ניט –
און ער דערפֿרייט ניט...
און ברענגט ער טרייסט –
ווייסט, ווייסט:
ס׳איז ניט קיין טרייסט!
דאָס זענען רייד וואָס האָבן מיט זײַן גאָ[ט]
און מיט זײַן האַרצן ניט צו טאָן...
אָ שפּאָט!
אָט קומט ער אָן
פֿון ברייטן שליאַך דאָ
אַחאָבֿ!

קוליה (און אַלע אַרומיקע רײַסן זיך דערשטוינט און אומרויִק פֿון די ערטער – )

אַחאָבֿ! אַחאָבֿ!

יחזקאל (זעצט זיך האַלב ליגנדיק, אײַנגעקאָרטשעט אויף אַ שטיין)

(עס דערהערט זיך פֿון ברייטן וועג, רעכטס, אַ פֿריידיק, שטאַרק גוזאַנג, אַ געבראַזג פֿון טאַצן און בלאָז־אינס[טרומענטן,] קולות פֿון שופֿרות)

קוליה (און אַלע אַרומיקע לאָזן טרויעריק אַר[אָפּ די קע]פּ)

אַחאָבֿ (דערשײַנט פֿון ברייטן וועג אין באַגלייטונג פֿון אַ פֿרוי בײַ זײַן רעכטער [זײַט] און געפֿאָלג, מענער און פֿרויען וואָס קומען אים נאָך)

קוליה (פֿאַרצווייפֿלט)

אַחאָבֿ! (ער קערט אָפּ פֿרעמד, דעם קאָפּ זײַנעם לינקס)

אַחאָבֿ (שפּרייט פֿון ווײַטן פֿריידיק אויס די הענט צום פֿאָטער, ער זינגט צוזאַמען מיט זײַן געפֿאָלג)

כ׳בין דאָ!
כ׳בין דאָ,
די פֿרייד!
און ביסטו טויב –
אָ הער

און גלייב,
און גלייב נאָך מער —
כ׳בין דאָ!

איך שרײַ פֿון יעדער לייד,
פֿון יעדער נויט:
כ׳בין דאָ!

**איך** רויב
**אַ**וועק דאָס לעבן פֿונעם טויט,
**און** הייב׳ס
**פֿון** שטויב אַרויף, פֿון שטויב!
**פֿון** אונטערגאַנג
**האָב** איך מײַן פֿאַנג —
**כ׳בין** דאָ!

איך רײַס פֿריש שפּראָצונגען אַרויס
פֿון שויס
פֿון דער פֿאַרניכטונג,
און שטערן ליכטיק
פֿון דער טיפֿער נאַכט.

פֿון שווערע וואָלקנס קראַכט
עס, און עס לאַכט:
איך פֿריי זיך מיט מײַן רויב —
גלייב! גלייב —
**כ׳בין דאָ!** (טיפֿע שטילקייט, לינקס טיפֿער צער, רעכטס אַלע עקזאַלטירט אין העכסטער פֿרייד)

## דער פֿאָרהאַנג פֿאַלט לאַנגזאַם

## פֿערטער אַקט

די אָנטייל־נעמער אין פֿערטן אַקט:

אַחאָבֿ בן קוליה

קוליה

יחזקאל הנבֿיא

אַבֿיגיל

הדסה

שמעיה הנחלמי

בלאַדן — אַ באַבילאָנישער הויכגעשטעלטער קריגער

צוויי באַגלייטער בלאַדנס

אַבֿטליה

שבֿנא

שראצר

גולים

די סצענע ווי אין ענדע פֿונעם דריטן אַקט

אַחאָבֿ (די הענט אויסגעצויגן צו קוליה)

אָ, פֿאָטער, פֿאָטער מײַנער, אָ, קוליה!
איך וואַרט אויף דיר דאָ, אָ,
איך וואַרט פֿון לאַנג, פֿון לאַנג,
דו ביסט געקומען, דו, געאַכפּערטסטער פֿון פֿאָלק —
זאָל זײַן געבענטשט די שעה!
איך בין צו דיר אַרויס מיט מײַן געפֿאָלג,
מיט טאַצן און געזאַנג —
אָ פֿאָטער, פֿאָטער מײַנער, אָ קוליה
זײַ געבענטשט אויף וועגן נײַע
אומזיסט פֿון אונדז געהאַסטע,
אויף נײַע־אַלטע וועגן קיין אור־כּשׂדים,
אַבֿרהמס וויגעלע — דאָס אַלטע אור —
דערקען זיך צו דײַן זון, דערקען דײַן שנור!

קוליה אָ, אומגליק גרויס! (ווענדט זיך צו זײַנע נאָענטע לינקס)
פֿירט מיך אַרויס...
עס עקלט מיך פֿון פֿלייש פֿון מײַנעם, פֿון מײַן בלוט,

און פֿון זײַן הור —
פֿירט מיך אַרויס!
די אונטערגייענדיקע זון
באַשײַנט אים,
און מיך — מיך שמײַסט זי בייז ווי מיט אַ רוט.

יחזקאל  ער איז דײַן זון?
גוט! גוט!

קוליה  וואָס גוט?

יחזקאל  וואָס דו האָסט פֿײַנט אים!
זײַן טאַטע זאָל פֿון אים דערווײַטערט ווערן,
די ברידער זײַנע און די שוועסטער —
וואָס טיפֿער צווישן זיי דער תּהום!
ער האָט דאָך ניט געזונגען, ער האָט געלעסטערט!
דאָס זענען ניט קיין רייד
פֿון עכטער פֿרייד —
דאָס איז אַן אויפֿגעבלאָזענער אַ שוים...
דער שׂונא שלעכט —
דער שׂונא האָט אַזעלכן אויך ניט גערן,
ער איז ניט עכט!
ווען דו ביסט, אַלטעטשקער, ניט שוואַך, ניט אַלט אַזוי,
און דײַן זון ניט שטאַרק, ניט ריזיק זײַן געשטאַלט אַזוי,
וואָלטסט הילכיקע אַראָפּגעלאָזן אים יעצט פֿרעסק דאָ!

אַחאָב  יחזקאל!
דו! דו ביסט עס!
דו האָסט געשטעלט צווישן מיר זיך און מײַן פֿאָלק,
צווישן מיר און מײַנע ברידער —
לויפֿסט מיר פֿאָרויס אין שטאָט און אין דער וויסטע —
און ווי דו וואָלסט געיאָגט מיך און פֿאַרפֿאָלגט...
יעצט שטעלסטו צווישן מיר און פֿאָטער מײַנעם זיך אַנידער —

יחזקאל  ניט איך! עס שטייען צווישן דיר און דײַנע נאָנטע
ווענט!
דו שטעלסט אַליין אַוועק זיי און דערק[אָנסט ניט — ]
דו צינדסט אַ פֿײַער אָן און זעסט ניט ווי עס ברענט —

און ווייסט ניט ווו?

אַחאָבֿ דו! דו!

יחזקאל (טרעט צוריק, מאַכט פֿרײַ דעם וועג פֿאַרן זון און פֿאָטער)

גיי צו!

אַחאָבֿ (שטרעקט אויס צום פֿאָטער די הענט)

פֿאָטער!

קוליה אַוועק!

אַחאָבֿ (לאָזט אַראָפּ פֿאַרשעמט און פֿאַרדראָסיק די הענט, צו יחזקאלן)

דו! דו!

דו ווייסט ניט פֿון קיין רו,

דו פֿאַרלויפֿסט אַ ברודיקער דעם וועג מיר אומעטום,

מיט אַ טאָג אַפֿריִער, מיט אַ שעה...

און ווו איך קום און ווען איך קום –

דו ביסט שוין דאָ!

ווי אַ געשוויר אַ בייזע, ווי אַ בלאָטער

אײַנגעגעסן זיך, אַ שלעכטער...

איך קום מיט פֿרייד און מיט געלעכטער –

און מוז אַוועק...

קוליה אַוועק! אַוועק!

אַחאָבֿ (צו יחזקאלן)

דו! דו!

דו מאַכסט צו נישט מײַן אויפֿטו – איידער נאָך איך טו...

דו ביסט אַן אָפּגעריסענער, אַ שלעפּער אַ צעפּלאָמטער,

פֿאַרלאָפֿן אויך דעם וועג

דעם זונס צום פֿאָטער,

און פֿאַרסמט אים –

איידער נאָך דו האָסט דעם פֿאָטער מײַנעם רעכט געזען...

אָ, איך דערקען –

זעט, זעט:

ער האָט געוואָרפֿן זיך שוין דאָ אין בלאָטע!

ער האָט באַקומען זי, די פֿ אַ ל י ק ע

און דערנאָך גערעדט!

רייד פֿינצטערע, רייד גאַליקע,

גערעדט פֿאַר פֿײַער און פֿאַר וואַסער...
בן־בוזי, דו... אָ, אַלטער שׂונא!
קום, קום, הדסה,
צעבליטע רויז!
קום איידעלע, געאיידלטע געזינד,
געהייליקטע אין פֿרייד —

יחזקאל  גיי מיט דײַן זונה!

שמעיה  (פֿאַרברעכט די הענט און לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ)

יחזקאל  און מיט דײַן כנופֿיה הינט!
אַרויס! אַרויס!
(כאַפּט זיך צוריק)
ניין, ניין, בלײַב דאָ, פֿאַרבלײַב,
און זינג דײַן פֿרייד זיי אויס,
זינג, זינג און זאָג —
דײַן פֿרייד — פֿאַרטרײַבט,
און דײַן געזאַנג איז קלאָג...

אַחאָבֿ  דײַנע רייד —
זיי זענען שמוציק, שמוציק, ווי דײַן קלייד,
ווי דײַן גוף — אַזוי אויך דײַן נשמה —
זי איז ניט שיין!
איין ברודיקער, איין גרויסער פֿלעק!

יחזקאל  איך האָב געגעסן דרעק —
און בין געבליבן ריין!
און דו, דו האָסט פֿון אַ מזבח פֿון אַ הייליקן געגעסן —
און דו ביסט ט מ א!
ביסט מיר דערעסן! (פֿאַרלאָזט אים מיט עקל, ער קלעטערט ווידער אויף די באַריערעס, נעמט אַרום די גולים, דעם, יענעם, פֿאַרשווינדט צווישן זיי)

אַחאָבֿ  פֿאָטער! דו ביסט מײַן פֿאָטער, הער —

קוליה  איך בין׳ס געווען, יעצט בין איך עס ניט מער.

אַחאָב  זאָגסט פֿון אַ זון זיך אָפּ — צי איז דיר ניט קיין שאָד?

קוליה  ס׳איז לײַכטער אָפּצוזאָגן פֿון אַ זון זיך ווי פֿון גאָט...

אַחאָבֿ  אַ טאַטע, ווען ער זאָגט זיך פֿון זײַן זון אָפּ —
האָט ער פֿון זײַן גאָט זיך אָפּגעזאָגט דאָך אויך!

נעפֿינענדיק דאָ מיך – האָסטו אויך גאָט געפֿונען –
:אָט איז אין מײַנע רײַכקייטן אויף דר׳ערד באַטייליקט,
און איך, איך האָב אַ חלק
אין זײַן הייך –
אי ער, אי איך – מיר זענען ביידע הייליק!
מײַן איז די ערד, די גאַנצע ערד!
אי מײַן, אי דײַן, אי זײַן –
איינע איבער איר די זון און איין די שײַן,
איך בין איר קעניג!
אי איך, אי דו, אי ער –
ציון איז מיר ווייניק,
איך וויל מער!
איך וויל די וועלט! די גאַנצע וועלט!
איך בין אַ גרעסערער אַ העלד,
קליגער נאָך און מער דערפֿאַרן
ווי אַ פּרעה,
ווי אַ שלמנאֶסר –
איך בין גרעסער!
בעסער!
יעדער איינער פֿון זיי אַלע האָט
מיטן כּוח פֿון אַ שווערד
באַהערשט די ערד –
איך וועל באַהערשן זי מיט גאָט!

קוליה: ווער איז דײַן גאָט? ווער איז ער?

אַחאָבֿ: דער וואָס ביז׳הער:
פֿרייד! (ער קומט צו אין עקסטאַז אין מיטן סצענע)
דאָס רעטעניש פֿון לעבן, יאָ, און דער באַשייד –
פֿרייד!
רופֿט אויס, רופֿט אַלע מיט מיר אויס,
ווער אויף אַ קול, ווער שטילערהייט:
פֿרייד! פֿרייד!
איך וועל מיט פֿרייד פֿאַרגיסן אײַך,
מיט פֿרייד אַ טײַך,

מיט מײַנע פֿריידן גרויס,
איך וועל אַרײַנוואַרפֿן אין אײַך מײַן יום־טובֿ,
ס׳איז אײַער אַלעמענס דער יום־טובֿ,
דערקאָנט, דערקאָנט אים!
דער יום־טובֿ פֿון דער ערד, דער גאַנצער —
קומט! קומט טאַנצן!
טאַנצט! טאַנצט! זאָגט גאָט,
נעמט פֿאַר די הענט זיך אָן און טאַנצט אַ ראָד!
טאַנצנדיק אַזוי הייבט איר דאָך אָן צו פֿליִען —
און פֿליִענדיק — איר אַלע,
ווערט איר גלייביק!
עס איז געפֿאַלן ציון —
בבֿל אויך וועט פֿאַלן —
און אונדזער פֿרייד איז אייביק!
און אומעטום!
איך בין אין באַרג יהודהס געווען איר נבֿיא —
איך בין עס אויך אין בבֿל!
און וווּ איך קום —
איך ברענג זי מיט!
עס איז די פֿרייד, די פֿרייד —
זי שטראַלט
פֿון מײַנע אויגן מיר, פֿון מײַנע רייד,
ווי זון פֿון הימלבלוי,
זי פֿאַלט,
ווי טוי,
ווי דער "איך האָב דיך ליב!", "איך ליב דיך!" פֿון אַ פֿרוי.
די פֿרייד —
אָ נעמט זי מיט —
וווּ נאָר איר גייט,
וווּ נאָר איר ווערט
צעשפּרייט,
אויף גאָר דער ערד!
אָ, נעמט זי מיט!

זי איז פֿאַר איַיך געווידמעט —
זיַיט ווי איך אַ ייִד,
איך בין דער אמתער, דער ייִד —
און דער אמתער, דער ייִד — איז שוין קיין ייִד ניט.
איך האָב׳ס דערגרייכט מיט פֿרייד!
מען דאַרף דערגרייכן קענען ביז
ניט ווערן וואָס מען איז —
אויס ייִד זיַין איז אַ הייד וואָס ווערט אויס הייד!
עס האָט די פֿרייד, דערהייבן זיי, זיי בײדע,
הויך־הויך, אַזש צו די שטערן...
אָ, הייב מיך, פֿרייד, דערהייב מיך צו די שטערן!
און מעג ווי שטערן איך, אין הויכער הייך ניט ווערן...

קוליה (אויפֿגערעגט) „אַזש צו די שטערן!״ הערט!
ער האָט געוואָלט ערשט יעצט די גאַנצע ערד,
נאָר ווער עס איז ניט ציון טריַי געבליבן —
וועט בבֿל אויך ניט ליבן!
ער האָט זי ניט, די ערד, די גאַנצע, גערן...
הערט אַלע, און פֿאַרנעמט:
ער וויל אַזש צו די שטערן! (צו אַחאָבֿן)
דו ביסט מיר פֿרעמד!

אַחאָבֿ איך בין דער מענטש!

קוליה אַ ייִד וואָס איז קיין ייִד ניט — איז ניט קיין מענטש!
אַליין דער מ ע נ ט ש איז ניט דער שורש זיַינער,
נאָר עפּעס נאָך, אַן עיקר זיצט אין אים...
אַ דאַנק דעם עיקר זיַינעם
וואַקסט ער גרויס —
און ריַיסט ער אים אַרויס
איז נאָכן מענטש, נאָך אים...
דו ביסט מיר פֿרעמד —
מיר האָבן בײדע זיך פֿון האַרצן אויסגעמעקט...
אַוועק!

אַחאָבֿ איך בין דאָך שוין אַוועק אָ, פֿאָטער, פֿאָטער!
מיט וועגן וויַיט און ברייט —

מיט ליכט און פֿרייד
באַגאָסן און באַשאָטן...
נאָך אין יהודה יונג
האָב איך באַטראָטן
אים, דעם וועג,
האָט אָנגעצונדן זיך אין מיר אַ פֿונק...
איך בין אַוועק —
אין בבֿל בין איך אויסגעוואַקסן...
דו, פֿאָטער, ביסט געבליבן וואָס דו ביסט געווען —
אַן עקשן... (בלײַבט מיט בליקן געוואָנדן אויף אַבֿיגילן)
און דו —
איך דערקען דיך, שוועסטער, איך דערקען —
קום, אַבֿיגיל, דו!

**אַבֿיגיל** (ווײַזט אויפֿן פֿאָטער)
ער האַלט מיך צו —
דו זעסט...

**אַחאָבֿ** ער האַלט דיך פֿעסט,
אָ, שוועסטער...

**אַבֿיגיל** ניט פֿעסט, ניט פֿעסט!
קוליה דאַרף זײַן אַבֿיגילן ניט האַלטן פֿעסטער —
עס האַלט מיך אָפּ זײַן ווילן מערער ווי זײַן אָרעם —
ער האַלט מיך ניט מיט בייזן, נאָר מיט גוטן...

**אַחאָבֿ** ווּ איז חמוטל?
ווּ איז איר מאַן?

**אַבֿיגיל** פֿון שונאס פֿײַל איז ער געטראָפֿן טיף געוואָרן —
ווען געפֿאַלן ס'איז ירושלימס מויער — דאַן
איז ער אויך געפֿאַלן...
חמוטל איז מיט אַלע —
מיט אַלע אונדז אַוועק צוזאַמען...
זי איז אין מדבר־זאַמד געוואָרן דאָ אַ מאַמע —
זי האָט אַ קינד געהאַט —

**אַחאָבֿ** אַ קינד! אַ לעבן!

**אַבֿיגיל** זי האָט דאָס קינד דעם טויט אַוועקגעגעבן —

זי האָט געוואָרפֿן זיך מיט אים אין פּרת...
און מיט די וועלן זײַנע ווײַט אַוועקגעשווומען —

אַחאָבֿ אומגעקומען! (לאָזט אַ ווײַלע אַראָפּ דעם קאָפּ, הייבט אים אומרויִק אויף)
חולדה! זי! ווו איז זי?

אַבֿיגיל זי האָט באַוויזן
אומקערן זיך צ׳ריק —

אַחאָבֿ צוריק? אין חורבֿן אין לאַנד צוריק?
דאָס זעלבע וואָס אין טײַך זיך וואַרפֿן!...
דער גורל האָט די לענדער פֿונעם טויט און פֿונעם ל[עב]ן
אונדז געגעבן —
עס איז דאָס לאַנד פֿון לעבן וואָס מיר באַדאַרפֿן.
און ווו איז שבֿנא?

אַבֿיגיל טרעף! טרעף נאָר! (ווײַזט אויף אַבטליהן און שבֿנאן)
איינער מיט אַ האַרפֿע.

אַחאָבֿ (אָנקוקנדיק זיי אַ לענגערע ווײַלע, באַליידיקט)
זיי זענען צוויי —
צוויי יונגע לײַט,
אוןביידע זיי —
ניט ביידע קוקן אין מײַן זײַט... (זײַן בליק פֿאַלט אויף שמעיהן)
און ד ע ר ווער איז? ד ע ר! ד ע ר! (טרעט קוים צוריק)
שמעיה!

הדסה (פֿאַלט צו צו אַחאָבֿן פֿון רעכטס)
ער!
איך קוק און גלייב ניט מײַנע אויגן מער —
ער!

אַחאָבֿ דו! דו!
פֿון ווו?
דו אויך?
דו ביסט געווען דאָרט... דאָרט... דאָרט אין דער הייך!

שמעיה איך בין פֿון דאָ אַנטלאָפֿן... פֿון דעם געפֿענגעניש אַנטלאָפֿן,
אין אַ היים, אַ פֿרײַע —
פֿרײַ און אָפֿן...

אַחאָבֿ די פֿרײַהייט, שמעיה,

זי איז אין אונדז, ניט אין דעם לאַנד
אַוווּ מיר זענען...
און זאָל זי ניט דעם לאַנד, נאָר אונדז באַשיר׳מען!
דו קומסט פֿון דאָרט, דו האָסט געזען אים, ירמיָהן?
ער האָט אונדז ביידן דאָרט אין בריוו, אין יענעם
פֿאָראויסגעזאָגט אונדז, אַז מיר וועלן ברענען...

קוליה: נאָר דיר אַליין!

אַחאָבֿ: איז גוט! (צו שמעיהן)
איך וויל אין לעבן נאָר מיט דיר צוזאַמען גיין,
מיט דיר, מיט דיר געמיינזאַם...
פֿאַרגיסן בלוט...
פֿאַרברענט ווערן און שטאַרבן – קען איך איינזאַם...
דו האָסט געזען אים דעם פֿינצטערן, דעם מענטש?

שמעיה: געזען.

אַחאָבֿ: דו האָסט אים אויך געהערט...

שמעיה: כ׳בין נאָכגעגאַנגען ווי אַ שאָטן אים אויף דר׳ערד.
עס האָט געצויגן מיך צום אים, ווי כ׳וואָלט געמוזט...
כ׳בין אומעטום מיט אים געווען
ס׳האָט קיינער ניט געוווּסט...

אַחאָבֿ: נו, וואָס?
ער שילט נאָך אַלץ און לעסטערט מיט אַ ברען?

שמעיה: לאָז! לאָז!
כ׳האָב ליב אים מער בעת ער שילט, ווי ווען ער בענטשט...

אַחאָבֿ: זע, זע, דו האָסט געמאַכט עס גיך,
האָסט גיך געענדערט זיך...
האָסט באַקומען ליב אים,
דעמען
אַנטקעגן וועמען –
האָסט שאַרף אַזוי געשריבן...

שמעיה: לאָז צו רו,
ר׳איז טרויעריקער נאָך ווי איך,
און באַפֿעלט דאָס לעבן אונדז אין בבֿל מער ווי דו!

אַחאָבֿ: האָ! האָ!

שמעיה
יאָ!
ער טרינקט אַליין דעם כּוס מיט ביטערקייטן אויס —
אַליין, אַליין דעם צער זיך אָפּגעגעבן,
אַרויפֿגעשלעפּט אויף זיך די פּייַנען גרויס,
דעם עלנט שווער —
און באַפֿעלט אין בבֿל אונדז דאָס לעבן!

אַחאָבֿ
(איראָניש)
דאָס לעבן אויף "דערוויַיל" —
עס איז דאָס זעלבע, ווי שלאָפֿן אין געאיַיל...
נאָר ער ווי ער —
איך פֿריי מיט דיר זיך מער —
איך פֿריי זיך וואָס איך זע דיך ווידער!
ביסט מיר געווען אין בבֿל ווי אַ דאָרן
אַ שטערונג מיר כּל־זמן דו ביסט געווען דאָ,
מייַן קידער־ווידער!
ביסט אָבער פּלוצלינג ניט געוואָרן
און אַלץ האָט זיך געענדערט...
דו, דו...
ווי נאָר דו ביסט אַנטלאָפֿן
האָסטו געפֿעלט מיר,
כ'האָב ניט געהאַט קיין רו,
ענג געוואָרן איז אָן דיר די וועלט מיר...
דו, דו...
איך האָב געזען דיך אין מייַן שלאָפֿן —
און אין מייַן שלאָפֿן ניט געהאַט קיין רו...
עס האָט דייַן קול פֿון שלאָף מיך אויפֿגעריסן,
און האָט אין וואַכן מיך פֿאַרטויבט...
אין חלום און אויף וואָר —
צו אַל די גוטע יאָר!
וואָס זאָל'ס באַדייַטן?
איך הייב'ס ניט אָן צו וויסן.
איז'ס די ליבע מייַנע צו דייַן פֿרוי? מייַן ליבע
צו דייַן טרויער גאָר?

וואָס איך האָב ניט געגלויבט!
דער טרויער וועלכן איך האָב אויסגעלאַכט?
אויסגעלאַכט פֿון נאָנטן און דערזען פֿון ווײַטן?
וואָס? וואָס?
וואָס איז די סיבה?
וואָס האָט געלייגט זיך שווער אַזוי אויף מײַן געוויסן?
וואָס האָט מײַן רו געטריבט?
מיך אומרויִק געמאַכט?
פֿאַר וואָס?
פֿאַר וואָס? האָב איך געפֿרעגט אין מײַן פֿאַרדראָס,
(ווײַזט אויף הדסהן)
האָט זיך אַ שאָטן צעווישןביידע אונדז אַרײַנגעשלײַכט...
וואָס איז געשען?
דײַן פֿאַרשווינדן, שמעיה, איז'ס געווען,
דײַן אַנטקומען!
איצט ביסטו דאָ, דו ביסט געקומען!
דו וועסט דאָ זײַן!
אָ, פֿרוי,
דער שאָטן צווישן אונדז — זע, זע, ער ווײַכט —
און אויפֿן אָרט אויף זײַנעם פֿאַלט דער פֿריִערדיקער שײַן,
מיר איז געוואָרן לײַכט,
איך פֿאָרש שוין ניט, איך פֿרעג ניט —
ביסט דאָ! ביסט דאָ!
מײַן קעגנער!
ביידע מיר, מיר ביידע —
יאָ!
מײַן פֿרייד וואָס דו האָסט פֿון דער ווײַטן מיר געטריבט —
מײַן פֿרייד איז ווידער גאַנץ,
ווי זון אין הימלבלוי,
ווי אויך די פֿרוי
די פֿרוי איז מיר דערלויבט
די פֿרוי אין ליבע און אין פֿריידן,
אָט לאָז איך אין אַ טאַנץ זיך: אין אַ טאַנץ —

ביסט דאָ!
איך האָב פֿאַר מיר שוין דעם, מיט וועמען איך פֿיר קריג!
כ׳בין גרייט צום קאַמף און גלייב אין זיג!
אָ, גוט וואָס דו ביסט דאָ...
אָ, שמעיה, שמעיה, מיר זענען אַנדערש דאָך אַזוי,
אַזוי פֿאַרשיידן
און נאָענט אַזוי, מירביידע!
זאָג, שמעיה, זאָג, פֿון וואַנען? —

שמעיה (זעצט זיך דערשלאָגן אויף אַ שטיין)

הדסה (פֿאַרבענקט, געהיימענישפֿול קוקנדיק אויף שמעיהן, טוליעט זיך צו אַחאָבֿן)
ער איז געשטאַנען —
איצט האָט ער זיך געזעצט.
ער וויל ניט ריידן
מיט ביידן אונדז, מיט ביידן — (רופֿט אויס)
נאָך יעצט! נאָך יעצט!
וואָלט איך
געלאָזן דיך
און אַוועק צו אים!

שמעיה (ווי ער וואָלט געזוכט שוץ)
אַחאָבֿ!

הדסה זײַן שטים!
ניין, ניט קיין שטים — אַ פֿרייד!
די פֿרייד — ניין ניט בײַ דיר, זי ווױנט בײַ אים...
זי קוועלט אַרויס טיף פֿון זײַן גרויסער לייד —
די פֿרייד!
זי גיסט פֿון זײַנע אויגן טרוי׳ריקע אַרויס זיך,
עס פֿאַלט פֿון בלאַסן, אומעטיקן זײַן געזיכט
אַ ליכט,
אַ פֿריילעכע, אַ גרויסע,
זי טריפֿט, פֿון זײַן צעווייטאָגטן אין גרויל,
אַראָפּ אים פֿון זײַן מויל,
און פֿול און רויט פֿון ליפּ —
איך האָב אים ליב! (נעמט אַרום אַחאָבֿן)

כ׳וויל וויינען און וויל לאַכן!

שמעיה (בעט זיך)

אַחאָבֿ!

הדסה זײַן שטים! (צו שמעיהן)

איך וועל צו דיר נאָך קומען ווידער

שטילערהייט,

אין דײַן שלאָף, אין טיפֿן

און קוש דיר אין מײַן לעכצן

אויס די גלידער,

דו וועסט אַ שלאָפֿנדיקער עכצן —

איך, אַרום דיר, אַ וואַכעדיקע, וועל איך שטיפֿן,

און אײַנאָט׳מען די פֿרייד, די פֿרייד

פֿון דײַנע טיפֿע קרעכצן!...

איך שנײַד, וו׳אַ זון אין דיר זיך אײַן,

ווי העל אַ שײַן

וואָס רײַסט אַרײַן זיך אין אַ וואָלקן,

אָ וואָלקן! וואָלקן מײַן! (זי קערט זיך אָפּ פֿון שמעיהן און פֿאַלט צו פֿאַרחלשט צו אַחאָבֿס אַקסל)

שמעיה אָ, זאָל זי שטיל שוין זײַן!

בעט דו איר, דו — דיך וועט זי פֿאָלגן —

מיר זענען דאָך אַ מאָל געוועזן פֿרײַנד...

אַחאָבֿ אויך הײַנט!

איך האָב דיך ליב, איך האָב דײַן אומעט פֿײַנט!

הדסה איך האָב אים ליב, זײַן אומעט — (רײַסט זיך צו שמעיהן)

אָ, נעם אַרום מיך!

שמעיה (שמאַרצהאַפֿט)

לאָז אָפּ.

הדסה אָ לייג דײַן קאָפּ

דײַן טרוי׳ריקן מיר אויף דער ברוסט,

לייג צו צום שטערן מיר דאָס פֿײַער פֿון דײַן קילער ליפּ —

דו ווייסט ניט, ניין, אַך ווען דו וואָלסט געוווּסט

ווי כ׳האָב דיך ליב!

שמעיה אָ, לאָז מיך, לאָז —

הדסה אַ ווינט איז קיל,

ער קומט פֿון ערגעץ ווו געהיים און שטיל
צו שוועבן,
און בלאָזט אַ לעבן
הייס אַרײַן אין גראָז –
בלאָז! בלאָז!
אָ אומעטיקער, וויינענדיקער ווינט,
אָ, ווינט דו מײַן,
ניט מײַד מיך אויס,
רײַס אין באַהעלטענישן מײַנע זיך אַרײַן,
אין שויס צו מיר, אין שויס!
דעק מיט די פֿליגלען צו מיך, מיט די ברייטע... (שפּאַרט זיך פֿאַרצווייפֿלט אָן אויף אַחאָבֿן)
אָ, שטויס מיך ניט אין אָרעמס פֿון אַ צווייטן!
איך ווייס, דו ווילסט אין בבֿל ניט קיין קינד!
וויל מיך! וויל מיך! איך בין
אַ גרעזל גרין,
פֿאַרשמאַכט,
פֿון בבֿלס זון געברענט –
איך שטרעק צו דיר די הענט:
אָ ווינט!
אָ ניט פֿאַראַכט מײַן גלוסטונג, ניט פֿאַראַכט...
איך גאַר דיך, גאַר, גיי אויס נאָך דיר און לעכץ,
ניט זע אין דעם קיין שלעכטס,
און ניט קיין זינד...
שמעיה וויי... וויי...
ביסט ערגער נאָך ווי ע ר!
ער רעדט פֿון אַן אידיי
אַ פֿאַלשער, יאָ, צי ווייניקער צי מער שוין –
און דו – עס רעדט פֿון דיר אַרויס
דײַן תּאווה גרויס,
ניט מער!
דו קענסט זיך ניט באַהערשן...
ס'איז ניט מײַן טרויער נאָר, ניט נאָר מײַן אומעט –
אָ, קוק אַרום זיך –

דו קוק זיך נאָר אַרום
אויף פֿאַרטריבענע, אויף ייִדן –
אַ פֿאָלק קומט אום...

הדסה פֿאַרפֿאַלן!
פֿעלקער ווי יחידים –
עס שטאַרבן אַלע!
עס שטאַרבט אַ גוי, אַ ייִד –
אַיעדעס פֿאָלק און גרויס זײַן חורבן!
וואָס פֿרעגסטו אויף עזריהן ניט?

שמעיה איך פֿרעג ניט נאָך אויף קינדער זיך, אוי[ף ייִד]ישע אין בבֿל –
מעג ער זײַן מײַן זון...

הדסה ווי דעם זון, וואָס זײַן פֿאָטער איז אַ נבֿיא!
ר׳איז שיין געוועזן ווי די פֿאַרגאַנגענע, די זון

שמעיה (אומרויִק)
פֿאַר וואָס געוועזן? פֿאַר וואָס ווי די פֿאַרגאַנגענע? זאָג, זאָג!

הדסה ר׳איז שיין געוועזן, ווי דער פֿאַרגאַנגענער, דער טאָג –

שמעיה וווּ איז עזריה, זאָג!

הדסה ער איז געשטאָרבן... (זי לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. פּויז[ע])

שמעיה ניט קלאָג!
ניט וויין!
ניט גיס קיין טרערן –
שטאַרבן הייסט פֿאַרגיין,
ניט ווערן –
ס׳איז טאַקע שלעכט,
עס גייען וועלטן אונטער,
עס לעשן אויס זיך זונען –
יונג און רויט ווי צונטער,
ס׳פֿאַלן שטערן,
אויפֿגעגאַנגען ערשט און שוין צערונען...
ס׳איז טאַקע שלעכט –
אין שוועבן און אין שטערבן –
און שוין ניטאָ!
ערגער אָבער בלײַבן לעבן

און זײַן פֿאַרקנעכט...
ערגער איז זײַן דאָ,
– אין בבֿל – און ניט פֿרײַ־זײַן!
מיר לעבן ניט און גייען אויך ניט אונטער... (הייבט די הענט)
באַפֿרײַ אונדז, גאָט – און מיר באַווײַזן
וווּנדער!
ווי דו! ווי דו!
לאָז ווױנען
אין אַ פֿרײַער היים אונדז און אַרבעטן אין גײַסטיקער אין רו –
מיר וועלן שאַפֿן!
ווי דו! ווי דו!
און פֿעלקער וועלן גאַפֿן,
וועלן שטוינען –
קוים עס גלייבן:
"אַזוי זאָל קענען זיך אַ פֿאָלק דערהייבן!"
באַפֿרײַ אונדז, גאָט, באַפֿרײַ!
אָ הייב אונדז אויף אין אונדזער פֿאַלן
און באַנײַ.
אחאָבֿ באַפֿרײַ זיך דו און וואַרט ניט אויף זיי אַלע!
באַפֿרײַען זיך קומט שווערער אָן ווי פֿרײַ־זײַן;
פֿרײַ־זײַן קען אַ וואַלד מיט ביימער אויך,
אויך שטיקער האָלץ,
ווער עס איז פֿרײַ וואַקסט טאַקע הויך
און איז במילא שטאָלץ...
אויף צו באַפֿרײַען זיך דאַרף מען אָבער זײַן אַן אײַזן –
זײַ אַן אײַזן!
וואַרף אַן אײַזן זיך אין פֿײַער
און באַפֿרײַ זיך!
ביסט שטאַרק גענוג,
און צו באַוווּנדערן דײַן קראַפֿט,
ביסט אָבער טרויעריק און ס'איז אַ טרוי'ריקער ניט קלוג,
אַ טרוי'ריקער דערשטיקט אין זיך די לײַדנשאַפֿט...
לאָזסט טרויעריק אַראָפּ

דיַין שווערן קאָפּ —
דו זאָגסט פֿון פֿריידן, פֿון פֿאַרלאַנגען לײַטזעליק זיך אָפּ...
אָ, גיב אַ קוק: (ער רײַסט אַראָפּ פֿון הדסהס ברוסט אַ שלייער)
אַראָפּ דעם שמוק!
אַראָפּ די שמאָכטעס אַלע פֿון דיַין ברוסט!
זע, זע: צי האָסטו זי געזען שוין ווען אַזוי?
זי גלוסט —
און דו — דו גלוסט דאָך אויך!
באַלעב זי מיט דיַין הויך,
באַגיס זי מיט דיַין טוי,
פֿאַרציטער איבער איר אַ בלאַט, פֿאַרציטער,
אָ, קער ניט אָפּ די אויגן דיַינע, ניטע,
פֿון דער איידעלער און צאַרטער
פֿון דיַין וויַיב —
שמעיה: אַסטאַרטע!
אַחאָב: קוק אָן זי — :
ס׳איז ניט קיין פּנים,
ניט קיין לײַב!
דאָס איז דער הימלטיף פֿאַרקלערט,
די הערלעכקייטן אַלע פֿון דער ערד,
ברייט צעגאָס׳נע ימים —
אַלץ צוזאַמען!
קוק, קוק זיך אין זיי איַין!
טוק, טוק זיך אין דעם שיַין,
טוק זיך אונטער,
און ווער מונטער,
די ליפּן פֿריש באַטויט,
די ליפּן רויט —
אַ באַלזאַם!
קוק דעם האַלדז אָן —
אַ וואַר׳מער
מאַרמאָר
און וויַיס די אַקסלען —

זע, זע, די גאַנצע וועלט זי הענגט זיך —
האָט אַ פֿאַרחלומטע און פֿאַרבענקטע,
אויפֿגעהאַנגען זיך אויף אירע אַקסלען,
און וואַקסט און האַלט אַלץ אין איין וואַקסן!
עס ווערט די גאַנצע וועלט דערהויבן!
קוק אָן די טויבן
אויף איר ברוסט —
די טויבן אויפֿגעדעקט און ווי פֿאַרבאָרגן,
פֿאַרגייען זיך און גייען אויף אין לוסט —
און ווי זיי וואָלטן ניט פֿון דעם געוווּסט...
זיי שווײַגן־שווײַגן און ווי זיי וואָלטן וואָרקען —
שטום אַזוי
און פֿרום אַזוי
און ווי זיי וואָלטן וואַרטן —

**שמעיה** אַסטאַרטע!

**אַחאָבֿ** דײַן ווײַב!
ניט טרײַב,
ניט טרײַב אין מײַנע אָרעמס זי, ניט גיב
זי מיר אַוועק... איך האָב זי ליב!
כ'האָב זי שטאַרקער ליב, ווי זי האָט מיך...
איך האָב זי ליב אַזוי ווי זי האָט דיך...
דײַן אומעט וואַרפֿט אויף איר אַ פֿרייד אָן,
זי עסט אין צער אין דײַנעם אײַן זיך
חווה אינעם עפּל פֿונעם טויט וואָס אין גן־עדן
ר'איז ווי אַ ווײַן איר!
דײַן ביטערער דער צער — ער שמעקט איר זיס,
זי טרינקט אים און ווערט פֿריידיק!
מײַן פֿולע פֿרייד איז איר אַ מדבר וויסט,
אַ מדבר אויסגעליידיקט־ליידיק.
איך קען עס ניט פֿאַרשטיין,
דו אויך ניט, ניין... ס'אַ סוד!
זי אַליין —
זי קען זיך'ס ניט דערקלערן...

אָ גאָט!
איך כאַפּ די סודות אויף פֿון דײַנע שטערן –
איך דערגרונטעווע די ימים דײַנע טיף,
ניט אָבער דאָס געמיט פֿון פרײַנד, פֿון מײַנעם טריב,
ניט דאָס האַרץ פֿון פֿרוי, וואָס איך האָב ליב...
איך קען זיך ניט אַליין מײַן פֿרייד דערקלערן!
אָ, שטויס זי ניט אין מײַנע אָרעמס –
איך האָב זי ליב!
און ווײַל איך האָב זי ליב – זאָג איך זיך פֿון איר אָפּ...
איך בין אויך אָן איר רײַך, און זי מיט מיר איז – אָרעם...
איך פֿאַל בײַ זיך דעריבער
ניט אַראָפּ,
גרויס איז מײַן ליבע –
מײַנע פֿריידן גרויסע וואַקסן איר אַריבער –

הערט, ייִדן, הערט:
כ׳האָב ליב געהאַט יהודה, פּונקט ווי ער,
און אפֿשר מער...
כ׳זאָג אָבער אָפּ זיך פֿון אַ ליבע צו אַ לאַנד אויף דר׳ערד,
ווי פֿון דער ליבע צו אַ פֿרוי!
האָט מען ציון מיר גערויבט –
איז בבֿל דאָ!
און טאָמער – אַך, עס זאָל ניט זײַן די שעה,
ווערט בבֿל מיר צעשטערט –
וועט פּרס זײַן! וועט מדי זײַן!
וועט זײַן די גאַנצע וועלט!
הערט, הערט זיך אײַן:
עס האָט באַרירט מיך, אָנגערירט גאָטס האַנט,
גאָט זאָגט צו מיר אַזוי:
איך האָב צעשטערט אַ לאַנד אײַך, קליין אַ לאַנד,
און גיב אײַך גרויס די וועלט!
גייט, ברענגט די פֿריידן מײַנע העל,
אויף גאָר דער ערד!

אין מדבריות ווײַטע און איבער ימים,
אין יעדן העק, אין יעדן צעלט —
פֿרייד!
ס׳איז ניט גערעכטיקייט — ווען פֿרייד איז ניט איר מאַמע!
ס׳איז נאַריש אײַער אויפֿטו און אײַערע די רייד —
קוים זענען זיי ניט דורכגעזאַפּט מיט פֿרייד...
געזאַנג? וואָס איז געזאַנג?
פּוסט אַ קלאַנג —
ווען ס׳איז מיט אײַער פֿרייד ניט גאַנץ אַדורכגענומען.
דאָס האָט די שלאַנג
מיט אַ באַהאַלטענעם אַ שפּאַס
און מיט אַ מינע אַ געמאַכטע־פֿרומע
דעם גאַנצן אמת ניט געזאָגט דער פֿרוי,
זי האָט געזאָגט אַזוי:
״דער עץ־הדעת!״
ער, מאַכט געטלעך אײַך!
איך אָבער, איך זאָג: פֿרייד!
מאַכט גלײַך אײַך, גלײַך
מיט גאָט...
הערט מײַנע רייד:
פֿרייד איז דער יסוד!
פֿרייד דערקלערט, דעקט אויף, זאָגט דעם באַשייד
פֿון יעדן סוד,
מאַכט ענלעך אײַך צו גאָט,
גאָט אין הימל דאָרט, איר דאָ אויף דר׳ערד!
שאַפֿט! זײַט אין פֿרייד מצליח, האָט דערפֿאָלג,
ווי ער!
הערט, הערט —
איר קינדער פֿון מײַן פֿאָלק!
איר זאָלט עס הערן:
ווער ווייס, צי ציון
וועט אויפֿגעבויט נאָך ווערן...

(רעכטס און לינקס, מורמלען הויך, אַמפּערן זיך) די גולים

אַחאָבֿ איר קומט פֿון ציון!
איר האָט געראַטעוועט מיט זיך גערעכטע רייד —
פֿון די נבֿיאים,
צוזאַמען מיט הושען, עמוסן, ישעיהן —
נעמט מיט אין יעדן אָרט
דאָס הייליקע, דאָס וואָרט
דאָס נײַע
וועגן פֿרייד!
ס'וועט אײַך אַלעמען — אָ, גלייבט מיר גלייביקע,
עס וועט אי אײַך און אויך די פֿעלקער געבן
דאָס אייביקע
דאָס לעבן...
שמעיה גלייבט ניט, ייִדן,
ניטאָ! ניטאָ אַזאַ אַ פֿרייד
וואָס עס האָט איר ניט די לייד
פֿאַרביטן...
עס בײַטן, בײַטן
זיך די צײַטן
און מיט זיי — אויך אונדזערע געמיטער[,]
עס איז אונדז גוט געווען, יעצט איז אונדז ביטער...
עס איז געווען אונדז וויל —
יעצט איז אונדז שלעכט;
מיר זענען פֿרײַ געווען, און יעצט — אָ, גרויל!
יעצט זענען מיר פֿאַרקנעכט,
די ליידן אונדזערע גאָר אָן אַ מאָס...
הערט, הערט, אַזוי זאָגט גאָט דער האַר:
אויב אמת איז די פֿרייד, איז אמת אויך דער צער!
ניטאָ קיין פֿרייד אָן "אַ פֿאַרוואָס"?
און ס'איז קיין צער ניטאָ אָן אַ "דערפֿאַר" (ווײַזט אויף אַחאָבֿן)
ער איז אַ פֿאַלשער נבֿיא, פֿאַלשע רייד!
ניט ער! ניט ער!
ניט זײַנע איז די פֿרייד!
זי האָט אין אונדז געלויכטן מער...

מיר ווייסן בעסער, מיר, וואָס פֿרייד איז —
דער אומעט אונדזערער, אונדזער צער זאָגט עדות!

אַחאָבֿ (פֿײַערלעך)

איר האָט פֿאַרשריגן מיך ווײַט ווײַט —
און איבעראַל שוין
פֿאַר אַ נבֿיא פֿאַר אַ פֿאַלשן
און זיך פֿאַר די נבֿיאים פֿאַר די אמתע,
איר האָט עס מיך און אַלע מײַניקע אַזוי פֿאַרשריגן,
נאָר ניט דערוויזן האָט איר וועמעס איז
דער אמת
און וועמעס איז דער ליגן...
זיי זענען ביידע אין אונדז אַלעמען,
זיי ליגן
אי דער אמת, אי דער ליגן
אין אונדז דערהויבענע, און אין אײַך — געפֿאַלענע!
איר האָט דעם אמת פֿון דעם הײַנטיקן דעם טאָג[ — ]
און מײַנער איז דער אמת פֿון אייביקן פֿון שפּעטער;
[אין אײַ]ער יעצטיקער דער קלאָג,
[אין אײַער] טרויעריק געוויין,
איז אײַער אמת קליין!
דער אייביקער, דער לעבנסבוים
שיט זיי פֿון זיך אַראָפּ ווי פֿוילע בלעטער
וואָס דריקן אויף אים שווער
ווי ברודיקן ווי שוים,
מײַן אמת איז דאָך דער
וואָס דאַרף ערשט קומען!
פֿאַרנעמט! ווייל דעם וואָס האָט פֿאַרנומען
הערט! הערט — ווער הערן קאָן!
הערט אַן אמת גרויס,
הערט דעם נבֿיא:
מיטן פֿאַל פֿון ציון הייבט זיך עס ניט אָן,
און מיטן אונטערגאַנג פֿון בבֿל —
לאָזט זיך עס ניט אויס...

איר זענט
אויף אַלע מאָל שוין פֿאַר דער פֿרייד געהייליקט!
ס׳איז אײַער עלעמענט,
אײַער חלק אויף דער ערד, ס׳איז אײַער חלק!
אָ, הײלט אַן אומגליק אויס וואָס גרויס איז
די ערד האַלט אויס עס,
ס׳האַלט אויס דער הימל הויך,
האַלט אויס עס אויך...
ס׳איז אײַערע די פֿרייד, איר האָט מיט איר פֿאַרקנסט זיך.

שמעיה (רופֿט אויס)
כּשׂדים!

בלאַדן (קומט האַסטיק אַרײַן פֿון רעכטס בלײַבט שטיין בײַ דער אַוואַנסצענע)

צוויי בבֿלער (קומען אים נאָך, בלײַב[ן] הינטער זײַן רעכטער און לינקער זײַט)

בלאַדן (קוקט אַרום די עדה יידן אויף די באַריערעס הויך, וואַרפֿט אַ בליק אויף דער משפּחה וואָס אויף דער סצענע, וויזאַווי אים)
אַ סך! אַ סך! זיי זענען דאָ אַ סך!
און אַזוי רירעוודיק און אַזוי וואַך,
און טומלדיק אַזוי – זיי גראַגערן,
באַלאַגערן
אין זייער טרויערן
אַלע מויערן
און אַלע פּלעצער –
שראצר!

שראצר (קומט, באַגריסט דעם העכערן פֿון אים, בלײַבט שטיין אויסגעגלײַכט)

בלאַדן וווי לאַנג שוין אַז עס זענען דאָ די טויערן פֿאַרמאַכט?

שראצר שוין באַלד [אַ] וואָך.

בלאַדן אַ וואָך! אַ וואָך – יאָ, ריכטיק.

שראצר צי זאָל איך עפֿ׳נען זיי?
דו הייס מיר און איך וועל –
איך מוז!
איך גיי! (קלינגט מיט די שליסלען)
איך דאַרף צו מאָל ניט גיין,
נאָר איינער מײַנער אַ געשריי

דאָ פֿון דער שטעל –
און זיי עפֿ׳נען־אויף זיך ווי פֿון זיך אַליין.
הייס מיר און איך טו׳ס,
עס איז מײַן פֿליכט!

בלאַדן — יאָ, ריכטיק־ריכטיק!
ניט עפֿן נאָך –
עס איז נאָך ניט קיין פֿולע וואָך,
עס איז נאָך ליכטיק,
וואַרט ביז עס פֿאַלט געדיכט
און פֿינצטער צו די נאַכט –
ניט עפֿענען דעם טויער כּל־זמן עס איז נאָך העל!

שראצר — אַזוי איז דער באַפֿעל!

בלאַדן — דער טויער ״קוף״!
זיי האָבן שפּאָר אַרומגערינגלט אים, דעם טויער ״קוף״...
און ווי ס׳וואָלט ניט געווען דאָ קיינער!
איין גרויסער קאַלט־פֿאַרשטאָרבענער און טויטער גוף,
נאָר איינער!
ייִדן! זיי וועקן
אין מיר עקל,
און אויך נײַגער –
טאָמער טומלען זיי – איז גאָט דערבאַרעם!
אָך, זייער אומהיימלעכער ליאַרעם...
און טאָמער שווײַגן זיי – הער, הער
ווי אומהיימלעך זיי שווײַגן און ווי שווער
אָ, אומהיימלעכע שווײַגער!
איר האָט אַרומגערינגלט אים, דער טויער ״קוף״ –
און ווי ס׳וואָלט קיינער ניט געווען דאָ –
וואָס שווײַגט איר, ייִדן, רופֿט!
גורט אָן די לענדן,
נעמט זיך אין אַ קרענצל
און גייט אַ טענצל,
טאַנצט!
טאַנצט אין אַ ראָד!

איך האָב אײַך פֿײַנט אין אײַ׳רע שטומע לײדן,
כ׳האָב פֿײַנט די שטומע אײַערע, די טרער...
אין אײַ׳רע פֿרײדן, –
האָב איך אײַך פֿײַנטער מער!
איז גרעסער נאָך מײַן שפּאָט!
דעריבער –
[געשלאָ]גענע איר ייִדן, טריבע
און פֿאַרקנעכטע
פֿרײט זיך!
[לאַכ]ט, פֿאַרגײט זיך
[אין] געלעכטער,
[רופֿט] צו אײַך אַרויס מײַן שׂינאה גאַנץ,
טאַנצט!
טאַנצט! (דערזעט אַבֿטליהן און שבֿנאן)
װער זענען זײ,
די בײדע, מיט די האַרפֿן צװײ? (לויפֿט צו זײ צו)
ר׳זענט זינגער –
זינגט!
איך האָב געפֿונען אײַך, געפֿונען!
קלאַפּט אָן די סטרונעס,
און זאָלן זײ זיך הויך צעקלינגען,
אײַערע פֿינגער אויסגעקרימטע, אויסגעטריקנטע װי שפּענער –
איר קריגט מיט זײ אַרויס די שענסטע טענער...
איך האָב געהערט די לידער אײַ׳רע רימען,
איר האָט די שמוציקסטע, די העלדזוער
און די רײנסטע שטימען –
װי װאַסערקװאַלן שלאָגן קלאָר אַרויס
פֿון טיפֿן שויס
פֿון אַ פֿאַרמאָכיקטן, אַ פֿינצטערן אַ פֿעלדזן –
אַזוי אויך אײַ׳רע לידער –
זינגט!
אחאָבֿ זינגט, ברידער!
צערײַסט די היל װאָס נעמט אײַך טרויעריק אַרומעט,

צעריַיסט דעם אומעט!
און זאָל די פֿרייד, די אמתע, די לאַנג פֿאַרשפּאַרטע
אַ שלאָג טאָן זיך אַרויס פֿון איַיער האַרצן,
די פֿרייד, די זיסע —
און זאָל זי גאַנץ די וועלט פֿאַרגיסן!
הייבט די שטימען איַיערע דאָ אַלע הויך!

בלאַדן דו הייסט זיי אויך —
גוט! גוט!
הייס זינגען זיי, די ייִדן...
זינגט דאָס ליד פֿון ציון! (ציט די שווערד)
זינגט קנעכט געפֿאַנגען...
געזאַנגען —
אָדער בלוט!
זינגט צעטראָטענע,
געבראַכטע שווער אין יאָך —
דאָס ליד פֿון ציון!
מען האָט עס מיר גערימט, גערעָטן מיר:
פֿאַרנעם עס!
אַהער דאָס ציון־ליד!
און איז׳ס ניט אמת —
איז קיין אומגליק ניט,
איז בעסער נאָך!
זינגט ייִדן
דאָס ליד פֿון ציון —
עס מעג ניט זיַין געזונגען, ס׳מעג זיַין געשריִען...
ס׳מעג וואָס זיַין איבעריק אין ליד, ס׳מעג וואָס דאָרט פֿעלן —
איז בעסער נאָך!
וואָס מיאוסער איר זינגט — מער וועט עס מיר געפֿעלן,
וואָס ווייניקער ס׳געפֿעלט מיר — אַלץ מער בין איך צופֿרידן —
זינגט, ייִדן!
איך האָב מיַין שווערד געצויגן!

אַחאָבֿ זינגט! זינגט!
ער בעט פֿון שׂינאה איַיך,

איך בעט עס אײַך פֿון ליבע –
קוקט די שׂינאה־קלײַן – איר אין די אויגן
גלײַך –
זי האַלט'ס ניט אויס און ווײַכט...
און שפּרינגט ניט ברידער, אָ, ניט שפּרינגט אַריבער
מײַן ליבעבאַרג,
מײַן ליבע שטאַרק...
זינגט ברידער, זינגט
הייבט אויף די שטימען הויך!

בלאַדן דו בעטסט זײַ אויך –
גוט! גוט! (צו אַבֿטליהן און צו שבֿנאן)
הייבט אָן, איר האָט אַ האַרף!

אַבֿטליה (קוקט אָן זײַן שווערד)
דײַן שווערד איז שאַרף?

בלאַדן (שווינגט אַנטציקט זײַן שווערד אין דער לופֿט)
אײַ־אײַ!
נאָך ווי!
זי שנײַדט ניט, נײן, זי גיט אַ ברי,
און שוין (ווײַזט אים די שווערד)
קוק אָן און שטוין!
נאָך יעדן קאָפּ,
וואָס כ'האָב
פֿון פּלייצעס בײַ אַ ייִדן
אָפּגעשניטן –
האָב איך געלאָזט זי שאַרפֿן פֿון דאָס נײַ –
נאַ, זע! (ער גיט אים די שווערד).

אַבֿטליה אײַ! אײַ! (האַקט שנעל אָפּ די פֿינגער פֿון זײַן רעכטער האַנט)

שבֿנא מיר אויך! מיר אויך! (רוקט אונטער דער שווערד זײַן האַנטפֿלאַך אויך...)

בלאַדן (פֿאַרבליפֿט אַ ווײַלע)
טע! טע!
אויף דעם האָסטו מײַן שווערד געברויכט,
מײַן שווערד באַדאַרפֿט?

אַבֿטליה (גיט אים אָפּ די שווערד)

ס׳אי שאַרף!

**בלאַדן** (הייבט אויף אים אויף די שווערד)

דו! ווי דו וואָלטסט דעם וועג מיר דאָ פֿאַרלאָפֿן!
האָסט מיט אַ טאַט וואָס גוט איז, אויפֿגעוועקט מײַן צאָרן,
זאָלסט קיין מאָל ניט, אָ, ניין,
אַן אַרבעט מיר פֿאַרשפּאָרן,
וואָס איך מאַך אַליין...
דו האָסט געמאַכט ווי איך – אין פֿולער רו... (הייבט די שווערד)
דו! דו! (לאָזט אַראָפּ די שווערד)
אָ ניין, איך וועל דיך ניט באַשטראָפֿן,
ניט דיך, ניט אים –
איך בין אין גרימצאָרן און אין מײַן גרים –
מוז איך מעלדן אײַך און אויך מײַן קעניג מעלדן:
איר זענט העלדן!
פֿאַר וואָס האָט איר׳ס געטאָן?
פֿאַר וואָס האָט איר זיך אָפּגעהאַקט די פֿינגער,
איר ביידע מיט אַ מאָל?

**אַבֿטליה** כּדי ניט דאַרפֿן און ניט קענען זינגען!
צוזאַמען מיט די פֿינגער וואָס קלאַפּן אין די סטרונעס אָן –
האָט דײַן שווערד אויך אָפּגעהאַקט מײַן קול,
מײַן ליד פֿאַרשניטן...

**בלאַדן** איר האָט, ניט זינגענדיק געזונגען, ייִדן! (רופֿט רעכטס)
העי!

**שראַצר** (קומט)

**בלאַדן** קלײַב אויף, שראַצר,
קלײַב זייערע פֿינגער אויף, כאָטש שמוציק און כאָטש קרעציק,
קלײַב זיי אויף צוזאַמען,
און לייג אין עסיק זיי!
דאָס זענען ניט קיין פֿינגער, דאָס זענען גראַמען
פֿון אַ העלדנליד...
איך האָב אַ ליד אַזאַ ניט פֿון אַ ייִד
דערוואַרט...
מען האָט דאָך מיך גענאַרט!

איך האָב געהערט דאָך פֿון אַ סכן:
איר זענט שוואַכע...
ניט אמת, ניין!
אָ, איר זענט שטאַרקע ז׳ער!
איר זענט פֿון שטיין!
ס׳האָט מיט מײַן האַס צו אײַך, פֿאַרשטייט זיך, ניט צו טאָן..
כ׳האָב פֿײַנט אײַך, פֿײַנט אין אײַער שוואַכקייט אײַך,
אין אײַער שטאַרקייט האָב איך פֿײַנט אײַך מער!
ניט קוקט אַזוי מיך אָן...
כ׳האָב פֿײַנט, יאָ פֿײַנט אין אײַער אָרעמקייט דאָ אײַך
און פֿײַנטער נאָך ווען איר זענט רײַך —
כ׳האָב פֿײַנט אײַך לײַזיקע, כ׳האָב פֿײַנט אײַך ברודיקע —
כ׳האָב אָבער פֿײַנטער אײַך, זײַט וויסן,
ווען איר זענט ריין!
איך האָב אײַך פֿײַנט דערשראָקענע און מער אײַך מוטיקע!
כ׳האָב פֿײַנט אײַך מי׳סע —
און פֿײַנטער אײַך אַ סך, ווען איר זענט שיין!
איך האָב אײַך פֿײַנט פֿאַרווילדעטע,
פֿאַרגרעבטע אײַך, פֿאַרקרימטע —
צעבראָכן און פֿאַרגרײַזט...
כ׳האָב אָבער פֿײַנטער אײַך געבילדעטע,
באַרימטע,
אײַער גרויסן גײַסט
ווען ער פֿאַרשײַנט —
איך האָב אײַך פֿײַנט!
כ׳האָב אײַער שלעכטסקייט פֿײַנט און מער נאָך אײַער טוגנט,
כ׳האָב פֿײַנט די זקנים אײַערע און פֿײַנטער אײַער יוגנט —
אָ גוט, אָ טאָפּלט גוט
וואָס איך האָב ניט געשוינט דאָס בלוט
פֿון קינדער קליינע אין זייער מאַמעס בויך —
איך האָב געבראַכט זיי אום!...
אַחאָב זינגט! זינגט הויך! (ווענדט זיך צו די גולים רעכטס און לינקס)
זינג, זינג, מײַן פֿאָלק ווו נאָר דו ביסט,

ווּ נאָר דו קומסט,
און ווּ דו וועסט נאָר זײַן!
און אַז ס'באַפֿאַלן דיך אַכזרים
ווילדע האָרדן,
און מאָרדן, מאָרדן
דיר דײַן ווײַב,
דײַן קינד דיר אין איר לײַב,
שטאַרק זיך אין דײַן צער און אין דײַן צאָרן,
ניט הרגע פּונקט ווי זיי, און קלאָג ניט, און ניט ברום,
קוק אויף דער וועלט זיך אום –
גיס ווי אַ זון זי אָפּ מיט שײַן!
זינג, זינג, מײַן פֿאָלק, ווּ נאָר דו ביסט –
באַגריס די וועלט: זײַ וועלט באַגריסט!
איר מענטשן אַלע, אַלע, ווּ איר זענט! (צו אַבֿטליהן און שבֿנאן)
זינגט זינגער,
זינגט מיט אָפּגעהאַקטע הענט,
מיט אָפּגעשניטענע מיט פֿינגער,
זינגט ליבע צו דער וועלט –
ווײַזט דעם הימל איר, וואָס איז פֿון איר פֿאַרשטעלט,
רײַסט איר אויף די אויגן, וואָס זענען איר פֿאַרמאַכט –
אָ וועלט, דערוואַך! דערוואַך!
זינגט ליבע!
ענטפֿערט מיט אַ רעגן־בויגן אָפּ פֿון ליבע,
אויף אַ מבול־שטראָם פֿון האַס,
און אויף אומזיסטער שׂינאה!
ווײַזט אַ גוטע מינע
צו דעם בייזנס שפּאַס.
און קוים פֿאַרפֿלייצט אַ בייזע וועל אײַך קאַלט און נאַס –
הייבט אויף זיך הויך און קוקט אַריבער,
קוקט צום שׂונא אײַערן פֿאַרבענקט
און שענקט...
ווער רײַך איז – שענקט!
ווער שטאַרק עס איז – פֿאַרגיט!

איר זאָלט פֿאַרגעבן!
זאָל אײַער האַרץ אין פֿרייד, אַרויס
פֿון אײַער טרויעריקער הויט!
און קומט מען אײַך אַנטקעגן מיטן טויט –
איר קומט אַנטקעגן אַלעמען מיט לעבן! (פֿײַערלעך)
הערט, הערט, ווער הערן קאָן!
הערט אַן אמת גרויס,
הערט דעם נבֿיא:
מיטן פֿאַל פֿון ציון הייבט זיך עס ניט אָן,
און מיטן אונטערגאַנג פֿון בבֿל –
לאָזט זיך עס ניט אויס...

בלאַדן דו! דו! ווער ביסטו, דו?
דו העלפֿסט מיר לכתּחילה צו
מיט ווערטער מילדע –
און פּלוצלינג הייבסטו אָן צו שילטן –
דו!
דו ביסט ווי יענע קו,
וואָס גיט אַ קרוג מיט מילך, אי פֿול, אי גרויס,
און גיסט אַליין אים אויס... (ציט זײַן שווערד)
איידער איך דערשלאָג דיר
זאָג מיר:
ווער ביסטו? ניין, דו זאָג׳ס מיר ניט,
איך ווייס אַליין עס –
ביסט בבֿלס שׂונא!

אַחאָבֿ לײַגסטו!

בלאַדן שווײַג! שווײַג!
מען האָט אין בבֿל דיך צעבאַלעוועט –
ביסט בבֿלס פֿײַנט –
אַ ייִד!

אַחאָבֿ אַ ייִד
און כ׳בין איר פֿרײַנד,
דער פֿרײַנד פֿון אַלעמען,
פֿון אַלץ וואָס לעבט און אָטעמט,

פֿול מיט פֿרייד, מיט אַ געזונטער...
נאָר גייט מײַן בבֿל אונטער —
איך וועל ניט נאָכגיין איר אין לאַנד פֿון שאָטן.

בלאַדן: שווײַג!

אַחאָבֿ: איך וועל ניט שווײַגן —
באַפֿעל די זון זי זאָל אין הימלבלוי ניט שטײַגן!
דו הייס די וועל אין ים — זי זאָל זיך הויך ניט הייבן,
און צו אַ האַרץ וואָס גלייבט, זאָג: זאָלסט ניט גלייבן!
און זאָג צו אַ פֿאַרליבטן: האָב ניט ליב!
צו האָפֿערדיקע שטערן וויַיט: זײַט טריב!
און צו אַ נבֿיא זאָג: ניט רייד!
פֿאַרצוים דעם וועג איר, דער אייביקער, דער פֿרייד...
דו הייסט מיר שווײַגן, מיר אַ פֿריילעכן אַ ייִד!

בלאַדן: דו וואַרטסט, פֿאַרשאָלטענער, וואַרטסט מונטער
אויף דעם אונטערגאַנג פֿון בבֿל!
וואַרטסט!

אַחאָבֿ: גאָט באַהיט!
נאָר טאָמער גייט זי אונטער —
וועל איך ניט קלאָגן...
די פֿריידן וואַקסן יעדן אומגליק אין מײַן האַרץ
אַריבער,
כ׳האָב ציון ליבער —

בלאַדן: שווײַג, שווײַג, דו ביסט אַ בירגער בבֿלס —
איך דאַרף אַליין אָן אַ געריכט
ניט טייטן דיך —
זאָל׳ס טאָן נבוכדנאצר...
איך וועל אין קייטן דיך נאָר קאָוועז —
שראצר!
נעם אַראָפּ די אײַזערנע, די קייטן
פֿון איינעם דאָ, און לייג זיי אָן דאָ אויף אַ צווייטן...
(ער ווײַזט אָן אויף אַחאָבֿן)
נעם אַראָפּ זיי פֿון דעם אַלטנס פֿיס, די בלאַסע —
זיי וועלן פּאַסן אים, זיי וועלן פּאַסן...

אַלע קייטן האָבן איינע און די זעלבע מאָס!

**שראַצר** (קומט צו צום אַלטן קוליה, קניט, הייבט אים אָן אַראָפּנעמען די קייטן פֿון די פֿיס)

**קוליה** (הייבט זיך פֿון זײַן אָרט צעשראָקן)

האַ – וואָס?

**בלאַדן** דער אַלטעטשקער – עס האָט געריִרט אים טיף!

**קוליה** (שרײַט געוואַלדיק אויף, קוקנדיק מיט שרעק אויף אַחאָבֿן)

ירמיהוס בריוו!

**הדסה** (פֿאַלט צו צו אַחאָבֿן)

**אַחאָבֿ** קולָיָה! אויך דו הדסה –

ניט נעמט צום האַרצן זיך, ניט נעמט זיך,

איך האָב געריכט אויף דעם זיך,

ער האָט פֿאָרויסגעזאָגט מיר, ירמיהו

און ניט געהאַט קיין טעות –

ס׳פֿאַרברענט מיך נבוכדנאצר אויפֿן שײַטער...

נאָך איידער

ער האָט געזאָגט עס ירמיה, האָב איך געוווּסט דערפֿון...

יעצט, גינער מײַנע און ניט־גינער – אַלע איר זײַט הײַטער!

איר גינער – כ׳לאָז מײַן פֿרייד אײַך,

און איר, ניט־גינער, וואָס איר ווערט מיר פּטור.

**שראצר** (קומט צו מיט קוליהס קייטן צו אַחאָבֿס פֿיס)

**שמעיה** (צו בלאַדן)

ניט שמיד דעם זון

אין די קייטן פֿון זײַן פֿאָטער...

**בלאַדן** זײַן פֿאָטער! – (לאַכט)

האָב איך דאָך גוט געטראָפֿן...

איך האָב באַפֿרײַט דעם אַלטן

און דעם זון פֿאַרהאַלטן!

**שמעיה** אָ, אַכזר, וואָס דו ביסט, ווילסט מיט באַפֿרײַונג שטראָפֿן!

״ניט קאָך אַ ציגעלע אין מילך אָפּ פֿון זײַן מוטער!״

**בלאַדן** דו ביסט אַ גוטער!

איך בין עס ניט און בין צופֿרידן –

איך וויל ניט גוט זײַן, און ניט מיט דעם זײַן ענלעך צו אַ ייִדן!

דו ביסט זײַן ברודער?

שמעיה (לאָזט אַראָפּ זײַן קאָפּ)
יאָ.

בלאַדן אָ! (צו שראצרן)
נעם גיך אַראָפּ די קייטן פֿון די פֿיס אים –
און לייג דעם פֿײַנד זיי אָן און זאָל ער וויסן!
אויב ניט דער טאַטע –
זאָל אַ ברודער זיך דעם ברודערס פֿרײַהייט קויפֿן.

שמעיה ניט נעם אַראָפּ מיר פֿון די פֿיס די קייטן –
איך וועל אַנטלויפֿן!
איך בין פֿון בבֿל איין מאָל שוין אַנטלאָפֿן...
איך וועל׳ס באַווײַזן אויך אַ מאָל אַ צווייטן[.]

בלאַדן רעדסט אָפֿן!
כ׳וואָלט אָבער דיר געראַטן
דו זאָלסט מיט מיר ניט אַזוי אָפֿן ריידן,
עס קען דיר נאָך פֿאַרשאַטן...
ווילסט דווקא כ׳זאָל אין קייטן אײַך, אײַך ביידע
ברידער שמידן?

שמעיה מיר זענען ניט קיין ברידער – מיר זענען ייִדן.

בלאַדן ייִדן! ס׳איז צום לאַכן...
כ׳האָב מורא פֿאַר איין זאַך נאָר:
כ׳הייב אָן פֿון אײַך צו האַלטן...
ייִדן... אַלע ייִדן זענען ברידער!
טאָמער שלאָג איך איינעם פֿון צוויי ייִדן –
האָט דער ניט־געשלאָגענער מער פֿון דעם געשלאָגענעם געליטן!
ניט נבֿוכדנאצר אונדזערער האָט אײַער קעניג
די אויגן אויסגעשטאָכן,
ס׳איז ניט געשטויגן!
ע ר, אַליין – ער,
צדקיהו, זעענדיק זיי אַלע, זײַנע קינדער –
ווי מען שעכט, מען שעכט זיי ווי די רינדער,
האָט זיך אײַנגעבראָכן,
און אויסגעדראַפּעט זיך די אויגן...
איר האָט זיך ליב!

איר זענט געבונדן און געקניפּט
ווי גלידער
פֿון איין גוף –
רוף! ווער עס קען אײַך – רוף:
ייִדן! אַלע ייִדן זענען ברידער! (צו שמעיהן)
ניט רייד מיר מער דערווידער...
און מיט קיין וואָרט ניט טו מיך מער פֿאַרהאַלטן!
באַפֿרײַ, שראצר, אים, באַפֿרײַ מיט גוואַלד אים –
און מיט די קייטן זײַנע שמיד אים! (אַחאָבֿן)

שראצר (פֿאַלט, אַרומנעמענדיק שמעיהס פֿיס)

שמעיה אָ, ניין, ניט מײַנע!

בלאַדן (אויפֿגערעגט)
מײַנע! דײַנע! זײַנע! –
אַלץ טענות! טענות! (צו שראצרן)
נעם גיך אַראָפּ די קייטן אים און פֿרעג ניט!

שמעיה (שרײַט)
ר׳איז ניט מײַן ברודער, ער איז מײַן קעגנער!

שראצר (גייט צו מיט די פֿון שמעיהס פֿיס אַראָפּגענומענע קייטן צו אַחאָבֿן)

שמעיה ער איז מײַן גרויסער קעגנער!

בלאַדן טאָ זע אין אים נקמה!

שמעיה אויב שוין נקמה – לאָ׳ מיר׳ס
זען אין בבֿל!
ר׳איז אײַער נבֿיא,
אײַער פֿרײַנד... (שרײַט)
הער, הער!
ניט ער! ניט ער!
דאָס האָב איך אײַך פֿײַנט!
האָב פֿײַנט! האָב פֿײַנט!
די ליבע און דער האַס
פֿון אומבאַהאָלפֿענע און שוואַכע
מאַכן
אַ שטאַרקן שפּאַס... (ווײַזט אויף אַחאָבֿן)
זײַן ליבע און דײַן האַס –

האָבן פֿאַר די שטאַרקע פֿון דער ערד
דעם זעלבן ווערט...

**בלאַדן** אַן עק, אַ סוף!
אַוועק, אַוועק מיט אים און דו – בלײַב דאָ!
געשלאָגן האָט פֿאַר אים די לעצטע שעה!
און דו – דו לעב...
איך זע:
פֿאַר דיר איז דאָך דאָס לעבן גרויס אַ שטראָף –
טאָ לעב! (ווײַזט אויף אַחאָבֿן)
און אים – פֿירט אָפּ אים!

**הדסה** (פֿאַרברעכט די הענט)
אָ, שרעקן! (פֿאַלט בלאַדן צו די פֿיס)
ניט נעם אַוועק אים!

**בלאַדן** נעם אָן זי, פֿאַרן צאָפּ זי,
און שלײַדער אָפּ זי! (צו הדסהן)
אַוועק! אַוועק!

**הדסה** אָ שרעק!

**שראַצר** ווי קען איך עס? אַ פֿרוי... און אַ באַטריבטע...

**בלאַדן** (קוקט אים פֿאַרוווּנדערט אָן)
ווערסט קאַליע מיר, שראַצר, ווערסט מיר קאַליע
צווישן די אָ, אַלע,
דו ביסט אַ בעל־רחמים,
זעסט אין אַן אויג אַ טרער, און ווערסט צעיאַכמערט!

**שראַצר** ווי קען איך עס? אַ פֿרוי... און אַ באַטריבטע...

**בלאַדן** (צו הדסהן)
ווער ביסטו?

**הדסה** כ׳בין זײַן געליבטע – (ווײַזנדיק אויף שמעיהן)
און ער – מײַן מאַן – פֿאַרברען אים!
ער האָט פֿון בבֿל, פֿון דער הערלעכער געמאַכט אַ וויסטע,
פֿון אירע מענטשן – שאָטנס...
וואָס איז געשען דען?
צי איז דען הינטער אָט דער מויער
פֿאַרבאָטן טרויער, צי גאָר פֿרייד פֿאַרבאָטן?

בלאַדן פֿאַר איַיך איז פֿרייד פֿאַרבאָטן, פֿאַר כּשׂדים טרויער

(וויַיזט אויף שמעיהן)

ער איז גערעכט!

הדסה הערט! הערט!

ווּעמעס מיסיע שמעיה האָט דערפֿילט!

ער האָט נבוכדנאצרן צוליב — דעם טרוי׳ריקן געשפּילט!

ביידע זיי, זיי זענען אַנטקעגן זיך געקומען

אין זייערע פֿאַרלאַנגען,

זיך פֿאַר די הענט גענומען,

האַנט אין האַנט געגאַנגען...

פֿון נבֿוכדנאצרן געשיקט — (וויַיזט אויף שמעיהן)

האָט ער גערויבט, באַרויבט אין בבֿל אונדז דאָס גליק!

ער האָט פֿאַר זיַינעטוועגן די יאָרן אונדז פֿאַרשוואַרצט,

אָט איז דער מאַן מיט דאָס שטיינערנע, דאָס האַרץ!

מיַין מאַן! מיַין מאַן! — איך פֿלעג

אין קלאָרע טעג

די צום הימל אויפֿגעריסענע, די פֿענצטער פֿון געצעלט

פֿון אונדזערן פֿאַרהענגען —

זאָל די וועלט אָן אונדז פֿאַרגעסן, אונדז ניט געדענקען —

די קלאָרע וועלט! (אויף שמעיהן)

ער איז געווען קלערער...

ער האָט געלויכטן אינעווייניק מער און מערער!

די וועלט איז דאָך פֿאַר אַלע שיין —

און ער — פֿאַר מיר! פֿאַר מיר אַליין...

איך בין פֿאַר אים דאָרט אויסגעגאַנגען

אין בענקען און אין באַנגען —

ער האָט עס ניט געזען,

און ניט געהערט —

ער האָט פֿון מיר זיך אָפּגעקערט,

זיך אָפּגעווענדט...

אויף די ווענט

געקראָכן,

די הענט

פֿאַרבראָכן
אין אַ געיאָמער און אַ שרײַען:
אָ ציון! ציון! אָך, אָך, ירושלים!

און אין די נעכט —
אָ נעכט אין בבֿל! נעכט הערלעכע!
אָ, נעכט אין שנעָר־טאָל, אויף נמרוד־ערד!
הערט! הערט!
כ׳האָב נאַכט פֿאַר נאַכט
אַרויפֿגעקוקט פֿאַרשמאַכט
צו די שטערן...
זיי ווינקען גנבֿישע גיך, גיך
און גליִען ערלעכע
ווי איך, ווי איך...
און ער — : "ניט קוק אויף זיי, אויף די געפֿערלעכע
די שטערן!"
איך האָב באַגאָסן זיך מיט טרערן,
אַרומגענומען אים אין ליבע און אין פּײַן —
כ׳וויל זײַן מיט דיר! כ׳וויל זײַן!
כ׳וויל זײַן און זײַענדיק מיט דיר — ניט ווערן.
דו זעסט די שטערן?
זונען פֿון געבאָרן —
און גייען אַזוי אייביק אין ליבע־שווידער אײַן,
אין ליבע אויפֿגעפֿלאַקערט און אין ליבע ניט געוואָרן...
די שטערן —
די שטערן האָבן׳ס אין די נעכט
גוט צוגעזען, גוט־גוט זיך צוגעקוקט,
געגעבן מיר גערעכט...
זיי האָבן זיך אין הימלבלוי געטוקט,
געבוקט צו מיר זיך שטיל, געבוקט —
זיי צו מיר און איך — איך האָב פֿאַר אים געקניט,
געפֿאַלן מיד,
געקײַקלט זיך אין ליבעווייען ווילד,

געקוילערט זיך אין שטויב:
אָ הויב מיך אויף, הויב! הויב!
צי אויס מיך אויפֿן טעפּעך
און וואַרף אויף מיר זיך, טייט מיך און באַלעב מיך!
און שטיל – מײַן ליבע שטיל!
און ער – : אויס! אויס!
מיט אַלע פֿריידן אונדזערע אין בבֿל אויס –
אָ, אומגליק גרויס!
און קערט זיך פֿון מיר אָפּ און וויל פֿון מיר ניט וויסן,
ווי פֿון אַ ברונעם אַ פֿאַרגיפֿטן...
שלאָגט אויף די לענדן זיך און אויף די היפֿטן[– ]
מאַכט אין די קליידער זײַנע ריסן,
רײַסט קריעה,
מיט אַ געיאָמער און אַ שרײַען:
אָ, ציון! ציון!
אָך, אָך, ירושלים!

איך בין אַוועק פֿון מײַנעם, פֿון מײַן מאַן – (ווײַזט אויף אַחאָבֿן)
צו אים, צום אמתן, צום נבֿיא!
ער האָט געזאָגט: עס איז דאָ פֿרייד אין בבֿל!
און ליבע איז פֿאַראַן!
און שיינקייט אויך!
ער האָט געלערנט קוקן מיר, אין טיפֿן, אין איר הימל,
אין בבֿלס הימל הויך!
אַרײַנגענומען מיך אין פֿריידיקן געווימל
פֿון אירע פֿעלקער,
און אויפֿגעלעבט אין מיר געפֿילן שוין פֿאַרוועלקטע...
ער האָט מיר אויסגעלערנט זיך ניט שרעקן,
זיך דרייסט אַרײַנוואַרפֿן אין פּרת און אין חדקל,
אין אירע וואַסערן זיך קלאָר פֿאַרטיפֿן –
אַרויפֿשווימען וו׳אַ וועל פֿון אויבן אויף און שטיפֿן...
יאָ, שטיפֿן (צאָרנדיק צו שמעיהן)
בבֿל! און וואָס אַז בבֿל!

ס׳איז ליבע דאָ אין בּבֿל!
און שיינקייט איז פֿאַראַן
ווו נאָר איר קומט, ווו נאָר איר זענט — (קלאַמערט זיך אין אַחאָבֿן)
ניט אים! ניט אים פֿאַרברענט,
ניט מײַן געליבטן... פֿאַרברענט מײַן מאַן!

בלאַדן גענוג! גענוג!
איך וויל׳ס ניט הערן,
כ׳קען טאַקע קלוג בײַ אײַך דאָ ווערן,
ס׳איז גבֿורה דאָ בײַ אײַך און חכמה אויך פֿאַראַן —
כ׳וויל אָבער צווישן אײַך ניט ווערן קלוג!
און כאָטש ס׳איז נאַריש זיך באַרימען דאָ פֿאַר אײַך —
איך וועל אויך ווײַטער זיך פֿאַר אײַך באַרימען
מיט באָדן זיך אין אײַער בלוט אַ טײַך,
מיט קינדער קליין אין מאַמעס בײַכער טייטן —
צי ווייסט איר שוין וואָס איך, בלאַדן, ווייס?
ניט געבאָרענע נאָך קינדער האָבן בלוט אין זיך שוין הייס,
האָבן בלוט אין זיך שוין הייסן און שוין רויטן... (צו אַחאָבֿן)
קום... דײַן גורל וועט נבֿוכדנאצר שוין אַליין באַשטימען.

הדסה (צו אַחאָבֿן)
אָ, נעם מיך מיט!

אַחאָבֿ קום מיט! קום ווער עס וויל!
ווו נאָר אַ ייִד —
קום מיט!
קוק צו זיך, הער זיך אײַן:
איך וועל פֿון פֿײַערצונגען
זינגען אויך פֿון דעם, פֿון וואָס איך האָב געזונגען
אײַך, אין קורצן אין מײַן לעבן —
און וואַרפֿן ווײַט אויף אַלע אײַך אַ שײַן,
אײַך אויסגעפֿינען!
כ׳וועל אין די לעצטע, אין מינוטן מײַנע ווײַטער וועבן,
ווײַטער, ווײַטער שפּינען
דעם פֿאָדעם פֿון דער אייביקער דער פֿרייד,
די פֿרייד וואָס דאַרף פֿאַר אַלעמען זײַן טײַער —

איך וועל אײַך אָנזאָגן, די פֿרייד,
איך וועל זי פֿריילעך אויסרופֿן פֿון לייד,
פֿון פֿלאַמען פֿײַער!

(אין באַגלייטונג פֿון הדסהן און זײַן געפֿאָלג, נאָך זיי בלאַדן און זײַנע צוויי באַגלייטער – אָפּ רעכטס, צום ברייטן וועג)

שמעיה (ווי געצויגן נאָך זיי, ווי מיטגעריסן נאָך רעכטס, בלײַבט מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט צום וועג, אין דער מיט פֿון סצענע)

אַביגיל (קומט באַזאָרגט צו אים צו)
צו וועמען האָסטו אויסגעשטרעקט די הענט?

שמעיה צוביידן זיי –

אַביגיל צו ביידן...

שמעיה עס טוט מיר וויי
אויף ביידן, ביידן זיי –
און כ׳קען ניט, כ׳קען ניט ריידן...
איך האָב אים ליב –

אַביגיל האָסט ליב, האָסט ליב זיי ביידן –
כ׳וואָלט וועלן זײַן ווי איינע פֿון די צוויי...

שמעיה (גלעט איר די האָר פֿון קאָפּ)
ער איז אַ גוטער מענטש...

אַביגיל און אַ שלעכטער ייִד.

שמעיה ניין, ניט...

אַביגיל אַ שלעכטער ייִד! באַקענ׳ס...
אי ער, אי... זײַן געפֿאָלג!
זיי זעען גאַנץ די וועלט און זעען ניט דאָס פֿאָלק...
באַקאָן עס!

שמעיה איך האָב אויף אים רחמנות –
איך האָב אים ליב...
זײַן פֿרייד איז אַזוי אומעטיק און טריב,
אַן עלנטע אַזאַ אַ פֿרייד, אַ פֿרעמדע ...
אַ פֿרייד צו פֿרעמדע און פֿון פֿרעמדע אָפּגעשטויסן,
אַ פֿרייד – הגם אַ גרויסע
און וואַרעמט ניט, ניט קיינעם,
ניט יענעם, ניט אַליין זיך,

אַ פֿרייד און אַזוי איינזאַם...
אַ פֿרייד פֿון יענער וועלט —
ז'וואַרפֿט אָן אַ קעלט...
אַ צעקלעמטע נעבעך, אַ פֿאַרשעמטע,
אַ פֿרייד — פֿאַרמרה־שחורהטע,
פֿון צווייפֿלער און פֿאַרצווייפֿלטע געבוירן,
און אויסגעוואַקסן אין אַ טרויער טיף...

קוליה (שרײַט)

ירמיהוס בריוו!
זײַן קללה!

אַבֿיגיל (פֿאַלט מיט דער פּלייצע צו צו שמעיהן, דאָס געזיכט צום פֿאָטער)

ער וועט אים ניט פֿאַרברענען, ניין!

קוליה זאָל ער! זאָל ער!

שמעיה (לאָזט איר ניט פֿאַלן)

ניט וויין, ניט וויין...
ער מעג דײַן ברודער זײַן —
און מעג עס זײַן מײַן זון וואָס איז געשטאָרבן —
זאָל ניט דערמאָנט ווערן דעם יחידס פּײַן,
און ניט באַווײַנט זאָל ווערן אַן איינציקער אַ קרבן!

אַבֿיגיל (לאָזט זיך פֿאַרחלשט אַראָפּ אויף דר'ערד, נעבן שמעיהן)

שמעיה אַביגיל... אָ! וואָס איז? וואָס איז?
דו פֿאַלסט? פֿאַלסט פֿון די פֿיס?
ליג, ליג — און זאָג ניט, גאָרניט מער,
ליג אין דײַן ווייטאָג גרויס
און זאָג ניט אויס
פֿאַר וועמען ס'פֿאַלט דײַן טרער...
האָסט פֿאַרבראָכן, שבֿנא, די פֿאַרבלוטיקטע, די הענט —
פֿאַרברעך! פֿאַרברעך!
און זאָג ניט גאָרניט... דײַן אומעט ניט פֿאַרשוועך!
ניין, ניט דײַן ברודער —
יהודה
ווערט פֿאַרלענדט!
אַבֿטליה, אָ, הייליקער דו זינגער!

זינג אַ ליד פֿאַר דורות אַלע און פֿאַר וועלטן –
דאָס ליד פֿון טרויער זינג און פֿון פֿאַרגעלטונג...
רוף אונדזער טרער – און זאָל אונדז ווערן גרינגער.

**אַבֿטליה** (הייבט אויף די רעכטע, פֿאַרבלוטיקטע האַנט)
ווי קען איך זינגען מיט אָפּגעהאַקטע פֿינגער...

**שמעיה** דײַן האַרף אַהער!
דאָס מאָל וועל איך דיר זינגען,
און דו, דו לאָז אַ טרער...

**אַבֿטליה** (טראָגט מיט דער לינקער האַנט אים צו די האַרף)

**שמעיה** (קלאַפּט אַ פֿאַרצווייפֿלטן אַקאָרד אויס)

**די גולים** וויי אונדז!

**שמעיה** (קלאַפּט ווידער אָן די סטרונעס, עס ווערט טויט־שטיל)

תהלים קל״ז — א) בײַ בבֿלס טײַכן און געוועסערן
על נהרות בבל — זענען מיר געזעסן,
שם ישבנו גם בכינו — אַלע מיר פֿאַרצאָגט
בזכרנו את ציון — און געקלאָגט, געקלאָגט,
און וויי געשריִען –
דערמאָנענדיק זיך דאָרט אָן ציון.

ב) אויף ווערבעס אומעטיקע, באַנגע
על ערבים בתוכה — האָבן מיר די האַרפֿן אויפֿגעהאַנגען.
תלינו כנורותינו

ג) ווײַל דאָרטן, ברידער
דאָרט האָבן אונדזערע, די פֿאַנגער
פֿון אונדז פֿאַרלאַנגט דאָרט:
לידער!
און אונדזערע צעטרעטער
האָבן אונדז אין אונדזער גרויסער לייד
געבעטן:
פֿרייד!
זיך הויך צעשריִען:
זינגט די געזאַנגען אונדז פֿון ציון!

ד) ווי קענען זינגען מיר דאָס ליד פֿון גאָט דעם הער
אויף פֿרעמדער ערד?

ה) אויב איך פֿאַרגעס, ירושלים, ווען אָן דיר –
אָ גאָט גערעכטער!
פֿאַרגעס אָן מיר,
פֿאַרגעס מײַן רעכטער!

ו) זאָל צוגעקלעפּט מײַן צונג מיר ווערן צו מײַן גומען
און ניט אַ וואָרט אַרויסריידן שוין קאָנען –
אויב כ׳וועל דיר ניט דערמאָנען –
אם לא אַעֲלֶה,
אויב ווערן וועט ירושלים ניט אַרויפֿגענומען
אויף מײַנע שׂימחות אַלע.

ז) געדענק עס זיי, אָ, גאָט, די זין פֿון אֶדום,
דעם טאָג ירושלימס, אָ געדענק!
און זאָל׳ס ניט ווערן זיי געשענקט!
זיי האָבן עס געזאָגט: צערײַסט די לעצטע פֿעדעם,
צעברעכט, צעשטערט יעצונד,
צעעקבערט זי ביז גרונט!

ח) אָ טאָכטער בבֿלס, זײַ פֿאַרשאָלטן!
האָסט אויסגעפּלינדערט די געצעלטן מיר,
רויבערין דו, וואָס דו ביסט!
ווויל דעם וואָס וועט באַצאָלן דײַן פֿאַרגעלטונג דיר
וואָס דו האָסט אומזיסט
אונדז אַלעמען פֿאַרגאָלטן...

ט) ווויל דעם
וואָס געבן וועט אַ נעם
דײַנע קינדער קליין –
און צעשמעטערט אַלע זיי אָן פֿעלדזנשטיין!

(ער לאָזט זיך אַראָפּ אויף די געבראָכענע קניִען[,] בלײַבט זיצן נעבן אַבֿיגילן, די האַרף אין מיטן)

**די גולים** ווײ אונדז, ווײ...

(עס ענדערט זיך די באַלײַכטונג. ס'ווערט קוים־קוים טונקעלער)

**גלאָקן** (צעקלינגען זיך פֿון אַלע זײַטן)

**שראצר** איר האָט דערשראָקן זיך? איך האָב זיך אויך דערשראָקן –
אָוונטגלאָקן!
אָוונטגלעקער –
זײ וואַרפֿן אויך אויף מיר אַ שרעק אָן –
בים־באָם! בים־באָם!
ווי דער קול דער מעכטיקער פֿון אײַערן אַ נבֿיא –
העי, עפֿנט אויף זיך, טויערן פֿון בבֿל!
עפֿן זיך, אָ תּהום!

(ער פֿאַרשווינדט רעכטס.)

**די טויערן** (עפֿענען זיך פֿון ביידע זײַטן ברייט אויף, עס אַנטפּלעקט זיך פֿאַר אַלעמען אַ פֿינצטערער תּהום)

**די גולים** (אַ שוידערלעכע באַוועגונג צווישן זײ, און האַרצרײַסנדיקע ווייגעשרייען)

ווײ אונדז, ווײ!

**יחזקאל** (זײַן קול קומט פֿון גאַנץ הויך, לינקס)

בלײַב שטיין, מײַן פֿאָלק, שטײ, שטײ!

(ווי ער וואָלט זיך אַראָפּגעקײַקלט גיך־גיך פֿון די באַריערעס, ער בלײַבט שטיין אין מיטן דער סצענע, קוקט זיך לאַנג אַרום, באַטראַכט די גולים, לאָזט שווער אַראָפּ דעם קאָפּ, שטומט אַ לענגלעכע ווײַלע, הייבט הויך אויף דעם קאָפּ, קוקט ווײַט־ווײַט – )

יחזקאל ל״ז

א) געוועזן איז אויף מיר די האַנט פֿון גאָט
ער האָט
ווײַט אויף אַ ווינט אַרויסגעפֿירט מיך מיט אַ מאָל,
געלאָזט מיך ליגן דאָרט, אַליין מיך
אין דעם טאָל –
ר'איז פֿול געווען מיטביינער.

ב) ער האָט פֿאַרבײַגעפֿירט מיך שטום
און רונד אַרום
פֿאַר זײ – איך האָב געזען:
זײ זענען אָן אַ צאָל

געוועזן אין דעם טאָל —
און טרוקן, טרוקן זענען זיי געוועזן.

ג) און ער האָט מיך געפֿרעגט: בן־אדם, זאָג:
צי וועלן אויפֿלעבן נאָך די אָ ביינער?
און כ׳האָב געענטפֿערט: דו! דו ווייסט עס גאָט;
דו איינער!

ד) און ר׳האָט צו מיר געזאָגט: גיי, זאָג פֿאָרויס,
זאָג נבֿיאות אויף די ביינער דאָ, די אַלע:
הערט ביינער טרוקענע, ביינער שוין פֿאַרפֿאַלן —
גאָטס וואָרט הערט אויס!

ה) אַזוי זאָגט גאָט דער האַר צו די אָ ביינער:
איך וועל אַ גײַסט אין אײַך אַרײַן יעצט געבן,
איך, איך אַליין —
און איר וועט לעבן!

ו) און איך וועל אָדערן אויף אײַך פֿאַרציִען,
און לאָז אַ לײַב אויף אײַך יעצט אויפֿגיין און צעבליִען,
כ׳וועל מיט אַ הויט אײַך אַלעמען באַוועבן,
און אַ גײַסט אין אײַך אַרײַן יעצט געבן —
און איר וועט לעבן!
און איר וועט וויסן זײַן, איר אַלע, אָט —
אַז איך בין גאָט!

ז) ... און כ׳האָב געזאָגט נבֿיאות — ווערטער קלאָרע
אַזוי ווי מיר איז אָנגעזאָגט געוואָרן; —
און ס׳האָט געלאָזט זיך הערן ווײַט אַ קול
בעת מײַן נבֿיאות זאָגן —
און ס׳האָט אַ טומל זיך אַדורכגעטראָגן
אין דעם טאָל —
און די ביינער אַלע

האָבן זיך דערנענטערט, צוגעפֿאַלן
ווי פֿון זיך אַליין –
ביין צו ביין – – –

ח) און כ'האָב געזען:
עס זענען אָדערן אויף זיי פֿאַרצויגן שוין געווען,
און אַ לײַב איז אויפֿגעגאַנגען רויט –
און איבער אים האָט זיך פֿאַרוועבט ווײַס־ווײַס
אַ הויט –
זיי האָבן אָבער ניט געהאַט אין זיך קיין גײַסט!

ט) און ר'האָט געזאָגט מיר: הער!
גיי זאָג נבֿיאות אָן דעם גײַסט, זאָג אָן אים:
זאָג, זאָג נבֿיאות אים, בן־אָדם, גיי באַקאָן אים –
אַזוי זאָגט גאָט, דער הער:
פֿון אַלע עקן וועלט
קום, גײַסט, צו שוועבן,
און בלאָז אַרײַן אין די געהרגעטע אַ זעל,
און זאָלן אַלע די דאָ לעבן!

י) און כ'האָב פֿאָרויסגעזאָגט, געזאָגט נבֿיאות –
ווי ר'האָט באַפֿוילן מיך –
און ס'איז אַרײַן אין זיי אַ גײַסט, אַ חיות,
זיי האָבן אויפֿגעלעבט, זיי אַלע גיך,
און האָבן אויף די פֿיס זיך אויפֿגעשטעלט:
אַ מחנה גרויס און שפּאָר
ביז גאָר! ביז גאָר!
גרויס ווי די וועלט!

יא) און ר'האָט געזאָגט אַזוי מיר: מענטשנקינד –
די ביינער, אָ –
וואָס איך האָב דיר דאָ
באַוויזן –

דאָס הויז ישׂראל איז עס!
אָט זאָגן זיי פֿאַראומערט:
ווײ אונדז, ווײ און ווינד —
אויסגעטריקנט זענען אונדז די ביינער דאָ געוואָרן,
און אונדזער האָפֿענונג געגאַנגען איז פֿאַרלאָרן —
מיר זענען אומגעקומען...

יב) דערפֿאַר זאָג זיי נבֿיאות, זאָג זיי, זאָג דערפֿאַר
אַזוי זאָגט גאָט, דער האַר:
איך עפֿן אײַ׳רע קבֿרים אויף,
און נעם דיך, פֿאָלק דו מײַן, פֿון דײַנע קבֿרים באַלד אַרויף,
און כ׳וועל אײַך ברענגען אומגעשטערט
אײַך אַלע אויף ישׂראלס ערד —

יג) און איר וועט וויסן זײַן
אַז איך בין גאָט, וואָס עפֿנט אויף
די קבֿרים אײַ׳רע,
און ברענגט אײַך פֿון די קבֿרים אײַערע אַרויף,
אײַך טײַערע,
אָ, פֿאָלק דו מײַן!

יד) און כ׳וועל מײַן גײַסט אין אײַך אַרײַן יעצט געבן,
און איר וועט לעבן!
און כ׳וועל אײַך לאָזן רוען אומגעשטערט
אויף אײַער ערד,
און איר וועט וויסן זײַן אַז איך בין גאָט
וואָס האָט
אײַכ׳ס אָנגעזאָגט...
איך האָב׳ס געזאָגט אײַך אָן,
און האָב׳ס געטאָן, —
זאָגט גאָט!

פֿאָרהאַנג

סוף

אַן איבערזעצונג אויף ייִדיש פֿון העברעיִשן טעאַטער־שפּיל וואָס איז געווען געדרוקט פֿאַר דער מלחמה, תמוז־אב תרצ״א, מיטן נאָמען: ״בין הרועים; לילה בסביבות ירושלים. חזיון במערכה אחת״ – געווען געדרוקט אין: אחדות העבודה; ירחון מפלגת פועלי ארץ־ישׂראל, כרך שלישי, חוברת ראשונה – שנייה, יג־יד, עמ׳ 53 – 73.

דאָ ווערט געדרוקט צום ערשטן מאָל דער ייִדישער נוסח מיט די שינויים און די פֿראַגמענטן וואָס יצחק קאַצענעלסאָן האָט צוגעשריבן אויף ייִדיש, אין געטאָ. אין ייִדישן נוסח זײַנען פֿאַרגעקומען סײַ סטרוקטוראַלע און סײַ טעקסטואַלע שינויים – צווישן זיי אַזוינע וואָס זײַנען אַ דירעקטער פּועל־יוצא פֿונעם סטרוקטור־איבערבוי – וועלכע פֿאַרוואַנדלען דעם העברעיִשן איינאַקטער אין אַ פֿאַרשטעלונג אין דרײַ אַקטן. אויך אַנדערע שינויים זײַנען אַרײַנגעפֿירט געוואָרן, דער עיקר טעקסט־צוגאָבן וועלכע שפּיגלען אָפּ יצחק קאַצענעלסאָנס באַזונונג פֿונעם העברעיִשן מקור, אין ליכט פֿון דער אומקום־תּקופֿה בעתן ערשטן געטאָ־פּעריאָד (זע די פֿאַרגעקומענע שינויים אין טעקסטאַלאַגישן צוהאַנג).

קיין דאַטע, ווען איבערגעזעצט, איז אין כּתבֿ־יד נישט פֿאַראַן, ס׳איז אָבער קלאָר אַז אויך ״אַרום ירושלים״ איז איבערגעזעצט געוואָרן צוליב רעפּערטואַר־באַדערפֿענישן פֿאַר די פֿאָרשטעלונגען פֿון י. ק׳ס ייִדישן דראַמקרײַז. בעת אַלע אַנדערע רעפּערטואַר־ווערק אין העברעיִש פֿון פֿאַר דער מלחמה, זײַנען פֿון י. קאַצענעלסאָנען איבערגעזעצט געוואָרן איבער הויפּט לשם רעפּערטואַר – ווי אַ טייל פֿון דערציִערישן אָנשטרענג פֿון דרור־החלוץ אָנצוגיין מיט ייִדישער קולטור־אַרבעט (זע: נומ׳ 3, 10, 11, 17) – איז אָבער ״אַרום ירושלים״ דאָס איינציקע ווערק וואָס איז נישט איבערגעזעצט געוואָרן ווערטלעך. נאָך מער, דער זין פֿון ״בין הרועים״ איז פֿאַרטיפֿט געוואָרן דורך טעקסטואַלע צוגאָבן, און די גאַנצע פֿאָרשטעלונג איז נישט נאָר איבערגעבויט און פֿאַרברייטערט געוואָרן, – זי איז אויך פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין מיטלפּונקט פֿון אַ טרילאָגיע מיטן נאָמען ״קיבוץ גלויות״.

די טרילאָגיע ״קיבוץ־גלויות״ און איר צוזאַמענשטעל, זײַנען ביז הײַנט געווען אומבאַקאַנט, לעצטנס האָט זיך אָבער אָפּגעפֿונען אין אַרכיוו פֿון ״הבימה״ דער מעגלעכער ערשטער טייל פֿון דער געפּלאַנטער טרילאָגיע – אַ פֿאָרשטעלונג אין איין אַקט, אויף העברעיִש, מיטן נאָמען ״קיבוץ גלויות״. קיין דאַטע איז נישט פֿאַראַן. אין ביידע איינאַקטערס איז די צענטראַלע פֿיגור אליהו דער פּאַסטעך, דער טרוימער און נחמיה דער חלוץ מיט אים. עס ווײַזט אָבער אויס אַז דער פּלאַן פֿאַר אַ טרילאָגיע איז אויפֿגעקומען בײַ קאַצענעלסאָנען ערשט אין געטאָ, בעתן איבערזעצן זײַן ״בין הרועים״, וואָס איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין איר צווייטן טייל. מע דאַרף אָבער דערמאָנען אַז שוין אין העברעיִשן טעקסט, אין ״בין הרועים״ – בלײַבט צום סוף אָפֿן די מעגלעכקייט פֿאַר אַ המשך: ״נשחק לו <לאליהו> בבוקר את האקט השני. לא נרף מֶנו עד אם השלים עם הדור...״. ביידע פֿאָרשטעלונגען, סײַ ״קיבוץ גלויות״ און סײַ ״בין הרועים״ ווי אויך ״אַרום ירושלים״, זײַנען געבויט אויפֿן פּרינציפּ פֿון אַ טעאַטער־שפּיל אין אַ טעאַטער־שפּיל, זײַענדיק אליהו דער פּאַסטעך, די געשטאַלט וואָס מאַכט אַדורך אַ שינוי, ווי אַ רעזולטאַט פֿון דעם פֿאַרגעשטעלטן. אליהו געפֿינט זיך דאָ אין זעלבן מצבֿ ווי דער פּובליקום, פֿאַר ביידן ווערן פֿאַרגעשטעלט אין טעאַטער־שפּיל פֿאַרשיידענע ייִדישע היסטאָרישע געשטאַלטן (״אַרום ירושלים״) און פֿאַרשיידענע ייִדישע טיפּן פֿון גלות וואָס קערן זיך אום אין ארץ־ישׂראל (״קבוץ גלויות״), צוזאַמען מיט זייער עקזיסטענץ־פּראָבלעמאַטיק. מען קען זיך משער

זײַן אַז דער דריטער טייל פֿון דער טרילאָגיע, וואָס איז ווי עס ווײַזט אויס נישט אָנגעשריבן געוואָרן – האָט באַדאַרפֿט דערגאַנצן די טיפֿן־גאַלעריע און דעם סאָרט פּראָבלעמאַטיק מיט אַ טעאַטער־שפּיל וועגן ייִדישן לעבן און ייִדישן מענטש, אין ארץ־ישׂראל.

די אַלע שינויים וואָס זײַנען אַרײַנגעפֿירט געוואָרן אין ״אַרום ירושלים״ זײַנען אַ באַווײַז פֿאַר דעם אַקטועלן באַטײַט פֿונעם אינהאַלט פֿון ״אַרום ירושלים״, און פֿאַר דער באַנײַטער ראָל וואָס י.ק. האָט באַשטימט פֿאַר דעם ווערק אין זײַן געטאָ־שאַפֿן. וועגן דער דאַטע – ווען געשריבן – קען אָנגענומען ווערן ווי אַ השערה דאָס יאָר 1941 (זע אין בלומענטאַלס רשימה, נומ׳ 21). אַ גענויערע דאַטע ווערט פֿאַרשריבן, אויך ווי אַ השערה, אין דער רשימה פֿון כתבים אחרונים, תשכ״ט, נומ׳ 18: שבט – אדר תש״א <11 טער יאַנואַר – 20 טער מערץ 1941>. ״אַרום ירושלים״ איז איבערגעזעצט געוואָרן פֿאַרן ייִדישן דראַמקרײַז, און ווי עס זעט אויס איז די פֿאָרשטעלונג צוגעגרייט געוואָרן פֿאַר דער בינע, מיר ווייסן אָבער נישט צי לבסוף איז ״אַרום ירושלים״ פֿאָרגעשטעלט געוואָרן אין געטאָ. אין כּתבֿ־יד וואָס איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן שטייען פֿאַרשריבן באַזונדער, מיט אַ בלײַפֿעדער לעבן די נעמען פֿון די נפֿשות אין דער פֿאָרשטעלונג, אויך די נעמען פֿון די אַקטיאָרן אין טעאַטער־שפּיל: חווה, שׂרה, יחיאל, רודאָלף, גרינבערג, אסתר און אַנדערע, וואָס איז אוממעגלעך צו דעשיפֿרירן. דאָס זײַנען געווען מן־הסתּם יצחק קאַצענעלסאָנס תּלמידים און תּלמידות פֿון דער געהיימער גימנאַזיע פֿון ״דרור״. דער כּתבֿ־יד געפֿינט זיך אין י.ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות, רעגיסטרירט מיטן נומ׳ KII/1007. די נעמען פֿון די אַקטיאָרן זע דאָ ווײַטער, אויף ז׳ 380.

אין תּוך, געהערט ״אַרום ירושלים״ צום זשאַנער פֿון דער וויזיאָנערישער דראַמע, אין וועלכער עס ווערן צונויפֿגעפֿירט צוויי צי מער צײַטן, צי געשטאַלטן, וואָס געהערן כראָנאָלאָגיש צו פֿאַרשיידענע ווײַטע תּחומים און אָפֿט מאָל אויך צו גאָר אַנדערע וועלטן, סײַ רעאַלע סײַ אויסגעטראַכטע. מער ווי אויף אַ פֿאַרמעסט צווישן די געשטאַלטן איז דער מין דראַמאַטישע ווערק באַזירט אויף אַ קאָנפֿראָנטאַציע פֿון וועלטבאַנעמען און אידעעס.

דער שווערפּונקט פֿון אונדזער דראַמע איז די טרעפֿונג פֿונעם ערשטן דור חלוצים אין ארץ־ישׂראל אין די ירושלים־בערג, צווישןביידע וועלט־מלחמות, מיט אייניקע פֿון די באַוווּסטע געשטאַלטן אין דער ייִדישער געשיכטע: שאול המלך, דניאל, יוסף בן־מתּתיהו און שלמה מולכו. די דראַמאַטישע שפּאַנונג ווערט געבויט אין טעאַטער־שפּיל, אויפֿן סמך פֿון געשפּרעכן צווישן דעם פֿאַרחלומטן אליהו, דעם פּאָעט, ווען עס ציט צו די גיבורים פֿון תּנ״ך און זייערע אויפֿטוען אין זייער צײַט. אליהו דער פּאָעט, מײַדט אויס דירעקט זיך צו פֿאַרמעסטן מיט דער איצטיקייט, אירע הצטרכותן און פּראָבלעמאַטיק, דער עיקר ווײַל ער מינדרשאַצט דעם ווערט פֿון זײַן אייגענעם דור חלוצים. אין העברעיִשן אָריגינאַל ווערט די וויזיאָנערישע דימענסיע געפֿורעמט ווי אַ מין הקשר פֿאַר די חלוצישע זוכונגען נאָך תּשובֿות אויף די פֿראַגעס און פּראָבלעמען פֿון דער איצטיקייט אין זייער ייִדישן לעבן אין ארץ־ישׂראל.

אין דער וואַרשעווער געטאָ־ווירקלעכקייט ווערט אין ייִדישן געטאָ־נוסח פֿון ״אַרום ירושלים״, ממילא פֿאַרביטן ארץ־ישׂראל, צי פֿאַרטײַטשט, אויף דער גרויליקער ווירקלעכקייט פֿון ייִדישן לעבן אין פּוילן אונטערן נאַצי־רעזשים. די פּראָבלעמאַטיק ווערט פֿאַרשאַרפֿט און די תּשובֿות צו די פֿראַגן באַקומען אַ נאָך גרעסערע וואָג און אַנטשיידנדע וויכטיקייט.

דאָס פּראָבלעם פֿון דורות־פֿאַרמינערונג און דורות־דערהייבונג, איז דער עיקר־עלעמענט וואָס איז מפֿרנס די פּראָבלעמאַטיק פֿון יצחק קאַצענעלסאָנס ״אַרום ירושלים״, וואָס דריקט זיך אויס אין דער אינטעלעקטועלער שפּאַנונג צווישן אליהו דעם פּאָעט און זײַנע חבֿרים חלוצים, אַרום דער פֿראַגע – ווי אַזוי אַרום מע דאַרף זיך פֿאַרמעסטן מיט די רעאַלע אומשטאַנדן פֿון זייער לעבן, דאָ און איצט. אליהוס

פֿאַרחלומטקייט און זײַן גאַרן צום רום און צום גײַסטיקן פּראַכט פֿון פֿאַרגאַנגענע צײַטן אין דער ייִדישער געשיכטע און אין תּנ״ך, ווערן אָפּגעוואָרפֿן פֿון זײַנע חבֿרים די חלוצים. זיי נעמען עס נישט אָן ווי אַ דרך אין זייער לעבנסוועג, און דערפֿאַר באַשליסן זיי אים אָנצולערנען. זיי אינסצעניזירן פֿאַר זײַנע גלויביקע אויגן, און אימפּראָוויזירן, די דערשײַנונג און די רייד פֿון די היסטאָרישע געשטאַלטן מיט וועלכע ער טוט שמועסן, כּדי אים אָנצולערנען אַ לקח.

פֿון הינטער דער שפּילעוודיק־פֿאַרטראַכטער פֿאָרשטעלונג, אַ מין טעאַטער־פֿאָרשטעלונג אין אַ טעאַטער־פֿאָרשטעלונג, וואַקסן קלאָר און דײַטלעך אַרויס י. ק׳ס תּשובֿות.



רשימה פֿון די נפֿשות און די אַקטיאָרן אויף דער ערשטער זײַט אין כּתבֿ־יד פֿון דער פֿאָרשטעלונג ״אַרום ירושלים״

# אַרום ירושלים

(צווישן די פּאַסטעכער)

אַ פֿאָרשטעלונג אין דרײַ אַקטן
צווייטער טייל פֿון דער טרילאָגיע
"קיבוץ־גלויות"

די נפֿשות:

| | |
|---|---|
| אליהו | פּאַסטעכער |
| נחמיה | |
| יהודה | |
| יוסף | |
| בתיה | |
| אלישבֿע | |

די בעלת־אובֿ פֿון עין־דור
שאול המלך
דניאל
יוסיפֿוס פֿלאַוויוס
שלמה מולכו
פּאַסטעכער

די פֿאָרשטעלונג קומט פֿאָר: צווישן די בערג אַרום ירושלים.
אַרום אַ פֿײַער זיצן פּאַסטעכער, בחורים, מיידלעך. ס'איז פֿאַר נאַכט.

די פּאַסטעכער (זינגען אַ ליד)

יפים הלילות בכנען
צוננים המה ובהירים –
הדממה פה תשיר, לה יען
יען לה לבי בשירים...

הולכים ואובדים השירים,
רק הדם הקל לנו יען,
צוננים המה ובהירים
ויפים הלילות ב[כנען.]

יפים הלילות ובהירים
וצוננים המה בכנען,
צללו, נדמו השירים
והדם (הדם) עוד יען, עוד יען.

(לענגערע פּויזע)

נחמיה הערט צו זיך, הערט!

אַלע (שוויַיגן, פּויזע)

נחמיה זאָגט מיר, אויב איר ווייסט,
זאָגט ווי פֿיל זענען מיר דאָ אַלע?

יהודה אַלע!

נחמיה (קרימט אים נאָך)
אַלע!

יהודה אַכצן.

יוסף ח״י, אַקוראַט! (זינגט)
חי! חי! חי!
עם־ישׂראל חי!

נחמיה הער אויף!
דו האָסט געזאָגט מיר אַכצן —
חי!
און איך, איך האָב געמיינט אַז טויזנט.

יהודה נאָכן ליד נאָך!
דאָס איז דער כּוח פֿון אַ ליד אין בערג.

נחמיה ניין, ניין!
דו האָסט מיך ניט פֿאַרשטאַנען,
ניט אַכצן, ניין,
מיר זענען דאָ, דאָ — נאָך!...
זיי שטייען איבער אונדז דאָ,
און דאָרט — דאָרט אויך,

אין יעדער פֿעלדזן־שפּאַרע
אויף יעדן שפּיץ פֿון באַרג. (רופֿט)
אֵ – לְ – יָ – הו – (צו די פֿאַסטעכער)
ווו איז ער, אליהו? זעט!
צי זיצט ער ניט, דאָרט, אויף דעם אָפּהאַנג
פֿון יענעם פֿעלדז?
און ווי אַ נאַכטוואַנדלער געצויגן
און איַינגעגעסן זיך אין הימל!? (ווענדט זיך צו אַלעמען)
הערט חבֿרה:
מיר שלעפּן אים אַראָפּ פֿון הימל אויף דער ערד!
מיר וועלן מיט אים לערנען די סדרה דרך־ארץ...
ער איז ניט שטאָלץ –
פֿאַר וואָס זשע גרויס אַזוי איז דער דיסטאַנץ
וואָס צווישן אים און אונדז?

יוסף
ער האָט פֿאַרשפּעטיקט...
ר'איז אַ ייִנגל
פֿון יאָרן טויזנטער צוריק,
וואָס איז אַריַינגעפֿאַלן דאָ צווישן אונדז.

יהודה
ער קען אונדז גאָר נישט שענקען
וואָס מיר אַלע דאָ –
מיר זענען ניט די קינדער יעקבֿס,
און וואָס מיר פֿיטערן די שאָף ניט אונדזערע
אין דותן.

נחמיה
ווען מיר פֿאַרקויפֿן עמעצן פֿון אונדז צום קנעכט –
ער וואָלט עס אונדז פֿאַררעכנט פֿאַר אַן אײדעלע אַ טאַט!
בתיה!
באַהאַלט זיך גיך אַ וויַילע אין די בערג –
און הערסטו ווען עמען רופֿן – ענטפֿער!

בתיה
וואָס זאָל איך ענטפֿערן?

נחמיה
וואָס נאָר עס פֿאַלט דיר איַין.

בתיה
(אָפּ)

נחמיה
און דו? דו אלישבֿע?
דו האָסט אַ קלייד פֿון אַן אַראַבערן – טו אָן...

זײַ גרייט...
מיר זענען אַלע גרייט —
מיר זענען קיין אַקטיאָרן ניט וואָס שפּילן אין טעאַטער —
מיר זאָלן לערנען רייד און ווערטער פֿון אַ בוך.
ס׳וועט ניט שווער זײַן אונדז פֿונאַדערטרייסלען אים,
אים אויפֿצוּוועקן...
אָ ניין, ער איז קיין נאַר ניט...
דער בעל־חלומות אָבער גלייבט ווי אַ נאַר אין אַלץ.

**יוסף** צו וואָס, זאָג, ווילסטו אויפֿוועקן אים דען?

**נחמיה** צום לעבן.

**יוסף** פֿרעג דעם פֿאַרחלומטן — ער ענטפֿערט דיר:
עס איז אַ לעבן דאָ אויך אין אַ טרוים!

**נחמיה** איך גלויב׳ס אים נישט —
קוים איז אַנטוישט ער פֿון דער ערד.
דער זינגער וואָס צעזינגט מחוץ־למחנה זיך,
אויף יענער זײַט —
דערמאָנט אַ קרעציקן...
אָט וועלן מיר דעם טרוימער אַראָפּציִען צו אונדז,
צו אונדז אין מחנה! (רופֿט)
אליהו!

**אליהו** (ווי דערוואַכט אויפֿן בערגל, וווּ ער ליגט אויף דער פּלייצע, מיטן פּנים צום הימל)
וואָס? וואָס?

**נחמיה** ״וואָס?״ דו ביסט געשלאָפֿן?

**אליהו** (שטעלט זיך אויף, גייט אַרונטער צום פֿײַער)
איך בין געווען — דאָרט... (ווײַזט צום הימל)

**נחמיה** מזל־טובֿ!

**יהודה** יעדער אליהו האָט אַ שוואַכקייט צו דעם הימל.

**נחמיה** אונדזער ערד איז חשובֿ פּונקט אַזוי,
פּונקט ווי דער הימל דײַנער.
קוק!

**אליהו** אונדזער ערד — איז שטום,
אַזוי ווי מיר... ווי אונדזער דור —
זי זאָגט ניט, גאָרנישט...

נחמיה — זי זאָגט! זי זאָגט!

דו לייג אַן אויער צו און... הער!

אליהו — אונדזער ערד – זי ענדערט זיך,

ווי ס׳ענדערט זיך אַ הויט אויף אונדזער לײַב[.]

די שטויבן אירע – ס׳פֿאַרטראָגט אַ ווינט זיי.

נחמיה — און מיט די שטויבן אירע – קערט דער ווינט זיך אום!

אליהו — די הימלען אָ, דאָס זענען דאָך די זעלבע הימלען!

די הימלען פֿון אַמאָל –

זיי זענען עדות, זיי האָבן אַ ל ץ געזען...

נחמיה — עדות טאַקע...ווײַטע!

נאָר עדות און נישט מער...

און זי, די ערד – זי האָט געליטן,

מיט אונדז געליטן,

מיט אונדז, מיט אונדז צוזאַמען!

זי האָט׳ס געפֿילט, זי האָט געקענט דעם שמאַרץ!

אליהו — זי האָט געקענט אים, יאָ... און האָט פֿאַרגעסן אים,

די ערד, די ערד –

האָט אויפֿגעגעסן אונדז און אָפּגעווישט דאָס מויל...

אָפּגעווישט געוואָרן איז איר אויסזען...

און דאָרט – (מיט דער האַנט אין דער ה[ייך])

ניט געמינערט איז געוואָרן דאָרטן

און ניט מערער – גאָרנישט!

נחמיה — אויך דאָ!

דאָ אויך דאָך, איז געמינערט ניט געוואָרן גאָרנישט.

די אַלע וועלכע, מיר האָבן יעדערער געגלויבט –

ניטאָ זיי שוין... אַוועק! פֿאַרשוווּנדן און נישטאָ.

אָט זענען זיי! זע, זע –

די בערג פֿון חבֿרון – קוק דערקען זיי,

ער זיצט עס דאָרט, אַבֿרהם!

דער פֿאָטער אונדזערער אין שאָטן פֿון זײַן דיקן בוים...

זע, זע: דאָרט שטייט ער, גדעון,

גדעון ירובעל!

מיטן אייביקן דעם שמייכל

אויף דעם געראנצלטן געזי[כט]
און שאָקלט, שאָקלט מיט זײַן קאָפּ אויף ניין!
דאָס שטייען זיי די אָנגעקומענע די זקנים,
פֿון די אַרומיקע די שבֿטים
נאָך זײַן זיג, זײַן גרויסן איבער מדין,
איבער די בני־קדם און עמלק,
און בעטן אים: אָ קיניג, קיניג איבער אונדז!
עס שמייכלט זײַן געראנצלטער, דער פּנים
און שאָקלט, שאָקלט מיטן קאָפּ: אויף ניין.
זע, זע, ער הייבט די הענט צום הימל: גאָט!
גאָט קיניגט איבער אײַך, מײַן פֿאָלק!
און אָט איז יפֿתּח!
דער גערעכטער און דער ווילדער מאַן פֿון גלעד,
דער געצנדינער און דער דינער גאָטס!
ער העלפֿט מיט גרויסמוט די וואָס האָבן אים פֿאַרטריבן;
ער איז דעם מתּרה איידער ער באַפֿאַלט אים...
און שעכט אין זײַן גערעכט זײַן און אין זײַן צאָרן גרויס
די זין אפֿרים, די נאַרישע, די שטאָלצע.
זע, [זע, ער] האָט אַראָפּגעלאָזט קוים־קוים דעם שווערן קאָפּ,
ער קוקט פֿאַרצווייפֿלט נאָך זײַן איינציקער דער טאָכטער,
זי שטײַגט מיט אירע פֿרײַנדינס אויף די בערג פֿון גלעד
איר מיידלשאַפֿט באַוויינען,
ער קוקט אין שטומען צער איר נאָך,
זײַן איינציקער, זײַן טאָכטער,
ער וועט איר מקריבֿ זײַן, יאָ יאָ, ער וועט!
[ווײַ,] ווײַ, ער האָט געשלאָגן די בני־[עמון]...
איז זי צו אים אַרויס
זײַן איינציקע, זײַן טאָכטער
זי האָט אַנטקעגן אים געטאַנצט
מיט פּויקן און געזאַנג – ווײַ, ווײַ...
און יפֿתּח, יפֿתּח האָט אַ נדר דאָך געטאָן!
ער וועט זײַן נדר היטן...
שאַ, שטיל –

דוד, זינגט דאָרט אַ קאַפּיטל תּהלים אויפֿן דאַך –
ניט שטער אים...
און דאָרט ווער איז? צי איז עס הו[רדוס?]
ער לאָקערט אויף דעם לעבן פֿון אַ זון [...]
זע, זע – ס׳איז יוחנן פֿון גוש־חלבֿ!
ער קומט פֿון רוים... ער איז פֿון צירק אַנטלאָפֿן...
ר׳איז אויסגעמאַגערט גאָר און קראַנק אַזוי,
און איז באַשאָנקען מיט אַזוי פֿיל לעבן!...
דער וואָס לעבט דאָס לעבן פֿון זײַן דור –
דער לעבט אייביק!
ווייל די וואָס זענען אויסגעמישט,
וואָס זענען איינס מיט זייער דור! (רופֿט)
אַבֿיגיל!

יהודה — ווּעמען רופֿסטו?
צי איז דען דאָ צווישן אונדז אַן אַבֿיגיל?

נחמיה — ניט סתם אַן אַבֿיגיל, נאָר – אַבֿיגיל!
די ערשטע!
אויך זי איז דאָ צעווישן אונדז,
דאָ, אין די בערג –
איך האָב גערופֿן זי – זי ענטפֿערט מיר ניט אָפּ...
אָט רוף [איך] ווידער זי – אַבֿיגיל!

אַבֿיגילס — (שטים)
איך! איך! ווער רופֿט,
אין דער אָוונט־שעה, דער יעצטיקער מיך דאָ?

נחמיה — נבֿל! דער – פֿון כּרמל־באַרג!

אַבֿיגילס קול — ניט נבֿל, ניין, ניט ער!
ער איז געווען פֿאַרהאַסט –
פֿון אַלעמען פֿאַרהאַסט –
ער איז געשטאָרבן,

נחמיה — געשטאָרבן איז אויך דוד!

אביגיל — ניין, דוד לעבט!
אַ מענטש וואָס ווערט געליבט,
וואָס מערער מענטשן ליבן –

לעבט אייביק, לעבט!

קולות (פון אַלע זײַטן)

ער לעבט! ער לעבט! ער לעבט!

אליהו (מיט דער האַנט אויף נחמיהס מויל)

ניט פֿרעג איר מער, נחמיה,

ניט פּרוּוו!...

זי קען אַ מאָל ניט ענטפֿערן דיר מער... (פֿאַרווּנדערט)

דו האָסט געהערט?

נחמיה איך הער פֿון לאַנג שוין...

דו אָבער, דו –

דו הייבסט די אויגן דײַנע צו די הימלען

און זעסט ניט דאָס וואָס ס'קומט דאָ פֿאָר אויף דר'ערד.

אליהו (פֿאַר זיך)

אַבֿיגיל –

איר האָט געהערט? איר אַלע?

עטלעכע (שטימען) געהערט! געהערט!

אליהו די נאַכט! אַ נאַכט אַזאַ –

אין אַזעלכע נעכט איז אָפּגעווישט

די גרענעץ צווישן ערד און הימל.

נחמיה ניין, ניט די נאַכט –

נאַכט פֿאַר נאַכט –

גייען דאָ די דורות אונדז פֿאַרבײַ, דור נאָך דור!

יהודה אין אַ נאַכט אַזאַ [,]

האָט די כּישוף־מאַכערין, די בעלת־אובֿ

אַרויפֿגעבראַכט פֿאַר שאולן דעם נבֿיא שמואל.

נחמיה (ווי אויסריידנדיק יהודהן)

"אין אַ נאַכט אַזאַ!" ווי אליהו

אַזוי אויך דו: "אין אַ נאַכט אַזאַ!"

נאַכט פֿאַר נאַכט קומען פֿאָר דאָ ווּנדער!

אליהו יעדע נאַכט קען פֿאָרקומען אַ ווּנדער –

נאָר ניט אין יעדן דור...

נחמיה דו ביסט ניט קלענער, ניין, פֿון [די]

וואָס האָבן דאָ געלעבט פֿאַר דיר!

אליהו
אַ, איך בין קליין... גאָר קליין...
מען וועט אַ געטלעכן אַ מאַן
ניט אַרויפֿברענגען פֿאַר מיר פֿון דר׳ערד, ניט קיין מאָל –
איר אפֿשר, איר, וועט אפֿשר עס באַווײַזן,
איר זענט אַהערגעקומען מיט אַ פֿריערדיקער,
מיט אַן ערשטערער עליה,
איר האָט באַהאָפֿטן ווידער זיך מיט אײַער לעבעדיקער ערד,
מיט איר באַרג און טאָל,
איר האָט גערייניקט דאָ מיט זיך די לופֿט
און ז[ענט] גערייניקט פֿון איר לופֿט געוואָרן.
איר האָט דערפֿרישט די טײַכן אירע
און דערפֿרישט פֿון זייער שטראָם געוואָרן,
איר קלאַמערט ווידער זיך צו אירע האַרטע פֿעלדזן
און קילט אין שאָטן זיך פֿון אירע טיפֿע היילן.
אײַך ווען עס גלוסט זיך שטאַרק
קענט איר אָנקלאַפּן צו אײַער אַ טויטן
און וועקן אים פֿון אייביקן פֿון שלאָף.

יהודה
״אײַערע די טויטע״! – זיי זענען דײַנע אויך!

נחמיה
ניט זײַנע אויך – נאָר: זײַנע!
מיר יונגע קינדער פֿון אַן אַלטן פֿאָלק,
מיר פֿון דאָס נײַ געקומענע אין לאַנד פֿון לעבן –
מיר האָבן מיט די טויטע נישט צו טאָן...

אליהו
דאָס זענען דאָך די טויטע
וואָס האָבן אָנגעזאָגט אונדז אַלעמען דאָס לעבן.

נחמיה
יאָ, אָנגעזאָגט דאָס לעבן און אַוועק,
אַוועק און ווילן ניט מען זאָל זייער רו זיי שטערן.

אליהו
ניט זיי, נאָר איר, איר ווילט ניט!
איר האָט אַזוי זיך אָפּגעטיילט,
זיך אָפּגעגרענעצט פֿון אײַ׳רע גרויסע טויטע –

נחמיה
יאָ...

אליהו
זיך אָפּגעזאָגט!

נחמיה
ניט אמת!

אליהו
איר זאָגט פֿון אײַערע טויטע אָפּ זיך

ווי ס'זאָגן אָפּ פֿון זיי זיך, ווי עס פֿאַרלייק'נען זיי
יידן אָרעמינקע, קליינינקע, פֿרײַהייטס־קעמפֿער כלומרשט,
בוגדים מיאוסע אויף גאָר דער וועלט —

**נחמיה** ניט אמת!
די אַלע וואָס דו האַלטסט זיי פֿאַר געשטאָרבן
לעבן דאָך אין אונדז!
אין געמיט אין אונדזערן, אין אונדזער וועזן —
מיר דאַרפֿן זיי ניט זוכן אויסער אונדז...

**אליהו** ווי וואָלט איך וועלן זען זיי
אין זייער פֿרײַערדיקער ליכטיקער געשטאַלט —
אָנקוקן און הערן, הערן זי
די געשטאַלט פֿון אונדזערן אַ גרויסן טויטן פֿון אַ מאָל —
אַ, בעלת־אובֿ!

**נחמיה** שאַ, שטיל! דערמאָן זי ניט!
בײַ אונדזער מינדסטן רוף — רופֿט זי זיך אָפּ...
זי קען זיך נאָך באַווײַזן.

**אליהו** זאָל זי באַווײַזן זיך!
מיר אַלע... אַלע מיר — מיר זענען — שאול!
יעדער איינער אונדזערער, איז שאול...
אַיענע נאַכט, די אײַליקע, די שלעכטע —
ס'איז אונדזער נאַכט דאָך!
ס'איז שלעכט אַזוי אונדז, שלעכט,
און פּלישתּים שלאָגן זיך מיט אונדז,
און גאָט — אָפּגעטאָן פֿון אונדז האָט גאָט זיך.
ער ענטפֿערט אונדז ניט מער,
ניט דורך נבֿיאים,
אין חלומות ניט —
אַ, בעלת־אובֿ!

**נחמיה** שווײַג! שווײַג!
איך וואָרן דיך — ניט ברענג
דעם נאָמען אויף די ליפּן דײַנע — שווײַג!

**אליהו** (פֿאַרבענקט)
זי וואָלט אַרויפֿגעבראַכט דאָ

אין דער נאַכט, דער דאָזיקער — אַ ״טויטן״ אונדז.

נחמיה	דו רופֿסט די טויטע אָן?

אליהו	עס איז אונדז שלעכט...

נחמיה	״אונדז״! ״אונדז״! — מיר איז ניט שלעכט!
און איז באַשערט מיר פֿאַלן און שטאַרבן
אויף די בערג גלבועס —
כ׳וויל ווי יהונתן פֿאַלן און ניט ווי שאול!

אליהו	(באַלויכטן אינערלעך)
יהונתן!
די ליבשאַפֿט און די העלדישקייט אַליין!
טראַגישער פֿון אים איז שאול!

נחמיה	געשראָקן פֿון אַ שלעכטן גײַסט...

אליהו	יאָ... יאָ... אַ שלעכטער גײַסט —
ס׳איז אָבער דאָך געווען אַ גײַסט פֿון גאָט,
פֿון גאָט געשיקט...

נחמיה	יאָ אמת —
דאָס שלעכטע ווי דאָס גוטע,
אַ ייִד נעמט אָן זיי ביידע פֿון זײַן גאָט,
ווי ניט קיין ייִד האָט אָבער שאול נאָכגעפֿאָרשט די טויטע.

אליהו	ער האָט געפֿרעגט אויף שמואלן, זײַן נבֿיא.

נחמיה	שמואל איז געשטאָרבן.

אליהו	נבֿיאים שטאַרבן ניט ווי ס׳שטאַרבט אַ מענטש אָפּ סתּם,
זיי פֿאַרלאָזן אונדז.

נחמיה	רוף אָן עס ווי דו ווילסט.

אליהו	יאָ, זיי פֿאַרלאָזן אונדז,
מיר אָבער, מיר — מיר לאָזן זיי ניט אָפּ
מיר זוכן אויף זיי
פֿון אונטער דר׳ערד,
מיר הייבן אויף די הענט צום הימל,
מיר שפּרייטן אויס זיי צו יעטוועדן ווינט —
אָ קומט, באַווײַזט זיך, העלפֿט!

נחמיה	די טויטע העלפֿן ניט... זיי מעגן זײַן געווען נבֿיאים!
שמואל האָט דעם קעניג שאול ניט געהאָלפֿן...

אליהו עך האָט באַרויִקט אים...

נחמיה די באַרויִקונג וואָס פֿאַרן טויט —
איך וויל זי ניט!

אליהו וויל! וויל!
באַרויִקונג איז גבֿורה, איז העל אַ ליכט,
זי טראָגט אַ ליכטיקייט אַרײַן אין פֿינצטערנישן טיף,
אָ האָב ניט מורא פֿרײַ אַ קוק טאָן
אין די אויגן אים, דעם קאַלטן טויט —
צוגיין נאָענט צום טויט איז ניט דערנענטערט זיך צו אים...
קוק אים אָן און לייקן אָפּ אים!
אָ האָב ניט מורא באַווײַזן זיך אויף דער גרענעץ
פֿון לעבן און פֿון טויט —
מען שטאַרבט דערפֿון ניט!
ניט געווען איז יהונתן אין עין־דור
און איז געפֿאַלן ווי זײַן פֿאָטער אויף גלבועס בערג.
איך וויל! איך וויל זיי זען, די אַוועקגעגאַנגענע פֿון אונדז
די גרויסע אונדזערע וואָס האָבן אונדז פֿאַרלאָזן —

נחמיה געלאָזן אונדזער וואָר!

אליהו און צו אַ וואָר אַוועק אַן אַנדערע אין אַן אַנדער לאַנד

נחמיה צו אַ וואָר?

אליהו די וועלט די אַנדערע איז אויך אַן אמתע,
איז אויך אַן עולם־אמת;

נחמיה ס׳איז אַ פֿאַרבאָטענער אַן אמת
עס זענען אמתן פֿאַראַנען
וואָס זענען אונדז פֿאַרבאָטן דאָ, בײַם לעבן,
די אמתן פֿון לאַנד פֿון טויט —

אליהו (פֿאַרטראַכט) דאָס לאַנד פֿון טויט...
יאָ, יאָ... עס זענען לענדער דאָ פֿון לעבן
און לענדער אויך פֿון טויט — (געהיימ־ניספֿול)
זאָג, צי ווילט זיך דיר אַ מאָל ניט
אין אַ נאַכט אַ פֿינצטערער אַ רײַט טאָן
און אַדורך זיך פֿאָרן
אין לענדער פֿון פֿאַרגעסעניש און אויפֿהער?

אַרונטערלאָזן זיך אין תהום פֿון שטילקייט,
און זיצן דאָרט אין שאָטן?

נחמיה — בײַם לעבן נאָך?

אליהו — און זען זיי, זען די טויטע
בעת זיי שטײַגן פֿון דער ערד?

נחמיה — די טויטע שטײַגן ניט... מען ברענגט אַרויף זיי!
שאול —
ער האָט אַ[רױ]פֿגעבראַכט אַ טויטן.

אליהו — שמואלן.

נחמיה — שמואל איז געשטאָרבן!

אליהו — עס איז נאָך אים קיין נבֿיא ניט געבליבן.

נחמיה — אַ לעבעדיקער הונט איז מערער פֿון אַ טויטן לייב...

אליהו — איך ווייס... אַזאַ אַ שפּריכוואָרט!
עס זאָגט אַזוי דער דור וואָס קען קיין נבֿיא ניט.

נחמיה — יעטוועדער דור און די נבֿיאים זײַנע —
דער עיקר איז דער דור!
אַ דור מיט ייִדן, טאָמער לעבט ער אין אַ לאַנד —
רוט די שכינה דאָרט!
ניין, ניט קיין אלמן איז ישׂראל אויך הײַנט צו טאָג[ — ]
עס לעבן געטלעכע נאָך מענטשן אין זײַן מיט!

אליהו — ווּ איז די פֿײַערזײַל אין אונזער מדבר־לעבן הײַנט?

נחמיה — דו ביסט עס! און מיט דיר צוזאַמען נאָך —
האָב ליב דאָס פֿאָלק!

אליהו — (דערשלאָגן)
איך האָב אים ליב...

נחמיה — האָסט ליב! ס׳איז ניט די ליבע וואָס עס ווערט געמיינט...
ס׳איז ניט די ליבע שטאַרק וואָס אָטעמט פֿול מיט גלויבן,
גלויבן אין דעם פֿאָלק...
אַלע די וואָס גלויבן אין דעם פֿאָלק —
זיי האָבן ליב אים,
זיי זענען די נבֿיאים זײַנע...
ווער עס ליבט ישׂראלן — דער שטעלט אין שפּיץ אין זײַנעם זיך.
נאָר לאָזט זיך ניט, איר טרויעריקע מלכים,

ניט לאָזט אין פֿינצטערע אין נעכט,
אין וועג אין אומעטיקן ניט לאָזט זיך קיין עין־דור.
און פֿרעגט ניט נאָך זיך אויף דער בעלת־אובֿ...

**אליהו** אַך, ווען כ׳געפֿין דעם וועג נאָר,
דעם וועג וואָס פֿירט צו איר... (הויך)
אַ כּישוף מיר, באַווײַז דײַן כּישוף מיר,
אָ, בעלת־אובֿ!

**בעלת־אובֿ** (דערשײַנט מיט אַ געפּײַפֿערײַ אין באַגלייטונג פֿון פֿיר פֿרויען־געשטאַלטן ווי נאַכט־שאָטנס און מיט ווי[לד]ע קולות דורך דער נאַכט)

**די פֿאַסטעכער** (טרעטן פֿאַר בייז־וווּנדער אָפּ עטלעכע טריט [צוריק])

**בעלת־אובֿ** (אין דער מיט פֿון די פֿיר פֿרויען־געשטאַלטן, זינגט)

**די פֿיר פֿרויען־געשטאַלטן** (טאַנצן דעם טאַנץ פֿון דעם אָנקום פֿון דער נאַכט)

## א

רופֿסט אין אַ געלעכטער —
און איך בין געקומען...
איך האָב מײַנע טעכטער
מיט זיך מיטגענומען...
געשווינד! געשווינד!
און גיכער־גיכער
ווי אַ ווינט,
און אַ וויכער.

האָבן מיר
פֿון בערג ווי שאָטן
אַלע זיך
אַרויסגעשאָטן

ווי האָזן
אין גראָזן,
געהיים
פֿון דער היים,
פֿון עין־דור!

ב

ס׳פֿאַלט צו דער אָוונט —
ס׳ווערט פֿינצטער און טונקל...
ניט שטער זיי דעם שלאָף ניט,
איר שטערן, ניט פֿונקלט!

איך בעלת־אובֿ
און מײַנע טעכטער —
מיר זענען אויף,
מיר, מיר די וועכטער...
ס׳איז באַשערט אונדז,
אונדז צו וואַכן;
קיינער הערט ניט
ווי מיר לאַכן...

מיר זענען
פֿון "יענע"
פֿון די
ניט פֿון הי...
פֿון עין־דור!

דער פֿאָרהאַנג פֿאַלט

[ווידערהאָ]לונג פֿון טאַנץ

בעלת־אובֿ
ווער האָט מיך גערופֿן, ווער?
פֿון עין־דור צו איַיך אַהער?

כ׳בין געשלאָפֿן שוין געשמאַק,
אויף אַ שטרויזאַק אין אַ זאַק!

הויך באַוואַקסן מיט אַ מאָך...
כ׳וואָלט געשלאָפֿן נאָך און נאָך –

האָט גערופֿן ווער מיך סתּם?
איז׳ס אַ רשע, איז׳ס אַ תּם?

וואָס האָב איך געהערט דאָס מאָל?
אַ ווידערקול צי גאָר אַ קול?

כ׳בין געשלאָפֿן אָן געדאַנק –
זאָגט מיר אויב איר ווייסט, ווי לאַנג?

זאָגט ווי לאַנג? צי קנאַפּ? צי שפּאָר?
אַ מינוט צי טויזנט יאָר?

ס׳פֿאַרגייט פּאַמעלעך אָפּט אַ וויַיל –
און טויזנט יאָר פֿאַרפֿליַ׳ן אַ פֿיַיל!

ווער האָט גערופֿן? כ׳קום געשווינד
אויף אַ פֿליגל פֿון אַ ווינט,

כ׳האָב ניט באַוויזן נעמען אַלץ –
ניט די גאָמבע, ניט דעם האַלדז,

כ׳האָב ניט גענומען אין דער גיך
די האָר פֿון קאָפּ, זעט זעט – דעם פּליך!

כ׳האָב ניט באַוויזן אין געאײַל
עפֿענען אַן אויג אַ פֿײַל...

אַ טרונק געטאָן אַ טראָפּן טוי,
אַ שלונג אַראָפּ געטאָן אַ שטרוי,

אַ שפּרונג אין קוימען און אַרויס –
און אויף אַן עקל פֿון אַ מויז

אויפֿגעזעצט זיך – פֿיו! כ׳בין דאָ
אין אַ מזלדיקער שעה!

כ׳בין געקומען – זעט נאָר, זעט:
מענטש צו מענטש צי שד צו שד?

ווער? ווער שלײַכט יעצט אין עין־דור?
וואָס וויל ווערן ער געוווירר?

ווער האָט מיך געוועקט פֿון שלאָף?
מיך, די אַלטע בעלת־אובֿ?

ווער? ווער קלאַפּט אין טיר מיר אָן?
אַ קיניג צי אַן אָרעמאַן?

דער צי יענער? מילב צי מאָל.
צי גאָר ביידע מיט אַ מאָל?

צי אַ נאַר צי אַ האַר
צי איינער גאָר: אַ האַר אַ נאַר!

**אליהו** (מיט אַ טרויעריקן שמייכל)

אַ האָר אַ נאָר!...

**בעלת־אובֿ** אַ האָר? אַ קיניג ווידער!

און ווידער אַ פֿאַרשטעלטער...

איך שרעק זיך ניט פֿאַר אים!

איין איינציקן נאָר מאָל

האָב איך געשראָקן פֿאַר אַ קיניג זיך...

**אליהו** פֿאַר אַ ברודער מײַנעם...

**בעלת־אובֿ** דער זון פֿון קיש (אַ קליינע פויזע, באַגײַסטערט)

ד ע ר איז געוועזן אַ קיניג! (אומצופֿרידן, ווי זי וואָלט אײַ[נ]גערוימט)

איך האָב אים ניט געליטן –

ער איז קיין קעניג ניט געוועזן, (שפּאָטיש)

ער איז געוועזן אַ נבֿיא!

פֿון די נבֿיאים – איינער! הער:

**אליהו** אַ, בעלת־אובֿ!

**בעלת־אובֿ** (לאָזט אים ניט ריידן)

הער, הער: כ'וועל מיטן א ו בֿ דיך כּישופֿן –

מײַן עצה אָבער:

דו וויל פֿון מיר ניט שמואלן, דעם נבֿיא...

ער וועט דיך הרגענען,

ווי ר'האָט געהרגעט אים, דעם זון פֿון קיש...

ווײ, ווײ... דער זון פֿון קיש! (וויינט)

איך האָב ניט ליב געהאַט אים פֿריִער...

כ'האָב אָבער אים געזען, דעם הויך־געוויקסיקן,

ווי ער פֿאַלט צו דר'ערד...

אַ געשטאָפּטע קאַלב געווען בײַ מיר אין שטוב,

אַן איין־איינציקע,

איך האָב געשאָכטן זי פֿאַר אים,

איך האָב אומזיסט געשאָכטן זי, די קאַלב!

ניט צוגערירט האָט זיך צו איר דער קיניג,

די באַדינער זײַנע האָבן איר פֿאַרצערט,

אַ זײַט און דער עק איז פֿאַר מיר געבליבן.

אָט זענען זיי, אין זאַק אין מײַנעם,

מען שפּירט דעם ריח שוין... (זי נעמט אַרויס פֿון זאַק און עסט)
איך ברענג אים ניט,
איך ברענג ניט שמואלן אַרויף...

אליהו
ווען זשע, זאָג ווען ברענגסטו מיר אַרויף?

בעלת־אובֿ
ניט קיינעם! קיינעם ניט פֿון די נבֿיאים...
זיי זענען גאָט: זיי וועלן טויטן דיך!

אליהו
איך האָב פֿאַר אים ניט מורא, פֿאַרן טויט...

בעלת־אובֿ
ש א ו ל!
ביסט אומדערשראָקן פּונקט ווי שאול!...
איך קען אײַך, אָ, איך קען אײַך גוט —
אײַך יונגע ייִדן,
אײַך מלכים אומגליקלעכע אויף דער ערד דאָ.
ווי שאָטנס אַזוי וואַנדערן זיי
נאַכט פֿאַר נאַכט אויף וועגן קיין עין־דור,
און האָבן פֿאַרן טויט ניט מורא...
איך האָב געוווּסט: דו האָסט קיין מורא ניט!
נאָר יענע זיי... די געטער, קוים שטײַגן זיי פֿון דר׳ערד,
וועסטו מורא האָבן שטאַרק...
איך וועל ניט אויפֿברענגען דיר יעצט קיין גאָט!

אליהו
(שטרענג)
אין נאָמען פֿון דער נאַכט —
כּישוף מיך דאָ, מיט דעם כּישוף אובֿ,
און ברענג אַרויף מיר דעם
וועמען איך פֿאַרלאַנג —

בעלת־אובֿ
(שווײַגט)

אליהו
(הויך)
נחמיה!

נחמיה
(קומט צו אים צו צום רעכטן)

אליהו
יהודה!

יהודה
(שטעלט זיך אים, צום לינקן)

אליהו
(צו דער בעלת־אובֿ)
שאול האָט דיר צוגעשוווירן
אַז ס׳וועט קיין בייז דיר טרעפֿן...

איך האָב׳ס דיר ניט געשווירן!
דו ענטפֿערסט? יאָ צי ניין?!

בעלת־אובֿ (אונטערטעניק, נאָך אַ פּויזע)
זאָג וועמען ווילסטו זען?

אליהו דעם קיניג שאול!

בעלת־אובֿ (שפּרינגט אויף)
שאולן! יאָ שאול! שאול!
איז שאול אויך צעווישן זיי? צווישן די נבֿיאים? (לאַ[כט)]
על דְאַטֵפְתְּ – אַטְפוּךְ!
דו האָסט דערטרונקען יענעם –
דערטרינקט מען דיך!

אליהו שאול!

בעלת־אובֿ צי פֿעלן משוגעים דיר?

אליהו דעם קיניג שאול!

בעלת־אובֿ מייַנעט וועגן... כ׳האָב
פֿאַר אים ניט מורא מער...
ר׳האָט שלום שוין געמאַכט מיט מיר,
אין יענער נאַכט נאָך...
און וואָלט ער ניט מיט מיר געמאַכט אַפֿילו שלום –
וואָס קען ער מיר דען טאָן, אַ טויטער קיניג?
ווילסט שאולן? (מיט איין שפּרונג קומט זי צו צו מיט סצענע, זי פֿאָכעט מיט אַ דין שטעקעלע וואָס שיט מיט פֿונקען אין אַלע זייַטן)

נאַכט און נאַכט –
און גאָר נישט מער!
ס׳קומט פֿון ווו
אַ קול אַהער –
קום!

דו ביסט געווען
און ביסט נאָך דאָ –
בליץ אויף אַ פֿונק
און שוין נישטאָ –
קום!

אַ קריש פֿון דר׳ערד,
אַ טראָפּ פֿון ים
שפּאַר אַרויס
אַ בליץ, אַ פֿלאַם –
קום!

פֿון אויבן, צי
פֿון טיפֿן שטראָם,
פֿון די הימלען,
צי פֿון תּהום –
קום!

ביסטו אויבן –
פֿאַל ווי שטויב;
און אויב אונטן –
הויב זיך, הויב!

ווײַז אַ ווינט זיך,
און נישטאָ!
אויב געוועזן –
ביסטו דאָ!
קום! (זי שפּרינגט אָפּ)

שאול המלך (דערשײַנט דורך אַ פֿלאַם פֿון אונטערערד. ער קוקט זיך אַ לענגערע ווײַלע אַרום, בלײַבט פֿאַרגליווערט קוקן אויף דער אונטערגייענדיקער זון)

ווי אַ מאָל אויך יעצט! די זון אין מערבֿ־זײַט איז אַ פֿולבלוטיקע,
אַך ווען איך האָב מײַן שפּיז דאָ, וואָלט איך אים געשלײַדערט –
אָט אויף דעם דודן, דעם שיין־אויגיקן און מוטיקן –
דער אָוונט קומט, דער פֿולער, מיט שטומע, שטומע לײַדן...
(זײַן בליק פֿאַלט אויף דער בעלת־אובֿ, וואָס האָט זיך אײַנגעשרומפּן אין אירע שמאַטעס)
דו ביסט עס!

בעלת־אובֿ איך, קיניג.

שאול (מיט אַ לײַכטן טרויעריקן שמייכל)

קיניג... קיניג... יאָ!...
אויף די גלבוע־בערג,
האָב איך דעם קאָפּ פֿאַרלוירן און די קרוין, —
דער קאָפּ איז אומגעקערט געוואָרן מיר,
די קרוין ניט מער —

בעלת־אובֿ (זי שלעפּט נענטער צו דעם זאַק, עפֿנט אים)
דאָ האָב איך זי, אין זאַק.

שאול אין זאַק!

בעלת־אובֿ דײַן קרוין — זי ליגט צוזאַמען דאָ,
מיט זאַכן נאָך, מיט אַלטוואַרג,
שוין לאַנג פֿאַרגעסן — (נעמט אַרויס די קרוין פֿון זאַק, דערלאַנגט עס שאולן)
אָט איז זי!

שאול (מיט אַ טרויעריקן שמייכל)
זאָל בלײַבן זי בײַ דיר!

בעלת־אובֿ (לייגט די קרוין צוריק אין זאַק)

שאול דו האָסט אַרויפֿגעבראַכט מיר —
דו ביסט אַזוי אין מיר זיך נוקם?

בעלת־אובֿ ניט איך...

שאול עס לאַכט פֿון מיר יעצט ווער דאָרט אונטער ערד —
שמואל לאַכט:
מײַן כּוס וואָס איך האָב אויסגעטרונקען
טרינקט יעצט ש א ו ל ... (צו דער בעלת־אובֿ)
דו אויך? דו לאַכסט יעצט אויך?

בעלת־אובֿ אַ ביסעלע... און ניט פֿון דיר,
פֿון גורל דײַנעם לאַך איך... (ווײַזט אויף אליהון)
אָט דער... דער ייִנגל דאָ,
האָט אויפֿגערודערט דיך!

שאול (דערשלאָגן צו אליהון)
וואָס דאַרפֿסטו מיך?

אליהו (פֿאַלט שאולן צו די פֿיס)
מײַן קיניג!

שאול ביסט מיד, מײַן קינד?

אליהו אַך, שווער... ר׳איז שווער, דער וועג

צו דער בעלת־אובֿ...

שאול יאָ שווער...
נאָר ווען דו ווייסט, מײַן קינד,
ווי שווער עס איז דער אויפֿשטייגן צו דיר אַהער –
אויף דר׳ערד,
עס זענען אומעטיק אַזוי די וועגן אירע...
עס איז דיר באַנג, מײַן קינד?

אליהו עס איז אונדז באַנג, אַך באַנג...

שאול "עס איז אונדז באַנג..."
אונדז – האָסטו געזאָגט – ווויל דיר!
איך, אין מײַן עלנט, געווען בין אַליין...

אליהו עס איז אונדז באַנג...

שאול צי האָט זיך גאָט אויך אָפּגעטאָן פֿון אײַך?

אליהו יאָ, אָפּגעטאָן זיך.

שאול און די פּלישתּים?
זיי שטייען נאָך מיט אײַך אין קריג?

אליהו אויך זיי...

שאול פּונקט ווי אַ מאָל – אויך יעצט...
עס האָט זיך אויף דער ערד דאָ, גאָרנישט ניט געביטן (דערמאָנט זיך וואָס
פֿאַר וואָס האָסטו ניט אויפֿגערודערט,
נאָך אַ מאָל, אים, אים...

אליהו שמואלן?

שאול ער האָט געטרייסט מיך...
ער האָט געזאָגט מיר דאָס וואָס איך געוואָלט האָב הערן –
ער האָט דערנענטערט מיך צום סוף... (אַ ליכטיקער שמייכל באַשײַנט זײַן געזיכט)
אָ, איר גלבוע־בערג, איר גוטע,
איר האָט מיך אײַנגעשלעפֿערט מיטן שלאָף פֿון טויט!

אליהו צי וועט ער אויך דאָס זעלבע זאָגן אונדז?

שאול גאָט באַהיט!
מיר טרינקען אַלע ניט דעם זעלבן כּוס...
ווי וואָלט איך, אַך, דערבאַרעמען דיך, קינד.
ביסט יונג אַזוי און צאַרט,
עס נעכטיקט נאָך דער טוי אין דײַנע לאָקן,

און דער שטערן דײַנער ווי מאָרגנרויט,
וואָס שפּאַלט אַדורך די מזרח־ראַנדן — (באַדויערט אים)
און ס׳זענען דיר באַקאַנט שוין די וועגן פֿון עין־דור...
איך אין דײַנע יאָרן האָב נאָך געחלומט.

**אליהו** אַ חלום יאָ... מײַן לעבן גאַנץ —
איך ווייס ניט זײַן באַטײַט...

**שאול** דער באַטײַט פֿון אונדזערע חלומות איז בײַ גאָט.
דו ברענג אַרויף אַ געטלעכן אַ מאַן פֿון דר׳ערד... (דערשלאָגן)
איך בין אויף דר׳ערד געווען אַ קעניג נאַר...
שיק אָפּ מיך אין מײַן רו —

**אליהו** ס׳געפעלט דיר נישט די ערד?

**שאול** איך בין אויף איר געווען שוין...
אַך ווען דו ווייסט ווי שווער עס איז
זיך אומקערן צום לעבן,
פֿאַר דעם וואָס האָט דאָס לעבן שוין פֿאַרלאָזן,
זיך אומקערן צו ערטער
ווו מען איז פֿון לאַנג, פֿון לאַנג געווען שוין...
שיק אָפּ מיך אין מײַן רו...

**אליהו** (פֿאַלט צו מיטן פּנים צו דר׳ערד)

**שאול** (פֿאַרשווינדט מיט אַ פֿלאַם אין דער אונטערערד)

**בעלת־אובֿ** (שפּרינגט באַלד צו און שטעלט זיך אויף שאולס אָרט)

ס׳ברענט דאָס אָרט ווו ר׳איז געשטאַנען,
ס׳פֿלאַקערט נאָך כאָטש ס׳איז ניט קענטיק,
ס׳איז אַ פֿלאַם וואָס ברענגט פֿאַרלענדונג —
איך, אַז כ׳וועל אַוועק פֿון דאַנען

קום איך ווידער מיט מײַן צויבער —
ר׳קען דעם טויט און ס׳לעבן קען ער;
איך זיץ און לויִ׳ר אויף זייער גרענעץ —
דער פּאַס פֿון אומגלויבן און גלויבן... (צו אליהון)
באַפֿרײַ אויך מיך!

**אליהו** (אויפֿהייבנדיק זיך פֿון דער ערד)
דו גייסט ניט, ניין! (פֿאַר זיך)
איך חלום ניט, איך בין
אַ חלום פֿון געבוירן, אַ רעטעניש בין איך —
ווער זאָגט מיר מײַן באַשייד?... דניאל (צו בעלת־אובֿ)
דו ברענג מיר דניאלן אַרויף!

**בעלת־אוב** נאַכט און נאַכט
און גאָר ניט מער —
ס׳קומט פֿון ווו
אַ קול אַהער —
קום!

דו ביסט געווען
און ביסט נאָך דאָ —
בליץ אויף אַ פֿונק
און שוין נישטאָ —
קום!

אַ קריש פֿון דר׳ערד,
אַ טראָפּ פֿון ים —
שפּאַר אַרויס:
אַ בליץ, אַ פֿלאַם
קום!

פֿון אויבן צי
פֿון טיפֿן שטראָם,
פֿון די הימלען,
צי פֿון תּהום —
קום!

ביסטו אויבן —
פֿאַל ווי שטויב;
און אויב אונטן —
הויב זיך, הויב!

ווײַז אַ ווינט זיך,
און נישטאָ —
אויב געווען
ביסטו דאָ —
קום! (זי שפּרינגט אָפּ)

דניאל (דערשײַנט געקליידט ווי אַ בבֿלשער מאָג)

בעלת־אובֿ (צעשרײַט זיך)
וויי מיר!

אליהו וועמען זעסטו?

בעלת־אובֿ אַ געטלעכקייט האָב איך געזען
זיך אויפֿהייבן פֿון דר׳ערד.

אליהו ווי זעט ער אויס?

בעלת־אובֿ אַ שיינער מאַן האָט אויפֿגעהויבן זיך
פֿאַרוויקלט אין אַ מאַנטל.

אליהו דניאל! (ער בוקט זיך אין דער זײַט פֿון דניאלן)

דניאל אֲנָא דָנִיאל מִן בְּנֵי גָלוּתָא דִּי יְהוּד...

אליהו רייד ייִדיש, ייִדיש,
און רייד צו אונדז ניט אַראַמעיִש...

דניאל (פֿאַרווירט)
צו וועמען האָט מען מיך אַרויפֿגעבראַכט עס דאָ?

אליהו צו אונדז, צו דײַנע ברידער.

דניאל צו אײַך! צו בני־ישׂראל! וויי...
ניט מיטן נאָמען גאָטס בין איך אַרויפֿגעבראַכט געוואָרן!

אליהו מיטן נאָמען גאָטס! (ווײַזט אויף דער בעלת־אובֿ וואָס קאָרטשעט זיך אין אירע שמאַטעס)
אויך פֿון איר, פֿון דעם נפֿש אָ —
רעדט אַרויס גאָטס גײַסט.

דניאל (באַטראַכט איר אַ ווײַל)
פֿון איר... וויי! וויי!
מיר דוכט: איך האָב געזען זי...
אין בבֿל! בײַם מזבח בֵלס —
זי האָט געוואַלגערט זיך אין שטויב אין זײַנעם.
אין פּרס, דוכט זיך, אויפֿן שוועל
פֿון הויז אחרימונס —

האָט זי געקויקלט זיך אין אירע שמאַטעס... (ער ווענדט זיך צו דער בעלת־אוב)
אַנְתְּ דִי הִנְעַלְתְּ אוֹתִי קָדָמֵי מַלְכַיָא
דִי בָבֶל וּפָרַס? דו דו
האָסט אויפֿגעבראַכט מיר פֿאַר די קעניגן
פֿון בבֿל און פֿון פרס?

בעלת־אוב (קאָרטשעט זיך נאָך מער צונויף)

אליהו (מיט פֿאַרדראָס צו דניאלן)
פֿאַר זיי האָסטו אַ לעבעדיקער זיך באַוויזן!

דניאל ניין, טויט, פֿון טיפֿן קבֿר... איך! (ווײַזט אויף דער בעלת־אוב)
זי, זי... דאָס האָט זי אַרויפֿגעבראַכט צו זיי מיך!

אליהו איך קום צו דיר, דניאל, מיט אונדזער חלום אויך—
אָ זאָג אונדז זײַן באַשייד?—

דניאל (שווײַגט)

אליהו אָ, מאַך מיר קלאָר!

דניאל איך מאַך דיר גאָר ניט קלאָר!

אליהו זיי... זיי האָסטו געזאָגט דעם באַדײַט פֿון אַלץ,
זיי און ניט אונדז!

דניאל זיי יאָ... די גוים — יאָ!
זיי האָב איך דעם באַדײַט פֿון אַלץ געזאָגט,
ס'איז מיר אויף זיי געוועזן אַ ביטער רחמנות,
געצנדינער זענען אַלע זיי געוועזן,
פֿאַרלוירענע,
פֿאַרבלאָנדזשעטע אויף וועגן פֿונעם לעבן,
יעדער שווערער חלום אויפֿן נאַכטלעכן געלעגער
האָט צעטומלט זיי,
יעדער חלום האָט אָנגעטראָגן פֿרעמד אויף זיי אַ קעלט,
און האָט דערשראָקן זיי...
און דו — דו ביסט אַ קינד ירושלימס!
ווער ביסטו דען איך זאָל דערבאַר'מען זיך אויף דיר?
ס'איז גוט דיר!

אליהו אָ ניין, מיר איז ניט גוט.

דניאל ס'איז דאָ אַ גאָט אין ירושלים!

אליהו ער האָט פֿאַרלאָזן אונדז...

דניאל — ער האָט פֿאַרלאָזן אײַך —
כּדי ווידער זיך מיט אײַך באַהעפֿטן.
אליהו — ווײ אונדז, מיר האָבן אויסגעקוקט די אויגן שוין —
דניאל — באַפֿרײַ מיך!
אליהו — איך וועל דיך ניט באַפֿרײַען —
אַן "אורים־ותּומים" ביסטו געוועזן פֿאַר יעדן פֿרעמדן,
און אונדזער חושך ווילסטו ניט באַלײַכטן!
דניאל — ס'איז ניט קיין חושך — ס'איז דער עב־הענן,
דער וואָלקן־נעבל,
די שכינה גאָטס וואָס טוט באַדעקן אײַך.
אליהו — די שכינה גאָטס — אָ עפֿן,
עפֿן אויף די אויגן אונדזערע —
מיר ווילנ'ס זען!
דניאל — דו לאַכסט?... ניט לאַך! ניט לאַך
פֿון עלנטן, פֿון מיר,
דאָס בין איך, איך, דניאל,
איך האָב געראַטעוועט שוין פֿעלקער פֿיל,
דניאל אָבער —
ווען ער ווערט אין לייבנגרוב געוואָרפֿן —
נייטיקט ער זיך אין דער הילף פֿון גאָט...
קומט, בלינדע אַלע, ווו איר זענט,
איך עפֿן אויף די אויגן אײַך —
זיך אַליין נאָר קען איך זעעוודיק ניט מאַכן!
צו מיר אַהער קום ווער פֿאַרלוירן איז —
איך רײַס דעם דעקטוך אויף פֿון רעטענישן אַלע
איך וואַרף אַ ליכט אויף אַלץ — און אַלץ — אַלץ ווערט גענעזן.
צו מיר, צו מיר קומט טרוימער,
פֿאַרחלומטע איר אַלע,
באַווײַזט פֿון אַלע עקן פֿון דער וועלט זיך,
איך בין דער מאַן וואָס האָט געפֿונען,
דעם באַשייד פֿאַר יעדנס טרוים,
און מײַן אייגענעם, דעם חלום ניט אויפֿקלערן געקאָנט,
איך האָב געזען גאָר וווּנדערלעכע זאַכן —

און זיך פֿאַרלוירן גאַנץ...
איך בין פֿון יוספֿן ניט מערער און ניט גרעסער
ער האָט געוווּסט דאָרט אין מצרים דעם באַשייד
פֿון יעדן איינעמס חלום
און זײַנע אייגענע חלומות
האָט אים אויפֿגעקלערט זײַן פֿאָטער

**אליהו** זײַ ווי יעקבֿ – אונדזער פֿאָטער זײַ!

**דניאל** איך וועל ווי יעקבֿ זײַן: כ׳וועל אָנשרײַען אויף אײַך!
וואָס האָסטו אויפֿגעטרייסלט מיך?
וואָס האָסטו אויפֿגעבראַכט אַ געטלעכקייט פֿון דר׳ערד?
זי זיצט אין האַרצן דיר!
ניט אויפֿגעבראַכט געוואָרן איז דניאל –
דאָס ערשטע מאָל נאָר הײַנט!

**אליהו** און יענע דאָרט, די גוים – די הערשער פֿון דער ערד –
זיי האָבן דיך אַרויפֿגעבראַכט ניט איין מאָל!

**דניאל** ניט מיך, ניין, ניט דניאלן,
זיי האָבן אים, דניאלן, ניט געקענט,
זיי האָבן אויפֿגעבראַכט בלשאצרן...

**אליהו** דו ביסט געווען די אויגן קלאָר פֿאַר יעדן פֿרעמדן
און קומסט צו אונדז מיט רעטענישן אייביקע פֿאַרשטעלט...

**דניאל** רעטענישן... מיר זענען רעטענישן, אייביקע, מײַן קינד...
באַפֿרײַ מיך –

**אליהו** (באַהאַלט דאָס געזיכט אין די הענט)

**דניאל** (פֿאַרשווינדט אין פֿלאַמען)

**בעלת־אובֿ** (שפּרינגט אויף דניאלס אָרט)

ס׳ברענט דאָס אָרט ווו ר׳איז געשטאַנען,
ס׳פֿלאַקערט נאָך כאָטש ס׳איז ניט קענטיק –
ס׳איז אַ פֿלאַם וואָס ברענגט פֿאַרלענדונג,
איך, אַז כ׳וועל אַוועק פֿון דאַנען
קום איך ווידער מיט מײַן צויבער,
ר׳קען דעם טויט און ס׳לעבן קען ער –
כ׳זיץ, און לויער אויף זייער גרענעץ,

דער פּאַס פֿון אומגלויבן און גלויבן! (צו אליהון)
באַפֿרײַ אויך מיר!

אליהו: בלײַב דאָ נאָך, בלײַב מיט מיר!

בעלת־אובֿ: בלײַב נאָך!
בלײַב נאָך!
פֿאַר וואָס זשע
נאָך?
כ׳ווייס –
ס׳איז גרויס
און שווער די נויט,
ס׳איז דיר שלעכט
און ענג צום טויט...

זאָג מיר אָבער,
זאָג מיר, זאָג,
אין דער טונק׳לער
אָוונט־שעה,
ווי לאַנג מיינסטו
אין די בערג מיך
האַלטן דאָ?

שנעלער, שנעלער,
גיכער זאָג!
איידער נאָך
עס ווערט דאָ העלער,
איידער נאָך
עס ווערט דאָ טאָג!

קוקט מיר פֿליכטיק,
קוקט מיר אָן,
זאָגט מיר גיכער,
קורץ און ריכטיק,
שאַרף און זיכער

וואָס איך זאָל
פֿאַר אײַך דאָ טאָן?

דאָרט אין ווײַטן,
אין עק וועלט,
אין שוואַרץ־יאָר,
אין עין־דור,
שטייט פֿון צײַטן,
שטייט מײַן צעלט,
אין אַ גריבעלע
אַ גרוב,
שטייט אַ שטיבעלע
אַ שטוב —
אַרום איר
אַ בלאָטע גרין,
קיינער קומט
צו מיר אַהין...

ס'וואַרט אויף מיר,
אַ וויסטע שפּין —
וואַרט זי נאָך,
וואַרט זי נאָך...
אויף אַ שפּינוועבס
דין אַ האָר
הענגט אַ טרוקענע
אַ פֿליג;
וויגט די פֿליג זיך
וויגט זיך,
וויגט.

אין מיין הײַזל
אין עין־דור,
שטעקט אַ מײַזל

שטעק[ט] אַרויס
אין אַ לאָך,
שטעקט די מויז,
שטעקט איר קעפּעלע
אַרויס —
קוקט מיך אויס,
קוקט מיך אויס...

אַ, זי ווייסט ניט
ווו איך בין?
ביידע וואַרטן
אין מײַן הויז,
אי די שפּין
און אי די מויז,
ביידע וואַרטן
וואַרטן לאַנג...
ס'איז זיי באַנג,
ס'איז זיי באַנג —
אי דער שפּין,
און אי דער מויז...
ביידע, ביידע
קוקן אויס
אויף אַלע וועגן —
און זיי פֿרעגן[:]
וואָס איז דאָס?
וואָס איז דאָס?
אָ, פֿאַר וואָס
זאַמט אַזוי זיך
אָן אַ סוף,
אָן אַ סוף
די בעלת־אובֿ?

אָט אַ שאלה!

און זיי זוכן...
נאָך אַ ווײַלע –
און זיי פֿלוכן
און זיי שילטן –
זאָגט, וואָס ווילט איר?
זאָגט מיר אײַליק –
באַפֿרײַ! באַפֿרײַ אויך מיך...
ס׳איז שווער מיר זיצן אויף דער גרענעץ!
איך שלאָף ניט, ניין, כ׳בין אויך ניט וואַך – איך געגעץ!
די גרענעץ, אָ!
עס איז קיין גרענעץ גאָר נישטאָ!
דאָס לעבן און דער טויט –
איין קעפּל קרויט! (ניסט)
האַפּטשי!
ווי? ווי?
אַפֿילו ניט קיין אײַן –
דער נישט זײַן און אויך דער זײַן!
וואָס מען טאָר, וואָס מען טאָר ניט –
איז איין גאָר ניט מיט אַ גאָר ניט!
איין שאָטן שוואַרץ!
ניט צו באַטאַפּן,
ניט צו כאַפּן –
ניט מיט דער האַנט, ניט מיטן האַרץ (זי גיט זיך אַ דריי ווי אַווירבלווינט)
דו זעסט ווי איך דריי מיך –
אַזוי דרייט זיך די וועלט!
אין חלום! אויף וואָר –
איך דריי מיך!
שיק אָפּ מיך!
שיק אָפּ גיך
אַהיים מיך
אַהיים, קיין עין־דור!

עס וואַרטן אויף מיר אין מײַן צעלט

שפינען
אַ מנין,
און מײַז
אין אַ קרײַז,
געמײנינקע
קלײנינקע
אין מיטן דערינען —
באַץ!
אַ קאַץ
מיט איין אויג נאָר, אַ גרינע
גיט אַ שפרונג און אַ זעץ זיך אין מיטן,
מיט אַ פֿרומע אַ מינע —
ז'וועט די מײַזעלעך היטן!
זי טוט וואָס איר ווילט זיך,
זי שפילט מיט די מײַזעלעך, שפילט זיך,
ביז זיי וואַקסן אויס גרעסער,
ווערן פֿעטער און בעסער —
זי וועט דאַמאָלסט זיי פֿרעסן, נאָכן פֿרעסן —
פֿאַרגעסן —
אי די שפיל אי דעם פֿרעס,
ווי דער מלאך־המוות דעם מת —
באַפֿרײַ מיך!

אליהו   דו ברענג נאָך עמיצן, די נאַכט, אַרויף מיר!

בעלת־אובֿ   נאָך!

אליהו   דו ברענג מיר יוספֿן אַרויף, דעם זון פֿון מתּתיהו.

יהודה   (פֿאַרציטערט)
ניין, ניין!

בעלת־אובֿ   (קאָרטשעט זיך אײַן פֿאַר שרעק)

אליהו   (באַפֿעלעריש) יוסף בן־מתּתיהו!

יהודה   (לינקס פֿון דער בעלת־אובֿ)
ניין, קיין מאָל ניט!

אליהו   ער זאָל דערשײַנען, יוסף!

יהודה   (צו דער בעלת־אובֿ)

ניט דערשײַנען זאָל פֿאַר אונדז דאָ יוסף!

אליהו ער זאָל באַווײַזן זיך, ער איז געווען אַן עדות!

יהודה אַן עדות, יאָ, אַ פֿאַלשער!

אליהו ניט געקומען איז אַ מער באַגלייבטער
און אָפּגעלייקנט אים!
ער איז דער איינציקער וואָס האָט געזען ירושלים.
אין פֿלאַמען רויט.

יהודה צו וואָס זאָל אים אַ צווייטער אויפֿווײַזן זײַן ליגן[,]
ווען ער אַליין באַשטעטיקט זײַן פֿאַרברעך.

אליהו ער?

יהודה ער האָט פֿאַרראַטן, דער פֿעלדמאַרשאַל...

אליהו ניין, ניט פֿאַרראַטן,
ירושלים איז באַפֿעסטיקטער געווען פֿון דער יודפֿת –
זי איז געפֿאַלן אויך!

יהודה געפֿאַלן, יאָ... ירושלימס העלדן אָבער
האָבן ניט געפֿעלשט אין איר ווי ער!...

אליהו ניט געפֿעלשט האָט יוסף!
בן־גיורא און יוחנן זענען שטאַרקער געווען פֿון אים,
און זיי אויך, זיי אויך – זיי זענען
לעבעדיקערהייט אַרויס צום רוימער...

יהודה אַרויס... יאָ, יאָ, אַרויס...
זיי האָבן אָבער ניט פֿאַרויסגעזאָגט זיי
די וועלט־באַדריקער גוט און גרו[יס]קייט
ווי פֿאַרויסגעזאָגט האָט ער זיי ביידן,
דעם טאַטן און דעם זון...

אליהו זיי האָבן ניט פֿאַרויסזאָגן געקענט!

יהודה זיי האָבן עס געקענט!...
יעטוועדער ייִד בעת־ווען ער שטייט
פֿאַר אַ באַוואָפֿנטן אַ גוי –
קען פֿאַרויסזאָגן!
איך אויך, איך בין קיין נבֿיא ניט
און אויך דער פֿאָטער מײַנער איז קיין נבֿיא ניט געווען –
דו שטעל אַוועק מיך פֿאַר אַ גוי –

און כ'וועל פֿאָרויס אים זאָגן:
דו שווענקסט די הענט די אומריינע אין אונדזער בלוט,
דו פּײַניקסט אונדז,
וועסט שטעלן זיך אין שפּיץ פֿון בלוטיקן פֿון אונדזער שׂונא!
אויך שמעון און ווי אויך יוחנן —
זיי האָבן אָנזאָגן געקענט אים דעם פֿאַרדאָרבענעם
אַל דאָס גוטס... זיי האָבנ'ס ניט געוואָלט!
**אליהו** דו קענסט'ס ניט וויסן —
זיי האָבן אפֿשר אויך זיי וואָס געזאָגט...
**יהודה** ניין, ניט געזאָגט זיי, גאָרנישט!
ווען יאָ... מען וואָלט זיי ניט פֿאַרברענט אין רוים דאַן,
הונדערט יאָר, יאָ הונדערט, הונדערט יאָר
וואָלטן זיי געלעבט ווי יוסף פֿלאַוויוס.
**אליהו** יאָ הונדערט יאָר פֿון אַרבעט אומדערמידלעכע
זענען עס געווען, יוספֿס!
ווען ניט ער —
מיר וואָלטן לאַנג פֿאַרגעסן שוין געוואָרן
ניט געוווּסט וואָלט קיינער ווו דער קבֿר אונדזערער געפֿינט זיך
**יהודה** יעצט ווייסן מיר! אים אַ דאַנק ווייס יעדערער פֿון אונדז:
מיר זענען שיין געשטאָרבן!
ער האָט עס גוט געזען, ער איז געשטאַנען
אויפֿן הר־הצופֿים
און מיט רוימער צוגעקוקט זיך
אויף יענער זײַט פֿון יהושפֿט־טאָל און קדרון:
מיר זענען שיין געשטאָרבן!
נאָר ער —
ניט געקענט האָט ער זיך אויסקלײַבן פֿאַר זיך
אַ שיינעם טויט.
**אליהו** ער האָט אַ לעבן אויסגעקליבן, אַ שרעקלעכערן פֿאַרן טויט,
אַ טיפֿער טרויער ווייט אויף אַלע זײַנע ווערק —
**יהודה** און חניפֿה.
**אליהו** נו — יאָ... צווישן שלאַנגען
האָט ער געלעבט אין רוים... און... האָט געשריבן —

ר׳איז געווען אויסגעשטעלט צום שאַרף פֿון שווערד –
ער איז אונדזערער! יעצט, יעצט,
וואָס וואָלט געלאָזט ער הערן אונדז דאָ יעצט? (געווענדט צו דער בעלת־אובֿ)
ברענג יוספֿן אַרויף אונדז! (דערשראָקן)
נישטאָ איר דאָ! נישטאָ דער בעלת־אובֿ!
זי איז אַוועק... פֿאַרשוווּנדן... ליכט!

פֿאָרהאַנג

דריטער אַקט

| | |
|---|---|
| יהודה | (לײַכט מיט זײַן עלעקטרישן לעמפּל) |
| | אַ קאַץ! (ער קאָפּעט זי) |
| די קאַץ | מיאַו! |
| אליהו | די בעלת־אובֿ! |
| בעלת־אובֿ | (שפּרינגט אויף) |

איר האָט קינדער
ניט געשוויגן –
איר האָט ליב זיך
קריגן, קריגן!

ייִדישע קינדער –
קענטיק! קענטיק!
איר! איר אַמפּערט זיך
פֿון שטענדיק!

איר האָט ליב צו
צאַנקען, צאַנקען!
טיף די ווערטער,
די געדאַנקען!

איר האָט ליב צו
דיספּוטירן,
דיסקוסירן,
דעבאַטירן...

ר'האָט געשריגן
ביז צום הימל —
איך, דערווײַל
פֿון פֿאַרגעניגן —

האָב אַ ווײַל
געכאַפּט אַ דרימל...

איך האָב אויפֿגעכאַפּט
זיך נאָר —
און איר האַלט געוויס
אין מיטן!
זאָגט ווי לאַנג
האָט איר געשטריטן,
צי אַ טאָג
צי גאָר אַ יאָר?

אליהו
די בעלת־אובֿ!

בעלת־אובֿ
וואָס האָט איר ליכטער אָנגעצונדן?

אליהו
ביסט פּלוצלינג אונדז פֿאַרשוווּנדן
מיר האָבן דיך געזוכט!

בעלת־אובֿ
געזוכט!
איך בין געלעגן שטום,
געקרענקט
בײַ דײַנע פֿיס —
און שטום געפֿלוכט...
וואָס איז? וואָס איז?
וואָס זוכט איר עפּעס פּלוצלינג מיך אַרום,
וואָס האָט איר פּלוצלינג זיך נאָך מיר פֿאַרבענקט?

כ׳ליג דורות גאַנצע אָפּ
פֿאַרשפּאַרט
אין פֿינצטערע אין היילן פֿון עין־דור,
און וואַרט אויף אײַך און וואַרט –
ס׳קומט קיינער ניט אַראָפּ...
צו אַל די שוואַרצע יאָר –
אין הייל צו מיר!
אין חושכדיקן פֿון עין־דור
פֿאַרקויפֿט מיר אײַערע
די ביטערע די וואָר,
אײַער ווייטאָגדיקן אמת קלאָר –
איך וועל עס אַלץ פֿאַרזײַערן
פֿאַראַווירן
פֿאַרגאַווערן
מיט אַ מיאוסן אַ שפּרוך
פֿאַרציִען מיט אַ שימל
מיט פֿאַרטריקנטע מיט פֿליגן
איך מאַך פֿון דעם אַ שפּײַז
פֿאַר מײַנע מײַז[.]

אליהו
ביסט גאָר ניט אַזוי מיאוס ווי דו זאָגסט,
ניט דו, ניט דו דערשלאָגסט
מען קומט צו דיר דערשלאָגענע פֿון פֿריִער שוין,
דו ביסט נעלם אונדז געוואָרן און אומגעריכט –
מיר האָבן דיך געזוכט.

בעלת־אובֿ
געזוכט!
מיט ליכט!
איך ווין
אויף דר׳ערד
מיט מײַנע מײַז
מיט מײַנע פֿליגן
און אַ געדיכטן שימל.
און איר –
און איר, איר זוכט מיך אין דעם הימל!

אַהער דעם [מ]ת אײַערן. איך צאָל דעם בעסטן פּרײַז:
איך צאָל אײַך מיט אַ לוסטיקן אַ ליגן,
מיט אַ זינדיקער אַ פֿרייד,
פֿאַר אַ חלום פֿאַר אַ האַרבן
צאָל איך מיט אַ פֿריילעכן באַשייד
פֿאַר אַ שווערן לעבן מיט אַ לײַכטן שטאַרבן
פֿאַר שמאַרצן הייס
באַשענק איך קיל
מיט אַ קאַלטן אײַך אַ ביטול...

אליהו — איך ווייס, איך ווייס –
ביסט אָבער ניט בײַ אונדז קיין ציל
ביסט נאָר אַ מיטל... (באַפֿעלט)
יוספֿן!

בעלת־אובֿ — יוספֿן – יאָ, יאָ, פֿאַראַן!
פֿאַראַן, פֿאַראַן אַזעלכער אין מײַן אונטערוועלט.
אַ מענטש וואָס אָפֿן איז און איז פֿאַרשטעלט
אַן אָפֿענער און אַ פֿאַרשטעלטער –
אָ, ער געפֿעלט מיר!
דער טרוימער
און דעם ניכטערן דעם וויצלער
דו קענסט דעם וויץ פֿון דער יודפֿת־גרוב
וואָס ער האָט צוזאַמען דאָרט געפֿלאָכטן?
ווו ס׳האָבן זיך קנאַפּע פֿערציק העלדן טרײַ
ווי מענטשן אין איין שטוב
זיך אויסגעשאָכטן
און ער, דער פֿערציקסטער אַרויף איז צו די רוימער...
יאָ, יאָ, דער וויצלער,
און דער ערנסטער דער מאַן!
פֿאַראַן! פֿאַראַן!
אַזאַ איינער איז בײַ מיר פֿאַראַן!
דער הימל־זיצער
און דער ערד־באַוווינער,
דער גרויסער גוינער,

און דער מאַן פֿון גרויסער וואָר,
אי קאָפּ אי האַרץ –
שוואַרץ
ווי די ערד און ווי דער הימל קלאָר.
אַזעלכער ווערלכער האָט
עפּעס וואָס פֿון גאָט
און עפּעס וואָס פֿון אונדז,
ער קען די קונץ,
ער קען!
ער האָט דעם נבֿיאס ברען
און אונדזער קעלט,
ער טראָגט גאָטס פֿײַער אויף דער ערד
און שווינגט די שווערד,
ער שווינגט זי ווי ניט קיינער,
ער איז אַ כּהן און אַ העלד –
ס׳איז דאָ, ס׳איז דאָ אַזעלכער איינער
אין מײַן אונטערוועלט –
ווילסט יוספֿן?

אליהו — יאָ, אים!

יהודה — (טרעט צוריק)

בעלת־אובֿ — נאַכט און נאַכט –
און גאָרנישט מער –
ס׳קומט פֿון ווו
אַ קול אַהער –
קום!

דו ביסט געווען
און ביסט נאָך דאָ –
בליץ אויף אַ פֿונק –
און שוין נישטאָ!
קום!

אַ קריש פֿון דר׳ערד,
אַ טראָפּ פֿון ים;
שפּאַר אַרויס
אַ בליץ, אַ פֿלאַם!
קום!

פֿון אויבן צו
פֿון טיפֿן שטראָם,
פֿון די הימלען –
צי פֿון תּהום –
קום!

ביסטו אויבן –
פֿאַל ווי שטויב;
און אויב אונטן
הויב זיך, הויב!

ווײַז אַ ווינט זיך
און נישטאָ!
אויב געוועזן –
ביסטו דאָ!
קום! (שפּרינגט אָפּ)

יוספֿוס פֿלאַוויוס (דערשײַנט פֿון דר׳ערד מיט פֿלאַמען, ער איז אָנגעטאָן אַ טאָגע ווי אַ רוימישער פּאַטריציער. ער קוקט זיך אַ לענגערע ווײַלע אַרום)

Mortui te Deum salutant

יהודה ייִדיש! רייד צו אונדז ייִדיש!

יוספֿוס (הערט זיך פֿאַראינטערעסירט צו)

בעלת־אובֿ (צו פֿלאַוויוסן)

Desiderant te lingua Judaica dicere

אליהו אַ, יוסף, יוסף!

יוספֿוס יוסף... איך האָב די שפּראַך פֿאַרגעסן...
און דעם נאָמען מײַנעם, דאָרט אין רוים.

אליהו יוסף, בן־מתּתיהו, אַ כּהן גאָטס,

דו געפֿינסט צווישן די̇ינע ברידער זיך
אַרום ירושלים.

יוספֿוס ירושלים... (ער קוקט זיך אַרום)
איך געפֿין זיך דאָ צווישן די̇ינע בערג –
און בין אַזוי פֿון דיר דערווי̇יטערט...
ווי מיר –
ווען איך קען אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך די טאָגע
און אויסטאָן מי̇ינע שיך אויף דער הייליקער דאָ ערד...
עס האָט זיך צוגעקלעפּט צו מיר דעם קייזערס קלייד.
איר אַלע דאָ – ווער זענט איר?

יהודה די זין פֿון די קנאים וואָס דו האָסט געשענדט.

יוספֿוס (דערמאָנט זיך פֿאַרגעסענעס)
קנאים... קנאים...

אליהו מיר זי̇ינען די̇ינע אויך... די קינדער די̇ינע.

יוספֿוס (טרויעריק)
איך האָב קיין קינדער ניט געהאַט...
קינדערלאָז...
איך בין אַוועק אַ קינדערלאָזער פֿון דער וועלט...

אליהו האָסט אונדז געלאָזן ספֿרים.

יוספֿוס פֿאַרברען! אין פֿי̇יער זיי, די ספֿרים מי̇ינע,
וואַרף אין פֿי̇יער זיי!
איך האָב פֿאַר זיי געשריבן!

יהודה יאָ, אמת...
פֿאַר זיי, פֿאַר זיי האָסטו געפֿעלשט זי, די געשיכטע, פֿלאַוויוס!

אליהו יהודה! (ער בוקט זיך צו יוספֿוסן, באַפֿעלעריש צו יהודהן)
דו בוק צו אים זיך אויך, ווי איך, ווי איך פֿאַרבייג זיך!

יהודה ווי דו צו אים און פונקט אַזוי ווי ער
פֿאַר די צעזאַרן רוימס!
אָ ניין, איך בייג זיך ניט פֿאַר אים!
יוחנן פֿון גוש־חלבֿ – ווען ער באַווי̇יזט זיך,
בן־גיורא – ער! וואָלט איך געבוקט זיך!

יוספֿוס איך אויך... איך וואָלט צו זיי געבוקט זיך אויך.

יהודה דו?!

| | |
|---|---|
| יוסֿפֿוס | איך האָב צו זיי געבוקט זיך איינמאָל שוין, |
| | אין רוים... בעת מען האָט געשלעפּט צום עשאַפֿאָט זיי, |
| | בין איך געשטאַנען צווישן טויזנטער פֿון רוימער |
| | אין שטומען שמאַרץ אין מײַנעם, און מיט אַ פֿליסטער |
| | פֿון געבעט אויף מײַנע ליפּן – |
| | האָב איך צו זיי געבוקט זיך... |
| יהודה | דו?... און אין דײַן בוך – |
| | פֿאַר וואָס האָסטו געשריבן דאָרטן אַנדערש? |
| יוסֿפֿוס | פֿאַרברען! מײַן בוך פֿאַרברען! |
| | בעתן שרײַבן אים – ניט אָפּגעטראָטן איז |
| | פֿון פֿאַר די אויגן מײַנע מיר דער קייזער – |
| | איך האָב געהיטן זיך בעתן שרײַבן. |
| **יהודה** | האָסט מורא שטאַרק געהאַט דאַן פֿאַר דײַן לעבן? |
| **יוסֿפֿוס** | פֿאַר מײַן לעבן? ניין, ניט געטראַכט האָב איך פֿון לעבן מײַנעם, |
| | פֿון די איסיים און שפּעטער פֿון די פּרושים |
| | בין איך אַוועק צו מענטשן פֿון געווער... |
| | נאָך פֿאַלן פֿון יודפֿת – |
| | האָב איך געלאָזן פֿאַלן פֿון דער האַנט פֿון מײַנער |
| | אויף די שווערד... |
| | אַספּאַסיאַן און טיטוס האָבן מיר די שווערד |
| | צוריקגעבן געוואָלט אין רוים |
| | די שווערד מיט אַ לעגיאָן גערמאַנען – |
| | איך האָב ניט נעמען עס געוואָלט פֿון זיי... |
| | בײַ ירושלים האָט ניט ווי געטאָן אַזוי מיר אויף ירושלים, |
| | וואָס ווערט צעשטערט... |
| | אין רוים האָט אָנגעהויבן ווי טאָן מיר אויף זיי... |
| | אין רוים האָט מיך אַרומגענומען אַ ווייטאָג שטאַרק, |
| | איך האָב געוואָלט אַליין זײַן דאָרט, אין רוים, |
| | און אין מײַן איינזאַמקייט איז אין מיר אויפֿגעגאַנגען אַ פֿאַרלאַנג, |
| | איז געוואַקסן אין מיר גרויס אַ גלוסטיקייט אַ נײַע, |
| | שטאַרק ווי דער טויט – |
| אליהו | וואָס? |
| יוסֿפֿוס | די פֿעדער! נעמען אין מײַן האַנט אַ פֿעדער, שרײַבן! |

דער פֿאַרלאַנג צו שרײַבן –
ער האָט געברענט אין מיר – אַ פֿײַער!
ווי עס ברענט גאָטס וואָרט אין ביינער פֿון אַ נבֿיא.

יהודה   עס איז אַ נבֿיא, אָ, אויך דאָ פֿאַר שקר.

יוספֿוס   זיי ביידע האָבן זיך אין מיר געוואָרפֿן:
צוזאַמען זיי: דער אמת און דער שקר!
ווי אַ צווילינג אין די אינגעווייד פֿון מאַמען...
פֿאַרהאַלטסטו אים, דעם שקר –
וועט אויך דער אמת ניט אַרויסגיין פֿון איר טראַכט.

יהודה   אַזוי געבונדן און אַזוי געקניפּט,
זענען זיי, די ביידע אָ, אין רוים?

יוספֿוס   עס קען קיין אמת וועגן ירושלים
ניט געזאָגט ווערן אין רוים
קוים ווערט ער ניט געווירצט מיט שקר־מאַנדלען...
דער גורל פֿון אַן אמת האָט מיך געשראָקן –

יהודה   פֿון אַן אמת?

יוספֿוס   איך האָב געוואָלט באַלײַכטן, וואַרפֿן ליכט
אויף אַ קליינעם אמת
איך וואָלט עס בשום אופֿן ניט באַוויזן
ווען איך פֿאַס ניט אײַן קיין זונען אין אַ מערדערס קרוין...
און איר... איר ווייסט עס גוט:
ווען איך פֿאַרשווײַג די גבֿורה פֿון די רוימער
וואָלט פֿון דער גבֿורה זייערער געמינערט ניט געוואָרן
ניט קיין האָר!
ווען איך באַשרײַב דעם כּוח ניט פֿון דאָזיקן פֿאַרהאַסטן פֿאָלק
וואָלט דער כּבֿוד זײַנער ניט געליטן...
אַ קליינער אמת אָבער, וואָס קוקט אַרויס
פֿון יעדער שורה אין מײַן שרײַבן
וואָלט ניט געזען דאָס ליכט!

יהודה   וואָס איז עס פֿאַר אַן אמת?

יוספֿוס   דער אמת וועגן אויפֿשטאַנד,
דאָס אַנטקעגנשטעלן אונדזערס זיך,
דאָס העלדישע מלחמה־האַלטן אונדזערס קעגן זיי,

און די קלעפּ די שטאַרקע
וואָס די שטאַרקע פֿון דער וועלט
האָבן פֿון די ייִדן דאַן באַקומען –
דער קליינער אמת!

יהודה צי אַזוי דען קליין איז אין די אויגן דיר דער אמת,
דאָס אַרויסגיין דרייַסט און מיט געווער אַנטקעגן פֿייַנד?

יוספֿוס יבנה האָט ווי איך... זי האָט געזען ווי איך –
זי איז ווי איך אַן עדות, און אין אירע אויגן
איז דער אמת קלענער נאָך אַ סך –
זי האָט אים ניט דערמאָנט!
וועגן די מלחמות פֿון די ייִדן און די רוימער
האָט אויסער מיר ניט מער געשריבן קיינער!

אליהו ווייל דיר, דו האָסט געשריבן!

יוספֿוס ניט ווייל, נאָר ווייַ מיר, ווייַ!
איך האָב געראַטעוועט אַ קליינעם אמת
און זיך אַליין ניט אָפּגעראַטעוועט – אָ ניין!
פֿאַרברען די ביכער מייַנע,
זיי דערמאָנען מייַנע מיר די זינד...

יהודה דייַן איבערגעבן זיך דעם פֿייַנד?

יוספֿוס ניט דאָס!
ניט דאָס איבערגעבן זיך צו אים –
ווען כ׳בין צו אים אַרויס איז שוין געווען נאָך אַלעם...
ס׳איז אין יודפֿת ניט געבליבן קיינער אויסער מיר,
איך בין געוועזן יונג און האָב געגלויבט:
איך וועל נאָך פֿאַר מייַן פֿאָלק וואָס טאָן,
איך וועל׳ס באַווייַזן...
ניין, ניט מייַן איבערגעבן זיך דעם פֿייַנד טוט ווייַ מיר,
עס טוט מיר ווייַ נאָר דער פֿאַרענטפֿערן זיך מייַנער
אין מייַן בוך... דאָס גערעכט־מאַכן זיך מייַנער דאָרט
לאָזט ניט רוען מיך אין קבֿר...כ׳בין ניט גערעכט!

אליהו דו ביסט גערעכט!
ניט געקענט האָסטו דאָך גיין מיט די קנאים [!]

יוספֿוס מיט יבֿנה... יאָ, מיט איר, מיט אירע לייַט

האָב איך געקענט דאָך גיין!

**אליהו** אויך ניט מיט זיי... מיט די אָרטאָדאָקסן...
דו האָסט געהאָלפֿן אונדז פֿון רוים!
דו האָסט געשריבן... יאָ! דו ביסט גערעכט!

**יוספֿוס** דו טרייסט מיך פֿרײַנד, אַ קנאַפּע טרייסט –
דו גיי ניט, אָ, דו גיי אין מײַנע וועגן ניט...
און יעצט... איידער איך פֿאַרלאָז אײַך –
זאָג, זאָג ווי רופֿט מען מיך?
איך האָב פֿאַרגעסן אים, דעם נאָמען מײַנעם,
פֿאַרגעסן אים אין רוים –

**אליהו** יוסף –

**יוספֿוס** (דערוואַרעמט)
יוסף!

**אליהו** בן־מתּתיהו...

**יוספֿוס** בן־מתּתיהו... יאָ! בן־מתּתיהו –
איך בין אַ כּהן... אָ, איך וואָלט געבעטן דיך:
דו טו דעם איינעם חסד נאָך מיט מיר:
אָ נעם אַראָפּ די טאָגע פֿון די אַקסלען מיר,
און וואַרף אויף מיר אַרויף אַ קלייד פֿון לײַוונט
ווי ס׳טראָגט אַ כּהן פֿון יהודה

**אליהו** (טוט אים איבער דאָס געבערענגטע כּהנים־קלייד)

**יוספֿוס** יעצט מײַן קינד באַפֿרײַ מיך.
שוין טויזנטער פֿון יאָרן ווי כ׳בין אַוועק,
און ניט צום פֿאָלק צו מײַנעם בין איך אַוועק,
איך האָב געוווינט מיט רוימער,
מיט זיי געלעבט און מיט זיי געשטאָרבן –
איך וויל באַהעפֿטן זיך אַצונד מיט די אַוו[עקגעגאַנגענע]
פֿון פֿאָלק פֿון מײַנעם – (וויקלט זיך [אײַן אין כּהנים־קלייד] און פֿאַרשווינדט)

**בעלת־אובֿ** (שפּרינגט צו זײַן אָרט צו)

ס׳ברענט דאָס אָרט ווו ר׳איז געשטאַנען,
ס׳פֿלאַקערט נאָך כאָטש ס׳איז ניט קענטיק,
ס׳איז אַ פֿלאַם וואָס ברענגט פֿאַרלענדונג,

איך, אַז כ׳וועל אַוועק פֿון דאַנען –

קום איך ווידער מיט מײַן צויבער
ר׳קען דעם טויט און ס׳לעבן קען ער –
איך זיץ און לוי׳ר אויף זייער גרענעץ
דער פֿאַס פֿון אומגלויבן און גלויבן.

אליהו — נאָך איינעם נאָך, דעם לעצטן
ברענגסטו אונדז אַרויף און גייסט!
שלמה מולכון

בעלת־אובֿ — מולכון?! וואָס טויג דיר מולכו?

אליהו — שלמה מולכון!

בעלת־אובֿ — ער וועט דיר גאָרנישט זאָגן מולכו,
ער האָט קיין צונג אין מויל ניט...
זי איז בײַ מיר אין זאַק!

אליהו — זײַן צונג?

בעלת־אובֿ — מ׳האָט אויסגעשניטן זי פֿון מויל פֿון זײַנעם,
קאַרל דער פֿינפֿטער האָט אויס מורא פֿאַר זײַן קללה,
אויסשנײַדן געלאָזט די צונג אים
נאָך איידער ר׳האָט פֿאַרברענט אים אויפֿן שײַטער –
זי איז בײַ מיר אין זאַק!

אליהו — (פֿאַרוווּנדערט)
אין זאַק?

בעלת־אובֿ — אין זאַק! אין זאַק!

אַ צונג
וו׳אַ האַק –
הוק־האַק!
רויט־רויט אַ צונג,
רויט פֿײַער־פֿונק,
ווייך־טייגעדיק
און בייגעוודיק
אַהער, אַהין –

ווי מען באַדאַרף...
אַ צונג —
און האַרט און שאַרף —
אַ קלונג!
אַ צונג
ווי מען באַדאַרף!
עלאַסטיש
ווי אַ ווײדל
אַ שרויף
װעלבט זיך אַרויף,
פֿאַלט אַראָפּ, אַראָפּ
רעדט אײדל, אײדל,
דינטשיק־דין,
אין מיטן דרין —
גראָב!
דראַסטיש...
אָט, און זי גיט
אַ שרומפּ זיך אײַן,
ווערט קלענער נאָך פֿון קליין,
און שמאָל אַ זאַנג,
אַ שטיקעלע, אַ שטיקל!
געקנוילט אַ וואָרעם;
אָט און זי גיט
פֿונאַנדער זיך אַ וויקל,
ווערט לענגער נאָך פֿון לאַנג —
אַ צונג!
וואָס איז אַ צונג?
גיי ווייס!
דאָ איז זי אַלט,
דאָ יונג,
דאָ הייס,
דאָ קאַלט...
דאָ העפּטיק,

קרעפֿטיק,
דאָ פֿאַרסאָפּעט,
רעדט, רעדט –
דאָ פֿעט
און פֿאַרביק־רײַך,
צו אײַך
אין מיטן ד׳רין:
איינטאָניק,
אָרעם,
אַ צונג אַ וואָרעם,
אַ תּם!
אָט קאַפּעט
פֿון איר האָניק,
אָט טריפֿט
פֿון איר גאָר גיפֿט,
סם!
אַ צונג –
מען האָט פֿאַר הינט געוואָרפֿן זי אין מאַרק,
אין מאַנטוע –
איך האָב אין זאַק, אין מײַנעם זי באַהאַלטן –

אליהו — עפֿן אויף אים
בעלת־אובֿ — זי שילט!
אליהו — עפֿן!
בעלת־אובֿ — ס׳פֿאַרציטערט באַלד די לופֿט... (עפֿנט דעם זאַק)
די צונג — (פֿון זאַק אַרויס)

פֿײַערפֿלאַם
אַ ווילדער טאַנץ –
נעמען זאָל אַ־
רום דיך גאַנץ!

און נויט און טויט,

און פלאָג און קלאָג,
ווי איובֿ שילט
דעם ערשטן טאָג!

"אייביק שײַנט די
זון, און ס'טאָגט
בײַ מיר אין לאַנד" —
האָסטו געזאָגט!

יאָ, ס'לײַכט די זון,
זי לײַכט און לאַכט —
נאָר איבער דיר
פֿאַלט טיף די נאַכט.

דו ביסט געשטראָפֿט
מיט יעדן שמאַרץ,
שווער דער קאָפּ
און וויסט דאָס האַרץ,

און עס רעגירט
אָן פֿרייד דײַן זון —
זײַן זין צעשטערט
און וויסט זײַן טון.

בעלת־אובֿ (פֿאַרמאַכט דעם זאַק)
גענוג!

אליהו
שלמה מולכון!
איך מיין זײַן צונג ניט, זײַן גײַסט אַהער!
שלמה מולכון!

בעלת־אובֿ
איך ברענג דיר אים אַרויף!
כ'לאָד פֿריִער אויף דעם זאַק אויף מײַנע פּלייצעס,
און דעם בעזעם דאָ
אויף אים אַוועקצורײַטן —

איך וויל זײַן גרייט...

**אליהו** אַנטלויפֿן?

**בעלת־אובֿ** יאָ, אַנטלויפֿן...

אָ, גאַנץ אומזיסט פֿאַרשטעלט אַ קעניג זיך;
גנבֿעט אין אַ נאַכט אַ פֿינצטערער אַרײַן זיך אין עין־דור.
מיך שרעקט קיין קעניג ניט!
דאַרף דער קעניג מיך – וועט ער מיך ניט טויטן...
איך האָב ניט מורא אויך פֿאַר די נבֿיאים,
דער נבֿיא איז נאַיִוו –
כ׳האָב מורא נאָר פֿאַר מקובלים!
די מיסטיקער –
מיט אונדזערע פֿאַרבלענדענישן,
ווי אונדזער קונצן־מאַכערײַ, שוואַרץ־קינסטלערײַ
מיט די מיטלען אונדזערע
טרעטן זיי אַ וועג צו זייער גאָט זיך אויס,
און טויטן אונדז דערנאָך מיט זייער הויך...
באַפֿרײַ מיך פֿריִער און כ׳ברענג דיר אים אַרויף!

**אליהו** ברענג!

**בעלת־אובֿ** נאַכט און נאַכט –
און גאָר ניט מער! – – – – – – (שפרינגט אָפּ)

**שלמה מולכו** (דערשײַנט פֿון צווישן פֿלאַמען פֿון אונטער ערד, קוקט זיך אַרום)

ווידער די ערד דאָ!
און ווידער שוין מענטשן!
נשמה און קערפּער –
אָ, כ׳בין דאָ געווען שוין!

פֿון וווּ קום איך דאָ ווידער?
צי פֿון אונטערערדישע טויערן
האָב איך זיך דערהויבן?
צי קום איך פֿון אויבן,
פֿון הימל געניידערט?
כ׳בין ווידער געבוירן,

אָט בין איך דאָ ווידער!
כ׳בין געווען דאָ, געווען שוין,
און קום אַהער ווײַטער —
איך האָב דאָ געברענט שוין,
געברענט אויפֿן שײַטער.

אָט איז ער, דער הימל,
דער הויכער, דער שטומער —
האָסט געשוויגן אויך דאַמאָלסט
ווען ס׳האָבן אַרום מיר

געשלענגלט זיך פֿלאַמען
געטאַנצט און געווימלט,
איך אויך, איך שווײַג אויך, ווי
דער מאַנטואַער הימל...

יאָ, יאָ, די אָ, הימלען
געזען שוין אַזאָלכע:
גרייט מען ווידער אַ שײַטער
פֿאַר שלמה מולכו? (ווענדט זיך צו די אַרומיקע, צו אליהון)
ווו איז דאָס האָלץ און דאָס פֿײַער? (ווײַזט אויף זיך)
אָט איז די לאַם פֿאַר דער עולה.

**אליהו** ניט אַזוי געפֿרעגט האָט יצחק.

**מולכו** יצחק האָט צום טאַטן זײַנעם זיך געוואָנדן,
ער איז געפֿירט געוואָרן צו דעם באַרג מוריה —
ניט געוווּסט האָט יצחק אַז ר׳ווערט געפֿירט צום שטאַרבן —
און איך אַ ייִד, אַזאַ אַ ייִד, אַ געפֿאַנגענער אַ ייִד —

**אליהו** דו געפֿינסט זיך דאָ, צווישן דײַנע ברידער.

**מולכו** מאַראַנען?

**אליהו** (נאָך אַ פּויזע, אָנקוקנדיק אים פֿאַרוווּנדערט)
ייִדן, פּונקט ווי דו... אין ארץ־ישׂראל ביסטו!

**מולכו** (אויפֿגעלעבט)
אין ארץ־ישׂראל!

פֿאַר וואָס האָסטו עס באַלד מיר ניט געזאָגט?
איך בין געשטאַנען דאָ ווי אויף אַ שײַטער[,]
און איר — (קוקט זיך אין זיי אײַן)
ווי מאַראַנען האָט איר זיך אויסגעוויזן מיר...
מיר אַלע — מאַראַנען זענען מיר, געגנויטע ייִדן אין פֿרעמדע לענדער!
אַ ייִד אין לאַנד אין זײַנעם — איז ווי אַ ייִד אין זײַן געצעלט,
אַ ייִד בײַ זיך...
פֿאַרלאָזט ער זײַן געצעלט — איז ער בלויז אַ מענטש,
אַ מענטש מיט אַ פֿאַרווישטן פּנים.
אַן אָפּגעריבענע, ניט גאָר קענטיקע געשטאַלט.
איך בין געווען דאָ, אין מײַן געצעלט אויך דאָ —
אָט איז ירושלים!
און דאָרטן? דאָרט — איז צפֿת! (אין בענקשאַפֿט)

צפֿת!
האַרציקע, גלוסטיקע,
דו מײַן און איך דײַן —
מיר זענען אַ פּאָר!
מיר וועלן שוין זײַן,
אַזוי אייביק שוין זײַן
אויף אייביקע יאָר!
צפֿת — הייליק געצעלט,
צפֿת, אינד אויפֿן פֿעלד,
מיר ביידע, מיר דאָ —
נישט דאָיִקע מיר,
מיר — ניט פֿון דער וועלט! (בלײַבט ווי פֿאַרשטאַרט אין אַ וווּנדערלעכער בענקשאַפֿט אין דער זײַט פֿון צפֿת)

אליהו — מיר, מולכו,
אונדזער פּנים איז געוואָנדן צו ירושלים.

מולכו — (געוואָנדן צו ירושלים)
ירושלים — די שטאָט פֿון די יבוסים...
״די לאָמע און די בלינדע״

האָבן ווידער זיך אין איר באַפֿעסטיקט...
דודי! ער!
און ביז ס׳וועט קומען דוד
האָב איך מיר אויסגעקליבן צפֿת... (פֿאַרבענקט)
צפֿת... דעם וועג צו צפֿת – איך קען אים –
איבערן ים!
פֿון צפֿת, פֿון צפֿת – ווי קומט מען אָבער קיין אַנקאָנאַ?
קיין איטאַליע?

אליהו איבערן ים!

מולכו ניטאָ קיין וועג אַהין!
פֿון צפֿת קיין אַנקאָנאַ – איז ניטאָ קיין וועג...
ניטאָ... און דאָך – איך האָב געמוזט דאָרט זײַן,
דאָרט אין אַנקאָנאַ ווידער...
האָב איך די פֿליגלען מײַנע אויפֿגעשלאָגן
און געלאָזט זיך פֿליִען –
אין צפֿת האָב איך זיך אויסגעלערנט פֿליִען,
זי איז אַ שוועסטערל ירושלימס,
צפֿת,
ווי זי אַ טײַבעלע אין אַ פֿעלדזן־שפּאַלט,
צפֿת!

אליהו פֿאַר וואָס זשע, ביסטו אָפּגעפֿלויגן אַזוי גיך פֿון איר?

מולכו צו די מאַראַנען.

אליהו אָ, אָדלער דו, אויפֿן שפּיץ פֿון פֿעלדז!
צי ביסטו איינזאַם דען אַזוי געווען דאָרט?
ווער האָט מיט דיר געחבֿרט זיך אין צפֿת?

מולכו ייִדן... ייִדן עטלעכע.

אליהו (פֿאַרוווּנדערט)
ביסט אַוועק פֿון ייִדן,
און אַוועקגעלאָזן זיך, אַוועק צו די מאַראַנען.

מולכו זיי זענען גרויס אין צאָל, זיי, די מאַראַנען,
און אחרי רבים להטות...
צוליב זיי האָב איך די וואַסערן פֿון טיבער
אויפֿגעהויבן און פֿאַרגאָסן רוים.

צוליב זיי האָב איך פֿאַרציטערן געמאַכט
די ערד פֿון ליסאַבאָן און די שטעט די אַלע פּאָרטוגאַלס,
צוליב זיי האָב איך זיך אויסגעלערנט שילטן.

אליהו — דער זאַק! (צו בעלת־אובֿ)
עפֿן אויף דעם זאַק!

בעלת־אובֿ — (עפֿנט דעם זאַק)

די צונג — (פֿון זאַק אַרויס)
פֿײַערפֿלאַם!
אַ ווילדער טאַנץ
נעמען זאָל אַ־
רום דיך גאַנץ!

בעלת־אובֿ — (פֿאַרמאַכט דעם זאַק)

מולכו — מײַן צונג — (שמייכלט)
ווער וואָלט פֿאָראויסזאָגן אים קענען, קאַרלען,
דעם גוי — איך מולכו וועל אָוועק מיט פֿײַער,
און מײַן צונג פֿאַר וועלכער דער אַבערגלויבער
האָט אַזוי געשראָקן זיך און וועלכע ר׳האָט
אַ לעבעדיקע אַרויסגעריסן מיר פֿון מויל —
וועט שילטן אים נאָך היינט!

בעלת־אובֿ — (עפֿנט דעם זאַק, געשרייען פֿון זאַק אַרויס)

מולכו — פֿאַרשטום! איך קענ׳ס ניט הערן.

בעלת־אובֿ — (פֿאַרמאַכט דעם זאַק)

מולכו — (שמייכלענדיק)
וואָס זאָל אַ צונג אַן אויסגעריסענע דען טאָן?
אויב ניט שילטן?
קומענדיק פֿון צפֿת נאָך רוים —
האָב איך אויף זיי געצאָרנט, אויף די גויים,
איך האָב געשטראָפֿט מיט פֿײַער זיי און וואַסער,
אין רעגנסבורג האָב איך נישט מער געשאָלטן זיי,
אין רעגנסבורג בין איך צום גוי, צום נאַרישן געקומען,
און צו אים געזאָגט אַזוי צו זאָגן:
איינס פֿוןביידע די, פֿאַרלאַנג פֿון דיר, איך, קאַרלאָס:
לאָז פֿרײַ מײַן פֿאָלק! און ווען ניט —

דאַן טויט מיך!
דער גוי האָט דאַן געלאָזט פֿאַרברענען מיך,
אליהו	נאָך דײַן פֿאַרלאַנג.
מולכו	כ׳האָב פֿאָרגעלייגט, אים, קאַרלאָסן דעם פֿינפֿטן,
טאָן מיר איינע פֿון די צוויי געפֿאַלן:
ער האָט מיט מיר געטאָן דעם לעצטן חסד...
דער נאַרישער, דער ערל, האָט ניט פֿאַרשטאַנען
אַז בײדע די חסדים זענען – איינער נאָר – מײַן פֿאָלק!
שטאַרבן פֿאַר מײַן פֿאָלק –
דער אָנהייב פֿון דער גאולה!
אליהו	דער אָנהייב פֿון דער גאולה!
מולכו	דעם פּויפּסט אין רוים –
כ׳בין בײַגעקומען אים גאַנץ קנאַפּ...
קאַרלאָסן דעם פֿינפֿטן – אים האָב איך באַזיגט!
ווי אַ שקלאַף אַ נידעריקער האָט ער מיר נאָכגעגעבן אַלץ:
ער האָט געהרגעט מיך.
ער האָט באַוויזן זיך אין זײַן גאַנצער רשעות –
ער האָט געהרגעט מיך,
און אַ טויט אַ שיינעם האָט אויסגעקליבן ער פֿאַר מיר:
פֿלאַמען־פֿײַער!
אליהו	דו לעבסט!
ניט געהאַט קיין שליטה האָט אויף דיר דאָס פֿײַער
אַלע	יאָ! יאָ!
יהודה	ניט געהאַט קיין שליטה!
מולכו	ניט ווי ייִדן, נאָר ווי מאַראַנען רעדט איר:
מאַראַנען האָבן עפּעס נאָר אין זיך פֿון ייִדן,
און עפּעס וואָס איז אין זיי דאָ אויך פֿון אַ גאָט אַ פֿ[ײַער]
(שרײַט אויס)
דאָס פֿײַער האָט געהאַט, געהאַט אויף מיר [אַ שליטה!]
אַ ייִד, קוים הענגט מען אויף אים, שטעקט לאַנג אַרויס זײַן צו[נג]
און ווערט דערשטיקט!
אַז מען האָט אין פֿײַער מיך געוואָרפֿן
בין איך געוואָרן דאָרט פֿאַרברענט!

אליהו האָסט ניט געברענט!

מולכו איך האָב געברענט, געפֿלאַקערט!
און וואָלט איכ׳ס ניט –
איך וואָלט די אויגן מײַנע ניט געהויבן הויך
און ניט געלאַכט צום הימל,

אליהו דו האָסט געלאַכט? פֿאַר וואָס האָסטו געלאַכט?

מולכו איך האָב געלאַכט אין מײַנע גרויסע
און געברענטע שמאַרצן:
איך בין געשטאָרבן ניט אומזיסט.
אַזוי לאַכט אַ פֿרוי וואָס גייט שווער צו קינד,
זי לאַכט אַזוי בעתן אויסהויכן די נשמה אירע
אויף דעם געבוירשטײַן:
אָ, האָב קיין מורא ניט, דו האָסט אַ זון געבוירן!
ווען ס׳האָבן מיך די פֿײַערצונגען רויט געלעקט מײַן לײַב
האָב איך אַזוי געלאַכט:
ניט אין אַ באַהעלטעניש בין איך געשטאָרבן,
איך בין געשטאָרבן פֿאַר ד׳אויגן פֿון מײַן פֿאָלק,
מיט אַ בשׂורה־טובֿה אויף די ליפּן...
כ׳האָב אָנגעזאָגט ישועות ונחמות,
כ׳האָב אָנגעזאָגט די גאולה!

אליהו גאולה!

מולכו משיחס לײַדן וועלן זיבנפֿאַכיק גרעסער זײַן,
און ער, אויך ער וועט מיט אַ לאַכן פֿאַר אונדז דערשײַנען

אליהו און וועט שטאַרבן?

מולכו וואָס גייט ער אָן מיר? ער, משיח?
וואָס האָב איך מיט אים פֿאַר?
ער וועט דאָס זײַניקע דאָך טאָן:
ער לייזט אײַך אויס!
עם־ישׂראל חי! דאָס אייביקע
איז געוואָרן אײַך באַפֿוילן, ס׳לעבן!

אליהו (אַנטציקט)
מולכו!
דײַן נאָמען לעזט זיך שיין!

עֶר שרײַבט זיך אָבער פֿאַלש!
אַ ה׳ געשטעלט דאַרף ווערן
אַנשטאָט דעם לעצטן וואָוו –
מָלְכָה, מלכה עלינו!
אונדזער קעניג זײַ!

מולכו: איר זענט מאַראַנען!
ייִדן ווילן ניט אויף זיך קיין קעניג.
זיי ווילן אויך ניט קעניגן אויף קיינעם.

אליהו: רעדסט ווי אַ נבֿיא

מולכו: אַ העלד געווען איז גדעון, גדעון ירובעל,
און ער – וואָס האָט געזאָגט?
״גאָט, דער האַר, זאָל קיניגן אויף אײַך![״] (פֿאַרשווינדט)

אליהו: (לויפֿט נאָך דעם פֿײַערפֿלאַם אין די בערג)
מולכו! מולכו!

יוסף: (מיט אַ געלעכטער צו די חבֿרים)
״מולכו״! ער קען אים נאָך דעריאָגן! מולכו!

איינער אַ פֿאַסטעך: (טרעט אַרויס פֿון צווישן די פֿאַסטעכער, וואַרפֿט אַראָפּ דאָס מולכו־קלייד און נעמט אַראָפּ די מאַסקע)
דאָ בין איך!

יהודה: געפֿונען האָט זיך מולכו
אליהו אָבער איז אונדז פֿאַרלוירן דאָ געגאַנגען
אין די בערג.

נחמיה: ניט פֿאַרלוירן איז ער אונדז געגאַנגען –
מיר האָבן אָפּגעפֿונען אים די נאַכט.
נעמט יעדערער אַראָפּ די מאַסקע פֿון געזיכט.
שאול, דו, אויך דו, דניאל איש חמודות,
דו פֿלאַוויוס אויך, שנעל־שנעל!
גאָר נישט זאָל ניט זײַן דאָ קאָנטיק.
אלישבֿע? ווו? ווו ביסטו?
זי האָט אַוודאי ניט באַוויזן נאָך
אַראָפּוואַרפֿן די שמאַטעס! די בעלת־אובֿ!
גוט! ער זאָל פֿון גאָר נישט וויסן!

בתיה: אליהו!

נחמיה נִיט רוּף אים!
עֶר זאָל אַרוּמבלאָנדזשען אַליין דאָ אין די בערג,
זאָל ער אָפּגעבן אַ דין־וחשבון זיך די נאַכט,
מיר האָבן אָפּגעשפּילט אַן אָוונט אים...
יעצט נעמט די שאָף און רינדער
אין די אָפּצאַמונגען אונדזערע אַרײַן,
און אַהיים! אַהיים, אין די צריפֿים ברידער:
מיר הייבן אויף זיך פֿרי...
מיר וועלן אין דעם קומענדיקן אינדערפֿרי
אים אָפּשפּילן אַ צווייטן אַקט...
מיר לאָזן אים ניט אָפּ... ביז... ביז –
ער מאַכט, ווי אַלע מיר, שלום מיטן דור...
אַ גוטע נאַכט!

די פּאַסטעכער צעגייען זיך און פֿאַרשווינדן אין די פּאַלאַטקעס
דער צווישן־בערג־רוים ווערט ליידיק.

– דער פֿאָרהאַנג פּאַלט לאַנגזאַם –

## אַרײַנפּיר 17

אַ פּורים־פֿאָרשטעלונג פֿאַר קינדער, פֿרײַ איבערגעזעצט פֿון העברעיִשן נוסח וואָס י.ק. האָט אָפּגעדרוקט אין יאָר 1938 – אין העברעיִשן קינדער־ און יוגנט־זשורנאַל: עולמי (ורשה), שנה ג׳, גליון 13 (42), י״ד אדר ב׳ תרצ״ח, זז׳ 195 – 198. זי געהערט צו די איבערזעצונגען אויף ייִדיש פֿון זײַנע אייגענע דראַמאַטישע ווערק פֿון פֿאַר דער מלחמה, פֿאַרן רעפּערטואַר פֿון זײַן ייִדישן דראַמקרײַז אין געטאָ.

קיין דאַטע איז נישט פֿאַראַן. דאָך איז נישט אָנצונעמען אַפֿילו די מעגלעכקייט אַז דאָס פּורים־בילד האָט געקענט אָנגעשריבן ווערן במשך פּורים ת״ש <23טער פֿעברואַר 1940> (זע אין בלומענטאַלס רשימה, נומ׳ 12), צי גאָר – פּורים תש״ב <3טער מערץ 1942>. אָנהייב יאָר 1940 איז קיין דראַמאַטישע סטודיע נישט געווען און יצחק קאַצענעלסאָן האָט זיך נאָך נישט געהאַט באַגעגנט אַפֿילו מיט דער ״דרור״־באַוועגונג, וועלכע איז נאָך אין וואַרשע נישט געווען אָרגאַניזירט (זע אויבן, אין אונדזער אַלגעמיינעם אַרײַנפּיר). במשך פּורים תש״ב איז שוין י.ק. געווען, און מיט אים די גאַנצע אונטערערדישע **באַוועגונג**, אונטערן רושם פֿון די ידיעות וועגן די נאַצישע מאַסן־הריגות און תּליות פֿון ייִדן, דווקא פּורים־צײַט און אין פֿאַרשיידענע ערטער. דער דראַמקרײַז אַליין האָט שוין געהאַט, ווי עס זעט אויס, אָפּגעשטעלט זײַן אַקטיוויטעט. פּורים תש״ב האָט שוין געהאַט גאָר אַן אַנדער מיין (פֿאַרגלײַך אונדזער אַרײַנפּיר צו נומ׳ 30 – ״שפֿוך חמתך״ – און זע די דערמאָנונגען וועגן די תּליות, פּורים תש״ב, אינעם ליד).

קיין דאַטע ווערט טאַקע אויפֿן כּתבֿ־יד פֿון דער איבערזעצונג נישט אָנגעגעבן, מע קען אָבער פֿעסטשטעלן די מעגלעכע דאַטע: אַרום פּורים, י״ד אדר תש״א <13טער מערץ 1941>, ווי די השערה וואָס ווערט אָנגעגעבן אין דער רשימה פֿון כּתבים אחרונים, תשכ״ט, נומ׳ 19. אין בלומענטאַלס רשימה ווערט אָנגעגעבן על־פּי־טעות (דאָרט נומ׳ 12) אַז ס׳פֿעלן דער אָנהייב און דער סוף פֿון טעקסט. דער כּתבֿ־יד איז אַ גאַנצער און איז נומערירט מיט י. קאַצענעלסאָנס האַנטשריפֿט, פֿון זײַט 7 ביז זײַט 16 (10 זײַטן פֿון אַ העפֿט). דער פֿולער ייִדישער נוסח פֿון דעם טעקסט ווערט דאָ צום ערשטן מאָל געדרוקט. אין י.ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות, איז דער כּתבֿ־יד רעגיסטרירט מיטן נומ׳ KII/1018. בײַם דעשיפֿרירן דעם כּתבֿ־יד, וואָס איז מיט דער צײַט צעשעדיקט און פֿאַרמעקט געוואָרן אין אייניקע ערטער, האָבן מיר זיך אויך באַנוצט מיט אַלטע פֿאָטאָקאָפּיעס פֿון כּתבֿ־יד וואָס זײַנען געמאַכט געוואָרן נאָכן אָפּגעפֿינען די כּתבֿים.

# שלח־מנות

## אַ פּורים־בילד

[(חיים אין אַ] צעריסן בגדל מיט לאַטעס)

איך בין אַן אָרעם יינגל, זעט:
מײַנע באַקן – גאָר ניט פֿעט.
זעט מײַן בגד, זעט מײַן רעקל –
ס׳הענגט אַראָפּ פֿון מיר אַ זעקל.

איז׳ס אַ מלבוש, צי אַ שמאַטע?
ס׳איז אַ לאַטע אויף אַ לאַטע...
דאָ אַ גראָע, דאָ אַ בלאָע,
דאָ אַ העלע, דאָ אַ געלע[.]

אַז מײַן טאַטע משה־מענדל
האָט געקויפֿט אים בײַ אַ הענדלער
איז ער שוין געווען צעריסן
און צעלאַטעט
און צע[פּ]אַטלט
און ג[ע]פּטרט...

אַך, מײַן טאַטע דאַרפֿט איר וויסן
וואָלט געקויפֿט פֿאַר מיר אַ נײַעם,
יאָ אַ שפּאָגל, שפּאָגל נײַעם –
נאָר אַ נײַער קאָסט דאָך טײַער...
און פֿון וואַנען, זאָגט, איך בעט אײַך
האָט מײַן טאַטע פּעטי־מעטי?

פּעטי־מעטי – כּסף ממש
אַז מײַן טאַטע איז אַ שמש
און אַ שמשטע די מאַמע –
ביידע, ביידע זיי, צוזאַמען

האָבן ניט פֿאַר זייער אַרבעט
ניט קיין אָנבײַסן, ניט וואַרמעס...

ניט קיין נאַכטעסן – מאַכט רש״י:
ניט קיין וואַסער אויף דער קאַשע.

ניט קיין שאָלעכץ פֿון קאַרטאָפֿל –
כאָטש דאָס מויל איז אָפֿן, אָפֿן...

הײַנט למשל, איז דאָך פּורים,
דו האָסט פּורים, איך יסורים...

מיר, מירביידע קריגן פֿײַגן –
איך פֿון פֿינגער, דו פֿון צווײַגן
דו האָסט יום־טובֿ, איך האָב – וואָך,
דו דעם בייגל איך די לאָך...

איך שמעק טאַבאַק און דו – ניס!
דיר דער האָניק מיר דער ביס...
דיר די בײַטש און מיר די שמיץ...
דיר דאָס ליכט פֿון זון, מיר – היץ...

דיר אַ טרייסט און מיר אַ גרויל –
די[ר] דאָס ביקסל מיר די קויל...
**מיינסטו דאָך עס דאַרף אויף דר׳ערד**
נאָך מײַן מיינונג זײַן פֿאַרקערט!

ניין, חלילה און וחס
ס׳וואָלט געווען אַ [ש]לעכטער [ש]פּאַס
חס־ושלום! חס־ושלום!
ס׳וואָלט געווען אַ בייזער חלום...

ס'וואָלט געוו[ע]ן ני[ש]ט גוט, ניט [שיין]
איך מיין גאָר, אָט וואָס [איך מיין]

אַלע דאַרפֿן זײַן דאָ גלײַך:
דו נישט אָרעם, איך נישט רײַך...

אַלע דאַרפֿן – יאָ... גערעכט!
נאָר דערווײַל, איז טאַקע... שלעכט!

הײַנט איז פּורים, טאַקע פּורים
דו האָסט פּורים, איך 'סורים

און אַ ווייטאָג און אַ שמאַרץ
אָט אָ דאָ, דאָ אין מײַן האַרץ –

צוויי מלאכימלעך (קומען אַרײַן מיט אַ שלח־מנות אין פֿאַרדעקטע טעלער, פֿליִען אַרום אים עטלעכע מאָל, בלײַבן שטיין לינקס און רעכטס פֿון חיימען)

ערשטער מלאך
פּור – פּור – פּורים
וואָס באַדײַט?
ס'איז אַ פֿריילעכע
אַ צײַט!

צווייטער מלאך
ס'איז אַ יום־טובֿ
שיין און פֿײַן
מרדכי, זאָלסט
געזונט מיר זײַן!

ערשטער מלאך
ס'איז אַ יום־טובֿ
פֿײַן און שיין –
ביסט מיר אסתּר,
מלא־חן!

צווייטער מלאך
ס'איז אַ יום־טובֿ

הײַנט, ערשט רעכט —
שלעכט איז המן,
איז אים שלעכט!

**ערשטער מלאך**
פֿיש אין וואַסער,
בוים אין וואַלד
ס׳ווייסן אַלע,
יונג און אַלט

וואָס איז פּורים —
פּורים איז:
המן־טאַשן —
צוקער זיס!

**צווייטער מלאך**
שוואַלב אין צווײַגן,
קינד אין שויס —
אַלע ווייסן
קליין און גרויס
וואָס איז פּורים —
פּורים איז:
עסן לעקעך,
קנאַקן ניס.

**ערשטער מלאך**
אַ גוט מאָרגן דיר
אַ העלער!

**צווייטער מלאך**
מיט פּרעזענטער
פֿול די טעלער!

**חיים**
אַ גוט מאָרגן!
זאָגט, ווער זענט איר?

**ערשטער און צווייטער מלאך** ניט קיין מענטשן...

חיים
ניט קיין בהמות...

ביידע מלאכים
ביסט אַ חכם!
מיר, מיר זענען
צוויי מלאכים,
הויך דער הימל
און [היים] איז [...]

חיים
קומט איר ביידע
יעצט פֿון אויבן?
זאָל איך עס אײַך
טאַקע גלויבן

זאָגט מיר נאָר אין
קורצע ווערטער
ווי זענט איר
אַראָפּ אויף דר'ערד דאָ?

ערשטער מלאך
אויף ד[י] שטראַלן
פֿון דער זון
האָבן מיר
געכאַפּט זיך, און–

גאַלאָפּ! גאַלאָפּ
אַראָפּ, אַרונטער...
איז אַזוי דען
גרויס דער וווּנדער?

חיים
כ'וועל זיך, טײַערע,
ניט שעמען–
כ'וועל אײַך זאָגן
גאַנץ דעם אמת:

איך, ווען איך בין
אויבן, ליבע —
וואָלט איך דאָרטן
שוין געבליבן...

**צווייטער מלאך**
ניין! מיר קומען
זיך ניט ווײַלן
מיר זענען געקומען
אויף אַ ווײַלע

נאָר צו דיר,
צו דיר אַהער צו
דיר פֿאַרזיסן
דײַנע שמערצן...

**ערשטער מלאך**
מיר האָבן דיר
געבראַכט, קוק אָן — עס

**חיים**
וואָס, זאָגט וואָס

**צווייטער מלאך**
אַ שלח־מנות...
קענסט עס נעמען!

**חיים**
(פֿאַרוווּנדערט, גלויבט נישט)
זאָגט, פֿאַר וועמען?
זאָגט, פֿאַר וועמען?

**ערשטער מלאך**
ס׳איז פֿאַר דיר!

**צווייטער מלאך**
ס׳איז פֿאַר דיר!

**חיים**
(צווייפֿלט, קוקט פֿון ווײַטן אויף די טעלער)
ס׳איז פֿאַר מיר?

ווער בין איך?
וואָס בין איך?
ניט קיין בגד,
ניט קיין שיך,
און צעלאַטעט
און צעריסן
און קיין ברויט ניט,
ניט קיין ביסן!
ניט קיין העמד,
און ניט קיין זאָק,
ניט קיין נאַכט
און ניט קיין טאָג!

**ערשטער מלאך**
נעם מיַין טעלער:
טאָרט מיט קרעם!
נעם, דער קוכן
האָט אַ שם!

**צווייטער מלאך**
נעם ניט זיַינעם
מיַינעם נעם!
מיַינער איז דאָך
אויך מיט קרעם!

**פֿיר מלאכימלעך**
(לויפֿן אַריַין מיט פֿאַרדעקטע טעלער שלח־מנות. טאַנצן אַ שלח־מנות־טאַנץ, רינגלען אים [ש]פּ[עטער] אַרום, צעשטעלן זיך רעכטס און לינקס)

**דריטער מלאך**
(פֿון רעכטס)
נעם פֿון מיר עס!

**פֿערטער מלאך**
(פֿון לינקס)
נעם פֿון מיר
נעם און נעם!

**פּינפֿטער מלאך**
נעם און עס עס!

**זעקסטער מלאך**
נעם פֿון דעם,
ס׳איז פֿאַר דיר!

**אַלע מלאכים**
(שטרעקן אים אויס די טעלער)
נעם! נעם! נעם!

**חיים**
(דערוויַיטערט זיי פֿון ביידע זיַיטן מיט די הענט)
גייט אַוועק פֿון מיר
וואָס שנעלער,
ווער דאַרף איַיערע
זעקס טעלער?
כאָטש זיי זענען
פֿול מיט זיס,
כ׳ריר זיי מיט דער
האַנט ניט אָן!
ניט מיט מיַין צונג,
ניט מיט מיַין צאָן
ביז איך ווייס וואָס
דאָרטן איז!

**דריַי מלאכים פֿון רעכטס**
שאָקאָלאַד!

**דריַי מלאכים פֿון לינקס**
מאַרמעלאַד!

**חיים**
לאָזט צו רו מיר,
לאָזט צו רו!
נעמט עס צו!
נעמט עס צו!

**די מלאכים פֿון רעכטס**
טייטלען פֿרישע!

די מלאכים פֿון לינקס
פֿײַגן זיסע!

פֿון רעכטס
אַנאַנאַסן!

פֿון לינקס
אַפּריקאָסן!

חייב
(וואַרפֿט אַלץ אָפּ)
מאכלים
גוטע טאַ[קע],
שיינע, זיסע
און געשמאַקע...
נאָר פֿאַר מיר
איז׳ס ניט קיין מאכל,
מיר טוט וויי
פֿון דעם דאָס בײַכל...

פֿינפֿטער מלאך
האָניק־קוכן
מעגסט׳ס פֿאַרזוכן!

חיים
וואָס? וואָס טויג מיר
האָניק־קוכן?

זעקסטער מלאך
כ׳האָב קאָנפֿעקטן,
כ׳האָב איריסן!

חיים
לאָזט שוין אָפּ מיך
מיט דעם זיסן!
לאָזט מיך, כ׳וויל
פֿון דעם ניט וויסן,
ניט געניסן
און עס דאַרף אײַך
ניט פֿאַרדריסן...

ערשטער מלאך — דער פּאָמעראַנץ —
קוק אָן עס, גרויס!
האָט פֿאַרשמעקט דאָ
ווי אַ רויז.

צווייטער מלאך — די מאַנדאַרינקע נעם
ניט פֿויל זיך,
זי צעגייט אַליין
אין מויל זיך...

חיים — (לאַכט)
גיט אַ זאַטן
פּאָמעראַנצן
און אַ שיכּורן
הייסט טאַנצן!
און אַ הונג׳ריקן
לאָזט אָפּ,
וואָס פֿאַרדרייט איר
מיר דעם קאָפּ?!

דריטער מלאך — נעם אַן עפּל,
גיב אַ ביס!

חיים — לאָז זשע אָפּ מיך,
לאָז זשע אָפּ מיך,
כ׳בעט אײַך,
ניט פֿאַרדרייט
דעם קאָפּ מיר...

אַלע מלאכים — נעם נאָר, נעם נאָר,
און ניט שעם זיך!

איר מעגט אַלע
פֿון מיר לאַכן,
כ׳וויל ניט, כ׳וויל ניט
די אָ זאַכן!

די אָ זאַכן –
ווי פֿאַר ווערמען...
כ׳וויל קיין פֿײַג ניט
ניט קיין טייטל –

ווען איר גיט מיר
יעצט אַ ברייטל
וואָלט איך נעמען,
וואָלט איך נעמען...

כ׳בין אַן אָרעם ייִנגל, זעט:
מײַנע באַקן גאָר ניט פֿעט...

זעט מײַן בגד, זעט מײַן רעקל –
ס׳הענגט אַראָפּ פֿון מיר אַ זעקל...
איז׳ס אַ מלבוש צי אַ שמאַטע?
צי אַ לאַטע אויף אַ לאַטע...
דאָ אַ גראָע, דאָ אַ בלאָע
דאָ אַ העלע, דאָ אַ געלע...

אַז מײַן טאַטע משה־מענדל
האָט געקויפֿט אים בײַ אַ הענדלער
איז ער שוין געווען צעריסן...
אַך, מײַן טאַטע, דאַרפֿט איר וויסן
וואָלט געקויפֿט פֿאַר מיר אַ נײַעם –
נאָר אַ נײַער קאָסט דאָך טײַער!
און פֿון וואַנען, זאָגט, איך בעט אײַך
האָט מײַן טאַטע פעטי־מעטי?

פעטי־מעטי, כסף — ממש —
אַז מײַן טאַטע איז אַ שמשׂ,
און אַ שמשׂטע די מאַמע —
ביידע, ביידע זיי צוזאַמען
האָבן ניט פֿאַר זייער אַרבעט
ניט קיין אָנבײַסן, ניט וואַרמעס,
ניט קיין שאָלעכץ פֿון קאַרטאָפֿל —
כאָטש דאָס מויל איז אָפֿן, אָפֿן...
איך וויל עסן און ניט נאַשן,
און אַ העמד צום לײַב געוואַשן...

טאַטע־מאַמע (קומען אַרײַן)

דער טאַטע (מיט אַ ברויט שטייט חיימען צום רעכטן)

די מאַמע (מיט אַ העמד שטייט חיימען צום לינקן)

די מלאכים (טרעטן אַ ביסל אָפּ, צולאָזנדיק די עלטערן צום זון)

דער טאַטע איך האָב געבראַכט אַ ברויט, דיר חיים,
אַ שלח־מנה!

די מאַמע איך האָב פֿאַר דיר אַ העמד אַ נײַע
אַ מתּנה!

חיים (נעמט דעם ברויט אין איין האַנט, דאָס העמד אין דער אַנדערער)
אַ שיינעם דאַנק אײַך, טאַטע־מאַמע,
פֿאַר דעם העמד און פֿאַר דעם ברויט!
איר, מלאכימלעך, צוזאַמען
אָ איר קענט זי ניט די נויט...
ס'איז אין גאַנצן פֿרעמד אײַך פֿרעמד
וואָס עס הייסט פֿאַר אָר'מע ברויט
און אַ ריינע ווײַסע העמד!

אַ קינדער־ליד אויף העברעיִש. אָן אַ דאַטע. ווערט דאָ צום ערשטן מאָל געדרוקט. צוליב די זעלבע **סיבות** וואָס זענען שייך צו אונדזער באַשטימען די מעגלעכע דאַטע פֿון "שלח־מנות" (זע אויבן, אין **אַרײַנפֿיר צו** נומ׳ 17), איז אויך דאָ אָנגענומען די דאַטע וואָס ווערט אָנגעגעבן ווי אַ השערה אין דער רשימה פֿון **כתבים אחרונים**, תשכ״ט, נומ׳ 20: אַרום י״ד אדר תש״א <13טער מערץ 1941> (פֿאַרגלײַך אין **בלומענטאַלס רשימה**, נומ׳ 10).

**דאָס** ליד פֿאַרמאָגט 69 שורות, צעטיילט אין 17 סטראָפֿעס פֿון פֿיר שורות און נאָך איין לעצטע **איינציקע שורה**. אַ קורצע ווערסיע פֿון דעם ליד, אַ ביסל געענדערט , מיט 24 שורות צעטיילט אין זעקס סטראָפֿעס פֿון **פֿיר** שורות, געפֿינט זיך אין י.ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות – צווישן די מאַנוסקריפּטן פֿון דער וויטעל־**תקופֿה**. אין בלומענטאַלס רשימה ווערט די וויטעל־ווערסיע פֿאַרשריבן צוזאַמען מיטן קאָרפּוס פֿון **וואַרשעווער** געטאָ (זע: דאָרט, נומ׳ 11); אין דער אָריגינעלער קאַרטאָטעק פֿון י.ק.־אַרכיוו אין **בית לוחמי הגיטאות**, צוזאַמענגעשטעלט פֿון נחמן בלומענטאַלן אַליין, ווערט אָבער דאָס ליד פֿאַרשריבן ווי געהעריק צום **אָפּטייל** KIII פֿון י.ק.־ארכיוו, ס׳הייסט צו די וויטעל מאַטעריאַלן. דער קורצער וויטעל־נוסח איז דאָרט **פֿאַרשריבן** מיטן נומער KIII/1017A, אָבער אויך KII/1017A. אָט דער שפּעטערדיקער קורצער נוסח וועט געדרוקט ווערן באַזונדער, אין דער געפּלאַנטער פֿולער אויסגאַבע פֿון יצחק קאַצענעלסאָנס וויטעל־ווערק. דער כּתבֿ־יד פֿון וואַרשעווער געטאָ־נוסח איז רעגיסטרירט אין י.ק.־אַרכיוו פֿון בית לוחמי הגיטאות, מיטן נומער KII/1017. די פּונקטואַציע – ווי אין כּתבֿ־יד.

די אידענטיפֿיצירונג פֿון די נאַצי־הערשער און די דײַטשן מיטן היסטאָריש אַלט־באַקאַנטן עמלק, ווערט באַזירט אויפֿן עמלק־מאָטיוו וואָס איז שוין פֿון דורות אַ שטענדיקער טראַדיציאָנעלער פּאַראַלעל און אַ סימבאָל פֿאַר שׂנאת־ישׂראל – אַלע ישׂראל־שׂונאים זענען אָנגערופֿן געוואָרן עמלק. אין גערעם פֿון אַ פּורים־ליד ווערט אָט די אידענטיפֿיצירונג נאָך מער פֿאַרשטאַרקט, אויפֿן יסוד פֿון המנס אגדהשער צוגעהעריקייט צו די עמלקים – המן בן המדתא איז געווען מזרע אגג דער מלך פֿון די עמלקים (זע: ספר האגדה, חלק א׳, זז׳ 134 – 138). אין דעם פּורים ליד ווערט אויך געמאַכט אַ היסטאָרישער פּאַראַלעל וואָס דינט ווי אַ מקור פֿון האָפֿענונג און נחמה אין ליכט פֿון שווערן מצבֿ אין געטאָ: פּונקט אַזוי ווי דער פֿאַרצײַטיקער המן האָט געוואָלט פֿאַרניכטן אַ פֿאָלק אַ גאַנצן און לבסוף איז ער אַליין באַשטראָפֿט געוואָרן און דאָס פֿאָלק איז געוואָרן אויסגעלייזט, אַזוי איז צו דערוואַרטן אַז ס׳וועט מיטן מאָדערנעם עמלק אויך געשען ושלום על ישׂראל. אַזאַ ליד, מיט אַזאַ טראַדיציאָנעלן היסטאָרישן קוק איז אוממעגלעך געווען פֿאַר יצחק קאַצענעלסאָנען **אָנצושרײַבן** אין יאָר פּורים תש״ב, צי שפּעטער (פֿאַרגלײַך מיטן קורצן נוסח געשריבן אין וויטעל).

# שִׁיר לְפוּרִים

פּוּר – פּוּר – פּוּרִים
פּוּרִים מַאי?
יוֹם שֶׁל שִׂמְחָה
עַד בְּלִי דָי...

יוֹם שֶׁל שִׂמְחָה
מִתּוֹךְ חִיל –
הָיֹה הָיָה
מֶלֶךְ כְּסִיל...

יוֹם שֶׁל שִׂמְחָה
מִתּוֹךְ כְּאֵב –
הָיָה מֶלֶךְ
חֲסַר־לֵב...

וְלַמֶּלֶךְ
הָיָה שָׂר –
עֲמָלֵיקִי,
צוֹרֵר, צָר!

זֶה הַמֶּלֶךְ
הַסַּכָל –
הוּא אֶת הָמָן
הֵקִים עָל...

אִישׁ בְּלִיַּעַל
אָדָם שֵׁד –
בִּקֵּשׁ אוֹתָנוּ
לְאַבֵּד

מִצְחוֹ נְחֹשֶׁת
לִבּוֹ צוּר
זָמַם הַוּוֹת,
הִפִּיל פּוּר –

הוּא הַגּוֹרָל
הָיָה מְסוֹס
הוּא־הוּא יִשְׁתֶּה,
יֵשְׁתְּ הַכּוֹס...

שַׁחַת כָּרָה
וַיַּחְפֹּר –
וַיִּפֹּל בּוֹ –
עֹמֶק בּוֹר!

פּוּר! בְּפּוּרִים
אֵירַע נֵס –
לֹא הַמֶּלֶךְ
עַל הַכֵּס –

אַהֲבַת אֶסְתֵּר
וּמָרְדְּכָי –
הִיא הוֹשִׁיעָה
עַם אֵל חָי!

פּוּר – פּוּר – פּוּרִים
פּוּרִים מַאי?
שַׁלַּח מָנוֹת,
הָבָה שַׁי!

שַׁי לֶעָנִי
וּלְכָל דָּךְ –
בִּרְכַּת חַיִּים
שְׁלַח לוֹ, שְׁלַח!

בִּרְכוֹתֶיךָ
שְׁלַח לָרֹב –
[פּוּר – פּוּר – פּוּרִים]
[יוֹם זֶה טוֹב.]

דָּג בַּמַּיִם [ – ]
עוֹף עַל [גָּג – ]
הַכֹּל [יוֹדְעִים:]
פּוּרִים חָג.

מִסּוֹף עוֹלָם
וְעַד סוֹף –
הַכֹּל יוֹדְעִים:
יוֹם הוּא טוֹב.

כּוֹכָבֵנוּ –
מָרוֹם, שׁוּרִי!
שָׁוְא, עֲמָלֵק,
תַּפִּיל פּוּר!

פּוּר – פּוּר – פּוּרִים.

## אַרײַנפֿיר 19

אַ דראַמאַטישער מאָנאָלאָג אין גראַמען. ווערט דאָ געדרוקט צום ערשטן מאָל. איבער דעם שלעכטן צושטאַנד פֿון האַלב־צעפֿוילטן כּתבֿ־יד, וועלכער ווערט דעשיפֿרירט דאָ צום ערשטן מאָל, זײַנען געבליבן זייער אַ סך בלויזן אין טעקסט. מיר האָבן אָבער אָפּגעהיט צווישן פֿירקאַנטיקע קלאַמערן אויך די פּראָפּאָרץ פֿון ווערטער און שורות וואָס קענען נישט געלייענט ווערן. קיין דאַטע איז אויפֿן כּתבֿ־יד נישט פֿאַראַן. אין בלומענטאַלס רשימה, נומ׳ 9, ווערט אָנגעגעבן ווי אַ השערה – דאָס יאָר 1940; אין דער רשימה פֿון כתבים אחרונים, תשכ״ט איז אויך קיין השערה נישט פֿאַראַן, דאָרט ווערט אָבער אָנגעגעבן, אַז "האַנדל" איז פֿאָרגעשטעלט געוואָרן פֿון ייִדישן דראַמקרײַז (דאָרט, ז׳ 365), ס׳הייסט – נישט פֿריִער ווי נאָוועמבער 1940. דער הויפּטהעלד און דער וואָס דעקלאַמירט דעם מאָנאָלאָג איז ווי עס זעט אויס, אַליין אַ פּליט (זע אין טעקסט ז׳ 459). ער לעבט פֿון אָפּקויפֿן אַלטע זאַכן בײַ די וואַרשעווער אײַנוווינער כּדי עס שפּעטער צו פֿאַרקויפֿן אַנדערע. יצחק קאַצענעלסאָן, אַליין אַ פּליט האָט אין וואַרשע געלעבט מיט זײַן משפּחה, אויך פֿון דעם וואָס ער האָט פֿאַרקויפֿט (זע: אוו.).

אָנהייב יאָר 1941 זײַנען טויזנטער פֿאַרטריבענע אָנגעקומען אין געטאָ. דאָס רובֿ האָט געצויגן פּרנסה דורכן פֿאַרקויף פֿון שטובזאַכן און רכוש וואָס זיי האָבן מיט זיך געבראַכט. מען האָט פֿאַרקויפֿט אַלץ, אַפֿילו שמאַטעס, וועלכע זײַנען פֿאַרניצט געוואָרן אויף פּאַפּיר און טעקסטיל. ווי מיר זײַנען זיך משער באַשרײַבט י.ק. אין דעם דראַמאַטישן מאָנאָלאָג אָט די ערשטע תּקופֿה פֿון פּליטים־אָנקום אין וואַרשעווער געטאָ. אויף דער סצענע, וואָס ווײַזט אַ הויף אין וואַרשע אין וועמעס צענטער עס דעקלאַמירט אַ הענדלער זײַן מאָנאָלאָג צו די הויכע פֿענצטער, ווערן אַרײַנגעבראַכט אין "האַנדל" אויך אַנדערע דראַמאַטישע יסודות. ווי עס זעט אויס פֿון די האַלבע שורות וואָס זײַנען איבערגעבליבן אויף זײַט 466, נעמען אויך אָנטייל אין דער פֿאָרשטעלונג: די "אײַנוווינער" – וועלכע ברענגען אים אַראָפּ די בגדים צום פֿאַרקויפֿן און באַווײַזן זיך אויך אויף דער בינע. אַ פֿאָרגעקומענע קינדער־פֿאָרשטעלונג וואָס איז פֿאַרבונדן מיטן טעקסט פֿון "האַנדל" ווערט דערמאָנט בײַ קאַצענעלסאָנען אין: דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק, ז׳ 88 (זע אויך ווײַטער, אין אַרײַנפֿיר צו נומ׳ 27).

לויט כתבים אחרונים, תשכ״ט, ז׳ 365, פֿון איין זײַט און לויט יצחק קאַצענעלסאָנס באַשרײַבונג פֿון דער אויבן דערמאָנטער קינדער־פֿאָרשטעלונג, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין בית־יתומים פֿון דוד דאָמבראָווסקי, פֿון דער צווייטער זײַט – מעג מען משער זײַן אַז "האַנדל" איז פֿאָרגעשטעלט געוואָרן מער ווי איין מאָל סײַ פֿון דראַמקרײַז און סײַ פֿון קינדער־יתומים.

דער מאָנאָלאָג "האַנדל", איז אַ דראַמאַטיזאַציע פֿון אַלטוואַרג־ און שמאַטע־הענדלערס רוף אין די וואַרשעווער הויפֿן: "האַנדל", אַ רוף אויף אַ קול. דער האַנדלאַרזש איז געווען אַ באַקאַנטע טאָג־טעגלעכע פֿיגור אין וואַרשע פֿון פֿאַר דער מלחמה. דער מקור פֿאַרן אינהאַלט פֿון "האַנדל" איז נישט נאָר אין דער געשאַפֿענער געטאָ־ווירקלעכקייט נאָר אויך אין יצחק קאַצענעלסאָנס יוגנט־איבערלעבונגען ווי זיי קומען צום אויסדרוק אין זײַן העברעיִשער פּאָעזיע, געשריבן אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט (פּרטים וועגן דער פֿאַרגעשיכטע פֿון "האַנדל", און וועגן דער פֿאָרשטעלונג, זע אויבן, אין אונדזער אַלגעמיינעם אַרײַנפֿיר ז׳ 72 – 73).

דער כּתבֿ־יד געפֿינט זיך אין י.ק־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות, רעגיסטרירט מיטן נומ׳ KII/1009.

# האַנדל

[ ] איך אַ ייִד, און קליין
[ ] און קוואַר
[ כ]קע זיך, – שטיל
{ווי אָן אַ ציל,}
אַזוי ווי גאָרנישט אויסן,
[ ] מיין,
[ ן]
[ י]קער אַ[ל]יין
אין אַ הויף [אַ] גרויסן,
צווישן מויערן ווי ריזן –
און [אויף ]: האַנדל!

[איך]
אַ ייִד
נישט [ ]נידעריק, [אַ] וואָרעם
געל [ ] גרין
[ ן] [פּאַ]מ[ע]ל[עך] אין אַ הויף,
מיט [ ] אַ ליידיקס אונטער אָרעם –
[ ט] זיך [דינטש]יק־דין
אַ בוי [ ] אַ [ד]ינס אין סאַמע מיט,
אַ ייִד!
[ ] הויבן ווי אַ פּאַ[ ] אַ בערדל שפּיציק,
און אויגן, אויגן הויבט ער [אויף]
אויגן וו[ ],
אַ [פּ]אָר אויגן בליציק,
[ ך], העכער נאָך פֿון אוי[בערשטן] עטאַזש,
הויך העכער
איבער אַלע דעכער,
צום הימל אַזש,
מיט אַ רוף אַ מוראדיקן: האַנדל!

האַנדל!
אַ הויף ניט אויף קאַטאָוועס —
אַ מויער אַ פּירקאַנטיקע מיט פּענצטער
וו׳אַ מלאך־המוות
פֿול מיט אויגן...
איך קוק ניט לכתחילה
צו די טונקעלע און קאַלטע שויבן [ ]
איך האָב די אויגן מײַנע אויפֿגעה[ויבן]
ווי אין אַ ליידיקע, אַ קאַלטע שו[ל ]
און פֿאַרפֿלויגן
העט —
אויבן, אויבן, אויבן!
מיט אַ תּפֿילה,
אַ געבעט:
האַנדל!
געבראָכן און צעצויגן:
האַנדל!
מיט טרערן אין ד[י או]יגן:
האַנדל!
דער ער[שטע]ר "האַנד[ל"] מײַנער איז [צ]ו גאָט
"דײַן חסד, טאַטע־פֿ[אָט]ער, דײַן גענאָד! [ ]
אַ גרויסער הויף, אַ [ב]רייטער, קיין עין־הרע
[פֿאַרמאַ]כטע פֿענצטער אומעטום — אַ סבֿרה,
[ ] ניט קיינער אין דער היים פֿאַראַנען?
[ ] אַ גרויסע טאַקע, אָן אַ יאָדער...
[פֿון וו]אַנען זשע, פֿון וואַנען
[ ] קומען די ישועה, טאַטע־פֿאָטער!
[האַ]נדל!"
[ ]

[ י]ך אַ ייִד, {אַ פֿרעמדער} האָט
אַרײַנגעבלאָנדזשעט אין אַ פֿרעמדן הויף
ווי אַ ייִד אַ פֿרעמדער אין אַ פֿרעמדער שטאָט:

ווי עס פֿאַלט אַ שטערן פֿון אין־סוף
אין אַ פֿרעמדער וועלט
אַרײַנגעקומען, זיך אַוועקגעשטעלט,
אַ זײַל –
[ ] שטייט,
גיט מיט קיין אַקסל ניט קיין [צוק],
ניט מיטן קאַרק –
[ ] אַזוי אַ ווײַל –
[ ] קוק! קוק!
[ ] קיין הויף, אַ וויסטע!
[ ] קיי [ א ]–
[ ] און ברייט –
[ ] קיין הויז – אַ באַרג!
אַ פֿעלדז! און שטייט –
[ ] גאָטעניו, [אָ] גאָט –
[ווו] ביסטו?
[האַ]נדל, גאָט, אָ האַנדל!

[ ה]אָסט געהערט מיך גאָט,
יאָ, דו!
אַ פֿענצטער האָט
געגעבן פלו[צים] זיך אַן עפֿן אויף!
און... אַ פֿאַר[מאַך] זיך צו –
האַנדל!
איך [ג]יב טשעקאַווסן אַ קוק אַהין אַרויף,
וואַרף אַ דערשראָקענעם בליק –
פֿאַר וואָס האָט זיך געעפֿנט דאָרט [אַ] פֿע[נצטער]
און זיך פֿאַרמאַכט צוריק?
ס'האָט עמעצער געוואָלט וואָס און באַקומען ב[אַלד]
האַנדל!

ניין, ניט האַנדל,
איך האָב געוואָלט גוט מאָרגן זאָ[גן אײַך]

אײַך שכנים פֿון דעם הויף –
און האָב אַרויסגעשריִען פֿאָנפֿעוואַט[ע]
ניט גאָר שאַרף
און ניט ווי מיט מײַן קול
אַן איבעריקן מאָל –
האַנדל!
אַ רגילות אָט אַזאַ בײַ מיר: [האַנדל!]
איך שרײַ ניט וואָס איך וויל איך [שר]ײַ וואָס [ ]
האַנדל!
ס'הייסט גוט מאָרגן אײַך!
אײַך אַלעמען!
אין [אַל]ע שטיבער, ווו נאָר איר זע[נט]
צי אָרעם און צי רײַך,
צי [אויפֿגע]קומענע און [ ]
צי פֿאַ[רב]אָרגטע [ די ווי ]
צי מאַן און פֿרוי,
מעג זײַן אַ ייִד, מעג זײַן אַ גוי
אײַך אַלע גלײַך –
האַנדל!
גוט מאָרגן אײַך, [גוט מאָרגן,]

זעט, זעט, איך האָב צו אײַך דעם קאָפּ גע[ה]ויבן [ ]
האַנדל!
ס'איז אַ באַגריסונג אויך,
[ נג און] אַ שאָקל מיטן קאָפּ:
[ ]
[ ט] אויף [דעם] זעלבן לשון מיר אויך אָפּ:
[ ]

[ ] אײַך אַרויפֿגעשריִען האַנדל –
[ וואָלט אײַך אויסגעשטרעקט אַ האַנט!
[ ] ייִד, אָט סתּם אַזוי, זיך ניט אַוועק
[ ] הויף וו'אַ פֿלאָקן...

[ ע]וואָרפֿן, דאַכט זיך, ניט ווילנדיק אויף אײַך אַ שרעק,
[ ] אַוודאי [זי]ך דערשראָקן!
[ יטע] [שלום]־עליכם ייִדן!
{ס'הייסט} פֿרידן אויף אײַך, פֿרידן!
[ ] באַקאַנט!
[שלום־]עליכם, אַלע אײַך בײַנאַנד,
[ אַלע] ווינונגען! אויף אַלע שטאָקן
[ ]
[ ] אין ענגן און אין שמאָלן —
[ ] שלום־עליכם [!]
[ ]—
[ ] אַרויס!
קוקט אַרויס אויף דרויסן,
און ענטפֿערט מיטן זעלבן נו[ס]ח מיר: עליכם־שלום!
האַנדל!
און ווי[יסט] איר, ווייסט איר שוין וואָס איך בין אויסן

גוט מאָרגן אײַך! איך זאָג נאָך אַלץ גוט מאָרגן —
כאָטש ס'איז שוין גרויסער טאָג!
ענטפֿערט אָפּ מיר... ענטפֿערט וואָס [ ]
זידלט,ברידלט, שילט!
זאָגט: ווער דער[ש]טיקט און ווער [דע ]
אַבי זאָגט!
דער טאָג —
ער קוקט ניט וואָס איר האַלט די פּע[נ ]
און וואָס איר וואַרעמט זיך נאָך אַלץ בײַם [ ]
ער וואַקסט! ער וואַקסט! ר'וואַקסט
האַנדל!

אויב ניט די זון — צו אַל די ל[יכ]ט [ א ]
מאַך איך בײַ אײַך דאָרט באַלד [ ]
רײַס איך צו אײַך אַרײַן זיך און [פֿאַר ]
חלומות נאַכטיקע אין טאָגעדיקער [ ]

פֿינצטערניש אין ליכט –
איך כאַפּ אין זעקעלע דעם [ ]
גיס ליכטיק מיט אַ שײַן
אײַך אָפּ – :
האַנדל!

עפֿנט אויף די פֿענצטער! שטעקט אַרויס אַ קאָפּ
ווײַזט אַ געזיכט!
איך דאַרף אַ פּנים אין אַ פֿענצטער אַ געעפֿנטס
כ׳וועל שוין פֿון אַ פּנים צו אַ האַרצן טרעפֿן...
האַנדל!

[ ] ליגט נאָך אַלץ דאָרט אין דער פֿינצטער,
[און אָפּהענטיק] און מאַכטלאָז –
[ סתּם] דאָ... שטיין אַזוי סתּם,
[ [
[ ק]יין טעם קיין מינדסטן
[ ניט] קיין ט[עם]
[ ל!]
[ ב]רידער תּכלית!
[ [
[ ו]על ניט שטיין דאָ מער ווי אַ געטש!
[ ט] איר ניט וויסן וועמען ס׳קוועטשט
[ און ווער] און ווו עס קוועטשט?
{איך האָב צו גאָט אַרויפֿגעשריִען לכתּחילה –
איך האָב׳ס געמאַכט אַ ביסעלע צו הויך,
ווײַל כ׳האָב אויך אײַך געמיינט אָט מיט דער [תּפֿילה]
אײַך אויך!
אויף דער גוט מאָרגן מײַנער איז געווען [ ]
אַ תּירוץ נאָר, אַ תּירוץ
כ׳האָב טאַקע אײַך באַגריסט... יאָ פֿײַן, יאָ שיין –
איר דאַרפֿט [דאָ]ך אָבער סוף־כּל־סוף פֿאַרשטיין
מײַן מיין – }

[ יט] אַ מאָל אַראָפּנעמען די מאַסקע –
[ זן] זיך ווי כ׳בין: הא ג[בר]א והא טרא[ס]קא!
[וואָ]ס טוי[גן] מ[יר] די קונ[צן] אַלע און די פּאַקסן?
[ ]
[ ] טאַקע האַנדלי!
[ האַלט] אין איין וואַקסן –
[איך אַלץ] נאָך איי[ניטש]קער אַליין אין הויף,
[ וועק אײַך,] וועק
[האַ]נ[דלי!]
[ ] אַן עק!
איך [ק]ויף!

האַנדל[!]
איך באַוויַיז זיך סתּם אַזוי ניט אין די הויפֿן
כ׳הויב סתּם אַזוי [ז]יך ניט אויף שטיגן און אויף שטופּן,
איך קום ניט סתּם אַזוי אין פֿרעמדע הײַזער
איך בין געשיקט פֿון גאָט!
איך בין צו אײַך געקומען אַ דערלייזער,
אין זײַן נאָמען [ר]ופֿ איך, האַלט [איך ]
איבער אַלע הויפֿן:
האַנדלי!
{האַנדליי! האַנדליי!
איך גיי,
איך וואַנדל,
כ׳בין דאָ!
איך בין צו אײַך געקומען,
איך האָב זיך צוגעשטעלט
צו אײַך, איר אײַנוווינער
פֿון דאָזיקן פֿון גרויסן הויף
ווער דאַרף פֿון אײַך דאָ געלט?
ווער דאַרף אַ ביסעלע מזומן?
איך האָב! איך האָב!
רופֿט מיך אַרויף,

קומט, קומט צו מיר אַראָפּ —
איך קויף
אָפּגעטראָגענע רעקלעך
אַלטע שטעקשיך
טראַנטעס אָפּגעטראָגן,
צעדרילעוועטע זאָקן
אויסגעריבענע סקאַרפּעטן
קאַשקעטן,
לאַטעס
שמאַטעס
אַלץ!
איך שטיי אין הויף
און שריַי:
האַנדליי! האַנדליי!
איך שריַי!
עס איז מיר טרוקן שוין אין האַלדז!
קומט אַראָפּ איך קויף}
איך קויף, איך בין געקומען קויפֿן
וואָס נאָר איר האָט!
וואָס האָט איר?
אַלטוואַרג מיין איך, אַלטס,
לאַטעס
שמאַטעס!
אָניצעס און טראַנטעס —
מיט די ווערים, מיט די וואַנצן
אַלץ!
ווערט עס פּטור —

איַינוווינער ((ב]אוויַיזן זיך [מיט אַל]טוואַרג [ רעכטן איַינגאַנג] לינקס פֿון
האַנדל[אַרזש])

האַנדל[אַרזש] ס׳ק[ ק]ומט!...
[ ביז ]
מאַכט [אַ !]

אַהער, אַהער מיט דעם!

– שיט, שיט מיט האַק און פּאַק
אין זעקעלע צו מי[ר] צו מיר אין [ז]אַק.
אַהער, אַהער מיט דעם,
זיי וועלן האָבן גרוים... דאָ ליגן [דאָ אין פּאַק]
מיר וועלן געבן זיך מיט אייער אַלטוואַרג שוין אַן [עצה],
מײַן זאַק מײַן ייִדישער ער האָט אַ שם!
ער האָט באַקומען אי[ם] אין וואַנדערן –
אי ער און אי מײַן [פּל]ייצע...
זיי זענען איינע פֿאַר דעם אַנ[ד]ערן
ווי אָנגעמאָסטן, ווי באַשטעלט!
קוקט ניט וואָס דער זאַק מיר אונטער פּאַכווע
איז ניט אָנזעעוודיק, ניט קענטיק גאָר,
און קליין און [ש]פּאָר –
ער נעמט [אין] זיך אַרײַן אַ וועלט –
האַנדל!

[ע]פֿ[נט] אויף [די אַלטע] אײַער[ע] די [ש]אַנק!
[ג]יט [ קיין] וואַקל!
[נעמט אַרויס] פֿון [ש]אַנ[ק] די אַלטע זאַכן...
[אַלטע זאַכן – ] הענגען לאַנג –
[ ] טויטע אַ געשטאַנק....
[ ] אַנק!
[ ניט קיין וואַקל] –
[ זיי, מיט די אַלטע זאַכן]
[ טאַקע טאַקע] מאַכן,
[ ,] איך בין [אַ קונה] הכל –

[ הע]נ[ד]לער איז אין הויף צו אײַך געקומען – –
[ געטראָגענע], די בגדים,
[ געגעסענע פֿון מאָל – ]
[ ] פֿאַר יעדן אויסגעקראָכענעם פֿאָדים,
[ צאָל מזומן]!
[ ] קויף און צאָל!

[א]ה[ע]ר!
וו[אָס] נאָ[ר] אי[ר] [האָט],
וואָס איינ[ע]ר נ[אָר פֿאַרמאָג]ט—
אַהער!

מען טראָגט! מען טראָגט!
אַ מאַרינאַרקע—
פֿײַן!
מען דאַרף נאָר געבן זי אַ קער,
אַהין אַהער—
זי דאַרף ניט דווקא זײַן כּדרכּה
ז'מעג גרײַלעך זײַן
שלא כּדרכּה'דיק... פֿאַרדרייט
במחילה אויף דער צווייט[ער] זײַט...
ס'שאַדט ניט, ס'שאַדט ניט גאָר [ניט]—
ס'טראָגנ'ס אָפּט גאַנץ פֿײַנ[ע לײַט]
מען דאַרף ניט, ניין, קיין ב[עסע]רע
ניין, ניט קיין [ ]נערע—
און אַז איבערניצעוועט א[יז] וואָס?
דרײַ לאַטעס נאָ[ר:] איין גרעסערע—
צוויי קלענערע—
איך קויף!
וואָס ווילט איר פֿאַר דער מאַרינאַרקע?
אַ צענערל?
צי איז דער פּרײַז [ ] ניט צו שטאַרק
איך קויף איך קויף [!]
אַ רענדל אַראָפּ, אַ רענדל אַרויף—
איך קויף!

און דאָס וואָס איז? אַ קאַמי[זעלקע]
נו באַווײַזט! באַווײַזט!
זאָגט, שעמט זיך ניט [ ] פּרײַ...
אַליין אַ קאַמיזעלק[ע]—

איז אַזוי צו זאָגן אַ... קנאַפּער שמעלקע,
איז עפּעס ניט אַהער און ניט אַהין,
ס'איז אַ מיטן דרין!
ע[פּע]ס וואָס האָט קיין אָנהייב ניט און ניט קיין [ס]וף,
[ ]נדיר און [ ] קיין [ ]וף —
ן[ [
[ קו אַ ]... יאָ! געוויס! געוויס!

[ ! דאָס וואָס] איז?
[ אויסג]עריבענע [ רטקע — ]
[ [ה]ויזן, [ פּאָר אַלטע]
[ ע]לקע זיך געהאַלטן!
[ ] ניט די קײַל[ע]כדיק[ע] ערד,
[ ] גאָר נישט [ ] איך ב[ינ'ס] ניט משׂיג!
[ ] טאַק[ ] וואָס ווערט —
[ ] זיי [ ] ג[ע]וואַ[נ]ט... [סײַדן אוי]ף אַ פּאַסיק!
[ [
[ ] מיטן קאָפּ אַ [ ] טע... טע...
[ קאָפּ] אַ [ש]אָקל און מיטן אויג אַ שיקל —
[ ]...
[ ] באַוואָ[ר]נט זיי, די הויזן מיט אַ שטריקל!
[ ] די קאָ[מ]בינאַ[צ]יע אײַ[נ]ך [?]
[ ] באַצאָל איך פֿאַר דעם הויז
[ ] אויס!
[ ] ג[על]ט [און] [ק]ויפֿ[ט אײַ[ן] גלײַך
אַ נײַ[ע] פּאָר!
מי[ר] אַ[ז]אַ יאָר,
ווי [סט]ראָגן [אַ פּאָר] נײַ[ע] [הויזן] זיך!
גייט, טוט זיך [אי]בער [גיך ]
און ב[רענגט] די אַלטע הויזן מיר אַהער!
ווער — [ווע]ר —
מײַן ז[עקע]לע ווערט מיט די הויזן זיך ד[ע]רקוויקן,
מײַן זעקעלע [וו]י איך — האָט ליב אַנטיקן!

איך וו[ע]ל זיי א[י]ן מײַן זעקעלע באַהאַלטן,
און מיט אַ שטר[י]ק[ע]לע פֿ[אַר]בינ[ד]ן...
ס'געפֿעלן דײַנע הוי[ז]ן [מיר] די [אַ]לט[ע]
הויזן אָן אַ הי[נט]ן!
אַנשטאָט דעם הינטן – [לאַטע]ס צוויי –
ס'געפֿעלן מיר די לאַטעס!
איך באַצאָל באַ[ז]ונדער דיר פֿאַר [זיי]
די לויז נאָר און די פֿליי
זיי גיסטו [גר]אַ[ט]יס –
האַנדל!

איר זעט – כ'[האָב] אײַנגעה[אַנ]דלט
אַלטע ביַי אײַך [ ],
מײַן זעקעלע, [מ קיין]
האָט זיך פֿאַ[רוואַ]נ[דלט]
אין אַ לעבעדיקע [ז]אַך!
ס'איז פֿול, אַ [פֿולי]נק[ע]ר – אים קיין ביי[ז]
און דאָך –
ווי ס'וואָלט ניט [זײַ]ן גאָ[ר] קאָנ[ט]יק...
הפּנים, איר האָט נאָך
וואָס איבעריק עס איז, וואָס ס'טויג ניט...
דערמאָנט זיך נאָר, דערמאָנט [זי]ך –
איר אײַנגווינער אָט פֿון [ד]עם [וויסטן] הויף,
וואָס אַלץ איר האָט [ ] –
אַ מאַיאָנטיק!
מאַרינאַרקעס מענערי[שע ווײַבערישע רע]קלעך,
אויסגעדרילעוועטע [ קנ עך] און אָן העקלעך,
קאַמיזעלקעס אויסגערי[בע]נע, [פֿ]אַ[ר]פֿעצט[ע]
אויבן דאָרט, בײַם קאָלנ[ע]ר, האַרט צום [ק]אַרק...
איר האָט געשוויצט, הפּנים שטאַרק?
און אחרון, אחרון... די הויזנס אײַ[ע]רע, די ל[עצטע],
[ טע, הויזענעס פֿאַרד ]
[ ] –

]                                    ]!
]               ] גאָר נישט ק[אָ]נטיק!
]               קויפּט] מיר טאַק[ע], אַ סך! אַ סך!
]               [
]        דעם אַלטוואַרג] נאָך און נאָך...
[דער] אוצר אײַיערער [       ] נאָך גרויס,
]               ] גאָר ניט אויס
[ווי פּון] אַ קוואַ[ל]
]        ס'קער[ט] די גרינע גאַל...
]               ] מיר,
]   איז               אַלעם] מער —
]               [
]               [
]        פּאַ[רקוי]פּט מיר [טאַ]קע [פּ]אַרקויפּט אַ סך מיר —
]        ז]ײַט [זי]ך [מו]דה:
[ש        איז אָנגעל   ]מיר דער [ק]וי[ ],
[איך ה]אָב געשריִען: האַנדל!
[צ]ום קעלערשטוב אַראָפּ ביז אַזש צום בויד[ע]ם
געבעטן [זיך בײַ א]ײַך ווי בײַ גזלנים רחמים!
געקוקט, [געקוקט צו אײַך] אַרוי[ף]:
פּאַרקויפּט [   פּ]אַרק[ויפּט!
[און איר — ] ווי [    ] וואָ[ל]ט [ניט גע]הערט...
[זײַט] זי[ך מ]ודה!

אי[ך בין אַר]ײַנ[געפּ]אַלן הײַנט צו אײַך אין הויף
ווי אַ [ש]ט[יי]ן אַ שווערער, שווער —
א[י]ך האָ[ב] דערשראָקן אײַ[ײַ]ך וו'אַ דונ[ער] אין אַ קלאָרן וועטער
איר האָט [גע]מיינט איך ב[י]ן אַ בער,
כ'וו[ע]ל [אוי]פּ[ע]סן אײַ[ײַ]ך גאַ[נץ]
יעצט [זעט                    [
איר האָט אין טאַש בײַ [אײַך] אַ [גר]אָשן מער [        [
און ווייניקער אַ וואַנץ
האַנדל!

האַנדל –
דאָס זעק[ע]לע איז פֿול [שוין] אָנגעפֿיל[ט] גאַנץ [שפּאָר]
הגם ניט קאָנטיק גאָר!
ס׳איז פֿול מיט [ליַי]דן, ס׳איז אָנגעפֿילט מיט צרות
יעצט זאָגט מיר, [זאָגט]: וואָס האָט איר עס [ג]עדאַרפֿט?
איר האָט געד[אַרפֿט] עס [אויף] כּפּרות!

אָ ניט אומזיסט [ ] איך [ ]
געשריִען האַנדל[!– ] ווערט עס פּטור!
געשריִען האַנדל! האַנדל!
טאַטע־פֿאָטער.

יעצט זאָג איך איַיך דעם גאַנצן הויף
אַלע איַיך אין איינעם:
האַנדל! ס׳הייסט: זיַיט געזונט!
האַנדל: איך געזעגן [זיך] אַ[ז]וי מיט א[יַי]ך אַצונד,
יאָ, איך פֿאַרלאָז א[יַי]ך [ ]
האַנדל!
ס׳איז אַ וואָרט אַ[ז]אַ [ ] מיר [ ם]:
האַנדל!
אַזוי אָ [הויב] איך אָן עס און פֿאַרענדיק׳ס,
ס׳איז מיַין וואָרט מיַין ערשטס און ס׳איז מיַין [לע]צטס,
איך זאָג עס אויף דער וואָר און רוף עס אוי[ס] אין חלו[ם]...
[ ] זעק[עלע נטיק! גאָר ] קענטיק...
[כ׳ געטאָן ] עפּעס!
[ איַיך ] וועט ווייניקער באַדאַר[פֿ]ן
[ ]
[ ] אַליין ניט ווי [עס] אָפּצו[ש]אַ[צ]ן...
[ ]
[ ] איַיך דאָס זעקעלע העט־העט,
[ ] פֿאַר [ ]
אין מד[ברי]ות ו[ויס]טע וועל [איך ] וואַרפֿן,
פֿאַר קראָקאָדילן

זיי וועלן מיט ד[ ] זייער [הו]נגער שטילן,
אײַנ[ש]לינגען [ ] אײַערע [ ן] פּלאַצן.

[ ]
[ ] אַ... [ ]:
[פֿאַרבלײַבט געזונט, זײַט הײַטער,
[איר געזונטערהייט] א[ײַ]ך דאָ –
און [איך], איך [ וועג] מיר ווײַטער...
איך ווייס –
[א]יך האָ[ב] ניט [אָפּגעוו אין] גאַנצן אײַך דעם שווייס
איך ווײ[ס א]יך ווײ[ס] גאַנ[ץ] גוט –
ניט אָפּגעוו[ האָב איך ] אײַך דעם ברויט,
כ'[האָב געטאָן ד]אָ וו[ ]ס, צי מער צי ווייניקער –
איך גיי,
איך גיי פֿון דאַנען –
זאָל [נאָך] אַ ייִד [וואָ]ס דרייט זיך אין די הויפֿן
עפּעס וואָס [בײַ] אײַך דאָ קויפֿן
זאָל נאָך אַ ייִד אַ מצווה [דאָ] בײַ אײַך פֿאַרדינען,
אַ האַנדלאַר איז בטבע אַ פֿאַרגינער...
איך [בין אַ גאָט ]
עס [זײַנען ]
רייניק[ער] –
האַנדלאַרעס!
כמאַ[רעס,] גאַנ[צע כ]מאַר[עס ]
אַ מאָל [ ר]עס!

עס [ אײַך ]
אָט ד[ ]
עס [זאָל אײַך ]
איר האָט [ ]
[ווי די פֿאַר ]
עס זאָל [אי ]

יאָ, יאָ, [ ווי האַנדל ]
די זעלבע פּנימ[ער צ]עפּליקטע
און פֿון גאָט [ ]
מאַכט אַ וואַ[רע ]
פֿאַרקויפֿט ווי [אנ קיצבה]
פֿאַרגינט די מ[ מצווה]!
פֿאַרקויפֿט פֿאַר בר]ודן –
האַנדל –
אַ גוטן אײַך, אַ גוטן.

אַ פּראָטעסט־ליד, וועגן טויט פֿון פֿאָלקסדיכטער הערש דאַניעלעוויטש [הערשעלע], וועלכער איז געשטאָרבן פֿון הונגער אין וואַרשעווער געטאָ, פֿאַר אַפּריל – און ווי עס זעט אויס – אין חודש מערץ 1941. אין געטאָ, געווען געדרוקט אין אונטערערדישן ד ר ו ר, אייר – סיון תש״א < 26 טער אַפּריל – 25 טער יוני 1941>, נומ׳ 13 (7 – 8), ז׳ 38, און איז געווען אונטערגעשריבן פֿון: ח. גאָלדבערג – איינער פֿון י. ק׳ס אונטערערדישע פּסעוודאָנימען (זע: צ ו ק ר מ ן – מ ב פ נ י ם, י״ג, ז׳ 36). דאָס ליד באַשרײַבט, אין געגראַמטע פֿערזן, הערשעלעס לעצטן הונגער־וועג, און באַשולדיקט די וואָס האָבן דערלאָזט אַז אַ ייִדישער שרײַבער זאָל שטאַרבן פֿון הונגער.

דער זעלבער טעקסט, צוזאַמען מיט אייניקע אומפּינקטלעכקייטן וואָס געפֿינען זיך אין אים, איז אויך אָפּגעדרוקט געוואָרן נאָך דער מלחמה אין: ב ל ע ט ע ר פֿ אַ ר ג ע ש י כ ט ע, באַנד VII, 1954, העפֿט 2 – 3, זז׳ 208 – 209.

אין אונדזער אויסגאַבע דאָ, דרוקן מיר אָפּ דעם טעקסט, לויטן אָריגינעלן מאַנוסקריפּט, וועלכער דערמעגלעכט אונדז צו באַשטימען – צום ערשטן מאָל – די גענויע דאַטע ווען דאָס ליד איז אָנגעשריבן געוואָרן. די דאַטע איז פֿאַרשריבן פֿון יצחק קאַצענעלסאָנען בכּתבֿ־יד: וואַרשע 1/IV1941. אויפֿן כּתבֿ־יד איז קיין אונטערשריפֿט נישט פֿאַראַן.

אין ליד רופֿט י.ק. אָן נעמען און איז אויך מרמז אויף געזעלשאַפֿטלעכע טוערס וועלכע זײַנען געווען בכּוח הערשעלען אַרויסצוהעלפֿן מיט שטיצע, ער זאָל קענען ווײַטער לעבן. צו זיי האָט אָבער י.ק. קיין צוטרוי נישט געהאַט און ער פֿאַרשווײַגט נישט זײַנע טענות קעגן זיי. איבער אָט די דערמאָנונגען, צוזאַמען מיט די שאַרפֿע באַשולדיקונגען קעגן זיי בײַם סוף פֿון אַרטיקל וועגן הערשעלען (זע ווײַטער, נומ׳ 21), איז פֿאַרבעטן געוואָרן יצחק צוקערמאַן אין קהילה־ביוראָ פֿון דער אויפֿזיכט־קאָמיסיע איבער דער גאַנצער סאָציאַלער הילפֿסאַרבעט אין געטאָ, און דאָרט האָט מען אים ערנסט געדראָט מיט נקמה־נעמערײַ איבער די געדרוקטע טעקסטן אין ״דרור״ – (זע: צ ו ק ר מ ן – מ ב פ נ י ם, י״ג, ז׳ 35; זע אויך אין אַרײַנפֿיר צו ״יאַ מאַם לידלעך״, נומ׳ 21). אין די ביידע דערמאָנונג־ווערק איז אויך פֿאַראַן אַן אויטאָביאָגראַפֿישער אַספּעקט וואָס איז שייך צו י.ק׳ס אייגענע מעשׂים בעת הערשעלעס לעצטע טעג, און דער עיקר – די טראַגישע איבערלעבונג פֿון אָפּהענטיקייט און מאַכטלאָזיקייט אַרויסצוהעלפֿן הערשעלען, זײַן אַלטן גוטן פֿרײַנד.

דער כּתבֿ־יד געפֿינט זיך אין י.ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות, רעגיסטרירט מיטן נומ׳ KII/1033. נישט געקוקט אויפֿן צעשעדיקטן צושטאַנד פֿון כּתבֿ־יד, איז אונדז געלונגען אים פֿון דאָס נײַ צו דעשיפֿרירן, מיט דער הילף פֿון אַ קאָפּיע פֿאַרשריבן אין געטאָ אויף אַ שרײַבמאַשין, וועלכע האָט זיך אויך אָפּגעהיט אין י.ק.־אַרכיוו, צוזאַמען מיטן כּתבֿ־יד.

די דאַטע: I/IV 1941. שטייט פֿאַרשריבן אויף דער צווייטער זײַט כּתבֿ־יד, אויף וועלכער ס׳זײַנען פֿאַרשריבן געוואָרן די לעצטע אַכט שורות פֿון ליד. ווײַל דער סיום פֿונעם ליד איז פֿאַרשריבן אויף דער צווייטער זײַט, זײַנען סײַ די דאַטע און סײַ די לעצטע צוויי סטראָפֿעס – פֿאַרזען געוואָרן און געבליבן נישט דערמאָנט אין די ביבליאָגראַפֿישע רשימות (פֿאַרגלײַך: אין בלומענטאַלס רשימה, נומ׳ 19; און אין דער רשימה פֿון כּתבים אחרונים, תשכ״ט, נומ׳ 22).

## [די] כראָניק [פֿון הע]רשעלעס טויט

ערשט יענע [וואָך]: הערשעלע!
כ׳האָב אָנגעקוואָלן –
[״]האָסט נעבעך אַ ט[עות,]
איך בין גע[ש]וואָלן [...״]

מיט צוויי טעג שפּעטער
באַקום איך אַ צעטל:
״[אי]ך ליג אַ קראַנקער
אויף מײַן אויפֿלייגבעטל,

די דאָקטוירים הייסן
נאָר עסן, עסן... ״
איך וועל דאָס צעטעלע
ניט קיין מאָל פֿאַרגעסן!

״ווען אַפּלבוים שיקט פֿון
דער קיך זײַנער, גיטיקס
עטלעכע טעג מיר
נאָר עטלעכע מיטיקס...״

[אַ]פּלבוים אָבער
קען עס ניט [מאַכן]
דער נאַ[דז]אָר [קוקט] אויס
אויף אַזעלכענע זאַכן...

״ווען גיטערמאַן – [ווייסט] דאָך:
פֿון [דזשאָינט]... [גיי אַרי]בער
און [זאָג: כ׳האַלט בײַם] שטאַרבן,
גיי, ריי[ד] מיט [אים איבער]...״

גיטערמאַן... [וואַר]טן
אַ טאָג דאָ[רט] אַ לאַנגן –
און פּועלן גאָ[ר] נישט...
און כ׳בין נישט געגאַנגען!

מיט [צוויי טאָג שפּעטער]
האָט וו[אַרשע געקלונגען]:
ס׳איז [הערשעלע די]כטער
געשטאָ[רבן פֿון] הונגער.

[ב]אַלד נאָכן שטאַרבן –
האָט דערציילט [מיר] איינער –
איז אַראָפּ [דאָס גע]שווילסט אים
און אַרויס די ביינער.

די לוויה ז׳געוועזן
מיט דריַי טעג שפּעטער –
[ער] האָט געהאַט מזל,
[ס׳]אי געוועזן אַ שיין וועטער...

קום הערשעלע, הערשעלע
קום אַרויס פֿון קאַסטן,
עס איז אַ שיין וועטער,
עס לוינט צו פֿאַסטן...

ער איז ניט אַרויס שוין,
ר׳ באַוויַיזט [זיך] ניט ווידער;
ר׳האָט אי[בער]געלאָזן
טויזנט לידער.

הער[שעלעס יי]נגעלע
האָ[ט געזאָגט קדיש – ]

ניַיע [טרערעלעך – ]
תּתח[דש תּתחדש]!

ז[יי האָבן געקאַ]פּעט
אויפֿן אָפֿ[ענעם ס]ידור,
פֿ[ער]על[עך קל]אָרע
פֿון די טויזנט לידער.

זיַין [שוועסטע]רל וויי[נט] נ[י]ט
די שטייט [פֿאַרלאָזן] –
אויף וו[עמען, הערשעלע,]
[האָסטו אונדז געלאָזן?]

[טויזנט לידער]
[אַ] וויַיב און [צ]וויי קינדער –
און אויפֿן בית־עולם
דעם טאָג, [דעם] לינדן.

וואַ[רשע] 1941 1/IV

## אַרײַנפֿיר 21

צוזאַמען מיט יצחק קאַצענעלסאָנס ליד "די כראָניק פֿון הערשעלעס טויט" (זע: נומ׳ 20), איז דער אַרטיקל – אַ מין הספד צום טויט פֿון פֿאָלקספּאָעט הערש דאַניעלעוויטש. געווען געדרוקט אין דער אונטערערדישער פּרעסע, אין: ד ר ו ר, אייר – סיון תש״א <26 טער אַפּריל – 25 טער יוני 1941>, נומ׳ 13 (7 – 8) זז׳ 34 – 36, און איז געווען אונטערגעשריבן פֿון: י. דאַווידזאָן – י.ק׳ס אַ פּסעוודאָנים (זע אויבן, אין אַרײַנפֿיר צו נומ׳ 7). ביידע ווערק בילדן צוזאַמען איין שאַרפֿן פּראָטעסט קעגן דער וואַרשעווער ייִדישער געזעלשאַפֿטלעכקייט, וועלכע האָט גאָרנישט געטאָן כּדי הערשעלען אָפּצוראַטעווען פֿון טויט דורך הונגער.

דאָס ליד און דער אַרטיקל האָבן אַרויסגערופֿן אַ גרויסן כּעס בײַ די קהלה־אָנגעשטעלטע, אין דער אָפּטיילונג פֿאַר סאָציאַלער אַרבעט אין געטאָ (זע אויבן, אין אַרײַנפֿיר צו נומ׳ 20). די דירעקטע דראָונג פֿון קהילה־באַאַמטע אויף יצחק צוקערמאַנען און זײַנע חבֿרים אין דער "דרור"־באַוועגונג, האָט אַרויסגערופֿן אַ געזעלשאַפֿטלעכע קעגנרעאַקציע: אין זעלבן טאָג איז אַוועק אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, אין וועלכער ס׳האָט זיך אויך באַטייליקט דער היסטאָריקער יצחק שיפּער, צום ראש פֿון דער אויפֿזיכט־קאָמיסיע פֿון דער אָפּטיילונג פֿאַר סאָציאַלער אַרבעט אין געטאָ – דעם אַדוואָקאַט גוסטאַוו וויעליקאָווסקי, און אים געוואָרנט צו זײַן אָפּגעהיט אין זײַן האַנדלונג (זע: צוקרמן – מבפנים, י״ג, ז׳ 35).

הערשעלע איז געשטאָרבן אַ געשוואָלענער פֿון הונגער. דאָס אַרויסציִען פֿון הונגער־געשוויר איינעם פֿון די צענער טויזנטער אַזעלכע קראַנק געוואָרענע, האָט דאַן באַדאַרפֿט אָפּקאָסטן אַ פּאָר טויזנט גילדן. דערפֿאַר איז כּמעט שטענדיק זייער גורל געווען געחתמעט פֿון פֿאָרויס (וועגן הערשעלעס לעבן און טויט אין געטאָ, זע: אויערבאַך (1974), זז׳ 219 – 226 און פֿאַרגלײַך דאָרט, ז׳ 317).

קיין כּתבֿ־יד איז פֿון י.ק׳ס אַרטיקל נישט פֿאַרבליבן, מיר דרוקן דאָ דעם טעקסט לויטן דעשיפֿרירטן אָפּדרוק פֿון טעקסט אין "דרור" וואָס איז רעגיסטרירט אין י.ק.־אַרכיוו פֿון בית לוחמי הגיטאות מיטן נומ׳ KII/1605.

## „יאַ מאַם לידלעך!“

(צו הערשעלעס טויט)

הערשעלע! דאָס ליכטיקע, קלאָרע, בלוי־אויגיקע פֿאָלקסלידל, אײַנגעוויקלט אין לאַטעס, שמאַטעס און טראַנטעס, די פּערל, די אויסגעשמירטע אין בלאָטע און שליכאָטע – ער וועט שוין מער נישט טאָפּטשען פֿון הענריקאָוו אַהער צו, קיין וואַרשע, און פֿון וואַרשע צוריק קיין הענריקאָוו...

ער וועט נישט מער אַ הונגעריקער כאָטש "אָנגעלאָדן מיט אַלעם גוטן", מיט ברויט, מיט פֿלייש,

מיט פוטער און קעזן, באַוויַיזן זיך בײַ זײַנע אָפּנעמער און פֿאַרנאַכט פֿאַרקירעווען אַ הונגעריקער אַהיים אָנגעלאָדן מיט געלטער פֿאַרן בעקער, פֿאַרן פֿליישער, פֿאַרן געוועלבער און... ווער ווייסט צי עס איז געבליבן אַ גילדן פֿאַרן ווײַב און קינדער?

הערשעלע האָט געהאַנדלט.

— — — — — —

ער האָט נישט געטאָרט האַנדלען, ער האָט נישט געטאָרט אַרומלויפֿן נאָך עטלעכע אָרעמע גראָשנס — ער האָט עס נישט געקענט, ער איז נישט מסוגל געווען דערצו, אַ שלעכטער סוחר געווען און נאָך אַן ערגערער שנאָרער —

די וואָס האָבן דעם אייגנאַרטיקן, באַגאַבטן הערשעלען דערצו דערלאָזט זײַנען נישט קיין גאָר שלעכטע סוחרימלעך, נאָר סוחרימלעך וואָס זײַנען שלעכט און טעמפּ, שנאָרער אָבער זײַנען זיי גרויסע, שנאָרער פֿאַר עקסעלאַנס!

הערשעלען האָט מען אַפֿילו אין דעם ענגן געטאָ באַדאַרפֿט פֿאַרזאָרגן מיט אַ גרויסע[ר] שטוב, די ווײַב און קינדער מיט אַ שטיקל ברויט און אים, מיט אַ טיש און שטול, מיט אַ לעמפּל, און — שרײַב!

ווי די שונמית אלישע הנבֿיאן — מיט אַן אַלקער!

הערשעלע — ווי אלישע הנבֿיא, האָט קיין סך נישט באַדאַרפֿט... הערשעלע האָט באַדאַרפֿט אַ קאָפּעטשקע מער, נישט חלילה פֿאַר זיך, נאָר פֿאַרן ווײַב אוןביידע קינדערלעך... פֿאַר אים איז געווען געגנוג דאָס לידל! און מערער ווי פֿאַר אים — פֿאַר אונדז!

קיין סך הערשעלעך זײַנען בײַ אונדז נישטאָ! עס זײַנען דאָ פּיפּיקערע, אָפּגעפּוצטערע, גלאַנציקערע. ער איז אָבער געווען עכט, ער האָט זיי אַרויסגעגראָבן די ברילִיאַנטן זײַנע, די טײַערע שטיינער מיט דער בלאָטע פֿון ערדס אינגעווייד, די קונסט פֿון פּוצן זיי האָט ער נישט געקענט, נישט זיך, נישט די "לידלעך" זײַנע האָט ער געפּוצט!

מיר זײַנען קיין מבֿינים נישט געווען אויף אים, נישט אויף זײַנע לידער. מיר האָבן זייביידן נישט געזען.

זאָל ער מיר מוחל זײַן, פּרץ... מיט אַ יאָר עטלעכע און דרײַסיק איז עס געווען, מיר זײַנען בײַ אים, בײַ פּרצן געזעסן, אַ גאַנצע חבֿריה, האָט מען אָנגעקלאַפּט צו אים אין טיר... פּרץ איז אַרויס עפֿענען און געלאָזן די ברייטע טיר צו דער קאָרידאָרקע אָפֿן, ער האָט געעפֿנט דעם אײַנגאַנג פֿון גאַס און ס'איז אַרײַן אַ נידעריק בחורל מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם היטל כּמעט ביז די בלויע אָבער נישט גױיִשע אויגן... פּרץ האָט אים אָבער נישט דערקענט און געפֿרעגט אויף פּויליש:

— צאָ פּאָטזשעבויעש?

— יאַ מאַם לידלעך! — האָט אים דאָס בחורל געענטפֿערט.

ס'איז געווען הערשעלע. פּרץ האָט אים לכתּחילה נישט דערקענט.

נאָך אַ מאָל האָט ער אים נישט דערקענט. איך בין געזעסן מיט פּרצן און מיט נאָך אין אַ לאָזשע אין טעאַטער. צווישן איין אַקט און אַ צווייטן איז אַרײַן הערשעלע. הערשעלע האָט אַ ביסל אומגעלומפּערט אַ פֿרעג געטאָן וועגן זײַנע עטלעכע לידער, וואָס פּרץ האָט אָפּגעדרוקט אין זײַנער אַן אויסגאַבע.

ער האָט זיך טאַקע נאָר געפֿרעגט אומגעלומפּערט אויף זײַנע לידער, הערשעלע, די אומגעלומפּערטקייט האָט אָבער געהאַט גאָר אָ באַזונדערן חן, דעם חן פֿון ״יאַ מאַם לידלעך״... פּרץ האָט אים אָבער אין טעאַטער־טומל, אין טומל פֿון ״בין אַקט לאַקט״ נישט פֿאַרשטאַנען און האָט אים, הגם מיט אַ שמייכעלע אָבער פֿרעמד אַ זאָג געטאָן: ווילט איר האָנאָראַר!

אַרײַנגעשטעקט דערבײַ זײַן האַנט אין הויזן־קעשענע, אַריסגענומען אַ הויפֿן רוסישע רובלס און דערלאַנגט אים—

הערשעלע האָט דאָס געלט נישט גענומען, ער האָט זיך אויסגעדרייט און אַרויס פֿון דער לאָזשע אָן אַ זײַ־געזונט.

פּרץ מיט די ליכטיקע אויגן האָט אים ווידער נישט דערקענט— ער איז נישט געווען קיין שנאָרער, הערשעלע!

דער עול־פּרנסה, די דאגה די אייביקע פֿאַר דער משפּחה האָט אים גענויט, געצוווּנגען אַראָפּצולאָזן פֿון זײַן ווירדע, זײַן נישט צוגעפּאַסקייט צו דער טאָג־טעגלעכקייט, צום לעבנסאַרט, צו דער וואָכעדיקייט פֿון דער גאַס האָט אים אַראָפּגעפֿירט פֿון הערשעלע־וועג. ער האָט זיך נישט פֿאַרלאָרן, נאָר אַזוי ווי ער וואָלט זיך פֿאַרלאָרן... ער איז געבליבן אין זײַן באַציִונג צום ליד, צום בוך, צו שריפֿטשטעלערס דער זעלביקער... דאָס גרויע לעבן, דער גרויער ״אַרום אים״ האָט אים געשטערט... און דאָך— ער האָט געלאָזן אַ גרויסע ירושה—

אַך, ווען הערשעלע ווייסט די קונסט פֿון שלײַפֿן!...

צו ריינע, אמתע קונסט ווען מען קען נאָך די קונסט פֿון דאָ אַ גלעט טאָן, פֿון דאָ אַ קראַץ טאָן, דאָ אַ לעק טאָן און דאָ אַ מעק טאָן— און מיר וואָלטן אים דערזען, הערשעלען!

הערשעלע איז אויסגעגאַנגען פֿון הונגער, ער איז נישט שולדיק. ער האָט נישט געוואָלט, ער האָט זיך נישט געלאָזט, ער האָט זיך געאַמפּערט, געקלאַפּט אין טירן, נישט שטאַרק, שטאַרק האָט ער נישט געקענט, נישט געוווּסט ווי אַזוי...

עמעצער, אַ טוער אין אַ וווילטעטיקייטס־אַנשטאַלט האָט געזאָגט צו אַ צווייטן טוער, אַ קלענערן: גיט הערשעלען פֿינף זלאָטעס. — האָט הערשעלע געוואַרט, געוואַרט אויף דעם עטלעכע שעה... דער צווייטער טוער, דער קלענערער האָט געהאַט אַ צען־זלאָטע שטיק און האָט עס בשום אופֿן נישט געקענט בײַטן...

הערשעלע איז געשוואָלן געוואָרן פֿון הונגער. ער איז אַרומגעלאָפֿן אַ געשוואָלענער, צוגעכאַפּט זיך צו אַ שטיקל ברויט, צו אַ גלאָז טיי מיט סאַכאַרינקע, אַרויסגענומען אַ דיקן נאָטיצביכל און

אַרויסגעלעזן פֿון דאָרטן לידער – נישט געפּיַילטע, נישט געשליפֿענע – אָבער לידער! הערשעלע־לידער, עכטע.

עכטע לידער – זיי מעגן זיַין שלעכט, איין שורה אָבער אין זיי באַצאָלט מער ווי אַ גוט לידל ביַי מיטלמעסיקייטן.

הערשעלע איז פֿאַר דער ציַיט אַוועק פֿון דער וועלט. ער וואָלט זאַטערהייט געלעבט און געלעבט... הערשעלע איז זאַט געוואָרן מיט אַ טרוקן שטיקל ברויט.

פֿון זופקעס האָט ער נישט געהאַלטן, אַ זופקע האָט אים קנאַפּ וואָס געגעבן .. האָט מען אים מכבד געווען מיט אַ טעלער זופּ – איז מהיכא־תּיתי, צו אַ שטיקל ברויט קומט עס אָבער נישט... אַ שטיקל ברויט איז אין הערשעלעס האַנט נישט צעלומעט געוואָרן, אַ קרישעלע איז נישט געגאַנגען לאיבוד, נישט אַראָפּגעפֿאַלן חלילה אויף דר׳ערד, נישט צוגעקלעפּט זיך צו אַ פֿינגער, נישט געבליבן הענגען אין אַ ווינקל פֿונעם מויל. ער האָט עס, דאָס שטיקל ברויט אינגאַנצן פֿאַרצערט – עס איז אָבער געווען קנאַפּ... וואָס אַ טאָג קנאַפּער. איך האָב אים געזען אַ צען טעג פֿאַרן שטאַרבן אין אַ קיך, אַ צעטומלטן אַ ביסל... האַ? וואָס?...

ער האָט נישט געפֿרעגט און געוואַרט אויף אַן ענטפֿער. ער האָט געקוקט קינדיש פֿאַרוווּנדערט: האַ?

ס׳איז געווען אַ בליק, אַ טאַמלעניש פֿון יענער וועלט... ס׳איז אַדורכגעדרונגען, דורכגעשפּאַרט דאָס געיוירענע געשווילעכץ... ס׳איז שוין נישט געווען הערשעלע! איך האָב מיך אַזש דערשראָקן... דאָס יענעוועלטיקע פֿון אַ געשוואָלענעם פּנים דערשרעקט... איך זע יעדן טאָג טויטע אויסגעצויגן אויף די גאַסן, איך זע זיי פֿאַלן, און – לאָמיר רעדן פֿון אַנדערע אומעטיקע זאַכן, פֿון אומעטיקערע, פֿון שרעקלעכערע זאַכן, פֿון הערשעלען, צען טעג פֿאַר זיַין שטאַרבן –

העלפֿן האָב איך אים נישט געקאָנט אין יענעם מאָמענט מיט גאָרנישט, און האָב זיך אָפּגערוקט – וויַיל ס׳איז נישט געווען הערשעלע, נישט אונדזער הערשעלע! הערשעלע פֿון יענער וועלט איז דאָס געווען! אַ גאַסט...

איך וועל זיך עס קיין מאָל נישט שענקען!

וואָס אייגנטלעך? וואָס וועל איך זיך נישט שענקען? איך בין שולדיק אין אַ סך זאַכן. איך האָב אַ פּרוי, און קינדער האָב איך, און נאָך נאָענטע, און אַ האַלבער מיליאָן יידן לויפֿן מיר אַדורך פֿאַר די אויגן אויף דער קאַרמעליצקע, קאַנדידאַטן, קאַנדידאַטן, פֿאַר וועלכע איך וואָלט באַדאַרפֿט עפּעס טאָן, באַדיַי אומקומען און העלפֿן זיי מיט עפּעס וואָס –

אין הערשעלעס טויט בין איך נישט שולדיק.

הערשעלען דאַרפֿן אַנדערע האָבן אויפֿן געוויסן...

די, ביַי וועמען ער האָט געבעטן אַ פֿינפֿערל צי נאָך וויַיניקער – האָבן אים געדאַרפֿט געבן – טויזנט! טויזנט זלאָטעס אויף ברויט...

איר ווייסט דאָך יאָ, איר הערן, צו וועלכע הערשעלע מיט די געשוואָלענע, פֿאַראייטערטע פֿון

ווונדן פֿיס האָט אָנגעקלאַפּט, איר ווייסט דאָך יאָ וואָס און וויפֿל מען דאַרף האָבן אויף זאַט אָנעסן זיך...

איר האָט אים צוגעוואָרפֿן, הערשעלען די עטלעכע זלאָטעס און אַ שמייכל געטאָן אין אײַער אינגעווייד אויף **באָנטשע־שווײַגס** השׂגות...

הערשעלע, מײַנע ליבע הערן, איז חשובֿער פֿון פּרצעס העלד. הערשעלעס השׂגות וועגן "די בולקע מיט פּוטער" זײַנען טאַקע געגליכן צו די באַגריפֿן פֿון באָנטשע־שווײַג... הערשעלע אָבער האָט לידער.

יאַ מאַם לידלעך! ס'הייסט עפּעס וואָס פֿון דער אייביקייט, פֿון הימלזאַכן אויף דער ערד.

איר מעגט עס האָבן אויפֿן געוויסן! איר האָט אין אײַער טעמפּקייט און אין אײַער אָנאַחריותדיקן האַנדלען, נישט אָפּגעהיט גאָטס פֿײַער אויף דער ערד, אין וואַרשע, אין ענגן, יידישן געטאָ.

האָט עס אויף אײַער געוויסן.

י. דאַווידזאָן.

## אַרײַנפֿיר 22

באַקאַנט אין געטאָ אויך מיטן נאָמען ״אין קעלערשטוב״. נאָך דער מלחמה איז דאָס ליד געדרוקט געוואָרן אין: בלעטער פֿאַר געשיכטע, באַנד VII, 1954, העפֿט 2־3, זז׳ 206־208. דאָס ליד איז געשריבן געוואָרן דעם ערשטן מאַי 1941. קיין כּתבֿ־יד איז נישט פֿאַרבליבן. דער טעקסט פֿון ״בלעטער פֿאַר געשיכטע״ איז געדרוקט געוואָרן אויפֿן סמך פֿון אַ שרײַבמאַשין־קאָפּיע, אָן אַן אונטערשריפֿט, און דאַטירט ווי אויבן דערמאָנט. די קאָפּיע געפֿינט זיך אין צווייטן טייל פֿון רינגעלבלום־אַרכיוו אין ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע (זע: דאָרט, אין דער הערה אויף זײַט 206; פֿאַרגלײַך: מאַרק (1954), ז׳ 93).

ס׳איז מן־הסתּם קיין צופֿאַל נישט וואָס יצחק קאַצענעלסאָנס אייניציק ליד וועגן סאָציאַלע קעגנזאַצן און עקסטרעמע ווידעראַנאַנדן צווישן אָרעם און רײַך אין געטאָ, איז געשריבן דווקא דעם ערשטן מאַי 1941. י.ק׳ס ״דער באַל״ ווערט גדעדנקט און אויך דערמאָנט אין פֿאַרבינדונג מיט מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַס אַ ליד מיטן נאָמען ״אין קעלער שטוב״, צוליב די געוויסע ענלעכקייטן וואָס זענען פֿאַראַן צווישן די ביידע (זע: מאַרק (1954), ז׳ 97).

איינע פֿון די הויפּט־סיבות פֿון מאַסנטויט אין געטאָ, איז געווען דער טויט פֿון הונגער, מיט וועלכן עס זײַנען אויסגעגאַנגען שווערע טויזנטער אַ יאָר. אין יאָר 1941 אַליין זײַנען געשטאָרבן אין געטאָ איבער 10% פֿון די אײַנוווינער (אַרום 43.000 ייִדן), דער עיקר מחמת הונגער (זע: Choroba głodowa, badania kliniczne nad
głodem wykonane w getcie warszawskim w.r. 1942. Warszawa 1946)

אין ״דער באַל״ באַלײַכט י.ק. נישט די אַזוי גערופֿענע ״קלאַסן ווידעראַנאַנדן״ צי די אַזוי גערופֿענע ״סאָציאַלע יודנראַטישע אונטערדריקונג״, נאָר ער באַשרײַבט אַ טראַגישע טאָג־טעגלעכקייט אין איר צעקרימטקייט און זינלאָזיקייט. נישט מיט כּעס, נאָר מיט ווייטאָג און פֿאַרביטערטקייט באַשרײַבט ער דעם טויט פֿון אַ משפּחה פֿון דרײַ נפֿשות, דרײַ פֿון גאַנצע 3.821 וואָס זײַנען געשטאָרבן אין געטאָ מיט אַן ענלעכן טויט – במשך דעם חודש מאַי 1941. ער טוט דאָס אויפֿן פֿאָן פֿון אַ בילד וועגן אַ וווילטעטיקייט־באַל פֿון אַ הויז־קאָמיטעט אין געטאָ לטובֿת די נויט־באַדערפֿטיקע פֿון דעם הויף. די הילף קומט אָבער צו שפּעט, ווײַל דער טאַטע, די מאַמע און דאָס קינד – שטאַרבן אויס אייניציקווײַז אין קעלערשטוב בעת דער באַל איז אין פֿולן גאַנג אויפֿן אייבערשטן שטאָק.

אין ״דער באַל״ מיינט נישט י.ק. אַרויסצוטרעטן דווקא קעגן דעם ״טאַנץ צווישן מתים״ (זע אין בונדישן אונטערערדישן: ביולעטין, 20.12.1941, ז׳ 15) פֿון צענדליקער פֿאַרווײַלונגס ערטער – קאַפֿעען און קלובן מיט רעסטאָראַנען, ווּו אַ קליינע מינדערהייט פֿון געטאָ־״גדולים״ (רײַכע שמוגלערס, מיטגלידער פֿון דרײַצענטל און פֿון דער ייִדישער פּאָליציי, אייניקע יודנראַט־אָנגעשטעלטע און אַפֿילו פּאָלאַקן און דײַטשן) האָבן זיך געלאָזט ווילגיין (זע: גוטמן (1977), ז׳ 138). זײַנע לידער־שורות באַשרײַבן אַ ״נאָרמאַלערע״ דערשײַנונג, און דערפֿאַר אַ טיף־טראַגישע – די אומבאַהאָלפֿנקייט פֿון אַ ייִדישער אַליינהילף וועלכע איז געבויט אויף פֿילאַנטראָפּיע און איז אומפֿעיִק צו דעריאָגן דעם טויט.

דער צווייטער פֿערטל פֿון יאָר 1941 איז געשטאַנען אונטערן צייכן פֿון אַ שטאַרקער פֿאַרגרעסערונג פֿון דער שטאַרביקייט אין פֿאַרגלײַך מיטן יאָר 1940. דאָס איז געווען דער אָנהייב פֿון דער תּקופֿה פֿון פֿאַרשטאַרקטער ״אומדירעקטער אויסראָטונג״ (זע: גוטמן (1977), ז׳ 82), און ״דער באַל״ האָט באַלויכטן און פֿאָרמולירט די געפֿילן וועגן – און די השׂגות אויף – דער דעפֿאָרמירטער געטאָ־ווירקלעכקייט

און אירע גרוילן (זע אויך ווײַטער אין י.ק׳ס "לידער פֿון הונגער", נומ׳ 23).

דאָס ליד און דער אינהאַלט זײַנען געווען ברייט באַקאַנט אין געטאָ, און געלעבט אין זכּרון פֿון י.ק׳ס פֿרײַנד וועלכע דערמאָנען דעם אינהאַלט אין זייערע זכרונות, נאָך איידער ס׳ווערט געדרוקט צום ערשטן מאָל (זע: לוין, ל., ז׳ 647; צוקרמן – מבפנים, י״ג, ז׳ 32; און פֿאַרגלײַך אין בלומענטאַלס רשימה, ז׳ 188, הערה נומ׳ 10). מיר דרוקן דאָ דעם טעקסט, נישט בלויז לויט "בלעטער פֿאַר געשיכטע" ווו דער טעקסט איז אַ פֿאַרגרײַזטער, נאָר אויך לויט אַ פֿאַקסימיליע פֿון דער געבליבענער שרײַבמאַשין־קאָפּיע, דעם פֿריסטן מקור וואָס האָט זיך אָפּגעראַטעוועט – רעגיסטרירט אין י.ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות מיטן נומ׳ KII/3671.

## דער באַל

### א

אין קעלער איז שטאָק פֿינצטער
און ליכטיק אויף אַ שטאָק,
פֿרייט מען זיך אין קעלער –
דאָרט לײַכט זיך ווי בײַ טאָג!

אין קעלער איז אַ הונגער,
מען קוקט אַרויף צום זאַל –
פֿרייט מען זיך אין קעלער:
דאָרט אויבן איז אַ באַל...

די טעלער קלאַפּן – קלאַפּן,
אַ טומל דומפּ פֿון געסט.
פֿרייט מען זיך אין קעלער.
מען טרינקט דאָרט און מען עסט.

מען עסט דאָרט און מען טרינקט דאָרט
מען טשאַמקעט מיטן מויל.

פֿרייט מען זיך אין קעלער:
וויל אונדז, וויל, אָ וויל!

מען עסט דאָרט און מען טרינקט דאָרט
פֿון אָנהויב נאַכט ביז שפּעט —
עס איז צום באַל נעקומען
דער נאַנצער קאָמיטעט,

די איַינוווינער פֿון דירות,
פֿון ריַיכע קליין און גרויס,
זיי וויַילן זיך לטובֿת
די אָרעמע פֿון הויז.

עס זענען אויך געקומען
פֿאַרבעטענע דאָרט געסט —
פֿרייט מען זיך אין קעלער,
מען טרינקט דאָרט און מען עסט.

ב

אָ טאַטעניו, ניט גוסע,
פֿון אויבן פֿאַלט אַ שיַין;
הער, הער: מען עפֿנט פֿלעשער,
מען טרינקט עס דאָרטן וויַין.

ס׳איז ניט קיין שאָס... אַ פּראָפּן
שפּרינגט אַרויס פֿון פֿלאַש;
הער, הער נאָר די לחיימס
צו יעדן גלעזל יי״ש.

אָ נישט פֿאַרגלאָץ די אויגן
און קוק ניט אַזוי טריב —
מען עסט לטובֿת אונדז דאָרט,
מען טרינקט דאָרט אונדז צוליב.

אָ מאַמעניו, ניט חלש,
פֿון אויבן פֿאַלט אַ גלאַנץ;
הער קלאַנגעגן פֿון אַ פּיאַנע,
מען דרייט זיך דאָרט אין טאַנץ...

דער קעלער פֿרייט זיך... קינד מײַן,
די אויגן נישט פֿאַרגלייז —
די הערן און די דאַמען,
זיי דרייען זיך אין קרײַז...

ג

פֿאַרגלייז ניט קינד, די אויגן,
וואַרט ביז ס'ווערט טאָג... וועסט זען —
דאָרטן אויבן איז דאָך ליכטיק,
דער טאַנץ אין פֿולן ברען.

ניט חלש, אַך, ניט חלש,
אָ מאַמע, מאַמע ליב!
מען טאַנצט לטובֿת אונדז דאָרט,
מען טאַנצט דאָרט אונדז צוליב...

אין קעלער איז שטאָק פֿינצטער,
מען פֿרייט זיך אין דער שטיל:
מען האָט זיך שוין אין זאַל דאָרט,
געזעצט צום קאָרטנשפּיל...

אָ קינד, מײַן קינד, אָ שטאַרק זיך,
די אויגן ניט פֿאַרגלייז —
ס'האָט ווער נעבעך נײַנטלעך,
דערפֿאַר אַ צווייטער טײַז...

ניט ציטער... קוים פֿאַרשפּילט ווער,
איז דאָ דאָרט ווער ס'געווינט...

שפּיל איז אַ בלינדער צופֿאַל,
עס איז אַ גורל בלינד...

איינער שטאַרבט פֿון הונגער,
דער צווייטער שטאַרבט ניט, ניין.
עס קאָן דאָך ניט אין קאָרטן
אַלעמען גוט גיין...

פֿאַרשפּילן איז ניט נאַריש,
געווינען ניט קיין קונץ —
מען שפּילט דאָך ניט פֿאַר זיך דאָרט,
מען שפּילט דאָך דאָרט פֿאַר אונדז!

אָ טאַטעניו, ניט גוסע,
אָ מאַמעניו, ניט שטאַרב!
אָ עפֿן קינד די אויגן —
מען שפּילט דאָרט דרייסט און האַרב!

אין קעלער איז שטאָק פֿינצטער
און אויבן שטאָק איז העל —
אין קעלער — שאַ, ס׳האָט ווער דאָרט
אויסגעהויכט זיין זעל...

אין קעלער איז שטאָק פֿינצטער,
אַ צווייטער שטאַרבט דאָרט אָפּ —
און אויבן — שפּילט מען, שפּילט מען
עס שווינדלט אַזש אין קאָפּ...

אין קעלער איז שטאָק פֿינצטער —
דאָס קינד גייט אויס אין נויט;
און אויבן שפּילט מען, שפּילט מען
אויף לעבן און אויף טויט.

מען שפּילט דאָרט אָן רחמנות,
מען גייט וואַבאַנק, וואַבאַנק!
אין קעלער הויבט אָן גרויען,
עס דויערט שוין ניט לאַנג —

באַלד שײַנט די זון אויף מענטשן,
פֿאַר אַלעמען פֿאַר אַל׳
אין נאַסן, קאַלטן קעלער
פֿאַלט אויך אַרײַן אַ שטראַל...

אין נאַסן, קאַלטן קעלער,
ווערט ווערן ליכטיק אויך —
עס מאַכט דאָרט ניט קיין אויסנאַם
די זון דאָרט, אין דער הויך...

די זון איז אויפֿגעגאַנגען,
גיסט אָפּ מיט ליכט דאָס הויז —
דעם קעלער היפּט זי איבער,
זי מײַדט דעם קעלער אויס...

פֿאַר וואָס? פֿון וואַנען ווייסט זי
אין דער פֿריִער שעה,
אַז אין גראָען קעלער
איז קיינער שוין נישטאָ?...

די זון איז אויפֿגעגאַנגען
שוין פֿון אַ צײַט, אַ צײַט —
דער קעלער ליגט אין שאָטן,
זי קוקט ניט אין זײַן זײַט —

דער קאָמיטעט איז צען מאָל
בעסער פֿאַר דער זון!

דער קאָמיטעט ער ווייסט שוין,
וואָס ער האָט צו טון...

ער טראָגט אַרײַן אין קעלער
אַליין דער פּרעזעס, זעט!
אַ צענערל אַ גאַנצן,
אַ דאַנק אים... כאָטש צו שפּעט!

דער טאַטע איז געשטאָרבן,
די מאַמע איז שוין טויט,
דאָס קינד האָט ניט דערוואַרט זיך
אויף אַ שטיקל ברויט...

אומזיסט אַ נאַכט אַ גאַנצע
געפֿרייט זיך אין דער שטיל,
אומזיסט דער באַל געוועזן
אומזיסט דער קאָרטנשפּיל.

ה

און אַז די נאַכט האָט ווידער
גענידערט פֿון דער הויך —
איז שטיל געווען אין קעלער
און אויפֿן שטאָק דאָרט אויך.

עס האָט זיך ניט געגאָסן
פֿון פֿענצטער העל אַ שײַן;
און ניט געגעסן האָט מען
און ניט געטרונקען ווײַן.

ס'האָט ניט געטאַנצט דאָרט קיינער,
און ניט געשפּילט קיין שטאָס,
ס'איז ניט געווען פֿאַר וועמען,
און ניט געווען פֿאַר וואָס.

מען פֿרייט זיך ניט אין קעלער,
קיין פֿרייד ניט, ניט קיין נויט;
מען אַרט ניט און מען וואַרט ניט —
אין קעלער הערשט דער טויט.

1/5 — 41

## אַרײַנפֿיר 23

(א) "קום אין גאַס"
(ב) <אָן אַ נאָמען>

די "לידער פֿון הונגער" צוזאַמען מיט די "לידער פֿון קעלט" (זע ווײַטער, נומ' 29) זײַנען אַ טייל פֿון אַ ציקל לידער, באַקאַנט אין געטאָ אונטערן נאָמען "משפּחה־לידער" וואָס י.ק. האָט פֿאָרגעלייענט פֿאַר זײַנע פֿרײַנד אין געטאָ (זע: כתבים אחרונים, תשכ"ט, ז' 369).

אויפֿן אָפּגעראַטעוועטן כתבֿ־יד שטייען די דאַטעס ווען די לידער זײַנען געשריבן געוואָרן – כּמעט אין איין צײַט: (א) "קום אין גאַס" דעם 28טן מאַי 1941, און (ב) <אָן אַ נאָמען>, דעם 29טן מאַי 1941. אין דעם חודש מאַי 1941 איז צום ערשטן מאָל געשטיגן די שטאַרביקייט אין געטאָ (אין פֿאַרגלײַך מיטן יאָר 1940) אויף 85%, נאָך אַ פֿאַרגרעסערונג פֿון אַרום 14% בלויז פֿון יאַנואַר ביז פֿעברואַר 1941, 57% פֿון פֿעברואַר ביז מערץ, און 28% פֿון מערץ ביז אַפּריל 1941 (פֿאַרגלײַך: גוטמן (1977), ז' 82; און זע: בֿרנשטיין – רוטקובסקי).

הונגער – איז די עיקר־סיבה פֿאַרן טויט פֿון צענדליקער טויזנטער ייִדן אין וואַרשע, ביזן גרויסן גירוש. עס ווערט אָפּגעשאַצט, אַז פֿון די 100.000 ייִדישע קרבנות אין וואַרשע וואָס זײַנען געפֿאַלן פֿון אָנהייב מלחמה ביז יולי 1942 – נאָך פֿאַר דער מאַסן־אויסראָטונג פֿון אַרום 250.000 ייִדן אָװעקגעפֿירטע קיין טרעבלינקע – זײַנען עס על־פּי רובֿ געווען קרבנות פֿון הונגער און קראַנקהייטן, אַ סך פֿון וועלכע זײַנען געווען פֿאַרבונדן איבער הויפּט מיטן הונגער אַליין (זע: גוטמן (1977), ז' 136; זע אויך די גענויע אויספֿאָרשונג וועגן דער הונגער־קראַנקהייט דורכגעפֿירט אין וואַרשעווער געטאָ אין יאָר 1942, אויבן ציטירט אין אַרײַנפֿיר צו נומ' 22: Choroba Głodowa...).

אין די חדשים אַפּריל־מאַי 1941 שרײַבט י.ק. אויסשליסלעך נאָר וועגן הונגער, און וועגן זײַנע קרבנות אין געטאָ (זע: נומ' 20, 21, 22, 23), וועגן טויט פֿון זײַן חבֿר דעם שרײַבער, וועגן טויט פֿון איין משפּחה פֿון טויזנטער, און אין "לידער פֿון הונגער" – וועגן טויט אין די גאַסן, וועגן טויט וואָס איז געוואָרן אַ קאָלעקטיווע איבערלעבונג – ברשות הרבים, אין גאַס – ווײַל מענטשן זײַנען אַרויס שטאַרבן אין די גאַסן (פֿאַרגלײַך: גוטמן (1977), ז' 137 – 138). דאָס זײַנען לידער וועגן טויט אויס הונגער ווו עס ווערט באַשריבן אַ צענטראַלער אַספּעקט פֿון דער נאַצישער "אומדירעקטער" מאַסן־אויסראָטונג פֿון די ייִדן (זע: אָש (1973), ז' 258).

בײַם אָנהייב פֿון ערשטן ליד, ווענדט זיך י.ק. צו זײַן פֿרוי: "קום אין גאַס אַרויס... קום שטאַרבן". די ווענדונג דאַרף אָבער פֿאַרשטאַנען ווערן, נישט ווי אַ ריין אויטאָביאָגראַפֿישע, נאָר דער עיקר ווי אַן אויסדרוק פֿון י.ק.'ס אידענטיפֿיקאַציע מיטן כּלל. דווקא אין חודש מאַי 1941, ווען דאָס ליד איז געשריבן געוואָרן, האָבן זיך געפֿונען טאָג־טעגלעך – צענדליקער טויטע אויף די טראָטואַרן אין די גאַסן (זע רינגעלבלומס דערמאָנונג, אין חודש מאַי 1941, וועגן טויט אין די גאַסן, ווי אַ מאַסן־דערשײַנונג: רינגעלבלום, I, ז' 263, 265, 268), און אַפֿילו די דײַטשן אַליין זײַנען באַאײַנפֿלוסט געוואָרן פֿונעם אויסזען פֿון די גאַסן, און האָבן פֿאַראָרדנט צו באַזײַטיקן די טויטע פֿון די טראָטואַרן (זע: צ'רניאַקובֿ, ז' 186 – אין זײַן רשימה פֿון 21טן מאַי 1941).

אויך יצחק קאַצענעלסאָן און זײַן משפּחה האָבן געליטן פֿון הונגער אין געטאָ צוזאַמען מיט זײַנע נאָענטע

חבֿרים פֿון דרור־החלוץ (זע: צוקרמן – מבפנים, י״ג, ז׳ 36). וועגן דעם שרײַבט י.ק. דער עיקר אין צווייטן ליד פֿון זײַנע ״לידער פֿון הונגער״.

דער אָריגינעלער טעקסט פֿון די ״לידער פֿון הונגער״ ווערט דאָ געדרוקט צום ערשטן מאָל לויט די כּתבֿ־ידן וואָס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט. זיי געפֿינען זיך אין י.ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות, רעגיסטרירט מיטן נומ׳ KII/1040. אַ פֿאַקסימיליע פֿון ערשטן ליד איז געווען אָפּגעדרוקט אין ידיעות בית לוחמי הגיטאות, ניסן תשי״ד – אַפּריל 1954, נומ׳ 5 – 6, ז׳ 15.

## לי[דער] פֿון הונגער

### א

### קום אין גאַס

קום, טײַערע, אין גאַס אַרויס, קום שטאַרבן
אין די גאַסן,
אויף די טראָטואַרן אויף די האַרטע, אויף די האַרבע –
נעם מיט די קינדער אונדזערע, די בלאַסע.

נעם מיט דעם עלטערן, דעם מיטעלן נעם מיט
דער דריטער אונדזערער – ער איז נאָך גאָר אַ יונגער,
ער וועט באַווײַזן אָבער ווי אַ דערוואַקסענער אַ ייִד
אויסגיין אויפֿן גאַס פֿון הונגער.

קום אין גאַס, קום קום אויף קאַרמעליצקאַ
מיר פּאַסן זיך אַרײַן דאָרט אין דעם רומל –
די גייען און די פֿאַלן, די בלײַבן זיצן, –
אויף קאַרמעליצקאַ איז אַ גרויסער טומל.

קום אַרויס! אָ קום אַרויס פֿון שטוב –
אַ ליידיקע אַ שטוב – איך שעם פֿאַר זיך אַליין זיך –
ליגן דאָרט אַ לעבעדיקער אין דער גרוב,
אַ הונגעריקער טאָר אין שטוב ניט שטאַרבן איינזאַם.

אין גאַס איז ניט צו שעמען זיך, מען גייט אַרויס
מען לייגט זיך אויס געשוואָלענע־געדראָלענע און אָנגעגורטע,
אַ לעגיאָן אַ גאַנצער גייט צוזאַמען אויס,
מען שטאַרבט דאָרט הורטעם, הורטעם

מיר אויך, מיר וועלן זיך צוליגן אויף די טראָטואַרן,
ניין, ניט צולייגן זיך – מיר וועלן פֿאַלן –
ניין, ניין, ניט פֿאַלן, צולייגן זיך און האַרן, [האַרן,]
און שטאַרבן, שטאַרבן ווי עס שטאַרבן אַלע.

קום אין גאַס...

ווארשא
28/V – 1941

## [ל]ידער פֿון הונגער

ב
אין שטוב איז גוט נאָר מיט אַ פּענעץ ברויט,
די שאַנק איז אָפֿן, ניטאָ אין איר קיין קריש –
קום אַרויס – מיר שטאַרבן ניט אין שטוב דעם הונגערטויט,
ביַי אַ ליידיקן און ביַי אַ ניט געדעקטן טיש.

אין שטוב איז גוט צו לעבן... געדענקסט אין לאָדזש?
דער עסצימער ביַי אונדז, באַהאַנגען פֿול מיט בילדער;
דעם קלאָרן וויַיסן טישטוך און... געדענקסטו כאָטש
דעם לאָבן ברויט... אַנטשולדיק וואָס איך שילדער׳ס...

געדענקסט אין לאָדזש, פֿאַרנאַכט? עס פֿאַלט צו אונדז אַריַין
אַ כאַליאַסטרע פֿריַינד, הונגעריקע אַלע ווי די וועלף,
געדענקסט ס׳געבעקס, דעם קעז, מיט פּוטער, אַרום טיש די פֿריַינד
גאָט העלף, אָ פֿריַינד, אין איַיער אַרבעט איַי[ך] גאָט העלף!

געדענקסט די גלעזער טיי? ווי ווײַן! ניין, ניט ווי ווײַן,
נאָר ווי אַ גיסאָפּפּער אויף אַ מזבח —
די בעסטע ווײַנען קענען קלאָר אַזוי ניט זײַן,
האָבן ניט אַן אַראָמאַט אַזאַ, אַ הערלעכן אַזאַ אַ ריח!

די גלעזער טיי ווי ווײַן... ניין ווײַן איז קאַלט,
שאַמפּאַניער אַז ער פּאַרעט... יאָ, איז וואָס? ס׳אי קאַלט זײַן פּאַרע!
טיי פֿריש פּאַרשאָטן, הייס... וועגט איבער ווײַנען אַלט,
טיי אַ גלאָז... אַך, אי דער טעם פֿון טיי און א[י] די מראה!

געדענקסט די קליינע אוליקעס? די הערינג גרויס ווי פֿיש?
ערשט פֿול מיט זיי די פּלאַטע, פֿול! און שוין — שוין אויסגעליידיקט!
מען האָט זיי אויפֿגענאַשט, מיט נישט! מיט נישט!
איין באַרטשינסקי האָט דעם ברויט, דעם ווײַסן ניט באַליידיקט.

באַרטשינסקי נאָר האָט ליב צו יעדער סעודה ברויט אַ שטיקל
און מיר?... מיר האָבן אַלע זיך פֿאַרזינדיקט;
דער עיקר צבי האָט ניט געהאַלטן שטאַרק פֿון [דעם ]
ר׳האָט אָנגעגעסן זאַט זיך, זאַט מיט אינדי[ק].

מײַן צבֿי האָט זיך געביטן... מײַן צבֿי, מײַן זי[ס]ער ייִנגל!
ר׳איז קליין געווען, יעצט — זעט, ווי הויך זײַן וווּקס איז!
דערמאָן אַ שיטקע אים — גיבן זיך די אויגן אים אַ צינד אָן,
ווער רעדט שוין אַז ער הערט פֿון קורצ׳ס אַ לוק[ס]וס.

מײַן צווייטער זון וואַקסט אויך, אַ שוואַרצער ייִנגעלע אַ וועלער,
ער שלינגט, שלינגט ביכער אײַן צוזאַמען מיט המוציאס חלה,
ער קוקט אין בוך אַרײַן און טרעפֿט דערבײַ געשיקט אין טעלער —
הײַנט לערט ער, לעזט... און הייבט די אויגן שטאַרק פֿאַרווונדערט אויף אונדז אַלע...

אין שטוב איז גוט בעת עס איז דאָרט וואָס פֿאַראַן,
קום אין גאַס — עס וועלבט אַ הימל דאָרט זיך איבער אַלע:

פֿון הימל קען אַ מאָל אַ פֿאַל טאָן מן –
פֿון סופֿיט וועט ער דאָך ניט פֿאַלן...

אין שטוב איז גוט, נאָר מיט אַ פּענעץ ברויט –

[וואַרשע]
29/V 194[1]




די הילע פֿון „איובֿ"

## אַרײַנפֿיר 24

די ביז איצט אומבאַקאַנטע דראַמע װערט דאָ געדרוקט צום ערשטן מאָל, אױפֿן יסוד פֿון דער אָריגינעלער געטאָ־אױסגאַבע װאָס איז דערשינען אין װאַרשעװער געטאָ (געדרוקטע שרײַבמאַשין־שריפֿט), אַרױסגעגעבן פֿון "דרור". (זע אַ פֿאַקסימיליע פֿון שער, אױף זײַט 499). אין דער געטאָ־אױסגאַבע איז קײן דאַטע נישט אָנגעגעבן, מן־הסתּם צוליב קאָנספּיראַטיװע טעמים. עס איז אָבער באַװוּסט אַז זי איז דערשינען אינעם טאָג פֿון מלחמה־אױסברוך צװישן דײַטשלאַנד און רוסלאַנד דעם 22סטן יוני 1941 – װײַל אין דעם טאָג האָט די "דרור"־באַװעגונג געגעבן די אױסגאַבע אַ מתּנה דעם דיכטער (פֿאַרגלײַך: צוקרמן – מבפנים, י"ג, ז' 35; צוקרמן – תשכ"ט, ז' 359).

פֿאַקטיש איז די דראַמע צונױפֿגעשטעלט פֿון צװײ חלקים װאָס זײַנען קינסטלעריש אַנדערש געפֿורעמט, און אפֿשר געשריבן לכתּחילה אין פֿאַרשײדענע צײַטן. דער ערשטער טײל, דאָס זײַנען די צװײ ערשטע אַקטן װעלכע באַציִען זיך טאַקע צו די צװײ ערשטע פּרקים אין ספֿר איובֿ. קאַצענעלסאָן האָט אָבער אין זײ אַרײַנגעפֿלאָכטן גאַנצע טײלן װאָס זײַנען דירעקט פֿאַרבונדן מיט די געפֿילן און פּחדים פֿון דער געטאָ־תּקופֿה, פֿון אײן זײַט – אָבער װעלכע שמעלצן זיך צונויף, פֿון דער צװײטער זײַט, מיטן תּנ"כישן מקור, אין אײן גאַנצקײט. דער צװײטער חלק פֿון דער דראַמע, דאָס איז דער דריטער אַקט. אין דעם צװײטן חלק ברענגט י. קאַצענעלסאָן איבערזעצונגען, װי אױך פּאַראַפֿראַזן, פֿון אַ היפּשן טײל טעקסטן אין די פּרקים ג – י"ט פֿון ספֿר איובֿ, און אױך פֿון אײניקע פּסוקים אין פּרק ל"א. געשריבן איז געװאָרן די דראַמע במשך אַ לענגערער צײַט, אין דער ערשטער העלפֿט 1941, און איר קערן איז מן־הסתּם געװען דער טעקסט פֿון די תּנ"ך־איבערזעצונגען פֿון ספֿר איובֿ (װעגן דעם זע אױבן, אין אונדזער אַרײַנפֿיר צו י.ק׳ס תּנ"ך־איבערזעצונגען, נומ' 10).

ס'איז מעגלעך אַז די איבערגעזעצטע פּרקים פֿון צװײטן חלק (דריטער אַקט) זײַנען לכתּחילה געװען באַשטימט צו װערן געלײענט אױף די תּנ"ך־אָװנטן, סוף 1940 און אָנהײב 1941 פּונקט װי ס'איז געשען מיטן פּרק ג' פֿון ספֿר איובֿ. עס װײַזט אָבער אױס אַז אין ענין איובֿ האָט י.ק. געפֿונען דראַמאַטישע מעגלעכקײטן און אױסדרוק־מיטלען נישט נאָר פֿאַר דער טעמע איובֿ אַלײן, נאָר אױך פֿאַר די ראַנגלענישן און איבערלעבונגען פֿון ייִדן אין געטאָ. דערפֿאַר האָט ער אױסגעברײטערט די טעמע אַזש ביז צו אַ דראַמע, אױפֿן פֿאָן פֿון אַ פֿאַרגלײַך צװישן ייִדישן פֿאָלק אין מזרח־אײראָפּע אונטער דער נאַצישער־הערשאַפֿט און דער געשיכטע פֿון פֿאַרצײַטיקן איובֿ. (זע װײַטער, אין טעקסט פֿון נומ' 25 – דעם פֿאַרגלײַך צװישן איובֿ און דעם פֿאָלק ישׂראל – אין י.ק׳ס געפֿלאַנטע דעדיקאַציעס צו פּריװאַטע מענטשן פֿאַר אַ פּאָר עקזעמפּלאַרן פֿון דער דראַמע).

די געדרוקטע געטאָ־אױסגאַבע איז אַ זעלטענער קולטור־אױפֿטו בײַ ייִדן בעת דער מלחמה־תּקופֿה אין אײראָפּע אונטערן נאַצי־רעזשים. לױט אײן אָפּשאַץ איז זי דערשינען אין אַרום 150 קאָפּיעס (זע: לוין, ל., ז' 647), און לױט אַ צװײטן אָפּשאַץ – אין אַ פּאָר הונדערט עקזעמפּלאַרן (זע: ידיעות בית לוחמי הגיטאות, אַפּריל 1958, נומ' 20, ז' 38). די אױסגאַבע איז דערשינען מיט אַ קינסטלערישער געדרוקטער הילע געצײכנט פֿון שלמה נוסבוים (זע פֿאַקסימיליע אױף זײַט 499) פֿאַרן דערשײַנען פֿון דער געטאָ־אױסגאַבע איז פּראָקלאַמירט געװאָרן צװישן קינסטלער אין געטאָ, אַ קאָנקורס פֿון צײכענונגען פֿאַר אַ געדרוקטער הילע צי אַ שער. די פֿאַרשײדענע סקיצעס װאָס זײַנען צוגעשטעלט געװאָרן זײַנען איבערגעגעבן געװאָרן יצחק קאַצענעלסאָנען אַ מתּנה צוזאַמען מיטן געדרוקטן בוך (פֿאַרגלײַך: צוקערמאַן – מבפנים, י"ג, ז' 35; זע אין אונדזער אױסגאַבע אױבן, זײַט 496).

די דראַמע "איובֿ" איז געלייענט געוואָרן פֿון יצחק קאַצענעלסאָנען, אָוונט־אײַן אָוונט־אויס, אין פֿאַרשיידענע קרײַזן אין געטאָ: פֿאַר געזעלשאַפֿטלעכע טוער און שרײַבער אויף דזיעלנאַ 34; פֿאַר אַ גרויסן עולם פֿון שרײַבער, זשורנאַליסטן און עסקנים – אין דער קיך אויף לעשנאָ 29 (זע: ל ו י ן, ל., ז׳ 647). מיר ווייסן אויך וועגן פֿאָרלעזונגען פֿאַר הויז־קאָמיטעטן, סײַ פֿון דער דראַמע "איובֿ" און סײַ פֿון דער דראַמע "על נהרות בבֿל" – למשל, פֿאַר די אײַנוווינער פֿון הויף אויף נאָוואָליפּקי 33 (זע: Sakowska, Ruta [Pups], Ludzie z dzielnicy zamknietej; Żydzi warszawie w okresie hitlerowskiej okupacji październik 1939—marzec 1943. Warszawa 1975, s. 236). דער רושם פֿון די פֿאָרלעזונגען אין געטאָ איז געווען אַ שטאַרקער, איבער הויפּט ווערט דערמאָנט אין זכרונות און אין אַנדערע היסטאָרישע קוואַלן – די דראַמע "איובֿ" (זע: בײַ צביה לובטקין, ספר דרור, ז׳ 436; צוקרמן, תשכ״ט, ז׳ 359). לויט ב. מאַרק האָט י.ק. געלייענט די דראַמע אויך זומער 1942, בערך אַ יאָר נאָך דעם ווי דאָס בוך איז דערשינען, ער האָט אָבער אַ טעות. פֿון די ווערטער פֿון דעם עדות אויף וועמען ער איז זיך סומך, איז קלאָר געדרונגען אַז דאָס איז געווען אָנהייב זומער 1941. עס ווערט געזאָגט פֿון עדות קאַראָל פּאָפּאָווער: "יצחק קאַצענעלסאָן האָט פֿאָרגעלייענט די דראַמע "איובֿ", וואָס ער האָט נאָר וואָס געהאַט אָנגעשריבן. ער האָט געלייענט זייער גוט און מיט געפֿיל. הגם דאָס איז געווען אַ ביבלישע טעמע, איז אָבער דער צוזאַמענהאַנג פֿון דעם אינהאַלט מיט דער קעגנוואַרט געווען קלאָר פֿאַר יעדן איינעם... די פֿאָרלייענונג האָט געדויערט טלעכע שעה. היות עס האָט זיך דערנענטערט די פּאָליציייִשע שעה, האָט ער דעם לעצטן אַקט נישט איבערגעלייענט אין גאַנצן, נאָר איבערגעגעבן בקיצור זײַן אינהאַלט. די גאַנצקייט האָט געמאַכט אַ שטאַרקן אײַנדרוק און אַלע אָנוועזנדיקע זײַנען געווען גערירט און אויפֿגעטרייסלט". לויט ק. פּאָפּאָווערס עדות־זאָגן, איז זייער מעגלעך זיך פֿאָרצושטעלן, אַז אויף די אַנדערע פֿאָרלעזונגען פֿון דער דראַמע "איוב", האָט י.ק. נישט איבערגעלייענט אַלע דרײַ אַקטן. פּאָפּאָווערס ווערטער וועגן דעם שטאַרקן אָפּקלאַנג וואָס די אַקטועלע געטאָ־פּראָבלעמען האָבן געהאַט, אויפֿן פּאָן פֿון דער תּנ״כישער איובֿ־טעמע, זײַנען דערפֿאַר ריכטיק קודם־כּל לגבי די ערשטע צוויי אַקטן, אין וועלכע י.ק. האָט פֿרײַ באַאַרבעט און זיך באַנוצט מיטן תּנ״כישן מקור. דער דריטער אַקט וואָס איז געבויט איבער הויפּט אויפֿן יסוד פֿון די איבערגעזעצטע פּרקים פֿון ספֿר איובֿ, איז אויך דער לענגסטער (אָרום 56 זײַטן), אַ סך גרעסער ווי ביידע ערשטע אַקטן צוזאַמען (אַרום 40 זײַטן). לויט פּאָפּאָווערן האָט י.ק. געלייענט די ערשטע די צוויי אַקטן במשך פֿון קרובֿ צו צוויי שעה; מע דאַרף דערפֿאַר אָננעמען אַז אויך בעת אַנדערע פֿאָרלעזונגען זײַנען איבערגעלייענט געוואָרן בלויז די ערשטע צוויי אַקטן.

מע דאַרף אויך אָננעמען אַז אַ סך צענדליקער עקזעמפּלאַרן זײַנען פֿאַרשפּרייט געוואָרן אין געטאָ. אויף אייניקע פֿון זיי האָט י.ק., ווי עס זעט אויס, צוגעגעבן ספּעציעלע ווידמונגען (זע ווײַטער, נומ׳ 25), און דאָך איז געבליבן איין איינציקער עקזעמפּלאַר פֿון דער דראַמע וואָס האָט זיך אָפּגעראַטעוועט אין צווייטן טייל פֿון רינגעלבלום־אַרכיוו, און געפֿינט זיך איצט אין וואַרשעווער ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט, רעגיסטרירט מיטן נומער 346. אין י.ק.־אַרכיוו, אין בית לוחמי הגיטאות – איז ביז די לעצטע פֿאָר יאָר אָט דער איינציקער אָפּגעראַטעוועטער אָריגינאַלער עקזעמפּלאַר נישט געווען באַקאַנט. געווען איז אין אַרכיוו נאָר אַ שרײַבמאַשין־קאָפּיע, אַ נישט פֿאַרלאָזלעכע און דערצו אַ צענזורירטע, איבערגעשריבן פֿון מ. בוימאַן און צוגעשיקט – מיט אַ צושריפֿט: "איבערגעשריבן גענוי, אָן שום ענדערונגען, פֿון אָריגינאַל" – פֿון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע. די קאָפּיע איז רעגיסטרירט אין י.ק.־אַרכיוו מיטן נומ׳ KII/3623.

דער טעקסט פֿון דער דראַמע ווערט דאָ געדרוקט לויט אַ פֿאָטאָקאָפּיע פֿון דער אָריגינעלער אויסגאַבע, וואָס געפֿינט זיך איצט, זײַט אַ קורצער צײַט, אין י.ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות.

יצחק קאַצענעלסאָן

# איוב

ייִדישע טראַגעדיע
אין דריי אַקטן

אַרויסגעגעבן דורכן אָרגאַן „דרור״

הילע געצייכנט פון שלמה נוסבוים

**דער שער פֿון דער דראַמע „איוב״**

# איובֿ

ביבלישע טראַגעדיע אין
דרײַ אַקטן

אַרויסגעגעבן דורכן מרכז "דרור"
הילע געצייכנט פֿון שלמה נוסבוים

## ערשטער אַקט

פּערזאָנען

איובֿ
תּמנע זײַן פֿרוי
ערשטער אָנזאָגער
צווייטער אָנזאָגער
דריטער אָנזאָגער
פֿערטער אָנזאָגער
דער שׂטן
גאָטס קול
(ליכטשטראַלן)

## אין הימל

(אַ גרויער הימל און נישט מער)

ליכטשראַלן: (פֿאַלן גאַנצע גאַרבן, פֿון רעכטס אויף לינקס און פֿון לינקס אויף רעכטס)
אַ שאָטן: (פֿאַלט שוואַרץ פֿון לינקס אויף רעכטס)
גאָטס קול: ווער?
ווער האָט אַרײַנגעשלײַכט אַהער?

ווער? ווער?
ווער האָט מיט פֿינצטערניש פֿאַרבליצט?
ווער האָט דעם הימל מײַנעם איצט
באַטראָטן?
שׂטנס קול: איך, דער שׂטן.
גאָטס קול: פֿון וואַנען קומסטו דאָ אַהער צו מיר?
שׂטנס קול: איך קום פֿון אַ שפּאַציר
אויף דר׳ערד.
גאָטס קול: צי האָסטו צוגעקוקט זיך גוט
צו איובֿן מײַן קנעכט?
נישטאָ אַזעלכער נאָך ווי ער!
אַן אָרנטלעכער מענטש, אַ גלײַכער,
אַ גאָטספֿאָרכטיקער וואָס טוט
טאָן ווײַכן
פֿון אַל דאָס שלעכטס?
שׂטנס קול: איך וויים... נאָר צי אומזיסט גאָר האָט
איובֿ פֿאָרכט פֿאַר גאָט?
היטסט אָפּ אים אויף דער וועלט,
אי אים און אי זײַן צעלט;
אַלץ וואָס אים געהערט
האָסטו געבענטשט,
געבענטשט אים מיט כּל־טובֿ!
ער איז דער **גליקלעכסטער**, דער מענטש
אויף דר׳ערד —
פֿאַר וואָס זאָל ער ניט גוט זײַן?
דו פּרוּוו נאָר פּרוּוו,
דו ריר זײַן בלוט אָן!
דו לאָז דײַן האַנט אַראָפּ,
ריר אָן דעם האָב און גאָב
פֿון אָט דעם מענטשן.
פּרוּוו! פּרוּוו!
און ר׳וועט דיך... „בענטשן״...
פּרוּוו!

גאָטס קול: אַלץ וואָס ער האָט אויף לאַנד,
אַלץ, אַלץ איז אין דײַן האַנט;
זײַן רינד, זײַן קינד,
זײַן טון און טאָן —
אַחוץ זײַן גוף,
זײַן בלוט —
ניט ריר אים אָן!

שׂטן: גוט! (זײַן שוואַרצער שאָטן לויפֿט דורך אויף לינקס)

## פֿאַרוואַנדלונג
## אין איובֿס געצעלט.

(איובֿ אָנגעטאָן אין אַ קלייד און פֿאַרבונדן מיט אַ גאַרטל. דער קאָפּ אַרומגעוויקלט מיט אַ טורבאַן. ער שטייט בײַם געגרייטן טיש, ווישט די הענט מיטן האַנטעך. ער פֿאַרטראַכט זיך אומרויִק, זײַן בליק פֿאַלט אויפֿן טעלער געקעכטס און אויף די איבעריקע שפּײַז)

איובֿ: (רופֿט)
תּמנע!

תּמנע: (קומט פֿון פֿאָדערגרונט, פֿון קיך־אַרײַנגאַנג, רעכטס)
וואָס איז?

איובֿ: נעם צו, איך עס עס ניט.

תּמנע: פֿאַר וואָס? צי איז עס, גאָט באַהיט,
אַזוי דען שלעכט?

אויבֿ: וואָס איז עס, זאָג, פֿאַר אַ געקעכטס?

תּמנע: לינדזן זיס,
פֿאַרבראָקט מיט גרינס,
מיט קרײַטעכצער באַטעמט —
דו האָסט עס ליב.

איובֿ: צי האָסטו גוט אַדורכגעזיפּט זיי מיט דער זיפּ.
איידער נאָך דו האָסט געשאָטן זיי אין טאָפּ?

תּמנע: איך האָב.

איובֿ: צי האָסטו דורכגעקוקט, באַטאַפּט זי, יעדע לינדז?

תּמנע: צו וואָס, צו ווען?

איובֿ: אין די לינדזן קען
אַ מאָל אָ שטיינדל זיך געפֿינען —

תמנע: דו ביסט אַראָפּ פֿון זינען!

איובֿ: דו האָסט געקענט ניט זען אים,
ניט דערקענען,
און אַרײַנגעוואָרפֿן מיט די לינדזן אים אין טאָפּ!
די קרײַטעכצער – דו האָסט אַליין זיי ניט געריסן,
און דאָס גרינס – דו ווייסט פֿון וווּ עס שטאַמט?
זיי מוזן זײַן פֿאַרסמט,
זיי מוזן ביטער זײַן
ווי גאַל –

תמנע: וואָס דיר פֿאַלט אײַן?

איובֿ: דו קענסט ניט וויסן...
ס׳איז ניט דער ערשטער פֿאַל!

תמנע: עס, עס...

איובֿ: איך עס ניט, ניין,
נעם צו דעם קעז!
נעם צו דעם טאָפּ מיט מילך!
ביסט זיכער אַז ס׳איז מילך?

תמנע: איך אַליין,
איך האָב די קו געמאָלקן,
אי איינע, אי אַ צווייטע,
כ׳הייב ערשט זיך פֿון די קני אויף.

איובֿ: יאָ, דו, דו האָסט געמאָלקן,
דו האָסט געמיינט ס׳איז מילך און האָסט געמאָלקן אייטער,
נעם צו דעם טאָפּ!

תמנע: ווער זאָגט עס: קלוג איז איובֿ?
איך לייקן׳ס אָפּ!

איובֿ: עס האָט מיט קלוגשאַפֿט ניט צו טאָן!
זען איז טאַקע חכמה און פֿאָרזיכט ז׳איר באַגלייטער –
מען דאַרף זיך היטן!
ניט גיי צום פֿענצטער צו. דו זעסט: אַ וואָלקן!
עס גיט אַ דונער באַלד אַ הילך.
אַוועק!

תמנע: וואַרפֿסט אָן שרעק...

איובֿ: אַוועק! אַוועק! אַוועק!

תּמנע: משוגע מײַנע שונאים,
אויסטערלישע אַלץ געשיכטן:
ניט לינדזן – שטיינער גאָר!
זוך אויף פֿון גרעזעלעך דעם שטאַם,
זוך אויף אים און דערקאָן אים,
ניט קרײַטעכצער – נאָר סם!
ניט מילך – נאָר אייטער,
אַ וואָלקן – בעת דער הימל איבער אונדז איז הויך און קלאָר...

איובֿ: מען דאַרף אויף אַלץ זיך ריכטן.
ווו איז דער לייטער?

תּמנע: ער שטייט אין דרויסן,
אין הויף.

איובֿ: גיי, קריך אַרויף
און גיב אַ קוק צי ס'האַלט זיך פֿעסט דער דאַך?
אָט זיצןביידע מיר און פּלוצלינג – קראַך!
דער באַלקן פֿאַלט אונדז אויפֿן קאָפּ...

תּמנע: לאָז אָפּ!
ער וועט ניט פֿאַלן...

איובֿ: דו קענסט ניט וויסן!
היטן זיך מיר דאַרפֿן היטן זיך!
טאָמער טרעפֿט עס אונדז – וועט זײַן פֿאַרפֿאַלן...
דו גיי ניט ראַפּטום צו צום אויוון,
ער קען צעשיטן זיך,
און ס'פֿײַער כאַפּט אַרום דיך, כאַפּט אַרום –

תּמנע: ווער בעסער שטום!
ניט זאָג פֿאָרויס
ניט דיר, ניט מיר אַן אומגליק גרויס,
ניט זאָג פֿאָרויס קיין שלעכטס!
גענוג אונדז, אַז עס קומט...

איובֿ: עס קומט! עס קומט!
עס טרעפֿט דיר אומגעריכט און אומגערעכט...
עס טרעפֿט,

עס קען דיר טרעפֿן,
פּלוצלינג און דו ווערסט
געפּלעפּט —

## אַ קלאַפּ אין טיר

איובֿ, תּמנע: (בײדע בלײַבן שטאָקן)
איובֿ: דו הערסט?
ניט עפֿן אויף די טיר, ניט עפֿן!
תּמנע: ווער דאַרף דען קומען?
איובֿ: אָט וואָס... דו ווייסט ניט ווער!
און איך — איך ווייס ניט אויך.
ווער קומט? די קדושה צי די טומאה?
ווער? ווער?
ווער וויל אַרײַן אַהער?
אַ מענטש? אַ שלאַנג? אַ בער?
צי פֿון אָפּגרונט ווער? צי פֿון דער הויך?
אַן אמת אויפֿגעדעקט? אַ ליגן און פֿאַרשטעלט?
אַ גאַסט פֿון דער צי גאָר פֿון יענער וועלט?
ווער? ווער?

## אַ קלאַפּ אין טיר

איובֿ: אַנטלויף! אַנטלויף!
תּמנע: (גייט צו צו דער טיר)
איובֿ: ניט עפֿן אויף!
תּמנע: לאָז געמאַך! (עפֿנט ברייט די טיר)
איובֿ: אַך! אַך!
תּמנע: דו זעסט? ניטאָ!
ניט קיינער...
איובֿ: און דאָך —
ס׳האָט איינער,
ס׳האָט איינער ווער געקלאַפּט!

תּמנע: ס'איז קײנער ניט אַרײַן
אין הויז אין דײַן!
ניט דער, ניט יענער!

איובֿ: איז ערגער נאָך –
ס'האָט ווער צו אונדז געקלאַפּט!
עס האָט צו אונדז זיך עמעצער אַרײַנגעכאַפּט,
אַ ניט־געזעענער!
אַ ניט־געזעענער איז ערגער נאָך ווי אַ געזעענער.
ער האָט באַוויזן אים, דעם קונץ,
ער האָט אַרײַנגעכאַפּט זיך דאָ אַהער צו אונדז,
ר'איז דאָ! ר'איז דאָ! ער וואַכט,
ר'האָט עפּעס וואָס געבראַכט,
און עפּעס וואָס דאָ נעמט ער!
ער איז דער האַר דאָ אין דעם הויז,
ער קומט אַרײַן און גייט אַרויס,
און מיר – די אײַנגעבעטענע, פֿאַרשעמטע.
מאַך אויף! מאַך אויף די טירן מײַנע שנעל,
זאָל ווער עס וויל און וואָס עס וויל –
באַטרעטן פֿרײַ מײַן שוועל!
מײַן טיר, מײַן צוגעמאַכטע – שרעקט מיך,
עס ווערט מיר קיל,
דאָ קיל, דאָ הייס –
קום, וויש מיר אָפּ דעם שווייס,
דעם קאַלטן
וואָס באַדעקט מיך.

תּמנע: (דערלאַנגט אים אַ טוך)

איובֿ: (ווישט זיך דעם שווייס פֿון שטערן)
איך וועל זיך פֿון קיין אומגליק ניט באַהאַלטן!
מאַך אויף! מאַך אויף די טירן מײַנע ברייט!
(מאַכט אין איין אָטעם אויף אַלע פֿיר טירן)
זאָל קומען ווער עס וויל און וואָס עס וויל!
עפֿן אויף די טירן פֿאַר דעם גורל מײַנעם האַרט...
אָ, גורל מײַן,

דאָס ביסטו, דו צו מיר אַרײַן,
וואַרף די פּײַלן דײַנע, טרעף אין ציל, אין ציל,
איך בין גרייט,
איך וואַרט —

**אַ שליח:** (פֿאַלט אַרײַן אין דער ערשטער טיר רעכטס)
איובֿ!

**איובֿ:** (קוקט ניט אין שליח׳ס זײַט, רײַסט אויף דעם קאָפּ צום הימל אַנטקעגן צושויער, אין דערוואַרטונג פֿון דאָס ערגסטע)
יאָ!

**דער שליח:** וויי!
די אָקסן האָבן נאָך אין אַקערן געהאַלטן —
וויי!
די מויל־אייזלען האָבן זיך געפּיטערט נעבן זיי —

**איובֿ:** יאָ!

**דער שליח:** איז זיי באַפֿאַלן שבֿא!
באַפֿאַלן
און פֿאַרנומען זיי, זיי אַלע,
דערשלאָגן זיי די פּאַסטעכער צום שאַרפֿן שווערד!
איך בין אַנטרונען איינער נאָר צו דיר אַהער,
אָנזאָגן עס דיר! (אָפּ אין דער טיר ווו ער איז אַרײַן)

**איובֿ:** (פֿאַרצווייפֿלט, ווי ער וואָלט די ידיעה געהערט פֿון הימל קומען)
יאָ... יאָ...

**תּמנע:** (כאַפּט זיך פֿאַרביידע זײַטן קאָפּ)
וויי מיר!

**אַ שליח:** (רײַסט זיך אַרײַן פֿון דער צווייטער טיר לינקס)
איובֿ!

**איובֿ:** (ווי פֿריִער)
יאָ!

**דער שליח:** וויי! וויי!
פֿון הימל איז געפֿאַלן
אַ פֿײַערפֿלאַם פֿון גאָט,
און האָט
געמאַכט אַ סוף —

פֿאַרברענט די גאַנצע שאָף,
און אויך די ייִנגלעך אַלע!
דאָ אויף דר'ערד,
אַלץ וואָס געווען איז ביַי דיר נאָך דאָ –
איז ניט געוואָרן, איז ניטאָ!
איך בין אַנטרונען איינער נאָר צו דיר אַהער –
אָנזאָגן עס דיר! (אָפּ פֿון ווו ער איז געקומען)

איובֿ: יאָ... יאָ...

תּמנע: (וואַרפֿט אין פֿאַרצווייפֿלונג דעם אין די הענט געהאַלטענעם קאָפּ, אַהער און אַהין)
ווײ מיר!

אַ שליח: (פֿאַלט אַריַין אין דער צווייטער טיר רעכטס)
איובֿ!

איובֿ: (ווי פֿריִער)
יאָ!

דער שליח: ווײ... ווײ...
כאַלדייער –
האָבן זיי
צעטיילט זיך אויף דריַי הויפּטער,
און באַפֿאַלן
ווילד אַן אומגעהיַיער,
דיַינע קעמלען אַלע –
און באַטויבט זיי,
און אַלע זיי פֿאַרנומען!
די ייִנגלעך אַלע דיַינע זיַינען אומגעקומען,
דערשלאָגענע צום שאַרפֿן שווערד –
איך בין אַנטרונען איינער נאָר צו דיר אַהער,
אָנזאָגן עס דיר! (אָפּ)

איובֿ: (ווי פֿריִער)
יאָ!

תּמנע: ווײ מיר!

אַ שליח: (רײַסט זיך אַריַין אין דער ערשטער טיר לינקס)
איובֿ!

איובֿ: יאָ! יאָ! יאָ!

דער שליח: ווײ!

דײַנע זין און דײַנע טעכטער עסן
און טרינקען ווײַן
אין הויז פֿון זייער עלטסטן ברודער,
ווו אַלע זיי
זײַנען פֿריילעכע געזעסן.
אין גרויסן טאָג, אין מיטן העלן שײַן –
ערשט אַ ווינט אַ שטאַרקער קומט פֿון ווײַט,
פֿון מדבר־זײַט,
מיט אַ געברויז,
מיט אַ [ג]עזויז,
מיט אַ געררודער –
האָט די עקן פֿיר קוים אָנגערירט פֿון הויז –
און דאָב הויז פֿאַלט אײַן,
הרגעט אַלע זיי, די ייִנגלעך אַלע
פֿון קליין ביז גרויס –
איך בין אַנטרונען איינער נאָר צו דיר אַהער –
אָנזאָגן עס דיר! (אָפּ)

איובֿ: איך האָב געהערט,
איך הער!

תּמנע: (פֿאַלט אויפֿן געזעס אין ווינקל)
ווײ מיר!

איובֿ: וואָס איז?
וואָס פֿאַלסטו דאָרטן פֿון די פֿיס?
ביסט געפֿאַלן, תּמנע און געבליבן זיצן –
איך, ווי דו זעסט,
איך שטיי
אויף מײַנע פֿיס נאָך פֿעסט...

תּמנע: ווײ!

איובֿ: דו האָסט געהערט די דונערן דאָ, תּמנע?
דו האָסט געזען די אַלע,
די פֿיר לויפֿערס,
די צוגעשיקטע אונדז פֿון אים דאָ?

דו האָסט געהערט די קולות זייערע, דאָס שאַלן
ווי פֿון שופֿרות?
איך האָב דאָך ניט געזען זיי...
אָט יעצט, אָט יעצט, אין דער מינוט,
איך קען זיי אָבער גוט!
איך קען זיי זייער, זייער!
איך קען זיי!
פֿון נעכטן נאָך, פֿון אייער —
און פֿון אייער־אייערנעכטן,
פֿון פֿריער נאָך, פֿון פֿריער?

תּמנע: איובֿ! איובֿ!
ווי קענסטו עס גאָר זאָגן!

איובֿ: יאָ!
כ׳האָב אומזיסט פֿאַר זיי געעפֿנט אַלע טירן —
זיי זײַנען פֿריִער שוין געווען דאָ!
כ׳האָב ניט געהאַט, ניין ניט געהאַט וואָס צו פֿאַרלירן,
איך פֿאַרשפּאָר צו קלאָגן.
איך האָב אויף זיי גערעכט זיך,
איך האָב גערעכט זיך אויף דעם שלעכטן!
זאָג תּמנע, תּמנע!
האָסט אָנגעקוקט זיי? זיך אײַנגעקוקט אין זייערע געזיכטער?
זיי האָבן קיין געזיכטער ניט, אַ גרים נאָר,
אַ גרים!
און אונטער אים
איז ניטאָ קיין פּנים.
איך קאָן אַיעדערן פֿון זיי, איך קאָן אים!
איך קער אַפֿילו זיך ניט אום בשעת ער רופֿט,
ער [איז] ווי לופֿט —
איך קען זיי אַלעמען, איך קען זיי גוט,
[זיי זײַנען] דאָך אין איר געזעסן,
מײַן [לײַב] געגעסן,
געטרונקען טראָפּנווײַז מײַן בלוט,
ביסלעכווײַז דאָס לעבן מיר גענומען,

זיי זײַנען טאָג און נאַכט צו מיר געקומען,
פֿון דאָס נײַ געקומען
און קיין מאָל ניט אַוועק.
אויסגעליידיקט מיך און אָנגעפֿילט מיט שרעק,
מיט שרעק! מיט שרעק!
מיט אָנזאָג פֿון פֿאַרלענדונג!
תּמנע!
ס'איז געווען גענוג דאָך קענטיק,
איך האָב אַ לעבן לאַנג זיך דאָך געשראָקן —
איך קען זיי גוט, כ'קען זייער שפּראַך,
עס קלינגען גלאָקן!
איך זע זיי, הער זיי בעת איך בין וואַך,
און אין מײַן דרימל —
זיי קומען דאָך פֿון הימל.
תּמנע!
בעת מיר האָבן זיי געהערט דאָ רעדן —
האָבן מיר דאָך בײדע, ביידע,
פּונקט אַזוי ווי איך — דו אויך,
די אויגן און דעם קאָפּ געהויבן הויך
און געהערט זיי דײַטלעך, קלאָר, אַך קלאָר —

**תּמנע:** (הייבט זיך פֿון שטול)

ס'איז ניט וואָר!
מען האָט מיט אונדז געמאַכט אַ מיאוסן אַ שפּאַס,
געוואָלט דערשרעקן...
נעם דעם שטעקן, (שטופּט אים אַרײַן אין האַנט דעם שטעקן)
נעם, גיי אַרויס אין גאַס,
אָ גיי אַרויס,
קוק אום זיך, ווער געוויר און האָרך,
אפֿשר שטייט נאָך אויף זײַן אָרט דאָס הויז?
אפֿשר לעבן אונדז'רע קינדער נאָך?
די אָנזאָגער, די פֿיר —
פֿרעמדע טאַקע אַלע, ניט קיין היגע —
זיי האָבן זיך צו אונדז אַרײַנגעקריגן

מיט דער שלעכטער נײַעס,
און מיר,
מיר האָבן די אויגן אונדזערע פֿאַרגלייזט,
מיר גלויבן, גלויבן!
ווי קען מ׳עס? אַך, ווי קען מ׳עס?
אָ, בעסער וואָלטן מיר געווען טויט!

**איובֿ:** (אָנגעשפּאַרט אויפֿן שטעקן, הערט זיך די גאַנצע צײַט צו, צו זײַן ווײַבס רייד, גלייבט ניט, וואַרפֿט דעם שטעקן אויפֿן טיש, ווי ער וואָלט מיט דעם אַוועקגעמאַכט זײַן ווײַבס השערות).
ס׳איז אמת! אמת!
ס׳קומט פֿון אויבן,
אַז מען זאָגט געשטאָרבן – גלויב! (ער רײַסט זײַן בגד)
דו רײַס ווי איך דײַן קלייד אײַן, רײַס!
רײַס קריעה!

**תּמנע:** איובֿ! (פֿאַלט אויף דר׳ערד)

**איובֿ:** ווײ!
דו פֿאַלסט? דו פֿאַלסט אַראָפּ!
נאָר ניט פֿאַלן, תּמנע, נאָר ניט פֿאַלן!

**תּמנע:** ווײ (זי רײַסט די האָר און דעם פּנים)

**איובֿ:** ס׳איז פֿאַרפֿאַלן!
ניט רײַס די האָר פֿון קאָפּ,
ניט דראַפּע דאָס געזיכט.

**תּמנע:** ווײ מיר, ווײ...

**איובֿ:** איך פֿאַרשטײ דיך, תּמנע, איך פֿאַרשטײ –
דו האָסט זיך ניט גערעכט...
דו ביסט געווען פֿאַרנאַרט.

**תּמנע:** און דו? אָ שעם זיך, איובֿ, שעם זיך!
(זי שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אויפֿן זעסל)

**איובֿ:** איך האָב גערעכט אויף דעם זיך,
אין האָב׳ס דערוואַרט, דערוואַרט!
(רײַסט זיך אויס הויפֿנס האָר פֿון קאָפּ)
ווײ מיר! ווײ מיר!
דאָס אומגליק האָט מיר פּלוצלינג ניט געטראָפֿן,
איך האָב געוווּסט! געוווּסט!

אָ, ווי מיר! ווי מיר!
ניין, ניט דורך מײַנע טירן אָפֿן
ניין, ניט געקומען איז עס מיר פֿון ברייטן וועג.
עס איז געלעגן לאַנג און שווער מיר דאָ אין ברוסט,
איך האָב די נעכט אין אימה
ניט געשלאָפֿן,
אין אייביקער אין שרעק פֿאַרבראַכט די טעג...

תּמנע: דו האָסט געוווּסט,
און האָסט מיר ניט געזאָגט!

איובֿ: ווי האָב איך עס געקענט דיר זאָגן? (רײַסט די קליידער)
אָ, קינדער מײַנע, איך האָב אײַך לעבעדיקערהייט באַקלאָגט,
בײַ אײַער לעבן נאָכגעגאַנגען אײַער טויטוואָגן.

תּמנע: (ציט זיך מיט אַ געשריי אויס אויף דר׳ערד)
ווײ!

איובֿ: תּמנע!
דו אויך? ווילסט אויך פֿאַרלאָזן מיך?
הייב אויף זיך גיך!
לאָז הערן מיר דײַן שטים נאָר,
תּמנע!

תּמנע: (מיט אַ קרעכץ, פֿון דר׳ערד)
איך –

איובֿ: שטיי אויף, און האַלט מיך אונטער –
איך האָב׳ס געוווּסט נאָך פֿריִער –

תּמנע: (רײַסט זיך אויף פֿון דר׳ערד)
איובֿ!
דו האָסט געוווּסט און האָסט מיר ניט געזאָגט עס!
אַך, ווען איך וויס מיט דיר, ווי דו עס פֿריִער נאָך –
אפֿשר וואָלטן ביידע מיר די בראָך
געמיטן!

איובֿ: ווי אונדז! מען קען פֿון גורל קיינעם ניט פֿאַרהיטן.

תּמנע: דו האָסט געוווּסט און האָסט מיר ניט געזאָגט עס!
האָסט ניט געוואָלט מיט מיר דעם אומגליק טיילן,
אַ צווייטנס קרעכץ וואָלט דיר געווען אַ היילונג.

איך בין געווען נאָך רײַך, ווען דו האָסט אַלץ פֿאַרלוירן —
דו האָסט אַליין געליטן
און קיינעם ניט געזאָגט עס...

איובֿ: דו האָסט מיר זין געבוירן,
געזונט און שטאַרק און מונטער,
און טעכטער שיינע, וויקסיקע, געטאָקטע,
זין און טעכטער!
איך פֿלעג זיך שרעקן פֿאַר זייער הילכיקן געלעכטער,
פֿאַר דעם מינדסטן שמייכל זייערן זיך שרעקן,
איך פֿלעג פֿון שלאָף זיי וועקן,
און בעטן זיי אין זייער וואַכן: שלאָפֿט!
דו האָסט געהאָפֿט:
ס'אי גוט, ס'וועט גוט זײַן, יאָ...
איך ניט... איך האָב געוווסט! (גיט זיך אַ וואַקל)

תּמנע: איובֿ! (לויפֿט צו אים צו און האַלט אים אונטער)

איובֿ: איך האָב געוווסט עס פֿריִער...

תּמנע: וואָס?

איובֿ: זי קומט! זי האָט געמוזט,
געמוזט דאָך קומען, זי, די בייזע שעה,
די שעה פֿון גרויסן אומגליק און פֿאַרדראָס!
אָ, טעכטער, טעכטער מײַנע, זין מײַנע, זין!
איך בין
אומרויִק און טרויעריק און שטום
אַרומגעגאַנגען אײַער יום־טובֿדיקן הויז,
אַרום, אַרום...
נישט אַרײַנגעגאַנגען קיין מאָל ניט אַהין,
ניט גענאָסן
פֿון די ווײַנען און פֿון די ליכטיקייטן גרויס,
וואָס האָבן זיך אין פֿולן דאָרט געגאָסן...
די פֿרייד איז פֿון די אָפֿענע פֿענצטער
זייערע צו מיר אַרויס
און מיך געשראָקן.

תּמנע: פֿאַר וואָס?

וואָס איז דיר ניט געפֿעלן?

**איובֿ:** זין מײַנע ליכטיקסטע, טעכטער מײַנע שענסטע,
פֿאַרוואַרפֿט ניט גליקלעכע די שוואַרצע לאָקן,
די הויכע שטערנס,
בײַם הייבן אײַער כּוס.
איר וועט פֿאַר יעדן טראָפּן גליק באַצאָלן
מיט בלוט, מיט טרערן.
אָ זינגט ניט, זינגט ניט שיין אַזוי
איר שיינע טעכטער מײַנע, איר ווילע מײַנע יונגען,
וואָס האָט איר פֿריילעך זיך אַזוי צעזונגען?
און הויך אַזוי און פֿרײַ די שטימען?
איך האָב עס ניט פֿאַרשטאַנען —
תּמנע,
דו ביסט געווען בײַ דײַנע קינדער,
ביסט אינווייניק געווען דאָרט און געקוואָלן
אין פֿולן אין זייערן אין דעם גענוס,
און איך, איך בין געשטאַנען
און בין געוואָרן הינטער
זייערע פֿענצטער גרוי...

**תּמנע:** פֿאַר וואָס אַזוי?

**איובֿ:** איך האָב געוווּסט!
מען וועט פֿאַר אַלץ באַצאָלן.
אָ, זיסע טעכטער מײַנע, גראָטענע איר מײַנע זין,
אין האָב זיך צוגעקוקט פֿון דרויסן שטילערהייט
צו אײַער פֿרייד —
און בין אַראָפּ פֿון זין.
איך האָב אײַך דרייען זיך געזען אין טאַנץ —
און אײַער טאַנץ
האָט מיך דערשיטערט גאַנץ.
כ׳בין ווי אַ שאָטן טונקל, אָ פֿינצטערע געשטאַלט
צוגעפֿאַלן מיט פֿאַרבראָכענע מיט הענט
צו קאַלטע דרויסנדיקע ווענט —
געוואַלד!

איר וועט עס דאָך באַצאָלן!
אלהים!
יעדע ברכה זײַנע זאָגט אָן, זאָגט אָן אַ קללה,
יאָ, יאָ פֿון יעדער ברכה לאָזט זיך אַ קללה אויס,
נאָך אַ גליק אַ קליינעם קומט אַן אומגליק גרויס.
קליין דער פֿאַרגעניגן און גרויס, אַך גרויס דער בראָך —
נאָך יעדן מינדסטן תּענוג שלעפּט זיך אַ ווייטיק נאָך...
גיך פֿאַרשווינדט דער ווילטאָג, פּאַמעלעכן די נויט —
נאָך אַ קורצן לעבן קומט אַ לאַנגער טויט...
נאָך אַ קורצן וואַך זײַן אַן אייביקער אַ שלאָף,
ווי נישטיק די באַלוינונג, ווי מוראדיק די שטראָף!
אלהים!
איך בין דעם וועג פֿאַרלאָפֿן אים:
געשאָכטן שאָף
און רינדער
מתפּלל שטיל געווען פֿאַר מײַנע קינדער:
פֿאַרגיב!
פֿאַרגיב די פֿריידן זיי, אָ גאָט!
און די געזאַנגען זייערע נעם אָן פֿאַר ליב,
גענאָד! גענאָד!
איך האָב פֿאַר זיי באַצאָלט!
האָסט'ס ניט באַוויליקט?
האָסט'ס ניט געוואָלט —
דו האָסט זיך ניט באַנוגנט מיט אַ רינד,
ניט מיט די תּפֿילות מײַנע מיט די פֿרומע,
דו ווילסט דאָס לעבן
פֿון אַ קינד, אַ קינד,
פֿון אַ מענטש...
דו האָסט מיר זיי געגעבן
און גענומען —
זײַ געבענטשט! (פֿאַלט צו דר'ערד)

**תּמנע:** (קניט איבער אים).

פֿאָרהאַנג.

## צווייטער אַקט

פּערזאָנען

איובֿ

תּמנע

אליפֿז פֿון תּימן

בלדד פֿון שוח

צופֿר פֿון נעמה

די שכנה

דער שׂטן

גאָטס קול

### אין הימל

(אַ גרויער הימל און ניט מער)

**ליכטשטראַלן:** (פֿאַלן גאַנצע גאַרבן פֿון רעכטס אויף לינקס און צוריק)

**אַ שאָטן:** (פֿאַלט שוואַרץ פֿון לינקס אויף רעכטס)

**גאָטס קול:** ווער?
ווער האָט אַרײַנגעשלײַכט צו מיר אַהער?
ווער האָט דעם הימל מײַנעם אומגעשטערט
באַטראָטן?

**שׂטנס קול:** איך, דער שׂטן.

**גאָטס קול:** פֿון וואַנען?

**שׂטנס קול:** פֿון אַ שפּאַציר אויף דר׳ערד.

**גאָטס קול:** צי האָסטו צוגעקוקט זיך רעכט
צו איובֿן מײַן קנעכט?
צי איז דען נאָך אַזאַ ווי ער פֿאַראַנען.

צי האָסטו ווען
אַזעלכן שוין געזען?
אָרנטלעך און פֿרום און אָפּגעהיט פֿון שלעכטס!
און איז נאָך שטאַרק אין גלויבן ווי געווען!
האָסטו מיר אָנגערעדט, דו שׂטן וואָס דו ביסט,
פֿאַרלענדן אים אומזיסט!

שׂטנס קול: פֿעל פֿאַר פֿעל!
און אַלץ וואָס איינער האָט נאָר גיט ער פֿאַר זײַן זעל!
דו הייב דײַן האַנט נאָר אויף
און לייג אויף אים אַרויף,
אויף אים אַליין,
ריר אָן זײַן לײַב, ריר אָן זײַן ביין,
וועסט זען שוין, זען שוין
ווי ער וועט... ער וועט דיך – (בענטשן)...

גאָטס קול: [אופֿל]! געמאַכט!
איך גיב אים איבער אין דײַן מאַכט!
דו היט נאָר, היט זײַן זעל,
זײַן בלוט!

שׂטנס קול: גוט (דער שוואַרצער שאָטן לויפֿט דורך פֿון רעכטס אויף לינקס)

פֿאַרוואַנדלונג
איובֿס צעלט

(איובֿ זיצט אויף אַ נידעריקן בענקל אין מיטן שטוב, דער קאָפּ גרויע האָר צעשויבערט, די העמד איבערן לײַב צעריסן אין צויטן, די ברוסט אָפֿן, ער קראַצט זיך שטאַרק. די פֿענצטער טונקל פֿאַרהאַנגען).

איובֿ: תּמנע!

תּמנע: (קומט אַרײַן פֿון פֿאָדערגרונט, רעכטס)
וואָס ווילסטו, זאָג?

איובֿ: זאָל ווערן טאָג!

תּמנע: ס׳איז טאָג! (זי שלעפּט אַראָפּ די טיכער, וואָס פֿאַרדעקן די פֿענצטער, ס׳ווערט העל).
ס׳איז גרויסער טאָג...

איובֿ: (קראַצט זיך)

אַ... אַ... אַ... אַ...
כ׳קען קוים דעם אָטעם כאַפּן.

תּמנע: ניט דראַפּע זיך אַזוי ביז בלוט!
ניט דראַפּע!

איובֿ: אַ... אַ...!
איי גוט...
אַ בייַסעניש באַפֿאַלן מיך אַזאַ,
דאָ, דאָ, דער גאַנצער בוזעם...

תּמנע: איך קען׳ס ניט צוזען...

איובֿ: קוק זיך, קוק זיך צו,
ווער דען זשע איוב ניט דו?
דו ביסט מייַן ווייַב —
מייַן ווייַב אַנטלויפֿט פֿון מיר ווי פֿון אַ פּעסט!

תּמנע: דייַן ווייַב! וואָס קען אַ ווייַב דען טאָן?

איובֿ: קוק אָן מיך, קוק מיך אָן!

תּמנע: איך זע... איך זע שוין!

איובֿ: דו זעסט... דו זעסט:
עס ברענט, אַ פֿייַער ברענט,
און קענסט ניט לעשן —
ווייַב!

תּמנע: דייַן גאַנצע לייַב
איז דאָך באַדעקט מיט ווונדן.

איובֿ: און מייַנע הענט —
מייַנע הענט די בײדע ווי געבונדן
אי איינע, אי די צווייטע —
ווי אָפּגעשטאָרבן בײדע,
איך פֿיל ניט מייַנע הענט שוין!

תּמנע: כ׳וועל רופֿן מענטשן...

איובֿ: ניין, ניט רופֿ!
דו, דו —
נאָר דו קום צו,
צום קרעציקן צום גוף,
צו מייַנעם... ניין!

דו אויך ניט! ניין,
לאָז אַליין מיך איבער ווי אַ הונט!
אַליין! אַליין!
ס'איז ניט קיין גוף – אַ וווּנד!
אַן אָנגעגעסענע, אַ גרויסע וווּנד...

תּמנע: ווײ!...

איובֿ: גיי תּמנע, גיי...

תּמנע: (אָפּ. פּויזע)

איובֿ: תּמנע!

תּמנע: וואָס איובֿ? וואָס?

איובֿ: איך לײַד דאָך אָן אַ מאָס,
איך שמאַכט...

תּמנע: וואָס קען איך העלפֿן דיר, אָ זאָג.

איובֿ: זאָל ווערן נאַכט!
עס איז גענוג, גענוג געווען שוין טאָג,
זאָל ווערן נאַכט!
ניין, ניט די קרעץ –
דאָס קריכט דער טאָג, דער לץ
מיר אויפֿן לײַב.
טרײַב אַראָפּ אים תּמנע, טרײַב
דעם לץ פֿון פּלייצע מיר אַראָפּ –
ער זיצט מיר אויפֿן קאָפּ!
ער רײַט אויף מיר און לאַכט!
זאָל ווערן נאַכט!
אָ זון, אָ קריכערין, אָ אײַל זיך, אײַל!

תּמנע: דו האָסט געוואָלט אַזוי ס'זאָל ווערן טאָג –
דו האָסט געקרעכצט,
געלעכצט
נאָך אים דאָ.

איובֿ: תּמנע!
כ'האָב ערשט געוואָלט, געוואָלט אים –
און באַלד פֿאַרשאָלטן...
איך האָב געוואָלט, געוואָלט אים אויף אַ ווײַל!

איך וויל קיין טאָג ניט מיט אַ זון גינגאָלדן,
ער איז צו לאַנג!
אַ לאַנגווײַליקער וויץ –
איך וויל אַ טאָג אַ בליץ!
און אַזוי די נאַכט –
קורץ – קורץ געמאַכט!
זיי זאָלן בײַטן זיך שנעל־שנעל,
דאָ פֿינצטער – און דאָ העל!
איך קען ניט וואַרטן לאַנג!

**תּמנע:** ביסט קראַנק...

**איובֿ:** יאָ, קראַנק...

**תּמנע:** ווײ...

**איובֿ:** גיי תּמנע, גיי...

**תּמנע:** (אָפּ, פּויזע)

**איובֿ:** (קראַצט זיך די אָרעמס מיט די הענט, די רעכטע האַנט מיט וועלכער ער קראַצט זיך, פֿאַלט אָנמעכטיק אַראָפּ)
תּמנע!

**תּמנע:** וואָס יאָגסטו מיך אַרום?

**איובֿ:** (בעט זיך אין פּײַן)
איך רוף דיך, קום...

**תּמנע:** דו רופֿסט מיך ניט, דו שרײַסט...

**איובֿ:** מיר בײַסט, מיר בײַסט! (ער קראַצט מיט דער לינקער האַנט דעם רעכטן אָרעם)

**תּמנע:** גענוג!
דער אָרעם בלוטיקט שוין... גענוג!

**איובֿ:** נאָך, נאָך...

**תּמנע:** גענוג. זאָל זײַן דיר שוין גענוג...

**איובֿ:** איך קען ניט רירן זיך פֿון אָרט.
אָך, אָך,
דערלאַנג דעם קרוג!

**תּמנע:** (נעמט אָן אַ קרוג)

**איובֿ:** ניין, ניט דעם פֿולן דאָרט,
איך דאַרף ניט דעם געטראַנק.
דעם ליידיקן דערלאַנג,
אָט דעם!

תּמנע: (דערלאַנגט אים)

נאַ, נעם.

איובֿ: (נעמט פֿון תּמנען דעם קרוג, שלײַדערט אים אויף דר'ערד, צעברעכט אים)

תּמנע: אָ גאָט!

איובֿ: ס'איז דיר אַ שאָד?

דער קרוג איז דיר אַ שאָד...

פֿאַר וועמען האַלטסטו זיי? ווער וועט דיך אַרבן?

צעברעך דעם קרוג, איך דאַרף אַ שאַרבן!

(ער הייבט אַ שערבל אויף און קראַצט די אָרעמס)

איך דאַרף, איך דאַרף, איך דאַרף,

אַ שאַרבן האַרט, אַ שאַרבן שאַרף,

אַ שאַרבן, אַז מען דאַרף אים, איז ניט אָפּצושאַצן,

איך דאַרף,

איך דאַרף זיך קראַצן! (קראַצט זיך ביז בלוט)

תּמנע: ווײ...

איובֿ: גיי תּמנע, גיי.

תּמנע: (אָפּ, פּויזע)

איובֿ: תּמנע!

תּמנע: (קומט צוריק)

וואָס ווידער?

איובֿ: כ'וויל שטאַרבן!

נאַ, נעם דעם שאַרבן,

נעם, שטעל זיך הינטער מיר אַנידער

און קראַץ די פּלייצע מיר, די פּלייצע.

תּמנע: וואָס העלפֿט דאָס קראַצן?

איך וועל די ווונדן דײַנע מערער נאָך צערייצן,

צערייצן זיי, צעראַצן...

איובֿ: קראַץ!

צערייץ זיי, אָ צערייץ די קרעץ,

צערייץ זיי און צעראַץ...

צעזעץ

מײַנע גלידער, תּמנע,

מײַנע אַלע גלידער,

אַלע זיי, זיי שרײַען אין איין שטים דאָ,
אין איין ציטער:
קראַץ!

**תּמנע:** (נעמט דעם שערבל, שטעלט זיך הינטער איובֿן)

**שׂטן:** (קומט לײַכט אַרײַן פֿון לינקס אין הינטערגרונט, גייט צו תּמנען, נעמט לײַכט און בליץ שנעל אַרויס דעם שערבל פֿון איר האַנט)

**תּמנע:** (פֿילט עס ניט, פֿאַרוואַרפֿט פֿאַרצווייפֿלט מיט די הענט)
איך קען ניט, ניין!

**איובֿ:** קראַץ!

**שׂטן:** (שטויסט איר לײַכט אָפּ אין אַ זײַט, און ער אַליין שטעלט זיך הינטער איובֿן און קראַצט אים די פּלייצע)

**איובֿ:** (פֿאַרמאַכט פֿאַר פֿאַרגעניגן די אויגן)
אַ... אַ... אַ... אַ...
קראַץ נאָך!
קראַץ טיפֿער נאָך—
יאָ טיף, אין תּוך אַרײַן, אין תּוך!
אַ... אַ...

**תּמנע:** (פֿאַרברעכט די הענט)
באַשערט אַן אומגליק, ווײ, אַ בראָך!

**איובֿ:** (קוקט איר אַזוי ווי אין היץ אָן)
שאַ...

**תּמנע:** איך קען ניט, ניין!

**איובֿ:** אַ... אַ...
עס קראַצט די פּלייצע זיך פֿון זיך אַליין.

**תּמנע:** (ברעכט די הענט)
אַן אומגליק אָט אַזאַ...

**איובֿ:** שאַ... שאַ...
ניט שטער,
ווי ס'וואָלט געקראַצט מיך ווער! (שמייכלט פֿאַרצווייפֿלט)
זאָל קראַצן ער!
אַ... אַ...
דאָס זענען ניט קיין קרעץ!
מען האָט פֿאַרפֿלאָכטן איבער מיר אַ נעץ—
און איינער דאָרט, אַ לץ,

שטייט און העצט, און העצט... (שמייכלט פֿאַרצווייפֿלט)
זאָל ער העצן!
אַ... איַי גוט!
זיי נעצן שוין, זיי נעצן,
גיב אַ קוק: אי אייטער און אי בלוט!
זיי רינעץ, רינען —
ס'פֿאַרגייען מיר די זונען...
זיי רינען טראָפּנווײַז, אַ טראָפּן נאָך אַ טראָפּן —
ס'איז ניט קיין ראָפּע
פֿון אַ מענטש אַ קרעציקן, אַ טמא,
ס'איז זוימען! זוימען
אויפֿגעגאַנגענע אין ליבע־ליידן,
אין ליבע־פֿריידן
אויסגעשאָסן!
ווען זיי וואָלטן זיך אַרײַנגעגאָסן
אין טראַכט אין טיפֿן פֿון אַ ווײַב —
איך וואָלט געשווירן:
ס'וואָלטן קינדער אויפֿגיין אין איר לײַב!
קינדער וואָלט זי מיר אין פּײַן געבוירן...
אַ...

**שׂטן:** (לויפֿט צו תּמנען. שטויסט איר זי זאָל ריידן און לויפֿט צוריק אָפּ לינקס)

**תּמנע:** (פֿון רעכטס)

אָ איובֿ!

**איובֿ:** (הייבט אויף דעם קאָפּ, קוקט אַרויף צום שׂטן מיט אַ לײַדנדיקן אויסדרוק)

האַ?

**שׂטן:** (גיט איר ווידער אַ שטויס און לויפֿט אָפּ פֿון זײַן אָרט. זיי שטייען נעבן אים פֿון ביידע זײַטן)

**תּמנע:** (פֿאַרברעכט די הענט, טרעט אַ ביסל פֿאָרויס)

אָ, ווי און ווינד —
פֿאַר וואָס? פֿאַר וואָס? פֿאַר וועלכע זינד?
אַ שטראָף אַזאַ?

**איובֿ:** (געוואָנדן ווידער צום שׂטן)

האַ?

**שׂטן:** (רעגט איר ווידער אָן צו ריידן און לויפֿט אָפּ אויף זײַן אָרט)

תּמנע: ווי מיר, ווי...

ביסט אויסגעשאָטן גאַנץ ווי מיט אַ שניי,

און גרין ווי אַ גראָז,

ביסט איין געשוויר —

פֿאַר וואָס?

פֿאַר וואָס, אָ קומט עס דיר?

איובֿ: (אין שׂטנס זײַט)

האַ וואָס?

תּמנע: (פֿאַרדראָסיק, קרימט אים אין איר ווייטיק נאָך)

"האַ וואָס?" "האַ וואָס?"

איך רייד צו דיר אַ צײַט —

און דו, דו קוקסט ניט אין מײַן זײַט!

איך שטיי דאָך דאָ און דו, דו קוקסט אַהין...

דו ווייסט ניט ווו איך בין? (פֿאַרצווייפֿלט)

איובֿ!

אוי, אַ קלאָג,

זאָג, זאָג,

ווו איז תּמנע, זאָג!

ווײַז מיט אַ פֿינגער אָן אַוווּ זי שטייט,

דערהערסט ניט, הערסט ניט מײַנע רייד,

הגם איך רייד גאַנץ הויך...

און איך אַליין — איך אויך, (אין צעמישונג)

כ׳האָב דאָס געפֿיל

איך זאָג ניט וואָס איך וויל,

ניט וואָס איך מיין...

איך אַליין —

מיך נעמט אַרום אַ גרויל —

כ׳בין אויסגעהוילט אין גאַנצן, הויל!

און עמעץ רעדט צו דיר רעדט פֿון מײַן מויל —

אַ מאָדנע זאַך...

(ווי זי וואָלט אים וועלן וועקן פֿון אַ טיפֿן שלאָף)

איובֿ!

דערוואַך! דערוואַך!

שענק מיר, שיק
אַ בליק...

**שׂטן:** (וואַרפֿט בייז אויף איר אַרויף אַ שוואַרצן טיול, און מיט אַ צווייטן שוואַרצן טוך פֿלאַטערט ער איבער איר. פֿאַריאָגט זי)

**תּמנע:** (לויפֿט אָפּ פֿון ווו זי קומט, רעכטס אין פֿאָדערגרונט – אין דער קיך)

**שׂטן:** (אָפּ נאָך איר)

(פּויזע)

**איובֿ:** (קוקט זיך צעטומלט צו, ניט זעענדיק, ניט וויסנדיק גאָרניט. שרײַט)
תּמנע!

**שׂטן:** (קומט צוריק אויפֿן רוף)
וואָס ווידער שוין!

**איובֿ:** תּמנע! (וויל זיך דערמאָנען עפּעס וואָס, וואָס אַרט אים)
וואָס האָסטו מיר געזאָגט אַזוינס?
איך האָב ניט גוט געהערט –
זאָג, וואָס האָסטו געזאָגט?

**שׂטן:** כ׳האָב גאָרנישט ניט געזאָגט –
וואָס יאָגסטו מיך?
וואָלטסט נאָר געטאָן מיך און געיאָגט,
פֿון קיך אַהער,
פֿון דאַנען־דאָ אין קיך...
הער אויף, הער אויף מיך מאַטערן!
דו פּטרסט זיך
און ווילסט אויך מיך, אויך מיך
מיט דיר צוזאַמען פּטרן...

**איובֿ:** תּמנע!
צי ביסטו תּמנע? דו?

**שׂטן:** אײַ לאָז צו רו!...

**איובֿ:** תּמנע!
צי הער איך דיך? דײַן שפּראַך?

**שׂטן:** לאָז מיך, לאָז געמאַך!...

**איובֿ:** (קלאַפּט זיך מיט בײדע פֿויסטן אין קאָפּ)
תּמנע –
מײַן ווײַב... אין וועמענס שויס

איך האָב געוואַרעמט זיך... אַרויס!
אַרויס און קום ניט קיין מאָל דאָ אַהער,
ניט באַווײַז זיך מער
פֿאַר מײַנע אויגן!

שׂטן: (פֿאַלט צו, קניט צו איובֿס שויס, גראָבט אײַן אין שויס זײַן פּנים)
פֿאַרגיב מיר, אָ פֿאַרגיב...
מיר איז אַ וואָרט אַ האַרבס פֿון מויל אַרויסגעפֿלויגן –
האָב מיך ליב...

איובֿ: איך האָב דיך ליב,
יאָ ליב, און מערער נאָך ווי פֿריִער –

שׂטן: (גערירט)
איובֿ!

איובֿ: דו אָבער, תּמנע, האָסט ניט ליב מיך מערער...
כ׳קען פֿאַרשטיין עס –
כ׳בין קראַנק אַזוי, ניט יונג און שיין ניט...

שׂטן: (הייבט אויף דעם קאָפּ פֿון איובֿס שויס)

איובֿ: וויין ניט תּמנע, וויין ניט,
ווייש אָפּ די טרערן...
איך האָב אויך דיך, ווי אַלץ אויף דר׳ערד, פֿאַרלוירן,
צוזאַמען מיט מײַן האָב און גאָב,
מיט אַלע מײַנע קינדער, וואָס דו האָסט מיר געבוירן.
(ער הייבט אויף הויך אַ לײדיקן האַנטהויפֿן)
דײַן צאָפּ! דײַן צאָפּ!
ר׳איז וואַרעם־וואַרעם און ווייך איז ער ווי וואָל –
די האָר, די שוואַרצע דײַנע פֿון אַ מאָל!
זיי האָבן דאָך געהאַט פֿאַרגרויט שוין...
ניט וואָר! ניט וואָר!
מײַנע זענען עס די האָר,
וואָס זענען אַזוי פֿרי געוואָרן גרוי...
מײַנע, מײַנע די פֿאַרלאַנגען – טויט שוין!
אָ, תּמנע... פֿרוי!
דײַן פּנים האָט באַדעקט זיך מיט אַ רויטל
ווי אַ מאָל מיט יאָרן צ׳ריק –

געדענקסט?

עס האָט דאָ, אין דער שטוב, געוווינט דאָס גליק...

געדענקסט?

ווי ס׳וואָלט געוועזן היַינט, אַצינד –

דו שענקסט

דעם לעצטן זון מיר... אַך!

גייסט שווער צו קינד...

ביסט שוואַך, ביסט זייער שוואַך,

איך שטיי צוקאָפּן דיר, ביַים בעט,

און בעט:

״אָ גאָט!״

עס איז געוועזן דיַין לעצטער וויי,

און פּלוצלינג האָט

פֿאַרהילכט אין שטוב דעם ניַי־געבאָרענעמס געשריי.

און דו – דו מאַכסט אים נאָך זיַין שטֵים דאָ –

תּמנע!

שׂטן: (מאַכט נאָך דאָס שריַיען פֿון אַ ניַי־געבאָרענעם קינד)

אַ... אַ...!

איובֿ: שאַ...

דו האָסט אים נאָכגעמאַכט, ביַי זיַין געבוירן.

אין דער פֿרייד, אין דיַינער – ביסט אַ שטיפֿערן געוועזן...

מיר האָבן אים פֿאַרלוירן,

מיר וועלן מער אים שוין ניט זען,

יעצט וועט די הערצער זענען אונדז געבראָכן –

מאַך ניט נאָך אים!

שׂטן: אַ... אַ... (הייבט אָן וויינען)

ניטאָ אים שוין, און אַלע זיי – ניטאָ זיי.

ר׳איז אומגעקומען, אָ, מיט זיַינע ברידער אַל׳

ווי ווינטעלעך געקומען און פֿאַרבלאָזן,

ווי אָקסן קומען אום אין אַ פֿאַרברענטן שטאַל,

ווי פֿייגעלעך אין אַ צעקלאַפּטער שטיַיג...

און דו – ווי ס׳וואָלט דיך ניט געאַרט!

(טרעט אַ ביסל אָפּ פֿון איובֿן)

איובֿ: דו לײַגסט!

שׂטן: מען האָט דאָך דיר געגאַרט,
אוּן דו, דו שווײַגסט —

איובֿ: שווײַג אויך!

שׂטן: איך שווײַג,
נאָר דו, דו שווײַג ניט, נײן!
איך מאָן בײַ דיר, און דו, דו מאָן בײַ אים דאָרט!

איובֿ: תּמנע!
דו רעדסט ניט גוט,
ניט שײן,
מיר ווײסן טאַקע ניט, נאָר גאָט אַלײן —
ער ווײס דאָך, וואָס ער טוט...

שׂטן: ער ווײס! ער ווײס!
און הײבסט דערבײַ די אויגן הויך —
ער ווײס...
דו דאַרפֿסט עס ווײסן אויך!

איובֿ: (פֿאַרלוירן אין זײַן פֿאַרצווייפֿלונג)
עס ווערט מיר הייס...
אָ, אומגליק מײַנער גרויס און גרויס מײַן בראָך —
איך קען די ווערטער דײַנע ניט פֿאַרטראָגן,
תּמנע!
ווען כ׳גיב זיך אין מײַן גרים דאָ
נאָך.
און ווען איך מאָג, איך מאָג —
וואָלט איך דיך געשלאָגן!

שׂטן: (גייט צו אים צו)
שלאָג!

איובֿ: (הייבט אויף זײַן האַנט, שטאָקט, כאַפּט אים פּלוצלינג פֿאַרן אָרעם, שלעפּט אים צו זיך, וואַרפֿט אים צו זײַן שויס)
תּמנע, מײַן פֿרוי...

שׂטן: שלאָג! שלאָג!

איובֿ: (קוקט אים אָן)
תּמנע!

זאָג וואָס? וואָס איז עס, זאָג!
כ׳וואָלט גערן דיך געשלאָגן און אַרומגענומען,
איך האָב באַקומען יעצט דיך פֿײַנט אַזוי,
און ליב אַזוי דיך, ליב דיך יעצט באַקומען –

**שׂטן:** שלאָג מיך, שלאָג!

**איובֿ:** (הייבט אויף איבער אים זײַן האַנט, קוקט אים גרימיק אָן, לאָזט זי באַלד אַראָפּ)

תּמנע מײַן ווײַב!
וואָס האָסטו אויפֿגעדעקט זיך ווײַס דײַן לײַב?
דעק צו... (דער קאָפּ פֿאַלט אים אויפֿן שׂטנס ברוסט)
דו ביסט עס? דו?
מײַן תּמנע!... נעם אַרום מיך, נעם מיך...

**שׂטן:** (מיט אַ מינע פֿון אַ צנועה)

כ׳שעם זיך...

**איובֿ:** ביסט שעמעוודיק... איך ווייס,
ווען איך האָב צוגעדעקט דיך הייס,
באַהאַלטן און געהיים
אין אונדזער היים –
האָסטו, אַ שעמעוודיקע יעדעס מאָל
צוגעמאַכט די אויגן,
פֿאַרגראָבן אין דעם קישן טיף די אױ׳רן –
איך זינדיקער, געהאַלטן האָב די אויגן אָפֿן.
אַנטקעגן דיר געבֿרומט, הויך אויפֿן קול –
דו האָסט, אַ שעמעוודיקע, געלאָזן זיך באַשלאָפֿן...
אַ שעמעוודיקע – האָסטו קינדער מיר געבוירן,
זיי געזויגן
און דערצויגן...
געדענקסט?... איך האָב מקנא שטאַרק געווען
מײַן ערשט־געבוירענעם זון,
ער האָט זיך צוגעקלעפּט אין גאַנצן צו דײַן ברוסט...
געזויגן מיט זײַן מײַלעכל דערפֿון...
איך האָב געזען,
כ׳בין צוגעפֿאַלן צו איר אויך,
מיר האָט זיך אויך פֿאַרגלוסט:

אַ טראָפּן פֿון דײַן מילך, אַ לעק...

**שׂטן:** (ווי ער וואָלט פֿאַרדעקט די ברוסט)

**איובֿ:** פֿאַרדעק ניט, ניט פֿאַרדעק!

ניט נעם זי צו, ניט נעם זי —

**שׂטן:** כ׳שעם זיך...

**איובֿ:** (נעמט פֿאַנאַנדער דעם שׂטן די הענט)

שעם זיך ניט... לאָז, לאָז!

דו האָסט

ניט באַדאַרפֿט זיך שעמען דאַן,

און אויך ניט יעצט. (געהיימ׳ניש־פֿול)

איך בין דײַן מאַן,

וואָס האָט באַהאָפֿטן זיך מיט דיר אין ליבע,

וואָס פֿאַרגייט אין ליבע אויך אַצינדער!

אָ ניין,

עס געשעט מיט מיר ניט אַ נאַטירלעכער געזעץ

אַליין,

עס געשעען מיט מיר וווּנדער!

ווּ זענען מײַנע קרעץ?

זיי זענען ניט געוואָרן!

בלאָז אין האָרן,

בלאָז:

זיי זענען ניט געוואָרן!

ניטאָ זיי שוין! (נעמט אים לײַדנשאַפֿטלעך אַרום)

קום ווײַן מיט מיר, קום ווײַן!

ניט דו ביסט עס די שעמעוודיקע, ניין, ניט וואָר,

איך בין עס גאָר!

איך בין דער שעמעוודיקער און דער זינדיקער, זיי ביידע —

איך בין׳ס! און דו — דו ביסט אין מיר געראָטן!

שטאַרק זיך פּונקט ווי איך אין דײַנע לײַדן,

פֿאַרגעס אין ליבע זיי...

ליבע איז אין גרעסטן שמאַרץ אונדז ניט פֿאַרבאָטן,

זי איז אַ פֿרייד, אַ גרויסע אין אַ גרויסן וויי...

דו היט זיך נאָר, אָ היט זיך פֿאַרן שׂטן!

שׂטן: (ווערט ווילד, רײַסט זיך אַוועק פֿון אָרט, מאַכט מיט אַ געפּילדער און קוויטשערײַ עטלעכע קאָזשעלקעס הין און צוריק, זעצט זיך איובֿן צופֿוסנס, לייגט אָן דעם פּראָפֿיל אין זײַן שויס)

איובֿ, מײַן מאַן,

דערמאָן זיך נאָר, דערמאָן

געדענקסט?... אַ נאַכט־שעה, שפּעט, בײַ מיר אין בעט...

כ'האָב דאַן געשוואַנגערט, כ'געדענק שוין ניט מיט וועמען,

איך האָב מײַן בויך און פּנים, אין מײַן שעמען,

פֿאַרגראָבן אין מײַן קישן,

דו האָסט אַראָפּגעלאָזן זיך אין צווישן

און האָסט געקושט מיר דאָרט —

געדענקסט?... אין יענעם אָרט...

איובֿ: תּמנע!

שׂטן: וואָס? וואָס קוקסטו אָן מיך שטאַר?

איובֿ: איז'ס אַ שפּאָטן? (קוקט אים אַ ווײַלע שווײַגנדיק אָן)

אויב ניט דער שׂטן —

זיצט אין דיר אַ נאַר!

שׂטן: (באַליידיקט)

שרײַ העכער נאָך, שרײַ הויך —

אַ נאַר שוין אויך!

אַ נאַר בין איך,

דו זידלסט זיך...

יאָ... מיר געהערט דער שפּאָט!...

איובֿ: אָ גאָט!

שׂטן: גאָט! גאָט!

נאָר אים! אים, אים נאָר!

דו ווייסט פֿון איינעם נאָר, בעת זיי זענען צוויי:

גאָט און דער טײַוול!

איובֿ: תּמנע!

שׂטן: "תּמנע"!... אָ, נאַרישער בעל־תּאווה,

זאָג ווער האָט דיר באַקליידט

אָט מיט דער פּײַן און לייד?

זאָג ווער פֿון זיי?

זאָג ווער,

אויב ניט דײַן גאָט? ער, ער...
קוק אָן זיך גוט... זע, זע...

איובֿ: (כאַפּט זיך פֿאַר די אָרעמס)
אל תפתח פה –
ווײ, ווײ,
זײ זענען דאָ!
זײ זענען ווידער דאָ!
אָ תּמנע, תּמנע,
איך האָב געמײנט איך בין גענעזן,
ניט געוואָרן זענען מיר די קרעץ, ווי ניט געוועזן,
ווי אָפּגעמעקט און ווי פֿאַרשוווּנדן!
זײ האָבן אויף מײַן לײַב זיך ווידער אָנגעצונדן!

שׂטן: ווידער!

איובֿ: און מיט אַ גרעסערע אַ לײד,
מיט אַ ווײטיק זיבנפֿאַכיק גרעסער,
נעם תּמנע, נעם אַ מעסער,
שנײַד!
אַ שאַרבן נעם און קראַץ מיר, קראַץ די גלידער –

שׂטן: (אויפֿגעלעבט)
ווידער!

איובֿ: זײ זענען אָפֿן שוין געוועזן ווי אויגן
און ווי מײַלער,
און האָבן אין אײן ווײַלע
ווידער זיך פֿאַרצויגן...
און פֿאַרמאַכטערהײט אויף ס׳נײַ זיך אָנגעגאָסן פֿול,
און מיט אַ בײַסעניש,
אַ רײַסעניש
אויף ס׳נײַ אויף ס׳נײַ – כ׳וועל דול!
אָ בעסער שטאַרבן!
תּמנע, מײַן ווײַב,
נעם תּמנע, נעם אַ שאַרבן,
און שנײַד, צעשנײַד מײַן לײַב,
קום תּמנע, קום –

שׂטן: פֿאַר וואָס, וויי מיר,
פֿאַר וואָס, אָ קומט עס דיר,
אַזאַ אַ סוף?
אַזאַ אַ שטראָף!
און בייז אַזוי און האַרב...

איובֿ: קום! קום!

שׂטן: און דו ביסט אַלץ נאָך פֿרום!
בענטש אים
מענטש, און
שטאַרב!

איובֿ: (פֿאַרבליפֿט. גיט זיך אַ הייב אויף פֿון בענקל, קוקט אָן דעם שׂטן)
דו, דו! דו ביסט עס!
דייַנע ווערטער וויסטע,
דייַן – די שטים דאָ
תּמנע!

שׂטן: (גרייט זיך ווערן)
איך!

איובֿ: איך האָב געהערט ניט גוט –
און האָסטו מוט,
זאָג איבער נאָך אַ מאָל דאָ גיך...
רייד אָן מיך, רייד נאָך אַ מאָל מיך אָן –
וואָס זאָל איך טאָן
מיט מייַן אלהים?

שׂטן: זאָלסט שילטן אים!

איובֿ: (קוקט אים צעמישט אָן)

שׂטן: וואָס האָסטו אָנגעשטעלט אויף מיר די אויגן גרויס?

איובֿ: אַרויס! אַרויס! (יאָגט אים אַרום טיש)

שׂטן: (אָנשפּאַרנדיק די הענטפֿלאַכן אויפֿן טיש, שפּרינגט ער אים אַריבער ווי געפֿלויגן)

איובֿ: (בלייַבט שטיין פֿאַרסאָפּעט, שפּאַרט אָן די הענט אָן ברעג־טיש)
אַרויס!
עס זאָל ניט בלייַבן דאָ פֿון דיר קיין שפּור –
דו אַלטע, אַלטע הור,
אַרויס! (ער יאָגט זי ווידער אַרום טיש)

שׂטן: (פֿליט ווידער איבערן טיש און בלײַבט שטיין קעגן איבער אויבן)
טרײַב! טרײַב!
דײַן אייגענע, דײַן ווײַב,
דײַן איינציקן, דײַן פֿרײַנט –
איובֿ: איך האָב דיך פֿײַנט! (כאַפּט אַ קרוג און וואַרפֿט אים)
שׂטן: (כאַפּט דעם קרוג אין די הענט)
איובֿ: (יאָגט אים ווידער אַרום טיש)
שׂטן: (לאָזט דעם קרוג שטיין אויפֿן ברעג־טיש און לויפֿט אָפּ קעגן איבער)
איובֿ: (גרײַפֿט דעם קרוג, וואַרפֿט אים ווידער אין שׂטן)
שׂטן: (כאַפּט דעם קרוג אויך דאָס מאָל אין די הענט און שטעלט אים אויף זײַן אָרט)
איובֿ: אַרויס, אַרויס בײַ צײַטנס,
דו רעדסט ווי אַ פֿאַרשײַטע!
דאָס גוטע נעמען מיר פֿון גאָט אָן, פֿון גערעכטן, און גאָרנישט פֿונעם שלעכטן?
אַרויס! אַרויס!
כ׳וועל שרײַען, גוואַלדעווען, כ׳וועל הייבן פֿויסטן
אין מײַנע שמאַרצן גרויס!
אויפֿן אומגליק מײַנעם, אויף דעם גרויסן
וויינען וועל איך, וויינען אויפֿן קול,
די וועלט דערשיטערן,
אויפֿן גורל מײַנעם אויף דעם ביטערן,
וואָס וויל מיר גאָרנישט שענקען און נישט שוינען,
כ׳וועל וויינען אויפֿן קול!
און זאָל
די וועלט די גאַנצע שטוינען!
און גאָט זאָל וויסן –
און האָבן... האָבן מיך אויף זײַן געוויסן...
ווײ... קאָפּ אָן וואַנט וועל איך זיך שלאָגן,
כ׳וועל קלאָגן, קלאָגן
און טענהן וועל איך, טענהן
אויף די עינויים מײַנע
די אומזיסטע,
אויפֿן לעבן מײַנעם אויפֿן וויסטן,
אויפֿן לעבן מײַנעם דעם פֿאַרשפּילטן –

כ׳וועל אָבער אים ניט שילטן! (אין אויפֿרעגונג)

אַרויס! אַרויס! (יאָגט אים מיט געבייַלטע פֿויסטן אַרום

טיש עטלעכע מאָל, קומט פֿאַר זייַן בענקעלע, פֿאַלט אויף אים אָנמעכטיק און בלייַבט זיצן)

שׂטן: (באַפֿאַלט אים פֿון הינטן, רייַט אים אויפֿן קאַרק, דריקט אים מיט זייַן גאַנצער מאַסע אַראָפּ)

ניט זע, ניט הער, נאָר שפּיר...

אַ געשוויר מיר... אַ געשוויר אויף אַ געשוויר!

דו לאָזט מיך ניט, מיך פּינצטערן און שוואַרצן,

דו לאָזט מיך ניט אַרייַן צו דיר אין האַרצן,

האָב איך זיך געזעצט דיר אויפֿן קאַרק...

ביסט שטאַרק!

ביסט אומבאַרופֿן שטאַרק!

איובֿ: (קרעכצט)

אָ, שווער!

שׂטן: ניט זע, ניט הער–

נאָר פֿיל!

דו טוסט ניט וואָס איך וויל,

האָסט אייַנגעעקשנט זיך – אַן אייזל!

איך האָב געפּרוּווט מיט גוטן דיך פֿאַרפֿעטסן,

דערנאָך, דיך אויסמאָגערן געפּרוּווט, מיט בייזן,

דיך העצן, העצן,

ס׳איז ניט געלונגען מיר דאָס ערשטע, ניט דאָס לעצטע,

ס׳איז מיר ניט געראָטן!

איך האָב אומזיסט די פֿייַל אין דיר געצילט,

איך האָב אויף דיר געוואָטן זיך, געוואָטן –

און האָב פֿאַרשפּילט!

איובֿ: אָ שווער!

שׂטן: זאָל שווערער דיר נאָך זייַן (דריקט אים)

און מערער, מער

דייַן פּייַן –

איך האָב פֿאַרשפּילט!

איך האָב באַפֿוילן: שילט!

און דו, דו וויינסט...

איך האָב גערופֿן: זידל!

און דו – דאָס אַלטע לידל
וואָס דו האָסט ליב:
פֿאַרגיב!
איך האָב געמיינט
ווערסט לעסטערן, ווערסט שפּאָטן –
איך האָב געוואָלט דײַן קללה און דײַן שפּאָט –
ניט דײַן געבעט!
איך האָב געוואָטן זיך, געוואָטן,
און האָב פֿאַרשפּילט דעם וועט!

איובֿ: אָ גאָט!

שׂטן: (שפּרינגט אויפֿגעבראַכט ביז דאָס אויסערסטע, אַראָפּ)
איך וועל דעם שפּאָט,
די שמאַך
ניט מערער שוין דערטראָגן!
ניט מײַנער אָבער און ניט זײַנער –
(מיט אַ באַוועגונג אין דער הייך)
איז דער זיג!
מיר האָבן איובֿ, דיך אומזיסט געשלאָגן...
דאָס בין איך די פֿליג, (צום הימל)
און ער... אויך ער איז שוואַך –
מיר האָבן זיך אומזיסט געוואָטן –
איובֿ! ניט לאַך, ניט לאַך,
דו – דו! דו ביסט אי ער און אי דער שׂטן!
(באַפֿאַלט אים ווידער אויפֿן קאַרק)

איובֿ: אָ שווער!

שׂטן: (שפּרינגט אָפּ, פֿריילעך)
הער! הער! מען גייט!
דערפֿריי זיך איובֿ! איך האָב זיך אויך דערפֿרייט –
מען גייט...
מע קומט!

איובֿ: פֿאַרשטום!
כ׳וויל קיינעם דאָ ניט הײַנט!

שׂטן: פֿרײַנד! אַלטע פֿרײַנד!

גוטע, פֿרומע,
זיי קומען! (קוקט אין די דרײַ פֿענצטער)
זיי קומען אָן, זיי דרײַען, פֿון דרײַ וועגן –

איובֿ: אַך תּמנע, תּמנע!

שׂטן: איך הער די טריט שוין ווייערע, די שטימען –

איובֿ: אַך, אַך, זיי וועלן פֿאָרשן מיך, זיי וועלן פֿרעגן,
באַוויינען הויך מײַן שטראָף, באַקענען שטיל מײַן שולד,
איך האָב קיין כּוח ניט, ניט קיין געדולד
צו דעם –
כ׳בין אין דער קלעם!

שׂטן: פֿאַרנעם:
עס קומען צו דיר פֿרײַנד!

איובֿ: וואָס באַטרעפֿן פֿרײַנד ווען ס׳האָט
פֿאַרלאָזן מיך מײַן גאָט
און מײַנע אַלע!
זיי וועלן זען מיך אין מײַן פֿאַלן,
אין מײַן אומגליק און אין מײַן פֿאַרדראָס...

שׂטן: לאָז!
אַזעלכע פֿרײַנד, וואָס הייסט –
זיי ברענגען דיר אַ טרייסט...

איובֿ: צו וואָס?
זיי וועלן
אין מײַן גרויסן עלנט,
אין מײַנע שמאַרצן
זען מיך... אַרײַנקוקן צו מיר אין האַרצן
אין פֿאַרשמאַכטן,
זיי וועלן קרעכצן איבער מיר און קרעכצנדיק פֿאַראַכטן,
זיי וועלן מיך באַטראַכטן,
מײַן זעל,
מײַן פֿעל,
מײַן אייטערדיקן גוף –

שׂטן: (ווי פֿאַר זיך)
דער לעצטער פּרוּוו! (הויך)

אָט קומען זיי, זיי דרייַען פֿון דרייַ זייַטן –
צו דיר! צו דיר!
באַלד, באַלד, און איר וועט ווידער זייַן דאָ פֿיר,
ווי אין אַמאָליקע, אין גוטע צייַטן.
זיי קלאַפּן אַלע אָן באַלד אין דייַן טיר...

איובֿ: ס'וועט ניט ווערן ליכטיקער.

שׂטן: איך זע זיי אָנקומען אַהער פֿון ווייַטן.

איובֿ: באַלד וועט מען עס מיט פֿינגער פֿליכטיקע
אויף מיר טייַטן...

שׂטן: (פֿאַר זיך)
אויף דעם העלד!... (הויך)
אָט קומען זיי, זיי דרייַען, פֿון דרייַ עקן וועלט.

איובֿ: באַזיכטיקער...

שׂטן: זיי האָבן צו דער צייַט, דער ריכטיקער,
זיך צוגעשטעלט,
דייַנע פֿרייַנד, די דרייַ – דו ביסט דער פֿערטער.

איובֿ: געוועזן.
ס'איז גוט געוועזן אַ מאָל מיר, הייַנט איז מיר שלעכט.

שׂטן: ס'וועט גוט דיר זייַן נאָך ווידער, דו וועסט זען!
דרייַ קומען דייַנע פֿרייַנד, דו ביסט דער פֿערטער!
זיי וועלן טרייסטן דיך, געבן דיר גערעכט –

איובֿ: ווערטער!

שׂטן: אָט קומען זיי... גליקלעכע דרייַ מענטשן,
באַשאָנקענע, געבענטשטע...
אָט קומען זיי, זיי קומען –
גלויביקע און פֿרומע...

איובֿ: דערצו נאָך ווען זיי שטומען! (פֿאַרצווייפֿלט)
גרייט אָן דרייַ ערטער!

שׂטן: גערן,
זאָל פֿריילעכער דאָ ווערן! (ער גיט אַ וואָרף די הענט זייַנע אין דער הייך, רעכטס – און פֿון אויבן ווערט צוגעוואָרפֿן אַ בענקל, ער שטעלט אים לינקס, הייבט דאָרט אויף די הענט, כאַפּט פֿון דער לופֿטן אַ צווייטן בענקל און שטעלט אים רעכטס, כאַפּט דאָרט אַ דריטן בענקל און שטעלט אים אין מיטן, לינקס צו, קוקט צום פֿענצטער רעכטס).

אָט קומט אָן ער,
דער ערשטער, דער תּימנער,
אליפֿז!
ר'איז דיק נאָך, דיק און הויך,
און טיפֿער ווי זײַן בויך –
זײַן איידעלער באַגריף איז,
און דאָס וואָרט, דאָס וואָרט זײַנס – טיף איז!
אליפֿז!

(ער קוקט צום פֿענצטער לינקס)

אָט קומט בלדד,
דער שוחער –
כאָטש נידעריק נאָר הויך געבילדעט,
אַ זוכער
און אַ געפֿינער!
אַ האָן – שטייט אויף באַגינען,
מאַכט אַ געפֿילדער,
און לייגט זיך מיט די הינער...
בלדד!

(דערזעט אין פֿענצטער לינקס)

און אָט איז צופֿר!
דער נעמתי, דער פֿון נעמה,
צופֿר!
וואָס איז אים דען די נעמה?
אַ לאַנד? אַ ווײַב? אַ מאַמע?
צי אַלע זיי צוזאַמען?
נעמה!
דער מאַן פֿון נעמה –
צופֿר!

(שטעלט זיך אין הינטערגרונט, שפּרייט אויס די הענט)

איר אַלע, איר זאָלט געזונט נאָר זײַן –
אַרײַן!

אליפֿז פֿון תּימן }
בלדד פֿון שוח }
צופֿר פֿון נעמה }

(קומען **איינציַיטיק**, יעדערער אין זײַן טיר, זיי קרײַצן זיך, איינער מיט די אַנדערע אין מיטן צימער, גייען אָפּ **יעדערער צו זײַן געזעס**, זיי בלײַבן שטיין, קוקן אָן לאַנג איובֿן, שאָקלען בײַלײַדיק מיטן קאָפּ, ווינקען זיך **שפּעטער דורך איינער מיט די אַנדערע**, מיט פֿינגער צום מויל)

**שׂטן:** (גיט אַ שפּרונג אין מיטן צימער, הינטער איובֿן)

למאַי זאָל איך אײַך ליגן זאָגן, דאָ, למאַי?
אײַך אַלע דרײַי?
איר ווילע, ווילע יאַטן –
ווי איר הערט מיך ניט,
און ווי איר זעט מיך ניט –
אַזוי זאָל אײַך ניט שאַטן!...
(ווײַזט אויף איובֿן)
איך האָב מיט אים, דאָס מײַניקע
כמעט פֿאַרענדיקט, יעצט קומט אײַער ריי:
איר הייבט אים אָן יעצט פֿײַניקן
פֿון דאָס נײַ...
ווי איר וואָלט זיך וועגן דעם מיט מיר פֿאַרשטענדיקט...
איר האָט דאָס וואָרט!
איר וועט געפֿינען נאָך בײַ אים אַ פֿרײַיען אָרט פֿאַר אַ פֿריש געבאַקענעם געשוויר...
זאָל אײַך העלפֿן גאָט,
אײַך בראַווע לײַט,
ווי ער האָט
געהאָלפֿן מיר!
איר זײַט געקומען טאַקע יעדער פֿון אַן אַנדער זײַט,
איר זײַט געקומען אָבער אין איין צײַט,
איר זײַט געקומען גלײַך
מיר אַ דאַנק...
איר זעט מיך ניט,
איר הערט מיך ניט –
ווײַל איך זיץ אין אײַך...
יאָ, יאָ,
אין אײַך!
איך געפֿיל אין אײַערן און אין געדאַנק,
איך גיי אַוועק און בלײַב אײנצײַטיק דאָ –
(ווי ער וואָלט אַ שמיץ געטאָן מיט אַ בײַטש אין דער לופֿטן)
**וויאָ!** (ער לויפֿט אַרײַן אין קיך)

אַ יונגע

שיינע פֿרוי: (קומט מאָמענטאַל פֿון קיך)
איובֿ!

איובֿ: (וויל זיך הייבן פֿון בענקל)

די פֿרוי: דו הייבסט אַ ביסל זיך צו פֿרי אויף.

איובֿ: ווער ביסטו און וואָס זאָגסטו אָן מיר?

די פֿרוי: איובֿ, דערקאָן מיך,
איך בין דײַן שכנה —
איך קום דיר זאָגן:
נאָך איינע
איז צו באַוויינען
און צו באַקלאָגן,
נאָך אַ קרבן!
עס איז דײַן ווײַב אין דער מינוט געשטאָרבן.

איובֿ: מײַן ווײַב?

די פֿרוי: (פֿאַרשווינדט צוריק אין קיך)

איובֿ: (וויל זיך אויפֿהייבן פֿון בענקל)

אליפֿז
בלדד } בלײַב זיצן, בלײַב...
צופֿר

איובֿ: (בלײַבט זיצן שטום, טיף געבויגן אין זײַנע צרות)

די דרײַ פֿרײַנד — (זעצן זיך אײַנצײַטיק, שטיל אויף זייערע ערטער, לאָזן אַראָפּ די קעפּ).

פֿאָרהאַנג פֿאַלט לאַנגזאַם.

## דריטער אַקט

פּערזאָנען

איובֿ
אליפֿז
בלדד

צופֿר
די שכנה

(אַ לענגערע פּויזע)

אליפֿז: גענוג!
גענוג געקלאָגט!
בלדד: קוק:
זיבן מאָל האָט שוין געטאָגט,
צופֿר: און זיבן מאָל האָט שוין די נאַכט אַראָפּגענידערט שוואַרץ.
אליפֿז: יאָ גרויס, אָ גרויס געוועזן איז דער שמאַרץ...
בלדד: ער האָט אונדז צוגעשמידט צום אָרט.
צופֿר: מיר האָבן ניט אַרויסגערעדט קיין וואָרט.
אליפֿז: דײַן שמאַרץ!
מיר האָבן צוגעקוקט זיך צו דײַן האַרץ —
בלדד: מיר האָבן אים געזען...
צופֿר: באַשײַנפּערלעך געזען!
אליפֿז: נאָר ס'איז געשען!
גענוג,
גענוג געשוויגן!
שווײַגן קען זײַן נאַריש, קען זײַן קלוג —
ס'איז אָבער ניט קיין אמת און ניט קיין ליגן!
אָ בלײַב ניט, איובֿ, אין דײַנע לײַדן שטום,
אויב דו ביסט פֿרום.
בלדד: דו האָסט גענוג געשוויגן אין דײַן לייד —
רייד!
זאָג אַרויס זיך, זאָג!
צופֿר: ניט טראָג
אַלץ מיט אַן אַנדער אין דײַן האַרצן —
ווער ווייסט וואָס דו באַהאַלטסט צוזאַמען מיט די שמאַרצן?
אליפֿז: ווער ווייס? ווער ווייס?
אַ האַרץ איז הייס!
בלדד: און ווען אַ האַרץ איז הייס

קען עס נאָך, חלילה אין פֿאַרדראָס
אַריבערכאַפּן ווײַט די מאָס...
קענסט חס־ושלום,
נאָך פֿאַרקריכן העט...

**צופֿר:** **רעד איובֿ, רעד** (פֿאַרקאָשערט די אויגן צום הימל)
**ענטפֿער אויפֿן קול אים,**
זאָג זיך אַרויס
אין דײַן ווייטאָג גרויס,
אין דײַנע גרויסע לײַדן –

**אליפֿז:** סײַדן,
דו האָסט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון בייזן חלום,
און מאַכסט מיט אים, מיטן גורל דײַנעם שלום?

**איובֿ:** (אויפֿן בענקל, מיט דער רעכטער האַנט אין בוזעם, פֿאַרוואַרפֿנדיק אָפּט דעם קאָפּ פֿון פֿאַרצווייפֿלונג אויף אַהינטן רופֿט אויס אין זײַן גרויסער פּײַן)

(פּ׳ – ג.)

ג) זאָל גיין דער טאָג פֿאַרלוירן
אין וועלכן כ׳בין געבוירן,
און די נאַכט וואָס האָט באַפֿוילן דאַן:
ווער שוואַנגער מיט אַ מאַן!

ד) דער טאָג, דער יעניקער זאָל פֿינצטער זײַן,
זאָל גאָט ניט מאָנען אים,
ניט קאָנען אים,
ניט פֿאַלן זאָל אויף אים די שײַן.

ה) פֿינצטערניש און נאַכטשאָטן און שרעקן –
זאָלן זײַן זיי, זײַנע די דערלייזער;
עס זאָל אַ וואָלקן פֿינצטער אים פֿאַרדעקן,
און אָנוואַרפֿן אַ פּחד ווי אין היצן פֿון אַ טאָג אַ בייזן.

ו) יענע נאַכט — צו אַלדע שוואַרצע יאָר איר!
ניט געהערן,
ניט צוגערעכנט זאָל זי ווערן
צו טעג צו קלאָרע,
צו טעג פֿון אַ גאַנץ יאָר... אָ, יענע נאַכט
וואָס ניטאָ שוין,
ניט קומען זאָל זי אין באַטראַכט,
אין צאָל פֿון די חדשים.

ז) פֿאַראײנזאַמט זײַן זאָל יענע נאַכט און באַנג,
זאָל ניט אַרײַנבאַקומען זיך אין איר געזאַנג.

ח) זאָלן שילטן איר די טאָג־פֿאַרשילטער פֿול מיט שרעקן,
די וואָס דאַרפֿן דעם לויתן וועקן.

ט) פֿינצטער זאָלן ווערן
אירע אָוונט־שטערן,
און זאָל זי אויסקוקן די שײַן —
און זי זאָל ניט זײַן!
זי זאָל ניט זען ווי געעפֿנט ס׳ווערן
די ווימפּער פֿונעם מאָרגן־שטערן.

י) ווײַל ז׳האָט די טירן ניט פֿאַרמאַכט
פֿון מײַן מוטערס טראַכט,
זי וואָלט דערמיט פֿיל זאָרגן
פֿון די אויגן מיר פֿאַרבאָרגן...

יא) פֿאַר וואָס זאָל איך ניט האָבן גלײַך פֿון מוטערלײַב געשטאָרבן?
פֿון מאַמעס בויך אַרויס — און גלײַך אַ קרבן...

יב) צו וואָס, אָ, האָבן קניִען זיך צו מיר געבויגן?
און צו וואָס די ברוסט וואָס איך האָב דאַן געזויגן?

יג) כ׳וואָלט יעצט געלעגן רויִק און באַרוט,
און ס׳וואָלט געווען מיר גוט.

יד) מיט מלכים און מיט וועלט־חכמים וואָלט איך זיך געפֿינען,
וואָס בויען, בויען אויס פֿאַר זיך רויִנען.

טו) צי גאָר מיט הערן, וואָס האָבן גאָלד באַזעסן,
וואָס פֿילן אָן מיט זילבער זיי׳ערע שלעסער,

טז) צי גאָר ווי אַן עופֿעלע באַהאַלטן,
וואָלט איך ניט אויסגעהאַלטן,
איך וואָלט ווי קליינוואַרג זײַן
וואָס זעען ניט די שײַן!

יז) דאָרט האָבן אויפֿגעהערט זיך ערגערן די זינדער,
די מידע און די מאַטע רוען דאָרט ניט מינדער,

יח) זיי ליגן דאָרט באַרוט, פֿאַרשלאָסן אָן צוריקקער...
און הערן ניט קיין קול פֿון אַ באַדריקער.

יט) אי קליין, אי גרויס — די זעלבע רעכט!
און פֿרײַ פֿון בעל־הבית פֿון זײַנעם איז דער קנעכט.

כ) וואָס דאַרף ער ליכט דעם אומגליקלעכן געבן?
און די פֿאַרביטערטע — וואָס טויג זיי לעבן?

כא) אָ, די וואָס קוקן אויס דעם טויט, דעם קאַלטן,
וואָס זוכן אום אים, ווי מען זוכט אַן אוצר טיף באַהאַלטן...

כב) אָט די, וואָס פֿרייען זיך,
די, וואָס ס׳פֿאַרגייען זיי
פֿאַר פֿרייד די זינען
אַ קבֿר צו געפֿינען.

כג) דער מענטש אין פֿלוג —
אָ, ניט גענוג,
וואָס זײַן וועג איז אים פֿאַרשטעלט —
האָט נאָך גאָט פֿאַרצוימט פֿאַר אים זײַן וועלט.

כד) איידער נאָך איך טראָג מײַן ברויט, מײַן ביסן
צו, צו מײַנע לעפֿצן,
הערן זיך די קרעכצן מײַנע... און מײַנע זיפֿצן
קומען —
און גיסן און צעגיסן
ווי וואַסער זיך, די וויגעשרייען מײַנע און מײַן ברומען.

כה) דער פּחד פֿאַר וועלכן כ׳האָב געציטערט ווי אַ בלאַט —
איז מיר פֿאָרויסגעלאָפֿן,
און די שרעק פֿאַר וועלכער כ׳האָב מורא שטאַרק געהאַט —
האָט מיך געטראָפֿן...

כו) כ׳בין רויִק ניט געווען, ניט שטיל געווען,
ניט פֿון קיין רו געוווּסט,
און ס׳איז געשען!
געקומען, אַך, געקומען גרויס איז דער פֿאַרדרוס...

אליפֿז: (כאַפּט זיך אויף פֿון אָרט, צו די חבֿרים)
קוקט אים נאָר אָן!
מיר האָבן דאָ געהערט יעצט ווערטער קלאָר...
(ער גיט אַ רוק זײַן שטול, נענטער צו איובֿן)

(פּ׳ – ד׳.)

ב) ער האָט דיר נאָר
מיט עפּעס וואָס אַ ריר געטאָן —
און ביסט שוין מיד!

ווער קען זיך איַינהאַלטן און ניט ענטפֿערן דיר גאָר?
איך קען עס ניט!

ג) דו, וואָס דו האָסט געשטראָפֿט אַ סכן,
און געשטאַרקט די הענט פֿון שוואַכע —

ד) דיַינע ווערטער זיס
וואָס ד׳האָסט צו דעם געשטרויכלטן געשפּראָכן —
האָבן אים געשטעלט אויף זיַינע פֿיס,
דו האָסט געשטאַרקט די קני, וואָס האָבן זיך געבראָכן.

ה) און יעצט, ווי נאָר ס׳האָט אָנגערירט נאָר דיך —
אַזוי גיך
ביסטו געוואָרן מיד געבליבן שטאָקן!
ווי נאָר עס איז צו דיר דערגאַנגען האָסטו זיך דערשראָקן.

ו) די פֿרומקייט דיַינע נאָר דאַרף זיַין דיַין קראַפֿט,
די האָפֿענונג — געדענק
דאַרף זיַין דיַין האַפֿט,
די גאַנצקייט פֿון אַלע דיַינע גענג...

ז) דערמאָן, אָ, אַדרבא, מיר, וויַיז אָן אין גרונט געגומען,
אַן אומשולדיקן מיר — וואָס איז אומגעקומען?
ווו זיַינען זיי די אָרנטלעכע פֿון געבאָרן,
וואָס האָבן גוטס געטאָן
און זיַינען אומגעבראַכט געוואָרן?

ח) אַזוי ווי כ׳האָב געזען די, וואָס פֿאַרטראַכטן שלעכטס,
וואָס זייען מאַטערניש — זיי שניַידן זי מיט רעכט,

ט) זיי ווערן פֿון גאָטס גיַיסט פֿאַרלוירן גיין,
פֿאַרלענדט

פֿון זײַן אָטעמצוג אַליין
ווערן זיי פֿאַרברענט!...

הער, הער דאָס ברומען פֿונעם לייב, וואָס שאַלט,
און די מוראדיקע פֿון שאַקאַל
די שטים...
זע די ציין פֿון לייבן יונגע, וואָס ווערן אויסגעקרימט.

ס׳קומט אום אַ לייב, ווײַל ס׳האָט אים רויב פֿאַרפֿעלט —
און זײַנע יונגינקע צעשיידן זיך אויף גאָר דער וועלט.

און עפּעס וואָס האָב איך אין געהיים דערטאַפּט,
מײַן אויער האָט פֿון דעם וואָס אויפֿגעכאַפּט:

אין געדאַנקען פֿון זעונגען בײַ נאַכט —
ווען עס נידערט אַזוי זאַכט,
און ס׳פאַלט
אַ טיפֿער שלאָף אויף יונג און אַלט —

נעמט מיך אַ פּחד אָן, אַ שרעק אַ ביטערע,
מײַנע ביינער אַלע ציטערן!

און ס׳שוועבט אַ גײַסט פֿאַרבײַ מיר,
און שטעלט ווי נעגל אויף די האָר פֿון לײַב מיר —

ער שטעלט זיך באַלד —
איך קוק אָן אים,
און דערקאָן ניט
זײַן געשטאַלט —
איך זע פֿאַר מיר אַ בילד,
איך הער אַ קול און אַ שווײַגן שטיל:

יז) ס׳איז דאָך צום לאַכן,
צי וועסטו דען פֿון גאָט גערעכטער מאַכן
דעם מענטש, דעם שלאַפֿן?
באַטראַכט זיך, איובֿ, און באַנעם: (י
צי קען דען ריינער זײַן דער מאַן פֿון דעם,
וואָס האָט דעם מאַן באַשאַפֿן?

(פּ׳ – ה.)

(יא

א) שרײַ! ווער וועט דײַן קול פֿאַרנעמען?
ווער וועט דיך הערן?
און צו וועמען פֿון די הייליקע, צו וועמען (יב
וועסטו זיך קערן?

ב) דער כּעס דײַנער! (יג
דער כּעס דערהרגעט אים, דעם שוטה,
און די קנאה זײַנע
טויט אים...
איך האָב געזען אַזאַ אַ נאַר, פֿאַרעקשנט גרויס,
און כ׳האָב געשאָלטן אים, אי אים און אי זײַן הויז, (יד

ו) ניין! ניין!
עס קומט ניט ניין, פֿון אונדזער שטויב (טו
אַרויס קיין רויב
און דאָס וואָס ס׳איז געמיין...
פֿון אונדזער ערד דאָ, גאָט באַהיט — (טז
וואַקסט קיין אומרעכט ניט!

ז) דער מענטש נאָר, אָך, געבוירן איז צו מי
און פֿײַערפֿונקען הייבן זיך גאָר הויך אין זייער פֿלי...

ח) איך אָבער, איך, אינגאַנצן בין פֿאַר גאָט!
מײַן וואָרט געהייליקט איז פֿאַר אים, פֿאַר זײַן געבאָט.

ט) ניט אויסצופֿאָרשן זיי, די מעשׂים זײַנע מיט אַ מאָל,
און די וווּנדער זײַנע האָבן ניט קיין צאָל...

יז) אָ, ווויל דעם מענטשן וועמען ס׳האָט
געטראָפֿן גרויס די שטראָף פֿון גאָט.
ווויל דיר – ער האָט אַן אומגליק איבער דיר געבראַכט!
ניט פֿאַראַכט די שטראָף פֿון גאָט פֿון דײַנעם, ניט פֿאַראַכט!

אַ יונגע פֿרוי: (קומט פֿון קיך מיט פֿיר טעפּלעך מילך אויף אַ טאַץ, זי שטעלט אַוועק אויף איובֿס נידעריקן טישל איין טעפּעלע און קומט צו מיט דער טאַץ אין מיטן צימער)

אליפֿז / בלדד / צופֿר: (קומען צו איר צו פֿון זייערע דרײַ ערטער, טרינקען אויס, ווי מיט איין אָטעמצוג די מילך, שטעלן צוריק אַוועק די טעפּעלעך אויפֿן טאַץ. זיי קוקן אַ ווײַלע אָן די פֿרוי, און טרעטן אָפּ צוריק אויף זייערע ערטער)

די פֿרוי: (גייענדיק צוריק, שטעלט זי זיך אָפּ בײַ איובֿס טישל, רוקט צו אים נענטער צו דאָס טעפּעלע)

איובֿ: (קוקט איר פֿרעמד אָן)
ווער ביסטו?

די פֿרוי: דײַן שכנה.

איובֿ: און ווּ האָסטו די מילך פֿאַר מיר גענומען?

די פֿרוי: פֿון דײַן מילך געניסטו,
איינע
פֿון די קי, פֿון דײַנע, איז צוריקגעקומען...
איינע נאָר אַ קו.
סע ווייסט ניט קיינער פֿון וואַנען און פֿון ווּ...

איובֿ: אַ קו! אַ קו!
פֿון אַל דאָס לעבן, וואָס איז פֿון מיר אַנטלאָפֿן –
איז אַ קו! אַ קו,
נאָר אַ קו צוריק
צו מיר געקומען פֿון איר רו...
אַ גליק!
אַ גליק האָט מיך געטראָפֿן!
נעם... (רוקט אָפּ דאָס טעפּל)
נעם צו...

אליפֿז: ניט פֿאַרשעם
די שכנה דײַנע – טרינק!

זי איז דאָך ניט קיין דינסט דיר,
ניט פֿאַרקויפֿט צו דיר זיך, ווי אַ מינדסטע,
זיך ניט פֿאַרדונגען —
ווי ס׳וואָלט געקענט ווער מיינען;
זי איז דײַן איידעלע, דיין שכנה —
טרינק!
איך האָב אויך געטרונקען —
עס האָט געשמעקט ווי ווײַן מיר.

איובֿ: ניט רייד מיר אויס און ניט רייד אײַן מיר,
און צו איר ניט ווינק...
נעם צו! (קוקט איר אָן)
דו... דו...
דו ביסט מײַן שכנה —
איך האָב אַזאַ
שוין איינע
וועגן געזען... געהערט דײַן שטים דאָ...
ווי רופֿט מען דיך, זאָג, ווי?

די פֿרוי: תּמנע.

איובֿ: האַ?!

די פֿרוי: תּמנע.

איובֿ: תּמנע! תּמנע!... גיי...

תּמנע: (גייט אַרויס מיט דער טאַץ און מיט די ליידיקע טעפּלעך)

איובֿ: עס האָט געגעבן מיר, אָט דאָ, אַ ברי —
תּמנע!
תּמנע... תּמנע... זי...
אויך זי...

אליפֿז: דײַן תּמנע... אַך!
ווי גוט זי איז געווען, ווי פֿרום —
זי איז געווען איינע פֿון אַ סך!
עס זײַנען דאָ אַזעלכע אומעטום,
און אַלע מאָל...

איובֿ: יאָ, יאָ!
זיי זײַנען דאָ,

זיי זײַנען גרויס, אָ גרויס
אין צאָל...
אין יעדער שטוב, אין יעדן הויז
אָ תּמנע... ווײ,
די גאַס איז פֿול מיט זיי!
אָ גאָט!
די גאַנצע שטאָט,
גאַנץ עוץ,
נאָר מײַנע איז ניטאָ שוין מער...

אליפֿז:

(פּ׳ – ה.)

כד) הער איובֿ, הער:
ווערסט נאָך דערלעבן גוטס...
עס וועט נאָך שלום זײַן אין דײַן געצעלט,
ווערסט ווױנען דאָ מיט... יאָ! און ניט באַגיין קיין זינד,
ווערסט האָבן קינדערלעך אַ טוץ!...

איוב: (קוקט אים ווילד אָן)

אליפֿז:

כה) דײַן קינד –
ווי גראָזן אויפֿן פֿעלד;

כו) דו ווערסט אין טיפֿן עלטער שטאַרבן,
ווי מען נעמט צוזאַמען צײַטיקע שוין גאַרבן...

כז) דאָס האָבן מיר אָקאָרשט
דערפֿאָרשט,
דאָס איז עס, וואָס מיר זאָגן דיר, וואָס מיר געפֿינען.
דו נעם זיך עס אַרײַן אין זינען!

איובֿ:

(פ׳ – ו.)

ב) יאָ גרויס, ס׳איז גרויס מײַן צאָרן!
וועז ער וואָלט געמאָסטן נאָר געוואָרן
מיט מײַן אומגליק גרויס, מיט מײַן גרויסער קלאָג –
וואָלטן זיי געהאַט די זעלבע וואָג...

ג) זיי וואָלטן שווערער זײַן ווי זאַמדן פֿונעס ים,
דעריבער האָבן מײַנע ווערטער ניט קיין טעם...

ד) גאָטס פֿײַלן האָבן מיך געטראָפֿן
טיף,
איך טרינק זײַן גיפֿט,
זײַנע שרעקן זענען אַנטקעגן מיר געלאָפֿן.

ה) צי וועט אויף גראָז אַ ווילדער אייזל שרײַען?
און צי רעוועט הויך אַן אָקס אויף זײַנע קלײַען?

ח) אַך וועז ער טוט מיט מיר, דער אייבערשטער מײַן ווילן,
וועז ער זאָל מײַן האָפֿענונג דערפֿילן,

ט) וועז ער באַווילִיקט נאָר און פּלאָגט מיך,
וועז ער צענעמט די הענט נאָר זײַנע און דערשלאָגט מיך!

י) איך וואָלט געטרייסט זיך, אין ציטערניש זיך אַזש דערוואַרעמט –
ווייל מיר! ער האָט מיך ניט דערבאַרעמט!

יא) וואָס קומט אַרויס מיר אָבער, וועז איך האָף?
און לעב איך לענגער נאָך – איז וואָס וועט זײַן מײַן סוף?

יב) זאָגט אַליין,
צי איז דער כּוח מײַנער פֿון אַ שטיין?
און מײַן לײַב – אַ זאַק –

צי איז ער דען פֿון קופּער אויסגעהאַקט?

יד) איך אַ פֿאַרצאָגטער,
אַ געפּלאָגטער —
אַנשטאָט, וואָס איך דערוואַרט פֿון פֿרײַנד גענאָד,
וואָס הער איך, וואָס?
אַז איך פֿאַרלאָז
מײַן גאָט! (ער קוקט זיך אום אויף זײַנע פֿרײַנד)

טו) ניט איך , נאָר מײַנע ברידער גליקלעך, גרויס און רײַך —
זיי האָבן עס געפֿעלשט, ווי עס פֿעלשט אַ טײַך!
ווי וואַסערן, וואָס האָבן זיך אַוועקגעלאָזן —
און ניטאָ זיי...

כא) יאָ, יאָ! אַזוי אויך איר, איר זענט אַוועק,
איר אַלע,
איר קוקט זיך צו מײַן אומגליק צו מיט שרעק —
און אַנגסטן זײַנען אײַך באַפֿאַלן.

כב) זאָגט מיר, צי איך האָב
וואָס עס איז פֿון אײַך פֿאַרלאַנגט?
צי געבעטן עפּעס וואָס פֿון אײַער האָב און גאָב
פֿאַר מיר... פֿאַר מײַנעט וועגן אַ געשאַנק?

כג) צי גאָר איר זאָלט מיך ראַטעווען פֿון שׂונא גרויס —
פֿון הענט, פֿון בייזע לייזט מיך אויס!

כד) ווײַזט, ווײַזט מיר אָן — איך וועל ניט זאָגן: ניין!
ווּ איז מײַן טעות? גיט מיר צו פֿאַרשטיין?!

כה) שטאַרק איז דאָס וואָרט פֿון יושר,
נאָר איר — וואָס ווילט איר מיר דערווײַזן מיט אײַער פּלוישן?

כו) צי ווילט איר אָפּלייק׳נען מיט ווערטער נאָר
די רייד און דעם שווער געמיט
פֿון אַ פֿאַרצווייפֿלטן ביז גאָר?

כז) אויף אַ יתום וואַרפֿט איר,
שאַרפֿט איר
אייַער צונג, גראָבט אונטער אייַער פֿרייַנד —
און איר פֿאַרשיט, פֿאַרשיט...

יונגע תמנע: (קומט אַרייַן מיט אַ טאַץ געשניטענע "פּיתּה"־ברויטקעס — מיט פּוטער באַשמירט און באַלייגט מיט קעז)
איובֿ,
אַ גליקלעכער אַ טאָג איז הייַנט!
אַ טאָג אַ גוטער —
נאָך אַ קו פֿון דייַנע קי
איז צוריקגעקומען...
איך האָב געמאָלקן זי,
און האָב דעם שמאַנט אַראָפּגענומען,
און אויסגעשלאָגן פּוטער,
אויסגעקוועטשט אַ קעז —
נעם, איובֿ, עס! (זי שטעלט אויף איובֿס טישל אַ טעצל מיט פּיתּה־שנ[י]טקעס, זי טראָגט די איבעריקע ברויטקעס צו אין מיטן שטוב)

אליפֿז
בלדד
צופֿר
(קומען זיך צוזאַמען אין מיטן צימער, נעמען צו שטיקלעך ברויט און עסן)

אַ דאַנק!

יונגע תמנע: (גייענדיק צוריק מיטן טאַץ, רוקט זי צו דאָס טעלערל מיטן ברויט צו איובֿן. וואַרט אַ ווייַלע)
עס...

איובֿ: (קוקט איר פֿרעמד און צעשראָקן אָן)

יונגע תמנע: (לאָזט אַראָפּ די אויגן, שווייַגט אַ ווייַלע. גייט אָפּ מיטן טאַץ)

איובֿ: ווער איז זי?
איך דערמאָן, דערמאָן זיך און פֿאַרגעס.

אליפֿז: דייַן שכנה...

איובֿ: יאָ... אַזאַ איינע,

ווי זי וואָלט זיך ס׳ערשטע מאָל באַוויזן,
און ווי זי וואָלט געווען דאָ שטענדיק —
קענטיק און ניט קענטיק... (קרעכצט, רוקט אַוועק דאָס ברויט און דאָס טעפּל מילך)

(פּ׳ — ז.)

א) ווײַ, ווײַ...
פאַרויסגעזעצט איז דאָך דעם מענטשנס וועג,
און ווי די טעג פון אַ פאַרדונגענעם, ווײַ, ווײַ —
זײַנען זײַנע טעג...

ב) ווי עס לעכצט דער קנעכט צום שאָטן זײַנעם שוין,
און ווי אַ געדונגענער דערוואַרט זײַן לוין —

ג) אַזוי אויך זײַנען צוגעטיילט
חדשים
געוואָרן מיר אומזיסטע,
און צוגעטיילט
געוואָרן זײַנען נעכט מיר אויסגעלאָשן,
נעכט פינצטערע און וויסטע...

ד) בעתן ליגן פלעג איך זאָגן:
ווען וועט שוין טאָגן?
און האָט דער טאָג דערוואַכט —
פלעג איך מיט מאַטערניש זיך זאַטעסן ביז שפּעט איך נאַכט...

ה) מײַן לײַב אַרומגענומען האָט אַ וואָרם,
אַ שטיק ערד פאַרשאָלטן
מײַן הויט געשפּאָלטן
איז פאַרמיאוסט מיר געוואָרן...

ו) מײַנע לײַכטע טעג ווי אַ געוועב אַוועקגעלאָפן,
פאַרשוווּנדן אָן אַ האָפן...

ז) געדענק: אַ הויך מײַן לעבן קורץ,
מײַן לעבן שווער –
דאָס אויג מײַנס וועט קיין גוטס
ניט אָנקוקן שוין מער...

ח) עס וועט קיין אויג ניט זען מיך מערער דאָ,
קוק גיכער אָן מיך, קוק – ווײַל שוין, און כ׳בין ניטאָ...

ט) אַ וואָלקן וואָס פֿאַרשווינדט און ווערט ניט –
אַזוי אַ מענטש, וואָס שטאַרבט – שטײַגט קיין מאָל שוין פֿון דר׳ערד ניט.

י) ער קומט שוין ניט אַהיים מער,
ער האָט דעם וועג אַהין פֿאַרגעסן –
עס וועט אים ניט דערקענען שוין מער
דאָס אָרט אויף וועלכן ר׳איז געזעסן.

יא) אויך איך – כ׳פֿאַרהאַלט מײַן מויל ניט, ניין!
איך רייד!
איך רייד אַראָפּ זיך אין מײַן אומגליק גרויס, איך וויין
אין מײַן גרויסער לייד... (הייבט אויף דעם קאָפּ, צעגייט מיט א טענה)

יב) צי כ׳בין אַ ים דיר גרויס?
צי אַ קראָקאָדיל דיר גרויליק,
אין זײַן שויס?
וואָס דו האָסט אַ וואַך איבער מיר באַפֿוילן?

יג) איך האָב געמיינט: מײַן בעט וועט רו מיר שענקען,
מײַן געלעגער וועט אַ טרייסט מיר ברענגען –

יד) צעברעכסטו
מיט חלומות מיך, און וועקסט מיך, וועקסט מיך,
שיקסט זעונגען אַראָפּ מיר שלעכטע,
און דערשרעקסט מיך.

טו) כ׳וואָלט בעסער ווען — איך אַליין
דערוואָרגן ווערן אין מײַן נויט,
בעסער שוין דער טויט,
איידער מײַן געביין...

טז) ס׳איז מיאוס מיר שוין, אַך!
ניט אייביק איז מײַן לעבנסוועג,
לאָז אָפּ מיך, לאָז געמאַך,
ווײַל נישטיק זײַנען מײַנע טעג.

יז) וואָס איז ער דען דער מענטש, וואָס ד׳האָסט אים גרויס געמאַכט?
וואָס לייגסטו עס אויף אים אַזוי פֿיל אַכט?

יח) דו געדענקסט, געדענקסט אַזוי אים גוט,
און רופֿסט אים,
דו נעמסט אויף דעם פֿאַרהער אים איטלעכע מינוט
און פּרוּווסט אים...

יט) ווי לאַנג נאָך וועסטו זיך פֿון מיר ניט אָפּטאָן?
דו לאָזסט ניט אָפּ מיך אַלץ,
ביז איך שלינג דעם שפּײַעכץ צ׳ריק אין האַלדז
אין מײַנעם, אין פֿאַרשטאָפּטן.

כ) איך האָב געזינדיקט, יאָ!
וואָס, אומשטיינס געזאָגט, איך קען שוין
מיט מײַן זינדיקן דיר טאָן —
דיר, היטער פֿון דעם מענטשן...
פֿאַר וואָס דער שפּאַס?
פֿאַר וואָס האָסטו געמאַכט מיך, איך זאָל ווערן
דיר אַ שטערונג?
און זיך אַליין צו לאַסט?

כא) אַך, וואָס זשע, זאָג מיר, וועט
זײַן מיט מיר דאָ, אויב
דו ביסט ניט מוחל מיר אַצינד
מײַן זינד,
טאָמער
מעקסטו, גאָט, ניט אָפּ מײַן חטא —
איך ליג מיר יעצט באַרוט אין שטויב,
דו וועסט מיך זוכן און — ניטאָ מיר!

**בלדד:** (הייבט אויפֿגערעגט די פּלייצעס, ר'איז אויסער זיך, רוקט זיך אָן אָנגעצונדענער צו, צו איובֿן פֿון דער צווייטער זײַט)

**איובֿ:** (הייבט אויף אים אויף זײַן לײַדנד געזיכט און צערפֿולע בליקן, קערט זיך פֿון אים אָפּ אויף לינקס)

**בלדד:** (רוקט זײַן שטול אַ ביסל נאָך נענטער צו אים)

(פּ' — ח.)

ב) ביז וואַנען אָ, וועסטו אַזוי נאָך רעדן, רייד אַ גרויל?
אַזש ס'יאָגט אַ ווינט אַ דיר פֿון דײַן מויל.

ג) צי קען גאָטס משפּט קרום זײַן, און דער אַלמעכטיקער,
צי גאָר געקרימט קען ווערן זײַן גערעכטיקייט?

ד) פֿאַרזינדיקט האָבן דײַנע זיך פֿאַר אים, די זין,
האָט ער פֿאַרשטויסן זיי אין זייער זינד!...

ה) דו אָבער, דו טאָמער זוכסטו גאָט
און בעטסט אים, בעטסט גענאָד,

ו) און ביסטו אָרנטלעך און ריין — קומט די באַלוינונג,
וואַכט ער איבער דיר, איבער דער גערעכטער וווינונג.

ז) מעג דײַן אָנהייב קליין זײַן —
דײַן ענד וועט אָבער גרויס און שיין זײַן!

ח) דו פֿרעג די ערשטע דורות, פֿרעג,
און מערק זיך, מערק דעם וועג
פֿון די אָבֿות זייערע, פֿון עלטסטע ליַיט,
די פֿאָרשונגען פֿון אַ פֿאַרגעסענער אַ ציַיט...

ט) דו זאָגסט: (מיר זיַינען די פֿון נעכטן,
מיר ווייסן ניט פֿון אומגערעכטן און גערעכטן,
מיר ווייסן קוים
וואָס איז אונדז דאָ באַשערט,
אַ שאָטן – אונדזערע די טעג, אַ טרוים
דאָ אויף דער ערד...)

י) פֿרעג זיי, זיי וועלן דיך באַלערן,
זיי וועלן ווערטער דיר פֿון האַרצן לאָזן הערן:

יא) "באַקלאָג זיך ניט, אָ מענטש,
צי קען דער שילפֿבוים וואַקסן און געראָטן
אָן אַ בלאָטע?
דו דאַרפֿסט ניט שריַיען,
צי קען דאָס גראָז אין פֿעלד אָן וואַסערן געדיַיען,
און זיַין געבענטשט?"

יב) "פֿאַר זיַין אויפֿבלי וועלקט ער – ווי ניט געוועזן,
מען וועט אים קיין מאָל פֿליקן,
איידער נאָר ס'באַוויַיזן זיך די גרעזער –
ווערט ער פֿאַרטריקנט..."

יג) דאָס זיַינען וועגן פֿון אַ פֿאָלק, וואָס האָט
פֿאַרגעסן אָן זיַין גאָט,
די האָפֿ'נונג פֿון אַ חונף פֿון געבוירן –
גייט פֿאַרלוירן!

יד) זײַנע האָפֿענונגען – זע, צערינען!
און זײַן היים די זיכערע – אַ שפּינוועבס...

טו) ער שטיצט, אָ, אויף זײַן היים זיך און זי פֿאַלט אים,
ער האַלט זי פֿעסט און קען זי ניט דערהאַלטן!...

טז) ערשט איז ער אין דער זון אַ זאַפֿטיקער געשטאַנען,
עס זײַנען אין זײַן גערטנדל, יונג די צווײַגן זײַנע אויפֿגעגאַנגען.

יז) זיי האָבן אויף אַ הויפֿן וואָרצלען זיך אַרומגעוויקלט,
אַ געבײַ פֿון שטיינער פֿעסט דערבליקט ער;

יח) און אַז ער רײַסט אים אין זײַן גרויס
פֿון זײַן גרונט אַרויס,
רײַסט אַראָפּ אים
און פֿאַרלענדט אים –
און לייקנט, לייקנט אָפּ אים:
כ׳האָב ניט געזען דיך!

יט) דאָס איז די פֿרייד פֿון וועג פֿון זײַנעם, גלויב!
זיי וואַקסן ווידער אויף, און פֿון אַן אַנדער [שטויב]...

כ) זײַ וויסן:
גאָט פֿאַראַכט ניט קיין מאָל דעם גערעכטן,
און זאָל דיר ניט פֿאַרדריסן,
ער וועט ניט שטיצן דאָך די שלעכטע!

כא) וועסט זען –
עס וועט דיר זײַן נאָך ווויל!
ער קען
מיט אַ געלעכטער וואַר׳ם
פֿול מאַכן דײַן מויל,
און דײַנע ליפּן מיט אַ ליאַרם!

כב) די שׂונאים דײַנע דאָ אין גאַנצן לאַנד —
עס באַקליידט זיי שאַנד,
און דאָס געצעלט פֿון די רשעים —
שוין ניטאָ אים... (רופֿט)
תּמנע!

**איובֿ:** וועמען רופֿסטו? וועמען?

**בלדד:** די שכנה דײַנע...

**איובֿ:** מיך האָט זיך אויסגעדוכט, דו רופֿסט זי, מײַנע...
מײַן געשטאָרבענע, מײַן ווײַב —
און ס'איז אַ ציטער מיר אַדורך מײַן לײַב...

**בלדד:** ווען זי וועט זײַן דײַן ווײַב
וועל איך זי ניט פֿאַרשעמען...
כ'וועל זי ניט רופֿן —
סײַדן בגילופֿין...
דערווײַלע איז זי נאָר דײַן שכנה —
און אַ שכנה מעג מען
אָנקוקן אַזוי זי, גלאַט אַזוי... און פֿרעגן,
זאָגן עפּעס אַנדערש איר, דער שכנה
און מיינען
דאָס...
אַפֿילו אָנבאָטן איר וואָס...
אַרײַנוואַרפֿן אַ ווערטל אַ געמיינעם,
איינעם און נאָך איינעם!
אַ ווערטל אַ צווײדײַטיקס, ניט קיין שיינס,
מעג זײַן אַפֿילו אַ געמיינס —
איז ניט קיין ליגן!
גאָט וועט דערפֿאַר מיט מיר זיך ניט צעקריגן...
איך מעג דערציילן איר אַ גראָבינקן אַ וויצל,
אַפֿילו געבן איר, אַזוי זיך, שפּילנדיק,
ניט־ווילנדיק —
אַ קיצל
אין ציצל —
לײַכט, פֿון אויבן,

מען מעג זיך עס דערלויבן...
ס'איז ניט קיין בייז —
ווייס, ווייס:
ער טשעפּעט זיך ניט צו אַ תּאוהלע אַ קליינס,
אַ תּאוהלע איז ניט קיין ליגן!
גאָט נעמט עס דאָך דעם פֿרומען
ניט פֿאַר אומגוט...
ס'איז דעם אייבערשטן אַלץ איינס
און דעם מענטשן מאַכט עס פֿאַרגעניגן. (בייגט זיך איַין צו איובֿן)
עס איז אין האַרץ אַ ביסעלע מיר הויל...
ווען זי ברענגט אַריַין
און עפּעס וואָס אין מויל —
וואָלט געווען גאָר פֿיַין...
תּמנע!

איובֿ: לאָז אָפּ, לאָז אָפּ מיר!
דער נאָמען גיט אַ הילך,
אַ האַק אין קאָפּ מיר —
ניט רוף אַ מת!...

בלדד: איך רוף דאָך תּמנען גאָר, דיַין שכנה...

איובֿ: אַלע, אַלע תּמנעס זיַינען איינע!
איינע און ניט מערער!
ניט רוף אַהער איר...
ווילסט עסן — עס,
טרינק מילך! (רוקט אים צו דאָס טעפּל מילך).

בלדד: עס איז פֿאַר דיר, געניס
די מילך איז זיס,
דאָס ברויט געשמאַק — עס, עס!
דאָס וואָס געוועזן איז — פֿאַרגעס!
און דאָס וואָס לעבט — געדענק.
תּמנע!
ברענג עפּעס וואָס אַריַין, ברענג, ברענג!

איובֿ: רוף איר ניט אַהער...
כ'קען גאָרניט ניט פֿאַרגעסן —

נאַ, נעם — איך קען ניט עסן... (רוקט אָפּ דאָס עסן)

בלדד: כ׳וויל מער!

און ניט אַליין, פֿאַר זיך —

איובֿ: רוף איר ניט אַהער,

קריך בעסער דו אין קיך...

בלדד: (פֿאַרוווּנדערט שטאַרק און פֿאַרשעמט)

"קריך — ?" וואָס עפּעס קריך?

איובֿ: ווער עס קריכט צו גאָט — קריכט צו אַ פֿרוי;

דו ביסט אַ קריכער!

בלדד: (רוקט זיך אָפּ אַ באַליידיקטער מיט זײַן שטול אין הינטערגרונט)

איובֿ:

(פּ׳ — ט.)

ב) אַזוי, אַזוי...
איך ווייס עס זיכער,
דער מענטש — אויב ניט קיין קריכער —
ר׳מעג גוט זײַן, ער מעג שלעכט זײַן,
צי קען ער פֿאַר זײַן גאָט גערעכט זײַן?

ג) און וויל ער אין זײַן ברויזן
לאָדן אים... אים וואָר׳נען —
ער ענטפֿערט אים דאַן גאָרניט,
ניט איינס אויף טויזנט.

ד) ר׳איז קלוג און שטאַרק,
און מעכטיק מיט זײַן גלאַנץ;
ווער האָט עס ניט געבויגן טיף פֿאַר אים זײַן קאַרק
און איז געבליבן גאַנץ?

ה) ער בײַט —
די ערטער ווײַט
פֿון בערגער גרויסע,
זיי וויסן ניט אַליין ווי ס׳איז געוואָרן?
ער רײַסט אַרויס זיי
אין זײַן צאָרן.

ו) ער טוט די ערד דערשיטערן
פֿון אָרט פֿון אירן,
אַזש די זײַלן אירע
און טירן
ציטערן.

ז) ער באַפֿעלט די זון: הער אויף!
דו שײַן ניט מערער!
ער צוימט דעם לויף
פֿון שטערן.

ח) די הימלען אַלע אויסגעשפּרייט — אַליין זײַן װערק!
ער שפּרײַזט עס אויפֿן ים, אויף זײַנע וואַסערבערג...

ט) ער האָט דעם בער דעם גרויסן אויסגעשטערנט,
דעם אָריאָן — געפֿאָרנט,
דעם וואָגן מיט די זיבן שטערן,
און טיפֿעניש פֿונעם דרום.

י) ער טוט די גרויסע אַלע זאַכן אויף,
ניט אויסצופֿאָרשן זיי, ניט צו דערגיין קיין סוף —
און וווּנדער ווײַזט ער אַלע מאָל —
גאָר אָן אַ צאָל!

יא) ער גייט דאָך מיר פֿאַרבײַ —
און ניט איך זע פֿון וואַנען...

ער שוועבט פֿאַראיבער פֿאַר מיר פֿריַי –
איך האָב אים ניט פֿאַרשטאַנען.

יב) און כאַפּט ער וועמען אָן – ווער זאָגט אים: לאָז!
ווער זאָגט צו אים: וואָס טוסטו, וואָס?

יג) גאָט טרעט ניט פֿון דעם צאָרן זיַינעם אָפּ,
וואָס באַפֿאַלט אים,
עס דערנידעריקן זיך, עס בייגן טיף דעם קאָפּ
פֿאַר אים די שטאָלצע.

יד) וועל איך, אַזאַ ווי איך, אים ענטפֿערן וואָס פֿרעך?
פֿאַרפֿירן קעגן אים אַ שאַרפֿערן געשפּרעך?

טו) איך מיַין גערעכט זיַין אויך –
זאָג איך גאָרניט גאָט,
איך הויב מיַין קול ניט הויך
צום שופֿט מיַינעם, איך בעט ניט קיין גענאָד...

טז) איך, טאָמער רוף איך אים – און ער באַערט
מיט אַן ענטפֿער מיר פֿון אויבן –
איך וועל׳ס קוים גלויבן,
אַז ער האָט מיַין קול דערהערט...

יז) ער, וואָס פֿאַרניכט מיך מיט אַ שטורעם וויסט,
און פּלאָגט מיט ווונדן מיך אומזיסט,

יח) ער לאָזט ניט אָפּעט׳מען מיך פֿריַי,
און זעטיקט מיך, מיט ביטערער, מיט פּיַין...

יט) יאָ, אויב עס גייט אין כּוח – איז ער שטאַרק, אַוודאי!
און אויב צום בית־דין – ווער וועט מיך לאָזן?

כ) ס׳באַשולדיקט מיך מײַן מויל
בעת איך בין גערעכט גאָר!
כ׳מעג זײַן גוט און ווויל —
און ס׳קומט אַרויס פֿאַרקערט גאָר!

כא) איך בין גערעכט, גערעכט דאָך!
און ווייס ניט וואָס און ווי עס
קומט אויס אַזוי גאָר... כ׳בין דער שלעכטער!
ס׳לעבן איז מיר מיאוס...

כב) אָן אונטערשייד! איך זע עס קלאָר און לויטער:
דעם גוטן און דעם שלעכטן טויט ער!

כג) אויב ס׳לאָזט אַראָפּ אויף איינעם זיך אַ בײַטש
און דערהרגעט פּלוצלינג אים — איז׳ס טײַטש:
ער לאַכט גאָר אויס
די אָרעמע אין זייער אומגליק גרויס...

כד) די ערד ז׳געוואָרן אָפּגעגעבן אין רשות פֿון רשע,
ער פֿאַרדעקט די שײַן פֿון אירע ריכטער — זי איז ניטאָ שוין!
אויב אַנדערש גאָר —
ווי זאָל איכ׳ס רופֿן, צו אַלדע גוטע יאָר?!

כה) און מײַנע טעג אָן נוץ —
זיי זײַנען לײַכטער נאָך
ווי פֿון אַ לויפֿער... זעט:
זיי זײַנען דאָך
פֿאַרפֿלויגן, אַוועקגעלאָפֿן, העט,
און ניט געזען קיין גוטס.

כו) אַוועק אין ים אין טיפֿן
מיט שילפֿרויר־שיפֿן,

ווי אַן אָדלער גיט זיך אַ באַווייז
און פֿאַלט אויף שפּיַיז.

כז) און וויל איך זיך פֿאַרגעסן,
מיַין ווי אין מיר דערוואַרגן,
פֿאַרגעסן וואָס געוועזן
און זיך שטאַרקן –

כח) שרעקן מיך די שמאַרצן מיַינע גרויס,
כ׳בין צעבראָכן;
כ׳ווייס פֿאָרויס:
איך ווער ניט פֿריַיגעשפּראָכן!

כט) איך ווייס געוויס:
כ׳וועל בליַיבן שולדיק!
טאָ פֿאַר וואָס זאָל איך זיך פּיַיניקן געדולדיק?
פֿאַר וואָס זאָל איך זיך מאַטערן אומזיסט?

ל) ווען כ׳זאָל געוואַשן האָבן זיך אין שניי,
און ריין די הענט – צו שפּיגלען זיך אין זיי –

לא) טונקסטו אין אַ גרוב מיך אָפּ נאָך איידער
כ׳קוק זיך אום – און ס׳פֿאַרמיאוסן מיַינע מיר די קליידער.

לב) וויַיל ניט אַ מענטש ווי איך וועט קענען
ענטפֿערן אים... צום געריכט מיט אים געגנענען!

לג) ניטאָ צעווישן אונדז אַ שטראָפֿער,
ער זאָל זיַין האַנט אַוועקלייגן אויףביידן אונדז, און אָפֿן.

לד) זיין ביַיטש פֿון מיר אַוועק!
און זאָל ער נאָר ניט אָנוואַרפֿן אויף מיר זיַין שרעק –

לה) ערשט דאַמאָלסט וועל איך ריידן אָן באַוואָר'ניש,
און וועל פֿאַר אים ניט מורא האָבן, גאָרניט...
ווײַל איך – ווי איך געפֿין אים אײַן, –
דאַרף אַזוי ניט זײַן!

צופֿר: (כאַפּט זיך אויף פֿון זײַן שטול)
תּמנע!

אליפֿז: (כאַפּט זיך אויף)
תּמנע!

איובֿ: (קוקט יעדן, בעת זײַן אויסרופֿן "תּמנע" אָן)
איר אַלע, אַלע אין איין שטים דאָ
רופֿט איר זי... ווי גיך
איר האָט דעם נאָמען אירן אויסגעלערנט, איך –
איך האָב אים שנעל אַזוי פֿאַרגעסן...

אליפֿז: מיר ווילן עסן!

איובֿ: (לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ, שמערצלעך, ניט הויך)
תּמנע...

תּמנע: (באַווײַזט זיך באַלד פֿון קיך)
האָסט מיך גערופֿן, איובֿ?

בלדד: מיר האָבן דיך גערופֿן פֿריִער!

אליפֿז: ביסט ניט אַרײַן...

צופֿר: ניט פֿײַן!

תּמנע: (קוקט זיי פֿרעמד אָן, קערט זיך אום אַוועקצוגיין, בלײַבט נעבן איובֿן)
ווילסט טאַקע ניט פֿאַרזוכן,
ניט פֿון טעפל מילך און ניט פֿון קוכן?
עס טוט מיר וויי... (וויל אַוועקגיין)

איובֿ: ניט גיי –
זיי, זיי,
זיי האָבנ'ס דיך גערופֿן... זיי דאַרפֿן – (ער פֿאַרזוכט פֿון טעפל מילך)

תּמנע: זיי!
וואָס ווילט איר, כ'בעט אײַך?

אליפֿז: אַ טרונק אַ שאַרפֿן!

בלדד: אַ רעטאַך! (גיט אַ קרעכץ)
האָב ניט קיין פֿאַריבל...

צופֿר: אַ ציבל!

אליפֿז: אַ פּופּיקל געקנאָבלט
אויף אַ גאָפּל...

בלדד: און קרייטעכצער אַ שטויס!

תּמנע: איר וועט פֿאַרשטינקען מיר דאָס גאַנצע הויז...

צופֿר: ברענג חלהלעך געפֿלאָכטן!

אליפֿז: פֿיש געקאָכטע!

בלדד: ניין, ניין – געהאַקטע!

צופֿר: געבאַקטע!

אליפֿז: אַ לעבערקע געשמאָלצן...

תּמנע: איר ווילט אַ מאָלצייַט!

בלדד: מיר ווילן, יאָ, מיר ווילן!

צופֿר: אַ פֿעטן פֿוס, אַ קילן!

אליפֿז: פֿלייש אַ בריסטל – שמאַלציק!

בלדד: געפֿעפֿערט און געזאַלצן...

אליפֿז: און יויך!

בלדד: יויך אויך,
אַ ייַיכל!

צופֿר: איז אַ מאכל טאַקע, איז אַ מאכל!

תּמנע: או... וואַ! או... וואַ!... געלאַסענער...
איר זייַט געקומען אויף אַ חתונה?

די דרייַ: (די דרייַ פֿרייַנד קוקן זיך שטום איבער)

איובֿ (קרעכצט)

תּמנע: אָט לויף איך,
און אָט קויף איך,
קאָך פֿאַר אייַך אָפּ
אַ פֿולן פֿולן טאָפּ...
פֿאַר יעדערן אַ שיסל –
וואַרט אַ ביסל!
געלאַסענער! געלאַסענער!
איר זייַט געקומען אויף אַ חתונה... (אָפּ)

אליפֿז
בלדד (קוקן זיך, איינער מיט דעם אַנדערן, איבער)
צופֿר

**אליפֿז:** (מיט אַ ווונק אויף איובֿן)
אַ חתונה!

**בלדד:** (דרייט מיט די אויגן)
אַ חתונה...

**צופֿר:** (ווינקט)
אַ חתונה...

**אליפֿז:** איובֿ...

**איובֿ:** איך הער...

**אליפֿז:** (ווי ער וואָלט פֿרעגן אַלע אַרומיקע פֿאַרבלענדט פֿון דער פֿרוי)
ווער איז זי, ווער?
די איינע?

**בלדד:** (ווײַזט אויף איובֿן)
זײַן שכנה...

**צופֿר:** (גיט אים אַ קלוגן ווונק מיט די אויגן)
זי איז אַ שיינע...

**אליפֿז:** אי שיין, אי יונג!

**בלדד:** אַ געשליפֿענע בײַ איר אַ צונג...

**צופֿר:** און קלוג איז זי... פֿאַרשטייט זיך אויפֿן ווונק!

**אליפֿז:** (מאַכט זיך תּמעוואַטע)
ווער?

**בלדד:** זײַן שכנה...

**צופֿר:** הײַנט אַ שכנה נאָר, און מאָרגן – מער...

**אליפֿז:** איובֿ...

**איובֿ:** איך הער.

**בלדד:** (מיט אַ ווונק אַריבער צו אליפֿזן, ער זאָל שווײַגן)
גיב אַ קלער...

**צופֿר:** (אויך ער געוואָנדן צו איובֿן)
דײַן שכנה...

**איובֿ:** איך הער, איך הער –
רייד געמיינע,

ניאוף, ניאוף, ניאוף!

אליפֿז: איובֿ!

איובֿ:

(פּ׳ – י.)

א) דאָס לעבן איז מיר מי״ס,
כ׳וועל אויסגיסן אין ווערטער מײַנע ליידן,
זאָל זײַן שוין, וואָס עס איז –
איך וועל אין מײַנע ביטערקייטן ריידן!

ב) איך וועל אַזוי אים זאָגן:
גאָט, ניט באַשולדיק מיך אומזיסטן,
מאַך מיך וויסן
פֿאַר וואָס דו טוסט מיט מיר זיך קלאָגן?

ג) צי איז דען גרויס אַזוי, זאָג, דײַן הנאה,
ווען דו פֿאַרלענדסט,
ווען דו פֿאַראַכטסט דאָס ווערק פֿון דײַנע הענט,
האָסט אויפֿגעשײַנט אויף דעם באַשלוס פֿון די רשעים!

ד) צי זײַנען אויך בײַ דיר די אויגן פֿליישיק־פֿעט?
צי זעסטו דען מיט זיי ווי יעדער איינער זעט?
צי זײַנען טעג דיר ווי אַ מענטשן צוגעטיילט?
און דײַנע יאָרן, ווי יאָרן פֿון יעדן איינציקן געציילט?

ו) וואָס דו פֿאָרשסט אַזוי,
נאָך די חטאים מײַנע שלעכט,
וואָס דו דאָרשסט אַזוי
נאָך מײַן פֿאַרברעך?

ז) ס׳איז אָנבאַלאַנגט אין דיר דאָך, דיר אַליין
איך זאָל קיין שלעכטס טאָן!

ס'איז אָבער ניט צו ראַטעווען פֿון דיר זיך, ניין,
איך מיין גערעכט זײַן!

ח) דאָס זײַנען דײַנע הענט וואָס האָבן מיך געבילדעט,
מיך דערוואָרבן,
מיך אַרומגענומען און געשילדערט —
און דו האָסט מיך פֿאַרדאָרבן...

ט) דערמאָן זיך נאָר, דו האָסט מיך ווי אַ ליים געקנאָטן,
און ווידער מיך מיט ערד פֿאַרשאָטן...

י) דו צעגיסט ווי מילך מיך,
און ווי קעז פֿאַרהאַרטעוועסטו מיך און קילסט מיך...

יא) האָסט מיט אַ הויט מיך און מיט אַ לײַב באַנייט
ווי מיט אַ קלייד,
באַנייט מיך און באַזוימט מיך,
מיט ביינער און מיט אָדערן אַרומגעצוימט מיך.

יב) מיט לעבן מיך באַשאָנקען און גענאָד —
איך האָב געהאַט דאָך, אָפּגעהיט שטאַרק דײַן געבאָט.

יג) דו האָסט דאָס אַלץ אין האַרץ בײַ דיר באַהאַלטן —
איך האָב געוווּסט — דו טוסט מיט דעם פֿאַרוואַלטן...

יד) און זינדיק איך — דו וועסט עס מיר געדענקען,
דו וועסט די זינד מיר מײַנע דאָך ניט שענקען...

טו) און בין איך שלעכט —
אַז אָך און וויי מיר!
און בין איך שוין גערעכט —
איך וועל מײַן קאָפּ ניט הייבן!

זאָט מיט שאַנד – כ׳וועלן
ניט הייבן מער... זע, זע מײַן עלנט!

טז) און גיט מײַן קאָפּ אַ הייב זיך –
פֿאַנגסטו ווי אַ לייב מיך...
און ווי דו ווילסט –
דו שפּילסט מיט מיר זיך, שפּילסט...

יז) באַנײַסט אַלץ קעגן מיר די עדות
דײַנע מערער,
און דײַן צאָרן וואָס אַ מאָל
ווערט שווערער...
ביידע זיי, זיי ביידע
מיר צו ווידער...
אַזוי אָבער און אַזוי אויך ווידער –
אָן אַ צאָל!

יח) צו וואָס זשע האָסטו מיך אַרויסגענומען גאָר
פֿון מײַן מאַמעס טראַכט?
כ׳וואָלט אויסגעגאַנגען דאָרט
ווי ניט געזען, ווי ניט געדאַכט...

יט) ווי ניט געוועזן וואָלט איך זײַן,
פֿון די אינגעווייד אין קבֿר גלײַך אַרײַן.

כ) עס זענען מײַנע טעג דאָך קנאַפּע,
קאַרגע,
לאָז אָפּ מיך –
און כ׳וועל אַ ביסעלע זיך שטאַרקן.

כא) איידער נאָך איך גיי און קער ניט אום זיך
אין לאַנד פֿון פֿינצטערניש און שאָטנס שטומע...

כב) אין לאַנד פֿון פֿינצטערניש ווי חושך טונקל,
שאָטנס ניט קלאָר,
און אָן אַ סדר גאָר –
און ווי אַ פֿינצטערניש איז איר געפֿינקל.

צופֿר: (רײַסט זיך אויף פֿון זײַן אָרט, אויפֿגערעגט)

(פּ׳ – י״א.)

ב) לאָז געמאַך!
צי ווײַל דו רעדסט אַ סך,
לאָזסט פֿאַלן ווערטער פֿיל –
וועל איך בלײַבן שטיל?
און שיטסטו פֿון דײַן מויל
אַ קנויל
פֿון פֿײַער און פֿון פּעך –
ביסטו שוין גערעכט?

ג) אַלץ אויסגעטראַכטע זאַכן!
אַ געוויינלעכער, אַ שטערבלעכער וועט פֿון זיי לאַכן,
וועט צו נישט זיי מאַכן!
און דו – דו שפּאָטסט,
און ס׳מאָנט ניט, קיינער ניט, די קריוודע גאָטס!

ד) דו האַלטסט נאָר אין איין לויבן זיך אַליין:
איך בין ריין!
און קלאָר בין איך געווען, אין דײַנע אויגן קלאָר
ביז גאָר!

ה) ווען אָבער גאָט, עך – עך,
ווען ער פֿאַרפֿירט מיט מיר, יעצט אַ געשפּרעך,
ער עפֿנט אויף די לעפֿצן זײַנע

און הייבט אָן טענהן —

ו) אַך ווען ער זאָגט דיר אויס
די פֿאַרבאָרגענע גרויס
פֿון חכמה,
און נאָך מער—
די פֿון וויסן—
און זײַ וויסן
אַז גאָט מאַכט
פֿאַרגעסן דיר, פֿון דײַנע זינד, אַ סך...

ז) צי געפֿינסטו דעם גאָטס טיפֿן זינען?
צי קענסטו גאָר דעם ענדגעדאַנק פֿון גאָט געפֿינען?

ח) די הייכקייטן פֿון הימלען – וואָס פֿאַרשטייסטו?
טיפֿער פֿון דער אונטערערד – וואָס ווייסטו?

ט) לענגער פֿון דער ערד זײַן קלייד די אויסגעשפרייטע,
און פֿון ימים ברייטע.

י) קוים שוועבט ער נאָר פֿאַרבײַ,
גיט אָפּ דעם גורל אונדז און נעמט צונויף אונדז באַלד
אויף ס׳נײַ –
ווער זאָגט אים: האַלט!

יא) ווײַל ער, ער ווייסט די ליגנערישע לײַט,
ער קען זיי,
ער האָט געזען די אומגערעכטיקייט פֿאַרשײַט –
און ווי ר׳וואָלט ניט געזען זי...

יב) און אַ מענטש אַ לײַכטזין
ווערט מיט האַרץ באַרײַכערט

ר׳מעג פֿון געבוירן זײַן אַ בייזער,
פֿאַרווילדעוועטער אייזל...

יג) און האָסטו מיט דײַן האַרצן זיך געגרייט,
צו אים געווענדט,
און האָסט אויסגעשפּרייט
צו אים די הענט.

יד) און האָט זיך אומרעכט צוגעקלעפּט צו דיר –
דערווײַטער עס שנעל־שנעל
און אומגערעכטיקייט ניט אָנקלאַפּן זאָל אין דײַן טיר,
ניט וווינען אין דײַן געלט!

טו) דו הייבסט דאַן ס׳פּנים פֿרײַ, די אויגן העל אויף –
ביסט אָן אַ פֿעלער!
ביסט ווי אַ שטאָל – אויסגעגאָסן אַלץ אין דיר אין איינעם,
האָסט מורא ניט פֿאַר קיינעם.

טז) ווּעסט פֿאַרגעסן אַלע דײַנע, די פֿאַרדראָסן,
ניט מער געדענקען זיי, ווי וואַסער לאַנג פֿאַרפֿלאָסן...

יז) ליכטיקער נאָך ווי דער טאָג איז אין זײַן גרויס,
וועט דיר די וועלט פֿאַרלויכטן אין איר שײַן,
וועסט פֿון פֿינצטערניש אַרויס,
דו וועסט ווי דער פֿרימאָרגן זײַן.

יח) וועסט זיכער זײַן, וועסט לעבן מיט אַ האָפֿן,
וועסט גראָבן אַרום זיך, באַרוט זיך לייגן שלאָפֿן...

יט) וועסט ליגן... ס׳וועט ניט קיינער שטערן
דיר, אויף דײַן געלעגער,
און מענגן וועלן מיט געבעט צו דיר זיך קערן,
און אויף דיר זיך פֿרעגן...

כ) און ס׳וועלן אויסרינען די אויגן פֿון רשעים
און צערינען,
מען זוכט אַן אָרט אויף צו אַנטלויפֿן – און ניטאָ אים,
זיי זוכן אים און קענען ניט געפֿינען,
און זייער האָפֿענונג אויך –
אַן אויסגעבלאָזענער אַ הויך!
(גייט אָפּ שטאָלץ אויף זײַן אָרט)

איובֿ:

(פּ׳ – י״ב.)

ב) יאָ איר! איר זענט דאָס פֿאָלק, דאָס וואָרע,
איר זענט דער קאָפּ!
און מיט אײַך, אַ סבֿרה,
שטאַרבט די חכמה אָפּ!

ג) איך אויך, איך האָב אַ האַרץ אין מיר
אַזוי ווי איר,
ווי איר אַ קאָפּ,
איך פֿאַל בײַ זיך, אָ, אין פֿאַרגלײַך
מיט אײַך
חלילה, ניט אַראָפּ...
גאָט באַהיט!
ווער אומשטיינס געזאָגט,
פֿאַרמאָגט
אַזעלכעס ניט?

ד) נו יאָ, איך בין עס דער
וואָס כ׳ווער
אויסגעלאַכט דאָ היינט
פֿון אַן אייגענעם אַ פֿריינד,
און וואָס איך שרײַ צו גאָט אין לײַדן אָן אַ שיעור:

אָ, ענטפֿער מיר!
און ס'ענטפֿערט אָפּ מיט אַ געלעכטער
אַ צדיק מיר, אַ פֿרומער, אַ גערעכטער!

אָ יאָ, דעם אומגליקלעכן און פֿאַרשמאַכטן
קומט פֿאַראַכטונג!...
עס פֿאַראַכט דאָך דער געדאַנקען־זיכערער די אַלע
וואָס האַלטן אָט, ביַים פֿאַלן...

ו) רויִק שטייען די געצעלטן אַל' פֿון מאַרעוויכער,
און די גאָט־דערצערנער זיַינען זיכער,
אַלע זיי ביַינאַנד —
ווי זיי וואָלטן גאָט געהאַט אין זייער האַנט...

ז) דו פֿרעג דער בהמה, זי וועט דיך לערנען,
דעם פֿויגל פֿרעג — ער וועט דיר זאָגן מער נאָך!

ח) ס'געוויקס אויף דר'ערד זאָגט דיר פֿון אַלץ דעם טעם,
עס דערציילן דיר'ס די פֿיש פֿון ים.
ט) ווער ווייס עס דען ניט, אַז דאָס האָט
באַשאַפֿן דאָ די האַנט פֿון גאָט?

י) די זעל פֿון גאָר דאָס לעבן איז אין זיַין האַנט פֿאַראַן,
ווי אויך דער גיַיסט אין ליַיב פֿון יעדן מאַן.

יא) אַן אויער קען אויף ווערטער זיך אַמבעסטן
דער גומען ווייסט דעם טעם פֿון אַלע מיני עסנס,

יב) די חכמה איז ביַי אַלטעטשקע, אַיאָ?
און ביַי געקומענע אין יאָרן איז פֿאַרשטענד'ניש דאָ...

יג) ניין, נאָר ביַי אים איז חכמה דאָ און גבֿורה,
ביַי אים, ביַי אים איז עצה מיט פֿאַרשטאַנד געפֿורעמט...

יד) ער טוט צעשטערן –
און ס׳וועט שוין יענער אויפֿגעבויט ניט ווערן!
ער שליסט עס איינעם אײַן –
ער וועט ניט מערער שוין ניט זען די שײַן!

טו) וואַסערן פֿאַרהאַלט ער און זיי טריק׳נען אויס,
ער לאָזט זיי לויפֿן אומגעשטערט –
און דאָס איבערקערעניש אויף דר׳ערד
איז גרויס, איז גרויס,

טז) זײַנע איז די מאַכט, זײַנע אויך די לערע –
אים געהערן
אַלע, אַלע כּוחות,
דער פֿאַרפֿירטער און דער פֿאַרפֿירער אויכעט.

כב) טיפֿענישן טיף און פֿינצטערניש אַנטפּלעקטער,
און ליכטיקייטן – פֿון נאַכט־שאָטן און שרעקן,

כג) ר׳לאָזט פֿעלקער וואַקסן גרויס –
און ראָט זיי אויס...
ר׳לאָזט געדײַען זיי, פֿאַרברייט זיי!
פֿירט אַ וועג זיי, העט... צעשפּרייט זיי!

כד) טוט אָפּ דאָס האַרץ, נעמט אָפּ די האַנט
פֿון די עלטסטע, בײַ די אײַנוווינער פֿון לאַנד –
און זיי פֿאַרפֿירן זיי, און פֿירן זיי אַוועק
אין וויסטענישן ווײַט אָן וועג, אָן שטעג.

(פּ׳ – י״ג.)

א) כ׳האָב אַלץ, אַלץ וואָס פֿאַראַנען
געזען אויף דר׳ערד,
מײַן אויער האָט׳ס געהערט –

און האָט'ס פֿאַרשטאַנען...

ב) כ'בין קלוג אַזוי ווי איר!
אויך איך, איך ווייס עס קלאָר
וואָס עס ווייסן אַלע אַרום מיר –
איך בין פֿון אײַך ניט קלענער אויף אַ האָר!

ג) איך אָבער וויל צו גאָט צו מײַנעם רעדן אָפֿן,
כ'וויל קלאָגן זיך מיט אים, מיט רייד אים שטראָפֿן!

ד) איר אַלע אָבער – איר זענט פֿאַלשע מוטלער,
היילער נאַרישע, ניט גוטע...

ה) ווען איר וואָלט שטומען,
אַ מויל מיט וואַסער אָנגענומען,
ווען איר טוט אַ זאָג צו זיך: גענוג שוין!
וואָלט עס אײַערע געווען די גרעסטע קלוגשאַפֿט!

ו) הערט צו די שטראָפֿרייד מײַנע –
און שעמט זיך, ווערט פֿאַרשעמט,
און די טענות
פֿון מײַנע לעפֿצן טרוקענע פֿאַרנעמט:

ז) צי ווילט איר גאָט צוליב, מיט מיר זיך קריגן?
און פֿאַר זײַן טובֿה וועגן זאָגן ליגן?

ח) איר שוינט אַזוי אים – כ'קאָן אײַך!
איר נעמט פֿאַר אים זיך אָן עס!

ט) צי וויל דען פֿון אײַך ווער
גענומען פֿון אים ווערן אויף אַ פֿאַרהער?

צי גאָר ווי איר לאַכט אויס אַ מענטשן אַ געראַכטיקן,
לאַכט אויס איר דעם אַלמעכטיקן?

י) ער וועט דערפֿאַר אײַך שטראָפֿן!
אויב ס׳וועט געהיים אײַך לוינען
עמעצן צו שוינען...
ער האָט ליב אַ האַרץ אַז עס איז אָפֿן!

יא) זײַן שטאָלץ וועט אָנוואַרפֿן אַ מורא אויף אײַך אַלע,
און זײַן פּחד וועט אײַך בייז באַפֿאַלן...

יב) די געדעכענישן אײַערע ווי אַש,
נישטיקע גאָר ווערק,
לגבי דעם גראָבן חומר אײַערן אַזש,
די גראָבע קערק!

יג) שווײַגט, שווײַגט! לאָזט מיך!
איך וועל רעדן, איך –
אָפֿן און ניט שטיל –
מעג זײַן שוין וואָס עס וויל!

יד) צו וואָס זאָל איך מײַן לײַב און מײַן געביין –
צו וואָס אין צער
זיי טראָגן שטום אין מײַנע ציין?
און דעם נפֿש מײַנעם שטעלן אין געפֿאַר?

טו) ער טויט מיך, יאָ! און אין מײַן טויט – פֿײַן גרויס –
קוק איך אים אויס!
די וועגן מײַנע אָבער און דעם אופֿן
פֿון מײַן לעבן – ווײַז איך אויף אים...

טז) ער וועט אויך העלפֿן מיר אין מײַן צער, אין טיפֿן –
ווײַל ער האָט פֿײַנט חניפֿה!

יז) דעריבער הערט מײַן שטים,
הערט וואָס איך זאָג,
הערט ווערטער פֿון מיר קלאָרע ווי דער טאָג:

יח) איך, ווען איך רוף צום משפט אים –
און פֿאָדער מיט אַ פֿולן מויל
מײַן רעכט –
איך ווייס עס וויל:
אַז איך וועל זײַן גערעכט!

יט) אַך! ווען איך ווייס גענוי,
ווער איז ער עס, וואָס טוט אַזוי
מיט מיר זיך קריגן?
און וואָס ער וויל, אַך, וואָס ער וויל
פֿון מיר – וואָלט איך געשוויגן
און אויסגעגאַנגען שטיל...

(צום הימל)

כ) נאָר דו – ניט שלאָג מיך צווייפֿאַך,
מיט צוויי געוואַלטן!
איז ווו אַנטלויף איך?
ווו זאָל איך זיך באַהאַלטן?

כא) טו אָפּ פֿון מיר – דײַן האַנט, די אויסגעשטרעקטע,
און ניט וואַרף אויף מיר דײַן שרעק אָן!

כב) דו רוף מיר, רוף! איך ענטפֿער דיר, זאָג ווו?
צי איך וועל רעדן גאָר און ענטפֿער דו!

כג) דו זאָג די צאָל פֿון מײַנע זינד מיר?
וויפֿל זײַנען זיי? זאָג, ווײ און ווינד מיר...
נעם און באַרעכן

אַלע מײַנע די פֿאַרברעכן,
וואָס לאַסטן מיר אויף מײַן געוויסן –
איך וויל עס וויסן!

כד) פֿאַר וואָס באַהאַלטסטו, זאָג, דײַן פּנים קלאָר?
און באַטראַכסט מיך פֿאַר דײַן שׂונא גאָר?

כה) צי ועסטו דען אַ בלאַט אַן אַראָפּגעלאָזענעם צעפּליקן?
און יאָגן נאָך אַ שטרוי זיך אויסגעטריקנט?

כו) אַז דו פֿאַרשרײַבסט מיר ביטערקייטן אָן אַ שרעק!
לאָזסט אַ ירושה מיר חטאים פֿון יונגע מײַנע טעג...

כז) זעצסט אין אַ קלאָץ אַרײַן די פֿיס מיר,
באַוואַכסט אויף וועגן מיר, אויף וויסטע –
אומבאַוווסטע
זוכסטו מײַנע אויף די פֿוסטריט...

כח) און ער אַליין פֿאַרוועלקט דאָך, ווערט פֿאַרגעסן,
ווי אַ בגד פֿון מאָלן אויפֿגעגעסן...

(איובֿ לאָזט טיף אַראָפּ דעם קאָפּ, ווי אין שלאָף געזונקען. לענגערע פּויזע)

תמנע: (עפֿנט אויף ברייט די טיר פֿון קיך, בלײַבט שטיין אין אײַנגאַנג)

אליפֿז
בלדד (הייבן זיך אויף פֿון די ערטער)
צופֿר

אליפֿז: די שכנה דײַנע... איובֿ,
קוק אָן זי
און דערקאָן זי –

בלדד: ער קאָן זי נאָך פֿון פֿריִער...
(ווינקט פֿילדײַטיק)

צופֿר: יאָ... פֿון פֿריִער!

אליפֿז: ניין!

איך וואָלט געשווירן...

בלדד: שווער ניט... זי איז שיין!

צופֿר: און דער יצר־הרע –

טאָרעט, טאָרעט...

אליפֿז: ניין!

בלדד: פֿאַר וואָס זשע ניין?

איך מיין, פֿאַרקערט... איך מיין – (אַנטציקט)

קוקט אָן די שיקסע,

זעט:

ז'איז מלא־חן!

געוויקסיק,

ניט מאָגער און ניט פֿעט –

אַקוראַט!

איך אַליין

וואָלט גערן קינדער מיט אַזאַ געהאַט.

אליפֿז: ניין! ניין!

בלדד: פֿאַר וואָס?

דו קענסט גאָר דעם געדאַנק

צו זיך ס'מאָל ניט דערלאָזן?

דערלאָז!

ניט אַלע מאָל געווען איז איובֿ קראַנק,

ר'איז קיין מאָל ניט געווען קיין נזיר...

קיין אָפּגעהיטער טאַקע...

צופֿר: און ניט פֿון לאַקריץ...

אליפֿז: (אויפֿגערעגט)

זי! זי! איך מיין גאָר זי!...

בלדד, צופֿר: ווי?

אליפֿז: איר רעדט פֿון אים גאָר!

און איך – איך רעד פֿון איר,

פֿון תּמנען...

ער וואָלט שוין וועלן, יאָ...

ר'וואָלט וועלן אָן אַ שיעור,

ער, איוב —
וואָס אים נוגע
פֿאַרשטיי איך —
וואָלט ניט געווען קיין מניעה...
אָ —
ער וואָלט גרייַלעך
אָפּגערוט אַ ווייַלע
אין איר שויס...
ר'איז ניט פֿון האָלץ —
זי אָבער, זי!

בלדד / צופֿר: ווי?

אליפֿז: זי איז בײַ זיך אַ ביסעלע צו גרויס...

בלדד / צופֿר: יאָ!

אליפֿז: זעט, זעט, ווי שטאָלץ,
ווי שטאָלץ זי שטייט אין טיר —
זי איז אַ שטאָלצע
די מניעה איז פֿון איר!

תּמנע: כ'האָב פֿאַרטיק שוין דעם מאָלצײַט,
גייט און עסט!

(זי גייט אַריבער די שוועל. שטעלט זיך אין אַ זײַט, כּדי אַדורכלאָזן זיי אין קיך)

עסט שטיל און רעדט ניט הויך,
ער שלאָפֿט...

אליפֿז: (קוקט אין איובֿן)
יאָ, נעבעכקעס, געשטראָפֿט...

בלדד: געשטראָפֿט!

צופֿר: געשטראָפֿט!

תּמנע: כ'האָב אויסגעשפרייט אַ טישטוך אויפֿן טיש,
און אויפֿן טיש געשטעלט אַ פֿאַן מיט פֿיש,
דער טאָפּ מיט פֿלייש איז אויף דער פּליט,
די טעלער אין דער שאַנק —
־יט דעריבער זיך מטריח אין דער קיך!

איר כאַפּט זיך נאָר ניט צו צום יויך –
זי בריט,
אַ לעק – אַ פֿונק!
ר׳קאָנט אָפּבריִען די צונג,
ס׳קאָן ווי טאָן איַיך דער בויך...
גייט עסן, עסט!
עסט שטיל און רעדט ניט הויך –

אליפֿז: אַ דאַנק! (אָפּ אין קיך)

בלדד: אַ דאַנק! (אָפּ אין קיך)

צופֿר: אַ דאַנק (אָפּ אין קיך נאָך זיי)

איובֿ: (הייבט לאַנגזאַם אויף זײַן קאָפּ)
איך דאַנק דיר אויך.
נעמסט פֿרײַנדלעך אויף זיי... מײַנע געסט.

תּמנע: דו הערסט? זיי קלאַפּן מיט די טעלער... (פּויזע)
איך האָב געמיינט דו דרימלסט –

איובֿ: כ׳וואָלט וועלן...
גאָט אין הימל –
שלאָפֿן! שלאָפֿן! שלאָפֿן! (צו גאָט)
מיט שטריק פֿון שלאָף ווען דו וואָלטסט מיך געבונדן
שלאָפֿן!
און ביזן טויט!

תּמנע: וואָס מאַכן דײַנע ווונדן?

איובֿ: (באַטאַפּט זיך)
מײַנע ווונדן?

תּמנע: ביסט פֿאַרוווּנדערט –

איובֿ: זיי זײַנען מיר אַנטלאָפֿן...

תּמנע: אַ נײַע הויט אויף דיר, אַ נײַע הויט!

איובֿ: און דער אַלטער ווייטיק!

תּמנע: יעצט האָסטו מיך ניט נייטיק –

איובֿ: (פֿאַרוווּנדערט קוקט זי אָן)
יעצט, יעצינדער?

תּמנע: דו ביסט פֿאַרוווּנדערט –
דאָס האָב איך אין נעכט אין שטילע, לײַכט

צו דיר אַרײַנגעשלײַכט...
מיט שטילע טריט –
איר זאַלבע פֿערט,
איר זענט געשלאָפֿן מיד,
און ניט געזען מיך, ניט געהערט –

איובֿ: דו?

תּמנע: איך, איך,
איך האָב אַרײַנגעשלײַכט
לײַכט, לײַכט,
גיך גיך...
געשטאַנען איבער דיר ווי יעצט,
געשמירט דיר דײַנע קרעץ
מיט פֿעטס,
מיט זאַלבן און מיט אייל,
איך האָב פּאַמעלכן געהיילט דיר, אויסגעהיילט.

איובֿ: דו!

תּמנע: וווּ זײַנען זיי, די ווונדן דײַנע, וווּ?

איובֿ: דו!

תּמנע: דו וווּנדערסט זיך... איך האָב געמאַכט עס שטיל,
איך, אַז איך וויל –
הערט קיינער מיך אויף דר'ערד...

איובֿ: (קוקט איר געהיימ'נישפֿול אָן)
איך האָב געהערט –

תּמנע: דו האָסט געהערט?

איובֿ: (געהיימ'נישפֿול)
איך האָב געמיינט ס'איז תּמנע...

תּמנע: (לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ)
איך בין תּמנע...

איובֿ: (כאַפּט זיך, איז זיך מודה)
דו אויך.

תּמנע: יענע איז ניטאָ שוין,
איז שוין טויט...

איובֿ: (הייבט אויף די אויגן צום הימל)

אַ קנויט, געברענט אַ קנויט —
און אויסגעלאָשן,
אַוועק, אַוועקגעגאַנגען מיטן רויך.

תּמנע: (קוקט אָן זײַן לײַב)
אַ נײַע הויט אויף דיר, אַ נײַע הויט!
דאָס האָב איך געהיילט דיר דײַנע ווונדן,
איך...
זע, ווי גיך
זיי זײַנען דיר פֿאַרשווונדן —
אַ נײַע הויט אויף דיר, אַ נײַע הויט!

איובֿ: און די אַלטע שמאַרצן... (ווי פֿאַר זיך)
תּמנע —

תּמנע: איך וועל אַרײַנדרינגען דיר אויך אין האַרצן,
און מאַכן דאָרט העלער —

איובֿ: (ווי פֿאַר זיך)
תּמנע...

תּמנע: (הערט זיך אײַן אין דער זײַט פֿון קיך)
זיי האָבן אויפֿגעהערט צו קלאַפּן אין די טעלער,
איך האָב זיי צוגעגרייט דעם מאָלצײַט שנעל —
זיי האָבן אויפֿגעגעסן אים נאָך שנעלער —
אײַנגעשלונגען איר, די לאַם צוזאַמען מיט איר פֿעל.

(אָפּ)

איובֿ: תּמנע... (לאָזט ווידער אַראָפּ זײַן קאָפּ)

אליפֿז, בלדד, צופֿר: (קומען אַרײַן אָפּגעגעסענע, פֿולע, ווישן זיך די וואָנצעס און די בערד פֿונעם רעשט עסן, גייען אויף די שפּיץ פֿינגער פֿאָרזיכטיק צו, צו זייערע ערטער, יעדער לייגט אַ פֿינגער צום מויל צו, מאַכט אויפֿמערקזאַם דעם אַנדערן, ער זאָל שווײַגן, זעצן זיך אויף זייערע ערטער)

אליפֿז: ער שלאָפֿט, שאַ, שאַ!

בלדד: ווען ער ווייסט אַז זי ז׳געוועזן דאָ!

צופֿר: ווען ער ווייסט עס — וואָלט ער ניט געשלאָפֿן...

אליפֿז: יאָ!

בלדד: ער וואָלט געהאַלטן זײַנע אויגן אָפֿן...

צופֿר: יאָ!

אליפֿז: דאָס איז אַ פּרוי!

בלדד: אוי, אוי!

צופֿר: אור־וואַ!

אליפֿז: מיר אַ יאָר אַזאַ!

בלדד: ער איז געשטראָפֿט...

צופֿר: ער שלאָפֿט! (פּויזע)

אליפֿז: ער שלאָפֿט...שאַ, שאַ!

בלדד: ווען ער ווייסט, אַז זי ז׳געוועזן דאָ!

צופֿר: אָהאָ!

אליפֿז: וואָס אָהאָ?

בלדד: נו, יאָ!

צופֿר: יאָ! יאָ! (פּויזע)

אליפֿז: מיר האָט אין קיך געדאַכט זיך — (ווײַזט אויף איובֿן)
אַז ער איז וואַך דאָ...

בלדד: מיר אויך... ווי כ׳וואָלט געהערט זיי ביידן
ריידן...

צופֿר: איך אויך... ווען ר׳וואָלט אַ ווײַלע
ניט טשאַמקען מיט די מײַלער...
איר טשאַמקעט דאָך אַ גרויל!

אליפֿז: דו האָסט דאָך אויך געטשאַמקעט מיטן מויל!

בלדד: יאָ, דו אויך,

צופֿר: איך טאַקע אויך —
טשאַמקען קען ניט שאַטן
איך האָב געטשאַמקעט אָבער ניט גאָר הויך...
איך האָב געהאַט אַ הנאה פֿון דער יויך,
און פֿון דעם בראָטן —
ער איז צעגאַנגען זיך בײַ מיר אין מויל —

בלדד: זי קאָכט גאָר ווויל...

צופֿר: דער קאָכן ווי דער קאָכן —
זי אַליין!

אליפֿז: שיין!

נאָר ניט אַזוי איר שיינקייט ווי איר חן!

בלדד: ווויל דעם שכן –

צופֿר: וואָס?

אליפֿז: (ווײַזט אויף איובֿן)

לאָז!

בלדד: פֿאַר וואָס?

כ׳וויל רעדן אים אַ שידוך...

צופֿר: (ווײַזט אויף איובֿן)

ניט דאָך! ניט דאָך?

אליפֿז: ער קען נאָך הערן...

בלדד: ווער?

צופֿר: ער...

אליפֿז: ער קען אין כּעס נאָך ווערן!

ער קען נאָך שרײַען: ניאוף!

אויפֿן קול ער –

בלדד: זאָל ער!

איך רעד פֿרײַ,

פֿאַר וואָס זאָל ער נישט אָנהייבן, ער איובֿ,

פֿון דאָס ניי?

צופֿר: אײַ! אײַ!

אַלע דרײַ: אײַ־אײַ! אײַ־אײַ!

אליפֿז: יאָ, פֿון דאָס נײַ!

איובֿ: (הייבט שווער אויף דעם קאָפּ)

אַלע דרײַ: (ציִען זיך צוזאַמען אויף זייערע ערטער)

איובֿ:

(פּ׳ – י״ד.)

א) אַ מענטש, געבוירן פֿון אַ פֿרוי,

מיט טעג – אַך, קורץ אַזוי!

טעג אָן גענוס,

און אָנגעזעטיקט מיט פֿאַרדרוס...

ב) ווי אַ בלום וואָס שפּראָצט אַרויס –
און שוין, שוין אויס!
אַנטלאָפֿן ווי אַ שאָטן,
געוועזן, געשטאָרבן און פֿאַרשאָטן...

ג) אויך אַזעלכן האָסטו אויפֿן אויג, לייגסט אַכט –
אויך מיך האָסטו צו משפּט יעצט געבראַכט...

ד) הלוואַי איין ריינעם
אַרויסנעמען וואָלט מען געקענט פֿון דעם געמיינעם,
אָ ניין, ניט איינעם!

ה) באַשלאָסענע אויב ס'זענען זײַנע טעג – שוין,
ביי דיר געפֿינט די צאָל זיך פֿון די חדשים זײַנע...
דו האָסט אַזוי באַשטימט און ניט צו פֿרעגן,
און אָן אַ טענה!

ו) לאָז אָפּ אים שוין, ניט שלאָג –
ער ווערט סײַ ווי פֿאַרטיליקט...
לאָז אָפּ אים, אָ, ביז ער באַוויליקט
ווי אַ געדונגענער זײַן טאָג...

ז) ווײַל ניט פֿאַרלוירן איז די האָפֿ'נונג פֿון אַ בוים,
אויך ווען ער פֿאַלט אַן אָפּגעהאַקטער שוין,
ער וואַקסט אויס ווידער
אַ צעבליטער
ביז אָן אַ סוף –
זײַן שפּראָצונג הערט ניט אויף.

ח) ווערט אַלט דער וואָרצל זײַנער אינעם שטויב,
און אויב
זײַן שטאַם האָט אויפֿגעהערט
צו לעבן טיף אין דר'ערד –

ט) דערשמעקט ער נאָר אַ ביסל וואַסער אין דער נידער –
באַלד בליט ער ווידער
אויף אין גאַנצן,
ער בליט
און גיט
אַ שניט –
ווי יעדע פֿלאַנצונג...

י) און אַז עס שטאַרבט אַ מאַן,
ווי מען איז געוווינט צו שטאַרבן ביז הער:
ר׳איז שוואַך געוואָרן, אויסגעגאַן –
ווו? ווו איז ער?

יא) וואַסערן וואָס זענען אויסגערונען פֿון ימים קלאָר,
דער טײַך וואָס טריקנט אויס, איז אויסגעטריקנט גאָר –

יב) און דער מענטש – ער האָט אַוועקגעלייגט זיך שווער –
וועט שוין ניט אויפֿשטיין מער!
ביז ס׳פֿאַרוועלקט דער הימל
וואָס אָן אַ סוף –
כאַפּן זיי זיך שוין ניט אויף פֿון דרימל,
דערוואַכן שוין ניט מער פֿון זייער שלאָף.

**אליפֿז:** (פּ׳ – ט״ו.)

ב) אַ קלוגער! און ער ענטפֿערט אָפּ געשווינד
מיט קענטענישן וואָס זענען ווי אַ הויך –
און ווי מיט אַ ווינט
פֿון מזרח־זײַט, איז אָנגעפֿילט זײַן בויך...

ג) גיין אויפֿווײַזן מיט זאַכן גאָר
וואָס זענען ניט קיין ריכטיקע, ניט וואָר,
מיט ווערטער אויסגעפּוצט

וואָס ברענגען ניט קיין נוץ –

ד) אַזוי אויך דו! דורך דיר דאָ ווערט
צעשטערט,
די פֿרומקייט אויף דער ערד!
פֿאַרמינערסט מיט דײַן שפּאָט
דאָס בעטן זיך בײַ גאָט!

ה) עס באַצײַגט דײַן זינד אַליין דײַן מויל,
און זוכסט אַ לשון אויס אי פֿאַלש, אי פֿויל...

ו) ניט איך! ניט איך!
עס זאָל דײַן מויל אַליין באַשולדיקן יעצט דיך,
דיך פֿאַרקלאָגן,
אַליין די ליפּן דײַנע זאָלן עדות זאָגן!

איובֿ: (פּ׳ – ט״ז.)

ג) גענוג זײ, אָ, גענוג
די ווינטיקע, די רייד!
וואָס טרײַבט אַזוי דיך און ניט קלוג
ענטפֿערן מיר, געבן מיר באַשייד?

ד) אויך איך וואָלט פּונקט ווי איר אויף אײַער שטעל
געפֿירט דעם זעלביקן געשפּרעך,
עך, עך –
ס׳זאָל זײַן נאָר אײַער זעל אַנשטאָט מײַן זעל! –
איך וואָלט געשלײַפֿט מײַן צונג –
אַ שאַרפֿע קלונג,
גערעדט אַ סך, אַ סך –
ניט צו דער זאַך,
כ׳וואָלט שטום אויף אײַך געשאָקלט מיטן קאָפּ,
אַרויף, אַראָפּ...

ה) איך וואָלט געשטאַרקט אײַך, יאָ, געשטאַרקט דאָס האַרץ,
גערלינדערט מיט די ליפּן מײַנע אײַער שמאַרץ...

ו) יעצט אָבער ווען איך רעד – הערט מײַן פּײַן ניט אויף,
און בלײַב איך שטיל – עס נעמט ניט, ניין, קיין סוף...

יח) אָ ערד! פֿאַרדעק מײַן בלוט ניט, ערד!
זאָל קיין אָרט שוין פֿאַרן עלנט מײַן,
פֿאַרן וויגעשריי און פּײַן
ניט זײַן!

יט) יעצט אויך:
אין הימל איז דער עדות
פֿון מײַנע לײַדן –
ר'איז אין דער הויך!

כ) איר מײַנע שיינריידער און פֿרײַנד,
איר זײַנט
אין טעות, ס'איז דער טעות וואָס איר האָט –
דאָס וויין איך ניט פֿאַר אײַך, איך וויין פֿאַר גאָט!

כא) זאָל פֿאַנאַנדעררײדן זיך אַ מאַן מיט זײַן באַשעפֿער,
ווי איינער, ווי זײַן חבֿר...

<כב> עס קומען עטלעכע אָן יאָרן צוגעשיקטע –
און כ'מאַך דעם וועג פֿון וואַנען כ'קום ניט צ'ריק שוין...

(אין גרויסן צער)

(פּ' – י"ז.)

א) מײַן געמיט צעשטערט!
אויסגעלאָשן זײַנען מײַנע טעג געוואָרן –

קבֿרים! קבֿרים! קבֿרים!
אַרום מיר דאָ אויף דער ערד!

ב) זײַנען עס די שפּאָטערײַען, וואָס רינגלען מיך אַרומעט?
צי גאָר להכעיסן, וואָס אין מײַן שלומער?

ו) ער האָט אַרויסגעשטעלט צום בײַשפּיל מיך פֿאַר פֿעלקער,
און כ׳בלײַב דער גיהנום שוין פֿאַר אַלע וועלטן!

ז) טונקל איז מײַן אויג אין צאָרן
מיר געוואָרן,
און אײַנגעפֿאַלן,
און ווי אַ שאָטן מײַנע גלידער אַלע. (קוקט אָן די פֿרײַנד)

ח) ווער אָרענטלעך עס איז – זאָל אויף דעם שטוינען,
און דער אומשולדיקער – ער זאָל דעם פֿאַלשן מאָן ניט שוינען...

ט) און זאָל ער, דער גערעכטער,
מאַכן אים, זײַן וועג, זײַן שווערן,
און דער מיט ריינע הענט, דער אמתער, דער עכטער –
ער זאָל געשטאַרקט [ג]אָר ווערן!

<י> איר אַלע אָבער, קומט אַהער דאָ, ווען איר ז[ײַט] שוין –
איך געפֿין ניט צווישן אײַך איין קלוגן מענטשן...

<יא> מײַנע טעג –
זיי זײַנען לאַנג אַוועק,
מײַנע פּלענער אַלע –
אײַנגעבראָכן און צעפֿאַלן...
אַזוי אויך זײַנען
די טראַכטונגען פֿון האַרץ פֿון מײַנעם!

<יב> נאַכט מאַכן זיי צו טאָג!
דאָס ליכט וואָס שלאָגט
פֿון נאַכט –
האָבן זיי אין חושך ניט דערקאָנט...

<יג> צי זאָל איך האָפֿן –
ווען ס'איז אַ קבֿר מיר מײַן הויז...
איך לייג זיך אין דער פֿינצטער שלאָפֿן,
אין דער פֿינצטער בעט איך מײַן געלעגער אויס...

<יד> איך רוף צום קבֿר אויס: אָ טאַטע! טאַטע! טאַטע־פֿאָטער!
מאַמע! שוועסטער מײַנע! צום וואָרעם אין דער בלאָטע...

<טו> ווּ איז זי. ווּ? מײַן האָפֿענונג – ווער קאָן זי?
ווער קוקט אָן זי?

<טז> אין גרוב אין טיפֿן נידערט זי אַראָפּ –
מיר רוען דאָרט אין שטויב צוזאַמען אָפּ...

בלדד: (געווענדט צו אַלעמען)

(פּ׳ – י״ח.)

ב) ביז וואַנען, זאָגט מיר, וועט איר,
אַ סוף צו ווערטער מאַכן?
איר דאַרפֿט פֿאַרשטיין אַפֿריִער זיי, די זאַכן –
און ריידן וועלן מיר שפּעטער!

ג) פֿאַר וואָס, אָ, זײַנען מיר צו בהמות גלײַך?
און אומריינע מיר אַלע אין די אויגן אײַך?

ד) דו, וואָס דו צעפֿליישסט אַליין זיך
אין דײַן צאָרן –

ניט שוין זשע,
צוליב דיר זאָל גיין די וועלט פֿאַרלאָרן?
און דער פֿעלדז דאָרט
זאָל צוליב דיר, זיך אַ רוק טאָן פֿון זײַן אָרט?

איובֿ: (פּ׳ – י״ט.)

ב) איך קען׳ס שוין ניט דערטראָגן!
ביז וואַנען זשע, וועט איר מיך, אין מײַן קומערן
אַזוי פֿאַראומערן?
מיט ווערטער מיך דערשלאָגן?

ג) צען מאָל שוין ווי איר האָט
אין די אויגן מיך געמאַכט צו שפּאָט,
ווי איר בודקט מיך,
ווי איר באַליידיקט מיך,
איר שעמט זיך ניט, איר פֿרומע
קומען
און צעטומלען מיך, צעטומלען?...

ד) זאָל זײַן איך בין זיך טועה – יאָ... איז וואָעס?
ס׳בלײַבט נעכטיקן מיט מיר מײַן טעות –

ה) און כאָטש איר רעדט מיר אַלע אַזוי אויס,
און באַווײַזט די שאַנד מיר מײַנע גרויס –

ו) זײַט וויסן –
און מעג עס אײַך פֿאַרדריסן,
איך זאָג עס אָפֿן, איך:
גאָט האָט באַעוולט מיך!
מיט זײַן נעץ האָט ער מיך אין מײַן ווינקל
אַרומגערינגלט...

ז) און שרײַ איך: איובֿ
מען איז צו די געשרייען מײַנע טויב...
איך רוף זי, יאָ,
און די גערעכטיקייט — זי איז ניטאָ!

ח) ער האָט פֿאַרצאַמט מײַן שטעג מיר —
און כ'קען ניט, גיין, אַריבער;
און מײַנע אַלע וועגן
האָט ער באַדעקט מיט פֿינצטערנישן טריבע...

יג) ער האָט פֿון מיר דערווײַטערט אַלע מײַנע ברידער —
און מײַנע פֿרײַנד — זיי זײַנען מיר דערווידער...
פֿאַרלאָזן האָבן מיך, ווי ניט געוועזן
אַלע מײַנע נאָנטע,
מײַנע די באַקאַנטע —
זיי האָבן מיך פֿאַרגעסן...

יז) מײַן געמיט איז פֿרעמד אַזוי מײַן ווײַב,
און מײַן באַגינסטיקונג די קינדער פֿון מײַן לײַב...

צופֿר: דו רעד ניט פֿון דײַן ווײַב, — זי איז ניטאָ...

איובֿ: (שאָקלט טרויעריק מיטן קאָפּ, ווי פֿאַר זיך)
יאָ, יאָ...

אליפֿז: און אויך די קינדער דײַנע — אָ...

איובֿ: ניטאָ... ניטאָ...

בלדד: דו מעגסט דערמאָנען זיי, נאָר ניט צום שלעכטן דאָ...

איובֿ: יאָ, יאָ...

צופֿר: מען דאַרף דערמאָנען טויטע נאָר צום גוטן —

איובֿ: נעמסט אָן פֿאַר מײַנע טויטע זיך...
און איך —
מעג בלוטן, יאָ, מעג בלוטן?

אליפֿז: חס־וחלילה?
מיר פֿילן דיר דאָך מיט, מיר פֿילן...

ניט־מער –
דײַן תּמנע... יאָ, כ׳מיין יענער
און ניט דער...

איובֿ: (קוקט אים פֿאַרווונדערט אָן)
דער?... דער?...

בלדד: די איז שענער...

איובֿ: (קוקט פֿאַרווונדערט אָן בלדדן)
די?

צופֿר: דײַן יענע תּמנע אָבער, און אירע קינדער –
בעסער ניט דערמאָנען זיי אַצינדער...

איובֿ: ווי?

אליפֿז: ניט דערמאָנען די, וואָס זײַנען שוין אַוועק.

איובֿ: אַ שרעק!

בלדד: וואָס עפּעס שרעק?

איובֿ: (לאָזט אומבאַהאָלפֿן אַראָפּ דעם קאָפּ)
אַ חלום!

צופֿר: חס־ושלום!
וואָס עפּעס גאָר אַ חלום?

איובֿ: אַ חלום און ניט מער!

אליפֿז: ווער?

איובֿ: איך, איך!

בלדד: דו מיינסט גאָר זיך!

איובֿ: איך, מײַן לעבן גאָר...

צופֿר: מען טאָר אַזוי ניט רעדן!

איובֿ: (אין צאָרן פֿון פֿאַרצווייפֿלונג)
מען טאָר! מען טאָר!

אליפֿז: איינע איז אַוועקגענומען
דיר געוואָרן,
איז די צווייטע –
איר צו לאַנגע יאָר,
אַנטקעגן דיר געקומען!

איובֿ: (צעטומלט)
ווער שטויסט מיך צווישןביידע זיי, זיי ביידע –

אָ, גאָט גערעכטער!

בלדד: זי וועט קינדער דיר געבאָרן...

איובֿ: וואָס?

צופֿר: (אויפֿגערעגט)

דאָס!

איובֿ: (קוקט אים אומפֿאַרשטענדלעך אָן)

וואָס?

אליפֿז: זין און טעכטער!

איובֿ: וואָס?

בלדד: ס׳ווערט ווידער פֿול דײַן כּוס!

איובֿ מײַן כּוס?

צופֿר: און דײַנע פֿעלדער – גרין!

איובֿ גרין?

אליפֿז: זי געבוירט דיר זין!

איובֿ זין?

בלדד: און טעכטער!

איובֿ: גאָט גערעכטער!

איך וויל קיין קינדער נײַע ניט געבאָרן! (די הענט צום הימל)

גיב אָפּ מיר, גאָט, צוריק די, וואָס איך האָב פֿאַרלאָרן!

זיי זײַנען טויט שוין, טויט שוין –

געפֿאַלן, אָפּגעפֿאַלן...

(פּ׳ – י״ט)

יט) מיט מײַנע נאָנטסטע אַלע,

וואָס האָבן פֿײַנט געהאַט מיך, מײַנע, די פֿאַרטרויטע...

אַלע די, וואָס איך האָב ליב אַזוי געהאַט זיי –

זיי האָבן מיך פֿאַרראַטן... (ווענדט זיך צו די דרײַ פֿרײַנד

מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס)

כא) אָ פֿרײַנד, דערבאַרעמט, אָ דערבאַרעמט איר מיר, איר!

ווײַל די האַנט פֿון גאָט האָט שווער מיך אָנגערירט...

כב) פֿאַר וואָס פֿאַרפֿאָלגט איר, איר מיך ווי ס'פֿאַרפֿאָלגט מיך גאָט?
איר קענט פֿון לײַב פֿון מײַנעם ניט אָנעסן זיך זאַט!

כג) ווי וואָלט איך וועלן איצט
עס זאָלן מײַנע ווערטער זיך דערהערן,
זיי זאָלן אײַנגעשריבן ווערן!
אין אַ ספֿר ווערן אײַנגעקריצט!...

כד) אָך ווען איך קענ'ס באַווײַזן,
איך אַליין –
איך וואָלט דאַן פֿרײַ
מיט אַ פּען פֿון אײַזן
און מיט בלײַ
אויסגעהאַקט אויף אייביק אין אַ שטיין.
(רײַסט זיך אויף פֿון בענקעלע)

כה) און איך – איך ווייס עס, ווייס עס:
מײַן דערלייזער לעבט. יאָ! יאָ!
ר'איז דאָ!
זאָל לעבן מײַן דערלייזער!
הערט אַלע, הערט'ס! (הייבט די הענט צום הימל)
דער לעצטער וועט ער בלײַבן אויף דער ערד!
(ער טרינקט אויס, אין עקסטאַז פֿון גלויבן, דערהייבונג
און פֿאַרצווייפֿלונג, דאָס טעפּעלע מילך שטעלט ער אַוועק צוריק אויף זײַן אָרט)
נאָך!

אליפֿז
בלדד (כאַפּן זיך אויף פֿון די ערטער, האָפּערדיק, צופֿרידן)
צופֿר
נאָך!
אליפֿז: נאָך!
בלדד: מעג זײַן פֿון קו, מעג זײַן געקאָכט!
נאָך!
צופֿר: נאָך!

איובֿ: (פֿאַלט ווידער צו צום בענקל, אויף וועלכן ער בלײַבט זיצן, קרעכצט)
אָך!
איר שרײַט אַזוי, איר הילכט!

אליפֿז: זאָל זי ברענגען מילך!

בלדד: איך האָב געוווּסט: ביסט ניט פֿון אײַזן...

צופֿר: זאָל זי זיך באַווײַזן!

אליפֿז: יאָ, זאָל זי קומען!

בלדד: וואָלטסט עפּעס וואָס גענומען...

צופֿר: באַנעצט דעם גומען!

אליפֿז: די ליפּן...

בלדד: מילך פֿאַרן האַרץ איז ווי בוימאײל פֿאַר די ריפּן!

צופֿר: וואָס עפּעס מילך? ז׳האָט אפֿשר גיטיקס
אָפּגעטײלט פֿאַר דיר פֿון אונדזער מיטיק?

אליפֿז: און טאָמער ניט׳ –
קאָכט זי אײנס און צוויי דיר אָפּ אַ פֿרישס!
אין איין מינוט!

בלדד: אי שנעל, אי גוט!

צופֿר: זי מאַכט עס אויגנבליקלעך!

אליפֿז: דו וואָלטסט דערקוויקט זיך... (רופֿט)
תּמנע!

בלדד: זי ז׳אַ געשיקטע,
די שכנה דײַנע... (רופֿט)
תּמנע!

צופֿר: גליקלעך וועט ער זײַן... יאָ, גליקלעך! (רופֿט)
תּמנע!

אליפֿז: זאָג וועמען מײנסטו, וועמען?

בלדד: ווער ס׳וועט זי נעמען!

צופֿר: נעמען... (באַלעקט זיך)
זאָל זי נאָר דערשײַנען!
טויזנט טעמים
האָט זי –

אליפֿז: יאָ... געראָטן! (רופֿט)
תּמנע!

בלדד: תּמנע!

אוּן פֿריש אַזוי!

אַ פֿרוי –

צופֿר: אַ פֿרוכט נאָך מיטן טוי,

אוּן ניט פֿאַרבאָטן... (רופֿט)

תּמנע!

אליפֿז: וווּ איז זי, וווּ?

אָט גיב איך זי אַ רוף. (מאַכט אַ באַוועגונג צו דער קיך)

צופֿר: וואָס עפּעס דו?! (ווײל אים אָפּהאַלטן און גײן אַלײן)

איובֿ: לאָזט צו רו!

לאָזט! לאָזט!

לאָזט אָפּ –

איך אויך, איך לאָז די אויגן מײַנע טיף אַראָפּ...

צו וואָס?

צו וואָס דען?

איך האָב אַ בונד געשלאָסן

מיט מײַנע אויגן ביידע –

צו וואָס זאָל איך זיך אָפּשטעלן און קוקן אויף אַ מידל?

אליפֿז: פֿאַר וואָס דען ניט?

איין גאָט! און ווײַבער קען מען האָבן צוויי!...

בלדד: צי ביסטו אַלע מאָל געווען אַזוי גאָר אָפּגעהיט –

זאָג, איובֿ?

צופֿר: כ׳פֿאַרשטיי...

דו האָסט געהיטן זיך אַפֿריִער...

כּל־זמן עס האָט געלעבט דײַן אַלטע –

האָסטו זיך געהאַלטן,

אײַנגעהאַלטן,

זיך אײַנגעהאַלטן און געליטן...

יעצט דאַרפֿסטו זיך ניט היטן –

איובֿ!

איובֿ: ניאוף! ניאוף!

איר אַלע האָט אויף מיר צוזאַמען זיך גענומען,

צונויפֿגעקומען!

איר האָט אויף מיר,
דאָ אַלע איר
פֿאַראייניקט זיך.
און איר שנײַדט מיך, שנײַדט מיט ווערטער
ווי מיט שווערטער,
אַ וואָרט — אַ מעסער; (מיט אַ האַנט צום הימל)
ער, וואָס פֿײַניקט מיך —
ער קען מיך בעסער!

(פּ׳ – ל״א)

ו) ער זעט די וועגן מײַנע דאָך, ער היט
און ציילט דאָך אַלע מײַנע זיי, די טריט.

ז) צי האָט מײַן טראָט זיך ווען פֿון גלייכן וועג
געגעבן פֿאַלש אַ בויג?
צי איז מײַן האַרץ אין גלוסטן ווען שטיליטשקע אַוועק
נאָך מײַן אויג?
צי איז דען צו מײַן האַנטפֿלאַך, אין מײַן לעבן,
געבליבן עפּעס קלעפּן?

ח) אויב יאָ — זאָל איך פֿאַרזייען קערן,
און אַן אַנדערער זאָל עסן —
און מײַנע קינדער זאָלן אויסגעריסן ווערן
און פֿאַרגעסן...

ט) צי האָט ווען צו אַ פֿרוי מײַן האַרץ פֿאַרלאָקט מיך?
צי האָב איך אין דעם אײַנגאַנג פֿון מײַן פֿרײַנד געלאָקערט?

י) אויב יאָ — זאָל מאָלן פֿאַר אַן אַנדערן מײַן ווײַב,
און אַנד׳רע זאָלן קניִען איר איבער לײַב —

יא) ווײַל ס׳איז אַ שאַנד אַ מיאוסע —
און אַ פֿאַרברעכן גרויס פֿאַר אַ געריכט נאָר, איז עס!

(רופֿט שטיל)
תמנע...

**תמנע:** (עפֿנט ברייט די טיר, קומט אַרײַן מיט אַ קרוג אויפֿן אַקסל בלײַבט שטיין אויפֿן שוועל)

**אליפֿז, בלדד, צופֿר:** אָט איז זי!

**אליפֿז:** אָט!

**בלדד:** ווי שיין זי איז, אָ גאָט!

**צופֿר:** איינע אין דער שטאָט!

**איובֿ:** תמנע!

**אליפֿז:** איר בליק!

**בלדד:** איר שיק!

**צופֿר:** גליק! אין אַן אומגליק גרויס אַ גליק!

**איובֿ:** תמנע — (ווײַזט מיט אַ טרויעריקן שמייכל אויף די פֿרײַנד)
הער אײַן זיך, הער...

**תמנע:** איך בין געקומען אויף דײַן רוף, ניט מער!

**אליפֿז, בלדד, צופֿר:** תמנע!

**איובֿ:** זיי זינגען דיר דאָ הימנען!

**תמנע:** איך האָב׳ס גענוג...
כ׳וויל הערן וואָס פֿון דיר...

**איובֿ:** (הייבט זיך הײַטער אויף פֿון בענקל)
פֿון מיר?

**תמנע:** דײַן וואָרט איז דרײַסט, איז וואַרעם און איז קלוג!

**איובֿ:** תמנע! (קוקט איר שטום אָן)
איך זע: ס׳איז פֿול דײַן קרוג —
איר וואַקסט, איר ביידע האַלט אין וואַקסן,
דו און דער קרוג דיר אויף דײַן אַקסל!
ס׳איז פֿול דײַן קרוג —

און שמעקעדיק און וואָניק...
וואָס איז אין קרוג בײַ דיר? זאָג, תּמנע,
וואָס איז אין אים דאָ?

תּמנע: האָניק!

איובֿ: תּמנע!

אליפֿז: ניט קאָנטיק גאָר, ניט קאָנטיק...
האָניק – ביסט זיסער נאָך פֿון האָניק!

בלדד: האָניק, האָניק זיס –
דו ביסט
געשמאַקער!

צופֿר: אָ, פֿעלד פֿון גאָט, און ניט פֿאַראַקערט!
ניט געבראָניעט –
האָניק!

תּמנע: איר זײַט נאָך אַלע זאַט...
און מיד פֿון עסן נאָך, אי מיד, אי מאַט,
צי האָבן אײַך די מאכלים ניט פֿאַרשאַט?
אָ, הויכגעלערטע!
שווער די ווערטער אײַערע, באַשווערטע,
און טרוקענע די ווערטער –
מאָך!
מאָך וואָס צו דר׳ערד געזונקען...
ווערטער
כאָטש געצערטע,
כאָטש באַגערטע
הוילע
אָבער פֿוילע,
און אײַנטאָניק –
מאָך –
מוטנע ווונקען,
ווערטער!

איובֿ: תּמנע!

תּמנע: מײַן באַשערטער!

איובֿ: תּמנע!

אָך...
איך האָב דײַן מילך געטרונקען –
און וויל... נאָך! (שפּרייט אויס צו איר די הענט)
דײַן האָניק!

| | |
|---|---|
| אליפֿז: | וואָניק! |
| בלדד: | זאָניק! |
| צופֿר: | האָניק! |
| תּמנע: | (נעמט אַראָפּ פֿון אַקסל דעם פֿולן קרוג מיט האָניק. גיט איובֿן דעם דעקל פֿון קרוג) |
| איובֿ: | (האַלט דעם דעקל אין ווערלכן – ) |
| תּמנע: | (גיסט, גיסט פֿון קרוג דעם דינעם פֿאָדעם האָניק) |

## פֿאָרהאַנג פֿאַלט לאַנגזאַם

אַ פּאָר צענדליק שורות אָנגעשריבן אויף שוואַרץ. זיי האָבן מן־הסתּם געזאָלט זײַן דעדיקאַציעס אויף באַזונדערע עקזעמפּלאַרן פֿון דער דראַמע "איובֿ", פֿאַר פֿאַרשײדענע פּערזאָנען אין געטאָ, וועלכע האָבן באַקומען פֿון יצחק קאַצענעלסאָנען די דראַמע "איובֿ" אַ מתּנה. די טעקסטן פֿון די ווידמונגען ווערן דאָ צום ערשטן מאָל געדרוקט, מיט אַלע פֿאַרמעקונגען און צוגאָבן. קיין דאַטע ווערט אויף די טעקסטן נישט אָנגעגעבן. מע דאַרף אָננעמען אַז די ווידמונגען, געשריבן אויף ייִדיש און העברעיִש, זײַנען צוגעגרייט געוואָרן באַלד נאָכן דערשײַנען פֿון דער דראַמע, ס'הייסט – סוף חודש סיון און חודש תּמוז תש"א >סוף יוני און יולי 1941<. פֿאַרגלײַך מיט בלומענטאַלס רשימה, נומ' 26 און מיט דער רשימה פֿון כּתבים אחרונים, תשכ"ט, נומ' 26.

פֿון די פֿראַגמענטאַרע טעקסטן וואָס זײַנען צוזאַמענגעשריבן געוואָרן אויף צוויי זײַטלעך, איז שווער צו באַשטימען וויפֿל באַזונדערע ווידמונגען עס זײַנען פֿאַראַן, מיר מיינען אַז אין טעקסט זײַנען פֿאַראַן אַכט דעדיקאַציעס צו זיבן פֿאַרשײדענע פּערזאָנען.

מיט זייער אינהאַלט דערגאַנצן די ווידמונגען און באַשטעטיקן אונדזער באַנעם פֿון י.ק.'ס קוק אויפֿן צוזאַמענהאַנג און אויף די פֿאַרבינדונגען צווישן איובֿ אין זײַן צײַט און דאָס ייִדישע פֿאָלק פֿון מזרח־אייראָפּע אין דער היטלער־צײַט.

צום פֿאַרגלײַך צווישן איובֿן און דעם פֿאָלק ישׂראל, קערט זיך י.ק. אום אין זײַן "פּנקס ויטל", געשריבן צוויי יאָר שפּעטער: אין זײַן רשימה פֿון 5טן סעפּטעמבער 1943, זאָגט ער ווענדנדיק זיך צו די פֿעלקער פֿון דער וועלט: "... איר האָט עס אונדז צוגעוואָרפֿן דעם ערגסטן און דעם נידערטרעכטיקסטן פֿון אײַך... איר האָט אפֿשר נישט געוואָלט מיר אַלע זאָלן פֿאַרלענדט ווערן, איר האָט אפֿשר אים נישט באַפֿוילן רמזימדיק אונדז אַלעמען צו פֿאַרניכטן אין גאַנצן, איר אָבער האָט געקענט דאָס "תּופֿת"־פֿאָלק, אָט דעם פֿאַרדאַרבער פֿון מידות, וועלכער ווי באַלד מען גיט אים די דערלויבעניש, אים, אָט דעם פֿאָלק דעם שׂטן פֿון שׂטנס, צו צעשטערן עפּעס פֿון איובֿס גוטס – וועט ער שוין צעשעדיקן זײַנע זין און טעכטער, זײַן גאַנצן זאָמען, איובֿס בלוטקליאַק, זײַן צוקונפֿט, זײַן אייביקייטס זאָמען. דאָס וואָס וועט פֿון אים בלײַבן און וועט ער באַשלאָגן מיט שחין... מיר אַלע זײַנען דערהרגעט, אַלע זײַנען מיר דערהרגעט געוואָרן, געבליבן זײַנען מיר אַן אָרעמע משפּחה, אַ נעבעכדיקע, אַ משפּחה פֿון דערשלאָגענע פֿון באַשלאָגענע מיט שחין, קרעציק בגוף ונפֿש" (דאָרט, ז' 193).

די צוויי זײַטלעך פֿון כּתבֿ־יד געפֿינען זיך אין י.ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות, רעגיסטרירט מיטן נומ' KII/1206.

די דעשיפֿריר־סימנים מיט וועלכע מיר באַנוצן זיך:

< > אַ פֿאַרמעקטער טעקסט

{ } אַ שפּעטערער צוגאָב צום טעקסט

[ ] אַ רעסטאַווריטער טעקסט

. . . . . אַ צוריק אומגעקערטער טעקסט נאָכן פֿאַרמעקן (גענוצט פֿון י. קאַצענעלסאָנען אַליין)

הערה: בײַ ווערטער וואָס מיר קענען נישט איבערלייענען ווערט איבערגעלאָזן אַ ליידיק אָרט, צווישן צוויי דעשיפֿריר־סימנים.

## <ווידמונגען פֿון דער דראַמע ״איובֿ״, פֿאַר פֿרײַנד>

איובֿ <דער מענטש וואָס לײַדט> {דער וואָס לײַדט אומזיסט}
<וואָס ווערט> דער געשלאָגענער פֿון <זײַן> <גוֹרָל> <שיקזאַל> וויסט
<וואָס> דער <פֿון גורל> אויסגעלאַכטער <פֿון שיקזאַל {גוֹרל}> פֿונעם לץ
איובֿ דער [אייבי]קער פֿון גורל אייביק / אָ {איובֿ} אייביקער
דער [אייביק גליי]ביקער אייביק לײַדנדער און אייביק גלייביק
<[און גערעכט]> אָ איובֿ פֿון אַמאָל און מיר פֿון יעצט!

דעם זייער פֿילנדן, האַרציקן ייִד דעם טרײַען
< > זון פֿון זײַן פֿאָלק דעם ה׳ ווייץ
אַ <אַלס> צייכן פֿון אַכטונג און פֿריינדשאַפֿט

לחבר מכירי ומוקיר חברים ל גרינברג
ברגשי ידידות

<זה> כל אחד באלהיו
<זה בגילו> כל אחד באלילו
זה בצערו הרב
וזה <בגיל> בגילו
<אחד > {זה במכאובו זה} באידו זה בששונו
<ואנכי ב > והיהודי באיובו

איוב זה <איש זה עם> {<רק אומה>} {[    ] בתהם}
אנחנו עם
עם ישראל <אנחנו>    עם <איובים>    קבל נא
כבוד ה' <היקר ו>הנעלה מר ק. זילברשטיין
נענים

איוב, זה לא איש בתור קדומים אשר עבר –
עם הוא, עם ישראל, עם איובים
אנחנו נענים ומכים על לא דבר
אנחנו למודי צער {ויגון} ומכאובים

[    ] זאָגן די חז"ל אין תּלמוד
[    ] געווען <גאָר> אויף דער וועלט גאָר
[    ] אַ סימבאָל [נאָר] פֿאַר אונדז, {    } אַל'מען,
[    אַן] אמת אַ פֿאַרשטעלטער.
[    ] {ס'איז} ניט קיין בוך קיין אויסגעקלערטער
<    אַ דיכטער    איז ניט קיין קלאָג> פֿון {טרויעריקע} ווערטער
[    ] ניט קיין קלאָגליד <מיט> {פֿון טרויעריקע} ווערטער
[    ] געשריבן <פֿון אַ גאון> פֿון אַ דיכטער –
[    אַ] שפּיגל איז ער און מיר זעען זיך דאָרט

[איך גיב    ] <פֿון שווערע>
איך גיב דעם ה' זייער [    ] ה' ק. זילברשטיין מײַן ווערק <וועגן> {פֿון}
[מענטשלעכע לײַדן] איובֿ, <מיט> גאָר פֿרײַנדלעך יצחק קאַצ[ענעלסאָן]

## ״יזכּור״ <צווייטער טייל>

אויך אָט דער צווייטער טייל פֿון דער פּאָעמע איז פֿאַרלאָרן געגאַנגען (זע אויבן, אין אַרײַנפֿיר צו נומ׳ 5), עס זײַנען אָבער פֿאַרבליבן רעשטלעך פֿון אַ דערמאָנונג וועגן צווייטן טייל אין עמנואל רינגעלבלומס טאָגבוך. אין אַ ידיעה פֿון 26טן דעצעמבער 1941 האַלט רינגעלבלום פֿאַר וויכטיק אַרײַנצושרײַבן זעקס ווערטער וועגן דער פּאָעמע, בעת ער האַלט אין מיטן פֿאַרשרײַבן די לויפֿיקע געשעענישן, ער שרײַבט: ״יזכּור – די נײַע פּאָעמע ׳עיר השחיטה׳״. דער לאַקאָנישער זאַץ דאַרף פֿאַרשטאַנען ווערן ווי אַ כאַראַקטעריזאַציע פֿון דעם צווייטן טייל פֿון דער פּאָעמע ״יזכּור״ – ווי אַ נײַע ווערסיע פֿונעם אינהאַלט פֿון ח.נ. ביאַליקס ״בעיר ההריגה״, און פֿון ״על השחיטה״, און דאַרף נישט פֿאַרשטאַנען ווערן ווי אַ צווייטער נאָמען פֿון דער פּאָעמע (רינגעלבלומס נאָטיצן אין פֿאַרבינדונג מיטן ערשטן חלק פֿון ״יזכּור״, זע אויבן, אין אַרײַנפֿיר צו נומ׳ 5). צבֿיה לובעטקין דערמאָנט אַז די פּאָעמע ״יזכּור״ איז געשריבן געוואָרן מיט אַ הפֿסקה, אין צוויי טיילן (זע: לובטקין, ספר דרור, ז׳ 463), די השערה איז אַז דער צווייטער חלק פֿון דער פּאָעמע איז געשריבן געוואָרן אין חודש אלול תש״א <אויגוסט 24 – סעפטעמבער 21 1941> (זע: אין דער רשימה פֿון כתבים אחרונים, תשכ״ט – נומ׳ 27).

מיר ווייסן ניט צי דער צווייטער טייל פֿון דער פּאָעמע איז אויך פֿאָרגעלייענט געוואָרן, מיר קענען זיך נאָר משער זײַן אַז י.ק. האָט אים געלייענט פֿאַר זײַנע חבֿרים פֿון דרור־החלוץ, פּונקט ווי ער האָט עס פֿריִער געטאָן מיט זײַנע אַנדערע ווערק (דעם ערשטן טייל פֿון ״יזכּור״ אַרײַנגערעכנט). אין ביידע פֿאַלן פֿאַרשרײַבט רינגעלבלום זײַנע נאָטיצן וועגן דער פּאָעמע ״יזכּור״, אַ פּאָר מאָנאַטן נאָך די ערשטע פֿאָרלעזונגען. אויך אין דעם מעג מען זען אַ סימן פֿאַרן דויערהאַפֿטן אײַנדרוק וואָס די ביידע חלקים פֿון דער פּאָעמע האָבן איבערגעלאָזט אין געטאָ, צי ווײַל איר אינהאַלט האָט זיך געדענקט, צי ווײַל די פֿאָרלעזונגען האָבן געהאַט אַ פֿאָרזעצונג, צי צוליב ביידע. וועגן אינהאַלט פֿון דער גאַנצער פּאָעמע האָבן מיר נאָר אַן אָנצוהערעניש אין רינגעלבלומס אָנווײַז אויף ח.נ. ביאַליקס השפּעה, צוזאַמען מיט די ווערטער וועגן אינהאַלט פֿון ערשטן חלק.

# מיך ציט אין גאַס

אַ טעאַטער־שפּיל אין גראַמען, אין דרײַ אַקטן מיט אַ פּראָלאָג און אַן עפּילאָג (פֿאַרגלײַך: צוקרמן – מבפנים, י״ג, ז׳ 32; זע: כתבים אחרונים, תשכ״ט, ז׳ 388), וועגן לעבן פֿון קינדער אין וואַרשעווער געטאָ. דער גאַנצער טעקסט, פֿאַרשריבן אין דרײַ העפֿטן, איז פֿאַרלאָרן געגאַנגען. אין די זכרונות וועגן דער געטאָ־צײַט, און אין י.ק׳ס ווערק זײַנען געבליבן שפּורן וועגן איר אינהאַלט און ווירקונג אין געטאָ. לויט דער אָנגעגעבענער **השערה**, אין דער רשימה פֿון כתבים אחרונים, תשכ״ט, נומ׳ 28, איז דער טעקסט געשריבן **געוואָרן** אלול תש״א – תשרי תש״ב <צווישן 24טן אויגוסט און 21טן אָקטאָבער 1941>.

די טעאַטער־שפּיל איז פֿאָרגעשטעלט געוואָרן אין בית־יתומים פֿון דוד דאַמבראָווסקי, דעם שוואָגער פֿון **בערל** קאַצענעלסאָן – י.ק׳ס ברודער – אויף טוואַרדע 7, אין וואַרשעווער געטאָ (זע: כתבים אחרונים, **תשכ״ט**, ז׳ 358/9, 388). די פֿאָרשטעלונג הייבט זיך אָן און פֿאַרענדיקט זיך מיט אַ קינדער־כאָר. צום **ערשטן** מאָל האָט י.ק. פֿאָרגעלייענט דעם טעקסט פֿאַר זײַנע חבֿרים, אין דער ״דרור״־קאָמונע אויף **דזיעלנאַ** 34. צום צווייטן מאָל זײַנען אײַנגעלאַדן געוואָרן צוזאַמען מיט די לערער און חינוך־עסקנים פֿון די יידישע שולן, אויך יאַנוש קאָרטשאַק און סטעפֿאַ ווילטשינסקאַ. דערנאָך האָט י.ק. אַליין אָרגאַניזירט און צוגעגרייט אַ גרופּע קינדער פֿון דאַמבראָווסקיס בית־יתומים, וועלכע האָבן די טעאַטער־שפּיל פֿאָרגעשטעלט (זע: צוקרמן – מבפנים, י״ג, ז׳ 32).

עס ווערט אויך דערמאָנט, אַז ״מיך ציט אין גאַס״ איז פֿאָרגעשטעלט געוואָרן אין יאַנוש קאָרטשאַקס בית־יתומים (זע: עק (תש״ך), ז׳ 201. דאָס איז אָבער ווי עס ווײַזט אויס, אַ טעות פֿון בחור הזעצער (ווי עס דערקלערט נתן עק אַליין אין אַ בריוו צו מיר, פֿון 24טן אָקטאָבער 1978).

דער כּתבֿ־יד מיט אַ דעדיקאַציע פֿון מחבר, איז איבערגעגעבן געוואָרן זײַנע חבֿרים פֿון ״דרור״ אויף **דזיעלנאַ** 34. ס׳ווערט אָנגענומען אַז פֿון אים איז גאָרנישט געבליבן (זע: כתבים אחרונים, תשכ״ט, ז׳ 388). עס דאַרף אָבער אָנגעוויזן ווערן, אַז שורות וואָס געהערן צום דראַמאַטישן מאָנאָלאָג ״האַנדל״, צוזאַמען מיט דער געשטאַלט פֿון האַנדלאַרזש (זע אויבן, נומ׳ 19), ווערן דערמאָנט אין איין הקשר צוזאַמען מיט די שורות וועגן ״מיך ציט אין גאַס״ און די ראָלן וואָס די קינדער פֿון בית־יתומים האָבן געשפּילט – בײַ יצחק קאַצענעלסאָנען אין פּרק י״א פֿון ״דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן יידישן פֿאָלק״, דאָרט, ז׳ 88 – 89. עס איז דערפֿאַר מעגלעך אַז דער טעקסט פֿון ״האַנדל״, צי אַ חלק פֿון אים אָדער זײַן גלײַכן, איז געווען אַ באַשטייטייל פֿון ״מיך ציט אין גאַס״, אין פּראָלאָג, אין עפּילאָג – צי אין מיטן טעקסט פֿון דער פֿאָרשטעלונג. מער קיין באַווײַזן פֿאַר דעם זײַנען אָבער נישט פֿאַראַן.

דער אינהאַלט פֿון דער פֿאָרשטעלונג איז פֿאַרבונדן מיטן טראַגישן גורל פֿון די יתומים אין געטאָ. אַ גרויסע צאָל קינדער, אָן טאַטע־מאַמע און אָן קרובֿים, איז געווען אויסגעשטעלט צו ווערן גאַסנקינדער. די מערהייט פֿון זיי – געוואָרן בעטלער, וועלכע פֿלעגן פֿון צײַט צו צײַט עפּעס פֿאַרדינען בײַ לײַכטער אַרבעט. צווישן זיי זײַנען אויך געווען ״כאַפּערס״, אַזוינע וואָס פֿלעגן באַגנבֿענען מענטשן און קראָמען אויף דער גאַס – און פֿלעגן גלײַך אַנטלויפֿן. אין קאַצענעלסאָנס פֿאָרשטעלונג ווערט דערציילט וועגן אַזאַ מאַרק־ייִנגל וואָס איז געבראַכט געוואָרן אין אַ בית־יתומים און דאָרט האָט מען געפּרוּווט אים צו דערציִען. אָבער דאָס ייִנגל, וואָס איז שוין געווען צוגעוווינט צום גאַסנלעבן, פֿלעגט פֿון צײַט צו צײַט אַנטרינען – די גאַס האָט אים געצויגן.

ווי עס דערציילט י.ק. האָט די הויפּטראָל טאַקע געשפּילט אַזאַ מין ייִנגל (זע: עק (תש״ך), ז׳ 201).

וועגן די קינדער וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער פֿאָרשטעלונג און וועגן דעם פֿאַרלאָרענעם כּתבֿ־יד, באַשרײַבט י.ק. דאָס וואָס ער האָט געזען אויף טוואַרדע 7, ווו ער איז געגאַנגען נאָך דעם ווי דער גאַנצער בית־יתומים – מיט זײַנע לערער און קינדער – איז אַוועקגעפֿירט געוואָרן קיין טרעבלינקע, אין חודש אויגוסט 1942:

״געדענקסט דאָס הויז אויף טוואַרדאַ, דאָס הויז אין קליינעם געטאָ, דאָס יתומים־הויז? / די פֿופֿציק ייִנגעלעך? געזונט אַ שטאָם! איך האָב פֿאַר זיי געשריבן אַ טעאַטער־שפּיל, / געדענקסט די קינדער אין ״מיך ציט אין גאַס!?״ זיי זענען שפּילנדיק געוואָקסן, אויסגעוואָקסן גרויס, / מיט זיי מײַן ווערק... זיי האָבן מער ווי איך דאָרט האַרץ אַרײַנגעלייגט און מער געפֿיל... / .....

די מאַנטעלעך – זיי האָבן אין דער לענג פֿון קאָרידאָר אַ שײַן געטאָן! כ׳האָב עטלעכע דערקענט / און אָנגערירט זיי: אַבאַלע! ער האָט געשפּילט דעם האַנדלאַרזש וואָס קומט אין גרויסן הויף, / ער האָט געהויבן הויך דעם קאָפּ, די אויגן הויך צו אַלע פֿענצטער, געפֿאָכעט מיט די הענט: / דאָס פּאַלטאָלע איז אַהרקעס, ער האָט געשפּילט די הויפּטראָל: דעם ייִנגל וועלכן ס׳ציט אין גאַס, / ״מיך ציט אין גאַס!״ און נאַרט דעם לערער אָפּ: איך מוז אַהיים! ער נאַרט, ער נאַרט אָפּ דעם לערער פֿון געזאַנג: / ״די מאַמע איז מיר קראַנק!״ און רעדט אַ חבֿר צו: ״קום, זינג אין הויפֿן, איך – איך קלאַפּ אין טאַץ״ / פֿון ערשטן הויף אַנטלויפֿט ער צ׳ריק אין קלאַס און ווערט אין קלאַס געוווּיר: די מאַמע איז אים טאַקע קראַנק! /

און דאָס! דאָס נײַע מאַנטעלע איז פּנחסלס, הערשעלעס, דעם דיכטערס זון, אַ טײַער קינד! / הערשעלע איז אויסגעגאַנגען פֿאַראַיאָרן נאָך פֿון הונגער, און זײַן זון יתומל, זײַן זון / ער האָט געשפּילט דעם הונגעריקן ייִנגל וואָס כאַפּט געשיקט פֿון קויש אַ זעמעלע געשווינד / ער עסט׳ס מיט בלוט וואָס רינט פֿון אים, רעדט מיט אַ טרערעלע אין קעל און ווייסט לגמרי נישט דערפֿון... /

איך גיי אַרײַן אין זאַל און לויף אין שרעק אַרויס, איך רײַס אין עסצימער אַרײַן זיך און פֿון דאָרט / רײַס איך צו דודן, דאָמבראָווסקין, זיך אַרײַן, צו זייער לערער... ניטאָ אים אויך! ניט אים, ניט איר! / זי אויך...ביידע זיי ווי קאָרטשאַק און ווילטשינסקאַ זענען מיטגעגאַן מיט די יתומימלעך אין יענעם אָרט / ווו ס׳וואָלטן עלטערן זיי ניט באַגלייט... אויף דער ערד איז אויסגעשאָטן הויך אַ באַרג פּאַפּיר – /

איך האָב געזוכט אין שטויס פּאַפּירן אין צעוואָרפֿענעם... אָ וואַרפֿט אין פֿײַער אַלע מײַנע ווערק / און ראַטעוועט איין יתומל פֿון די פֿופֿציק ייִנגעלעך, די טײַערע, מיר אָפּ – / חנהלע, געדענקסט, אַנשטאָט אַ יתומל, אַ ייִדיש קינד, האָב איך אַהיים געבראַכט פֿון טוואַרדאַ גאַס אַ צווערג – / ״מיך ציט אין גאַס!״ איין העפֿט פֿון העפֿטן דרײַ, דעם מיטלסטן, אַ צווערג אָן פֿיס און אָן אַ קאָפּ.״

(דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן ייִדישן פֿאָלק, ז׳ 88 – 89)

## אַרײַנפּיר 28

# <וואַרשעווער כראָניק>

אַ פֿראַגמענט פֿון אַ כראָניק אויף ייִדיש, געשריבן אָנהייב חודש פֿעברואַר 1942. ס'האָבן זיך פֿאַרהיט צוויי האַלב פֿאַרפֿוילטע זײַטן פֿון איין בלעטל, פֿאַרשריבן נישט געאײַלט מיט גרויסע אותיות. דאָס בלעטל זעט אויס צו זײַן אַ טייל פֿון אַ טאָגכראָניק, פֿאַרשריבן פֿון יצחק קאַצענעלסאָנען אין דער פֿאָרם פֿון קורצע ידיעות מיט באַמערקונגען, כּסדר. יעדע ידיעה ווערט איבערגעגעבן ווי אַ רשימה פֿאַר זיך, מיט אַן אייגענער דאַטע. אויף די צוויי זײַטן געפֿינען זיך אַזוי אַרום – 3 קורצע רשימות געשריבן דעם זעלבן טאָג, דעם פֿערטן פֿעברואַר 1942, און איין רשימה, געשריבן אַ טאָג פֿריִער. יעדע איינע פֿון די דרײַ רשימות טראָגט אַ באַזונדערע אידענטישע דאַטע.

ס'איז מעגלעך אַז דער פֿראַגמענט איז אַ באַווײַז, אַז י.ק. האָט אין וואַרשעווער געטאָ געפֿירט אַ טאָג־טעגלעכע כראָניק. צו אונדז זײַנען אָבער קיינע אַנדערע ידיעות וועגן דעם נישט דערגאַנגען, אויסער דעם פֿראַגמענט גופֿא, אין וועלכן יצחק קאַצענעלסאָן שטעלט זיך אָפּ אויף קליינע טאָג־טעגלעכע געשעענישן וואָס דערוועקן זײַן רעאַקציע און קריטיק. אַ סימן אַז דער טעקסט איז געווען גרעסער, האָבן מיר בײַם אָנהייב פֿון דער ערשטער זײַט, ווו עס ווערט פֿאַרענדיקט אַ זאַץ פֿון אַ פֿריִערדיקן פּאַראַגראַף פֿון אַ טעקסט וואָס איז צו אונדז נישט דערגאַנגען. דאָס בלעטל וואָס האָט זיך אָפּגעראַטעוועט איז אַזוי אַרום נישט דער אָנהייב פֿון דער כראָניק, נאָר אַ טייל פֿון איר (זע פֿאַקסימיליע אויף ז' 616).

אין די זכרונות וועגן דער תּקופֿה בכלל און וועגן יצחק קאַצענעלסאָנען בפֿרט, ווערט אַזאַ ווערק נישט דערמאָנט בכלל. דער טעקסט ווערט דאָ געדרוקט צום ערשטן מאָל. דער כּתבֿ־יד געפֿינט זיך אין י.ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות, רעגיסטרירט מיטן נומ' KII/1029

• • • • •

.....פֿון משומדים. בונדיסטן, לינקע פּ"צקעס און אַנדערע ערבֿ־משומדים.

3/II – 2

מען האָט מיר דערציילט אַז אויף אַ זיצונג פֿון כּלל־טוער, אין דער אָנוועזנהייט פֿון ג. פֿון ב. האָט זיך ר. אָפּגערופֿן מיט די דאָזיקע ווערטער: "טאָמער וועט דאָס ייִדישע פֿאָלק אונטערגיין וועל איך ניט רײַסן קיין קריעה".

4/II – [2]

אַ משומד, ז[י]צנדיק אין איינע פֿון די זשיטאָס־ק[י]כן (ווו עס ווערן ייִדישע מענטשן מיט גרויסע שוועריקייטן אָנגענומען און מערער [ ] זאָגט, און באַקומען ניט פֿאַר די צוויי זלאָטעס אַ זופּ[קע] מיט אַ געמיזע) האָט געזאָגט צו אַ ייִדן וועלכער האָט [געגעסן] מיט אים בײַ איין טיש און זײַענד[י]ק פֿאַרקילט אַ הוסט געטאָן: פֿאַרשיווי זשידי! דעם משומד איז ווי עס ווײַזט אויס ניט

אָנגעקומען שווער באַקומען דעם אויבן דערמאָנטן מיטאָג פֿאַר די צוויי זלאָטעס אין דער זעלבער קיך... דער ייִד זײַענדיק פֿאַרקילט האָט אַ הוסט ג[עטאָן], דער משומד זײַענדיק געזונט ווי אַ גוי האָט גערדלט...

4/II – 2

בײַם י.ה.ק. איז דאָ אַ השגחה־אַמט (אַ [נאַדז]אָר) איינער פֿון די אַדוואָקאַטן צי ערבֿ־אַדוואָקאַטן [וואָס] אַרב[ע]ט [דאָרט] מיטן נאָמען הויזווירט, וויל אויסקויפֿן [אַ צעטל] אויף אַ מיטאָג, זײַענדיק דער לעצטער אין ריי וויל ער זײַן דער ערשטער. דער אינזשינער וואָס שטייט פֿאַר אים וויל אים זײַן אָרט ניט לאָזן. סקאַנדאַלעוועט הויזווירט, וויל אים לעגיטימירן. אַז דער אינזש. ענטפֿערט אים דערויף, נעמט ער אַרויס אַ נאָטיצבוך, [קוקט זיך] אײַן אין דעם אינזש. געזיכט, פֿאַרצייכנט... צוקומענדיק צו דער פֿאַרקויפֿערין פֿון די צעטעלעך פֿאָדערט ער פֿון איר זי זאָל אים זאָגן דעם נאָמען פֿון דעם דאָזיקן מענטש וואָס האָט ניט געוואָלט לאָזן זײַן אָרט[.] דאָ האָט זיך שוין אַרײַנגעמישט דער פּאָליציאַנט וואָס איז געשטאַנען הינטער אים און האָט אים לעגיטימירט: האָט זיך אויסגעוויזן אַז ס'איז הויזווירט איינער פֿון דעם השגחה־אַמט...

די [מע]שים פֿון השגחה־אַמט מיט וועלכן עס פֿירט אָן דער אַדוו. ד"ר וועליקאָווסקי זענען אַ פּרק פֿאַר זיך.

4/II – 2

איינער אַ בחורל אַ געוועזענער אַספּיראַנט אין ייִוואָ אין ווילנע האָט עפּנטלעך אויף אַן אָוונט אין [וועלכן] עס האָט אָנטייל גענומען ג. אַזוי געזאָגט: אויף דער וו[עלט] זענען דאָ 8 מיליאָן ייִדן, ד"ה די ייִדן וואָס ריידן ייִדיש...

– מיט איין{מְחַק}קלאַפּ האָט דאָס בחורל אויס[גע]מעקט 9 – 10 מיליאָן ייִדן מספר החיים.

ווען עס זאָל זײַן דאָס "ייִדיש" פֿון דעם בחורל וואָלט מען מוזן פֿאַרציכטן אויף די 8 מיליאָן ייִדן אויך. ער וואָלט געבליבן דאָס בחורל מיט עטלעכע הונ[דער]ט זעלבסט־פֿאַרלייקענער, מיט ייִדן וואָס זענען ק[יין] ייִדן ניט.

אַ ציקל פֿון פֿיר לידער, געשריבן – ווינטער 1942. אַלע לידער טראָגן איין דאַטע: דעם 10 טן פֿעברואַר 1942. צוזאַמען מיט די לידער "לידער פֿון הונגער" (זע אויבן, נומ' 23) זײַנען זיי אַ טייל פֿון אַ גרעסערן ציקל לידער, באַקאַנט אין געטאָ אונטערן נאָמען: "משפּחה־לידער".

בעת די אויסגראָבונגען אויף דזיעלנאַ 34, זײַנען געפֿונען געוואָרן אין יאָר 1945, אין באַגראָבענעם אַרכיוו פֿון דער "דרור"־באַוועגונג – דרײַ פֿאַרשיידענע כּתבֿ־ידן פֿון י.ק׳ס "לידער פֿון קעלט". אין צוויי פֿון די כּתבֿ־ידן זײַנען פֿאַראַן אַלע פֿיר לידער; דער דריטער כּתבֿ־יד אַנטהאַלט נאָר איין ליד.

אויך די לידער זײַנען געלייענט געוואָרן פֿאַר זײַנע פֿרײַנד אין דער קאָמונע פֿון "דרור", פֿאַר וועלכע ער איז זיך נוהג געווען איבערצולייענען אַלץ וואָס ער פֿלעגט אָנשרײַבן (זע: כתבים אחרונים, תשכ״ט, ז׳ 358; 369). יצחק קאַצענעלסאָנס לידער און זײַנע אַנדערע ווערק זײַנען געווען באַקאַנט אין געטאָ, נישט נאָר אין ענגן קרײַז פֿון זײַנע פֿרײַנד פֿון דרור־החלוץ; אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים האָבן זיי דערגרייכט צו ברייטערע שיכטן פֿון דער געטאָ־באַפֿעלקערונג; (א) דורך די הונדערטער עקזעמפּלאַרן פֿון דער אונטערערדישער צײַטשריפֿט "דרור", אין וועלכער אַ סך פֿון זײַנע שאַפֿונגען זײַנען געווען געדרוקט; (ב) דורך די עפֿנטלעכע פֿאָרלעזונגען פֿאַר פֿאַרשיידענע קרײַזן פֿון דער ייִדישער געזעלשאַפֿטלעכקייט און געטאָ־באַפֿעלקערונג; (ג) דורך די פֿאָרשטעלונגען פֿון י.ק׳ס דראַמען. (ד) ס׳איז מעגלעך אַז די דרײַ כּתבֿ־ידן, פֿון דער זעלבער שאַפֿונג, זאָגן עדות וועגן אַ פֿערטן וועג מיט וועלכן י.ק. האָט פֿאַרשפּרייט זײַנע ווערק – דורך האַנטשריפֿטלעכע קאָפּיעס וואָס זײַנען איבערגעגאַנגען פֿון האַנט צו האַנט. ווײַל די דרײַ כּתבֿ־ידן זײַנען באַגראָבן געוואָרן דווקא צוזאַמען, איז נישט אָנצונעמען אַז זיי זײַנען אָנגעשריבן געוואָרן כּדי צו באַהאַלטן אין פֿאַרשיידענע ערטער. ווײַל די טעקסטואַלע שינויים צווישן די דרײַ ווערסיעס, זײַנען לײַכטע ביז גאָר (זע וועגן דעם ווײַטער), איז נישט אָנצונעמען אַז זיי זײַנען אָנגעשריבן געוואָרן אין דרײַ פֿאַרשיידענע קאָפּיעס צוליב טעקסטאָלאָגישע טעמים דווקא.

דער אָריגינעלער ייִדישער מקור פֿון די "לידער פֿון קעלט", ווערט דאָ געדרוקט צום ערשטן מאָל, לויט די כּתבֿ־ידן וואָס האָבן זיך געראַטעוועט, און טיילווײַז דערגאַנגען צו אונדז אין אַ שטאַרק צעשעדיקטן צושטאַנד. זיי געפֿינען זיך אין י.ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות, רעגיסטרירט מיט די נומ׳ 1025 ב׳/KII; 1025 א׳/KII; KII 1025. אַ פֿאַקסימיליע פֿון דריטן ליד איז געדרוקט געוואָרן אין ידיעות בית לוחמי הגיטאות, נומ׳ 2, טבת – תשי״ב – יאַנואַר 1952, ז׳ 1; און אויך אין דפים לחקר השואה והמרד, ב׳, פֿעברואַר 1952, ז׳ 7.

דער טעקסט פֿון די לידער, וואָס ווערט דאָ ווײַטער געבראַכט איז צונויפֿגעשטעלט מיט דער הילף פֿון אַלע אָפּגעפֿונענע טעקסטן און זייערע וואַריאַנטן; יעדער איינער פֿון די לידערטעקסטן ווערט דאָ געדרוקט לויטן שפּעטסטן נוסח, די ערטער אָבער וואָס מיר האָבן נישט געקענט איבערלייענען זײַנען דערגאַנצט געוואָרן מיט דער הילף פֿון די אַנדערע איבערגעבליבענע טעקסטן. ווײַל די פֿריִערע טעקסטן האָבן זיך בעסער פֿאַרהיט פֿון די שפּעטערע, און ווײַל די שינויים צווישן די וואַריאַנטן זײַנען ביז גאָר קליינע, דאַרף די דערגאַנצונג בעיקר באַטראַכט ווערן ווי אַ טעקסט־רעסטאַווראַציע; די עיקר שינויים צווישן די וואַריאַנטן זײַנען פּונקטואַציע־שינויים. אַחוץ אַ גאָר קליינע צאָל זײַטיקע טעקסט־שינויים דאַרפֿן אָנגעוויזן ווערן דרײַ אַנדערע פֿאַרשיידנקייטן: (א) דער ציקל איז אין אָנפֿאַנג געווען אַ גרופּע פֿון באַזונדערע לידער; (ב) אין לעצטן וואַריאַנט איז פֿון די איינצלנע לידער געוואָרן איין צונויפֿגעשטעלטע סעריע. אין ביידע פֿאַלן זײַנען קיין

באַזונדערע טיטלען פֿאַר די לידער נישט געווען. (ג) ווי אַ רעזולטאַט פֿון איבערגאַנג פֿון איינצלנע לידער צום ציקל לידער איז דער סדר פֿון צוויי לידער פֿאַרביטן געוואָרן – דאָס ליד וואָס איז געווען דאָס דריטע, איז אַריבער אויפֿן פֿערטן אָרט און דאָס ליד אויפֿן פֿערטן אָרט איז אַריבער אויפֿן דריטן. אין אַלע וואַריאַנטן זײַנען די לידער באַצייכנט מיט אותיות – פֿון א׳ ביז ד׳, דער שינוי פֿון איינצלנע לידער ביז צו דער ענדגילטיקער ציקל-פֿאָרם איז נאָר אין דעם וואָס בײַם אָנפֿאַנג איז יעדער ליד פֿאַרשריבן באַזונדער אויף אַ זײַט, און אין לעצטן נוסח – איינס נאָכן צווייטן, כסדר.

## לידער פֿון קעלט

א)
אין שטוב איז קאַלט, אַ קעלט אַ ביטערע,
עס יאָגן אין מײַן שטוב זיך וועלף אום,
אויף די שויבן האָבן אָנגעזעצט זיך בערן,
איך מײַן פֿרוי און מײַנע קינדער ציטערן
און קענען זיך ניט העלפֿן...
און [קיינער] זעט עס ניט און קיינער וויל ניט הערן
ווײנט ניט, אָ ניט ווײנט, די טרערן
כאָטשע שטילע
קענען נאָך חלילה
אײַך אין אויג פֿאַרפֿרוירן ווערן.

אין שטוב איז קאַלט, עס איז אַ מורא מיר,
אַ פּחד מיך באַפֿאַלן אין מײַן היים מיר,
און כ׳בין אַרויס אין גאַסן וויסטע,
איך בין געגאַנגען איבער מענטשן שוין פֿאַרפֿרוירענע
ווי אָפּגעהאַקטע ביימער
די הענט פֿאַרוואָרפֿן מיט אַ שטומער אימה
ווי אַ גוואַלדגעשריי ווי אַן אומזיסטער
ווי אַ וויסטער
צי באַגריסט איר
גאָר מיר, שטײַף אַזוי באַגריסט איר?

[ב)]
אין שטוב איז קאַלט און פֿינצטער אויך
כ׳האָב די פּאַפּירענע, די שוואַרצע בויגן

בײַ נאַכט פֿון מײַנע פֿענצטער שטיל אַראָפּגעצויגן
און ס'האָט אַרײַנגעקוקט צו מיר די לבֿנה פֿון דער הויך
באַגאָסן מיט אַ קאַלטער שײַן מיר, מיט אַ ליכטיקער אַ פּאַרע
און שטערן אָן אַ צאָל
האָבן דורך אַ שפּאַרע
פּונקט ווי אַ מאָל, אַ מאָל,
ווי מיט יאָרן צ'ריק
צו מיר געבלינצלט:
פֿול גליק! פֿול גליק!
הערט אויף! הערט אויף! עס איז געקינצלט!
איר זענט ניט עכט!
איר מאַכט מיר אויגעלעך ווי אַ מאָל, אין יענע נעכט —
הערט אויף!

די שטערן האָבן אָבער געמאַכט זיך כּלא־ידע,
פֿון מיר ניט אָפּגעריסן זייער גילדענעם און ציטערדיקן פֿאָדעם,
זיי האָבן אַלץ נאָך אָן אַ סוף
צו מיר געווונקען —
ווערט אײַנגעזונקען!

כ'האָב וואַרעם אויסגעשפּרייט די הענט, די קאַלטע
צו פֿרײַנד, צו אַלטע
צו די שטערן —
אָ, אײַנגעזונקען זאָלט איר ווערן!
10/II—42

ג)
איך האָב געבעטן זיך בײַ מענטשן
ווי בײַ גזלנים,
צי פֿאַרקערט גאָר:

בײַ גזלנים ווי בײַ מענטשן:
גיט קוילן דראָבנינקע אַ ביסל,
אַ זאַק, אַ זעקעלע, אַ שיסל!
זיי האָבן מיר אין זייער טיר דערקענט שוין
און אָפּגעקערט דאָס פּנים,
מיך ניט געהערט גאָר!

איך האָב געבעטן זיך ביַי זיי דאָרט... כ׳לעבן,
ווען איך וואָלט געבעטן זיך אַזוי
ביַים הימל: גיב מיר פֿון דיַין הימלבלוי,
וואָלט דער הימל מיר׳ס געגעבן...
און ס׳וואָלט אַרומגעוויקלט ווייך מיך ווי אַ פּאַרע
דאָס הימלבלוי, און מיך געוואַר[ע]מט ...

ווען איך וואָלט אויסגעשפּרייט אַזוי די הענט
אַהין דאָרט אויבן
צו די שטערן —
וואָלטן זיי מיך הערן...
זיי וואָלטן זיך אַ שאָט געטאָן צו מיר אין אויוון
און וואָלטן פֿריילעך זיך צעברענט
מיט אַ קנאַקעריַי און מיט אַ ליאַר׳ם
און וואָלטן מיך געוואַר׳מט.
10/II—42

ד)
אין שטוב איז קאַלט —
כ׳האָב איַינגעהויערט ווי אַ בער זיך אין זיַין ווינטערהויל
ווי אַ זקן אין זיַין בגד אַלט,
כ׳האָב איַינגעוויקלט זיך ווי אַ פֿאָדעם אין אַ קנויל
ניטאָ אין שטוב קיין קויל...
אין שטוב איז קאַלט
לעשנאָ פֿערצן
האָט באַשטעטיקט צוויי אַ האַלבע קערץ מיר,
מיאַל...
אין שטוב איז קאַלט!
כ׳האָב פֿאַר דעם מיאַל באַצאָלט
און נישט באַקומען...
ס׳וועט ווערן פֿרילינג, ס׳וועט ווערן זומער —
איך וועל דעם מיאַל שוין נישט באַקומען...
איז ניט, איז ניט!
וואָס טויג מיר מיאַל?
מיאַל אַז מען שיט

אויף אַ פֿלעמל שטאָלץ
וואָס רײַסט זיך פֿון אַ שטיקל האָלץ –
ווערט דאָס פֿלעמעלע פֿאַרלאָשן!
מיאַל איז ניט ווערט קיין גראָשן,
וואָס טויג מיר מיאַל?
איך שטוב איז קאַלט –
איך וועל אַריבערכאַפּן זיך אויף לעש
באַווײַזן זיי דאָס צעטעלע פֿון מיאַל,
אַ באַצאָלטן שוין – איך האָב געגעבן קעש,
מזומן –
און כ׳האָב דעם מיאַל, דעם מיאַל
נאָך ניט באַקומען –
איך שטוב איז קאַלט...
איך כאַפּ אַריבער נאָך אַ מאָל אויף לעש זיך,
אַ צענטן מאָל, אַ צוואַנציקסטן במשך
צוויי חדשים צײַט...
צו מיאַל
[איז וו]ײַט נאָך, ווײַט
אָט וועל איך זיך ניט פֿוילן
און נאָך אַ מאָל אַרײַן, און בעטן זיי, די לײַט דאָרט
זיי זאָלן מיר דעם מיאַל,
דעם מיאַל פֿאַרבײַטן
אויף קליינע, קליינינקע, גאָר קליינע קוילן –
איך קען ניט פּועלן!
איך שטוב איז קאַלט –
אַזש ס׳יאָגט אַ ווינט און ברומענדיק –
ס׳איז אומעטיק...
אַן אומעט מאַכט ניט אויס
ער מעג זײַן גרויס...
נאָר אַ קאַלטער אומעט!
און כ׳בין אַוועק צו אַ דירעקטאָר פֿון די קוילן
אַ משומד –
אויפֿגעהויבן זיך פֿון בעט
אַ שעה פֿאַרטאָגס
אָפּגעוואַרט פֿון פֿרי אים, פֿון גאַנץ פֿרי ביז שפּעט –
איך קען׳ס ניט פּועלן!
ניט קוילן
און ניט קאָקס!

צו וואָס האָב איך זיך אויפֿגעהויבן היַינט פֿאַרטאָגס
איך קען׳ס ניט פּועלן!
ניט ביַים דימענט, ניט ביַים מאַרינאָווער!
אַזוי, צווישן זיך, זענען אַלע זיי ניט שווה בשווה
נאָר בנוגע מיר זענען אַלע זיי דאָך אייניק [!:]
וואָס ווייניקער מיר נאָכקומען — אָ גוואַלד,
וואָס קען דען ווייניקער [שוין] זיַין פֿון מיאַל!
מיאַל איז דאָך ווייניק!
מיאַל איז אַ צרה!
צו אַל די שוואַרצע יאָר איַיך —
גיט מיר מיאַל!
אין שטוב איז קאַלט —

10/II/1942

אַ ליד אָן אַ דאַטע. דער נאָמען פֿון ליד און זײַן אינהאַלט אַסאָציִירן אים מיטן טעקסט פֿון דער הגדה, און דערפֿאַר קען מען אָננעמען אַז י.ק. האָט דעם טעקסט געשריבן פּסח־צײַט. לויטן אינהאַלט איז צו באַשטימען אַז עס איז געשריבן געוואָרן אַרום פּסח תש״ב, לויט אונדזער השערה: במשך פֿעברואַר־מערץ 1942 (פֿאַרגלײַך אין בלומענטאַלס רשימה, נומ׳ 25, און אין דער רשימה פֿון כתבים אחרונים, תשכ״ט, נומ׳ 34).

אָנהייב יאָר 1942, סוף יאַנואַר צי אָנהייב פֿעברואַר, ווען די ערשטע ידיעות וועגן מאַסנמאָרד אין כעלמנאָ – אין מערבֿ – זײַנען דערגאַנגען אין וואַרשעווער געטאָ (זע: גוטמן (1977), ז׳ 198) און נאָך אײדער ס׳איז באַוווּסט געוואָרן דער מאַסן־גירוש פֿון לובלין, דעם 17טן מערץ 1942, וועלכער האָט אָנגעזאָגט דעם אָנהייב פֿון סוף פֿאַר די ייִדן פֿון דער גענעראַל־גובערניע – אין אָט דער קורצער תּקופֿה איז קענטיק אַ קערפּונקט אין י.ק׳ס שאַפֿן, אָנהייבנדיק פֿון ליד ״שפֿוך חמתך״. י.ק. האָט אין זײַנע ווערק, פֿון דאַן אָן, נאָך איין שפּאַן געטאָן צום הויכפּונקט אין זײַנע ווערק – צו אַ קאָנפֿראָנטאַציע פּנים־אל־פּנים מיטן טויט. דאַן שרײַבט ער – פֿון איין זײַט – זײַנע לידער פֿון צאָרן קעגן דײַטשן פֿאָלק: די לידער ״שפֿוך חמתך״ און ״ווײ דיר״ (זע ווײַטער, נומ׳ 32), און פֿון דער צווייטער זײַט – גרייט ער זיך, און זײַנע צוהערער צו, צום טויט (זע י.ק׳ס ווערטער, געהאַלטן אויף העברעיִש פֿאַר העברעיִשע לערער, אין דער ערשטער סדר־נאַכט פּסח תש״ב, ווײַטער – נומ׳ 31).

דאָס ליד ״שפֿוך חמתך״ איז דער אויסדרוק פֿון דעם ערשטן אײַנדרוק וואָס יצחק קאַצענעלסאָן נעמט אויף מיט פֿולער זיכערקייט וועגן די פֿאַקטישע מאַסנמאָרדן פֿון ייִדן. דאָס ליד שפּיגלט אָפּ די דערקענטעניש וועגן דער פֿאַרניכטונג, און די פֿאַרשטומטקייט ווי אַ באַגלייט־פּראָצעס וואָס איז מלווה די אַרײַנדרינגנדיקע טרויעריקע און שוידערלעכע זיכערקייט, אין פּאָעטס באַוווּסטזײַן.

דער פֿאַקט אַז אין ליד ווערט יאָ דערמאָנט דער פֿאַרניכטונגס לאַגער כעלמנאָ, אָבער עס ווערט נישט דערמאָנט די ליקווידאַציע פֿון לובלינער געטאָ, איז אַ באַווײַז פֿאַר דעם אַז ״שפֿוך חמתך״ איז געשריבן געוואָרן פֿאַרן ליד ״ווײ דיר״ ווו לובלין ווערט יאָ דערמאָנט. דווקא ווײַל אין ליד ״שפֿוך חמתך״ רעכנט י.ק. אויס אײנע נאָך די אַנדערע, אַלע מיתה־משונות, גירושים און טויטן – איז דערפֿאַר נישט אָנצונעמען אַז ער וואָלט נישט דערמאָנט לובלין אויב ער וואָלט וועגן דעם שוין געוווּסט. די ידיעה וועגן לובלין איז אָנגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ ערשט אין חודש אַפּריל 1942 (זע: גוטמן (1977), ז׳ 200). פֿאַקטיש איז דער גורל פֿון די לובלינער ייִדן קלאָר געוואָרן ענדע אַפּריל, ווײַל צווישן 17טן מערץ און 21טן אַפּריל זײַנען ס׳רובֿ לובלינער ייִדן אַוועקגעפֿירט געוואָרן צום טויט (זע: קרקובסקי (תשל״ג), ז׳ 532).

ווי עס ווערט אָנגעוויזן, האָט י.ק. פֿאָרגעלייענט זײַן ליד ״שפֿוך חמתך״ פֿאַר די העברעיִשע לערער, צוזאַמען מיט וועלכע ער האָט געפּראַוועט דעם ערשטן סדר – פּסח תש״ב (זע: ידיעות בית לוחמי הגיטאות, חשון תשט״ו – נובמבער 1954, נומ׳ 7, ז׳ 2), עס זײַנען אָבער פֿאַר דעם קיין אײנדײַטיקע באַווײַזן נישט פֿאַראַן (זע די הערה פֿון רעדאַקטאָר אין: כתבים אחרונים, תשכ״ט, זז׳ 369 – 370).

סײַ צי ער האָט יאָ אָדער ניט געלייענט זײַן ליד אויף ייִדיש פֿאַר די העברעיִשע לערער אין דער ערשטער סדר־נאַכט, אין איין צײַט מיט זײַנע ווערטער אויף העברעיִש, זעט אויס אַז פֿון קוקווינקל פֿון דער פֿאַרשיידנקייט אין געפֿיל און געדאַנקען־גאַנג וואָס אונטערשיידט די ביידע שאַפֿונגען, מעג מען זיך משער זײַן אַז דאָס ליד ״שפֿוך חמתך״ איז געשריבן געוואָרן פֿאַרן טעקסט פֿון י. ק׳ס רעדע פֿאַר די העברעיִשע

לערער. דאָס קען אַזוי זײַן, אויב מע נעמט אָן די הנחה אַז דער ברויזנדיקער געפֿילן־שטראָם וואָס רײַסט זיך פֿון ליד אַרויס, איז אַ פּראָצעס וואָס אַנטשטייט איידער דער פּאָעט ווערט מסוגל עמאָטיוו און אינטעלעקטועל זיך אַרויסצוזאָגן וועגן טויט, מיט דעם רויִקן און באַרויִקנדיקן טאָן מיט וועלכן י.ק. דריקט זיך אויס אין זײַן ״פּתיחה למסיבת מורים בליל הסדר שנת תש״ב״ (זע ווײַטער, נומ׳ 31).

נאָך דער מלחמה איז דאָס ליד געדרוקט געוואָרן אין: די גאָלדענע קייט, 1964, נומ׳ 49, זז׳ 36 – 38 (אויף זײַט 37, דאָרט, איז געדרוקט אַ פֿאַקסימיליע פֿון דער ערשטער זײַט פֿון ליד). צום ערשטן מאָל איז אַ פֿאַקסימיליע פֿון דער ערשטער זײַט פֿון ליד, געדרוקט געוואָרן אין: ידיעות בית לוחמי הגיטאות, נומ׳ (13) 1, טבת תשט״ז – יאַנואַר 1956. די לעצטע פּאָר שורות אויף העברעיִש בײַם סוף פֿון ליד [דער שפֿוך־חמתך־טעקסט פֿון דער הגדה] זײַנען צוגעשריבן נישט מיט י. ק׳ס כּתבֿ.

דער כּתבֿ־יד געפֿינט זיך אין י.ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות, רעגיסטרירט מיטן נומער KII/1023.

## שפֿוך חמתך...

שפֿוך חמתך – גיס!
גיס אויס, גיס אויס דײַן צאָרן.
אָ גיב אַ קוק, וואָס איז
מיט אונדז אויף דר׳ערד געוואָרן?

זע, וואָס אין ווילדן האַס
מען האָט פֿון אונדז געמאַכט דאָ –
די טויטע אויפֿן גאַס,
אויף וועגן – אומגעבראַכטע.

זע אונדז אין אונדזער שאַנד,
[אין או]נדזער טיפֿן טרויער,
[זע, זע,] אַ בלינדע וואַנט
[האָט] אונדז אַרומגעמויערט.

[ ה] האָט
[ ] נומען,
מיר קומען אום, אָ גאָט,
מיר זענען אומגעקומען!

אוקראַיִנער ערד איז רויט,
רויט איז די ערד אין ליטע —
מען פֿירט אונדז דאָרט צום טויט
ווי קעלבער צו דער שחיטה.

דריַי טויזנט מיט אַ מאָל,
און פֿיר, און פֿינף און מערער —
ציילן! צייל — ניט איינער זאָל
פֿון דיר פֿאַרגעסן ווערן!...

מען שלעפּט פֿון בעט אַרויס,
און קינדער פֿון די וויגן —
— אָ ערד, אָ קאַלטער שויס!
— איר וועט אין איינעם ליגן.

הער צו זיך צום געוויין
אין גרוב, מיט קאַלך באַגאָסן,
צום קרעכץ פֿון קינדער קליין
געשאָסן — ניט דערשאָסן!

ס'איז ניט דער כעלמנער גאַז,
ר'מאַכט שטיל עס און געשיקט עס...
דאָס איז דער אויטאָדזשאַז,
די גוואַלדן פֿון דערשטיקטע,

די תּליות זאָלסטו זען,
קוק אָן, קוק יעדן דראָנג אָן
צו צען! צו צען! צו צען!
האָט מען זיי געהאָ[נגען]

"צען יידן!" ק[ורץ און שאַרף]
זיי מעגן [ז]ײַן [משוגע]

צי קראַנקע גאָר... צען! מען דאַרף!
צי נאַרישע, צי קלוגע...

דאָס משוגעת, די קרענק –
איז ניט געווען קיין מניעה,
אַבי אַ ייִד... הענגט! הענגט!
ווי המן אויף דער תּליה.

אָ שפּוך!... דײַן כּעס גיס אויס,
אָ שוויַיג ניט, ניט באַרעכטיק׳ס
גיס אויס דײַן צאָרן גרויס,
דײַן צאָרן שטאַרק און מעכטיק [ ]

אויף גויים אומפֿאַרשעמטע,
און אויף אַ פֿאָלק אַ טמאן,
ווען דו ביסט פֿרעמד
און קען אים ניט, דײַן נאָמען!

כי אכל – יאָ, ער האָט
מיך, גאַנץ מיך אויפֿגעגעסן,
פֿאַרוויסט מײַן הויז, אָ גאָט
דו זאָלסט׳ס אים ניט פֿאַרגעסן!

אָ גיס אויף אים, גיס אויס
דײַן כּעס פֿון דײַנע הייכן,
עס זאָל דײַן צאָרן גרויס
אים אויף דײַן ערד דערגרייכן.

יאָג, יאָג אים אין דײַן גרים!
ער זאָל אין דר׳ערד פֿאַרשימלען!
מעק אָפּ, פֿאַרטיליק אים
פֿון אונטער דײַנע הימלען!

אַרײַנפֿיר־וואָרט אויף העברעיִש בעת דער ערשטער סדר־נאַכט, געשריבן דעם 1טן אַפּריל 1942 – ט״ו בניסן תש״ב. צום סוף פֿון טעקסט ווערט אָנגעגעבן די דאַטע: א׳ לפסח תש״ב. אין דעם פֿאַרמעקטן קעפּל פֿון כּתבֿ־יד שטייט געשריבן: ״פּתיחה למסיבת מורים בליל הסדר תש״ב.״ צוזאַמען מיטן העברעיִשן מקור דרוקן מיר דאָ צום ערשטן מאָל אַ ייִדישע איבערזעצונג פֿון טעקסט (זע אין צוהאַנג צו דעם ווערק).

עס קען זײַן אַ סבֿרה, אַז דאָס פֿאַרמעקטע קעפּל איז אַ סימן פֿאַר דעם, אַז י.ק. האָט זיך געגרייט אָפּצודרוקן דעם טעקסט אין דער אונטערערדישער צײַטשריפֿט ״דרור״; נאָך די בלוטיקע געשעענישן אָבער אין דער נאַכט פֿון 17טן אויפֿן 18טן אַפּריל, איז געוואָרן אוממעגלעך דאָס צו טאָן (זע אויבן, אין דעם אַלגעמיינעם אַרײַנפֿיר), ווײַל די אונטערערדישע פּרעסע אין וואַרשעווער געטאָ בכלל – די פּרעסע פֿון ״דרור״ אַרײַנגערעכנט – איז גערודפֿט געוואָרן און האָט געמוזט בײַטן איר כאַראַקטער אין אָנבליק פֿונעם מצבֿ אין געטאָ וועלכער איז געוואָרן אַלץ שווערער און סכּנותדיקער. אויך די געשעענישן אין דער גענעראַל־גובערניע, מיט לובלין בראש, האָבן אויפֿגעטרייסלט נאָך מער די געמיטער און אַ טעקסט ווי דער, פֿון דער עפֿענונג צו אַ לערער־מסיבה, האָט שוין ניט געקענט אַליין אויסדריקן די געפֿילן און די השׂגות וועגן דעם וואָס עס קומט פֿאָר. אויך אין דעם טעקסט ווערט נאָך לובלין נישט דערמאָנט – דער אָנקומענדיקער טויט אויף די וואַרשעווער ייִדן איז נאָך אַלץ בלויז אַ רעאַלע מעגלעכקייט אָבער נישט קיין פֿאַקט.

ערשט אין דעם ליד ״ווי דיר״ (זע ווײַטער, נומ׳ 32) קומט צום ערשטן מאָל צום אויסדרוק די פֿולע דערקענטעניש וועגן דעם אַז דער גורל פֿון גאַנצן ייִדישן פֿאָלק אין מזרח־אייראָפּע איז אַ געחתמעטער. דער שליסל פֿאַר דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פֿון י.ק׳ס שאַפֿן געפֿינט זיך שוין אָבער אין זײַן ״עפֿענונג צו אַ לערער־מסיבה בעתן ערשטן פּסח־סדר אין יאָר תש״ב״, ווו עס ווערן קריסטאַליזירט צום ערשטן מאָל די טערמינען פֿון דער צוקונפֿטיקער קאָנפֿראָנטאַציע מיט דער רעאַליטעט פֿון אַ נישט־געוויינלעכן טויט, פֿאַר אַ פֿאָלק ועמענס קולטור־ירושה וועט – לויט יצחק קאַצענעלסאָנען – אייביק ווײַטער לעבן אין דעם ייִדישן איבערבלײַב אויף דער גאָרער וועלט, אינעם זכות און ניט געקוקט אויף דעם טויט פֿון מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום.

יצחק קאַצענעלסאָנס אַרײַנפֿיר־וואָרט איז אַ וויכטיקער ווענדפּונקט אין זײַן שאַפֿן, דער עיקר ווײַל אין אים ווערט פֿאָרגעשטעלט אַ ווירדיקער אַרויסטריט פֿון ייִדישן באַוווסטזײַן קעגן איבער דעם טויט, נאָך איידער עס איז געשאַפֿן געוואָרן וועלכער עס איז ממשותדיקער יסוד פֿאַרן באַוואָפֿנטן אויפֿשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. דער קערן פֿון י.ק׳ס קינסטלערישן אויספֿורעמען דעם גײַסטיקן ייִדישן אויפֿשטאַנד – מיט ועמענס כּוח עס איז אויך אַנטשטאַנען דער באַוואָפֿנטער ייִדישער אויפֿשטאַנד – ווערט דאָ פֿאָרמולירט צום ערשטן מאָל און דעפֿינירט, אין די שטאַרק עמאָטיווע און ניכטערע ווערטער זײַנע פֿאַר אַ גרופּע העברעיִשע לערער.

דער כּתבֿ־יד געפֿינט זיך אין י.ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות, רעגיסטרירט מיטן נומ׳ KII/1030 דער העברעיִשער מקור ווערט דאָ פֿון דאָס נײַ דעשיפֿרירט, אייניקע פֿעלערן וואָס האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין דער פֿריִערדיקער אויסגאַבע, אין כתבים אחרונים, תשכ״ט, זײַנען דאָ באַזײַטיקט געוואָרן.

## <עפּענונג צו אַ לערער־מסיבה אין דער ערשטער סדר־נאַכט פֿון יאָר תש״ב>

לילה זה, ליל זועות... וראשון, ראשון ליל לגאולה... הנה כי כן: מסבת מסובין זו הרי היא מסבה לגאולת בראשית, אנחנו קיבוץ המורים לעברית במצור ובמֵיצר זה בורשה – נזדמנו לכאן לחגיגה... לחג האביב שנת... אנו חוגגים את ליל־הגאולה הראשונה התוססת בנו היום בכוח משנה, הגוברת בנו חילים, הפועמת ומפעמת אותנו בגבורה כפולה ומכופלת. אלה הגיבורים, גיבורי הרוח בעלותם על המוקד חזקים באמונתם ובחדוָתם עוד יותר, זו החדוה הצוהלת! הצוהלת גם לקראת המות! כמה זה זר... לא מאראנים נועדו לסדר חשאי, כי אם גאולים ונדונים למות נאספו לשמחת סעודה אחרונה... חג וחָגָא – בשעה זאת רגילים לחשות... הן חרש חרש אנו מובלים לטבח באֵלם פה ולשון מושיטים אחינו היום את צוארם למאכלת ואנו מדברים היום ברור, בלא שמץ של מליצה. כשעומדים על המוקד אינם מדברים גבוהה. כמה זה זר, ואולם כל הזָרות שבדבר אין בו מן המגוזם.

אכן, ליל לגאולה הלילה ולא לשעבוד... ליל זוָעות, אף אמנם, ליל בלהות – כן, אך לא לשעבוד... בני חורין אנו בעמק בכא זה, בארץ חירום זאת, בני חורין לעולמי עד... כל כלי יוצר ומשחית לא יצלח לשעבדנו, התכשרנו לה לגאולה מתוך יסורים וחבלים במשך תקופות ונכשרנו לה! היתה לנו הכשָרה במדבר החיים הגדול, צֹרפנו באשו הלוהט, בסערה ובסופה הועלנו, הו[ר]מנו וטֹהרנו. לא נשתעבד עוד לשום פרעה, לא נבנה ברצוננו הטוב לשום עריץ ומשַעבד את פיתם ואת רעמסס, ואם יש כאן בינינו מישהו שאין לבו כלבֵנו אנו שָלֵם עם מַצפּונו, הלא הוא אלהיו היושב בסתרי סתריו, הלא הן הנימין הדקין המקַשרין אותו אל[יו] ואל נכסיו הגדולים, בתקוה שעוד יגדלו – אם יש כאן בינינו שכ[זה – ] מן הרשעים הוא שלא נגאל בשעתו, בגאולת בראשית, שלא נצלה באש הצרופה של גאולת עם. אנחנו אנו שנזדמנו לכאן אחים לשמחה ולצרה, הכרנוה, ידענוה בחבלינו ובכל קשי של חיים, דמינו שקויים בה, בהכרתנו היא! ואין שמחה של גאולה אלא אצל בעלי ההכרה.

אנחנו המורים, אנחנו אנשי ההוראה... הורים אנו! מי כמונו יודע שלא ללַמד באנו, לא להטיל מָרותנו ודעתנו אנו על ״תלמידים״, אנו באים – להורות, להתוות קו, לשים ציון, להראות אות אחת בתורה – ואת השאר – הגע בעצמך, חתֹר אתה בנבכי תהום, מצא את דרכך אתה. דרך טובה אם מצָאתָהּ אתה – הרי היא טובה שבעתים! אנו באים אל הנוער עם חלומותינו הגדולים, חלומות התחיה כגבר שבא אל אשה, ייר בה מתוך אהבה את טפת הפנה, את טפת היסוד והולך לו, כאילו הולך, הוא רק מתרחק, כמרים על שפת היאור, לדעה מה יעשה בילד... אנו מתרחקים קצת עם חרדתנו בלב ועם דאגתנו בנפש... זה הגרעין שזרענו – הישגה? היעשה פרי הלולים? היגדל? היבכר... כאלֹהים אנחנו, הנוטע בנו יצָרים וכֹחות בראשית הגדלים ומתבשלים בנו מאליהם. ואולם אלֹהים נעלה הוא ממנו ביותר, יותר רחוק... אנחנו – אָנו קרובים יותר אל הרך שלנו ואינו נלוֹש בידינו אלא מתוך זהירות...נהיה כאלֹהים קרובים ואוהבים, אוהבים מקרוב. נזרק נא אל הנוער ניצוץ אחד, הוא יהיה ללהבה... יֵצֶר אחד רק נכניס לתוך לבו – על יצריו שהביא אתו מרחֶם אימו העבריה... לא יֵצר כמובן, רק נוספות ליצר נשית לו, ליצרו הטוב, כדי שיֶחזק, יגבר בה בנפש הרך מאליו.

ליל גאולה וזוָעות לנו הלילה... שמי האביב הרחוקים מכחילים מעל ראשנו ותהום רובצת תחת...

ראו: דגל החיים והמות בידנו... גם החיים והמות – תאומים הם לנו הלילה. תְאֳמי גורלנו... עומדים אנחנו על פי קבר ומצוים חיים לעם. לבֶנו, לבנו לו לעם, בירושלים שבגולה נהרגו אחינו כמעט כלם, ובמותם צוו לנו את החיים בפלך זה... הנה – בא עתה תורנו אנו? א[ם] לא בא? לא נתפלל לו למות, ואולם אנחנו – נכונים... בעלי הכרה ומוקדשים למות – נימין בלתי נראין לעין נמשכין מהם אל הנשארים בחיים. יוצאים חלומות התחיה ושאיפות ליצירה ולשחרור רוח העם והעולם כלו מלב הולכים אל לב באים. שלשלת הנצח אינה נפסקת! אנו נכונים למות... ואם גם היום הלילה, ברגע זה אם תדפֹק יד רוצח על דלתנו. יש שהם באים ביחד[,] הרוצח ואליהו הנביא – ... הרי כך, נכונים אנו! ובמותנו – נצוה את החיים לקיבוצי עמנו באשר הם שם, דעו, ותהי זאת נחמתכם: אנו מפרים אותם יותר במותנו על קידוש השם, על קידוש העם, מאשר בחיינו...

צר לי בלילה זה על המשומדים ועל אלה העומדים להשתמד, ועל אלה התועים והמתעים מתוך קֱהות של הרגשה ועֹני של רוח, הנהרגים כאן אתנו יחד, המושלכים אתנו אל בור אחד... קבר אחים לכאורה ואולם לא יאַחה הקבר את אשר לא אֻחו החיים כנפל טמון יהיו. יחד הֹרַגנו אך לא כמונו יצֻוו לביתם. אין להם בית אין להם חלק בבית ישראל סבא, ואין להם מה לְצַוות. כאחיתֹפל הם, כאותם היהודים שנתגַרמנו ונתאשכנזו, שבה בשעה אשר עצתם הֹרעה, עצת תפלה וכחש מסֻכלת – הרי הם תולים על וָו, שולחים יד בנפשם, מאבדים עצמם לדעת – ואינם מצַוים לביתם... צר לי עליהם, את כוס התרעלה הם שותים כמוני ואין הם מצוים חיים לדור.

אנחנו עולים עליהם. ברגעים אלה, בם ברגעים שאנו נכונים לעלות לגרדם, לא נהיה עֲנָווים ביותר ונסהד על עצמנו: גם אנחנו, אם כי בני לֵוי אנו, בני שבט חפשי בישראל, כלומר בעלי הכרה לגבי תעודת עַם יוצר, ע[בד]ים הננו לכל פרעה, עבדים מתוך הכרח. מתוך הכרח אנו עובדים להם, מתוך הכרח וע״י אונס אנו מקימים לו ערי מסכנות, ואולם מעשה נורא אחד, תועבה אחת לא עשינו: יַלְדֵינו לא קבענו בחומה הזרה ולא טחנו עליהם כאותו טַיָח נדהם ומיואש המכסה בטיחו על ילדו כדי שלא ישמע את שַוְעתו הבוקעת מן העץ ומן האבן, הנה הוא טח על ילדו – טח והחליק, החליק בכף הסידים וחסל. אנו אם חסרה לנו לבנה אנו קובעים את עצמנו בחומה, על ילדנו חסנו, שמרנו עליה על השארית.

לולא השארית! שאריתנו, שבת נצח היא, כלום עצרנו כח לבוא לכאן למסבה הלילה, ליל הזוָעות ואביב הָעִוְעִים. זאת השארית – נחיה בה לאחר מותנו ואשר לפניו אנו עומדים, ומתבוננים בו בלי מורא.

א׳ לפסח תש״ב

## אַרײַנפֿיר 32

אַ קללה־ליד אויפֿן גאַנצן דײַטשישן פֿאָלק, געשריבן נאָך דעם ווי די ידיעות וועגן דער ליקווידאַציע פֿון די לובלינער ייִדן, זײַנען דערגאַנגען קיין וואַרשע. די ידיעות זײַנען אָנגעקומען קיין וואַרשע ערשט סוף אַפּריל 1942, און ווייניק האָבן גלײַך באַנומען וואָס דאָס מיינט אַזוינס פֿאַר וואַרשע און דער גאַנצער גענעראַל־גובערניע (זע: גוטמן (1977) זז׳ 200 – 201). יצחק קאַצענעלסאָן איז געווען פֿון די ערשטע און די איינצלנע אין וואַרשעווער געטאָ וואָס האָבן גלײַך געגלייבט און באַנומען דעם מיין פֿון די ידיעות וועגן מאַסנמאָרד פֿון ייִדן – פֿאַרן גאַנצן מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום (זע: צוקרמן – מבפנים, י״ג, ז׳ 36).

״שפֿוך חמתך״ און די ״עפּענונג צו אַ לערער־מסיבה אין דער סדר־נאַכט תש״ב״ אין העברעיִש (זע: נומ׳ 30, 31) – געהערן צום ערשטן ציקל פֿון י.ק.ס ליטעראַרישע ווערק וועגן ייִדישן אומקום, געשריבן ווי אַ רעזולטאַט פֿונעם ערשטן שטראָם ידיעות וועגן מאַסנמאָרד פֿון ייִדן מחוץ דער גענעראַל־גובערניע – וואָס איז דערגאַנגען קיין וואַרשע אָנהייב 1942. דער צווייטער ציקל הייבט זיך אָן מיטן ליד ״ווײ דיר״, מיטן אָנקומען פֿון די ידיעות וועגן דער ליקווידאַציע פֿון לובלין – דער ערשטער ייִדישער קרבן אין דער גענעראַל־גובערניע צו וועלכער אויך וואַרשע האָט געהערט.

אין קעגנזאַץ צו דעם ליד ״שפֿוך חמתך״, ווו די באַשרײַבונג פֿון דער ייִדן־אויסראָטונג פֿאַרנעמט מער ווי אַ העלפֿט, איז דאָס גאַנצע ליד ״ווײ דיר״ געבויט אויפֿן יסוד פֿון י.ק.ס רעאַקציע־קללה אויפֿן גאַנצן דײַטשן פֿאָלק. אין די זכרונות און דאָקומענטן וועגן דער תּקופֿה, ווערט דער נאָמען ״ווײ דיר״ – נישט דערמאָנט; אין זיי ווערט דערציילט וועגן י.ק.ס ליד ״די קללה״ און אויך י.ק. אַליין רעדט וועגן דעם ליד מיט אַזאַ נאָמען. לויט די סימנים וועגן אינהאַלט פֿון ליד אין די אַלע מקורים ווערט קלאָר אַז ״די קללה״ איז דאָס ליד ״ווײ דיר״ (זע: צוקרמן – מבפנים, י״ג, ז׳ 36; טננבוים, ז׳ 120; פנקס ויטל, ז׳ 203, 179).

די דאַטע צום סוף פֿון כּתבֿ־יד איז: 31/V. קיין יאָר ווערט נישט אָנגעגעבן. איבער אומפֿאַרשטענדלעכע סיבות איז אַפֿילו די פֿאַרשריבענע דאַטע קיין מאָל אין ערגעץ נישט פֿאַרצייכנט געוואָרן; נאָך מער – אַ גאָר אַנדערע טעותדיקע דאַטע ווערט אָנגעגעבן. די דאַטע פֿעלט לחלוטין בײַ נחמן בלומענטאַלן (זע: אין בלומענטאַלס רשימה, נומ׳ 32); דאָס ליד איז געווען געדרוקט אין די גאָלדענע קייט, נומ׳ 6, פֿרילינג 1950, זז׳ 189 – 193 – אָבער דאָרט ווערט אָנגעגעבן אַ מעגלעכע נישט ריכטיקע דאַטע: ״אָנהייב 1942״; אין דער רשימה פֿון דער צווייטער אויסגאַבע כתבים אחרונים, תשט״ז, נומ׳ 36, ווערט אויף זײַט 445 פֿאַרשריבן אַן אַנדער מעגלעכע נישט אין גאַנצן ריכטיקע דאַטע: ״סיון תש״ב״ <17 טער מאי – 15 טער יוני 1942>, און אין דער דריטער און לעצטער אויסגאַבע פֿון כתבים אחרונים, תשכ״ט, איז איבער טעכנישע סיבות אין גאַנצן נישט געדרוקט געוואָרן יענער טייל פֿון דער ביבליאָגראַפֿישער רשימה צו וועלכן דאָס ליד געהערט.

נעמענדיק אין אַכט דעם אינהאַלט פֿון ליד, און די פֿאַרשיידענע פֿאַרשריבענע עדותשאַפֿטן וועגן אים, ווי אויך די טיילווײַז פֿאַרשריבענע דאַטע אויפֿן כּתבֿ־יד – בלייבט קיין ספֿק נישט אין דעם, אַז די פֿולע דאַטע פֿון ליד איז: 31.V.[1942]. פֿאַרן גרויסן גירוש איז דאָס ליד צוגעגרייט געוואָרן צום דרוק – ווי אַ טייל פֿון אַ געפּלאַנטער ספּעציעלער אויסגאַבע פֿון י.ק.ס ״צאָרן־לידער״ (זע ווײַטער, אין אַרײַנפֿיר צו ״דער ייִד האָט געלאַכט״, נומ׳ 34).

אָט דאָס ליד האָט י.ק. געטראָגן מיט זיך וווהין ער איז נאָר געגאַנגען במשך פֿון די צוויי לעצטע מאָנאַטן פֿאַרן גרויסן גירוש, ווי אויך איידער און בעת הונדערטער טויזנטער ייִדן זײַנען אַוועקגעפֿירט געוואָרן קיין

טרעבלינקע. דאַן האָט ער דאָס ליד פֿאָרגעלייענט לכל־הפּחות צוויי מאָל, פֿאַר זײַנע פֿרײַנד אין געטאָ – איין מאָל פֿאַר הלל צייטלינען, אין חודש יולי 1942 און איין מאָל פֿאַר די געוועזענע דירעקטאָרן פֿון דזשוינט (דניאל דוד גוזשיק, יצחק גיטערמאַן) און פֿאַר אָבֿפּאַלן (אַן אַלגעמיינער ציוניסט) – ערבֿ דעם מילאַ־טאָג, ס׳הייסט ערבֿ דעם גירוש פֿון די לעצטע פּאָר צענדליק טויזנט ייִדן, זומער 1942 (זע: פּנקס ויטל, זז׳ 179, 203).

אין די סאַמע גרויל־טעג פֿון גרויסן גירוש, ווען ס׳איז נישט מעגלעך געווען פֿיזיש אַנטקעגנצושטעלן זיך מיט הצלחה די מאַסנמערדער, האָט יצחק קאַצענעלסאָן זיך אַנטקעגנגעשטעלט זיי מיט אַ ליד; אַ ליד וואָס ער האָט באַטראַכט ווי אַ המשך פֿון הלל צייטלינס אַ תּפֿילה, וואָס קאַצענעלסאָן אַליין האָט געזען און געהערט צוויי יאָר פֿריִער. דאַן האָט אים הלל צייטלינס קללה שטאַרק באַאײַנפֿלוסט און אויף ווײַטער אים באַגלייט אין געטאָ במשך די יאָרן. וועגן דעם שרײַבט י.ק. אין פּנקס ויטל דעם 16טן סעפּטעמבער 1943, באַשרײַבנדיק זײַן צווייטע פֿאָרלעזונג פֿון ״וויי דיר״ – דעם 4טן סעפּטעמבער 1942: ״כ׳האָב אַרויסגענומען פֿון קעשענע אַ מגילה אַ פֿאַרשריבענע אויף פּאַפּיר – אַ קללה, וועלכע כ׳האָב געהאַט פֿאַרפֿאַסט נאָך בעת חנה און די קינדער, די צוויי, זײַנען מיט מיר געווען, און זי איז ענג געשריבן אויף דינעם פּאַפּיר און מיט קליינע אותיות, דאָס זײַנען דאָך די שילטונגען מיט וועלכע כ׳האָב דאַן פֿאַרשאָלטן דעם שלעכטסטן פֿון די פֿעלקער נאָך דעם ווי די פֿאַרשאָלטענע צווישן מענטשן האָבן אַ סוף געמאַכט מיט דער גרויסער און הייליקער עדה ייִדן אין לובלין. ביז איינעם, ביזן לעצטן האָבן זיי זיי פֿאַרשניטן. אָט די שילטונג האָט געהערט אויך הלל צייטלין זק״ל, <זכר קדוש לברכה> נאָך איידער מען האָט אָנגעהויבן אויסהרגענען די וואַרשעווער ייִדן. צוויי יאָר פֿריִער, ווען מיר האָבן געוווינט, איך מיט מײַן משפּחה, איצט האָב איך קיין משפּחה נישט, נאָר איך און מײַן זון דער איינער – דעמאָלט האָבן מיר געוווינט אין איין דירה מיט אים. ווען איך בין אַ מאָל גאָר פֿרי אַדורך דורכן עסצימער, האָב איך אים געטראָפֿן ווי ער שטייט און דאַוונט. צייטלין האָט מיך נישט באַמערקט, ווײַל זײַן פּנים איז געווען געווענדט צום פֿענצטער און איך האָב אים געהערט ווי ער שילט אײַפֿערדיק אויף ייִדיש אין זײַן תּפֿילה היטלערן און זײַן פֿאָלק און פֿאַרענדיקט: ״גוואַלד, רבונו של עולם!״... איך בין דערשיטערט געבליבן פֿון איבערראַשונג, און צוויי יאָר שפּעטער האָב איך פֿאַר אים איבערגעלייענט, ערבֿ דער פֿאַרניכטונג־תּקופֿה פֿון פֿאָלק ישׂראל, מײַן שילטונג, וואָס אָנגעהויבן האָט איר ר׳ הלל מיט צוויי יאָר פֿריִער, דאַן האָט ער איר נישט אַרויסגעבראַכט אין גאַנצן, נישט געפֿונען פֿאַר איר דעם ריכטיקן אויסדרוק: ״גוואַלד, רבונו של עולם!״ צוויי יאָר שפּעטער האָט די קללה אין מיר געצײַטיקט, איך האָב זי אויפֿגעשריבן אויף פּאַפּיר און פֿאַר אים זי געלייענט״ (דאָרט, ז׳ 203).

דער אָריגינעלער כּתבֿ־יד, האָט זיך אָפּגעהיט, האַלב צעריסן, אין י.ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות צוזאַמען מיט אַן אָריגינעלער שרײַבמאַשין־קאָפּיע געמאַכט אין וואַרשעווער געטאָ. בײַם דעשיפֿרירן דעם האַלב צעפּליקטן כּתבֿ־יד האָבן מיר זיך אויך באַנוצט מיט דער קאָפּיע. דער מקור איז רעגיסטרירט מיטן נומ׳ KII/1024, און די קאָפּיע – KII/1024א׳.

## ווײ דיר

ווײ דיר, האָסט אויסגעהרגעט מײַנע קינדער אַלע
און מײַנע אַלע אַלטע, גאָר אַלטע מײַנע לײַט!
ווייס, מערדערפֿאָלק: קינדער ווערן ניט פֿאַרפֿאַלן
און ס׳שטאַרבן ניט קיין אַלטע פֿאַר דער צײַט.

ווײ דיר, האָסט אויסגעראָטן גאַנץ מײַן פֿאָלק אין פֿרידן
און האָסט פֿאַרברענט די הײַזער מײַנע פֿון געבעט,
די שולן מײַנע אַלע צוזאַמען מיט די ייִדן,
און מײַנע הייליקע, די ייִדישע, די שטעט.

ווײ דיר. דו האָסט אַ פֿאָלק פֿאַרניכט אַן אומבאַוואָפֿנט[ס]
און ניט פֿאַרטיידיקטע פֿון קיינעם האָסטו פֿאַר[ניכט!]
ווייס, ניט פֿאַרטיידיקטע פֿון קיינעם וועלן האַ[רב דיך שטראָפֿן]
דו וועסט פֿאַר אומבאַוואָפֿנטע זיך שטעלן [צום געריכט!]

[ווײ] דיר, אָ פֿאָלק פֿון קינדער־[מערדער און פֿון אַלטע]
[האָסט] מײַנע קינדער [און] די [אַלטע מײַנע אומגעבראַכט,]
ווייס, אַ געהרגעטער אַ זקן לאָזט זיך ניט באַהאַלטן
און קינדער רײַסן זיך פֿון קבֿרים ווי פֿון אַ מאַמעס טראַכט.

ווייס, ווייס: עס שטאַרבן ייִדן ניט, דערהרגעטע אומזיס[ט]ן
און ס׳ווערט אַ פֿאָלק ניט אומגעבראַכט אָן אַ פֿאַרוואָס...
ווייס, מערדערפֿאָלק, מען קען ירושלימס ניט פֿאַרוויסטן –
שיס! שיס אין האַרץ מיר אויס... עס איז דײַן לעצטער שאָס!

ווײ דיר – דײַן בייזע שעה, הער, האָט געשלאָגן[,]
באַלד, באַלד, אָ פלאָג און ס׳איז מיט דיר שוין אויס[!]
אויף אַלע וועגן וועלן מיר דיך יאָגן,
מיר וועלן פֿון די קבֿרים אונדזערע אַרויס

מיט ווײַב און קינד, מיט זיידעס און מיט באָ[בעס,]
די אויסגעשאָסענע פֿון אײַך אומזיסט,
דאָס פֿאָלק וואָס איר האָט לעבעדיק באַ[גראָבן,]
מיר וועלן שטיין און אָנקוקן אײַך וויסט

מיר וועלן שטיין אויף אַלע, אַלע וו[עגן]
און שווײַגן, שווײַגן, שווײַגן ווי דאָס [גראָז,]
מיר וועלן שטומע שטיין און שטומ[ע פֿרעגן:]
פֿאַר וואָס האָט איר געהרגעט [אונדז, פֿאַר וואָס?]

איר וועט פֿאַרבלוטיק[ט]ע און אומריינע אַנטלויפֿן
אין אַ באַפֿאַלענער אײַך, ווילדער שרעק,
מיר וועלן, טויטע, אַלע שליאַכן אײַך פֿאַרלויפֿן,
מיר וועלן אײַך פֿאַרשטעלן יעדן וועג,

מיר וועלן שטיין דערהרגעטע און קוקן,
אָנקוקן אײַך שטום אין אונדזער פּײַן;
און קוקנדיק אויף אײַך, אײַך שטומערהייט פֿאַרצוקן,
מיר עסן אין די ביינער אײַך זיך אײַן,

אין אײַער עקלדיקן לײַב, אין קאַרק אין רויטן
ווי אין אַ ברודיקן אַ זומפּ, אין שליאַם און ליים,
איר האָט געטויט אונדז לעב׳דיקע, טראָגט אונדז טויטע
טראָגט אויף די פּלייצעס אונדז צו אײַך אַהיים [...]

צו אײַך אַהיים!... ניטאָ איר, אײַער היים – מער!
זי ליגט אַ חורבֿה, אויפֿגעריסן און צעשטערט;
באַהאַלט אין לעכער זיך, אין היילן אין געהיימע,
איר פֿאָלק פֿון נידעריקע רוצחים אויף גאָטס ער[ד!]

באַהאַלט זיך! ניין... ס׳באַהאַלטן זיך פֿאַרשעמטע
איר קינדער־מערדער, איר זענט דאָך אומפֿ[אַרשעמט!]

קריכט, אומפֿאַרשעמטע, אויף חורבֿות אייגענע אום פֿרעמדע,
און זאָלן אײַך די שטיינער, די צעפֿאַלענע זײַן פרעמד.

זוכט, מערדער, אײַער היים און ר׳זאָלט זי ניט געפֿינען...
בלאָנדזשעט אום ווי מיר אויף דר׳ערד און זוכט,
און זוכנדיק אויף חורבות – גייט אַראָפּ פֿון זינען,
און זײַט אין משוגעת אין אײַערן פֿאַרפֿלוכט!

אַנטלויפֿט! ווי מײַז לויפֿט נאָכן קריג יעצט דעם פֿאַרשפּילטן
און וויסט ניט ווו אַהין? און זאָלן, רוצחים, אײַך,
די ביימער אויף די וועגן און גרעזעלעך פֿאַרשילטן
און יעדע זשאַבע בײַם ברעג פֿון יעדן טײַך.

לויפֿט, יעדער דײַטש באַהאָנגען מיט אַ ייִד געהרגעט,
מיר קלאַמערן זיך טויטע אַרום האַלדז אײַך שטום,
מיר וועלן וואַרגן, וואַרגן אײַך און ניט דערוואַרגן –
דרייט אויס [די ק]עפּ, די קעפּ און קוקט זיך אום:...

דאָס ז[ענען] מיר... מיר, מיר! דאָס זענען אונדז׳רע נעגל
זיי [זענען] אויסגעוואָקסן שאַרף אונדז נאָכן טויט,
אי[ר האָט] גע[ה]רגעט אונדז אויף אַלע וועגן
[און יעדן שטיין מ]יט או[נד]ז געמאָלן רויט [ ]

יעצט טראָגט אונדז, טראָגט אין שרעק אונדז און אין אימה,
איר געפֿינט דעם וועג ניט? גייט! פֿאָרויס! פֿאָרויס!
מיר, מיר! מיר וועלן, יעצט פֿאַרקירעווען אַהיים אײַך,
מיר וועלן אײַך ארײַנפֿירן, אײַך יעדן אין זײַן הויז.

מיר וועלן עדות זײַן און צוקוקן די סצענע,
ווי איר באַגעגנט זיך מיט אײַער ווײַב און קינד,
ווי איר פֿאַלט זיך אויפֿן האַלדז... מיר ווילן זען עס
מיר ווילן שטיין און קוקן מיט אויגן שטאַר און בלינד...

ניין! איר זאָלט ווי מיר עס ניט דערלעבן,
טרעף יעדערער פֿון אײַך צו זײַן צעפֿאַלן הויז,
און ניט טרעפֿט די ווײַבער אײַערע בײַם לעבן,
און טויט די קינדער אײַערע אין זייער שויס...

טויט. אין אָפּ׳נע טירן און דורך ווענט געשפּאָלטן
הערן קללות זיך... עס ציטערט קאַלט די הויט –
דאָס האָבן אײַך די ווײַבער אײַערע פֿאַרשאָלטן
און די קינדער אײַערע פֿאַר זייער טויט.

זיי הייבן אויף זיך שטאַרע, שטאַר און פֿאַרפֿראָרן,
זיי קומען צו צו אײַך און שאָקלען מיטן קאָפּ –
די ווײַבער און די קינדער אײַערע פֿון פֿאָרנט
און מיר פֿון הינטן... מיר לאָזן אײַך ניט אָפּ.

זיי פֿון פֿאָרנט... און מיר, מיר אײַך פֿון הינטן –
פֿאַר וואָס האָט איר אונדז אויסגעהרגעט, זאָגט פֿאַר [וואָכ
איר האַלט׳ס ניט אויס און לויפֿט מיט אַלע ווינטן,
איר קענט ניט אויסטרינקען דעם ביטערן דעם כּוס.

איר לויפֿט, אַ מחנה קינס, אַ ווילדע רוצחים־האָרדע,
לויפֿט זינדיקע, לויפֿט, ניט געראַסט און ניט גערוט –
אַך, ווו איר שטעלט אַ פֿוס האָט איר געמאָרדעט,
אויף יעדן שטיקל ערד האָט איר פֿאַרגאָסן בלוט.

אין יעדער שטאָט אין יעדן אָפּגעלעגן שטעטל
האָט איר אין יִדיש בלוט געטונקען טיף די הענט [ ]
יעדע אונדזער שטוב איז אַ פֿינצטער בלעטל
אין אײַער בלוטבוך, פּחדנים, וואָס איר זענט!

איר האָט גענומען זיך צו שוואַכערע פֿון אַלע,
באַרויבן עלנטע – דער זיכערסטער דער רויב!

אַ פֿאָלק אַן אומבאַהאָלפֿענעם זענט איר באַפֿאַלן
און צעטראָטן אים, צעריבן אים ווי שטויב.

איר האָט באַוויזן אײַער גבֿורה גרויס בײַ קינדער
און בײַ אַלטע... אָ, איר קענט, איר קענט די קונץ
פֿון מאָרדן ריינע, רײנסטע, שמוציקע איר זינדער[.]
און איר האָט אויסגעקליבן אין פּחדנות אונדז...

איר האָט צעבראָכן פֿעלקער, נאָר אונדז האָט איר פֿאַרטיליקט[,]
פֿאַרפּײַניקט אונדז, געגעסן אונדז ווי [ברויט,]
חי ווײַן געטרונקען אונדזער אַלטן בלוט, אי אַלט, אי ביליק,
אָ וועט ווי מיר אויף דר׳ערד, ווערט אומבאַשט[ר]אָפֿט געטויט?...

איר האָט מיט אונדז ווי מיט געשטאָרבענע געזעטיקט אײַער תּאווה
איר האָט, היענעפֿאָלק געטרונקען אונדזער בלוט,
ס׳האָט ווער געהאָלפֿן אײַך... איז׳ס גאָט? צי איז׳ס דער טײַוול[ ]
אויב גאָט – טאָ זאָל׳ס אים שמעקן גוט!

און אויב דער טײַוול איז׳ס... זײַט אַלע, זײַט פֿאַרשאָלטן,
פֿון גאָט און מענטש פֿאַרשאָלטן, דו ווילדע חיה, דו!
מיט מעפּיסטאָפֿלען זינקט טיף אין דר׳ערד געשפּאָלטן
און טיף אין דר׳ערד ניט וויסן זאָלט איר פֿון קיין רו...

עס זאָל די ערד אין צאָרן אירן גרויס און אין איר האַסן
אײַך אויסשפּײַען מיט עקל פֿון איר מויל –
און וואַלגערט טויטע זיך, ווי מיר, וו[י מ]יר, אין גאַסן
מיט ווײַב און קינד צוזאַמען אין איין קנויל.

און זאָל די שוועסטער אײַר׳ע, די היענע זוי[גן]
פֿון אײַער לײַב דעם לעצטן טראָפּן [גיפֿט,]
און שפּאַרבער זאָלן אויסקאַלופּען אײַ[ך די] אויגן
און דאָס גרויזאַמע דאָס שלעכטע האַרץ אײַ[ך טיף]...

מיט אויפֿגעגעסענע, מיט הערצער זאָלט איר שפּירן,
מיט אויסגערונענע מיט אויגן זאָלט איר זען,
ווי ס׳גייען ליכטיקייטן אויף און שעמערירן –
פֿון וואַנען? און פֿון וווּ? און ווי אַזוי? און ווען?

[מיט הערצער שוין] פֿאַרוועדעמט, פֿילט, מענטשן־שענדער,
[מיט אויגן אוי]סגעפּיקטע שוין קוקט, זינדיקע און זעט:
[ווי ס׳לעבן] נאַציאָנען אויף אין אַלע לענדער,
[ווי ס׳ווערן] אויפֿגעבויט און בליִען פֿריילעכע אויף שטעט!

מיט מוחות אויסגעטריקנטע און שוין פֿאַרשימלט
מיט אויערן פֿאַרמאָכיקטע און פֿוילע הערט:
ווי ס׳האָט זיך אויסגעלײַטערט קלאָר נאָך אײַך דער הימל,
ווי ס׳האָט צעשמייכלט זיך נאָך אײַך די ערד...

הערט, הערט: עס האָט צעקלונגען זיך אין ליבע און אין גלויב[ן]
אויף גאָר דער וועלט אַ הערלעכע אַ ליד –
הערט, הערט אַ שטימע מעכטיק, אי פֿרײַ און אי דערהויב[ן – ]
דאָס זינגט אין פֿעלקערכאָר דער אייביקער דער [ייִד.

הערט הערט און זאָל אַ שטורעם ווילד אײַך באַלד אויף [שטויב צערײַבן]
פֿאַרטראָגן אין מדבריות אײַך מיט ווײַ[ב און קינד – ]
עס זאָל ניט קיין געדעכעניש פֿון אײַ[ך פֿאַרבלײַבן!]
אָ חלום בייז, ווער אָפּגעמעקט, פֿאַר[ווייי אין ווינט!]

31/V

## 33 אַרײַנפֿיר

אַ לויבגעזאַנג צו דער ייִדישער גבֿורה און צו דעם ייִדישן גיבור פּנים־אל־פּנים מיט זײַן אייגענעם טויט. פֿון יוני 1942 ביז אַפּריל 1943, פֿאַרנעמט זיך י.ק. אין זײַנע ווערק כּמעט אויסשליסלעך מיטן פֿורעמען פֿון דער גבֿורה בײַ ייִדן אונטערן נאַצישן רעזשים, אין אירע צוויי אַנטפּלעקונגען: (א) די גבֿורה פֿון אמונה, (ב) די גבֿורה פֿון באַוואָפֿנטן אויפֿשטאַנד. פֿון איין זײַט, באַזינגט י.ק. די גבֿורה פֿון ייִדישן אויפֿשטענדלער, ווײַל ער דערשפּירט אין איר איינעם פֿון די דערהויבנסטע אויסדרוקן פֿון גײַסט בײַ דער מחנה חלוצים אין גלות. אינעם באַוואָפֿנטן אויפֿשטאַנד דערזעט י.ק. אַ סימבאָלישן אויפֿטו, אויס אידענטיפֿיקאַציע מיטן גורל פֿון ייִדישן פֿאָלק און מיט זייערע חבֿרים די חלוצים און בויער פֿון דער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישׂראל, וועלכע זײַנען אויך אַרײַנגעטאָן אין אַ קאַמף פֿאַרן קיום און אין אַ באַוואָפֿנטן קאַמף פֿאַר אַ ייִדישער ארץ־ישׂראל – ווי מיר דרינגען אַרויס פֿון י.ק.׳ס ווערטער בעתן ערשטן אויפֿשטאַנד אָנהייב 1943 (זע: צביה לובעטקין, ספר דרור, ז׳ 482). פֿון דער צווייטער זײַט שטעלט י.ק. דעם טראָפּ אין זײַן שאַפֿן דווקא אויף יענער גבֿורה וואָס ווערט דורך אים כאַראַקטעריזירט ווי – די גבֿורה פֿון דער אמונה שלמה בקדוש ברוך הוא און אַלע זײַנע דרכים, וועלכע דריקט זיך אויס הויפּטזאַכלעך אין דער גרייטקייט צו דינען גאָט – אין דערוואַרטונג אויף דער גאולה שלמה – אין אַ וועלט ווי זי איז. אַזאַ מין גבֿורה פֿון גײַסט הייבט אַרויס י.ק. אין זײַן שאַפֿן בײַ צוויי יונגע ייִדן אין זייערע דרײַסיקער יאָרן – בײַ שלמה זשעליכאָווסקין, אַ געוועזענער חסיד, אַרום 37 יאָר אַלט, און בײַ דעם רבי, ר׳ שמואל שלמה ליינער, דער פֿינפֿטער חסידישער רבי פֿון בית ראַדזין, אַרום 33 יאָר אַלט (זע: תבע״פ – ברקוביץ, ז׳ 5; שרגאי, ערשטער טייל, ז׳ 76), און זע ווײַטער: ״דאָס ליד וועגן ראַדזינער״, נומ׳ 35.

קיין דאַטע איז אויפֿן כּתבֿ־יד נישטאָ, אין בלומענטאַלס רשימה נומ׳ 37, ווערט אָנגעגעבן בלויז דאָס יאָר 1942, אין דער רשימה פֿון כּתבים אחרונים, תשכ״ט, פֿעלן – איבער טעכנישע סיבות, אַ ריי ווערק און צווישן זיי אויך די פּאָזיציע פֿון ״דאָס ליד וועגן שלמה זשעליכאָווסקי״. אין דער פֿאַר־לעצטער אויסגאַבע פֿון כּתבים אחרונים, פֿון יאָר תשט״ז (די צווייטע אויסגאַבע), ווערט אָנגעגעבן אין דער דאָרט געדרוקטער ביבליאָגראַפֿישער רשימה, נומ׳ 35, אַ השערה וועגן דער דאַטע: סיון תש״ב <17 טער מאַי – 15 טער יוני 1942>, און אויף זײַט 370, ווערט, אָנגעגעבן אַז דאָס ליד איז געשריבן געוואָרן נאָך דעם ווי מען האָט זיך דערוווּסט אין וואַרשע וועגן דעם אַז אַרום שבֿועות זײַנען אויפֿגעהאַנגען געוואָרן 10 ייִדן, אין זדונסקע־וואָליע, און אַז צווישן זיי איז אויך געווען שלמה זשעליכאָווסקי. זשעליכאָווסקיס העלדישע האַלטונג איז דאָרט ספּעציעל באַטאָנט געוואָרן. אַזאַ ידיעה ווערט געדרוקט אין אונטערערדישן אינפֿאָרמאַציע־ביולעטין פֿון דער ״דרור״־באַוועגונג, אין ידיעות, נומ׳ 6, פֿון 9טן יוני 1942, ז׳ 3. דאָרט שטייט געשריבן בזה הלשון:

״זדונסקא־וו[אלא] [ ד]י ד[ײַטשע] [הענ]קער האָבן אויפגעהאַנגען אין פורים [?3]1 ייִדן. [ אי] בערגעה[זרט] דעם דאזיקן טײַוולאָנישן ספּעקטאַקל אויף ערב שבועות. ז[יי האבן א]ויפגעשטעלט אַ תליה, [אויסגע]קליבן 10 קרבנות און אַריינגעלאזן צו ד[ער דאזיק]ער ״פארשטעלונג״ די גאַנצע [שט]אטישע באפעלקערונג. צווישן די פארמ[ש]פט[ע] צום [טוי]ט איז געווען אַ דארטיקער פשוטער, חסידישער ייד, שלמה זשעלי[כאוו]סקי, וועלכער האט אויפג[עמונטערט] א[לע] אר[ו]ם, מיט [כ]וח צ[ע]נויפגעבראכטע יי[דן] {[א]ויף } זיי פארווער[ט] צו [טר]ויערן, געגעבן ז[יי] בטח[ו]ן [או]ן [גע]וו[ע]ן [צופ]רידן זיך מקר[יב?] {[ ]} ז[יי]ן פֿאַר דער גא[נצ]ער עדה, [האלטנד]יק דאס [פֿאַר אַ זכו]ת. דעם גאנצן וועג ה[אט

{ }ג]עזונגען און זיך משמח געווען.״

שלמה זשעליכאָווסקי איז געווען אַ גערער חסיד, אַ זון פֿון אַ דורות־אַלטער משפּחה פֿון גערער חסידים, דער זון פֿון נגיד ר׳ משה גדליה זשעליכאָווסקי. אַליין אַ סוחר, אַן אוהבֿ־נגינה און אַ בעל־תּפֿילה ימים־נוראים, אַ קובֿע־עיתּים לתּורה, שלמה ז׳שעליכאָווסקי איז געווען גוט איַינגעאָרדנט, זיַין פֿרוי האָט אָנגעפֿירט מיט אַ קליינער וועבעריַי מיט אַ פּאָר צענדליק אַרבעטער, אויך זי איז געווען פֿון אַ משפּחה פֿון גערער חסידים אין זדונסקע־וואָליע (די אַלע פּרטים ווערן דאָ פֿאַרשריבן לויט דער אינפֿאָרמאַציע פֿון גוטע גאַלדע בערקאָוויטש, שלמה זשעליכאָווסקיס טאָכטער וועלכע וווינט אין ישׂראל, זע: תּבע״פּ – ברקוביץ, ז׳ 2, 5־6, 9).

נאָך דעם ווי שלמה זשעליכאָווסקי איז פֿאַראורטיילט געוואָרן פֿון די דיַיטשן, צוזאַמען מיט נאָך ניַין ייִדן, צו שטאַרבן אויף דער תּליה ערבֿ־שבֿועות, האָט ער אין דער נאַכט פֿאַר ערבֿ־שבֿועות פֿאַרגעלייגט זיַינע תּפֿיסה־חבֿרים צו פֿאַסטן און דאַוונען יום־כּיפּורדיקע־תּפֿילות, און אַזוי האָבן זיי געטאָן. ווען זיי זיַינען דערגאַנגען צו נעילה, האָט ער ביַי זיַינע חבֿרים געבעטן אַז מע זאָל פֿאַרענדיקן דעם דאַוונען צו מאָרגנס ביַי דער תּליה, און אַזוי האָבן זיי געטאָן (זע: פּראַגער (תּשכ״ז), זז׳ קכ״ח־קמ״ד – דאָרט ברענגט דער מחבר די עדותשאַפֿטן פֿון עדי־שמיעה און עדי־ראייה; געדרוקט אויך אין זדונסקה־וולה, זז׳ 338 – 343).

לויט ווי עס דערציילן פּאַביאַניצער ייִדן, איז שלמה זשעליכאָווסקי געווען זייערער אַ בן־עיר און אַ שטענדיקער תּושבֿ פֿון פּאַביאַניץ. קיין זדונסקע־וואָליע איז ער אַריבערגעגאַנגען, נאָך דעם ווי די מלחמה איז אויסגעבראָכן (זע: ידיעות בית לוחמי הגיטאות, נומ׳ (13) 1, יאַנואַר 1956, ז׳ 43). לויט אַנדערע, טיילוויַיז אומבאַקאַנטע מקורים, איז קלאָר אַז י.ק. האָט זיך פֿאַרנומען טריַי צו באַשריַיבן, אינעם ליד וועגן שלמה זשעליכאָווסקין, אַן אויטענטישע היסטאָרישע געשטאַלט און אַ רעאַלע פּאַסירונג. וועגן דעם זיַינען ביז היַינט פֿאַרבליבן אייניקע עדות און גבֿית־עדותן, וואָס דערמעגלעכן אונדז אָנצונעמען אַז ״דאָס ליד וועגן שלמה זשעליכאָווסקי״, אַפֿילו ווען אויך געשריבן אויפֿן סמך פֿון דער ידיעה פֿון ״דרור״ (זע אויבן), האָט אַן אָנשפּאַר בלי־ספֿק אין יצחק קאַצענעלסאָנס פֿאַרבינדונגען מיט גערער חסידים אין וואַרשע, פֿון וועלכע ער האָט מן־הסתּם זיך דערוווּסט די אַנדערע וויכטיקע היסטאָרישע פּרטים וואָס ער דערמאָנט אין זיַין ליד און וועלכע זיַינען אין דער ידיעה פֿון ״דרור״ נישט פֿאַראַן (זע וועגן י.ק׳ס פֿאַרבינדונגען מיט זושע פֿרידמאַן, אַ גערער חסיד און איינער פֿון די אָנפֿירער פֿון דער אגודה אין פּוילן, ביַי: עק, (תּש״ך), ז׳ 206).

דער פֿולער ייִדישער טעקסט פֿון אָריגינאַל ווערט דאָ צום ערשטן מאָל געדרוקט, אָן די פֿאַרקירצונגען וואָס זיַינען געמאַכט געוואָרן אין ייִדישן טעקסט ביַים אָפּדרוקן אים נאָך דער מלחמה. נאָך דער מלחמה איז ״דאָס ליד וועגן שלמה זשעליכאָווסקי״ געדרוקט געוואָרן צוויי מאָל אין אויסגאַבעס פֿון דער שארית־הפּליטה, אָבער אין ביידע פֿאַלן איז דער טעקסט נישט פֿולקום, וויכטיקע חלקים פֿעלן; דאָס ליד איז געווען געדרוקט אין: (א) פֿיַין און גבֿורה אין דעם ייִדישן עבֿר אין ליכט פֿון דער קעגנוואַרט. דריטע אויפֿלאַגע מינכען, ״דרור״, 1947, 6, זז׳ 97 – 102. דאָ זיַינען אַרויסגעלאָזט געוואָרן די סטראָפֿעס נומ׳ 17 – 31; 33 – 34; 36 – 38. און אין: (ב) באַפֿריַיונג, צווייטער יאָר, 16טער אַפּריל 1948, נומ׳ 55. דער טעקסט איז דאָ געדרוקט געוואָרן מיט די זעלבע אַרויסגעלאָזטע סטראָפֿעס. די אַרויסגעלאָזטע שורות באַטרעפֿן נישט נאָר אַ העלפֿט פֿון מקור, זיי זיַינען אויך שייך דעם צענטראַלן מעמד אין ליד, אַן וועלכן דער גאַנצער כאַראַקטער פֿון ווערק בליַיבט פֿאַראַנדערשט און זיַין אינטערפּרעטאַציע – פֿאַרביטן.

אויך דאָס ליד איז געלייענט געוואָרן פֿאַר י.ק׳ס חבֿרים אין דער ״דרור״־קאָמונע אויף דזיעלנאַ 34, און האָט אַרויסגערופֿן אין יענער צײַט, אַ דיסקוסיע – וויַיל צווישן זיַינע חבֿרים, די חלוצים, איז געווען אַ געפֿיל אַז מיט דעם ליד האָט י.ק. פֿאַרשטאַרקט די גרייטקייט צו גיין אויף קידוש־השם און אָפּגעשוואַכט די

קאַמפּס־גרייטקייט בײַ די צוקונפֿטיקע אויפֿשטענדלער – אין אַ צײַט ווען מען האָט זיך געגרייט צו אָרגאַניזירן אַ באַוואָפֿנטן ווידערשטאַנד (זע: צוקרמן – מבפנים, י״ג, ז׳ 36). מער קיין פּרטים וועגן אַזאַ דיסקוסיע, זײַנען נישט פֿאַראַן. דאָס אויבן דערמאָנטע איז אָבער גענוג כּדי צו באַטאָנען דעם מעמד פֿון י.ק׳ס שאַפֿן אין געטאָ, צו וועלכן מע האָט זיך באַצויגן ווי עס וועט קלאָר – ווי צו אַ געשעעניש וואָס פֿאַרמאָגט אַ פּאָטענציעלן איבערצײַגערישן כּוח און דערפֿילט אַ נאָרמאַטיווע פֿונקציע דורכן פֿאַרשטאַרקן דעם צובונד צו לעבנס־ווערטן און דורכן באַאײַנפֿלוסן די מענטשלעכע האַנדלונג אין באַשטימטע אומשטאַנדן. קורץ פֿאַרן גרויסן גירוש איז די פּאָעמע צוגעגרייט געוואָרן צום דרוק, פֿון זײַנע חבֿרים פֿון דרור־החלוץ, ווי אַ טייל פֿון אַ ספּעציעלער אויסגאַבע פֿון י.ק׳ס געטאָ־לידער (זע ווײַטער, אין אַרײַנפֿיר צו ״דער ייִד האָט געלאַכט״, נומ׳ 34). אַן אַנאַליז פֿון דער סטרוקטור פֿון ליד און זײַנע מקורים, זע אין: שיינטוך (1982).

דער אָריגינעלער, טיילווײַז צעשעדיקטער כּתבֿ־יד, געפֿינט זיך אין י.ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות, און איז דאָרט רעגיסטרירט מיטן נומ׳ KII/1035. צוזאַמען מיט אים האָט זיך אויך אָפּגעראַטעוועט אַ שרײַבמאַשין־קאָפּיע, געמאַכט אין וואַרשעווער געטאָ, וועלכע איז רעגיסטרירט, דאָרט, מיטן נומ׳ KII/1035A. בײַם דעשיפֿרירן דעם אָריגינעלן כּתבֿ־יד האָבן מיר זיך אויך באַנוצט מיט דער קאָפּיע, און מיט אַן אַלטער פֿאָטאָקאָפּיע פֿון ייִדישן מקור אין וועלכער ס׳האָבן זיך פֿאַרהיט ווערטער פֿון שורות בײַ די ראַנדן פֿון אָריגינעלן כּתבֿ־יד. וואָס זײַנען פֿאַרשוווּנדן במשך פֿון די יאָרן.

## [ד]אָס ליד וו[עגן] שלמה [ז]שעליכאָווסקי

[זינג]ט, ערד און הימל זינגט, זינג גאָט, זינג יוד־״קה־וואָו־״קה,
ז[י]נגט אַלע אונטן דאָ, זינגט אַלע דאָרט, זינגט אויבן!
זינגט וועלטן אַלע, זינגט דעם נאָמען שלמה זשעליכאָווסקי –
ער האָט דעם מענטש אויף דר׳ערד, דעם מענטש דערהויבן.

שטיי אויף האָמערוס, בלינדער דו און גרויסער זינגער,
און דוד, דוד, ער דער זון פֿון ישין – אויפֿשטיין זאָל ער!
נעמט די האַרפֿן, קלאַפּט די סטרונעס אָן מיט איידעלע איר פֿינגער
און זינגט אַ ליד צו שלמהן, דעם ייִד פֿון זדונסקאַ־וואָליע.

זינגט, טרייסט דער ערד... טרייסט טרייסט אין שיפֿלות איר און וועקט זי:
ווויל דיר, ווויל, אָ, ערד, באַגנעדיקט פֿון דאָס נײַ און נײַ באַשאָנקען
ווער איז העראַקלעס און אַכילעס ווער איז און ווער איז העקטאָר?
קעגן העלד וואָס מ׳האָט אין זדונסקאַ־וואָליע אויפֿן מאַרק געהאָנגען?

אין זדונסקאַ־וואָליע טוט זיך, עס רעשט, עס רודערט זיך, און ס׳טומלט
ס׳איז ערבֿ־שבֿועות – דער טאָג פֿון מתּן־תּורה און ס׳איז קאָנטיק;
מען האָט דעם געטאָ דעם פֿאַרמאַכטן אויפֿגעעפֿנט פֿאַר גויים פֿון אַרום דאָרט
אַליין די דײַטשן מאַכן די הכנות צו דעם יום־טובֿ.

זיי האָבן ברייט געעפֿנט, אויפֿגעפּראַלט די טויערן פֿון געטאָ –
מען מעג אַרײַנגיין הײַנט אַהין, אין געטאָ, ענג און מ[י]אוס,
ס׳וועט זײַן וו[אָס] אָנצוקוקן דאָרט, גייט אַלע, גייט און זעט עס
עס שטייען גרייט שוין, גרייט אין [ס]אַמע מאַרק צען [תּליו]ת[ ]

די דײַטשן קומען פֿרײַוויליק אַרײַן אין אָפּגעצוימטן טייל פֿון שט[ע]טל,
די ייִדן האָט מען פֿון די וווינונגען מיט גוואַלד אין מאַרק ג[ע]ט[רי]בן
זיי זאָלן זען עס... שאַט! מען פֿירט זיי שוין, מען לעזט אַראָפּ פֿון [צעטל]
צען נעמען ייִדישע, צען אויסדערוויילטע, צען געצייכנט און געקליבן[.]

שלמה זשעליכאָווסקי!... עס האָט אַ קלונג געטאָן, אַ הילך געטאָן אין לופֿטן
דער ייִדישער, דער נאָמען און אין די אויערן פֿון נאָנטע און פֿון ווײַטע,
און איינער פֿון די צען האָט הויך דעם קאָפּ אַ הייב געטאָן, ווי עמעץ רופֿט׳ן –
דאָס איז ער, קוקט! איר וועט אים אויף קיין אַנדערן שוין ניט פֿאַרבײַטן!

שלמה זשעליכאָווסקי פֿון זדונסקאַ־וואָליע... קלינגט געטלעכער און שענער
אַגאַמעמנאָן פֿון מיקענע? דער באַפֿעלער איבער גאַנץ אַכאַיאַ?
אָ העלדישער דו ייִד, ביסט געטלעכער און שטאַרקער מער פֿון דעם מיקענער,
עס קוקט אַראָפּ, עס שפּיגלט אין דײַן פּנים זיך, אין ליכטיקן, הויה!

שלמה זשעליכאָווסקי – אַזאַ אַ נאָמען? צי אַ[ן] אָנהייב איז עס פֿון אַ זמר?
עס האָט פֿאַרהילכט דער מאַרק, צעקלונגען זיך אין יעדן אויער –
אָט איז ער, אָט! אָט שטייט ער אויפֿן עשאַפֿאָט ווי׳ף אַ באַלעמער,
און ס׳לײַכט די זון אויף העלער פֿון זײַן בליק, דער הימל, דער הימל בלויער...

שלמה זשעליכאָווסקי! אַזאַ אַ נאָמען, אַ נאָמען פֿון אַ ייִד, אַ נאָמען ייִדיש –
דער גאַנצער מאַרק האָט וווּנדערלעך דאָס מאָל מיט אים פֿאַרקלונגען –

שטעלט וויַין אַ כּוס אַוועק אים אויף זײַן האַנטפֿלאַך אויסגעשטרעקט און ער מאַכט קידוש,
ווער זינגט? ווער האָט אין מאַרק דאָ גוואַלדיק זיך אַזוי צעזונגען?

ער אַליין, ער האָט עס פֿאַרן טויט צעזונגען אין התפּעלות זיך ביחידות,
און ווי ניט ער אַליין, עס זינגט מיט אים דאָס גאַנצע פֿאָלק ישׂראל –
ער זינגט – און ס'זינגען פֿון זײַן קעל אַרויס אים אַלע, אַלע ייִדן,
דעריבער איז ער אויפֿגעפֿלאַמט אַזוי און איז אַזוי נתפּעל.

ער כאַפּט זיך אָבער, ניין! דער עולם זינגט ניט... עס [ה]אָט זיך אים געדאַכט נאָר
אַז די גאַנצע עדה אַרום אים דאָ זינגט מיט אים צוזאַמען,
אַפֿילו ניט די ייִדן בײַ די תּליות! און ער ווענדט אַן אויפֿגעבראַכטער
[זיך צו זיי], און [רעדט צו זיי,] אַזו[י צו זאָגן, ווערטער פֿ]לאַמע[ע]ן:

"פֿאַר וואָס? פֿאַר וואָס האָט [א]יר די קעפּ [אַראָ]פּגעלאָזן שווערע [?]
וואָס שטייט איר פֿינצטערע אַזוי, געליימטע אויף דעם פּלאַץ – דאָ?
שטאַרקט זיך, שטאַרקט אין גלויבן זיך, איר זאָלט געשטאַרקט יעצט ווערן!
ייִדן קענען נאָך חלילה, אַרײַנפֿאַלן דורך אײַך אין עצבֿות!

"ס'איז ערבֿ־שבֿועות, ייִדן! מאָרגן ווערט זי אונדז אויף ס'נײַ געגעבן,
די אַלטע אומדזערע אין פֿרייד, די הייליקע, די תּורה,
מיר אויך! מיר מערער נאָך ווי אַלע, הגם מיר וועלנ'ס ניט דערלעבן –
מיר [טאָרן] ניט, מיר טאָרן הײַנט ניט זײַן פֿאַרמרה־שחורהט.

"נאָמיר פֿריילעך זײַן! אַזוי צו שטאַרבן ייִדן, איז אַ זכיה!
ווייל אונדז! מיר קומען פֿאַרן כּלל אום, אויף קידוש־השם מיר!
ס'איז אונדזער גרויסער זכות צו הענגען אויף דער תּליה.
נאָמיר זינגען, ייִדן, נאָמיר זיך צעזינגען אין אַ זמר."

נאָך די הייליקע די ווערטער האָט ער אויפֿגעעט[ע]מט פֿרײַער,
ער האָט דעם קאָפּ דעם הערלעכן צו הימלען אויפֿגעהויבן בלויע,
און האָט אין מאַרק אין זדונסקאַ־וואָליער דאָס ליד געזונגען פֿון ירושלים:
"ירושלים, אייביקע דו... אזכּרה אלהים וְאֶהֱמָיָה –
אזכּרה אלהים – אַז איך דערמאָן זיך, גאָט –

ווײ מיר!
וְאֶהֱמָיָה – ברום איך, ווײ געשריגן...
בִּרְאוֹתִי – בעת איך זע, כָּל עִיר –
יעטוועדע שטאָט
עַל תִּילָה בְּנוּיָה – אויפֿגעבויט הויך אויף איר היגל...
וְעִיר אֱלֹהִים –
און אונדזער געטלעכע די שטאָט
די געהייליקטע פֿאַר אים –
מוּשְׁפֶּלֶת – דערנידעריקט, אָך, אָך
און ווײ געשר[י]ען
עַד שְׁאוֹל תַּחְתִּיָּה – ביז צו דער שאול־תחתיה...
וּבְכָל זֹאת – און דאָך און דאָך –
אָנוּ לְיָה –
יאָ! יאָ!
מיר זענען גאַנץ צו גאָט,
מיט אונדזער זײַן און טאָן דאָ!
וְעֵינֵינוּ לְיָה –
און אונדזערע אויגן דאָ,
די אויגן אונדזערע צו אים געוואָנדן...״

אַזוי האָט ער געזונגען, מיט אַן אויפֿגעהויבענעם אַ קאָפּ ער, מיט אַ האַלדז ער אַן אויסגעשטרעקטן ווײַט... און ס׳געזאַנג פֿון ירושלים האָט אַרײַנגעדרונגען אין הערצער אין געבראָכענע פֿון זדונסקאַ־וואָליער ייִדן ווי אַ באַלזאַם און ווי אַ טרייסט אַרײַנגעגאָסן זיך אין זיי... אַזוי האָט ער געזונגען!

און ס׳האָבן צוגעהערט זיך ייִדן, אַלט און יונג אין מאַרק, אין זדונסקאַ־וואָליע און געשטאַרקט געוואָרן, און הייס באַגאָסן זיך מיט טרערן,
און גאָט אַליין האָט דורך דער זון אַ שמייכל אומעטיק געטאָן – ס׳איז אים געפֿעלן אי שלמה זשעליכאָווסקי, אי דאָס געזאַנג ער האָט עס גערן.

ער האָט אים ליב, זײַן שלמה זשעליכאָווסקי, דעם בלאַסן דעם, דעם שלאָפֿן –
״אָ ווער פֿון אים איז מעכטיקער מער אויף מײַן גרויסער ערד דאָ?

איִם, איִם האָב איך געמיינט ווען כ׳האָב דעם מענטש באַשאַפֿן,
אָ אויסגעחלומטער דו מײַן, אויסגעבענקטער מײַנער, מײַן באַשערטער [!]

זינג, זינג, פֿאַרגיי אין זינגען זיך און וואַקס, וואַקס אין התלהבֿות![״]
ער וואַקסט, און ס׳וואַקסט מיט איִם די עדה ייִדן אַרום איִם אין מאַרק דאָרט –
שלמה זשעליכאָווסקי – ער אין גאַנצן ווי ס׳געזאַנג זײַנס איז כּלו רצוף אהבֿה,
אַן עדה ייִדן שטייט און וויינט פֿאַר איִם געטרייסטע און געשטאַרקטע.

ער וואַקסט, און ס׳וואַקסן ייִדן מיט איִם גרויס געשטאַרקטע און געטרייסטע
ווי וואָלטן זיי יעצט וועלן מיט די אויסדערווײלטע צען זיך טוישן –
אַך ווען מען לאָזט זיי... זיי וואָלטן צו די תּליות צוגעפֿאַלן דרייסטע:
״מיר ווילן אויך! מיר אַלע ד[אָ] אין [זדונסקע]־וואָל[יע] מיר זענען אַלע [קדושים״].

[דערווײַלע] קומט צו איִם, צו שלמהן צו, אַ בעסטיע בלאָנד און ווילד אַ חיה,
דער קאַרק איז רויט איִם, דאָס פּנים אָנגעגאָסן, טעמפּ – אַ מאַסקע,
און גיט אַ פּראַסק דעם געטלעכן דעם מאַן וואָס זינגט דאָס ליד פֿון ירושלים
און שלמה זינגט, ער זינגט און ווייסט ניט אַז ער ווערט געפּראַסקעט.

ער קוקט אַרויף. ער זעט איִם ניט, ער זעט ניט קליינטשיק דעם פֿאַרברעכער[,]
וואָס שפּרינגט, אַ צאַפּל־שרץ צו איִם צו און יעדעס מאָל קליין אונטער
ער פּאַטשט איִם, פּאַטשט, די פּעטש – זיי הילכן אָפּ, נאָר דאָס געזאַנג שטײַגט [העכער]
דאָס געזאַנג – אַך אומעטיק אין זײַנע בענקשאַפֿטן אַזוי, און עס דערמ[ונטערט.]

ער זינגט און ס׳זינגען אַלע קדושים מיט איִם מיט, דאָס ליד פֿון ליבע
צו דער הייליקער דער שטאָט וואָס גויים האָבן אין אכזריות פֿאַרוויסט זי –
עס קלאַפּן זינגענדיק אין האַרצן זיך און ס׳גייען זיי די אויגן איבער,
צווישן זיי אַן אָפּטריניקער איינער און איינער אַ געוועזענער בונדיסט דאָרט –

אשמנו... יאָ, מיר האָבן זיך פֿאַרזינדיקט, מיר זענען אָפּטריניק געוועזן,
מיר האָבן גוטוויליק זיך אָפּגעזאָגט, אין נאָמען פֿון אַ סך, פֿון אונדזער חלק
לעולם הזה... מיר, מיר האָבן, טיף אין אונדז, פֿאַרלייקנט אונדזער וועזן –
אָ, אזכּרה... דאָס ליד! ס׳האָט אַלעמען אונדז פֿאַרן טויט געהייליקט.

דערווײַלע האָט דער תּלין זײַנע שטריק געהייסן זיך דערלאַנגען,
און האָט די שטריק פֿאַרוואָרפֿן שטום זיי אויף די העלדזער –
צען העלדזער וואַרעמע, צען אָפֿענע פּאָר אויגן, הערצער צען אין בענקען און אין באַנג[ען]
און דערבײַ צען זײַלן אויסגעהאַמערט שטאַרק, שטיינערנע צען פֿעלדזן.

זיי שטייען גרייט, באַשלאָסן פֿעסט ווי אָדלער פֿאַרן פֿלי, גרייט אָפּצופֿליִען,
און ווענדן טרײַ, אין ל[י]בשאַפֿט צו שלמה זשעליכאָווסקין זיי׳רע בליקן –
און שלמה זשעליכאָווסקי האָט האָפֿערדיק צו אַלע זיי הויך אויסגעשריִען:
״ס׳איז ערבֿ שבֿועות הײַנט, קומט, לאָזט מיט מיר זיך, ייִדן אין אַ ריקוד!

אָט וועלן פֿאַרן טויט מיר יעצט זיך לאָזן אין אַ כּשרן אַ טאַנץ דאָ!
עס איז אונדז ווויל און גוט איז אונדז, אָט דאָ, אין מאַ[רק,] אין מיטן
מקריבֿ זײַן זיך פֿאַרן כּלל־ישׂראל, כּליל־כּליל, גאַ[נץ אין גאַנצן,]
דער חומר אונדזערער וויל׳ס ווי דער נפֿש – לאָמיר טאַנצן, ייִ[דן!״]

און ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט, אַ בויג דעם קאָפּ, אַ הויב געטאָן [אַ פּלייצע]
און זײַנע נײַן חבֿרים קדושים האָבן גלײַך מיט אים פֿאַרגלייזט [די אויגן – ]
אין דער מינוט איז צוגעלאָפֿן שלעכט דער דײַטש אַ ווילד צערייצ[טער,]
און האָט די שטריק זיי אויף די העלדזער זייערע, פֿאַרצויגן.

זינגט, ערד און הימל זינגט! זינג גאָט, זינג יוד־״קה – וואָוו־״קה
זינגט אַלע אונטן דאָ, זינגט אַלע דאָרט, זינגט אויבן –
זינגט וועלטן אַלע, זינגט דעם נאָמען שלמה זשעליכאָווסקי,
ער האָט דעם מענטש אויף דר׳ערד, דעם מענטש דערהויבן!

---

טאָ זינגט זשע אים, זינגט אים אַ ליבגעזאַנג, מענטשן
אַ ליבליד, זינגט אונטער דער זון אים!
צי האָט איר אַזעלכן אַ מאַן שוין געזען שוין?
צי האָט איר אַזעלכן געפֿונען?

[ז]ינגט זשע אַ לויבגעזאַנג לענדער און ימען,
זינגט וועלדער, זינגט היגלען און טאָלן!
זינגט זשעליכאָווסקין, דעם ייִד, זינגט צוזאַמען
מיט גאָט זינגט: ער איז אונדז געפֿאָלן!

זינגט זונען און שטערן אין אַלע עק וועלטן,
אין ליכטיקייט זינגט און אין פֿרידן,
זינגט אים, באַזינגט אים, דעם העלד פֿון די העלדן,
זינגט אים, דעם ייִד פֿון די ייִדן!

זינגט, כאָטש ער האָט ניט, ניט קיינעם אויף דר׳ערד דאָ
דערהרגעט, ניט קיינעם געשאָסן,
זינגט, כאָטש ער איז ניט געווען קיין מערדער
האָט קיין מאָל קיין בלוט ניט פֿאַרגאָסן.

ניט חרובֿ געמאַכט, ניט קיין שטאָט ניט קיין דאָרף ניט
און מיט אַ מאַשין ניט געפֿלויגן
קיין מענטש אויף קיין וועג ניט מיט באָמבעס באַוואָרפֿן
קיין שווערד פֿון איר שייד ניט געצויגן[.]

זינגט אים, [דעם העל]ד פֿון דעם אָרעמ[ע]ן שט[ע]ט[ל],
פֿון געס[ע]ל[ע]ך [ע]נגע און שמאָלע
[זי]נגט אים באַזינגט אים, אָט איז ער זעט, זעט אים,
[דעם הייליקן פֿון זדונסקאַ־וואָליע.]

# אַרײַנפֿיר 34

אַ גרויסער פֿראַגמענט פֿון אַ פֿאַרלאָרן געגאַנגענער גרעסערער פּאָעטישער שאַפֿונג, געשריבן אייניקע וואָכן פֿאַרן גרויסן גירוש. דער טייל פֿון אָריגינעלן ייִדישן טעקסט וואָס האָט זיך פֿאַרהיט, ווערט דאָ געדרוקט צום ערשטן מאָל. אין טעקסט איז קיין דאַטע נישט פֿאַראַן. די השערה איז אַז דאָס ליד איז געשריבן געוואָרן פֿרילינג 1942 (זע: כתבים אחרונים, תשכ״ט, ז׳ 370). אין אים ווערט באַשריבן אַ געשעעניש מיט אַ דײַטשן פֿליִער, אין וואַרשעווער געטאָ אויף דער גאַס, בײַ וועלכער י.ק. אַליין איז געווען אַן עדות; מיט אַ יאָר שפּעטער לערך, שרײַבט י.ק. אין זײַן פנקס ויטל: ״...אַ פֿליִער פֿון זייערע האָט געהרגעט אַ ייִד אין גאַס. האָט דער פֿליִער גענייט איינעם פֿון די ייִדן אויפֿצוהייבן <און אַוועקשטעלן> אַ פֿוס אויפֿן טויטנס בויך, רויכערן אַ סיגאַרעט און שמייכלען, שמייכלען אָן אויפֿהער ביז ער וועט אים פֿאָטאָגראַפֿירן... ער האָט אים פֿאָטאָגראַפֿירט, אפֿשר כּדי אים אַרײַנשטעלן אין איינעם פֿון דעם רוצח שטרײַכערס בלעטלעך, ער האָט אים פֿאָטאָגראַפֿירט און פֿאַרטריבן פֿון פֿאַר דעם געהרגעטן, מיטן שפּיצרוט וואָס אין זײַן האַנט, ווײַל דער ייִד האָט זיך נישט צוגעאײַלט אַוועקצוגיין און האָט נישט אויפֿגעהערט צו לאַכן. ער האָט אים <ענדלעך> פֿאַרטריבן, אָבער דאָס געלעכטער האָט זיך שוין פֿון זײַן פּנים נישט אָפּגעטאָן... אַ משוגענער און דענערווירטער געלעכטער״ (דאָרט, זז׳ 162 – 163). לויטן הקשר אין וועלכן דאָס דערציילטע ווערט געבראַכט איז קלאָר אַז דאָס ליד באַציט זיך צו אַ געשעעניש אין געטאָ, ווי י.ק. שרײַבט דאָרט – מיט 20 שורות פֿריִער: ״אייניקע וואָכן פֿאַר דעם ווי מען האָט אונדז פֿאַרשיקט מיט דער ערשטער באַן ... צום טויט, האָט מען אונדז אָנגעהויבן דערהרגענען טאָג־טעגלעך אין די גאַסן פֿון שטאָט״; ווערט אַזוי אַרום קלאָר אַז דאָס ליד באַשרײַבט אַ געשעעניש וואָס האָט זיך געטראָפֿן סוף יוני צי אָנהייב יולי 1942, מן־הסתּם אויך אויף דער קאַרמעליצקע־גאַס (זע דאָרט, און פֿאַרגלײַך אויבן מיטן ליד ״קאַרמעליצקאַ״, און אין אַרײַנפֿיר דאָרט, נומ׳ 6).

מע דאַרף דערפֿאַר אָננעמען אַז דער אָפּגעפֿונענער טעקסט איז געשריבן געוואָרן פֿאַרן 20 יולי 1942 – דער טאָג ווען מרדכי טענענבוים האָט באַגראָבן י.ק׳ס ווערק, צוזאַמען מיטן ״דרור״־אַרכיוו, אויף דזיעלנאַ 34 (זע: טענענבוים – בקר, ז׳ 112 ב׳) – ווײַל דער טעקסט איז אָפּגעפֿונען געוואָרן טאַקע דאָרט (זע: כתבים־אחרונים, תשכ״ט, ז׳ 370). דער אָפּגעפֿונענער טעקסט איז אין זײַן גרעסטן טייל, נישט דער אָריגינעלער כּתבֿ־יד (וועלכער איז פֿאַרלאָרן געגאַנגען כּמעט אין גאַנצן), עס איז פֿאַרבליבן אַ שרײַבמאַשין־קאָפּיע געמאַכט אין וואַרשעווער געטאָ. נאָר איין זײַט בלויז פֿון אָריגינעלן כּתבֿ־יד איז אָפּגעפֿונען געוואָרן. דער געדרוקטער טעקסט אין דער שרײַבמאַשין־קאָפּיע, אַנטהאַלט די פּרקים א – ח און דעם אָנהייב פֿון פּרק י״א. דאָס אָפּגעפֿונענע זײַטל פֿון אָריגינעלן כּתבֿ־יד אַנטהאַלט די פּרקים ט – י (זע פֿאַקסימיליע, אויף זײַט 657). ווי עס ווערט איבערגעגעבן אין אַ הערה צו דער געדרוקטער העברעיִשער איבערזעצונג, האָט י.ק. אויך דאָס ווערק איבערגעלייענט פֿאַרן ענגן קרײַז פֿון זײַנע חבֿרים, מן־הסתּם אויף דזיעלנאַ 34. ווי עס ווערט דאָרט דערמאָנט איז נאָך געווען אַ היפּשע צאָל פּרקים, וועלכע זײַנען ביז הײַנט נישט געפֿונען געוואָרן (זע: כתבים אחרונים, תשכ״ט, ז׳ 370).

מרדכי טענענבוים דערמאָנט דאָס ליד נישט איין מאָל אין זײַנע כּתבֿים, ווי איינס פֿון י. ק׳ס ווערק וואָס שפּיגלט אָפּ די געפֿילן פֿון ייִדן אין געטאָ. ער דערמאָנט עס מיט אַ ביסל אַ געענדערטן נאָמען ״דער ייִד וואָס האָט געלאַכט״. דאָס ליד איז, לויט מרדכי טענענבוימען, שוין געווען גרייט צום דרוק, צוזאַמען מיט ״די

קללה" (זע אויבן, נומ' 32) און "שלמה זשעליכאָווסקי" (זע אויבן, נומ' 33) – ווי אַ טייל פֿון אַן אויסגאַבע פֿון יצחק קאַצענעלסאָנס "צאָרן לידער". די אויסגאַבע איז נישט דערשינען איבער דעם גרויסן גירוש וואָס האָט זיך אָנגערוקט (זע אויבן, אין אַלגעמיינעם אַרײַנפֿיר, און אויך ביי: טננבוים, ז' 84, 120). די השערה איז אַז די פּרקים וואָס פֿעלן פֿון אָריגינעלן כּתבֿ־יד, זײַנען פֿאַרבאָרגן געוואָרן און פֿאַרגראָבן אין דער ערד פֿון קיבוץ־הכשרה פֿון "החלוץ", אין גראָכאָוו, און זײַנען פֿאַרלאָרן געגאַנגען (זע: כתבים אחרונים, תשכ"ט, ז' 363; 370. זע אויך דאָס וואָס יצחק צוקערמאַן דערציילט, אין: בשדמות גרוכוב, זז' 356 – 357).

די שרײַבמאַשין־קאָפּיע געפֿינט זיך אין י.ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות, און איז רעגיסטרירט מיטן נומ' 1027א'/KII. דאָס איבערגעבליבענע זײַטל פֿון כּתבֿ־יד, געפֿינט זיך אויך דאָרט, רעגיסטרירט מיטן נומ' KII/1027.

לויט די איבערגעבליבענע זעקס שורות פֿון פּרק י"א, אין דער שרײַבמאַשין־קאָפּיע, ווײַזט אויס אַז דער פֿולער טעקסט איז געווען פּלאַנירט אַרומצונעמען באַשרײַבונגען פֿון פֿאַרשיידענע ערטער אין דער גענעראַל־גובערניע, ווו טעראָר און מאַסנמאָרדן פֿון יידן זײַנען פֿאָרגעקומען. נאָך וואַרשע, באַשרײַבט י.ק. די געשעענישן אין דער גענעראַל־גובערניע און אין ווילנע, בעת ער פֿירט זײַן ייִד, וואָס האָט געלאַכט און איז משוגע געוואָרן, פֿון אָרט צו אָרט; דאָס איז אַ ייִד וועלכער – לויפֿנדיק אין זײַן וואַנזין, האַלט ער אין איין אַנטלויפֿן פֿון דעם פֿון וועלכן ס'איז שוין געווען אוממעגלעך זיך צו באַשיצן.

## דער ייִד האָט געלאַכט

א.

אַ דײַטש האָט אַ ייִדן דערהרגעט אין גאַס,
אַ דײַטש, אַ רויטקאַרקיקער פֿליִער,
וואָס אמת איז אמת: דער ייִד נעבעך בלאַס
איז טויט שוין געוועזן פֿון פֿריִער...

דער ייִד איז געוועזן פֿון פֿריִער שוין טויט,
ער האָט זיך קוים־קוים נאָך באַוויגן,
געשלעפּט זיך אַ סקעלעט פֿון ביינער און הויט,
אַ שיידל מיט אָפֿענע אויגן.

ער האָט אויפֿן ברוק אים אַ שטויס געטאָן האַרב,
דער טויטער – ער גיט זיך אַ וואַקל,
און פֿאַלט ווי אַ לעב'דיקער בעת ווען ער שטאַרבט,
ציט אויס זיך און ליגט אויפֿן נאַקן.

דער דײַטש איז פֿאַרבײַ אים געגאַנגען, ביים גיין
געוואָרפֿן אַ בליק אויף זײַן קרבן,
ער קערט צו אים אום זיך און בלײַבט בײַ אים שטיין:
"דער שורקע איז ענדלעך געשטאָרבן!"

ב.
ער האָט אים דערהרגעט? ניט אמת, ניט ער!
ר'איז טויט שוין געוועזן פֿון פֿריִער —
דער פֿליִער קוקט אום זיך אַהין און אַהער —
וואָס זוכט ער? וואָס וויל ער, דער פֿליִער?

די גאַס אַ פֿאַרזייטע מיט יִדן געדיכט,
ווערט שיטער, צערינט אין אַ רגע,
מען כאַפּט און מען דרייט אום אויף צוריק זיך, גיך־גיך —
"וואָס ווידער?" "אָ פֿרעג ניט, אָ פֿרעג ניט..."

אַ דײַטש וואָס געהרגעט אַ יִדן אין גאַס,
און שטיין דאָרט געבליבן אָן ציל ער...
וואָס שטייט ער? וואָס מיינט ער? צי בלוט? צי אַ שפּאַס
וואָס וויל ער? וואָס וויל ער? וואָס וויל ער?

וואָס וויל זי, די חיה, אין מענטשן־געשטאַלט?
וואָס נישטערט זי ווילד מיט די בליקן?
זי זוכט מיט אַ ציל וואָס, זוכט רויִק און קאַלט,
מיט עקשנות, און שטרענג און אַנטשוויגן...

ג.
עס האָבן ניט אַלע באַוויזן אַוועק,
און ראַטעווען זיך פֿונעם פֿײַער —
דער האָט פֿאַרטראַכט זיך, דער האָט פֿול שרעק
זיך דערנענטערט און גייט, גייט פֿאַרבײַ אים.

זיי גייען אים גליקלעך אַדורך און דער דײַטש
באַגלייט זיי מיט בליקן צערייצטע –
צי [איז] עס אַ בליק נאָר? צי [איז] עס אַ בײַטש
וואָס פֿאַלט און וואָס בריט זיי אין פּלייצע

זיי גייען אים רויִק און גליקלעך אַדורך,
אָרעמע, מאָגערע, בלאַסע –
דער דײַטש – כאָטש ער גיט זיך קיין ריר ניט, קיין שורך
איז "בייזע", דער דײַטש איז אין כּעס שוין.

נאָר אָט־אָט וואַכט אויף ער, דער דײַטש מיט אַ מאָל,
"אַ ייִד" אַך ער האָט אים דערזען שוין,
מיט בליקן אײַז קאַלטע, מיט בליקן פֿון שטאָל
עסט אײַן זיך דער דײַטש אין דעם מענטשן.

ד.
"האַלט, ידעו!" ער האָט אַ געשריי געטאָן: האַלט!
די גאַס – כאָטש אַרום אַזוי שיטער,
די גאַס האָט פֿאַרציטערט פֿון ווילדן געוואַלד,
עס האָבן די הײַזער פֿאַרציטערט.

די גאַס האָט פֿאַרהילכט פֿון דעם דונער: ["]בלײַב שטיין!
דאָ שטעל זיך אַוועק בײַ דעם טויטן,
ביסט שטאַרק און געוויקסיק, ביסט דיק און ביסט שיין,
דײַן פּנים – אי פֿריש, אי גערויטלט...

דו האָסט זיך דערשראָקן! ניט שרעק זיך, זײַ וואַך,
דו זאָלסט ניט די אויגן פֿאַרמאַכן,
דו שטעל נעבן טויטן אַוועק זיך און לאַך,
זאָלסט לאַכן! זאָלסט לאַכן! זאָלסט לאַכן!

דו שפּאַר אויפֿן טויטן דײַן פֿוס אָן... וואָס איז?
דער טויטער – ער וועט עס ניט וויסן,

אַזוי! יאָ, אַזוי... יעצט לאַך צו מיר זיס –
און וועסטו ניט לאַכן – דאַן שיס איך.[״]

ה.

דער ייִד האָט געלאַכט... ״ניין לאַך נאָך ניט, וואַרט!״
האָט דער דײַטש אַ געשריי געטאָן פּלוצלינג –
ער האָט זיך דערמאָנט וואָס – ״נאַ, נעם אַ סיגאַר!
דו רויכערסט ניט? נעם אים צום פּוץ נאָר.

נעם אים און שטעק אים אַרײַן אין דײַן מויל,
און פּיפּקע און פּיפּקע... נעם פֿײַער!
און וועסטו ניט פּיפּקען באַקומסטו אַ קויל,
איך האַלט אים, אין האַנט אים, דעם שפּײַער.

אַזוי! שטעל אַ פֿוס אים אַוועק אויפֿן בויך,
דעם קאָפּ האַלט אַ ביסל געהויבן –
פֿון סיגאַר זאָל זיך וועלבן דין־דינטשיק אַ רויך,
איך וויל מען זאָל זען עס און גלויבן...

אַזוי, אָ, מען דאַרף דיר ניט לערנען קיין סך,
איך זע שוין, דו וועסט עס מיר מאַכן,
און יעצט? יעצט דער עיקר: פֿאַרגעס ניט און – לאַך!
זאָלסט לאַכן! זאָלסט לאַכן! זאָלסט לאַכן!״

[ו.]

דער ייִד האָט געלאַכט, האָט געלאַכט, האָט געלאַכט –
אָ גאָט מײַנער, גאָט, מײַן גערעכטער!
ווער ס׳האָט ניט דעם ייִד און דעם טויטן באַטראַכט,
ווער עס האָט ניט געזען דעם געלעכטער!

דער דײַטש האָט געזען אים, דער דײַטש, ער האָט אויך
אַ שמייכל געטאָן און צופֿרידן

פֿאַרלייגטביידע הענט, ביידע הענט אויף זײַן בויך,
און אָנגעקוקט זיי, ביידע ייִדן,

דעם טויטן און דעם, דער וואָס לאַכט... ער האָט ראַש
צענומען די הענט זײַנע איידל —
געצויגן דעם קאָדאַק אַרויס פֿון זײַן טאַש,
און אָנגעשטעלט אים אויף זייביידן,

אויף אים, אויפֿן טויטן און... היי, ניט פֿאַרמאַך,
דו זאָלסט ניט די אויגן פֿאַרמאַכן!
הייב העכער דײַן פּוס אויפֿן טויטן און לאַך!
זאָלסט לאַכן! זאָלסט לאַכן! זאָלסט לאַכן!

[ז.]
דער ייִד האָט געלאַכט... אָ גאָט, גרויסער גאָט!
מען רופֿט נאָך דײַן נאָמען אויס גלייביק...
דער ייִד האָט געלאַכט און דער פֿליִער — ער האָט...
ער האָט דעם געלעכטער פֿאַראייביקט!

צום ערשטן דער פֿליִער, דער דײַטש, שפּעטער — דו!
אָ גאָט, אָ, פֿאַר וואָס זאָג שטראָפֿסטו אים?
דער דײַטש האָט געלאָזט שוין דעם ייִדן צו רו,
פֿאַר וואָס, אָ, לאָזסטו ניט צו רו אים?

דער דײַטש איז פֿון ייִדנס געלעכטער שוין זאַט,
און גאָט קען ניט אויסקומען אָן אים!
דער דײַטש האָט פֿאַראייביקט אים אין אַפּאַראַט,
און דו אויפֿן ייִדישן פּנים...

דער דײַטש שרײַט: געגאַנגען! דער ייִד לאַכט נאָך אַלץ
ער האָט אים פֿון טויטן פֿאַרטריבן —

פֿאַריאָגט מיט אַ שפּיצרוט אים איבערן האַלדז,
דאָס לאַכן איז אָבער געבליבן...

ח.

ער לאַכט, ער גייט אום אין די גאַסן און קוועלט,
אויף בלינדע, פֿאַרמויערטע וועגן,
אין גאַסן פֿאַרריגלט, אויף וועגן פֿאַרשטעלט —
און לאַכט יעדן אומגליק אַנטקעגן.

ער הייבט אויף אַ בריק זיך, אין מיטן דער שטאָט,
פֿאַרלייגט אויף אַ גאַס אַ פֿאַרמאַכטער —
ער הייבט אויף די טרעפּ זיך און לאַכט, לאַכט — אָ, גאָט,
וואָס לאַכט ער? וואָס לאַכט ער? וואָס לאַכט ער?

ער בינדט צו אויף דער "גענשיע" אַ מיידל צום סלופּ,
אַ קינד נאָך... זיי האָבן געבראַכט איר
פֿון "דרויסן" צום שיסן... זי בײַסט אים, זי צופּט,
ער בינדט זי און לאַכט... גוואַלד, וואָס לאַכט ער?

און קינדער — נײַן וווּנדן פֿאַראייטערט, געל־רויט,
און פּנימלעך נעבעך פֿאַרשמאַכטע —
ער זעט זיי זיך וואַלגערן נאַקעט אין קויט
און לאַכט... אַך וואָס לאַכט ער? וואָס לאַכט ער?

ט.

וואָס לאַכט ער? וואָס לויפֿט ער און לאַכט? אָ ניט פֿרעג!
ער לויפֿט און ער לאַכט אין זײַן טרויער —
ער לויפֿט כאָטש פֿאַרצוימט איז פֿאַר אים יעדער וועג,
פֿאַרשלאָסן פֿאַר אים טיר און טויער.

ער שפּרינגט איבער דעכער, ער קלעטערט אויף ווענט,
ברעכט מויערן אײַן ווי מיט הערנער;

לויפֿט חרובֿע שטעט דורך און געסלעך פֿאַר[ב]רענט,
ס'איז פֿול מיט אים גאַנץ די "גובערניע".

ער לויפֿט און ער לאַכט, שרומפּט אין לאַכן זיך אײַן,
קאָרטשעט אין שמאַרץ זיך – אַ חיה[,]
און קען פֿון געלעכטער, אין שרעק און אין פּײַן,
ער קען זיך פֿון אים ניט באַפֿרײַען...

ער לאַכט, לויפֿט און לאַכט, לויפֿט און ווייס [ניט] אַווּו,
רײַסט דורך זיך, דורך וואַכן און וועכטער –
ער קוקט אומעטום זיך צו אומגליקן צו
און לאַכט, לאַכט... אָ גאָט, דאָס געלעכטער!

י.
ער קוקט ניט, ער לויפֿט איבער שטיין איבער ביין,
ער לויפֿט ווי פֿון ווינטן געטראָגן,
עס יאָגט נאָך אים נאָך זיך אַ ביטער געוויין,
און קרעכצן – זיי יאָגן אים, יאָגן...

צי הערט ער ניט? זעט ניט דאָס אַלץ וואָס אַרום?
צי איז ער פֿון שטאָל און פֿון אײַזן?
ניין, ניין, ר'איז אַן עדות וואָס קוקט זיך ניט אום,
ער וויל ניט זײַן פּנים באַווײַזן,

זײַן לאַכעדיק פּנים... ניט ער האָט געטויט –
פֿאַר וואָס זשע אַנטלויפֿט ער ווי קין?
עס איז דאָס געלעכטער אין פּײַן און אין נויט[,]
ער קען זיך פֿון אים ניט באַפֿרײַען.

ער קומט און אַנטלויפֿט, און ווײַזט ווידער זיך שטום,
[ ] וואָס באַשווערט זײַן געוויסן,
[ ] ערגעץ און [ אומע]טום
[ ]

[יא.]
ער קומט יעצט פֿון ווילנע... אָ, בילדער פֿון שרעק.
אָ, בילדער פֿון גרויל און פֿון אימה—
ער זעט דאָרט: מען פֿירט אַ שטאָט ייִדן אַוועק,
זיי וועלן ניט קומען אַהיים מער.

איין ווילנערן נאָר, איר האָט, הערט אַ גליק!
קיין קויל ניט גענומען און שפּעטער

..............................................

## אַרײַנפֿיר 35

אַ פּאָעמע וועגן ייִדישער גבֿורה און וועגן דעם ייִדישן גיבור, פּנים־אל־פּנים מיטן טויט פֿון דער גאַנצער עדה ייִדן. בעת בײַ שלמה זשעליכאָווסקין (זע אויבן, נומ׳ 33) האָט די בחינה פֿון אמונה – אין זײַן גבֿורה – אַן אָנשפּאַר אין דער גאַנצער עדה ייִדן וואָס מוז צוזען זײַן טויט, וועלכער ברענגט זיי די רעטונג לויט ווי מע גיט זיי צו פֿאַרשטיין, שטייט דאָ די בחינה פֿון אמונה אין ראַדזינערס גבֿורה אויסגעטאָן פֿון יעדן אָנשפּאַר אויף דער וועלט – באשר די עדה ייִדן איז שוין דערמאָרדעט געוואָרן. דער ייִדישער גיבור איז דאָ געבליבן איינער אַליין, און ממילא ווערט זײַן גבֿורה אַנדערש באַלויכטן: שלמה זשעליכאָווסקיס קידוש־השם, איז קידוש־השם ברבים – פֿאַר די אויגן פֿון אַ גאַנצער עדה, און דאָס איז זײַן גבֿורה. דעם ראַדזינערס גבֿורה באַשטייט אין באַגראָבן מיט זײַנע אייגענע הענט די מתים, און אין פֿאַרנעמען זיך מיט פּדיון־שבויים כּדי אויסלייזן די איינצלנע לעבן געבליבענע פֿון טויטצוג. זײַן גבֿורה באַשטייט אין קידוש־ישׂראל דווקא, וואָס איז אויך קידוש־השם ווי מע קען אַרויסדרינגען פֿון דער פּאָעמע אַליין, דהיינו: קידוש־ישׂראל, וואָס איז קידוש התּורה, דורך מקיים זײַן די מצוות וואָס זײַנען פֿאַרבונדן מיט כּלל־ישׂראל, אַפֿילו בעת זייער טויט.

עס איז טעותדיק אָנגענומען, אַז געשריבן האָט י.ק. די גאַנצע פּאָעמע, נאָכן גרויסן גירוש – צווישן 15 טן נאָוועמבער 1942 און 7 טן יאַנואַר 1943 (זע: כּתבים אחרונים, תשט״ז, אין דער רשימה פֿון י.ק׳ס שריפֿטן, נומ׳ 39, ז׳ 365). אויך בײַם אַרויסגעבן צום ערשטן מאָל דעם טעקסט פֿון דער פּאָעמע אין אַ באַזונדער אויסגאַבע אין יאָר 1964, חזרט איבער די רעדאַקציע די זעלבע דאַטע (זע: דאָס ליד וועגן ראַדזינער, ז׳ [5]; זע אויך אין דער ביבליאָגראַפֿישער הערה צום טעקסט, אין: כּתבים אחרונים, תשכ״ט, ז׳ 371).

ריכטיק איז אָבער, אַז י.ק. האָט אָנגעהויבן שרײַבן ״דאָס ליד וועגן ראַדזינער״, 12 טעג פֿאַרן גרויסן גירוש – דעם 10 טן יולי 1942, ווי עס ווערט פֿון אים אַליין אָנגעוויזן אין כּתבֿ־יד, צום סוף פֿון דער סטראָפֿע ט״ו, אין ערשטן געזאַנג פֿון דער פּאָעמע. די סיבה פֿון דעם פֿאַרזען, ווי אויך די סיבה פֿון צענדליקער אומפּינקטלעכקייטן, דורכגעלאָזטע שורות און אַרײַנגעפֿירטע שיבושים אין דער אויסגאַבע פֿון יאָר 1964, זײַנען פֿאַרבונדן מיטן פֿאַקט וואָס יענע אויסגאַבע איז נישט געווען געדרוקט אויפֿן סמך פֿון אָריגינעלן כּתבֿ־יד, נאָר אויפֿן סמך פֿון אַ פֿאַרגרײַזטער שרײַבמאַשין־קאָפּיע צוגעגרייט אין ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע (זע ווײַטער, בײַם סוף פֿון אַרײַנפֿיר).

אין אונדזער אויסגאַבע דרוקן מיר דאָ, צום ערשטן מאָל, דעם פֿולן ייִדישן טעקסט, לויטן אָריגינעלן מאַנוסקריפּט פֿון דער פּאָעמע. יצחק קאַצענעלסאָן פֿאַרשרײַבט דאַטעס זעקס מאָל, אין זעקס פֿאַרשיידענע ערטער אין כּתבֿ־יד:

צום סוף פֿון סטראָפֿע ט״ו פֿון ערשטן געזאַנג – 10/7/42
צום סוף פֿון סטראָפֿע כ׳ פֿון ערשטן געזאַנג – 15/XI/42
צום סוף פֿון סטראָפֿע י״ד פֿון דריטן געזאַנג – 6/1/43
צום סוף פֿון סטראָפֿע ט״ז פֿון דריטן געזאַנג – 6/1/43
צום סוף פֿון סטראָפֿע י״ח פֿון דריטן געזאַנג – 7/1/43
צום סוף פֿון דער פּאָעמע, ענדע סטראָפֿע כ׳ – 7/1/43

פֿון די פֿאַרשריבענע דאַטעס ווערט קלאָר אַז די פּאָעמע איז געשריבן געוואָרן במשך פֿון אַ האַלב יאָר, מיט

גרויסע הפסקות. י.ק. האָט זי געענדיקט שרײַבן 11 טעג פֿאַרן דײַטשן פּרוּוו צו באַנײַען דעם גירוש, וועלכער האָט געבראַכט צום ערשטן אויפֿשטאַנד אין געטאָ – דעם 18טן יאַנואַר 1943. די פּאָעמע איז געשריבן געוואָרן אין צוויי פֿאַרשיידענע תּקופֿות מיט אַן אויפֿגעצווונגענער הפסקה אין מיטן, בעתן גרויסן גירוש (22טער יולי – 12טער סעפּטעמבער 1942). די אָנגעגעבענע דאַטעס הייבן אַרויס דעם פֿאַקט אַז אָנגעהויבן און פֿאַרענדיקט האָט י.ק. די פּאָעמע, אין ביידע תּקופֿות – געציילטע טעג פֿאַר די גרויסע מאַסן־גירושים אין וואַרשעווער געטאָ, דווקא ווען דער מצבֿ פֿון יעדן יחיד און פֿון גאַנצן כּלל איז געוואָרן אַלץ אומדערטרעגלעכער.

די קאָרעלאַציע וואָס מיר געפֿינען דאָ, צווישן שאַפֿערישקייט און אַ באַדראָטן קיום, איז אויך כאַראַקטעריסטיש פֿאַר י.ק׳ס שאַפֿן בכלל אין די אומקום־יאָרן, און נישט נאָר בײַ אים. ווי עס ווײַזט זיך אַרויס, איז עס אַן אַלגעמיינע דערשײַנונג: אין אָנבליק פֿון טויט, וואַקסט די שאַפֿערישקייט און נישט דווקא פֿאַרקערט (זע: ק ע ס ט ע נ ב א ו ם און פֿאַרגלײַך מיט דעם טיטל פֿון זײַן בוך: ״The Vitality of Death״). בײַ יצחק קאַצענעלסאָנען קומט עס בולט צום אויסדרוק, סײַ אין דער פֿאַרטיפֿונג פֿון זײַן שאַפֿן – דווקא אין די ווערק וואָס ער שרײַבט צום שפּעטסטן, און סײַ אין שאַפֿערישן אימפּעט וואָס צעוואַקסט זיך אין אים אַלץ מער נאָכן פֿאַרענדיקן די פּאָעמע ״דאָס ליד וועגן ראַדזינער״, ביז ער באַשליסט דעם 17טן יאַנואַר (איין טאָג פֿאַרן ערשטן אויפֿשטאַנד) זיך אין גאַנצן אָפּצוגעבן דעם שרײַבן און זוכט אַקטיוו אַ מעגלעכקייט צו פֿאַרלאָזן זײַן אַרבעט אין שאָפּ כּדי אויסשליסלעך זיך צו פֿאַרנעמען מיט ליטעראַטור (זע: צ ו ק ר מ ן (ת ש כ ״ ט), ז׳ 359).

אין אַרײַנפֿיר צו דער פּאָעמע, רופֿט י.ק. אָן ״דאָס ליד וועגן ראַדזינער״: ״אַ העלדנליד״. דער העלד איז ר׳ שמואל שלמה ליינער (1909 – 1942), דער לעצטער רבי פֿון ראַדזין, דער פֿינפֿטער דור רביים פֿון ראַדזינער חסידות וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פֿון ר׳ מרדכי יוסף פֿון איזשביצע, ר׳ מענדל קאָצקערס אַ תּלמיד. זײַן זיידע, ר׳ גרשון העניך ליינער האָט מחדש געווען די מיצווה פֿון ״פּתיל־התּכלת״ – נאָך גרונטיקע אויספֿאָרשונגען און וויכּוחים מיט די בעלי־הלכה פֿון זײַן דור, וועגן וועלכע ער האָט געשריבן אין אַ פּאָר ספֿרים. אין ראַדזינער חסידות איז נישט פֿאַראַן קיין בולטערער סימבאָל פֿאַר די כּיסופֿי־הגאולה דורכן קיום המיצוות לשם שמים, ווי דער ענין פֿון אָפּפֿאַרבן דעם פּתיל־התּכלת אין מיצוות ציצית. אָט דער הלכה־ענין און נאָך אַ סך אַנדערע ענינים וואָס האָבן אַ דירעקטן שײַכות צו דער גײַסטיקער און מאַטעריעלער געשיכטע פֿון ראַדזינער חסידות, ווערן דערמאָנט אין יצחק קאַצענעלסאָנס פּאָעמע. זיי ווערן באַשריבן נישט דווקא ווי ״דעקאָראַטיווע״ דעטאַלן פֿון יונגן ראַדזינער רביס ייחוס־אָבֿות, נאָר דער עיקר ווי אַן אָנדײַטונג אויפֿן ייחוס־עצמו פֿון זײַן יִדישן העלד אין דער פּאָעמע. ר׳ שמואל שלמה ליינער, דער לעצטער ראַדזינער יונגער רבי – אַפֿילו ווען ער גייט אין די שוין גרייטע דרכים פֿון זײַנע אָבֿות, פֿלײַסט ער זיך מיט די אייגענע כּוחות, בײַם צוגרייטן זיך און אַנדערע צו דער גאולה־שלמה. אין דער פּאָעמע איז דער העלד נישט קיין אויסגעטראַכטער, און אויך די פּרטי־פּרטים וואָס ווערן דאָרט וועגן אים דערציילט, זײַנען אַ טייל פֿון זײַן היסטאָרישער געשטאַלט. יצחק קאַצענעלסאָן גלידערט אַרײַן אין דער פּאָעמע, אויטענטישע מסורות און עדותשאַפֿטן וועגן ראַדזינער רבין בעת זײַן לעצטן וועג. עס ווערט אָבער געמאַכט אַ סעלעקציע פֿון פּרטים און חסידישע תּורות, ווײַל י.ק׳ס ציל איז נישט אָנצושרײַבן אַ האַגיאָגראַפֿישע פּאָעמע וועגן וווּנדער און מופֿתים בנוסח שבחי־הרבי, נאָר ווי ער אַליין דערקלערט, אַז שרײַבן שרײַבט ער אַ העלדנליד וועגן וווּנדער פֿון יִדישער גבֿורה אין קעגנזאַץ צו און להבֿדיל פֿון דער גבֿורה בײַ די אומות־העולם.

אין וואַרשע איז ראַדזינער חסידות געווען פֿאַרוואָרצלט במשך צענדליקער יאָרן, ווײַל דאָרט האָט געוווינט ר׳ מרדכי יוסף אליעזר ליינער, דער בעל ״תּפארת־יוסף״, דעם לעצטן ראַדזינער רביס פֿאָטער. נאָכן טויט פֿון

זײַן פֿאָטער, אין יאָר תרצ״ו, איז דער יונגער רבי אַוועק קײַן ראַדזין און זיך דאָרט באַזעצט. נאָכן אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער אַנטלאָפֿן קײַן וולאָדאַווע און איז שוין דאָרט געבליבן, ביז ער איז דערמאָרדעט געוואָרן – אין דער צווייטער העלפֿט פֿון חודש מאַי 1942.

אַ קורצע ידיעה וועגן ראַדזינערס טויט, דורך דערשיסן, איז דערשינען אין וואַרשעווער געטאָ, אין אונטערערדישן ביולעטין ״ידיעות״, פֿון ״דרור״ (זע: ידיעות, נומ׳ 5, דעם 2טן יוני 1942). עס ווערט אָנגענומען אַז די ידיעה איז געווען דער יסוד פֿאַר דער פּאָעמע (זע: ידיעות בית לוחמי הגיטאות, כ״ז בניסן תש״ך – אַפּריל 1960, נומ׳ 22, דאָרט – הערה נומ׳ 1, אויף זײַט 18). דאָס איז ריכטיק אין פֿאַרבינדונג מיט דער דאַטע ווען י.ק. האָט אָנגעהויבן שרײַבן די פּאָעמע, עס איז אָבער אויך קלאָר אַז פּונקט אַזוי ווי בײַם ליד וועגן שלמה זשעליכאָווסקין (זע אויבן, נומ׳ 33) אַזוי איז י.ק. געווען אויך דאָ באַקאַנט מיט די פּרטי־פּרטים פֿון זײַן היסטאָרישן העלד, אַ סך טיפֿער און ברייטער ווי עס האָט עס דערמעגלעכט די קורצע אינפֿאָרמאַטיווע דערמאָנונג אין ״ידיעות״. דערפֿאַר איז נישט אויסגעשלאָסן אַז אין בײדע פֿאַלן, האָבן זײַנע צוויי שאַפֿונגען – וועגן שלמה זשעליכאָווסקין און וועגן ראַדזינער – נישט נאָר אַ הויכן ליטעראַרישן ווערט, נאָך אויך אַ היסטאָרישן. אין זיי ווערט נישט נאָר באַשריבן די ייִדישע העלדישקייט לויט ווי יצחק קאַצענעלסאָן האָט זי פֿאַרשטאַנען און געפֿורעמט, נאָר אויך דער קערן מיט די פּרטים פֿון צוויי היסטאָרישע געשעענישן. אַפֿילו ווען עס זײַנען פֿאַראַן ביז הײַנט אייניקע לעבעדיקע עדות, ווײַזט זיך אָבער אַרויס אַז דער פּאָעט האָט פֿאַרשריבן אין זײַן פּאָעמע אויך אומבאַוווּסטע היסטאָרישע פּרטים וואָס ער האָט מן־הסתּם געהערט בײַ עדות אין זײַן צײַט, און האָט זיי טיפֿער באַנומען און פֿאַראייביקט. אַ סך איז געשריבן געוואָרן וועגן ראַדזינערס לעבן און טויט בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, און אויך וועגן דער פּאָעמע זײַנען פֿאַראַן אייניקע אָפּשאַצונגען, צוזאַמען מיט אַרטיקלען וועגן י.ק׳ס ליד וועגן שלמה זשעליכאָווסקין. אין ליכט פֿון די ביז אַהער געשריבענע אַרבעטן פֿאַרדינען י.ק׳ס אויבן דערמאָנטע צוויי וויכטיקע פּאָעמעס, אַ באַזונדערן אַנאַליז און אָפּשאַץ, זע: שיינטוך (1982).

נאָכן ערשטן אויפֿשטאַנד איז דאָס ליד וועגן ראַדזינער געווען באַקאַנט אין וואַרשעווער געטאָ. י.ק. האָט פֿאָרגעלייענט די פּאָעמע אויף אַ קונסט־אָוונט אין אַ פּריוואַטער דירה אויף נאָוואָליפּיע 58. לויטן מקור וואָס דערציילט וועגן דעם, איז קלאָר אַז דאָס איז געשען נישט פֿריִער ווי ענדע יאַנואַר 1943, צי שפּעטער (זע: פרידמן, ק., ז׳ 123).

דער אָריגינעלער כּתבֿ־יד געפֿינט זיך אין רינגעלבלום־אַרכיוו, אין ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע, רעגיסטרירט מיטן נומ׳ 350. די ערשטע ייִדישע אויסגאַבע וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין יאָר 1964 (זע: דאָס ליד וועגן ראַדזינער) באַזירט זיך אויף אַ פֿאַרגרײַזטער קאָפּיע געמאַכט אין ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע און צוגעשיקט אין יאָר 1954 צום י.ק.־אַרכיוו אין בית לוחמי הגיטאות. בית לוחמי הגיטאות האָט באַקומען די פֿאָטאָקאָפּיעס פֿון ייִדישן מקור, ערשט אין יאָר 1967. דער טעקסט ווערט דאָ פֿון דאָס נײַ דעשיפֿרירט און געדרוקט, לויטן פֿאָטאָקאָפּירטן ייִדישן מקור. איבער די פֿילצאָליקע גרײַזן און אומפּינקטלעכקייטן פֿון דער ערשטער ייִדישער אויסגאַבע, קען דער טעקסט וואָס מיר דרוקן דאָ פֿאַררעכנט ווערן פֿאַרן ערשטן פּרווו אַרויסצוגעבן אַ פֿולע און טרײַע עדיציע פֿון דער פּאָעמע.

״דאָס ליד וועגן ראַדזינער״ איז די לעצטע גרעסערע שאַפֿונג פֿון י.ק. אין וואַרשעווער געטאָ, און דאָס לעצטע ווערק זײַנס פֿון וואַרשעווער געטאָ וואָס איז צו אונדז דערגאַנגען פֿון זײַנע שאַפֿונגען פֿון פּעריאָד וואָס צווישן ערשטן און צווייטן באַוואָפֿנטן אויפֿשטאַנד (18טער יאַנואַר – 19טער אַפּריל 1943). אין די לעצטע דרײַ־פֿיר מאָנאַטן, ביזן גרויסן אויפֿשטאַנד האָט י.ק. אָנגעשריבן אייניקע לידער אויף ייִדיש און העברעיִש, וועלכע זײַנען פֿאַרלאָרן געגאַנגען.

# דאָס ליד וועגן ראַדזינער

געווידמעט מײַן חנהן.

## געזאַנג א׳

### אַרײַנפֿיר

כ׳וויל זינגען אײַך אַ העלדנליד –
אָ לאַכט פֿון מיר ניט, ברידער,
ניט וווּנדערט זיך: ווי קומט אַ ייִד
צו זינגען העלדנלידער?

העלדנלידער... יאָ, אַזוי!
וואָס האָט איר זיך דערשראָקן
אַ העלדנליד איז פֿאַר אַ גוי,
ער האָט שוין די חזקה...

גויים... זייער איז דער זיג!
זיי, נאָר זיי די העלדן!
זיי, זיי טייטן זיך אין קריג
און פֿאַרוויסטן וועלטן.

ס׳וועט אָנקומען דערפֿאַר מיר שווער,
עס טראָגט אַ ייִד שוין יאָרן
אויף זײַנע לענדן קיין געווער,
זײַן שטיוול איז אָן שפּאָרן,

ער פֿאָכעט מיט קיין שווערד ניט, ניין,
ער [לער]נט זיך ניט שיסן
און רייַן די הענט, די הערצער ריין
און ריין, ריין דאָס געוויסן...

און פֿאַרגיסט שוין בלוט אַ ייִד,
איז עס זײַנס, זײַן אייגנס,
זינג איך אײַך אַ העלדנליד
אויף גאָר אַן אַנדער שטייגער.

א.

וולאָדאַווע! אמת... יאָ, וולאָדאַווע, יאָ
אַ שטעטל אַזאַ איז אין קרוינפּוילן דאָ,
איך בין ניט געווען דאָרט, איך האָב נאָר געהערט
פֿאַראַן אַזאַ שטעטל בײַ אונדז אויף דער ערד,
דער נאָמען האָט אָפּגעקלאַפּט זיך ניט איין מאָל
אין געהער מיר מיט שטעטעלעך נאָך אָן אַ צאָל,
שטעטלעך געבענטשט און פֿאַרשאָלטן צו גלײַך,
שטעטעלעך אָרעם, אי אָרעם, אי רײַך...
שטעטלעך פֿאַרוואָרלאָזט און האָפֿערדיק אויך,
צעוואָרפֿן אין טאָלן, אויף היגעלעך הויך,
הײַזער פֿון ציגל, פֿון האָלץ צי פֿון ליים –
אַ דאגה פֿון וואָס... אַבי וואַרעם אַ היים.
ייִדן אין שכנות מיט גויים... מען האָט
איין זון אינעם הימל, אין האַרצן איין גאָט,
אַ הויכער אַ קלויסטער און ניד׳ריק אַ שול,
אַ ליידיקע קרעמל, אַ בית־מדרש פֿול,
און נאָך אַ בית־מדרש, און נאָך צוויי, נאָך דרײַ –
אַ רבֿ און אַ רבי און חסידימלעך טרײַ,
טויט די געוועלבער, די ח[ס]ידים־שטוב וואַך –
וולאָדאַווע! איינע פֿון שטעטלעך אַ סך...

ב.

וולאָדאַווע! באַקאַנט איז דער נאָמען מיר נאָר –
איך אָבער, איך קען זי, איך קען זי ביז גאָר...
אַזוי ווי איך וואָלט דאָרט אַ לעבן פֿאַרבראַכט!
אָ, לאָזט אין וולאָדאַווע אַריין מיך בײַנאַכט,
פֿירט מיך אַרײַן דאָרט און לאָזט מיך אַליין –
איך גיי... אָ, מיט אויגן פֿאַרמאַכט וועל איך גיין!
און טרעפֿן אין ייִדישן געסל – כאָטש ענג...
אַ ייִדישע גאַס איז נאָך ייִדן פֿאַרבענקט...
זי רופֿט מיך: דאָ בין איך! זי רופֿט אָן אַ קול
דאָס ייִדישע געסל – כאָטש ענג און כאָטש שמאָל[,]
איז ברייטער פֿון ברייט און איז גרעסער פֿון גרויס,
קען ענג זײַן, קען שמאָל זײַן אַ מאַמעס אַ שויס?
אַ מאַמעס אַן אָרעם נעמט אַלץ אַרום,
די עופֿעלעך אַלע און וואַרעמט זיי שטום,
איר אויג ווינקט פֿון ווײַטן: אָ קום, קום אַהער!
זי ווינקט מיט אַ הייסער, באַהאַלטענער טרער,
אָ קום... כאָטש גערונצלט, געקנייטשט איז מײַן הויט,
האַרט דער געלעגער און טרוקן דאָס ברויט,
זי רופֿט מיך, זי ווינקט צו מיר שטיל און ניט דרייסט:
"קום, זונעניו, טרייסט מיך און ווער דאָ געטרייסט!"

ג.

אַך, וולאָדאַווע, שטעטעלע אָרעם און קליין –
אָרעם און קליין? אָ, דו בי[ס]ט עס ניט, ניין!
ס'איז רײַך דײַן פֿאַרוואָרפֿענע, אָרעמע גאַס,
מיט בתּי־מדרשים, מיט תּורה, מיט ש"ס!
מיט תּוספֿותן, רשיס, רשבאס און רמבמס,
מיט שאלות־ותּשובֿותן זיס און באַטעמט,
מיט מעשׂים און מעשׂיות־צדיקים אַ סך –
און הייליק די ווערטער און איידל די שפּראַך,

וואָס לאָזן זיך הערן בײַ דיר אין געצעלט –
וולאָדאַווע, לומדישע, חסידישע וועלט!
וולאָדאַוועם לומדים, יונג, יונגינקע נאָך –
קוקט, קוקט זיי אין פּנים און זעט זייער תּוך!
איר קוקט, קוקט אין אויג זיי און זעט זייער זעל –
די אויגאַפּלען שוואַרצע, די בליקן העל העל,
די פּנימלעך בלאַסע, די פּאהלעך שוואַרץ
דער קאָפּ היציק היציק און זודיק דאָס האַרץ,
אָ, וולאָדאַוועם חסידים – ווער איז צו אײַך גלײַך?
דער רבי, ער קומט פֿון ראַדזין, דאָ צו אײַך,
דער יונגינקער רבי, שאַ... שאַ פּתח־שין!
מען זוכט אים דעם רבין וואָס קומט פֿון ראַדזין [.]

ד.

מען זוכט אים אין וולאָדאַווע אום, יאָ, מען זוכט,
און זוכנדיק זידלט מען אים און מען פֿלוכט,
ניט שרעקט פֿאַר אַ הונט זיך אַ בייזן וואָס בילט,
אַ דײַטש – אָ היט זיך פֿאַר אים בעת ער שילט!
עס רײַסן זיך דײַטשן אין "שטיבל" אַרײַן –
מיט ווילדע געשרייען: "דער 'רֶבי' זאָל זײַן!
דער הייליקער רבי... זאָגט יידן אונדז אויס –
מיר ווילן אים שיסן, דעם הייליקן בלויז...
איין ייִד אַנשטאָט אַלע! ווו איז ער? זאָגט ווו?
אײַך לאָזן מיר לעבן, אײַך לאָזט מען צו רו..."
"ניטאָ אין ראַדזין אים, דעם געטלעכן מאַן..."
"ער איז צווישן אײַך דאָ, בײַ אײַך דאָ פֿאַראַן!
ער איז פֿון ראַדזין אין וולאָדאַווע אַוועק..."
די ייִדן – זיי הויבן די פּלייצעס אין שרעק:
"ניטאָ אים דעם רבין בײַ אונדז, ליבע לײַט,
דער רבי איז טויט, שוין טויט פֿון אַ צײַט
ר'איז אַלט שוין געוועזן, ניטאָ אים שוין מער..."
"מיר ווילן דעם יונגן! דעם יונגן אַהער!

דעם רבין דעם יונגן, איר ברענגט אים אונדז גלײַך
און שטעלט איר ניט צו אים – דערשיסן מיר אײַך!״

ה.

און ס׳הערט אויס דער עולם די שרעקלעכע רייד
און רוקט זיך פֿון ״שטיבל״ אַרויס שטילערהייט
מען לאָזט זיך עס כּלומרשט אַרויס אין דער שטאָט
אויפֿזוכן אים... דעם ראַדזינער – אָ גאָט!
צײַט ס׳האָט זיך באַוויזן דער רבי דאָ – און
גאָר אַנדערש פֿאַרשײַנט האָט אין הימל די זון
די ערד האָט דערפֿרייט זיך, געקליידט זיך אין גרין [...]
דער רבי, דער רבי איז דאָ פֿון ראַדזין!
ווינטעלעך פלאַפלען, פֿרײַ־פֿריילעך און וואַך,
פֿייגעלעך פיפּסן אַראָפּ פֿונעם דאַך –
צוויטשערן פֿריילעך פֿי־פֿי און פֿי־פֿי!...
דער רבי! דער רבי! דער רבי איז הי!
דער רבי זאָל לעבן – ער ווינט אין דעם הויז –
אָ פֿייגעלעך קליינינקע – זאָגט עס ניט אויס!
אָ, ווינטעלעך לײַכטע, אָ ווינטעלעך הויל –
פלאַפּלט ניט ווינטעלעך, זשומט ניט, האַלט ס׳מויל[.]
גרעזעלעך גרינע – פֿאַרבליט און פֿאַרוועלקט!
זון הויך אין הימל – ניט שײַן אַזוי העל!
ביז עס וועט מײַדן די שרעקלעכע שעה –
זאָל ניט זײַן קאָנטיק אַז ער איז דאָ דאָ...

ו.

אָ, זאָל ניט זײַן קאָנטיק... און קאָנטיק איז פֿאָרט!
לאָזט חס־וחלילה, ניט פֿאַלן קיין וואָרט,
קיין ווונק מיטן אויג ניט, קיין מאַך מיט דער האַנט,
קוקט שווײַגנדיק צו זיך און שטומט ווי די וואַנט..[.]
וולאָדאַווע קען, זי קען האַלטן אַ סוד...

ווּ אָבער באַהאַלט מען די גרויסע גענאָד?
זי שוועבט אין די גאַסן, זי רעדט און זי רופֿט –
מען הערט זי, מען זעט זי, זי הענגט אין דער לופֿט!
זי גיסט זיך אין אויגן אַרײַן ווי אַ שײַן,
זי דרינגט אין די הערצער אין אַלע אַרײַן...
עס גיסט זיך, עס דרינגט טיף אַרײַן און אַרויס
אַ ליכטיקייט הייליק, אַן איידלקייט גרויס –
וולאָדאַווע די שטאָט – און דאָס ליכט פֿון ראַדזין!
פֿאַרשמעקט האָט דער האָניק און ווּ איז די בין?
קען רוען די שכינה אין ערגעץ ווּ דען
און גאָט – ער זאָל דאָרטן ניט האָבן געוועזן?
צי פֿאַלט פֿונעם הימל אַ ליכט אַראָפּ פֿרײַ
און גאָלדיק די זון זאָל ניט זײַן דאָן דערבײַ?
עס שוועבט גרויס אַ פֿרייד אום מיט שרעק גרויס געפּאָ!
ס'איז דאַכט [זיך] ניט קאָנטיק און קאָנטיק איז פֿאָרט."

ז.

ס'איז קאָנטיק ווי קאָנטיק ס'איז דער אין דער פֿרײַ!
דער רבי, דער רבי, דער רבי איז הי...
דער רבי זאָל לעבן, אַ יונגער נאָך גאָר
אַ דרײַסיקער, ריין ווי אַ קינד פֿון אַ יאָר.
בן־שנה – אַ יאָר אַלט איז שאול געווען
ווערנדיק מלך – מאַכט רשי: אַ בֶּן־
שלשים געוועזן איז שאול דאַן, נאָר
זיין תּמימות, איז ווי בײַ אַ קינד פֿון אַ יאָר.
אַזוי ווי דער מלך – דער רבי אַזוי:
די אויגן ווי טויבן, דער קאָפּ פֿול מיט טוי,
און גוט ווי אַ קינד, ווי אַ קינד אַזוי ריין,
ער איז ניט געקומען דער רבי אַליין,
פֿאַרשמעקט האָט וולאָדאַווע פֿון עק ביזן עק,
וולאָדאַווע האָט מיט די אָבֿות פֿאַרשמעקט,
מיט משה ואַהרן, מיט הייליקע לײַט

פֿון אַמאָל, פֿון אַ קיין מאָל פֿאַרגעסענער צײַט,
זײַן טאַטע זצ״ל און זײַן זיידע – ער אויך
זײַן תּכלית ציט נאָך זיך נאָך אים פֿון דער הויך,
אָ, אָרחות־חיים, דײַן פֿאָדעם בלוי האָט
וו׳אַ זונשטראַל פֿאַרוויקלט די גאַנצענע שטאָט.

ח.

עס ווייסן שוין אַלע אין שטאָט, קליין און גרויס,
עס זאָגט אָבער איינער דעם צווייטן ניט אויס[,]
פֿייגעלעך פּיספּסן פֿון וואָס נאָר איר ווילט,
נאָר נישט פֿון דעם רבין... און ווינטעלעך קיל
בלאָנדזשען אין גאַסן, אַרויס און אַרײַן –
ווילן וואָס זאָגן און האַלטן זיך אײַן...
– ווינטעלעך קומען, צערינען אין בלוי –
אַלץ ווייסט איר, איר ווייסט אָבער אַלץ ניט גענוי
וואָס זאָגן מען טאָר ניט און דאָס וואָס מען טאָר –
דערווײַל ווינט דער רבי דאָ קנאַפּע צוויי יאָר
קיינער אין וולאָדאַווע ווייסט ניט דערפֿון,
נאָר ייִדן און פֿייגל און ווינטן און זון...
זיי פֿרייען זיך אַלע און שווײַגן פֿאַר פֿרייד,
בענטשן זיך, ווערן געבענטשט שטילערהייט,
איינער פֿון צווייטן, און זיי, אַלע זיי
פֿון רבין וואָס ווינט דאָרטן יאָרן באַלד צוויי,
דער רבי וואָס שטעלט זיך פֿאַר וולאָדאַווע אײַן,
ווי ער וואָלט שוין כּל־ימיו אין וולאָדאַווע זײַן..[.]
אַלץ לויבט שטיל זײַן נאָמען, אַלץ לעבט אין זײַן זכות
מען ווייס עס און ס׳איז ניט פֿאַר קיינעם באַוווּסט.

ט.

צוויי יאָר שוין אַריבער, צוויי יאָר שוין כּמעט –
ראַדזין נעבעך ווייסט האָט אַן אומגליק געהאַט,

און וולאָדאַווע, איר האָט אַ גליק באַשערט גאָר!
דער רבי האַלט אויף זיך דאָרט קנאַפּע צוויי יאָר!
פוילן צעבראָכן, פֿאַרניכט און פֿאַרוויסט,
דער פֿײַנט אַ רוצח ער רויבט און דערשיסט,
די קויל האָט געטראָפֿן אויך וולאָדאַווע שווער
ער פּײַניקט פּאָליאַקן און ייִדן נאָך מער,
ווער אומשולדיק מער איז – געוויסער זײַן טויט,
און גרויס, גרויס דער [עלנט] און שרעקלעך די נויט...
אין שטוב איז אַ פּחד, אַ מורא צו זײַן –
מען דרינגט טיף אין קאַמערס, אין אַלקערס אַרײַן
בײַ טאָג און בײַ נאַכט, פֿון פֿרימאָרגן ביז שפּעט
מען רײַסט פֿונעם שלאָף אויף, מען שלײַדערט פֿון בעט,
באַווײַזט ווער אין גאַס זיך – ער קומט שוין ניט צ׳ריק!
און שטאַרבט מיט זײַן טויט ווער – אַך, וואָס פֿאַר אַ גליק!
און שוואַרצע די נעכט און נאָך שוואַרצער די טעג,
און איינס איז דאָ[ס] אומגליק און איינע די שרעק,
וולאָדאַווע אָבער – זי טרייסט זיך אין שמאַך:
דער רבי זאָל לעבן – ער האַלט בײַ איר וואַך.

י.

ער שטייט אויף דער וואַך... אַך, וואָס אייגנטלעך קען
אַ רבי פֿאַרהיטן אונדז הײַנט און פֿאַרזען?
אַ הייליקער מאַן וואָס קען טאָן ווען אַ הערשט
פֿון אַ רויבערפֿאָלק מיאוס געוועלטיקט און הערשט[?]
וואָס העלפֿט אונדז דער גרויסער, דער ייִד פֿון ראַדזין[?]
אַז אונדז האָט פֿאַרוועבט ענג און פֿינצטער אַ שפּין.
זי האָט אונדז פֿאַרוועבט און פֿאַרקלעפּט און פֿאַרמאַכט...
אָ רבי, וואָס קומט אונדז אַרויס וואָס דו וואַכסט?
וואָס קומט אונדז אַרויס וואָס דו הייבסט דײַנע הענט
צו הימלען צו הויכע, צו ווײַטע געווענדט?
זיי זענען פֿאַרשלאָסן פֿאַר אונדז ווי די ערד –
דײַן ליפּ, רבי, ציטערט, דײַן אויג איז פֿאַרטרערט...

דו ביסט עס מתפלל פֿאַר אונדז, גרויסער מאַן?
צי איז נאָך אַ רעטונג פֿאַר אונדז דאָ פֿאַראַן?
צי קענסטו די פּײַן ניט? און זעסט ניט די נויט?
די אַלטע דערהרגעט, די יונגע, געטויט...
מיר אַלע פֿאַרמשפּט צום אומקום פֿון פֿײַנט,
עס ווייסט נאָר ניט קיינער ווער מאָרגן, ווער הײַנט...
וואַכסט גרויס אין דײַן ליבע און גרויס אין דײַן גונסט
וואָס העלפֿט אָבער, אַך, וואָס דו וואַכסט איבער אונדז?

יא.

וואָס העלפֿט אונדז, אָ רבי, דײַן שטיין אויף דער וואַך!
מיר זענען געבליבן דאָ קנאַפּ פֿון אַ סך,
מיר זענען געליבן ווי גאָר ניט געוועזן –
און גאָט, אונדזער גאָט – ווי ער וואָלט ניט געזען...
ווי ער וואָלט ניט געהערט, ווי ער וואָלט ניט געוווסט –
ליידיק די גאַסן, די ווינונגען פּוסט,
מען זעט ניט קיין אַלטן, מען הערט ניט קיין קינד[,]
עס רײַסט זיך אין אָפֿענע טירן אַ ווינט[,]
זיי עפֿ׳נען אַליין זיך און מאַכן זיך צו –
ווּ זענען די ייִדן? אָ, פֿרעגט מיך ניט ווּ...
די טירן – זיי עפֿענען אויף זיך אַליין –
ניטאָ אין שטוב קיינער און מ׳הערט אַ געוויין!
מען הערט אַ געוויין און מען זעט ניט די טרער –
אַ טרער אַ באַהאַלטענע עגבערט נאָך מער! –
ווער וויינט אין דער ייִדישער היים טאָג און נאַכט[?]
מען האָט דאָך זיי אַלעמען דאָרט אומגעבראַכט[?]
דער ווינט האָט צעוויינט זיך, ער וויל דאָרט ניט זײַן
ער רײַסט ווילד אַרויס זיך, אַרויס און אַרײַן...
ער רײַסט זיך אַרויס און אַרײַן זיך מיט האַסט...
פֿון גאַס אין די שטובן, פֿון שטובן אין גאַס...

יב.

אָ רבי, דו שטייסט אויף דער וואַך – ס׳איז אומזיסט
פֿאַריתומט מײַן געסל, מײַן צעלט איז פֿאַרוויסט...
מען זעט ניט קײן אַלטן בײַ מיר, ניט קײן קינד,
מען האָט מיך אין וועגן אַוועקגעשיקט בלינד!
מען האָט מיך אַוועקגעשיקט נאַקעט אין גאַס,
אין מאַרק מיך דערשאָסן, פֿאַרגיפֿט מיך [מיט] גאַז,
אין וועלדער, אין פֿעלדער אין וויסטע פֿאַרפֿירט[,]
געפּאַקט און געפּראָפּט אין וואַגאָנעס פּלאָמבירט,
צוזאַמענגעקוועטשט מיך ווי קעפּלעך, ווי קרויט –
פּלאָמבירט און פֿאַרחתמעט, געחתמעט צום טויט,
אַלטע און יונגע צוזאַמענגעפּאָרט –
העי, מאַכט אַ וואַרע, דער טויטנצוג פֿאָרט!
און זעט אַ וואָקזאַל ער – ער לויפֿט אים פֿאַרבײַ –
ער לויפֿט אַ פֿאַרמאַכטער אין פֿעלד אַרײַן פֿרײַ [ ]
ער פֿאָרט אָן אַן אָפּהאַלט, ער שטעלט זיך ניט אָפּ
ס׳שטײַגט קיינער אַרויף ניט, ס׳גייט קיינער אַראָפּ...
ווו פֿאָרט איר, וואַגאָנען? אָ זאָגט ווו אַהין?
"צום אומקום! צום אומקום! אָן משפּט, אָן דין...
לית דין ולית דיין!" ווער קלאַפּט אַזוי קלוג?
צי קלאַפּט עס דער צוג אויס? צי ייִדן אין צוג?

יג.

דער רבי, ער שטייט אויף דער וואַך און ער היט –
און רויִק די בליקן, און זיכער די טריט,
ער איז אַזוי יונג און איז שטאַרק ווי אַ ריז –
ער איז אַזוי גלויביק און פֿרום ווי ער איז!
אָ רבי, דו ביסט דאָך – ניט רויִק, איך ווייס –
עס שלאָגט דאָך אַרויס דיר אַ קאַלטער אַ שווייס...
דו ביסט דאָך ניט זיכער, דו ביסט עס ניט, ניין!
וואָס קוקסטו זיך אום יעדע ווײַלע בײַם גיין?

און יונג ביסטו אויך ניט, ניט יונג און ניט שטאַרק,
גערונצלט דער שטערן, געבויגן דער קאַרק,
דײַן טאַטע, דײַן זיידע – ווען ביידע זיי גרויס
קומען פֿון זייערע קבֿרים אַרויס,
שטעלן אַוועק זיך מיט דיר אין איין ריי –
אָ, יונגינקער רבי, ביסט עלטער פֿון זיי!
דײַן זיידע, ער האָט דעם פּתיל־תּכלת געוועבט...
דײַן טאַטע – צי האָט ער דען איבערגעלעבט,
צי פֿאַרגעשטעלט זיך, צי זיך צוגעקוקט ווען
צו דעם וואָס זײַן זון האָט אויף דר׳ערד דאָ געזען?
אַ שוידער גייט דורך דורך די לײַבער אונדז קאַלט.
אָ, יונג אַזוי, רבי, און שוין אַזוי אַלט!...

יד.

אָ הייליקער רבי, שטייסט רויִק און וואַכסט –
דו ביסט דאָך ניט רויִק! דו מאַכסט זיך נאָר, מאַכסט
אַזוי ווי דו וואָלטסט געווען רויִק ביז גאָר
און זיכער... דו ביסט דאָך ניט זיכער, ניט וואָר!
און יונג ביסטו אויך ניט און שטאַרק שוין ניט אויך,
דו הויבסט דײַנע אויגן, די הענט אין דער הויך –
דו גלויבסט נאָך... צו וועמען, זאָג, הויבסטו די הענט?
פֿאַרברעך זיי אין צער און פּאַטש אויף די לענד!
רײַס אין פֿאַרצווייפֿלונג די האָר זיך פֿון קאָפּ,
לאָז דײַנע אויגן, די פֿײַכטע, אַראָפּ...
אָ, גלויביקער רבי, דו גלויבסט דאָך ניט מער!
ווײַז ניט דעם הימל דײַן זודיקע טרער...
ניט עפֿן פֿאַר אים דײַן צעווייטאָגטן האַרץ –
און ווײַז ניט אַנשטאָט טיף דײַן גלויבן, דײַן שמאַרץ...
זײַ מער ניט מתפּלל... אין שווײַגן פֿאַרשטום –
אָ, פֿרומער ראַדזינער, דו ביסט דאָך ניט פֿרום!
דו האָסט אים, דעם אייבערשטן דײַנעם, נאָר ליב
פֿאַרגיב אין דײַן גוטסקייט, פֿאַרגיב אים, פֿאַרגיב!...

ער קוקט זיך צום אומקום פֿון פֿאָלק זײַנעם צו –
און איז אומבאַהאָלפֿן און מאַכטלאָז ווי דו...

טו.

ער שטייט אויף דער וואַך... אויב ניט ער – זאָג, ווער
וועט עס שטיין אין דער פֿינצטערער נאַכט, בײַ דעם סטער?
פֿון צעבראָכענעם שיף? אויב ער ניט – טאָ זאָג,
ווער נאָך ווי ער, דער ראַדזינער, פֿאַרמאָגט
אַ כּח מיט אָפֿענע אויגן צו שטיין,
דעם אונטערגאַנג זען און אונטערצוגיין?
די שיף – זי גייט אונטער, ער זעט עס, ער זעט –
רבי, אָ ראַטעווע זיך אויף אַ ברעט...
אַ ברעטעלע, זע נאָר, שווימט לײַכט צו צו דיר –
כאַפּ אָן זיך אָן ברעט, שווים און פֿרעג ניט אַווּ?
די וועל – כאָטש אַ ווילדע, אָן וועג און אָן שטעג –
וועט זיכער דיך פֿירן צו ערגעץ אַ ברעג,
דו זעץ אויפֿן ברעט זיך אַוועק און אַנטלויף,
מען נעמט ווו דו קומסט נאָר מיט כּבֿוד דיך אויף!
מען וועט דיך באַהאַלטן ווי מען באַהאַלט
די הייליקע תּורה – אי הייליק, אי אַלט...
אָ רבי, ביסט עלטער און הייליקער דאָך!
דו ביסט ווי די תּורה און ביסט עפּעס נאָך...
די תּורה איז גוואַלדיק, אַ ייִד איז נאָך מער!
אָ שטיי ניט, ראַדזינער, ניט שטיי יעצט בײַם סטער.

10/7/42

טז.

איך שטיי... יאָ, איך שטיי... עס האָט ווער דאָ געלאַכט –
ווער האָט עס געזאָגט אַז איך שטיי אויף דער וואַך?...
ווער לאַכט פֿון ראַדזינער, פֿון רבין? אָ ווער!
ווער לאַכט עס און לאָזט שטיל בײַם לאַכן אַ טרער?

עס איז אַ געלעכטער געמישט מיט געוויין –
אַליין דער ראַדזינער, דער רבי אַליין
ער האָט עס געלאַכט, אויף זײַן גורל געלאַכט[:]
באַהאַלטענערהייט דאָ צו שטיין אויף דער וואַך,
און בײַלן די פּויסטן באַהאַלטענערהייט –
ער וואָלט דאָך געצויגן אַ שווערד פֿון איר שייד,
אין באַהעלטעניש דאָ, און ער וואָלט זיי, ער וואָלט
באַצאָלט די רשעים, די דײַטשן באַצאָלט...
ער בײַלט זײַנע פּויסטן און קריצט מיט די ציין –
ווער לאַכט עס און וויינט דאָ? דער רבי אַליין...
ער גיט אין באַהעלטעניש זיך אַ דערמאָן:
דאָ שטיי איך בײַם סטער – און אַ שמייכל געטאָן...
דאָ שטיי איך און היט, דאָ שטיי איך און וואַך?
דער רבי! דאָס האָט זיך דער רבי צעלאַכט,
און לאָזט שטיל אַ טרער דערבײַ הייס דאָרט – אָ, פּײַן!
אַזוי שטיין... און אַזוי אומבאַהאָלפֿן צו זײַן!

יז.

עס קומען ידיעות דאָ אָן פֿון לובלין,
פֿון דאָרטן אַהער און פֿון דאַנען אַהין...
ידיעות וואָס וואַרפֿן אין קעלט און אין היץ,
עס פֿאַלט ווי אַ דונער און שנײַדט ווי אַ בליץ,
לובלין! די געקרוינטע, די עיר און די אם,
די אַלטע, די טרײַע, די ייִדישע היים,
די שטאָט פֿונעם "ייִדן", פֿון אַלטן בית־דפוס,
יעטוועדע גמרא גיט אָפּ אונדז אַ גרוס,
דער ריח־ניחוח דערגייט דאָך ביז ווײַט,
די אַלטע די תּורה – דאָרט ווערט זי באַנײַט!
די אַלטע די תּורה און נײַ דער לבֿוש...
לובלין שיקט אַ כּלה דיר צו און דו קוש!
עס האָט זיך לובלין אויפֿן סיני פֿאַרקוקט,
שיקט אַלט דיר דעם ספֿר און נײַ דיר דעם דרוק.

לובלין! אַך, עס קומען ידיעות **יעצט** אָן –
צום רבין... וואָס טוט מען? וואָס הייבט מען אָן טאָן?
עס קומען ידיעות: לובלין ווערט פֿאַרלענדט!
דער רבי הייבט אויף און פֿאַרברעכט זײַנע הענט.
לובלין, די אַלטיִדישע, הייליקע שטאָט –
לובלין – זי גייט אונטער... אָ, ראַטעווע, גאָט!

יח.

עס קומען ידיעות – עס גליווערט דאָס בלוט –
וואָס טוט מען? ער ווייסט ניט אַליין וואָס מען טוט...
דער רבי, ער שטייט שטאַר אין ווינקל און הערט
וואָס פֿון לובלין פֿון דער ייִדישער ווערט,
וואָס פֿון די ייִדן פֿון אירע מען מאַכט –
דער רבי! דער רבי! ער שטייט אויף דער וואַך...
עס שמייכלט דער רבי, ער שמייכלט נאָך אַלץ[,]
דער שמייכל איז ביטער, די טרער איז ווי זאַלץ,
זי קאַפּעט און קאַפּעט – ער ווייסט ניט פֿון דעם,
זי גנבֿעט פֿון אויג זיך אַרויס אויף דער ברעם,
פֿון ברעם אויפֿן באַק, פֿון באַק אין זײַן באָרד –
ער שטייט אַ פֿאַרגליווערטער, שטײַף אויף זײַן אָרט
און פּלוצלינג – דער רבי שרײַט אויס אין געוויין:
רבונו־של־עולם, איך שטיי ניט אַליין!
מיר שטייען דאָך צוויי אויף דער וואַך דאָ... אויך דו
קוקסט צו לובלין זיך פֿון ווײַטנס נאָר צו...
אויך דו ביסט באַהאַלטן ווי איך דאָ... קוקסט אָן –
און קענסט פּונקט ווי איך פֿאַר דײַן פֿאָלק גאָר נישט טאָן!...
איך וואַך ניט אַליין דאָ צעווישן די ווענט –
דו אויך... און דער רבי פֿאַרברעכט זײַנע הענט.

יט.

רבונו־של־עולם, וואָס טוט מען? ער פֿרעגט
און קוקט זיך אין צווייפֿל אַרום און אין שרעק,

וואָס הייבט ער דעם קאָפּ ער צום אייבערשטן הויך?
ער אויך איז מיט אים דאָ באַהאַלטן... ער אויך
האָט פֿאַרבראָכן די הענט אין זײַן גרויסן, זײַן צער –
דער רבי קוקט ווידער אַרום זיך... קוקט שטאַר,
און שפּרינגט פֿון זײַן אָרט אויף און כאַפּט זיך בײַם קאָפּ –
ר׳איז דאָ, צוליב מיר דאָ! ער היט מיך דאָ אָפּ[!]
דו ראַטעוועסט מיך גאָר?! אָ, גאָטעניו גרויס, –
ער לויפֿט און ער עפֿנט די טיר אויף: אַרויס[!]
גיי קיין לובלין!... לובלין דאַרף דיך מער!...
וואָס בין איך לגבי אַן עדה און ווער?
אַן עדה מיט ייִדן איז בילכער... גיי, גיי
און העלף דײַנע ייִדן, און ראַטעווע זיי...
"דו טרײַבסט מיך אַרויס?" צי דאַכט זיך אים נאָר?
צי הערט ער, דער רבי, דעם קול זײַנעם קלאָר?
"דו טרײַבסט מיך..." איך טרײַב דיך! איך טרײַב דיך, יאָ, יאָ!
קיין לובלין! קיין לובלין! איך דאַרף דיך נישט דאָ...
פֿאָלגסט משה רבינוס בקשה, טאָ פֿאָלג
אויך מײַנע – זײַ גאָטעניו מציל דײַן פֿאָלק!

כ.

ראַדזינער! דו ביסט ניט גערעכט, ניט גענוג...
דו טרײַבסט דײַן רבונו־של־עולם... אין פֿלוג
קען איך אויף ערטער דאָך זײַן, אויך אויף צווײַ,
מיט דיר דאָ און דאָרט... אין לובלין דאָרט, מיט זיי
און העלפֿן אײַך אַלע... איך קען, יאָ איך קען,
און איך טו׳ס... דער ראַדזינער – ער מוז עס ניט זען...
ער איז ניט מחויבֿ צו זען אַזוי ווײַט...
טרײַבסט נעבעך אַרויס מיך... דו האָסט ניט קיין צײַט!
שטייסט נעבעך אויף הייסע אויף קוילן און ברענסט –
זאַכטע... דו טו און דו מאַך וואָס דו קענסט!
און ראַטעוועסטו צי דו ראַטעוועסט ניט –
דו ביסט מײַן געהייליקטער, מײַן גוטער ייִד!

דו שרײַסט אויף מיר אָן און דו גיסט בײַז אַ טופּ
מיטן פֿוס און טרײַבסט מיך אַרויס פֿון דײַן שטוב...
טרײַב, טרײַב אין דײַן צער מיך, ניט לאָז מיך צו רו
איך בין עס מקבל באהבֿה ווי דו...
איך אויך, איך געפֿין אין יסורים אַ טרייסט –
בעט מיך ניט, הייס מיך! כ׳האָב ליב אַז דו הייסט!
דו ביסט פֿאַר סתּם־ייִדן, און איך דאָ, איך בין
פֿאַר דעם לעתיד־לבֿוא, איך בין פֿאַר ראַדזין!

15/XI/42

סוף פֿון ערשטן געזאַנג

## געזאַנג ב׳

### א.

ראַדזין! וואָס ראַדזין? און פּשיסכע? און גער?
שטעטעלעך קליינע אין פּוילן, נישמער!
אײַ[,] די רביים? מען לייקנט עס ניט –
הייליקע ייִדן! אַ הייליקער ייִד,
איז אָבער נאָר איינער אַ ייִד און ניט מיין!
און איינער אַ ייִד – ער מעג גרויס זײַן, זײַן קליין –
איז איינער! נאָר איינער אַליין! טו און מאַך...
און ס׳קומט ניט קיין איינער צו ייִדן אַ סך!
צען ייִדן אַ מנין! און מערער אַ שטאַם!
און פֿאַר צוועלעף שבֿטים שפּאַלט זיך אַ ים!
און גאָט ברוך־הוא לאָזט אַראָפּ זיך צו זיי,
און גיט זיי אַ תּורה און לוחות זיי צוויי,
און פֿירט זיי אין מדבר און גיט זיי אַ לאַנד,
זיי בלאָזן אין שופֿרות און ס׳פֿאַלט אײַן אַ וואַנט!
און גייען געהייליקט אַרײַן אין דער שטאָט –
און רירן ניט, גאָרנישט, דאָס אַלץ איז פֿאַר גאָט!

עס זינדיקט נאָר עכן, נאָר איינער אַליין –
און איינער אַ ייִד – ער מעג גרויס זײַן, זײַן קליין –
איז איינער! און מעג ער זײַן שטאַרק צי זײַן שוואַך[...]
געבענטשט זאָלן ייִדן זײַן, ייִדן אַ סך!

ב.

ראַדזין! וואָס ראַדזין? יאָ, איך טאַקע בין
אַ רבי אין שטעטל געווען, אין ראַדזין...
מײַן שטאָם ווי דאָס שטעטל: אי אַלט און אי פֿריש,
איך האָב דאָרט דעם טאַטנס געפֿירט אים, דעם טיש.
דעם זיידנס פּתיל־תּכלת, דעם פֿעדימל בלוי
געצויגן... איך וואָלט אים געצויגן אַזוי
דעם דינינקן שנירל, דעם ליכטיקן פּתיל –
געווען איז עס אָבער ניט דאָס וואָס איך וויל...
עס איז אין ראַדזין מיר געווען צו ענג –
ס'אי[ז] ניט דאָס וואָס איך וויל און נאָך וועלכן איך בענק...
אָ, די קליינע ראַדזין איז לגמרי ניט קליין,
און חסידים – אָ, גיט קיין עין־הרע ניט, ניין!
ראַדזין האָט פֿון יאָרן אַ סך שוין פֿאַרשמט,
מען קומט מיט דער באַן, מיט דער פֿור פֿון דער פֿרעמד,
מען קומט קיין ראַדזין פֿון דער גאַנצענער וועלט –
חסידים... עס האָבן מיר ייִדן געפֿעלט!
טײַערע חסידים און טרײַע... נאָר ווער
איז פֿון זיי מערער? אַ סתם־ייִד איז מער!
חסידים – אַ סך כאָטש און גרויס כאָטש אין צאָל –
ייִדן – מיר אַלע, מיר דאָ, מיט אַ מאָל!

ג.

ראַדזין! וואָס ראַדזין ? אָט די וואַרשע! זי! זי!
דער רבי פֿאַרציט זײַנע ליפּן, און – פֿי!
דער רבי האָט, דאַכט זיך, אַ פֿײַף געטאָן שטיל,

אַ פֿײַף געטאָן: װאַרשע! אָט װאָס איך װיל!
דער רבי, ער גיט זיך פֿאַרשעמט באַלד אַ כאַפּ–
האָט טאָמער געהערט װער... נו, אַרט עס מיך קנאַפּ[...]
װאַרשע – װי רחל ולאה, אַ שטאָט–
און צו די אמהות געגליכן, זי האָט
אַ ייִדישן פֿאָלק אין איר בויך! װי אין װיר
שװיבלט און גריבלט פֿון ייִדן אין איר...
ייִדן אין היטעלעך, היטלען און היט –
ניטאָ, ניט קיין חילוק – אַבי נאָר אַ ייִד!
זיי מעגן ניט פֿרום זײַן, זיי מעגן זײַן פֿרום –
ייִדן! דער רבי – ער קוקט זיך אַרום...
אַ מימרא צו שאַרף – הְם... פֿאַרשאָדט אָפּט, פֿאַרשאַט,
נאָר... ייִדן – אַ ייִד מעג זײַן האַלב שוין געשמדט
איז אַ ייִד! יאָ אַ ייִד! נו, װיל איך אַזוי!
אַ האַלבער אַ ייִד װעגט איבער אַ גוי...
איין שפּרונג אין אַ קדושה װעגט איבער זײַן טאַנץ,
אַ גאַנצער אַ גוי איז לגמרי ניט גאַנץ...

ד.

אַ גאַנצער אַ גוי איז ניט גאַנץ דאָך, אים פֿעלט
אין פּיין די צעבראָכנע, חרובֿע העלפֿט...
עס פֿעלט אים צעװייטאָגט אַ האַרץ, עס פֿעלט שװער
אַ געמיט אים... צי גיט ער, דער גוי דען אַ קלער
פֿאַרן יריד װי דער ייִד פֿול מיט זאָרג?
ער שפּאַנט אײַן זײַן פֿערדל און פֿאָרט אויפֿן טאָרג!
עס פֿעלט אים דעם גוי גרויס אַן אומגליק... גאָט שי[ק]
אַן אומגליק אויף מיר... נאָך אַן אומגליק קומט גליק!
ניט געדינט האָט אַ גוי אין מצרים, דערנאָך
באַפֿרײַט ניט געװאָרן... ער טראָגט ניט קיין יאָך,
ער ברענט ניט קיין ציגל, ער קנעט ניט קיין ליים,
און הייבט ניט די אויגן אין בענקשאַפֿט אַהיים...
– כאָטש זיס איז דאָס שטאַרבן אויף קידוש־השם –

אַ גוי וויל ניט וויסן און ווייס ניט פֿון דעם.
עס איז ניט פֿאַרטריבן געוואָרן מיט שאַנד
אַ גוי פֿון זײַן חרובֿ געוואָרענעם לאַנד —
ער איז ניט געגאַנגען אין גלות פֿאַרשעמט
און ווערט ניט געפּײַניקט אומזיסט אין דער פֿרעמד!
עס פֿעלן אים צרות, עס פֿעלן אים קלאָג —
אַ האַלבער אַ ייִד האָט דעריבער מער וואָג!

ה.

אַ גוי — לײַכט זײַן טראַכטן, זײַן לשון איז שווער,
לײַכט אין מחשבֿה און רירט זיך — אַ בער.
— אַ שווערער אין אויסדרוק און לײַכט אין געמיט
צי האָסטו אים קומען געזען צום יאַריד?
ער זיצט אויפֿן פֿור מיטן שטרוי ווי אַ בלײַ —
און ייִדן, זיי רינגלען אַרום אים און שרײַ׳ן,
און אַלע אין איינעם, און אַלע זיי גלײַך,
און הויבן דעם מקח און מאַכן אים רײַך.
דער ז׳מוסיף אַ רענדל, דער אַנדערער צוויי...
דער גוי ווערט נתעשר פֿון בינטעלע היי,
פֿון הינדל אין שטײַג, פֿון קאַרטאָפֿלע אין זאַק,
אַ ייִד האָט ליב קויפֿן און צאָלן געשמאַק.
נאָך גוט וואָס ער איז ניט קיין סוחר, דער גוי!
ער נעמט צו דאָס געלט מיר און גיט ניט דעם שטרוי[...]
נאָך גוט וואָס ער מאַכט מיט די הענט ניט אָן ענד —
דער ערל — ער האָט דאָך אַ האַק אין די הענט...
ער וואָלט דאָך אַ מענטשן געהרגעט אין ברען
פֿון געשפּרעך, — און ער וואָלט דאָך ניט שולדיק געווען!
ווײַל דעם וואָס ער היט זיך געניט און געפּרוּווט
פֿאַר אַ גוי ווען ער מאַכט מיט די הענט אין דער לופֿט...

ו.

אַ גאַנצער אַ גוי איז ניט גאַנץ דאָך, ער איז
ווי זײַן קלויסטער, אי גרויס און אי מעכטיק – אַ ריז.
ער איז ווי זײַן קלויסטער, פֿאַרריסן און שטאָלץ
האַרט ווי זײַן מויער און שטײַף ווי זײַן האָלץ.
זיי טראָגן דעם צלם פֿון גאָלד אויף דער ברוסט
פֿון דרויסן געפּוצט און פֿון אינווייניק פּוסט...
אינווייניק טונקל און דרויסן אַ גלאַנץ,
דער גוי ווי זײַן קלויסטער – זיי זענען ניט גאַנץ.
עס רעדט ווער אַ פֿרעמדער פֿון קעל אים אַרויס
און קאַלט איז די תּפֿילה אין קאַלטן אין הויז...
וו׳אַ ווידערקול הויל פֿון אַ פּוסטער אַ פֿאַס –
ניט זײַנע די ליבע, ניט זײַנער דער האַס...
דו הערסט אים וואָס ריידן און ווייסט ביַי אים באַלד
צי קומט ער פֿון גלח? פֿון שענק? צי פֿון וואַלד?[...]
אַ גוי ווי זײַן קלויסטער, אַ ייִד ווי זײַן שול!
פֿון דרויסן פֿאַרוואָרלאָזט און אינווייניק פֿול!
קוק אָן דעם בית־מדרש און קוק אָן זיך אַליין –
איר בײדע אַ חורבֿה פֿון דרויסן און קליין,
עפֿן אַ טיר אויף און קום, קום אַרײַן–
אַ שײַן האָט דיך וואַר׳ם פֿאַרפֿלייצט, גרויס אַ שײַן!

ז.

וואַרשע! אָ גרויסער בית־מדרש אין פֿרייד!
אין גאַסן אין אַלע, אין סקווערן פֿאַרשפּרייט,
אין הויפֿן, אין קעלערס, אויף בוידעמער הויך[!]
פֿילט זיך דײַן אָטעם, דײַן וואַרעמער הויך...
די ייִדישע וואַרשע, די גאַנצע די שטאָט –
איין גרויס בית־מדרש! נישט דווקא פֿאַר גאָט,
ר׳איז מער פֿאַר זײַן ייִד, פֿאַר זײַן טעגלעך געברויך[...]
די שכינה – זי רוט דאָרט, אַוודאַי, זי אויך!

דער ייִד איז דאָרט אָבער דער עיקר, דער תּוך!
ס׳אַ הויז ניט פֿאַר שבת, ס׳איז מער פֿאַר דער וואָך!
דו קום נאָר אין דעם מקום־קודש אַרײַן,
פֿאַרגין זיך אַ טאָג אין דער וואָכן דאָ זײַן,
און קוק צו דעם וואָכנטאָג דאָרטן זיך צו[:]
גיי לאַנגזאַם פֿאַרבײַ זיי... בלײַב שטיין ווו ניט ווו[,]
דעם וואָרף מיט די הענט זע, דעם מאַך מיטן קאָפּ –
איינער דעם אַנדערן שווערט און נאַרט אָפּ...
דו נאָר, ניט שרעק זיך, און צינד זיך ניט הייס...
כ׳בין מתּיר די שבֿועה! נו, נו... ניט קיין בייז!
אײַ־אײַ... זיי געגנאַרן! דער יענעם, דער דעם!
צי האָט, חס־ושלום, געהרגעט ווער וועם?

ח.

כ׳האָב ליב אַ בית־מדרש און נישט. נאָר צוליב
דעם אָרון־קודש דאָרט האָב איך אים ליב,
און ניט פֿאַר דער תּורה געקרוינט און געהילט
אין זײַדענעם מאַנטל... איר זאָגט וואָס איר ווילט!
בײַ מיר, אין מײַן אַלקער – איך האָב דאָרטן שטיין
אַ ריינקייט־הייליק – און ס׳איז ניט, אָ, ניין,
ס׳איז ניט קיין בית־מדרש! די תּורה... יאָ, יאָ [–]
כּבֿודה במקומה... נאָר אויב ס׳איז ניטאָ
אַן עדה מיט ייִדן בײַ מיר אין מײַן שטוב,
דער שטייט ניט, דער גייט ניט, דער גיט ניט קיין שטופּ,
דער נעמט ניט אַרויס פֿון דער ספֿרים־שאַנק וואָס
און לערנענדיק ברומט ער נישט אונטער דער נאָז
אַ ניגון... מען הערט אין אַ רעדל קיין נײַס,
אַ דאַוונער פֿאַרוואַרפֿט ניט זײַן טליתל ווײַס
בײַ זיך אויפֿן אַקסל און גורט ניט די לענד,
מען שטייט ניט בײַם כּיור, מען ווישט ניט די הענט,
מען זאָגט ״אשר יצר״ ניט, מען קוקט זיך ניט אום,
מען זוכט ניט פֿאַרבענקט אַ גמילות־חסדל שטום

און קיינער פֿאַרקויפֿט ניט און קויפֿט ניט קיין הויז –
איז׳ס ניט קיין בית־מדרש! עס איז ניט קיין קלויז.

ט.

די תּורה!... אַוודאי... ניט איך און ניט דו –
די תּורה! די תּורה! עס ווענדט זיך נאָר ווו,
און בײַ וועמען די תּורה הקדושה שטייט אײַן –
מעג׳ס זײַן אויף אַ בוידעם, אין קעלער מעג׳ס זײַן,
אין זאַל, אין אַ פּאַלאַץ... דער עיקר איז: טאָן
דאָס וואָס זי זאָגט אונדז, אונדז אַלעמען אָן,
אַליין פֿונעם הימל און איז פֿאַר דער ערד –
ווייל אונדז וואָס אונדז איז די תּורה באַשערט!
אַליין איז זי שבת און רעדט דבֿרי־חול –
ניט שטײַגט אויפֿן סיני, מען הערט זי אין טאָל...
זי האָט אונדז דערהויבן און זי איז אַראָפּ,
דער עיקר: היט אָפּ זי! די תּורה היט אָפּ! [–]
איר הערט זיך נאָר צו גוט, און נאָך אַ מאָל, נאָך –
און ס׳מישט זיך דער שבת אויס איינס מיט דער וואָך...
די וואָך ווערט דערהויבן, דער שבת – ער אויך!
עס דאַרף אים דעם תּיקון אויך האָבן די וואָך...
די וואָך ווערט דערהויבן, דער שבת – ער אויך!
עס דאַרף אים, דעם תּיקון, אויך האָבן די הויך...
די הויך האָט אַ תּיקון באַקומען דורך אײַך –
ווייל, אָרעמקייט, דיר, בײַם מתקן זײַן רײַך...
אַרײַן איז דער שבת אין וואָך – זײַט געבענטשט!
אַריין ווי גאָטס אָטעם אין ערשטן, אין מענטש!

י.

איין שבת איז שקול כּנגד אַ וואָך –
נאָר גזשיבאָוו און טוואַרדאַ און גענשאַ – וואָס נאָך?
סמאָטשע! געבענטשטער געזשום און געברום,

איך ווער דאָרטן בטל, איך קום דאָרטן אום.
איך ווער ניט, ווער בטל בשישים און מער –
אַ גאַס פֿול מיט ייִדן – וואָס בין איך און ווער?
אַרויף מאַרשאַלקאָווסקאַ און העכער אויף לעש,
דאָרט בין איך אַ רבי געוועזן, אַ יש!
ניט אָפּגעמעקט האָט מיך, חלילה־וחס,
און מיך ניט פֿאַרלייקנט די גוייִשע גאַס...
בײַ גוים אַ רבי, בײַ ייִדן – ניין, נישט!
כ'האָב ליב זײַן מיט ייִדן פֿאַרמישט, אויסגעמישט...
אַ ייִד דאַרף קיין רבין... ער קען זיך אַליין
מיט זײַן רבונו־של־עולם פֿאַרשטיין...
די תּורה – די זעלבע, די תּפֿילין די פּאָר,
די זעלבע גמרא – ניט אַנדערש קיין האָר
אַ שווערע הלכה טרעפֿט – ר'גיט זיך אַ קוועטש
און נאָך און באַקומט זי... וואָס טויג אים אַ געטש?
און מיך פֿרעג: וואָס טויג מיר, דער כּבֿוד וואָס טויג?
וואַרשע! אָ שוואַרצאַפּל דו, פֿון מײַן אויג.

יא.

ייִדישע וואַרשע – וואַרט... כ'וואַש זיך די הענט –
געבענטשט זײַ די שעה וואָס איך האָב דיך דערקענט,
איך האָב זי דערקענט און געבענטשט איז די שעה –
די ייִדישע וואַרשע – קיין צווייטע ז'ניטאָ!
איך קען ניט קיין צווייטע – כאָטש גרויס איז זי, גרויס!
ניט מישט מיט דער ייִדישער וואַרשע זי אויס...
ווען כ'בין צו די גוים דאָרט זעלטן אַראָפּ –
האָב איך אַ שטרײַמל געהאַט אויף מײַן קאָפּ,
בײַ מיר אין דער היים, צי אין גאַס, צי אין שטוב
האָב איך אַ היטל געטראָגן... כ'האָב ליב
אַ היטל אַ ייִדישס... ס'איז לײַכט און ס'איז קליין,
און ס'טראָגן עס ייִדן – דערפֿאַר איז עס שיין!
דערפֿאַר איז עס הייליק... איך וויל אײַך זײַן גלײַך!

מיטן האַרץ, מיטן אויסזען געגליכן צו אײַך,
איך וויל ניט דער ווײַן זײַן בײַם שיכּור אין פלאַש,
קיין גאָלדענער רענדל בײַם עושר אין טאַש,
איך וויל זײַן געזאַלצן אַ טראָפּן אין ים —
מען דאַרף עס צו זײַן אויף צו וויסן דעם טעם...
וואַרשע! ווי דוד זײַן ציון געװוי
איך וואָלט אויך מײַן וואַרשע באַזונגען אַזוי...

יב.

וואַרשע! עס בענקט זיך נאָך וואַרשע... איך בענק
נאָכן נאַלעווקער הו־האַ, צום גענשער געדרענג,
און מוראַנאָוו! דזשיקע! און מילע — אַ רוף!
איך מיש זיך דאָרט אויס מיטן עולם... גיי זוך!
באַווײַז מיר אַ קונץ: זוך מיך אויף און געפֿין!
דו קענסט ניט! דו ווייסט ניט, מײַן ייִד, ווו איך בין...
דו קענסט ניט, דערקענסט ניט מײַן חסידל טרײַ,
דערקענסט ניט דײַן רבין... איז מאי כּולי האי?!
איז וואָס איז דער חילוק? דערקענסט ניט — איז ניט!
דו כאַפּ פֿאַרן האַנט אָן יעטוועדערן ייִד,
טו אָן אים אַ שטרײַמל, אָ, חסידל מײַן,
און זאָל ער אַ רבי, מיט מזל, דיר זײַן!
דו פֿרעג נאָר ניט וואָס אים און פֿרעג אים ניט ווי?
טו אָן אים אַ שטרײַמל, אַ גאַרטל פֿאַרצי
ער מעג זײַן אַ שנײַדער, אַ שוסטער אָקאָרשט —
ניט פֿרעג וואָס געווען ער איז נעכטן, ניט פֿאָרש,
ניט פֿרעג אויף זײַן האַנדל, ניט פֿרעג אויף זײַן טאָן —
כאַפּ אָן יעדן ייִדן אין גאַס, כאַפּ אים אָן,
און רוף אים הויך: רבי! ער איז עס אין תּוך —
רוף: רבי אים, רבי! און גיי נאָך אים נאָך.

יג.

וואַרשע! איך מיין טאַקע וואַרשע, איך מיין
דעם ייִדישן אָנבליק, דעם ייִדישן חן
וואָס ליגט אויסגעגאָסן אויף אַלץ מיט אַנאַנד[,]
און דווקא אין דרויסן... אַ שטיין פֿון אַ וואַנט
רופֿט דאָך הויך: קדוש! אַ שטיין, יאָ אַ שטיין
האָרך, האָרך: — פֿאַרשטייסט ייִדיש? אָט וואָס איך מיין!
דאָס הייסט: אַז אַפֿילו אויף שטיינער פֿון ברוק
רוט זי, די ייִדישע שכינה... קוק, קוק
און פֿריי זיך, און שאַר זיך און רײַב זיך אָן זיי,
זיי זענען ווי ייִדן — עס טוט זיי ניט וויי...
אַ ייִד אַז דו רײַבסט זיך אָן אים — איז ווויל דיר,
און ווויל אים... טאָמער האָט ווער פֿון אײַך אַ געשוויר,
אַ ווּנד צי אַ בלאָטער באַהאַלטן, ווי גרויס —
פּלאַצט עס פֿון זיך עס און אייטערט זיך אויס
אייטערט זיך אויס טיף אין אַרבל געהיים —
אײַלט זיך ניט ייִדן פֿון גאַסן אַהיים...
איר האָט זיך אַ ריב געטאָן און ווי זיך באַהעפֿט,
באַקענט זיך, באַקענט זיך און מאַכט אַ געשעפֿט!
אַמפּערט זיך! ס׳שאָדט ניט, עס טריקנט די ווּנד,
איר קומט אַהיים ביידע אי פֿריש, אי געזונט.

יד.

אַמפּערט זיך, קריגט זיך! עס שאָדט ניט קיין האָר!
צי מאַכט איר אַ מסחר? איר לערנט דאָך גאָר!
צי האָט עס דער מקח־וממכּר פֿאַרשײַט —
צי גאָר די גמרא, דערוועקט אים, דעם שטרײַט?
איר שפּרינגט אויף פֿון בענקלעך, איר קוקט זיך בייז אָן,
איר מיינט אַ הלכה צי געלט אַ מיליאָן?
נאָר וואָס איר זאָלט האָבן, איר ביידע געמיינט —
אַ שקלא־וטריא צי תּורה — אַלץ איינס!

איר הייבט דאָך די פֿויסט ניט, איר גיט נאָר אַ דריי
מיט אײַערע פֿינגער די גראָבע, די צוויי
און ברענגט די "והאָ־ראַיה", און לערנט דעם פּשט...
אַלץ איינס צי אַ מסחר, צי גמרא אַ בלאַט!
דער זעלביקער ניגון, דער זעלביקער טאָן,
איר שפּרינגט פֿון די בענקלעך, איר קוקט זיך בייז אָן.
איר מישט באַלד דעם דין אויף, איר ברענגט אַ באַווײַז,
איר כאַפּט פֿאַר דער אייגענער באָרד זיך און רײַסט,
עס העלפֿט ניט, דער צד־שכנגד האַלט קאָפּ,
און וויגערט... איז תּיקו! דער כּעס גייט אײַך אָפּ,
ס'געשעפֿט איז געמאַכט און נאָך יעדערנס ווונטש —
רופֿט מיך צום "שהכּל" מיט אײַך, צו דעם פּונטש.

טו.

אַ פּונטש... יאָ, מאַך גיכער שהכּל און כאַפּ'ס
און לײדיק אים אויס דעם געוואַרעמטן שנאַפּס,
כּל־זמן ער איז וואַרעם טרינק אויס אים, דעם כּוס!
כ'האָב איין מאָל געפֿרעגט מײַנס אַ חסיד: פֿאַר וואָס
וואַרעמען אַ משקה? פֿון אַ קאַלטס — ווי איך ווייס
פֿון אַ קאַלטן טרונק בראָנפֿן ווערט אויך דאָך אונדז הייס!
מײַן חסיד — אַ וואַרשעווער טאַקע, בײַ זיך
אין זײַן וואַרשע, זײַן היים — ער ענטפֿערט ניט גיך,
ער יאָנקעט זיך, יאָנקעט זיך... "רבי, מה־דאָך,
אַ קאַלטס... יאָ, עס וואַרעמט, יאָ... מערער אונדז נאָך
משקה אַ כּוס מיט אַ וואַרעמען הויך...
ייִדן, סתּם־ייִדן, טרינקען דאָך אויך,
דער "שהכּל" איז אָבער פֿון אַנדערן מין...
ס'איז ניט דער "שהכּל" וואָס בריט פֿון ראַדזין![״]
וואַרשאַווער! שרײַט אויס דער רבי — , ניט רייד
אויף ייִדן, אויף סתּם־ייִדן... ס'דאַרף ניט די פֿרייד
ווערן געוואַרעמט ווי יויך אויף דער פּליט!
נעם דיר דײַן פּונטש!... ווי סתּם, סתּם אַ ייִד

טרינק קאַלט איך אַ גלעזעלע פּשוטן ײ״ש –
אַ האַרץ, אויב אויף קוילן געוואַרעמט, ווערט אַש...

טז.

וואַרשע! די ייִדישע וואַרשע, אַ ייִד
ברענט אין די גאַסן אין אירע און בריט...
עס דוכט זיך: ער בריט... גענען נאָר, גענען
ווי משה צום סנה... האָסט דעם סנה דאָך דערזען!
נאָר איידער דו קומסט נענטער צו צו אים – זע:
ער גייט דיר אַנטקעגן – דו אויך ביסט אַ סנה!
מאָגער – אַ דאָרן און טרוקן – אַ שטאַם,
אײַך פּלאַמען די אויגן – דער הייליקער פּלאַם!
ער ברענט נאָר און בריט ניט... ער פּלאַקערט אויף שטאַרק
באַלײַכט אַ שטיק שטאָט ווי דער סנה אַ שטיק באַרג...
דו שטעל אין זײַן ליכט זיך און קוק זיך גוט אײַן,
קוק זיך אויף וואַרשע אַרום אין זײַן שײַן,
און וויס און פֿאַרשטיי אים, דעם טײַטש, וואָס באַטײַט,
פֿונעם פֿינטעלע ייִד אינעם לויף פֿון דער צײַט...
דעם נצח־ישׂראל אין יעטוועדער וויסט –
און ווייס און פֿאַרשטיי דו אַליין, ווער דו ביסט!
דער ייִד פֿון אַ מאָל איז דאָך דער וואָס פֿון יעצט
אין מוקדם ומאוחר – די ערשט ווי די לעצט!
די ווײַטע די ערשט ווי די לעצט פֿונעם ייִד –
וואַרשע! די גאָלדענע, ייִדישע מיט!

יז.

האַנדלט און מאַכט אַ לחיים, איר מאָגט!
אַ ייִד אַז ער האַנדלט און טרינקט – ווי געזאָגט
איז ווי ער וואָלט לערנען די תּורה געשמאַק –
האַנדלט מיט חשק און טרינקט מיטן קנאַק!
דינגט זיך בײַם קויפֿן, אַזוי בײַם פֿאַרקויף –

אַ גראָשן אַראָפּ און אַ גראָשן אַרויף...
וְהָגִיתָ בָּה יוֹמָם וָלָיְלָה – אַזוי
אויך ביַי אַ משׂא־ומתן, געניוי!
האַלט נאָר ניט שטאַרק פֿון ממקומו לא מש –
מאַך דעם סך־הכּל... נישקשה... נישקָש'[...]
די פּאַליצע לײדיק און פֿול איז די טאַש –
רוף מיך, איך קום צו דיַין פֿלעשעלע יי"ש!
רופֿסט אויף אַ חתונה מיך, אויף אַ ברית,
רוף אויך נאָך אַ מסחר מיך, רוף מיך... וואָס איז?
וואַרשאַווער! אַלץ וואָס איר מאַכט, וואָס איר טוט,
איז הייליק, געהייליקט, איז וויל און איז גוט!
אַהער די פֿלאַש משקה! דער פּראָפּן זיצט טיף –
איך שטעל אויף דער האַנטפֿלאַך אויף מיַינער זי שיף
און שיס... אָ ניט זוך אים, דעם פּראָפּן, צו וואָס?
די פֿלאַש איז שוין אָפֿן און פֿול שוין דער כּוס.

יח.

איך עפֿן זי ליַיכט די פֿאַרפּראָפּטע, די פֿלאַש,
ליַיכטער נאָך עפֿן איך אויף איַיער טאַש!
איך דאַרף זי ניט עפֿ'נען... ז'איז אָפֿן געווען!
איידער איך זאָג עס איַיך – איז עס געשען!
ניט איר האָט דעם גוטן געשעפֿט אים געמאַכט,
יתומימלעך עלנט און קראַנקע פֿאַרשמאַכט!
אין די תּלמוד־תּורהס, שפּיטעלער – אַהין,
דאָרט איז געפֿאַלן דאָס גרויסע געווינס...
געפֿאַלענע, יורדים פֿון הי און נישט הי –
אויפֿגעריכט זענען געוואָרן נאָר די!
אַז איך בין געקומען אַראָפּ צום גלאָז וויַין –
די טיר נאָר געעפֿנט צו איַיך און אַריַין,
איך טרעף ביַי דעם טיש דעם געגרייטן, ביַי איַיך –
אָרעמע ייִדן... מער אָרעם ווי ריַיך...
פֿאַר ריַיך איז דער הערינג, פֿאַר אָרעם די פֿיש!

וואַשט זיך, לאָזט וווילגיין זיך אַלע בײַם טיש!
מאַכט אַ לחיים, ווערט איינס... יי״ש באַהעפֿט —
ניט איר האָט געמאַכט אים, דאָס גוטע געשעפֿט!
גאָט ברוך־הוא, ברוך־שמו, ער, ער האָט
געמאַכט׳ן... געבענטשט און געלויבט זײַ אונדז, גאָט!

יט.

און יעצט, אין דעם אומגליק אין אונדזערן גרויס
איז וואַרשע אַ טרייסט אונדז, זי שײַנט דאָך אַרויס
אין חושך, אין גרויסן וואָס נעמט אונדז אַרום,
ניטאָ, ניט קיין אָרט ווו מען ברענגט אונדז ניט אום.
די גאַנצע ״גובערניע״ — איין בלוטיקע באָד!
גאַנץ ליטע, אוקראַיִנע, און רוסלאַנד — אָ, גאָט!
דו בלײַבסט דאָך אַליין דאָ, אַליין אויף דער וועלט,
דײַן פֿאָלק שוין נישטאָ אים, פֿאַרברענט זײַן געצעלט!
אָן אַ בית־מדרש אויף דר׳ערד דאָ און אָן
ייִדן... אָן ייִדן וואָס וועסטו דען טאָן?
ווער זאָגט [אינעם] תּהלים? ווער לאָזט שטיל אַ טרער?
און ווער? ווער וועט לײַדן אומזיסט אויף דער ערד?
ווער הייבט זײַנע אויגן צום הימל? און דו —
דײַן טרייסט — וועמען שיקסטו? זאָג וועמען און ווו?
ווער דאַרף זי דען האָבן? די גויים דאָך ניט!
און ייִדן? וואָס דאַרף אַ געהרגעטער ייִד
שוין דײַן טרייסט? זי פֿאַלט ווי דײַן זונשײַן אומזיסט
אויף קבֿרים, אין פֿעלדער צעגראָבענע וויסט...
איין וואַרשע, זי אָטעמט נאָך אָפּ עפּעס פֿרײַ,
שטיי גאָט אונדזער פֿינפֿטער דער מאַמען יעצט בײַ!

כ.

וואַרשע — זי רופֿט מיך, זי שיקט נאָך אַנאַנד
אויטאָס אויף אויטאָס: אָ בלײַב ניט אויף ס׳לאַנד!

„וואָס דאַרפֿט איר מיך האָבן? איך... איך אַליין –
איך דאַרף דאָך אײַך מערער... נאָר איך וועל ניט גיין,
אין געטאָ אין ענגן צוזאַמענגעפּרעסט –
ניט איר דערטרינקט דאָרט און ניט איר דערעסט,
מען שטאַרבט אין די גאַסן בײַ אײַך, מען גייט אויס,
מען וואַרפֿט פֿון שטוב נאַקעט די טויטע אַרויס
און גרויס איז דער עלנט, און שרעקלעך די נויט –
זי לעבט אָבער, וואַרשע! זי׳ז שטאַרקער פֿון טויט,
זי דאַרף מיך ניט האָבן! איך פֿאָר ניט אַהין!
עס קומען ידיעות צו מיר פֿון לובלין...
כ׳האָב מורא: לובלין דאַרף מיך אויך שוין ניט מער –
אָפּגעמעקט ווערט זי לובלין פֿון דער ערד...
די הײַזער – זיי בלײַבן, די שטיינער זיי אויך –
ייִדן – זיי ווערן אין רויך ניט ווי רויך...
די שיסט מען, און די אין וואַגאָנעס און – פֿיו!
אין וויסטע אין פֿעלדער... מען ווייסט ניט אַוווּ[?]
איך פֿאָר ניט קיין וואַרשע צו אײַך דאָרט... איך האָב
אַ לוויה...[”] און ס׳כאַפּט זיך דער רבי בײַם קאָפּ...

סוף פֿון צווייטן געזאַנג

## געזאַנג ג׳

### א.

איך האָב אַ לוויה – לובלין איז פֿאַרלענדט,
חרובֿ די שולן, די תּורות געשענדט,
די ייִדישע הײַזער און היימען פֿאַרוויסט
די זון שײַנט אַרײַן אין די פֿענצטער אומזיסט,
אומזיסט רײַסט דער טאָג זיך אין פֿענצטער אַרײַן –
ניטאָ דאָרט ניט קיינער וואָס זאָל נהנה זײַן
פֿון דעם ליכט, פֿון דעם וואַרעמען גלאַנץ אויף דער שויב

וואָס זאָל דאַנקען זײַן נאָמען און זאָגן: איך גלויב
אין דײַן חסד וואָס קומט מיט דײַן ליכטיקייט גרויס,
נאָר וואָס, טאַטע־פֿאָטער, וואָס קומט דיר אַרויס
וואָס דו שיקסט אים דײַן ליכט קלאָר אַראָפּ דאָ אַהער,
ניטאָ דאָ, ניט קיינער, ניטאָ זיי דאָ מער...
אַחוץ די געשאָסענע דאָ אין דער שטוב,
זיי ליגן אין בעט נאָך און ווי אין אַ גרוב,
אין אייגענעם בעט און אין אייגענער בלוט,
זיי ליגן שוין, ליגן פֿאַרשטומט און באַרוט,
אומזיסט פֿאַלט דײַן ליכט אויף די טויטע אין בעט,
אומזיסט דײַנע קושן, אומזיסט יעדער גלעט,
דײַן ליכט, גרויסער גאָט, פֿאַלט אומזיסט ווי מײַן טרער,
זיי עפֿענען זייערע אויגן ניט מער!

ב.

אַזוי אין די הײַזער און אַזוי אויף דער גאַס –
אָ, גאַסן לובלינער ווי רויט און ווי נאַס!
נאַס פֿון די טרערן און רויט פֿונעם בלוט –
ווייל אײַך, דערהרגעטע, אײַך איז שוין גוט!
הגם שטיקער מאַרך פֿון צעשמעטערטן קאָפּ
קוקן צום טויטן פֿון מויער אַראָפּ,
קוקן אים אָן, אָן געדאַנק, קאַלט און פֿרעמד.
אָ, ייִדישער מוח, דו ביסט אַזוי טעמפּ!
האָסט הייס וואָס געטראַכט ערשט, געברענט און געבריט
און שוין... ס'איז אים גוט שוין, דעם טויטן, דעם ייִד...
הגם ס'איז נאָך וואַרעם זײַן בלוט שאַרלאַך רויט[...]
שלעכט איז די טויטע וואָס זענען ניט טויט,
וואָס ראַנגלען זיך נאָך מיטן טויט נעבעך שווער,
אין גאַס, אויפֿן ברוק, ניט אַהין, ניט אַהער.
מען ליגט אויף דער גרענעץ פֿון ליגנט און וואָר –
געשאָסענע און ניט דערשאָסן ביז גאָר...
אָ, ליגנעריש לעבן, אָ לעש אין אונדז אויס!

נעם, טויט, אונדז, וואָס וואָר איז, אַרײַן אין דײַן שויס
ס׳האָט דער דײַטש מחמת שלעכטסקייט געצילט שלעכט די קויל.
ווייל די געהרגעטע ייִדן דאָ, ווויל!

ג.

אַזוי אין די גאַסן, אַזוי אויף די מערק –
מען לויפֿט – הענט פֿאַרבראָכן, געבויגן די קערק,
מאַמעס און טאַטעס און טעכטער און זין
ווו לויפֿט איר עס, ייִדן, אָ, זאָגט ווו אַהין?
״ווען מיר וואָלטן וויסן – מיר וואָלטנ׳ס געזאָגט
מען יאָגט... קיינער ווייסט׳ס ווו מיר וערן געיאָגט[...״]
דעם זון טרעפֿט אַ קויל און ער לאָזט זיך אַראָפּ –
דער טאַטע לויפֿט ווײַטער און שטעלט זיך ניט אָפּ.
הויט־ביינער אַ מאַמע און פֿאַלט ווי אַ בלײַ–
די טאָכטער זי זעט עס און לויפֿט איר פֿאַרבײַ...
עס יאָגט דאָך ניט קיינער!... ״מע יאָגט אונדז, יאָ, יאָ...״
מען שיסט פֿון די או[י]טאָס, אַ שאָס– און נישטאָ!
נישטאָ אים דעם אויטאָ, נישטאָ דעם עס־עס...
נישטאָ שוין דער ייִד מער, אין גאַס ליגט אַ מת.
מען שיסט פֿון די אויטאָס אַרויס און מען טרעפֿט,
ווייל דעם וואָס ווערט אין זײַן לויפֿן געפּלעפֿט
ווייל דעם געטראָפֿ׳נעם אין מיטן זײַן לויף
ווייל ווער געפֿאַלן אין גאַס, אין זײַן הויף,
אין זײַן שטוב, אין זײַן בעט, אויף די טרעפּ פֿון זײַן הויז –
געשטאָרבן און כאָטש ניט באַגראָבן – און– אויס!

ד.

אויס... אויס... ווער מאַכט שלום מיט אָט אַזאַ טויט?
אַ חלבּן ליכטל גייט אויס מיט איר קנויט,
אַ מענטש אָבער, טאַטע אין הימל, ניין, ניין!
אַ מענטש לאָזט דאָך איבער אויף דר׳ערד זײַן געביין!

אַ מענטש דאַרף דאָך האָבן זײַן בערגעלע שטויב,
צו לאָזן אַ טרער דאָרט, אים זאָגן זײַן לויב...
זײַן נאָמען אַראָפּלײ׳נען װען פֿון אַ שטײן —
דערלאָז ניט, רבונו־של־עולם, אָ נײן,
לאָז זײ ניט װאַלגערן זיך אױפֿן ברוק —
דו קוקסט אױף די לעב׳דיקע ייִדן ניט, קוק
אױף די טױטע... די טױטע זײ הױבן אַרױף
פֿאַרלאָשענע אױגן צו דיר, צום אײן סוף —
באַטראַכט זײ, די טױטע, די ייִדן — װײ, װײ...
עס זענען דאָך פֿול אַלע גאַסן מיט זײ,
גאַנץ לובלין! אַלע גאַסן און סקװערן און מערק,
עס װאַלגערן מתים זיך ייִדישע — בערג!
געהרגעטע אַלע, געטױט אָן אַ צאָל
און אַלע זײ שרײַען צו דיר אין אײן קול:
„דו העלפֿסט ניט בײַם לעבן אונדז, אין אונדזער נױט,
טו חסד מיט די, גאָט, װאָס זענען שױן טױט!“

ה.

דער רבי — ער לאָזט שװער אַרונטער זײַן קאָפּ —
און טרערן װי באָב קאַפּען שװערע אַראָפּ...
װאָס װײנט ער, דער רבי? און װײנט ער — פֿאַר װאָס
לאָזט ער, דעם קאָפּ טיף אַרונטער? ניט לאָז
אָ, אַראָפּ אים, הױב אױף זײ די אױגן און װײן!
און זאָלן די װענט אין דײַן צער דאָ צעגײן...
און זען זאָלן אַלע, דײַן פֿולע, דײַן טרער —
אָ לאָז ניט אַראָפּ אים, דעם קאָפּ דײַנעם שװער...
טאָרסט שטיל ניט באַװײנען דאָס װאָס ס׳איז געשען.
באַהאַלט זי, די טרער ניט, אָ זאָל מען זי זען...
דערשטיק ניט דײַן קרעכץ טיף, דײַן שמאַרץ ניט באַהאַלט —
צעקרעכץ אױפֿן קול זיך און װײן מיט אַ גװאַלד!
שרײַ אױס װײַט דעם װײטיק, רוף הױך אױס די בראָך,
דײַן גװאַלד שפּאַלט די ערד, מאַכט אין הימל אַ לאָך...

דער טײַוול שפּרינגט אויף טיף און גאָט קומט אַראָפּ –
אָ, לאָז ניט אַרונטער, דעם שווערן, דעם קאָפּ,
דײַן טרער אין אויג אָפֿן, דײַן טרער ניט פֿאַרשטעלט –
זאָל אויפֿטרייסלען גאַנץ איר, דער זינדיקער וועלט,
אָ, זאָל זי דערזען זיך די וועלט אין דײַן טרער –
אָ, לאָז ניט אַראָפּ אים, דעם קאָפּ דײַנעם שווער.

ו.

דער רבי צעוויינט זיך... אָ וויין ניט, פֿאַרשטעל!
פֿאַרשטעל דיר דאָס פּנים, ניט זען זאָל׳ס די וועלט...
די וועלט, אַך די וועלט! די וועלט נעבעך – אָך
זי קען, חס־ושלום, פֿאַרשעמט ווערן נאָך...
אַ מעשׂה זיך אָנטאָן, חלילה־וחס –
פֿון אָפּטאָן דעם גרויל און פֿון צוזען דעם שפּאַס...
ס׳געוויסן קען אָנהייבן פּלאָגן איר – אײַ!
ס׳געוויסן, דער וועלטס – נאָר עס האַלט ניט דערבײַ...
דײַטשן זיי מאַכנ׳ס, די וועלט קוקט זיך צו–
אָ, ווער פֿון זיי ביידן איז ערגער? זאָג, דו!
ניין, הייב אים דעם קאָפּ ניט דעם שווערן, ניין, ניין!
און זאָל זי ניט הערן די וועלט, דײַן געוויין.
ניט שפּיגלען אַ שמוציקע זיך אין דײַן טרער,
ז׳האָט ליב די נבֿיאים, די זינד ליבט זי מער.
עס ווײַסלט איר אויג זיך, דער נפֿש איז שוואַרץ,
זי זינדיקט און קלאַפּט זיך בעת־מעשׂה אין האַרץ,
און גראָב איז איר טראַכטן און איידל איר שפּראַך,
אין האַרץ זיבן גרוילן אין האַנט דער תּנ״ך...
אָ, הייב ניט דעם קאָפּ אויף, אָ, הייב אים ניט, ניין!
און זאָל זי ניט זען דיך, די וועלט, ווי דו וויינסט.

ז.

די וועלט, אַך, די וועלט... ווער טראַכט פֿון דער וועלט,
ניטאָ, ניט קיין סימן פֿון איר אין געצעלט,

דעם רביס געצעלט לאָזט דערוויַיל זי צורו,
ניטאָ דאָרטן קיינער, נאָר גאָט ברוך־הוא,
דער רבי, דער רבי – ער האָט זיך צעוויינט,
צעוויינט זיך פֿאַר גאָט און עס [איז] אים אַלץ איינס
צי זעט זי די וועלט אים, צי זעט זי אים ניט –
ער לייקנט די וועלט אָפּ, דער נסתּר דער ייִד,
ער לייקנט אין איר ווי זי לייקנט אין גאָט
פֿאַר וועלכן ער וויינט יעצט, פֿאַר וועלכן ער האָט
פֿאַרוואָרפֿן דעם שווערן, צעווייטאָגטן קאָפּ –
ער הייבט אים פֿאַרצווייפֿלט און לאָזט אים אַראָפּ.
ער קען ניט, דער רבי, ניט צוזען גאָטס פּייַן,
ער קען אים ניט קוקן אין פּנים אַרייַן,
אין פּנים פֿאַרוואָלקנט, אין האַרצן פֿאַרקלעמט –
דער אייבערשטער, נעבעך, ער האָט זיך פֿאַרשעמט[,]
דער רבי וויינט שטילער, מען הערט קוים זייַן שטים[–]
ער האָט, דער ראַדזינער רחמנות אויף אים
ער וויינט – און גאָט שטיקט זיך, הייס הייס מיט זייַן טרער –
און ס׳לאָזט דער ראַדזינער דעם קאָפּ אַראָפּ שווער.

ח.

באַלד קומט אַ שליח פֿון וואַרשע געשיקט –
מען לאָזט שטיל אַרייַן אים, ער וואַרפֿט שטום אַ בליק
אויפֿן רבין... דער רבי, געבראָכן אַ זייַל,
ער זעט אים ניט, הערט ניט... ער וואַרט נאָך אַ ווייַל
און גייט צו צום רבין און זאָגט שטילערהייט:
פֿאָר, רבי, קיין וואַרשע, דער אויטאָ שטייט גרייט.
ער איז אַ פֿאַרמאַכטער און זיכער ביז גאָר...
״איך פֿאָר ניט קיין וואַרשע!״ ״פֿאָר, רביניו, פֿאָר!
דער אויטאָ איז דאָ שוין, ער שטייט פֿאַרן הויז,
דער שאָפֿער אַ דייַטש... קום, רבי אַרויס,
און פֿאָר, פֿאָר קיין וואַרשע מיט אונדז, וואַרשע וואַרט...״
דער רבי איז בייז שוין, ער ענטפֿערט אים האַרט:

„איך פֿאָר ניט קיין וואַרשע!״ „פֿאָר רביניו, פֿאָר!
דער אויטאָ איז גרייט שוין און געלט האָב איך שפּאָר,
כאָטש זיכער דער וועג, די סכּנה ניט גרויס —
נאָר טאָמער אַן אומגליק — מיר קויפֿן זיך אויס...
מיר ברענגען אײַך, רבי קיין וואַרשע, זי גאַרט
זען אײַך... אײַך האָבן בײַ זיך... וואַרשע וואַרט...״
„איך פֿאָר ניט, איך פֿאָר ניט קיין וואַרשע!... איך האָב
אַ לוויה...״ און ס׳פֿאַלט אים דער קאָפּ שווער אַראָפּ.

ט.

אָ רבי, דער אויטאָ — ער שטייט בײַ [דײַן] טיר,
און וואַרשע קוקט אוי[ס] דיר, אָ רבי... „ווײ מיר!
וואַרשע קוקט אויס מיר, וואַרשע די שטאָט!
איך פֿאָר ניט! אַליין ווען עס הייסט מיך מײַן גאָט!
ווען איך, איך בין יונה הנבֿיא, איך וואָלט
געגאַנגען קיין נינווה... יאָ, איך וואָלט געוואָלט
ראַטעווען נינווה, די גויים, די פּי—
וואַרשע איז אָבער ניט זינדיק ווי זי...
וואַרשע, מײַן וואַרשע — זי דאַרף דאָך מיר ניט
וואַרשע וויל ראַטעווען איינעם אַ ייִד,
וואַרשע וויל ראַטעווען מיך גאָר, זי וויל
אַוועקפֿירן מיך אויף דער גיך, אין דער שטיל,
זי שיקט מיר אַן אויטאָ און געלט צו... אַהער!
אַהער גיב דאָס געלט מיר, און מערער גיב, מער!
איך דאַרף זיי די געלטער, אַ סך, גאָר אַ סך —
זיי זאָלן מיר צושיקן געלטער מיר נאָך...
כ׳דאַרף ראַטעווען טויטע... אַ טויטער אַ ייִד
לעכצט נאָך אַ קבֿר, וויל ווערן פֿאַרשיט...
וויל האָבן מנוחה... אַרײַן אין זײַן רו —
קבֿורה־געלט, ייִדן, שיקט קבֿורה־געלט צו!״

י.

דער שליח פֿאַרשווינדט ווי געקומען – געהיים –
דער רבי – ער אויך איז אַוועק פֿון זײַן היים,
דער רבי האָט איבערגעטאָן זיך אויף גיך –
אַ לעדערנע קורטקע פֿאַרוואָרפֿן אויף זיך,
פֿאַרוויקלט אַ רויטן אַ שאַל אַרום האַלדז –
אַ גלאַנציקן דאַשעק און שטיוול – דאָס אַלץ,
גויִישע קליידער – אַ גוי הויך און בלאָנד,
די רביצין האָט ניט דעם רבין דערקאָנט!
דער רבי, דער רבי, ער האָט זיך פֿאַרשטעלט,
ער נעמט אויף די פּלייצעס אַ זאַק פֿול מיט געלט,
און גייט מיטן זאַק אויף די פּלייצעס אַרויס
שטיל – ניט געזען ניט געהערט פֿון זײַן הויז,
און שפּרײַזט דורך די וואָלאַדאַווער גאַסן אַזוי –
צי איז עס דער רבי? צי איז עס אַ גוי?
רבי, ווּ גייסטו? אָ, זאָג ווּ אַהין?
אין דערפֿער, אויף וועגן אַרום, בײַ לובלין,
אין פֿעלדער אין וויסטע, אין וועלדער – קוק, קוק:
אָט שטייען וואַגאָנעס פֿאַרמאַכטע – אַ צוג.
די טויטע וואַגאָנעס – ווער עפֿנט זיי אויף?
און ווער? ווער פֿאַרקויפֿט מיר די מתים? איך קויף!

יא.

איך קויף! עפֿנט אויף די וואַגאָנעס פֿאַרשפּאַרט
און ברענגט מײַנע טויטע צו מיר דאָ איך וואַרט.
דער צוג שטייט אין פֿעלד דאָ כמעט שוין אַ וואָך,
עס הערט זיך פֿון דאָרטן קיין קרעכץ ניט, קיין אָך,
אַ טויטע אַ שטילקייט הילט אײַן דעם צוג – העי!
פֿאַרקויפֿט מיר די טויטע, פֿאַרהאַנדלט מיר זיי!
איך וויל ניט בחינם, באַצאָלט ווערן זאָל
איטלעכער מת וואָס איר ברענגט מיר... איך צאָל

דרײַ הונדערט גילדן פֿאַר איטלעכן מת,
געפֿינט איר אַ ייִד דאָרט וואָס איז, על־פּי נס
געבליבן בײַם לעבן – כ׳באַצאָל פֿאַר אים מער –
איר גיט מײַנע ייִדן אַרויס מיר אַהער!
אַ טויטן, אַ לעב׳דיקן – גיט זיי אַרויס,
דער צוג ציט, ציט לאַנג זיך, אי לאַנג און אי גרויס
לאַנג ווי דער גלות און גרויס ווי די וועלט[,]
איך גיב אײַך אַוועק גאַנץ דעם זאַק פֿול מיט געלט,
פֿאַר טויטע, פֿאַר ייִדן וואָס לעבן דאָרט נאָך
דער צוג שטייט אין פֿעלד דאָ כמעט שוין אַ וואָך –
עפֿנט אים אויף זײַן פֿאַרמאַכטן, זײַן שויס
און גיט מײַנע ייִדן מיר, גיט מיר אַרויס!

יב.

עס האָט זיך דעם רבינס דער רוף שטילערהייט
אין דערפֿער פֿאַרוואָרפֿן, אויף וועגן פֿאַרשפּרייט,
און אָרעמע פּויערים קוקן זיך אָן –
און גנבֿען זיך צו פֿון וואַגאָן צו וואַגאָן
דער קומט צו פֿון דאַנען און דער פֿון אַ זײַט
און רײַסט שנעל די פּלאָמבע אַראָפּ און באַפֿרײַט
די טויטע פֿון וואָגן, ציילט איבער די קעפּ –
און פֿרייט מיט אַ ייִד זיך וואָס לעבט נאָך, וואָס לעבט
עס איז ניט דער שימער פֿון לעבן וואָס האָט
דערפֿרייט אים, ניט ס׳לעבן געשאָנקען פֿון גאָט...
עס איז גאָר דער שימער, דער גלאַנץ פֿונעם גאָלד
אַ ייִד אויב ער לעבט נאָך – ווערט טאָפּלט באַצאָלט!
דערצו מוז אַ טויטער שווער ווערן געשלעפּט...
אַנדערש גאָר איז מיט אַ ייִדן וואָס לעבט!
מען עפֿנט נאָר אויף דעם וואַגאָן שטילערהייט –
הויבט ער זיך וואַקלענדיק אויף און ער גייט
מען האַלט אים נאָר צו און כאָטש – אָט, אָט ער פֿאַלט!
די "לעדערנע קורטקע" דערזעט אים און שטראַלט

און עפֿנט דעם זאַק אויף – דעם ייִד גיב אַהער!
אַ שאָד וואָס די לעב׳דיקע זענען ניט מער!

יג.

די לעדערנע קורטקע, די שטיוול די פּאָר,
דער גלאַנציקער דאַשעק, דער בלאָנדער קאָפּ האָר!
דער וווּקס, און די אויגן די קלאָרע העל בלוי –
צי איז עס דער רבי? צי איז עס אַ גוי?
ער שטייט פֿאַרן וועלדל, דאָס וועלדעלע שוואַרצט,
דער רבי ער האָט זיך די אַרבל פֿאַרשאַרצט
אין האַנט די לאָפּאַטע, געבויגן דעם קאָפּ
מיט ייִדן געראַטעוועט ערשט, און ער גראָבט
צוזאַמען מיט זיי גראָבט ער קבֿרים דאָרט אויס,
אַ וועלדעלע קליין אַ בית־עולמל גרויס,
מען טראָגט זיי די טויטע און נאָך זיי און נאָך
זיי ליגן, ווי אָפּגעהאַקט בוימער, אין מאָך
זיי ליגן און וואַרטן. אַ קבֿר אין וואַלד
גראָבט זיך ניט גיך אַזוי, ניט אַזוי באַלד,
די צאָל פֿון די מתים אין וועלדעלע וואַקסט,
די אויגן פֿאַרגלייזטע די פּנימער וואַקס,
דער מתים־באַרג וואַקסט הויך אין הימל אַרײַן
דער זאַק מיטן געלט פֿול גייט ביסלעכווײַז אײַן,
דער לעצטער דער קדוש, מען טראָגט שוין ניט מער –
דער זאַק אויסגעליידיקט, ליידיק און לער!

יד.

דאָס האָט פֿון באַגינען געדויערט ביז שפּעט –
מען זעט זיי די בערגעלעך ערד נאָך, מען זעט,
מען ליגט, כאָטש באַזונדער און נאָנט אַזוי נאָנט.
און ס׳רעדט יעדעס בערגל און מאָנט וואָס און מאָנט
מיר מאָנען ניט גאָרנישט, מיר ליגן באַרוט –

געשטאָרבן באַגראָבן, עס איז אונדז שוין גוט...
שוין, שוין ... דאַנקען גאָט, אָפּגעקומען די שטראָף —
דיביימער זיי שאָקלען זיך איבער זיי: שלאָפֿט
ייִדן מיליאָנען דערשטיקט און פֿאַרסמט
וואָלטן זיך ווינטשן אַזאַ היַיפֿל זאַמד...
מען האָט אײַך צו קבֿר־ישׂראל געבראַכט —
שלאָפֿט זשע... פֿינצטער פֿאַלט צו באַלד די נאַכט
און שטילער די פֿײַן שוין און שטומער דער ווײ —
יתגדל! אָ ווער? ווער זאָגט קדיש נאָך זײ?
דער רבי, דער רבי זאָגט קדיש, ער זאָגט
אַ ווינט, בלינד, ניט זעעוודיק קומט און צעטראָגט
די ווערטער די טרוי׳ריקע ווײַט און געשווינד
און ס׳ענטפֿערן ייִדן אָפּ אמן אין ווינט.
אַליין דער ראַדזינער, דער רבי אַליין —
דער רבי זאָגט קדיש און עמעצער וויינט...

6/I — 43

טו.

ווער וויינט עס? ווער וויינט עס אַרײַן אין דער נאַכט?
מיר האָבן דאָך אונדזערע טויטע געבראַכט
צו קבֿר־ישׂראל און איר, איר, איר לעבט —
וויינט ניט און לאָזט ניט אַרונטער די קעפּ..[.]
[״]מיר וויינען ניט רבי, מיר פֿרייען זיך שטום
באַגראָבענע קדושים — קומען ניט אום[ — ]
אַ מאַמעס אַ טראַכט צי אַ בערגעלע ערד,
מיר פֿרייען זיך רבי וואָס אונדז איז באַשערט
געראַטעוועט ווערן און העלפֿן אײַך, יאָ,
ברענגען צו קבֿר־ישׂראל זיי דאָ...
מיר פֿרייען זיך רבי״ ... און בלײַבן שטיין שטיל
נעבן דעם רבין אין נאַכט טיף געהילט..[.]
דער רבי — ער קען אָבער רויִק ניט זײַן

ער לייגט צו אַן אויער און הערט, הערט זיך איַין:
עמעצער וויינט דאָ... די טויטע דאָך ניט,
די לעבן געבליבענע זיצן דאָ מיד,
די פּויערים זענען אַוועק שוין אַהיים –
ווער וויינט, און פֿאַרבאָרגן אַזוי און געהיים?
צי קומט פֿונעם באַרג עס, צי קומט עס פֿון טאָל
דער רבי גייט נאָך, נאָכן וויינענדן קול...

טז.

ער זעט ניט דעם וועג... נאָר ער פֿילט, ער פֿאַרשטייט
ער ווייס אים, דער רבי, דעם וועג וווּ ער גייט
ער גייט עס צום צוג צו, ער שטייט נאָך אין פֿעלד –
און אָט – די לבֿנה האָט פּלוצלינג פֿאַרהעלט,
ז׳אַרויס פֿון אַ וואָלקן געדיכט און באַשטראַלט
דעם איינזאַמען צוג מיט אַ ליכט בלאַס און קאַלט,
וואַגאָנען ווי קבֿרים געעפֿנט און הויל,
יעדער וואַגאָן מיט זײַן אָפֿענעם מויל,
דער רבי באַטראַכט אים בײַם בלאַסן בײַם שײַן:
ניטאָ דאָרטן קיינער און ווי ס׳וואָלט ווער דאָרט זײַן!
אינווייניק וויינט ווער – דער רבי פֿרעגט אָן:
ווער וויינט דאָרט? זאָג ווער? און ז׳אַריין אין וואַגאָן,
געשטעלט אין דעם פֿינצטערסטן ווינקל זיך דאָרט,
פֿאַרשוויגן אין וויטאָגן, אײַן זיך געהאָרכט
צו דעם רבונו־של־עולמס געוויין,
דער רבי איז לאַנג נאָך געבליבן דאָרט שטיין,
אין ליידיקן, פֿינצטערן טיפֿן וואַגאָן –
דער רבי ער האָט זיך קיין ריר ניט געטאָן
צום אייבערשטנס וויינען זיך צוגעהערט דרייסט
געשוויגן און ניט מיט קיין וואָרט אים געטרייסט [.]

6/1 – 43

יז.

ער וועט ניט זײַן אייבערשטן טרייסטן אין פּײַן,
ר׳דאַרף בילכער פּיל מנחם־אָבֿל [דאָ] זײַן! –
ייִדן פֿאַרשעמט און צעקלעמט אויף גאָטס ערד...
דער רבי שטייט אַלץ נאָך און הערט נאָך און הערט
רבי, דו שטייסט אויף איין אָרט... דו פּרוּװ גיין
און הער אים אין צווייטן וואַגאָן דעם געוויין
אין דריטן, אין פֿערטן און ווײַטער – גיי הער
וואָס אַ וואַגאָן אַלץ ביטערער די טרער,
אַלץ גרעסער דער ווייטאָג, אַלץ טיפֿער די קלאָג
הער צו זיך און זאָג אים ניט גאָר נישט, ניט זאָג[!]
דו דאַרפֿסט אים ניט טרייסטן און טרייסט אויך נישט די
וואָס דאַרפֿן אַ טרייסט נעבעך... ס׳איז נאָך צו פֿרי..[.]
דער רבי ער גייט פֿון וואַגאָן צו וואַגאָן
און זאַפּט מיט דעם אייבערשטנס טרערן זיך אָן
און טיף מיט זײַן צער און גרויס מיט זײַן שרעק[,]
פֿאַרטאָג איז דער רבי צום וועלדל אַוועק[.]
די ייִדן געראַטעוועט האָבן געוואַרט
געוואַרט אויפֿן רבין, ער זאָגט צו זיי האַרט:
״קיין וואָלאָדאַווע, ייִדן!״ און זאָגט גאָר נישט נאָך,
ער לאָזט זיך אין וועג באַלד, זיי גייען אים נאָך.

יח.

דער רבי ז׳אין שטאָט – און די זון האָט פֿאַרשײַנט,
ער בלײַבט פֿאַר זײַן הויז שטיין און גייט ניט אַרײַן,
ער קלאַפּט אין דער טיר אָן אין אײַלעניש גרויס:
[״]טראָגט מיר מײַן טלית ותּפֿילין אַרויס!
דעם קיטל דעם ווײַסן און ברענגט אים אין שול...״
די שול איז געוואָרן מיט איין מאָל פֿאַרפֿולט!
דער עולם צעשראָקן: דער רבי – ווײ, ווײ –
איז בלאַסער און איז מער צעשראָקן ווי זיי...

ער שטייט, שטייט בײַם אָרון־הקודש און וויל
וואָס אויסרופֿן הויך דאָ אין שול און בלײַבט שטיל,
ער האָט וואָס דערהערט הינטער זיך און בלײַבט שטיין:
דאָס זעלבע וואָס נעכטן... דאָס זעלבע געוויין
וואָס אין די וואַגאָנעס, וואָס נעכטן בײַנאַכט
וויינט עמיצער אין אָרון־קודש פֿאַרמאַכט
דער רבי דרייט אום זיך צום קודשא־בריך־הוא
און שרײַט אין פּרוכת, שרײַט: וויין ניט, ניט דו!
דו וויינסט דאָ אין אָרון, אין יעדן וואַגאָן –
[״]וויין ניט! דו דאַרפֿסט עפּעס אַנדערש יעצט טאָן!
מיר! מיר וועלן וויינען...״ ער דרייט זיך אום גלײַך:
ייִדן! איך בין גוזר תּענית אויף אײַך!

7/1 – 43

יט.

דער רבי וויל זאָגן וואָס נאָך און פֿאַרשטומט
דער עולם, ער ווייס שוין פֿון וואַנען ער קומט,
און דאָס וואָס עס טוט אין זײַן האַרץ זיך, ער ווייס
און ייִדן אין שול – זיי צעוויינען זיך הייס
און שטיל ווערט אין אָרון... אַ גאַנצע אַ שטאָט
מיט ייִדן געפּײַניקט וויינט שטאַרקער פֿון גאָט!
מען זעט דעם ים טרערן פֿון וואַנען און ווו
ער רינט שווער אַרונטער... מען דאַרף ניט דערצו
זײַן הייליק אַ רבי... דער רבי אַליין
צעוויינט זיך מיט ייִדן בײַ זייער געוויין,
ער שווײַגט ניט פֿאַרעקשנט אַזוי... מיט אַ ייִד
ברעכט דער ראַדזינער זיך אײַן און וויינט מיט,
זיי וויינען צוזאַמען די גאַנצע, די שטאָט
אָ, גרויסער, אַלמעכטיקער, ייִדישער גאָט
דו ביסט אים מקנא, דעם עולמס געוויין!
ווילסט ווי ער הייס אַ וויין טאָן און קענסט עס ניט, ניין...

שאַ, שטילער, אַ דײַטש רײַסט אין שול זיך אַרײַן —
דער רבי! ער טאָר אַ מינוט דאָ ניט זײַן!
מען מישט מיט דעם עולם אים אויס און אַרויס —
איין גאָט בלײַבט אַליין דאָרט און וויינט שטיל אין זײַן הויז.

כ.

דער גוזר־תּענית זײַן פֿליט, פֿאַרפֿליט — העט!
אַ תּשעה־באָבֿ נײַ איבער שטעטלעך און שטעט,
ייִדן אין געטאָס פֿון נאָנט און פֿון ווײַט,
האָבן באַנײַט אים, דעם תּענית באַנײַט.
לובלין איז ניטאָ שוין, פֿאַרלענדט און פֿאַרניכט,
מען פֿאַסט שטום איר תּענית, מען צינדט פֿאַר איר ליכט,
איר שׂר, דער ראַדזינער איז אויך שוין ניטאָ,
דער דײַטש האָט דערוווּסט זיך פֿון תּענית און האָט
גערופֿן דעם רבין אויף אַ פֿאַרהער —
און ער איז אַהיים ניט געקומען שוין מער.
די רביצין האָט אים געוואָרנט: ניט גיי!
דער רבי קוקט אָן איר און גיט אַ געשריי:
"זיי וועלן מיך טויטן, יאָ" זאָגט ער איר האַרב
און באַלד מיט אַ בענקשאַפֿט: אַך, ווען איך שטאַרב,
ווי רבי עקיבֿאַ — מען קאַמט מיר מײַן לײַב
מיט אײַזערנע קאַמען... ניט זינדיק, מײַן ווײַב,
ווי רבי עקיבֿאַ... למען השם,
וויין ניט!... אַך ווען איך בין זוכה צו דעם,
פֿאַר מײַנע ייִדן, פֿאַר גאָט... אַזאַ גליק!
און ער איז אַוועק, ניט געקומען מער צ׳ריק.

7/1 — 43

## אַרײַנפֿיר 36

אַ פּאָעמע וועגן גירוש קיין טרעבלינקע פֿון זײַן פֿרוי חנה און צוויי פֿון זײַנע זין – בן־ציון און בנימין, דאָס ערשטע ווערק וואָס י.ק. האָט געשריבן נאָכן גרויסן גירוש. דער פֿולער ייִדישער טעקסט ווערט דאָ געדרוקט צום ערשטן מאָל. פֿראַגמענטן פֿון דער פּאָעמע זײַנען געדרוקט געוואָרן אין יאָר 1958, אין: ייִדישע שריפֿטן (וואַרשע).

וועגן דער דאַטע ווען די פּאָעמע איז געשריבן געוואָרן, זײַנען פֿאַראַן צוויי טעותדיקע מיינונגען: (א) בער מאַרק שרײַבט אַז די פּאָעמע איז געשריבן געוואָרן דעם 14טן אויגוסט 1942 (זע: מאַרק (1954), ז׳ 92). בער מאַרק האָט מן־הסתּם נישט באַמערקט אַז די צוגעגעבענע דאַטע, מיט י.ק.׳ס האַנטשריפֿט – בראש פֿון איינעם פֿון די טעקסטן פֿון דער פּאָעמע: ”42 – 14/8“ (זע די פֿאָטאָקאָפּיע אויף זײַט 709) איז נישט די דאַטע פֿון געשריבענעם טעקסט, נאָר: 1. אַ באַשטייטייל פֿון טיטל פֿון דער פּאָעמע; 2. די דאַטע ווען זײַן פֿרוי און צוויי פֿון זײַנע זין זײַנען אַוועקגעפֿירט געוואָרן קיין טרעבלינקע (זע: פנקס ויטל, ז׳ 171; לוין, א., ז׳ 103 – די ידיעה פֿאַרשריבן דעם 14טן אויגוסט 1942). (ב) לויט די רעדאַקטאָרן פֿון י.ק.׳ס לעצטע שריפֿטן, איז די פּאָעמע געשריבן געוואָרן במשך פֿון דרײַ חדשים: אויגוסט – סעפּטעמבער – אָקטאָבער 1942. די צווייטע מיינונג וועגן דער צײַט ווען די פּאָעמע איז געשריבן געוואָרן, באַזירט זיך אויף אַ נישט פּינקטלעכער לעקטור פֿון דער דאַטע בײַם סוף פֿון טעקסט פֿון קירצערן נוסח (זע ווײַטער, און פֿאַרגלײַך די הערה פֿון די רעדאַקטאָרן אין כתבים אחרונים, תשכ״ט, ז׳ 371). זיי לייענען די אָנגעגעבענע דאַטע, אַזוי: 42 – 10 – 9 – 8, דער פֿאַקט אָבער איז אַז די אָנגעגעבענע דאַטע אין טעקסט דאָרט, שטייט אַזוי געשריבן: ”42 – 10־9 – 8“. דערפֿאַר דאַרף די דאַטע גלייענט ווערן: דער אַכטער און נײַנטער אָקטאָבער 1942. דאָס הייסט אַז די פּאָעמע איז געשריבן געוואָרן במשך צוויי טעג, אַ פּאָר וואָכן נאָכן גרויסן גירוש, און נישט במשך דרײַ מאָנאַטן. נאָך מער, יצחק קאַצענעלסאָן גיט קיין מאָל נישט אָן קיין דאַטע אין זײַנע כּתבֿ־ידן לויטן חודש אַליין. אויב ער פֿאַרשרײַבט שוין אַ דאַטע פֿאַרשרײַבט ער אויך דעם טאָג ווען געשריבן. מען דאַרף זיך אויך דערפֿאַר רעכענען מיט דער לאָקאַציע פֿון שטריך וואָס נאָכן נומער־9 אין קעגנזאַץ צום שטריך וואָס צווישן די נומערן 9 – 8.

לויט צבֿיה לובעטקין האָט י.ק. פֿאָרגעלייענט די פּאָעמע פֿאַר זײַנע חבֿרים פֿון דער ייִדישער קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע, בעת ער איז צו זיי געקומען, איין טאָג פֿאַרן ערשטן אויפֿשטאַנד, דעם 17טן יאַנואַר 1943 (זע: ספר דרור, ז׳ 481).

דער אָריגינעלער כּתבֿ־יד פֿון דער פּאָעמע איז בּיז הײַנט געבליבן אומבאַקאַנט און איז מן־הסתּם פֿאַרלוירן געגאַנגען. מיר דרוקן דאָ דעם טעקסט פֿון דער פּאָעמע אויפֿן סמך פֿון איינעם פֿון די אָפּגעראַטעוועטע טעקסטן, וואָס האָבן זיך פֿאַרהיט אין צווייטן טייל פֿון רינגעלבלום־אַרכיוו. לויט בער מאַרק, געפֿינען זיך אין רינגעלבלום־אַרכיוו, אין ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע, פֿיר שרײַבמאַשין־קאָפּיעס ”איינע אַ פֿולשטענדיק ריינע און דרײַ מיט געוויסע וואַריאַנטן און מיט אייגנהענטיקע אויסבעסערונגען פֿון דעם דיכטער“ (זע: מאַרק (1954), ז׳ 93). אין בית לוחמי הגיטאות געפֿינען זיך פֿאָטאָקאָפּיעס פֿון צוויי פֿולע פֿון די פֿיר וואַרשעווער וואַריאַנטן, אַ קורצער וואַריאַנט (428 שורות) און אַ לאַנגער וואַריאַנט (476 שורות).

דער יסוד פֿון טעקסט וואָס מיר דרוקן דאָ איז דער לאַנגער נוסח. עס איז אָבער אוממעגלעך צו באַשטימען וועלכער נוסח פֿון די פֿיר איז דער לעצטער – כּל זמן ס׳איז קיין מעגלעכקייט נישט פֿאַראַן צו קאָנטראָלירן די

אַנדערע צוויי פֿולע וואַריאַנטן וואָס געפֿינען זיך אין וואַרשע. לויט דער ערשטער זײַט פֿון אַ פֿראַגמענט פֿון נאָך איין נוסח וואָס געפֿינט זיך אין בית לוחמי הגיטאות און איז אַ פֿאָטאָקאָפּיע פֿון איינעם פֿון די צוויי אַנדערע וואַרשעווער וואַריאַנטן, זעט אויס אַז ס'איז טאַקע פֿאַראַן אַ נוסח מיט י.ק׳ס פֿולער אונטערשריפֿט (פֿאַרגלײַך: מאַרק (1954), ז׳ 92), וועלכער אַנטהאַלט די וויכטיקסטע שינויים געמאַכט מיט י.ק׳ס האַנט. דער פֿראַגמענט פֿון דעם נוסח, זעט אויס צו זײַן דער אָנהייב פֿון אַ צווישן־נוסח, געשריבן נאָכן קורצן וואַריאַנט און פֿאַרן לאַנגן: אָט דאָס זײַטל (זע די פֿאָטאָקאָפּיע אויף ז׳ 709) איז למעשׂה דער געדרוקטער שרײַבמאַשין־טעקסט פֿון קורצן נוסח, מיט יצחק קאַצענעלסאָנס האַנטשריפֿטלעכע תּיקונים און צוגאָבן וועלכע זײַנען נישט אַלע אַרײַנגעפֿירט געוואָרן אין לאַנגן נוסח. דער לאַנגער נוסח איז אַזוי אַרום בלי ספֿק דער שפּעטסטער נוסח פֿון די דערמאָנטע דרײַ. דער פֿערטער נוסח איז אונדז לחלוטין אומבאַקאַנט. די אַלע פֿיר וואַריאַנטן זײַנען פֿאַרשריבן געוואָרן אין וואַרשע און נישט אין וויטעל, וועגן דעם זאָגט עדות דער אָרט ווו זיי זײַנען געפֿונען געוואָרן נאָך דער מלחמה – אין צווייטן טייל פֿון רינגעלבלום־אַרכיוו. וועגן דער טעקסט־אַנטוויקלונג און די שינויים פֿון נוסח צו נוסח, זע אויספֿירלעכער אין טעקסטאָלאָגישן צוהאַנג.

„דער טאָג פֿון מײַן גרויסן אומגליק“ איז באַזונדערס וויכטיק פֿאַר דער אַנטוויקלונג־געשיכטע פֿון י.ק׳ס שאַפֿן אין וואַרשע. אָט די פּאָעמע, געשריבן במשך פֿון צוויי טעג, איז דער ערשטער אויסדרוק פֿון י.ק׳ס ווײ און טרויער נאָכן גרויסן גירוש, פֿאַר וועלכע ער האָט דאָך געפֿונען אַ שריפֿטלעכן אויסדרוק – נישט געקוקט אויף דער שווערער לאַסט פֿון צער און צעשיידונג מיט זײַנע טײַערסטע, און נישט געקוקט אויף דעם ווייטיק וואָס הויכט אַרויס פֿון די שורות אין דער פּאָעמע. י.ק׳ס כּוח צו שרײַבן, אַפֿילו ווען ס'איז שוין נאָך אַלעמען, דער כּוח ווײַטער צו שאַפֿן אַפֿילו ווען ס'איז שוין לאחר־ייִאוש, ווערט בולט באַטאָנט דווקא בײַם אויפֿקלערן די געשיכטע פֿון די טעקסט־וואַריאַנטן פֿון דער פּאָעמע. זייער צאָל באַווײַזט אַז י.ק. האָט זיך געפֿלײַסט דווקא קינסטלעריש און אינהאַלטלעך די פּאָעמע צו פֿורעמען, ווי עס ווערט קלאָר פֿון טעקסטן־פֿאַרגלײַך (זע אין טעקסטאָלאָגישן צוהאַנג).

אַ גענויער ליטעראַרישער אַנאַליז פֿון דער פּאָעמע וועט באַווײַזן, אַז נישט געקוקט אויף דעם וואָס „דאָס ליד וועגן ראַדזינער“ איז יצחק קאַצענעלסאָנס שפּעטסטע ווערק וואָס איז אונדז באַקאַנט פֿון וואַרשעווער געטאָ, דאַרף אָבער „דער טאָג פֿון מײַן גרויסן אומגליק“ באַטראַכט ווערן ווי דער שליסל פֿאַר זײַן ווײַטערדיקן ליטעראַרישן שאַפֿן אין וויטעל, ווײַל אין איר ווערן קינסטלעריש געפֿורעמט די טיפֿסטע און שוידערלעכסטע איבערלעבונגען פֿון פּאָעט, און זי טראָגט אין זיך דעם קערן פֿון י.ק׳ס ווייטערדיקער טעמאַטיק און פּאָעטיק, וועלכע האָבן זיך אַזוי שעפֿעריש און שפֿעדיק צעוואַקסן בעתן לעצטן יאָר פֿון זײַן לעבן און שאַפֿן אין וויטעל.

# 42 – 14/8 דער טאָג פֿון מײַן גרויסן אומגליק

איך רײַס זיך אַרײַן צווישן הוילע פֿיר ווענט
פֿון דער פֿינצטערער שטוב מיט פֿאַרבראָכענע הענט –

חנה! נישטאָ איר, זין מײַנע – אויך
ניטאָ... ניט קיין זכר פֿון זיי, ניט קיין הויך.

חנה! איך רוף אויס דעם נאָמען אַנטזעצט,
איך האָב זיי ערשט יעצט דאָ געלאָזן, ערשט יעצט!

איך האָב זיי געהאַט דאָ! אַן אומגליק, אַ בראָך!
דער טונקעלער צימער איז טונקעלער נאָך,

דער פֿינצטערער אַלקער איז פֿינצטערער מער –
אַ ליידיקע שטוב – און עס שטייט לעם מיר ווער...

אַ גרויסער אַן אומגליק וואַקסט אויס לעם מיר גרויס,
עס וואַקסט, וואַקסט אָן אויפֿהער פֿון חלל אַרויס...

חנה! מײַן חנה! מײַן איינציקע דו!
אָ זאָג מיר, ווו ביסטו, מײַן חנהלע ווו?

ווו איז בן־ציון? בנימינקע? ווײ...
ווו זײַנען די ייִנגעלעך מײַנע די צוויי?

דו האָסט מיר געהאַט זיי אין ווייטאָגן זיס –
ווו איז בן־ציון! בנימין, ווו איז?

די ליכטיקע אויגן? די הערלעכע קעפּ?
אָ, איידעלע מײַנע, מען האָט אײַך פֿאַרשלעפּט!

מען האָט אײַך געטריבן, געיאָגט אײַך אין פּײַן,
פֿון דער נאָוואָליפּיע גאַס אויס און גאַס אײַן,

צום אומשלאַג! צום אומשלאַג, מיט טויזנטער נאָך
זיי האָבן פֿאַרשלעפּט אײַך – אַן אומגליק! אַ בראָך!

די דײַטשן, די דײַטשן! די מיאוסע זין
פֿון מיאוסטן פֿאָלק... אָ זאָגט מיר וווהין

זיי האָבן פֿאַרשלעפּט אײַך מיט גוואַלד, מיט גוואַלד,
צי שטייט איר, אין פֿעלד איר, צי זענט איר אין וואַלד?

צי לעבט איר? אָ זין מײַנע... חנה... איר לעבט!
מען האָט אין אכזריות און ווילד אײַך פֿאַרשלעפּט...

איך ווייס וואָס מער איידל איר זענט מײַנע, מער
ווערט איר געפּרוווט פֿון די אויסוווּרפֿן שווער!

איך ווייס וואָס מער פֿײַנער, וואָס ריינער איר זענט –
מער ווערט איר פֿון דײַטש, פֿון רוצח געשענדט!

ער האָט עס פֿאַרשלעפּט אײַך!... זאָג חנהלע ווו?
איך ווייס ניט בײַ טאָג און בײַ נאַכט פֿון קיין רו...

עס האָט זיך אין מיר עפּעס אָפּגעשטעלט – סטאָפּ!
און עפּעס וואָס יאָגט מיך, יאָגט יאָגט באַרג־אַראָפּ.

צי בין בײַם געדאַנק איך? בײַם קלאָרן בײַם זין?
איך וואַקל בײַם גיין זיך, אַהער און אַהין,

שטאַרק אין מײַן וואַקלען דערזע איך דיך, קינד!
חנה! פֿאַר וואָס אָ, פֿאַר וואָסערע זינד?

אַ יִידישע טאָכטער, שטאַרק ענלעך צו דיר,
האָט דאָך מיט קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר פֿריי׳ר

אַ גאָט זיי די גויים געבוירן, דו – ווײ...
האָסט צוויי דאָך געבוירן זיי, געטער זיי צוויי!

צוויי יִינגעלעך מײַנע, אָ חנהלע מײַן
איר מאַכט אים אַדורך אים, דעם וועג אים, פֿון פּײַן...

איר מאַכט אים דעם טרויערוועג דורך זאַלבע דריט –
פּילאַטוס! וואָס דו האָסט געמאַכט מיט איין ייִד

מאַכט עס דער דײַטש מיטן ייִדישן פֿאָלק!
שטיי אויף פֿון דײַן קבֿר און ווינטש אים דערפֿאָלג!

דו ווײנסט גאָר... קוקסט צו זיך און ווײנסט אויף אונדז... סטײַטש!
יאָ, יאָ... ביסט אַ רוימער נאָר, ביסט ניט קיין דײַטש!

די גויים אויף וועגן – זיי קוקן זיך צו
און ווײנען... נאָר דו ווײן מאַדאָנע נאָר, דו,

דו ווײנסט ניט... איך ווייס, דו לאָזסט זעלטן אַ טרער,
דו לאָזסט עס דעם קאָפּ נאָר אַראָפּ אַזוי שווער –

אָ, לאָז ניט אַראָפּ אים, מײַן חנהלע, ניין!
דו קוק בעסער אָן מיך און ווײן בעסער, ווײן...

דיר דאַרף זײַן לײַכטער ווי מיר... דו, דו ביסט
מיט אונדזערע צוויי! און איך – ווײ און וויסט,

איך בין דאָך געבליבן מיט איינעם אַליין,
מיט צבֿיִען... איך בעט אויך בײַ אים זיך: ווײן, ווײן...

ער וויינט ניט... ער איז דאָך געראָטן אין דיר!
ער בייגט אײַן דעם קאָפּ און... ער קוקט ניט אויף מיר...

ער פֿאָלגט מיר ניט, צבֿי, כאָטש איך בעט זיך און שרײַ —
אײַך דאַרף זײַן פֿריילעכער — איר זענט דאָך דרײַ!

ניט דרײַ, ניין, ניט דרײַ! איר זענט דאָך די וועלט!
וויסט איז געוואָרן אָן אײַך מײַן געצעלט,

וויסט און פֿאַרפֿינצטערט, פֿאַראיינזאַמט און פּוסט
אַ קומער אין האַרצן, אַ ווייטאָג אין ברוסט,

איך דריי זיך אין צימער, געפֿין ניט קיין אָרט,
איך רייד וואָס צו צבֿיען און ווייס ניט קיין וואָרט

פֿון דעם וואָס איך זאָג אים, ניט איך און ניט ער —
ס'האָט קיינער גערעדט דאָ, ס'האָט קיינער געהערט.

שטום זיץ איך אין ווינקל, אין צווייטן זיצט צבֿי —
און בײדע, אי איך און אי צבֿי — שווין ניט די...

עס טרעפֿט איך קוק אָן אים און ס'באַפֿאַלט מיך אַ שרעק
מײַן צבֿי איז דאָך אויך מיט זײַן מאַמען אַוועק!

דאָס איז דאָך ניט ער, דער וואָס זיצט דאָ בײַ מיר —
באַלד — באַלד און ער וועט ניט, בײַם ערשטן, בײַם ריר...

דאָס פּנים — ניט זײַנס, ניט זײַנע די שטים —
דאָס איז נאָר געבליבן אַ שאָטן פֿון אים!

איך אויך, איך בין מערער בײַ דיר דאָרט ווי דאָ,
איך וואַנדל אין צימער און גלײַך ווי נישטאָ...

חנה! דו האָסט דאָך אונדז אַלעמען... און
ווייסט ניט, מײַן טײַערע, ווייסט ניט דערפֿון...

איר דאַרפֿט זײַן פֿריילעכער! די פֿרייד איז אַוועק
מיט אײַך דאָך צוזאַמען, מיט אײַך אין איין וועג,

בײַ יאָמעלען איז זי! אין יאָמעקס געמיט –
נעמט יאָמעלען, נעמט אים אַרײַן אין דער מיט!

ניין, דו גיי אין מיטן, דו, חנהלע, דו!
און איר, בײַ דער זײַט איר! ווו גייט איר עס, ווו?

איר גייט ניט, איר ווערט מיט אכזריות געשלעפּט
דערפֿאַר לאָזט אַראָפּ איר אין טרויער די קעפּ...

בנציק דו אויך, אָ דו לאָזסט אים אַראָפּ?
דו האָסט דאָך ליב גיין און הויך הייבן דעם קאָפּ!

אָ, גיי ניט אַוועק פֿון מיר בנציקל! ווער
וועט מיר אַ קשיא פֿאַרענטפֿערן שווער

בײַם צייכ׳נען אַ גרויסע געשטאַלט פֿון אַ ייִד
צי פֿון אַ גוי אין אַ דראַמע, אין ליד...

דו! דו! פֿערצן־יעריקער זונעלע מײַן,
פֿלעגסט דאָך מײַן אורים־ותּומים מיר זײַן!

מײַן פֿאָטער – ער פֿריִער, און שפּעטער דו, דו
דו האָסט מיך געלערנט... ווו גייט איר עס, ווו?

וואַרט, אײַלט זיך אַזוי ניט, ניט גייט אַזוי גיך,
מיר גייען דאָך נאָך אײַך, אי צבֿי און אי איך...

מיר גייען דאָך נאָך אײַך! מעג׳ס זײַן אין עק וועלט.
און מעג מען... אונדז וואַרפֿן אין היץ און אין קעלט

צי אין פֿלאַם־פֿײַער צי טיף אין אַ טײַך
מיר קומען מיט אײַך אום, צוזאַמען מיט אײַך —

מיר אָבער מיר זענען געקומען צו שפּעט —
דער צוג איז אַוועק שוין, אַוועק שוין, העט־העט...

ווען ס׳וואָלט אַזוי שנעל אין געאײַל ניט געשען —
איר וואָלט דאָך אונדז באַלד אויפֿן ״אומשלאַג״ דערזען!

אי צבֿיען, אי מיך — די קלענערע העלפֿט
פֿון אונדז פֿינף איז דאָך אויך שוין אין מויל בײַ די וועלף

מען האָט אײַך געטריבן, געיאָגט אין געאײַל —
אָ, גאָט, ווען עס דויערט אַ ווײַל נאָך, אַ ווײַל —

איר וואָלט אין וואַגאָן ניט אַרײַן שוין, אָ ניין!
מען רײַסט אײַך ווי אונדז באַלד בײַם וואָלף פֿון די ציין,

מיר זענען פֿון גיהנום פֿאַר געלט באַלד אַרויס —
און אין גיהנום אַרײַן — אין מײַן פֿינצטערן הויז...

איך האָב אין מײַן שטוב, אין מײַן צער אײַך דערזען:
דאָס זענען די שאָטנס פֿון אײַך נאָר געווען...

אָ שאָטנס כ׳וואָלט הויך אײַך באַגריסט און געבענטשט
ווען ס׳שטייט נעבן יעדן פֿון אײַך דאָ, דער מענטש...

דער וואַרעמער מענטש אין זײַן זוניק געשטאַלט —
איר שאָטנס זענט פֿינצטער, איר זענט אַזוי קאַלט!

אָן מענטשן זענט איר גאָרנישט, מיט אים זענט איר איינס
גייט צ׳ריק צו די ליבסטע, ניט לאָזט זיי אַליין..[.]

זיי האָבן ניט צבֿיען, זיי האָבן ניט מיך –
זאָלן זיי האָבן די שאָטנס לעם זיך...

איך בעט זיי, איך וועק בײַ זיי מיטלײַד און וועק –
די טרויער־געשטאַלטן זיי זענען אַוועק...

יעצט זע איך די שאָטנס צוזאַמען מיט אײַך –
די אויגן... די אויגן – זיי זענען מיר פֿײַכט...

איך הייב אָן צו האָפֿן: איר לעבט! יאָ, געוויס!
אָ ביטערער חלום, איך גלייב אין דיר זיס!

איר זאָלט מיר נאָר לעבן, איר הערט, איך באַפֿעל!
און לעבט איר – איך וועל אײַך געפֿינען, איך וועל!

יעצט זע איך אין חלום, אין חלום אײַך נאָר –
ס׳איז אָפֿט גאָרניט ווײַט פֿון אַ חלום צו וואָר...

איך ברענג נאָך אַהיים אײַך, אײַך אַלעמען דרײַ,
מיר הייבן אָן ווידער אַ לעבן אויף ס׳נײַ,

דו, בנציקל, יאָמעק און צבֿי און איך אויך –
דאָס בייז וועט אַוועק, וועט צערינען ווי רויך,

און ווידער, פֿאַרנאַכט שוין, קום איך צו גיין
האָפֿערדיק אײַל איך זיך, אײַל זיך אַהיים,

איך שפּרינג אויף די טרעפּן, גיך־גיכער אַרויף,
איך קלאַפּ אין דער טיר אָן – דו עפֿנסט מיר אויף –

חנה! מיר זיצן שוין ווידער צוזאַם,
און ליכטיק די שטוב און דער ברויט האָט אַ טעם,

און ווידער וועט בנציקל מאָלן די מאַפּ,
ס'וועט יאָם אים אַ שטופּ טאָן און כאַפּן אַ קלאַפּ.

צבֿי גיט הויך אַ הייב זיך און גיט זיך אַ נעם –
איך ווייס ניט צו וועמען? צו דעם צי צו דעם?

פֿאַרלאָזט זיך אויף צבֿיען, צבֿי איז דאָך ניט שלעכט,
צבֿי האַלט דאָך מיט די נאָר וואָס זענען גערעכט,

ער האַלט דאָך מיט ביידן, מיט זיי, מן־הסתּם,
זיי ביידע, זיי זענען באַעוולט צוזאַם

מיט זייער הייליקער מאַמען, זיי דרייַ,
למאַי זאָלן וועלן געשמיסן, למאַי

פֿונעם אכזר, פֿון גורל מיט איינער אַ בייַטש?
געשטראָפֿט גאָט, זאָל ווערן אַזוי שוין דער דייַטש!

זייַן ווייַב און זייַן קינד – מייַן חנה ז'איז ניט פֿויל
זי לייגט מיר די וואַרעמע האַנט אויף מייַן מויל

קוקט טרויעריק אָן מיך, אי טרויעריק, אי מילד –
["]שילט זיי, נאָר גרויזאַם אַזוי, זיי ניט שילט..."

["]געשטראָפֿט זייַן ווי איך און די זיין דייַנע – הער,
ניט ווינטש עס די ערגסטע, די שלעכטסטע אויף דר'ערד!"

חנה, איך וועל דיך געפֿינען, אי דיך
אי מייַנע קינדער די טייַערע גיך,

מײַן האַרץ וועט מיך פֿירן מיט אויגן פֿאַרמאַכט,
מײַן האַרץ ווי אַ ליכט וועט באַלײַכטן די נאַכט,

אין וועלכער מען האָט אײַך געשלײַדערט, איך קום
און ווײן אויפֿן האַלדז אײַך און נעם אײַך אַרום...

און ווידער איך ברענג אײַך, אַהיים אײַך אין פֿרייד,
און וואַרעם די בליקן און האַרציק די רייד,

און ליכטיק די טעג אונדז און זיכער די נעכט —
מען רעדט נישט פֿון די וואָס געווען זענען שלעכט,

וואָס האָבן פֿאַרשאַפֿט אונדזער פֿאָלק אַזאַ פּײַן,
זיי זענען געווען און מער שוין נישט זײַן,

זיי וועלן ווי מיר... — דו, חנהלע, דו
דו מאַכסט מיר שוין ווידער דעם מויל מײַנעם צו?

„שילט זיי, די ערגסטע פֿון אַלע, שילט, שילט,
נאָר ניט באַגיי זיך מיט זיי ווי זיי ווילד...״

און זאָגנדיק דאָס — אַראָפּגעלאָזט שווער
און טרוי׳ריק דעם קאָפּ און באַהאַלטן די טרער.

חנה! כ׳באַשווער דיך בײַם קומענדן טאָג:
וואָס האָבן די דײַטשן געטאָן מיט אײַך זאָג?

„ניט פֿרעג! פֿרעג דײַן ווײַב ניט און פֿרעג ניט דײַן זון —
אָ גאָט ווען מיר קענען פֿאַרגעסן דערפֿון...

און אויב ניט פֿאַרגעסן איז שטאַרבן שוין...״ ווײַב,
דאָס לעבן דאָס נײַע שײַנט אויף און פֿאַרטרײַבט

די בייזע די שאָטנס[,] די פֿון אַמאָל...
"דו חלומסט!" איך חלום! ווו ביסטו? דײַן קול!

איך הער אים: "דו חלומסט"... איך חלום, יאָ, יאָ!
איך חלום! ביסט דאָ נאָך! צי ביסטו נאָך דאָ?

איך זע אײַך, איך זע בעת איך שלאָף בעת איך וואַך
איך זע אײַך פֿאַרשמאַכטע אין פֿעלד, אָן אַ דאַך,

איך זע אײַך פֿאַרלאָזן און נאַקעט און בלויז,
איך זע אײַער עלנט, די פּײַן אײַער גרויס,

איך זע אײַך און זע ניט, איר קומט און פֿאַרשווינדט
פֿאַרווישט עס מײַן טרער אײַך, מײַן טרער מאַכט מיך בלינד...

יאָ, **בלינד**... **אַך** ווי צופֿעליק בין איך אַרויס
אין **יענעם** פֿרימאָרגן און בלינד פֿון מײַן הויז!

איך האָב **וואָס** פֿאַרזען דאָך, יאָ, עפּעס פֿאַרזען
**איי**דער **מיט אײַך** איז דאָס אומגליק געשען...

איך **קען** זיך ניט שענקען... נאָך באַלד אין דער פֿרי
**האָט** ווער מיר געבעטן נאָענט צוגיין מיט אים,

און איך בין אַרויס פֿון מײַן וווינונג באַרוט —
אַרויס... און עס פֿעלט מיר, מיר פֿעלט אַ מינוט

פֿון אומקוקן זיך בײַ דער טיר... נאָר אַ קוק!
אין האַרץ האָט אַ צוק מיר געטאָן יעצט אַ צוק —

פֿאַר וואָס בין אַרויס איך פֿון שטוב סתּם אַזוי?
ניט אומגעקוקט זיך אויף די זין, אויף דער פֿרוי?

ווען כ׳זע דיך, מײַן חנה, ווען כ׳וואָלט דיך דערזען —
און אַלץ, אַלץ וואָלט אַנדערש, וואָלט אַנדערש געווען!

געדענקסט? אויפֿן בוידעם, מיר זענען אַרויף
מיר און די קינדער מיר פֿינף... אויפֿן הויף

האָט שוין געשווישטשעט אין לופֿט ווי אַ בײַטש
דאָס קולעכל עקל׳יק און שאַרף פֿון אַ דײַטש:

״אַלע אַרונטער!״ מיר האָבן געהערט
און בלאָס מיט אַ שמייכל געמאַכט עס פֿאַרקערט:

ער רופֿט אין דער נידער — הייבט העכער זיך אויף!
חנהלע, זין מײַנע, גיך, גיך אַרויף!

צום בוידעם צום דאַך, צום קוימען — הויך, הויך!
מיר פֿליִען ווי פֿויגל פֿאַרשווינדן ווי רויך...

מיר זענען אַרויף אויפֿן בוידעם — געדענקסט?
מיר זוכן דעם טונקלסטן אָרט אויף, דו שענקסט

מיר און די קינדער אַ שמייכל און ס׳ווערט
אונדז ליכטיק, ווי ליכטיק עס ווערט אויף דער ערד

בשעת עס באַווײַזט זיך די זון אויפֿן ראַנד
פֿונעם מזרח — מיר זענען געזעסן בײַנאַנד,

צוזאַמען געשוויגן זיך גאָרנישט געזאָגט —
זע ס׳פֿאַלט אויפֿן בוידעם די נאַכט צו און ס׳טאָגט!

ס׳ווערט איינציַיטיק נאַכט און עס טאָגט אויף העל־רויט,
מיר זיצן, מיר פֿינף, צווישן לעבן און טויט...

די נאַכט – זי פֿאַרדעקט אונדז, באַלעקט אונדז, באַשמעקט
און ס׳פֿאַלט צו די פֿיס אונדז דער טאָג און אַנטפּלעקט...

אַ שטיק טאָג ווי אַ שפּיאָן... איך צי צוריק צום וואַנט
מײַנע פֿיס... און עס גילדט מיר דער טאָג אָפּ די האַנט,

הייב איך די האַנט אויף, לייג איבער זי לײַכט –
זעצט זיך דער טאָג אויף מײַן אַקסל און לײַכט...

מיר וואָלטן, ווען ניט די געפּאַר, זיך צעלאַכט –
זיי פֿלעפֿן אונדז ביידע, דער טאָג און די נאַכט!

מיר ליגן אין שויס פֿון דער נאַכט און דעם טאָג...
מיר וויגן אויף שאָלן זיך צוויי פֿון אַ וואָג!

די זוניקע פֿלעקן – זיי האָבן דערוועקט
אַ פֿרייד טיף אין האַרצן בײַ אונדז און אַ שרעק...

מיר האָבן זיך צוגעהערט שטיל צו די קלעפּ
אין אַ טיר, צו די זעלנערישע טריט אויף די טרעפּ...

מיר האָבן פֿאַרהאַלטן דעם אָטעם – אָט, אָט...
געדענקסט די בלאָקאַדע? נאָך איינער אַ טראָט –

און ער באַווײַזט זיך דער, דער גזלן, און שיסט...
מיר האָבן זיך אָנגעקוקט דאַמאָלס[ט]... דו ביסט

געווען אַזוי רויִק, באַשלאָסן און דרייסט –
חנה! דײַן אָנקוקן מיך...! ווען דו ווייסט

ווי געטרייסט איך בין דאַמאָלס[ט] געווען און געשטאַרקט!
קום מיאוסער דײַטש, און דערשיס און דערוואַרג!

דו שרײַסט! שרײַסט: אַרונטער, גיך, גיך!
מיר זענען אַרויף און הויך אָנגעקוקט זיך...

דו רויבסט ניט, דו נעמסט אונדז ניט צו אונדזער גליק,
מיר גיבן אַ לעבן פֿאַר איינעם אַ בליק!

ניט נאָר אַ לעבן איז גליק, מ׳קען שטאַרבן אין רו
ווען מען ווייסט אַז דער אויסוווּרף וואָס נעמט בײַ מיר צו

מײַן לעבן, איז ערגער פֿון אַלץ אויף דער ערד –
און איך – איך בין לויטער און ריין ווי אַ טרער,

אי איך, אי די פֿרוי און די זין מײַנע דרײַ –
מיר האָבן זיך אָנגעקוקט רויִק און פֿרײַ...

געדענקסט?... און אַצינד איז מיר פֿינצטער מײַן וועלט,
עס פֿעלט עפּעס־וואָס מיר וואָס אַלץ איז... עס פֿעלט

דער אָ קוק טאָן אויף אײַך... וואָס האָב איך געטאָן
ווען כ׳דריי פֿון דער טיר אויס דעם קאָפּ, קוק אײַך אָן –

קוק אָן אײַך – איך וואָלט דאָך געהאַט אײַך מיט זיך –
בנציקן, יאָמעקן... און, דיך, חנה, דיך!

איך וואָלט דאָך דערזען אײַך! איך וואָלט אײַך דערשפּירט –
ווען כ׳דריי נאָר דעם קאָפּ אויס פֿון נעבן דער טיר,

און זע דיך, קוק אָן דיך אַ ווײַלע גוט־גוט,
אי דיך אי די קינדער נאָך, נאָך אַ מינוט –

אַ קוק טאָן אַ לעצטער, אַ לעצטער אַ בליק
עסט אײַן זיך אין נפֿש נאָך מער ווי אַ ביקס,

שיסט דיקער, שאַרפֿער דאָרט ווו מען באַדאַרף,
מער ווי אַ פּיסטויל־קויל אי זודיק אי שאַרף.

איך וואָלט מיט מײַן בליק אײַך פֿאַרשלעפּט פֿון דער היים,
איך וואָלט אײַך באַהאַלטן, אײַך אַלע געהיים...

אָ, חנהלע, גליק מײַנער, חנהלע מײַן —
אַליין זײַן אַ גליק און אַזוי אומגליקלעך זײַן!

זין מײַנע יונג און אַזוי שוין געפּרוווט!
איר רופֿט! אָ, איך הער ניט און הער ווי איר רופֿט...

איר רופט עס ניט מיך... איך זע ווי איר האָט
געהויבן די הענט און די אויגן צו גאָט...

אָ ווענדט זיך צו מיר! כ׳האָב ליבער אײַך מער,
און מערער באַזאָרגט... אַך, ווען איך דערהער

אײַער קול... ווען איך ווייס, ווען איך וואָלט נאָר געוווּסט
ווו איר זענט — אָ, איך וואָלט דאַן געגאַנגען צו פֿוס,

מיט אַ ברויט אונטער אָרעם, מיט וואַסער אַ פֿלאַש,
אַ העמד און אַ ביסל מזומן אין טאַש —

איר זענט געוויס הונגעריק און דאָרשטיק דאָך אויך —
הייבט ניט די הענט צו דעם הימל אויף הויך

ווענדט זיך צו מיר... איין רוף נאָר, אַ רוף —
און כ׳קום דאָך באַלאָדן צו אײַך מיט כּל־טובֿ!

מיט אַ טרער, מיט אַ פֿריילעכער טרער אינעם אויג,
מיט צאַרט, צאַרט אַ האַנט... אָ גיב זיך אַ בויג

שפּאַר חנהלע אָן אים, דעם קאָפּ דײַנעם שוואַרץ,
אויף מײַן צעבראָכענעם, גלײַיִקן האַרץ,

אויף מײַן צעבלוטיקטע, צעווייטאָגטע וווּנד —
איך גלעט דײַנע האָר קיל, איך קוש דיר דײַן שרונט

איך בעט זיך ניט זײַענדיק שולדיק, פֿאַרגיב!
רוים אײַן דיר אין אויער אַז איך האָב דיך ליב...

דו ווייסט עס פֿון לאַנג שוין, פֿון לאַנג שוין, מײַן טרייסט,
ס'איז גוט אָבער הערן אָט דאָס וואָס מען ווייסט...

דו ווייסט עס... איך האָב עס אַליין ביז אַהער
ניט געוווּסט אַז איך אַזוי ליב דיך און מער...

בנציקן אויך און בנימינקען אויך —
אָ הייבט ניט די הענט און די אויגן אויף הויך,

ווענדט זיך צו מיר... כאָטש איך קען גאָרנישט טאָן —
איך קוק אײַך נאָר האַרציק און ליבעפֿול אָן...

רוף חנהלע, רוף מיך, רופֿט קינדערלעך, רופֿט —
איך קום דאָך באַלאָדן צו אײַך מיט כּל־טובֿ:

דרײַ סוועטערלעך וואַרעם, דרײַ מאַנטעלעך אַלט,
נאָר אײַערע, אײַערע... עס ווערט דאָך שוין קאַלט,

און ס'קאַפּעט אַ רעגן, דער הימל איז גרוי —
קומט זין מײַנע, איידעלע, קום איידעלע פֿרוי,

וואָס שטייט איר פֿאַראיינזאַמט אַזוי און פֿאַרקלעמט?
מען האָט אײַך געפּײַניקט פֿאַרשעמט

מען האָט אײַך געמאַטערט אומזיסט און אומנישט
אָ, אײדעלע מײַנע, אָ װישט נישט, ניט װישט

די טרערן... זײ קאַפּען אײַך שטומע אַראָפּ –
די לויטערע טרערן – יאָ װישט זײ ניט אָפּ!

זאָלן זײ קאַפּען... אַ טרער זען איז שװער –
נאָר דעם װאָס פֿאַרגיסט זי װערט לײַכט פֿון דער טרער.

חנהלע! זין מײַנע – דערשלאָגן און מיד
איר ענטפֿערט מיר גאָר ניט... צי זעט איר מיך ניט?

װאָס שטײט איר אין װיסטן, אין פֿעלד דאָ אַלײן?
זעט טיף דאָרט אַ הײַזל, כאָטש ניד׳ריק און קלײן –

אַ פּויעריש הײַזל האָט אויך דאָך אַ דאַך,
קומט אײדעלע מײַנע, פֿאַרחלשט און שװאַך.

איר רוט דאָרטן אויס זיך, איר װעט דאָרטן זײַן –
"דער פּויער אַ פֿאָלקסדײַטש, ער לאָזט ניט אַרײַן..."

אַ פֿאָלקסדײַטש!?... איז בעסער מיר מײַדן אים אויס,
דאָס פֿעלד, קײן עין־הרע, איז גרויס, אַזוי גרויס!

און פּויערישע הײַזלעך – זעט, שטײען אַ סך!
מיר װעלן געפֿינען פֿאַר אונדז נאָך אַ דאַך...

אַ פּויער, אויב ניט נאָר קײן דײַטש, איז ניט שלעכט,
ר׳איז רײַך כאָטש אַן אָרעמער, ר׳איז פֿרײַ כאָטש פֿאַרקנעכט.

ער שענקט אַ קאַרטאָפֿלע, אַ פּענעצל ברויט –
"פֿאַר העלפֿן אַ ייִדן קומט פּויערן טויט..."

איז ניט... נו, איז [ניט! אַז] ער וויל ניט – איז ניט!
שלעכט, חנהלע מײַנע, שלעכט זײַן אַ ייִד...

אי שלעכט און ׳אי גוט! יאָ גוט, און איר טאָרט
ניט ריידן דערווידער מיר יעצט, ניט קיין וואָרט,

איר קענט אײַער טאַטן, דײַן עקשן, דײַן מאַן!
פֿאַראַן איז אין שלעכטן, גרויס גוטס, יאָ פֿאַראַן!

און לאָזט מען אַרײַן ניט אונדז דאָ אין אַ הויז –
וועלן מיר שפּרײַזן פֿעלד אײַן און פֿעלד אויס,

מיר און די קינדערלעך – גאַנץ אַ געפֿאָלג,
מיר יונגע און ייִנגסטע פֿון אַלטיטשקן פֿאָלק!

דער וועג איז דאָך אָפֿן און פֿרײַ איז דער רוים –
קומט, זין מײַנע, חנה... ״מיר זענען פֿאַרצוימט...״

איך זע ניט! איך זע אים, דעם צוים ניט... קום! קום!
חנהלע, קוק מיך ניט אָן אַזוי שטום,

זע, בנציקל! בנציק! – ער האָט מיך דערקענט...
אויך יאָמעקל ציט צו מיר אויס זײַנע הענט,

נאָר דו, חנהלע, חנהלע, קוקסט מיך אַלץ אָן,
און קענסט ניט באַגרײַפֿן... דערקאָן מיך, דערקאָן!

און שענק מיר אַ שמייכל אויב ס׳איז דיר ניט שווער,
אַ שמייכל אין אומעט געמישט מיט אַ טרער

איז מער ווי דערציילט וואָס, איז מער ווי גערעדט
וואָס ווייסטו? איך האָב דיר געגעבן אַ גלעט...

אַ גלעט אין אַן אומגליק, אַ גלעט מיט דער האַנט
אַ לײַכטער אַ גלעט – איז דאָך אַלץ מיט אַנאַנד!

וואָס ווייִנסטו!? דו ווייִנסט און דו לאַכסט גאָר... אָך, אָך!
און בעטסט שטומערהייט מיר: "גלעט נאָך מיך, גלעט נאָך

אי מיך אי די קינדער... צי ווייסטו דעם טײַטש
ווערן געשלעפּט און געשלאָגן פֿון דײַטש..."

זי זאָגט ניט אַרויס עס... די פּײַן אָבער גרויס,
די פּײַן רעדט פֿון בליקן פֿון שטומע אַרויס,

אָן גרענעץ אַ ווייטיק און לײַד אָן אַ מאָס –
די זין קוקן אָן מיך און פֿרעגן: פֿאַר וואָס?

עס פֿרעגט מיך בנציון, בנימין, – ער אויך!
"פֿאַר וואָס?" און זיי הייבן די אויגן אויף הויך.

זיי פֿרעגן און וואַרטן אויף ענטפֿער – ניט וואַרט!
גאָט? – ווי נישטאָ אים... דער הימל גענאַרט,

די שטיפֿמאַמע ערד קוקט קאַלט צו זיך און פֿרעמד
ווי אַלע מיר ווערן באַשפּײַט און פֿאַרשעמט...

ווי אַלע מיר ווערן פֿאַרטיליקט אומזיסט
פֿון פֿעלקער וואָס זענען ניט ווערט אונדזער מיסט.

און מיך – מיך פֿרעגט אויך ניט... איך ווייס ניט אַליין
פֿאַר וואָס מען פֿאַרשלעפּט מײַנע קינדערלעך קליין?

פֿאַר וואָס מען פֿאַרפּײַניקט, מען מאַטערט אַזוי
זייער מאַמען, מײַן יונגער, מײַן איידעלער פֿרוי?

מײַן חנהן, מײַן האַרץ טיף װאָס קלאַפּט אין דער שטיל –
װאָס שװײַגט און זאָגט שװײַגנדיק פֿיל אַזױ, פֿיל...

דײַן שװײַגן – איך האָב אים געהערט װי אַ שטים
איך האָב אַזאַ סך זיך געלערנט פֿון אים...

כ׳האָב מער דיך פֿאַרשטאַנען פֿון דער װעלכער רעדט...
דער אמתער שװײַגער – ער הערט דאָך און זעט!

צי האָסטו געזען אים, דעם אומגליק, װאָס קומט?
אָ ניין, האָסט צו מיר דאָך געשװיגן פֿאַרשטומט...

דײַן שװײַגן – ער פֿלעגט מיך באַרויִקן, ער פֿלעגט
מאַכן מיר גלױבן אין בעסערע טעג,

דײַן שװײַגן – ער האָט באַפֿױלן מיר: גלױב!
דו האָסט דאָך געשװיגן אין גוטסקײט אַ טױב,

צו מיר, צו די קינדער, די זעלטענע דרײַ,
און לערנסט אין שװײַגן אונדז ליבן, זײַן פֿרײַ...

יעצט טרינקט איר דעם ביטערן אױס אים, דעם כּוס –
און כ׳פֿרעג עס אַלײן דאָך! פֿאַר װאָס? פֿאַר װאָס?

פֿאַר װאָס קומט די פּײַן אײַך? פֿאַר װאָס גרױס די שמאַך?
איך װײס אַז ניט בעסער זענט איר פֿון אַ סך,

כאָטש איר זענט די בעסטע פֿון אַלץ װאָס איז דאָ
ניטאָ שױן! ס׳איז בעסער פֿון אײַך דאָ ניטאָ!

נאָר דער ערגסטער װאָס װערט פֿון אונדז אומגעבראַכט שטום
איז בעסער פֿון די װעלכע ברענגען אים אום.

איז העלדישער מער און איז מוטיקער מער –
וואָס איז דען אַ דײַטש אויף דער ערד אָן געווער?

וואָס איז דען אַ דײַטש אויף גאָטס גרויסער ערד
אָן פּײַל און אָן בויגן געטראָטן? אָן שווערד?

און איז ער באַוואָפנט – רײַסט פּולער אין זינד,
און זעטיקט אין בלוט פון אַ פרוי זיך, און קינד...

די לײַכטסטע מלחמה! דער זיכערסטער זיג,
דער קרבן דער ליבסטער דער שפּינס איז די פליג,

דער ביסן דער זיסטער דער ווילדס איז די טויב!
ווייי די וואָס לעבן פון מאָרדן און פון רויב!

וויי צו דער חיה אין מענטשן־געשטאַלט!
וואָס ברענגען אום קינדער און שיסן אויס אַלט!

דערהרגענען עופעלעך, רויבן אַוועק
בײַ זקנים – די לעצטע, געציילטע שוין טעג...

צי לעשט פאַר דער צײַט ווער די זון אויס? זאָגט ווער?
אַ מענטשנס אַ לעבן פאַרלעשן איז מער!

אַ מענטשנס אַ לעבן איז מער ווי די זון!
דײַטשן און מערדער – זיי לאַכן דערפון.

דעריבער רוף אויס אין דעם שרעקן אין גרויל
ווער ס'האָט אַ געוויסן און אַ צונג אין זײַן מויל:

אַ מיליאָן דײַטשע מערדער פאַר אַ ייִדיש קינד, גאָט!
פאַר אַ ייִדיש הויז גאַנץ פאַרוויסט זיי אַ שטאָט!

האָב פֿײַנט ווי אַ שפּין זיי... אָ, מיאוסער שפּין,
דו האָסט אונדז פֿאַרמשפּט אָן משפּט, אָן דין!

האָסט אַלעמען אומגעבראַכט אונדז און אומזיסט,
חרובֿ די הײַזער, די היימען פֿאַרוויסט,

עס איז אויף דער וועלט נאָך אַזוינס ניט געשען,
און אָן אַ פֿאַרוואָס און אָן אַ פֿאַרוועז...

אָן זאָגט מיר, ווו זענט איר? איך פֿרעג כאָטש איך ווייס:
איך פֿרעג אײַך אומזיסט... ס׳ווערט קאַלט מיר און הייס...

און רופֿט יעצט ווער אָן מיר דאָס אָרט ווו איר זענט —
איך וואָלט דאָך צו אײַך נאָך יעצט צוגיין געקענט

די וועגן צו אײַך — אַך, פֿינצטער מײַן וועלט!
די וועגן זיי זענען פֿאַרצאַמט און פֿאַרשטעלט...

נו זאָגט מיר ווו זענט איר? כ׳וועל קומען אַהין,
און אויב ניט צו פֿוס, אַך, איך וויל מיט מײַן זין,

מיט מײַנע געדאַנקען זײַן דאָרט ווו איר זענט,
צו אײַך מײַנע אויגן אין טרערן געווענדט...

אָ, זאָגט מיר ווו זענט איר? און הערט ווי עס שלײַכט
מײַן בענקשאַפֿט, מײַן גרויסע און ליבע צו אײַך —

חנה! אָ הייב ניט דײַן קאָפּ פֿון מײַן ברוסט
פֿאַרשווינד ניט... אָ, חנה, ווען איך וואָלט געוווּסט

ווו איר זענט, ווו איך קען אײַך געפֿינען — איך וואָלט
מיט מײַן צעבראָכענעם לעבן באַצאָלט

פֿאַר אַ קוק נאָר אויף אײַך נאָר איינעם אַ קוק
אַ קוק נאָך אַ לעצטן און שוין גענוג...

מען זאָגט אַ מאָל אַלץ אין אַ וואָרט... ס׳איז אַ גליק!
און אַלץ, אַלץ דערזעט מען אין איינעם אַ בליק

עס ברענט און עס בראָט אונדז אַ וואָרט ניט דערזאָגט
פֿאַרפֿאַסט אָפּט אַ זונשטראַל און ווי ס׳וואָלט ניט געטאָגט...

לאַנג קוקן איז אָרעם, איין בליק טאָן איז רײַך –
איך וויל נאָר איין איינציקן בליק טאָן אויף אײַך.

איך וויל שוין קיין וואַסער פֿון פֿולן, פֿון קרוג,
אַ שלוק איז גענוג מיר, נאָר איינעם אַ שלוק!

חנהלע! זין מײַנע, איידעלע זין!
מען האָט דאָך צעשיידט אונדז אין מיטן דערין

אין מיטן געשפּרעך און אין מיטן געדאַנק –
ווער וואַנקט עס? דו, חנה?... צי איך גאָר, איך וואַנק?

בנציקל – האַלט מיך! דו יאָמעקל – האַלט!
האַלט זי, די מאַמען, זי פֿאַלט, אַך, זי פֿאַלט!

[II טער] אַקט.>

## קאַפּיטלען פֿון תּנ״ך

איובֿ ג׳,

די פֿאַרשריבענע (און אויסגעמעקטע) פּאָר שורות אין אויבן געבראַכטן שער־בלעטל פֿון די איבערגעזעצטע תּנ״ך־טעקסטן, פֿון וועלכע איובֿ, ג׳ – איז ווי עס ווײַזט אויס דער ערשטער איבערגעזעצטער טעקסט, שפּיגלען אָפּ י.ק׳ס וועג – פֿון דעם איבערזעצן ביזן דראַמאַטיזירן דעם תּנ״ך־טעקסט (זע אין אַרײַנפֿיר צו נומ׳ 10), בײַם אָנהייב פֿון דריטן אַקט.

מיר ברענגען ווײַטער אַ רשימה פֿון טעקסטאָלאָגישע שינויים צווישן דעם תּנ״ך־טעקסט אויף ייִדיש און דעם זעלבן טעקסט נאָך דעם ווי ער איז געוואָרן אַ באַשטייטייל פֿון דער דראַמע ״איובֿ״. אַפֿילו ווען די רשימה איז אַ קליינע און די שינויים זײַנען אויך נישט גרויס קען מען באַמערקן וועלכע איז די פֿריִערע און וועלכע איז די שפּעטערע ווערסיע, אויך אין ליכט פֿון דער געענדערטער פּונקטואַציע.

| ספר איוב (פּרק ג׳) | די דראַמע ״איובֿ״ (אַקט III) |
|---|---|
| 10: דער סוביעקט פֿון זאַץ ווערט געגעבן בלשון־זכר (״ווײַל ר׳האָט די טירן די ניט פֿאַרמאַכט/..... **ער** וואָלט דערמיט.....״) | דער סוביעקט פֿון זאַץ ווערט געגעבן בלשון־נקבֿה (״ווײַל **ד**׳האָט די טירן ניט פֿאַרמאַכט/..... **זי** וואָלט דערמיט.....״) |

אין דער תּנ"ך־איבערזעצונג האָט י.ק. אָנגעגעבן דעם מין זכר פֿאַרן סוביעקט "די נאַכט", לויט העברעיִש, ווו "נאַכט" איז לשון־זכר. אין דער דראַמע האָט ער עס קאָרעגירט לויט ייִדיש, און פֿאַרביטן אויף לשון־נקבֿה – לויטן ייִדישן גראַמאַטישן מין. אַ פֿאַרקערטע סעקווענץ בײַם אַרײַנפֿירן דעם שינוי פֿאַסט זיך נישט אַרײַן אין דער לאָגיק פֿון איבערזעצן.

11: פֿון מאַמעס בויך אַרויס און **שוין** אַ קרבן. | פֿון מאַמעס בויך אַרויס און **גלײַך** אַ קרבן.

21: אָ די וואָס קוקן אויס דעם טויט | אָ,די וואָס קוקן אויס דעם טויט

23: דער מענטש אין פֿלוג – / אָ נישט גענוג | דער מענטש אין פֿלוג / אָ, נישט גענוג

24. איידער נאָך איך טראָג מײַן ברויט מײַן ביסן צו..... | איידער נאָך איך טראָג מײַן ברויט, מײַן ביסן צו.....

און גיסן און צעגיסן / ווי וואַסער זיך די ווייגעשרייען מײַנע..... | און גיסן און צעגיסן / ווי וואַסער זיך, די ווייגעשרייען מײַנע.....

25: דער פּחד פֿאַר וועלכן כ'האָב געציטערט ווי אַ בלאַט / איז מיר פֿאָרויסגעלאָפֿן / און די שרעק פֿאַר וועלכן <!> כ'האָב מורא שטאַרק געהאַט/ האָט מיך געטראָפֿן. | דער פּחד פֿאַר וועלכן כ'האָב געציטערט ווי אַ בלאַט— / איז מיר פֿאָרויסגעלאָפֿן, / און די שרעק פֿאַר **וועלכער** כ'האָב מורא שטאַרק געהאַט— / האָט מיך געטראָפֿן...

26. געקומען, אַך געקומען גרויס איז דער פֿאַרדרוס! | געקומען, אַח געקומען גרויס איז דער פֿאַרדרוס...

דער קאָרעגירטער דאַטיב (אין פּסוק 25) ווי אויך אַלע אַנדערע דאָ אָנגעוויזענע פּונקטואַציע־שינויים, ווײַזן אָן אויף דער ריכטונג בײַם באַאַרבעטן דעם פּרק ג' פֿון ספֿר איוב – פֿון דער תּנ"ך איבערזעצונג צו דער דראַמע. אין ליכט פֿון די געבראַכטע שינויים איז אַ פֿאַרקערטע ריכטונג אַ סך פּראָבלעמאַטישער צו דערווײַזן.

## צו אַרײַנפֿיר 11 — יעקבֿ און עשׂו

מיר ברענגען דאָ אַ קורצע רשימה פֿון געציילטע און כאַראַקטעריסטישע שינויים צווישן העברעיִשן טעקסט און דער ייִדישער איבערזעצונג, לויט וועלכע מיר קומען צום אויספֿיר – אַז די איבערזעצונג אויף ייִדיש איז דער עיקר געמאַכט געוואָרן לשם רעפּערטואַר־באַדערפֿענישן פֿון י.ק'ס דראַמאַטישע אַרויסטרעטן מיט זײַן דראַמאַטישן קרײַז. דאָך קענען באַמערקט ווערן, אַפֿילו אין דער קליינער צאָל שינויים, אויך געוויסע אונטערטענער וואָס פֿאַרמאָגן אַ געוויסע אַקטועלע אָנצוהערעניש.

| העברעיִש | יִדיש |
|---|---|
| **ז' 192:** טוב אמות שנה קדם | .....כ׳וויל בעסער מיט **אַ יאָר** אַ גאַנצס אַפּריִער שטאַרבן |

נאָר אין יִדישן טעקסט ווערן אונטערגעשטראָכן די צוויי ווערטער: ״אַ יאָר״

| | |
|---|---|
| **ז' 193:** עשׂו: אנֹכי אם עיפתי – תרופה אחת לי: אכלי! הב הב... | עשׂו: איך – קוים ווער איך שוואַך – / איז דאָ איין זאַך /וואָס קען די מידקייט מאַכן מיר פֿאַרגעסן/עסן! / אַ שטיקל בשׂר, אַ ביסל דם – / האַם! האַם! |

עשׂוס עשׂודיקייט ווערט אונטערגעשטראָכן אין דעם צוגאָב אויף יִדיש פֿון ״בשׂר״ און ״דם״ (לייען: דאַם), אָנווינקענדיק אויך אויפֿן צוזאַמענהעפֿט ״בשׂר־ודם״ מיט דער אָנצוהערעניש אַז עשׂו איז אַ מענטשנפֿרעסער. אָט די מעגלעכקייט פֿאַר אַן אַקטואַליסטישן פּירוש ווערט אָבער אין טעקסט נישט אַנטוויקלט וויַיטער.

| | |
|---|---|
| **ז' 194:** אשתעשע בה..... | .....איך שפּיל מיט איר זיך **(שמחה)**..... |

דער צוגאָב אין קלאַמערן, פֿון יִדישן טעקסט – פֿעלט אין העברעיִשן.

| | |
|---|---|
| **ז' 195:** – – – – – – | ניט זאָג אים, יעקבֿ, אויס... |

אַ צוגאָב אין עשׂוס רייד, אין יִדישן טעקסט, פֿעלט לחלוטין אין העברעיִש.

| | |
|---|---|
| **ז' 199:** ..תבקש מני את הדוד... | ..נעמסט אָפּ פֿון מיר דעם טאָפּ **(שריַיט)**..... |

דער צוגאָב אין קלאַמערן, פֿון יִדישן טעקסט – פֿעלט אין העברעיִשן.

## צו אַריַינפּיר 16 אַרום ירושלים (צווישן די פּאַסטעכער)

### טעקסטאָלאָגישע שינויים צווישן העברעיִשן און יִדישן טעקסט:

**ז' 382:** דאָס ליד מיט וועלכן עס פֿאַנגט אָן די האַנדלונג, אויף יִדיש, איז איבערגעביטן געוואָרן. סיַי אין ״בין הרועים״ און סיַי אין ״אַרום ירושלים״ הייבט זיך אָן די פֿאָרשטעלונג מיט אַ העברעיִש ליד פֿון י.ק.: אין ״בין הרועים״ פֿאַנגט זיך אָן די פֿאָרשטעלונג מיטן ליד ״ערב״, געשריבן אין יאָר תרצ״א, געדרוקט אין שירים, תרצ״ח, באַנד III, ז' 9 ; און אין שירים, תשל״ה, ז' 262. אין ״אַרום ירושלים״ פֿאַנגט זיך אָן די פֿאָרשטעלונג מיטן ליד ״יפים הלילות בכנען״, געשריבן אין יאָר תרס״ו, געדרוקט אין שירים, תרצ״ח, באַנד II, ז' 9, און אין שירים תשל״ה ז' 110.

**ז' 389-390:** דער פֿראַגמענט, פֿון – ״איר אפֿשר, איר, וועט אפֿשר עס באַוויַיזן״, ביז – ״די געשטאַלט פֿון אונדזערן אַ גרויסן טויטן פֿון אַמאָל״, איז איינער פֿון צוויי גרעסערע פֿראַגמענטן וואָס י.ק. האָט צוגעשריבן אין געטאָ.

**ז' 391-393:** דער פֿראַגמענט, פֿון – ״נבֿיאים שטאַרבן ניט ווי ס׳שטאַרבט אַ מענטש אָפּ סתּם״, ביז – ״אליהו

(פֿאַרטראַכט): דאָס לאַנד פֿון טויט.../ יָא, יאָ...", איז דער צווייטער גרעסערער פֿראַגמענט וואָס י.ק. האָט צוגעשריבן אין געטאָ.

**ז' 395-394:** דער סטרוקטור־איבערבוי (דאָס צעטיילן דעם העברעיִשן טעקסט אויף אַקטן אין ייִדישן נוסח), צוזאַמען מיט די איבערגאַנג־טעקסטן פֿון אַקט צו אַקט און די תּנועות אויף דער בינע (דאָ ליד פֿון דער בעלת־אובֿ און דער טאַנץ פֿון די פֿיר פֿרויען־געשטאַלטן) – דאָס אַלץ, איז י.ק׳ס אַ צוגאָב צום העברעיִשן טעקסט, אין דער ייִדישער איבערזעצונג געשריבן אין געטאָ.

**ז' 407:** אין "אַרום ירושלים", ווערט דער אַראַמעיִשער טעקסט פֿון "בין הרועים" אויך דערקלערט אויף ייִדיש, אין געטאָ גיט י.ק. צו די ווערטער: "האָסט אויפֿגעבראַכט מיר פֿאַר די קעניגע פֿון בבֿל און פֿון פּרס?"

**ז' 413:** אַ צוגאָב פֿון 5 שורות צו די רייד פֿון דער בעלת־אוב, פֿאַר וועלכע עס איז קיין זכר נישט פֿאַראַן אין העברעיִשן טעקסט: פֿון – "(זי גיט זיך אַ דריי ווי אַ ווירבלווינט)", ביז – "איך דריי מיך!"

**ז' 416:** דאָס וואָרט: "**געשריבן**", ווערט אונטערגעשטראָכן נאָר אין ייִדישן טעקסט פֿון געטאָ.

**ז' 417:** אויך דעם סטרוקטור־איבערבוי דאָ, אין ייִדישן נוסח (דאָס צעטיילן דעם העברעיִשן איינאַקטער אויף דרײַ אַקטן) – געפֿינען מיר נאָר אין "אַרום ירושלים".

**ז' 421-418:** די פֿראַגמענטן, פֿון – "אליהו: די בעלת־אובֿ!", ביז – "ביסט נאָר אַ מיטל... (באַפֿעלט)", און פֿון – "בעלת־אובֿ: יוספֿן – יאָ, יאָ, פֿאַראַן!", ביז – "יהודה: (טרעט צוריק)", זײַנען לענגערע צוויי צוגאָבן געשריבן אין געטאָ. זייער פֿונקציע, ווי אויך די פֿונקציע פֿונעם צוגעגעבענעם ליד פֿון דער בעלת־אובֿ (אויף זײַטן 395־394) איז צו זײַן איבערגאַנג־טעקסטן פֿון איין אַקט אין צווייטן.

**ז' 427:** "דו האָסט געשריבן" – צוגאָב־זאַץ, אַרײַנגעפֿירט נאָר אין ייִדישן טעקסט, ווי אַ טייל פֿון אליהוס ליבערייד צו יוספֿוס פֿלאַוויוסן.

**ז' 428:** אין דעם צוגאָב־פֿראַגמענט, פֿון – "ווייך־טייגעדיק", ביז – "אָט קאַפּעט/פֿון איר האָניק,/ אָט קאַפּעט/פֿון איר האָניק,/ אָט טריפֿט/פֿון איר גאָר גיפֿט,/ סם!/ אַ צונג – ", אַנטוויקלט י.ק. אין "אַרום ירושלים" איין העברעיִשע שורה פֿון "בין הרועים" וועגן שלמה מולכוס אָפּגעשניטענער צונג (אין די רייד פֿון דער בעלת־אובֿ): "לשון אדמדמת, לשון רכה דקה, מתפתלת, מתפלשת, לשון כאש אוכלת" (זע: בין הרועים, ז' 69). י.ק. פֿאַרוואַנדלט די שורה אין אַ טעאַטראַלישן מאָנאָלאָג וועגן "שבֿחי־הצונג" אין מויל (אין די רייד) פֿון דער בעלת־אובֿ.

**ז' 436:** "מולכו (שמייכלענדיק)" – אַ צוגאָב פֿון אַ סצעניִשער אָנווײַזונג, בײַם אָנהייב פֿון שלמה מולכוס אַ רעפּליקע, נאָך דעם ווי די בעלת־אובֿ פֿאַרמאַכט דעם זאַק.

**ז' 437:** "די שורות: "ער האָט באַוויזן זיך אין זײַן גאַנצער רשעות – /ער האָט געהרגעט מיך," און די שורות: "אַלע: יאָ! יאָ! / יהודה: ניט געהאַט קיין שליטה!", זײַנען צוויי צוגאָבן – אין שלמה מולכוס רייד, און אין אַ דאָפּלטער רעפּליקע.

**ז' 440:** "ווי אַלע מיר" – צוגאָב און אינטערפּאָלאַציע פֿון דרײַ ווערטער, צום סוף פֿון נחמיהס רייד בײַ דער ענד פֿון דער פֿאָרשטעלונג.

## צו אַרײַנפֿיר 22      דער באַל

צווײ באַמערקונגען צום נוסח פֿון "דער באַל":

די צווייטע שורה פֿון דער צווייטער סטראָפֿע אין קאַפּיטל ה׳ דרוקן מיר דאָ: "פֿון פֿענצטער העל אַ שײַן", לויטן קאָנטעקסט. אין אַלע אַנדערע געדרוקטע טעקסטן און קאָפּיעס שטייט אַנשטאָט "פֿענצטער" – "פֿינסטער". מיר קאָרעגירן אַזוי אַרום אַ טעות פֿון די איבערשרײַבער.

אין דעם טעקסט, געדרוקט אין "בלעטער פֿאַר געשיכטע", ענדיקט זיך דאָס ליד – מיט דער שורה: "אין קעלער הערשט די נויט". מיר דרוקן דאָ: "אין קעלער הערשט דער טויט", לויט אַ פֿאָטאָקאָפּיע פֿון פֿריסטן אָפּגעראַטעוועטן מקור – אַ שרײַבמאַשין־קאָפּיע פֿון וואַרשעווער געטאָ (זע אַרײַנפֿיר 22).

## צו אַרײַנפֿיר 31      <עפּענונג צו אַ לערער־מסיבה אין דער ערשטער סדר־נאַכט פֿון יאָר תש"ב>

די נאַכט, {אַ גרוילנאַכט... און די ערשטע,} אַן ערשטע נאַכט פֿון גאולה... אָט טאַקע: די אָ אָנגעלענט־זיצנדיקע פֿאַרזאַמלונג איז דאָך אַ שׂמחה לכּבֿוד ערשטיקער גאולה, מיר אַ גרופּע < העברעיִשע > לערער אין דער וואַרשעווער באַלאַגערונג און ענגעניש – האָבן זיך דאָ צוזאַמענגעטראָפֿן אויף אַ יום־טובֿ ... אויפֿן יום־טובֿ פֿרילינג יאָר... מיר פּראַווען די ערשטע גאולה־נאַכט וואָס יוירט אין אונדז {הײַנט} מיט באַנײַטער קראַפֿט, וואָס שטײַגט אין אונדז אַלץ מאַכטיקער, וואָס שלאָגט [אין אונדז] און באַגײַסטערט אונדז מיט דאָפּלטער אַלץ וואַקסנדיקער גבֿורה. דאָס זײַנען די העלדן, די העלדן פֿון גײַסט בעת זיי שטײַגן אויפֿן עשאַפֿאָט פֿעסט אין זייער אמונה און אין זייער חדווה נאָך מער, דאָס איז די חדווה וואָס קווועלט! די וואָס קווועלט אויך דעם טויט אַנטקעגן! ווי פֿרעמד דאָס איז... נישט מאַראַנען האָבן זיך געטראָפֿן אויף אַ סדר אַ געהיימען, נאָר {דערלייזטע און} פֿאַרמישפּטע צום טויט האָבן זיך פֿאַרזאַמלט בײַ אַ שׂמחה אויף אַ לעצטער סעודה־שׂמחה... חג און חגא – אין דער שעה טוט מען שווײַגן... מיר ווערן דאָך געפֿירט שטיל שטיל צו דער שחיטה מיט פֿאַרשטומטע מײַלער אָן לשון ציִען הײַנט אונדזערע ברידער אויס זייער האַלדז צום חלף און מיר ריידן {הײַנט} קלאָר, אָן קיין האָר מליצה. אַז מע שטייט אויפֿן עשאַפֿאָט רעדט מען נישט קיין דערהויבן לשון. ווי פֿרעמד דאָס איז, דאָך ווי פֿרעמד עס זאָל נישט זײַן איז עס נישט איבערגעטריבן.

טאַקע, אַ נאַכט פֿאַר גאולה איז הײַנטיקע נאַכט און נישט קיין נאַכט פֿאַר קנעכטשאַפֿט... אַ גרוילנאַכט אויך טאַקע, אַ נאַכט פֿון שרעקעניש – יאָ, אָבער ניט פֿאַר פֿאַרשקלאַפֿונג... פֿרײַע מענטשן זײַנען מיר אין אָט דעם יאָמערטאָל, אין דעם לאַנד פֿון פּורעניות, פֿרײַע מענטשן לעולם ועד... קיין שום מיטל פֿון צעשטערונג וועט נישט באַווײַזן אונדז צו פֿאַרשקלאַפֿן, מיר האָבן זיך פֿעיִק געמאַכט פֿאַר איר פֿאַר דער גאולה דורך יסורים און לײַדן במשך פֿון תּקופֿות און מיר זענען פֿעיִק געוואָרן! מיר האָבן געהאַט אונדזער אויסשולונג אין גרויסן מדבר פֿון לעבן, אין זײַן פֿײַער זײַנען מיר געלײַטערט געוואָרן, אין שטורעם און אין וויכער זענען מיר אויפֿגעהויבן, דערהויבן און געריייניקט געוואָרן. מיר ווועלן זיך שוין מער צו קיין שום פּרעה נישט פֿאַרשקלאַפֿן, מיר ווועלן מיט אונדזער גוטן ווילן מער נישט אויפֿבויען קיין פּיתם און רעמסס פֿאַר קיין דעספּאָט און פֿאַרשקלאַפֿער, און אויב עס איז פֿאַראַן דאָ צווישן אונדז ווער וואָס זײַן האַרץ איז נישט ווי אונדזערס פֿול אײַנשטימיק מיט זײַן געוויסן, וואָס ער איז דאָך זײַן גאָט וואָס הויזט אין זײַנע געהיימע געהיימענישן, וואָס זיי זײַנען דאָך די

דינסטע פֿעדעם וואָס פֿאַרבינדן אים צו אים און צו זײַנע גרויסע פֿאַרמעגנס, מיט דער האָפֿענונג זיי זאָלן נאָך וואַקסן – אויב עס איז פֿאַראַן דאָ צווישן אונדז אַזאַ איינער – פֿון די רשעים איז ער וואָס אין זײַן צייט איז ער נישט אויסגעלייזט געוואָרן, אין אַ גאולה פֿון בראשית, נישט געבראָטן געוואָרן אין לויטערן פֿײַער פֿון גאולת־עם. מיר די וואָס זענען זיך דאָ צונויפֿגעקומען פֿאַרברידערט אין פֿרייד און אין צרות, מיר האָבן זי דערקענט, מיר האָבן זי געקענט אין אונדזערע ראַנגלענישן און אין אַלע שוועריקייטן פֿון לעבן, אונדזער בלוט איז אין איר אויסגעוויקט, אין אונדזער באַוווסטזײַן איז זי! און אַ שׂימחה פֿון גאולה איז פֿאַראַן נאָר בײַ די וואָס זענען באַוווסטזיניק.

מיר די לערער, מיר די דערציִער... עלטערן זענען מיר! ווער ווי מיר ווייס בעסער אַז נישט אויסצולערנען אַנדערע זענען מיר געקומען, נישט אַרויפֿצוואַרפֿן אונדזער יאָך און באַנעם אויף די "תּלמידים", מיר קומען – צו לערנען, אָנצייכענען אַ ליניע, אָנמערקן, ווײַזן איין אות אין דער תּורה – און דאָס איבעריקע – דערגרייך אַליין, שפּאַן פֿאָרויס דו אין די טיפֿענישן פֿון אָפגרונט, געפֿין דײַן אייגענעם וועג. אַ גוטער וועג אויב דו אַליין האָסט אים געפֿונען – איז זיבן מאָל בעסער! מיר קומען צו דער יוגנט {מיט אונדזערע גרויסע חלומות, די חלומות פֿון אויפֿלעבונג} ווי אַ מאַן וואָס צו אַ פֿרוי קומט, לאָזט אויס פֿון ליבשאַפֿט וועגן אין איר דעם ווינקל־טראָפּן, דעם טראָפּן וואָס איז יסוד און גייט אַוועק זיך, ווי ער וואָלט אַוועקגעגאַנגען, ער דערווײַטערט זיך נאָר, ווי מרים אויפֿן ברעג טײַך, צו וויסן וואָס מיטן קינד וועט געשען... מיר דערווײַטערן זיך עטוואָס מיט אונדזער ציטער אין האַרצן און מיט אונדזער זאָרג... {אָט דער זוימען וואָס מיר האָבן פֿאַרפֿלאַנצט – צי וועט ער שטײַגן? צי וועט ער פֿרוכפּערדיק זײַן? וואַקסן? צי וועט ער פֿרי צײַטיקן... ווי גאָט זײַנען מיר, דער וואָס פֿאַרפֿלאַנצט אין אונדז יצרים און ערשטיקע כּוחות {וואָס וואַקסן} און צײַטיקן אין אונדז פֿון זיך אַליין. גאָט אָבער איז ביז גאָר איבער אים, ווײַטערער... מיר – מיר זענען נענטער צום {צאַרטן} <קינד> אונדזערן און ער ווערט פֿון אונדז געשטאַלטיקט נאָר מיט גרויס אָפּגעהיטקייט {לאָמיר זײַן} ווי גאָט נאָענטע און ליבנדיקע, ליב האָבנדיק פֿון דער נאָענט. לאָמיר צוואַרפֿן דער יוגנט איין פֿונק, וועט ער ווערן אַ פֿלאַם... איין יצר נאָר לאָמיר אַרײַנגעבן אין זײַן האַרץ – צו די יצרים פֿון אים געבראַכטע פֿון זײַן מוטערס טראַכט די אים פֿון איר איבערגעגבענע... ס′פֿאַרשטייט זיך, נישט קיין יצר נאָר צוגאָבן [צום יצר] וועלן מיר אים צולייגן, צום יצר־הטוב, ער זאָל געשטאַרקט ווערן, זאָל די אייבערהאַנט האָבן אין צאַרטן <קינד>ס גײַסט {פֿון זיך אַליין.}

אַ גאולה – און אַ גרוילנאַכט איז אונדז די הײַנטיקע נאַכט... דער פֿרילינג־הימל {דער ווײַטער בלויט} איבער אונדזערע קעפּ און אַן אָפגרונט ליגט אונדז צופֿוסנס... זעט: די פֿאָן פֿון לעבן און טויט איז אין אונדזער האַנט... אויך דאָס לעבן און דער טויט – זענען אונדז אַ צווילינג הײַנטיקע נאַכט. דער צווילינג פֿון אונדזער גורל... מיר שטייען פֿאַרן אָפֿענעם קבֿר און מיר באַפֿעלן דאָס לעבן דעם פֿאָלק. אונדזערע געדאַנקען, זיי זענען מיטן פֿאָלק, אין ירושלים וואָס אין גלות זענען {אונדזערע ברידער} כּמעט אַלע דערהרגעט געוואָרן, און מיט זייער טויט האָבן זיי אונדז באַפֿוילן דאָס לעבן אין דער גובערניע... אָט – צי קומט {איצט} אונדזער אייגענע ריי? צי קומט זי נישט? מיר וועלן נישט תּפֿילה טאָן צום טויט <ער זאָל קומען>, מיר אָבער – זײַנען גרייט... באַוווסטזיניק <זײַנען מיר> און איבערגעגעבן דעם טויט – אומזעבאַרע פֿעדעם ציִען זיך פֿון זיי צו די לעבן געבליבענע. גייען אַרויס די טרוימען פֿאַר אויפֿלעבונג און די שטרעבונגען צו שאַפֿערישקייט און באַפֿרײַונג פֿון פֿאָלקס גײַסט {און דער וועלט דער גאַנצער} פֿון האַרץ בײַ די אַוועקגייענדיקע צום האַרץ פֿון אָנקומענדיקע. די קייט פֿון אייביקייט רײַסט זיך נישט איבער! מיר זײַנען גרייט צו שטאַרבן... און אויב אפֿילו אויך הײַנט הײַנטיקע נאַכט, אין אָט דער רגע אויב עס וועט די האַנט פֿון רוצח אָנקלאַפּן אין אונדזער טיר. עס געשעט אַז זיי קומען צוזאַמען [,] דער רוצח און אליהו הנבֿיא – ... אַזוי זשע, מיר זײַנען גרייט! און מיט אונדזער טויט – וועלן מיר באַפֿעלן דאָס לעבן פֿאַר די קיבוצים פֿון אונדזער פֿאָלק ווו נאָר זיי געפֿינען זיך,

{וויסן זאָלט איר, און זאָל דאָס אײַער טרייסט ווערן:} מיר באַפֿרוכפּערן זיי מערער מיט אונדזער טויט אויף קידוש השם, אויף קידוש העם, ווי מיט אונדזער לעבן...

ס'טוט מיר לייד אין דער נאַכט אויף די משומדים און אויף די וואָס האַלטן בײַ שמאַדן זיך, און אויף די וואָס בלאָנדזשען און פֿאַרפֿירן אויס טעמפּקייט פֿון געפֿיל און גײַסטיקער אָרעמקייט, די וואָס ווערן דאָ דערהרגעט מיט אונדז צוזאַמען, וואָס ווערן מיט אונדז אַרײַנגעוואָרפֿן אין איין גרוב... אַ ברודער־קבֿר מכּלומרשט דער קבֿר אָבער וועט נישט פֿאַרברידערן דאָס וואָס אין לעבן איז נישט געאייניקט געוועזן {ווי אַ מפּיל־קינד אַ באַגראָבענער וועלן זיי זײַן}. צוזאַמען זענען מיר דערהרגעט געוואָרן אָבער זיי וועלן ווי מיר נישט איבערלאָזן קיין צוואה זייער הויזגעזינד. זיי האָבן קיין הויז נישט אין געזינד פֿון אַלטן ישׂראל האָבן זיי קיין חלק נישט, און זיי האָבן נישט וואָס צו פֿאַרזאָגן. ווי אַחיתופֿל זײַנען זיי, ווי יענע יידן וואָס האָבן זיך פֿאַרדײַטשט און געוואָרן אשכּנזים, וועלכע אין אַ צײַט פֿון זייער שלעכט עצהן, אַן עצה אַ תּפֿלדיקע און ליגנעריש חסר־דעהדיקע – טוען זיי הענגען אויף אַ האַטשיק, טוען זיך אָן אַ מעשׂה, נעמען זיך דאָס לעבן – און לאָזן פֿאַר זייערע אייגענע קיין צוואה נישט איבער... ס'טוט מיר לייד אויף זיי, די כּוסע גיפֿט טרינקען זיי ווי איך און קיין לעבן באַפֿעלן זיי נישט פֿאַרן דור.

מיר זענען העכער פֿאַר זיי. אין די מאָמענטן, בעת מיר ווען מיר זײַנען גרייט אַרויפֿצוגיין אויפֿן עשאַפֿאָט, לאָמיר נישט זײַן צו עניוותדיק און לאָמיר עדות זאָגן אויף זיך אַליין: אויך מיר, אַפֿילו ווען פֿון די בני־לוי זײַנען מיר, די קינדער פֿון אַ פּרײַען שבֿט בײַ ייִדן, ס'הייסט באַוווסטזיניק וועגן דער מיסיע פֿון אַ שאַפֿערישן פֿאָלק, פֿאַרשקלאַפֿט זײַנען מיר צו יעדן פּרעה, געניטע שקלאַפֿן. געצוווּנגענע דינען מיר זיי, געניטע און דורך גוואַלד בויען מיר זיי שײַערשטעט, אָבער איין שרעקלעכע טוונג, איין געמיינהייט האָבן מיר נישט געטאָן: אונדזערע קינדער האָבן מיר נישט אַרײַנגעשטעלט אין פֿרעמדן מויער און זיי נישט פֿאַרמויערט ווי יענער פֿון זינען געררירטער מוליער וועלכער אין זײַן ייִאוש טוט באַדעקן זײַן קינד מיט טינק כּדי ער זאָל נישט הערן זײַן געשריי וואָס רײַסט זיך אַרויס פֿון דעם האַלץ און פֿונעם שטיין, אָט טינקעוועט ער אויס אויף זײַן קינד – האָט פֿאַרדעקט און אויסגעגלײַכט, גלײַך געמאַכט מיטן מוליער־שפּאַכטל און אויס. אונדז אויב אַ ציגל פֿעלט אונדז אויס שטעלן מיר זיך אַליין אַרײַן אין מויער, אונדזער קינד האָבן מיר געזשאַלעוועט, מיר האָבן דאָס איבערבלײַבס אָפּגעהיט.

ווען ניט דאָס איבערבלײַבס! אונדזער שארית־<הפליטה>, אייביקער שבת איז זי, צי וואָלטן מיר אין זיך כּוחות פֿאַרהאַלטן אַהער צו קומען אויף דער מסיבה די הײַנטיקע נאַכט די גרוילנאַכט און פֿרילינג פֿון צעמישונג. די שארית־<הפליטה> – אין איר וועלן מיר לעבן נאָך אונדזער טויט און פֿאַר וועלכן מיר שטייען, און קוקן אים אָן אָן מורא.

{א׳ ל}פּסח תש״ב.

## 42 – 14/8 דער טאָג פֿון מײַן גרויסן אומגליק

צו אַרײַנפֿיר 36

נאָך דעם ווי אונדזער אויסגאַבע איז שוין אַרײַן אין דרוק, איז דערשינען אַן עדיציע פֿון יצחק קאַצענעלסאָנס פּאָעמע, אין באַנד XIX פֿון בלעטער פֿאַר געשיכטע, זז׳ 13 – 26, אַרויסגעגעבן אין וואַרשע פֿון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט. די עדיציע־פּרינציפּן פֿון אָט דער וואַרשעווער אויסגאַבע און איר ענדגילטיקער נוסח זענען אַנדערע פֿון די לויט וועלכע מיר דרוקן דאָ דעם טעקסט פֿון יצחק קאַצענעלסאָנס

פּאָעמע. מיר פֿאַרצייכענען דאָ ווײַטער, די עיקר־דיפֿערענצן:

(1) דער ענדגילטיקער טעקסט אין דער וואַרשעווער אויסגאַבע איז, לויט די אַרויסגעבער, רעקאָנסטרויִרט געוואָרן פּרינציפּיעל אויפֿן סמך פֿון אַלע דרײַ וואַריאַנטן וואָס זענען באַקאַנט – דער קורצער נוסח, דער צווישן־נוסח און דער לאַנגער נוסח, שטיצנצידק זיך אויפֿן לאַנגן נוסח. אין דער פּראַקטיק זענען פֿאַרזען געוואָרן וויכטיקע צוגאָבן און תּיקונים וואָס וואָלטן געקענט געמאַכט ווערן מיט דער הילף פֿון די אַנדערע וואַריאַנטן.

(2) גראַפֿיש איז דער טעקסט אין דער וואַרשעווער אויסגאַבע, געדרוקט געוואָרן ווי אין קורצן נוסח: איין כּסדרדיקער טעקסט אָן סטראָפֿן, און נישט ווי אין לאַנגן נוסח: צוויי־שורהדיקע סטראָפֿעס מיט אַ ליידיקער אינטערליניע צווישן זיי.

(3) אין ענדגילטיקן טעקסט פֿון דער וואַרשעווער אויסגאַבע זענען צוגעגעבן געוואָרן צום לאַנגן נוסח (=476 שורות) נאָר נאָך פֿיר שורות (אַ צוגאָב בכ״י פֿון יצחק קאַצענעלסאָנען) וואָס פֿיגורירן אין די איבערגעבליבענע טעקסט־פֿראַגמענטן פֿון צווישן־נוסח. דער וואַרשעווער נוסח האָט אַזוי אַרום 480 שורות. אין דער אויסגאַבע זענען אָבער **נישט** אַרײַנגענומען געוואָרן 24 שורות (יצחק קאַצענעלסאָנס אייגנהאַנטיקע דערגאַנצונגען) וועלכע זענען מלכתּחילה אויך **נישט** אַרײַנגענומען געוואָרן אין לאַנגן נוסח, אָבער זענען אַ באַשטייטייל פֿון די צוגעגעבענע 58 שורות אויף דער ערשטער זײַט פֿון צווישן־נוסח, מיט י.ק׳ס האַנטשריפֿט.

(4) די פּונקטואַציע פֿון ענדגילטיקן טעקסט אין דער וואַרשעווער אויסגאַבע ווערט נישט אָפּגעהיט ווי זי איז אין אָריגינאַל, זי ווערט קאָרעגירט און איבערגעאַנדערשט גאַנץ אָפֿט.

(1א׳) דער טעקסט וואָס מיר דרוקן דאָ, אין אונדזער אויסגאַבע, שטיצט זיך פּרינציפּיעל **אויסשליסלעך** אויפֿן לאַנגן נוסח, וועלכן מיר באַטראַכטן פֿאַרן, ביז איצט באַקאַנטן, לעצטן נוסח. נאָר בנוגע דעם נאָמען פֿון דער פּאָעמע ווײַכן מיר אָפּ פֿון דעם פּרינציפּ און דרוקן יצחק קאַצענעלסאָנס האַנטשריפֿטלעכן צוגאָב (אין צווישן־נוסח): 42־14/8. אין לאַנגן נוסח ווערט אַנשטאָט: ״42״ – פֿאַרשריבן: ״דער״. דאָס זעט אויס צו זײַן אַ טעות. אין דער פּראַקטיק האָבן די אַנדערע וואַריאַנטן אַרויסגעהאָלפֿן בײַם קאָרעגירן קאָנטיקע גרײַזן פֿון איבערשרײַבער אין לאַנגן נוסח.

(2א׳) דער טעקסט ווערט דאָ געדרוקט אין צוויי־שורהדיקע סטראָפֿעס – ווי אין לאַנגן נוסח; דאָס שטימט אויך מיט זײַנע האַנטשריפֿטלעכע צוגאָבן אין צווישן־נוסח, כאָטש ס׳איז שווער דאָס צו באַמערקן אין אַלע צוגאָבן – איבער מאַנגל אין אָרט בײַ די ראַנדן פֿון טעקסט ווו די צוגאָבן זײַנען פֿאַרשריבן.

(3א׳) אין אונדזער אויסגאַבע ווערן געבראַכט אין דעם צוהאַנג אַלע האַנטשריפֿטלעכע צוגאָבן וואָס יצחק קאַצענעלסאָן האָט אַרײַנגעפֿירט אין צווישן־נוסח און וועלכע זענען נישט אַרײַן אין שפּעטערדיקן לאַנגן נוסח. פֿון אַרײַנפֿיר צו דער וואַרשעווער אויסגאַבע פֿון דער פּאָעמע לערנען מיר אַז דער צווישן־נוסח (דער ״צווייטער וואַריאַנט״, לויט חיים פּעסעס דעם מחבר פֿון אַרײַנפֿיר) האָט זיך אָפּגעהיט נאָר פֿראַגמענטאַריש: די ערשטע זײַט, זײַט נומער 5 גאַנץ צעשעדיקט, און אַ קליין טייל פֿון דער לעצטער זײַט. לויטן לאַנגן נוסח וויסן מיר אָבער אַז אַ חוץ די 58 שורות צוגאָבן בכ״י אויף דער ערשטער זײַט פֿון צווישן־נוסח, און די 4 שורות צוגאָבן בכ״י אויף דער לעצטער זײַט (אָט די פֿיר שורות זענען יאָ אַרײַן אין וואַרשעווער נוסח) – זענען אין גאַנצן טעקסט פֿון צווישן־נוסח געווען נאָך האַנטשריפֿטלעכער צוגאָבן וועלכע זענען אַרײַן אין לאַנגן נוסח און אַזוי אַרום שוין פֿאַרבליבן ווי אַ טייל פֿון ענדגילטיקן טעקסט פֿון דער פּאָעמע.

(4א׳) אין אונדזער אויסגאַבע איז אָפּגעהיט געוואָרן די פּונקטואַציע, ווי זי איז אין לאַנגן נוסח אָן קיין שום בכּיוונדיקע ענדערונגען אָדער נייטיקע פֿאַרבעסערונגען.

אַ באַמערקונג צו דער צאָל װאַריאַנטן פֿון דער פּאָעמע, װאָס געפֿינען זיך אין ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין װאַרשע: עס דאַרף דאָ דערמאָנט װערן אַז בעת ב. מאַרק רעדט װעגן 4 װאַריאַנטן װערן אָנגעװיזן נאָר דרײַ סײַ אין אַרײַנפֿיר פֿון חיים פּעסעס צו דער װאַרשעװער אױסגאַבע פֿון דער פּאָעמע, און סײַ אין דאָקומענטאַרן חיבור צוגעגרייט פֿון רוטע סאַקאָװסקאַ (פּופּס) **Archivum Ringelbluma Getto Warszawskie,** Lipiec 1942 – Styczén 1943. Warszawa 1980, s, 212. נאָר בער מאַרק דערמאָנט אין זײַן בוך, אַ נוסח מיט יצחק קאַצענעלסאָנס פֿולער אונטערשריפֿט, עס קען דעריבער נישט זײַן בײַ אים אַ פּשוטער טעות בײַם איבערצײלן די װאַריאַנטן.

אַ פֿאַרגלײַך צװישן קורצן און לאַנגן נוסח באַװײַזט, אַז דער לאַנגער נוסח איז אַ גרונטלעכע באַאַרבעטונג פֿון אָריגינאַלן טעקסט. ער אַנטהאַלט נישט נאָר צענדליקער צוגעגעבענע נײַע שורות, נאָר אױך לעקסיקאַלע שינויים, תּיקונים פֿון פּראָזאָדישן כאַראַקטער און סינטאַקטישע אױסבעסערונגען װי אױך אָן אַ שיעור פּונקטואַציע־שינויים. דאָ ברענגען מיר װײַטער, אין צוהאַנג, יענע צוגאָב־שורות פֿון צװישן־נוסח װאָס זענען נישט אָפּגעדרוקט געװאָרן אין לאַנגן נוסח, װי אױך אײניקע פֿון די באַדײַטנדיקערע תּיקונים װאָס קאַצענעלסאָן האָט אַרײַנגעפֿירט בײַם באַאַרבעטן אַ פֿריִערדיקן נוסח.

**צוגאָב־שורות און שורות־װאַריאַנטן:**

**ז׳ 711:** [נאָך דער סטראָפֿע װאָס פֿאַרענדיקט זיך מיט די װערטער: ״אַ בראָך״]:

צום אומשלאַג צום אומשלאַג, פֿון דאָרט אין װאַגאָן –
װאָס װילן די דײַטשן מיט אַלע אײַך טאָן?

**ז׳ 712:** [נאָך דער סטראָפֿע װאָס פֿאַרענדיקט זיך מיט די װערטער: ״ביסט ניט קײן דײַטש״]:

דיך האָט געצױגן אַ װאָלפֿיכע שלעכט,
און דו דעם [גערמ]אַנער, דײַן פֿינצטערן קנעכט,

דײַן מאַמע [, די װיל]ד ז׳געװען בעסער פֿון דיר
[און דו, דו ביסט בעסער פֿון דײַטש פֿון ]

װאָס װײַטער אַלץ [ערגער רײַן!]
נײַן, ערגער פֿון [דײַטשן], דאָס װעט שױן ניט זײַן!

שטײ אױף רוים פֿון קבֿר, קוק אָן דײַן װאַסאַל
און װײן, װײן מיט ביטערע טרערן װי גאַל –

**ז׳ 712:** [אױפֿן אָרט פֿון דער שורה ״און װײנען... נאָר דו װײן מאַדאָנע נאָר, דו״, שטײט]:

און װײנען [.] דו חנהלע, אײנע נאָר דו

**ז׳ 712:** [נאָך דער שורה ״דו קוק בעסער אָן מיך און װײן בעסער, װײן...״ געפֿינען זיך אין צװישן־נוסח 12 שורות, װעלכע געפֿינען זיך אױך אין לאַנגן נוסח אױף אַן אַנדער אָרט. דאָס זענען די שורות, פֿון ״איר גײט ניט, איר װערט מיט אכזריות געשלעפּט״ ביז ״דו האָסט מיך געלערנט... װוּ גײט איר עס, װוּ?״. אין לאַנגן נוסח קומען אָט די שורות נאָך דער סטראָפֿע װאָס פֿאַרענדיקט זיך מיט די **װערטער**]: ״און איר, בײַ דער זײַט איר! װוּ גײט איר עס, װוּ?״ אױף ז׳ 714:

[אױפֿן אָרט פֿון דער שורה ״אָ גײ ניט אַװעק פֿון מיר בנציקל! װער״]:

אָ גײ ניט אַװעק פֿון מיר בנציק, זאָג װער

[און אויפֿן אָרט פֿון דער שורה "בײַם צייכ׳נען אַ גרויסע געשטאַלט פֿון אַ ייִד"]:
בײַם מאָלן אַ גרויסע געשטאַלט פֿון אַ ייִד

ז' 713: [נאָך די 12 שורות וואָס געפֿינען זיך אין צווישן-נוסח און אין לאַנגן נוסח אויף פֿאַרשידענע ערטער, גיט צו יצחק קאַצענעלסאָן נאָך 14 שורות וואָס זענען אין לאַנגן נוסח נישט פֿאַראַן]:

יאָמעק, עלף-יעריקער מײַנער[,] מײַן טרייסט
דו איינער, דו גייסט אַזוי זיכער דו גייסט

ווי ניט קיין געשלעפּטער[,] דײַן זיכערער גאַנג
עס פֿאַלט דיר ניט אײַן, ניין, קיין שלעכטער געדאַנק [...]

[ביסט גוט יאָמעק, מײַן קליינינקער, יאָמעקל קליין]
[ג]רויס אין דײַן [גוטסקייט דו גייסט ניט אַליין]

[ג]ייסט ייִדעלע און אויף דײַן פּנים איז
עפּעס נאָך דאָ פֿון דײַן שמייכעלע זיס

דײַן שמייכעלע קוים קוים געמישט מיט אַ שרעק –
דו ווייסט, אָ דו ווייסט [ווו] מען פֿירט אײַך אַוועק

דו ווילסט נאָר פֿאַרהיטן פֿון [זיי,] און דו גייסט
מיט אַ שמייכל, [דײַן] גוטינקער. דו, אָבער, ווייסט

און [שטרעקסט איר] דײַן מאַמע דײַן [צאַרטער] די הענט –
וויינסט חנה – די אויגן צום הימל געווענדט...

ז' 713: [אויפֿן אָרט פֿון די צוויי שורות "דאָס איז דאָך ניט ער, דער וואָס זיצט דאָ בײַ מיר – /באַלד – באַלד און ער ווערט ניט, בײַם ערשטן, בײַם ריר..."]:
דאָס איז דאָך ניט ער דער וואָס זיצט דאָ מיט מיר
באַלד, באַלד און ער ווערט ניט, בײַם קלענסטן, בײַם ריר –

**צוגאָבן (אין צווישן-נוסח מן-הסתּם), וואָס געפֿינען זיך אין לאַנגן נוסח און נישט אין קורצן, זענען אויך די שורות אויף זײַטן:**

**ז' 717:** פֿון "מיט זייער הייליקער מאַמען" ביז "למאַי" [2 שורות]
**ז' 718:** פֿון "און זאָגנדיק דאָס" ביז "באַהאַלטן די טרער" [2 שורות]
**ז' 722:** פֿון "ניט נאָר אַ לעבן איז גליק" ביז "רויִק און פֿרײַ..." [6 שורות].
**ז' 730:** [נאָך דער שורה "חרובֿ די הײַזער, די היימען פֿאַרוויסט"]:

קינדער אין בײַכער, אין אינגעווייד נאָך
געטויט מיט די מאַמעס מיט איין מעסערשטאָך,

געשאָסן אין ווינקעלע זיי מיט אַ שטיף
קינדער באַהאַלטן אין קישעלעך טיף.

**כאַראַקטעריסטישע און באַדײַטנדיקסטע טעקסט-שינויים צווישן קורצן(=ק״ן) און לאַנגן נוסח(=ל״ן):**

ז' 711: ק״ן: פֿון מיאוסטן פֿאָלק – , אָ זאָגט ווּ אַהין?
ל״ן: פֿון מיאוסטן פֿאָלק... אָ זאָגט מיר ווּהין

ז' 714: ק״ן: בײַ יאָמעקן איז זי, אין יאָמעקס געמיט – /נעמט יאָמעקן, נעמט אים אַרײַן אין דער מיט!
ל״ן: בײַ יאָמעלען איז זי! אין יאָמעקס געמיט – /נעמט יאָמעלען, נעמט אים אַרײַן אין דער מיט!

ז' 715: ק״ן: ווען ס'וואָלט אַזוי שנעל, אין געטומל ניט געשען –
ל״ן: ווען ס'וואָלט אַזוי שנעל אין געאײַל ניט געשען –

ז' 717: ק״ן: געשמיסן פֿון גורל מיט איינער אַ בײַטש –
ל״ן: מיט זייער הייליקער מאַמען, זיי דרײַ,/למאַי זאָלן ווערן געשמיסן, למאַי/פֿונעם אכזר, פֿון גורל מיט איינער אַ בײַטש?

ז' 719: ק״ן: איר חלומט זיך מיר בעת איך שלאָף, בעת איך וואַך –
ל״ן: איך זע אײַך, איך זע בעת איך שלאָף בעת איך וואַך
ק״ן: פֿאַרווישט עס מײַן טרער אויך [?] מײַן טרער מאַכט מיר בלינד.
ל״ן: פֿאַרווישט עס מײַן טרער אײַך, מײַן טרער מאַכט מיך בלינד...
ק״ן: איידער מיט מיר איז דאָס אומגליק געשען...
ל״ן: איידער מיט אײַך איז דאָס אומגליק געשען....

ז' 721: ק״ן: זעצט ער מיר זיך אויפֿן אַקסל [און] לײַכט –
ל״ן: זעצט זיך דער טאָג אויף מײַן אַקסל און לײַכט...

ז' 721: ק״ן: געוועזן רויִק, באַשלאָסן און דרײַסט –
ל״ן: געוועזן אַזוי רויִק, באַשלאָסן און דרײַסט –

ז' 722: ק״ן: אַ קוק טאָן אַ לײַכטער, אַ לײַכטער אַ בליק
ל״ן: אַ קוק טאָן אַ לעצטער, אַ לעצטער אַ בליק

ז' 723: ק״ן: שיסט זודיקער, שאַרפֿער דאָרט ווּ מען באַדאַרף,
ווי אַ רעוואָלווער־קויל אַ דין און שאַרף.
ל״ן: שיסט דיקער, שאַרפֿער דאָרט ווּ מען באַדאַרף,
מער ווי אַ פּיסטױלקויל אי זודיק אי שאַרף.

ז' 727: ק״ן: עס פֿרעגט זיך בן־ציון און בנימינקע אויך!
ל״ן: עס פֿרעגט מיך בן־ציון, בנימין, – ער אויך!

ז' 730: ק״ן: און אויב ניט צו פֿוס – איך וועל מיט מײַן זין,
ל״ן: און אויב ניט צו פֿוס, אַך, איך וויל מיט מײַן זין,

## צו דער רשימה פֿון י.ק.׳ס טעקסטן – (אַ נישט אידענטיפֿיצירטער העברעיִשער טעקסט)

<תאמינו> בֲאתם הוי ב[ני] השממון
<                > אל דלת העם, אל ההמון
במליצה נבובה ומשַקר[ים]–
הֲעֵינֵי אנשים תנקרו?

< <בלי מעוף, דמיון
באתם ממזרים ואל זרים>
אתם שכחי גיל, שכחי אהבה
לא תאהב
לא גיל ולא אהבה

<לא באתם
מקוצצי כנף>
מחוסרי כנפים <עֲולים> {נועלים}
מרטתם כנפי גוזלים –
לא כמונו:

אחים [נ]פולים
]                                        [
ובכות ענותנו <          > על עפר
תקותכם אם נשארה מעל> >

<תנקרו>

ואם נשארו, בני בליעל
כל תקוֹתיכם פה מעל
<"שבו [דם        ] על הדם [הידמו]
תקוה אחרונה אל תספו>

{הו טמאים} תרהבו <טמאים> לגשת
<אל תספו>
<ועם טובים מכם אל תתחרו>
<אל    > לגחלת אחרונה <אל תכבו> {לא לוחשת}

י.ק.־אַרכיוו – בית לוחמי הגיטאות – KII/1034

# וואָקאַבולאַר

**אָאַזן:** אָאַזיסן.

**אַבערגלויבער:** גלייביקער אין סגולות און זאַבאַבאָנעס.

**אַגאַמעמנאָן (פֿון מיקענע):** אַ בשׂר־ודם, אַ גיבור. דער מלך פֿון מיקענע. האָט אָנגעפֿירט מיט די גריכן און זייער מלחמה מיט טראָיע.

**אויסגעדרילעוועטע:** אויסגעלעכערטע.

**אויסגעשאָטן (זײַן):** האָבן אַ הויטקראַנקייט; צרעת.

**אויפֿצישן:** פֿאַרגלײַך ציש(ע)ן. פֿלוצלינג טאָן אַ צישע ווי אַ שלאַנג (אָנאָמאַטאָפּייִש).

**אויפֿשטײַגליד:** שיר־המעלות.

**אוירעאָלע:** אוירע, אַטמאָספֿער וואָס לײַכט און פֿאַרוויקלט ווי אַ רינג דעם קאָפּ אָדער דאָס געשטאַלט פֿון קריסטלעכע הייליקע אין קריסטלעכע קונסטווערק.

**אוליקעס:** שטאַרק געזאַלצענע, פֿעטע און ווייכע הערינג.

**אומגעהײַער:** אַ לעגענדאַריש באַשעפֿעניש, גרויס און בייז, מיט וועלכער עס איז אַ סכּנה זיך צו באַגעגענען.

**אומשלאַג:** אומשלאַג־פּלאַץ. דער אָרט אין וואַרשע (אויף דער סטאַוקי גאַס) ווו מען האָט אין די יאָרן 1942 – 1943, צונויפֿגעטריבן ייִדן פֿאַרן אַוועקפֿירן זיי אין באַן־וואַגאָנען קיין טרעבלינקע און אין אַנדערע טויט־ און אַרבעטס־לאַגערן. פֿאַרן גרויסן גירוש, אין די יאָרן 1940 – 1942 האָט מען דאָרט געטוישט די געטאָ־פּראָדוקציע פֿאַר די דײַטשן אויף עסנוואַרג פֿאַרן געטאָ.

**אופֿל:** שׂטן (קללה־לשון, לויט איובֿ ג, 6). דער שוואַרץ־יאָר (לויט י.ק׳ס איבערזעצונג פֿון איובֿ ג, 6).

**אײַנהויערן (זיך):** זיך אײַנבייגן, זיך אײַנקאָרטשען.

**אינד:** הינד.

**איריסן:** צוקערקעס.

**אַכאַיאַ:** אין אַלטן גרינכנלאַנד, אַ געביט אין צפֿונדיקן פּעלאָפּאָנעס.

**אַכילעס:** אַ בשׂר־ודם אַ גיבור, אַ זון פֿון אייניקלעך פֿון גריכישע געטער. האָט אין זײַן יוגנט אויסגעקליבן צו שטאַרבן אָבער פֿאַרגעדענקט ווערן מיט וועלטרום, איידער לאַנג לעבן אָן אָנערקענונג. דער מלחמה־גיבור פֿון האָמערס איליאַד.

**אַלעקסאַנדער מוקדון (דיאָגענעסן):** ווען אַלעקסאַנדער מוקדון איז געקומען קיין קאָרינטאָס און זיך געטראָפֿן מיט דיאָגענעסן, דעם פֿילאָסאָף אין דער פֿאַס — ווערט דערציילט אַז ער האָט בײַ אים געפֿרעגט: ״צי קען איך דיר אָנטאָן אַ געפֿעליקייט דיאָגענעס?״ האָט אים דיאָגענעס געענטפֿערט: ״יאָ, אויב דו וועסט זיך פֿון דאַנען אָפּטאָן און מיר נישט פֿאַרשטעלן די זון״.

**אָנגעגורטע:** אַרומגעגאַרטלטע.

**אָנטזעצט:** צעטומלט, אָן אַ גלײַכגעוויכט, דערשיטערט.

**אַנטקומען:** אַנטרינען, אַנטלויפֿן.

**אַסטאַרטע:** עשתּרת — די הויפּטגעטין פֿון די צידונים. געטין פֿון ליבע, פּרוכפּערונג און מערונג. הויפּטגעטין אין דער פֿעניקיש־כּנענישער מיטאָלאָגיע מיט וועמענס קולט עס ווערן פֿאַרבונדן מעשׂי־זנות, אין וועלכע אויך די בני־ישׂראל זאָלן זיך האָבן באַטייליקט.

**אָפּאַסקע:** (פּויליש — Opaska) אָרעמבאַנד. אויף געטאָ־לשון — אָרעמבאַנד מיטן מגן־דוד וואָס ייִדן האָבן געמוזט טראָגן בײַם אַרויסגיין אויפֿן גאַס. לויט אַ פֿאַראָרדענונג פֿון 23 טן נאָוועמבער 1939, פֿון גענעראַל־גובערנאַטאָר פֿראַנק האָבן אַלע ייִדן אין דער גענעראַל־גובערניע באַדאַרפֿט טראָגן — פֿון ערשטן דעצעמבער 1939 — אַ לענטע ווײַניקסטנס צען סענטימעטער די ברייט, אויפֿן רעכטן אַרבל, מיט אַ מגן־דוד. לויט אַ שפּעטערדיקער פֿאַראָרדענונג פֿון פֿישער — דער דיסטריקט־גובערנאַטאָר פֿון וואַרשע, איז די גזירה חל געווען אויף ייִדן פֿון 12 יאָר אַלט, און דער מגן־דוד האָט באַדאַרפֿט זײַן בלוי, אויף אַ ווײַסן הינטערגרונט.

**אַפּלבוים:** י.מ. אַפּעלבוים — פֿון די מיטאַרבעטער אין ״מאָמענט״, אַ זשורנאַליסט. אין געטאָ — דירעקטאָר פֿון דער קיך פֿאַר דער אַרבעטנדיקער אינטעליגענץ אויף לעשנאָ 14. איז אומגעקומען אין געטאָ אין יאָר 1942.

**אַפּלײַטזעליקן (זיך):** זיך דערוויײַטערן, זיך אָפּשיידן.

**אָקענטשע:** די געגנט פֿון וואַרשעווער פֿליפֿלאַץ ווו עס ווערן פֿאַרריכט אַעראָפּלאַנען. אַהין זענען ייִדן טאָג־טעגלעך געשלעפּט געוואָרן אויף אַרבעט, מערדערלעך געשלאָגן געוואָרן, צעבלוטיקט און אויך געטויט געוואָרן.

**אַרויפֿוועלבן (זיך):** זיך דרייען אַרויפֿצו אין אַ בויגן.

**אַרומברויען:** טומלען, רודערן, אָנמאַכן שאָדנס.

**אָרחות-חיים (דער):** ר׳ גרשון הענעך ליינער, דעם ראַדזינערס זיידע, דער מחבר פֿון ספר ״אָרחות־חיים״. זע ווייטער: תּכלת.

**אַרן (מען אַרט ניט):** האַרן, וואַרטן.

**ב.:** אפֿשר געמיינט באָרנשטיין. איינעם פֿון די דזשוינט־דירעקטאָרן.

**באַגעבנקייטן:** געשעענישן.

**באַזאַמען:** ביַינאַנד, צוזאַמען.

**באַזיכטיקער:** באַשולדיקער.

**באַמאַנער:** דער וויַבס מאַן. אין דער טיַיטש־שפּראַך ווערט אָנגעגעבן ״באַמאַנען״ ווי די איבערזעצונג פֿאַר ״בעל״, ווי למשל ״וּבְעַלְתָּהּ״ (דברים כ״א, 13). דאָ ווערט איבערגעזעצט ״בַּעְלִי״, אויף: מיַין באַמאַנער.

**באַנגען (לשון-רבים):** צער, ווייטיק.

**באַקערן:** פֿולקום אומקערן.

**באַרטשינסקי:** הענעך באַרטשינסקי (לאָדזש, 1896 – 1939(?), באַקאַנטער מאָלער. געווען יצחק קאַצענעלסאָנס אַ פֿריַינד. אָנהייב מלחמה איז ער אַנטלאָפֿן פֿון לאָדזש און געהאַט בדעה זיך צו דערשלאָגן ביז טאָמאַשאָוו צו פֿריַינד. פֿון דעמאָלט אָן זיַינען זיַינע שפּורן פֿאַרשוווּנדן.

**בלומענשטרויך:** בלומענקשאַק, קוסט מיט בלומען.

**בעל-מצר:** גרענעץ־אויפֿזעער, טויער־וועכטער.

**בראָניען:** ב(אָ)ראָנעווען.

**ברידלען:** בריִען, ברילן ווי אַ לייב אין כּעס, אויסגיסן קללות.

**ג.:** אפֿשר גיטערמאַן, אפֿשר גוזשיק (דירעקטאָרן פֿון דזשוינט)?

**״גובערניע״:** די גענעראַל־גובערניע, לויט דער היטלעריסטישער אַדמיניסטראַטיווער טיילונג פֿון אָקופּירטן פּוילן: די דיסטריקטן פֿון קראָקע, לובלין, ראַדאָם, וואַרשע, און דער שטח צווישן די טיַיכן סאַן און זברוטש – דער גאַליציע־דיסטריקט.

**גוינער:** גנבֿ.

**גונסט:** חסד, ליַיטזעליקייט.

**גזשיבאָוו:** די געגנט באַוווינט דורך ייִדן אין דער סבֿיבֿה פֿון דער גאַס גזשיבאָווסקי און גזשיבאָווער פּלאַץ, אין וואַרשע.

**גיטיקס (אַדווערב):** פֿון זיַין גוטן ווילן.

**גיטערמאַן:** יצחק גיטערמאַן (1889 – 1943). געשטאַנען בראָש פֿון דזשוינט אין וואַרשע. אַ כּלל־טוער אין געטאָ. געשטאַנען נאָענט צו די אַקטיוויטעטן פֿון דער חלוצישיער באַוועגונג און פֿון ״עונג־שבת״־אַרכיוו. מיטגליד פֿון דער פֿינאַנצן־קאָמיסיע פֿון ייִדישן קאָאָרדיניר־קאָמיטעט. דערמאָרדעט געוואָרן בעתן ערשטן אויפֿשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, דעם 18טן, יאַנואַר 1943.

**גיסאָפּפֿער:** וואַסער־קרבן. דאָס גיסן אויפֿן מזבח, סוכּות־ציַיט, אין די ציַיטן פֿון בית־המקדש.

**גלימערן:** פֿינקלען.

**געווימל:** פּילפֿאַכיקע באַוועגונג און קריכעניש.

**געזויז:** גערויש, געזשוויע?

**געטאָקטע:** ווי געשניצטע.

**געמיזע:** גרינסן.

**געפֿאַלן:** געפֿעליקייטן, חסדים, טובֿות.

**גענשאַ:** גענשע. די לענגסטע גאַס אין געטאָ, האָט זיך געצויגן פֿון די נאַלעווקעס אין מזרח און ביזן ייִדישן בית־עולם אין מערבֿ.

**״גענשיע״ (די):** נאָמען פֿון דער וואַרשעווער גאַס, אויף גענשע. אין גענדזן־פּיסלעך דאָ, ווערט געמיינט די תּפֿיסה פֿאַר ייִדן אויף גענשאַ. אין הויף פֿון תּפֿיסה זענען ייִדישע ״פֿאַרברעכער״ דערשאָסן געוואָרן.

**געפּריזן:** זע – פּריַיזן.

**געקלימפּער:** הילכיקער געקלאַפּ.

**גרים (דער):** ליַידן, צאָרן, גרימצאָרן.

**דאָמבראָווסקי, דוד:** דער שוואָגער פֿון יצחק קאַצענעלסאָנס ברודער בערל. אַ לערער און דירעקטאָר פֿון אַ העברעיִשער שולע אין לאָדזש, געגרינדעט פֿון יצחק קאַצענעלסאָנען. אין געטאָ געווען דער דירעקטאָר פֿון בית־יתומים אין וואַרשע, אויף טוואַרדאַ 7. פֿאַרשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע מיט זיַינע תּלמידים (אויגוסט 1942).

**דאַניעלעוויטש, הערש:** הערשעלע (1882 – 1941), ייִדישער פֿאָלקסדיכטער, איז געשטאָרבן אין געטאָ פֿון הונגער, פֿרילינג־ציַיט 1941. יצחק קאַצענעלסאָנס אַ לאַנג־יעריקער פֿריַינד. אין יאָר 1907 האָט ער אָפּגעדרוקט, מיט יצחק קאַצענעלסאָנס הילף, זיַין ערשטן ביכל לידער: ״הערשעלעס לידער״; אין יאָר 1913 – ״זונפֿייגעלעך״, און שפּעטער אין 1929 – ״שבת

אויפֿן טראַקט". זײַן אַרכיוו צוזאַמען מיט די פֿיל לידער וואָס ער האָט געשריבן אין געטאָ, איז פֿאַרלאָרן געגאַנגען. בלויז צוויי פֿון זײַנע געטאָ־לידער געפֿינען זיך, אָפּגעדרוקטע, אין דרור, נומ׳ 7־8 (13), מאַי־יוני 1941, זז׳ 37 — 39.

**דזשיקע:** אַ גרענעץ־גאַס אין צפֿון־מערבֿ־טייל, האַלב אויסער דער געטאָ, לעבן אומשלאַגפּלאַץ.

**דימענט:** אָנגעשטעלטער אין אַפּראָוויזאַציע־אָפּטייל פֿון יודנראַט, בײַ קוילן־פֿאַרטיילונג.

**דינאַסי:** אַ גאַראַזש פֿאַר אויטאָ־רעפּאַראַטור אין קאַמינסקיס טעאַטער־בנין אויף אַבאַזשנע, אַ געסל בײַ דער זײַט פֿון קראַקעווער פֿאַרשטאָט, ווו ייִדן זענען טאָג־טעגלעך פֿאַרשלעפּט געוואָרן אויף אַרבעט און פֿאַרפּײַניקט געוואָרן.

**"דרויסן" (פֿון):** פֿון מחוץ דער געטאָ, פֿון דער אַרישער זײַט.

**הא גברא והא טראסקא:** לויט דער מסכתא קידושין ע: הא גברא והא דסקא [דאָס איז ער דער מענטש, און דאָס איז די פֿאַרבעטונג] — אָט איז ער, פֿאַרשווינלעך. הומאָריסטיש: אָט איז ער מיטן [גאַנצן] טראַסק (הויכן אָנשטעל) זײַנעם.

**האָמערוס:** גריכישער עפּישער פּאָעט, געהאַלטן פֿאַרן שאַפֿער פֿון גריכישן העלדן־עפּאָס. ווײַזאָווי זײַנע מלחמה־גיבורים שטעלט י.ק. אַרויס דודן, דעם לירישן פּאָעט, מיט זײַנע תּהילים־מיזמורים, געהאַלטן פֿאַרן שאַפֿער פֿון ייִדישן לויבגעזאַנג צום אייבערשטן.

**האַנדלאַר: (האַנדלאַרזש):** גאַסן־הענדלער, אויך מיט אַלטוואַרג.

**האַרד:** סטאַדע.

**הויזווירט:** אַן אַדוואָקאַט (צי אַן אַספּיראַנט) — געאַרבעט אין אויפֿזוכ־אַמט בײַם ייִדישן הילפֿס־קאָמיטעט אין וואַרשעווער געטאָ, וועמענס פֿונקציע איז געווען צו קאָנטראָלירן די אַקטיוויטעטן פֿון די פֿאָלקסקיכן.

**הויפּטער:** מיליטערישע מלחמה־פֿאָרמאַציע בעת אַן אַטאַק.

**היגלען (לשון־רבים פֿון היגל):** בערגל־הייכן.

**הירט:** פּאַסטעך.

**הענריקאָוו:** אַ שטעטל לעבן וואַרשע ווו הערשעלע (זע ווײַטער) האָט געוווינט, ביז ס׳איז דאָרט אויפֿגעקומען אַ געטאָ, סוף יאָר 1940.

**העקטאָר:** אַ בשׂר־ודם, אַ גיבור. געוווּסט האָט ער אַז ער וועט שטאַרבן פֿאַר דער צײַט און האָט זיך נישט געשראָקן. אַ טראָיאַנער פּרינץ, אַ מלחמה־גיבור, געפֿאַלן טויט פֿון אַכילעסעס שווערד.

**הערַאקלעס:** הערקולעס. אַ גריכישער גאָט בן־געטער. דער עלטסטער פֿון די גיבורים אין דער גריכישער מיטאָלאָגיע און אויך דער אָנגעזעענסטער, באַוווּסט מיט זײַן כּוח און אויסערגעוויינלעכע אויפֿטוען.

**הערשט:** ראש פֿון אַ באַנדע.

**הערשעלעס טויזנט לידער:** זע הערשעלע.

**הערשעלע — זע:** דאַניעלעוויטש, הערש. נאָך הערשעלעס טויט איז זײַן אַרכיוו אַריבערגעפֿירט געוואָרן אויף דזשיעלנאַ 34, אין דער קאָמונע פֿון "דרור", אין צוויי גרויסע קאַסטנס. אין זיי האָבן זיך געפֿונען צײַטונגען און זשורנאַלן אין וועלכע זײַנע לידער זײַנען אָפּגעדרוקט געוואָרן, ווי אויך הונדערטער לידער זײַנע בכּתבֿ־יד, נאָך נישט קיין געדרוקטע, אין געטאָ געשריבענע. דער פֿאָלקלאָריסט נתן הובערמאַן האָט זיך פֿאַראינטערעסיט מיט זיי און זיי אויסגעסדרט. בעתן גרויסן גירוש, זומער 1942, איז ער אומגעקומען. אין יענער צײַט זענען אויך הערשעלעס לידער, מיטן אַרכיוו, פֿאַרלאָרן געגאַנגען.

**וואַבאַנק:** קאָרטנשפּראַך. שפּילן אויף דער גאַנצער קאַסע.

**וואַניק:** אַ פֿאַרגעניגן.

**וואַנקען:** וואַקלען זיך.

**ווידער (זײַנען מיר צו ווידער):** זײַן דערווידער, מיאוס־ומאָוס ווערן.

**וויגערן:** אָפּזאָגן.

**ווייץ:** עמיל ווייץ, דער גבֿיר־פֿילאַנטראָפּ פֿון טאָרנע. אַ באַרשטן־פֿאַבריקאַנט מיט גרויסע געשעפֿטלעכע פֿאַרבינדונגען אין וואַרשעווער געטאָ, אויפֿן געביט פֿון באַרשטן־פֿאַבריקאַציע. האָט געוווינט אין טאָרנע און פֿלעגט אָפֿט קומען אין וואַרשעווער געטאָ אַרײַן צוליב זײַנע געשעפֿטן.

**ווילד (די):** געווילד, חיה.

**ווילטשינסקאַ:** סטעפֿאַ ווילטשינסקאַ (1886 — 1942). דערציִערין. אַ געבוירענע אין וואַרשע, יאַנוש קאָרטשאַקס נאָענטסטע מיטאַרבעטערין. איז עולה

געוועזן אין יאָר 1938 און זיך באַזעצט אין עין־חרוד. אין יאָר 1939 צוריקגעפֿאָרן קיין פּוילן כּדי צו העלפֿן קאָרטשאַקן אויך עולה צו זײַן. מיטן אויסברוך פֿון דער מלחמה, ווידער געאַרבעט אין י. קאָרטשאַקס בית־יתומים. געגאַנגען מיט די קינדער פֿון בית־יתומים אויף זייער לעצטן וועג, קיין טרעבלינקע.

**ווימערן:** ווימפּערן, קלאָגן.

**וויר:** ווירבל, געווירבל וואַסער־ווערבל.

**וועלבן (זיך):** זיך אויסשפּרייטן אין אַ פֿאָרם פֿון אַ בויגן.

**וועליקאָווסקי:** ד״ר גוסטאַוו וועליקאָווסקי. אַדוואָקאַט, קרימינאָלאָג, פּרעזידיום־מיטגליד פֿון דער ייִדישער סאָציאַלער אַליינהילף. געשטאַנען בראש פֿון דעם אויפֿזע־אַמט פֿאַר די פֿאָלקסקיכן אין וואַרשעווער געטאָ. געווען אויך ראַטגעבער פֿונעם דיסטריקט־שעף פֿאַר פּראָבלעמען פֿון סאָציאַלער שוץ, דערנאָך אויך פּרעזידיום־מיטגליד פֿון ייִדנראַט.

**וועלן (לשון־רבים):** כוואַליעס.

**זאַטעסן (זיך):** זאַטישען זיך, באַרויִקן זיך.

**זאַכטע (אַדווערב):** לאַנגזאַם, בהדרגהדיק.

**זאַניק (אַדיעקטיוו):** זוניק, ליכטיק, שײַנפּול.

**זאַקרויב:** לשון־הטײַטש פֿאַרן וואָרט ״שלל״ (יהושע ח, 27) זע ווײַטער: עכן.

**זילבערשטיין, ק:** אַ גבֿיר פֿון טאַרנע. ווערט דערמאָנט בײַ עמנואל רינגעלבלומען (מיטן נאָמען יעקב זילבער־שטיין) צוזאַמען מיט עמיל ווייצן – זע אויבן. ביידע פֿלעגן קומען קיין וואַרשע מכּוח געשעפֿטן. זיי האָבן אויסגעאַרבעט באַרשטן פֿאַר דער דײַטשער אַרמיי און פֿאַרדינט מיליאָנען זלאָטעס.

**זעגן:** ברכות.

**זשיטאָס־קיכן:** זשיטאָס (Żydowskie Towarzystwo Opieki Społecznej) אַ געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציע פֿון דער ייִדישער סאָציאַלער אַליינהילף, וואָס האָט זיך פֿאַרנומען מיט זעלבסטהילף דורך הויז־קאָמיטעטן, פּליטים־הײַזער, פֿאָלקסקיכן, אד״גל.

**זשעליכאָווסקי, שלמה — זע: אין קורצן אַרײַנפֿיר צו דעם ליד:** ״דאָס ליד וועגן שלמה זשעליכאָווסקי״.

**חנה (קאַצענעלסאָן):** י. ק׳ס פֿרוי (1900־1942), חנה ראָזענבערג, פֿאַרטריבן געוואָרן קיין טרעבלינקע מיט צווײ ייִנגערע זין, בן־ציון און בנימין, דעם 14טן אויגוסט 1942.

**טאָגע:** רוימישע פּעלערינע.

**טאָרקוועמאַדע:** טאָמאַס דע טאָרקעמאַדאַ (1420?־1498), דער שפּאַנישער גרויס־אינקוויזיטאָר.

**טוגנט:** גוטע מידה, צידקות.

**טוואַרדע:** די איינציקע גאַס אין דרום־טייל פֿון געטאָ – פֿון גזשיבאָווסקי־פּלאַץ (צפֿון־מזרח) – וואָס קרײַזט זיך דורכן געטאָ סקאָסנע, אין אַ בולטער דרום־מערבֿ־ריכטונג.

**טרעמע:** ציטערניש, מורא.

**טרענדער:** טרענדל, דריידל.

**יאַ מאַם לידלעך:** (ייִדיש געמישט מיט פּויליש) **איך האָב לידלעך.**

**יאָנקען (זיך):** פֿאַרהיקען זיך, פֿאַרהאַקן זיך, שטאַמלען.

**י.ה.ק.:** ייִדישער הילפֿס־קאָמיטעט.

**יוד־״קה־וואָו־״קה (לייען—יודקע־וואָווקע):** אויסלייג און אויסשפּראַך פֿון דעם שם־המפֿורש.

**יונגפֿער:** יונגפֿרוי, בתולה.

**יוסף דילה רינה:** האַלב לעגענדאַרע געשטאַלט פֿון אַן ארץ־ישׂראלדיקן מקובל וואָס האָט געוואָלט אַראָפּברענגען משיחן און דערנענטערן די גאולה מיט די אייגענע כּוחות, און איז דורכגעפֿאַלן. די געשיכטעס וועגן אים און דער עיקר די מינדלעכע טראַדיציע, האָבן זיך אַנטוויקלט צווישן 15טן־17טן יאָרהונדערט. פֿון דאַן ביז אונדזער צײַט האָבן זיך געמערט די שריפֿטלעכע ווערק אין דער העברעיִשער און ייִדישער ליטעראַטור, וועגן אים און זײַן גורל, אין זײַן קאַמף מיטן שׂטן און מיט לילית.

**״ייִד״ (די שטאָט פֿונעם ״ייִדן״, פֿון אַלטן בית־דפוס): לובלין,** די שטאָט פֿון ר׳ יעקב יצחק פֿון פּשיסכע, דער ״ייִד״ אָדער דער ״ייִד הקדוש״, דער רבי פֿון רב בונים פֿון פּשיסכע און פֿון רב מענדל קאָצקער. ר׳ יעקב יצחק פֿון פּשיסכע איז געווען פֿריִער דער **תּלמיד און נאָכדעם דער**

קעגנער פֿון ר׳ יצחק יעקב הלוי הורביץ, דער "חוזה" פֿון לובלין. די ערשטע דרוקערײַ אין לובלין איז געגרינדעט געוואָרן אין דער ערשטער העלפֿט פֿון 16טן יאָרהונדערט.

**ירמיהס בריוו:** דער אינהאַלט פֿון כתבֿ וואָס דער נבֿיא ירמיהו האָט געשיקט פֿון ירושלים צו די אַלע וואָס זענען פֿאַרטריבן געוואָרן פֿון נבוכדנאצרן אין גלות קיין בבֿל. זע: ספר ירמיה, פרק כ״ט.

**כאָדניק:** טראָטואַר, שטעג, דורכגאַנג פֿאַר פֿוסגייער.

**כעלמנאָ:** פֿאַרלענד־לאַגער פֿאַר ייִדן אין דאָרף מיטן זעלבן נאָמען, 14 קילאָמעטער פֿון דער דיסטריקט־שטאָט קאָלאָ, אין וואַרטעגאַו־געביט (מערבֿ־טייל פֿון פּוילן וואָס זענען אַנעקסירט געוואָרן צום דײַטשן רײַך). מען האָט אָנגעפֿאַנגען דאָרט סיסטעמאַטיש צו פֿאַרטיליקן ייִדן אין דעצעמבער 1941. דער ערשטער טויט־לאַגער אין פּוילן.

**"די לאָמע און די בלינדע":** ליטעראַרישע אַלוזיע, פֿאַרגלײַך שמואל ב׳, ה, 6 – 8. געמיינט צו זאָגן אַז ירושלים איז ווידער אין פֿרעמדע הענט ווי אין דער צײַט פֿון די יבֿוסים, און אַז ווי דאַן דוד – וועט זי אין דער צוקונפֿט ווידער באַפֿרײַט ווערן פֿון פֿרעמדער הערשאַפֿט, דורך ייִדן.

**לאָקן:** רייצן, צוציִען.

**לײַגן:** זאָגן ליגן.

**לעש:** די גאַס לעשנאָ אין וואַרשע, צווישן דרום־טייל און צפֿון געטאָ, געלאָפֿן אין אַ מזרח־מערבֿ־ריכטונג.

**לעשנאָ 14:** אויף לעשנאָ 14 האָט זיך געפֿונען די קיך פֿאַר דער אַרבעטנדיקער אינטעליגענץ אין געטאָ: דאָרט איז אויך געווען די אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג פֿון ייִדנראַט, אָנגעפֿירט פֿון אַבֿרהם געפּנער.

**מאי כולי האי:** וואָס איז דאָס אַלץ? (די נפֿקא־מינה). הכלל וואָס?

**מאַרינאָוווער:** אַן אָנגעשטעלטער אין דער אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג, די סעקציע פֿאַר קוילן־פֿאַרטיילונג.

**מאַרשאַלקאָווסקאַ:** אַ גאַס אין וואַרשע, מחוץ געטאָ, אין דרום־מזרח טייל. לויפֿט אָנהייבנדיק בײַם זאַקסישן גאָרטן, פֿון צפֿון קיין דרום.

**מוטלער:** מאָטלער, פֿלאָפּלער.

**מוראַנאָוו:** אַ גאַס און אַ פּלאַץ אין צפֿון־טייל פֿון געטאָ, אויפֿן נאָמען פֿון אַ פּאַלאַץ מיט אַ גאָרטן – דאָרט אויפֿגעבויט און אַזוי אַ נאָמען געגעבן נאָכן איטאַליענישן אינדזל "מיראַנאָ", אין ווענעציע.

**מיאַל:** קוילנשטויב פֿאַרמישט מיט מיסט; דער ערגסטער סאָרט הייץ־מאַטעריאַל.

**מילע:** נאָמען פֿון דער גאַס מילאַ, אין צפֿון־טייל פֿון וואַרשעווער געטאָ. געלאָפֿן פֿון מוראַנאָווסקי־פּלאַץ ביז סמאָטשאַ, אין אַ מזרח־מערבֿ־ריכטונג.

**מינדסטע (אַ):** אַ דינסט?

**מענגן:** מענגעס, המונים.

**נאַדזאָר:** השגחה־אַמט (פּויליש). דאָ ווערט געמיינט די אויפֿזע־קאָמיסיע פֿאַר די פֿאָלקסקיכן, בײַם ייִדישן הילפֿס־קאָמיטעט, בראש פֿון וועלכער ס׳איז געשטאַנען ד״ר גוסטאַוו וועליקאָווסקי.

**נאָוואָליפּיע:** אַ גאַס אין וואַרשעווער געטאָ פּאַראַלעל צו דער גאַס נאָוואָליפּקי אויף וועלכער י.ק׳ס משפּחה האָט געוווינט, בעתן גרויסן גירוש.

**נאַלעווקער הו־האַ:** נאַלעווקעס, אַ גאַס אין צפֿון־מזרח. פֿאַר דער מלחמה, דער צענטער פֿון ייִדישן מסחר און הויז־אינדוסטריע.

**נישט (הערינג מיט נישט):** (הערינג) אָן ברויט.

**"נעים זמירות":** דוד המלך דער מחבר פֿון ספר תּהילים (לויט שמואל בֿ כ״ג, 1).

**סטער:** רודער.

**סיים:** דער בנין פֿון סיים (פֿון פּוילישן פּאַרלאַמענט), איינס פֿון די שרעקלעכסטע ערטער ווו ייִדן פֿלעגן פֿאַרשלעפּט ווערן צו דער אַרבעט אויף טעג, און אכזריותדיק געפּײַניקט ווערן. דער בנין איז האַלב צעשטערט געוואָרן בעת די דײַטשן האָבן באָמבאַרדירט וואַרשע, אין סעפּטעמבער 1939, און איז געוואָרן דער קבֿורה־אָרט און עקזעקוציע־פּלאַץ פֿון הונדערטער פּאָלאַקן.

**סכן (געהערט פֿון אַ סכן):** לשון־רבים פֿאַר "אַ סך".

**סמאָטשע:** נאָמען פֿון דער גאַס סמאָטשאַ, אין צפֿון־מערבֿ־טייל

פֿון געטאָ. געלאָפֿן אין אַ צפֿון־דרום ריכטונג צווישן די גאַסן אָקאָפּאָווע און נאָוואָליפּיע.

**עכן:** עָכָן בן כּרמי (זע אין ספֿר יהושע, פּרק ז׳, און אין דברי הימים פּרק ב׳), וואָס האָט געגנומען פֿונעם זאַקרויב פֿון יריחו אויף וועלכן יהושע האָט דערקלערט אַ חרם.

**"ענטלאַסטעט":** זיך אַנטלאַסט, זיך באַפֿרײַט פֿון אַ לאַסט.

**פֿאַרפּאַסן:** (קאָרטנשפּראַך) פֿאַרפֿעלן.

**פֿאַרטשאַקען:** אָפּנאַרן, אויך אין שפּילן.

**פֿאַרגעלטן (פֿאַרגאַנגענער פּאַרטיציפּ—פֿאַרגאָלטן):** באַלוינען, פֿאַרגיטיקען.

**ערפֿורכט:** ער(ע)פֿאָרכט, יראת־הכּבֿוד.

**פֿאַליקע (די):** עפּילעפּסיע.

**פֿאָלקסדײַטש:** אַזוי האָבן אָנגערופֿן די דײַטשן יענע אײַנוווינער פֿון אָקופּירטע לענדער, וועלכע האָבן געשטאַמט פֿון דײַטשלאַנד, ווי אויך יענע וועלכע האָבן, אָפּשטאַמענדיק זיך פֿון זייער פֿאָלק, זיך דערקלערט ווי צוגעהעריקע צום דײַטשן פֿאָלק.

**פֿאָקסן:** פֿאָקוסן.

**פֿאַרווייען:** פֿאַרפֿלײַען, ווערן אַוועקגעבלאָזן.

**פֿאַרווירט (זײַן):** דערשטוינט, צעמישט.

**פֿאַרציכטן:** מנותר זײַן.

**פֿאַרקאַשערן:** פֿאַרקײַקלען אַרויפֿצו.

**פֿאַרשיווי זשיד:** קרעציקער ייִד.

**פֿײַערגלוט:** פֿײַערגלי.

**פּלינדערן:** באַרויבן.

**פֿלעכטן (לשון־רבים):** צעפּ.

**פּעטי-מעטי:** (סלענג) געלט.

**פּרײַזן:** רימען, לויבן.

**פֿרײַשפּרעכן:** באַפֿרײַען (פֿון אַ שולד).

**פּרעזעס:** יושבֿ־ראָש, ראָש פֿון ייִדנראַט.

**צאָ פּאָטשעבויעש:** (פּויליש) וואָס דאַרפֿסטו?

**צבֿי (קאַצענעלסאָן):** יצחק קאַצענעלסאָנס עלטסטער זון. אַ תּלמיד אין דער אונטערערדישער גימנאַזיע פֿון "דרור". אַ מיטגליד פֿון דער ייִדישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. אין דעצעמבער 1942 האָט ער דורכגעפֿירט צוזאַמען מיט אַנדערע, אַן אַטענטאַט קעגן אַ ייִדישן געסטאַפּאָ־אַגענט. איז אַרעסטירט געוואָרן און נאָכדעם באַפֿרײַט געוואָרן דורך זײַנע חבֿרים קעמפֿער. אין יאַנואַר־אויפֿשטאַנד, געווען צוזאַמען מיט זײַן פֿאָטער מיט אַ קעמפֿנדער אײנהייט פֿון "דרור". אין מאַי 1943 אַריבערגעפֿירט געוואָרן מיט יצחק קאַצענעלסאָנען אין לאַגער וויטעל. אָנהייב מאַי דערמאָרדעט געוואָרן אין אוישוויץ, 18 יאָר אַלט.

**צווערג:** קאַרליק.

**צעדרילעוועטע:** צעלעכערטע.

**צעלט:** געצעלט, וווינונג.

**קאַמיזעלקע:** זשילעט, וועסטל.

**קאָמיטעט (דער):** אַ הויז־קאָמיטעט, דאָס קלענסטע קעמערל פֿון דער אָרגאַניזירטער ייִדישער סאָציאַלער אַלײנהילף, אין וואַרשעווער געטאָ. איז באַשטאַנען פֿון די אײַנוווינער פֿון יעדן וואַרשעווער הויף. צווישן זײַנע פֿונקציעס איז געווען צווישן אַנדערע, באַזאָרגן די אָרעמעלייט פֿון הויף. די געלט־מיטלען און די הכנסות פֿאַר דעם צוועק זענען געקומען פֿון באַלן, אונטערנעמונגען און בײַשטײַערונגען פֿון די רײַכערע אײַנוווינער.

**קאָרטשאַק יאַנוש:** פּעננאָמען פֿון ד"ר הענריק גאָלדשמידט (1878 צי 1879 – ראשית אויגוסט 1942) דער באַוווּסטער ייִדישער דאָקטער, שרײַבער און דערציִער, צווישן ביידע וועלט־מלחמות, אין פּוילן.

**קאַרמעליצקע:** ייִדישע אויסשפּראַך פֿון נאָמען פֿון דער גאַס קאַרמעליצקאַ, די איינציקע גאַס אין געטאָ וואָס האָט פֿאַרבונדן דעם דרומדיקן מיטן צפֿונדיקן טייל פֿון לעשנאָ ביז דזשעלנאַ. שטענדיק פֿול מיט מאַסן מענטשן וואָס גייען אַריבער פֿון איין טייל געטאָ אין צווייטן. דאָרט האָבן די דײַטשן פּראַקטיצירט מיט זייער שטענדיקן טעראָר, אָנפֿאַלנדיק פּלוצעם אויף די ייִדן אין דער גאַס, בעת זייער דורכפֿאָר צו דער פּאַוויאַק־טורמע.

**קדר:** דאָס ווינאָרט פֿון די פּאַסטעכער, די קינדער פֿון קדר, די אַזוי גערופֿענע נאָכן נאָמען פֿון קדר – איינער פֿון ישמעאלס זין.

**קומער:** קאָפּ־דרייעניש, זאָרג.

**קורץ:** דער באַלעבאָס פֿון אַ בעקערײַ אין לאָדזש, פֿאַר דער מלחמה.

**קערן** (און ס׳לעבן קער ער): געהערן צו.

**קערקער (דער):** קאַרצער, תּפֿיסה.

**קרוינפוילן:** דאָס עטנישע פוילן.

**ראַדזינער (דער):** זע אין קורצן אַרײַנפֿיר צו: "דאָס ליד וועגן ראַדזינער"

**רוך:** באַוועגונג.

**שאַפּאָט:** עשאַפּאָט.

**שווינגען:** באַוועגן אין דער לופֿטן הין און צוריק.

**שורך:** שאָרך.

**שורקע:** איינער וואָס טוט אָן צרות.

**שטאָס:** (פּויליש) אַ קאָרטנשפּיל.

**שטאָקן:** ווײַטער נישט אָנגיין מיט אַ טווּנג, בלײַבן שטעקן, אָנמאַכטיק.

**שטאַר (קוקן, שטיין):** אומבאַוועגלעך, אומשפּירעוודיק.

**"שטירמער":** "דער שטירמער; דײַטשע וואָכנשריפֿט צום קאַמף פֿאַרן אמת" היטלעריסטישע אַנטיסעמיטישע צײַטשריפֿט דערשינען אין נירענבערג פֿון 1922 ביז 1945, אונטער דער רעדאַקציע פֿון יוליוס שטרײַכער.

**שיטקע:** טונקל קאָרנברויט.

**שילף:** יאַמששטאָק, וואַסער־שטעקעלע.

**שילפֿבוים:** ראָר, באַמבוס.

**שילפֿרויר־שיפֿן:** ראָר־שיפֿן.

**שליאַם:** שלײַם, בלאָטע.

**שליכאָטע:** סליאָטע, שליוכאָטע, שיטערע בלאָטע.

**שמאַך:** הונגער, דאָרשט, באַגער.

**שמוק:** צירונג, באַפּוצונג.

**שפּײַער:** רעוואָלווער.

**שפּליטער:** קליינער אָפּבראָך, אָפּשפּאַלט.

**תּכלת:** פֿיאָלעט־קאָליר. ר׳ גרשון העניך ליינער, דעם ראַדזינערס זיידע, האָט אין זײַן בוך "פּתיל התּכלת" מחדש געווען אַז קדמונים האָבן דעם פֿיאָלעט־קאָליר, אָפּצופֿאַרבן דעם פּתיל־התּכלת אין מצוות־ציצית, באַקומען פֿון אַ מין טינטפֿיש וואָס איז לויט אים דער באַוווּסטער חלזון, לויט ווי די הלכה פֿאָדערט (זע: במדבר טו, 38; תוספתא מנחות ט טז). אין ראַדזין האָט ער מחדש געווען די מצווה און אויפֿגעשטעלט אַ וואַרשטאַט צו פּראָדוצירן דעם תּכֿלת־קאָליר צו פֿאַרבן די ציצית.

**תּרתּי־דסתרי:** ווידעראַנאַנד.

# ביבליאָגראַפֿישער שליסל צו די דערמאָנטע מקורים
# אין די אַריַינפֿירן צו יצחק קאַצענעלסאָנס שריפֿטן

**יצחק קאַצענעלסאָנס דערמאָנטע ווערק:**

**בחורים;** קאָמעדיע. 1. אקט. ווארשא, פערלאגס־ביורא, תרס״ט – 1908

**דמדומים;** שירים. בשני חלקים. ורשה, תושיה, תר״ע – (1910), עמ׳ [1] – 128; [1] – 126.

״בין הרועים; לילה בסביבות ירושלים״. חזיון במערכה אחת. **אחדות העבודה** (תל־אביב), כרך שלישי, תמוז תרצ״א, עמ׳ [53] – 73.

**הנביא;** חזיון בשלוש מערכות. (לודז, ספר, תרפ״ב)

״משלח מנות״ (מחזה), **עולמי** (ורשה), שנה ג׳, י״ד אדר ב׳ תרצ״ח, גל׳ 13 (42), עמ׳ 195 – 198.

״יעקב ועשו״ (מחזה), **עולמי** (ורשה), שנה ג׳, א׳ אייר תרצ״ח, גל׳ 16 (45), עמ׳ 237־238; ט״ז אייר תרצ״ח, גל׳ 17 (46), עמ׳ 253־254.

[הקדמת תרצ״ז]: ״הקדמה״ [צו דער אויסגאַבע פֿון אַלע לידער]: **שירים, תרצ״ח**, כרך א׳, עמ׳ XI-XXXII.

[שירים, תרצ״ח]: **שירים**; בשלושה כרכים, לודז, הוצאת חובבי שירה, תרצ״ח.

[כתבים אחרונים, תש״ז]: **כתבים אחרונים; תש״ג—תש״ד.** עין חרוד, הקיבוץ המאוחד, תש״ז. ערשטע אויסגאַבע.

[כתבים אחרונים, תשט״ז]: **כתבים אחרונים; ת״ש—תש״ד.** (תל־אביב), הקיבוץ המאוחד ובית לוחמי הגיטאות, (תשט״ז – 1956). צווייטע אויסגעבעסערטע אויסגאַבע.

[כתבים אחרונים, תשכ״ט]: **כתבים אחרונים, ת״ש—תש״ד.** (תל־אביב), הקיבוץ המאוחד ובית לוחמי הגיטאות, (תשכ״ט – 1969). דריטע אויסגעברייטערטע אויסגאַבע.

[פנקס ויטל]: ״פנקס ויטל״, **כתבים אחרונים, תשכ״ט**, עמ׳ (145] – 204. [אָנגעשריבן צווישן 22טן מאַי – 16טן סעפּטעמבער 1943].

**דאָס ליד פֿונעם אויסגעהרגעטן יידישן פֿאָלק** [די ציטאַטן אין בוך ווערן געבראַכט לויט דער אויסגאַבע פֿון יאָר 1964, זע ווײַטער.]

**דאָס ליד וועגן ראדזינער. דאָס ליד פונם אויסגעהרגעטן יידישן פאלק.** (תל־אביב), הקיבוץ המאוחד ובית לוחמי הגיטאות, 1964, [6], [7] – 54; [55] – 101.

[על נהרות בבֿל]: **על נהרות בבֿל; ביבלישע טראַגעדיע אין פֿיר אַקטן. תל-אביב, גאָלדענע** קייט ובית לוחמי הגיטאות, (תשכ״ז – 1967). [צו ערשט געדרוקט אין: **די גאָלדענע קייט**, 1966, נומ׳ 55 – 56, זז׳ 7 – 56; 56 – 124.

[שירים, תשל״ה]; **שירים 1903—1938**; מבחר. קיבוץ בארי, בית לוחמי הגיטאות והקיבוץ המאוחד, **תשל״ה.** [אַן אָפּקלײַב פֿון: **שירים, תרצ״ח**].

**ביבליאָגראַפֿישע רשימות פֿון יצחק קאַצענעלסאָנס ווערק:**


[י.ק׳ס ווערק (1946)]: זע צוקרמן—**מבפנים י״א; זע** אויך: **לוי.**

[י.ק׳ס ווערק (1951)]: זע **בלומענטאַל (1951).**

[י.ק׳ס ווערק (1954)]: [צבי שנר]. ״מורשתו הספרותית של יצחק קצנלסון מתקופת השואה״, **ידיעות בית לוחמי הגיטאות,** ינואר 1954 גל׳ 4, עמ׳ 13 – 16.

[י.ק׳ס ווערק (1956)]: ״יצירות יצחק קצנלסון ת״ש – תש״ד״, **כתבים אחרונים,** תשט״ז – 1956, עמ׳ 444־445.


## שליסל צו די דערמאָנטע מראי־מקומות אין בוך:


[אוו.]: אוו. ״ביאגראפישע נאטיצן פון יצחק קאצענעלסאן״, **פאלקסצייטונג (ווארשע),** יולי 22 1948, ז׳ 13.

[אויערבאַך (1974)]: אויערבאַך, רחל. **וואַרשעווער צוואָות; באַגעגענישן, אַקטיוויטעטן,** גורלות 1933־1943. תל־אביב, ישראל־בוך, תשל״ה – 1974.

[אינערלעכע קארעספאנדענץ]: ״קורספונדנציה פנימית״, מס׳ 4. בתוך: **דפים לחקר השואה והמרד.** מאסף ראשון, ינואר 1951, עמ׳ 148־157.

[אש (1973)]: אש, שאול, **עיונים בחקר השואה ויהדות זמננו.** ירושלים, המכון ליהדות זמננו – יד־ושם – מכון ליאו בק, תשל״ג.

[בלומענטאַל (1951)]: בלומנטל, נחמן. ״כתבי־יד של יצחק קצנלסון הנמצאים בגנזי בית קצנלסון״, **דפים לחקר השואה והמרד,** כרך א׳ אפריל 1951, עמ׳ 184־189.

[בלומענטאַל (1954)]: בלומנטל, נחמן. ״יצחק קצנלסון כהיסטוריון של תקופת השואה״, **ידיעות בית לוחמי הגיטאות,** אפריל 1954, מס׳ 5־6, עמ׳ 4־6.

[בלומענטאַל (1955)]: בלומנטל, נחמן. ״השיר על הרדזינאי ליצחק קצנלסון״, **ידיעות בית לוחמי הגיטאות,** טבת תשט״ו – ינואר 1955, גל׳ (8) 1, עמ׳ 4־7.

[בעגנער]: בעגנער, מ. ״מיט יצחק קאַצענעלסאָן (זכרונות)״, **אידישער קעמפער.** כרך XXIV, ראש השנה תש״ז, 27 בספטמבר 1947. נומ׳ 699, זז׳ 86 – 88. [אויף העברעיִש אין: **מבפנים,** כרך י״א, עמ׳ 641 – 644].

[בערנשטיין – רוטקאָבסקי]: זע לויט **גוטמן (1977),** ז׳ 443, הערה נומ׳ 5.

[בשדמות גרוכוב]: סגל, שרה; אריה פיאלקוב (עורכים). **בשדמות גרוכוב,** קיבוץ ההכשרה גרוכוב ופלוגותיו. מאסף, בית לוחמי הגיטאות, הוצאת הקיבוץ המאוחד, תשל״ו.

[גאָלדקאָרן]: גאָלדקאָרן, יצחק. **לאָדזשער פּאָרטרעטן, אומגעקומענע יידישע שרײַבער און טיפּן.** תל־אביב תשכ״ד – 1963.

[גאַר־פֿרידמאַן]: גאַר, יוסף – פֿרידמאַן, פֿיליפּ. **ביבליאָגראַפֿיע פֿון יידישע ביכער וועגן חורבן און גבורה.** ניו־יאָרק, יד־ושם – ייִוואָ, תשכ״ב – 1962.

[גוטמן (תשל״ה)]: גוטמן, ישראל. **תנועת ההתנגדות והמרד המזויין של יהודי ורשה על רקע חיי הגיטו—1939—1943.** [ירושלים], תשל״ה – 1975. דיסערטאַציע. אין בוכפֿאָרם אויף העברעיִש – זע: **יהודי ורשה 1939—1943.** (תל־אביב) תשל״ז.

